# דער ברית חדשה

„הִנֵּה יָמִים בָּאִים נְאֻם־יְהוָה וְכָרַתִּי אֶת־בֵּית יִשְׂרָאֵל וְאֶת־בֵּית יְהוּדָה בְּרִית חֲדָשָׁה״ – ירמיה ל״א, ל.

„זע, טעג קומען, זאָגט גאָט, און איך וועל שליסן מיט דעם הויז פון יִשׂרָאל, און מיט דעם הויז פון יהודה, אַ נייעם בונד״ – ירמיה לא, 30.

# דער
# ברית חדשה

איבערזעצט פון

## דר. חיים אַיינשפּרוך

צווייטע אויפלאַגע

דער לייבוש און חיה לעדערער פאָנד

1959 באַלטימאָר תש״כ

# דער סדר פון די ספרים

פון דעם

# ברית חדשה

זייט



# די בשׂורה לויט מַתְיָא

א דאָס איז דאָס סֵפר פון דעם יִחוס פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ,
דעם זון פון דָוִדן, דעם זון פון אַבְרָהמען.
2 אַבְרָהם האָט געבוירן יִצְחָקן, און יִצְחָק האָט געבוירן
יַעקֹבן, און יַעקֹב האָט געבוירן יהוּדהן און זיינע ברידער,
3 און יהוּדה האָט געבוירן פֶּרֶצן און זֶרַחן פון תָּמָרן, און
פֶּרֶץ האָט געבוירן חֶצרוֹנען, און חֶצרוֹן האָט געבוירן
רָמען, 4 און רָם האָט געבוירן עַמִינָדָבן, און עַמִינָדָב האָט
געבוירן נַחשוֹנען, און נַחשוֹן האָט געבוירן שַׂלמוֹנען, 5 און
שַׂלמוֹן האָט געבוירן בּוֹעַזן פון רָחָבן, און בּוֹעַז האָט
געבוירן עוֹבֵדן פון רותן, און עוֹבֵד האָט געבוירן יִשַין,
6 און יִשַי האָט געבוירן דעם מֶלך דָוִד.
און דָוִד האָט געבוירן שלֹמהן פון דעם ווייב פון אוּרִיָה,
7 און שלֹמה האָט געבוירן רחַבעָמען, און רחַבעָם האָט
געבוירן אַבִיָהן, און אַבִיָה האָט געבוירן אָסָאן, 8 און אָסָא
האָט געבוירן יהוֹשָפָטן, און יהוֹשָפָט האָט געבוירן יהוֹרָמען,
און יהוֹרָם האָט געבוירן עוּזִיָהון, 9 און עוּזִיָהו האָט געבוירן

יוֹתָמען, און יוֹתָם האָט געבוירן אָחָזן, און אָחָז האָט געבוירן חִזְקִיָהון, 10 און
חִזְקִיָהו האָט געבוירן מְנַשֶׁהן, און מְנַשֶׁה האָט געבוירן אָמוֹנען, און אָמוֹן
האָט געבוירן יֹאשִׁיָהון, 11 און יֹאשִׁיָהו האָט געבוירן יְכָנְיָהון און זיינע ברידער,
צו דער צייט פון גָלוּת־בָּבֶל.

12 און נאָך גָלוּת־בָּבֶל האָט יְכָנְיָהו געבוירן שְׁאַלְתִּיאֵלן, און שְׁאַלְתִּיאֵל
האָט געבוירן זְרוּבָּבֶלן, 13 און זְרוּבָּבֶל האָט געבוירן אֲבִיהוּדן, און אֲבִיהוּד
האָט געבוירן אֶלְיָקִימען, און אֶלְיָקִים האָט געבוירן עַזוּרן, 14 און עַזוּר האָט
געבוירן צָדוֹקן, און צָדוֹק האָט געבוירן יָכִינען, און יָכִין האָט געבוירן
אֶלִיהוּדן, 15 און אֶלִיהוּד האָט געבוירן אֶלְעָזָרן, און אֶלְעָזָר האָט געבוירן
מַתָּנען, און מַתָּן האָט געבוירן יַעֲקֹבן, 16 און יַעֲקֹב האָט געבוירן יוֹספן, דעם
מאַן פון מִרְיָמען, וואָס פון איר איז געבוירן געוואָרן יֵשוּעַ, וואָס ווערט
גערופן מָשִׁיחַ.

17 און אַזוי זענען אַלע דורות פון אַבְרָהַמען ביז דָוִדן פערצן דורות,
און פון דָוִדן ביז גָלוּת־בָּבֶל פערצן דורות, און פון גָלוּת־בָּבֶל ביז מָשִׁיחַן
פערצן דורות.

18 און די געבורט פון יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ איז געווען אויף אַזאַ אופן: בעת
זיין מוטער מִרְיָם איז געווען פאַרקנַסט צו יוֹספן, און איידער זיי זענען
זיך צוזאַמענגעקומען, איז זי געפונען געוואָרן מעוּבֶּרֶת פון דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש.
19 און אַזוי ווי יוֹסף איר מאַן איז געווען אַ צַדיק, האָט ער זי ניט געוואָלט
אָפּן מבייש זיין, נייערט געטראַכט זי אָפּצולאָזן שטילערהייט. 20 און ווי ער
האָט זיך דאָס איבערגעלייגט, ערשט אַ מַלאָך פון גאָט האָט זיך באַוויזן
צו אים אין אַ חָלוֹם, און געזאָגט: יוֹסף בֶּן־דָוִד, האָב ניט קיין מורא צו
נעמען מִרְיָם, דיין ווייב, וואָרים דאָס, וואָס איז באַשאַפן אין איר, איז פון
דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש; 21 און זי וועט געבערן אַ זון, און דו זאָלסט רופן זיין
נאָמען יֵשוּעַ, וואָרים ער וועט מַציל זיין זיין פאָלק פון זייערע זינד. 22 און
דאָס אַלץ איז געשען, כּדי עס זאָל מקוים ווערן וואָס סע איז געזאָגט
געוואָרן פון גאָט דורך דעם נָביא:

23 אָט וועט די יונגפרוי טראָגעדיק ווערן, און געבערן אַ זון,
און מע וועט רופן זיין נאָמען עִמָנוּאֵל[א],
וואָס איז טײַטש: גאָט איז מיט אונדז. 24 און ווען יוֹסף איז אויפגעשטאַנען פון

א ישעיה ז, 14.

שלאָף, האָט ער געטאָן אַזוי ווי דער מַלאך פון גאָט האָט אים געבאָטן;
און ער האָט גענומען צו זיך זיין ווייב, 25 אָבער ער האָט זי ניט דערקענט,
ביז זי האָט געבוירן אַ זון; און ער האָט גערופן זיין נאָמען יֵשוּעַ.

ב
און בעת יֵשוּעַ איז געבוירן געוואָרן אין בֵּית־לֶחֶם פון יהודה, אין די
טעג פון דעם מֶלך הורדוס, ערשט חֲכָמים פון מִזרח זענען געקומען
קיין ירושָלַיִם, און האָבן געזאָגט: 2 וואו איז דער מֶלך פון די יִדן, וואָס איז
געבוירן געוואָרן? וואָרים מיר האָבן געזען זיין שטערן אין מִזרח, און זענען
געקומען זיך בוקן צו אים. 3 און בעת דער מֶלך הורדוס האָט דאָס געהערט,
האָט ער זיך דערשראָקן, און גאַנץ ירושָלַיִם מיט אים; 4 און ער האָט פאַרזאַמלט
אַלע ראָשי־כֹּהֲנים און סוֹפרים פון דעם פאָלק, און האָט זיי געפרעגט, וואו
דער מָשִיחַ דאַרף געבוירן ווערן. 5 האָבן זיי צו אים געזאָגט: אין בֵּית־לֶחֶם
פון יהודה, וואָרים אַזוי שטייט געשריבן דורך דעם נָביא:

6 און דו בֵּית־לֶחֶם, לאַנד פון יהודה,
ביסט ניט די קלענסטע צווישן די טויזנטער פון יהודה;
וואָרים פון דיר וועט אַרויסקומען אַ געוועלטיקער,
וואָס וועט פיטערן מיין פאָלק יִשׂרָאֵל[א].

7 דעמאָלט האָט הורדוס שטילערהייט גערופן די חֲכָמים, און האָט ביי זיי
אויסגעפאָרשט אין וואָסער צייט דער שטערן האָט זיך באַוויזן; 8 און ער האָט
זיי געשיקט קיין בֵּית־לֶחֶם, און געזאָגט: גייט און פאָרשט אויס גענוי בנוֹגֵע דעם
קינד, און אַז איר וועט עס געפינען, לאָזט מיר וויסן, כּדי איך זאָל אויך
קאָנען קומען זיך בוקן צו אים. 9 און ווי זיי האָבן אויסגעהערט דעם מֶלך,
זענען זיי אַוועקגעגאַנגען; ערשט דער שטערן, וואָס זיי האָבן געזען אין מִזרח,
איז זיי פאָרויסגעגאַנגען, ביז ער איז געקומען און האָט זיך אָפּגעשטעלט
איבער דעם אָרט, וואו דאָס קינד איז געווען. 10 און אַז זיי האָבן געזען
דעם שטערן, האָבן זיי זיך געפרייט מיט זייער אַ גרויסער שׂמחה; 11 און
בעת זיי זענען אַרייַנגעגאַנגען אין הויז אַריין, האָבן זיי געזען דאָס קינד מיט
מִרְיָמען זיין מוטער, און זיי זענען אַנידערגעפאַלן, און האָבן זיך צו אים
געבוקט; און זיי האָבן געעפנט זייערע אוֹצרות, און האָבן גענעענט פאַר
אים מַתָּנות: גאָלד און ווייַרעך און מירע. 12 און נאָכדעם ווי זיי זענען

[א] מיכה ה, 1.

געוואָרנט געוואָרן אין אַ חָלום, אַז זיי זאָלן זיך ניט אומקערן צו הורדוסן,
זענען זיי אַוועקגעגאַנגען צו זייער אייגענעם לאַנד מיט אַן אַנדערן וועג.
[13] און בעת זיי זענען אַוועקגעגאַנגען, ערשט אַ מַלאך פון גאָט האָט זיך
באַוויזן צו יוסֵפן אין אַ חָלום, און געזאָגט: שטיי אויף, און נעם דאָס קינד
און זיין מוטער, און אַנטרין קיין מִצרַיִם, און זיי דאָרטן, ביז איך וועל דיר
זאָגן; וואָרים הורדוס וועט זוכן דאָס קינד, כּדי עס אומצוברענגען. [14] און
ער איז אויפגעשטאַנען און האָט גענומען דאָס קינד און זיין מוטער ביינאַכט,
און איז אַוועקגעגאַנגען קיין מִצרַיִם; [15] און ער איז דאָרטן געווען ביז דעם
טויט פון הורדוסן, כּדי עס זאָל מקוים ווערן, וואָס סע איז געזאָגט געוואָרן
פון גאָט דורך דעם נָביא: פון מִצרַיִם האָב איך גערופן מיַין זון[א].
[16] און ווען הורדוס האָט געזען, אַז ער איז פון די חַכָמים אויסגעשפּעט
געוואָרן, איז ער זייער דערצערנט געוואָרן, און ער האָט געשיקט אויסהַרגענען
אַלע ייִנגלעך אין בֵּית־לֶחֶם און אין אַלע אירע געמאַרקן, פון צוויי יאָר אַלט
און יונגער, לויט דער צייט, וואָס ער האָט גענוי אויסגעפאָרשט ביי די
חַכָמים. [17] דעמאָלט איז מקוים געוואָרן וואָס סע איז געזאָגט געוואָרן דורך
יִרמְיָה הַנָביא:

[18] אַ קול איז געהערט געוואָרן אין רָמָה,
געוויין און גרויס יאָמער,
רָחל וויינט אויף אירע קינדער;
און זי לאָזט זיך ניט טרייסטן,
וואָרים זיי זענען מער ניטאָ[ב].

[19] און בעת הורדוס איז געשטאָרבן, האָט אַ מַלאך פון גאָט זיך באַוויזן
אין אַ חָלום צו יוסֵפן אין מִצרַיִם, [20] און געזאָגט: שטיי אויף, און נעם דאָס
קינד און זיין מוטער, און גיי קיין אֶרֶץ־יִשׂרָאֵל; וואָרים די, וואָס האָבן
געזוכט דאָס לעבן פון דעם קינד, זענען טויט. [21] און ער איז אויפגעשטאַנען
און האָט גענומען דאָס קינד און זיין מוטער, און איז געקומען קיין אֶרֶץ־
יִשׂרָאֵל. [22] אָבער ווען ער האָט געהערט, אַז אַרכעלאַוס געוועלטיקט אין
יהודה אויפן אָרט פון זיין פאָטער הורדוס, האָט ער מורא געהאַט אַהין
צו גיין; און נאָכדעם ווי ער איז געוואָרנט געוואָרן אין אַ חָלום, איז ער
אַוועק אין די קאַנטן פון גָליל, [23] און איז געקומען און האָט געוואוינט אין

[א] הושע יא, 1. [ב] ירמיה לא, 15.

אַ שטאָט, וואָס האָט געהייסן נצֶרֶת, כּדי עס זאָל מקוים ווערן וואָס סע איז
געזאָגט געוואָרן דורך די נביאים, אַז ער זאָל גערופן ווערן נָצרי.
ג אין יענע טעג איז געקומען יוֹחָנָן הַמַטבּיל, און האָט גערופן אין דער
מִדבּר פון יהודה, אַזוי צו זאָגן: 2 טוט תּשובה, וואָרים דאָס מַלכות־שָמַיִם
האָט זיך דערנענטערט. 3 וואָרים דאָס איז ער, פון וועמען ישַעיָה הַנָבִיא
האָט געזאָגט:

אַ קוֹל רופט אין דער מִדבּר;
מאַכט גרייט דעם וועג פון גאָט,
גלייכט אויס זיינע שטעגן[א].

4 און יוֹחָנָן האָט געטראָגן אַ מַלבוש פון קעמל־האָר, און אַ לעדערנעם גאַרטל
אַרום זיינע לענדן; און זיין שפּייז איז געווען היישעריקן און ווילדער האָניק.
5 דעמאָלט איז צו אים אַרויסגעגאַנגען ירושָלַיִם, און גאַנץ יהודה, און די גאַנצע
געגנט פון יַרדן; 6 און זיי זענען פון אים געטוֹבלט געוואָרן אין יַרדן, און האָבן
זיך מִתוַדה געווען אויף זייערע זינד.

7 אָבער אַז ער האָט געזען אַ סַך פון די פּרושים און צדוקים קומען צו
דער טבילה, האָט ער צו זיי געזאָגט: איר שפּראָץ פון שלאַנגען! ווער האָט
אייך געוואָרנט צו אַנטרינען פון דעם אָנקומענדיקן צאָרן? 8 ברענגט דעריבּער
פֵּירות, וואָס זענען רָאוי פאַר תּשובה, 9 און רעדט אייך ניט איין, אַזוי צו זאָגן:
אַברָהם איז אונדזער פאָטער; וואָרים איך זאָג אייך: גאָט קאָן פון די דאָזיקע
שטיינער אויפשטעלן קינדער פאַר אַברָהמען. 10 און אָט ליגט שוין די האַק ביים
וואָרצל פון די ביימער; דעריבּער, יעדער בוים, וואָס ברענגט ניט אַרויס קיין
גוטע פֵּירות, ווערט אָפּגעהאַקט און אַריינגעוואָרפן אין פייער אַריין.

11 איך טוֹבל אייך מיט וואַסער צו תּשובה, אָבער דער, וואָס קומט נאָך
מיר, איז מעכטיקער פון מיר, און זיינע שיך בין איך ניט רָאוי צו טראָגן; ער
וועט אייך טוֹבלען מיט דעם רוח־הַקוֹדֶש און מיט פייער. 12 זיין ווינטשויפל איז
אין זיין האַנט, און ער וועט גוט אויסרייניקן זיין שײַער; און זיין ווייץ וועט
ער איינזאַמלען אין שפּייכלער אַריין, אָבער די פּליעווע וועט ער פאַרברענען
מיט אַן אומפאַרלעשלעכן פייער.

13 דעמאָלט איז יֵשוּעַ געקומען פון גָליל צום יַרדן, צו יוֹחָנָן, כּדי פון
אים געטוֹבלט צו ווערן. 14 אָבער יוֹחָנָן האָט אים פאַרווערט, און געזאָגט:

א ישעיה מ, 3.

איך וואָלט באַדאַרפט פון דיר געטובלט ווערן, און דו קומסט גאָר צו מיר?
[15] אָבער יֵשוּעַ האָט אים געענטפערט: לאָז זיין; וואָרים אַזוי געשיקט זיך פאַר
אונדז מקַיים צו זיין יעדע גערעכטיקייט. דעמאָלט האָט ער אים געלאָזט.
[16] און בעת יֵשוּעַ איז געטובלט געוואָרן, איז ער תֵּיכף אַרויסגעקומען פון
דעם וואַסער, און אָט האָט זיך דער הימל געשפּאָלטן פאַר אים, און ער
האָט געזען דעם גייסט פון גאָט אַראָפּנידערן ווי אַ טויב, און קומען אויף
אים; [17] און זע, אַ קול איז אַרויס פון הימל, אַזוי צו זאָגן: דאָס איז מיין
געליבטער זון, וואָס איז מיר ווױלגעפעלן.

ד דעמאָלט איז יֵשוּעַ געפירט געוואָרן פון דעם גייסט אין דער מִדבר אַריין,
כדי געפּרואווט צו ווערן פון דעם שָׂטן. [2] און אַז ער האָט געפאַסט
פערציק טעג און פערציק נעכט, איז ער דערנאָך הונגעריק געוואָרן. [3] און
דער מְנַסה האָט גענענעט, און האָט צו אים געזאָגט: אויב דו ביסט דער
בֶּן־אֱלֹהִים, באַפעל, אַז די דאָזיקע שטיינער זאָלן ווערן ברויט. [4] אָבער ער
האָט געענטפערט: סע שטייט געשריבן:

ניט פון ברויט אַליין לעבט דער מענטש,
נייערט פון יעדן וואָרט, וואָס קומט אַרויס פון גאָטס מויל[א].

[5] דעמאָלט האָט דער שָׂטן אים גענומען אין דער הייליקער שטאָט אַריין, און
האָט אים אַוועקגעשטעלט אויף דעם שפּיץ־טורעם פון בֵּית־הַמִקדש, [6] און
צו אים געזאָגט: אויב דו ביסט דער בֶּן־אֱלֹהִים, וואַרף דיך אַראָפּ; וואָרים
סע שטייט געשריבן:

זיינע מַלאָכים וועט ער באַפעלן וועגן דיר,
און אויף די הענט וועלן זיי דיך טראָגן,
טאָמער וועסטו דיר אָנשלאָגן אָן אַ שטיין דיין פוס[ב].

[7] און יֵשוּעַ האָט צו אים געזאָגט: סע שטייט אויך געשריבן: דו זאָלסט ניט
פּרואוון גאָט דיין האַר[ג]. [8] און דער שָׂטן האָט אים נאָכאַמאָל גענומען אויף
זייער אַ הויכן באַרג, און האָט אים געוויזן אַלע מלוכות פון דער וועלט,
און זייער פּראַכט; [9] און ער האָט צו אים געזאָגט: אָט דאָס אַלץ וועל איך
דיר געבן, אויב דו וועסט אַנידערפאַלן און דיך בוקן צו מיר. [10] דעמאָלט
האָט יֵשוּעַ צו אים געזאָגט: טראָג דיך אָפּ, שָׂטן! וואָרים סע שטייט געשריבן:

[א] דברים ח, 3. [ב] תהלים צא, 11, 12. [ג] דברים ו, 16.

דו זאָלסט דיך בוקן צו גאָט דיין האַר,
און אים אַליין זאָלסטו דינען[א].
[11] דעמאָלט האָט אים דער שׂטן פֿאַרלאָזט; און זע, מַלאָכים האָבן גענעענט,
און האָבן אים באַדינט.
[12] און בעת ער האָט געהערט, אַז יוֹחָנָן איז איבערגעענטפֿערט געוואָרן,
האָט ער אַוועקגעצויגן קיין גָליל; [13] און ביים פֿאַרלאָזן נצֶרת, איז ער
געקומען און האָט געוואוינט אין כּפַר־נַחוּם, וואָס איז ביים יַם, אין דעם געביט
פֿון זבולון און נַפתָּלִי, [14] כּדי עס זאָל מקוים ווערן וואָס סע איז געזאָגט געוואָרן
פֿון ישַעיָה הַנָבִיא:
[15] דאָס לאַנד זבולון און דאָס לאַנד נַפתָּלִי,
קעגן דעם יַם, אין עֵבֶר־הַיַרדֵן,
גָליל פֿון די אומות.
[16] דאָס פֿאָלק, וואָס איז געזעסן אין דער פֿינצטער,
האָט געזען אַ גרויס ליכט;
און די, וואָס זענען געזעסן אין דעם לאַנד פֿון שאָטן פֿון טויט,
פֿאַר זיי איז אויפֿגעגאַנגען אַ ליכט[ב].
[17] פֿון דעמאָלט אָן האָט יֵשוּעַ אָנגעהויבן צו רופֿן, און זאָגן: טוט תּשובֿה,
וואָרים דאָס מַלכוּת־שָמַיִם האָט זיך דערנענטערט.
[18] און בעת ער איז געגאַנגען ביים יַם פֿון גָליל, האָט ער געזען צוויי
ברידער, שִמעוֹן, וואָס ווערט גערופֿן פּעטרוס, און אַנדריי זיין ברודער, ווי
זיי פֿאַרוואַרפֿן אַ נעץ אין יַם אַריין; וואָרים זיי זענען געווען פֿישערס.
[19] און ער האָט צו זיי געזאָגט: גייט מיר נאָך, און איך וועל אייך מאַכן
פֿאַר פֿישערס פֿון מענטשן. [20] און זיי האָבן תֵּיכף פֿאַרלאָזט די נעצן, און
זענען אים נאָכגעגאַנגען. [21] און אַז ער איז פֿון דאָרטן ווייטער געגאַנגען,
האָט ער געזען צוויי אַנדערע ברידער, יַעקֹב בֶּן־זַבדִי, און זיין ברודער
יוֹחָנָן, אין דער שיף מיט זַבדִין זייער פֿאָטער, פֿאַרריכטן זייערע נעצן, און
ער האָט זיי גערופֿן. [22] און זיי האָבן תֵּיכף פֿאַרלאָזט די שיף און זייער
פֿאָטער, און זענען אים נאָכגעגאַנגען.
[23] און יֵשוּעַ איז אַרומגעגאַנגען אין גאַנץ גָליל, און האָט געלערנט אין
זייערע בָּתֵּי־כּנֵסִיוֹת, און אָנגעזאָגט די בשׂוֹרה פֿון דעם מַלכוּת, און האָט

[א] דברים ו, 13. [ב] ישעיה ח, 23; ט, 1.

געהיילט אַלערליי קראַנקהייטן און שלאַפקייטן צווישן דעם פאָלק. 24 און זיין
שם האָט זיך פאַרשפרייט אין גאַנץ סיריע, און מען האָט צו אים געבראַכט
אַלע, וואָס זענען געווען קראַנק, געפּלאָגט פון פאַרשידענע חולאַתן און
ווייטיקן, באַזעסענע פון בייזע גייסטער, פאַליקע, און געליימטע, און ער
האָט זיי געהיילט. 25 און סע איז אים נאָכגעגאַנגען אַ גרויסער המון מענטשן
פון גליל, און דעקאַפּאָליס, און ירושלים, און יהודה, און פון עבר־הירדן.

ה און בעת ער האָט געזען דאָס פאָלק, איז ער אַרויפגעגאַנגען אויף דעם
באַרג, און אַז ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, האָבן געגעענט צו אים זיינע
תלמידים. 2 און ער האָט געעפנט זיין מויל און האָט זיי געלערנט, אַזוי צו זאָגן:
3 וואויל איז די, וואָס זענען אָרעם אין גייסט, וואָרים זייערס איז דאָס
מלכות־שמים.
4 וואויל איז די, וואָס טרויערן, וואָרים זיי וועלן געטרייסט ווערן.
5 וואויל איז די ענווים, וואָרים זיי וועלן ירשענען די ערד.
6 וואויל איז די, וואָס הונגערן און דאָרשטן נאָך גערעכטיקייט, וואָרים
זיי וועלן געזעטיקט ווערן.
7 וואויל איז די בעלי־רחמים, וואָרים אויף זיי וועט מען זיך מרחם זיין.
8 וואויל איז די לויטערע אין האַרצן, וואָרים זיי וועלן זען גאָט.
9 וואויל איז די רודפי־שלום, וואָרים זיי וועלן אָנגערופן ווערן זין פון גאָט.
10 וואויל איז די, וואָס ווערן געראָדפט פונוועגן גערעכטיקייט, וואָרים
זייערס איז דאָס מלכות־שמים.
11 וואויל איז אייך, אויב מען וועט אייך מבזה זיין, און אייך רודפן, און
רעדן אויף אייך פאַלש אַלדאָס־בייז צוליב מיר. 12 פרייט אייך און זייט מלא־
שמחה, וואָרים גרויס איז אייער שכר אין הימל, ווייל אַזוי האָבן זיי גערודפט
די נביאים, וואָס זענען געווען פאַר אייך.
13 איר זענט דאָס זאַלץ פון דער ערד; אויב אָבער זאַלץ פאַרלירט דעם
טעם, מיט וואָס זאָל מען עס ווירצן? סע טויג מער אויף גאָרניט, סיידן
אַרויסגעוואָרפן צו ווערן און צעטראָטן צו ווערן פון מענטשן.
14 איר זענט דאָס ליכט פון דער וועלט. אַ שטאָט וואָס ליגט אויף
אַ באַרג קאָן ניט זיין פאַרבאָרגן. 15 מען צינדט אויך ניט אָן אַ ליכט, כדי
עס צו שטעלן אונטער אַ מעסטל, נייערט אין אַ לייכטער; און סע לייכט
פאַר אַלע, וואָס זענען אין הויז. 16 אַזוי אויך זאָלט איר לאָזן שיינען אייער

ליכט פאַר די מענטשן, כּדי זיי זאָלן זען אייערע גוטע מַעשׂים, און לויבן אייער פֿאָטער אין הימל.

[17] מיינט ניט, אַז איך בין געקומען מבַטל צו זיין די תּורה, אָדער די נבֿיאים; איך בין ניט געקומען מבַטל זיין, נייערט מקַיים צו זיין. [18] וואָרים פֿאַרוואָר, איך זאָג אייך, ביז הימל און ערד וועלן פֿאַרגיין, וועט קיין איין יוד אָדער קוצו־שֶל־יוד פֿון דער תּורה ניט פֿאַרגיין, ביז אַלצדינג וועט מקוים ווערן. [19] דעריבער, ווער סע וועט עובֿר זיין אויף איינער פֿון די דאָזיקע מינדסטע מִצוות, און וועט לערנען אַזוי די מענטשן, וועט גערופֿן ווערן דער מינדסטער אין דעם מַלכות־שָמַיִם; ווער אָבער סע וועט זיי טאָן און לערנען, וועט גערופֿן ווערן גרויס אין דעם מַלכות־שָמַיִם. [20] וואָרים איך זאָג אייך, אויב אייער צִדקות וועט ניט זיין בעסער פֿון דער צִדקות פֿון די סופֿרים און פּרושים, וועט איר בשום־אופֿן ניט אַרייַנקומען אין דעם מַלכות־שָמַיִם.

[21] איר האָט געהערט, אַז עס איז געזאָגט געוואָרן צו די קַדמונים: דו זאָלסט ניט הַרגענעןא. און ווער סע וועט הַרגענען, וועט זיין חַייב פֿאַר דעם בֵּית־דִין. [22] אָבער איך זאָג אייך, אַז יעדער איינער, וואָס טוט צערענען אויף זיין ברודער, וועט זיין חַייב פֿאַר דעם בֵּית־דִין; און ווער סע וועט זאָגן צו זיין ברודער: רֵיקָא, וועט זיין חַייב פֿאַר דעם סַנהֶדרין; און ווער סע וועט זאָגן: דו שוטה, וועט זיין אין סַכָּנה פֿאַר דעם פֿייער פֿון גיהֶנום.
[23] דעריבער, אויב דו ביסט מַקריב דיין קָרבן אויף דעם מִזבֵּחַ, און דאָרט דערמאָנסטו דיך, אַז דיין ברודער האָט עפּעס קעגן דיר, [24] זאָלסטו איבערלאָזן דיין קָרבן פֿאַר דעם מִזבֵּחַ, און גיי בעט דיך קודם איבער מיט דיין ברודער, און דערנאָך קום און זיי מַקריב דיין קָרבן. [25] פֿאַרגלייַך דיך תֵּיכף מיט דיין קעגנער, כָּל־זמַן דו ביסט מיט אים אין וועג, טאָמער וועט דיך דיין קעגנער איבערענטפֿערן צום שופֿט, און דער שופֿט צום שוטר, און דו וועסט אַרייַנגעוואָרפֿן ווערן אין דער תּפיסה אַריין. [26] יאָ, איך זאָג דיר, דו וועסט פֿון דאָרטן ניט אַרויסקומען, ביז דו וועסט האָבן באַצאָלט די לעצטע פּרוטה.

[27] איר האָט געהערט, אַז עס איז געזאָגט געוואָרן: דו זאָלסט ניט מְזַנה זייןא. [28] אָבער איך זאָג אייך, אַז יעדער איינער, וואָס קוקט אויף אַ פֿרוי צו

א שמות כ, 13; דברים ה, 17.

גלוסטן נאָך איר, האָט שוין מזנה געווען אין זיין האַרצן. [29] און אויב דיין רעכט אויג מאַכט דיך שטרויכלען, רייס עס אַרויס, און וואַרף עס אַוועק פון דיר; וואָרים סע איז בעסער פאַר דיר, אַז דו זאָלסט פאַרלירן איינעם פון דיינע אֵברים, איידער דיין גאַנצער גוף זאָל אַריַינגעוואָרפן ווערן אין גיהנום. [30] און אויב דיין רעכטע האַנט מאַכט דיך שטרויכלען, האַק זי אָפּ, און וואַרף זי אַוועק פון דיר; וואָרים סע איז בעסער פאַר דיר, אַז דו זאָלסט פאַרלירן איינעם פון דיינע אֵברים, איידער דיין גאַנצער גוף זאָל אַריַינגעוואָרפן ווערן אין גיהנום.

[31] עס איז אויך געזאָגט געוואָרן: ווער סע שיידט זיך פון זיין ווייב, זאָל איר געבן אַ גט[א]. [32] אָבער איך זאָג אייך, אַז יעדער איינער, וואָס שיידט זיך פון זיין ווייב, סיידן פונוועגן זנות, מאַכט ער זי פאַר אַ זונה; און ווער סע האָט חתונה מיט אַ גרושה, איז אַ נואף.

[33] ווידער האָט איר געהערט, אַז סע איז געזאָגט געוואָרן צו די קדמונים: דו זאָלסט ניט שווערן פאַלש, נייערט זאָלסט מקיים זיין דיינע שבועות צו גאָט[ב]. [34] אָבער איך זאָג אייך: שווערט ניט בכלל, ניט ביים הימל, ווייל ער איז דער טראָן פון גאָט, [35] ניט ביי דער ערד, ווייל זי איז זיין פוסבענקל, ניט ביי ירושלים, ווייל זי איז די שטאָט פון דעם גרויסן מלך. [36] אויך זאָלסטו ניט שווערן ביי דיין קאָפּ, וואָרים דו קאָנסט קיין איינציקע האָר ניט מאַכן ווייס, אָדער שוואַרץ. [37] נייערט זאָל אייער וואָרט זיין יאָ, יאָ; ניין, ניין; און וואָס עס איז איבעריק, איז פון דעם ניט־גוטן.

[38] איר האָט געהערט, אַז עס איז געזאָגט געוואָרן: אַן אויג פאַר אַן אויג, און אַ צאָן פאַר אַ צאָן[ג]. [39] אָבער איך זאָג אייך, שטעלט אייך ניט אַנטקעגן דעם, וואָס איז שלעכט; נייערט ווער סע שלאָגט דיך אויף דער רעכטער באַק, שטעל אים אונטער אויך די אַנדערע; [40] און וויל זיך ווער מיט דיר לאָדן, כדי אַוועקצונעמען דיין העמד, לאָז אים אויך נעמען דיין מאַנטל; [41] און ווער סע וועט דיך נייטן צו גיין איין מייל, גיי מיט אים צוויי. [42] גיב דעם, וואָס בעט ביי דיר, און פון דעם, וואָס וויל ביי דיר לייַען, קער דיך ניט אָפּ.

[43] איר האָט געהערט, אַז עס איז געזאָגט געוואָרן: דו זאָלסט ליב האָבן דיין חבר, און פיינט האָבן דיין שונא. [44] אָבער איך זאָג אייך: האָט ליב אייערע

[א] דברים כד, 1. [ב] שמות כ, 7; במדבר ל, 3. [ג] שמות כא, 24.

שׂונאים, און בעט פֿאַר די, וואָס רודפֿן אײַך; [45] כּדי איר זאָלט זײַן קינדער
פֿון אײַער פֿאָטער אין הימל; וואָרים ער לאָזט אויפֿגיין זײַן זון אויף שלעכטע
און גוטע, און שיקט רעגן אויף גערעכטע און אומגערעכטע. [46] וואָרים אויב
איר האָט ליב די, וואָס האָבן אײַך ליב, וואָסער שׂכר האָט איר? טוען
דען ניט די מוכסים אויך אַזוי? [47] און אויב איר גריסט נאָר אײַערע ברידער,
וואָס טוט איר דאָ אויף? טוען דען ניט די גויים אויך אַזוי? [48] איר, דעריבער,
זאָלט זײַן תּמים, פּונקט ווי אײַער הימלישער פֿאָטער איז תּמים.

ו היט אײַך, אַז איר זאָלט ניט טאָן אײַער צדקות פֿאַר מענטשן, כּדי זײ
זאָלן דאָס זען; וואָרים דעמאָלט וועט איר ניט האָבן קיין שׂכר בײַ אײַער
פֿאָטער אין הימל.

[2] דעריבער, בעת דו טוסט צדקה, זאָלסטו פֿאַר דיר ניט בלאָזן מיט אַ
שופֿר, ווי די חנפֿים טוען אין די בּתּי־כּנסיות און אויף די גאַסן, כּדי זײ
זאָלן קריגן כּבֿוד פֿון מענטשן. יאָ, איך זאָג אײַך, זײ האָבן שוין זײער שׂכר.
[3] נײַערט ווען דו טוסט צדקה, זאָל דײַן לינקע האַנט ניט וויסן וואָס דײַן
רעכטע האַנט טוט, [4] כּדי דײַן צדקה זאָל זײַן בסתר; און דײַן פֿאָטער, וואָס
זעט אין פֿאַרבאָרגעניש, וועט דיר פֿאַרגעלטן.

[5] און בעת איר זענט מתפּלל, זאָלט איר ניט זײַן ווי די חנפֿים;
וואָרים זײ האָבן ליב צו שטיין און מתפּלל זײַן אין די בּתּי־כּנסיות און אויף
די עק גאַסן, כּדי מענטשן זאָלן זײ זען. יאָ, איך זאָג אײַך, זײ האָבן שוין
זײער שׂכר. [6] און בעת דו ביסט מתפּלל, גײ אַרײַן אין דײַן אינעווייניקסטן
חדר, און פֿאַרשליס די טיר, און זײ מתפּלל צו דײַן פֿאָטער, וואָס זעט אין
פֿאַרבאָרגעניש; און דײַן פֿאָטער, וואָס זעט אין פֿאַרבאָרגעניש, וועט דיר
פֿאַרגעלטן.

[7] און בעת איר זענט מתפּלל, זאָלט איר ניט נוצן קיין אומזיסטע
איבערחזרונגען, ווי די גויים טוען; וואָרים זײ מײנען, אַז זײ וועלן דערהערט
ווערן דורך זײער רעדן אַ סך. [8] זײַט דעריבער ניט גלײַך צו זײ; וואָרים
אײַער פֿאָטער ווײסט, וואָס איר דאַרפֿט, נאָך אײדער איר בעט אים.
[9] דעריבער זאָלט איר מתפּלל זײַן אויף אַזאַ אופֿן:

אונדזער פֿאָטער, וואָס ביסט אין הימל,
געהייליקט זאָל ווערן דײַן נאָמען.
[10] זאָל קומען דײַן מלכות,

זאָל דײַן רָצון געטאָן װערן
אויף דער ערד, אַזױ װי ער װערט געטאָן אין הימל.
[11] גיב אונדז הײַנט אונדזער טעגלעך ברויט;
[12] און זײַ אונדז מוחל אונדזערע שולדיקײטן,
װי מיר זענען אויך מוחל אונדזערע בעלי־חובות;
[13] און ברענג אונדז ניט צו קײן נסָיון,
נײַערט זײַ אונדז מַציל פֿון דעם שלעכטן.
װאָרים דיר געהערט די מלוכה, און די גבֿורה,
און דער כָּבֿוד, אויף אײביק. אָמֵן.

[14] װאָרים אויב איר װעט מוחל זײַן די מענטשן זײערע חַטָאים, װעט אײַער
פֿאָטער אין הימל אויך אײַך מוחל זײַן; [15] נאָר אויב איר װעט די מענטשן
ניט מוחל זײַן זײערע חַטָאים, װעט אײַער פֿאָטער אויך אײַערע חַטָאים ניט
מוחל זײַן.

[16] און בעת איר פֿאַסט, מאַכט ניט קײן זויער פָּנים, װי די חונפֿים, װײַל
זײ פֿאַרקרימען זײערע פֶּנימער, כּדי מענטשן זאָלן זען װי זײ פֿאַסטן. יאָ,
איך זאָג אײַך, זײ האָבן שוין זײער שׂכַר. [17] דו אָבער, בעת דו פֿאַסט, זאָלסטו
זאַלבן דײַן קאָפּ און װאַשן דײַן פָּנים, [18] כּדי מענטשן זאָלן ניט זען װי דו פֿאַסט,
נײַערט דײַן פֿאָטער, װאָס איז אין פֿאַרבאָרגעניש, און דײַן פֿאָטער, װאָס
זעט אין פֿאַרבאָרגעניש, װעט דיר פֿאַרגעלטן.

[19] זאַמלט אײַך ניט אָן קײן אוצרות אויף דער ערד, װאו מאָיל און זשאַװער
פֿאַרצערן, און װאו גנבֿים גראָבן זיך אונטער און גַנבֿענען, [20] נײַערט זאַמלט
אײַך אָן אוצרות אין הימל, װאו ניט קײן מאָיל, און ניט קײן זשאַװער
פֿאַרצערן, און װאו גנבֿים טוען זיך ניט אונטערגראָבן און גַנבֿענען; [21] װאָרים
װאו ס'איז דײַן אוצר, דאָרט װעט אויך זײַן דײַן האַרץ.

[22] דאָס ליכט פֿון דעם גוף איז דאָס אויג. דעריבער, אויב דײַן אויג איז
גאַנץ, װעט דײַן גאַנצער גוף זײַן לויטער ליכטיקײט; [23] אויב אָבער דײַן אויג
איז שלעכט, װעט דײַן גאַנצער גוף זײַן לויטער פֿינצטערניש. דעריבער, אויב
דאָס ליכט, װאָס איז אין דיר, איז פֿינצטערניש, װי גרויס איז די פֿינצטערניש!

[24] קײנער קאָן ניט דינען קײן צװײ האַרן; װאָרים אָדער ער װעט אײנעם
פֿײַנט האָבן, און ליב האָבן דעם אַנדערן, אָדער ער װעט זיך האַלטן אָן
אײנעם, און פֿאַראַכטן דעם אַנדערן. איר קאָנט ניט דינען גאָט און מָמון.

[25] דעריבער זאָג איך אייך: זאָרגט ניט פאַר אייער לעבן, וואָס איר
זאָלט עסן, אָדער וואָס איר זאָלט טרינקען, אויך ניט פאַר אייער גוף, וואָס
איר זאָלט אָנטאָן. איז ניט דאָס לעבן בילכער פון דעם עסן, און דער גוף–
פון דעם מַלבוש? [26] קוקט אויף די פייגל פון הימל: ניט זיי זייען, ניט זיי
שניידן, זיי זאַמלען אויך ניט איין אין שפּײַכלערס, און אייער הימלישער
פאָטער טוט זיי שפּייזן. זענט איר ניט ווערט אַ סך מער פון זיי? [27] און ווער
פון אייך קאָן דורך דאַגהן צוגעבן איין אייל צו דער מאָס פון זיין לעבן?
[28] און וואָס דאַגהט איר וועגן קליידונג? באַטראַכט די ליליעס פון דעם
פעלד, ווי זיי וואַקסן; ניט זיי האָרעווען, ניט זיי שפּינען. [29] און איך זאָג אייך,
אַז אַפילו שלמה אין זיין גאַנצער פּראַכט איז ניט געווען באַקליידט ווי איינע
פון זיי. [30] בכֵן, אויב גאָט טוט אַזוי באַקליידן דאָס גראָז פון דעם פעלד,
וואָס היינט איז עס דאָ, און מאָרגן ווערט עס אַרײַנגעוואָרפן אין אויוון, אַ
פּשיטא שוין אייך, אָ איר קליין-גלויביקע? [31] דעריבער זאָלט איר ניט זאָרגן,
און זאָגן: וואָס זאָלן מיר עסן? אָדער: וואָס זאָלן מיר טרינקען? אָדער:
וואָס זאָלן מיר אָנטאָן? [32] ווייל אָט-דאָס אַלץ באַגערן די גוֹיִם; אייער
הימלישער פאָטער ווייסט, אַז איר דאַרפט דאָס אַלץ האָבן. [33] נייערט זוכט
קוֹדם זיין מַלכות, און זיין צִדקות, און דאָס אַלץ וועט אייך צוגעגעבן ווערן.

[34] זייט דעריבער ניט באַזאָרגט פאַר דעם מאָרגן; וואָרים דער מאָרגן
וועט פאַר זיך אַליין זאָרגן. גענוג איז פאַר דעם טאָג זיין אייגענע פּלאָג.

ז מִשפּט ניט, כדי איר זאָלט ניט געמִשפּט ווערן. [2] וואָרים מיט דעם מִשפּט,
וואָס איר טוט מִשפּטן, וועט איר געמִשפּט ווערן, און מיט דער מאָס, וואָס
איר טוט מעסטן, וועט אייך געמאָסטן ווערן. [3] און פאַרוואָס זעסטו דאָס שפּענדל
אין דיין ברודערס אויג, אָבער דעם קלאָץ אין דיין אייגן אויג זעסטו ניט?
[4] אָדער ווי קענסטו זאָגן צו דיין ברודער: לאָמיך אַרויסנעמען דאָס שפּענדל
פון דיין אויג, ווען אָט איז אַ קלאָץ אין דיין אייגן אויג? [5] דו חוֹנף, נעם
קוֹדם אַרויס דעם קלאָץ פון דיין אייגן אויג, און דערנאָך וועסטו זען קלאָר
ווי אַרויסצונעמען דאָס שפּענדל פון דיין ברודערס אויג.

[6] גיט ניט וואָס ס'איז הייליק צו הינט, און וואַרפט ניט אייערע פּערל
פאַר חַזֵירים, ווייל זיי קענען זיי נאָך צעטרעטן מיט זייערע פיס, און זיך
אויסדרייען און אייך צערייסן.

[7] בעט, און סע וועט אייך געגעבן ווערן; זוכט, און איר וועט געפינען;

קלאַפּט אָן, און סע וועט פאַר אייך געעפנט ווערן. 8 וואָרים יעדער איינער,
וואָס בעט, וועט באַקומען, און דער וואָס זוכט, וועט געפינען, און פאַר
דעם וואָס קלאַפּט אָן, וועט מען אויפמאַכן. 9 אָדער וואו איז דער מענטש
צווישן אייך, וואָס אויב זיין זון זאָל אים בעטן ברויט, וועט ער אים געבן אַ
שטיין? 10 אָדער אויב ער זאָל אים בעטן אַ פיש, וועט ער אים געבן אַ שלאַנג?
11 מַה־דאָך איר, וואָס זענט שלעכט, פאַרשטייט ווי צו געבן גוטע מַתָּנוֹת
צו אייערע קינדער, וויפל־זשע מער וועט אייער פאָטער אין הימל געבן
גוטס צו די, וואָס בעטן אים? 12 בכֵן, אַלץ וואָס איר ווילט, אַז מענטשן
זאָלן טאָן צו אייך, זאָלט איר אויך טאָן צו זיי; וואָרים דאָס איז די תּוֹרה
און די נבִיאים.

13 גייט אַריין דורך דעם ענגן טויער; וואָרים גערױם איז דער טויער,
און ברייט דער וועג, וואָס פירט צו פאַרדאַרבונג, און אַ סך זענען די, וואָס
קומען אַריין דורך אים. 14 אָבער ענג איז דער טויער, און שמאָל דער וועג,
וואָס פירט צום לעבן, און ווינציק זענען די, וואָס געפינען אים.

15 היט אייך פאַר פאַלשע נבִיאים, וואָס קומען צו אייך אין שאָפענע
קליידער, אָבער אינעווייניק זענען זיי פאַרצוקנדיקע וועלף. 16 לויט זייערע
פֵּירות וועט איר זיי דערקענען. קלויבט מען דען ווייַנטרויבן פון דערנער,
אָדער פייגן פון שטעכלקעס? 17 אַזוי טראָגט אויך יעדער גוטער בוים גוטע
פֵּירות, אָבער דער פאַרדאָרבענער בוים טראָגט שלעכטע פֵּירות. 18 אַ גוטער
בוים קאָן ניט אַרויסגעבן קיין שלעכטע פֵּירות, און אַ פאַרדאָרבענער בוים
קאָן ניט אַרויסגעבן קיין גוטע פֵּירות. 19 יעדער בוים, וואָס טראָגט ניט קיין
גוטע פֵּירות, ווערט אָפּגעהאַקט, און אַרייַנגעוואָרפן אין פייער. 20 דעריבער
וועט איר זיי דערקענען לויט זייערע פֵּירות.

21 ניט יעדער איינער, וואָס זאָגט צו מיר: האַר, האַר, וועט אַרייַנקומען
אין דעם מַלכות־שָמַיִם, נייערט דער, וואָס טוט דעם רָצון פון מיין פאָטער
אין הימל. 22 אין יענעם טאָג וועלן אַ סך צו מיר זאָגן: האַר, האַר, האָבן
מיר ניט נבִיאות געזאָגט אין דיין נאָמען, און אין דיין נאָמען אַרויסגעטריבן
בייזע גייסטער, און אין דיין נאָמען געטאָן אַ סך וואונדער? 23 און דעמאָלט
וועל איך זיי דערקלערן: איך האָב אייך קיינמאָל ניט געקענט; גייט אַוועק
פון מיר, איר, וואָס טוט אומרעכט.

24 דעריבער, יעדער איינער, וואָס הערט די דאָזיקע רייד מיינע און טוט

זיי, וועט זיין געגליכן צו אַ קלוגן מענטשן, וואָס האָט געבויט זיין הויז אויף
דעם פעלזן. [25] און דער רעגן איז געפאַלן, און די שטראָמען זענען געקומען,
און די ווינטן האָבן געבלאָזן און געשטורעמט אויף דעם הויז, און סע איז
ניט אײַנגעפאַלן, וואָרים סע איז געווען געגרונטפעסטיקט אויף דעם פעלזן.
[26] און יעדער איינער, וואָס הערט די דאָזיקע רייד מײַנע, און טוט זיי ניט,
וועט זיין געגליכן צו אַ נאַרישן מענטשן, וואָס האָט געבויט זיין הויז אויף
זאַמד; [27] און דער רעגן איז געפאַלן, און די שטראָמען זענען געקומען, און
די ווינטן האָבן געבלאָזן און געשטורעמט אויף יענעם הויז, און סע איז
אײַנגעפאַלן; און דאָס פאַלן דערפון איז געווען גרויס.

[28] און עס איז געווען, בעת יֵשוּעַ האָט פאַרענדיקט די דאָזיקע רייד,
האָבן זיך די מענטשן געחידושט איבער זיין תּורה. [29] וואָרים ער האָט זיי
געלערנט ווי איינער וואָס האָט רשות, און ניט ווי זייערע סופֿרים.

ח און בעת ער איז אַראָפּגעקומען פון דעם באַרג, איז אים נאָכגעגאַנגען
אַ גרויסער עולם. [2] און אָט איז צו אים געקומען אַ מצורע, וואָס האָט
זיך צו אים געבוקט, און געזאָגט: האַר, אויב דו ווילסט, קאָנסטו מיך מאַכן
ריין. [3] און ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט, און האָט אים אָנגערירט, און
געזאָגט: איך וויל; זיי ריין. און ער איז תּיכּף גערייניקט געוואָרן פון זיין
צָרעת. [4] און יֵשוּעַ האָט צו אים געזאָגט: זע, דערצייל עס קיינעם ניט, נייערט
גיי און ווייז דיך פאַרן כּהן, און זיי מַקריב דעם קָרבן, וואָס משה האָט
געבאָטן, פאַר אַן עֵדות צו זיי[א].

[5] און ווי ער איז אַרײַנגעקומען קיין כּפר־נחום, האָט צו אים גענעענט אַ
הויפּטמאַן, וואָס האָט אים געבעטן, [6] און געזאָגט: האַר, מיין באַדינער ליגט
געליימט אין הויז, און ליידט מוֹרָאדיק. [7] האָט ער צו אים געזאָגט: איך וועל
קומען און אים היילן. [8] און דער הויפּטמאַן האָט אים געענטפערט: האַר,
איך בין ניט ווערט, אַז דו זאָלסט קומען אונטער מיין דאַך; נייערט זאָג נאָר
דאָס וואָרט, און מיין באַדינער וועט געהיילט ווערן. [9] וואָרים אויך איך בין
אַ מענטש, געשטעלט אונטער באַפעל־מאַכט, און האָב אונטער מיר חַיִל;
און איך זאָג צו דעם: גיי! און ער גייט; און צו אַן אַנדערן: קום! און ער
קומט; און צו מיין קנעכט: טו דאָס! און ער טוט עס. [10] און אַז יֵשוּעַ האָט
דאָס געהערט, האָט ער זיך געחידושט, און געזאָגט צו די, וואָס זענען

א ויקרא יג, 49; יד, 2—32.

אים נאָכגעגאַנגען: פאַרוואָר, איך זאָג אײַך, ניט אַפילו אין ישׂראל האָב איך
אָנגעטראָפן אַזאַ אֱמונה. 11 און איך זאָג אײַך: אַ סך וועלן קומען פון מִזרח
און מַערב, און וועלן זיך אַנידערזעצן מיט אַברהם, און יצחק, און יעקב,
אין דעם מַלכות־שָׁמַיִם, 12 בעת די זין פון דעם מַלכות וועט מען אַרויסוואַרפן
אין דער דרויסנדיקער פינצטערניש; דאָרט וועט זײַן געוויין און דאָס קריצן
פון ציין. 13 און ישוע האָט געזאָגט צום הויפטמאַן: גיי דײַן וועג; ווי דײַן
אֱמונה, אַזוי זאָל דיר געשען. און דער באַדינער איז געהיילט געוואָרן אין
יענער שָׁעה.

14 און בעת ישוע איז אַרײַנגעקומען אין דעם הויז אַרײַן פון פעטרוסן,
האָט ער געזען זײַן שוויגער ליגן קראַנק אויף פיבער; 15 און ער האָט
באַרירט איר האַנט, און דאָס פיבער האָט זי אָפגעלאָזט; און זי איז
אויפגעשטאַנען, און האָט אים באַדינט. 16 און אַז דער אָוונט האָט זיך
גענייגט, האָבן זיי געבראַכט צו אים אַ סך באַזעסענע פון בייזע גייסטער;
און ער האָט אַרויסגעטריבן די גייסטער מיט אַ וואָרט, און האָט געהיילט
אַלע, וואָס זענען געווען קראַנק; 17 כדי עס זאָל מקוים ווערן, וואָס ישעיה
הַנביא האָט געזאָגט:

ער האָט אויף זיך גענומען אונדזערע קראַנקהייטן,
און געטראָגן אונדזערע ווייטיקן[א].

18 און בעת ישוע האָט געזען אַ גרויסן עולם אַרום זיך, האָט ער
באַפוילן אַריבערצושיפן זיך אויף יענער זייט יַם. 19 און אַט איז צו אים
געקומען אַ סופר, וואָס האָט געזאָגט: רבי, איך וועל דיר נאָכגיין וואוהין
דו וועסט גיין. 20 האָט ישוע צו אים געזאָגט: די פוקסן האָבן הייִלן, און די
פייגל פון הימל האָבן נעסטן, אָבער דער בן־אָדם האָט ניט וואו זײַן קאָפ
אַנידערצולייגן. 21 און אַן אַנדערער פון די תלמידים האָט צו אים געזאָגט:
האַר, דערלויב מיר קודם צו גיין און מקבר זײַן מײַן פאָטער. 22 אָבער ישוע
האָט צו אים געזאָגט: גיי מיר נאָך, און זאָלן די מתים מקבר זײַן זייערע
אייגענע מתים.

23 און ווען ער איז אַרײַן אין דער שיף, זענען זײַנע תלמידים אים
נאָכגעגאַנגען. 24 און אַט האָט זיך אויפגעהויבן אַ גרויסער שטורעם אויפן
יַם, אַזוי, אַז די שיף איז געוואָרן פאַרפלייצט פון די כוואַליעס; אָבער

א ישעיה נג, 4.

ער איז געשלאָפן. 25 און זיי זענען צוגעגאַנגען, און האָבן אים אויפגעוועקט,
און געזאָגט: האַר, ראַטעווע, מיר גייען אונטער! 26 האָט ער צו זיי געזאָגט:
פאַרוואָס שרעקט איר אייך, אָ איר קליין־גלויביקע? דערנאָך איז ער אויפ־
געשטאַנען, און האָט אָנגעשריגן אויף די ווינטן און אויף דעם יַם; און סע
איז געוואָרן אַ גרויסע שטילקייט. 27 און די מענטשן זענען נִשתּומם געוואָרן,
און האָבן געזאָגט: וואָס איז דאָס פאַר אַ מין מענטש, אַז אַפילו די ווינטן
און דער יַם געהאָרכן אים?

28 און ווען ער איז געקומען אויף דער אַנדערער זייט, אין דעם לאַנד
פון די גַדרִיִים, האָבן אים באַגעגנט צוויי באַזעסענע, וואָס זענען אַרויס־
געקומען פון צווישן די קבָרים, און וואָס זענען געווען זייער ווילד, אַזוי, אַז
קיינער האָט ניט געקענט פאַרבײַגיין יענעם אָרט. 29 און זע, זיי האָבן
געשריגן, און געזאָגט: וואָס האָבן מיר צו טאָן מיט דיר, דו בֶּן־אֱלֹהִים?
ביסטו אַהערגעקומען אונדז צו פּייניקן פאַר דער צייט? 30 און פון דערווייטן
פון זיי האָט זיך געפּאַשעט אַ גרויסע סטאַדע חַזֵירים. 31 און די בייזע גייסטער
האָבן אים געבעטן: אויב דו טרייבסט אונדז אַרויס, שיק אונדז אַריין
אין דער סטאַדע חַזֵירים. 32 האָט ער צו זיי געזאָגט: גייט. און זיי זענען
אַרויסגעקומען, און זענען אַריין אין די חַזֵירים. ערשט די גאַנצע סטאַדע
האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון דעם שיפּוע אין יַם אַריין, און זענען אומגעקומען
אין די וואַסערן. 33 און די פּאַסטעכער זענען אַנטלאָפן, און זענען געקומען
אין דער שטאָט אַריין, און האָבן דערציילט אַלצדינג, און אויך וואָס סע
איז געשען מיט די באַזעסענע. 34 און זע, די גאַנצע שטאָט איז אַרויסגעגאַנגען
באַגעגענען יֵשוּעַן; און ווען זיי האָבן אים געזען, האָבן זיי אים געבעטן, אַז
ער זאָל פאַרלאָזן זייערע געמאַרקן.

ט און ער איז אַריינגעגאַנגען אין אַ שיף, און איז אַריבערגעפאָרן, און איז
אָנגעקומען אין זיין אייגענער שטאָט אַריין. 2 און אָט האָט מען צו אים
געבראַכט אַ געליימטן, וואָס איז געלעגן אויף אַ געלעגער; און אַז יֵשוּעַ האָט
געזען זייער אֱמונה, האָט ער געזאָגט צום געליימטן: זיי געטרייסט, מיין זון;
דיינע זינד זענען דיר פאַרגעבן געוואָרן. 3 און זע, עטלעכע פון די סוֹפרים
האָבן צו זיך געזאָגט: דער דאָזיקער מענטש לעסטערט. 4 אָבער יֵשוּעַ האָט
פאַרשטאַנען זייערע מַחשָבות, און האָט געזאָגט: פאַרוואָס טראַכט איר שלעכטס
אין אייערע הערצער? 5 וואָרים וואָס איז גרינגער, צו זאָגן: דיינע זינד זענען

דיר פאַרגעבן, אָדער צו זאָגן: שטיי אויף, און גיי? [6] אָבער כּדי איר זאָלט
וויסן, אַז דער בּן־אָדם האָט רשות אויף דער ערד מוחל צו זיין זינד — האָט
ער געזאָגט צום געליימטן — שטיי אויף, און נעם דיין געלעגער, און גיי אַהיים.
[7] און ער איז אויפגעשטאַנען און איז אַהיימגעגאַנגען. [8] און אַז דאָס פאָלק
האָט דאָס געזען, האָבן זיי זיך געפאָרכטן, און האָבן געלויבט גאָט, וואָס
האָט געגעבן אַזאַ מאַכט צו מענטשן.

[9] און ווי יֵשוע איז פון דאָרטן אַוועקגעגאַנגען, האָט ער געזען אַ מענטשן,
וואָס האָט געהייסן מַתיָא, זיצן אויפן צאָל־אַמט. און ער האָט צו אים געזאָגט:
גיי מיר נאָך. און ער איז אויפגעשטאַנען, און איז אים נאָכגעגאַנגען.

[10] און עס איז געווען, בעת ער איז געזעסן אין הויז ביים טיש, ערשט אַ
סך מוכסים און זינדיקע זענען געקומען, און האָבן זיך אַנידערגעזעצט מיט
יֵשוען און זיינע תּלמידים. [11] און אַז די פּרושים האָבן דאָס געזען, האָבן זיי
געזאָגט צו זיינע תּלמידים: פאַרוואָס עסט אייער רֶבּי מיט מוכסים און
זינדיקע? [12] און אַז ער האָט דאָס געהערט, האָט ער געזאָגט: די, וואָס
זענען געזונט, נייטיקן זיך ניט אין קיין רופא, נייערט די, וואָס זענען קראַנק.
[13] איר אָבער גייט און לערנט וואָס דאָס טוט מיינען: חֶסֶד באַגער איך, און
ניט קיין קָרבּנותא. וואָרים איך בין ניט געקומען רופן די צַדיקים, נייערט
די זינדיקע.

[14] דעמאָלט האָבן געגעענט צו אים די תּלמידים פון יוחָנָן, און האָבן
געזאָגט: פאַרוואָס טוען מיר און די פּרושים אָפט פאַסטן, און דיינע תּלמידים
פאַסטן ניט? [15] האָט יֵשוע צו זיי געזאָגט: קענען די מחותּנים טרויערן, כָּל־זמַן
דער חָתן איז מיט זיי? סע וועלן אָבער קומען טעג, ווען דער חָתן וועט
אַוועקגענומען ווערן פון זיי, און דעמאָלט וועלן זיי פאַסטן. [16] און קיינער
לייגט ניט אַ לאַטע פון ניט־איינגעלאָפּענעם טוך אויף אַן אַלט מַלבּוש; ווייל
די לאַטע רייסט זיך אָפּ פון דעם מַלבּוש, און סע ווערט נאָך אַן ערגערער
ריס. [17] מע טוט אויך ניט אַריינגיסן קיין נייעם וויין אין אַלטע לאָגלען;
אַנדערש צעפּלאַצן די לאָגלען, און דער וויין טוט זיך צעגיסן, און די
לאָגלען גייען פאַרלוירן. נייערט נייעם וויין גיסט מען אַריין אין נייע לאָגלען,
און ביידע זענען באַוואָרנט.

[18] בשעת ער האָט אַזוי צו זיי גערעדט, איז געקומען אַ שַׂר, און האָט

א הושע ו, 6.

זיך פֿאַר אים געבוקט, און געזאָגט: מיין טאָכטער איז אָקאָרשט געשטאָרבן;
קום, און לייג אַרויף אויף איר דיין האַנט, וועט זי לעבן. [19] און יֵשוּעַ איז
אויפֿגעשטאַנען, און איז אים נאָכגעגאַנגען מיט זיינע תַּלמידים. [20] און זע,
אַ פֿרוי, וואָס האָט צוועלף יאָר געליטן פֿון אַ בלוטפֿלוס, האָט גענעענט
הינטער אים און האָט אָנגערירט די כְּנָפֿות פֿון זיין מַלבּוש; [21] וואָרים זי האָט
ביי זיך געטראַכט: אויב איך וועל נאָר אָנרירן זיין מַלבּוש, וועל איך ווערן
געזונט. [22] און יֵשוּעַ האָט זיך אויסגעדרייט, און אַז ער האָט זי געזען, האָט
ער געזאָגט: זיי געטרייסט, טאָכטער מיינע; דיין אֱמוּנה האָט דיר געהאָלפֿן.
און די פֿרוי איז געזונט געוואָרן פֿון יענער שָׁעה אָן. [23] און אַז יֵשוּעַ איז
אַרייַנגעקומען אין דעם שׂרס הויז אַריין, און געזען די פֿלייַטנשפּילער, און
דעם טומלדיקן עולם, [24] האָט ער געזאָגט: גייט אַרויס; וואָרים דאָס מיידל
איז ניט געשטאָרבן, נייערט טוט שלאָפֿן. און זיי האָבן אים גוט אויסגעלאַכט.
[25] אָבער אַז מען האָט דעם עולם אַרויסגעשיקט, איז ער אַרייַנגעגאַנגען, און
האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט, און דאָס מיידל איז אויפֿגעשטאַנען. [26] און
די יְדיעה וועגן דעם האָט זיך פֿאַרשפּרייט אין יענעם גאַנצן לאַנד.

[27] און ווי יֵשוּעַ איז פֿון דאָרטן אַוועקגעגאַנגען, זענען אים נאָכגעגאַנגען
צוויי בלינדע, וואָס האָבן געשריגן, און געזאָגט: דערבאַרעם דיך אויף
אונדז, בֶּן־דָוִד. [28] און אַז ער איז אַרייַנגעקומען אין דעם הויז אַריין, האָבן
די בלינדע גענעענט צו אים; און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: גלויבט איר,
אַז איך בין בכּוח דאָס צו טאָן? האָבן זיי צו אים געזאָגט: יאָ, האַר.
[29] דעמאָלט האָט ער באַרירט זייערע אויגן, און געזאָגט: לויט ווי אייער
אֱמוּנה, אַזוי זאָל אייך געשען. [30] און זייערע אויגן זענען געעפֿנט געוואָרן.
און יֵשוּעַ האָט זיי שטרענג באַפֿוילן, און געזאָגט: זעט אַז קיינער זאָל עס
ניט וויסן. [31] אָבער זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, און האָבן פֿאַרשפּרייט זיין שֵׁם
אין יענעם גאַנצן לאַנד.

[32] און ווי זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, האָט מען צו אים געבראַכט אַ
שטומען, וואָס איז געווען באַזעסן פֿון אַ בייזן גייסט. [33] און אַז דער בייזער
גייסט איז אַרויסגעטריבן געוואָרן, האָט דער שטומער גערעדט; און דאָס
פֿאָלק האָט זיך געחידושט, און געזאָגט: אַזוינס איז נאָך קיינמאָל ניט געזען
געוואָרן אין יִשׂרָאֵל. [34] אָבער די פּרושים האָבן געזאָגט: דורך דעם שַׂר פֿון
די בייזע גייסטער טרייבט ער אַרויס בייזע גייסטער.

35 און יֵשוּעַ איז אַרומגעגאַנגען איבער אַלע שטעדט און דערפער, האָט
געלערנט אין זייערע בָּתֵּי־כְנֵסִיות, און אָנגעזאָגט די בשורה פון דעם מַלכות,
און געהיילט יעדע מִין קראַנקהייט און יעדן מִין ווייטיק. 36 און אַז ער האָט
געזען דאָס פאָלק, האָט אים אָנגענומען אַ רַחמָנות אויף זיי, ווייל זיי זענען
געווען פאַרשמאַכט און צעזייט, ווי שאָף וואָס האָבן ניט קיין פּאַסטעך.
37 דעמאָלט האָט ער געזאָגט צו זיינע תַּלמידים: דער שניט איז בֶּאֱמת גרויס,
אָבער די אַרבעטער זענען ווינציק; 38 בעט דעריבער דעם האַר פון דעם
שניט, אַז ער זאָל אַרויסשיקן אַרבעטער צו זיין שניט.

י און ער האָט גערופן צו זיך זיינע צוועלף תַּלמידים, און האָט זיי געגעבן
שליטה איבער אומריינע גייסטער, זיי אַרויסצוטרייַבן, און צו היילן יעדע
מִין קראַנקהייט און יעדן מִין ווייטיק.

2 און דאָס זענען די נעמען פון די צוועלף שליחים: דער ערשטער, שִמעוֹן,
וואָס ווערט גערופן פּעטרוס, און אַנדריי זיין ברודער; יַעקֹב בֶּן־זַבדי, און יוֹחָנָן
זיין ברודער; 3 פיליפּוס און בַּר־תַּלמַי; תּוֹמָא און מַתְיָא, דער מוֹכס; יַעקֹב
בֶּן־חַלפַי און תַּדַי; 4 שִמעוֹן דער קַנָאִי, און יהודה אִיש־קְרִיוֹת, וואָס האָט אים
אויך פאַרראָטן.

5 די דאָזיקע צוועלף האָט יֵשוּעַ פונאַנדערגעשיקט, און האָט זיי געבאָטן,
אַזוי צו זאָגן: גייט ניט אויף קיין וועג פון די גויים, און קומט ניט אַריין אין
אַ שטאָט פון די שוֹמרוֹנים, 6 נייערט גייט ליבערשט צו די פאַרלוירענע
שאָף פון דעם בֵּית־יִשׂרָאֵל. 7 און בעת איר גייט, רופט אויס, און זאָגט:
דאָס מַלכות־שָמַיִם איז נאָענט. 8 היילט די קראַנקע, זייט מחַיֶה־מֵתים, רייניקט
די מצוֹרָעים, טרייבט אַרויס בייזע גייסטער; בְּחִינם האָט איר מקַבל געווען,
בְּחִינם זאָלט איר געבן. 9 נעמט ניט קיין גאָלד, אָדער זילבער, אָדער
קופּער אין אייערע גאַרטלען, 10 ניט קיין רייַזעזאַק אויפן וועג, ניט קיין
צוויי רעק, ניט קיין שיך, ניט קיין שטעקן; וואָרים דער אַרבעטאָרער איז
ווערט זיין עסן. 11 און אין וואָסער שטאָט אָדער דאָרף איר וועט אַרייַנקומען,
פאָרשט אויס ווער ס'איז דערין ווערט, און דאָרט פאַרבלייַבט, ביז איר
גייט ווייטער. 12 און ווי איר קומט אַריין אין דעם הויז, גריסט עס. 13 און
אויב דאָס הויז איז זוֹכה, זאָל אייער שָלום קומען אויף אים; נאָר אויב סע
איז ניט זוֹכה, זאָל אייער שָלום זיך אומקערן צו אייך. 14 און ווער סע
וועט אייך ניט אויפנעמען, אָדער אויסהערן אייערע רייד, זאָלט איר

אָפּטרעסלען דעם שטויב פון אייערע פיס בעת איר גייט אַרויס פון יענעם
הויז אָדער שטאָט. 15 פאַרוואָר, איך זאָג אייך, דעם לאַנד פון סדום און
עַמוֹרָה וועט אַ סך גרינגער זיין אין יום־הַדין, ווי פאַר יענער שטאָט.
16 זעט, איך שיק אייך אַרויס ווי שאָף צווישן וועלף; זייט דעריבער קלוג
ווי שלאַנגען, און תּמימותדיק ווי טויבן. 17 היט אייך אָבער פאַר מענטשן;
וואָרים זיי וועלן אייך איבערענטפערן צום סַנהֶדרין, און אין זייערע בָּתֵּי־
כְּנֵסִיות וועלן זיי אייך שמַייסן; 18 יאָ, אויך פאַר מוֹשלים און מְלָכים וועט מען
אייך ברענגען פון מייַנעטוועגן, פאַר אַן עֵדות צו זיי און פאַר די גויים.
19 און בעת זיי טוען אייך איבערענטפערן, דאַגהט ניט וואָס איר זאָלט זאָגן,
אָדער וואָס איר זאָלט רעדן; וואָרים סע וועט אייך אין יענער שָעה געגעבן
ווערן, וואָס איר זאָלט רעדן. 20 וואָרים ניט איר זענט עס די, וואָס רעדן,
נייערט דער גייסט פון אייער פאָטער, וואָס טוט רעדן דורך אייך. 21 און
ברודער וועט ברודער איבערענטפערן צום טויט, און פאָטער זיין קינד, און
קינדער וועלן אויפשטיין קעגן עלטערן, און זיי טייטן; 22 און איר וועט זיין
פאַרהאַסט פון אַלעמען פון מיין נאָמענוועגן; אָבער דער, וואָס וועט אויס־
האַלטן ביזן סוף, וועט ניצול ווערן. 23 און ווען זיי טוען אייך רוֹדֵפן אין דער
שטאָט, אַנטלויפט אין דער אַנדערער; וואָרים פאַרוואָר, איך זאָג אייך, איר
וועט ניט האָבן דורכגעגאַנגען די שטעט פון יִשׂרָאֵל, ביז דער בֶּן־אָדָם וועט
קומען.

24 אַ תַּלמיד שטייט ניט העכער פון זיין רֶבין, און אַ קנעכט איבער זיין
האַר; 25 גענוג איז פאַר דעם תַּלמיד ער זאָל זיין ווי זיין רֶבּי, און דער
קנעכט ווי זיין האַר. אויב זיי האָבן דעם בַּעל־הַבַּיִת גערופן בַּעַל־זבוּב, אַ
פּשִיטא שוין זיין הויזגעזינד? 26 בּכֵן, האָט ניט קיין מוֹרא פאַר זיי; וואָרים עס
איז גאָרניט פאַרהוילן, וואָס וועט ניט אַנטפּלעקט ווערן, און פאַרבאָרגן, וואָס
וועט ניט באַקאַנט ווערן. 27 וואָס איך זאָג אייך אין דער פינצטערניש, רעדט
אין דער ליכטיקייט; און וואָס איר הערט אויפן אויער, מאַכט באַקאַנט פון
די דעכער. 28 און האָט ניט קיין מוֹרא פאַר די, וואָס טייטן דעם גוף, נאָר
קאָנען ניט טייטן די נשָמה; נייערט האָט ליבערשט מוֹרא פאַר אים, וואָס קאָן
אומברענגען סיי נשָמה, סיי גוף אין גיהֶנום. 29 פאַרקויפט מע דען ניט צוויי
פייגעלעך פאַר אַ פּרוטה? און דאָך פאַלט קיין איינס פון זיי ניט אויף דער
ערד אָן אייער פאָטערס רָצון. 30 ביי אייך זענען אַפילו די האָר אויף דעם

קאָפּ אַלע געציילט. 31 דערפֿאַר האָט ניט קיין מוֹרא; איר זענט מער ווערט
ווי אַ סך פֿייגעלעך. 32 דעריבער, יעדער איינער, וואָס וועט מיך באַקענען
פֿאַר מענטשן, דעם וועל איך אויך באַקענען פֿאַר מיין פֿאָטער אין הימל.
33 ווער אָבער סע וועט מיך פֿאַרלייקענען פֿאַר מענטשן, דעם וועל איך
אויך פֿאַרלייקענען פֿאַר מיין פֿאָטער אין הימל.

34 מיינט ניט, אַז איך בין געקומען ברענגען שָלום אויף דער ערד; איך
בין ניט געקומען ברענגען שָלום, נייערט אַ שווערד. 35 וואָרים איך בין געקומען
פֿונאַנדערשיידן אַ מענטשן פֿון זיין פֿאָטער, און אַ טאָכטער פֿון איר מוטער,
און אַ שנור פֿון איר שוויגער; 36 און אַ מענטשנס שׂונאים וועלן זיין זיין אייגן
הויזגעזינד[א]. 37 דער, וואָס האָט ליב פֿאָטער אָדער מוטער מער ווי מיך, איז
מיך ניט ווערט; און דער, וואָס האָט ליב זון, אָדער טאָכטער מער ווי מיך,
איז מיך ניט ווערט. 38 און דער, וואָס נעמט ניט זיין צלָב און טוט מיר נאָכגיין,
איז מיך ניט ווערט. 39 דער, וואָס געפֿינט זיין לעבן, וועט עס פֿאַרלירן; און
דער, וואָס פֿאַרלירט זיין לעבן פֿון מיינעטוועגן, וועט עס געפֿינען.

40 דער, וואָס נעמט אייך אויף, נעמט מיך אויף, און דער, וואָס טוט
אייך אויפֿנעמען, נעמט אויף דעם, וואָס האָט מיך געשיקט. 41 דער, וואָס
טוט אויפֿנעמען אַ נָביא אין דעם נאָמען פֿון אַ נָביא, וועט באַקומען אַ נָביאס
שׂכר; און דער, וואָס טוט אויפֿנעמען אַ צַדיק אין דעם נאָמען פֿון אַ צַדיק,
וועט באַקומען אַ צַדיקס שׂכר. 42 און דער, וואָס וועט בלויז געבן צו טרינקען
אַ בעכער קאַלט וואַסער איינעם פֿון די דאָזיקע מינדסטע, אין דעם נאָמען
פֿון אַ תַּלמיד, פֿאַרוואָר, איך זאָג אייך, ער וועט ניט אָנווערן זיין שׂכר.

יא און עס איז געווען, בעת יֵשוּעַ האָט געענדיקט צו באַפֿעלן זיינע צוועלף
תַּלמידים, איז ער פֿון דאָרטן אַוועקגעגאַנגען לערנען און דַרשענען
אין זייערע שטעט.

2 און ווען יוֹחָנָן האָט געהערט אין דער תּפֿיסה די מַעשׂים פֿון דעם
מָשיחַ, האָט ער געשיקט דורך זיינע תַּלמידים, 3 און אים געלאָזט זאָגן: ביסטו
דער, וואָס דאַרף קומען, אָדער זאָלן מיר וואַרטן אויף אַן אַנדערן? 4 און
יֵשוּעַ האָט געענטפֿערט, און צו זיי געזאָגט: גייט און דערציילט יוֹחָנָן וואָס
איר הערט און זעט: 5 די בלינדע קריגן זייער ראִיה, די לאָמע גייען, די
מצוֹרָעים ווערן גערייניקט, די טויבע הערן, די טויטע שטייען אויף תּחִית־

א מיכה ז, 6.

הַמֵתים, און פאַר די אָרעמע ווערט געדַרשנט די בשורה־טובה. [6] און וואויל איז דעם, וואָס וועט זיך ניט שטרויכלען אָן מיר.

[7] און ווי זיי זענען אַוועקגעגאַנגען, האָט יֵשוּעַ אָנגעהויבן צו רעדן צום פאָלק וועגן יוֹחָנָן: וואָס זענט איר אַרויסגעגאַנגען זען אין דער מִדבר? אַ טראָשטשינע שאָקלען זיך מיטן ווינט? [8] וואָס דען זענט איר אַרויסגעגאַנגען זען? אַ מענטשן אָנגעטאָן אין פיינע מַלבושים? זעט, די וואָס טראָגן פיינע מַלבושים זענען אין הייזער פון מלָכים. [9] אָדער צוליב וואָס זענט איר אַרויס־געגאַנגען? צו זען אַ נָביא? יאָ, איך זאָג אייך, אַ סך מערער ווי אַ נָביא.

[10] דאָס איז ער, פון וועמען סע שטייט געשריבן:

זע, איך שיק מיין שלִיח פאַר דיין פָּנים,

וואָס וועט אָנגרייטן דיין וועג פאַר דיר[א].

[11] פאַרוואָר, איך זאָג אייך, צווישן די, וואָס זענען געבוירן געוואָרן פון ווייבער, איז ניט אויפגעשטאַנען קיין גרעסערער ווי יוֹחָנָן הַמַטבִיל; פונדעסט־וועגן איז דער קלענסטער אין דעם מַלכות־שָׁמַיִם גרעסער פון אים. [12] און זינט די טעג פון יוֹחָנָן הַמַטבִיל אָן ביז איצט, ליידט דאָס מַלכות־שָׁמַיִם געוואַלט, און די מענטשן פון געוואַלט נעמען עס מיט גבורה. [13] וואָרים אַלע נבִיאים און די תּוֹרה האָבן נביאות געזאָגט ביז יוֹחָנָן. [14] און אויב איר ווילט עס אָננעמען, איז ער אֵלִיָהו, וואָס דאַרף קומען. [15] דער, וואָס האָט אויערן, זאָל הערן.

[16] צו וועמען אָבער זאָל איך גליַיכן דעם דאָזיקן דור? ער איז גליַיך צו קינדער, וואָס זיצן אויף די מאַרקפּלעצער און רופן צו זייערע חֲבֵרים:

[17] מיר האָבן געשפּילט פאַר אייך, און איר האָט ניט געטאַנצט;

מיר האָבן געקלאָגט, און איר האָט ניט געטרויערט.

[18] וואָרים יוֹחָנָן איז געקומען, און ער האָט ניט געגעסן און ניט געטרונקען, און זיי זאָגן: אַ בייזער גייסט איז אין אים; [19] דער בֶּן־אָדָם איז געקומען, ער עסט און טרינקט, און זיי זאָגן: זעט, אַ מענטש אַ זוֹלֵל־וסוֹבא, אַ פריינט פון מוֹכסים און זינדיקע! און די חָכמה איז גערעכטפאַרטיקט דורך אירע מַעשִׂים.

[20] דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן צו שטראָפן די שטעט, אין וועלכע דאָס רוֹב פון זיינע וואונדער זענען געטאָן געוואָרן, ווייל זיי האָבן ניט תּשובה געטאָן.

[א] מלאכי ג, 1.

21 ווי צו דיר, כּוֹרָזִין! ווי צו דיר, בֵּית־צַיְדָה! וואָרים אויב די וואונדער,
וואָס זענען געטאָן געוואָרן אין אייך, וואָלטן געטאָן געוואָרן אין צוֹר און אין
צִידוֹן, וואָלטן זיי שוין לאַנג תּשובה־געטאָן אין זאַק און אַש. 22 אָבער איך
זאָג אייך, אין יום־הַדִין וועט זיין גרינגער פאַר צוֹר און צִידוֹן ווי פאַר אייך.
23 און דו, כּפַר־נַחוּם, אַזש צום הימל ווערסטו דיך דערהייבן? אין שאוֹל־תַּחתִּיָה
ווערסטו אַראָפּנידערן. וואָרים אויב די וואונדער, וואָס זענען אין דיר געטאָן
געוואָרן, וואָלטן געטאָן געוואָרן אין סדוֹם, וואָלט זי פאַרבליבן ביזן היינטיקן
טאָג. 24 אָבער איך זאָג אייך, דעם לאַנד פון סדוֹם וועט זיין גרינגער אין
יום־הַדִין ווי דיר.

25 אין יענער צייט האָט יֵשוּעַ אויסגערופן, און געזאָגט: איך דאַנק דיר,
פאָטער, האַר פון הימל און ערד, וואָס דו האָסט דאָס פאַרהוילן פון די
חֲכָמִים און פאַרשטענדיקע, און עס אַנטפּלעקט פאַר עוֹפעלעך; 26 יאָ, פאָטער,
אַזוי איז געווען דיין רָצוֹן. 27 אַלצדינג איז מיר איבערגעענטפערט געוואָרן
פון מיין פאָטער; און קיינער קען ניט דעם זון, אַחוּץ דער פאָטער; און
קיינער קען ניט דעם פאָטער, אַחוּץ דער זון, און דער, צו וועמען דער
זון וויל אים אַנטפּלעקן. 28 קומט צו מיר, איר אַלע, וואָס האָרעוועט און
זענט שווער באַלאָדן, און איך וועל אייך געבן רו. 29 נעמט אויף אייך מיין
עוֹל, און לערנט פון מיר; וואָרים איך בין עֲנִיוְתדיק און נידעריק אין
געמיט, און איר וועט געפינען רו פאַר אייערע נשָמות. 30 וואָרים מיין עוֹל
איז גרינג, און מיין מַשׂא איז לייַכט.

יב אין יענער צייט איז יֵשוּעַ אין אַ שַבָּת געגאַנגען דורך תּבוּאה־פעלדער;
און זיינע תַּלמִידים זענען געווען הונגעריק, און האָבן אָנגעהויבן צו
רייסן זאַנגען און עסן. 2 אָבער אַז די פּרוּשים האָבן דאָס געזען, האָבן זיי צו
אים געזאָגט: זע, דיינע תַּלמִידים טוען דאָס, וואָס מען טאָר ניט טאָן אום
שַבָּת. 3 אָבער ער האָט צו זיי געזאָגט: האָט איר ניט געלייענט וואָס דָוִד האָט
געטאָן, בעת ער איז געווען הונגעריק, און די, וואָס זענען געווען מיט אים?
4 ווי ער איז אַריַינגעגאַנגען אין דעם הויז פון גאָט, און האָט געגעסן דאָס
לֶחֶם־הַפָּנִים, וואָס ער האָט ניט געטאָרט עסן, און אויך ניט די, וואָס זענען
געווען מיט אים, נייערט נאָר די כֹּהֲנִים אַליין[א]? 5 אָדער האָט איר ניט געלייענט
אין דער תּוֹרה, אַז די כֹּהֲנִים זענען מחַלֵל שַבָּת אין בֵּית־הַמִקדשׁ[ב], און דאָך

[א] שמואל א׳ כא, 7; ויקרא כד, 9. [ב] במדבר כח, 9.

וענען זיי ניט חַייב? [6] אָבער איך זאָג אייך, אַ גרעסערער פון בֵּית־הַמִקדש
איז דאָ פאַראַן. [7] און אויב איר וואָלט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט: חֶסֶד
באַגער איך און ניט קיין קָרבָּנות[א], וואָלט איר ניט פאַרמִשפּט די אומשולדיקע;
[8] וואָרים דער בֶּן־אָדָם איז האַר איבער דעם שַבּת.

[9] און ער האָט אָפּגעקערט פון דאָרטן, און איז אַרײַנגעגאַנגען אין זייער
בֵּית־הַכּנֶסת. [10] און אָט איז דאָרט געווען אַ מענטש מיט אַ פאַרדאַרטער האַנט.
און זיי האָבן אים געפרעגט: מעג מען היילן אום שַבּת? כּדי זיי זאָלן אים
קענען פאַרמַסרן. [11] האָט ער צו זיי געזאָגט: וואָסער מענטש צווישן אייך,
וואָס פאַרמאָגט אַ שאָף, און אויב זי זאָל שַבּת אַרײַנפאַלן אין אַ גרוב, צי וועט
ער זי ניט אָננעמען און אַרויסשלעפּן? [12] בכֵן, וויפל מער איז אַ מענטש ווערט
פון אַ שאָף! דעריבער מעג מען שַבּת טאָן גוטס. [13] דערנאָך האָט ער געזאָגט
צום מענטשן: שטרעק אויס דיין האַנט. און ער האָט זי אויסגעשטרעקט, און
זי איז געזונט געוואָרן, ווי די אַנדערע. [14] און די פּרושים זענען אַרויסגעגאַנגען,
און האָבן זיך קעגן אים אַן עֵצה געהאַלטן, ווי אים אומצוברענגען.

[15] און אַז יֵשוּעַ האָט דאָס באַמערקט, האָט ער אָפּגעקערט פון דאָרטן.
און אַ סַך זענען אים נאָכגעגאַנגען, און ער האָט זיי אַלע געהיילט, [16] און זיי
באַפוילן אים ניט מגַלה צו זיין, [17] כּדי עס זאָל מקוים ווערן, וואָס סע איז
געזאָגט געוואָרן פון ישַעיָה הַנָביא:

[18] אָט איז מיין קנעכט, וועמען איך האָב אויסדערווײלט,
מיין געליבטער, וואָס איז מיר וואוילגעפעלן.
איך וועל אַרויפטאָן מיין גייסט אויף אים;
אַ מִשפּט צו די פעלקער וועט ער אַרויסלאָזן.
[19] ער וועט ניט שרייען, און ניט הילכן,
אויך וועט מען ניט הערן זיין קול אין די גאַסן.
[20] אַן אײַנגעבויגן שטעקל וועט ער ניט צעברעכן,
און אַ רײַכערדיקן קנויט וועט ער ניט פאַרלעשן,
ביז ער וועט אַרויסברענגען דעם מִשפּט צום נִצָחון;
[21] און אויף זיין נאָמען וועלן די פעלקער האָפן[ב].

[22] דעמאָלט האָט מען צו אים געבראַכט אַ בלינד־שטומען, וואָס איז
געווען באַזעסן פון אַ בייזן גייסט, און ער האָט אים געהיילט, אַזוי, אַז דער

[א] הושע ו 6. [ב] ישעיה מב, 1—4.

שטומער האָט גערעדט און געזען. 23 און דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט זיך
געחידושט, און געזאָגט: זאָל דאָס זיין דער בֶּן־דָוִד? 24 אָבער אַז די פּרושים
האָבן דאָס געהערט, האָבן זיי געזאָגט: ער טרייבט אַרויס בייזע גייסטער
נאָר דורך בַעל־זבוב, דעם שׂר פֿון די בייזע גייסטער. 25 און פֿאַרשטייענדיק
זייערע מַחשָבות, האָט ער צו זיי געזאָגט: יעדע מלוכה, וואָס איז צעטיילט
קעגן זיך אַליין, ווערט חָרוב; און יעדע שטאָט אָדער הויז, וואָס איז צעטיילט
קעגן זיך אַליין, וועט ניט האָבן קיין קִיום. 26 און אויב דער שָׂטן טוט אַרויס־
טרײַבן דעם שָׂטן, איז ער צעטיילט קעגן זיך אַליין, טאָ וויאַזוי קאָן זיין
מלוכה האָבן אַ קִיום? 27 און אויב איך טרײַב אַרויס בייזע גייסטער דורך
בַעל־זבוב, דורך וועמען טוען אייערע זין זיי אַרויסטרײַבן? דעריבער זאָלן
זיי זיין אייערע ריכטער. 28 טרײַב איך אָבער אַרויס בייזע גייסטער דורך
דעם גייסט פֿון גאָט, טאָ האָט גענעענט צו אייך דאָס מַלכוּת פֿון גאָט.
29 אָדער וויאַזוי קאָן איינער אַרײַנקומען אין הויז אַריין פֿון דעם גיבור, און
רויבן זיינע זאַכן, אויב ער בינדט ניט קודם דעם גיבור, און דערנאָך ערשט
קאָן ער באַרויבן זיין הויז. 30 ווער סע איז ניט מיט מיר, איז קעגן מיר,
און ווער סע זאַמלט ניט איין מיט מיר, צעשפּרייט. 31 דעריבער זאָג איך
אייך, יעדע זינד און לעסטערונג וועט פֿאַרגעבן ווערן די מענטשן, אָבער
די לעסטערונג קעגן דעם גייסט וועט ניט פֿאַרגעבן ווערן. 32 און ווער סע
וועט רעדן אַ וואָרט קעגן דעם בֶּן־אָדָם, וועט מען עס אים מוחל זיין,
ווער אָבער סע וועט רעדן קעגן דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש, דעם וועט מען עס ניט
מוחל זיין, ניט אויף דער וועלט און ניט אויף יענער וועלט.

33 אָדער מאַכט דעם בוים גוט, און זיינע פֵּירות גוט, אָדער מאַכט דעם
בוים שלעכט, און זיינע פֵּירות שלעכט; וואָרים דעם בוים דערקענט מען
לויט זיינע פֵּירות. 34 איר אָפּשטאַם פֿון שלאַנגען! ווי קאָנט איר רעדן גוטס,
ווען איר זענט שלעכט? וואָרים פֿון וואָס דאָס האַרץ איז פֿול, רעדט דאָס
מויל. 35 דער גוטער מענטש טוט אַרויסברענגען פֿון זיין גוטן אוצר גוטס;
און דער שלעכטער מענטש טוט אַרויסברענגען פֿון זיין שלעכטן אוצר־
שלעכטס. 36 איך זאָג אייך, אַז פֿאַר יעדן פּוסטן וואָרט, וואָס מענטשן רעדן,
וועלן זיי מוזן אָפּגעבן חֶשבון אין יום־הַדין; 37 וואָרים לויט דיינע רייד וועסטו
גערעכטפֿאַרטיקט ווערן, און לויט דיינע רייד וועסטו פֿאַרמִשפּט ווערן.
38 דעמאָלט האָבן עטלעכע פֿון די סופרים און פרושים צו אים געזאָגט:

רַבי, מיר וואָלטן וועלן זען אַ צייכן פון דיר. [39] אָבער ער האָט געענטפערט, און צו זיי געזאָגט: אַ שלעכטער און נואפדיקער דור זוכט אַ צייכן, אָבער סע וועט אים קיין צייכן ניט געגעבן ווערן, סיידן דער צייכן פון יוֹנָה הַנָּבִיא. [40] ווייל אַזוי ווי יוֹנָה איז דריי טעג און דריי נעכט געווען אין דעם אינגעווייד פון דעם וואַלפיש, אַזוי וועט דער בֶּן־אָדָם זיין דריי טעג און דריי נעכט אין דעם האַרץ פון דער ערד. [41] די מענטשן פון נִינְוֵה וועלן אויפשטיין צום מִשפט מיט דעם דאָזיקן דור, און וועלן אים פאַרמִשפטן; וואָרים זיי האָבן תשובה געטאָן אויף דעם רופן פון יוֹנָהן, און דאָ איז פאַראַן אַ גרעסערער פון יוֹנָהן. [42] די מַלכה פון תֵּימָן וועט אויפשטיין צום מִשפט מיט דעם דאָזיקן דור, און אים פאַרמִשפטן; וואָרים זי איז געקומען פון עק וועלט צו הערן די חָכמה פון שלמהן; און דאָ איז פאַראַן אַ גרעסערער פון שלמהן.

[43] און בעת דער אומריינער גייסט גייט אַרויס פון אַ מענטשן, וואַנדערט ער אַרום אין טרוקענע ערטער, און זוכט אַ מָקום־מנוחה; און אַז ער געפינט אים ניט, [44] דעמאָלט זאָגט ער: איך וועל מיך אומקערן אין מיין הויז אַריין, פונוואַנען איך בין אַרויסגעגאַנגען. און בעת ער קומט, געפינט ער עס ליידיק, אויסגעקערט, און אויסגעפוצט. [45] דערנאָך גייט ער, און נעמט צו זיך זיבן אַנדערע רוחות, נאָך ערגערע פון אים אַליין, און זיי גייען אַריין און וואוינען דאָרט; און דער סוף פון יענעם מענטשן ווערט ערגער ווי דער אָנהייב. פונקט אַזוי וועט אויך זיין מיט דעם דאָזיקן שלעכטן דור.

[46] און בשעת ער האָט נאָך גערעדט צום פאָלק, ערשט זיין מוטער און זיינע ברידער זענען געשטאַנען אין דרויסן, און האָבן געוואָלט מיט אים רעדן. [47] און איינער האָט צו אים געזאָגט: זע, דיין מוטער און דיינע ברידער שטייען אין דרויסן און ווילן מיט דיר רעדן. [48] אָבער ער האָט געענטפערט, און געזאָגט צו דעם, וואָס האָט אים דאָס געזאָגט: ווער איז מיין מוטער, און ווער זענען מיינע ברידער? [49] און ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט אויף זיינע תַּלמידים, און געזאָגט: אָט איז מיין מוטער און מיינע ברידער! [50] וואָרים ווער סע וועט טאָן דעם רָצון פון מיין פאָטער אין הימל, איז מיין ברודער, און שוועסטער, און מוטער.

יג [1] אין יענעם טאָג איז יֵשוּעַ אַרויסגעגאַנגען פון דעם הויז און האָט זיך געזעצט ביים יַם. [2] און סע האָט זיך פאַרזאַמלט אַרום אים אַ גרויסער עולם, אַזוי, אַז ער איז אַריינגעגאַנגען אין אַ שיף, און האָט זיך אַנידערגעזעצט;

און דאָס גאַנצע פאָלק איז געשטאַנען ביים ברעג. 3 און ער האָט צו זיי גערעדט
אַ סך מיט משלים, און געזאָגט: זעט, דער זייער איז אַרויסגעגאַנגען זייען.
4 און בעת ער האָט געזייט, איז טייל זריעה געפאַלן ביים וועג, און די פייגל
זענען געקומען און האָבן זי פאַרצערט. 5 און אַנדערע איז געפאַלן אויף
פעלזיק לאַנד, וואו זי האָט ניט געהאַט קיין סך ערד; און זי האָט תיכף
אויפגעשפראָצט, ווייל זי האָט ניט געהאַט קיין טיפקייט פון ערד; 6 און
אַז די זון איז אויפגעגאַנגען, איז זי פאַרטריקנט געוואָרן, און מחמת זי האָט
ניט געהאַט קיין וואָרצלען, איז זי פאַרוועלקט געוואָרן. 7 און אַנדערע
איז געפאַלן צווישן דערנער, און די דערנער זענען אויפגעוואַקסן און האָבן
זי דערשטיקט. 8 און אַנדערע איז געפאַלן אויף גוטער ערד, און האָט
אַרויסגעגעבן תבואה, טייל הונדערטפאַך, טייל זעכציק, טייל דרייסיקפאַך.
9 דער, וואָס האָט אויערן, זאָל הערן.

10 און די תלמידים האָבן גענעענט, און האָבן צו אים געזאָגט: פאַרוואָס
רעדסטו צו זיי מיט משלים? 11 האָט ער געענטפערט, און צו זיי געזאָגט: אייך
איז געגעבן געוואָרן צו פאַרשטיין די סודות פון דעם מלכות־שמים, אָבער
צו זיי איז דאָס ניט געגעבן געוואָרן. 12 וואָרים דער, וואָס האָט, דעם וועט
געגעבן ווערן, און ער וועט האָבן בשפע; אָבער דער, וואָס האָט ניט, פון
דעם וועט אַוועקגענומען ווערן אפילו דאָס, וואָס ער האָט. 13 דעריבער רעד
איך צו זיי מיט משלים, ווייל הגם זיי זעען, זעען זיי ניט; און הגם זיי הערן,
הערן זיי ניט, און טוען אויך ניט פאַרשטיין. 14 און אויף זיי איז מקוים געוואָרן
די נבואה פון ישעיה, וואָס זאָגט:

הערן וועט איר הערן, און ניט פאַרשטיין,
און זען וועט איר זען, און דאָך ניט זען.
15 וואָרים פעט איז דאָס האַרץ פון דעם דאָזיקן פאָלק,
און זייערע אויערן שווער צו הערן,
און זייערע אויגן האָבן זיי פאַרמאַכט,
טאָמער וועלן זיי זען מיט זייערע אויגן,
און הערן מיט זייערע אויערן,
און פאַרשטיין מיט זייער האַרץ,
און זיך אומקערן איך זאָל זיי היילן[א].

א ישעיה ו, 9, 10.

[16]אָבער וואויל איז צו אייערע אויגן, ווייל זיי זעען, און אייערע אויערן,
ווייל זיי הערן. [17]וואָרים פאַרוואָר, איך זאָג אייך, אַז אַ סך נביאים און
צדיקים האָבן באַגערט צו זען וואָס איר זעט, און האָבן עס ניט געזען,
און צו הערן וואָס איר הערט, און האָבן עס ניט געהערט.
[18]הערט דעריבער איר דאָס מָשל מיט דעם זייַער. [19]איטלעכער וואָס
הערט דאָס וואָרט פון דעם מַלכות און פאַרשטייט עס ניט, קומט דער ניט־
גוטער און רויבט צו דאָס, וואָס איז פאַרזייט געוואָרן אין זיין האַרץ; דאָס
איז דער, וואָס איז פאַרזייט געוואָרן ביים וועג. [20]און דאָס, וואָס איז פאַרזייט
געוואָרן אויף פעלזיק לאַנד, דאָס איז דער, וואָס הערט דאָס וואָרט און נעמט
עס תֵּיכף אויף מיט שִׂמחה; [21]אָבער אַזוי ווי ער האָט ניט קיין וואָרצל אין
זיך, פאַרבלייַבט ער נאָר אויף אַ ווייַל; און ווי נאָר סע קומען אָן ליידן
און רדיפות צוליב דעם וואָרט, ווערט ער תֵּיכף געשטרויכלט. [22]און דאָס,
וואָס איז פאַרזייט געוואָרן צווישן דערנער, דאָס איז דער, וועס הערט דאָס
וואָרט, און די דאגות פון דער וועלט און די אָפּנאַרעריי פון עשירות
דערשטיקן דאָס וואָרט, און עס איז אומפּרוכפּערדיק. [23]און דאָס, וואָס איז
פאַרזייט געוואָרן אויף גוטער ערד, דאָס איז דער, וואָס הערט דאָס וואָרט
און פאַרשטייט עס; דער, פאַרוואָר, טראָגט פּירות, און ברענגט אַרויס, טייל
הונדערטפאַך, טייל זעכציק, און טייל דרייַסיקפאַך.
[24]אַן אַנדער מָשל האָט ער געבראַכט פאַר זיי, אַזוי צו זאָגן: דאָס מַלכות־
שָׁמַיִם איז געגליכן צו אַ מענטשן, וואָס האָט פאַרזייט גוטע זריעה אין זיין
פעלד. [25]און בעת די מענטשן זענען געשלאָפן, איז געקומען זיין שׂונא און
האָט פאַרזייט ווילד־גראָז צווישן דעם ווייץ, און איז אַוועקגעגאַנגען. [26]און
ווען די זריעה האָט אויפגעשפּראָצט און געטראָגן פּרוכט, דעמאָלט האָט זיך
אויך באַוויזן דאָס ווילד־גראָז. [27]זענען געקומען די קנעכט פון דעם בַעל־
הַבַּיִת, און האָבן צו אים געזאָגט: האַר, האָסטו ניט געזייט גוטע זריעה אין
דיין פעלד? פונוואַנען־זשע נעמט זיך אויף אים ווילד־גראָז? [28]האָט ער צו
זיי געזאָגט: אַ שׂונא האָט דאָס געטאָן. האָבן די קנעכט צו אים געזאָגט:
ווילסטו אֶפשר, אַז מיר זאָלן גיין און זיי צונויפקלייבן? [29]האָט ער געזאָגט:
ניין, טאָמער וועט איר, בשעת איר וועט צונויפקלייבן דאָס ווילד־גראָז, אויך
אויסוואָרצלען מיט זיי דעם ווייץ. [30]לאָזט זיי ביידע וואַקסן צוזאַמען ביז
שניט־צייט; און אין דער צייט פון שניט וועל איך זאָגן צו די שניטער:

קלייבט צונויף קודם דאָס ווילד־גראָז און בינדט עס אין גאַרבן, כּדי עס צו פאַרברענען; אָבער דעם ווייץ זאַמלט איין אין מיין שײַער אַריין.

31 אַן אַנדער מָשל האָט ער געבראַכט פאַר זיי, אַזוי צו זאָגן: דאָס מַלכות־שָמַיִם איז געגליכן צו זענעפט־זְריעה, וואָס אַ מענטש האָט גענומען און פאַרזײַט אין זיין פעלד. 32 און הַגם סע איז קלענער פון אַלע זאָמען, וואַקסט עס אָבער אויס, איז עס גרעסער פון אַלע קרײַטעכצער, און ווערט אַ בוים, אַזוי, אַז די פייגל פון הימל קומען און נעסטן אין זיינע צווייגן.

33 אַן אַנדער מָשל האָט ער זיי דערציילט: דאָס מַלכות־שָמַיִם איז געגליכן צו זויערטייג, וואָס אַ פרוי האָט גענומען און אַרײַנגעטאָן אין דריי מאָס מעל, ביז עס איז אינגאַנצן פאַרזײַערט געוואָרן.

34 דאָס אַלץ האָט יֵשוּעַ גערעדט מיט משָלים פאַרן פאָלק; און אָן אַ מָשל האָט ער ניט גערעדט צו זיי. 35 כּדי עס זאָל מקוים ווערן וואָס סע איז געזאָגט געוואָרן דורך דעם נָביא:

איך וועל עפענען מיין מויל מיט משָלים,
און רעדן רעטענישן פון פאַרצייטן[א].

36 דערנאָך האָט ער אָפּגעלאָזט דאָס פאָלק, און איז אַרײַנגעגאַנגען אין הויז אַריין. און זיינע תַּלמידים האָבן גענעענט, און האָבן צו אים געזאָגט: דערקלער אונדז דאָס מָשל מיט דעם ווילד־גראָז פון פעלד. 37 און ער האָט געענטפערט: דער, וואָס זײַט די גוטע זְריעה, איז דער בֶּן־אָדָם; 38 און דאָס פעלד איז די וועלט, און די גוטע זְריעה זענען די זין פון דעם מַלכות; און דאָס ווילד־גראָז זענען די זין פון דעם ניט־גוטן; 39 און דער שׂונא, וואָס האָט עס פאַרזײַט, איז דער שָׂטן; און די שניט־צייט איז דער סוֹף פון דער וועלט, און די שניטער זענען מַלאָכים. 40 דעריבער, אַזוי ווי דאָס ווילד־גראָז ווערט צונויפגעקליבן און פאַרברענט אין פייער, אַזוי וועט עס זיין ביים סוֹף פון דער וועלט. 41 דער בֶּן־אָדָם וועט אַרויסשיקן זיינע מַלאָכים, און זיי וועלן צונויפקלייבן פון זיין מַלכות אַלע שטרויכלונגען און אומרעכט־טוער, 42 און זיי אַרײַנוואַרפן אין דעם אויוון פון פייער; דאָרט וועט זיין געוויין און דאָס קריצן פון ציין. 43 דעמאָלט וועלן די צַדיקים שיינען ווי די זון אין דעם מַלכות פון זייער פאָטער. דער, וואָס האָט אויערן, זאָל הערן.

א תהלים עח, 2.

44 דאָס מַלכות־שָׁמַיִם איז געגליכן צו אַן אוצר פֿאַרבאָרגן אין פֿעלד, וואָס אַ מענטש האָט געפֿונען און פֿאַרבאָרגן; און פֿאַר שִׂמחה גייט ער און פֿאַרקויפֿט אַלץ, וואָס ער האָט, און קויפֿט דאָס פֿעלד.

45 און ווידער איז דאָס מַלכות־שָׁמַיִם געגליכן צו אַ סוחר, וואָס זוכט שיינע פּערל. 46 און אַז ער האָט געפֿונען איין פּערל פֿון גרויסן ווערט, איז ער געגאַנגען און האָט פֿאַרקויפֿט אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, און האָט זי געקויפֿט.

47 און ווידער איז דאָס מַלכות־שָׁמַיִם געגליכן צו אַ נעץ, וואָס מען האָט געוואָרפֿן אין יַם אַריין, און וואָס האָט איינגעזאַמלט פֿאַרשידענע מִינים; 48 און ווען זי איז פֿול געוואָרן, האָט מען זי אַרויסגעצויגן אויפֿן ברעג, און זיך אַנידערגעזעצט, און די גוטע צונויפֿגעקליבן אין כֵּלים, און די שלעכטע אַוועקגעוואָרפֿן. 49 אַזוי וועט עס זיין ביים סוף פֿון דער וועלט. די מַלאָכים וועלן אַרויסגיין און אָפּשיידן די רשָעים פֿון צווישן די צַדיקים, 50 און זיי אַריינוואַרפֿן אין דעם אויוון פֿון פֿייער; דאָרטן וועט זיין געוויין און דאָס קריצן פֿון ציין.

51 האָט איר דאָס אַלץ פֿאַרשטאַנען? זאָגן זיי צו אים: יאָ. 52 און ער האָט צו זיי געזאָגט: דעריבער איז יעדער סופֿר, וואָס איז געוואָרן אַ תַּלמיד פֿון דעם מַלכות־שָׁמַיִם, געגליכן צו אַ בַּעל־הַבַּיִת, וואָס טוט אַרויסברענגען פֿון זיין אוצר נייעס און אַלטס.

53 און עס איז געווען, אַז יֵשוּעַ האָט געענדיקט די דאָזיקע משָלים, איז ער אַוועקגעגאַנגען פֿון דאָרטן. 54 און ער איז געקומען אין זיין אייגן לאַנד אַריין, און האָט זיי געלערנט אין זייער בֵּית־הַכְּנֶסֶת, אַזוי, אַז זיי האָבן זיך געחידושט, און געזאָגט: פֿונוואַנען נעמט זיך צו אים די דאָזיקע חָכמה און די וואונדער? 55 איז דאָס ניט דעם סטאָליערס זון? און הייסט ניט זיין מוטער מִריָם, און זיינע ברידער יַעקֹב, און יוסף, און שִׁמעוֹן, און יהודה? 56 און זענען ניט זיינע שוועסטער אַלע מיט אונדז? פֿונוואַנען נעמט זיך דאָס אַלץ צו אים? 57 און זיי זענען געשטרויכלט געוואָרן אין אים. און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: אַ נָביא איז ניט אָן כָּבוד, סיידן אין זיין אייגן לאַנד, און אין זיין אייגן הויז. 58 און ער האָט דאָרט ניט געטאָן קיין סך וואונדער, מַחמת זייער אומגלויבן.

יד אין יענער צייט האָט הורדוס, דער טעטראַרך, געהערט די ידיעה
וועגן יֵשוּעַן, 2 און ער האָט געזאָגט צו זיינע באַדינער: דאָס איז יוֹחָנָן
הַמַטבּיל; ער איז אויפגעשטאַנען תּחִיַת־הַמֵתִים, און דעריבער אַרבּעטן אין
אים די דאָזיקע כּוֹחות. 3 וואָרים הורדוס האָט געכאַפּט יוֹחָנָן, און האָט אים
געבונדן און אַרײַנגעזעצט אין דער תּפיסה אַריין, צוליב הוֹרוֹדיָה, דאָס ווייב
פון זיין ברודער פיליפּוס; 4 מַחמת יוֹחָנָן האָט אים געזאָגט: עס איז דיר ניט
דערלויבט זי צו האָבן. 5 און ער האָט בּדֵעה געהאַט אים צו טייטן, נאָר ער
האָט מוֹרא געהאַט פאַר דעם פאָלק, ווייל זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ
נָביא. 6 אָבער בעת עס איז געקומען הורדוסעס געבוירנטאָג, האָט הוֹרוֹדיָהס
טאָכטער געטאַנצט פאַר די געסט, און זי איז הורדוסן געפעלן געוואָרן.
7 דערפאַר האָט ער איר צוגעזאָגט מיט אַ שבועה, איר צו געבן, וואָס נאָר
זי וועט פאַרלאַנגען. 8 און זייענדיק אָנגערעדט פון איר מוטער, האָט זי
געזאָגט: גיב מיר דאָ אויף אַ שיסל דעם קאָפּ פון יוֹחָנָן הַמַטבּיל. 9 און דער
מֶלך איז טרויעריק געוואָרן, אָבער צוליב זיינע שבועות און די געסט, האָט
ער באַפוילן, אַז דאָס זאָל איר געגעבן ווערן. 10 און ער האָט געשיקט און
געקעפּט יוֹחָנָן אין דער תּפיסה. 11 און זיין קאָפּ האָט מען געבראַכט אויף
אַ שיסל, און מ'האָט אים געגעבן דעם מיידל, און זי האָט אים געבראַכט
צו איר מוטער. 12 און זיינע תַּלמידים האָבן געקומען, און האָבן גענומען
דעם גוף, און האָבן אים מקַבּר געווען; און זיי זענען געגאַנגען און האָבן עס
דערציילט יֵשוּעַן.

13 און בעת יֵשוּעַ האָט דאָס געהערט, האָט ער זיך פון דאָרטן צוריקגעצויגן
אין אַ שיף, אין אַ וויסטן אָרט אַליין. און אַז דאָס פאָלק האָט עס געהערט,
זענען זיי אים נאָכגעגאַנגען פון די שטעט צו פוס. 14 און בעת ער איז
אַרויסגעקומען און האָט געזען דעם גרויסן הַמוֹן מענטשן, האָט אים אָנגענומען
אַ רַחמָנות אויף זיי, און ער האָט געהיילט זייערע קראַנקע. 15 און אַז דער
אָוונט איז צוגעפאַלן, האָבן צו אים גענעענט זיינע תַּלמידים, און געזאָגט:
דאָס אָרט איז וויסט, און דער טאָג איז שוין פאַרביי; לאָז אָפּ דעם עולם,
כּדי זיי זאָלן קענען גיין אין די דערפער, און קויפן פאַר זיך שפּייז. 16 אָבער
יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: זיי באַדאַרפן ניט אַוועקגיין; גיט איר זיי צו עסן.
17 האָבן זיי צו אים געזאָגט: מיר האָבן דאָ בלויז פינף לאַבּן ברויט און
צוויי פיש. 18 האָט ער געזאָגט: ברענגט זיי אַהער צו מיר. 19 און ער האָט

געהייסן דעם עולם זיך אַנידערזעצן אויפֿן גראָז; און ער האָט גענומען די
פֿינף לאַבן ברויט און די צוויי פֿיש, און האָט אויפֿגעהויבן זײַנע אויגן צום
הימל און האָט אַ בְּרָכה געמאַכט, און ער האָט אָפּגעבראָכן פֿון דעם
ברויט און עס דערלאַנגט צו די תּלמידים, און די תּלמידים האָבן עס
געגעבן דעם פֿאָלק. 20 און זיי האָבן אַלע געגעסן צו דער זאַט; און זיי
האָבן צונויפֿגענומען פֿון די איבערגעבליבענע ברעקלעך, צוועלף פֿולע
קערב. 21 און די, וואָס האָבן געגעסן, זענען געווען אַרום פֿינף טויזנט מאַן,
אַחוץ ווייבער און קינדער.

22 און ער האָט תּיכּף באַפֿוילן די תּלמידים אַרײַנצוגיין אין דער שיף,
און אַריבערפֿאָרן פֿריער פֿאַר אים אויף דער אַנדערער זייט, ביז ער
וועט אָפּלאָזן דאָס פֿאָלק. 23 און נאָכדעם ווי ער האָט אַוועקגעשיקט דאָס
פֿאָלק, איז ער אַליין אַרויפֿגעגאַנגען אויף דעם באַרג, כּדי מִתפּלל צו זײַן;
און אַז דער אָוונט איז צוגעפֿאַלן, איז ער דאָרטן געווען איינער אַליין. 24 און
די שיף איז שוין געווען אין מיטן ים, און די כוואַליעס האָבן זי געשלײַדערט,
ווייל דער ווינט איז געווען איר אַנטקעגן. 25 און אין דער פֿערטער נאַכטוואַך
איז ער געקומען צו זיי, גייענדיק אויפֿן ים. 26 און ווי די תּלמידים האָבן אים
געזען גיין אויפֿן ים, האָבן זיי זיך דערשראָקן, און געזאָגט: ס'איז אַ רוח! און
זיי האָבן זיך צעשריגן פֿאַר פּחד. 27 און תּיכּף האָט זיך ישוע אָפּגערופֿן צו
זיי, און געזאָגט: זייט געשטאַרקט, דאָס בין איך; האָט ניט קיין מורא.

28 און פּעטרוס האָט אים געענטפֿערט: האַר, אויב דו ביסט עס, באַפֿעל
מיר צו קומען צו דיר איבערן וואַסער. 29 האָט ער געזאָגט: קום! און
פּעטרוס איז אַרויס פֿון דער שיף, און איז געגאַנגען איבערן וואַסער צו
קומען צו ישוען. 30 אָבער ווען ער האָט געזען, אַז דער ווינט איז שטאַרק,
האָט ער מורא באַקומען; און ווי ער האָט אָנגעהויבן צו זינקען, האָט ער
אויסגעשריגן: האַר, ראַטעווע מיך! 31 און ישוע האָט תּיכּף אויסגעשטרעקט זײַן
האַנט, און האָט אים אָנגעכאַפּט, און צו אים געזאָגט: אָ דו קליין־גלויביקער,
הלמאַי האָסטו געצווייפֿלט? 32 און ווי זיי זענען אַרײַנגעגאַנגען אין דער שיף,
האָט זיך דער ווינט געשטילט. 33 און די, וואָס זענען געווען אין דער שיף,
האָבן זיך געבוקט צו אים, און געזאָגט: פֿאַרוואָר, דו ביסט דער בן־אלהים!

34 און זיי זענען אַריבערגעפֿאָרן, און זענען געקומען צום לאַנד גניסר.
35 און ווי נאָר די מענטשן פֿון יענעם אָרט האָבן אים דערקענט, האָבן זיי

געשיקט אין דער גאַנצער אַרומיקער געגנט, און האָבן צו אים געבראַכט
אַלע, וואָס זענען געווען קראַנק; 36 און זיי האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל
זיי לאָזן בלויז אָנרירן די כַּנפוֹרת פון זיין בֶּגֶד; און אַלע, וואָס האָבן אים
אָנגערירט, זענען געזונט געוואָרן.

טו דעמאָלט זענען צו יֵשוּעַן געקומען פּרושים און סוֹפרים פון ירושָלַיִם,
און האָבן געזאָגט: 2 פאַרוואָס זענען דיינע תַּלמידים עוֹבר אויף דער
מסוֹרה פון די זקֵנים? וואָרים זיי מאַכן ניט קיין נטִילַת־יָדַיִם, בעת זיי עסן
ברויט. 3 און ער האָט געענטפערט, און צו זיי געזאָגט: הַלמַאי זענט איר אויך
עוֹבר אויף גאָטס געבאָט צוליב אייער דִין? 4 וואָרים גאָט האָט געזאָגט: גיב
אָפּ כָּבוד דיין פאָטער און דיין מוטער, און דער, וואָס שעלט פאָטער,
אָדער מוטער, זאָל טייטן געטייט ווערן[א]. 5 אָבער איר זאָגט: ווער סע זאָגט
צו זיין פאָטער, אָדער מוטער: אַ קָרבן איז דאָס, וואָס דו וואָלטסט געקאָנט
הֲנָאה האָבן פון מיר, דער איז מער ניט מחויב צו אַכפּערן זיין פאָטער,
אָדער מוטער. 6 און דערמיט האָט איר מבַטל געווען גאָטס וואָרט צוליב
אייער דִין. 7 איר חוֹנפים! גוט האָט ישַעיָה אויף אייך נביאות געזאָגט, בעת
ער האָט געזאָגט:

8 דאָס דאָזיקע פאָלק גיט מיר אָפּ כָּבוד מיט זיינע ליפּן,
אָבער זיין האַרץ איז ווייט פון מיר;
9 און אומזיסט טוען זיי מיך דינען,
מיט לערנען איינגעהַזרטע מִצוות פון מענטשן[ב].

10 און ער האָט צו זיך גערופן דאָס פאָלק, און האָט צו זיי געזאָגט:
הערט, און פאַרשטייט: 11 ניט דאָס, וואָס גייט אַריין אין מויל, איז מטַמא דעם
מענטשן, נייערט דאָס, וואָס קומט אַרויס פון מויל, אָט־דאָס איז מטַמא דעם
מענטשן. 12 דעמאָלט האָבן גענענט די תַּלמידים, און האָבן צו אים געזאָגט:
ווייסטו, אַז די פּרושים האָבן זיך געפילט געטראָפן, ווען זיי האָבן דאָס
געהערט? 13 אָבער ער האָט געענטפערט, און געזאָגט: יעדע פלאַנץ, וואָס מיין
פאָטער אין הימל האָט ניט געפלאַנצט, וועט אויסגעוואָרצלט ווערן. 14 לאָזט
זיי גיין; זיי זענען בלינדע פירער פון בלינדע. און אויב אַ בלינדער פירט
אַ בלינדן, פאַלן זיי ביידע אַריין אין אַ גרוב. 15 האָט פּעטרוס געענטפערט,
און צו אים געזאָגט: באַשייַד אונדז דאָס מָשל. 16 און ער האָט געזאָגט: האָט

א שמוֹת כ, 12; כא, 17. ב ישעיה כט, 13.

איר נאָך אַלץ ניט קיין שׂכל? 17 פאַרשטייט איר ניט, אַז אַלץ, וואָס קומט
אין מויל אַריין, גייט אין מאָגן, און ווערט אַרויסגעוואָרפן אין בית־הכּיסא?
18 אָבער דאָס, וואָס גייט אַרויס פון מויל, קומט פון האַרצן, און דאָס מאַכט
מטמא דעם מענטשן. 19 וואָרים פון האַרצן קומען אַרויס בייזע מחשבֿות,
רציחה, ניאוף, זנות, גנבֿה, פאַלשע עדות, און לעסטערונג. 20 אָט דאָס איז
מטמא דעם מענטשן; אָבער צו עסן אָן אַ נטילת־ידים איז ניט מטמא דעם
מענטשן.

21 און ישוע איז אַרויסגעגאַנגען פון דאָרטן, און איז געקומען אין די
קאַנטן פון צור און צידון. 22 און אָט איז אַ כּנענישע פרוי אַרויסגעקומען פון
יענע געמאַרקן, און האָט געשריגן: האָב רחמנות אויף מיר, האַר, בן־דוד!
מיין טאָכטער ווערט ביטער געפּלאָגט פון אַ בייזן גייסט. 23 אָבער ער האָט
איר ניט געענטפערט קיין וואָרט. און זיינע תּלמידים האָבן גענעענט, און
אים געבעטן: שיק זי אַוועק, ווייל זי שרייט אונדז נאָך. 24 אָבער ער האָט
געענטפערט, און געזאָגט: איך בין נאָר געשיקט געוואָרן צו די פאַרלוירענע
שאָף פון דעם בית ישׂראל. 25 אָבער זי האָט גענעענט, און האָט זיך געבוקט
פאַר אים, און געזאָגט: האַר, העלף מיר! 26 און ער האָט געענטפערט, און
געזאָגט: עס איז ניט רעכט צו נעמען דאָס ברויט פון די קינדער און עס
וואַרפן פאַר די הינט. 27 אָבער זי האָט געזאָגט: יאָ, האַר; אויך די הינט עסן
די ברעקלעך, וואָס פאַלן אַראָפּ פון דעם טיש פון זייערע האַרן. 28 דעמאָלט
האָט ישוע געענטפערט, און צו איר געזאָגט: אָ אשה, גרויס איז דיין אמונה!
זאָל דיר זיין אַזוי ווי דו ווילסט. און איר טאָכטער איז געהיילט געוואָרן
אין יענער שעה.

29 און ישוע איז פון דאָרטן אַוועקגעגאַנגען, און האָט זיך דערנעענטערט
צום ים פון גליל; און ער איז אַרויפגעגאַנגען אויף דעם באַרג, און האָט זיך
דאָרטן אַנידערגעזעצט. 30 און אָט איז צו אים געקומען אַ גרויסער המון
מענטשן, וואָס האָט געהאַט מיט זיך לאָמע, בלינדע, שטומע, געמומטע, און
אַ סך אַנדערע, און זיי האָבן זיי אַנידערגעלייגט פאַר זיינע פיס, און ער האָט
זיי געהיילט, 31 אַזוי, אַז דאָס פאָלק האָט זיך געחידושט, בעת זיי האָבן געזען
די שטומע רעדן, די געמומטע געזונט, די לאָמע גיין, און די בלינדע זען;
און זיי האָבן געלויבט דעם גאָט פון ישׂראל.

32 און ישוע האָט צו זיך גערופן זיינע תּלמידים, און געזאָגט: עס איז

מיר אַ רַחמָנות אויפֿן פֿאָלק, וואָרים זיי זענען מיט מיר שוין דריי טעג, און
האָבן ניט וואָס צו עסן; און איך וויל זיי ניט אַוועקשיקן הונגעריק, טאָמער
וועלן זיי חַלשן אויפֿן וועג. 33 האָבן די תַּלמידים צו אים געזאָגט: פֿון וואַנען
זאָלן מיר נעמען אַזויפֿיל ברויט אין דער מִדבר, כּדי צו זעטיקן אַזאַ גרויסן
עולם? 34 האָט יֵשוּעַ צו זיי געזאָגט: וויפֿל לאַבן ברויט האָט איר? זאָגן זיי:
זיבן, און עטלעכע קליינע פֿישלעך. 35 און ער האָט געהייסן דעם עולם זיך
אַנידערזעצן אויף דער ערד, 36 און האָט גענומען די זיבן ברויט און די פֿיש,
און נאָכדעם ווי ער האָט אַ בְּרָכָה געמאַכט, האָט ער זיי איבערגעבראָכן,
און דערלאַנגט די תַּלמידים, און די תַּלמידים דעם פֿאָלק. 37 און זיי האָבן
אַלע געגעסן און זענען זאַט געוואָרן; און זיי האָבן צונויפֿגעקליבן פֿון די
איבערגעבליבענע ברעקלעך, זיבן פֿולע קערבּ. 38 און די, וואָס האָבן
געגעסן, זענען געווען פֿיר טויזנט מאַן, אַחוץ ווייבער און קינדער. 39 און
ער האָט אָפּגעלאָזט דאָס פֿאָלק, און איז אַרײַנגעגאַנגען אין אַ שיף, און
איז געקומען אין די געמאַרקן פֿון מָגְדוֹן.

טז און די פּרושים און צדוקים האָבן גענעענט, און כּדי אים צו פּרואוון,
האָבן זיי פֿאַרלאַנגט פֿון אים, אַז ער זאָל זיי ווייזן אַ צייכן פֿון הימל.
2 אָבער ער האָט געענטפֿערט, און צו זיי געזאָגט: אין אָוונט זאָגט איר: סע וועט
זיין אַ שיין וועטער, ווייל דער הימל איז רויט. 3 און אין דער פֿרי: הײַנט
וועט זיין שטורעמדיק, ווייל דער הימל איז רויט און פֿאַרוואָלקנט. דאָס
אויסזען פֿון הימל ווייסט איר ווי צו טײַטשן, אָבער ניט די צייכנס פֿון די
צייטן. 4 אַ שלעכטער און נואֵפֿדיקער דוֹר באַגערט אַ צייכן, און ס'וועט אים
קיין שום צייכן ניט געגעבן ווערן, סיידן דעם צייכן פֿון יוֹנָהן. און ער האָט
זיי פֿאַרלאָזט און איז אַוועקגעגאַנגען.

5 און בעת די תַּלמידים זענען געקומען אויף דער אַנדערער זייט יַם,
האָבן זיי פֿאַרגעסן מיטצונעמען ברויט. 6 און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: גיט
אַכטונג, און היט זיך פֿאַר דעם זויערטייג פֿון די פּרושים און צדוקים. 7 און
זיי האָבן זיך געאַמפּערט, און געזאָגט: מיר האָבן ניט מיטגענומען קיין ברויט.
8 און יֵשוּעַ האָט דאָס באַמערקט, און געזאָגט: אָ איר קליין־גלויביקע, וואָס
אַמפּערט איר אייך, וואָס איר האָט ניט קיין ברויט? 9 צי פֿאַרשטייט איר
נאָך אַלץ ניט, און געדענקט איר ניט די פֿינף ברויט פֿאַר די פֿינף טויזנט, און
וויפֿל קערב איר האָט צונויפֿגענומען? 10 אויך ניט די זיבן ברויט פֿאַר די פֿיר

טויזנט, און וויפל קערב איר האָט צונויפגענומען? [11] ווי קומט עס, וואָס איר
פאַרשטייט ניט, אַז איך האָב צו אייך גערעדט ניט וועגן ברויט, נייערט אַז
איר זאָלט זיך היטן פאַרן זויערטייג פון די פּרושים און צדוקים. [12] דעמאָלט
האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיי ניט געהייסן זיך היטן פאַרן זויערטייג
פון ברויט, נייערט פאַר דער לערנונג פון די פּרושים און צדוקים.

[13] און בעת יֵשוּעַ איז געקומען אין דעם געביט פון קֵיסַריָה פון פיליפּוס,
האָט ער געפרעגט זיינע תַּלמידים: ווער, זאָגן די מענטשן, איז דער בֶּן־אָדָם?
[14] און זיי האָבן געזאָגט: טייל זאָגן, יוֹחָנָן הַמטבּיל; אַנדערע, אֵלִיָהוּ; און
אַנדערע ווידער, יִרמְיָהוּ, אָדער איינער פון די נבִיאִים. [15] זאָגט ער צו זיי:
איר אָבער, ווער זאָגט איר, בין איך? [16] האָט שִמעוֹן פּעטרוס געענטפערט:
דו ביסט דער מָשיִחַ, דער זון פון דעם לעבעדיקן גאָט. [17] און יֵשוּעַ האָט
געענטפערט, און צו אים געזאָגט: וואויל איז דיר, שִמעוֹן בַּר־יוֹנָה! וואָרים
ניט קיין בָּשָׂר־וָדָם האָט דיר דאָס אַנטפּלעקט, נייערט מיין פאָטער אין הימל.
[18] און איך זאָג דיר, אַז דו ביסט פּעטרוס, און אויף דעם דאָזיקן פעלז וועל
איך בויען מיין קְהִילה, און די טויערן פון שאול וועלן זי ניט גובר זיין.
[19] און איך וועל דיר געבן די שליסלען פון דעם מַלכות־שָמַיִם, און וואָס דו
וועסט אַסרן אויף דער ערד, וועט זיין געאַסרט אין הימל; און וואָס דו וועסט
מַתיר זיין אויף דער ערד, וועט זיין מותּר אין הימל. [20] דערנאָך האָט ער
באַפוילן די תַּלמידים, זיי זאָלן קיינעם ניט דערציילן, אַז ער איז דער מָשִיחַ.

[21] פון דעמאָלט אָן האָט יֵשוּעַ אָנגעהויבן צו ווייזן זיינע תַּלמידים, אַז
ער מוז גיין קיין ירושָלַיִם, און ליידן אַ סך פון די זקֵנים און ראָשי־כֹּהנים און
סוֹפרים, און געטייט ווערן, און אויף דעם דריטן טאָג ווידער אויפשטיין. [22] און
פּעטרוס האָט אים גענומען אָן אַ זייט, און האָט אָנגעהויבן אים צו מוסרן,
און זאָגן: חַס־וְחָלִילה, האַר! אַזוינס זאָל דיר קיינמאָל ניט געשען. [23] אָבער ער
האָט זיך אויסגעדרייט, און געזאָגט צו פּעטרוסן: קער אָפּ פון מיר, שָׂטָן! דו
ביסט פאַר מיר אַ שטרויכלונג; וואָרים דיך אַרט ניט, וואָס איז שַייך גאָט,
נייערט דאָס, וואָס איז שַייך מענטשן.

[24] דערנאָך האָט יֵשוּעַ געזאָגט צו זיינע תַּלמידים: וויל ווער מיר נאָכגיין,
זאָל ער זיך אַליין פאַרלייקענען, און נעמען אויף זיך זיין צלָב, און מיר
נאָכגיין. [25] וואָרים ווער סע וויל מַציל זיין זיין לעבן, וועט עס פאַרלירן;
און ווער סע וועט פאַרלירן זיין לעבן פון מייַנעטוועגן, וועט עס געפינען.

26 וואָרים וואָסער נוצן האָט דער מענטש, ווען ער זאָל געווינען די גאַנצע
וועלט, און פֿאַרלירן זיין לעבן? אָדער וואָס פֿאַר אַן אויסלייז קאָן אַ מענטש
געבן פֿאַר זיין לעבן? 27 וואָרים דער בֶּן־אָדָם וועט קומען אין דער פּראַכט פֿון
זיין פֿאָטער מיט זיינע מַלְאָכִים, און דעמאָלט וועט ער פֿאַרגעלטן יעדן
איינעם לויט נאָך זיינע מַעֲשִׂים. 28 פֿאַרוואָר, איך זאָג אייך, פֿאַראַן עטלעכע
פֿון די, וואָס שטייען דאָ, וואָס וועלן ניט פֿאַרזוכן דעם טַעַם פֿון טויט, ביז
זיי וועלן זען דעם בֶּן־אָדָם קומען אין זיין מַלְכוּת.

יז און זעקס טעג שפּעטער האָט יֵשוּעַ מיט זיך גענומען פּעטרוסן, און
יַעֲקֹבֿן, און יוֹחָנָן זיין ברודער, און האָט זיי אַליין אַרויפֿגעבראַכט אויף אַ
הויכן באַרג. 2 און ער איז פֿאַר זיי פֿאַרענדערט געוואָרן, און זיין פָּנִים האָט
געשיינט ווי די זון, און זיינע מַלְבּוּשִׁים זענען געוואָרן ווייס ווי דאָס ליכט.
3 און זע, משה און אֵלִיָהוּ האָבן זיך צו זיי אַנטפּלעקט, און האָבן גערעדט
מיט אים. 4 און פּעטרוס האָט זיך אָפּגערופֿן, און געזאָגט צו יֵשוּעַן: האַר,
עס איז גוט פֿאַר אונדז דאָ צו זיין; אויב דו ווילסט, וועל איך דאָ מאַכן
דריי ביידלעך, איינס פֿאַר דיר, איינס פֿאַר משהן, און איינס פֿאַר אֵלִיָהוּן.
5 און בשַׁעת ער האָט נאָך גערעדט, האָט אַ ליכטיקער וואָלקן זיי פֿאַרשאָטנט;
און אַ קוֹל פֿון דעם וואָלקן אַרויס האָט געזאָגט: דאָס איז מיין באַליבטער
זון, וואָס איז מיר וואוילגעפֿעלן; אים זאָלט איר הערן. 6 און אַז די תַּלְמִידִים
האָבן דאָס געהערט, זענען זיי געפֿאַלן אויף זייער פָּנִים, און האָבן שטאַרק
מוֹרא געהאַט. 7 און יֵשוּעַ האָט גענענעט און האָט זיי אָנגערירט, און געזאָגט:
שטייט אויף, און האָט ניט קיין מוֹרא. 8 און אַז זיי האָבן אויפֿגעהויבן זייערע
אויגן, האָבן זיי קיינעם ניט געזען, אַחוץ יֵשוּעַן אַליין.

9 און ווען זיי האָבן אַראָפּגענידערט פֿון דעם באַרג, האָט זיי יֵשוּעַ
באַפֿוילן: דערציילט קיינעם ניט פֿון דער זעאונג, ביז דער בֶּן־אָדָם וועט
אויפֿשטיין תְּחִיַת־הַמֵתִים. 10 און זיינע תַּלְמִידִים האָבן אים געפֿרעגט: פֿאַרוואָס
זאָגן די סוֹפֿרים, אַז צוערשט דאַרף אֵלִיָהוּ קומען? 11 און ער האָט געענטפֿערט,
און געזאָגט: אַוַדאי וועט אֵלִיָהוּ קומען, און ווידער אַלץ אויפֿריכטן; 12 אָבער
איך זאָג אייך, אַז אֵלִיָהוּ איז שוין געקומען, און זיי האָבן אים ניט דערקענט,
נייערט האָבן מיט אים געטאָן, וואָס זיי האָבן געוואָלט. פּונקט אַזוי וועט
דער בֶּן־אָדָם אויך ליידן פֿון זיי. 13 דעמאָלט האָבן די תַּלְמִידִים פֿאַרשטאַנען,
אַז ער האָט צו זיי גערעדט פֿון יוֹחָנָן הַמַטְבִּיל.

[14] און בעת זיי זענען געקומען צום פֿאָלק, האָט צו אים גענעענט אַ מענטש, וואָס איז פֿאַר אים געפֿאַלן אויף די קני, [15] און געזאָגט: האַר, דערבאַרעם דיך אויף מיין זון, וואָרים ער איז אַ חולה־נופֿל, און ליידט שטאַרק; און אַ סך מאָל פֿאַלט ער אין פֿייער, און אַ סך מאָל אין וואַסער אַריין. [16] און איך האָב אים געבראַכט צו דיינע תּלמידים, און זיי האָבן אים ניט געקאָנט היילן. [17] און ישוע האָט געענטפֿערט: אָ אומגלויביקער און פֿאַרקרומטער דור, ווי לאַנג נאָך זאָל איך זיין מיט אייך? ווי לאַנג נאָך זאָל איך אייך פֿאַרטראָגן? ברענגט אים אַהער צו מיר. [18] און ישוע האָט אויף אים אָנגעשריגן, און דער בייזער גייסט איז פֿון אים אַרויס, און דאָס ייִנגל איז געהיילט געוואָרן אין יענער שעה.

[19] דעמאָלט האָבן גענעענט די תּלמידים צו ישוען, בעת זיי זענען געווען אַליין, און האָבן געזאָגט: פֿאַרוואָס האָבן מיר אים ניט געקאָנט אַרויסטרייבן? [20] האָט ער צו זיי געזאָגט: מחמת איר האָט ניט קיין אמונה. וואָרים פֿאַרוואָר, איך זאָג אייך, אויב איר וואָלט געהאַט אמונה אַזוי גרויס ווי אַ קערנדל פֿון זענעפֿט־זריעה, וואָלט איר געקאָנט זאָגן צו דעם דאָזיקן באַרג: טראָג דיך אַריבער פֿון דאַנען אַהין, און ער וואָלט זיך אַריבערגעטראָגן; און קיין זאַך וואָלט פֿאַר אייך ניט געווען אוממעגלעך. [21] דער דאָזיקער מין אָבער גייט ניט אַרויס, סיידן דורך תּפֿילה טאָן און פֿאַסטן.

[22] און בשעת זיי האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן אין גליל, האָט ישוע צו זיי געזאָגט: דער בן־אָדם וועט איבערגעענטפֿערט ווערן אין די הענט פֿון מענטשן, [23] און זיי וועלן אים טייטן, און דעם דריטן טאָג וועט ער אויפֿשטיין תּחיַת־המתים; און זיי האָבן זיך שטאַרק מצער געווען.

[24] און אַז זיי זענען געקומען קיין כּפֿר־נחום, זענען די איינמאָנער פֿון דעם מחצית־השקל צוגעגאַנגען צו פּעטרוסן, און האָבן געזאָגט: צאָלט ניט אייער רבי דעם מחצית־השקל? [25] האָט ער געזאָגט: יאָ. און ווען ער איז אַריינגעקומען אין הויז, האָט ישוע קודם צו אים גערעדט, אַזוי צו זאָגן: וואָס מיינסטו, שמעון? די מלכים פֿון דער ערד, פֿון וועמען נעמען זיי מכס, אָדער מס? פֿון זייערע זין, אָדער פֿון פֿרעמדע? [26] און אַז ער האָט געזאָגט: פֿון פֿרעמדע, האָט ישוע צו אים געזאָגט: אַזוי זענען די זין פֿריי. [27] אָבער כּדי מיר זאָלן ניט זיין קיין מכשול פֿאַר זיי, גיי צום ים, און פֿאַרוואַרף אַ ווענטקע, און נעם דעם ערשטן פֿיש, וואָס וועט אַרויסקומען, און אַז דו וועסט עפֿענען

זיין מויל, וועסטו געפֿינען אַ שֶׁקל; דעם נעם, און גיב אים זיי פֿאַר מיר
און פֿאַר דיר.

יח אין יענער צייט האָבן די תַּלמידים גענעענט צו יֵשוּעַן, און האָבן
געזאָגט: ווער איז אייגנטלעך דער גרעסטער אין דעם מַלכות־שָׁמַיִם?
2 און ער האָט צו זיך גערופֿן אַ קינד, און האָט עס אַוועקגעשטעלט צווישן
זיי, 3 און געזאָגט: פֿאַרוואָר, איך זאָג אייך, סיידן איר וועט תּשובה טאָן און
ווערן ווי קינדער, וועט איר ניט אַרײַנקומען אין דעם מַלכות־שָׁמַיִם. 4 בכֵן,
דער, וואָס וועט זיך דערנידעריקן ווי דאָס דאָזיקע קינד, איז דער גרעסטער
אין דעם מַלכות־שָׁמַיִם. 5 און דער, וואָס וועט אויפֿנעמען אַזאַ קינד אין מיין
נאָמען, נעמט מיך אויף; 6 אָבער דער, וואָס וועט מאַכן שטרויכלען איינעם
פֿון די דאָזיקע קליינע, וואָס גלויבן אין מיר, פֿאַר דעם וואָלט בעסער
געווען, אַז אַ גרויסער מילשטיין וואָלט אָנגעהאָנגען געוואָרן אויף זיין האַלדז,
און ער וואָלט דערטרונקען געוואָרן אין דער טיפֿעניש פֿון יַם.
7 וויי צו דער וועלט מַחמת שטרויכלונגען! און הַגַם זיי מוזן קומען—וויי
אָבער צו דעם מענטשן, דורך וועמען די שטרויכלונג טוט קומען! 8 און אויב
דיין האַנט, אָדער דיין פֿוס מאַכט דיך שטרויכלען, האַק אים אָפּ און וואַרף
אים אַוועק פֿון דיר; עס איז בעסער פֿאַר דיר אַרײַנצוקומען אין לעבן געמומט,
אָדער לאָם, איידער צו האָבן צוויי הענט און צוויי פֿיס און אַרײַנגעוואָרפֿן
ווערן אין אייביקן פֿייער. 9 און אויב דיין אויג מאַכט דיך שטרויכלען, רייס
עס אַרויס און וואַרף עס אַוועק פֿון דיר; עס איז בעסער פֿאַר דיר
אַרײַנצוקומען אין לעבן מיט איין אויג, איידער צו האָבן צוויי אויגן און
אַרײַנגעוואָרפֿן ווערן אין פֿייער פֿון גיהנום.
10 זעט, אַז איר זאָלט ניט פֿאַראַכטן קיין איינעם פֿון די דאָזיקע קליינע;
וואָרים איך זאָג אייך, אַז זייערע מַלאָכים אין הימל זעען תָּמיד דאָס פָּנים
פֿון מיין פֿאָטער אין הימל. 11 וואָרים דער בֶּן־אָדָם איז געקומען מַציל צו
זיין דאָס פֿאַרלוירענע. 12 ווי מיינט איר? אויב אַ מענטש האָט הונדערט
שאָף, און איינע פֿון זיי פֿאַרבלאָנדזשעט, צי וועט ער ניט איבערלאָזן די ניין־
און־ניינציק אויף די בערג, און גיין זוכן די פֿאַרבלאָנדזשעטע? 13 און ווען
ער געפֿינט זי, פֿאַרוואָר, איך זאָג אייך, ער פֿרייט זיך איבער איר מער ווי
איבער די ניין־און־ניינציק, וואָס האָבן ניט פֿאַרבלאָנדזשעט. 14 אַזוי איז אויך

ניט דער רָצון פֿון אייער פֿאָטער אין הימל, אַז איינס פֿון די דאָזיקע קליינע זאָל פֿאַרלוירן גיין.

[15]אויב דיין ברודער זינדיקט קעגן דיר, גיי און שטראָף אים צווישן דיר און אים אַליין. הערט ער דיך, האָסטו געוואונען דיין ברודער; [16]הערט ער דיך אָבער ניט, טאָ נעם מיט דיר נאָך איינעם אָדער צוויי, כּדי דורך דעם מויל פֿון צוויי, אָדער דריי עֵדות, זאָל יעדע זאַך באַשטעטיקט ווערןא. [17]און אויב ער וויל זיי ניט הערן, דערצייל עס קָהל; און וויל ער אויך קָהל ניט הערן, זאָל ער דיר זיין ווי דער גוי און דער מוֹכס. [18]פֿאַרוואָר, איך זאָג אייך, אַלץ, וואָס איר וועט אַסרן אויף דער ערד, וועט זיין געאַסרט אין הימל; און אַלץ, וואָס איר וועט מַתּיר זיין אויף דער ערד, וועט זיין מוּתּר אין הימל. [19]און ווידער זאָג איך אייך, אויב צוויי פֿון אייך וועלן מַסכּים זיין אויף דער ערד אויף עפּעס אַ זאַך, פֿונוועגן וואָס זיי וועלן בעטן, וועט עס פֿאַר זיי געטאָן ווערן פֿון מיין פֿאָטער אין הימל. [20]וואָרים וואו צוויי, אָדער דריי זענען פֿאַרזאַמלט אין מיין נאָמען, דאָרט בין איך צווישן זיי.

[21]דעמאָלט האָט פּעטרוס גענעענט, און צו אים געזאָגט: האַר, וויפֿל מאָל דאַרף איך מוֹחל זיין מיין ברודער, וואָס זינדיקט קעגן מיר? ביז זיבן מאָל? [22]זאָגט יֵשוּעַ צו אים: איך זאָג דיר ניט, ביז זיבן מאָל, נייערט ביז זיבעציק מאָל זיבן.

[23]דעריבער איז דאָס מַלכות־שָמַיִם געגליכן צו אַ מֶלך, וואָס האָט געוואָלט מאַכן אַ חֶשבון מיט זיינע קנעכט. [24]און אַז ער האָט אָנגעהויבן צו חֶשבוֹנען, האָט מען צו אים געבראַכט איינעם, וואָס איז אים שולדיק געווען צען טויזנט טאַלאַנטן. [25]אָבער אַזוי ווי ער האָט ניט געקאָנט באַצאָלן, האָט זיין האַר באַפֿוילן, אים צו פֿאַרקויפֿן מיט זיין ווייב און קינדער, און אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, און באַצאָלונג זאָל געמאַכט ווערן. [26]איז דער קנעכט אַנידערגעפֿאַלן און האָט זיך פֿאַר אים געבוקט, און געזאָגט: האַר, האָב מיט מיר געדולד, און איך וועל דיר אַלץ באַצאָלן. [27]און דער האַר האָט רַחמָנות באַקומען אויף יענעם קנעכט, האָט אים פֿריי געלאָזט, און אים מוֹחל געווען דעם חוֹב. [28]און ווי יענער קנעכט איז אַרויסגעגאַנגען, האָט ער אָנגעטראָפֿן איינעם פֿון זיינע מיטקנעכט, וואָס איז אים שולדיק געווען הונדערט דינָרים; און ער האָט אים אָנגעכאַפּט ביים האַלדז, און געזאָגט:

א דברים יט, 15.

באַצאָל וואָס דו ביסט מיר שולדיק. [29] און זיין מיטקנעכט איז אַנידערגעפאַלן
און האָט אים געבעטן: האָב מיט מיר געדולד, און איך וועל דיר באַצאָלן.
[30] אָבער ער האָט ניט געוואָלט, נייערט איז געגאַנגען און האָט אים אַרײַנגעוואָרפן
אין דער תּפיסה אַריין, ביז ער וועט האָבן באַצאָלט דעם חוב. [31] און אַז
זיינע מיטקנעכט האָבן געזען, וואָס עס איז געשען, האָבן זיי זיך שטאַרק
מצער געווען, און זיי זענען געקומען און האָבן דערציילט זייער האַר אַלץ,
וואָס עס איז געשען. [32] דעמאָלט האָט זיין האַר אים גערופן צו זיך, און צו
אים געזאָגט: דו שלעכטער קנעכט! איך האָב דיר מוחל געווען דעם גאַנצן
חוב, ווייל דו האָסט מיך געבעטן; [33] צי האָסטו ניט באַדאַרפט רחמנות האָבן
אויך אויף דיין מיטקנעכט, ווי איך האָב רחמנות געהאַט אויף דיר? [34] און
זיין האַר איז אין כּעס געוואָרן, און האָט אים איבערגעענטפערט צו די
פּייניקער, ביז ער וועט באַצאָלן דעם גאַנצן חוב. [35] פּונקט אַזוי וועט אויך
מיין פאָטער אין הימל טאָן צו איטלעכן פון אייך, אויב איר וועט ניט מוחל
זיין אייער ברודער פון גאַנצן האַרצן.

יט און עס איז געווען, בעת ישוע האָט געענדיקט די דאָזיקע רייד, האָט
ער אַוועקגעצויגן פון גליל, און איז געקומען אין די געמאַרקן פון
יהודה אין עבר־הירדן. [2] און אַ גרויסער עולם איז אים נאָכגעגאַנגען, און
ער האָט זיי דאָרטן געהיילט.

[3] און עס האָבן גענענעט צו אים פּרושים, כּדי אים צו פּרואוון, און זיי
האָבן געזאָגט: מעג מען זיך גטן מיט דעם ווייב צוליב יעדער סיבה? [4] און
ער האָט געענטפערט: האָט איר ניט געלייענט, אַז אין אָנהייב האָט זיי
דער באַשעפער באַשאַפן זכר און נקבהא, [5] און געזאָגט: דעריבער זאָל אַ
מענטש פאַרלאָזן זיין פאָטער און מוטער, און זיך באַהעפטן אָן זיין ווייב,
און ביידע זאָלן ווערן איין לײַבב. [6] אַזוי זענען זיי שוין מער ניט צוויי,
נייערט איין לײַב. דעריבער, וואָס גאָט האָט באַהאָפטן, זאָל אַ מענטש ניט
פונאַנדערשיידן. [7] זאָגן זיי צו אים: טאָ פאַרוואָס האָט משה געבאָטן צו
געבן איר אַ גט, און זי אַוועקשיקןג? [8] האָט ער צו זיי געזאָגט: צוליב אייער
האַרטהאַרציקייט האָט אייך משה דערלויבט אָפּצוגטן אייערע ווייבער; אָבער
פון אָנהייב איז דאָס ניט אַזוי געווען. [9] און איך זאָג אייך, ווער סע גט זיך

א בראשית א, 27. ב בראשית ב, 24. ג דברים כד, 1.

מיט זיין ווייב, אַחוץ צוליב זנות, און ווערט חתונה האָבן מיט אַן אַנדערער,
איז אַ נואף. און דער, וואָס האָט חתונה מיט אַ גרושה, איז אַ נואף.
[10] זאָגן צו אים די תּלמידים: אויב דער ענין פון מאַן און ווייב איז
אַזוי, איז ניט כּדאַי חתונה צו האָבן. [11] האָט ער צו זיי געזאָגט: ניט אַלע
קענען מַשׂיג זיין דאָס דאָזיקע וואָרט, סיידן די, צו וועמען עס איז געגעבן
געוואָרן. [12] וואָרים סע זענען פאַראַן סָריסים, וואָס זענען אַזוי געבוירן
געוואָרן פון זייער מוטערס טראַכט; און סע זענען פאַראַן סָריסים, וואָס
מענטשן האָבן זיי מסרס געווען; און פאַראַן סָריסים, וואָס האָבן זיך אַליין
מסרס געווען צוליב דעם מלכות־שָמַיִם. דער, וואָס קאָן דאָס מַשׂיג זיין,
זאָל עס מַשׂיג זיין.
[13] דעמאָלט האָט מען צו אים געבראַכט קינדער, כּדי ער זאָל אויף
זיי אַרויפלייגן זיינע הענט און מתפּלל זיין. און די תּלמידים האָבן זיך אויף
זיי אָנגעבייזערט. [14] אָבער יֵשוּעַ האָט געזאָגט: לאָזט די קינדער קומען צו מיר,
און פאַרווערט זיי ניט; ווייל צו אַזעלכע געהערט דאָס מלכות־שָמַיִם. [15] און
ער האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט זיינע הענט, און האָט אָפּגעקערט פון דאָרטן.
[16] און אָט האָט איינער גענעענט, און צו אים געזאָגט: רֶבּי, וואָס פאַראַ
גוטס זאָל איך טאָן, כּדי צו האָבן אייביק לעבן? [17] האָט ער צו אים געזאָגט:
פאַרוואָס פרעגסטו מיך בנוגע דעם, וואָס איז גוט? גוט איז נאָר איינער, גאָט.
און אויב דו ווילסט אַרייַנקומען אין לעבן, היט די מִצוות. [18] זאָגט ער צו
אים: וועלכע? און יֵשוּעַ האָט געזאָגט: דו זאָלסט ניט טייטן, דו זאָלסט ניט
מזנה זיין, דו זאָלסט ניט גנבענען, דו זאָלסט ניט פאַלש־עֵדוּת זאָגן, [19] האַלט
בכּבוד דיין פאָטער און מוטער[א], און דו זאָלסט ליב האָבן דיין חבר ווי
דיך אַליין[ב]. [20] זאָגט צו אים דער יונגערמאַן: דאָס אַלץ האָב איך אָפּגעהיט;
וואָס נאָך פעלט מיר? [21] האָט יֵשוּעַ צו אים געזאָגט: אויב דו ווילסט זיין
גאַנץ, גיי און פאַרקויף אַלץ, וואָס דו פאַרמאָגסט, און גיב עס די אָרעמע,
און דו וועסט האָבן אַן אוצר אין הימל; און קום און גיי מיר נאָך. [22] אָבער
אַז דער יונגערמאַן האָט דאָס געהערט, איז ער אַוועקגעגאַנגען אַ דער־
שלאָגענער; וואָרים ער האָט געהאַט אַ סך גיטער.
[23] און יֵשוּעַ האָט געזאָגט צו זיינע תּלמידים: פאַרוואָר, איך זאָג אייך,
עס איז שווער פאַר אַן עושר אַרייַנצוקומען אין דעם מלכות־שָמַיִם. [24] און

[א] שמות כ, 12. [ב] ויקרא יט, 18.

ווידער זאָג איך אייך, עס איז לײַכטער פאַר אַ קעמל דורכצוגיין דורך
אַ לעכל פון אַ נאָדל, ווי פאַר אַן עושר אַרײַנצוקומען אין דעם מַלכות־
פון גאָט. 25 און אַז די תּלמידים האָבן דאָס געהערט, האָבן זיי זיך שטאַרק
געחידושט, און געזאָגט: טאָ ווער קאָן ניצול ווערן? 26 און ישוע האָט אויף
זיי געקוקט, און געזאָגט: ביי מענטשן איז עס אוממעגלעך, אָבער ביי גאָט
איז אַלצדינג מעגלעך. 27 דעמאָלט האָט פּעטרוס אים געענטפערט: זע, מיר
האָבן אַלץ פאַרלאָזט און זענען דיר נאָכגעגאַנגען; וואָס וועלן מיר האָבן
דערפאַר? 28 האָט ישוע צו זיי געזאָגט: פאַרוואָר, איך זאָג אייך, אַז איר,
וואָס זענט מיר נאָכגעגאַנגען, וועט אין דער נייער וועלט, בעת דער בן־אָדם
וועט זיצן אויף זיין כּסא־הכּבוד, אויך זיצן אויף צוועלף טראָנען און משפּטן
די צוועלף שבֿטים פון ישׂראל. 29 און יעדער איינער, וואָס האָט פאַרלאָזט
הייזער, אָדער ברידער, אָדער שוועסטער, אָדער פאָטער, אָדער מוטער,
אָדער קינדער, אָדער פעלדער, פון מיין נאָמענס וועגן, וועט באַקומען כּפל־
כּפלַיִם, און ירשענען דאָס אייביקע לעבן. 30 אָבער אַ סך, וואָס זענען
ערשטע, וועלן זיין לעצטע, און די לעצטע – ערשטע.

כ ווארים דאָס מלכות־שמַיִם איז געגליכן צו אַ בעל־הבּית, וואָס איז
אַרויסגעגאַנגען אין דער פרי דינגען אַרבעטער פאַר זיין ווײַנגאָרטן.
2 און אַז ער האָט זיך באַדונגען מיט די אַרבעטער פאַר אַ דינר אַ טאָג,
האָט ער זיי געשיקט אין זיין ווײַנגאָרטן אַריין. 3 און ווען ער איז אַרויס־
געגאַנגען אַרום דער דריטער שעה, האָט ער געזען אַנדערע שטיין ליידיק
אויפן מאַרק, 4 און ער האָט צו זיי געזאָגט: גייט אויך איר אין ווײַנגאָרטן
אַריין, און איך וועל אייך געבן, וואָס איז רעכט. זענען זיי געגאַנגען. 5 און
אַרום דער זעקסטער און נײַנטער שעה איז ער ווידער אַרויסגעגאַנגען, און
האָט דאָס אייגענע געטאָן. 6 און אַרום דער עלפטער שעה איז ער ווידער
אַרויסגעגאַנגען, און האָט אָנגעטראָפן אַנדערע שטיין, און ער האָט צו זיי
געזאָגט: פאַרוואָס שטייט איר דאָ ליידיק דעם גאַנצן טאָג? 7 האָבן זיי צו
אים געזאָגט: מחמת קיינער האָט אונדז ניט געדונגען. זאָגט ער צו זיי: גייט
אויך איר אין ווײַנגאָרטן אַריין. 8 און ווען עס איז געוואָרן אָוונט, האָט דער
האַר פון דעם ווײַנגאָרטן געזאָגט צו זיין פאַרוואַלטער: רוף די אַרבעטער,
און באַצאָל זיי זייער שׂכר: הייב אָן פון די לעצטע ביז צו די ערשטע.
9 און אַז די געדונגענע פון דער עלפטער שעה זענען געקומען, האָט יעדער

באַקומען אַ דינָר. 10 און ווען די ערשטע זענען געקומען, האָבן זיי געמיינט,
אַז זיי וועלן באַקומען מער; און זיי האָבן אויך באַקומען יעדער אַ דינָר.
11 און בשַעת זיי האָבן דאָס באַקומען, האָבן זיי געמורמלט קעגן דעם בַעל־
הַבַיִת, 12 און האָבן געזאָגט: אָט די לעצטע האָבן געאַרבעט בלויז איין שָעה,
און דו מאַכסט זיי גלייך מיט אונדז, וואָס האָבן געטראָגן די מַשׂא פון דעם
טאָג און די ברענענדיקע היץ. 13 אָבער ער האָט געענטפערט, און געזאָגט
צו איינעם פון זיי: פריינט, איך טו דיר ניט קיין עַוולָה; האָסטו דיך ניט
באַדונגען מיט מיר פאַר אַ דינָר? 14 נעם דיר דיינס, און גיי; איך וויל
אָט דעם לעצטן געבן אַזויפיל וויפל דיר. 15 קאָן איך ניט טאָן מיט מיין
אייגנס, וואָס איך וויל? אָדער קאָן דיין אויג ניט פאַרטראָגן, וואָס איך בין
גוט? 16 אַזוי וועלן די לעצטע זיין ערשטע, און די ערשטע – לעצטע.
17 און בעת יֵשוּעַ איז אַרויפגעגאַנגען קיין ירושָלַיִם, האָט ער גענומען די
צוועלף תַּלמידים אָן אַ זייט, און אויפן וועג האָט ער צו זיי געזאָגט: 18 זעט,
מיר גייען אַרויף קיין ירושָלַיִם, און דער בֶּן־אָדָם וועט איבערגעענטפערט
ווערן צו די ראָשי־כֹּהנים און די סופרים; און זיי וועלן אים פאַרמִשפּטן צום
טויט, 19 און אים איבערענטפערן צו די גויים אויף שפּאָט, און כּדי געשמיסן
און געקרייציקט צו ווערן, און אויפן דריטן טאָג וועט ער ווידער אויפשטיין.
20 דעמאָלט האָט גענענעט צו אים די מוטער פון זַבדיס קינדער מיט
אירע זין, און זי האָט זיך געבוקט פאַר אים, און גענומען ביי אים עפּעס בעטן.
21 האָט ער צו איר געזאָגט: וואָס איז דיין בַּקָשה? האָט זי צו אים געזאָגט:
באַפעל, אַז די דאָזיקע ביידע זין מײַנע זאָלן זיצן, איינער צו דיין רעכטער
און איינער צו דיין לינקער האַנט, אין דיין מַלכות. 22 האָט יֵשוּעַ געענטפערט,
און געזאָגט: איר ווייסט ניט וואָס איר ווילט. צי קאָנט איר טרינקען דעם
כּוס, וואָס איך וועל טרינקען? זאָגן זיי צו אים: מיר קאָנען. 23 זאָגט ער צו
זיי: מיין כּוס וועט איר טאַקע טרינקען, אָבער זיצן צו מיין רעכטער, אָדער
לינקער האַנט, איז ניט מיינס צו געבן; דאָס איז פאַר די, פאַר וועמען עס
איז אָנגעברייט געוואָרן פון מיין פאָטער. 24 און אַז די צען האָבן דאָס
געהערט, האָט עס זיי פאַרדראָסן אויף די צוויי ברידער. 25 און יֵשוּעַ האָט
זיי צוגערופן צו זיך, און געזאָגט: ווייסן ווייסט איר, אַז די שָׂרים פון די
גויים הערשן איבער זיי, און זייערע גדולים געוועלטיקן איבער זיי. 26 ניט
אַזוי זאָל עס אָבער זיין צווישן אייך; נייערט ווער סע וויל ווערן גרויס

צווישן אייך, זאָל זיין אייער באַדינער, [27] און ווער סע וויל זיין ערשט צווישן
אייך, זאָל זיין אייער קנעכט; [28] פונקט ווי דער בֶּן־אָדָם איז ניט געקומען
באַדינט צו ווערן, נייערט צו באַדינען, און צו געבן זיין לעבן אַן אויסלייז
פאַר אַ סך.

[29] און בעת זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון יריחו, איז אים נאָכגעגאַנגען
אַ גרויסער הָמון מענטשן. [30] און אָט זענען צוויי בלינדע געזעסן ביים וועג,
און אַז זיי האָבן געהערט, אַז יֵשוּעַ גייט פאַרביי, האָבן זיי אויסגעשריגן, און
געזאָגט: האַר, האָב רַחמָנות אויף אונדז, בֶּן־דָוִד! [31] און דער עוֹלם האָט
אויף זיי אָנגעשריגן, אַז זיי זאָלן שטילשווייגן. אָבער זיי האָבן נאָך מער
געשריגן: האַר, האָב רַחמָנוּת אויף אונדז, בֶּן־דָוִד! [32] און יֵשוּעַ האָט זיך
אָפּגעשטעלט, און זיי צוגערופן, און געזאָגט: וואָס ווילט איר, איך זאָל טאָן
פאַר אייך? [33] האָבן זיי צו אים געזאָגט: האַר, אַז אונדזערע אויגן זאָלן
געעפנט ווערן. [34] און יֵשוּעַ האָט זיך דערבאַרעמט איבער זיי, און באַרירט
זייערע אויגן, און תֵּיכף האָבן זיי צוריק באַקומען זייער ראִיה, און זענען
אים נאָכגעגאַנגען.

כא און בעת זיי האָבן גענעענט קיין ירושָלַיִם, און זענען געקומען קיין
בֵּית־פַּגֵי, ביים הַר־הַזֵיתים, האָט יֵשוּעַ געשיקט צוויי תַּלמידים, [2] און
האָט צו זיי געזאָגט: גייט אין דאָרף אַריין אַנטקעגנאיבער אייך, און תֵּיכף
וועט איר געפינען אַן אייזל צוגעבונדן, און אַ יונג אייזעלע מיט איר; בינדט
זיי אָפּ, און ברענגט זיי צו מיר. [3] און אויב עמיצער וועט אייך עפּעס זאָגן,
טאָ זאָגט: דער האַר נייטיקט זיך אין זיי; און ער וועט זיי גלייך שיקן. [4] און
דאָס איז געשען, כדי עס זאָל מקוים ווערן, וואָס סע איז געזאָגט געוואָרן
דורך דעם נָביא:

[5] זאָגט דער טאָכטער פון צִיוֹן,
זע, דיין מֶלך קומט צו דיר,
אַן עָנָו, און רייט אויף אַן אייזל,
און אויף אַן אייזעלע, דאָס יונגע פון אַן אייזל[א].

[6] און די תַּלמידים זענען געגאַנגען, און האָבן געטאָן אַזוי ווי יֵשוּעַ האָט זיי
באַפוילן; [7] און האָבן געבראַכט דאָס אייזל מיט דעם אייזעלע, און האָבן

[א] ישעיה סב, 11; זכריה ט, 9.

אויף זיי אַרויפגעלייגט זייערע מַלבושים, און ער האָט זיך אויף זיי אַרויפ־
געזעצט. [8] און אַ סך פון דעם פאָלק האָבן אויסגעשפּרייט זייערע מַלבושים
אויפן וועג, און אַנדערע האָבן אָפּגעשניטן צווייגן פון דיביימער, און האָבן
זיי אויסגעשפּרייט אויפן וועג. [9] און דאָס פאָלק, וואָס איז געגאַנגען פאָרויס,
און די, וואָס זענען אים נאָכגעגאַנגען, האָבן געשריגן: הוֹשַע־נָא דעם בֶּן־דָוִד!
בָּרוּך הַבָּא אין דעם נאָמען פון גאָט! הוֹשַע־נָא אין דער הייך! [10] און אַז
ער איז אַרײַנגעקומען קיין ירוּשָלַיִם, האָט די גאַנצע שטאָט געטומלט, און
געזאָגט: ווער איז דאָס? [11] און דאָס פאָלק האָט געזאָגט: דאָס איז דער נָבִיא
יֵשוּעַ פון נצֶרֶת, אין גָלִיל.

[12] און יֵשוּעַ איז אַרײַנגעגאַנגען אין דעם בֵּית־הַמִקדָש אַריין, און האָט
אַרויסגעטריבן אַלע, וואָס האָבן פאַרקויפט און געקויפט אין דעם בֵּית־
הַמִקדָש, און האָט איבערגעקערט די טישן פון די חַלְפָנִים, און די בענק פון
די טויבן־פאַרקויפער. [13] און ער האָט צו זיי געזאָגט: סע שטייט געשריבן:
מיין הויז זאָל גערופן ווערן אַ הויז פון תּפִילה; אָבער איר האָט עס געמאַכט
אַ הייל פון גַזלָנִיםא.

[14] און די בלינדע און די לאָמע זענען צו אים געקומען אין בֵּית־הַמִקדָש,
און ער האָט זיי געהיילט. [15] און אַז די ראָשֵי־כֹּהֲנִים און סוֹפרים האָבן געזען
די וואונדער וואָס ער האָט געטאָן, און די קינדער שרייען אין בֵּית־הַמִקדָש:
הוֹשַע־נָא דעם בֶּן־דָוִד! האָט עס זיי פאַרדראָסן; [16] און זיי האָבן צו אים
געזאָגט: הערסטו, וואָס זיי זאָגן? און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: יאָ, האָט איר
קיינמאָל ניט געלייענט:

פון דעם מויל פון קליינע קינדער און זײַגעוודיקע
האָסטו געגרונטפעסטיקט לויבב?

[17] און ער האָט זיי פאַרלאָזט, און איז פון דער שטאָט אַרויסגעגאַנגען קיין
בֵּית־הִינִי, און האָט דאָרטן איבערגענעכטיקט.

[18] און אַז ער האָט זיך אין דער פרי אומגעקערט אין דער שטאָט אַריין,
איז ער געוועזן הונגעריק. [19] און זעענדיק אַ פײַגנבוים ביים וועג, איז ער צו
אים צוגעגאַנגען, און האָט אויף אים גאָרניט געפונען, אַחוץ בלעטער. און
ער האָט צו אים געזאָגט: פון איצט אָן זאָל שוין אויף דיר מער קיינמאָל
ניט וואַקסן קיין פֵּירוֹת! און תֵּיכֶף איז דער פײַגנבוים פאַרוועלקט געוואָרן.

א ישעיה נו, 7; ירמיה ז, 11.   ב תהלים ח, 3.

20 און אַז די תַּלמידים האָבן דאָס געזען, האָבן זיי זיך געחידושט, און
געזאָגט: וויאַזוי איז דער פֿײַגנבוים אַזוי גיך פֿאַרוועלקט געוואָרן? 21 און
ישוע האָט געענטפֿערט, און צו זיי געזאָגט: פֿאַרוואָר, איך זאָג אײַך, אויב
איר האָט אֱמונה, און טוט ניט צווייפֿלען, וועט איר ניט נאָר טאָן דאָס, וואָס
ס'איז געטאָן געוואָרן מיטן פֿײַגנבוים, נייערט אויב איר זאָלט אַפֿילו זאָגן צו
דעם דאָזיקן באַרג: הייב דיך אויף און וואַרף דיך אין ים אַרײַן, וועט עס
געשען. 22 און אַלצדינג, וואָס איר וועט זיך אויסבעטן ביים תּפֿילה טאָן, וועט
איר באַקומען, אויב איר האָט אֱמונה.

23 און אַז ער איז געקומען אין דעם בית־המקדש אַרײַן, זענען די ראָשי־
כֹּהנים און די זקנים פֿון דעם פֿאָלק צו אים צוגעגאַנגען, בשעת ער האָט
געלערנט, און האָבן געזאָגט: מיט וועמעס רשות טוסטו דאָס אַלץ? און ווער
האָט דיר געגעבן דאָס דאָזיקע רשות? 24 האָט ישוע געענטפֿערט, און צו
זיי געזאָגט: איך וועל אײַך אויך פֿרעגן אַ קשיא, און אויב איר וועט מיר
ענטפֿערן, וועל איך אײַך אויך זאָגן, מיט וועמעס רשות איך טו דאָס אַלץ.
25 די טבֿילה פֿון יוחנן, פֿון וואַנען איז זי געווען? פֿון הימל, אָדער פֿון
מענטשן? און זיי האָבן זיך געשלאָגן מיט דער דעה, און געזאָגט: אויב מיר
וועלן זאָגן: פֿון הימל, וועט ער צו אונדז זאָגן: פֿאַרוואָס האָט איר אים ניט
געגלויבט? 26 וועלן מיר אָבער זאָגן: פֿון מענטשן, האָבן מיר מורא פֿאַרן
פֿאָלק; וואָרים אַלע האַלטן יוחנן פֿאַר אַ נבֿיא. 27 און זיי האָבן געענטפֿערט
ישוען: מיר ווייסן ניט. האָט ער צו זיי געזאָגט: אויב אַזוי, וועל איך אײַך
אויך ניט זאָגן מיט וועמעס רשות איך טו דאָס.

28 וואָס דענקט איר? אַ מענטש האָט געהאַט צוויי זין; און ער איז געקומען
צום ערשטן, און האָט געזאָגט: מײַן זון, גיי אַרבעט הײַנט אין ווײַנגאָרטן.
29 האָט ער געענטפֿערט: איך וויל ניט; אָבער נאָכדעם האָט ער חרטה געהאַט,
און איז געגאַנגען. 30 און ער איז געקומען צום צווייטן, און האָט אויך אַזוי
געזאָגט. און ער האָט געענטפֿערט: איך גיי, האַר; און איז ניט געגאַנגען.
31 ווער פֿון די ביידע האָט געטאָן דעם רצון פֿון זײַן פֿאָטער? זאָגן זיי: דער
ערשטער. זאָגט ישוע צו זיי: פֿאַרוואָר, איך זאָג אײַך, די מוכסים און די זונות
וועלן פֿריער פֿאַר אײַך אַרײַנקומען אין דעם מלכות פֿון גאָט. 32 וואָרים יוחנן
איז צו אײַך געקומען מיטן וועג פֿון גערעכטיקייט, און איר האָט אים ניט
געגלויבט, אָבער די מוכסים און די זונות האָבן אים יאָ געגלויבט; און הגם

איר האָט עס געזען, האָט איר אַפילו דערנאָך ניט חָרטה געהאַט, כּדי אים
צו גלויבן.

33 הערט אַן אַנדער מָשל: געווען איז אַ בַּעל־הַבַּיִת, וואָס האָט געפלאַנצט
אַ ווײַנגאָרטן, און האָט אים אַרומגעצאַמט, און אויסגעגראָבן אין אים אַ
קעלטער, און געבויט אַ טורעם, און ער האָט אים פאַרדונגען צו ווײַנגערטנער,
און איז אַוועק אין אַן אַנדער לאַנד אַריין. 34 און אַז סע איז געקומען דער זמַן
פון פּירות, האָט ער געשיקט זײַנע קנעכט צו די ווײַנגערטנער, אָפּצונעמען
זײַנע פּירות; 35 און די ווײַנגערטנער האָבן גענומען זײַנע קנעכט, און אײנעם
האָבן זיי געשלאָגן, אַן אַנדערן געטייט, און נאָך אַן אַנדערן פאַרשטיינט.
36 און ער האָט ווידער אַמאָל געשיקט אַנדערע קנעכט, מער ווי פריער; און
זיי האָבן מיט זיי אויך אַזוי געטאָן. 37 דערנאָך האָט ער צו זיי געשיקט
זײַן זון, און געזאָגט: זיי וועלן דֶרֶך־אֶרֶץ האָבן פאַר מײַן זון. 38 און אַז די
ווײַנגערטנער האָבן דערזען דעם זון, האָבן זיי געזאָגט צווישן זיך: דאָס איז
דער יורֵש; קומט, לאָמיר אים הַרגענען, און צונעמען זײַן ירושה. 39 און זיי
האָבן אים גענומען און אַרויסגעוואָרפן פון דעם ווײַנגאָרטן, און האָבן אים
געהַרגעט. 40 בכֵן, אַז דער האַר פון דעם ווײַנגאָרטן וועט קומען, וואָס
וועט ער טאָן מיט יענע ווײַנגערטנער? 41 זאָגן זיי צו אים: ער וועט יענע
רשָעים אומברענגען אויף אַ מורָאדיקן אופן, און פאַרדינגען דעם ווײַנגאָרטן
צו אַנדערע ווײַנגערטנער, וואָס וועלן אים אָפּגעבן די פּירות צו זייער צייט.
42 און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: האָט איר קיינמאָל ניט געלייענט דעם פָּסוק:

דער שטיין, וואָס די בוימײַנסטער האָבן פאַרוואָרפן,
איז געוואָרן צום ווינקלשטיין;
פון גאָט איז דאָס געשען,
און עס איז וואונדערלעך אין אונדזערע אויגן[א]?

43 דעריבער זאָג איך אײַך: דאָס מַלכות פון גאָט וועט פון אײַך אַוועקגענומען
ווערן, און געגעבן ווערן צו אַ פאָלק, וואָס וועט אַרויסברענגען זײַנע פּירות.
44 און דער, וואָס וועט פאַלן אויף דעם דאָזיקן שטיין, וועט זיך צעשלאָגן;
אָבער אויף וועמען ער וועט פאַלן, דעם וועט ער צעמאָלן.

45 און ווען די ראָשי־כֹּהֲנים און די פּרושים האָבן געהערט זײַנע משָלים,
האָבן זיי זיך משַער־ געווען, אַז ער האָט גערעדט וועגן זיי. 46 און הַגַם זיי

א תהלים קיח, 22, 23.

האָבן געזוכט אים צו כאַפּן, האָבן זיי אָבער מורא געהאַט פאַרן פאָלק,
וואָרים מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ נביא.

**כב** און ישוע האָט ווידער צו זיי גערעדט מיט משלים, אַזוי צו זאָגן: 2 דאָס
מלכות־שמים איז געגליכן צו אַ מלך, וואָס האָט חתונה געמאַכט
זיין זון, 3 און ער האָט אַרויסגעשיקט זיינע קנעכט צו רופן די, וואָס זענען
געווען פאַרבעטן אויף דער חתונה; אָבער זיי האָבן ניט געוואָלט קומען. 4 האָט
ער נאָכאַמאָל אַרויסגעשיקט אַנדערע קנעכט, און געזאָגט: זאָגט די, וואָס
זענען געבעטן: זעט, מיין סעודה איז שוין אָנגעגרייט; מיינע אָקסן און מיינע
פּעטע רינדער זענען שוין געשאָכטן, און אַלצדינג איז גרייט; קומט צו דער
חתונה. 5 אָבער זיי האָט דאָס ניט געאַרט, און זענען זיך געגאַנגען, ווער צו
זיין פעלד, און ווער צו זיין מסחר; 6 און די איבעריקע האָבן גענומען זיינע
קנעכט, און האָבן זיי מיאוס באַהאַנדלט, און געטייט. 7 און דער מלך איז
אין כעס געוואָרן, און האָט געשיקט זיינע חילות, און אומגעבראַכט יענע
רוצחים, און פאַרברענט זייער שטאָט. 8 דערנאָך האָט ער געזאָגט צו זיינע
קנעכט: די חתונה איז גרייט, אָבער די, וואָס זענען געווען פאַרבעטן, זענען
ניט ווערט געווען. 9 גייט דעריבער אויף די שיידוועגן, און וויפל איר וועט
טרעפן, פאַרבעט אויף דער חתונה. 10 זענען די קנעכט אַרויסגעגאַנגען אויף
די וועגן, און האָבן איינגעזאַמלט אַלע, וועמען זיי האָבן באַגעגנט, סיי
שלעכטע און גוטע; און די חתונה איז געוואָרן פול מיט געסט.
11 און אַז דער מלך איז אַריינגעקומען אָנקוקן די געסט, האָט ער דאָרטן
געזען אַ מענטשן, וואָס האָט ניט געטראָגן קיין חתונה־מלבוש. 12 און ער האָט
צו אים געזאָגט: פריינט, וויאַזוי ביסטו אַהער אַריינגעקומען אָן אַ חתונה־
מלבוש? און ער איז געבליבן אָן לשון. 13 דעמאָלט האָט דער מלך געזאָגט
צו זיינע קנעכט: בינדט אים הענט און פיס, און וואַרפט אים אַרויס אין דער
דרויסנדיקער פינצטערניש; דאָרט וועט זיין געוויין און דאָס קריצן פון ציין.
14 וואָרים אַ סך זענען גערופן געוואָרן, אָבער ווינציק אויסדערוויילט.
15 דעמאָלט זענען די פרושים געגאַנגען און האָבן זיך אָן עצה געהאַלטן,
וויאַזוי אים צו כאַפּן ביי זיינע רייד. 16 און זיי האָבן צו אים געשיקט זייערע
תלמידים, מיט די הורדוס־לייט, אַזוי צו זאָגן: רבי, מיר ווייסן, אַז דו ביסט
וואָרהאַפטיק, און אַז דו לערנסט באמת דעם וועג פון גאָט; און דיך אַרט
ניט קיינער, וואָרים דו ביסט קיינעם ניט נושא־פּנים. 17 בכן, זאָג אונדז

וואָס דו מיינסט. דאַרף מען געבן שטייער דעם קֵיסר, אָדער ניט? [18] יֵשוּעַ
האָט אָבער דערקענט זייער רִשעות, און געזאָגט: פאַרוואָס פּרוּווט איר
מיך אויס, איר חוֹנפים? [19] ווייזט מיר דאָס שטייער־געלט. האָבן זיי אים
געבראַכט אַ דינָר. [20] און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: וועמעס איז דאָס דאָזיקע
בילד און די אויפשריפט? [21] זאָגן זיי: דעם קֵיסרס. דעמאָלט האָט ער צו זיי
געזאָגט: גיט דעריבער דעם קֵיסר דאָס, וואָס איז דעם קֵיסרס, און צו גאָט
דאָס, וואָס איז גאָטס. [22] און אַז זיי האָבן דאָס געהערט, זענען זיי נִשתּוֹמם
געוואָרן; און זיי האָבן אים אָפּגעלאָזט און זענען אַוועקגעגאַנגען.

[23] אין יענעם טאָג זענען צו אים געקומען צדוקים, וואָס זאָגן, אַז ס'איז
ניטאָ קיין תּחִיַת־הַמֵתים; און זיי האָבן אים געפרעגט, [24] אַזוי צו זאָגן: רֶבּי,
משה האָט געזאָגט: אויב אַ מענטש שטאַרבט, וואָס לאָזט ניט איבער נאָך
זיך קיין קינדער, זאָל זיין ברודער נעמען זיין ווייב, און אויפשטעלן זאָמען
פאַר זיין ברודער[א]. [25] געווען זענען ביי אונדז זיבן ברידער. דער ערשטער
האָט חַתוּנה געהאַט, און איז געשטאָרבן, און אַזוי ווי ער האָט ניט געהאַט
קיין זאָמען, האָט ער איבערגעלאָזט זיין ווייב פאַר זיין ברודער. [26] און
אַזוי איז אויך געווען מיטן צווייטן, און דעם דריטן, ביזן זיבעטן. [27] און צום
סוֹף, נאָך אַלע, איז געשטאָרבן דאָס ווייב. [28] בכֵן, ביי תּחִיַת־הַמֵתים, וועמעס
ווייב פון די זיבן וועט זי זיין? וואָרים זיי אַלע האָבן זי געהאַט.

[29] און יֵשוּעַ האָט געענטפערט, און צו זיי געזאָגט: איר מאַכט אַ טָעוּת,
ווייל איר קענט ניט די כּתבֵי־הַקוֹדֶש, און אויך ניט די מאַכט פון גאָט. [30] וואָרים
ביי תּחִיַת־הַמֵתים האָבן זיי ניט חַתוּנה, און מע טוט זיי אויך ניט חַתוּנה מאַכן,
נייערט זיי זענען ווי די מַלאָכים אין הימל. [31] און וואָס שַייך תּחִיַת־הַמֵתים,
האָט איר ניט געלייענט, וואָס איז צו אייך געזאָגט געוואָרן פון גאָט: [32] איך
בין דער גאָט פון אַברָהָם, און דער גאָט פון יִצחָק, און דער גאָט פון
יַעקבֿ[ב]? ער איז ניט דער גאָט פון טויטע, נייערט פון לעבעדיקע. [33] און אַז
דאָס פאָלק האָט דאָס געהערט, זענען זיי נִשתּוֹמם געוואָרן איבער זיין תּוֹרה.

[34] און בעת די פּרושים האָבן געהערט, אַז ער האָט די צדוקים געמאַכט
שווייגן, האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט אינאיינעם. [35] און איינער פון זיי, אַ תַּלמיד־
חָכם, האָט אים געפרעגט אַ שאֵלֶה, כּדי אים צו פּרוּוון: [36] רֶבּי, וועלכע איז
די גרעסטע מִצווה אין דער תּוֹרה? [37] האָט ער צו אים געזאָגט: דו זאָלסט

[א] דברים כה, 5, 6. [ב] שמות ג, 6.

ליב האָבן גאָט דיין האַר מיט דיין גאַנצן האַרצן, און מיט דיין גאַנצער נשָמה,
און מיט דיין גאַנצן פאַרשטאַנד[א]. 38 דאָס איז די גרעסטע און די ערשטע
מִצווה. 39 און אַ צווייטע איז ענלעך צו איר: דו זאָלסט ליב האָבן דיין חַבר
ווי דיך אַליין[ב]. 40 אויף די דאָזיקע צוויי מִצוות הענגט די גאַנצע תּורה און
די נבִיאים.

41 און בעת די פּרושים זענען געווען פאַרזאַמלט אינאיינעם, האָט זיי
יֵשוּע געפרעגט אַ קַשיא, אַזוי צו זאָגן: 42 וואָס דענקט איר וועגן דעם מָשִיחַ?
וועמעס זון איז ער? זאָגן זיי צו אים: דער בֶּן־דָוִד. 43 זאָגט ער צו זיי: טאָ
ווי קומט עס, וואָס דָוִד רופט אים אין גייסט האַר, בעת ער זאָגט:

44 גאָט האָט געזאָגט צו מיין האַר,
זעץ דיך ביי מיין רעכטער האַנט,
ביז איך וועל מאַכן דיינע פיינט פאַר דיין פוסבענקל[ג]?

45 בכֵן, אויב דָוִד רופט אים אָן האַר, וויאַזוי איז ער זיין זון? 46 און קיינער
האָט אים ניט געקענט ענטפערן קיין וואָרט, און פון יענעם טאָג אָן האָט
זיך שוין מער קיינער ניט דערלויבט אים צו פרעגן קיין קַשיות.

כג דעמאָלט האָט יֵשוּע גערעדט צום פאָלק און צו זיינע תַּלמידים: 2 די
סופרים און די פּרושים זיצן אויף משהס שטול; 3 דעריבער, אַלץ וואָס
זיי באַפעלן אייך, זאָלט איר אָפּהיטן און טאָן, אָבער טוט ניט נאָך זייערע
מַעשׂים; וואָרים זיי זאָגן, און טוען ניט. 4 זיי בינדן שווערע מַשׂאות, וואָס זענען
שווער צו דערטראָגן, און לייגן זיי אַרויף אויף די אַקסלען פון מענטשן;
אָבער זיי אַליין רירן ניט צו קיין פינגער צו זיי. 5 און אַלע זייערע מַעשׂים
טוען זיי נאָר, כּדי מענטשן זאָלן זיי זען. וואָרים זיי מאַכן ברייט זייערע
תּפילין און לאַנג די צִיצית; 6 און האָבן ליב דעם אויבן־אָן אויף סעודות,
און די חָשובסטע שטאָט אין די בָּתֵּי־כּנֵסיות, 7 און מען זאָל זיי אָפּגעבן שָלום
אין די מאַרקפּלעצער, און מענטשן זאָלן זיי רופן: רֶבּי. 8 אָבער איר זאָלט
זיך ניט לאָזן רופן רֶבּי, וואָרים איינער איז אייער רֶבּי, און איר אַלע
זענט ברידער. 9 און רופט קיינעם ניט אויף דער ערד אייער פאָטער, וואָרים
איינער איז אייער פאָטער, וואָס איז אין הימל. 10 איר זאָלט זיך אויך ניט
לאָזן רופן לערער, וואָרים איינער איז אייער לערער – דער מָשִיחַ. 11 און
דער גרעסטער צווישן אייך זאָל זיין אייער באַדינער; 12 און ווער סע וועט

א דברים ו, 5. ב ויקרא יט, 18. ג תהלים קי, 1.

זיך אַליין דערהייכן, וועט דערנידעריקט ווערן; און ווער סע וועט זיך אַליין דערנידעריקן, וועט ווערן דערהייכט.

[13] אָבער ווי צו אייך, סופרים און פּרושים, איר חונפים! וואָרים איר פאַרשליסט דאָס מַלכות־שָמַיִם פאַר מענטשן; ניט איר אַליין גייט אַריין, און ניט איר לאָזט אַרײַנגיין די, וואָס ווילן אַרײַנקומען.

[14] ווי צו אייך, סופרים און פּרושים, איר חונפים! וואָרים איר שלינגט איין די הייזער פון אַלמָנות, און כּלומרשט דאַוונט איר לאַנג; דערפאַר וועט איר קריגן אַ האַרבערן פּסַק.

[15] ווי צו אייך, סופרים און פּרושים, איר חונפים! וואָרים איר פאָרט אויס יַם און יַבָשה צו מאַכן איינעם פאַר אַ גֵר; און ווען ער ווערט עס שוין, מאַכט איר אים פאַר אַ בֶּן־גיהִנום, צוויי מאָל ערגער פון אייך.

[16] ווי צו אייך, איר בלינדע פירער, וואָס זאָגט: ווער סע שווערט ביים הֵיכל, איז עס גאָרניט; אָבער ווער סע שווערט ביים גאָלד פון הֵיכל, איז חַייב. [17] איר נאַראָנים און בלינדע! וואָרים וואָס איז גרעסער: דאָס גאָלד, אָדער דער הֵיכל, וואָס הייליקט דאָס גאָלד? [18] און: ווער סע שווערט ביים מִזבֵּחַ, דאָס איז גאָרניט; אָבער ווער סע שווערט ביים קָרבּן, וואָס איז אויף אים, איז חַייב. [19] איר בלינדע! וואָרים וואָס איז גרעסער, דער קָרבּן, אָדער דער מִזבֵּחַ, וואָס הייליקט דעם קָרבּן? [20] דעריבער, דער, וואָס שווערט ביים מִזבֵּחַ, שווערט ביי אים, און ביי אַלץ, וואָס איז אויף אים. [21] און דער, וואָס שווערט ביים הֵיכל, שווערט ביי אים, און ביי דעם, וואָס וואוינט אין אים. [22] און דער, וואָס שווערט ביים הימל, שווערט ביי דעם טראָן פון גאָט, און ביי דעם, וואָס זיצט אויף אים.

[23] ווי צו אייך, סופרים און פּרושים, איר חונפים! וואָרים איר גיט מַעשׂר פון מיענטע און אַניז און קימל, און האָט ניט מְקַיים געווען די מער חָשובערע זאַכן פון דער תּורה: מִשפּט, און חֶסֶד, און אֶמונה; די דאָזיקע האָט איר באַדאַרפט טאָן, און די אַנדערע אויך ניט אויסלאָזן. [24] איר בלינדע פירער, איר זײַעט דורך אַ פליגעלע, און שלינגט איין אַ קעמל!

[25] ווי צו אייך, סופרים און פּרושים, איר חונפים! וואָרים איר רייניקט דעם בעכער און די שיסל פון אויסנווייניק, אָבער אינעווייניק זענען זיי פול מיט גזֵילה און עַוולה. [26] דו בלינדער פּרושי! רייניק קודם דעם בעכער און די שיסל פון אינעווייניק, כּדי זיי זאָלן אויך ווערן ריין פון אויסנווייניק.

[27] ווי צו אייך, סופרים און פרושים, איר חונפים! וואָרים איר זענט
געגליכן צו געקאַלכטע קבָרים, וואָס אויסערלעך זענען זיי אויס שיין, אָבער
אינעווייניק זענען זיי פול מיט ביינער פון מֵתים, און מיט יעדער טומאה.
[28] פונקט אַזוי זעט איר אויסערלעך אויס ווי צַדיקים פאַר מענטשן, אָבער
אינעווייניק זענט איר פול מיט חֲניפה און שלעכטס.
[29] ווי צו אייך, סופרים און פרושים, איר חונפים! וואָרים איר בויט די
קבָרים פון די נבִיאים, און באַצירט די מַצֵבות פון די צַדיקים, [30] און זאָגט:
אויב מיר וואָלטן געלעבט אין די טעג פון אונדזערע אָבות, וואָלטן מיר
ניט געהאַט קיין חֵלֶק מיט זיי אין דעם בלוט פון די נבִיאים. [31] דערמיט
זאָגט איר אויף זיך אַליין עֵדות, אַז איר זענט די קינדער פון די, וואָס האָבן
געהַרגעט די נבִיאים. [32] דעריבער, מאַכט פול די מאָס פון אייערע אָבות.
[33] איר שלאַנגען, שפראָץ פון עקדישן, וויאַזוי וועט איר אַנטרינען פון דעם
מִשפט פון גיהֶנום? [34] דעריבער שיק איך צו אייך נבִיאים, און חֲכָמים, און
סופרים; עטלעכע פון זיי וועט איר טייטן, און קרייציקן; און עטלעכע פון
זיי וועט איר שמייסן אין אייערע בָתֵי־כּנֵסִיות, און רודְפן פון שטאָט צו
שטאָט, [35] כדי אויף אייך זאָל קומען דאָס גאַנצע רעכטפאַרטיקע בלוט, וואָס
איז פאַרגאָסן געוואָרן אויף דער ערד, פון דעם בלוט פון הֶבֶל־הַצַדיק, ביז
דעם בלוט פון זכַריָה בֶן־בֶרֶכיָה, וועמען איר האָט געטייט צווישן דעם
הֵיכל און מִזבֵחַ[א]. [36] פאַרוואָר, איך זאָג אייך, דאָס אַלץ וועט קומען אויף
דעם דאָזיקן דור.
[37] אָ ירושָלַיִם, ירושָלַיִם, וואָס הַרגעסט די נבִיאים, און פאַרשטיינסט די,
וואָס זענען געשיקט צו דיר! וויפל מאָל האָב איך געוואָלט איינזאַמלען
דיינע קינדער, ווי אַ הון זאַמלט איין אירע הינדלעך אונטער אירע פליגל,
און איר האָט ניט געוואָלט! [38] זעט, אייער הויז וועט אייך בלייבן חָרוב.
[39] וואָרים איך זאָג אייך, פון איצט אָן וועט איר מיך מער ניט זען, ביז איר
וועט זאָגן: בָרוך הַבָא אין דעם נאָמען פון גאָט[ב].

כד און יֵשוּעַ איז אַרויס פון דעם בֵית־הַמִקדש, און האָט געוואָלט אַוועק־
גיין, און זיינע תַלמידים האָבן צו אים גענענט, כדי אים צו ווייזן
די בִנְיָנים פון דעם בֵית־הַמִקדש. [2] אָבער ער האָט געענטפערט, און צו זיי

א בראשית ד, 8; דברי הימים ב׳ כד, 21. ב תהלים קיח, 26.

געזאָגט: זעט איר דאָס אַלץ? פאַרוואָר, איך זאָג אייך, סע וועט דאָ ניט
בלייבן אַ שטיין אויף אַ שטיין, וואָס וועט ניט אַראָפּגעוואָרפן ווערן.
3 און ווען ער איז געזעסן אויף דעם הַר־הַזֵּיתִים, האָבן גענעענט צו
אים זיינע תּלמידים, בעת זיי זענען געווען אַליין, און האָבן געזאָגט: זאָג
אונדז, ווען וועט דאָס געשען, און וואָס וועט זיין דער סִימן פון דיין קומען,
און פון דעם קֵץ פון דער וועלט? 4 און יֵשוּעַ האָט געענטפערט, און צו זיי
געזאָגט: זעט, אַז קיינער זאָל אייך ניט פאַרפירן. 5 וואָרים אַ סך וועלן
קומען אין מיין נאָמען, און זאָגן: איך בין דער מָשִׁיחַ, און וועלן אַ סך
פאַרפירן. 6 און איר וועט הערן פון מִלחָמות, און שמועות פון מִלחָמות, נאָר
איר זאָלט זיך ניט שרעקן; וואָרים דאָס אַלץ מוז קומען, אָבער דער קֵץ
איז דאָס ניט. 7 וואָרים אומה וועט אויפשטיין קעגן אומה, און מלוכה קעגן
מלוכה, און סע וועלן זיין הונגער און ערדציטערנישן אין פאַרשידענע
ערטער. 8 אָבער דאָס אַלץ איז בלויז דער אָנהייב פון די ווייען.
9 דעמאָלט וועלן זיי אייך איבערענטפערן צו פּייניקונג, און אייך טייטן;
און איר וועט זיין געהאַסט פון אַלע אומות פון מיין נאָמענס וועגן. 10 און
דעמאָלט וועלן אַ סך געשטרויכלט ווערן, און פאַרראַטן איינער דעם
אַנדערן, און פיינט האָבן איינער דעם אַנדערן. 11 און אַ סך פאַלשע נביאים
וועלן אויפשטיין, און וועלן אַ סך פאַרפירן. 12 און ווייל דאָס רִשעות וועט
זיך פאַרמערן, וועט די ליבשאַפט ביי דעם רוב אָפּגעקילט ווערן. 13 אָבער
דער, וואָס וועט אויסהאַלטן ביזן סוף, וועט ניצול ווערן. 14 און די דאָזיקע
בשׂורה פון דעם מַלכות וועט אָנגעזאָגט ווערן אין דער גאַנצער וועלט, פאַר
אַן עֵדות צו אַלע אומות; און דערנאָך וועט קומען דער קֵץ.
15 דעריבער, ווען איר וועט זען די אומווערדיקייט פון דער פאַרוויסטונג,
וואָס פון איר רעדט דָנִיֵאל הַנָבִיא[א], שטיין אין מָקום־קָדוש (זאָל דער, וואָס
טוט לייענען, פאַרשטיין), 16 דעמאָלט זאָלן די, וואָס זענען אין יהודה, אַנטרינען
אין די בערג; 17 זאָל דער, וואָס איז אויפן דאַך, ניט אַראָפּגיין נעמען עפּעס
פון זיין הויז; 18 און זאָל דער, וואָס איז אין פעלד, זיך ניט אומקערן צו נעמען
זיין מאַנטל. 19 אָבער וויי איז צו די, וואָס זענען מעוּבֶרת, און וואָס גיבן צו
זייגן אין יענע טעג! 20 און בעט, אַז אייער אַנטרינונג זאָל ניט זיין אין ווינטער,
אָדער אין אַ שַבת. 21 וואָרים דעמאָלט וועט זיין אַ גרויסע צָרה, אַזאַ, וואָס

[א] דניאל ט, 27; יא, 31; יב, 11.

איז נאָך ניט געווען פון אָנהייב וועלט ביז איצט, און וועט שוין מער ניט
זיין. 22 און וואָלטן יענע טעג ניט פאַרקירצט געוואָרן, וואָלט קיין שום
בָּשׂר־וָדָם ניט נִיצול געוואָרן; נייערט צוליב די אויסדערוויילטע וועלן יענע
טעג פאַרקירצט ווערן. 23 אויב סע וועט דעמאָלט ווער צו אייך זאָגן: אָט
איז דער מָשִׁיחַ! אָדער: דאָרטן איז ער! זאָלט איר עס ניט גלויבן.
24 וואָרים סע וועלן אויפשטיין פאַלשע מְשִׁיחִים, און פאַלשע נביאים, וואָס
וועלן באַווייזן גרויסע צייכנס און וואונדער, כּדי צו פאַרפירן, אויב מעגלעך,
אַפילו די סאַמע אויסדערוויילטע. 25 זעט, איך האָב עס אייך פאָרויסגעזאָגט.
26 דעריבער, אויב זיי וועלן צו אייך זאָגן: זעט, ער איז אין דער מִדבּר,
זאָלט איר ניט אַרויסגיין; זעט, ער איז אין די קאַמערן, זאָלט איר עס
ניט גלויבן. 27 וואָרים ווי דער בליץ קומט אַרויס פון מִזרח און לייכט ביזן
מַערב, אַזוי וועט זיין דאָס קומען פון דעם בֶּן־אָדָם. 28 אַוואו ס'איז די
נבֵילה, דאָרט וועלן זיך די אָדלערס פאַרזאַמלען.

29 און תֵּיכֶּף נאָך דער צָרה פון יענע טעג וועט די זון פינצטער ווערן,
און די לְבָנה וועט ניט געבן איר ליכט, און די שטערן וועלן פאַלן פון הימל,
און די חַיָלות פון הימל וועלן אויפגעטרייסלט ווערן. 30 און דעמאָלט וועט
זיך באַווייַזן דער צייכן פון דעם בֶּן־אָדָם אין הימל, און אַלע מִשפּחות פון
דער ערד וועלן קלאָגן, און זיי וועלן זען דעם בֶּן־אָדָם קומען אויף די
וואָלקנס פון הימל מיט גבורה און גרויס כָּבוד. 31 און ער וועט אַרויסשיקן
זיינע מַלאָכים מיט אַ שטאַרקן קול פון אַ שופר, און זיי וועלן צונויפזאַמלען
זיינע אויסדערוויילטע פון די פיר ווינטן, פון איין עק הימל ביזן אַנדערן.

32 נעמט זיך אַראָפּ אַ מָשל פון דעם פייַגנבוים: ווען זיין צווייג ווערט
זאַפטיק און גיט אַרויס בלעטער, דעמאָלט ווייסט איר, אַז דער זומער איז
נאָענט. 33 אַזוי אויך איר, ווען איר וועט דאָס אַלץ זען, טאָ ווייסט, אַז ער
איז נאָענט ביי דער טיר. 34 פאַרוואָר, איך זאָג אייך, דער דאָזיקער דור
וועט ניט פאַרגיין, ביז דאָס אַלץ וועט געשען. 35 הימל און ערד וועלן
פאַרגיין, אָבער מיינע רייד וועלן קיינמאָל ניט פאַרגיין.

36 און פון יענעם טאָג און שָעה ווייסט קיינער ניט, אַפילו ניט די מַלאָכים
אין הימל, אויך ניט דער זון, נייערט נאָר דער פאָטער אַליין. 37 און ווי עס
איז געווען אין די טעג פון נֹחַן, אַזוי וועט זיין דאָס קומען פון דעם בֶּן־אָדָם.
38 וואָרים ווי אין יענע טעג פאַרן מַבּול האָבן זיי געגעסן און געטרונקען,

חַתונה געהאַט, און חַתונה געמאַכט, ביזן טאָג ווען נֹחַ איז אַרײַנגעגאַנגען אין
דער תֵּיבה, 39 און זיי האָבן ניט געוואוסט, ביז דער מַבּול איז געקומען, און
האָט זיי אַלע אָפּגעמעקט; פּונקט אַזוי וועט זײַן דאָס קומען פון דעם בֶּן־
אָדָם. 40 דעמאָלט וועלן צוויי זײַן אין פעלד; איינער וועט אַוועקגענומען
ווערן, און דער אַנדערער וועט איבערגעלאָזט ווערן. 41 צוויי ווייבער וועלן
מאָלן מיט דעם מִילשטיין; איינע וועט אַוועקגענומען ווערן, און די אַנדערע
וועט איבערגעלאָזט ווערן. 42 דעריבער וואַכט, וואָרים איר ווייסט ניט אין
וואָסער טאָג אייער האַר טוט קומען. 43 אָבער דאָס זאָלט איר וויסן, אַז אויב
דער בַּעל־הַבַּיִת וואָלט געוואוסט אין וואָסער נאַכטוואַך דער גַנב וועט
קומען, וואָלט ער געוועזן געוואַכט און ניט צוגעלאָזט, אַז זײַן הויז זאָל
אײַנגעבראָכן ווערן. 44 דעריבער זאָלט איר אויך זײַן גרייט; וואָרים דער
בֶּן־אָדָם וועט קומען אין אַ שָׁעה, אויף וועלכער איר ריכט זיך ניט.

45 ווער איז אָבער דער געטרייער און קלוגער קנעכט, וועמען זײַן האַר
האָט געזעצט איבער זײַן הויזגעזינד, צו געבן זיי זייער שפּייז אין דער רעכטער
צייט? 46 וואויל איז יענעם קנעכט, וואָס בעת זײַן האַר וועט קומען, וועט ער
אים טרעפן טאָן אַזוי. 47 פאַרוואָר, איך זאָג אײַך, ער וועט אים זעצן איבער
אַלע זײַנע גִיטער. 48 אויב אָבער יענער שלעכטער קנעכט וועט זאָגן אין זײַן
האַרץ: מײַן האַר זאַמט זיך, 49 און ער וועט אָנהייבן שלאָגן זײַנע מיטקנעכט,
און עסן און טרינקען מיט שִׁיכּורים, 50 דעמאָלט וועט דער האַר פון יענעם
קנעכט קומען אין אַ טאָג, אויף וועלכן ער ריכט זיך ניט, און אין אַ שָׁעה,
פון וואָס ער ווייס ניט; 51 און ער וועט אים צעמֶמיתן, און באַשטימען זײַן חֵלֶק
מיט די חוֹנפים; דאָרט וועט זײַן געוויין און דאָס קריצן מיט די ציין.

כה דעמאָלט וועט דאָס מַלכות־שָׁמַיִם זײַן געגליכן צו צען יונגפרויען,
וואָס האָבן גענומען זייערע לאָמפּן און זענען אַרויסגעגאַנגען מקַבּל־
פָּנים זײַן דעם חָתן. 2 פינף פון זיי זענען געווען נאַריש, און פינף קלוג. 3 וואָרים
די נאַרישע האָבן גענומען זייערע לאָמפּן, און ניט מיטגענומען מיט זיך קיין
אײל; 4 די קלוגע אָבער האָבן גענומען אײל אין זייערע כֵּלים, צוזאַמען מיט
זייערע לאָמפּן. 5 און הֱיות ווי דער חָתן האָט זיך פאַרזאַמט, האָבן זיי אַלע
געדרימלט און זענען אײַנגעשלאָפן. 6 אָבער אַרום האַלבער נאַכט האָט זיך
דערהערט אַ געשריי: אָט איז דער חָתן; גייט אים אַנטקעגן! 7 דעמאָלט האָבן
זיך אַלע יונגפרויען אויפגעכאַפּט, און האָבן צורעכט געמאַכט זייערע לאָמפּן.

8 און די נאַרישע האָבן געזאָגט צו די קלוגע: גיט אונדז פון אייער אײַל, ווייל
אונדזערע לאָמפּן גייען אויס. 9 אָבער די קלוגע האָבן געענטפערט: ניין, טאָמער
וועט ניט זיין גענוג פאַר אונדז און פאַר אייך; גייט ליבערשט צו די קרעמער,
און קויפט אייך. 10 און בעת זיי זענען אַוועקגעגאַנגען קויפן, איז אָנגעקומען
דער חתן; און די, וואָס זענען געווען גרייט, זענען אַרײַנגעגאַנגען מיט אים
צו דער חתונה, און די טיר איז פאַרשלאָסן געוואָרן. 11 דערנאָך זענען אויך
געקומען די אַנדערע יונגפרויען, און האָבן געזאָגט: האַר, האַר, עפן אויף
פאַר אונדז. 12 אָבער ער האָט געענטפערט: פאַרוואָר, איך זאָג אייך, איך קען
אייך ניט. 13 דעריבער וואַכט, ווייל איר קענט ניט דעם טאָג, אָדער די שעה!
14 וואָרים עס איז אַזוי ווי אַ מענטש, וואָס האָט געוואָלט אַוועקפאָרן,
און ער האָט גערופן זיינע קנעכט, און האָט זיי איבערגעגעבן זיין פאַרמעגן.
15 און איינעם האָט ער געגעבן פינף טאַלאַנטן, אַן אַנדערן צוויי, און אַן
אַנדערן איינעם, איעדן לויט זיין באַזונדערער פעאיִקייט, און דערנאָך איז
ער אַוועקגעפאָרן. 16 און דער, וואָס האָט באַקומען די פינף טאַלאַנטן, איז
תּיכּף אַוועקגעגאַנגען און האָט מיט זיי געהאַנדלט, און פאַרדינט אַנדערע
פינף טאַלאַנטן. 17 און אויך דער, וואָס האָט באַקומען צוויי, האָט פאַרדינט
אַנדערע צוויי. 18 און דער, וואָס האָט באַקומען איינעם, איז געגאַנגען און
האָט געמאַכט אַ גרוב אין דער ערד, און פאַרבאָרגן זיין האַרס געלט.
19 און נאָך אַ לענגערער צייט האָט זיך דער האַר פון יענע קנעכט צוריק־
געקערט, און געמאַכט מיט זיי אַ חשבון. 20 און גענעענט האָט דער, וואָס
האָט באַקומען פינף טאַלאַנטן, און געבראַכט פינף אַנדערע טאַלאַנטן, און
געזאָגט: האַר, דו האָסט מיר איבערגעגעבן פינף טאַלאַנטן; זע, איך האָב
פאַרדינט אַנדערע פינף טאַלאַנטן. 21 האָט זיין האַר צו אים געזאָגט: האָסט
גוט געטאָן, גוטער און געטרייער קנעכט; דו ביסט געווען געטריי איבער
ווייניק, וועל איך דיך זעצן איבער אַ סך; קום אַרײַן צו דער שׂמחה פון
דיין האַר! 22 און גענעענט האָט דער, וואָס האָט באַקומען צוויי טאַלאַנטן,
און געזאָגט: האַר, דו האָסט מיר איבערגעגעבן צוויי טאַלאַנטן; זע, איך
האָב פאַרדינט אַנדערע צוויי טאַלאַנטן. 23 האָט זיין האַר צו אים געזאָגט:
האָסט גוט געטאָן, גוטער און געטרייער קנעכט; דו ביסט געווען געטריי
איבער ווייניק, וועל איך דיך זעצן איבער אַ סך; קום אַרײַן צו דער שׂמחה
פון דיין האַר! 24 און גענעענט האָט אויך דער, וואָס האָט באַקומען איין

טאַלאַנט, און געזאָגט: האַר, איך האָב געוואוסט, אַז דו ביסט אַ האַרטער
מענטש, און טוסט שניידן, וואו דו האָסט ניט געזייַט, און זאַמלסט איין,
וואו דו האָסט ניט פאַרשפּרייט; 25 און ווייל איך האָב מורא געהאַט, בין
איך געגאַנגען און האָב פאַרבאָרגן דיין טאַלאַנט אין דער ערד; אָט האָסטו
דיר דיינס. 26 און זיין האַר האָט געענטפערט, און צו אים געזאָגט: דו
שלעכטער און פוילער קנעכט! האָסט געוואוסט, אַז איך שנייד, וואו איך
האָב ניט געזייַט, און זאַמל איין, וואו איך האָב ניט פאַרשפּרייט; 27 דערפאַר
האָסטו געדאַרפט איינלייגן מיין געלט ביי די חַלפָנים, און ביי מיין צוריק־
קומען, וואָלט איך אָפּגענומען דאָס מייניקע מיט פּראָצענט. 28 נעמט דעריבער
צו ביי אים דעם טאַלאַנט, און גיט דאָס דעם, וואָס האָט די צען טאַלאַנטן.
29 וואָרים איטלעכער, וואָס האָט, דעם וועט געגעבן ווערן, און ער וועט
האָבן בשֶפע; אָבער דער, וואָס האָט ניט, פון דעם וועט אויך דאָס, וואָס
ער האָט, צוגענומען ווערן. 30 און וואַרפט אַרויס דעם אומניצלעכן קנעכט
אין דער דרויסנדיקער פינצטערניש; דאָרט וועט זיין געוויין און דאָס קריצן
פון ציין.

31 און בעת דער בֶן־אָדָם וועט קומען אין זיין כָבוד, און אַלע מַלאָכים
מיט אים, דעמאָלט וועט ער זיך זעצן אויף זיין כִסֵא־הַכָבוד. 32 און פאַר
אים וועלן אייַנגעזאַמלט ווערן אַלע אומות, און ער וועט זיי אָפּשיידן איינס
פון דעם אַנדערן, פונקט ווי אַ פּאַסטעך שיידט אָפּ די שאָף פון די ציגן,
33 און ער וועט שטעלן די שאָף ביי זיין רעכטער האַנט, און די ציגן, ביי זיין
לינקער. 34 דערנאָך וועט דער מֶלך זאָגן צו די ביי זיין רעכטער האַנט:
קומט, איר געבענטשטע פון מיין פאָטער, יַרשנט דאָס מַלכות, וואָס איז פאַר
אייך אָנגעברייט זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן. 35 וואָרים איך בין
געווען הונגעריק, און איר האָט מיר געגעבן צו עסן; איך בין געווען
דאָרשטיק, און איר האָט מיר געגעבן צו טרינקען; איך בין געווען אַן אורח,
און איר האָט מיך מַכנִיס־אורח געווען; 36 איך בין געווען נאַקעט, און איר
האָט מיך באַקליידט; איך בין געווען קראַנק, און איר האָט מיך מבַקר־חולה
געווען; איך בין געווען אין תפיסה, און איר זענט געקומען צו מיר.
37 דעמאָלט וועלן די צַדיקים אים ענטפערן, און זאָגן: האַר, ווען האָבן מיר
דיך געזען הונגעריק, און האָבן דיך געשפּייזט, אָדער דאָרשטיק, און האָבן
דיר געגעבן צו טרינקען? 38 און ווען האָבן מיר דיך געזען אַן אורח, און

האָבן דיך מַכנִיס־אורח געווען? אָדער נאַקעט, און האָבן דיך באַקליידט?
39 און ווען האָבן מיר דיך געזען קראַנק, אָדער אין תּפִיסה, און זענען צו
דיר געקומען? 40 און דער מֶלך וועט ענטפערן, און צו זיי זאָגן: פאַרוואָר,
איך זאָג אייך, וואָס איר האָט געטאָן פאַר איינעם פון די דאָזיקע מינדסטע
ברידער מיינע, האָט איר געטאָן פאַר מיר. 41 דערנאָך וועט ער אויך
זאָגן צו די ביי זיין לינקער האַנט: קערט אָפּ פון מיר, איר פאַרשאָלטענע,
אין אייביקן פייער אַריין, וואָס איז אָנגעברייט פאַר דעם שָׂטן און זיינע
מַלאָכים! 42 וואָרים איך בין געווען הונגעריק, און איר האָט מיר ניט געגעבן
צו עסן; איך בין געווען דאָרשטיק, און איר האָט מיר ניט געגעבן צו
טרינקען; 43 איך בין געווען אַן אורח, און איר האָט מיך ניט מַכנִיס־אורח
געווען; נאַקעט, און איר האָט מיך ניט באַקליידט; קראַנק, און אין תּפִיסה,
און איר זענט צו מיר ניט געקומען. 44 דעמאָלט וועלן זיי אויך ענטפערן,
און זאָגן: האַר, ווען האָבן מיר דיך געזען הונגעריק, אָדער דאָרשטיק,
אָדער אַן אורח, אָדער נאַקעט, אָדער קראַנק, אָדער אין תּפִיסה, און
האָבן דיך ניט באַדינט? 45 דעמאָלט וועט ער זיי ענטפערן: פאַרוואָר, איך
זאָג אייך, וואָס איר האָט ניט געטאָן פאַר איינעם פון די דאָזיקע מינדסטע,
האָט איר אויך ניט געטאָן פאַר מיר. 46 און די דאָזיקע וועלן אַוועקגיין צו
אייביקער שטראָף, אָבער די צַדיקים צום אייביקן לעבן.

כו און עס איז געווען, בעת יֵשוּעַ האָט פאַרענדיקט די דאָזיקע אַלע
רייד, האָט ער געזאָגט צו זיינע תַּלמידים: 2 איר ווייסט, אַז אין צוויי
טעג אַרום איז פֶּסַח, און דער בֶּן־אָדָם וועט איבערגעענטפערט ווערן
געקרייציקט צו ווערן.

3 דעמאָלט האָבן זיך פאַרזאַמלט די ראָשי־כֹּהֲנים, און די זְקֵנים פון
פאָלק, אין הויף פון דעם כֹּהֵן־גָדול, וואָס האָט געהייסן קַיָפָא, 4 און זיי האָבן
זיך אַן עֵצה געהאַלטן, וויאַזוי צו כאַפּן יֵשוּעַן מיט כיטרעקייט, און אים טייטן.
5 אָבער זיי האָבן געזאָגט: ניט אום יום־טוב, כדי סע זאָל ניט אַרויסרופן
אַ מהומה צווישן דעם פאָלק.

6 און בעת יֵשוּעַ איז געווען אין בֵּית־הִינִי, אין הויז פון שִמעוֹן דעם
מצוֹרע, 7 האָט גענעענט צו אים אַ פרוי, וואָס האָט געהאַט אַן אַלאַבאַסטער
קריגל מיט זייער טייערן זאַלבאייל, און זי האָט אים אויסגעגאָסן אויף זיין

קאָפּ, בעת ער איז געזעסן ביים טיש. 8 און אַז די תּלמידים האָבן דאָס
געזען, האָט עס זיי פֿאַרדראָסן, און האָבן געזאָגט: הַלמאַי אַזאַ אויסברענגונג?
9 מע האָט דאָך דאָס געקענט פֿאַרקויפֿן פֿאַר אַ סך געלט, און עס געבן
צו די אָרעמעלייט. 10 אָבער אַז יֵשוּעַ האָט דאָס באַמערקט, האָט ער צו זיי
געזאָגט: פֿאַרוואָס זענט איר מצער די פֿרוי? זי האָט דאָך געטאָן מיט מיר
אַ חֶסֶד. 11 וואָרים די אָרעמעלייט האָט איר תּמיד מיט זיך, אָבער מיך וועט
איר תּמיד ניט האָבן. 12 און דאָס, וואָס זי האָט אויסגעגאָסן דעם זאַלבאייל
אויף מיין לייַב, האָט זי עס געטאָן מיך אָנצוברייטן צו קבורה. 13 פֿאַרוואָר,
איך זאָג אייך, וואו נאָר די דאָזיקע בשׂורה־טובה וועט אָנגעזאָגט ווערן אין
דער גאַנצער וועלט, וועט אויך דאָס, וואָס זי האָט געטאָן, דערמאָנט ווערן
איר צום אָנדענק.

14 דעמאָלט איז איינער פֿון די צוועלף, וואָס האָט געהייסן יהודה
איש־קריות, אַוועקגעגאַנגען צו די ראָשי־כּהנים, 15 און האָט געזאָגט: וואָס
זענט איר גרייט מיר צו געבן, אויב איך וועל אים אייך איבערענטפֿערן?
און זיי האָבן אים אָפּגעוואויגן דרייסיק זילבערשטיק. 16 און פֿון דעמאָלט
אָן האָט ער געזוכט אַ געלעגנהייט אים צו פֿאַרראָטן.

17 און דעם ערשטן טאָג פֿון חגֿ־המצות האָבן גענעענט די תּלמידים צו
יֵשוּעַ, און האָבן געזאָגט: וואו ווילסטו, אַז מיר זאָלן דיר אָנברייטן צו עסן
דעם קרבן־פּסח? 18 האָט ער געזאָגט: גייט אין דער שטאָט אַריין צו דעם
און דעם, און זאָגט אים: דער רבי זאָגט: מיין צייט איז נאָענט; איך וועל
האַלטן פּסח מיט מיינע תּלמידים ביי דיר. 19 און די תּלמידים האָבן געטאָן
ווי יֵשוּעַ האָט זיי געהייסן, און זיי האָבן אָנגעברייט דעם קרבן־פּסח.

20 און אַז ס'איז געוואָרן אָוונט, האָט ער זיך געזעצט צום טיש מיט די
צוועלף תּלמידים; 21 און בשעת דעם עסן האָט ער געזאָגט: פֿאַרוואָר, איך
זאָג אייך, איינער פֿון אייך וועט מיך פֿאַרראָטן. 22 און זיי האָבן זיך זייער
מצער געווען, און איינער נאָך דעם אַנדערן האָט גענומען צו אים זאָגן:
בין איך דאָס, האַר? 23 און ער האָט געענטפֿערט, און געזאָגט: דער, וואָס
האָט איינגעטונקען זיין האַנט מיט מיר אין דער שיסל, וועט מיך פֿאַרראָטן.
24 יאָ, דער בן־אָדם גייט אַוועק, אַזוי ווי סע שטייט געשריבן וועגן אים;
אָבער וויי צו דעם מענטשן, דורך וועמען דער בן־אָדם ווערט פֿאַרראָטן!
בעסער וואָלט פֿאַר יענעם מענטשן געווען, אויב ער וואָלט ניט געבוירן

געוואָרן. 25 און יהודה, וואָס האָט אים פאַרראַטן, האָט געזאָגט: בין איך
עס, רבי? האָט ער צו אים געזאָגט: דו האָסט עס געזאָגט.
26 און בעת זיי האָבן געגעסן, האָט ישוע גענומען אַ מצה, און האָט אַ
ברכה געמאַכט, און זי צעבראָכן, און געגעבן די תלמידים, און געזאָגט:
נעמט, עסט; דאָס איז מיין לייב. 27 און ער האָט גענומען דעם כּוס, און
האָט אַ ברכה געמאַכט, און אים זיי געגעבן, און געזאָגט: טרינקט אַלע פון
אים, 28 וואָרים דאָס איז מיין בלוט פון דעם נייעם בונד[א], וואָס ווערט
פאַרגאָסן פאַר אַ סך פונוועגן דער פאַרגעבונג פון זינד. 29 און איך זאָג
אייך: איך וועל מער ניט טרינקען פון דער פרוכט פון דעם וויינשטאָק, ביז
יענעם טאָג, ווען איך וועל אים טרינקען אויפסניי מיט אייך אין דעם מלכות
פון מיין פאָטער.
30 און נאָכדעם ווי זיי האָבן אָפּגעזונגען הלל, זענען זיי אַרויסגעגאַנגען
צום הר־הזיתים. 31 דעמאָלט האָט ישוע צו זיי געזאָגט: איר אַלע וועט די
נאַכט אָן מיר געשטרויכלט ווערן; וואָרים עס שטייט געשריבן:

איך וועל שלאָגן דעם פּאַסטעך,
און די שאָף פון דער סטאַדע וועלן צעשפּרייט ווערן[ב].

32 אָבער נאָך מיין אויפשטיין תחית־המתים, וועל איך אייך פאָרויסגיין קיין
גליל. 33 האָט פּעטרוס זיך אָפּגערופן, און צו אים געזאָגט: אויב אַפילו אַלע
זאָלן אָן דיר געשטרויכלט ווערן, וועל איך אָבער קיינמאָל ניט געשטרויכלט
ווערן. 34 און ישוע האָט צו אים געזאָגט: פאַרוואָר, איך זאָג דיר, אַז היינטיקע
נאַכט נאָך, איידער דער האָן וועט קרייען, וועסטו מיך דריי מאָל פאַרלייקענען.
35 האָט פּעטרוס צו אים געזאָגט: אויב אַפילו איך זאָל מוזן מיט דיר שטאַרבן,
וועל איך דיך דאָך ניט פאַרלייקענען. און אַזוי האָבן אויך געזאָגט אַלע
תלמידים.
36 דערנאָך איז ישוע מיט זיי געקומען אויף אַ פּלאַץ, וואָס האָט געהייסן
גת־שמני, און ער האָט געזאָגט צו זיינע תלמידים: זעצט אייך דאָ אַנידער,
ביז איך גיי צו אַהין מתפּלל זיין. 37 און ער האָט מיט זיך גענומען פּעטרוסן
און ביידע זין פון זבדין, און האָט אָנגעהויבן זיך מצער צו זיין און איז
געווען שטאַרק טרויעריק. 38 און ער האָט צו זיי געזאָגט: אויף מיין נשמה
איז מיר זייער ביטער, אַזש צום טויט; בלייבט דאָ, און וואַכט מיט מיר.

א ירמיה לא, 30. ב זכריה יג, 7.

[39] און ער איז אָפּגעגאַנגען אַביסל ווייטער, און איז געפֿאַלן אויף זיין פּנים, און האָט מתפּלל געווען: פּאָטער מיינער, אויב דאָס איז מעגלעך, זאָל דער דאָזיקער כּוס פֿאַר מיר פֿאַרמיטן ווערן; דאָך ניט ווי איך וויל, נייערט ווי דו ווילסט. [40] און ער איז געקומען צו די תּלמידים, און האָט זיי געפֿונען שלאָפֿנדיק; און ער האָט געזאָגט צו פּעטרוסן: האָט איר ניט געקאָנט וואַכן מיט מיר איין שעה? [41] וואַכט און זייט מתפּלל, כּדי איר זאָלט ניט קומען צו קיין נסיון; דער גייסט איז טאַקע ווילִיק, אָבער דאָס פֿלייש איז שוואַך. [42] און ער איז אַ צווייט מאָל ווידער אַוועקגעגאַנגען, און האָט מתפּלל געווען, אַזוי צו זאָגן: פּאָטער מיינער, אויב דער דאָזיקער כּוס קאָן ניט פֿאַרמיטן ווערן, סיידן איך טו אים טרינקען, זאָל דיין רצון געשען. [43] און ער איז געקומען און האָט זיי ווידער געפֿונען שלאָפֿנדיק, וואָרים זייערע אויגן זענען געווען שווער. [44] און ער האָט זיי געלאָזן און איז אַוועקגעגאַנגען, און האָט אַ דריט מאָל מתפּלל געווען, און איבערגעחזרט די זעלבע ווערטער. [45] דערנאָך איז ער געקומען צו די תּלמידים, און האָט צו זיי געזאָגט: טוט איר נאָך אַלץ שלאָפֿן און רוען? זעט, די שעה איז געקומען, און דער בן־אָדם ווערט איבערגעענטפֿערט אין די הענט פֿון די זינדיקע. [46] שטייט אויף, לאָמיר גיין; אָט קומט מיין מסור אָן.

[47] און ווי ער האָט נאָך גערעדט, איז אָנגעקומען יהודה, איינער פֿון די צוועלף, און מיט אים אַ גרויסער המון מיט שווערדן און שטעקנס, פֿון די ראָשי־כֹּהנים און זקֵנים פֿון דעם פֿאָלק. [48] און דער מסור האָט זיי געגעבן אַ סימן, און געזאָגט: וועמען איך וועל אַ קוש טאָן, דער איז עס; נעמט אים. [49] און ער איז גלייך צוגעגאַנגען צו ישוען, און האָט געזאָגט: שלום, רבּי! און האָט אים געקושט. [50] און ישוע האָט צו אים געזאָגט: פֿריינט, צוליב וואָס ביסטו געקומען? דעמאָלט האָבן זיי געגעענט און אַרויפֿגעלייגט זייערע הענט אויף ישוען, און האָבן אים גענומען. [51] ערשט איינער פֿון די, וואָס זענען געווען מיט ישוען, האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און אַרויסגעצויגן זיין שווערד, און האָט געשלאָגן דעם כֹּהן־גָדוֹלס קנעכט, און אים אָפּגעהאַקט אַן אויער. [52] דעמאָלט האָט ישוע צו אים געזאָגט: שטעק צוריק אַריין דיין שווערד אין דער שייד; וואָרים אַלע, וואָס נעמען די שווערד, וועלן אומקומען דורך דער שווערד. [53] צי מיינסטו, אַז איך וואָלט ניט געקאָנט בעטן מיין פֿאָטער, ער זאָל מיר טאַקע איצט שיקן מער

ווי צוועלף מַחנות מַלאָכים? [54] אָבער וויאַזוי וואָלטן די כּתבֵי־הַקוֹדֶש מקוים
געוואָרן, ווען סע מוז אַזוי זײַן? [55] אין יענער שָעה האָט יֵשוּעַ געזאָגט צום
הָמון: זענט איר אַרויסגעקומען ווי קעגן אַ גַזלן, מיך צו נעמען מיט שווערד
און שטעקנס? טאָג־טעגלעך בין איך געזעסן אין בֵּית־הַמִקדש און האָב
געלערנט, און איר האָט מיך ניט גענומען. [56] אָבער דאָס אַלץ איז געשען,
כּדי די רייד פון די נבֿיאים זאָלן מקוים ווערן. דעמאָלט האָבן אים אַלע
תַּלמידים פאַרלאָזט, און זענען אַנטרונען.

[57] און די, וואָס האָבן גענומען יֵשוּעַן, האָבן אים אַוועקגעפירט צו קַיָפָא,
דעם כֹּהן־גָדול, וואו די סופרים און זְקֵנים זענען געווען פאַרזאַמלט. [58] און
פּעטרוס איז אים נאָכגעגאַנגען פון דער ווײַטנס, ביזן הויף פון כֹּהן־גָדול,
און ער איז אַרײַנגעגאַנגען און האָט זיך געזעצט מיט די באַדינער, צו
זען וואָס דער סוף וועט זײַן. [59] און די ראָשי־כֹּהֲנים און דער גאַנצער
סַנהֶדרין האָבן געזוכט פאַלשע עֵדות קעגן יֵשוּעַן, כּדי אים צו קענען טייטן;
[60] און זיי האָבן ניט געפונען, כאָטש אַ סך פאַלשע עֵדות זענען געקומען צו
גיין. צום סוף זענען געקומען צוויי, [61] און האָבן געזאָגט: דער דאָזיקער
האָט געזאָגט: איך בין בִּיכוֹלת אײַנצוּוואַרפן דעם הֵיכל פון גאָט, און אים
אויפבויען אין דריי טעג. [62] און דער כֹּהן־גָדול איז אויפגעשטאַנען און האָט
צו אים געזאָגט: דו ענטפערסט גאָרניט? וואָס באַטייט זייער עֵדות זאָגן
קעגן דיר? [63] אָבער יֵשוּעַ האָט געשוויגן. און דער כֹּהן־גָדול האָט צו אים
געזאָגט: איך באַשווער דיך בײַ דעם לעבעדיקן גאָט, אַז דו זאָלסט אונדז
זאָגן, צי דו ביסט דער מָשִיחַ, דער בֶּן־אֱלֹהִים. [64] האָט יֵשוּעַ צו אים געזאָגט:
דו האָסט עס געזאָגט. און זאָגן זאָג איך אײַך, אַז פון איצט אָן וועט איר
זען דעם בֶּן־אָדָם זיצן בײַ דער רעכטער האַנט פון דער גבֿורה, און קומען
אויף די וואָלקנס פון הימל. [65] דעמאָלט האָט דער כֹּהן־גָדול צעריסן זײַנע
בגָדים, און געזאָגט: ער האָט געלעסטערט; צו וואָס דאַרפן מיר נאָך עֵדות?
אָט האָט איר אַליין געהערט די לעסטערונג. [66] וואָס איז אײַער דֵעה? און
זיי האָבן געענטפערט: ער איז חַייב מִיתה! [67] דעמאָלט האָבן זיי אים
אָנגעשפּיגן אין פָּנים, און אים געשלאָגן מיט די פויסטן, און אַנדערע האָבן
אים געפּאַטשט, [68] און געזאָגט: זאָג נבֿיאות, דו מָשִיחַ! ווער איז עס, וואָס
האָט דיך געשלאָגן?

[69] און פּעטרוס איז געזעסן דרויסן אין הויף. און אַ דינסטמיידל איז

צו אים צוגעגאַנגען, און האָט געזאָגט: אויך דו ביסט געווען מיט יֵשוּעַן,
דעם גָלִילער. 70 אָבער ער האָט געלייקנט פאַר זיי אַלע, און געזאָגט: איך
פאַרשטיי ניט, וואָס דו זאָגסט. 71 און בעת ער איז אַרויסגעגאַנגען אין דעם
פאָרהויף, האָט אים אַן אַנדערע געזען, און זי האָט געזאָגט צו די, וואָס
זענען דאָרטן געווען: דער דאָזיקער איז אויך געווען מיט יֵשוּעַ הַנוֹצרי. 72 און
ער האָט ווידער געלייקנט מיט אַ שבועה: איך קען ניט דעם מענטשן. 73 און
שפּעטער אַביסל זענען צוגעגאַנגען די, וואָס זענען דאָרטן געשטאַנען, און
האָבן געזאָגט צו פּעטרוסן: פאַרוואָר, דו ביסט אויך איינער פון זיי; וואָרים
דיין לָשון גיט דיך אַרויס. 74 דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן צו שעלטן און
זיך צו שווערן: איך קען ניט דעם מענטשן. און תֵּיכף האָט דער האָן
געקרייִט. 75 און פּעטרוס האָט זיך דערמאָנט דאָס וואָרט, וואָס יֵשוּעַ האָט
געזאָגט: נאָך איידער דער האָן וועט קרייִען, וועסטו מיך דריי מאָל
פאַרלייקענען. און ער איז אַרויסגעגאַנגען, און האָט זיך ביטער צעוויינט.

כז און אַז סע איז געוואָרן טאָג, האָבן אַלע ראָשי־כֹּהנים און די זְקֵנים
פון דעם פאָלק זיך אַן עֵצה געהאַלטן קעגן יֵשוּעַן, אים צו טייטן. 2 און
זיי האָבן אים געבונדן, און האָבן אים אַוועקגעפירט און איבערגעענטפערט
צו פּילאַטוסן, דעם פּראָקוראַטאָר.

3 און אַז יהודה, דער מָסור, האָט געזען אַז ער איז פאַרמִשפּט געוואָרן,
האָט ער חֲרָטה באַקומען, און ער האָט צוריק געבראַכט די דרייסיק
זילבערשטיק צו די ראָשי־כֹּהנים און די זְקֵנים, 4 און האָט געזאָגט: איך האָב
געזינדיקט, מַחמת איך האָב פאַרראָטן אומשולדיק בלוט. אָבער זיי האָבן
געזאָגט: וואָס גייט דאָס אונדז אָן? דאָס איז דיין עֵסק. 5 און ער האָט אַ
שלײַדער געטאָן די זילבערשטיק אין הֵיכל אַריין, און האָט אָפּגעקערט; און
ער איז אַוועקגעגאַנגען און האָט זיך אויפגעהאָנגען. 6 און די ראָשי־כֹּהנים
האָבן גענומען די זילבערשטיק, און געזאָגט: מע טאָר זיי ניט אַרײַנלייגן אין
דער שאַצקאַמער, מַחמת דאָס איז בלוט־געלט. 7 און זיי האָבן זיך אַן עֵצה
געהאַלטן, און האָבן דערמיט געקויפט דעם טעפּערס פעלד, דאָרט מְקַבר
צו זיין גֵרים. 8 דעריבער ווערט דאָס פעלד גערופן דאָס פעלד פון בלוט
ביזן היינטיקן טאָג. 9 דעמאָלט איז מקוים געוואָרן, וואָס סע איז געזאָגט
געוואָרן דורך יִרמְיָה הַנָבִיא: און זיי האָבן גענומען דרייסיק זילבערשטיק,
דעם פּרייז פון דעם, וואָס איז געשאַצט געוואָרן, וועמען די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל

האָבן געשאַצט, 10 און זיי האָבן זיי געגעבן פאַר דעם טעפּערס פעלד, ווי
גאָט האָט מיר געבאָטן[א].
11 און יֵשוּעַ איז געשטאַנען פאַר דעם פּראָקוראַטאָר, און דער פּראָקוראַטאָר
האָט אים געפרעגט: ביסטו דער מֶלך פון די יידן? האָט יֵשוּעַ צו אים געזאָגט:
דו זאָגסט עס. 12 און אַז ער איז פון די ראָשי־כֹּהֲנים און די זְקֵנים אָנגעקלאָגט
געוואָרן, האָט ער גאָרניט געענטפערט. 13 דעמאָלט האָט פּילאַטוס צו אים
געזאָגט: הערסטו ניט, וואָס זיי זאָגן אַלץ קעגן דיר? 14 און ער האָט ניט
געענטפערט אַפילו אַ וואָרט, אַזוי, אַז דער פּראָקוראַטאָר האָט זיך זייער
געחידושט.
15 און אויף יום־טוב איז ביים פּראָקוראַטאָר געווען אַ מִנהג פריי צו
לאָזן פאַר דעם פאָלק אַ געפאַנגענעם, וועמען זיי האָבן נאָר געוואָלט.
16 און גראָד דעמאָלט האָבן זיי געהאַט אַ באַקענטן געפאַנגענעם, וואָס האָט
געהייסן בַּר־אַבָּא. 17 און ווי זיי זענען אַזוי געווען פאַרזאַמלט, האָט פּילאַטוס
צו זיי געזאָגט: וועמען ווילט איר, אַז איך זאָל אייך באַפרייען, בַּר־אַבָּאן,
אָדער יֵשוּעַן, וועמען מען רופט מָשִיחַ? 18 וואָרים ער האָט געוואוסט, אַז
צוליב קִנאה האָבן זיי אים איבערגעענטפערט. 19 און בשעת ער איז געזעסן
אויף דעם כִּסֵא־הַמִשפּט, האָט זיין ווייב אים געלאָזט זאָגן: האָב גאָרניט
צו טאָן מיט דעם דאָזיקן צַדיק, וואָרים איך האָב היינט אַ סך געליטן
אין אַ חֲלום פון זיינעטוועגן. 20 אָבער די ראָשי־כֹּהֲנים און די זְקֵנים האָבן
איבערגערעדט דעם הָמון, אַז זיי זאָלן פאַרלאַנגען בַּר־אַבָּאן, און לאָזן
אומברענגען יֵשוּעַן. 21 און דער פּראָקוראַטאָר האָט זיך אָפּגערופן, און צו זיי
געזאָגט: וועמען פון די ביידע ווילט איר, אַז איך זאָל אייך באַפרייען? האָבן
זיי געזאָגט: בַּר־אַבָּאן. 22 האָט פּילאַטוס צו זיי געזאָגט: וואָס זאָל איך אָבער
טאָן מיט יֵשוּעַן, וועמען מען רופט מָשִיחַ? האָבן זיי אַלע געזאָגט: זאָל ער
געקרייציקט ווערן. 23 און ער האָט געזאָגט: פאַרוואָס, וואָס פאַראַ שלעכטס
האָט ער געטאָן? אָבער זיי האָבן נאָך העכער געשריגן: זאָל ער געקרייציקט
ווערן.
24 און בעת פּילאַטוס האָט געזען, אַז ער קאָן גאָרניט פועלן, נייערט
אַז די מהומה ווערט נאָך גרעסער, האָט ער גענומען וואַסער און האָט זיך
געוואַשן די הענט פאַר דעם פאָלק, און געזאָגט: איך בין ריין פון דעם

[א] זכריה יא, 12, 13; ירמיה לב, 6—9.

דאָזיקן צַדיקס בלוט; איר זעט. 25 און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געענטפערט:
זיין בלוט זאָל קומען אויף אונדז און אונדזערע קינדער! 26 דעמאָלט האָט
ער זיי באַפרייט בַר־אַבָאן, און יֵשוּעַן האָט ער געלאָזט שמייסן, און אים
איבערגעענטפערט געקרייציקט צו ווערן.

27 דערנאָך האָבן די זעלנער פון דעם פּראָקוראַטאָר גענומען יֵשוּעַן אין
געריכטהויף אַריין, און האָבן פאַרזאַמלט אַרום אים דאָס גאַנצע חַיִל. 28 און
זיי האָבן אים אויסגעטאָן, און אַרויפגעלייגט אויף אים אַ פּורפּור מאַנטל,
29 און האָבן אויסגעפלאָכטן אַ קרוין פון דערנער, און זי אַרויפגעזעצט אויף
זיין קאָפּ, און האָבן אים געגעבן אַ רוט אין זיין רעכטער האַנט. און זיי
האָבן פאַר אים געקניט, און פון אים אָפּגעשפּעט, און געזאָגט: שָלום דיר,
יִדישער מֶלך! 30 און זיי האָבן אויף אים געשפּיגן, און גענומען די רוט און
האָבן אים געשלאָגן איבערן קאָפּ. 31 און נאָכדעם ווי זיי האָבן פון אים
אָפּגעשפּעט, האָבן זיי פון אים אַראָפּגענומען דעם מאַנטל, און אים אָנגעטאָן
זיינע מַלבושים, און האָבן אים אַוועקגעפירט געקרייציקט צו ווערן.

32 און ווי זיי זענען אַרויסגעקומען, האָבן זיי אָנגעטראָפן אַ מאַן פון
קוריני, מיטן נאָמען שִמעוֹן; אים האָבן זיי גענייט צו טראָגן זיין צלָב. 33 און
אַז זיי זענען געקומען צו דעם פּלאַץ, וואָס האָט געהייסן גָלגָלתָא, דאָס
מיינט: דער שאַרבן־פּלאַץ, 34 האָבן זיי אים געגעבן צו טרינקען ווייַן געמישט
מיט גאַל; און אַז ער האָט דאָס פאַרזוכט, האָט ער עס ניט געוואָלט טרינקען.
35 און נאָכדעם ווי זיי האָבן אים געקרייציקט, האָבן זיי צווישן זיך צעטיילט
זיינע מַלבושים, וואַרפנדיק גורל; 36 דערנאָך האָבן זיי זיך אַנידערגעזעצט
און האָבן אים געהיטן. 37 און איבער זיין קאָפּ האָבן זיי אַוועקגעשטעלט די
געשריבענע באַשולדיקונג קעגן אים: דאָס איז יֵשוּעַ, דער מֶלך פון די יִדן.
38 דעמאָלט זענען מיט אים געקרייציקט געוואָרן צוויי גַזלָנים, איינער ביי
דער רעכטער און איינער ביי דער לינקער האַנט. 39 און די פאַרבייַגייער
האָבן אים געלעסטערט, און געשאָקלט מיט זייערע קעפּ, 40 און געזאָגט:
דו, וואָס צעשטערסט דעם הֵיכל, און טוסט אים אויפבויען אין דריי טעג,
זיי דיך אַליין מַציל! אויב דו ביסט דער בֶן־אֱלֹהִים, קום אַראָפּ פון דעם
צלָב. 41 און אַזוי האָבן אויך די ראָשי־כֹּהַנים מיט די סופרים און זְקֵנים פון
אים אָפּגעשפּעט, און געזאָגט: 42 אַנדערע האָט ער מַציל געווען, זיך אַליין
קאָן ער ניט מַציל זיין. דער מֶלך פון יִשְׂרָאֵל איז ער! זאָל ער נאָך

אַראָפּקומען פון דעם צלָב, און מיר וועלן גלויבן אין אים. [43] ער האָט זיך פאַרלאָזט אויף גאָט; זאָל ער אים איצט מַציל זיין, אויב ער באַגערט אים; וואָרים ער האָט געזאָגט: איך בין דער בֶּן־אֱלֹהִים. [44] און די גַזלָנים, וואָס זענען מיט אים געקרייציקט געוואָרן, האָבן אים אויך געלעסטערט אויף דעם אייגענעם אופן.

[45] און פון דער זעקסטער שָׁעה אָן איז געווען אַ פינצטערניש איבער דעם גאַנצן לאַנד, ביז דער ניינטער שָׁעה. [46] און אַרום דער ניינטער שָׁעה האָט יֵשוּעַ געשריגן מיט אַ הויך קול: אֵלִי, אֵלִי, לָמָה שבַקְתָּנִי? דאָס מיינט: מיין גאָט, מיין גאָט, פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרלאָזן? [47] און עטלעכע פון די, וואָס זענען דערביי געשטאַנען, און האָבן עס געהערט, האָבן געזאָגט: ער רופט אֵלִיָהוּן. [48] און איינער פון זיי איז תֵּיכף געלאָפן און האָט גענומען אַ שוואָם, און האָט אים אָנגעפילט מיט עסיק, און אים אַרויפגעטאָן אויף אַ שטעקן, און האָט אים געגעבן צו טרינקען. [49] אָבער די איבעריקע האָבן געזאָגט: וואַרט, לאָמיר זען, צי אֵלִיָהוּ וועט קומען אים מַציל זיין. [50] און יֵשוּעַ האָט נאָכאַמאָל געשריגן מיט אַ הויך קול, און האָט אויסגעהויכט זיין נשָמה.

[51] און אָט האָט זיך דאָס פָּרוֹכֶת פון דעם הֵיכָל צעריסן אין צווייען, פון אויבן ביז אַראָפּ; און די ערד האָט געציטערט, און די פעלזן האָבן זיך געשפּאָלטן; [52] און די קבָרים האָבן זיך געעפנט, און אַ סך גופים פון די קדוֹשים, וואָס זענען איינגעשלאָפן, זענען אויפגעשטאַנען, [53] און אַרויסקומענדיק פון די קבָרים נאָך זיין תּחִיַת־הַמֵתִים, זענען זיי אַריינגעגאַנגען אין דער הייליקער שטאָט אַריין, און האָבן זיך באַוויזן צו אַ סך. [54] און דער הויפּטמאַן, און די, וואָס האָבן מיט אים געהיטן יֵשוּעַן, בעת זיי האָבן געזען די ערד־ציטערניש, און וואָס סע איז געשען, האָבן זיי שטאַרק מוֹרא באַקומען, און האָבן געזאָגט: פאַרוואָר, ער איז געווען דער בֶּן־אֱלֹהִים!

[55] און דאָרט זענען אויך געווען אַ סך פרויען, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט פון דער וויַיטנס, וואָס זענען יֵשוּעַן נאָכגעגאַנגען פון גָליל, און האָבן אים באַדינט. [56] צווישן זיי איז געווען מִריָם פון מַגדָלָה, און מִריָם די מוטער פון יַעקֹב און יוֹסי, און די מוטער פון זַבדיס קינדער.

[57] און אַז סע איז געוואָרן אָוונט, איז געקומען אַן עוֹשר פון רָמָתַיִם, וואָס האָט געהייסן יוֹסף, וואָס איז אויך געווען אַ תַּלמיד פון יֵשוּעַן. [58] און

ער איז געגאַנגען צו פּילאַטוסן, און האָט געבעטן דעם גוף פֿון יֵשוּעַן. און
פּילאַטוס האָט באַפֿוילן, מען זאָל אים אים געבן. 59 און יוסף האָט גענומען
דעם גוף, און האָט אים אײַנגעוויקלט אין לײַוונטע תּכריכים, 60 און האָט אים
אַרײַנגעלייגט אין זײַן אייגענעם נײַעם קֶבר, וואָס ער האָט געלאָזט אויסהאַקן
אין אַ פֿעלזן; און ער האָט צוגעקײַקלט אַ גרויסן שטיין צו דער טיר פֿון
דעם קֶבר, און איז אַוועקגעגאַנגען. 61 און מִריָם פֿון מַגדָלָה, און די אַנדערע
מִריָם, זענען דאָרטן געזעסן, קעגנאיבער דעם קֶבר.

62 און אויף מאָרגן, נאָך עֶרֶב־שַבָּת, האָבן זיך די ראשי־כֹּהֲנים און די
פּרושים פֿאַרזאַמלט בײַ פּילאַטוסן, 63 און האָבן געזאָגט: אונדזער האַר, מיר
געדענקען, אַז יענער אָפּנאַרער האָט געזאָגט, בעת ער האָט נאָך געלעבט:
נאָך דרײַ טעג וועל איך אויפֿשטיין תּחִיַת־הַמֵתים. 64 באַפֿעל דעריבער,
אַז דער קֶבר זאָל באַוואָרנט ווערן ביז דעם דריטן טאָג, טאָמער וועלן
זײַנע תַּלמידים קומען און אים אַרויסגַנבֿענען, און זאָגן דעם פֿאָלק, אַז ער
איז אויפֿגעשטאַנען תּחִיַת־הַמֵתים, און דעמאָלט וועט דער לעצטער ליגן זײַן
ערגער ווי דער ערשטער. 65 האָט פּילאַטוס צו זיי געזאָגט: אָט האָט איר אַ
וואַך; גייט, און באַוואָרנט עס ווי נאָר איר קענט. 66 זענען זיי געגאַנגען און
האָבן באַוואָרנט דעם קֶבר, און פֿאַרחַתמעט דעם שטיין, און אַוועקגעשטעלט
אַ וואַך.

כח און נאָך מוֹצאֵי־שַבָּת, בעת עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן אויף דעם
ערשטן טאָג פֿון דער וואָך, איז מִריָם פֿון מַגדָלָה, און די אַנדערע
מִריָם, געקומען זען דעם קֶבר. 2 און אָט איז געשען אַ גרויס ערדציטערניש;
וואָרים אַ מַלאך פֿון גאָט האָט אַראָפּגענידערט פֿון הימל, און ער האָט
גענעענט און אַוועקגעקײַקלט דעם שטיין, און האָט זיך אויף אים געזעצט.
3 זײַן אויסזען איז געווען ווי אַ בליץ, און זײַן געוואַנט ווײַס ווי שניי. 4 און פֿון
פּחד פֿאַר אים האָבן די שומרים געציטערט, און זענען געוואָרן ווי מֵתים.
5 און דער מַלאך האָט זיך אָפּגערופֿן צו די פֿרויען: האָט ניט קיין מורא;
וואָרים איך ווייס, אַז איר זוכט יֵשוּעַן, וואָס איז געקרייציקט געוואָרן. 6 ער
איז דאָ ניטאָ; וואָרים ער איז אויפֿגעשטאַנען, אַזוי ווי ער האָט געזאָגט.
קומט, זעט דאָס אָרט, וואו דער האַר איז געלעגן. 7 און גייט געשווינד און
זאָגט זײַנע תַּלמידים, אַז ער איז אויפֿגעשטאַנען תּחִיַת־הַמֵתים. און אָט גייט
ער אייך פֿאָרויס קיין גָליל; דאָרט וועט איר אים זען. זעט, איך האָב עס

אייך אָנגעזאָגט. [8] און זיי זענען געשווינד אַוועק פון דעם קֶבר מיט מוֹרא און גרויס שׂמחה, און זענען געלאָפן מוֹדיע זיין זיינע תּלמידים. [9] ערשט יֵשוּעַ האָט זיי באַגעגנט, און געזאָגט: שָׁלום־עֲלֵיכֶם! און זיי האָבן גענעענט און אים אַרומגענומען ביי זיינע פיס, און האָבן זיך געבוקט צו אים. [10] דעמאָלט האָט יֵשוּעַ צו זיי געזאָגט: האָט ניט קיין מוֹרא; גייט און זאָגט צו מיינע ברידער, אַז זיי זאָלן גיין קיין גָליל, און דאָרט וועלן זיי מיך זען.

[11] און בעת זיי זענען אַוועקגעגאַנגען, ערשט עטלעכע פון דער וואַך זענען געקומען אין דער שטאָט אַריין, און האָבן דערציילט די ראָשי־כֹּהֲנים אַלצדינג, וואָס ס'איז געשען. [12] און נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט מיט די זקֵנים, האָבן זיי זיך אַן עֵצה געהאַלטן, און געגעבן אַ סך געלט די זעלנער, [13] און געזאָגט: איר זאָלט זאָגן, אַז זיינע תּלמידים זענען געקומען ביינאַכט און האָבן אים אַוועקגעגנבעט, בעת מיר זענען געשלאָפן. [14] און אויב דאָס וועט דערגיין צום פּראָקוראַטאָרס אויערן, וועלן מיר אים איבער־רעדן, און איר וועט ניט האָבן וואָס זיך צו זאָרגן. [15] און זיי האָבן גענומען דאָס געלט, און האָבן געטאָן ווי מע האָט מיט זיי איינגעחזרט; און די דאָזיקע שמועה האָט זיך פאַרשפרייט צווישן יידן ביזן היינטיקן טאָג.

[16] און די עלף תּלמידים זענען געגאַנגען קיין גָליל, צום באַרג־צו, וואו יֵשוּעַ האָט זיי באַפוילן. [17] און אַז זיי האָבן אים דערזען, האָבן זיי זיך געבוקט פאַר אים; אָבער עטלעכע זענען געווען מסופק. [18] און יֵשוּעַ האָט גענעענט און האָט צו זיי גערעדט, אַזוי צו זאָגן: מיר איז געגעבן געוואָרן די גאַנצע מאַכט אין הימל און אויף דער ערד. [19] גייט דעריבער און שטעלט אויף תּלמידים פון אַלע אומות, און טוֹבלט זיי אין דעם נאָמען פון דעם פאָטער, און פון דעם זון, און פון דעם רוח־הַקוֹדֶש, [20] און לערנט זיי אָפּצוהיטן אַלצדינג, וואָס איך האָב אייך געבאָטן. און אָט בין איך מיט אייך אַלע טעג, ביז צום סוֹף פון דער וועלט.



# די בשׂורה לויט מאַרקוס

# א

דער אָנהייב פון דער בשׂורה פון יֵשוּעַ
הַמָשִיחַ, דעם בֶּן־אֱלֹהִים. 2 אַזוי ווי סע
שטייט געשריבן אין די נְבִיאים:

זע, איך שיק מיין שָלִיחַ פאַר דיין פָּנים,
וואָס וועט אָנברייטן דיין וועג[א];
3 אַ קול רופט אין דער מִדבר:
מאַכט גרייט דעם וועג פון גאָט,
גלייַכט אויס זיינע שטעגן[ב].

4 יוֹחָנָן הַמַטבִּיל איז געקומען אין דער מִדבר,
און האָט אָנגעזאָגט די טבִילה פון תשובה פאַר
דער פאַרגעבונג פון זינד. 5 און דאָס גאַנצע
לאַנד יהודה, און אַלע באַוואוינער פון ירושָלַיִם
זענען צו אים אַרויסגעגאַנגען; און זיי זענען פון
אים געטובלט געוואָרן אין דעם טייך יַרדן, און
האָבן זיך מִתוַדה געווען אויף זייערע זינד. 6 און
יוֹחָנָן האָט געטראָגן אַ מַלבוש פון קעמל־האָר,
און אַ לעדערנעם גאַרטל אַרום זיינע לענדן,
און געגעסן האָט ער הייַשעריקן און ווילדן
האָניק. 7 און ער האָט גערופן, אַזוי צו זאָגן:
נאָך מיר קומט דער, וואָס איז מעכטיקער פון
מיר, און איך בין ניט רָאוּי זיך איינצובייגן פאַר

[א] מלאכי ג, 1. [ב] ישעיה מ, 3.



אים און אים אויפבינדן די רימענדלעך פון זיינע שיך. [8] איך האָב אייך
געטובלט מיט וואַסער, אָבער ער וועט אייך טובלען מיט דעם רוח־הַקוֹדֶש.
[9] און עס איז געווען אין יענע טעג, אַז יֵשוּעַ איז געקומען פון נצֶרֶת
אין גָליל, און איז געטובלט געוואָרן פון יוֹחָנָן אין יַרדן. [10] און ווי נאָר ער
איז אַרויסגעקומען פון דעם וואַסער, האָט ער געזען דעם הימל זיך שפּאַלטן,
און דעם גייסט אַראָפּשוועבן ווי אַ טויב אויף אים; [11] און אַ קול איז אַרויס
פון הימל: דו ביסט מיין געליבטער זון; אין דיר איז מיין וואוילגעפעלן.
[12] און תּיכּף האָט אים דער גייסט געטריבן אין דער מִדבר אַריין.
[13] און ער איז געווען אין דער מִדבר פערציק טעג, געפּרואווט פון דעם
שָׂטָן; און ער איז געווען מיט ווילדע חַיוֹת, און מַלְאָכים האָבן אים באַדינט.
[14] און נאָכדעם ווי יוֹחָנָן איז איבערגעענטפערט געוואָרן, איז יֵשוּעַ
געקומען קיין גָליל, און האָט אָנגעזאָגט די בשׂורה פון גאָט, [15] אַזוי צו
זאָגן: די צייט איז מקוים געוואָרן, און דאָס מַלכות פון גאָט האָט זיך
דערנענטערט; טוט תשובה, און גלויבט אין דער בשׂורה.
[16] און גייענדיק ביים יַם פון גָליל, האָט ער געזען שִׁמעוֹנען און אַנדרייַען,
שִׁמעוֹנס ברודער, פאַרוואַרפן אַ נעץ אין יַם אַריין; וואָרים זיי זענען געווען
פישערס. [17] און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: גייט מיר נאָך, און איך וועל אייך
מאַכן פאַר פישערס פון מענטשן. [18] און זיי האָבן תּיכּף פאַרלאָזט די נעצן,
און זענען אים נאָכגעגאַנגען. [19] און אַז ער איז אַביסל ווייטער געגאַנגען,
האָט ער געזען יַעקֹב בֶּן־זַבדי, און יוֹחָנָן זיין ברודער, וואָס זענען געווען
אין דער שיף, און האָבן פאַרראָכטן די נעצן. [20] און ער האָט זיי תּיכּף
גערופן; און זיי האָבן איבערגעלאָזט זייער פאָטער זַבדי אין דער שיף מיט
די געדונגענע אַרבעטער, און זענען אים נאָכגעגאַנגען.
[21] און זיי זענען געקומען קיין כּפר־נַחוּם; און שַׁבּת איז ער תּיכּף
אַרייַנגעגאַנגען אין דעם בֵּית־הַכּנֶסֶת אַריין, און האָט געלערנט. [22] און זיי זענען
נִשתּוֹמם געוואָרן איבער זיין תּוֹרה, וואָרים ער האָט זיי געלערנט ווי איינער
וואָס האָט רשות, און ניט ווי די סוֹפרים. [23] און גראָד איז אין זייער בֵּית־
הַכּנֶסֶת געווען אַ מענטש מיט אַן אומרייִנעם גייסט; [24] און ער האָט אויסגעשריגן:
וואָס ווילסטו פון אונדז, יֵשוּעַ הַנוֹצרי? ביסטו געקומען אונדז צו פאַרטיליקן?
איך ווייס ווער דו ביסט: דער הייליקער פון גאָט. [25] אָבער יֵשוּעַ האָט אויף
אים אָנגעשריגן, און געזאָגט: שווייג, און גיי אַרויס פון אים! [26] און דער

אומריינער גייסט האָט אים געריסן, און געשריגן מיט אַ הויך קול, און איז
אַרויס פון אים. [27] און זיי זענען אַלע נִשתּומם געוואָרן, און איינער האָט דעם
אַנדערן געפרעגט: וואָס איז דאָס? אַ נייע תּורה! מיט מאַכט באַפעלט ער
אַפילו די אומריינע גייסטער, און זיי געהאָרכן אים. [28] און זיין שֵם האָט זיך
תֵּיכף פאַרשפּרייט אין דער גאַנצער געגנט פון גָלִיל.

[29] און בעת זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון דעם בֵּית־הַכְּנֶסֶת, זענען זיי
אַרײַנגעגאַנגען אין דעם הויז פון שִמעוֹן און אַנדריי, מיט יַעקבֿן און יוֹחָנָן.
[30] און שִמעוֹנס שוויגער איז געלעגן קראַנק אויף פיבער, און זיי האָבן אים
תֵּיכף דערציילט וועגן איר. [31] און ער איז צוגעגאַנגען און האָט זי אָנגענומען
ביי דער האַנט, און זי אויפגעהויבן; און דאָס פיבער האָט זי אָפּגעלאָזט,
און זי האָט זיי באַדינט.

[32] און קעגן אָוונט, בעת די זון איז אונטערגעגאַנגען, האָבן זיי צו אים
געבראַכט אַלע, וואָס זענען געווען קראַנק און באַזעסן פון בייזע גייסטער.
[33] און די גאַנצע שטאָט האָט זיך פאַרזאַמלט ביי דער טיר. [34] און ער
האָט געהיילט אַ סך, וואָס האָבן געליטן פון אַלערליי חולאַתן, און האָט
אַרויסגעטריבן אַ סך בייזע גייסטער; און ער האָט די בייזע גייסטער ניט
געלאָזט רעדן, מַחמת זיי האָבן אים געקענט.

[35] און אין דער פרי, אַ היפּשע צייט נאָך פאַרטאָג, איז ער אויפגעשטאַנען
און איז אַרויסגעגאַנגען אין אַ וויסטן אָרט, און האָט דאָרטן מִתפַּלֵל געווען.
[36] און שִמעוֹן און די, וואָס זענען מיט אים געווען, האָבן אים אַרומגעזוכט;
[37] און אַז זיי האָבן אים געפונען, האָבן זיי צו אים געזאָגט: אַלע זוכן דיך.
[38] און ער האָט צו זיי געזאָגט: לאָמיר גיין ערגעץ־אַנדערש, אין די שכֵנישע
שטעט אַריין, כּדי איך זאָל אויך דאָרטן דַרשענען; וואָרים צוליב דעם בין
איך אַרויסגעגאַנגען. [39] און ער האָט געדַרשנט אין זייערע בָּתֵּי־כְּנֵסִיות אין
גאַנץ גָלִיל, און האָט אַרויסגעטריבן בייזע גייסטער.

[40] און עס איז צו אים געקומען אַ מצורע, וואָס איז פאַר אים געפאַלן
אויף די קני, און האָט אים געבעטן, אַזוי צו זאָגן: אויב דו ווילסט, קאָנסטו
מיך מאַכן ריין. [41] און יֵשוּעַ האָט אויף אים רַחמָנוּת באַקומען, און האָט
אויסגעשטרעקט זיין האַנט, און האָט אים אָנגערירט, און געזאָגט: איך וויל;
זיי ריין. [42] און תֵּיכף האָט זיך דאָס צָרַעת אָפּגעטאָן פון אים, און ער איז
געוואָרן ריין. [43] און ער האָט אים שטרענג באַפוילן, און אים געהייסן גלייך

גיין, 44 און האָט צו אים געזאָגט: זע, זאָלסט עס קיינעם ניט דערציילן;
נייערט גיי און ווייז דיך פאַרן כהן, און זיי מַקריב פאַר דיין רייניקונג וואָס
משה האָט געבאָטן, פאַר אַן עֵדות צו זיי[א]. 45 אָבער ער איז אַרויסגעגאַנגען,
און האָט עס גענומען שטאַרק באַקאַנט מאַכן, און די זאַך אומעטום צו
פאַרשפּרייטן, אַזוי, אַז יֵשוּעַ האָט מער ניט געקאָנט פריי אַרייַנקומען אין אַ
שטאָט אַריין, נייערט איז געבליבן דרויסן אין וויסטע ערטער; און זיי זענען
צו אים געקומען פון אומעטום.

ב און נאָך עטלעכע טעג איז ער ווידער געקומען קיין כפר־נַחוּם, און
מען האָט זיך דערוואוסט, אַז ער איז אין דער היים. 2 און אַ סך האָבן
זיך פאַרזאַמלט, ביז סע איז מער ניט געווען קיין פּלאַץ, ניט צומאָל פאַר
דער טיר; און ער האָט גערעדט צו זיי דאָס וואָרט. 3 און זיי זענען געקומען,
און האָבן צו אים געבראַכט אַ געלייַמטן, וועמען פיר מענטשן האָבן
געטראָגן. 4 און אַזויווי זיי האָבן ניט געקאָנט צוקומען צו אים צוליב דעם
עולם, האָבן זיי אויפגעדעקט דעם דאַך איבער אים; און נאָכדעם ווי זיי
האָבן געמאַכט אַן עפענונג, האָבן זיי אַראָפּגעלאָזט דאָס געלעגער, אויף
וועלכן דער געלייַמטער איז געלעגן. 5 און אַז יֵשוּעַ האָט געזען זייער אֱמונה,
האָט ער געזאָגט צום געלייַמטן: מיין זון, דיינע זינד זענען דיר פאַרגעבן
געוואָרן. 6 און דאָרטן זענען געזעסן עטלעכע סופרים, וואָס האָבן געטראַכט
אין זייערע הערצער: 7 פאַרוואָס רעדט ער אַזוינס? ער לעסטערט! ווער
קאָן מוחל זיין זינד, אַחוץ גאָט אַליין? 8 און יֵשוּעַ האָט תֵּיכף פאַרשטאַנען
אין זיין גייסט וועגן וואָס זיי טראַכטן, און ער האָט צו זיי געזאָגט: פאַרוואָס
טראַכט איר אַזוינס אין אייערע הערצער? 9 וואָס איז גרינגער, צו זאָגן
צום געלייַמטן: דיינע זינד זענען דיר פאַרגעבן געוואָרן; אָדער צו זאָגן:
שטיי אויף, נעם דיין געלעגער און גיי? 10 אָבער כּדי איר זאָלט וויסן, אַז
דער בֶּן־אָדָם האָט רשות אויף דער ערד מוחל צו זיין זינד – האָט ער
געזאָגט צום געלייַמטן – 11 איך זאָג דיר, שטיי אויף, און נעם דיין געלעגער,
און גיי אַהיים. 12 און ער איז אויפגעשטאַנען, און האָט תֵּיכף גענומען זיין
געלעגער, און איז אַרויסגעגאַנגען פון פאַר זיי אַלע; אַזוי, אַז אַלע זענען
נִשתּומם געוואָרן, און האָבן געלויבט גאָט, און געזאָגט: אַזוינס האָבן מיר
נאָך קיינמאָל ניט געזען.

[א] ויקרא יג, 49; יד, 2—32.

13 און ער איז ווידער אַרויסגעגאַנגען צום יַם; און דאָס גאַנצע פאָלק
איז צו אים געקומען, און ער האָט זיי געלערנט. 14 און בעת ער איז
פאַרבײַגעגאַנגען, האָט ער געזען לֵוִי בֶּן־חַלְפַי זיצן אויפן צאָל־אַמט, און ער
האָט צו אים געזאָגט: גיי מיר נאָך. און ער איז אויפגעשטאַנען און איז אים
נאָכגעגאַנגען.
15 און עס איז געווען, בעת ער איז געזעסן ביים טיש אין זיין הויז, האָבן
אַ סַך מוכסים און זינדיקע זיך אַנידערגעזעצט מיט יֵשוּעַן און זיינע תַּלמידים;
וואָרים אַ סַך פון זיי זענען אים נאָכגעגאַנגען. 16 און ווען די סופרים פון די
פרושים האָבן געזען, אַז ער עסט מיט זינדיקע און מיט מוכסים, האָבן זיי
געזאָגט צו זיינע תַּלמידים: פאַרוואָס עסט ער און טרינקט מיט מוכסים און
זינדיקע? 17 און אַז יֵשוּעַ האָט דאָס געהערט, האָט ער צו זיי געזאָגט: די,
וואָס זענען געזונט, נייטיקן זיך ניט אין קיין רופא, נייערט די, וואָס זענען
קראַנק; איך בין ניט געקומען צו רופן די צַדיקים, נייערט די זינדיקע.
18 און די תַּלמידים פון יוֹחָנָן און פון די פרושים פלעגן פאַסטן; און זיי
זענען געקומען און האָבן צו אים געזאָגט: פאַרוואָס טוען יוֹחָנָנס תַּלמידים
און די תַּלמידים פון די פרושים פאַסטן, און דיינע תַּלמידים פאַסטן ניט?
19 האָט יֵשוּעַ צו זיי געזאָגט: קענען די מחותָּנים פאַסטן, בשעת דער חָתן איז
מיט זיי? כָּל־זמַן דער חָתן איז צווישן זיי, קענען זיי ניט פאַסטן. 20 סע וועלן
אָבער קומען טעג, ווען דער חָתן וועט אַוועקגענומען ווערן פון זיי, און
דעמאָלט וועלן זיי פאַסטן אין יענעם טאָג. 21 און קיינער נייט ניט אַ לאַטע
פון ניט־איינגעלאָפענעם טוך אויף אַן אַלט מַלבוש; אויב יאָ, רייסט זיך
די לאַטע אָפּ, די נייע פון דעם אַלטן, און סע ווערט נאָך אַן ערגערער
ריס. 22 און קיינער גיסט ניט אַריין קיין נייעם וויין אין אַלטע לאָגלען; ווייל
דער וויין צעפּלאַצט די לאָגלען, און דער וויין גייט פאַרלוירן, און אויך
די לאָגלען; נייערט נייעם וויין גיסט מען אַריין אין נייע לאָגלען.
23 און עס איז געווען, אַז ער איז אין אַ שַבת געגאַנגען דורך תבואה־
פעלדער, און זיינע תַּלמידים האָבן אָנגעהויבן צו רייסן זאַנגען אויף דעם
וועג. 24 און די פרושים האָבן צו אים געזאָגט: זע, הַלמַאי טוען זיי אום
שַבת, וואָס מען טאָר ניט? 25 האָט ער צו זיי געזאָגט: האָט איר קיינמאָל ניט
געלייענט וואָס דָוִד האָט געטאָן, בעת ער איז געווען אין נויט און האָט
געליטן הונגער, ער און די מענטשן וואָס זענען געווען מיט אים? 26 ווי ער

איז אַרײַנגעגאַנגען אין דעם הויז פון גאָט, בעת אֶבְיָתָר איז געווען כֹּהן־גָדול,
און האָט געגעסן דאָס לֶחֶם־הַפָּנים, וואָס קיינער טאָר ניט עסן, אַחוץ די
כֹּהֲנים, און ער האָט אויך געגעבן צו די, וואָס זענען געווען מיט אים[א]?
27 און ער האָט צו זיי געזאָגט: דער שַבָּת איז געשאַפן געוואָרן פאַר דעם
מענטשן, און ניט דער מענטש פאַר דעם שַבָּת. 28 דעריבער איז דער בֶּן־
אָדָם אויך האַר איבער דעם שַבָּת.

ג און ער איז ווידער אַרײַנגעגאַנגען אין דעם בֵּית־הַכְּנֶסֶת, און דאָרט איז
געווען אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט אַ פאַרדאַרטע האַנט. 2 און זיי
האָבן אים נאָכגעקוקט, צי וועט ער אים היילן אום שַבָּת, כּדי צו קענען
מאַכן אויף אים אַ מְסִירה. 3 און ער האָט געזאָגט צו דעם מענטשן מיט דער
פאַרדאַרטער האַנט: שטעל דיך אין דער מיט. 4 און ער האָט צו זיי געזאָגט:
מעג מען שַבָּת טאָן גוטס, אָדער שלעכטס, מַציל זיין אַ נֶפֶש, אָדער טייטן?
אָבער זיי האָבן געשוויגן. 5 און ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף זיי מיט צאָרן,
און האָט זיך מִצַער געווען איבער זייער האַרטהאַרציקייט, און געזאָגט צו
דעם מענטשן: שטרעק אויס דיין האַנט. און ער האָט זי אויסגעשטרעקט, און
זיין האַנט איז געזונט געוואָרן. 6 און די פּרושים זענען אַרויסגעגאַנגען, און
האָבן זיך תֵּיכֶף אַן עֵצה געהאַלטן מיט די הורדוס־לײַט קעגן אים, ווי אים
אומצוברענגען.

7 און יֵשוּעַ איז אַוועק מיט זיינע תַּלמידים צום יַם, און אַ גרויסער עולם
איז אים נאָכגעגאַנגען פון גָליל, און פון יהודה, 8 און פון ירושָלַיִם, און פון
אֱדוֹם, און פון עֵבֶר־הַיַרדן, און פון אַרום צור־ און צידון איז אַ גרויסער
עולם צו אים געקומען, בעת זיי האָבן געהערט וואָס ער האָט געטאָן. 9 און
ער האָט געזאָגט צו זיינע תַּלמידים, מען זאָל אים אָנגרייטן אַ שיפל צוליב
דעם פאָלק, כּדי מען זאָל אים ניט דריקן. 10 וואָרים ער האָט געהיילט אַ
סַך, און אַלע, וואָס האָבן געליטן, האָבן זיך געשפּאַרט צו אים, כּדי אים
אָנצורירן. 11 און ווי נאָר די אומריינע גייסטער האָבן אים דערזען, זענען
זיי פאַר אים אַנידערגעפאַלן, און האָבן געשריגן: דו ביסט דער בֶּן־אֱלֹהִים!
12 און ער האָט זיי שטרענג באַפוילן, אַז זיי זאָלן אים ניט מְגַלה זיין.

13 און ער איז אַרויפגעגאַנגען אויף דעם באַרג, און האָט גערופן צו
זיך וועמען ער האָט געוואָלט; און זיי זענען צו אים געקומען. 14 און ער

א שמואל א׳ כא, 1—6.

האָט באַשטימט צוועלף, אַז זיי זאָלן זיין מיט אים, כּדי זיי זאָלן אָנזאָגן די
בשׂורה וואו ער וועט זיי שיקן, [15] און זאָלן האָבן שליטה אַרויסצוטרײַבן בייזע
גייסטער. [16] און שִׁמעוֹנען האָט ער אַ נאָמען געגעבן פּעטרוס, [17] און יַעקֹבֿ
בֶּן־זַבדי, און יוֹחָנָן, יַעקֹבֿס ברודער, האָט ער אַ נאָמען געגעבן בּנֵי־רָגוֹש,
וואָס מיינט, זין פֿון דונער. [18] און אַנדרײַען, און פֿיליפּוסן, און בַּר־תַּלְמַי, און
מַתְיָא, און תּוֹמָא, און יַעקֹבֿ בֶּן־חַלְפַי, און תַּדַי, און שִׁמעוֹן דעם קַנָאִי, [19] און
יהודה אִיש־קְרִיוֹת, וואָס האָט אים פֿאַרראָטן.

[20] און ער איז אַהיימגעקומען. און דאָס פֿאָלק איז זיך ווידער צוזאַמענ־
געקומען, אַזוי, אַז זיי האָבן צומאָל ניט געקאָנט עסן קיין ברויט. [21] און ווען
זיינע קרובים האָבן דאָס געהערט, זענען זיי אַרויסגעגאַנגען, כּדי אים צו
כאַפּן, וואָרים זיי האָבן געזאָגט: ער איז ניט ביי זיך. [22] און די סופֿרים, וואָס
זענען אַראָפּגעקומען פֿון ירושָׁלַיִם, האָבן געזאָגט: בַּעל־זבוב איז אין אים,
און, דורך דעם שַׂר פֿון די בייזע גייסטער טרייבט ער אַרויס בייזע גייסטער.
[23] און ער האָט זיי גערופֿן צו זיך, און האָט גערעדט צו זיי מיט מְשָׁלים:
וויאַזוי קאָן דער שָׂטָן אַרויסטרײַבן דעם שָׂטָן? [24] און אויב אַ מלוכה איז
צעטיילט קעגן זיך אַליין, קאָן יענע מלוכה ניט האָבן קיין קִיוּם. [25] און אויב
אַ הויז איז צעטיילט קעגן זיך אַליין, וועט דאָס דאָזיקע הויז ניט האָבן קיין
קִיוּם. [26] און אויב שָׂטָן שטייט אויף קעגן זיך אַליין, און איז צעטיילט, קאָן
ער ניט האָבן קיין קִיוּם, נייערט האָט אַ סוף. [27] און קיינער קאָן ניט
אַרײַנקומען אין הויז אַריין פֿון דעם גיבור און רויבן זיינע זאַכן, סיידן ער
בינדט קוֹדם דעם גיבור, און ערשט דעמאָלט קאָן ער באַרויבן זיין הויז.

[28] יאָ, איך זאָג אייך: אַלע זינד וועט מען מוחל זיין די מענטשנקינדער,
און אויך די לעסטערונגען, מיט וועלכע זיי וועלן לעסטערן. [29] אָבער ווער סע
וועט לעסטערן קעגן דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש, פֿאַר אים איז מער ניטאָ קיין מְחִילה,
ווייל ער האָט זיך אויף אייביק פֿאַרזינדיקט; [30] וואָרים זיי האָבן געזאָגט: ער
האָט אַן אומריינעם גייסט.

[31] און זיין מוטער און זיינע ברידער זענען געקומען, און שטייענדיק אין
דרויסן האָבן זיי אים געשיקט רופֿן. [32] און אַן עוֹלם איז געזעסן אַרום אים;
און מע האָט צו אים געזאָגט: דיין מוטער און דיינע ברידער זענען אין דרויסן,
און זוכן דיך. [33] האָט ער געענטפֿערט, און צו זיי געזאָגט: ווער איז מיין
מוטער און מיינע ברידער? [34] און אַרומקוקנדיק זיך אויף די, וואָס זענען

אַרום אים געזעסן, האָט ער געזאָגט: אָט איז מיין מוטער און מיינע ברידער!
35 וואָרים ווער סע וועט טאָן דעם רָצון פון גאָט, דער דאָזיקער איז מיין
ברודער, און שוועסטער, און מוטער.

ד און ער האָט ווידער אָנגעהויבן צו לערנען ביים יָם. און סע האָט זיך
פאַרזאַמלט אַרום אים אַ גרויסער עולם, אַזוי, אַז ער איז אַריינגעגאַנגען
אין אַ שיף, און האָט זיך געזעצט אויפן יַם; און דאָס גאַנצע פאָלק איז
געשטאַנען אויף דער יַבָּשה ביים יָם. 2 און ער האָט זיי געלערנט אַ סך זאַכן
דורך משָלים, און האָט צו זיי געזאָגט אין זיין לערנונג: 3 הערט און פאַרנעמט:
דער זייער איז אַרויסגעגאַנגען זייען; 4 און בעת ער האָט געזייט, איז טייל
זריעה געפאַלן ביים וועג, און די פייגל זענען געקומען און האָבן זי פאַרצערט.
5 און אַנדערע איז געפאַלן אויף פעלזיק לאַנד, וואו זי האָט ניט געהאַט קיין
סך ערד; און זי האָט תֵּיכף אויפגעשפראָצט, ווייל זי האָט ניט געהאַט קיין
טיפקייט פון ערד; 6 און אַז די זון איז אויפגעגאַנגען, איז זי פאַרטריקנט
געוואָרן, און מַחמת זי האָט ניט געהאַט קיין וואָרצלען, איז זי פאַרוועלקט
געוואָרן. 7 און אַנדערע איז געפאַלן צווישן דערנער, און די דערנער זענען
אויפגעוואַקסן און האָבן זי דערשטיקט, און קיין תּבואה איז ניט אַרויס־
געקומען. 8 און אַנדערע איז געפאַלן אויף גוטער ערד, און האָט אַרויסגעגעבן
תּבואה, איז געוואַקסן און האָט זיך פאַרמערט, און האָט אַרויסגעבראַכט
דרייַסיקפאַך, און זעכציקפאַך, און הונדערטפאַך. 9 און ער האָט געזאָגט:
דער, וואָס האָט אויערן צו הערן, זאָל הערן.

10 און בעת ער איז געווען אַליין, האָבן די, וואָס זענען מיט אים געווען,
צוזאַמען מיט די צוועלף, אים געפרעגט פונוועגן די משָלים. 11 און ער האָט
צו זיי געזאָגט: אייך איז געגעבן געוואָרן צו פאַרשטיין דעם סוד פון דעם
מַלכות פון גאָט, אָבער פאַר די, וואָס זענען אין דרויסן, איז אַלץ דורך
משָלים, כּדי

12 זען זאָלן זיי זען, און דאָך ניט זען;
און הערן זאָלן זיי הערן, און ניט פאַרשטיין;
טאָמער וועלן זיי זיך אומקערן,
און סע וועט זיי פאַרגעבן ווערן[א].

13 און ער האָט צו זיי געזאָגט: אויב איר פאַרשטייט ניט דאָס דאָזיקע מָשָל,

[א] ישעיה ו, 9, 10.

טאָ וויאַזוי וועט איר פֿאַרשטיין אַלע משָלים? 14 דער זייַער טוט זייַען דאָס
וואָרט. 15 און דאָס זענען די ביים וועג, וואו דאָס וואָרט איז פֿאַרזייט געוואָרן;
און בעת זיי הערן עס, קומט תּיכּף דער שָׂטן, און נעמט צו דאָס וואָרט,
וואָס איז אין זיי פֿאַרזייט געוואָרן. 16 און אַזוי אויך די, וואָס זענען געזייט
אויף פֿעלזיק לאַנד, בעת זיי הערן דאָס וואָרט, נעמען זיי עס תּיכּף אויף
מיט שׂמחה; 17 און אַזוי ווי זיי האָבן ניט קיין וואָרצלען אין זיך, געווערן זיי
נאָר אַ ווייַל; דערנאָך, אַז סע קומען ליידן, אָדער רדיפֿות צוליב דעם וואָרט,
ווערן זיי תּיכּף געשטרויכלט. 18 און דאָס, וואָס איז פֿאַרזייט צווישן דערנער,
דאָס זענען די, וואָס האָבן געהערט דאָס וואָרט, 19 נאָר די דאגות פֿון דער
וועלט, און די אָפּנאַרערייַ פֿון עשירות, און די תּאוות צו אַנדערע זאַכן קומען
אַרייַן, און דערשטיקן דאָס וואָרט, און עס בלייַבט אומפֿרוכטבאַר. 20 און
דאָס, וואָס איז פֿאַרזייט געוואָרן אויף גוטער ערד, דאָס זענען די, וואָס הערן
דאָס וואָרט, און זענען עס מקבל, און גיבן אַרויס תּבואה, דרייַסיקפֿאַך,
און זעכציקפֿאַך, און הונדערטפֿאַך.

21 און ער האָט צו זיי געזאָגט: ברענגט מע דען אַרייַן אַ ליכט, כּדי
עס צו שטעלן אונטער אַ מעסטל, אָדער אונטערן בעט, און ניט אין אַ לייַכטער?
22 וואָרים עס איז גאָרניט פֿאַרהוילן, וואָס וועט ניט אַנטפּלעקט ווערן. און
עס איז גאָרניט פֿאַרבאָרגן, וואָס וועט ניט באַקאַנט ווערן. 23 דער, וואָס
האָט אויערן צו הערן, זאָל הערן! 24 און ער האָט צו זיי געזאָגט: פֿאַרנעמט
וואָס איר הערט; מיט דער מאָס, וואָס איר טוט מעסטן, וועט אייך געמאָסטן
ווערן, און מע וועט אייך נאָך עפּעס צולייגן. 25 וואָרים דער, וואָס האָט,
דעם וועט געגעבן ווערן; און דער, וואָס האָט ניט, פֿון אים וועט אַוועקגענומען
ווערן אַפֿילו דאָס, וואָס ער האָט.

26 און ער האָט געזאָגט: דאָס מַלכות פֿון גאָט איז געגליכן צו אַ מענטשן,
וואָס טוט וואַרפֿן זריעה אויף דער ערד, 27 און ער זאָל שלאָפֿן און אויפֿשטיין
ביינאַכט און בייטאָג, און די זריעה שפּראָצט אויס און וואַקסט אויף, אָן
זייַן וויסן. 28 וואָרים די ערד ברענגט אַרויס תּבואה פֿון זיך אַליין; קודם
דאָס בלעטל, דערנאָך די זאַנג, דערנאָך דעם פֿולן קערן אין דער זאַנג.
29 און ווען די תּבואה ווערט צייַטיק, נעמט ער גלייך דאָס שנייַדמעסער,
וואָרים געקומען איז די שניט־צייט.

30 און ער האָט געזאָגט: מיט וואָס זאָלן מיר פֿאַרגלייַכן דאָס מַלכות

פון גאָט? אָדער מיט וואָסער מָשל זאָלן מיר עס דערקלערן? 31 עס איז
ווי זענעפט־זריעה, וואָס בשעת סע ווערט פאַרזייט אין דער ערד, איז עס
די קלענסטע פון אַלע ערד־זריעות; 32 אָבער אַז עס איז שוין פאַרזייט, וואַקסט
עס אויס און ווערט גרעסער פון אַלע קרייטעכצער, און גיט אַרויס גרויסע
צווייגן, אַזוי, אַז די פייגל פון הימל קאָנען רוען אין זיין שאָטן.

33 און מיט אַ סך אַזוינע משלים האָט ער גערעדט צו זיי דאָס וואָרט,
אויף ווי ווייט זיי זענען געווען ביכולת צו פאַרנעמען; 34 און אָן אַ מָשל האָט
ער צו זיי ניט גערעדט; אָבער ווען ער איז געווען אַליין מיט זיינע תּלמידים,
האָט ער זיי אַלץ פאַרטייטשט.

35 אין יענעם טאָג, בעת עס איז געוואָרן אָוונט, האָט ער צו זיי געזאָגט:
לאָמיר אַריבערפאָרן אויף דער אַנדערער זייט. 36 און אַז ער האָט אָפּגעלאָזט
דעם עולם, האָבן זיי אים מיטגענומען אין דער שיף, אַזויווי ער איז געווען;
און מיט אים זענען געווען נאָך אַנדערע שיפן. 37 און אַ גרויסער שטורעמווינט
האָט זיך אויפגעהויבן, און די כוואַליעס האָבן אָנגעשלאָגן אָן דער שיף,
אַזוי, אַז די שיף האָט גענומען ווערן פול. 38 און ער איז געווען אין הינטערשטן
טייל, און איז געשלאָפן אויף דעם קישן; און זיי האָבן אים אויפגעוועקט, און
האָבן צו אים געזאָגט: רבי, אַרט דיך ניט וואָס מיר גייען אונטער? 39 און
ער איז אויפגעשטאַנען, און האָט אָנגעשריגן אויף דעם ווינט, און געזאָגט צום
ים: שווייג, זיי שטיל! און דער ווינט האָט אויפגעהערט, און עס איז געוואָרן
אַ גרויסע שטילקייט. 40 און ער האָט צו זיי געזאָגט: פאַרוואָס זענט איר אַזוי
שרעקעוודיק? האָט איר ניט קיין אֶמונה? 41 און זיי האָבן שטאַרק מורא
באַקומען, און האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן: ווער אייגנטלעך איז ער,
וואָס אַפילו דער ווינט און דער ים געהאָרכן אים?

ה און זיי זענען געקומען אויף דער אַנדערער זייט ים, אין דעם לאַנד
פון די גדריים. 2 און בעת ער איז אַרויסגעקומען פון דער שיף, איז
אים תּיכּף פון צווישן די קברים אַנטקעגנגעקומען אַ מענטש מיט אַן
אומריינעם גייסט, 3 וואָס האָט געוואוינט צווישן די קברים; און קיינער האָט
אים מער ניט געקענט בינדן, ניט צומאָל מיט אַ קייט; 4 ווייל מע האָט אים
אָפט געבונדן מיט אייזנס און מיט קייטן, אָבער ער האָט די קייטן פונאַנדער־
געריסן, און די אייזנס האָט ער צעבראָכן אויף שטיקער; און קיינער איז
ניט געווען בכוח אים צו צאַמען. 5 און טאָג און נאַכט איז ער כסדר געווען

צווישן די קבֿרים און אויף די בערג, און האָט געשריגן און זיך געניזוקט
מיט שטיינער. 6 און ווען ער האָט פֿון דערווײַטנס געזען יֵשוּעַן, איז ער
צוגעלאָפֿן און זיך געבוקט פֿאַר אים, 7 און אויסשרײַענדיק מיט אַ הויך קול,
האָט ער געזאָגט: וואָס האָסטו צו מיר, יֵשוּעַ, דו בֶּן־אֵל עֶליון? איך באַשווער
דיך בײַ גאָט, זאָלסט מיך ניט פּײַניקן. 8 וואָרים ער האָט צו אים געזאָגט:
גיי אַרויס פֿון דעם מענטשן, דו אומריינער גייסט! 9 און ער האָט אים
געפֿרעגט: וואָס איז דײַן נאָמען? האָט ער צו אים געזאָגט: מײַן נאָמען איז
מַחנה; וואָרים מיר זענען אַ סך. 10 און ער האָט אים שטאַרק געבעטן, אַז
ער זאָל זיי ניט אַרויסשיקן פֿון דעם לאַנד. 11 און דאָרטן בײַם באַרג האָט
זיך געפּאַשעט אַ גרויסע סטאַדע חַזירים; 12 און זיי האָבן אים געבעטן: שיק
אונדז צו די חַזירים, כּדי מיר זאָלן אין זיי אַרײַן. 13 און ער האָט זיי געגעבן
דערלויבעניש. און די אומריינע גייסטער זענען אַרויס, און זענען אַרײַן אין
די חַזירים; און די סטאַדע, אַן עֶרך פֿון צוויי טויזנט, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט
פֿון דעם שיפּוע אין יַם אַרײַן, און זענען דערטרונקען געוואָרן אין דעם יַם.
14 און די פּאַסטעכער זענען געלאָפֿן און האָבן עס דערציילט אין דער
שטאָט און אין דאָרף. און זיי זענען אַרויסגעגאַנגען זען וואָס דאָ איז געשען.
15 און זיי זענען געקומען צו יֵשוּעַן, און האָבן געזען דעם באַזעסענעם זיצן
דאָרט, אָנגעטאָן און בײַם קלאָרן שֵׂכל, טאַקע דער, וואָס האָט געהאַט די
מַחנה; און זיי האָבן מורא באַקומען 16 און די, וואָס האָבן עס געזען,
האָבן דערציילט וואָס עס איז געשען מיט דעם באַזעסענעם, און מיט די
חַזירים. 17 און זיי האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל פֿאַרלאָזן זייערע גרעניצן.
18 און בעת ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין דער שיף, האָט אים דער, וואָס איז
געווען באַזעסן, געבעטן, אַז ער זאָל מעגן זײַן מיט אים. 19 און ער האָט אים
ניט געלאָזט, נייערט האָט צו אים געזאָגט: גיי אַהיים צו דײַנע פֿרײַנט, און
דערצייל זיי, וואָס גאָט האָט מיט דיר געטאָן, און ווי ער האָט זיך דערבאַרעמט
איבער דיר. 20 און ער איז אַרויסגעגאַנגען, און האָט גענומען פֿאַרשפּרייטן
אין דעקאַפּאָליס אַלץ, וואָס יֵשוּעַ האָט פֿאַר אים געטאָן; און זיי האָבן זיך
אַלע געחידושט.

21 און בעת יֵשוּעַ האָט זיך ווידער אַריבערגעשיפֿט אויף דער אַנדערער
זײַט, האָט זיך צו אים פֿאַרזאַמלט אַ סך פֿאָלק; און ער איז געווען בײַם יַם.
22 און איינער פֿון די גַבָּאים פֿון דעם בֵּית־הַכּנֶסֶת, וואָס האָט געהייסן יָאִיר,

איז צו אים געקומען. און אַז ער האָט אים געזען, איז ער געפאַלן צו זיינע
פיס, 23 און ער האָט אים שטאַרק געבעטן, און געזאָגט: מיין טעכטערל
האַלט ביים שטאַרבן; קום, און לייג אַרויף דיינע הענט אויף איר, כדי זי
זאָל געראַטעוועט ווערן, און לעבן. 24 און ער איז מיט אים געגאַנגען; און אַ
גרויסער עולם איז אים נאָכגעגאַנגען, און האָט אים געדרענגט.
25 און אַ פרוי, וואָס האָט צוועלף יאָר געהאַט אַ בלוטפלוס, 26 און וואָס
האָט זיך פיל אָנגעליטן פון אַ סך רופאים, און האָט אויסגעגעבן אַלץ וואָס
זי האָט פאַרמאָגט, און האָט זיך דאָך ניט געבעסערט, נייערט עס איז
איר נאָך ערגער געוואָרן; 27 בעת זי האָט געהערט פונוועגן יֵשוּעַן, איז זי
געקומען צווישן דעם פאָלק פון הינטן, און האָט אָנגערירט זיין מַלבוש.
28 וואָרים זי האָט געזאָגט: אויב איך וועל נאָר אָנרירן זיינע מַלבושים, וועל
איך געהאָלפן ווערן. 29 און תּיכּף איז דער קוואַל פון איר בלוט פאַרטריקנט
געוואָרן; און זי האָט דערפילט אין איר לייַב, אַז זי איז געהיילט געוואָרן
פון איר פלאָג. 30 און באותו־רֶגע האָט יֵשוּעַ דערפילט אין זיך, אַז גבורה
איז פון אים אַרויסגעגאַנגען, און ער האָט זיך אויסגעדרייט צווישן דעם
פאָלק, און געזאָגט: ווער האָט באַרירט מיינע מַלבושים? 31 און זיינע תּלמידים
האָבן צו אים געזאָגט: דו זעסט ווי דאָס פאָלק דריקט דיך, זאָגסטו גאָר:
ווער האָט מיך באַרירט? 32 און ער האָט זיך אַרומגעקוקט, כדי צו זען ווער
סע האָט דאָס געטאָן. 33 אָבער די פרוי האָט מורא באַקומען און האָט
געציטערט, מַחמת זי האָט געוואוסט וואָס סע איז מיט איר געשען, און זי
האָט געגעענט און איז פאַר אים אַנידערגעפאַלן, און האָט אים דערציילט
דעם גאַנצן אֶמת. 34 און ער האָט צו איר געזאָגט: טאָכטער, דיין אֱמונה
האָט דיר געהאָלפן; גיי בשָלום, און ווער געהיילט פון דיין פלאָג.
35 און בשַעת ער האָט נאָך גערעדט, איז מען געקומען פון דעם
גַבאי פון בֵית־הַכּנֶסת, און געזאָגט: דיין טאָכטער איז געשטאָרבן; צו וואָס
ביסטו נאָך מַטריחַ דעם רֶבין? 36 און אַז יֵשוּעַ האָט געהערט, וואָס זיי האָבן
געזאָגט, האָט ער זיך אָפּגערופן צום גַבאי פון בֵית־הַכּנֶסת: האָב ניט קיין
מורא; האָב נאָר בטָחון! 37 און ער האָט קיינעם ניט געלאָזט מיטגיין, אַחוץ
פעטרוסן, יַעקבן, און יוחָנָן, יַעקבס ברודער. 38 און ווי זיי זענען צוגעקומען
צום הויז פון דעם גַבאי פון בֵית־הַכּנֶסת, האָט ער געזען די מהומה, און די
פיל וויינער און קלאָגער. 39 און ער איז אַרייַנגעגאַנגען, און האָט צו זיי

גערזאָגט: וואָס ליאַרעמט איר און וויינט? דאָס קינד איז ניט געשטאָרבן,
נייערט טוט שלאָפֿן. 40 און זיי האָבן אים גוט אויסגעלאַכט. און ער האָט
זיי אַלעמען אַרויסגעטריבן, און האָט גענומען מיט זיך דעם פֿאָטער און די
מוטער און די, וואָס זענען געווען מיט אים, און איז אַרײַנגעגאַנגען וואו
דאָס קינד איז געווען. 41 און ער האָט אָנגענומען דאָס קינד ביי דער
האַנט, און האָט צו איר געזאָגט: טַלְיתָא קומי; וואָס איז טײַטש: מיידל,
איך זאָג דיר, שטיי אויף. 42 און דאָס מיידל איז תֵּיכף אויפֿגעשטאַנען, און
האָט גענומען גיין; און זי איז אַלט געווען צוועלף יאָר. און זיי זענען
פֿאַרחִידושט געוואָרן מיט אַ גרויס חִידוש. 43 און ער האָט זיי שטרענג
באַפֿוילן, אַז קיינער זאָל ניט וויסן דערפֿון; און ער האָט געהייסן, מע זאָל
איר געבן עפּעס צו עסן.

ו און ער איז אַוועקגעגאַנגען פֿון דאָרטן, און איז געקומען אין זיין אייגן
לאַנד אַריין; און זיינע תַּלמידים זענען אים נאָכגעגאַנגען. 2 און שַבּת
האָט ער אָנגעהויבן צו לערנען אין דעם בֵּית־הַכְּנֶסת, און אַ סַך, וואָס
האָבן אים געהערט, האָבן זיך געחִידושט, און געזאָגט: פֿונוואַנען נעמט זיך
דאָס צו אים? און וואָס איז דאָס פֿאַר אַ חָכמה, וואָס איז אים געגעבן
געוואָרן, אַז אַזעלכע וואונדער זאָלן געשען דורך זיינע הענט! 3 איז דאָס
ניט דער סטאָליער, דער זון פֿון מִרְיָם, און דער ברודער פֿון יַעקֹב, און
יוֹסי, און יהודה, און שִמעוֹן? און זענען ניט זיינע שוועסטער דאָ מיט אונדז?
און זיי זענען געשטרויכלט געוואָרן אין אים. 4 און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט:
אַ נָביא איז ניט אָן כָּבוד, סיידן אין זיין אייגן לאַנד, און צווישן זיינע קרוֹבים,
און אין זיין אייגן הויז. 5 און ער האָט דאָרט ניט געקאָנט טאָן קיין וואונדער,
אַחוץ וואָס ער האָט אַרויפֿגעלייגט זיינע הענט אויף עטלעכע קראַנקע, און
האָט זיי געהיילט. 6 און ער האָט זיך געחִידושט איבער זייער אומגלויבן.

און ער איז אַרומגעגאַנגען אין די דערפֿער און האָט געלערנט. 7 און ער
האָט גערופֿן צו זיך די צוועלף, און האָט זיי גענומען אַרויסשיקן זאַלבעצווייט,
און האָט זיי געגעבן שלִיטה איבער אומריינע גייסטער; 8 און ער האָט זיי
געבאָטן, אַז זיי זאָלן גאָרניט מיטנעמען אויפֿן וועג, אַחוץ אַ שטעקן; ניט
קיין ברויט, ניט קיין רייזעזאַק, ניט קיין געלט אין גאַרטל; 9 נייערט צו
טראָגן סאַנדאַלן, און ניט צו גיין אָנגעטאָן אין צוויי רעק. 10 און ער האָט צו
זיי געזאָגט: אין וואָס פֿאַר אַ הויז איר וועט אַרײַנקומען, דאָרט פֿאַרבלײַבט,

ביז איר גייט ווייטער. [11] און דאָס אָרט, וואָס וועט אייך ניט אויפנעמען,
און זיך ניט צוהערן צו אייך, זאָלט איר פון דאָרטן אַרויסגיין און אָפּטרייסלען
דעם שטויב פון אייערע פיס, פאַר אַן עֵדות צו זיי. [12] און זיי זענען אַרויסגעגאַנגען
און האָבן גערופן צו תשובה; [13] און האָבן אַרויסגעטריבן אַ סך בייזע גייסטער,
און געזאַלבט אַ סך קראַנקע מיט אייל, און זיי געהיילט.

[14] און דער מֶלך הורדוס האָט דערפון געהערט, ווייל זיין שֵם איז
געוואָרן באַקאַנט. און ער האָט געזאָגט: יוֹחָנָן הַמַטביל איז אויפגעשטאַנען
תּחִיַת־הַמֵתים, און דעריבער אַרבעטן אין אים די דאָזיקע כּוחות. [15] אָבער
אַנדערע האָבן געזאָגט: עס איז אֵלִיָהו. און ווידער אַנדערע האָבן געזאָגט:
ס'איז אַ נָביא, פּונקט ווי איינער פון די נביאים. [16] און אַז הורדוס האָט עס
געהערט, האָט ער געזאָגט: יוֹחָנָן, וועמען איך האָב געקעפּט, איז אויפ־
געשטאַנען. [17] וואָרים הורדוס האָט געשיקט און געלאָזט כאַפּן יוֹחָנָן, און האָט
אים געבונדן אין דער תּפיסה צוליב הוֹרוֹדִיָה, דאָס ווייב פון זיין ברודער
פיליפּוס, ווייל ער האָט מיט איר חַתונה געהאַט. [18] וואָרים יוֹחָנָן האָט געזאָגט
צו הורדוסן: עס איז דיר ניט דערלויבט צו האָבן דיין ברודערס ווייב. [19] און
הוֹרוֹדִיָה האָט אים פיינט באַקומען, און אים געוואָלט טייטן, אָבער זי האָט
עס ניט געקענט טאָן. [20] וואָרים הורדוס האָט מוֹרא געהאַט פאַר יוֹחָנָן, ווייל
ער האָט געוואוסט, אַז ער איז אַ צַדיק און אַ הייליקער מאַן, און ער האָט
אים אָפּגעהיט. און בעת ער פלעגט אים הערן, איז ער שטאַרק צעמישט
געוואָרן; פונדעסטוועגן האָט ער אים גערן געהערט. [21] און אַז עס איז געקומען
אַ פּאַסיקער טאָג, בעת הורדוס האָט צו זיין געבוירנטאָג געמאַכט אַ סעודה
פאַר זיינע האַרן, און קריגפירער, און די חָשובסטע מענטשן פון גָליל, [22] איז
הוֹרוֹדִיָהס טאָכטער אַריַינגעקומען און האָט געטאַנצט, און זי איז הורדוסן
געפעלן געוואָרן, און אויך זיינע געסט. און דער מֶלך האָט געזאָגט צום
מיידל: פאַרלאַנג פון מיר, וואָס דו ווילסט, און איך וועל עס דיר געבן.
[23] און ער האָט איר געשוואוירן: וואָס נאָר דו וועסט פון מיר פאַרלאַנגען,
וועל איך דיר געבן, ביז אַ האַלב פון מיין מלוכה. [24] און זי איז אַרויסגעגאַנגען,
און האָט געזאָגט צו איר מוטער: וואָס זאָל איך פאַרלאַנגען? האָט זי געזאָגט:
דעם קאָפּ פון יוֹחָנָן הַמַטביל. [25] און זי איז תֵּיכף אַריַינגעגאַנגען צום מֶלך,
און האָט בעזאָגט: איך פאַרלאַנג, דו זאָלסט מיר גלייַך געבן אויף אַ שיסל
דעם קאָפּ פון יוֹחָנָן הַמַטביל. [26] און דער מֶלך האָט זיך שטאַרק מצַער־

געווען, אָבער צוליב די שבועות און די געסט, האָט ער איר ניט געוואָלט
אָפּזאָגן. 27 און דער מֶלך האָט תּיכּף געשיקט אַ לײַב־וועכטער, און האָט
אים באַפֿוילן צו ברענגען זײַן קאָפּ; און ער איז געגאַנגען און האָט אים
געקעפּט אין דער תּפֿיסה, 28 און געבראַכט זײַן קאָפּ אויף אַ שיסל און האָט
אים געגעבן דעם מיידל, און דאָס מיידל האָט אים געגעבן צו איר מוטער.
29 און אַז זײַנע תּלמידים האָבן דאָס געהערט, זענען זיי געקומען און האָבן
גענומען זײַן גוף, און האָבן אים אַרײַנגעלייגט אין אַ קֶבר.
30 און די שליחים האָבן זיך פֿאַרזאַמלט בײַ יֵשוען, און האָבן אים
דערציילט אַלצדינג, וואָס זיי האָבן געטאָן, און וואָס זיי האָבן געלערנט.
31 און ער האָט צו זיי געזאָגט: קומט און ציט אײַך צוריק אין אַ וויסט אָרט,
און רוט אײַך אויס אַביסל. וואָרים אַ סך האָבן געהאַלטן אין קומען און גיין,
אַזוי, אַז זיי האָבן צומאָל ניט געהאַט קיין צײַט צו עסן. 32 און זיי האָבן
זיך אַוועקגעלאָזט מיט אַ שיף אין אַ וויסט אָרט אַליין. 33 און מען האָט זיי
געזען אַוועקגיין, און אַ סך האָבן זיי דערקענט, און זיי זענען זיך צונויפֿגעלאָפֿן
צופֿוס פֿון אַלע שטעט, און זענען דאָרטן אָנגעקומען פֿריער פֿאַר זיי.
34 און בעת ער איז אַרויסגעקומען און געזען דעם גרויסן עולם, האָט
אים אָנגענומען אַ רַחמָנות אויף זיי, ווײַל זיי זענען געווען ווי שאָף אָן אַ
פּאַסטעך; און ער האָט מיט זיי אַ סך געלערנט. 35 און אַזוי ווי סע איז שוין
געוואָרן שפּעט, זענען צו אים געקומען זײַנע תּלמידים, און האָבן געזאָגט:
דאָס אָרט איז וויסט, און עס איז שוין שפּעט; 36 לאָז זיי אָפּ, כּדי זיי זאָלן
קענען גיין אין די אַרומיקע דערפֿער און מקומות, און זיך קויפֿן עפּעס צו
עסן. 37 אָבער ער האָט געענטפֿערט, און צו זיי געזאָגט: גיט איר זיי צו עסן.
האָבן זיי צו אים געזאָגט: זאָלן מיר גיין קויפֿן ברויט פֿאַר צוויי הונדערט
דינָרים, און זיי געבן צו עסן? 38 אָבער ער האָט צו זיי געזאָגט: וויפֿל ברויט
האָט איר? נו, גייט און זעט. און אַז זיי זענען עס דערגאַנגען, האָבן זיי
געזאָגט: פֿינף, און צוויי פֿיש. 39 און ער האָט זיי אַלע געהייסן זיך אַנידערזעצן
כּיתּותווײַז אויפֿן גרינעם גראָז. 40 און זיי האָבן זיך אַנידערגעזעצט אין שורות,
צו הונדערט, און צו פֿופֿציק. 41 און ער האָט גענומען די פֿינף ברויט און די
צוויי פֿיש, און האָט אויפֿגעהויבן זײַנע אויגן צום הימל און האָט אַ בְּרָכה
געמאַכט, און ער האָט אָפּגעבראָכן פֿון דעם ברויט און עס דערלאַנגט די
תּלמידים, צו גרייטן פֿאַר זיי; און אויך די צוויי פֿיש האָט ער צעטיילט

צווישן זיי. [42] און זיי האָבן אַלע געגעסן צו דער זאַט, [43] און זיי האָבן
צונויפגענומען פון די איבערגעבליבענע ברעקלעך, צוועלף פולע קערב,
און אויך פון די פיש. [44] און די, וואָס האָבן געגעסן פון דעם ברויט, זענען
געווען פינף טויזנט מאַן.

[45] און ער האָט תּיכּף גענייט זיינע תּלמידים אַרײַנצוגיין אין דער שיף,
און אַריבערצופאָרן פריִער פאַר אים אויף דער אַנדערער זייט, קיין בּית־
צַיָדה, ביז ער וועט אָפּלאָזן דאָס פאָלק. [46] און נאָכדעם ווי ער האָט זיך
מיט זיי אָפּגעזעגנט, איז ער אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג מִתפַּלֵל צו זיין.
[47] און אַז סע איז געוואָרן אָוונט, איז די שיף געווען אין מיטן יַם, און ער
גופא אויף דער יַבָּשה. [48] און זעענדיק ווי זיי מאַטערן זיך ביים רודערן—
וואָרים דער ווינט איז געווען אַנטקעגן זיי—איז ער צו זיי געקומען אַרום
דער פערטער נאַכטוואַך, גייענדיק אויפן יַם. און ער האָט זיי געוואָלט
פאַרבײַגיין, [49] און ווי זיי האָבן אים געזען גיין אויפן יַם, האָבן זיי געמיינט,
אַז דאָס איז אַ גייסט, און האָבן זיך צעשריגן; [50] וואָרים זיי האָבן אים
אַלע געזען, און האָבן זיך דערשראָקן. און תּיכּף האָט ער גערעדט מיט
זיי, און צו זיי געזאָגט: זייט געטרייסט, דאָס בין איך; האָט ניט קיין
מוֹרא. [51] און ער איז צו זיי אין דער שיף אַרײַנגעגאַנגען, און דער ווינט
האָט אויפגעהערט. און זיי האָבן זיך שטאַרק געחִידושט; [52] וואָרים זיי
האָבן ניט פאַרשטאַנען בנוֹגע דעם ברויט, מַחמת זייער האַרץ איז געווען
פאַרהאַרטעוועט.

[53] און בעת זיי זענען אַריבערגעפאָרן, זענען זיי געקומען צום לאַנד
גנֵיסַר, און האָבן זיך דערנענטערט צום ברעג. [54] און אַז זיי זענען אַרויס־
געקומען פון דער שיף, האָט מען אים תּיכּף דערקענט, [55] און זיי זענען
אַרומגעלאָפן אין דער גאַנצער געגנט, און האָבן גענומען ברענגען די קראַנקע
אויף זייערע געלעגערס, וואוהין זיי האָבן געהערט, אַז ער געפינט זיך.
[56] און אומעטום וואו ער איז געקומען, אין די דערפער, שטעט אָדער מקומות,
האָט מען די קראַנקע אַוועקגעלייגט אויפן מאַרק, און אים געבעטן, צו
מעגן כאָטש אָנרירן די כּנפות פון זיין בֶּגֶד. און אַלע, וואָס האָבן אים
אָנגערירט, זענען געהאָלפן געוואָרן.

ז און סע האָבן זיך ביי אים פאַרזאַמלט די פּרושים, און עטלעכע פון
די סופרים, וואָס זענען געקומען פון ירושָלַיִם, [2] און זיי האָבן געזען,

אַז עטלעכע פון זיינע תּלמידים עסן ברויט מיט טָמא, דאָס הייסט, מיט אומגעוואַשענע הענט. [3](וואָרים די פּרושים, און אַלע ייִדן עסן ניט, סיידן זיי וואַשן זיך די הענט, וואָרים זיי האַלטן די מסורה פון די זקֵנים; [4]און ווען זיי קומען פון מאַרקפּלאַץ, עסן זיי ניט, כָּל־זמַן זיי וואַשן זיך ניט; און אַ סך אַנדערע זאַכן האָבן זיי איבערגענומען מקַיים צו זיין: דאָס טוֹבלען פון בעכערס, און טעפּ, און קופּערנע כֵּלים.) [5]און די פּרושים און די סוֹפרים האָבן אים געפרעגט: פאַרוואָס זענען זיך דיינע תּלמידים ניט נוֹהג לויט דער מסורה פון די זקֵנים, נייערט זיי עסן ברויט מיט טָמא הענט? [6]און ער האָט צו זיי געזאָגט: גוט האָט ישַעיָה אויף אייך חוֹנפים נבֿיאות געזאָגט, ווי סע שטייט געשריבן:

דאָס דאָזיקע פאָלק גיט מיר אָפּ כָּבוד מיט זיינע ליפּן,
אָבער זיין האַרץ איז ווייט פון מיר.
[7]און אומזיסט טוען זיי מיך דינען,
מיט לערנען איינגעחזרטע מִצוות פון מענטשןא.

[8]איר פאַרלאָזט דאָס געבאָט פון גאָט, און האַלט זיך ביי דער מסוֹרה פון מענטשן.

[9]און ער האָט צו זיי געזאָגט: איי האָט איר מבַטל געווען גאָטס געבאָט, זיך צו קענען האַלטן ביי אייער מסוֹרה! [10]וואָרים משה האָט געזאָגט: גיב אָפּ כָּבוד דיין פאָטער און דיין מוטער; און דער, וואָס שעלט פאָטער, אָדער מוטער, זאָל טייטן געטייט ווערןב; [11]אָבער איר זאָגט: אויב איינער וועט זאָגן צו זיין פאָטער, אָדער מוטער: אַ קָרבן איז דאָס, וואָס דו וואָלטסט געקענט הַנָאה האָבן פון מיר, דאָס הייסט, עס איז אַ נֶדר צו גאָט; [12]דעמאָלט לאָזט איר אים שוין מער גאָרניט טאָן פאַר זיין פאָטער, אָדער מוטער; [13]און דערמיט מאַכט איר בָּטל גאָטס וואָרט צוליב אייער אָנגענומענער מסוֹרה. און אַזוי אַשטייגער זענט איר זיך פיל מאָל נוֹהג.

[14]און ער האָט צו זיך ווידער גערופן דאָס פאָלק, און האָט צו זיי געזאָגט: הערט מיך אויס, איר אַלע, און פאַרשטייט: [15]ניט דאָס, וואָס קומט אַריין אין אַ מענטשן פון דרויסן, קאָן אים מטַמא זיין; נייערט דאָס, וואָס קומט אַרויס פון אים, אָט דאָס איז מטַמא דעם מענטשן. [16]דער, וואָס האָט אויערן צו הערן, זאָל הערן. [17]און בשַעת ער האָט פאַרלאָזט דאָס פאָלק,

א ישעיה כט, 13. ב שמות כ, 12; כא, 17.

און איז אַרײַנגעגאַנגען אין הויז אַריין, האָבן זיינע תּלמידים אים געפרעגט
וועגן דעם מָשל. [18] און ער האָט צו זיי געזאָגט: זענט איר אויך אָן שֵׂכל?
פאַרשטייט איר ניט, אַז אַלץ, וואָס קומט אַריין אין דעם מענטשן פון דרויסן,
קאָן אים ניט מטמא זיין? [19] וואָרים סע גייט ניט אין זיין האַרץ אַריין,
נייערט אין מאָגן, און פון דאָרטן אין בֵּית־הַכִּיסא אַריין. (אָט אַזוי האָט
ער אַלע שפּייזן ריין געמאַכט.) [20] און ער האָט געזאָגט: דאָס, וואָס קומט
אַרויס פון דעם מענטשן, דאָס איז מטמא דעם מענטשן. [21] וואָרים פון אינע־
ווייניק, פון דעם מענטשנס האַרץ, קומען אַרויס בייזע מַחשָבות, זנות, גנֵבה,
רציחה, [22] ניאוף, זשעדנעקייט, רשעות, באַטרוג, תּאווה, עַיִן־הָרע, לעסטערונג,
גַאווה, שטות. [23] אָט דאָס גאַנצע שלעכטס קומט אַרויס פון אינעווייניק, און
איז מטמא דעם מענטשן.

[24] און ער איז אויפגעשטאַנען פון דאָרטן און איז אַוועקגעגאַנגען אין
די קאַנטן פון צוֹר און צִידון. און ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין אַ הויז, און
האָט ניט געוואָלט, ס'זאָל ווער וויסן פון דעם; אָבער ער האָט ניט געקאָנט
בלייבן פאַרבאָרגן. [25] וואָרים תּיכף האָט אַ פרוי, וועמעס טעכטערל האָט
געהאַט אַן אומריינעם גייסט, געהערט וועגן אים, און זי איז געקומען און איז
אים געפאַלן צו די פיס. [26] און די פרוי איז געווען אַ יוָנית, פון סירישׂ־
פעניקישן אָפּשטאַם. און זי האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל אַרויסטרײַבן דעם
בייזן גייסט פון איר טאָכטער. [27] און ער האָט צו איר געזאָגט: זאָלן קודם
די קינדער זאַט ווערן, וואָרים עס איז ניט רעכט צו נעמען דאָס ברויט פון
די קינדער, און עס וואַרפן פאַר די הינט. [28] אָבער זי האָט אים געענטפערט:
יאָ, האַר; אויך די הינט אונטערן טיש עסן די ברעקלעך פון די קינדער.
[29] און ער האָט צו איר געזאָגט: צוליב דעם דאָזיקן וואָרט, גיי דיין וועג;
דער בייזער גייסט איז אַרויס פון דיין טאָכטער. [30] און זי איז אַהיימגעגאַנגען,
און האָט דאָס קינד געפונען ליגן אויפן בעט, און דער בייזער גייסט איז
פון איר געווען אַרויסגעגאַנגען.

[31] און ער איז ווידער אַרויסגעגאַנגען פון די געמאַרקן פון צוֹר, און איז
געגאַנגען דורך צִידון צום יַם פון גָליל, דורך די געמאַרקן פון דעקאַפּאָליס.
[32] און מען האָט צו אים געבראַכט אַ טויבן, וואָס האָט געשטאַמלט; און זיי
האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל אַרויפלייגן אויף אים זיין האַנט. [33] און ער
האָט אים אַוועקגענומען אָן אַ זייט פון דעם פאָלק, און האָט אַרײַנגעלייגט

זיינע פינגער אין זיינע אויערן, און האָט אַ שפּיי געטאָן און אָנגערירט זיין
צונג; [34] און אויפהייבנדיק זיינע אויגן צום הימל, האָט ער אַ זיפץ געטאָן,
און צו אים געזאָגט: אֶפַּתַּח, וואָס איז טײַטש: עפן דיך אויף! [35] און זיינע
אויערן האָבן זיך געעפנט, און דער באַנד פון זיין צונג איז געוואָרן לויז,
און ער האָט גערעדט גלאַט. [36] און ער האָט זיי באַפוילן, אַז זיי זאָלן עס
קיינעם ניט דערציילן; אָבער וואָס מער ער האָט זיי פאַרווערט, אַלץ מער
האָבן זיי עס באַקאַנט געמאַכט. [37] און זיי האָבן זיך שטאַרק געחידושט, און
געזאָגט: אַלצדינג האָט ער גוט געטאָן; ער מאַכט אַפילו די טויבע הערן,
און די שטומע רעדן.

ח אין יענע טעג, בעת סע האָט זיך ווידער פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם,
און זיי האָבן ניט געהאַט וואָס צו עסן, האָט ער גערופן צו זיך זיינע
תּלמידים, און האָט צו זיי געזאָגט: [2] עס איז מיר אַ רַחמָנות אויפן פאָלק,
וואָרים זיי זענען מיט מיר שוין דריי טעג, און האָבן ניט וואָס צו עסן. [3] און
אויב איך זאָל זיי אַהיימשיקן אומגעגעסן, וועלן זיי נאָך חַלָשן אויפן וועג;
און טייל פון זיי קומען אויך פון ווייט. [4] און זיינע תּלמידים האָבן אים
געענטפערט: פון וואַנען קאָן מען זיי דאָ אין דער מִדבר זעטיקן מיט ברויט?
[5] האָט ער זיי געפרעגט: וויפל לאַבן ברויט האָט איר? האָבן זיי געזאָגט:
זיבן. [6] און ער האָט געהייסן דעם עולם זיך אַנידערזעצן אויף דער ערד;
און ער האָט גענומען די זיבן ברויט און האָט אַ בְּרָכה געמאַכט, און ער
האָט זיי איבערגעבראָכן, און געגעבן זיינע תּלמידים, צו גרייטן פאַר זיי. און
זיי האָבן עס דערלאַנגט דעם עולם. [7] און זיי האָבן אויך געהאַט עטלעכע
קליינע פישלעך; און נאָכדעם ווי ער האָט איבער זיי אַ בְּרָכה געמאַכט,
האָט ער געהייסן, מע זאָל אויך זיי דערלאַנגען. [8] און זיי האָבן געגעסן, און
זענען זאַט געוואָרן; און זיי האָבן צונויפגעקליבן פון די איבערגעבליבענע
ברעקלעך, זיבן קערב. [9] און זיי זענען געווען אַן עֶרֶך פון פיר טויזנט
מענטשן. און ער האָט זיי אַוועקגעשיקט; [10] און תֵּיכּף איז ער אַריין אין אַ
שיף מיט זיינע תּלמידים, און איז אָנגעקומען אין די קאַנטן פון דַלמָנוּתָא.

[11] און די פּרושים זענען אַרויסגעקומען, און האָבן אָנגעהויבן מיט אים
אַ וויכּוח, און פאַרלאַנגט פון אים אַ צייכן פון הימל, כּדי אים צו פּרואוון.
[12] און ער האָט טיף אָפּגעזיפצט אין זיין געמיט, און געזאָגט: פאַרוואָס זוכט

דער דאָזיקער דור אַ צייכן? פאַרוואָר, איך זאָג אייך, דעם דאָזיקן דור
וועט ניט געגעבן ווערן קיין שום צייכן. 13 און ער האָט זיי פאַרלאָזט, און
איז ווידער אַרײַנגעגאַנגען אין דער שיף, און איז אַריבערגעפאָרן אויף דער
אַנדערער זייט.

14 און זיי האָבן פאַרגעסן מיטצונעמען ברויט, און האָבן ניט געהאַט מער
ווי איין ברויט אין דער שיף. 15 און ער האָט זיי געוואָרנט: גיט אַכטונג, און
היט אייך פאַר דעם זויערטייג פון די פּרושים און פאַר דעם זויערטייג פון
הורדוסן. 16 און זיי האָבן זיך געאַמפּערט איינער מיטן אַנדערן, און געזאָגט:
מיר האָבן ניט קיין ברויט. 17 און יֵשוּעַ האָט עס באַמערקט, און צו זיי
געזאָגט: וואָס אַמפּערט איר אייך, וואָס איר האָט ניט קיין ברויט? צי קאָנט
איר נאָך אַלץ ניט מערקן און פאַרשטיין? איז אייער האַרץ פאַרהאַרטעוועט?
18 איר האָט אויגן און זעט ניט, און איר האָט אויערן, און הערט ניט? און
געדענקט איר ניט, 19 בעת איך האָב צעבראָכן די פינף ברויט פאַר די פינף
טויזנט, וויפל פולע קערב מיט ברעקלעך האָט איר צונויפגעקליבן? זאָגן
זיי צו אים: צוועלף. 20 און בעת איך האָב צעבראָכן די זיבן פאַר די פיר
טויזנט, וויפל פולע קערב מיט ברעקלעך האָט איר צונויפגעקליבן? זאָגן
זיי צו אים: זיבן. 21 האָט ער צו זיי געזאָגט: טאָ פאַרוואָס פאַרשטייט איר ניט?

22 און זיי זענען געקומען קיין בֵּית־צַיְדָה. און מען האָט צו אים
געבראַכט אַ בלינדן, און אים געבעטן, אַז ער זאָל אים אָנרירן. 23 און ער
האָט אָנגענומען דעם בלינדן ביי דער האַנט, און האָט אים אַרויסגעפירט פון
דאָרף; און אַז ער האָט אַ שפּיי געטאָן אויף זיינע אויגן, האָט ער אַרויפ־
געלייגט זיינע הענט אויף אים, און אים געפרעגט: זעסטו עפּעס? 24 און ער
האָט אַ קוק געגעבן, און געזאָגט: איך זע מענטשן, ווי ביימער זע איך זיי
אַרומגיין. 25 דערנאָך האָט ער ווידער אַרויפגעלייגט די הענט אויף זיינע
אויגן; און ער האָט שאַרף געקוקט, און איז געהיילט געוואָרן, און האָט אַלץ
געזען קלאָר. 26 און ער האָט אים אַהײמגעשיקט, און געזאָגט: גיי אַפילו
אין דאָרף ניט אַריין.

27 און יֵשוּעַ איז אַרויסגעגאַנגען מיט זיינע תַּלמידים אין די דערפער פון
קֵיסַריה פון פיליפּוס; און אויפן וועג האָט ער געפרעגט זיינע תַּלמידים:
ווער, זאָגן די מענטשן, בין איך? 28 האָבן זיי אים געענטפערט: יוֹחָנָן הַמַטבּיל;
און אַנדערע, אֵלִיָהוּ; און אַנדערע ווידער, אַז איינער פון די נביאים.

[29] האָט ער זיי געפרעגט: איר אָבער, ווער זאָגט איר, בין איך? און פּעטרוס
האָט געענטפערט, און צו אים געזאָגט: דו ביסט דער מָשִׁיחַ! [30] און ער
האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן קיינעם ניט דערציילן וועגן אים.

[31] און ער האָט מיט זיי אָנגעהויבן צו לערנען, אַז דער בֶּן־אָדָם מוז
ליידן אַ סַך, און פֿאַרוואָרפֿן ווערן פֿון די זְקֵנִים, און די ראָשי־כֹּהֲנִים, און
די סוֹפרים, און געטייט ווערן, און נאָך דריי טעג וועט ער ווידער אויפֿשטיין.
[32] און ער האָט דערפֿון אָפֿן גערעדט. און פּעטרוס האָט אים גענומען, און
האָט אים אָנגעהויבן צו מוסרן. [33] אָבער ער האָט זיך אויסגעדרייט, און קוקנדיק
אויף זיינע תַּלמידים, האָט ער אויסגעמוסרט פּעטרוסן, און געזאָגט: קער אָפּ
פֿון מיר, שָׂטָן! וואָרים דיך אַרט ניט, וואָס איז שַייך גאָט, נייערט וואָס איז
שַייך מענטשן.

[34] און ער האָט צו זיך גערופֿן דאָס פֿאָלק אינאיינעם מיט זיינע תַּלמידים,
און האָט צו זיי געזאָגט: וויל מיר ווער נאָכגיין, זאָל ער זיך אַליין פֿאַרלייקענען,
און נעמען אויף זיך זיין צְלָב, און מיר נאָכגיין. [35] וואָרים ווער סע וויל מַציל
זיין זיין לעבן, וועט עס פֿאַרלירן; און ווער סע וועט פֿאַרלירן זיין לעבן
פֿון מייַנעטוועגן און צוליב דער בשׂורה, וועט עס מַציל זיין. [36] וואָרים וואָס
נוצט עס דעם מענטשן, ווען ער זאָל געווינען די גאַנצע וועלט, און פֿאַרלירן
זיין לעבן? [37] אָדער וואָס פֿאַר אַן אויסלייז קאָן אַ מענטש געבן פֿאַר זיין
לעבן? [38] וואָרים ווער סע וועט זיך שעמען מיט מיר און מיט מיינע רייד אין
דעם דאָזיקן נואֵפֿדיקן און זינדיקן דור, וועט דער בֶּן־אָדָם זיך אויך שעמען
מיט אים, בעת ער וועט קומען אין דער הערלעכקייט פֿון זיין פֿאָטער מיט
די הייליקע מַלאָכים.

**ט** און ער האָט צו זיי געזאָגט: פֿאַרוואָר, איך זאָג אייך, פֿאַראַן עטלעכע
פֿון די, וואָס שטייען דאָ, וואָס וועלן ניט פֿאַרזוכן דעם טַעם פֿון טויט,
ביז זיי וועלן זען דאָס מַלכות פֿון גאָט אָנקומען מיט מאַכט.

[2] און זעקס טעג שפּעטער האָט יֵשוּעַ גענומען מיט זיך פּעטרוסן, און
יַעקֹבן, און יוֹחָנָן, און האָט זיי אַרויפֿגעבראַכט אַליין מיט זיך אויף אַ הויכן
באַרג; און ער איז פֿאַר זיי פֿאַרענדערט געוואָרן. [3] און זיינע מַלבושים
זענען געוואָרן שטראַלנדיק, אַזוי ווייס, אַז קיין פֿאַרבער אויף דער ערד
וואָלט זיי ניט געקאָנט ווייסער מאַכן. [4] און אֵלִיָהו מיט משֶהן האָבן זיך

אַנטפּלעקט צו זיי, און האָבן גערעדט מיט יֵשוּעַן. 5 און פּעטרוס האָט זיך
אָפּגערופן צו יֵשוּעַן: רֶבּי, עס איז גוט פאַר אונדז דאָ צו זיין; לאָמיר מאַכן
דריי ביידלעך, איינס פאַר דיר, און איינס פאַר משה־ן, און איינס פאַר
אֵלִיָהון. 6 וואָרים ער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגן, אַזוי דערשראָקן
זענען זיי געווען. 7 און געקומען איז אַ וואָלקן, און האָט זיי פאַרשאָטנט, און
אַ קול איז אַרויס פון דעם וואָלקן: דאָס איז מיין געליבטער זון; אים זאָלט
איר הערן. 8 און אַז זיי האָבן זיך פּלוצים אַרומגעקוקט, האָבן זיי קיינעם
ניט געזען, אַחוץ יֵשוּעַן אַליין.

9 און בעת זיי האָבן אַראָפּגענידערט פון דעם באַרג, האָט ער זיי באַפוילן,
אַז זיי זאָלן קיינעם ניט דערציילן, וואָס זיי האָבן געזען, ביז דער בֶּן־אָדָם
וועט אויפשטיין תּחִיַת־הַמֵתים. 10 און זיי האָבן אויפגעכאַפּט דאָס וואָרט, און
האָבן זיך געטַישובט צווישן זיך, וואָס תּחִיַת־הַמֵתים זאָל באַטייַטן. 11 און זיי
האָבן אים געפרעגט: פאַרוואָס זאָגן די סופרים, אַז קודם דאַרף קומען
אֵלִיָהו? 12 האָט ער צו זיי געזאָגט: אַוודאי קומט קודם אֵלִיָהו, און טוט
אַלץ אויפריכטן; און ווי סע שטייט געשריבן וועגן דעם בֶּן־אָדָם, אַז ער
מוז אַ סַך ליידן, און ווערן פאַרשטויסן. 13 אָבער איך זאָג אייך, אַז אֵלִיָהו
איז שוין געקומען, און זיי האָבן מיט אים געטאָן וואָס זיי האָבן געוואָלט,
אַזוי ווי סע שטייט געשריבן וועגן אים.

14 און בעת זיי זענען געקומען צו די תּלמידים, האָבן זיי געזען אַ גרויסן
עולם אַרום זיי, און סופרים האָבן זיך מיט זיי מִתווַכֵּחַ געווען. 15 און אַז די
מענטשן האָבן אים דערזען, זענען זיי נִשתּוֹמם געוואָרן, און האָבן זיך אַ לאָז
געטאָן צו אים, און אים אָפּגעגעבן שָלום. 16 און ער האָט זיי געפרעגט:
וועגן וואָס זענט איר זיך מִתווַכֵּח־ן מיט זיי? 17 און איינער פון דעם פאָלק
האָט אים געענטפערט: רֶבּי, איך האָב געבראַכט צו דיר מיין זון, וואָס האָט
אַ שטומען גייסט; 18 און וואו נאָר ער כאַפּט אים אָן, וואַרפט ער אים אַהין
און אַהער; און ער שוימט און קריצט מיט די ציין, און ווערט פאַרשטאַרט;
און איך האָב געזאָגט צו דיינע תּלמידים, אַז זיי זאָלן אים אַרויסטרייַבן,
אָבער זיי זענען ניט געווען בִּיכולת. 19 און ער האָט זיי געענטפערט: אָ
אומגלויביקער דור, ווי לאַנג נאָך זאָל איך זיין מיט אייך? ווי לאַנג נאָך
זאָל איך אייך פאַרטראָגן? ברענגט אים אַהער צו מיר. 20 און זיי האָבן אים
געבראַכט צו אים; און ווי ער האָט אים דערזען, האָט דער גייסט פּלוצים

געגומען אים רייסן; און ער איז אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד, און האָט
זיך שוימענדיק געוואַלגערט. 21 און ער האָט געפרעגט זיין פאָטער: ווי לאַנג
איז עס, זינט דאָס איז צו אים געקומען? האָט ער געזאָגט: פון קינדווייז אָן.
22 און אָפט וואַרפט ער אים אין פייער און אין וואַסער אַריין, כּדי אים
אומצוברענגען. אָבער אויב דו קענסט עפּעס טאָן, האָב אויף אונדז רַחמָנות,
און העלף אונדז. 23 און יֵשוּעַ האָט צו אים געזאָגט: אויב דו קענסט? – אַלץ
איז מעגלעך פאַר דעם, וואָס גלויבט. 24 און תּיכף האָט דער פאָטער פון
דעם יִינגל אויסגעשריגן, און געזאָגט: איך גלויב; העלף מיין אומגלויבן!
25 און ווען יֵשוּעַ האָט געזען, אַז דאָס פאָלק לויפט זיך צונויף, האָט ער
אָנגעשריגן אויף דעם אומריינעם גייסט, און צו אים געזאָגט: דו שטומער און
טויבער גייסט, איך באַפעל דיר, זאָלסט אַרויס פון אים, און מער קיינמאָל
אין אים ניט אַריינגיין. 26 און נאָך אַ סך שרייעניש, און גרויס רייסעניש, איז
ער פון אים אַרויס; און דאָס יִינגל איז געוואָרן ווי אַ מֵת, אַזוי, אַז אַ סך
האָבן געזאָגט: ער איז געשטאָרבן. 27 אָבער יֵשוּעַ האָט אים אָנגענומען ביי
דער האַנט, און האָט אים אויפגעהויבן, און ער איז אויפגעשטאַנען. 28 און
ווען ער איז אַריינגעגאַנגען אין הויז אַריין, האָבן אים זיינע תַּלמידים
געפרעגט, בעת זיי זענען געווען אַליין: פאַרוואָס האָבן מיר אים ניט געקענט
אַרויסטרייבן? 29 האָט ער צו זיי געזאָגט: דער דאָזיקער מין גייט ניט אַרויס,
סיידן דורך תּפילה טאָן.

30 און זיי זענען פון דאָרטן אַוועק, און זענען דורכגעגאַנגען דורך גָליל;
און ער האָט ניט געוואָלט, אַז עמיצער זאָל עס וויסן. 31 וואָרים ער האָט
געלערנט זיינע תַּלמידים, און צו זיי געזאָגט: דער בֶּן־אָדָם וועט איבער־
געענטפערט ווערן אין די הענט פון מענטשן, און זיי וועלן אים טייטן; און דריי
טעג נאָכן טויט וועט ער ווידער אויפשטיין. 32 אָבער זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען,
וואָס ער האָט געזאָגט, און האָבן מורא געהאַט אים צו פרעגן.

33 און זיי זענען געקומען קיין כּפַר־נַחום; און בעת ער איז געווען אין
הויז, האָט ער זיי געפרעגט: וועגן וואָס האָט איר אייך געאַמפּערט אויפן
וועג? 34 אָבער זיי האָבן געשוויגן; ווייל אויפן וועג האָט איינער מיטן אַנדערן
זיך געאַמפּערט, ווער עס איז דער גרעסטער צווישן זיי. 35 און ער האָט זיך
אַנידערגעזעצט, און גערופן די צוועלף, און האָט צו זיי געזאָגט: דער, וואָס
וויל זיין דער ערשטער, זאָל זיין דער לעצטער פון אַלע, און אַ באַדינער

פון אַלע. 36 און ער האָט גענומען אַ קינד, און האָט עס אַוועקגעשטעלט
אין זייער מיט; און נעמענדיק עס אין זיינע אָרעמס, האָט ער צו זיי געזאָגט:
37 ווער סע וועט אויפנעמען אַזאַ קינד אין מיין נאָמען, טוט מיך אויפנעמען;
און ווער סע נעמט מיך אויף, נעמט אויף ניט מיך, נייערט אים, וואָס האָט
מיך געשיקט.

38 האָט יוֹחָנָן צו אים געזאָגט: רֶבּי, מיר האָבן געזען איינעם אַרויסטרייַבן
בייזע גייסטער אין דיין נאָמען; און מיר האָבן אים פאַרווערט, וואָרים ער
איז אונדז ניט נאָכגעגאַנגען. 39 און יֵשוּעַ האָט געזאָגט: פאַרווערט אים ניט;
וואָרים קיינער קאָן ניט טאָן קיין וואונדער אין מיין נאָמען, און באַלד רעדן
שלעכטס אויף מיר. 40 וואָרים דער, וואָס איז ניט קעגן אונדז, איז פאַר
אונדז. 41 וואָרים ווער סע וועט אייך געבן צו טרינקען אַ בעכער וואַסער,
מַחמת איר געהערט צום מָשִיחַ, פאַרוואָר, איך זאָג אייך, ער וועט ניט אָנווערן
זיין שָׂכָר. 42 און ווער סע וועט מאַכן שטרויכלען איינעם פון די דאָזיקע
קליינע, וואָס גלויבן אין מיר, פאַר דעם וואָלט בעסער געווען, אַז אַ
גרויסער מיִלשטיין וואָלט אָנגעהאָנגען געוואָרן אויף זיין האַלדז, און ער
וואָלט אַרייַנגעוואָרפן געוואָרן אין יַם אַריין.

43 און אויב דיין האַנט מאַכט דיך שטרויכלען, האַק זי אָפּ; עס איז
בעסער פאַר דיר אַרייַנצוקומען אין לעבן געמומט, איידער מיט דיינע ביידע
הענט אַרייַנגעוואָרפן צו ווערן אין גיהנום, אין דעם אומפאַרלעשלעכן פייער,
44 וואו זייער וואָרעם שטאַרבט ניט, און דאָס פייער ווערט ניט פאַרלאָשן[א].
45 און אויב דיין פוס מאַכט דיך שטרויכלען, האַק אים אָפּ; עס איז בעסער
פאַר דיר אַרייַנצוקומען אין לעבן לאָם, איידער מיט ביידע פיס אַרייַנגעוואָרפן
צו ווערן אין גיהנום, 46 וואו זייער וואָרעם שטאַרבט ניט, און דאָס פייער
ווערט ניט פאַרלאָשן. 47 און אויב דיין אויג מאַכט דיך שטרויכלען, רייס
עס אַרויס; עס איז בעסער פאַר דיר אַרייַנצוקומען אין דעם מַלכות פון
גאָט מיט איין אויג, איידער מיט ביידע אויגן אַרייַנגעוואָרפן צו ווערן אין
גיהנום, 48 וואו זייער וואָרעם שטאַרבט ניט, און דאָס פייער ווערט ניט
פאַרלאָשן. 49 וואָרים יעדער איינער וועט געזאַלצן ווערן מיט פייער. 50 זאַלץ
איז גוט; אויב אָבער זאַלץ פאַרלירט דעם טַעם, מיט וואָס וועט איר עס
ווירצן? האָט זאַלץ אין זיך, און לעבט בשָלום איינער מיטן אַנדערן.

א ישעיה סו, 24.

י און ער איז אויפגעשטאַנען פון דאָרטן, און איז געקומען אין די געמאַרקן
פון יהודה און עֵבֶר־הַיַרדן, און אַ גרויסער הָמוֹן מענטשן האָט זיך ווידער
אַרום אים פאַרזאַמלט. און ווי זיין שטייגער, האָט ער ווידער מיט זיי געלערנט.
[2] און פרושים האָבן גענעענט, און כּדי אים צו פּרוּאוון, האָבן זיי אים
געפרעגט: צי מעג אַ מאַן זיך גֶטן מיט זיין ווייב? [3] האָט ער זיי געענטפערט:
וואָס האָט אייך מֹשה געבאָטן? [4] האָבן זיי געזאָגט: מֹשה האָט אונדז
דערלויבט צו שרייבן אַ גֶט, און זי אַוועקשיקן[א]. [5] אָבער יֵשוּעַ האָט צו זיי
געזאָגט: צוליב אייער האַרטהאַרציקייט האָט ער אייך פירגעשריבן דאָס
דאָזיקע געבאָט. [6] אָבער אין אָנהייב פון דער באַשאַפונג האָט זיי גאָט
באַשאַפן זָכָר און נְקֵבה[ב]. [7] דעריבער זאָל אַ מאַן פאַרלאָזן זיין פאָטער און
מוטער, און זיך באַהעפטן אָן זיין ווייב, [8] און ביידע זאָלן ווערן איין לײַב[ג].
אַזוי זענען זיי שוין מער ניט צוויי, נייערט איין לײַב. [9] דעריבער, וואָס גאָט
האָט באַהאָפטן, זאָל אַ מענטש ניט פונאַנדערשיידן.
[10] און אין הויז האָבן אים די תַּלמידים ווידער געפרעגט וועגן דעם
דאָזיקן ענין. [11] און ער האָט צו זיי געזאָגט: ווער סע גֶט זיך מיט זיין ווייב,
און האָט חַתוּנה מיט אַן אַנדערער, איז אַ נוֹאֵף. [12] און אויב זי גופא גֶט
זיך מיט איר מאַן, און האָט חַתוּנה מיט אַן אַנדערן, איז זי אַ נוֹאֶפֶטע.
[13] און זיי האָבן צו אים געבראַכט קינדער, כּדי ער זאָל זיי אָנרירן;
אָבער די תַּלמידים האָבן זיך אויף זיי אָנגעבייזערט. [14] און אַז יֵשוּעַ האָט
דאָס געזען, האָט עס אים פאַרדראָסן, און ער האָט צו זיי געזאָגט: לאָזט
די קינדער קומען צו מיר, און פאַרווערט זיי ניט; ווייל צו אַזעלכע געהערט
דאָס מַלכות פון גאָט. [15] פאַרוואָר, איך זאָג אייך, ווער סע וועט ניט מְקַבּל
זיין דאָס מַלכות פון גאָט ווי אַ קינד, דער וועט דערין ניט אַרייַנקומען.
[16] און ער האָט זיי גענומען אין זיינע אָרעמס, און האָט זיי געבענטשט, און
אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף זיי.
[17] און בעת ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין, איז צו אים צוגעלאָפן
איינער, וואָס איז פאַר אים געפאַלן אויפן פָּנים, און האָט אים געפרעגט:
רֶבּי גוטער, וואָס זאָל איך טאָן, כּדי צו יַרשענען אייביק לעבן? [18] און
יֵשוּעַ האָט צו אים געזאָגט: פאַרוואָס רופסטו מיך גוטער? קיינער איז ניט
גוט, חוץ גאָט אַליין. [19] דו קענסט די מִצוות: דו זאָלסט ניט טייטן, דו

[א] דברים כד, 1—4. [ב] בראשית א, 27; ה, 2. [ג] בראשית ב, 24.

זאָלסט ניט מזנה זיין, דו זאָלסט ניט גנבענען, דו זאָלסט ניט פאַלש עֵדות־
זאָגן, דו זאָלסט ניט באַרויבן, גיב אָפּ כּבוד דיין פאָטער און מוטער[א].
20 און ער האָט צו אים געזאָגט: רבי, דאָס אַלץ האָב איך אָפּגעהיט פון
מיין יוגנט אָן. 21 און ישוע האָט אים אָנגעקוקט, און אים ליב באַקומען,
און האָט צו אים געזאָגט: איין זאַך פעלט דיר נאָך; גיי, פאַרקויף וואָס
דו פאַרמאָגסט, און גיב עס די אָרעמע, וועסטו האָבן אַן אוצר אין הימל.
און קום, און גיי מיר נאָך. 22 ביי די רייד האָט זיך זיין פּנים פאַרכמאַרעט,
און ער איז אַוועקגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער, מחמת ער האָט געהאַט אַ
סך גיטער.

23 און ישוע האָט זיך אַרומגעקוקט, און געזאָגט צו זיינע תּלמידים: ווי
שווער איז פאַר די, וואָס האָבן עשירות, אַריינצוקומען אין דעם מלכות פון
גאָט! 24 און די תּלמידים האָבן זיך געחידושט איבער זיינע רייד. און ישוע
האָט זיך ווידער אָפּגערופן, און צו זיי געזאָגט: קינדער, ווי שווער איז פאַר
די, וואָס פאַרזיכערן זיך אין עשירות, אַריינצוקומען אין דעם מלכות פון
גאָט! 25 עס איז לייכטער פאַר אַ קעמל דורכצוגיין דורך אַ לעכל פון אַ
נאָדל, ווי פאַר אַן עושר אַריינצוקומען אין דעם מלכות פון גאָט. 26 און זיי
זענען שטאַרק נשתּומם געוואָרן, און האָבן צו אים געזאָגט: טאָ ווער קאָן
ניצול ווערן? 27 און ישוע האָט אויף זיי געקוקט, און געזאָגט: ביי מענטשן איז
עס אוממעגלעך, אָבער ניט ביי גאָט; וואָרים אַלץ איז מעגלעך ביי גאָט.
28 האָט פּעטרוס גענומען צו אים זאָגן: זע, מיר האָבן אַלץ פאַרלאָזט, און
זענען דיר נאָכגעגאַנגען. 29 האָט ישוע געזאָגט: פאַרוואָר, איך זאָג אייך, ניטאָ
קיינער, וואָס האָט פאַרלאָזט הויז, אָדער ברידער, אָדער שוועסטער, אָדער
מוטער, אָדער פאָטער, אָדער קינדער, אָדער פעלדער, פון מייַנעטוועגן און
צוליב דער בשׂורה, 30 וואָס וועט ניט באַקומען הונדערט מאָל מער אין
דער איצטיקער צייט, הייזער, און ברידער, און שוועסטער, און מוטערס,
און קינדער, און פעלדער, אינאיינעם מיט רדיפות, און אויף יענער וועלט,
אייביק לעבן. 31 אָבער אַ סך, וואָס זענען ערשטע, וועלן זיין לעצטע, און
די לעצטע – ערשטע.

32 און זיי זענען געווען אין וועג, און זענען אַרויפגעגאַנגען קיין ירושלַיִם,
און ישוע איז געגאַנגען פאָרויס פאַר זיי; און זיי זענען געווען פאַרחידושט,

א שמות כ, 12–14; דברים ה, 16–18.

און די, וואָס זענען אים נאָכגעגאַנגען, האָבן מורא געהאַט. און ער האָט ווידער גענומען די צוועלף, און האָט זיי אָנגעהויבן צו דערציילן, וואָס מיט אים וועט זיך טרעפן; [33] און ער האָט געזאָגט: זעט, מיר גייען אַרויף קיין ירושָלַיִם; און דער בֶּן־אָדָם וועט איבערגעענטפערט ווערן צו די ראָשי־כֹּהֲנים און די סופרים, און זיי וועלן אים פאַרמִשפּטן צום טויט, און אים איבערענטפערן צו די גויים. [34] און זיי וועלן אים פאַרשפּאָטן, און שפּייען אויף אים, און אים שמייסן, און טייטן; און אויפן דריטן טאָג וועט ער ווידער אויפשטיין.

[35] און יַעקֹב און יוחָנָן, זַבדיס זין, זענען צוגעגאַנגען צו אים, און האָבן געזאָגט: רֶבי, מיר ווילן, אַז דו זאָלסט פאַר אונדז טאָן, וואָס מיר וועלן דיך בעטן. [36] האָט ער צו זיי געזאָגט: וואָס ווילט איר, אַז איך זאָל טאָן פאַר אייך? [37] האָבן זיי צו אים געזאָגט: באַוויליק אונדז צו זיצן, איינער צו דיין רעכטער, און איינער צו דיין לינקער האַנט, אין דיין הערלעכקייט. [38] אָבער יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: איר ווייסט ניט וואָס איר ווילט. צי קאָנט איר טרינקען דעם כּוס, וואָס איך טו טרינקען, אָדער געטובלט צו ווערן מיט דער טבִילה, וואָס איך ווער געטובלט? [39] האָבן זיי צו אים געזאָגט: מיר קאָנען. און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: דעם כּוס, וואָס איך טרינק, וועט איר טרינקען; און מיט דער טבִילה, וואָס איך ווער געטובלט, וועט איר אויך געטובלט ווערן; [40] אָבער זיצן צו מיין רעכטער אָדער לינקער האַנט, איז ניט מיינס צו געבן, דאָס איז פאַר די, פאַר וועמען עס איז אָנגעברייט געוואָרן. [41] און אַז די צען האָבן דאָס געהערט, האָט עס זיי פאַרדראָסן אויף יַעקֹבן און יוחָנָן. [42] און יֵשוּעַ האָט זיי צוגערופן צו זיך, און געזאָגט: ווייסן ווייסט איר, אַז די שָׂרים פון די גויים הערשן איבער זיי, און זייערע גדולים געוועלטיקן איבער זיי. [43] ניט אַזוי זאָל עס אָבער זיין צווישן אייך; נייערט ווער סע וויל ווערן גרויס צווישן אייך, זאָל זיין אייער באַדינער, [44] און ווער סע וויל זיין ערשט צווישן אייך, זאָל זיין אייער אַלעמענס קנעכט. [45] וואָרים דער בֶּן־אָדָם איז אויך ניט געקומען באַדינט צו ווערן, נייערט צו באַדינען, און צו געבן זיין לעבן אַן אויסלייז פאַר אַ סך.

[46] און זיי זענען געקומען קיין ירִיחו; און בעת ער האָט פאַרלאָזט ירִיחו מיט זיינע תַּלמידים און מיט אַ גרויסן הָמון מענטשן, איז טִימַיס זון, בַּרטִימַי, אַ בלינדער בעטלער, געזעסן ביים וועג. [47] און ווען ער האָט

געהערט, אַז עס איז יֵשוּעַ הַנוֹצרי, וואָס גייט פאַרביי, האָט ער גענומען
שרייען: יֵשוּעַ, בֶּן־דָוִד, האָב רַחמָנות אויף מיר! 48 און אַ סַך האָבן זיך אויף
אים אָנגעבייזערט, ער זאָל שווייגן. אָבער ער האָט נאָך העכער געשריגן:
בֶּן־דָוִד, האָב רַחמָנות אויף מיר! 49 און יֵשוּעַ האָט זיך אָפּגעשטעלט, און
געזאָגט: רופט אים צו; און זיי האָבן גערופן דעם בלינדן, און צו אים געזאָגט:
זיי געטרייסט; שטיי אויף, ער רופט דיך. 50 און ער האָט אַראָפּגעוואָרפן
זיין מאַנטל, און איז אויפגעשפּרונגען, און האָט גענעענט צו יֵשוּעַן. 51 און יֵשוּעַ
האָט צו אים געזאָגט: וואָס ווילסטו, אַז איך זאָל טאָן פאַר דיר? און דער
בלינדער האָט צו אים געזאָגט: רַבּוֹני, כ'וויל מיין ראִיה! 52 און יֵשוּעַ האָט
צו אים געזאָגט: גיי, דיין אֶמונה האָט דיר געהאָלפן. און באותו־רֶגע האָט
ער צוריק באַקומען זיין ראִיה, און איז אים נאָכגעגאַנגען אויפן וועג.

יא און בעת זיי האָבן גענעענט קיין ירושָלַיִם, קיין בֵּית־פַּגֵי און בֵּית־הִינִי,
ביים הַר־הַזֵיתים, האָט ער געשיקט צוויי פון זיינע תַּלמידים, 2 און צו
זיי געזאָגט: גייט אין דאָרף אַריין אַנטקעגנאיבער אייך. און תֵּיכף ווי איר
וועט אַרייַנקומען, וועט איר געפינען צוגעבונדן אַ יונג אייזל, אויף וועלכן
קיינער איז נאָך ניט געזעסן; בינדט עס אָפּ, און ברענגט עס אַהער.
3 און אויב עמיצער וועט צו אייך זאָגן: פאַרוואָס טוט איר דאָס? זאָלט
איר זאָגן: דער האַר דאַרף עס האָבן, און ער וועט עס תֵּיכף צוריקשיקן.
4 און זיי זענען געגאַנגען, און האָבן געפונען אַ יונג אייזל צוגעבונדן ביי אַ
טיר אין דרויסן ביים וועג; און זיי האָבן עס אָפּגעבונדן. 5 און עטלעכע פון
די, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען, האָבן צו זיי געזאָגט: וואָס טוט איר, וואָס
איר בינדט אָפּ דאָס אייזעלע? 6 און זיי האָבן צו זיי געזאָגט, וואָס יֵשוּעַ האָט
זיי געהייסן; און זיי האָבן זיי געלאָזט גיין. 7 און זיי האָבן געבראַכט דאָס
אייזל צו יֵשוּעַן, און האָבן דערויף אַרויפגעלייגט זייערע מַלבּושים, און
ער האָט זיך אויף זיי אַרויפגעזעצט. 8 און אַ סַך האָבן אויסגעשפּרייט זייערע
מַלבּושים אויפן וועג, און אַנדערע צווייגן, וואָס זיי האָבן אָפּגעשניטן אויף
די פעלדער. 9 און די, וואָס זענען געגאַנגען פאָרויס, און די, וואָס זענען
נאָכגעגאַנגען, האָבן געשריגן: הוֹשַע־נָא! בָּרוּך הַבָּא אין דעם נאָמען פון
גאָט! 10 געבענטשט איז דאָס מַלכות פון אונדזער פאָטער דָוִד, וואָס טוט
קומען! הוֹשַע־נָא אין דער הייך!
11 און ער איז אַרייַנגעקומען קיין ירושָלַיִם, און איז געגאַנגען אין בֵּית־

הַמִקדש אַריין, און נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויף אַלץ אַרומגעקוקט, און
מַחמת עס איז שוין געווען שפּעט, איז ער אַרויסגעגאַנגען קיין בֵּית־הִינִי
מיט די צוועלף.
[12] און אויף מאָרגן, בעת זיי זענען אַרויסגעקומען פון בֵּית־הִינִי, איז ער
געווען הונגעריק. [13] און זעענדיק פון דערווייַטנס אַ פֿייַגנבוים מיט בלעטער,
איז ער צוגעגאַנגען זען, אֶפשר וועט ער אויף אים עפּעס געפינען. און
אַז ער האָט זיך דערנעענטערט צו אים, האָט ער גאָרניט געפונען, אַחוץ
בלעטער; וואָרים עס איז נאָך ניט געווען די צייט פון פייגן. [14] און ער האָט
צו אים געזאָגט: זאָל שוין קיינער מער קיינמאָל ניט עסן קיין פֵּירות פון
דיר. און זיינע תַּלמידים האָבן עס געהערט.
[15] און זיי זענען געקומען קיין ירושָלַיִם. און ער איז אַרייַנגעגאַנגען אין
דעם בֵּית־הַמִקדש אַריין, און האָט גענומען אַרויסטרייַבן די, וואָס האָבן
פאַרקויפט און געקויפט אין בֵּית־הַמִקדש, און האָט איבערגעקערט די טישן
פון די חַלפָנים, און די בענק פון די טויבן־פאַרקויפער. [16] און ער האָט
קיינעם ניט געלאָזט דורכטראָגן קיין כֵּלי דורך דעם בֵּית־הַמִקדש. [17] און ער
האָט געלערנט, און צו זיי געזאָגט: שטייט דען ניט געשריבן: מיין הויז זאָל
גערופן ווערן אַ הויז פון תּפִילה פאַר אַלע אומות? איר אָבער האָט עס
געמאַכט אַ הייל פון גַזלָנים[א]. [18] און די ראָשי־כֹּהֲנִים און די סופרים האָבן
דאָס געהערט, און זיי האָבן געזוכט וויאַזוי אים אומצוברענגען; וואָרים זיי
האָבן פאַר אים מורא געהאַט, מַחמת דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך געחִידושט
איבער זיין לערנונג. [19] און יעדן אָוונט איז ער אַרויסגעגאַנגען פון דער שטאָט.
[20] און ווען זיי זענען פאַרבייַגעגאַנגען אין דער פרי, האָבן זיי געזען, אַז
דער פייַגנבוים איז פאַרוועלקט געוואָרן ביז די וואָרצלען. [21] און פּעטרוס האָט
זיך דערמאָנט, און צו אים געזאָגט: רֶבּי, זע! דער פייַגנבוים, וואָס דו האָסט
פאַרשאָלטן, איז פאַרוועלקט געוואָרן. [22] און יֵשוּעַ האָט געענטפערט, און צו
זיי געזאָגט: האָט אֶמונה אין גאָט. [23] פאַרוואָר, איך זאָג אייך, ווער סע וועט
זאָגן צו דעם דאָזיקן באַרג: הייב דיך אויף און וואַרף דיך אין יַם אַריין, און
ער וועט ניט צווייפלען אין זיין האַרץ, נייערט וועט גלויבן אין דעם, וואָס
ער זאָגט, וועט עס געשען פאַר אים. [24] דעריבער זאָג איך אייך, אַלץ,
וואָס איר וועט בעטן און פאַרלאַנגען, גלויבט אַז איר האָט עס שוין, און

א ישעיה נו, 7; ירמיה ז, 11.

איר וועט עס האָבן. 25 און ווען איר שטעלט זיך מִתפַּלֵל צו זיין, זייט מוחל,
אויב איר האָט עפּעס קעגן עמיצן, כּדי אייער פאָטער אין הימל זאָל אויך
אייך מוחל זיין אייערע חַטָאים. 26 אָבער אויב איר וועט ניט מוחל זיין, וועט
אייער פאָטער אין הימל אויך אייערע חַטָאים ניט מוחל זיין.
27 און זיי זענען ווידער געקומען קיין ירושָלַיִם. און בעת ער איז
אַרומגעגאַנגען אין דעם בֵּית־הַמִקדָש, זענען צו אים צוגעגאַנגען די ראָשי־
כֹּהֲנים, און די סופרים, און די זְקֵנים, 28 און זיי האָבן צו אים געזאָגט: מיט
וועמעס רשות טוסטו דאָס אַלץ? און ווער האָט דיר געגעבן רשות, דאָס
דאָזיקע צו טאָן? 29 און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: איך וויל אייך אויך פרעגן
אַ קַשיא; נו, ענטפערט מיר, און איך וועל אייך זאָגן מיט וועמעס רשות
איך טו דאָס אַלץ. 30 איז די טבִילה פון יוֹחָנָן געווען פון הימל, אָדער פון
מענטשן? נו, ענטפערט מיר. 31 און זיי האָבן זיך געשלאָגן מיט דער דֵעה, און
געזאָגט: אויב מיר וועלן זאָגן: פון הימל, וועט ער זאָגן: פאַרוואָס האָט איר
אים ניט געגלויבט? 32 וועלן מיר אָבער זאָגן: פון מענטשן — האָבן זיי מורא
געהאַט פאַרן פאָלק, וואָרים אַלע האָבן געהאַלטן יוֹחָנָן פאַר אַן אֱמֶתן נָביא.
33 און זיי האָבן געענטפערט יֵשוּעַן: מיר ווייסן ניט. האָט יֵשוּעַ צו זיי געזאָגט:
אויב אַזוי, זאָג איך אייך אויך ניט מיט וועמעס רשות איך טו דאָס.

יב און ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן צו זיי מיט מְשָלים. אַ מענטש האָט
געפלאַנצט אַ ווייַנגאָרטן, און האָט אים אַרומגעצאַמט, און אויסגעגראָבן
אַ קעלטער, און געבויט אַ טורעם, און ער האָט אים פאַרדונגען צו
ווייַנגערטנער, און איז אַוועק אין אַן אַנדער לאַנד אַריין. 2 און צו דער
רעכטער צייט, האָט ער געשיקט צו די ווייַנגערטנער אַ קנעכט, כּדי
אָפּצונעמען ביי די ווייַנגערטנער די פֵּירות פון דעם ווייַנגאָרטן. 3 און זיי
האָבן אים גענומען, און האָבן אים געשלאָגן, און אים אַוועקגעשיקט ליידיק.
4 און ער האָט נאָכאַמאָל צו זיי געשיקט אַן אַנדערן קנעכט; און דעם האָבן
זיי צענִיזוקט דעם קאָפּ, און אים געמיין באַהאַנדלט. 5 און ער האָט געשיקט
אַן אַנדערן, און דעם האָבן זיי געהַרגעט; און אַזוי אויך מיט אַ סַך אַנדערע,
עטלעכע האָבן זיי צעשלאָגן, און עטלעכע געהַרגעט. 6 און ער האָט נאָך
געהאַט אַ באַליבטן בֶּן־יָחיד; אים האָט ער צום סוף צו זיי געשיקט, און
געזאָגט: זיי וועלן דֶרֶך־אֶרֶץ האָבן פאַר מיין זון. 7 אָבער יענע ווייַנגערטנער
האָבן צווישן זיך געזאָגט: דאָס איז דער יוֹרֵש; קומט, לאָמיר אים הַרגענען,

און די ירושה וועט זיין אונדזערע! 8 און זיי האָבן אים גענומען, און אים
געהרגעט, און האָבן אים אַרויסגעוואָרפן פון דעם ווייַנגאָרטן. 9 בכֵן, וואָס
וועט דער האַר פון דעם ווייַנגאָרטן טאָן? ער וועט קומען און אומברענגען
די ווייַנגערטנער, און געבן דעם ווייַנגאָרטן צו אַנדערע. 10 האָט איר ניט
געלייענט דעם דאָזיקן פּסוק:

דער שטיין, וואָס די בוימייַנסטער האָבן פאַרוואָרפן,
איז געוואָרן צום ווינקלשטיין;
11 פון גאָט איז דאָס געשען,
און עס איז וואונדערלעך אין אונדזערע אויגן?[א]

12 און זיי האָבן געזוכט אים צו כאַפּן, אָבער זיי האָבן מורא געהאַט
פאַרן פאָלק, וואָרים זיי האָבן זיך משער געווען, אַז דאָס מָשל האָט ער
גערעדט קעגן זיי; און זיי האָבן אים פאַרלאָזט און זענען אַוועקגעגאַנגען.

13 און זיי האָבן צו אים געשיקט עטלעכע פון די פּרושים מיט די הורדוס־
לייַט, כדי אים צו כאַפּן ביים רעדן. 14 און זיי זענען געקומען, און האָבן
צו אים געזאָגט: רֶבי, מיר ווייסן, אַז דו ביסט וואָרהאַפּטיק, און דיך אַרט
ניט קיינער; וואָרים דו ביסט קיינעם ניט נושׂא־פָּנים, נייערט לערנסט באֶמת
דעם וועג פון גאָט. דאַרף מען געבן שטייער דעם קֵיסר, אָדער ניט? 15 זאָלן
מיר געבן, אָדער ניט געבן? ער אָבער האָט דערקענט זייער חַניפה, און
האָט צו זיי געזאָגט: פאַרוואָס פּרואווט איר מיך אויס? ברענגט מיר אַ דינָר,
כדי איך זאָל אים זען. 16 און אַז זיי האָבן אים געבראַכט, האָט ער צו זיי
געזאָגט: וועמעס איז דאָס דאָזיקע בילד און די אויפשריפט? און זיי האָבן
צו אים געזאָגט: דעם קֵיסרס. 17 האָט יֵשוּעַ צו זיי געזאָגט: גיט דעם קֵיסר
דאָס, וואָס איז דעם קֵיסרס, און צו גאָט דאָס, וואָס איז גאָטס. און זיי
האָבן זיך איבער אים שטאַרק געחידושט.

18 און עס זענען צו אים געקומען צדוקים, וואָס זאָגן, אַז ס'איז ניטאָ
קיין תחִיַת־הַמֵתים; און זיי האָבן אים געפרעגט, אַזוי צו זאָגן: 19 רֶבי, משה
האָט אונדז פירגעשריבן, אַז אויב סע שטאַרבט איינעמס אַ ברודער, און לאָזט
איבער נאָך זיך אַ ווייב, אָבער קיין קינד לאָזט ער ניט, אַזוי זאָל זיין ברודער
נעמען זיין ווייב און אויפשטעלן זאָמען פאַר זיין ברודער[ב]. 20 עס זענען
געווען זיבן ברידער; און דער ערשטער האָט גענומען אַ ווייב, און אַז ער

[א] תהלים קיח 22, 23. [ב] דברים כה, 5, 6.

איז געשטאָרבן, האָט ער ניט געלאָזט קיין זאָמען. 21 און דער צווייטער האָט
זי גענומען, און איז געשטאָרבן, און האָט ניט געלאָזט נאָך זיך קיין זאָמען;
און אַזוי אויך דער דריטער. 22 און די זיבן האָבן ניט געלאָזט קיין זאָמען.
און צום סוף, נאָך אַלע, איז אויך די פרוי געשטאָרבן. 23 בכֵן, ביי תּחִיַת־
הַמֵתים, וועמעס ווייב וועט זי זיין? וואָרים אַלע זיבן האָבן זי געהאַט פאַר
אַ ווייב.

24 און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: מאַכט איר ניט אֶפשר אַ טָעות צוליב
דעם, וואָס איר קענט ניט די תּוֹרה, און ניט די מאַכט פון גאָט? 25 וואָרים
ביי תּחִיַת־הַמֵתים האָט מען ניט חַתוּנה, און מע טוט אויך ניט חַתוּנה מאַכן,
נייערט זיי זענען ווי די מַלאָכים אין הימל. 26 און וואָס איז שַייך תּחִיַת־הַמֵתים,
האָט איר ניט געלייענט אין תּוֹרַת־מֹשה, אין דעם אָרט בנוֹגֵע דעם סנֶה, ווי
גאָט האָט צו אים גערעדט, אַזוי צו זאָגן: איך בין דער גאָט פון אַבְרָהָם,
און דער גאָט פון יִצחָק, און דער גאָט פון יַעקֹב[א]. 27 ער איז ניט דער גאָט
פון טויטע, נייערט פון לעבעדיקע; איר זענט זיך שטאַרק טוֹעה.

28 און איינער פון די סוֹפרים, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו זייער וויכוח,
האָט געזען, און ווייל ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט זיי גוט געענטפערט,
האָט ער אים געפרעגט: וואָס איז די ערשטע פון אַלע מִצוות? 29 האָט יֵשוּעַ
געענטפערט: די ערשטע מִצווה איז: שְמַע יִשְרָאֵל, יהוָה אֱלֹהֵינוּ, יהוָה אֶחָד;
30 און דו זאָלסט ליב האָבן גאָט דיין האַר מיט דיין גאַנצן האַרצן, און מיט
דיין גאַנצער נשָמה, און מיט דיין גאַנצן פאַרשטאַנד, און מיט דיין גאַנצן
כּוֹח[ב]. 31 און די צווייטע איז די: דו זאָלסט ליב האָבן דיין חַבר ווי דיך
אַליין[ג]. ניטאָ קיין גרעסערע מִצווה ווי די דאָזיקע. 32 און דער סוֹפר האָט
צו אים געזאָגט: אֶמת, רֶבּי, דו האָסט ריכטיק געזאָגט, גאָט איז איינער, און
אַז עס איז ניטאָ קיין אַנדערער אַחוּץ אים; 33 און אים ליב האָבן מיטן גאַנצן
האַרצן, און מיטן גאַנצן פאַרשטאַנד, און מיטן גאַנצן כּוֹח, און ליב האָבן דעם
חַבר ווי זיך אַליין, איז אַ סַך מער ווי אַלע עוֹלוֹת און זבָחים. 34 און בעת
יֵשוּעַ האָט געזען, אַז ער האָט שֵׂכֶלדיק געענטפערט, האָט ער צו אים
געזאָגט: דו ביסט ניט ווייט פון דעם מַלכות פון גאָט. און מער האָט זיך
שוין קיינער ניט דערלויבט אים צו שטעלן קיין קַשיא.

35 און בעת יֵשוּעַ האָט געלערנט אין דעם בֵּית־הַמִקדש, האָט ער זיך

א שמות ג, 2, 6. ב דברים ו, 4, 5. ג ויקרא יט, 18.

אָפּגערופן, און געזאָגט: ווי קומט עס, וואָס די סופרים זאָגן, אַז דער מָשִׁיחַ
איז דער בֶּן־דָוִד? [36] דָוִד אַליין האָט געזאָגט דורך דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש:

גאָט האָט געזאָגט צו מיין האַר:

זעץ דיך ביי מיין רעכטער האַנט,

ביז איך וועל מאַכן דיינע פיינט פאַר דיין פוסבענקל[א].

[37] בּכֵן, אויב דָוִד אַליין רופט אים אָן האַר, וויאַזוי איז ער זיין זון? און דאָס
רוֹב פון דעם פאָלק האָט זיך צו אים צוגעהערט מיט חֵשֶק.

[38] און אין זיין לערנונג האָט ער געזאָגט: היט אייך פאַר די סופרים,
וואָס האָבן ליב צו גיין אין לאַנגע טַלִיתים, און מע זאָל זיי אָפּגעבן שָלום
אין די מאַרקפּלעצער, [39] און די חָשובסטע שטאָט אין די בָּתֵי־כְּנֵסִיות, און
דעם אויבן־אָן אויף סעודות; [40] זיי, וואָס שלינגען איין די הייזער פון אַלְמָנות,
און טוען כּלומרשט דאַווענען לאַנג — זיי וועלן שוין קריגן אַ האַרבערן פּסַק.

[41] און ער האָט זיך אַנידערגעזעצט קעגנאיבער דער שאַצקאַמער, און
האָט געזען ווי דאָס פאָלק וואַרפט אַריין געלט אין דעם שאַצקאַסטן.
און אַ סַך רייכע האָבן פיל אַרייַנגעוואָרפן. [42] און עס איז געקומען אַן
אָרעמע אַלְמָנה, און זי האָט אַרייַנגעוואָרפן צוויי מַטבֵּעות, וואָס באַטרעפן
אַ פּרוטה. [43] און ער האָט גערופן צו זיך זיינע תַּלמידים, און האָט צו זיי
געזאָגט: פאַרוואָר, איך זאָג אייך, די דאָזיקע אָרעמע אַלְמָנה האָט מער
אַרייַנגעוואָרפן ווי די אַלע, וואָס האָבן אין דעם שאַצקאַסטן אַרייַנגעוואָרפן.
[44] וואָרים זיי אַלע האָבן געטאָן אַרייַנוואַרפן פון דעם, וואָס זיי האָבן געהאַט
איבעריק, אָבער זי האָט פון איר אָרעמקייט אַרייַנגעוואָרפן אַלץ, וואָס זי
האָט געהאַט, איר גאַנצע מִחיָה.

יג און בעת ער איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם בֵּית־הַמִקדש, האָט איינער
פון זיינע תַּלמידים צו אים געזאָגט: רֶבּי, זע, וואָסערע מִינים שטיינער,
און וואָסערע מִינים בִּנְיָנים! [2] און יֵשוּעַ האָט צו אים געזאָגט: דו זעסט די
דאָזיקע גרויסע בִּנְיָנים? סע וועט דאָ ניט איבערבלייַבן אַ שטיין אויף אַן
אַנדערן, וואָס וועט ניט אַראָפּגעוואָרפן ווערן.

[3] און בעת ער איז געזעסן אויף דעם הַר־הַזֵיתים, אַנטקעגנאיבער דעם
בֵּית־הַמִקדש, האָבן פּעטרוס און יַעקב און יוֹחָנָן און אַנדריי אים געפרעגט,
בעת זיי זענען געווען אַליין: [4] זאָג אונדז, ווען וועט דאָס געשען, און וואָס

א תהלים קי, 1.

איז דער סִימן, אַז דאָס אַלץ וועט מקוים ווערן? 5 און יֵשוּעַ האָט זיך
אָפגערופן, און צו זיי געזאָגט: גיט אַכטונג, אַז קיינער זאָל אייך ניט פאַרפירן.
6 אַ סַך וועלן קומען אין מיין נאָמען, און זאָגן: איך בין עס! און וועלן אַ
סַך פאַרפירן. 7 און בעת איר וועט הערן פון מִלחָמות און שמועות פון
מִלחָמות, איז שרעקט אייך ניט; וואָרים דאָס אַלץ מוז געשען, אָבער דער
קֵץ איז דאָס נאָך ניט. 8 וואָרים אומה וועט אויפשטיין קעגן אומה, און
מלוכה קעגן מלוכה; און אין פאַרשידענע ערטער וועלן זיין ערדציטערנישן,
און הונגערנויט; אָבער דאָס אַלץ איז בלויז דער אָנהייב פון ווייַען.
9 גיט אָבער אַכטונג אויף זיך; ווייל זיי וועלן אייך איבערענטפערן צום
סַנהֶדרין; און אייך שמייסן אין די בָּתֵּי־כְּנֵסִיות, און פאַר מושלים און מְלָכים
וועט איר שטיין פון מייַנעטוועגן, פאַר אַן עֵדות צו זיי. 10 און די בשׂורה מוז
קודם געדַרשנט ווערן פאַר אַלע אומות. 11 און בעת זיי וועלן אייך פירן צום
מִשפט, און טוען אייך איבערענטפערן, זאָלט איר פריער ניט דאַגהן וואָס
איר זאָלט רעדן; נייערט וואָס סע וועט אייך געגעבן ווערן אין יענער שָׁעה,
דאָס רעדט; וואָרים ניט איר זענט עס, וואָס טוט רעדן, נייערט דער
רוחַ־הַקודֶש. 12 און ברודער וועט ברודער איבערענטפערן צום טויט, און
פאָטער זיין קינד, און קינדער וועלן אויפשטיין קעגן עלטערן, און גורם זיין,
זיי זאָלן געטייט ווערן. 13 און איר וועט זיין פאַרהאַסט פון אַלעמען פון מיין
נאָמען־וועגן; אָבער דער, וואָס וועט אויסהאַלטן ביזן סוף, וועט ניצול ווערן.
14 און בעת איר וועט זען די אומווערדיקייט פון דער פאַרוויסטונג
שטיין, וואו זי באַדאַרף ניט שטיין[א] (זאָל דער, וואָס טוט לייענען, פאַרשטיין),
דעמאָלט זאָלן די, וואָס זענען אין יהודה, אַנטרינען אין די בערג. 15 זאָל
דער, וואָס איז אויפן דאַך, ניט אַראָפגיין, און אַרייַנגיין עפעס אַרויסצונעמען
פון זיין הויז; 16 און זאָל דער, וואָס איז אין פעלד, זיך ניט אומקערן צו נעמען
זיין מאַנטל. 17 אָבער ווי איז צו די וואָס זענען מעוּבֶּרֶת, און וואָס גיבן צו
זייגן אין יענע טעג! 18 און זייט מִתפַּלֵל, אַז דאָס זאָל ניט זיין אין ווינטער.
19 וואָרים יענע טעג וועלן זיין אַן עֵת־צָרה, אַזאַ, וואָס איר גלייַכן איז ניט
געווען זינט דעם אָנהייב פון באַשאַף, וואָס גאָט האָט באַשאַפן, ביז איצט,
און וועט אויך מער ניט זיין. 20 און וואָלט גאָט ניט פאַרקירצט די טעג,
וואָלט קיין שום בָּשׂר־וָדם ניט ניצול געוואָרן; נייערט צוליב די אויסדער־

[א] דניאל ט, 27; יא, 31; יב, 11.

ווײלטע, וועמען ער האָט אויסדערוויילט, האָט ער פאַרקירצט די טעג.
21 אויב סע וועט דעמאָלט עמיצער צו אייך זאָגן: אָט איז דער מָשִׁיחַ! אָדער:
דאָרטן איז ער! זאָלט איר עס ניט גלויבן. 22 וואָרים סע וועלן אויפשטיין
פאַלשע מְשִׁיחִים, און פאַלשע נְבִיאִים, און זיי וועלן באַווײַזן צייכנס און
וואונדער, כּדי צו פאַרפירן, אויב מעגלעך, אַפילו די סאַמע אויסדערוויילטע.
23 איר אָבער גיט אַכטונג; זעט, איך האָב אייך אַלץ פאָרויסגעזאָגט.
24 אָבער אין יענע טעג, נאָך יענער צָרה, וועט די זון פינצטער ווערן,
און די לְבָנה וועט ניט געבן איר ליכט, 25 און די שטערן וועלן פאַלן פון
הימל, און די חַיָלות פון הימל וועלן אויפגעטרייסלט ווערן. 26 און דעמאָלט
וועלן זיי זען דעם בֶּן־אָדָם קומען אויף די וואָלקנס מיט גבורה און גרויס
כָּבוד. 27 און דעמאָלט וועט ער אַרויסשיקן זיינע מַלְאָכים, און צונויפזאַמלען
זיינע אויסדערוויילטע פון די פיר ווינטן, פון עק ערד ביז עק הימל.
28 און לערנט פון דעם פייַגנבוים זיין מָשָׁל: בעת זיין צווייג ווערט
זאַפטיק, און גיט אַרויס בלעטער, דעמאָלט ווייסט איר, אַז זומער איז נאָענט.
29 אַזוי אויך איר, ווען איר וועט זען אַז דאָס האַלט ביים קומען, טאָ ווייסט,
אַז ער איז נאָענט ביי דער טיר. 30 פאַרוואָר, איך זאָג אייך, דער דאָזיקער
דור וועט ניט פאַרגיין, ביז דאָס אַלץ וועט געשען. 31 הימל און ערד וועלן
פאַרגיין, אָבער מיינע רייד וועלן ניט פאַרגיין. 32 נאָר פון יענעם טאָג,
אָדער יענער שָׁעה ווייסט קיינער ניט, ניט אַפילו די מַלְאָכים אין הימל, אויך
ניט דער זון, נייערט נאָר דער פאָטער.
33 גיט אַכטונג, וואַכט און זייט מִתְפַּלֵל; וואָרים איר ווייסט ניט, ווען
די צייט קומט אָן. 34 עס איז געגליכן צו אַ מענטשן, וואָס איז אַוועק אין
אַן אַנדער לאַנד אַריין, און וואָס האָט איבערגעלאָזט זיין הויז אין רשות פון
זיינע קנעכט, יעדן איינעם זיין אַרבעט, און האָט באַפוילן דעם שומר צו
שטיין אויף דער וואַך. 35 דעריבער וואַכט, וואָרים איר ווייסט ניט, ווען דער
בעל־הַבַּיִת וועט קומען, צי אין אָוונט, אָדער ביינאַכט, אָדער ווען דער האָן
וועט קרייען, אָדער אין דער פרי; 36 טאָמער וועט ער פלוצים אָנקומען און
אייך געפינען שלאָפנדיק. 37 און וואָס איך זאָג אייך, זאָג איך צו אַלעמען:
וואַכט!

יד און עס איז געווען צוויי טעג פאַר פֶּסח און חַג־הַמַצות. און די
ראָשי־כֹּהַנִים און די סופרים האָבן געזוכט וויאַזוי אים צו כאַפּן מיט

כיטרעקייט, און אים טייטן. 2 אָבער זיי האָבן געזאָגט: ניט אום יום־טוב, כּדי
סע זאָל ניט אַרויסרופן אַ מהומה צווישן דעם פאָלק.
3 און בשעת ער איז געווען אין בית־היני, און איז געזעסן ביים טיש
אין דעם הויז פון שמעון דעם מצורע, איז געקומען אַ פרוי, וואָס האָט
געהאַט אַן אַלאַבאַסטער קריגל מיט זייער טייערן זאַלבאייל פון ריינער
נאַרד; און זי האָט צעבראָכן דאָס קריגל, און עס אויסגעגאָסן אויף זיין
קאָפּ. 4 און דאָרטן זענען געווען עטלעכע, וואָס האָבן געזאָגט מיט פאַרדראָס:
הלמאי די דאָזיקע אויסברענגונג פון דעם זאַלבאייל? 5 מע האָט דאָך דעם
זאַלבאייל געקענט פאַרקויפן פאַר מער ווי דריי הונדערט דינרים, און עס
געבן צו די אָרעמעלייט; און זיי האָבן געמורמלט קעגן איר. 6 אָבער ישוע
האָט געזאָגט: לאָזט זי געמאַך; פאַרוואָס זענט איר זי מצער? זי האָט מיט
מיר געטאָן אַ חסד. 7 וואָרים די אָרעמעלייט האָט איר תמיד מיט זיך, און
ווען נאָר איר ווילט, קאָנט איר זיי טאָן גוטס; מיך אָבער וועט איר תמיד
ניט האָבן. 8 זי האָט געטאָן וואָס זי האָט געקאָנט; זי האָט געזאַלבט מיין
לייב פאָרויס צו קבורה. 9 און פאַרוואָר, איך זאָג אייך, וואו נאָר די בשורה־
טובה וועט געדרשנט ווערן אין דער גאַנצער וועלט, וועט אויך דאָס, וואָס
זי האָט געטאָן, דערציילט ווערן איר צום אָנדענק.
10 און יהודה איש־קריות, איינער פון די צוועלף, איז אַוועקגעגאַנגען
צו די ראָשי־כּהנים, כּדי אים צו פאַרראָטן צו זיי. 11 און אַז זיי האָבן דאָס
געהערט, זענען זיי געוואָרן מלא־שמחה, און האָבן אים צוגעזאָגט צו געבן
געלט. און ער האָט געזוכט אַ פּאַסיקע געלעגנהייט אים צו פאַרראָטן.
12 און אין דעם ערשטן טאָג פון חג־המצות, בעת מע שעכט דעם קרבן־
פּסח, האָבן זיינע תּלמידים צו אים געזאָגט: וואו ווילסטו, אַז מיר זאָלן גיין
און אָנברייטן, כּדי דו זאָלסט קענען עסן דעם קרבן־פּסח? 13 און ער האָט
געשיקט צוויי פון זיינע תּלמידים, און האָט צו זיי געזאָגט: גייט אין דער
שטאָט אַריין, און דאָרט וועט אייך באַגעגענען אַ מענטש, וואָס טראָגט אַ
קרוג מיט וואַסער; גייט אים נאָך. 14 און וואו ער וועט אַריינגיין, זאָלט איר
זאָגן צום בעל־הבית: דער רבי לאָזט דיר זאָגן: וואו איז מיין גאַסט־צימער,
וואו איך זאָל עסן דעם קרבן־פּסח מיט מיינע תּלמידים? 15 און ער וועט
אייך ווייזן אַ גרויסע אויבערשטע שטוב, אַ פאַרטיק אָנגעברייטע; און דאָרטן
גרייט צו פאַר אונדז. 16 און די תּלמידים זענען געגאַנגען, און זענען אָנגעקומען

אין דער שטאָט אַריין, און האָבן געפֿונען אַזוי ווי ער האָט געזאָגט; און זיי
האָבן אָנגעברייט דעם קָרבן־פֶּסַח.

[17] און אַז עס איז געוואָרן אָוונט, איז ער געקומען צוגיין מיט די צוועלף.
[18] און בעת זיי זענען געזעסן און האָבן געגעסן, האָט יֵשוּעַ געזאָגט: פֿאַרוואָר,
איך זאָג אייך, איינער פֿון אייך וועט מיך פֿאַרראָטן, טאַקע דער, וואָס עסט
מיט מיר. [19] און זיי האָבן זיך שטאַרק מצער געווען, און איינער נאָכן אַנדערן
האָט גענומען צו אים זאָגן: בין איך דאָס? [20] און ער האָט צו זיי געזאָגט:
איינער פֿון די צוועלף, דער, וואָס טונקט איין מיט מיר אין דער שיסל.
[21] יאָ, דער בֶּן־אָדָם גייט אַוועק, אַזוי ווי סע שטייט געשריבן וועגן אים; אָבער
וויי צו יענעם מענטשן דורך וועמען דער בֶּן־אָדָם ווערט פֿאַרראָטן. בעסער
וואָלט פֿאַר יענעם מענטשן געווען, אויב ער וואָלט ניט געבוירן געוואָרן.
[22] און בשַעת זיי האָבן געגעסן, האָט ער גענומען מַצה, און האָט אַ
בְרָכה געמאַכט, און זי צעבראָכן און זיי געגעבן, און געזאָגט: נעמט; דאָס
איז מיין לייַב. [23] און ער האָט גענומען אַ כּוֹס, און האָט אַ בְרָכה געמאַכט,
און אים זיי געגעבן, און זיי האָבן אַלע פֿון אים געטרונקען. [24] און ער האָט
צו זיי געזאָגט: דאָס איז מיין בלוט פֿון דעם נייעם בונדא, וואָס ווערט
פֿאַרגאָסן פֿאַר אַ סך. [25] פֿאַרוואָר, איך זאָג אייך: איך וועל מער ניט
טרינקען פֿון דער פּרוכט פֿון דעם ווייַנשטאָק, ביז יענעם טאָג, ווען איך
וועל אים טרינקען אויפֿסנייַ אין דעם מַלכות פֿון גאָט.
[26] און אַז זיי האָבן אָפּגעזונגען הַלֵל, זענען זיי אַרויסגעגאַנגען צו דעם
הַר־הַזֵיתים. [27] און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: איר אַלע וועט געשטרויכלט
ווערן, וואָרים סע שטייט געשריבן:
איך וועל שלאָגן דעם פּאַסטעך,
און די שאָף וועלן צעשפּרייט ווערןב.
[28] אָבער נאָך מיין אויפֿשטיין, וועל איך אייך פֿאָרויסגיין קיין גָליל. [29] האָט
פּעטרוס צו אים געזאָגט: אויב אַפֿילו אַלע זאָלן געשטרויכלט ווערן, וועל
איך דאָך ניט. [30] און יֵשוּעַ האָט צו אים געזאָגט: פֿאַרוואָר, איך זאָג דיר, אַז
הייַנטיקע נאַכט נאָך, איידער דער האָן וועט צוויי מאָל קרייַען, וועסטו מיך
דריי מאָל פֿאַרלייקענען. [31] אָבער ער האָט גערעדט אַ צעפּלאַמטער: אויב

א ירמיה לא, 30. ב זכריה יג, 7.

אַפילו איך מוז שטאַרבן מיט דיר, וועל איך דיך דאָך ניט פאַרלייקענען. און אַזוי האָבן זיי אַלע געזאָגט.

[32] און זיי זענען געקומען אויף אַ פּלאַץ, וואָס האָט געהייסן גַת־שְמָנִי; און ער האָט געזאָגט צו זיינע תַּלמידים: זעצט אייך דאָ אַנידער, בעת איך בין מִתפַּלֵל. [33] און ער האָט מיט זיך גענומען פּעטרוסן, און יַעקֹבן, און יוֹחָנָן, און ער האָט אָנגעהויבן זיך מצַער צו זיין, און איז געווען שטאַרק טרויעריק. [34] און ער האָט צו זיי געזאָגט: אויף מיין נשָמה איז מיר זייער ביטער, אַזש צום טויט; בלייבט דאָ, און וואַכט. [35] און ער איז אָפּגעגאַנגען אַביסל ווייטער, און איז געפאַלן אויף דער ערד, און האָט מִתפַּלֵל געווען, אַז אויב מעגלעך, זאָל די שָעה אים פאַראיבערגיין. [36] און ער האָט געזאָגט: אַבָּא, פאָטער, אַלץ איז מעגלעך ביי דיר; נעם צו דעם דאָזיקן כּוֹס פון מיר; דאָך ניט ווי איך וויל, נייערט ווי דו ווילסט. [37] און ער איז געקומען און האָט זיי געפונען שלאָפנדיק, און ער האָט געזאָגט צו פּעטרוסן: שִמעוֹן, דו שלאָפסט? האָסטו ניט געקאָנט וואַכן איין שָעה? [38] וואַכט און זייט מִתפַּלֵל, כּדי איר זאָלט ניט קומען צו קיין נִסָיוֹן. דער גייסט איז טאַקע וויליק, אָבער דאָס פלייש איז שוואַך. [39] און ער איז ווידער אַוועקגעגאַנגען און האָט מִתפַּלֵל געווען, און האָט איבערגעחַזרט די זעלבע ווערטער. [40] און ער איז ווידער געקומען, און האָט זיי געפונען שלאָפנדיק, וואָרים זייערע אויגן זענען געווען שווער; און זיי האָבן ניט געוואוסט וואָס אים צו ענטפערן. [41] און ער איז געקומען צום דריטן מאָל, און האָט צו זיי געזאָגט: טוט איר נאָך אַלץ שלאָפן און רוען? עס איז גענוג; די שָעה איז געקומען; זעט, דער בֶּן־אָדָם ווערט איבערגעענטפערט אין די הענט פון די זינדיקע. [42] שטייט אויף, לאָמיר גיין; אָט קומט מיין מָסור אָן.

[43] און תֵּיכּף, בשָעת ער האָט נאָך גערעדט, איז אָנגעקומען יהודה, איינער פון די צוועלף, און מיט אים אַ גרויסער הָמוֹן מיט שווערדן און מיט שטעקנס, פון די ראָשי־כֹּהֲנִים, און די סוֹפרים, און די זְקֵנִים. [44] און דער מָסור האָט זיי געגעבן אַ סִימָן, און געזאָגט: וועמען איך וועל אַ קוש טאָן, דער איז עס; נעמט אים, און פירט אים אַ זיכערן אַוועק. [45] און אַז ער איז געקומען, איז ער גלייך צו אים צוגעגאַנגען, און געזאָגט: רַבִּי! און האָט אים געקושט. [46] און זיי האָבן אַרויפגעלייגט זייערע הענט אויף אים, און האָבן אים גענומען. [47] אָבער איינער פון די, וואָס זענען דערביי געשטאַנען, האָט אַרויסגעצויגן

זיין שווערד, און האָט געשלאָגן דעם כּהן־גָדולס קנעכט, און אים אָפּגעהאַקט
אַן אויער. 48 און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: זענט איר אַרויסגעקומען ווי
קעגן אַ גַזלן, מיט שווערדן און שטעקנס מיך צו כאַפּן? 49 טאָג־טעגלעך בין
איך געווען מיט אייך אין בֵית־הַמִקדָש און האָב געלערנט, און איר האָט
מיך ניט גענומען. אָבער די כְּתבֵי־הַקוֹדֶש מוזן אויף אַזאַ אוֹפן מקוים ווערן.
50 און זיי האָבן אים אַלע פֿאַרלאָזט און זענען אַנטרונען.

51 און איינער אַ יונגערמאַן איז אים נאָכגעגאַנגען, וואָס האָט געטראָגן
אַ לײַוונט געוואַנט איבערן נאַקעטן לײַב, און אים האָבן זיי געכאַפּט; 52 אָבער
ער האָט געלאָזן דאָס לײַוונט געוואַנט, און איז אַנטרונען אַ נאַקעטער.

53 און זיי האָבן יֵשוּעַן אַוועקגעפֿירט צום כּהן־גָדול; און סע האָבן זיך
בײַ אים פֿאַרזאַמלט אַלע ראָשי־כֹּהֲנים, און די זְקֵנים, און די סוֹפרים. 54 און
פּעטרוס איז אים נאָכגעגאַנגען פֿון דערווײַטן, ביז אינעווייניק אין הויף אַרײַן
פֿון דעם כּהן־גָדול; און ער האָט זיך געזעצט מיט די באַדינער, און האָט זיך
געוואַרעמט בײַם פֿײַער. 55 און די ראָשי־כֹּהֲנים און דער גאַנצער סַנהֶדרין
האָבן געזוכט עֵדות קעגן יֵשוּעַן, כּדי אים צו טייטן; און האָבן ניט געפֿונען.
56 וואָרים אַ סך האָבן קעגן אים פֿאַלש עֵדות געזאָגט, אָבער זייער עֵדות־זאָגן
האָט ניט געשטימט. 57 און עטלעכע זענען אויפֿגעשטאַנען, וואָס האָבן אָפּגעלייגט
פֿאַלש עֵדות קעגן אים, און האָבן געזאָגט: 58 מיר האָבן אים געהערט זאָגן:
איך וועל חָרוּב מאַכן דעם דאָזיקן הֵיכל, וואָס איז געמאַכט מיט הענט, און
אין דריי טעג וועל איך אויפֿבויען אַן אַנדערן, וואָס איז ניט געמאַכט מיט
קיין הענט. 59 און אַפֿילו אין דעם האָט זייער עֵדות־זאָגן ניט געשטימט. 60 און
דער כּהן־גָדול איז אויפֿגעשטאַנען צווישן זיי, און האָט געפֿרעגט יֵשוּעַן:
דו ענטפֿערסט גאָרניט? וואָס מיינט דאָס, וואָס די דאָזיקע זאָגן עֵדות קעגן
דיר? 61 אָבער ער האָט געשוויגן, און האָט גאָרניט געענטפֿערט. און דער כּהן־
גָדול האָט אים ווידער געפֿרעגט: ביסטו דער מָשִיחַ, דער זון פֿון דעם
געבענטשטן? 62 און יֵשוּעַ האָט געזאָגט: איך בין; און זען וועט איר דעם
בֶן־אָדָם זיצן בײַ דער רעכטער האַנט פֿון דער גבורה, און קומען מיט די
וואָלקנס פֿון הימל. 63 און דער כּהן־גָדול האָט צעריסן זײַנע בגָדים, און
געזאָגט: צו וואָס דאַרפֿן מיר נאָך עֵדוּת? 64 אָט האָט איר געהערט די
לעסטערונג; וואָס איז אייער דֵעָה? און זיי האָבן אים אַלע פֿאַרמִשפּט: ער
איז חַייב־מִיתה. 65 און עטלעכע האָבן גענומען אויף אים שפּייען, און אים

פֿאַרהילט דאָס פּנים, און אים געשלאָגן מיט די פֿויסטן, און געטאָן זאָגן
צו אים: זאָג נבֿיאות! און די באַדינער האָבן אים באַגעגנט מיט קלעפּ.
66 און בשעת פּעטרוס איז געווען אונטן אין הויף, איז צוגעגאַנגען
איינע פֿון די דינסטן פֿון דעם כּהן־גדול; 67 און אַז זי האָט געזען פּעטרוסן
וואַרעמען זיך, האָט זי געקוקט אויף אים, און געזאָגט: דו ביסט אויך געווען
מיט ישוע הנוצרי. 68 אָבער ער האָט געלייקנט, און געזאָגט: ניט איך ווייס,
ניט איך פֿאַרשטיי, וואָס דו זאָגסט. און ער איז אַרויסגעגאַנגען אין דעם
פֿאָרהויף, און דער האָן האָט געקרייִט. 69 און די דינסט האָט אים געזען,
און האָט ווידער אָנגעהויבן זאָגן צו די, וואָס זענען געשטאַנען דערבײַ: ער
איז אויך איינער פֿון זיי. 70 אָבער ער האָט עס ווידער געלייקנט. און אין אַ
ווײַלע אַרום האָבן די, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען, ווידער געזאָגט צו
פּעטרוסן: פֿאַרוואָר, דו ביסט איינער פֿון זיי; וואָרים דו ביסט אַ גליליער.
71 און ער האָט אָנגעהויבן זיך צו שעלטן און צו שווערן: איך קען ניט דעם
מענטשן פֿון וועמען איר רעדט. 72 און תּיכּף האָט דער האָן געקרייִט צום
צווייטן מאָל. און פּעטרוס האָט זיך דערמאָנט דאָס וואָרט, וואָס ישוע האָט
צו אים געזאָגט: איידער דער האָן וועט צוויי מאָל קרייִען, וועסטו מיך דריי
מאָל פֿאַרלייקענען. און אַז ער האָט זיך דערין דערמאָנט, האָט ער זיך
צעוויינט.

טו און תּיכּף אין דער פֿרי האָבן די ראָשי־כּהנים, מיט די זקנים און
סופֿרים, און דער גאַנצער סנהדרין זיך אַן עצה געהאַלטן, און זיי
האָבן געבונדן ישוען, און האָבן אים אַוועקגעפֿירט און אים איבערגעענטפֿערט
צו פּילאַטוסן. 2 און פּילאַטוס האָט אים געפֿרעגט: ביסטו דער מלך פֿון
די ייִדן? האָט ער אים געענטפֿערט: דו זאָגסט עס. 3 און די ראָשי־כּהנים
האָבן אים באַשולדיקט אין אַ סך זאַכן. 4 און פּילאַטוס האָט אים נאָכאַמאָל
געפֿרעגט: דו ענטפֿערסט גאָרניט? זע וואָס זיי טוען דיר פֿירוואַרפֿן. 5 אָבער
ישוע האָט מער גאָרניט געענטפֿערט, אַזוי, אַז פּילאַטוס האָט זיך געחידושט.
6 און אויף יום־טובֿ פֿלעגט ער זיי פֿרײַלאָזן אַ געפֿאַנגענעם, וועמען
זיי האָבן נאָר געוואָלט. 7 און דאָ איז געווען איינער, וואָס האָט געהייסן
בר־אַבא, וואָס איז געווען געפֿאַנגען מיט מורדים, וואָס זענען באַגאַנגען אַ
רציחה בעת דעם אויפֿשטאַנד. 8 און דער המון איז אַרויפֿגעגאַנגען און האָט
אים גענומען בעטן, אַז ער זאָל טאָן ווי ער איז געווען געוווינט פֿאַר

זיי צו טאָן. 9 און פּילאַטוס האָט זיי געענטפערט: ווילט איר, אַז איך
זאָל אייך באַפרײַען דעם מֶלך פון די ייִדן? 10 וואָרים ער האָט דערקענט,
אַז די ראָשי־כֹּהנים האָבן אים איבערגעענטפערט צוליב קִנאה. 11 אָבער די
ראָשי־כֹּהנים האָבן אויפגערייצט דעם הָמון, אַז ער זאָל זיי ליבערשט
באַפרייען בַּר־אַבָּאן. 12 און פּילאַטוס האָט נאָכאַמאָל צו זיי געזאָגט: און
וואָס זאָל איך טאָן מיט אים, וועמען איר רופט: מֶלך פון די ייִדן? 13 האָבן
זיי ווידער אויסגעשריגן: קרייציק אים. 14 און פּילאַטוס האָט צו זיי געזאָגט:
פאַרוואָס, וואָסער שלעכטס האָט ער געטאָן? אָבער זיי האָבן נאָך שטאַרקער
געשריגן: קרייציק אים. 15 און אַזוי ווי פּילאַטוס האָט געוואָלט צוליב טאָן
דעם הָמון, האָט ער זיי באַפרייט בַּר־אַבָּאן, און יֵשוּעַן האָט ער געלאָזט
שמײַסן, און אים איבערגעענטפערט געקרייציקט צו ווערן.

16 און די זעלנער האָבן אים אַוועקגעפירט אין דעם הויף אַריין פון
דעם בֵּית־הַמִשפּט, און האָבן צונויפגערופן דאָס גאַנצע חַיִל. 17 און זיי האָבן
אים אָנגעטאָן אַ פּורפּור מאַנטל און האָבן אויסגעפלאָכטן אַ קרוין פון
דערנער, און האָבן זי אים אָנגעטאָן. 18 און זיי האָבן אים גענומען באַגריסן:
שָלום, מֶלך פון די ייִדן! 19 און זיי האָבן אים געשלאָגן איבערן קאָפּ מיט
אַ רוט, און געשפּיגן אויף אים, און זענען געפאַלן כּורעים, און האָבן זיך
געבוקט צו אים. 20 און נאָכדעם ווי זיי האָבן פון אים אָפּגעשפּעט, האָבן
זיי פון אים אַראָפּגענומען דעם פּורפּור מאַנטל, און אים אָנגעטאָן זיינע
מַלבושים. און זיי האָבן אים אַרויסגעפירט געקרייציקט צו ווערן.

21 און זיי האָבן געצוואונגען איינעם אַ פאַרבײַגייער, שִמעון פון קוריני,
וואָס איז געקומען פון פעלד, דעם פאָטער פון אַלֶכּסנדר און רופוס, צו
טראָגן זיין צלָב. 22 און זיי האָבן אים געבראַכט צו אַ פּלאַץ, וואָס האָט
געהייסן גָלגָלתָא, דאָס הייסט: דער שאַרבן־פּלאַץ. 23 און זיי האָבן אים
געגעבן וויין געמישט מיט מירע; אָבער ער האָט אים ניט גענומען. 24 און
זיי האָבן אים געקרייציקט, און האָבן צווישן זיך צעטיילט זיינע מַלבושים,
וואַרפנדיק גורל אויף זיי, וואָס יעדער זאָל נעמען. 25 און עס איז געווען
די דריטע שָעה, בעת זיי האָבן אים געקרייציקט. 26 און אויף דער אויפשריפט
פון זיין באַשולדיקונג איז געווען געשריבן: דער מֶלך פון די ייִדן. 27 און
צוזאַמען מיט אים האָבן זיי געקרייציקט צוויי גַזלָנים, איינעם צו זיין רעכטער,
און איינעם צו זיין לינקער האַנט. 28 און עס איז מקוים געוואָרן דער פָּסוק,

וואָס זאָגט: ער איז פאַררעכנט געוואָרן מיט פאַרברעכער[א]. 29 און די
פאַרבײַגייער האָבן אים געלעסטערט, און האָבן געשאָקלט מיט זייערע קעפּ,
און געזאָגט: אָ, דו, וואָס צעשטערסט דעם הֵיכל, און טוסט אים אויפבויען
אין דריי טעג, 30 זיי דיך אַליין מַציל, און קום אַראָפּ פון דעם צלָב. 31 און
אַזוי האָבן אויך די ראָשי־כֹּהנים מיט די סופרים פון אים אָפּגעשפּעט, און
געזאָגט: אַנדערע האָט ער מַציל געווען, זיך אַליין קאָן ער ניט מַציל זיין.
32 דער מָשיחַ, דער מֶלך פון יִשׂרָאל איז ער! זאָל ער איצט אַראָפּקומען
פון דעם צלָב, אַז מיר זאָלן זען און גלויבן. און אויך די, וואָס זענען מיט
אים געקרייציקט געוואָרן, האָבן אים מבַזה געווען.
33 און בעת עס איז געקומען די זעקסטע שָעה, איז געוואָרן אַ פינצטערניש
איבער דעם גאַנצן לאַנד, ביז דער ניינטער שָעה. 34 און אין דער ניינטער
שָעה האָט יֵשוּעַ געשריגן מיט אַ הויך קול: אֶלָהִי, אֶלָהִי, לָמָה שְבַקתָּני? וואָס
באַטײַט: מיין גאָט, מיין גאָט, פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרלאָזן? 35 און עטלעכע
פון די, וואָס זענען דערביי געשטאַנען, און האָבן עס געהערט, האָבן געזאָגט:
זע, ער רופט אֵליָהון. 36 און איינער איז געלאָפן, און האָט אָנגעפילט אַ
שוואָם מיט עסיק, און האָט אים אַרויפגעטאָן אויף אַ שטעקן, און אים
געגעבן צו טרינקען, און געזאָגט: לאָזט נאָר, לאָמיר זען, צי אֵליָהו וועט
קומען אים אַראָפּנעמען. 37 און יֵשוּעַ האָט אַרויסגעלאָזט אַ הויך קול, און
האָט אויסגעהויכט די נשָמה. 38 און דאָס פָּרוֹכֶת פון דעם הֵיכל איז צעריסן
געוואָרן אין צווייען, פון אויבן ביז אַראָפּ. 39 און אַז דער הויפּטמאַן, וואָס איז
געשטאַנען קעגנאיבער אים, האָט געזען, אַז ער האָט אויסגעהויכט די נשָמה,
האָט ער געזאָגט: דער דאָזיקער מענטש איז באֱמת געווען דער בֶּן־אֱלֹהים!
40 און דאָרט זענען אויך געווען פרויען, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט פון
דער ווײַטנס; צווישן זיי מִרים פון מַגדָלָה, און מִרים די מוטער פון יַעקֹב
הַקָטן, און פון יוֹסי, און שלוֹמית, 41 וואָס זענען אים נאָכגעגאַנגען, בעת ער
איז געווען אין גָליל, און האָבן אים באַדינט; און אויך אַ סך אַנדערע פרויען,
וואָס האָבן מיט אים עולה־רֶגל געווען קיין ירושָלַים.
42 און אַז עס איז שוין געוואָרן אָוונט, און ווייל עס איז געווען דער טאָג
פון צוברייטונג, דאָס הייסט, עֶרֶב־שַבָּת, 43 האָט יוֹסף פון רָמָתַים, אַ חָשובער
בַעל־יוֹעץ, וואָס האָט אַליין אויך געוואַרט אויף דעם מַלכות פון גאָט, זיך

א ישעיה נג, 12.

אָנגעטאָן אַ כּוח און איז אַרײַנגעגאַנגען צו פּילאַטוסן, און האָט געבעטן דעם
גוף פון יֵשוּעַן. [44] און פּילאַטוס האָט זיך געחידושט, וואָס ער איז שוין טויט,
און ער האָט געלאָזט רופן דעם הויפּטמאַן, און האָט אים געפרעגט, צי ער
איז שוין לאַנג טויט. [45] און אַז ער איז דאָס געוואָר געוואָרן פון דעם הויפּטמאַן,
האָט ער באַוויליקט דעם גוף פאַר יוספן. [46] און ער האָט געקויפט לײַוונטע
תּכריכים, און האָט אים אַראָפּגענומען און אײַנגעוויקלט אין די תּכריכים,
און אים אַרײַנגעלייגט אין אַ קֶבר, וואָס איז געווען אויסגעהאַקט אין אַ פעלזן;
און ער האָט צוגעקײַקלט אַ שטיין צו דער טיר פון קֶבר. [47] און מִריָם פון
מַגדָלָה, און מִריָם, די מוטער פון יוסין, האָבן געזען, וואו מע האָט אים
געלייגט.

טז און אַז דער שַבּת איז אַריבער, האָבן מִריָם פון מַגדָלָה, און מִריָם, די
מוטער פון יַעקבן און שלומית, געקויפט בשָׂמים, כּדי זיי זאָלן קענען
קומען און אים זאַלבן. [2] און באַגינען פון דעם ערשטן טאָג פון דער וואָך,
זענען זיי געקומען צום קֶבר, בעת די זון איז אויפגעגאַנגען. [3] און זיי האָבן
איינע צו דער אַנדערער געזאָגט: ווער וועט אונדז אַוועקקײַקלען דעם שטיין
פאַר דער טיר פון קֶבר? [4] און בעת זיי האָבן אויפגעהויבן זייערע אויגן,
האָבן זיי געזען, אַז דער שטיין איז אַוועקגעקײַקלט, הגם ער איז געווען
זייער גרויס. [5] און אַז זיי זענען אַרײַנגעגאַנגען אין דעם קֶבר, האָבן זיי
געזען אַ יונגנמאַן זיצן ביי דער רעכטער זייט, אָנגעקליידט אין אַ ווייס
געוואַנט; און זיי האָבן זיך דערשראָקן. [6] אָבער ער האָט צו זיי געזאָגט:
שרעקט אייך ניט; איר זוכט יֵשוּעַ פון נָצֶרֶת, וואָס איז געקרייציקט געוואָרן.
ער איז אויפגעשטאַנען, ער איז דאָ ניטאָ; זעט דאָס אָרט, וואו זיי האָבן אים
געלייגט. [7] אָבער גייט, און זאָגט זײַנע תּלמידים און פּעטרוסן, אַז ער גייט
אייך פאָרויס קיין גָליל; דאָרט וועט איר אים זען, ווי ער האָט אייך געזאָגט.
[8] און זיי זענען אַרויסגעגאַנגען און האָבן גענומען לויפן פון קֶבר; וואָרים
אַ ציטערניש און אַ פּחד איז זיי באַפאַלן; און פון מורא האָבן זיי קיינעם
גאָרניט דערציילט.

[9] און אַז ער איז אויפגעשטאַנען באַגינען אויף דעם ערשטן טאָג פון
דער וואָך, האָט ער זיך קודם באַוויזן צו מִריָם פון מַגדָלָה, פון וועמען ער
האָט אַרויסגעטריבן זיבן בייזע גייסטער. [10] און זי איז געגאַנגען און האָט
עס דערציילט צו די, וואָס זענען מיט אים געווען, און וואָס האָבן פאַראָבלט

געוויינט. [11] און הַגַם זיי האָבן געהערט, אַז ער לעבט, און אַז ער איז פון
איר געזען געוואָרן, האָבן זיי עס ניט געגלויבט.

[12] נאָכדעם האָט ער זיך באַוויזן אין אַן אַנדער געשטאַלט צו צוויי פון
זיי, בעת זיי זענען געגאַנגען אין פעלד אַריין. [13] און זיי זענען געגאַנגען און
האָבן עס דערציילט צו די איבעריקע; און אויך זיי האָבן זיי ניט געגלויבט.

[14] און דערנאָך האָט ער זיך באַוויזן צו די עלף גופא, בעת זיי זענען
געזעסן ביים טיש; און ער האָט זיי פירגעהאַלטן זייער אומגלויביקייט און
האַרטקייט פון האַרצן, וואָרים זיי האָבן ניט געגלויבט די, וואָס האָבן אים
געזען נאָכדעם ווי ער איז אויפגעשטאַנען. [15] און ער האָט צו זיי געזאָגט:
גייט אין דער גאַנצער וועלט, און זאָגט אָן די בשׂורה־ה צו דער גאַנצער
באַשאַפונג. [16] דער, וואָס גלויבט און ווערט געטובלט, וועט ניצול ווערן; דער
אָבער, וואָס גלויבט ניט, וועט פאַרמשפּט ווערן. [17] און די דאָזיקע סִימָנים
וועלן באַגלייטן די, וואָס גלויבן: אין מיין נאָמען וועלן זיי אַרויסטרייַבן בייזע
גייסטער; זיי וועלן רעדן מיט נייע לשונות; [18] זיי וועלן אויפהייבן שלאַנגען,
און אויב זיי וועלן טרינקען סַם־הַמָוֶת, וועט עס זיי ניט שאַטן; זיי וועלן
אַרויפלייגן זייערע הענט אויף קראַנקע, און זיי וועלן ווערן געזונט.

[19] און נאָכדעם ווי דער האַר יֵשוּעַ האָט צו זיי גערעדט, איז ער
אַרויפגענומען געוואָרן אין הימל אַריין, און האָט זיך אַנידערגעזעצט צו דער
רעכטער האַנט פון גאָט. [20] און זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, און האָבן אומעטום
געדַרשנט, און דער האַר האָט געווירקט מיט זיי, און האָט באַשטעטיקט
דאָס וואָרט דורך די צייכנס, וואָס האָבן זיי באַגלייט. אָמֵן.





# די בשׂורה לויט לוקאַס

**א** אַזוי ווי אַ סך האָבן זיך אונטערגענומען צו
באַשרײַבן די געשיכטע פון יענע געשעענישן,
וואָס זענען צווישן אונדז באַגלויבט, 2 פונקט ווי
זיי זענען אונדז איבערגעענטפערט געוואָרן פון די,
וואָס זענען פון אָנהייב אָן געווען אויגן־עֵדות און
באַדינער פון דעם וואָרט, 3 האָב איך עס אויך
געהאַלטן פאַר רעכט, נאָכדעם ווי איך האָב פון
אָנהייב אָן אַלצדינג גענוי נאָכגעפאָרשט, צו שרייבן
אין אַ סֵדר דיר, אָ איידלסטער טעאָפילוס, 4 כּדי
דו זאָלסט וויסן דעם אֶמת פון דעם, אין וואָס
דו ביסט געלערנט געוואָרן.

5 עס איז געווען אין די טעג פון הורדוס, דעם
מֶלך פון יהודה, איינער אַ כֹּהן מיטן נאָמען זכַריָה,
פון דעם מִשמר פון אַביָה; און ער האָט געהאַט
אַ ווייב פון די טעכטער פון אַהרן, וואָס האָט
געהייסן אֶלישֶבע. 6 און ביידע זענען געווען רעכט־
פאַרטיק פאַר גאָט, און זענען געגאַנגען ערלעך
אין אַלע מִצוות און חוקים פון גאָט. 7 אָבער זיי
האָבן ניט געהאַט קיין קינד, וואָרים אֶלישֶבע איז
געווען אַן עַקרה, און ביידע זענען געווען שוין
גוט באַיאָרנט.

8 און עס איז געווען, בעת ער האָט אויסגעפירט



די עֲבוֹדה פאַר גאָט אין דעם סֵדר פון זיין מִשמר, 9 לויט דעם מִנהג פון
דער כּהוּנה, איז געווען זיין גוֹרל אַריינצוגיין אין דעם הֵיכל פון גאָט און
רייכערן קטוֹרֶת. 10 און די גאַנצע עֵדה פון דעם פאָלק האָט מִתפּלֵל געווען
דרויסן אין דער שָׁעה פון קטוֹרֶת. 11 ערשט אַ מַלאך פון גאָט האָט זיך
באַוויזן צו אים, וואָס איז געשטאַנען אויף דער רעכטער זייט פון דעם
קטוֹרֶת־מִזבֵּחַ. 12 און אַז זכַריָה האָט אים דערזען, האָט ער זיך דערשראָקן,
און אַ פּחד איז געפאַלן אויף אים. 13 אָבער דער מַלאך האָט צו אים
געזאָגט: האָב ניט קיין מוֹרא, זכַריָה; וואָרים דיין תּפִילה איז דערהערט
געוואָרן, און דיין ווייב אֶלישֶׁבע וועט דיר געבערן אַ זון, און דו זאָלסט
רופן זיין נאָמען יוֹחָנָן.

14 פרייד און נַחת וועסטו פון אים האָבן; און אַ סַך וועלן זיך פרייען
איבער זיין געבוּרט. 15 וואָרים ער וועט זיין גרויס פאַר גאָט, און וויין און
שטאַרקן געטראַנק וועט ער ניט טרינקען; און ער וועט זיין פול מיט דעם
רוּחַ־הַקוֹדֶשׁ, גלייך פון זיין מוטערס טראַכט. 16 און אַ סַך פון די קינדער
פון יִשׂרָאֵל וועט ער אומקערן צו גאָט, זייער האַר. 17 און ער וועט גיין
פאַר אים אין דעם גייסט און גבוּרה פון אֵלִיָהוּ, אומצוקערן די הערצער פון
די פאָטערס צו די קינדער, און די ווידערשפּעניקע צו דער פאַרשטענדיקייט
פון די צַדיקים, כּדי אויפצושטעלן אַ צוגעגרייט פאָלק פאַר גאָט.

18 און זכַריָה האָט געזאָגט צו דעם מַלאך: ווי אַזוי וועל איך דאָס
דערקענען? וואָרים איך בין אַ זָקן, און מיין ווייב גוט באַיאָרנט. 19 און
דער מַלאך האָט געענטפערט, און צו אים געזאָגט: איך בין גַבריאֵל, וואָס
שטייט פאַר גאָט, און איך בין געשיקט געוואָרן צו רעדן צו דיר, און צו
ברענגען דיר די דאָזיקע בשׂוּרה. 20 און אָט וועסטו זיין שטום און ניט קענען
רעדן, ביז דעם טאָג, ווען דאָס וועט געשען, וואָרים דו האָסט ניט געגלויבט
מיינע רייד, וואָס וועלן מקוּים ווערן אין זייער צייט. 21 און דאָס פאָלק
האָט געוואַרט אויף זכַריָהן, און זיי האָבן זיך געחידושט, וואָס ער זאַמט
זיך אין דעם הֵיכל. 22 און אַז ער איז אַרויסגעקומען, האָט ער ניט געקענט
רעדן צו זיי; און זיי האָבן זיך משער געווען, אַז ער האָט געזען אַ זעאונג
אין דעם הֵיכל; און ער האָט געמאַכט צייכנס צו זיי, און איז פאַרבליבן
שטום. 23 און עס איז געווען, אַז די טעג פון זיין עֲבוֹדה האָבן זיך געענדיקט,
האָט ער זיך אומגעקערט אַהיים.

24 און נאָך די דאָזיקע טעג איז אֶלישֶבע זיין ווייב פאַרגאַנגען אין טראָגן,
און זי האָט זיך פאַרבאָרגן פינף חֳדָשים, און האָט געזאָגט: 25 אַזוי האָט גאָט
געטאָן צו מיר אין די טעג, בעת ער האָט אויף מיר געקוקט, אַוועקצונעמען
מיין חרפה פון צווישן מענטשן.

26 און אין דעם זעקסטן חודש איז דער מַלאך גַבריאֵל געשיקט געוואָרן
פון גאָט אין אַ שטאָט פון גָליל, וואָס האָט געהייסן נצֶרת, 27 צו אַ יונגפרוי,
וואָס איז געווען פאַרקנַסט צו אַ מאַן מיטן נאָמען יוסף, פון בֵּית־דָוִד; און
די יונגפרוי האָט געהייסן מִריָם. 28 און ער איז צו איר אַרייַנגעקומען, און
האָט געזאָגט: שָלום דיר, דו לייַטזעליקע, גאָט איז מיט דיר. 29 אָבער זי
האָט זיך זייער דערשראָקן איבער דעם וואָרט, און האָט ביי זיך געטראַכט,
וואָסער מִין גרוס קאָן דאָס זיין? 30 און דער מַלאך האָט צו איר געזאָגט:
האָב ניט קיין מורא, מִריָם, וואָרים דו האָסט געפונען חֵן ביי גאָט. 31 און
זע, דו וועסט מעוּבֶרת ווערן, און געבערן אַ זון, און דו זאָלסט רופן זיין
נאָמען יֵשוּעַ. 32 ער וועט זיין גרויס, און וועט גערופן ווערן דער זון פון
דעם אייבערשטן; און גאָט, דער האַר, וועט אים געבן דעם טראָן פון זיין
פאָטער דָוִד; 33 און ער וועט קיניגן איבער דעם הויז פון יַעקֹב אויף אייביק;
און צו זיין מלוכה וועט ניט זיין קיין סוף.

34 און מִריָם האָט געזאָגט צום מַלאך: וויאַזוי וועט דאָס זיין, אַז איך
קען ניט קיין מאַן? 35 און דער מַלאך האָט צו איר געזאָגט: דער רוּחַ־הַקוֹדֶש
וועט קומען אויף דיר, און די קראַפט פון דעם אייבערשטן וועט דיך
באַדעקן; דעריבער וועט אויך דאָס, וואָס ווערט געבוירן, אָנגערופן ווערן
הייליק, דער בֶּן־אֱלֹהִים. 36 און זע, אֶלישֶבע דיין קרוֹבה, אויך זי איז
טראָגנדיק מיט אַ זון אויף איר עלטער; און דאָס איז דער זעקסטער חודש
ביי איר, וואָס איז גערופן געוואָרן עֲקָרה. 37 וואָרים ביי גאָט איז קיין זאַך
ניט אוממעגלעך. 38 און מִריָם האָט געזאָגט: אָט בין איך, די דינסט פון
גאָט; זאָל מיט מיר געשען לויט דיין וואָרט. און דער מַלאך איז פון איר
אַוועקגעגאַנגען.

39 און מִריָם איז אויפגעשטאַנען אין יענע טעג, און איז געשווינד געגאַנגען
אין דעם באַרגיקן לאַנד, צו אַ שטאָט אין יהודה; 40 און זי איז אַרייַנגעגאַנגען
אין דעם הויז פון זכַריָה־ן, און האָט באַגריסט אֶלישֶבען. 41 און עס איז
געווען, בעת אֶלישֶבע האָט געהערט די גריסונג פון מִריָמען, איז דאָס קינד

געשפּרונגען אין איר לײַב; און אֶלישֶבע איז געוואָרן פֿול מיט דעם רוּחַ־
הַקוֹדֶש; [42] און זי האָט אויפֿגעהויבן איר קול מיט אַ הויך געשריי, און
געזאָגט: געבענטשט ביסטו צווישן ווייבער, און געבענטשט איז די פּרוכט
פֿון דײַן לײַב! [43] און פֿאַרוואָס איז דאָס מיר באַשערט, אַז די מוטער פֿון
מײַן האַר זאָל קומען צו מיר? [44] וואָרים זע, ווי נאָר דאָס קול פֿון דײַן
באַגריסונג האָט דערגרייכט מײַנע אויערן, איז דאָס קינד געשפּרונגען פֿון
שִׂמחה אין מײַן לײַב. [45] און געבענטשט איז זי, וואָס האָט געגלויבט, וואָרים
סע וועט מקוים ווערן דאָס, וואָס איז צו איר גערעדט געוואָרן פֿון גאָט.
[46] און מִרְיָם האָט געזאָגט:

מײַן נֶפש טוט דערהייכן גאָט,
[47] און סע פֿרייט זיך מײַן גייסט אין גאָט, מײַן גוֹאֵל,
[48] וואָרים ער האָט געקוקט אויף דער נידעריקייט פֿון זײַן דינסט,
וואָרים זע, פֿון איצט אָן וועלן מיך אַלע דורות רופֿן געבענטשטע.
[49] ווייל גרויסע זאַכן האָט דער מעכטיקער אָן מיר געטאָן;
און הייליק איז זײַן נאָמען.
[50] און זײַן באַרעמהאַרציקייט איז אויף דור־דורות
צו די, וואָס פֿאַרכטן זיך פֿאַר אים.
[51] ער האָט געוויזן גבורות מיט זײַן אָרעם,
און צעשפּרייט די האָפֿערדיקע אין די מַחשָבות פֿון זייער האַרץ.
[52] ער האָט אַראָפּגעוואָרפֿן די מעכטיקע פֿון זייערע טראָנען,
און האָט דערהויבן די פֿון נידעריקן שטאַנד.
[53] די הונגעריקע האָט ער אָנגעפּילט מיט גוטס,
און די רייכע האָט ער אַוועקגעשיקט ליידיק.
[54] געהאָלפֿן האָט ער זײַן קנעכט יִשׂרָאֵל,
און זיך געטאָן דערמאָנען זײַן באַרעמהאַרציקייט,
[55] ווי ער האָט גערעדט צו אונדזערע אָבות,
צו אַבְרָהָם און צו זײַן זאָמען אויף אייביק.

[56] און מִריָם איז געבליבן מיט איר אַרום דריי חֲדָשִים, און האָט זיך
אומגעקערט אַהיים.

[57] און אֶלישֶבעס צייט איז געוואָרן פֿול, אַז זי זאָל געלעגן ווערן;
און זי האָט געבוירן אַ זון. [58] און אירע שכֵנים און קרובים האָבן געהערט,

אַז גאָט האָט מיט איר געטאָן גרויס חֶסֶד, און זיי האָבן זיך געפרייט מיט
איר. [59] און עס איז געווען אויפן אַכטן טאָג, איז מען געקומען מַל זיין דאָס
קינד; און זיי האָבן אים געוואָלט אַ נאָמען געבן זכַריָה, נאָך זיין פאָטערס
נאָמען. [60] און זיין מוטער האָט זיך אָפּגערופן: ניין, נייערט יוֹחָנָן זאָל מען
אים רופן. [61] און זיי האָבן צו איר געזאָגט: קיינער ניט פון דיין מִשפָּחה
הייסט אַזוי. [62] און זיי האָבן געמאַכט צייכנס צו זיין פאָטער, ווי ער האָט
בדֵעה אים צו רופן. [63] און ער האָט פאַרלאַנגט אַ שרייַב־טאָוול, און האָט
אויפגעשריבן: זיין נאָמען איז יוֹחָנָן. און זיי האָבן זיך אַלע געחִידושט.
[64] און זיין מויל און זיין צונג האָבן זיך מיטאַמאָל אויפגעמאַכט, און ער האָט
גענומען רעדן און לויבן גאָט. [65] און אַ פַּחד איז געפאַלן אויף אַלע זייערע
שכֵנים; און אין גאַנצן באַרג־לאַנד פון יהודה האָט מען גערעדט וועגן די
דאָזיקע זאַכן. [66] און אַלע, וואָס האָבן דאָס געהערט, האָבן עס זיך גענומען
צום האַרצן, און געזאָגט: וואָס וועט דאָס זיין פאַר אַ קינד? וואָרים די האַנט
פון גאָט איז געווען מיט אים.

[67] און זיין פאָטער זכַריָה איז געוואָרן פול מיט דעם רוחַ־הַקוֹדֶש, און
האָט נבִיאות געזאָגט, אַזוי צו זאָגן:

[68] געלויבט איז גאָט, דער גאָט פון יִשׂרָאֵל!
וואָרים ער האָט געדענקט און געשיקט אַ ישועה פאַר זיין פאָלק,
[69] און האָט אויפגעשטעלט פאַר אונדז אַ האָרן פון ישועה
אין דעם הויז פון זיין קנעכט דָוִד,
[70] ווי ער האָט גערעדט דורך דעם מויל פון זיינע הייליקע נבִיאים
פון פאַרצייטן,
[71] רעטונג פון אונדזערע שׂוֹנאים,
און פון דער האַנט פון אַלע, וואָס האָבן אונדז פיינט,
[72] צו טאָן חֶסֶד מיט אונדזערע אָבות,
און צו געדענקען זיין הייליקן בונד;
[73] די שבועה, וואָס ער האָט געשוואוירן צו אַברָהם אָבִינוּ,
[74] אונדז מַציל צו זיין פון דער האַנט פון אונדזערע שׂוֹנאים,
און דינען אים אָן פַּחד,
[75] אין קדושה און גערעכטיקייט פאַר אים אַלע אונדזערע טעג.
[76] און דו, קינד, וועסט גערופן ווערן: נָביא פון דעם אייבערשטן;

וואָרים דו וועסט גיין פאַר גאָט אָנצוברייטן זיינע וועגן,
77 צו געבן פאַרשטענדיקייט פון ישועה פאַר זיין פאָלק
דורך דער פאַרגעבונג פון זייערע זינד,
78 צוליבֿ דער באַרעמהאַרציקייט פון אונדזער גאָט,
מיט וואָס דער פרימאָרגן וועט אויפגיין אויף אונדז פון דער הייך,
79 צו לײַכטן אויף די, וואָס זיצן אין חושך און אין שאָטן פון טויט;
צו פירן אונדזערע טריט אין דעם וועג פון שָלום.
80 און דאָס קינד איז געוואַקסן, און איז געוואָרן שטאַרק אין דעם גייסט,
און איז געווען אין מִדבָּריות ביז דעם טאָג, ווען ער האָט זיך אַנטפּלעקט
צו יִשׂרָאֵל.

ב און עס איז געווען אין יענע טעג, אַז אַ באַפעל איז אַרויסגעגאַנגען
פון קֵיסר אויגוסטוס, אַז די גאַנצע וועלט זאָל געציילט ווערן. 2 דאָס
איז געווען די ערשטע ציילונג, בעת קוריניוס איז געווען פּראָקוראַטאָר פון
סיריע. 3 און אַלע זענען געגאַנגען זיך אײַנשרײַבן, יעדער איינער אין זיין
אייגענער שטאָט. 4 און יוסף איז אויך אַרויפגעגאַנגען פון גָליל, פון דער
שטאָט נצֶרת, קיין יהודה, צו דער שטאָט פון דָוִדן, וואָס הייסט בֵּית־לֶחֶם,
וואָרים ער איז געווען פון דָוִדס הויז און מִשפָּחה; 5 צו פאַרשרײַבן זיך מיט
מִרְיָמען, וואָס איז געווען פאַרקנַסט צו אים, בעת זי איז געווען מעוּבֶּרֶת.
6 און עס איז געווען, בעת זיי זענען דאָרט געווען, זענען געוואָרן פול די
טעג, אַז זי זאָל געבערן. 7 און זי האָט געבוירן איר זון דעם בכוֹר, און
האָט אים אײַנגעוויקלט אין ווינדעלעך, און אים אַרײַנגעלייגט אין אַ קאָריטע,
וואָרים עס איז פאַר זיי ניט געווען קיין פּלאַץ אין דער אַכסַניא.
8 און עס זענען געווען פּאַסטעכער אין יענער געגנט אין פעלד, וואָס
האָבן אַכטונג געגעבן בײַנאַכט אויף זייער סטאַדע. 9 און אַ מַלאך פון גאָט
האָט זיך צו זיי באַוויזן, און די הערלעכקייט פון גאָט האָט געלויכטן אַרום
זיי; און זיי האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן. 10 און דער מַלאך האָט צו זיי
געזאָגט: האָט ניט קיין מוֹרא; וואָרים אָט ברענג איך אייך אַ גוטע בשׂורה
פון אַ גרויסער שׂמחה, וואָס וועט זיין פאַר דעם גאַנצן פאָלק; 11 וואָרים
היינט איז אייך געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט פון דָוִדן אַ גוֹאֵל, וואָס
איז מָשִיחַ, דער האַר. 12 און דאָס איז אַ צייכן פאַר אייך: איר וועט געפינען
אַ קינד אײַנגעוויקלט אין ווינדעלעך, און ליגן אין אַ קאָריטע. 13 און פּלוצים

איז מיט דעם מַלאך געווען אַ מַחנה פון הימלישן חַיִל, וואָס האָבן געלויבט
גאָט, און געזאָגט:

14 כָּבוד צו גאָט אין דער הייך,
און אויף דער ערד שָלום צווישן מענטשן,
וואָס אין זיי איז זיין וואוילגעפעלן.

15 און עס איז געווען, ווי די מַלאָכים זענען פון זיי אַוועק אין הימל
אַריין, האָבן די פּאַסטעכער געזאָגט איינער צום אַנדערן: לאָמיר איצט גיין
קיין בֵּית־לֶחֶם, און זען די זאַך, וואָס איז געשען, פון וואָס גאָט האָט אונדז
צו וויסן געטאָן. 16 און זיי זענען געקומען געשווינד, און האָבן געפונען מִרְיָמען
און יוספֿן, און דאָס קינד ליגן אין דער קאָריטע. 17 און אַז זיי האָבן עס
געזען, האָבן זיי באַקאַנט געמאַכט דאָס וואָרט, וואָס איז צו זיי גערעדט
געוואָרן וועגן דעם דאָזיקן קינד. 18 און אַלע, וואָס האָבן דאָס געהערט,
האָבן זיך געוואונדערט וועגן דעם, וואָס די פּאַסטעכער האָבן דערציילט.
19 אָבער מִרְיָם האָט אָפּגעהיט די דאָזיקע אַלע רייד, און האָט געטראַכט
וועגן זיי אין איר האַרץ. 20 און די פּאַסטעכער האָבן זיך אומגעקערט, און
האָבן אָפּגעגעבן כָּבוד און געלויבט גאָט פאַר אַלץ, וואָס זיי האָבן געהערט
און געזען, אַזוי ווי עס איז צו זיי גערעדט געוואָרן.

21 און אַז עס זענען געוואָרן פול אַכט טעג אים מַל צו זיין, האָט מען
אים אַ נאָמען געגעבן יֵשוּעַ, ווי דער מַלאך האָט אים גערופן, איידער ער
איז אויפגענומען געוואָרן אין דער מוטערטראַכט.

22 און בעת עס זענען געוואָרן פול די טעג פון זייער רייניקונג, לויט
תּורת משהא, האָבן זיי אים אַרויפגעבראַכט קיין ירושָלַיִם, אים צו שטעלן
פאַר גאָט — 23 ווי סע שטייט געשריבן אין דער תּורה פון גאָט: יעדער זָכר,
וואָס עפנט די מוטערטראַכט, זאָל גערופן ווערן הייליק צו גאָטב — 24 און
צו גענעענען אַ קָרבן, לויט ווי סע איז געזאָגט געוואָרן אין דער תּורה
פון גאָט: אַ פּאָר טורטלטויבן, אָדער צוויי יונגע טויבן. 25 און זע, עס איז
געווען אַ מענטש אין ירושָלַיִם, וואָס האָט געהייסן שִמעון, און דער דאָזיקער
מענטש איז געווען רעכטפאַרטיק און פרום, און ער האָט געוואַרט אויף
דער נחָמה פון יִשרָאל; און דער רוח־הַקודֶש האָט גערוט אויף אים. 26 און
אים איז אַנטפּלעקט געוואָרן דורך דעם רוח־הַקודֶש, אַז ער וועט ניט זען

א ויקרא יב, 2—8. ב שמות יג, 2, 12.

דעם טויט, איידער ער וועט האָבן געזען דעם מָשִׁיחַ פֿון גאָט. 27 און ער
איז געקומען דורך דעם גייסט אין בֵּית־הַמִקדש אַריין; און בעת די עלטערן
האָבן אַרײַנגעבראַכט דאָס קינד יֵשוּעַ, צו טאָן מיט אים לויט דעם דִין פֿון
דער תּוֹרה, 28 האָט ער אים גענומען אין זיינע אָרעמס, און געלויבט גאָט,
און געזאָגט:

29 אַצינד טוסטו אָפּלאָזן דיין קנעכט, אָ גאָט,
לויט דיין וואָרט, בשָלום;
30 וואָרים מיינע אויגן האָבן געזען דיין ישועה,
31 וואָס דו האָסט אָנגעברייט פֿאַר אַלע פֿעלקער;
32 אַ ליכט צו באַלײַכטן די אומות,
און דער כָּבוד פֿון דיין פֿאָלק יִשׂרָאֵל.

33 און זיין פֿאָטער און זיין מוטער האָבן זיך געוואונדערט איבער דעם,
וואָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן אים; 34 און שִמעוֹן האָט זיי געבענטשט, און
האָט געזאָגט צו מִריָמען, זיין מוטער: זע, ער איז באַשטימט פֿאַר דעם פֿאַלן
און דעם אויפשטיין פֿאַר אַ סַך אין יִשׂרָאֵל; און פֿאַר אַ צייכן, וואָס מע
וועט רעדן אַנטקעגן — 35 און אַ שווערד וועט דורכשטעכן דיין אייגענע זעל —
כּדי סע זאָלן אַנטפּלעקט ווערן די מַחשָבות פֿון אַ סַך הערצער.

36 און עס איז געווען איינע אַ נביאה, חַנָה בַּת־פּנוּאֵל, פֿון שֵבֶט אָשֵר;
זי איז געווען אין הויכן עלטער, און האָט געלעבט מיט איר מאַן זיבן יאָר
פֿון איר מיידלשאַפֿט, 37 און איז געווען אַן אַלמָנה פֿיר און אַכציק יאָר. און
זי האָט ניט אָפּגעטרעטן פֿון דעם בֵּית־הַמִקדש, און האָט געדינט גאָט מיט
תַּעֲנִיתים און תּפֿילות טאָג און נאַכט. 38 און גראָד אין יענער שָעה איז זי
אָנגעקומען, און האָט גענומען לויבן גאָט, און רעדן וועגן אים פֿאַר אַלע,
וואָס האָבן געוואַרט אויף דער גאולה פֿון ירושָלַיִם.

39 און נאָכדעם ווי זיי האָבן מקַיים געווען אַלצדינג, לויט דער תּוֹרה
פֿון גאָט, האָבן זיי זיך אומגעקערט קיין גָליל, צו זייער אייגענער שטאָט
נצֶרֶת. 40 און דאָס קינד איז געוואַקסן און איז געוואָרן שטאַרק, פֿול מיט
חָכמה, און דער חֵן פֿון גאָט האָט גערוט אויף אים.

41 און זיינע עלטערן פֿלעגן עוֹלה־רֶגל זיין יעדעס יאָר קיין ירושָלַיִם
אויף דעם יוֹם־טוֹב פֶּסַח. 42 און ווען ער איז אַלט געווען צוועלף יאָר,
האָבן זיי עוֹלה־רֶגל געווען לויט דעם דִין. 43 און אַז דער יוֹם־טוֹב האָט

זיך געענדיקט, און זיי האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, איז דאָס ייִנגל יֵשוּעַ
איבערגעבליבן אין ירושָלַיִם; און זיינע עלטערן האָבן עס ניט געוואוסט.
[44] און אַזוי ווי זיי האָבן געמיינט, אַז ער איז מיט די עולי־רֶגל, זענען זיי
אָפּגעגאַנגען אַ טאָג גאַנג, און האָבן אים געזוכט צווישן זייערע קרובים און
באַקאַנטע. [45] און אַז זיי האָבן אים ניט געפונען, האָבן זיי זיך אומגעקערט
קיין ירושָלַיִם, און האָבן אים געזוכט. [46] און עס איז געווען, אין דריי
טעג אַרום, האָבן זיי אים געפונען אין בֵּית־הַמִקדש זיצן צווישן די תַּלמידֵי־
חֲכָמים, ווי ער האָט זיך צוגעהערט און זיי געפרעגט קַשיות. [47] און
אַלע, וואָס האָבן אים געהערט, האָבן זיך שטאַרק געחִידושט איבער זיין
שֵׂכל און זיינע תשובות. [48] און בעת זיי האָבן אים געזען, זענען זיי נִשתּומם
געוואָרן; און זיין מוטער האָט צו אים געזאָגט: זון, פאַרוואָס האָסטו אונדז
אַזוינס געטאָן? זע, דיין פאָטער און איך האָבן דיך געזוכט מיט צַער. [49] און
ער האָט צו זיי געזאָגט: הַלמַאי האָט איר מיך געזוכט? צי האָט איר ניט
געוואוסט, אַז איך מוז זיין אין מיין פאָטערס הויז? [50] און זיי האָבן ניט
פאַרשטאַנען דאָס וואָרט, וואָס ער האָט צו זיי גערעדט. [51] און ער האָט
מיט זיי אַראָפּגענידערט, און איז געקומען קיין נצֶרֶת; און ער איז זיי געווען
אונטערטעניק; און זיין מוטער האָט אָפּגעהיט די דאָזיקע אַלע רייד אין
איר האַרץ.

[52] און יֵשוּעַ איז געוואַקסן אין חָכמה און אין געשטאַלט, און אין חֵן
ביי גאָט און ביי לייַט.

**ג** און אין דעם פופצנטן יאָר פון קֵיסר טיבעריוס מלוכה, בעת פּאָנטיִוס
פּילאַטוס איז געווען פּראָקוראַטאָר פון יהודה, און הורדוס איז געווען
טעטראַרך פון גָליל, און זיין ברודער פיליפּוס טעטראַרך פון דער געגנט
איטוריע און טַרכוֹנָא, און לוסאַניוס טעטראַרך פון אַבִילין, [2] בעת חָנָן און
קַיָפָא זענען געווען כֹּהֲנים־גדולים, איז געקומען דאָס וואָרט פון גאָט צו יוֹחָנָן
בֶּן־זכַריָה אין דער מִדבר. [3] און ער איז געקומען אין דער גאַנצער געגנט
פון יַרדן, און האָט געדרשנט די טבִילה פון תשובה פאַר דער פאַרגעבונג
פון זינד. [4] ווי עס שטייט געשריבן אין דעם סֵפר פון די רייד פון ישַעיָה
הַנָביא:

אַ קול רופט אין דער מִדבר,
מאַכט גרייט דעם וועג פון גאָט,

גלײַכט אויס זיינע שטעגן.
5 יעדער טאָל זאָל דערהויבן ווערן,
און יעדער באַרג און הייך זאָלן דערנידעריקט ווערן;
און דאָס קרומע זאָל ווערן גלײַך,
און די באַרגקייטן אַ פּלוין.
6 און אַלע לײַבער זאָלן זען די ישועה פון גאָט[א].

7 און ער האָט דעריבער געזאָגט צום פאָלק, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען
פון אים געטובלט צו ווערן: איר שפּראָץ פון שלאַנגען! ווער האָט אייך
געוואָרנט צו אַנטרינען פון דעם אָנקומענדיקן צאָרן? 8 ברענגט דעריבער
פּירות, וואָס זענען ראוי פאַר תשובה, און רעדט אייך ניט איין: אַברהם
איז אונדזער פאָטער; וואָרים איך זאָג אייך, גאָט קאָן פון די דאָזיקע שטיינער
אויפשטעלן קינדער פאַר אַברהמען. 9 און אָט ליגט שוין די האַק ביים וואָרצל
פון די ביימער; דעריבער, יעדער בוים, וואָס ברענגט ניט אַרויס קיין גוטע
פּירות, ווערט אָפּגעהאַקט און אַרײַנגעוואָרפן אין פייער אַריין.
10 און דאָס פאָלק האָט אים געפרעגט: וואָס אייגנטלעך זאָלן מיר טאָן?
11 האָט ער געענטפערט, און צו זיי געזאָגט: דער, וואָס האָט צוויי רעק, זאָל
זיך טיילן מיט דעם, וואָס האָט גאָרניט; און דער, וואָס האָט שפּייז, זאָל
אויך אַזוי טאָן. 12 און עס זענען אויך געקומען מוכסים געטובלט צו ווערן,
און זיי האָבן צו אים געזאָגט: רבי, וואָס זאָלן מיר טאָן? 13 האָט ער צו זיי
געזאָגט: פאָדערט ניט מער וואָס איז פאַר אייך באַשטימט. 14 און אויך זעלנער
האָבן אים געפרעגט, אַזוי צו זאָגן: און מיר, וואָס זאָלן מיר טאָן? האָט ער
צו זיי געזאָגט: איר זאָלט קיינעם ניט פּלאָגן און באַרויבן, און זייט צופרידן
מיט אייער לוין.

15 און בעת דאָס פאָלק איז געווען אין אַ שטימונג פון דערוואַרטונג,
און אַלע האָבן געטראַכט אין זייערע הערצער וועגן יוחנן, צי איז ער ניט
אפשר דער משיח, 16 האָט יוחנן זיי געענטפערט, און געזאָגט: איך טובל אייך
מיט וואַסער; עס קומט אָבער אַ שטאַרקערער פון מיר, וועמען איך בין
ניט ראוי אויפצובינדן די רימענדלעך פון זיינע שיך; ער וועט אייך טובלען
מיט דעם רוח־הקודש און מיט פייער. 17 זיין ווינטשויפל איז אין זיין האַנט,
און ער וועט גוט אויסרייניקן זיין שײַער, און אײַנזאַמלען דעם ווייץ אין

א ישעיה מ, 3—5.

זיין שפּײַכלער אַריין, אָבער די פּליעווע וועט ער פאַרברענען מיט אַן
אומפאַרלעשלעכן פייער.
[18]און אויך אַזאַ אופן, און מיט אַ סך אַנדערע וואָרענונגען האָט ער
אָנגעזאָגט די גוטע בשורה פאַר דעם פאָלק. [19]אָבער דער טעטראַרך,
הורדוס, ווייל ער איז פון אים געמוסרט געוואָרן צוליב הורודיָה, זיין
ברודערס ווייב, און פאַר דעם גאַנצן רִשעות, וואָס הורדוס האָט געטאָן,
[20]האָט צו דעם נאָך צוגעגעבן דאָס, וואָס ער האָט פאַרשפאַרט יוחָנָן אין
דער תּפיסה.
[21]און עס איז געווען, בעת דאָס גאַנצע פאָלק איז געטובלט געוואָרן,
און יֵשוע איז אויך געטובלט געוואָרן, און האָט מִתפַּלֵל געווען, האָט דער
הימל זיך געשפּאָלטן, [22]און דער רוח־הַקודֶש האָט אַראָפּגענידערט אויף
אים אין אַ לײַבלעכער געשטאַלט, ווי אַ טויב, און אַ קול איז אַרויס פון
הימל: דו ביסט מיין געליבטער זון; אין דיר איז מיין וואוילגעפעלן.
[23]און יֵשוע, בעת ער האָט אָנגעהויבן זיין שליחות, איז אַלט געווען
אַרום דרייסיק יאָר, און ער איז געווען, ווי מען האָט געמיינט, דער זון פון
יוסף בֶן־עֵלי, [24]דער זון פון מַתָּתן, דער זון פון לֵוִין, דער זון פון מַלכּין,
דער זון פון יַנַין, דער זון פון יוספן, [25]דער זון פון מַתִּתיָהון, דער זון פון
אָמוצן, דער זון פון נַחומען, דער זון פון חֶסלין, דער זון פון נַגַין, [26]דער
זון פון מַחַתן, דער זון פון מַתִּתיָהון, דער זון פון שִמעִין, דער זון פון יוספן,
דער זון פון יוֹדָהן, [27]דער זון פון יוחָנָן, דער זון פון רֵישָאן, דער זון פון
זרובָבלען, דער זון פון שְאַלתִּיאֵלן, דער זון פון נֵרין, [28]דער זון פון מַלכּין,
דער זון פון אַדִין, דער זון פון קוסָמען, דער זון פון אַלמודָמען, דער זון
פון עֵרן, [29]דער זון פון יֵשוען, דער זון פון אֶליעֶזֶרן, דער זון פון יורימען,
דער זון פון מַתָּתן, דער זון פון לֵוִין, [30]דער זון פון שִמעונען, דער זון פון
יהודהן, דער זון פון יוספן, דער זון פון יונָמען, דער זון פון אֶליָקימען, [31]דער
זון פון מַליָאן, דער זון פון מִינָאן, דער זון פון מַתַּתָהן, דער זון פון נָתָנען,
דער זון פון דָוִדן, [32]דער זון פון יִשַין, דער זון פון עובֵדן, דער זון פון בועַזן,
דער זון פון שַלמונען, דער זון פון נַחשונען, [33]דער זון פון עַמִינָדָבן, דער
זון פון אַרָמען, דער זון פון חֶצרונען, דער זון פון פֶּרֶצן, דער זון פון יהודהן,
[34]דער זון פון יַעקבן, דער זון פון יִצחָקן, דער זון פון אַברָהמען, דער זון
פון תֶרַחן, דער זון פון נָחורן, [35]דער זון פון שְרוגן, דער זון פון רְעוּן, דער

זון פון פֶּלֶגן, דער זון פון עֵבֶרן, דער זון פון שָׁלַחן, 36 דער זון פון קֵינָנען,
דער זון פון אַרפַּכשַׁדן, דער זון פון שֵׁמען, דער זון פון נֹחַן, דער זון פון
לֶמֶכן, 37 דער זון פון מְתושֶׁלַחן, דער זון פון חֲנוֹכן, דער זון פון יֶרֶדן, דער
זון פון מַהֲלַלאֵלן, דער זון פון קֵינָנען, 38 דער זון פון אֱנוֹשן, דער זון פון שֵׁתן,
דער זון פון אָדָמען, דער זון פון גאָט.

ד און יֵשוּעַ, פול מיט דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש, האָט זיך אומגעקערט פון דעם
יַרדן, און איז געפירט געוואָרן דורך דעם גייסט 2 פערציק טעג אין
דער מִדבּר, געפּרואווט פון דעם שָׂטן. און ער האָט גאָרניט געגעסן אין
יענע טעג; און בעת זיי האָבן זיך געענדיקט, איז ער געווען הונגעריק.
3 און דער שָׂטן האָט צו אים געזאָגט: אויב דו ביסט דער בֶּן־אֱלֹהִים, באַפעל
דעם דאָזיקן שטיין, אַז ער זאָל ווערן ברויט. 4 און יֵשוּעַ האָט אים געענטפערט:
סע שטייט געשריבן: ניט פון ברויט אַליין לעבט דער מענטש[א]. 5 און דער
שָׂטן האָט אים אַרויפגעפירט, און האָט אים געוויזן אין אַ רֶגע אַלע מלוכות
פון דער וועלט, 6 און האָט צו אים געזאָגט: דיר וועל איך געבן די דאָזיקע
גאַנצע מֶמשָׁלה און איר פּראַכט, וואָרים מיר איז זי איבערגעגעבן געוואָרן,
און איך גיב זי וועמען איך וויל. 7 דעריבער, אויב דו וועסט דיך בוקן
פאַר מיר, וועט דאָס אינגאַנצן זיין דיינס. 8 און יֵשוּעַ האָט אים געענטפערט:
סע שטייט געשריבן:

זאָלסט דיך בוקן צו גאָט דיין האַר,
און אים אַליין זאָלסטו דינען[ב].

9 און ער האָט אים געפירט קיין ירושָׁלַיִם, און האָט אים אַוועקגעשטעלט
אויף דעם טורעם פון דעם בֵּית־הַמִקדש, און האָט צו אים געזאָגט: אויב
דו ביסט דער בֶּן־אֱלֹהִים, וואַרף דיך אַראָפּ פון דאַנען; 10 וואָרים סע שטייט
געשריבן:

זיינע מַלאָכים וועט ער באַפעלן וועגן דיר, דיך צו היטן;
11 און אויף די הענט וועלן זיי דיך טראָגן,
טאָמער וועסטו דיר אָנשלאָגן אָן אַ שטיין דיין פוס[ג].

12 און יֵשוּעַ האָט אים געענטפערט: עס איז געזאָגט געוואָרן:
זאָלסט ניט פּרואוון גאָט דיין האַר[ד].

[א] דברים ח, 3. [ב] דברים ו, 13. [ג] תהלים צא, 11, 12. [ד] דברים ו, 16.

13 און אַז דער שָׂטָן האָט געענדיקט יעדן נסָיון, האָט ער אים אָפּגעלאָזט
אויף אַ צייט.

14 און יֵשוּעַ האָט זיך אומגעקערט אין דער מאַכט פון דעם גייסט קיין
גָלִיל; און די ידִיעה וועגן אים האָט זיך פאַרשפּרייט אין דער גאַנצער
געגנט. 15 און ער האָט געלערנט אין זייערע בָּתֵּי־כְּנֵסִיות, און אַלע האָבן אים
אָפּגעגעבן כָּבוד.

16 און ער איז געקומען קיין נצֶרֶת, וואו ער איז אויפגעצויגן געוואָרן;
און ווי זיין מִנהג, איז ער שַבת אַריינגעגאַנגען אין דעם בֵּית־הַכְּנֶסֶת אַריין,
און ער איז אויפגעשטאַנען צום לייענען. 17 און מען האָט אים דערלאַנגט
דאָס סֵפֶר פון ישַעיָה הַנָבִיא. און ער האָט געעפנט דאָס סֵפֶר, און האָט
געפונען דאָס אָרט, וואו עס איז געשטאַנען געשריבן:

18 דער גייסט פון גאָט איז אויף מיר,
וואָרים ער האָט מיך געזאַלבט מבַשֵר צו זיין גוטע בשוֹרות פאַר
די אָרעמע.
ער האָט מיך געשיקט אויסצורופן פריַיהייט פאַר די געפאַנגענע,
מאַכן זעענדיק די בלינדע,
און צו באַפרייען די, וואָס זענען צעשטויסן,
19 און אויסצורופן דאָס באַווילִיקטע יאָר פון גאָט א.

20 און ער האָט צונויפגעוויקלט דאָס סֵפֶר, און האָט עס צוריקגעגעבן דעם
חַזן, און האָט זיך אַנידערגעזעצט; און די אויגן פון אַלעמען אין דעם
בֵּית־הַכְּנֶסֶת זענען געווען באַהעפט אָן אים. 21 און ער האָט אָנגעהויבן צו זיי
צו זאָגן: היינט איז דער דאָזיקער פָּסוק מקוים געוואָרן אין אייערע אויערן.
22 און אַלע זענען אים געווען עֵדות, און האָבן באַוואונדערט די לייַטזעליקע
רייד, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען פון זיין מויל; און זיי האָבן געזאָגט: איז
דאָס ניט יוֹסֵפס זון? 23 און ער האָט צו זיי געזאָגט: אַוַדאי וועט איר מיר
זאָגן דאָס דאָזיקע מָשל: רוֹפא, הייל דיך אַליין; וואָס מיר האָבן געהערט
ס'איז געטאָן געוואָרן אין כְּפַר־נַחוּם, טו אויך אין דיין געבוירנשטאָט. 24 און
ער האָט געזאָגט: פאַרוואָר, איך זאָג אייך, קיין נָבִיא איז ניט אָנגענומען אין
זיין אייגן לאַנד. 25 אויף אַן אֶמת, זאָג איך אייך, אַ סך אַלמָנות זענען געווען
אין יִשׂרָאל אין די טעג פון אֵלִיָהון, בעת דער הימל איז געווען פאַרשלאָסן

א ישעיה סא, 1, 2.

דריי יאָר און זעקס חָדָשים, און עס איז געקומען אַ גרויסער הונגער איבערן גאַנצן לאַנד; [26] און צו קיינער פון זיי איז אֵלִיָהו ניט געשיקט געוואָרן, אַחוץ קיין צָרְפַת, וואָס איז אין צִידוֹן, צו אַ פרוי אַן אַלְמָנָה[א]. [27] און אַ סך מצוֹרָעים זענען געווען אין יִשְׂרָאֵל אין דער צייט פון אֱלִישָׁע הַנָבִיא; און קיינער פון זיי איז ניט גערייניקט געוואָרן, אַחוץ נַעֲמָן דער אֲרַמִי[ב]. [28] און אַלע אין דעם בֵּית־הַכְּנֶסֶת זענען געוואָרן פול מיט צאָרן, בעת זיי האָבן דאָס געהערט. [29] און זיי זענען אויפגעשטאַנען, און האָבן אים אַרויסגעוואָרפן פון דער שטאָט, און אים געפירט צום ראַנד פון דעם באַרג, אויף וואָס זייער שטאָט איז געווען געבויט, כּדי אים אַראָפּצוּוואַרפן. [30] אָבער ער איז דורכגעגאַנגען אין דער מיט צווישן זיי, און איז אַוועקגעגאַנגען.

[31] און ער האָט אַראָפּגענידערט קיין כְּפַר־נַחוּם, אַ שטאָט אין גָלִיל. און ער האָט מיט זיי געלערנט אַלע שַׁבָּת; [32] און זיי זענען נִשְׁתּוֹמֵם געוואָרן פון זיין תּוֹרה, וואָרים זיין וואָרט האָט געהאַט מאַכט. [33] און אין דעם בֵּית־הַכְּנֶסֶת איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט אַ גייסט פון אַן אומריינעם רוּחַ, און ער האָט אויסגעשריגן אויף אַ הויך קוֹל: [34] אָ, וואָס האָבן מיר צו טאָן מיט דיר, יֵשוּעַ הַנוֹצְרִי? ביסטו געקומען אונדז צו פאַרטיליקן? איך וויים ווער דו ביסט: דער הייליקער פון גאָט. [35] אָבער יֵשוּעַ האָט אויף אים אָנגעשריגן, און געזאָגט: שווייַג, און גיי אַרויס פון אים! און דער בייזער גייסט האָט אים אַנידערגעוואָרפן אין זייער מיט, און איז פון אים אַרויס, ניט טוענדיק אים קיין בייז. [36] און אַן אֵימָה איז געפאַלן אויף אַלעמען, און איינער האָט צום אַנדערן געזאָגט: וואָס איז דאָס פאַר אַ וואָרט, וואָס ער געבּיט מיט רשות און כּוֹח די אומריינע גייסטער, און זיי גייען אַרויס? [37] און די יְדִיעָה וועגן אים האָט זיך פאַרשפּרייט אין דער גאַנצער אַרומיקער געגנט.

[38] און ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַרויס פון דעם בֵּית־הַכְּנֶסֶת, און איז אַרייַנגעגאַנגען אין דעם הויז פון שִׁמְעוֹנען. און שִׁמְעוֹנס שוויגער האָט געליטן פון אַ גרויס פיבער, און זיי האָבן אים געבעטן פאַר אירעטוועגן. [39] און ער איז צוגעגאַנגען, און האָט זיך איינגעבויגן איבער איר, און האָט אָנגעשריגן דאָס פיבער, און עס האָט זי אָפּגעלאָזט; און זי איז תֵּיכֶף אויפגעשטאַנען און האָט זיי באַדינט.

[א] מלכים א׳ יז, 1, 8—16; יח, 1. [ב] מלכים ב׳ ה, 1—14.

40 און בעת די זון איז אונטערגעגאַנגען, האָבן אַלע, וואָס האָבן געהאַט
קראַנקע מיט פאַרשידענע חולאַתן, זיי געבראַכט צו אים; און ער האָט
אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף יעדן איינעם פון זיי, און האָט זיי געהיילט.
41 און אויך בייזע גייסטער זענען אַרויס פון אַ סך, וואָס האָבן אויסגעשריגן,
און געזאָגט: דו ביסט דער בֶּן־אֱלֹהִים. און ער האָט אויף זיי אָנגעשריגן,
און זיי ניט געלאָזט רעדן, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז ער איז דער מָשִׁיחַ.
42 און אַז ס'איז געוואָרן טאָג, איז ער אויפגעשטאַנען און איז אַוועק
אין אַ וויסט אָרט. און דאָס פאָלק האָט אים געזוכט, און איז געקומען צו
אים, און אים געוואָלט פאַרהאַלטן, אַז ער זאָל ניט אַוועקגיין פון זיי;
43 אָבער ער האָט צו זיי געזאָגט: איך מוז אָנזאָגן די גוטע בשורה פון גאָטס
מַלכות אויך אין די אַנדערע שטעט, וואָרים צוליב דעם בין איך געשיקט
געוואָרן. 44 און ער האָט געדרשנט אין די בָּתֵּי־כְּנֵסִיוֹת פון יהודה.

ה און עס איז געווען, בעת דאָס פאָלק האָט זיך געדרענגט אַרום אים,
כדי צו הערן דאָס וואָרט פון גאָט, איז ער געשטאַנען ביים יַם
גִנֵיסָר. 2 און ער האָט געזען צוויי שיפלעך שטיין ביים יַם, און די פישערס
זענען פון זיי אַרויסגעגאַנגען, און האָבן געוואַשן זייערע נעצן. 3 און ער איז
אַרײַנגעגאַנגען אין איינעם פון די שיפלעך, וואָס האָט געהערט צו שִׁמעוֹנען,
און האָט אים געבעטן, אָפּצורוקן זיך אַביסל פון דער יַבָּשה. און ער האָט
זיך אַנידערגעזעצט, און האָט געלערנט דאָס פאָלק פון דעם שיפל אַרויס.
4 און אַז ער האָט אויפגעהערט רעדן, האָט ער געזאָגט צו שִׁמעוֹנען: פאָר
אָפּ, וואו עס איז טיף, און לאָזט אַראָפּ אייערע נעצן צום פאַנג. 5 און שִׁמעוֹן
האָט געענטפערט: האַר, מיר האָבן זיך געמיִט אַ גאַנצע נאַכט, און האָבן
גאָרניט געכאַפּט; אָבער אויף דיין וואָרט וועל איך אַראָפּלאָזן די נעצן. 6 און
אַז זיי האָבן דאָס געטאָן, האָבן זיי געכאַפּט זייער אַ סך פיש; און זייערע
נעצן האָבן זיך גענומען רייסן; 7 און זיי האָבן געוואונקען צו זייערע חֲבֵרים
אין דעם אַנדערן שיפל, אַז זיי זאָלן קומען און זיי העלפן. און זיי זענען
געקומען און האָבן אָנגעפילט די ביידע שיפלעך, אַזוי, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן
צו זינקען. 8 און אַז שִׁמעוֹן פּעטרוס האָט דאָס געזען, איז ער געפאַלן יֵשוּעַן
צו די פיס, און געזאָגט: האַר, גיי אַוועק פון מיר, וואָרים איך בין אַ זינדיקער
מענטש. 9 וואָרים אַ שרעק איז אים באַפאַלן, און אַלע, וואָס זענען געווען

מיט אים ביים פישפאַנג, וואָס זיי האָבן געפאַנגען; [10] און אַזוי זענען אויך
געווען יַעקבֿ און יוחָנָן, זַבדיס זין, וואָס זענען געווען שִמעונס חֲבֵרים. און
יֵשוּעַ האָט געזאָגט צו שִמעוֹנען: האָב ניט קיין מוֹרא; פון איצט אָן וועסטו
פאַנגען מענטשן. [11] און אַז זיי האָבן געבראַכט זייערע שיפלעך צו דער
יַבָּשה, האָבן זיי אַלץ איבערגעלאָזט, און זענען אים נאָכגעגאַנגען.

[12] און בעת ער איז געווען אין איינער פון די שטעט, איז דאָרטן
געווען אַ מענטש לויטער צָרַעת; און אַז ער האָט דערזען יֵשוּעַן, איז ער
געפאַלן אויף זיין פָּנים, און האָט אים געבעטן: האַר, אויב דו ווילסט,
קאָנסטו מיך מאַכן ריין. [13] און ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט, און
האָט אים אָנגערירט, און געזאָגט: איך וויל; זיי ריין. און תֵּיכּף האָט זיך
דאָס צָרַעת אָפּגעטאָן פון אים. [14] און ער האָט אים באַפוילן, ער זאָל עס
קיינעם ניט דערציילן; נייערט גיי און ווייז דיך פאַרן כֹּהן, און זיי מַקריב
פאַר דיין רייניקונג, אַזוי ווי משה האָט געבאָטן, פאַר אַן עֵדות צו זיי[א].
[15] און די ידיעה וועגן אים האָט זיך נאָך מער פאַרשפּרייט, און אַ גרויסער
עוֹלם איז זיך צונויפגעקומען, אים צו הערן, און געהיילט צו ווערן פון זייערע
קראַנקהייטן. [16] ער אָבער האָט זיך צוריקגעצויגן אין די מִדבָּריות, און האָט
מִתפַּלֵל געווען.

[17] און עס איז געווען אין איינעם פון יענע טעג, בעת ער האָט געלערנט,
אַז עס זענען דאָרטן געזעסן פּרושים און לומדי־תּורה, וואָס זענען געקומען
פון אַלע שטעט פון גָליל, און יהודה, און ירושָלַיִם, און די מאַכט פון
גאָט איז געווען מיט אים, צו קענען היילן. [18] און אָט האָבן מענטשן געבראַכט
אויף אַ בעט אַ מאַן, וואָס איז געווען געליימט; און זיי האָבן געזוכט אים
אַרייַנצוברענגען און אים אַוועקצולייגן פאַר אים. [19] און אַזוי ווי זיי האָבן
ניט געקענט געפינען קיין וועג ווי אים אַרייַנצוברענגען, צוליב דעם עוֹלם,
זענען זיי אַרויפגעגאַנגען אויפן דאַך, און האָבן אים אַראָפּגעלאָזט מיט זיין
געלעגער דורך די דאַכציגל אין דער מיט פאַר יֵשוּעַן. [20] און אַז ער האָט
געזען זייער אֱמונה, האָט ער געזאָגט: מענטש, דיינע זינד זענען דיר פאַרגעבן
געוואָרן. [21] און די סופרים און די פּרושים האָבן אָנגעהויבן נאָכצוטראַכטן,
און האָבן געזאָגט: ווער איז דער דאָזיקער, וואָס רעדט לעסטערונגען?
ווער קאָן מוחל זיין זינד, אַחוץ גאָט אַליין? [22] אָבער יֵשוּעַ האָט פאַרשטאַנען

[א] ויקרא יג, 49; יד, 2—32.

זייערע מַחשָבוֹת, און האָט צו זיי געזאָגט: וואָס טראַכט איר אין אייערע הערצער? [23] וואָס איז גרינגער, צו זאָגן: דיינע זינד זענען דיר פֿאַרגעבן געוואָרן, אָדער צו זאָגן: שטיי אויף און גיי? [24] נאָר כּדי איר זאָלט וויסן, אַז דער בֶּן־אָדָם האָט רשות אויף דער ערד מוחל צו זיין זינד (האָט ער געזאָגט צום געליימטן): איך זאָג דיר, שטיי אויף, און נעם דיין געלעגער, און גיי אַהיים. [25] און ער איז תּיכּף פֿאַר זיי אויפֿגעשטאַנען, און האָט גענומען דאָס געלעגער, אויף וועלכן ער איז געלעגן, און איז אַוועק אַהיים, לויבנדיק גאָט. [26] און זיי זענען אַלע נִבהל און נִשתּומם געוואָרן, און האָבן געלויבט גאָט, און זיך זייער געפֿאָרכטן, און געזאָגט: וואונדערלעכע זאַכן האָבן מיר היינט געזען.

[27] און נאָכדעם איז ער אַרויסגעגאַנגען, און האָט געזען אַ מוֹכס, וואָס האָט געהייסן לֵוִי, זיצן אויפֿן צאָל־אַמט, און ער האָט צו אים געזאָגט: גיי מיר נאָך. [28] און ער האָט אַלץ איבערגעלאָזט, און איז אויפֿגעשטאַנען און איז אים נאָכגעגאַנגען.

[29] און לֵוִי האָט אים געמאַכט אַ גרויסע סעוּדה אין זיין הויז; און אַ גרויסער עוֹלם פֿון מוֹכסים און אויך אַנדערע זענען מיט זיי געזעסן ביים טיש. [30] און די פּרושים און זייערע סוֹפרים האָבן געמורמלט קעגן זיינע תּלמידים, און האָבן געזאָגט: פֿאַרוואָס עסט איר און טרינקט מיט מוֹכסים און זינדיקע? [31] און יֵשוּעַ האָט געענטפֿערט, און צו זיי געזאָגט: די, וואָס זענען געזונט, נייטיקן זיך ניט אין קיין רוֹפֿא, נייערט די, וואָס זענען קראַנק. [32] איך בין ניט געקומען רופֿן די צַדיקים, נייערט די זינדיקע צו תּשובה.

[33] און זיי האָבן צו אים געזאָגט: די תּלמידים פֿון יוֹחָנָן פֿאַסטן אָפֿט און טוּען תּפֿילה, און אַזוי טוּען אויך די תּלמידים פֿון די פּרושים, אָבער דיינע עסן און טרינקען. [34] און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: קאָנט איר לאָזן די מחוּתּנים פֿאַסטן, בְּשעַת דער חָתן איז מיט זיי? [35] סע וועלן אָבער קומען טעג, ווען דער חָתן וועט אַוועקגענומען ווערן פֿון זיי, און דעמאָלט וועלן זיי פֿאַסטן אין יענע טעג. [36] און ער האָט זיי אויך דערציילט אַ מָשל: קיינער רייסט ניט אָפּ אַ שטיק פֿון אַ נייעם מַלבוש, און טוט עס אַרויף אויף אַן אַלטן מַלבוש; אויב יאָ, וועט ער צעררייסן דאָס נייע, און אויך דאָס שטיק פֿון דעם נייעם וועט זיך ניט פּאַסן צום אַלטן. [37] און קיינער טוט ניט אַריין קיין נייעם וויין אין אַלטע לאָגלען; אַנדערש וועט דער נייער וויין צעפּלאַצן די

לאָגלען, און וועט זיך צעגיסן, און די לאָגלען וועלן גיין פאַרלוירן. [38] נײַערט
נייעם ווייַן מוז מען אַרײַנגיסן אין נייע לאָגלען. [39] און קיינער, וואָס האָט
געטרונקען אַלטן וויין, וויל נייעם; וואָרים ער זאָגט: דער אַלטער איז גוט.

ו און עס איז געווען אויפן צווייטן שַבָּת פון סְפִירַת־הָעֹמֶר, אַז ער איז
געגאַנגען דורך תבואה־פעלדער; און זיינע תַּלמידים האָבן אָפּגעריסן
זאַנגען, און זיי צעריבן מיט זייערע הענט און געגעסן. [2] און עטלעכע פון
די פּרושים האָבן געזאָגט: פאַרוואָס טוט איר דאָס, וואָס מען טאָר ניט טאָן
אום שַבָּת? [3] און יֵשוּעַ האָט געענטפערט, און צו זיי געזאָגט: האָט איר ניט
געלייענט, וואָס דָוִד האָט געטאָן, בעת ער איז געווען הונגעריק, ער, און
די, וואָס זענען געווען מיט אים; [4] ווי ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין דעם הויז
פון גאָט, און האָט גענומען און געגעסן דאָס לֶחֶם־הַפָּנִים, וואָס קיינער ניט
נאָר די כֹּהֲנים האָבן געמעגט עסן, און האָט אויך געגעבן צו די, וואָס זענען
געווען מיט אים?א [5] און ער האָט צו זיי געזאָגט: דער בֶּן־אָדָם איז האַר
איבער דעם שַבָּת.

[6] און עס איז געווען אין אַן אַנדערן שַבָּת, אַז ער איז אַרײַנגעגאַנגען
אין אַ בֵּית־הַכְּנֶסֶת, און האָט געלערנט; און דאָרטן איז געווען אַ מענטש,
וואָס זיין רעכטע האַנט איז געווען פאַרדאַרט. [7] און די סופרים און די
פּרושים האָבן אים נאָכגעקוקט, צו זען אויב ער וועט אים היילן אום שַבָּת,
כדי אים צו קענען פאַרמַסרן. [8] אָבער ער האָט פאַרשטאַנען זייערע מַחשָבות,
און האָט געזאָגט צו דעם מענטשן, וואָס זיין האַנט איז געווען פאַרדאַרט:
שטיי אויף, און שטעל דיך אין דער מיט. און ער איז אויפגעשטאַנען און
האָט זיך אַוועקגעשטעלט. [9] און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: איך פרעג אייך:
מעג מען שַבּת טאָן גוטס, אָדער שלעכטס? ראַטעווען אַ נֶפש, אָדער
אומברענגען? [10] און ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף זיי אַלע, און האָט צו
אים געזאָגט: שטרעק אויס דיין האַנט. און ער האָט אַזוי געטאָן, און זיין
האַנט איז געזונט געוואָרן. [11] און זיי זענען געוואָרן פול מיט גרימצאָרן, און
האָבן זיך באַראָטן איינער מיטן אַנדערן, וואָס זיי זאָלן טאָן צו יֵשוּעַן.

[12] און עס איז געווען אין די דאָזיקע טעג, אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען
אין די בערג מִתְפַּלֵל צו זיין; און ער האָט פאַרברענגט די גאַנצע נאַכט
אין תְּפִילה טאָן צו גאָט. [13] און בשַעת עס איז געוואָרן טאָג, האָט ער גערופן

א שמואל א׳ כא, 1–7; ויקרא כד, 9.

זיינע תּלמידים, און האָט פון זיי אויסדערוויילט צוועלף, וועמען ער האָט
אָנגערופן שליחים: 14 שמעונען, וועמען ער האָט אַ נאָמען געגעבן פּעטרוס,
און אַנדריי זיין ברודער, און יַעקבֿן און יוחנָן, און פיליפּוס און בר־תּלמַין,
15 און מתּיָאן און תּומָאן, און יַעקבֿ בן־חלפי, און שמעונען, וועמען מען האָט
גערופן קנאי, 16 און יהודה בן־יַעקבֿ, און יהודה איש־קריות, וואָס איז געוואָרן
דער מָסור.

17 און ער האָט מיט זיי אַראָפּגענידערט, און איז געשטאַנען אויף אַ
פלאַכן פּלאַץ, און אַ גרויסער עולם פון זיינע תּלמידים, און אַ סך פּאָלק
פון גאַנץ יהודה און ירושלים, און דעם ים־באָרטן פון צור און צידון, זענען
געקומען אים הערן, און געהיילט צו ווערן פון זייערע חולאַתן. 18 און די,
וואָס זענען געווען געפּלאָגט פון אומריינע גייסטער, זענען געהיילט געוואָרן.
19 און דאָס גאַנצע פּאָלק האָט געזוכט אים אָנצורירן, וואָרים פון אים איז
אַרויסגעגאַנגען אַ כּוח, און האָט זיי אַלעמען געהיילט.

20 און ער האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן אויף זיינע תּלמידים, און האָט
געזאָגט:

וואויל איז אייך אָרעמע, וואָרים דאָס מלכות פון גאָט איז אייערס.
21 וואויל איז אייך, וואָס טוט איצט הונגערן, וואָרים איר וועט ווערן
געזעטיקט.

וואויל איז אייך, וואָס טוט איצט וויינען, וואָרים איר וועט לאַכן.
22 וואויל איז אייך, ווען מענטשן וועלן אייך פיינט האָבן, און אייך
פאַרשטויסן און מבֿייש זיין, און פאַרוואַרפן אייער נאָמען ווי עפּעס שלעכטס
פונוועגן דעם בן־אָדם. 23 פרייט אייך אין יענעם טאָג, און שפּרינגט פאַר
שׂמחה; וואָרים זעט, אייער שׂכר איז גרויס אין הימל, וואָרים פונקט אַזוי
האָבן זייערע עלטערן געטאָן מיט די נבֿיאים.

24 אָבער ווי צו אייך, וואָס זענט רייך, וואָרים איר האָט שוין געקריגן
אייער טרייסט.

25 ווי צו אייך, וואָס זענט איצט זאַט, וואָרים איר וועט הונגערן.
ווי צו אייך, וואָס טוט איצט לאַכן, וואָרים איר וועט טרויערן און
וויינען.

26 ווי צו אייך, ווען אַלע מענטשן וועלן רעדן גוטס פונוועגן אייך,
וואָרים אַזוי האָבן זייערע עלטערן געטאָן מיט די פאַלשע נבֿיאים.

27 אָבער אייך, וואָס טוט זיך צוהערן, זאָג איך: האָט ליב אייערע
שׂונאים, טוט גוטס צו די, וואָס האָבן אייך פיינט, 28 בענטשט די, וואָס שעלטן
אייך, און זייט מְתפַּלֵל פאַר די, וואָס זענען אייך מְבַזֶה. 29 דער, וואָס שלאָגט
דיך אויף דער באַק, גיב אים אויך די אַנדערע; און פון דעם, וואָס נעמט
צו דיין מאַנטל, זאָלסטו אויך דיין ראָק פון אים ניט צוריקהאַלטן. 30 גיב
יעדן, וואָס בעט בײַ דיר; און פון אים, וואָס נעמט צו דאָס דייניקע, פאָדער
עס ניט צוריק. 31 און אַזוי ווי איר ווילט, אַז מענטשן זאָלן טאָן צו אייך,
זאָלט איר אויך טאָן צו זיי.

32 און אויב איר האָט ליב די, וואָס האָבן אייך ליב, וואָסער דאַנק
קומט אייך? וואָרים אַפילו זינדיקע האָבן ליב די, וואָס האָבן זיי ליב. 33 און
אויב איר טוט גוטס מיט די, וואָס טוען אייך גוטס, וואָסער דאַנק קומט
אייך? אַפילו די זינדיקע טוען אויך דאָס זעלבע. 34 און אויב איר לייט די,
פון וועמען איר האָפט צוריק צו באַקומען, וואָסער דאַנק קומט אייך? אַפילו
זינדיקע לייען אויס צו זינדיקע, כּדי צוריק צו באַקומען ווידער אַזויפיל.
35 האָט אָבער ליב אייערע שׂונאים, און טוט גוטס, און לייט, און דערוואַרט
ניט עפּעס צוריק; און אייער שׂכר וועט זיין גרויס, און איר וועט זיין קינדער
פון דעם אייבערשטן; וואָרים ער איז גוט צו די אומדאַנקבאַרע און שלעכטע.
36 זייט באַרעמהאַרציק, אַזוי ווי אייער פאָטער איז באַרעמהאַרציק.

37 מִשפּט ניט, און איר וועט ניט געמִשפּט ווערן; פאַרמִשפּט ניט, און
איר וועט ניט פאַרמִשפּט ווערן; זייט מוחל, און מע וועט אייך מוחל־
זיין; 38 גיט, און סע וועט אייך געגעבן ווערן; אַ גוטע, אײַנגעדריקטע,
צונויפגעטרעסלטע, און איבערגיסנדיקע מאָס וועט מען אייך געבן אין אייער
שויס אַרײַן. וואָרים מיט דער מאָס, וואָס איר טוט מעסטן, וועט אייך
צוריק געמאָסטן ווערן.

39 און ער האָט זיי אויך דערציילט אַ מָשל: קאָן אַ בלינדער פירן
אַ בלינדן? וועלן זיי דען ניט ביידע אַרײַנפאַלן אין אַ גרוב? 40 אַ תַּלמיד
שטייט ניט העכער פון זיין רֶבין, אָבער איטלעכער, וואָס דערגרייכט שלֵימות,
וועט זיין ווי זיין רֶבי. 41 און פאַרוואָס זעסטו דאָס שפּענדל אין דיין ברודערס
אויג, אָבער דעם קלאָץ אין דיין אייגן אויג זעסטו ניט? 42 אָדער ווי קענסטו
זאָגן צו דיין ברודער: ברודער, לאָמיך אַרויסנעמען דאָס שפּענדל פון דיין
אויג, און אַליין זעסטו ניט דעם קלאָץ אין דיין אייגן אויג? דו חנף, נעם

קודם אַרויס דעם קלאָץ פון דיין אייגן אויג, און דערנאָך וועסטו זען קלאָר
אַרויסצונעמען דאָס שפּענדל, וואָס איז אין דיין ברודערס אויג.
43 וואָרים אַ גוטער בוים טראָגט ניט קיין שלעכטע פּירות, און אַ
פאַרדאָרבענער בוים טראָגט ניט קיין גוטע פּירות; 44 איטלעכן בוים דערקענט
מען לויט זיינע אייגענע פּירות; וואָרים פון דערנער קלייבט מען ניט קיין
פייגן, אויך קלייבט מען ניט קיין טרויבן פון אַ דאָרנקוסט. 45 דער גוטער
מענטש ברענגט אַרויס פון דעם גוטן אוצר פון זיין האַרץ גוטס, און דער
שלעכטער מענטש ברענגט אַרויס פון זיין שלעכטן אוצר שלעכטס; וואָרים
פון וואָס דאָס האַרץ איז פול, דערפון רעדט דאָס מויל.
46 און פאַרוואָס רופט איר מיך: האַר, האַר, און טוט ניט וואָס איך
זאָג? 47 איטלעכער, וואָס קומט צו מיר, און הערט מיינע רייד און טוט זיי,
וועל איך אייך וויַיזן צו וועמען ער איז געגליכן: 48 ער איז געגליכן צו אַ
מענטשן, וואָס בויט אַ הויז, און וואָס האָט געלאָזט טיף גראָבן, און לייגן
דעם פונדאַמענט אויף אַ פעלזן; און בשעת עס איז געקומען אַ פאַרפלייצונג,
האָט דער שטראָם געשלאָגן קעגן יענעם הויז, און האָט עס ניט געקאָנט
צעטרעסלען, וואָרים עס איז געווען גוט געבויט. 49 אָבער דער, וואָס הערט
און טוט ניט, איז ווי אַ מענטש, וואָס האָט געבויט אַ הויז אויף דער ערד,
אָן אַ פונדאַמענט; וואָס קעגן אים האָט געשלאָגן דער שטראָם, און עס איז
תיכף איַינגעפאַלן, און דער חורבן פון יענעם הויז איז געווען גרויס.

ז נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט אַלע זיינע רייד אין די אויערן פון
דעם פאָלק, איז ער אַריַינגעגאַנגען קיין כפר־נחום.
2 און איינער אַ הויפּטמאַן האָט געהאַט אַ קנעכט, וואָס איז אים געווען
טייער, און וואָס איז געווען קראַנק און האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן. 3 און
אַז ער האָט געהערט וועגן ישוע, האָט ער צו אים געשיקט זקנים פון די
יידן, און האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל קומען און היילן זיין קנעכט. 4 און
אַז זיי זענען געקומען צו ישוע, האָבן זיי אים זייער געבעטן, און געזאָגט:
ער איז ווערט, אַז דו זאָלסט דאָס טאָן פאַר אים. 5 וואָרים ער האָט
ליב אונדזער פאָלק, און האָט אפילו אַליין אונדז אויפגעבויט אונדזער בית־
הכנסת. 6 און ישוע איז מיט זיי געגאַנגען. און בעת ער איז געווען שוין ניט
ווייט פון דעם הויז, האָט דער הויפּטמאַן געשיקט צו אים פריינט, אים אַזוי
צו זאָגן: האַר, זיי דיך ניט מטריח; וואָרים איך בין ניט ווערט, אַז דו זאָלסט

קומען אונטער מיין דאַך. 7 דעריבער האָב איך מיך אַליין אויך ניט געהאַלטן
פאַר ראָוי צו דיר צו קומען. נייערט זאָג נאָר דאָס וואָרט, און מיין קנעכט
וועט געהיילט ווערן. 8 וואָרים אויך איך בין אַ מענטש, געשטעלט אונטער
באַפעל־מאַכט, און האָב אונטער מיר חַיִל; און איך זאָג צו דעם: גיי! און
ער גייט, און צו אַן אַנדערן: קום! און ער קומט. און צו מיין קנעכט: טו
דאָס! און ער טוט עס. 9 און אַז יֵשוּעַ האָט דאָס געהערט, האָט ער זיך
געוואונדערט איבער אים, און האָט זיך אויסגעדרייט און געזאָגט צום פאָלק,
וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען: איך זאָג אייך, אַפילו אין יִשׂרָאֵל האָב איך ניט
געפונען אַזאַ אֱמונה. 10 און ווען די שלוחים האָבן זיך אומגעקערט אַהיים,
האָבן זיי געפונען דעם קנעכט געזונט.

11 און עס איז געווען גלייך נאָכדעם, אַז ער איז געגאַנגען אין אַ שטאָט
אַריין מיטן נאָמען נָעִין, און זיינע תַּלמידים זענען געגאַנגען מיט אים, און
אַ סך פאָלק. 12 און ווי ער האָט זיך דערנענטערט צום טויער פון דער
שטאָט, ערשט מען האָט אַרויסגעטראָגן אַ טויטן, אַ בֶּן־יָחיד ביי זיין מוטער,
און זי איז געווען אַן אַלמָנה; און אַ סך מענטשן פון דער שטאָט זענען געווען
מיט איר. 13 און אַז דער האַר האָט זי געזען, האָט ער אויף איר רַחמָנוּת
געהאַט, און צו איר געזאָגט: וויין ניט. 14 און ער איז צוגעגאַנגען און האָט
אָנגערירט די מִיטָה; און די נוֹשׂאים זענען געבליבן שטיין. און ער האָט
געזאָגט: יונגערמאַן, איך זאָג דיר, שטיי אויף. 15 און דער טויטער האָט זיך
אויפגעזעצט, און האָט אָנגעהויבן צו רעדן. און ער האָט אים געגעבן צו
זיין מוטער. 16 און אַ פּחד האָט זיי אַלע אָנגענומען; און זיי האָבן געלויבט
גאָט, און געזאָגט: אַ גרויסער נָביא איז אויפגעשטאַנען צווישן אונדז! און,
גאָט האָט געדענקט אָן זיין פאָלק! 17 און די דאָזיקע ידיעה וועגן אים איז
אַרויסגעגאַנגען אין גאַנץ יהודה, און אין דער גאַנצער געגנט.

18 און די תַּלמידים האָבן דערציילט יוֹחָנָן פון די דאָזיקע אַלע זאַכן.
19 און יוֹחָנָן האָט גערופן צו זיך צוויי פון זיינע תַּלמידים, און האָט זיי געשיקט
צו דעם האַר, אַזוי צו זאָגן: ביסטו דער, וואָס דאַרף קומען, אָדער זאָלן
מיר וואַרטן אויף אַן אַנדערן? 20 און אַז די מענטשן זענען געקומען צו אים,
האָבן זיי געזאָגט: יוֹחָנָן הַמַטבּיל האָט אונדז געשיקט צו דיר, אַזוי צו זאָגן:
ביסטו דער, וואָס דאַרף קומען, אָדער זאָלן מיר וואַרטן אויף אַן אַנדערן?
21 אין יענער שָׁעה האָט ער געהיילט אַ סך פון חולאַתן און פון פּלאָגן און

פון בייזע גייסטער, און אַ סך, וואָס זענען געווען בלינד, האָט ער געשאָנקען
די ראִיה. [22] און ער האָט זיי געענטפערט: גייט און דערציילט יוחנן, וואָס
איר האָט געזען און געהערט: די בלינדע קריגן זייער ראִיה, די לאָמע גייען,
די מצורעים ווערן געריייניקט, די טויבע הערן, די טויטע שטייען אויף, און
פאַר די אָרעמע ווערט געדרשנט די בשׂורה־טובֿה. [23] און וואויל איז דעם,
וואָס וועט זיך ניט שטרויכלען אין מיר.

[24] און אַז די שליחים פון יוחנן זענען אַוועקגעגאַנגען, האָט ער אָנגעהויבן
צו רעדן צום פאָלק וועגן יוחנן: וואָס זענט איר אַרויסגעגאַנגען זען אין
דער מדבר? אַ טראָשטשינע שאָקלען זיך מיטן ווינט? [25] וואָס דען זענט איר
אַרויסגעגאַנגען זען? אַ מענטשן אָנגעטאָן אין פיינע מלבושים? זעט, די וואָס
זענען הערלעך געקליידט, און לעבן פיין, זענען אין פּאַלאַצן פון מלכים.
[26] אָבער וואָס דען זענט איר אַרויסגעגאַנגען זען? אַ נביא? יאָ, איך זאָג אייך,
אַ סך מערער ווי אַ נביא. [27] דאָס איז ער, פון וועמען סע שטייט געשריבן:

זע, איך שיק מיין שליח פאַר דיין פּנים,
וואָס וועט אָנגרייטן דיין וועג פאַר דיר[א].

[28] איך זאָג אייך, צווישן די, וואָס זענען געבוירן געוואָרן פון ווייבער, איז
ניטאָ קיין גרעסערער ווי יוחנן, דאָך איז דער קלענסטער אין דעם מלכות
פון גאָט גרעסער פון אים. [29] (און דאָס גאַנצע פאָלק, בעת זיי האָבן דאָס
געהערט, און די מוכסים, האָבן גערעכטפאַרטיקט גאָט, וואָרים זיי האָבן
זיך געלאָזט טובלען מיט דער טבֿילה פון יוחנן; [30] אָבער די פּרושים און די
חכמים האָבן אָפּגעוואָרפן די עצה פון גאָט, וואָרים זיי האָבן זיך פון אים
ניט געלאָזט טובלען.)

[31] צו וועמען אָבער זאָל איך גלייכן די מענטשן פון דעם דאָזיקן דור?
צו וועמען זענען זיי ענלעך? [32] זיי זענען גלייך ווי קינדער, וואָס זיצן אויף
דעם מאַרקפּלאַץ, און רופן איינער צום אַנדערן:

מיר האָבן געשפּילט פאַר אייך, און איר האָט ניט געטאַנצט;
מיר האָבן געקלאָגט, און איר האָט ניט געוויינט.

[33] וואָרים יוחנן המטבֿיל איז געקומען, און האָט ניט געגעסן קיין ברויט, און
ניט געטרונקען קיין וויין, און איר זאָגט: ער האָט אַ בייזן גייסט. [34] דער
בן־אָדם איז געקומען, ער עסט און טרינקט, און איר זאָגט: זעט, אַ מענטש

א מלאכי ג, 1.

אַ זולל וסובא, אַ פֿריינט פֿון מוכסים און חוטאים! [35] און די חכמה איז
גערעכטפֿאַרטיקט פֿון אַלע אירע קינדער.
[36] און איינער פֿון די פּרושים האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל עסן מיט
אים, און ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין דעם פּרושס הויז, און האָט זיך געזעצט
צום טיש. [37] און זע, דאָרט איז געווען אַ זינדיקע אשה אין דער שטאָט, און
אַז זי איז געוואָר געוואָרן, אַז ער זיצט ביים טיש אין דעם פּרושס הויז,
האָט זי געבראַכט אַן אַלאַבאַסטער קריגל מיט זאַלבאייל, [38] און האָט זיך
געשטעלט הינטן ביי זיינע פֿיס אַ וויינענדיקע, און האָט אָנגעהויבן באַנעצן
זיינע פֿיס מיט אירע טרערן, און האָט זיי אָפּגעווישט מיט די האָר פֿון איר
קאָפּ, און געקושט זיינע פֿיס, און זיי געזאַלבט מיט דעם זאַלבאייל. [39] און
בעת דער פּרושי, וואָס האָט אים פֿאַרבעטן, האָט דאָס געזען, האָט ער צו
זיך געזאָגט: וואָלט ער געווען אַ נביא, וואָלט ער דערקענט ווער און וואָס
פֿאַר אַ מין אשה דאָס איז, וואָס רירט אים אָן, אַז זי איז אַ זינדיקע. [40] און
ישוע האָט געענטפֿערט, און צו אים געזאָגט: שמעון, איך האָב דיר עפּעס
צו זאָגן. און ער האָט געענטפֿערט: וואָס, רבי. [41] איינער אַ מלווה האָט
געהאַט צוויי בעלי־חובות; איינער איז אים שולדיק געווען פֿינף הונדערט
דינרים, און דער אַנדערער פֿופֿציק. [42] און אַזוי ווי זיי האָבן ניט געהאַט
מיט וואָס צו באַצאָלן, האָט ער זיי ביידן מוחל געווען. ווער פֿון זיי וועט
אים דעריבער מער ליב האָבן? [43] האָט שמעון געענטפֿערט: דער, רעכן
איך, וועמען ער האָט מוחל געווען צום מייסטן. און ער האָט צו אים געזאָגט:
דו האָסט ריכטיק געמשפּט. [44] און ער האָט זיך אויסגעדרייט צו דער אשה,
און געזאָגט צו שמעונען: דו זעסט די דאָזיקע אשה? איך בין אַרײַנגעקומען
אין דיין הויז, און קיין וואַסער פֿאַר מיינע פֿיס האָסטו מיר ניט געגעבן, זי
אָבער האָט באַנעצט מיינע פֿיס מיט אירע טרערן, און האָט זיי אָפּגעווישט
מיט אירע האָר. [45] דו האָסט מיר ניט געגעבן קיין קוש; זי אָבער, זינט איך
בין אַרײַנגעקומען, האָט ניט אויפֿגעהערט צו קושן מיינע פֿיס. [46] דו האָסט
ניט געזאַלבט מיין קאָפּ מיט אייל; אָבער זי האָט געזאַלבט מיינע פֿיס מיט
זאַלבאייל. [47] דעריבער זאָג איך דיר: אירע זינד, וואָס זענען אַ סך, זענען
פֿאַרגעבן געוואָרן, וואָרים זי האָט אַ סך ליב געהאַט; אָבער וועמען ווייניק
ווערט פֿאַרגעבן, דער דאָזיקער האָט ליב ווייניק. [48] און ער האָט צו איר
געזאָגט: דיינע זינד זענען דיר פֿאַרגעבן געוואָרן. [49] און די, וואָס זענען

געזעסן מיט אים ביים טיש, האָבן גענומען זאָגן צווישן זיך: ווער איז ער,
וואָס ער פאַרגיט אַפילו זינד? [50] און ער האָט געזאָגט צו דער אִשה: דיין
אֶמונה האָט דיך מַציל געווען; גיי בשָלום.

ח און עס איז געווען תֵּיכף נאָכדעם, אַז ער איז געגאַנגען דורך שטעט און
דערפער, און האָט געדַרשנט און אָנגעזאָגט די גוטע בשׂורה פון דעם
מַלכות פון גאָט. און די צוועלף זענען מיט אים געווען, [2] און אויך עטלעכע
פרויען, וואָס זענען געהיילט געוואָרן פון בייזע גייסטער און קראַנקהייטן:
מִרים, וועמען מען האָט גערופן מַגדָלית, פון וועמען זיבן בייזע גייסטער זענען
אַרויס, [3] און יוֹחָנה, דאָס ווייב פון כּוּזאַן, אַ פאַרוואַלטער ביי הורדוסן, און
שוֹשַנָה, און אַ סך אַנדערע, וואָס האָבן זיי געדינט מיט זייער האָב און
גוטס.

[4] און בעת אַ סך פאָלק איז זיך צוזאַמענגעקומען, און זיי זענען געקומען
צו אים פון יעדער שטאָט, האָט ער גערעדט מיט אַ מָשל: [5] דער זייַער איז
אַרויסגעגאַנגען צו פאַרזייַען זיין זריעה; און בעת ער האָט געזייַט, איז טייל
געפאַלן ביים וועג, און איז צעטרעטן געוואָרן, און די פייגל פון הימל האָבן
זי פאַרצערט. [6] און אַנדערע איז געפאַלן אויף דעם פעלזן; און תֵּיכף ווי
זי איז אויפגעגאַנגען, איז זי פאַרוועלקט געוואָרן, מַחמת זי האָט ניט געהאַט
קיין פייַכטקייט. [7] און אַנדערע איז געפאַלן צווישן דערנער, און די דערנער
זענען געוואַקסן מיט איר, און האָבן זי דערשטיקט. [8] און אַנדערע איז געפאַלן
אויף גוטער ערד, און איז געוואַקסן, און האָט אַרויסגעבראַכט פרוכט
הונדערטפאַך. בעת ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער אויסגערופן: דער, וואָס
האָט אויערן צו הערן, זאָל הערן.

[9] און אַז זיינע תַּלמידים האָבן אים געפרעגט, וואָס דאָס דאָזיקע מָשל קאָן
מיינען, [10] האָט ער געזאָגט: אייך איז געגעבן געוואָרן צו פאַרשטיין די סודות
פון דעם מַלכות פון גאָט, אָבער פאַר די איבעריקע—אין משָלים, כּדי זיי
זאָלן זען און דאָך ניט זען, און הערן און דאָך ניט פאַרשטיין. [11] און דאָס
מיינט דאָס מָשל: די זריעה איז דאָס וואָרט פון גאָט. [12] און יענע ביים וועג
זענען די, וואָס האָבן עס געהערט, דערנאָך קומט דער שָׂטן, און נעמט אַוועק
דאָס וואָרט פון זייער האַרץ, כּדי זיי זאָלן ניט גלויבן און געראַטעוועט
ווערן. [13] און יענע אויף דעם פעלזן, זענען די, וואָס בשַעת זיי הערן, נעמען
זיי אָן דאָס וואָרט מיט שִׂמחה; זיי האָבן אָבער ניט קיין וואָרצל, און גלויבן

אַ ווײַלע, און פֿאַלן אָפּ אין צײַט פֿון נסָיון. [14] און דאָס, וואָס איז געפֿאַלן צווישן דערנער, דאָס זענען די, וואָס האָבן געהערט, און בשעת זיי גייען אַוועק, ווערן זיי דערשטיקט פֿון די דאגות און עשירות און תּענוגים פֿון לעבן, און זייער פּרוכט ווערט ניט צײַטיק. [15] און דאָס אויף דער גוטער ערד, דאָס זענען די, וואָס האַלטן פֿעסט דאָס וואָרט, וואָס זיי האָבן געהערט, אין אַן ערלעך און גוט האַרץ, און ברענגען אַרויס פּרוכט מיט געדולדיקייט.

[16] און קיינער, וואָס האָט אָנגעצונדן אַ ליכט, פֿאַרדעקט עס מיט אַ כּלי, אָדער שטעלט עס אונטער אַ בעט; נייערט ער שטעלט עס אין אַ לײַכטער, כּדי די, וואָס קומען אַרײַן, זאָלן קענען זען דאָס ליכט. [17] וואָרים עס איז גאָרניט פֿאַרהוילן, וואָס וועט ניט ווערן אַנטפּלעקט, און סע איז גאָרניט פֿאַרבאָרגן, וואָס וועט ניט ווערן באַקאַנט און דערזען דאָס ליכט. [18] דעריבער גיט אַכטונג וויאַזוי איר הערט; וואָרים ווער סע האָט, דעם וועט געגעבן ווערן, און ווער סע האָט ניט, פֿון אים וועט אַוועקגענומען ווערן אַפֿילו דאָס, וואָס ער מיינט ער האָט.

[19] און עס זענען צו אים געקומען זײַן מוטער און זײַנע ברידער, און זיי האָבן ניט געקאָנט צוקומען צו אים צוליב דעם עולם. [20] און מען האָט אים געזאָגט: דײַן מוטער און דײַנע ברידער שטייען אין דרויסן און ווילן דיך זען. [21] אָבער ער האָט געענטפֿערט, און צו זיי געזאָגט: מײַן מוטער און מײַנע ברידער זענען די דאָזיקע, וואָס הערן דאָס וואָרט פֿון גאָט, און טוען עס.

[22] און עס איז געווען אין איינעם פֿון יענע טעג, אַז ער און זײַנע תּלמידים זענען אַרײַנגעגאַנגען אין אַ שיף, און ער האָט צו זיי געזאָגט: לאָמיר אַריבער־פֿאָרן אויף דער אַנדערער זײַט ים, און זיי זענען אַרויסגעפֿאָרן. [23] און בעת זיי זענען געפֿאָרן, איז ער אײַנגעשלאָפֿן. און אַ שטורעמווינט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן ים; און זיי זענען פֿאַרפֿלייצט געוואָרן, און זענען געווען אין סכּנה. [24] און זיי זענען צוגעגאַנגען, און האָבן אים אויפֿגעוועקט, און געזאָגט: האַר, האַר, מיר גייען אונטער! און ער איז אויפֿגעשטאַנען, און האָט אָנגעשריגן אויף דעם ווינט און די שטורעמדיקע כוואַליעס; און זיי האָבן זיך געלייגט, און עס איז געוואָרן אַ שטילקייט. [25] און ער האָט צו זיי געזאָגט: וואו איז אײַער אמונה? און זיי האָבן מורא געהאַט און זיך געחידושט, און האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן: ווער אייגנטלעך איז ער, וואָס ער באַפֿעלט אַפֿילו ווינט און וואַסער, און זיי געהאָרכן אים?

[26]און זיי זענען אָנגעקומען אין דעם לאַנד פֿון די גַדרִיִים, וואָס איז קעגנאיבער גָליל. [27]און בעת ער איז אַרויסגעקומען אויף דער יַבָּשה, איז אים אַנטקעגן געקומען אַ מענטש פֿון דער שטאָט, וואָס האָט געהאַט בייזע גייסטער; פֿאַר אַ לאַנגע צייט האָט ער ניט געטראָגן קיין קליידער, און האָט זיך ניט אויפֿגעהאַלטן אין קיין הויז, נייערט צווישן די קבָרים. [28]און אַז ער האָט דערזען יֵשוּעַן, האָט ער אויסגעשריגן, און איז פֿאַר אים אַנידערגעפֿאַלן, און האָט מיט אַ הויך קול געזאָגט: וואָס האָסטו צו מיר, יֵשוּעַ, דו זון פֿון דעם אייבערשטן? איך בעט דיך, פּייניק מיך ניט. [29]וואָרים ער האָט באַפֿוילן דעם אומריינעם גייסט אַרויסצוקומען פֿון דעם מענטשן. (וואָרים אַ סך מאָל האָט ער אים אָנגעכאַפּט; און מען האָט אים געהאַלטן אונטער שמִירה, און אים געבונדן מיט קייטן און מיט שטריק, אָבער ער האָט פֿונאַנדערגעריסן די שטריק, און איז געטריבן געוואָרן פֿון דעם בייזן גייסט אין די מִדבָּרִיוֹת אַריין.) [30]און יֵשוּעַ האָט אים געפֿרעגט: וואָס איז דיין נאָמען? האָט ער געזאָגט: מַחנה; וואָרים אַ סך בייזע גייסטער זענען אַריין אין אים. [31]און זיי האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל זיי ניט באַפֿעלן צו נידערן אין דעם תּהוֹם אַריין. [32]און דאָרטן אויפֿן באַרג האָט זיך געפּאַשעט אַ גרויסע סטאַדע חַזֵירים; און זיי האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל זיי געבן דערלויבעניש אין זיי אַריינצוגיין. און ער האָט זיי געגעבן דערלויבעניש. [33]און די בייזע גייסטער זענען אַרויסגעקומען פֿון דעם מענטשן, און זענען אַריין אין די חַזֵירים; און די סטאַדע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פֿון דעם שיפּוע אין יַם אַריין, און זענען דערטרונקען געוואָרן.

[34]און אַז די פּאַסטעכער האָבן געזען, וואָס עס איז געשען, זענען זיי אַנטלאָפֿן, און האָבן עס דערציילט אין דער שטאָט און אין די דערפֿער. [35]און זיי זענען אַרויסגעגאַנגען זען וואָס עס איז געשען; און זיי זענען געקומען צו יֵשוּעַן, און האָבן געפֿונען דעם מענטשן, פֿון וועמען די בייזע גייסטער זענען אַרויס, זיצן ביי די פֿיס פֿון יֵשוּעַן, אָנגעטאָן און ביים קלאָרן שֵׂכל, און זיי האָבן מורא באַקומען. [36]און די, וואָס האָבן עס געזען, האָבן דערציילט וויאַזוי דער באַזעסענער איז געהיילט געוואָרן. [37]און דאָס גאַנצע פֿאָלק רונדאַרום פֿון דעם לאַנד פֿון די גַדרִיִים האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל פֿון זיי אַוועקציִען; וואָרים עס איז זיי באַפֿאַלן אַ גרויסע מורא. און ער איז אַריינגעגאַנגען אין אַ שיף, און האָט זיך אומגעקערט. [38]און דער מענטש,

פון וועמען די בייזע גייסטער זענען אַרויס, האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל מעגן פאַרבלײַבן מיט אים; אָבער ער האָט אים אַוועקגעשיקט, און געזאָגט: [39] קער דיך אום אַהיים, און דערצייל וואָס גאָט האָט מיט דיר געטאָן. און ער איז געגאַנגען, און האָט דערציילט אין דער גאַנצער שטאָט, וואָס יֵשוּעַ האָט מיט אים געטאָן.

[40] און אַז יֵשוּעַ האָט זיך אומגעקערט, האָט דאָס פאָלק אים מְקַבֵּל־פָּנים געווען; וואָרים זיי האָבן אַלע געוואַרט אויף אים. [41] און אָט איז געקומען אַ מענטש מיטן נאָמען יָאִיר, וואָס איז געווען אַ גַבאי פון דעם בֵית־הַכְּנֶסֶת; און ער איז אַנידערגעפאַלן צו יֵשוּעַס פיס, און האָט אים געבעטן, צו קומען אין זיין הויז אַריין; [42] וואָרים ער האָט געהאַט אַ בַּת־יְחִידה, אין עלטער פון אַרום צוועלף יאָר, און זי האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן. און בעת ער איז אַהינגעגאַנגען, האָט זיך דאָס פאָלק געדרענגט אַרום אים.

[43] און אַ פרוי, וואָס האָט צוועלף יאָר געהאַט אַ בלוטפלוס, און וואָס האָט אויסגעגעבן איר גאַנץ פאַרמעגן אויף רוֹפאים, און קיינער האָט זי ניט געקענט היילן, [44] האָט גענעענט הינטער אים, און האָט אָנגערירט די כַּנפוֹת פון זיין מַלבוש, און תֵּיכּף האָט איר בלוטפלוס זיך אָפּגעשטעלט. [45] און יֵשוּעַ האָט געזאָגט: ווער האָט מיך אָנגערירט? און אַז אַלע האָבן געלייקנט, האָט פּעטרוס געזאָגט: האַר, דאָס פאָלק דריקט און דרענגט דיך! [46] אָבער יֵשוּעַ האָט געזאָגט: עמיצער האָט מיך אָנגערירט; וואָרים איך האָב דערפילט, אַז אַ גבורה איז פון מיר אַרויסגעגאַנגען. [47] און בעת די פרוי האָט געזען, אַז זי איז ניט געבליבן פאַרבאָרגן, איז זי געקומען אַ ציטערדיקע און איז פאַר אים אַנידערגעפאַלן, און האָט דערציילט פאַר דעם גאַנצן פאָלק, פאַרוואָס זי האָט אים אָנגערירט, און ווי זי איז תֵּיכּף געהיילט געוואָרן. [48] און ער האָט צו איר געזאָגט: טאָכטער, דיין אֱמונה האָט דיר געהאָלפן; גיי בשָלום.

[49] בשַעת ער האָט נאָך גערעדט, איז געקומען איינער פון דעם גַבאִיס הויז, און האָט געזאָגט: דיין טאָכטער איז געשטאָרבן; זיי ניט מַטרִיחַ דעם רֶבין. [50] און אַז יֵשוּעַ האָט דאָס געהערט, האָט ער צו אים געזאָגט: האָב ניט קיין מוֹרא; האָב נאָר אֱמונה, און זי וועט געראַטעוועט ווערן. [51] און אַז ער איז צוגעקומען צום הויז, האָט ער קיינעם ניט געלאָזט אַרײַנגיין מיט אים, אַחוץ פּעטרוסן, און יוֹחָנָן, און יַעקבֿן, און דעם פאָטער און די מוטער

פון דעם מיידל. 52 און אַלע האָבן זי געטאָן באַוויינען און באַקלאָגן; אָבער
ער האָט געזאָגט: וויינט ניט; וואָרים זי איז ניט געשטאָרבן, נייערט זי טוט
שלאָפן. 53 און זיי האָבן אים גוט אויסגעלאַכט, ווייל זיי האָבן געוואוסט,
אַז זי איז טויט. 54 אָבער ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט, און געזאָגט:
קינד, שטיי אויף. 55 און איר גייסט האָט זיך צוריקגעקערט, און זי איז תּיכּף
אויפגעשטאַנען; און ער האָט געהייסן, מע זאָל איר געבן עפּעס צו עסן.
56 און אירע עלטערן זענען נשתּומם געוואָרן; אָבער ער האָט זיי באַפוילן,
אַז זיי זאָלן קיינעם ניט דערציילן, וואָס עס איז געשען.

ט און ער האָט צוזאַמענגערופן די צוועלף, און האָט זיי געגעבן מאַכט
און שליטה איבער אַלע בייזע גייסטער, און צו היילן קראַנקהייטן.
2 און ער האָט זיי אַרויסגעשיקט אָנצוזאָגן דאָס מלכות פון גאָט, און צו
היילן. 3 און ער האָט צו זיי געזאָגט: נעמט גאָרניט מיט אויפן וועג, ניט קיין
שטעקן, ניט קיין רייַזעטאַש, ניט קיין ברויט, ניט קיין געלט; און האָט אויך
ניט קיין צוויי רעק. 4 און אין וואָסער הויז איר וועט אַרייַנקומען, דאָרטן
פאַרבלייַבט, און פון דאָרטן גייט ווייטער. 5 און וואו מען וועט אייך ניט
אויפנעמען, זאָלט איר פאַרלאָזן יענע שטאָט, און אָפּטרעסלען דעם שטויב
פון אייערע פיס פאַר אַן עדות קעגן זיי. 6 און זיי האָבן אָפּגעקערט, און
זענען געגאַנגען איבער די דערפער, און האָבן מבשׂר געווען די בשׂורה
און אומעטום געהיילט.

7 און הורדוס, דער טעטראַרך, האָט געהערט פון אַלץ, וואָס עס איז
געטאָן געוואָרן, און ער איז שטאַרק באַזאָרגט געווען, וואָרים טייל האָבן
געזאָגט, אַז יוחנן איז אויפגעשטאַנען תּחית־המתים, 8 און אַנדערע, אַז אליהו
האָט זיך באַוויזן; און ווידער אַנדערע, אַז איינער פון די אַלטע נביאים איז
אויפגעשטאַנען. 9 און הורדוס האָט געזאָגט: יוחנן האָב איך געלאָזט אָפּהאַקן
דעם קאָפּ; אָבער ווער איז דער דאָזיקער, פון וועמען איך הער אַזוינע
זאַכן? און ער האָט אים באַגערט צו זען.

10 און די שליחים האָבן זיך אומגעקערט, און האָבן אים דערציילט,
וואָס זיי האָבן געטאָן. און ער האָט זיי גענומען, און האָט אָפּגעקערט אַליין
צו אַ שטאָט, וואָס האָט געהייסן בית־צידה. 11 און אַז דאָס פאָלק האָט דאָס
באַמערקט, זענען זיי אים נאָכגעגאַנגען; און ער האָט זיי אויפגענומען, און
האָט צו זיי גערעדט פון דעם מלכות פון גאָט, און די, וואָס האָבן זיך

גענייטיקט אין אַ רפואה, האָט ער געהיילט. [12] און דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן
צו נייגן; און די צוועלף האָבן גענעענט, און צו אים געזאָגט: לאָז אָפּ דאָס
פאָלק, כּדי זיי זאָלן קענען גיין אין די אַרומיקע דערפער און פעלדער
איבערצונעכטיקן און צו קריגן שפּייז; וואָרים מיר זענען דאָ אין אַ וויסטן
אָרט. [13] אָבער ער האָט צו זיי געזאָגט: גיט איר זיי צו עסן. האָבן זיי געזאָגט:
מיר האָבן ניט מער ווי פינף לאַבנס און צוויי פיש — סיידן מיר זאָלן גיין און
קויפן שפּייז פאַר דעם דאָזיקן גאַנצן פאָלק. [14] (וואָרים זיי זענען געווען אַרום
פינף טויזנט מאַן.) און ער האָט געזאָגט צו זיינע תּלמידים: זעצט זיי אויס אין
כּיתּות, אַרום פופציק אין יעדער. [15] און זיי האָבן אַזוי געטאָן, און האָבן
אַלעמען אויסגעזעצט. [16] און ער האָט גענומען די פינף לאַבנס און די צוויי
פיש, און האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל, און האָט אַ בּרָכה געמאַכט
און פון זיי אָפּגעבראָכן, און זיי געגעבן די תּלמידים, צו גרייטן פאַר דעם
פאָלק. [17] און זיי האָבן אַלע געגעסן צו דער זאַט; און זיי האָבן צונויפגענומען
פון די איבערגעבליבענע בּרעקלעך, צוועלף קערב.

[18] און עס איז געווען, בעת ער האָט אַליין מתפּלל געווען, זענען די
תּלמידים געווען מיט אים; און ער האָט זיי געפרעגט: ווער, זאָגט דאָס
פאָלק, בין איך? [19] און זיי האָבן געענטפערט, און געזאָגט: יוחנן המטביל;
אָבער אַנדערע זאָגן: אֵליָהו; און אַנדערע, אַז איינער פון די אַלטע נביאים
איז אויפגעשטאַנען. [20] האָט ער צו זיי געזאָגט: איר אָבער, ווער זאָגט איר,
בין איך? און פּעטרוס האָט געענטפערט: דער משיח פון גאָט. [21] און ער
האָט זיי באַפוילן און געבאָטן, אַז זיי זאָלן עס קיינעם ניט דערציילן, [22] און
געזאָגט: דער בּן־אָדם מוז ליידן אַ סך, און פאַרוואָרפן ווערן פון די זקנים
און ראָשי־כּהנים און סופרים, און געטייט ווערן, און אויף דעם דריטן טאָג
ווידער אויפשטיין.

[23] און ער האָט געזאָגט צו אַלעמען: וויל מיר ווער נאָכגיין, זאָל ער
זיך אַליין פאַרלייקענען, און נעמען אויף זיך פון טאָג צו טאָג זיין צלָב, און
מיר נאָכגיין. [24] וואָרים ווער סע וויל מציל זיין זיין לעבן, וועט עס פאַרלירן;
און ווער סע וועט פאַרלירן זיין לעבן פון מיינעטוועגן, וועט עס מציל זיין.
[25] וואָרים וואָס נוצט עס דעם מענטשן, ווען ער זאָל געווינען די גאַנצע
וועלט, און פאַרלירן אָדער פאַרדאַרבן זיך אַליין? [26] וואָרים ווער סע וועט
זיך שעמען מיט מיר און מיט מיינע רייד, וועט דער בּן־אָדם זיך שעמען

מיט אים, בעת ער וועט קומען אין זיין כָּבוד, און אין דעם כָּבוד פון זיין
פָאטער און די הייליקע מַלאָכים. 27 פאַרוואָר, איך זאָג אייך, פאַראַן עטלעכע
פון די, וואָס שטייען דאָ, וואָס וועלן ניט פאַרזוכן דעם טַעם פון טויט, ביז
זיי וועלן זען דאָס מַלכות פון גאָט.

28 און עס איז געווען אַרום אַכט טעג נאָך די דאָזיקע רייד, אַז ער האָט
גענומען מיט זיך פעטרוסן, און יוחָנָן, און יַעקֹבן, און איז אַרויפגעגאַנגען
אויף דעם באַרג מִתפַּלֵל צו זיין. 29 און בעת ער האָט מִתפַּלֵל געווען, האָט
זיך דאָס אויסזען פון זיין פָּנים פאַרענדערט, און זיינע מַלבושים זענען געוואָרן
שטראַלנדיק ווייס. 30 און אָט האָבן צוויי מענטשן גערעדט מיט אים, משה
און אֵליָהו, 31 וואָס האָבן זיך אַנטפּלעקט אין הערלעכקייט, און האָבן
גערעדט פון זיין פּטירה, וואָס ער האָט געדאַרפט מְמַלא זיין אין ירושָלַיִם.
32 און פעטרוס און די, וואָס זענען געווען מיט אים, זענען באַפאַלן געוואָרן
פון אַ שווערן שלאָף; און בעת זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט, האָבן זיי געזען
זיין הערלעכקייט און די צוויי מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען לעבן אים.
33 און עס איז געווען, בעת זיי האָבן זיך גענומען פון אים שיידן, האָט פעטרוס
געזאָגט צו יֵשוּעַן: האַר, עס איז גוט פאַר אונדז דאָ צו זיין; לאָמיר מאַכן
דריי ביידלעך, איינס פאַר דיר, איינס פאַר משהן, און איינס פאַר אֵליָהון;
אָבער ער האָט ניט געוואוסט, וואָס ער רעדט. 34 און בשַעת ער האָט דאָס
געזאָגט, איז געקומען אַ וואָלקן און האָט זיי פאַרשאָטנט; און זיי האָבן זיך
געפאָרכטן, בעת זיי זענען אַריינגעקומען אין דעם וואָלקן. 35 און אַ קול איז
אַרויס פון דעם וואָלקן, אַזוי צו זאָגן: דאָס איז מיין זון, מיין אויסדערוויילטער,
אים זאָלט איר הערן. 36 און בעת דאָס קול האָט זיך געהערט, האָט זיך
יֵשוּעַ געפונען אַליין. און זיי האָבן געשוויגן, און האָבן קיינעם ניט אין יענע
טעג דערציילט דאָס, וואָס זיי האָבן געזען.

37 און עס איז געווען אויפן אַנדערן טאָג, בעת זיי האָבן אַראָפּגענידערט
פון דעם באַרג, האָט אים באַגעגנט אַ גרויסער עולם. 38 און אָט האָט
איינער פון פאָלק געשריגן, און געזאָגט: רֶבי, איך בעט דיך אַ קוק צו טאָן
אויף מיין זון, וואָרים ער איז מיין איינציק קינד; 39 און זע, אַ רוּחַ כאַפּט
אים אָן, און ער שרייט פּלוצים אויס; און ער רייסט אים, ביז ער שוימט,
און ער ווייַכט פון אים שווער, און טוט אים שטאַרק צעניזוקן. 40 און איך
האָב געבעטן דיינע תַּלמידים, אַז זיי זאָלן אים אַרויסטרייַבן, און זיי האָבן

ניט געקענט. 41 און יֵשוּעַ האָט געענטפערט, און געזאָגט: אָ, אומגלויביקער
און פאַרקרומטער דור־, ווי לאַנג נאָך זאָל איך זיין מיט אייך, און אייך
פאַרטראָגן? ברענג אַהער דיין זון. 42 און ווי נאָר ער האָט געטאָן גענעענען,
האָט אים דער בייזער גייסט אַנידערגעוואָרפן, און אים מוֹרֶאדיק געריסן.
אָבער יֵשוּעַ האָט אָנגעשריגן אויף דעם אומריינעם גייסט, און געהיילט דאָס
יִינגל, און אים צוריקגעגעבן זיין פאָטער. 43 און זיי זענען אַלע נִשתּוֹמם
געוואָרן פון דער גרויסקייט פון גאָט.

און בשַעת אַלע האָבן זיך געוואונדערט אויף אַלץ, וואָס ער האָט
געטאָן, האָט ער געזאָגט צו זיינע תַּלמידים: 44 טוט די דאָזיקע רייד אַריין
אין אייערע אויערן; וואָרים דער בֶּן־אָדָם וועט איבערגעענטפערט ווערן
אין די הענט פון מענטשן. 45 אָבער זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען דאָס דאָזיקע
וואָרט, און עס איז געווען פאַרהוילן פון זיי, כּדי זיי זאָלן עס ניט באַנעמען;
און זיי האָבן מוֹרא געהאַט אים צו פרעגן וועגן דעם דאָזיקן וואָרט.

46 און עס איז אויפגעגאַנגען אַ מַחשָבה צווישן זיי, ווער פון זיי עס איז
דער גרעסטער. 47 און בעת יֵשוּעַ האָט דערקענט די מַחשָבה פון זייער
האַרץ, האָט ער גענומען אַ קינד, און עס אַוועקגעשטעלט לעבן זיך, 48 און
האָט צו זיי געזאָגט: ווער סע וועט אויפנעמען דאָס דאָזיקע קינד אין מיין
נאָמען, נעמט מיך אויף; און ווער סע וועט מיך אויפנעמען, נעמט אויף דעם,
וואָס האָט מיך געשיקט; וואָרים דער, וואָס איז דער קלענסטער צווישן אייך
אַלע, דער דאָזיקער איז גרויס.

49 און יוֹחָנָן האָט געענטפערט: האַר, מיר האָבן געזען איינעם אַרויס־
טרײַבן בייזע גייסטער אין דיין נאָמען, און מיר האָבן אים פאַרווערט, מַחמת
ער גייט אונדז ניט נאָך. 50 אָבער יֵשוּעַ האָט צו אים געזאָגט: פאַרווערט אים
ניט; וואָרים דער, וואָס איז ניט קעגן אייך, איז פאַר אייך.

51 און עס איז געווען, בעת די טעג האָבן זיך שוין דערנענטערט, אַז
ער זאָל אַרויפגענומען ווערן, האָט ער אַנטשלאָסן געווענדט זיין פָּנים צו גיין
קיין ירושָלַיִם, 52 און ער האָט געשיקט שלִיחים פאָרויס פאַר אים, וואָס זענען
געגאַנגען און זענען אַרײַנגעקומען אין אַ דאָרף פון די שומרונים, כּדי פאַר
אים אָנצוגרייטן. 53 און זיי האָבן אים ניט אויפגענומען, מַחמת זיין פָּנים איז
געווען געווענדט צו גיין קיין ירושָלַיִם. 54 און בעת זיינע תַּלמידים יַעקב
און יוֹחָנָן האָבן דאָס געזען, האָבן זיי געזאָגט: האַר, ווילסטו, מיר זאָלן

באַפעלן אַ פייער זאָל אַראָפּנידערן פון הימל, און זיי פאַרצערן? [55] אָבער
ער האָט זיך אויסגעדרייט, און האָט זיי פירגעהאַלטן. [56] און זיי זענען געגאַנגען
אין אַן אַנדער דאָרף אַריין.

[57] און בעת זיי זענען געגאַנגען אויפן וועג, האָט איינער צו אים געזאָגט:
איך וועל דיר נאָכגיין וואוהין נאָר דו וועסט גיין. [58] האָט יֵשוּעַ צו אים
געזאָגט: די פוקסן האָבן הײלן, און די פייגל פון הימל האָבן נעסטן, אָבער
דער בֶּן־אָדָם האָט ניט וואו זיין קאָפּ אַנידערצולייגן. [59] און צו אַן אַנדערן
האָט ער געזאָגט: גיי מיר נאָך. אָבער יענער האָט געזאָגט: האַר, דערלויב מיר
קודם צו גיין און מקַבר זיין מיין פאָטער. [60] אָבער ער האָט צו אים געזאָגט:
לאָז די מֵתים מקַבר זיין זייערע אייגענע מֵתים; און דו גיי און זאָג אומעטום
אָן דאָס מַלכות פון גאָט. [61] און אַן אַנדערער האָט געזאָגט: איך וועל דיר
נאָכגיין, האַר; נאָר דערלויב מיר קודם זיך צו געזעגענען מיט מיינע בנֵי־בַּיִת.
[62] אָבער יֵשוּעַ האָט צו אים געזאָגט: דער, וואָס לייגט צו אַ האַנט צום
אַקער, און קוקט אויף צוריק, טויג ניט פאַר דעם מַלכות פון גאָט.

און נאָכדעם האָט דער האַר באַשטימט זיבעציק אַנדערע, און האָט
זיי געשיקט זאַלבעצווײט פאָרויס פאַר אים אין יעדער שטאָט און אָרט,
וואוהין ער האָט בדֵעה געהאַט צו קומען. [2] און ער האָט צו זיי געזאָגט: דער
שניט איז גרויס, אָבער די אַרבעטער זענען ווינציק; בעט דעריבער דעם
האַר פון דעם שניט, אַז ער זאָל אַרויסשיקן אַרבעטער צו זיין שניט. [3] גייט;
אָט שיק איך אייך אַרויס ווי לעמער צווישן וועלף. [4] טראָגט ניט קיין בייטל,
ניט קיין רייזעטאַש, ניט קיין שיך; גריסט קיינעם ניט אונטערוועגנס. [5] און
אין וואָסער הויז איר וועט אַרײַנקומען, זאָגט קודם: זאָל זיין שָלום צו דעם
דאָזיקן הויז. [6] און אויב דאָרטן וועט זיין אַ בֶּן־שָלום, וועט אייער שָלום
רוען אויף אים; נאָר אויב ניט, וועט ער זיך ווידער אומקערן צו אייך. [7] און
פאַרבלײַבט אין יענעם הויז, עסט און טרינקט וואָס זיי גיבן, וואָרים דער
אַרבעטער איז ווערט זיין לוין; גייט ניט פון הויז צו הויז. [8] און אין וואָסער
שטאָט איר קומט אַריין, און זיי נעמען אייך אויף, עסט וואָס מע גרייט פאַר
אייך; [9] און היילט די קראַנקע, וואָס געפינען זיך אין איר, און זאָגט צו זיי:
דאָס מַלכות פון גאָט האָט צו אייך גענעענט. [10] און אין וואָסער שטאָט איר
וועט אַרײַנקומען, און זיי וועלן אייך ניט אויפנעמען, טאָ גייט אַרויס אויף
אירע גאַסן, און זאָגט: [11] אַפילו דעם שטויב פון אייער שטאָט, וואָס קלעפּט

אויף אונדזוערע פיס, ווישן מיר אָפּ קעגן אייך; דאָך וויסן זאָלט איר וויסן,
אַז דאָס מַלכות פֿון גאָט האָט גענעענט. [12] איך זאָג אייך: סע וועט אין יענעם
טאָג אַ סך גרינגער זיין פֿאַר סדום, ווי פֿאַר יענער שטאָט.
[13] וויי צו דיר, כּוֹרָזין! וויי צו דיר, בֵּית־צַיְדָה! וואָרים אויב די וואונדער,
וואָס זענען געטאָן געוואָרן אין אייך, וואָלטן געטאָן געוואָרן אין צוֹר און
אין צִידוֹן, וואָלטן זיי שוין לאַנג געזעסן אין זאַק און אַש, און תּשובה געטאָן.
[14] אין יוֹם־הַדין וועט זיין גרינגער פֿאַר צוֹר און צִידוֹן ווי פֿאַר אייך. [15] און
דו, כּפַר־נַחום, אַזש צום הימל וועסטו דיך דערהייבן? אין שאול־תַּחתִּיה
וועסטו אַראָפּנידערן. [16] דער, וואָס הערט אייך, טוט מיך הערן; און דער,
וואָס פֿאַרוואַרפֿט אייך, טוט מיך פֿאַרוואַרפֿן; און דער, וואָס פֿאַרוואַרפֿט
מיך, טוט פֿאַרוואַרפֿן אים, וואָס האָט מיך געשיקט.
[17] און די זיבעציק האָבן זיך אומגעקערט מיט שׂמחה, און געזאָגט:
האַר, אַפילו די בייזע גייסטער זענען אונדז אונטערטעניק אין דיין נאָמען!
[18] און ער האָט צו זיי געזאָגט: איך האָב געזען דעם שָׂטן פֿאַלן ווי אַ בליץ
פֿון הימל. [19] זעט, איך האָב אייך געגעבן שליטה צו טרעטן אויף שלאַנגען
און עקדישן, און איבער דער גאַנצער גבורה פֿון דעם שׂוֹנא; און קיין שום
זאַך וועט אייך ניט שאַטן. [20] אָבער פֿרייט אייך ניט איבער דעם, וואָס די
גייסטער זענען אייך אונטערטעניק, נייערט פֿרייט אייך, וואָס אייערע נעמען
זענען פֿאַרשריבן אין הימל.
[21] און גראָד אין יענער שָעה האָט ער זיך געפֿרייט אין דעם רוּחַ־
הַקוֹדֶש, און האָט געזאָגט: איך דאַנק דיר, פֿאָטער, האַר פֿון הימל און ערד,
וואָס דו האָסט דאָס פֿאַרהוילן פֿון די חֲכָמים און פֿאַרשטענדיקע, און עס
אַנטפּלעקט פֿאַר עוֹפֿעלעך; יאָ, פֿאָטער, אַזוי איז געווען דיין רָצון. [22] אַלצדינג
איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן פֿון מיין פֿאָטער; און קיינער ווייסט
ניט, ווער דער זון איז, אַחוץ דער פֿאָטער; און ווער דער פֿאָטער איז, אַחוץ
דער זון, און דער, צו וועמען דער זון וויל אים אַנטפּלעקן. [23] און ער
האָט זיך געווענדט צו די תַּלמידים אַליין, און געזאָגט: וואויל איז די אויגן,
וואָס זעען, וואָס איר זעט! [24] וואָרים איך זאָג אייך, אַז אַ סך נביאים און
מלָכים האָבן באַגערט צו זען, וואָס איר זעט, און האָבן עס ניט געזען, און
צו הערן, וואָס איר הערט, און האָבן עס ניט געהערט.
[25] און איינער אַ תַּלמיד־חָכם איז אויפֿגעשטאַנען, כּדי אים צו פּרוּוון,

אונ האָט געזאָגט: רֶבּי, וואָס זאָל איך טאָן, צו יַרשענען אייביק לעבן? 26 האָט
ער צו אים געזאָגט: וואָס שטייט געשריבן אין דער תּורה? וויאַזוי לייענסטו?
27 אונ ער האָט געענטפערט, אונ געזאָגט: דו זאָלסט ליב האָבן גאָט דיין
האַר מיט דיין גאַנצן האַרצן, אונ מיט דיין גאַנצער נשָמה, אונ מיט דיין גאַנצן
כּוח, אונ מיט דיין גאַנצן פאַרשטאַנד; אונ דיין חַבר ווי דיך אַליין[א]. 28 אונ
ער האָט צו אים געזאָגט: דו האָסט ריכטיק געענטפערט; דאָס טו, אונ דו
וועסט לעבן.

29 אָבער אַזוי ווי ער האָט זיך געוואָלט אַליין רעכטפאַרטיקן, האָט ער
געזאָגט צו יֵשוּעַן: אונ ווער איז מיין חַבר? 30 אונ יֵשוּעַ האָט געענטפערט:
איינער אַ מענטש האָט אַראָפּגענידערט פון ירושָלַיִם קיין יריחו, אונ איז
אַריַינגעפאַלן צווישן גַזלָנים, וואָס האָבן אים אויסגעטאָן אונ צעשלאָגן, אונ
זענען אַוועקגעגאַנגען, אונ אים געלאָזט אַ האַלב טויטן. 31 אונ עס האָט זיך
גראָד געטראָפן, אַז אַ כֹּהן האָט אַראָפּגענידערט יענעם וועג; אונ אַז ער
האָט אים געזען, איז ער אַריבערגעגאַנגען אויף דער אַנדערער זייט; 32 אונ
אַזוי אויך אַ לֵוִי, בעת ער איז פאַרבײַגעגאַנגען יענעם אָרט אונ אים געזען,
איז ער אַריבערגעגאַנגען אויף דער אַנדערער זייט. 33 אָבער איינער אַ
שומרוני, בעת ער האָט גערייזט, איז געקומען וואו ער איז געווען; אונ אַז ער
האָט אים געזען, האָט אים אָנגענומען אַ רַחמָנות, 34 אונ ער איז צוגעגאַנגען
צו אים, אונ האָט פאַרבונדן זיינע וואונדן, אונ אַרויפגעגאָסן אויף זיי אײַל
אונ וויין, אונ ער האָט אים אַרויפגעזעצט אויף זיין אייגענער בהֵמה, אונ
האָט אים געבראַכט אין אַן אַכסַניא אַריין, אונ האָט פאַר אים געזאָרגט. 35 אונ
אויף מאָרגן האָט ער אַרויסגענומען צוויי דינָרים, אונ האָט זיי געגעבן דעם
בַעל־אַכסַניא, אונ געזאָגט: גיב אַכטונג אויף אים, אונ וויפל מער דו וועסט
אויסגעבן, וועל איך דיר באַצאָלן, ווען איך וועל צוריקקומען. 36 ווער פון
די דאָזיקע דריי, מיינסטו, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ חַבר צו אים, וואָס
איז אַריַינגעפאַלן צווישן די גַזלָנים? 37 האָט ער געזאָגט: דער, וואָס האָט
אויף אים רַחמָנות געהאַט. אונ יֵשוּעַ האָט צו אים געזאָגט: גיי, אונ טו דו
אויך אַזוי.

38 אונ עס איז געווען, בעת זיי זענען געגאַנגען אין וועג, איז ער געקומען
אין איינעם אַ דאָרף אַריין; אונ אַ פרוי מיטן נאָמען מַרתָא האָט אים אויפ־

א דברים ו, 5; ויקרא יט, 18.

געקומען אין איר הויז. 39 און זי האָט געהאַט אַ שוועסטער, וואָס האָט געהייסן
מִרְיָם, וואָס האָט זיך געזעצט צו דעם האַרס פיס, און האָט זיך צוגעהערט
צו זיין תּוֹרה. 40 מַרתָּא איז אָבער געווען פאַרנומען מיט דעם פיל באַדינען;
און זי איז צוגעגאַנגען, און האָט געזאָגט: האַר, טוט דיך ניט אַרן, וואָס
מיין שוועסטער האָט מיך איבערגעלאָזן צו דינען אַליין? זאָג איר דעריבער,
אַז זי זאָל מיר העלפן. 41 און דער האַר האָט געענטפערט, און צו איר
געזאָגט: מַרתָּא, מַרתָּא, דו זאָרגסט און דאַגֶהסט זיך איבער אַ סַך זאַכן;
42 איין זאַך איז אָבער נייטיק, און מִרְיָם האָט זיך אויסדערוויילט דעם גוטן
חֵלֶק, וואָס וועט פון איר ניט אַוועקגענומען ווערן.

יא און עס איז געווען, בעת ער האָט אין איינעם אַן אָרט מִתפַּלֵל געווען,
האָט איינער פון זיינע תַּלמידים צו אים געזאָגט, בשַעת ער האָט
פאַרענדיקט: האַר, לערן אונדז מִתפַּלֵל צו זיין, אַזוי ווי יוֹחָנָן האָט געלערנט
זיינע תַּלמידים. 2 און ער האָט צו זיי געזאָגט: בעת איר זענט מִתפַּלֵל, זאָלט
איר זאָגן:

פאָטער, געהייליקט זאָל ווערן דיין נאָמען. זאָל קומען דיין מַלכות.
3 גיב אונדז יעדן טאָג אונדזער טעגלעך ברויט; 4 און זיי אונדז מוֹחל אונדזערע
זינד, וואָרים מיר אַליין זענען אויך מוֹחל יעדן איינעם, וואָס האָט זיך קעגן
אונדז פאַרשולדיקט; און ברענג אונדז ניט צו קיין נִסָיון.

5 און ער האָט צו זיי געזאָגט: ווער פון אייך, וואָס האָט אַ פריינט, און
ער זאָל קומען צו אים אין האַלבער נאַכט, און זאָגן: פריינט, אַנטלייַ מיר
דריי לאַבן ברויט, 6 וואָרים מיינער אַ פריינט איז צו מיר געקומען פון וועג,
און איך האָב ניט וואָס צו גרייטן פאַר אים; 7 און יענער וועט ענטפערן פון
אינעווייניק: זיי מיך ניט מַטרִיחַ; די טיר איז שוין פאַרשלאָסן, און מיינע קינדער
זענען מיט מיר אין בעט; איך קאָן ניט אויפשטיין און דיר געבן. 8 איך זאָג
אייך, כאָטש ער וועט ניט אויפשטיין און אים געבן, ווייל ער איז זיין פריינט,
וועט ער אָבער אויפשטיין צוליב זיין צודרינגלעכקייט, און אים געבן וואָס
ער נייטיקט זיך. 9 און איך זאָג אייך: בעט, און סע וועט אייך געגעבן
ווערן; זוכט, און איר וועט געפינען; קלאַפּט אָן, און סע וועט פאַר אייך
געעפנט ווערן. 10 וואָרים יעדער איינער, וואָס בעט, וועט באַקומען; און
דער, וואָס זוכט, וועט געפינען; און פאַר דעם, וואָס קלאַפּט אָן, פאַר אים

וועט געעפנט ווערן. 11 און ווער פון אייך, וואָס איז אַ פאָטער, און זיין זון
זאָל אים בעטן אַ ברויט, וועט ער אים געבן אַ שטיין? אָדער אַ פיש, און
אַנשטאָט אַ פיש, וועט ער אים געבן אַ שלאַנג? 12 אָדער אויב ער זאָל
בעטן אַן איי, וועט ער אים געבן אַן עקדיש? 13 מַה־דאָך איר, וואָס זענט
שלעכט, פאַרשטייט ווי צו געבן גוטע מַתָּנוֹת אייערע קינדער, וויפל־זשע
מער וועט דער פאָטער פון הימל געבן דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש צו די, וואָס
בעטן אים?

14 און ער האָט אַרויסגעטריבן אַ בייזן גייסט, וואָס איז געווען שטום;
און עס איז געווען, בעת דער בייזער גייסט איז אַרויסגעגאַנגען, האָט דער
שטומער גערעדט; און דאָס פאָלק איז נִשְׁתּוֹמֵם געוואָרן. 15 אָבער עטלעכע
צווישן זיי האָבן געזאָגט: ער טרייבט אַרויס בייזע גייסטער דורך בַּעַל־
זבוב, דעם שַׂר פון די בייזע גייסטער. 16 און אַנדערע האָבן אים געפּרוּאווט,
און באַגערט פון אים אַ צייכן פון הימל. 17 און פאַרשטייענדיק זייערע
מַחשָבות, האָט ער צו זיי געזאָגט: יעדע מלוכה, וואָס איז צעטיילט קעגן
זיך אַליין, ווערט חָרוּב; און אַ הויז פאַלט אויף אַ הויז. 18 און אויב שָׂטָן
איז אויך צעטיילט קעגן זיך אַליין, וויאַזוי קאָן זיין מלוכה האָבן אַ קִיוּם?
מַחמת איר זאָגט, אַז איך טרײַב אַרויס בייזע גייסטער דורך בַּעַל־זבוב.
19 און אויב איך טרײַב אַרויס בייזע גייסטער דורך בַּעַל־זבוב, דורך וועמען
טוען אייערע זין זיי אַרויסטרײַבן? דעריבער זאָלן זיי זיין אייערע שוֹפְטִים.
20 טרײַב איך אָבער אַרויס בייזע גייסטער דורך דעם פינגער פון גאָט, אַזוי
האָט גענעענט צו אייך דאָס מַלכות פון גאָט. 21 ווען דער גיבּוֹר, אינגאַנצן
באַוואָפנט, באַוואַכט זיין אייגן הויף, איז זיין האָב־און־גוטס אין פרידן; 22 נאָר
אויב אַ שטאַרקערער פון אים קומט איבער אים און איז אים מְנַצֵחַ, אַזוי
נעמט ער פון אים אַוועק זיין גאַנצע באַוואָפענונג, אויף וואָס ער האָט זיך
פאַרזיכערט, און צעטיילט זיין זאַקרויב. 23 ווער סע איז ניט מיט מיר, איז
קעגן מיר; און ווער סע זאַמלט ניט איין מיט מיר, צעשפּרייט.

24 ווען דער אומריינער גייסט גייט אַרויס פון אַ מענטשן, וואַנדערט
ער אַרום אין טרוקענע ערטער, און זוכט אַ מָקוֹם־מנוחה; און אַז ער געפינט
אים ניט, זאָגט ער: איך וועל מיך אומקערן אין מיין הויז אַריין, פונוואַנען
איך בין אַרויסגעגאַנגען. 25 און בעת ער קומט, געפינט ער עס אויסגעקערט
און אויסגעפּוצט. 26 דעמאָלט גייט ער, און נעמט זיבן אַנדערע גייסטער,

נאָך ערגערע פון אים אַליין, און זיי גייען אַריין און וואוינען דאָרט; און דער
סוף פון יענעם מענטשן ווערט ערגער ווי דער אָנהייב.

27 און בעת ער האָט דאָס געזאָגט, האָט איינע אַ פרוי פון דעם פאָלק
אויפגעהויבן איר קול, און האָט צו אים געזאָגט: וואויל איז דעם לײַב,
וואָס האָט דיך געטראָגן, און די בריסט, וואָס דו האָסט געזויגן! 28 אָבער
ער האָט געזאָגט: וואוילער איז די, וואָס הערן דאָס וואָרט פון גאָט, און
היטן עס.

29 און בעת דאָס פאָלק האָט זיך פאַרזאַמלט אַרום אים, האָט ער
אָנגעהויבן צו זאָגן: דער דאָזיקער דור איז אַ שלעכטער דור; ער פאַרלאַנגט
אַ צייכן, און סע וועט אים קיין צייכן ניט געגעבן ווערן, סיידן דעם צייכן
פון יונָהן. 30 ווייל אַזוי ווי יונָה איז געוואָרן אַ צייכן פאַר די מענטשן פון נינוה,
אַזוי וועט אויך דער בן־אָדם זיין פאַר דעם דאָזיקן דור. 31 די מלכּה פון
תּימן וועט אויפשטיין צום משפּט מיט די מענטשן פון דעם דאָזיקן דור, און
וועט זיי פאַרמשפּטן; וואָרים זי איז געקומען פון עק וועלט צו הערן די
חכמה פון שלמהןא, און אָט איז פאַראַן אַ גרעסערער ווי שלמה. 32 די מענטשן
פון נינוה וועלן אויפשטיין צום משפּט מיט דעם דאָזיקן דור, און וועלן אים
פאַרמשפּטן; וואָרים זיי האָבן תּשובה געטאָן אויף דעם רופן פון יונָהןב, און
אָט איז פאַראַן אַ גרעסערער ווי יונָה.

33 קיינער צינדט ניט אָן אַ ליכט און שטעלט עס אין אַ ווינקל, און
אויך ניט אונטער אַ מעסטל, נייערט אין אַ לײַכטער, כּדי די, וואָס קומען
אַריין, זאָלן קענען זען דאָס ליכט. 34 דאָס ליכט פון דעם גוף איז דיין אויג;
אויב דיין אויג איז גאַנץ, איז אויך דיין גאַנצער גוף לויטער ליכטיקייט;
נאָר אויב עס איז שלעכט, איז אויך דיין גאַנצער גוף לויטער פינצטערניש.
35 דעריבער גיב אַכטונג, אַז דאָס ליכט, וואָס איז אין דיר, זאָל ניט זיין
פינצטערניש. 36 אויב דיין גאַנצער גוף איז לויטער ליכטיקייט, און האָט ניט
קיין פינצטערן טייל, וועט ער זיין אינגאַנצן פול מיט ליכטיקייט, ווי בעת
דאָס ליכט מיט זיין שטראַל טוט דיך באַלײַכטן.

37 און בעת ער האָט גערעדט, האָט אַ פּרושי אים פאַרבעטן צו עסן
מיט אים; און ער איז אַרײַנגעגאַנגען, און האָט זיך געזעצט צום טיש. 38 און
דער פּרושי האָט זיך געחידושט, ווען ער האָט געזען, אַז ער האָט זיך קודם

א מלכים א׳ י, 1. ב יונה ג, 5.

ניט געוואַשן פֿאַרן עסן. 39 און דער האַר האָט צו אים געזאָגט: איר פּרושים
רייניקט דעם בעכער און די שיסל פֿון אויסנווייניק, אָבער אינעווייניק זענען
זיי פֿול מיט גזֵילה און רְשעות. 40 איר נאַראָנים! האָט ניט דער, וואָס האָט
געמאַכט דאָס אויסנווייניקע, אויך געמאַכט דאָס אינעווייניקע? 41 גיט בעסער
צְדָקה פֿון דעם וואָס איז דרינען, און אָט וועט אַלצדינג זײַן ריין פֿאַר אײַך.
42 אָבער וויי צו אײַך, פּרושים! וואָרים איר גיט מַעשׂר פֿון מיענטע
און רוטע און אַלערליי קרײַטעכצער, און זענט עוֹבֿר אויף גערעכטיקייט
און דער ליבשאַפֿט צו גאָט; די דאָזיקע האָט איר באַדאַרפֿט טאָן, און די
אַנדערע אויך ניט אויסלאָזן. 43 וויי צו אײַך, פּרושים! וואָרים איר האָט ליב
דעם אויבן־אָן אין די בָּתֵּי־כּנֵסִיות, און אַז מע זאָל אײַך אָפּגעבן שָלום אין
די מאַרקפּלעצער. 44 וויי צו אײַך! וואָרים איר זענט ווי קְבָרים, וואָס מע
דערקענט ניט, און די מענטשן, וואָס גייען איבער זיי, ווייסן עס ניט.
45 און איינער אַ בַעל־תּוֹרה האָט געענטפֿערט, און צו אים געזאָגט: רֶבּי,
מיט דײַנע רייד בּיסטו אויך אונדז מבַייש. 46 האָט ער געזאָגט: וויי אויך צו
אײַך, בַעלי־תּוֹרה! וואָרים איר לאָדט אָן מענטשן מיט מַשׂאות, וואָס זענען
שווער צו דערטראָגן, און איר אַליין רירט זיך ניט צו מיט קיין איינעם פֿון
אײַערע פֿינגער צו די מַשׂאות. 47 וויי צו אײַך! וואָרים איר בויט די קְבָרים
פֿון די נבִיאים, און אײַערע אָבות האָבן זיי דערהַרגעט. 48 מיט דעם זענט
איר עֵדות און אויך מַסכּים אויף די מַעשׂים פֿון אײַערע אָבות; וואָרים זיי
האָבן זיי געהַרגעט, און איר בויט זייערע קְבָרים. 49 דעריבער האָט אויך
די חָכמה פֿון גאָט געזאָגט: איך וועל שיקן צו זיי נבִיאים און שלִיחים;
עטלעכע פֿון זיי וועלן זיי הַרגענען און רוֹדֵף זײַן, 50 כּדי דאָס בלוט פֿון אַלע
נבִיאים, וואָס איז פֿאַרגאָסן געוואָרן זינט די וועלט איז געגרונטפֿעסטיקט
געוואָרן, זאָל געפֿאָדערט ווערן פֿון דעם דאָזיקן דוֹר, 51 פֿון דעם בלוט
פֿון הֶבֶל, ביז דעם בלוט פֿון זכַריָה, וואָס איז אומגעקומען צווישן דעם
מִזבֵּחַ און דעם קָדשי־קָדשים[א]. יאָ, איך זאָג אײַך, סע וועט געפֿאָדערט
ווערן פֿון דעם דאָזיקן דוֹר. 52 וויי צו אײַך, בַעלי־תּוֹרה! וואָרים איר האָט
אַוועקגענומען דעם שליסל פֿון וויסן; איר אַליין זענט ניט אַרײַנגעקומען,
און די, וואָס האָבן געוואָלט אַרײַנקומען, האָט איר געשטערט.
53 און בעת ער איז פֿון דאָרטן אַרויסגעגאַנגען, האָבן די סוֹפרים און

א דברי הימים ב' כד, 21.

די פרושים אָנגעהויבן צו אים שטאַרק צושטיין, און אים דערצערנט צו
רעדן וועגן אַ סך זאַכן; [54] און זיי האָבן געלאָקערט אויף אים, כדי עפּעס צו
כאַפּן פון זיין מויל.

יב בשעת־מַעֲשׂה האָבן זיך אַ סך טויזנטער פון דעם פאָלק פאַרזאַמלט
אינאיינעם, אַזוי, אַז זיי האָבן געטראָטן איינער אויפן אַנדערן, און ער
האָט קודם־כָּל אָנגעהויבן צו זאָגן צו זיינע תַּלמידים: היט אייך פאַר דעם
זויערטייג פון די פרושים, וואָס איז חַנִיפָה. [2] עס איז גאָרניט פאַרהוילן,
וואָס וועט ניט אַנטפּלעקט ווערן, און פאַרבאָרגן, וואָס וועט ניט באַקאַנט
ווערן. [3] דעריבער, אַלץ, וואָס איר האָט געזאָגט אין דער פינצטערניש,
וועט געהערט ווערן אין דער ליכטיקייט, און וואָס איר האָט גערעדט אויפן
אויער אין די אינעווייניקסטע קאַמערן, וועט באַקאַנט געמאַכט ווערן פון די
דעכער.

[4] און איך זאָג אייך, מיינע פריינט: האָט ניט קיין מורא פאַר די, וואָס
טייטן דעם גוף, און נאָכדעם זענען זיי ניט בכּוח עפּעס מער צו טאָן. [5] איך
וועל אייך אָבער וואָרענען פאַר וועמען איר זאָלט מורא האָבן: האָט מורא
פאַר אים, וואָס נאָכדעם ווי ער האָט געטייט, האָט מאַכט אַריינצוּוואַרפן
אין גיהנום אַריין; יאָ, איך זאָג אייך, פאַר אים זאָלט איר מורא האָבן!
[6] פאַרקויפט מען ניט פינף פייגעלעך פאַר צוויי פרוטות? און קיין איינס
פון זיי ווערט ניט פאַרגעסן פאַר גאָט. [7] יאָ, אַפילו די האָר פון אייער קאָפּ
זענען אַלע געציילט. האָט ניט קיין מורא; איר זענט מער ווערט ווי אַ סך
פייגעלעך.

[8] און איך זאָג אייך, יעדער איינער, וואָס וועט מיך באַקענען פאַר
מענטשן, אים וועט אויך דער בֶּן־אָדָם באַקענען פאַר די מַלאָכים פון גאָט.
[9] אָבער דער, וואָס וועט מיך פאַרלייקענען פאַר מענטשן, וועט פאַרלייקנט
ווערן פאַר די מַלאָכים פון גאָט. [10] און יעדער איינער, וואָס וועט רעדן אַ
וואָרט קעגן דעם בֶּן־אָדָם, וועט מען עס אים מוחל זיין; אָבער דער, וואָס
וועט לעסטערן קעגן דעם רוח־הַקודש, דעם וועט מען עס ניט מוחל זיין.
[11] און בעת זיי ברענגען אייך אין די בָּתֵּי־כְּנֵסִיות אָדער פאַר די פאָרשטייער
און געוועלטיקער, זאָלט איר ניט דאגה־ן וויאַזוי, אָדער וואָס איר זאָלט
ענטפערן, אָדער וואָס איר זאָלט זאָגן; [12] וואָרים דער רוח־הַקודש וועט אייך
לערנען פונקט אין יענער שָׁעה, וואָס איר דאַרפט זאָגן.

[13] און איינער פֿון דעם פֿאָלק האָט צו אים געזאָגט: רֶבי, באַפֿעל מײַן ברודער, אַז ער זאָל זיך טיילן מיט מיר מיט דער ירושה. [14] אָבער ער האָט צו אים געזאָגט: מענטש איינער, ווער האָט מיך געמאַכט פֿאַר אַ שופֿט, אָדער אַ צעטיילער איבער אײַך? [15] און ער האָט צו זיי געזאָגט: גיט אַכטונג, און היט אײַך פֿון יעדער זשעדנעקייט; וואָרים אַ מענטשנס לעבן הענגט ניט אָפּ אין דער שֶפֿע פֿון דעם, וואָס ער פֿאַרמאָגט. [16] און ער האָט אויפֿגעהויבן פֿאַר זיי אַ מָשל, אַזוי צו זאָגן: דאָס לאַנד פֿון איינעם אַן עושר האָט אַרויסגעבראַכט בשֶפֿע; [17] און ער האָט געטראַכט ביי זיך: וואָס זאָל איך טאָן? וואָרים איך האָב ניט וואו מײַנע פּירות אײַנצוזאַמלען. [18] און ער האָט געזאָגט: אָט דאָס וועל איך טאָן: איך וועל אַרונטעררײַסן מײַנע שײַערן און בויען גרעסערע; און דאָרטן וועל איך אײַנזאַמלען מײַן גאַנצע תּבֿואה און מײַן האָב־און־גוטס. [19] און איך וועל זאָגן צו מײַן נשָמה: נשָמה מײַנע, דו האָסט אַ סך האָב־און־גוטס אײַנגעזאַמלט אויף פֿיל יאָרן; נעם זיך צײַט, עס, טרינק, און לאָז דיר וואוילגיין. [20] אָבער גאָט האָט צו אים געזאָגט: דו נאַר! היינט נאַכט ווערט געפֿאָדערט פֿון דיר דײַן נשָמה; און די זאַכן, וואָס דו האָסט אָנגעגרייט, וועמעס וועלן זיי זײַן? [21] אַזוי איז דער, וואָס זאַמלט זיך אָן אוצרות, און איז ניט רײַך אין גאָט.

[22] און ער האָט געזאָגט צו זײַנע תּלמידים: דעריבער זאָג איך אײַך, זאָרגט ניט פֿאַר אײַער לעבן, וואָס איר זאָלט עסן; אויך ניט פֿאַר אײַער גוף, וואָס איר זאָלט אָנטאָן. [23] וואָרים דאָס לעבן איז מער ווי די שפּײַז, און דער גוף – מער ווי דאָס מַלבוש. [24] באַטראַכט די ראָבן: ניט זיי זייען, ניט זיי שניידן, זיי האָבן אויך ניט קיין שפּײַכלערס, אָדער שײַערן, און גאָט טוט זיי שפּײַזן. וויפֿל מער זענט איר ווערט פֿון די פֿייגל! [25] און ווער פֿון אײַך קאָן דורך דאַגהן צוגעבן אַן אייל צו דער מאָס פֿון זײַן לעבן? [26] בכֵן, אויב איר זענט ניט מסוגל צו טאָן אַפֿילו דאָס מינדסטע, פֿאַרוואָס דאַגהט איר אײַך וועגן דעם איבעריקן? [27] באַטראַכט די ליליעס, ווי זיי וואַקסן; ניט זיי האָרעווען, ניט זיי שפּינען. און איך זאָג אײַך, אַז אַפֿילו שלמה אין זײַן גאַנצער פּראַכט איז ניט געווען באַקליידט ווי איינע פֿון זיי. [28] בכֵן, אויב גאָט טוט אַזוי באַקליידן דאָס גראָז פֿון דעם פֿעלד, וואָס היינט איז עס דאָ, און מאָרגן ווערט עס אַרײַנגעוואָרפֿן אין אויוון, אַ פּשיטא שוין אײַך, אָ איר קליין־גלויביקע? [29] און זוכט אויך ניט וואָס איר זאָלט עסן, און וואָס

איר זאָלט טרינקען, און זייט אויך ניט באַאומרואיקט אין געמיט. 30 וואָרים
אָט־דאָס אַלץ באַגערן די אומות־העולם; אייער פאָטער ווייסט, אַז איר
נייטיקט זיך אין די דאָזיקע זאַכן. 31 דעריבער פאָרשט זיין מלכות, און דאָס
אַלץ וועט אייך צוגעגעבן ווערן.

32 האָב ניט קיין מורא, קליינע סטאַדע; וואָרים עס איז אייער פאָטערס
גוטער רצון, אייך צו געבן דאָס מלכות. 33 פאַרקויפט וואָס איר האָט, און
גיט צדקה; מאַכט פאַר זיך בייטלען, וואָס ווערן ניט אַלט, און אַן אוצר אין
הימל, וואָס ווערט ניט געמינערט, וואו קיין גנב קאָן ניט צוקומען, און אַ
מילב קאָן ניט פאַרדאַרבן. 34 וואָרים וואו ס'איז אייער אוצר, דאָרט וועט
אויך זיין אייער האַרץ.

35 זאָלן אייערע לענדן זיין אָנגעגורט, און אייערע ליכט זאָלן ברענען.
36 און זייט גלייך צו מענטשן, וואָס וואַרטן אויף זייער האַר, ווען ער וועט
זיך אומקערן פון דער חתונה, כדי ווען ער וועט קומען און אָנקלאַפּן, זאָלן
זיי אים קענען תיכף עפענען. 37 וואויל איז יענע קנעכט, וועמען דער האַר
וועט געפינען וואַכנדיק בעת ער קומט; פאַרוואָר, איך זאָג אייך, ער וועט זיך
אָנגורטן, און זיי זעצן צום טיש, און צוגיין און זיי באַדינען. 38 און אויב ער
וועט קומען אין דער צווייטער נאַכטוואַך, אָדער אין דער דריטער, און זיי
טרעפן אַזוי, וואויל איז יענע קנעכט. 39 דאָס אָבער זאָלט איר וויסן, אַז
אויב דער בעל־הבית וואָלט געוואוסט, אין וואָסער שעה דער גנב וועט
קומען, וואָלט ער געוואַכט און ניט דערלאָזט, אַז זיין הויז זאָל איינגעבראָכן
ווערן. 40 איר מוזט אויך זיין גרייט, וואָרים דער בן־אָדם וועט קומען אין אַ
שעה, אויף וועלכער איר ריכט זיך ניט.

41 און פעטרוס האָט געזאָגט: האַר, זאָגסטו דאָס דאָזיקע משל פאַר
אונדז, אָדער אויך פאַר אַלעמען? 42 און דער האַר האָט געזאָגט: ווער איז
אָבער דער געטרייער און קלוגער אויפזעער, וועמען זיין האַר וועט זעצן
איבער זיין הויזגעזינד, צו געבן זיי זייער חלק שפּייז אין דער רעכטער
צייט? 43 וואויל איז יענעם קנעכט, וואָס ווען זיין האַר וועט קומען, וועט ער
אים טרעפן טאָן אַזוי. 44 פאַרוואָר, איך זאָג אייך, ער וועט אים זעצן איבער
אַלע זיינע גיטער. 45 נאָר אויב יענער קנעכט וועט זאָגן אין זיין האַרץ: מיין
האַר פאַרזאַמט צו קומען, און ער וועט אָנהייבן צו שלאָגן די קנעכט און

די דינסטן, און צו עסן און טרינקען און שיכּורן, [46]דעמאָלט וועט דער האַר פון יענעם קנעכט קומען אין אַ טאָג, אויף וועלכן ער ריכט זיך ניט, און אין אַ שָעה, פון וואָס ער ווייסט ניט, און וועט אים צעמֵמיתן, און באַשטימען זיין חֵלֶק מיט די אומגעטרייע. [47]און יענער קנעכט, וואָס האָט פאַרשטאַנען זיין האַרס רָצון, און האָט ניט צוגעגרייט, און אויך ניט געטאָן לויט זיין רָצון, וועט קריגן אַ סך שמיץ. [48]דער אָבער, וואָס האָט ניט פאַרשטאַנען, און האָט געטאָן דאָס, פאַר וועלכן ער איז ווערט שמיץ, וועט געשלאָגן ווערן מיט ווינציק שמיץ. און וועמען אַ סך ווערט געגעבן, פון אים וועט מען פאָדערן אַ סך; און וועמען מען האָט אַ סך אָנפאַרטרויט, פון דעם וועט מען פאַרלאַנגען נאָך מער.

[49]איך בין געקומען צו וואַרפן אַ פייער איבער דער ערד; און ווי וואָלט איך וועלן, אַז עס זאָל שוין זיין אָנגעצונדן! [50]איך דאַרף אָבער געטובלט ווערן מיט אַ טבילה; און ווי ענג איז מיר, ביז זי וועט ממַלא ווערן! [51]צי מיינט איר, אַז איך בין געקומען ברענגען שָלום אויף דער ערד? ניין, זאָג איך אייך, נייערט אַ סך מער צעטיילונג. [52]וואָרים פון איצט אָן וועלן פינף אין איין הויז זיין צעטיילט: דריי קעגן צוויי, און צוויי קעגן דריי. [53]פאָטער וועט זיין צעטיילט קעגן זון, און זון קעגן פאָטער, מוטער קעגן טאָכטער, און טאָכטער קעגן מוטער, שוויגער קעגן שנור, און שנור קעגן שוויגער[א].

[54]און ער האָט אויך געזאָגט צום פאָלק: בעת איר זעט אַ וואָלקן אויפ־גיין אין מַערב, זאָגט איר תֵּיכף: סע קומט אָן אַ רעגן; און אַזוי געשעט עס. [55]און בעת איר זעט אַ דָרום־ווינט בלאָזן, זאָגט איר: סע וועט זיין אַ היץ; און סע געשעט. [56]איר חֲנֵפים! איר ווייסט ווי צו פאַרטייַטשן דאָס פָּנים פון דער ערד און פון הימל; אָבער פאַרוואָס פאַרשטייט איר ניט ווי צו טייַטשן די היינטיקע צייט?

[57]און פאַרוואָס טוט איר אַליין ניט מִשפּטן, וואָס עס איז רעכט? [58]וואָרים בעת דו גייסט מיט דיין קעגנער פאַר דעם שופט, באַמי דיך מיט אים דורכצוקומען, בעת דו ביסט נאָך מיט אים אין וועג, טאָמער וועט ער דיך שלעפּן צום שופט, און דער שופט וועט דיך איבערענטפערן צום שוטר, און דער שוטר וועט דיך אַרייַנוואַרפן אין דער תּפיסה אַריין. [59]איך זאָג

[א] מיכה ז, 6.

דיר, דו וועסט פֿון דאָרטן ניט אַרויסגיין, ביז דו וועסט האָבן באַצאָלט די
סאַמע לעצטע פּרוטה.

יג און גראָד דעמאָלט זענען דאָרטן געווען עטלעכע, וואָס האָבן אים
דערציילט פֿון די גָלִילער, וועמעס בלוט פּילאַטוס האָט אויסגעמישט
מיט זייערע קָרבָּנות. 2 און ער האָט געענטפֿערט, און צו זיי געזאָגט: צי
מיינט איר, אַז יענע גָלִילער זענען געווען גרעסערע חוטאים פֿון אַלע גָלִילער,
מַחמת זיי האָבן אַזוינס געליטן? 3 ניין, זאָג איך אייך; און אויב איר וועט ניט
תּשובה טאָן, וועט איר אַלע אַזוי אומקומען. 4 אָדער יענע אַכצן, אויף וועמען
דער טורעם פֿון שִילוֹחַ איז געפֿאַלן און האָט זיי דערהַרגעט, צי מיינט איר,
אַז זיי זענען געווען שולדיקער פֿון אַלע מענטשן, וואָס וואוינען אין ירושָלַיִם?
5 ניין, זאָג איך אייך; און אויב איר וועט ניט תּשובה טאָן, וועט איר אַלע
אַזוי אומקומען.

6 און ער האָט דערציילט דאָס דאָזיקע מָשל: אַ מענטש האָט פֿאַר־
פֿלאַנצט אַ פֿייַגנבוים אין זיין ווייַנגאָרטן; און ער איז געקומען זוכן אויף
אים פֵּירות, און האָט ניט געפֿונען קיין איינע. 7 און ער האָט געזאָגט צום
ווייַנגערטנער: זע, שוין דריי יאָר ווי איך קום זוכן פֵּירות אויף דעם דאָזיקן
פֿייַגנבוים, און געפֿין ניט קיין איינע. האַק אים אָפּ; צו וואָס זאָל ער נאָך
פֿאַרדאַרבן די ערד? 8 און ער האָט אים געענטפֿערט: האַר, לאָז אים נאָך
היינטיקס יאָר, ביז איך וועל אים אַרומגראָבן און באַמיסטיקן. 9 אֶפשר
וועט ער איבער־אַיאָר טראָגן פֵּירות; אויב ניט, וועסטו אים לאָזן אָפּהאַקן.

10 און ער האָט אין אַ שַבָּת געלערנט אין איינעם פֿון די בָּתֵּי־כּנֵסִיות.
11 און דאָרטן איז געווען אַ פֿרוי, וואָס האָט אַכצן יאָר געהאַט אַ קרענקלעכן
גייסט; און זי איז געווען צוזאַמענגעבויגן, און האָט זיך באֵין־אופֿן ניט געקאָנט
אויסגלייַכן. 12 און אַז יֵשוּעַ האָט זי געזען, האָט ער זי צוגערופֿן, און צו
איר געזאָגט: אִשה, דו ביסט פֿריי פֿון דיין קראַנקהייט. 13 און ער האָט
אַרויפֿגעלייגט אויף איר זיינע הענט, און זי איז תֵּיכף געוואָרן גלייַך, און
האָט געלויבט גאָט. 14 און דער פּרנס פֿון דעם בֵּית־הַכּנֶסֶת איז אין כַּעס
געוואָרן, מַחמת יֵשוּעַ האָט געהיילט אום שַבָּת, און ער האָט געזאָגט צום
פֿאָלק: זעקס טעג זענען פֿאַראַן אין וועלכע מע מעג אַרבעטן; קומט
דעריבער אין זיי און לאָזט זיך היילן, אָבער ניט אום שַבָּת. 15 און דער
האַר האָט אים געענטפֿערט: איר חונפֿים! טוט ניט יעדער איינער פֿון

איך אָפּבינדן שַבת זיין אָקס, אָדער זיין אייזל פֿון דער קאָריטע, און פֿירט אים אָנצוטרינקען? [16] און צי דאַרף ניט די דאָזיקע אִשה, וואָס איז אַ בַּת־אַבֿרָהם, און וועמען דער שָׂטן האָט געבונדן שוין אַכצן יאָר, אָפּגעבונדן ווערן פֿון דעם דאָזיקן באַנד אום שַבת? [17] און בעת ער האָט דאָס געזאָגט, זענען אַלע זיינע קעגנער פֿאַרשעמט געוואָרן; און דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט זיך געפֿרייט איבער די אַלע וואונדערלעכע מַעשׂים, וואָס זענען דורך אים געטאָן געוואָרן.

[18] און ער האָט דעריבער געזאָגט: צו וואָס איז דאָס מַלכות פֿון גאָט ענלעך? און מיט וואָס זאָל איך עס פֿאַרגלייַכן? [19] עס איז געגליכן צו אַ קערנדל פֿון זענעפֿט־זריעה, וואָס אַ מענטש האָט גענומען און געזייט אין זיין גאָרטן; און עס איז געוואַקסן און איז געוואָרן אַ בוים, און די פֿייגל פֿון הימל האָבן זיך געמאַכט נעסטן אין זיינע צווייגן.

[20] און ער האָט ווידער אַמאָל געזאָגט: צו וואָס זאָל איך פֿאַרגלייַכן דאָס מַלכות פֿון גאָט? [21] עס איז געגליכן צו זויערטייג, וואָס אַ פֿרוי האָט גענומען און אַרייַנגעטאָן אין דריי מאָס מעל, ביז עס איז אינגאַנצן פֿאַרזייַערט געוואָרן.

[22] און ער איז געגאַנגען איבער שטעט און דערפֿער, און האָט געלערנט, און האָט עולה־רֶגל געווען קיין ירושָלַים. [23] און איינער האָט צו אים געזאָגט: האַר, זענען עס נאָר עטלעכע, וואָס וועלן ניצול ווערן? אָבער ער האָט צו זיי געזאָגט: [24] באַמיט אייך אַרייַנצוקומען דורך דעם ענגן טויער, וואָרים איך זאָג אייך, אַ סַך וועלן זוכן אַרייַנצוקומען, און וועלן ניט קאָנען. [25] האָט זיך דער בַּעל־הַבַּית איינמאָל אויפֿגעהויבן און פֿאַרשלאָסן די טיר, און איר וועט אָנהייבן צו שטיין אין דרויסן, און קלאַפּן אין דער טיר, און זאָגן: האַר, עפֿן אונדז אויף! און ער וועט אייך ענטפֿערן: איך ווייס ניט פֿונוואַנען איר זענט. [26] דעמאָלט וועט איר אָנהייבן צו זאָגן: מיר האָבן געגעסן און געטרונקען פֿאַר דיר, און דו האָסט געלערנט אין אונדזערע גאַסן. [27] און ער וועט ענטפֿערן: איך זאָג אייך, איך ווייס ניט פֿונוואַנען איר זענט; קערט אָפּ פֿון מיר, איר טוער פֿון אומרעכט! [28] דאָרט וועט זיין געוויין און דאָס קריצן פֿון ציין, בעת איר וועט זען אַבֿרָהם, און יִצחָק, און יַעקֹבֿ, און אַלע נבֿיאים אין דעם מַלכות פֿון גאָט, און איר אַליין אַרויסגעוואָרפֿענע אין דרויסן. [29] און זיי וועלן קומען פֿון מִזרח און מַערבֿ, פֿון צָפֿון און דָרום, און וועלן זיך אַנידערזעצן

אין דעם מַלכות פון גאָט. 30 און זע, עס זענען פֿאַראַן לעצטע, וואָס וועלן
זיין ערשטע, און פֿאַראַן זענען ערשטע, וואָס וועלן זיין לעצטע.
31 פונקט אין יענער שָעה זענען געקומען עטלעכע פּרושים, און האָבן
צו אים געזאָגט: גיי און דערווייַטער דיך פֿונדאַנען, וואָרים הורדוס וויל דיך
הַרגענען. 32 און ער האָט צו זיי געזאָגט: גייט און זאָגט יענעם פֿוקס: אָט
טרייב איך אַרויס בייזע גייסטער און טו רפואות היינט און מאָרגן, און דעם
דריטן טאָג קום איך צום סוף. 33 איך מוז אָבער גיין מיין וועג היינט און
מאָרגן און איבערמאָרגן; וואָרים עס קאָן ניט זיין, אַז אַ נָביא זאָל אומקומען
מִחוץ ירושָלַיִם. 34 אָ ירושָלַיִם, ירושָלַיִם, וואָס הַרגעסט די נבִיאים, און
פֿאַרשטיינסט די, וואָס זענען געשיקט צו דיר! וויפֿל מאָל האָב איך געוואָלט
אייַנזאַמלען דיינע קינדער, ווי אַ הון זאַמלט איין אירע הינדלעך אונטער
אירע פֿליגל, און איר האָט ניט געוואָלט! 35 זעט, אייער הויז ווערט אייך
בלייבן חָרוב! און איך זאָג אייך, איר וועט מיך מער ניט זען, ביז איר וועט
זאָגן: בָרוך הַבָא אין דעם נאָמען פון גאָט!

יד און עס איז געווען, בעת ער איז אין אַ שַבת אַרייַנגעגאַנגען אין דעם
הויז פון איינעם פון די ראָשי־הַפּרושים צו עסן ברויט, האָבן זיי
געלאָקערט אויף אים. 2 און אָט איז פֿאַר אים געשטאַנען אַ מענטש, וואָס
האָט געהאַט אַ וואַסער־געשווילעכץ. 3 און יֵשוּעַ האָט גערעדט צו די חַכָמים
און פּרושים, אַזוי צו זאָגן: מעג מען היילן אום שַבת, אָדער ניט? 4 אָבער זיי
האָבן געשוויגן. און ער האָט אים גענומען און אים געהיילט, און האָט אים
אָפּגעלאָזט. 5 און ער האָט צו זיי געזאָגט: ווען עמיצן פון אייך זאָל טרעפֿן,
אַז אַן אייזל אָדער אַן אָקס זאָל אַרייַנפֿאַלן אין אַ ברונעם, צי וועט ער אים
ניט תֵיכף אַרויסציִען אום שַבת? 6 און זיי האָבן אים ניט געקאָנט ענטפֿערן
אויף דערויף.

7 און ער האָט געזאָגט אַ מָשל צו יענע, וואָס זענען געווען פֿאַרבעטן,
בעת ער האָט געזען, ווי זיי האָבן זיך אויסגעקליבן די בכָבודיקע פּלעצער;
און ער האָט צו זיי געזאָגט: 8 ווען עמיצער וועט דיך פֿאַרבעטן אויף אַ
חַתונה, זאָלסטו דיך ניט זעצן אויבן־אָן, ווייל טאָמער וועט אַ מער חָשובער
ווי דו פון אים פֿאַרבעטן ווערן; 9 און דער, וואָס האָט דיך און אים פֿאַרבעטן,
וועט קומען און זאָגן צו דיר: מאַך פּלאַץ פֿאַר דעם דאָזיקן מענטשן, און
דעמאָלט וועסטו מיט בזָיון פֿאַרנעמען דעם לעצטן פּלאַץ. 10 נייערט ווען

דוּ ווערסט פאַרבעטן, גיי און זעץ דיך אויף דעם לעצטן פּלאַץ; כּדי ווען
דער, וואָס האָט דיך פאַרבעטן, וועט קומען, זאָל ער קענען זאָגן צוּ דיר:
פריינט, גיי אַרויף־צוּ־צוּ העכער; דעמאָלט וועסטוּ האָבן כָּבוד פאַר אַלע,
וואָס זיצן ביים טיש מיט דיר. [11] וואָרים יעדער איינער, וואָס וועט זיך
אַליין דערהייכן, וועט דערנידעריקט ווערן; און ווער סע וועט זיך אַליין
דערנידעריקן, וועט ווערן דערהייכט.
[12] און ער האָט אויך געזאָגט צוּ דעם, וואָס האָט אים פאַרבעטן: בעת
דוּ מאַכסט אַ מיטאָג אָדער אַן אָוונט־סעוּדה, זאָלסטוּ ניט פאַרבעטן דיינע
פריינט, אָדער דיינע ברידער, אָדער דיינע קרוֹבים, אָדער רייכע שכֵנים,
ווייל טאָמער וועלן זיי דיך פאַרבעטן צוּריק, און דאָס וועט דיר זיין אַ
פאַרגעלטונג. [13] נייערט בעת דוּ מאַכסט אַ סעוּדה, פאַרבעט די אָרעמע,
די געמוּמטע, די לאָמע, און די בלינדע. [14] און דוּ וועסט זיין געבענטשט,
מַחמת זיי האָבן ניט מיט וואָס דיר צוּ פאַרגעלטן; וואָרים דוּ וועסט ווערן
פאַרגעלט, בעת די צַדיקים וועלן אויפשטיין תּחִיַת־הַמֵתים.
[15] און ווען איינער פוּן די, וואָס זענען מיט אים געזעסן ביים טיש, האָט
דאָס געהערט, האָט ער געזאָגט: וואויל איז דעם, וואָס וועט עסן ברויט אין
דעם מַלכוּת פוּן גאָט! [16] אָבער ער האָט צוּ אים געזאָגט: איינער אַ מענטש
האָט געמאַכט אַ גרויסע סעוּדה, און האָט פאַרבעטן אַ סך; [17] און ער האָט
אַרויסגעשיקט זיין קנעכט אין דער צייט פוּן דער סעוּדה, צוּ זאָגן די, וואָס
זענען פאַרבעטן געוואָרן: קומט, ווייל אַלצדינג איז שוין אָנגעגרייט. [18] און
זיי האָבן זיך אַלע מיטאַמאָל אָנגעהויבן צוּ אַנטשוּלדיקן. דער ערשטער
האָט צוּ אים געזאָגט: איך האָב געקויפט אַ פעלד, און איך מוּז עס נייטיק
גיין זען; איך בעט דיך, זיי מיר מוֹחל. [19] און אַן אַנדערער האָט געזאָגט:
איך האָב געקויפט פינף יאָך אָקסן, און איך גיי זיי אויספּרוּאוון; איך בעט
דיך, זיי מיר מוֹחל. [20] און אַן אַנדערער האָט געזאָגט: איך האָב גענומען
אַ ווייב, און איך קאָן דעריבער ניט קומען. [21] און דער קנעכט איז געקומען,
און האָט דאָס אַלץ דערציילט צוּ זיין האַר. דעמאָלט איז דער בַּעל־הַבַּית
אין כַּעס געוואָרן, און האָט געזאָגט צוּ זיין קנעכט: גיי גיך אַרויס אויף די
גאַסן און שטעגן פוּן דער שטאָט, און ברענג אַהער די אָרעמע און געמוּמטע
און די בלינדע און לאָמע. [22] און דער קנעכט האָט געזאָגט: האַר, וואָס דוּ
האָסט באַפוילן, איז געטאָן געוואָרן, און דאָך איז נאָך פאַראַן פּלאַץ. [23] און

דער האַר האָט געזאָגט צו דעם קנעכט: גיי אַרויס אויף די שליאַכן און צוימען, און נייט זיי אַרייַנצוקומען, כּדי מיין הויז זאָל ווערן פול. [24] וואָרים איך זאָג אייך, אַז קיינער פון יענע לייט, וואָס זענען פאַרבעטן געוואָרן, וועט פאַרזוכן פון מיין סעודה.

[25] און אַ גרויסער עולם איז מיט אים געגאַנגען; און ער האָט זיך אויסגעדרייט, און האָט צו זיי געזאָגט: [26] דער, וואָס קומט צו מיר, און האָסט ניט זיין פאָטער, און מוטער, און ווייב, און קינדער, און ברידער, און שוועסטער, און דערצו אויך זיין אייגן לעבן, קאָן ער ניט זיין מיין תּלמיד. [27] און ווער סע טוט ניט טראָגן זיין אייגענעם צלב, און גייט מיר נאָך, קאָן ניט זיין מיין תּלמיד. [28] וואָרים ווער פון אייך, וואָס וויל בויען אַ טורעם, וועט זיך ניט קודם אַנידערזעצן און אויסרעכענען די הוצאות, צי ער האָט גענוג צו פאַרענדיקן אים? [29] ווייל טאָמער, ווען ער וועט האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט, און ניט קאָנען פאַרענדיקן, און אַלע, וואָס וועלן עס זען, וועלן אים נעמען אויסלאַכן, [30] און זאָגן: דער דאָזיקער מענטש האָט אָנגעהויבן צו בויען, און האָט ניט געקאָנט פאַרענדיקן. [31] אָדער וועלכער מלך, וואָס גייט אַרויס פירן מלחמה מיט אַן אַנדערן מלך, וועט זיך ניט קודם אַנידערזעצן און זיך מיַעץ זיין, צי קאָן ער מיט צען טויזנט באַגעגענען דעם, וואָס קומט אים אַנטקעגן מיט צוואַנציק טויזנט? [32] אויב ניט, שיקט ער שלוחים, בעת יענער איז נאָך ווייט, און בעט שלום־באַדינגונגען. [33] אַזוי אויך איטלעכער פון אייך, וואָס זאָגט זיך ניט אָפּ פון אַלץ, וואָס ער האָט, קאָן ער ניט זיין מיין תּלמיד.

[34] זאַלץ איז טאַקע גוט, נאָר אויב זאַלץ פאַרלירט דעם טעם, מיט וואָס זאָל מען עס ווירצן? [35] סע טויג ניט פאַר דער ערד, און אויך ניט פאַר דעם מיסט; מען וואַרפט עס אַרויס. דער, וואָס האָט אויערן צו הערן, זאָל הערן.

**טו** און אַלע מוכסים און זינדיקע האָבן גענעענט צו אים, כּדי אים צו הערן. [2] און די פּרושים און די סופרים האָבן געמורמלט, און געזאָגט: דער דאָזיקער נעמט אויף זינדיקע, און עסט מיט זיי.

[3] און ער האָט גערעדט צו זיי דאָס דאָזיקע משל: [4] וואָסער מענטש צווישן אייך, וואָס האָט הונדערט שאָף, און ער פאַרלירט איינע פון זיי, וועט ניט איבערלאָזן די ניין־און־ניינציק אין דער מדבר, און נאָכגיין נאָך דער,

וואָס איז פאַרלוירן, ביז ער געפינט זי? [5] און אַז ער געפינט זי, לייגט ער זי אַרויף אויף זיינע אַקסלען, און פרייט זיך. [6] און בעת ער קומט אַהיים, רופט ער צונויף זיינע פריינט, און די שכנים, און זאָגט צו זיי: פרייט אייך מיט מיר, וואָרים איך האָב געפונען מיין שאָף, וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען. [7] פונקט אַזוי, זאָג איך אייך, וועט זיין אַ שׂמחה אין הימל איבער איין חוטא, וואָס טוט תשובה, מער ווי איבער ניין־און־ניינציק צדיקים, וואָס דאַרפן ניט תשובה טאָן.

[8] אָדער וועלכע פרוי, וואָס האָט צען זילבערשטיק, און זי פאַרלירט איין שטיק, טוט ניט אָנצינדן אַ ליכט, און אויסקערן דאָס הויז און זוכט גוט, ביז זי געפינט עס? [9] און אַז זי געפינט עס, רופט זי צונויף אירע פריינט און שכנים, און זאָגט: פרייט אייך מיט מיר, ווייל איך האָב געפונען דאָס שטיק זילבער, וואָס איך האָב פאַרלוירן. [10] פונקט אַזוי, זאָג איך אייך, איז אַ שׂמחה פאַר די מלאָכים פון גאָט איבער איין חוטא, וואָס טוט תשובה.

[11] און ער האָט געזאָגט: איינער אַ מענטש האָט געהאַט צוויי זין; [12] און דער יינגערער פון זיי האָט געזאָגט צום פאָטער: פאָטער, גיב מיר דעם חלק פאַרמעגן, וואָס פאַלט אויס אויף מיר. און ער האָט צעטיילט צווישן זיי די נחלה. [13] און אין עטלעכע טעג אַרום, האָט דער יינגערער זון אַלץ צונויפגענומען, און איז אַוועקגעפאָרן אין אַ ווייטער מדינה, און דאָרט האָט ער געפּטרט זיין פאַרמעגן דורך אַ פאַרשייט לעבן. [14] און אַז ער האָט אַלץ פאַרשווענדט, איז געקומען אַ שטאַרקער הונגער אין יענער מדינה, און ער האָט אָנגעהויבן צו ליידן נויט. [15] און ער איז געגאַנגען און האָט זיך באַהעפט אָן איינעם פון די תושבים אין יענער מדינה, און ער האָט אים געשיקט אין זיינע פעלדער אַריין פאַשען חזירים. [16] און ער וואָלט גערן געוועזן אָנגעפילט זיין מאָגן מיט די שויטן, וואָס די חזירים האָבן געגעסן, אָבער קיינער האָט זיי אים ניט געגעבן. [17] און אַז ער איז געקומען צו זיך, האָט ער געזאָגט: וויפל לוין־אַרבעטער האָבן ביי מיין פאָטער ברויט בשפע, און איך גיי דאָ אויס פאַר הונגער! [18] איך וועל אויפשטיין און גיין צו מיין פאָטער, און וועל צו אים זאָגן: פאָטער, איך האָב געזינדיקט קעגן הימל און פאַר דיר; [19] איך בין מער ניט ווערט גערופן צו ווערן דיין זון; מאַך מיך ווי איינעם פון דיינע לוין־אַרבעטער. [20] און ער איז אויפגעשטאַנען, און האָט גענומען גיין צו זיין פאָטער. און בעת ער איז נאָך געווען גאַנץ וויַט, האָט אים זיין פאָטער געזען,

און ער האָט זיך דערבאַרעמט, און ער איז געלאָפן, און איז אים געפאַלן
אויפן האַלדז, און האָט אים געקושט. 21 און דער זון האָט צו אים געזאָגט:
פאָטער, איך האָב געזינדיקט קעגן הימל און פאַר דיר; איך בין מער ניט
ווערט גערופן צו ווערן דיין זון. 22 אָבער דער פאָטער האָט געזאָגט צו זיינע
קנעכט: ברענגט גיך אַרויס דאָס בעסטע מַלבוש, און טוט עס אים אָן.
און טוט אָן אַ רינג אויף זיין האַנט, און שיך אויף זיינע פיס; 23 און ברענגט
דאָס פעטע קאַלב, און שעכט עס, און לאָמיר עסן און זיך מְשַׂמֵחַ זיין. 24 וואָרים
דער דאָזיקער זון מיינער איז געווען טויט, און איז ווידער לעבעדיק; ער
איז געווען פאַרלוירן, און איז געפונען געוואָרן. און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן
מְשַׂמֵחַ צו זיין.

25 און זיין עלטערער זון איז געווען אין פעלד, און בעת ער איז געקומען
און זיך דערנעענטערט צום הויז, האָט ער געהערט שפילן און טאַנצן. 26 און
ער האָט צוגערופן איינעם פון די קנעכט, און האָט אים געפרעגט, וואָס דאָס
קאָן באַטייַטן. 27 האָט ער צו אים געזאָגט: דיין ברודער איז געקומען, און
דיין פאָטער האָט געשאָכטן דאָס פעטע קאַלב, מַחמת ער האָט זיך אומגעקערט
צו אים בְּשָׁלום. 28 אָבער דאָס האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן, און ער האָט
ניט געוואָלט אַרייַנגיין. און זיין פאָטער איז אַרויסגעקומען, און האָט אים
געבעטן, 29 אָבער ער האָט געענטפערט זיין פאָטער: זע, שוין אַזויפיל יאָרן
טו איך דיר דינען, און איך האָב קיינמאָל ניט עובר געווען דיינס אַ געבאָט;
און דאָך האָסטו מיר נאָך קיינמאָל ניט געגעבן אַ ציקעלע, כדי איך זאָל
מיך מְשַׂמֵחַ זיין מיט מיינע פריינט. 30 אָבער ווי נאָר דער דאָזיקער זון
דיינער איז געקומען, וואָס האָט פאַרצערט דיין נַחלה מיט זונות, האָסטו
געשאָכטן פאַר אים דאָס פעטע קאַלב. 31 און ער האָט צו אים געזאָגט: זון,
דו ביסט תָּמיד מיט מיר, און אַלץ, וואָס איז מייַנס, איז דייַנס. 32 עס איז
געווען רעכט זיך מְשַׂמֵחַ צו זיין און זיך צו פרייען, ווייל דער דאָזיקער
ברודער דיינער איז געווען טויט, און איז ווידער לעבעדיק; ער איז געווען
פאַרלוירן, און איז געפונען געוואָרן.

טז און ער האָט אויך געזאָגט צו זיינע תַּלמידים: עס איז געווען איינער
אַן עושר, וואָס האָט געהאַט אַ פאַרוואַלטער, און מען האָט אים
געמַסרט, אַז ער פאַרתַּכלעוועט זיין פאַרמעגן. 2 און ער האָט אים גערופן,
און צו אים געזאָגט: וואָס איז דאָס, וואָס איך הער וועגן דיר? גיב אָפּ חֶשבון

איבער דיין פאַרוואַלטונג, וואָרים דו קאָנסט לענגער ניט זיין קיין פאַרוואַלטער.
[3]און דער פאַרוואַלטער האָט צו זיך געזאָגט: וואָס זאָל איך טאָן, וואָרים
מיין האַר נעמט צו ביי מיר די פאַרוואַלטשאַפט? גראָבן קאָן איך ניט, און
בעטלען שעם איך מיך. [4]איך ווייס שוין וואָס צו טאָן, כּדי זיי זאָלן מיך
אויפנעמען אין זייערע הייזער, ווען איך וועל אַראָפּגעזעצט ווערן פון דער
פאַרוואַלטשאַפט. [5]און ער האָט גערופן צו זיך יעדן איינעם פון זיין האַרס
בעלי־חובות, און האָט געזאָגט צו דעם ערשטן: וויפל ביסטו שולדיק דעם
האַר מיינעם? [6]האָט ער געזאָגט: הונדערט מאָס אייל. און ער האָט צו אים
געזאָגט: נעם דיין שטר־חוב, און זעץ דיך שנעל אַנידער, און שרייב אָן
פופציק. [7]דערנאָך האָט ער געזאָגט צו אַן אַנדערן: און וויפל ביסטו שולדיק?
האָט ער געזאָגט: הונדערט מאָס ווייץ. זאָגט ער צו אים: נעם דיין שטר־
חוב, און שרייב אָן אַכציק. [8]און דער האַר האָט געלויבט דעם אומגערעכטן
פאַרוואַלטער, ווייל ער האָט קלוג געהאַנדלט; וואָרים די קינדער פון דער
דאָזיקער וועלט זענען קליגער אין זייער דור, ווי די קינדער פון ליכט.
[9]און איך זאָג אייך: מאַכט אייך פריינט מיט דעם מָמון פון אומגערעכטיקייט,
כּדי, ווען סע וועט זיך אויסלאָזן, זאָלן זיי אייך אויפנעמען אין די אייביקע
וואוינונגען.

[10]דער, וואָס איז געטריי אין דעם מינדסטן, איז אויך געטריי אין אַ
סך; און דער, וואָס איז אומגערעכט אין דעם מינדסטן, איז אויך אומגערעכט
אין אַ סך. [11]דעריבער, אויב איר זענט ניט געווען געטריי אין דעם אומגערעכטן
מָמון, ווער וועט אייך אָנפאַרטרויען דאָס אֶמתע עשירות? [12]און אויב איר
זענט ניט געווען געטריי מיט אַן אַנדערנס האָב־און־גוטס, ווער וועט אייך
געבן דאָס אייעריקע? [13]אַ קנעכט קאָן ניט דינען קיין צוויי האַרן; וואָרים
אָדער ער וועט איינעם פיינט האָבן, און ליב האָבן דעם אַנדערן, אָדער
ער וועט זיך האַלטן אָן איינעם, און פאַראַכטן דעם אַנדערן. איר קאָנט
ניט דינען גאָט און מָמון.

[14]און די פּרושים, וואָס זענען געווען ליבהאָבער פון געלט, האָבן
דאָס אַלץ געהערט, און זיי האָבן אים אויסגעלאַכט. [15]און ער האָט צו זיי
געזאָגט: איר זענט דאָס די, וואָס טוען זיך אַליין רעכטפאַרטיקן פאַר מענטשן,
אָבער גאָט קען אייערע הערצער; וואָרים דאָס, וואָס איז דערהויבן צווישן
מענטשן, איז אַן אומווערדיקייט פאַר גאָט.

16 די תּורה און די נבִיאים זענען געווען ביז יוחָנָן; פון דעמאָלט אָן
ווערט געדַרשנט די בשׂורה פון דעם מַלכות פון גאָט, און יעדער איינער
דרינגט אַריין דעריך מיט געוואַלט. 17 אָבער עס איז לײַכטער פאַר הימל און
ערד צו פאַרגיין, איידער פאַר איין שטריכל פון דער תּורה בָטל צו ווערן.
18 יעדער איינער, וואָס גֶט זיך מיט זיין ווייב און האָט חַתונה מיט אַן
אַנדערער, איז מזַנה; און ווער סע האָט חַתונה מיט אַ גרושה, איז אַ נואף.
19 און עס איז געווען איינער אַן עושר, וואָס האָט זיך געקליידט אין
פורפור און פיינע לײַוונט, און האָט געלעבט אין תַּענוג און אין וואוילטאָג
אַלע טעג. 20 און איינער אַן אָרעמאַן, וואָס האָט געהייסן אֶלעָזָר, איז געלעגן
ביי זיין טויער, פול מיט געשווירן, 21 און ער האָט געגאַרט זיך צו זעטיקן
מיט דעם, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון דעם עושרס טיש; יאָ, אַפילו די הינט
זענען געקומען און האָבן געלעקט זיינע געשווירן. 22 און עס איז געווען, אַז
דער אָרעמאַן איז געשטאָרבן, און ער איז אַוועקגעטראָגן געוואָרן פון די
מַלאָכים אין אַברָהמס שויס אַריין. און דער עושר איז אויך געשטאָרבן,
און מען האָט אים מקַבר געווען. 23 און אין שאול, זייענדיק אין יסורים, האָט
ער אויפגעהויבן זיינע אויגן, און ער האָט געזען אַברָהמען פונדערווײַטנס,
און אֶלעָזָרן אין זיין שויס. 24 און ער האָט געשריגן: פאָטער אַברָהם,
דערבאַרעם דיך אויף מיר, און שיק אֶלעָזָרן, אַז ער זאָל אײַנטונקען דעם
שפּיץ פון זיין פינגער אין וואַסער, און קילן מיין צונג; וואָרים איך לייד
יסורים אין דעם דאָזיקן פלאַם. 25 און אַברָהם האָט געזאָגט: זון, דערמאָן דיך,
אַז דו האָסט באַקומען דיין גוטס ביי דיין לעבן, און אֶלעָזָר בלויז שלעכטס;
אָבער איצטערט ווערט ער דאָ געטרייסט, און דו ווערסט געפּײַניקט. 26 און
חוץ דעם אַלעמען, שטייט צווישן אונדז און אייך אַ גרויסער תּהום, כּדי
די, וואָס וואָלטן וועלן אַריבערגיין פונדאַנען צו אייך, זאָלן ניט קענען,
און כּדי קיינער זאָל ניט אַריבערגיין פון דאָרטן צו אונדז. 27 און ער האָט
געזאָגט: איך בעט דיך דעריבער, פאָטער, אַז דו זאָלסט אים שיקן צו מיין
פאָטערס הויז, 28 וואָרים איך האָב פינף ברידער, כּדי ער זאָל זיי וואָרענען,
טאָמער וועלן זיי אויך קומען אין דעם דאָזיקן פלאַץ פון יסורים. 29 אָבער
אַברָהם האָט געזאָגט: זיי האָבן משהן און די נבִיאים; זאָלן זיי זיי הערן.
30 און ער האָט געזאָגט: ניין, פאָטער אַברָהם; נייערט אויב איינער פון די
טויטע זאָל קומען צו זיי, וועלן זיי תּשובה טאָן. 31 האָט ער צו אים געזאָגט:

אויב זיי הערן זיך ניט צו צו משהן און די נביאים, וועלן זיי אויך ניט
גלויבן, אויב איינער זאָל אויפֿשטיין פֿון די טויטע.

יז [1] און ער האָט געזאָגט צו זײַנע תּלמידים: עס איז אוממעגלעך, אַז עס
זאָלן ניט קומען קיין שטרויכלונגען; אָבער ווי צו יענעם, דורך וועמען
זיי קומען! [2] סע וואָלט פֿאַר אים בעסער געווען, אַז אַ מילשטיין וואָלט
אָנגעהאָנגען געוואָרן אַרום זײַן האַלדז, און ער וואָלט אַרײַנגעוואָרפֿן געוואָרן
אין ים אַרײַן, איידער צו מאַכן שטרויכלען איינעם פֿון די דאָזיקע קליינע.
[3] גיט אַכטונג אויף זיך; אויב דײַן ברודער זינדיקט, שטראָף אים; און אויב
ער האָט חרטה, זײַ אים מוחל. [4] און אויב ער זינדיקט קעגן דיר זיבן מאָל
אין טאָג, און ער ווענדט זיך צו דיר זיבן מאָל, און זאָגט: איך האָב חרטה,
זאָלסטו אים מוחל זײַן.

[5] און די שליחים האָבן געזאָגט צו דעם האַר: פֿאַרמער אונדזער
אמונה. [6] און דער האַר האָט געזאָגט: אויב איר וואָלט געהאַט אמונה אַזוי
גרויס ווי אַ קערנדל פֿון זענעפֿט־זריעה, וואָלט איר געקאָנט זאָגן צו דעם
דאָזיקן מוילבערבוים: ווער אויסגעוואָרצלט, און פֿאַרפֿלאַנץ דיך אין ים,
און ער וואָלט אײַך געפֿאָלגט.

[7] ווער פֿון אײַך, וואָס האָט אַ קנעכט צום אַקערן, אָדער צו היטן
שאָף, וועט צו אים זאָגן ווען ער קומט פֿון פֿעלד: קום תּיכּף אַהער, און
זעץ דיך צום טיש? [8] צי וועט ער ניט גיכער זאָגן צו אים: גרייט מיר אָן
עפּעס צו עסן, און גורט דיך אָן, און באַדין מיך, ביז איך וועל האָבן געגעסן
און געטרונקען; און דערנאָך וועסטו עסן און טרינקען? [9] צי טוט ער דאַנקען
דעם קנעכט, ווײַל ער האָט געטאָן, וואָס איז אים געבאָטן געוואָרן? [10] פּונקט
אַזוי אויך מיט אײַך, אַז איר וועט האָבן געטאָן די אַלע זאַכן, וואָס זענען
אײַך געבאָטן געוואָרן, זאָגט: מיר זענען אומנוצלעכע קנעכט; מיר האָבן
בלויז געטאָן אונדזער חוב.

[11] און בעת ער איז געווען אויף דעם וועג קיין ירושלים, איז ער
דורכגעגאַנגען דורך די געמאַרקן פֿון שומרון און גליל. [12] און אַז ער איז
אַרײַנגעקומען אין איינעם אַ דאָרף, האָבן אים באַגעגנט צען מצורעים, וואָס
זענען געשטאַנען פֿונדערווײַטנס, [13] און זיי האָבן אויפֿגעהויבן זייערע קולות,
און האָבן געזאָגט: ישוע, האַר, דערבאַרעם דיך אויף אונדז. [14] און אַז ער
האָט זיי געזען, האָט ער צו זיי געזאָגט: גייט און ווײַזט זיך פֿאַר די כּהנים.

און עס איז געווען, בעת זיי זענען געגאַנגען, זענען זיי גערייניקט געוואָרן.
[15] און איינער פֿון זיי, בעת ער האָט געזען, אַז ער איז געהיילט געוואָרן, האָט
זיך אומגעקערט, און מיט אַ הויך קול געלויבט גאָט; [16] און ער איז געפֿאַלן
אויף זיין פּנים צו זיינע פֿיס, און האָט אים געדאַנקט. און ער איז געווען אַ
שומרוני. [17] און ישוע האָט זיך אָפּגערופֿן: זענען ניט צען גערייניקט געוואָרן?
אָבער וואו זענען די ניין? [18] צי האָט זיך ניט געפֿונען קיינער, וואָס האָט זיך
אומגעקערט אָפּצוגעבן כּבֿוד צו גאָט, אַחוץ דער דאָזיקער פֿרעמדער? [19] און
ער האָט צו אים געזאָגט: שטיי אויף און גיי; דיין אמונה האָט דיר געהאָלפֿן.
[20] און אַז די פּרושים האָבן אים געפֿרעגט, ווען דאָס מלכות פֿון גאָט
וועט קומען, האָט ער זיי געענטפֿערט: דאָס מלכות פֿון גאָט קומט ניט אויף
אַ זעעוודיקן אופֿן; [21] מע וועט אויך ניט זאָגן: אָט איז עס! אָדער: דאָרטן!
וואָרים זע, דאָס מלכות פֿון גאָט איז אין אייך.
[22] און ער האָט געזאָגט צו די תּלמידים: סע וועלן קומען טעג, ווען
איר וועט באַגערן צו זען איינעם פֿון די טעג פֿון דעם בן־אָדם, און איר
וועט אים ניט זען. [23] און מע וועט צו אייך זאָגן: אָט דאָרט! אָט דאָ! גייט
ניט אַהין, און לויפֿט זיי ניט נאָך. [24] וואָרים אַזוי ווי דער בליץ שיינט אויף
אין איין עק הימל און באַלייכט דעם אַנדערן עק הימל, אַזוי וועט דער בן־
אָדם זיין אין זיין טאָג. [25] אָבער קודם מוז ער אַ סך ליידן, און פֿאַרוואָרפֿן
ווערן פֿון דעם דאָזיקן דור. [26] און ווי עס איז געווען אין די טעג פֿון נחן,
אַזוי וועט עס אויך זיין אין די טעג פֿון דעם בן־אָדם. [27] זיי האָבן געגעסן,
און געטרונקען, חתונה געהאַט און חתונה געמאַכט, ביזן טאָג ווען נח איז
אַריינגעגאַנגען אין דער תּיבֿה אַריין, און דער מבול איז געקומען, און האָט
זיי אַלע פֿאַרטיליקט. [28] פּונקט אַזוי ווי עס איז געווען אין די טעג פֿון לוטן:
זיי האָבן געגעסן, און געטרונקען, זיי האָבן געקויפֿט, און פֿאַרקויפֿט, זיי
האָבן געפֿלאַנצט, און געבויט; [29] אָבער אין דעם טאָג, ווען לוט איז אַרויס־
געגאַנגען פֿון סדום, האָט עס גערעגנט מיט פֿייער און שוועבל פֿון הימל, און
האָט זיי אַלע פֿאַרטיליקט; [30] פּונקט אַזוי וועט עס זיין אין דעם טאָג, ווען
דער בן־אָדם וועט אַנטפּלעקט ווערן. [31] אין יענעם טאָג זאָל דער, וואָס איז
אויפֿן דאַך און זיינע כּלים זענען אין הויז, ניט אַראָפּגיין זיי אַוועקצונעמען;
און זאָל דער, וואָס איז אין פֿעלד, זיך ניט אומקערן צוריק. [32] געדענקט
לוטס ווייב. [33] דער, וואָס וויל מציל זיין זיין לעבן, וועט עס פֿאַרלירן; און

ווער סע וועט עס פאַרלירן, וועט עס דערהאַלטן. 34 איך זאָג אייך, אין
יענער נאַכט וועלן צוויי זיין אויף איין בעט; איינער וועט אַוועקגענומען
ווערן, און דער אַנדערער וועט איבערגעלאָזט ווערן. 35 צוויי ווייבער וועלן
מאָלן צוזאַמען; איינע וועט אַוועקגענומען ווערן, און די אַנדערע וועט
איבערגעלאָזט ווערן. 36 צוויי וועלן זיין אין פעלד; איינער וועט אַוועקגענומען
ווערן, און דער אַנדערער וועט איבערגעלאָזט ווערן. 37 און זיי האָבן צו
אים געזאָגט: וואו, האַר? און ער האָט צו זיי געזאָגט: אַוואו ס'איז די נבֵלה,
דאָרט וועלן זיך די אָדלערס פאַרזאַמלען.

יח און ער האָט זיי דעריבער דערציילט אַ מָשל, אַז זיי זאָלן תָּמיד מִתפַּלֵל
זיין, און ניט מיד ווערן. 2 און ער האָט געזאָגט: אין איינער אַ שטאָט
איז געווען אַ שופט, וואָס האָט ניט מורא געהאַט פאַר גאָט, און ניט נושׂא־
פָּנים געווען קיין מענטשן. 3 און אין יענער שטאָט איז געווען אַן אַלמָנה,
וואָס איז אָפט געקומען צו אים, און האָט געזאָגט: נעם זיך אָן פאַר מיר
קעגן מיין שונא. 4 און ער האָט אַ ציַיטלאַנג ניט געוואָלט; נאָר דערנאָך האָט
ער זיך באַרעכנט: כאָטש איך האָב ניט קיין מורא פאַר גאָט, און בין ניט
נושׂא־פָּנים קיין מענטשן, 5 דאָך, ווייל די דאָזיקע אַלמָנה איז מיך מַטריחַ,
וועל איך מיך אָננעמען פאַר איר, וואָרים זי וועט מיך פאַרמאַטערן מיט
איר שטענדיקן קומען. 6 און דער האַר האָט געזאָגט: הערט וואָס דער
אומגערעכטער שופט זאָגט. 7 און צי וועט גאָט זיך ניט אָננעמען פאַר זיינע
אויסדערוויילטע, וואָס רופן צו אים טאָג און נאַכט, און ער איז געדולדיק
מיט זיי? 8 איך זאָג אייך, אַז ער וועט זיך גיך אָננעמען פאַר זיי. און בעת
דער בֶּן־אָדָם וועט קומען, צי וועט ער דען געפינען אֱמונה אויף דער ערד?
9 און ער האָט אויך געזאָגט דאָס דאָזיקע מָשל צו עטלעכע, וואָס
זענען געווען זיכער ביי זיך, אַז זיי זענען צַדיקים, און אַלע אַנדערע האָבן
זיי געמאַכט צו גאָרנישט: 10 צוויי מענטשן זענען אַרויפגעגאַנגען אין דעם בֵּית־
הַמִקדָש אַריין מִתפַּלֵל צו זיין; איינער אַ פּרושי און דער אַנדערער אַ מוכס.
11 דער פּרושי איז געשטאַנען און האָט אַזוי אין זיך מִתפַּלֵל געווען: גאָט, איך
דאַנק דיר, וואָס איך בין ניט ווי די איבעריקע מענטשן: רויבער, אומגערעכטע,
נואָפים, אָדער אַפילו ווי דער דאָזיקער מוכס. 12 איך פאַסט צוויי מאָל אין
דער וואָך, און גיב מַעשׂר פון אַלץ, וואָס איך קריג. 13 אָבער דער מוכס איז
געשטאַנען פונדערוויַיטנס, און האָט צומאָל ניט געוואָלט אויפהייבן זיינע

אויגן צום הימל, נייערט האָט זיך געשלאָגן אין האַרצן, און געזאָגט: גאָט,
דערבאַרעם דיך אויף מיר, אַ חוטא! 14 איך זאָג אייך, דער דאָזיקער האָט
אַראָפּגענידערט צו זיין הויז מער גערעכטפאַרטיקט ווי יענער; וואָרים יעדער
איינער, וואָס דערהייבט זיך אַליין, וועט דערנידעריקט ווערן; און ווער סע
דערנידעריקט זיך אַליין, וועט דערהייבט ווערן.

15 און זיי האָבן אויך געבראַכט צו אים קליינע קינדער, כּדי ער זאָל
זיי אָנרירן; און אַז די תּלמידים האָבן דאָס געזען, האָבן זיי זיך אויף זיי
אָנגעבייזערט. 16 אָבער יֵשוע האָט זיי צוגערופן צו זיך, און געזאָגט: לאָזט די
קינדער קומען צו מיר, און פאַרווערט זיי ניט; ווייל צו אַזעלכע געהערט
דאָס מַלכות פון גאָט. 17 פאַרוואָר, איך זאָג אייך, ווער סע וועט ניט מקַבּל
זיין דאָס מַלכות פון גאָט ווי אַ קינד, דער וועט בּאֵין־אופן ניט אַרײַנקומען
אַהין.

18 און איינער אַ שׂר האָט אים געפרעגט, אַזוי צו זאָגן: רֶבּי גוטער,
וואָס זאָל איך טאָן, כּדי צו יַרשענען אייביק לעבן? 19 און יֵשוע האָט צו אים
געזאָגט: פאַרוואָס רופסטו מיך גוטער? קיינער איז ניט גוט, אַחוץ גאָט אַליין.
20 דו קענסט די מִצוות: דו זאָלסט ניט מזַנה זיין, דו זאָלסט ניט הַרגענען, דו
זאָלסט ניט גַנבענען, דו זאָלסט ניט פאַלש עֵדות־זאָגן, האַלט בּכָבוד דיין
פאָטער און מוטער[א]. 21 און ער האָט געזאָגט: דאָס אַלץ האָב איך אָפּגעהיט
פון מיין יוגנט אָן. 22 און אַז יֵשוע האָט דאָס געהערט, האָט ער צו אים
געזאָגט: נאָך איין זאַך פעלט דיר: פאַרקויף אַלץ, וואָס דו האָסט, און טייל
עס פונאַנדער צו די אָרעמע, און דו וועסט האָבן אַן אוצר אין הימל; און קום,
און גיי מיר נאָך. 23 און אַז ער האָט דאָס געהערט, איז ער געוואָרן שטאַרק
טרויעריק; וואָרים ער איז געווען זייער רייך. 24 און יֵשוע האָט אים אָנגעקוקט,
און געזאָגט: ווי שווער איז עס פאַר די, וואָס האָבן עשירות, אַרײַנצוקומען
אין דעם מַלכות פון גאָט! 25 עס איז לײַכטער פאַר אַ קעמל דורכצוגיין
דורך אַ לעכל פון אַ נאָדל, ווי פאַר אַן עושר אַרײַנצוקומען אין דעם מַלכות
פון גאָט. 26 און די, וואָס האָבן דאָס געהערט, האָבן געזאָגט: טאָ ווער קאָן
ניצול ווערן? 27 און ער האָט געזאָגט: דאָס, וואָס איז בּיי מענטשן ניט מעגלעך,
איז מעגלעך בּיי גאָט. 28 און פעטרוס האָט געזאָגט: זע, מיר האָבן געלאָזן
אונדזער אייגנס, און זענען דיר נאָכגעגאַנגען. 29 האָט ער צו זיי געזאָגט:

א שמות כ, 12—14; דברים ה, 16—18.

פאַרוואָר, איך זאָג אייך, ניטאָ קיינער, וואָס האָט פאַרלאָזן הויז, אָדער
ווייב, אָדער ברידער, אָדער עלטערן, אָדער קינדער צוליב דעם מַלכות־
פון גאָט, 30 אַז ער זאָל ניט באַקומען כֵּפל־כִּפלַיִם אין דער איצטיקער צייט,
און אויף יענער וועלט, אייביק לעבן.
31 און ער האָט גענומען צו זיך די צוועלף, און האָט צו זיי געזאָגט:
זעט, מיר גייען אַרויף קיין ירושָלַיִם, און אַלצדינג, וואָס איז געשריבן געוואָרן
דורך די נביאים וועגן דעם בֶּן־אָדָם, וועט מקוים ווערן. 32 וואָרים ער וועט
איבערגעענטפערט ווערן צו די גוֹיים, און וועט אויסגעשפּעט, און פאַרשעמט,
און פאַרשפּיגן ווערן. 33 און זיי וועלן אים געבן מַלקות, און אים טייטן;
און דעם דריטן טאָג וועט ער ווידער אויפשטיין. 34 און זיי האָבן גאָרניט
פאַרשטאַנען פון די דאָזיקע זאַכן; און דאָס דאָזיקע וואָרט איז געווען
פאַרהוילן פון זיי, און זיי האָבן ניט באַנומען, וואָס עס איז צו זיי געזאָגט
געוואָרן.
35 און עס איז געווען, בעת ער האָט זיך דערנענטערט צו יְריחוֹ, איז
איינער אַ בלינדער געזעסן ביים וועג, און האָט געבעטלט. 36 און אַז ער
האָט געהערט דאָס פאָלק פאַרבײַגיין, האָט ער זיך נאָכגעפרעגט, וואָס דאָס
באַטײַט. 37 און מען האָט אים געזאָגט, אַז יֵשוּעַ הַנוֹצרי גייט פאַרביי. 38 און
ער האָט געשריגן: יֵשוּעַ, בֶּן־דָוִד, האָב רַחמָנוּת אויף מיר! 39 און די, וואָס
זענען געגאַנגען פאָרויס, האָבן אויף אים אָנגעשריגן, אַז ער זאָל שווייגן.
אָבער ער האָט נאָך העכער געשריגן: בֶּן־דָוִד, האָב רַחמָנוּת אויף מיר! 40 און
יֵשוּעַ האָט זיך אָפּגעשטעלט, און האָט באַפוילן, מען זאָל אים ברענגען צו
אים; און אַז ער האָט זיך דערנענטערט, האָט ער אים געפרעגט: 41 וואָס
ווילסטו, אַז איך זאָל טאָן פאַר דיר? האָט ער געזאָגט: האַר, אַז איך זאָל
קענען קריגן מיין ראִיה. 42 און יֵשוּעַ האָט צו אים געזאָגט: באַקום דיין ראִיה.
דיין אֶמוּנה האָט דיר געהאָלפן. 43 און ער האָט תֵּיכף באַקומען זיין ראִיה,
און איז אים נאָכגעגאַנגען, און האָט געלויבט גאָט; און דאָס גאַנצע פאָלק,
אַז זיי האָבן דאָס געזען, האָבן אָפּגעגעבן גאָט אַ לויב.

יט און ער איז אַרײַנגעקומען און איז דורכגעגאַנגען דורך יְריחוֹ. 2 און
אָט איז דאָרטן געווען אַ מענטש מיטן נאָמען זַכַּי, וואָס איז געווען פון
די ראָשי־הַמוֹכסים, און ער איז געווען אַן עוֹשר. 3 און ער האָט באַגערט צו
זען יֵשוּעַן, ווער ער איז, און האָט עס ניט געקאָנט צוליב דעם עוֹלם, מַחמת

ער איז געווען קליין אין וואוקס. 4 און ער איז געלאָפֿן פֿאָרויס, און האָט
אַרויפֿגעקלעטערט אויף אַ פֿײַגנבוים, כּדי אים צו זען; וואָרים ער האָט
באַדאַרפֿט פֿאַרבײַגײן יענעם וועג. 5 און אַז יֵשוּעַ איז געקומען צו דעם
פּלאַץ, האָט ער אַרויפֿגעקוקט, און צו אים געזאָגט: זַכַּי, אײַל דיך, און
קום אַראָפּ, ווײַל הײַנט מוז איך אײַנשטיין אין דײַן הויז. 6 און ער איז שנעל
אַרונטערגעקומען, און האָט אים אויפֿגענומען מיט שׂמחה. 7 און אַז זיי האָבן
דאָס געזען, האָבן זיי אַלע געמורמלט: צו אַ חוטא איז ער אַרײַנגעגאַנגען
איבערצונעכטיקן! 8 און זַכַּי האָט זיך אויפֿגעשטעלט, און געזאָגט צו דעם
האַר: זע, האַר, די העלפֿט פֿון מײַן פֿאַרמעגן גיב איך די אָרעמע; און אויב
איך האָב פֿון עמיצן עפּעס באַגזלט, וועל איך אים אומקערן פֿירפֿאַך. 9 און
יֵשוּעַ האָט צו אים געזאָגט: הײַנט איז געקומען אַ ישועה אויף דעם דאָזיקן
הויז, ווײַל ער איז אויך אַ בֶּן־אַבְרָהָם. 10 וואָרים דער בֶּן־אָדָם איז געקומען
זוכן און מַציל צו זײַן דאָס, וואָס איז געווען פֿאַרלוירן.

11 און בעת זיי האָבן דאָס געהערט, האָט ער זיי ווידער דערציילט
אַ מָשל, מַחמת ער איז געווען נאָענט פֿון ירושָלַיִם, און זיי האָבן געמיינט,
אַז דאָס מַלכות פֿון גאָט דאַרף אינגיכן אַנטפּלעקט ווערן. 12 ער האָט
דעריבער געזאָגט: איינער אַן אײדלמאַן איז אַוועק אין אַ ווײַטן לאַנד אַרײַן,
צו קריגן פֿאַר זיך אַ מלוכה, און זיך אומצוקערן. 13 און ער האָט גערופֿן
צען פֿון זײַנע קנעכט, און האָט זיי געגעבן צען מָנִים, און צו זיי געזאָגט:
האַנדלט מיט דעם ביז איך וועל צוריקקומען. 14 אָבער זײַנע שטאָטלײַט האָבן
אים פֿײַנט געהאַט, און האָבן נאָכגעשיקט נאָך אים שלוחים, אַזוי צו זאָגן:
מיר ווילן ניט, אַז דער דאָזיקער זאָל הערשן איבער אונדז. 15 און עס איז
געווען, נאָכדעם ווי ער האָט איבערגענומען די מלוכה, און האָט זיך צוריק־
געקערט, האָט ער באַפֿוילן צו רופֿן די קנעכט, וועמען ער האָט געגעבן
דאָס געלט, כּדי אויסצוגעפֿינען וואָס איטלעכער האָט פֿאַרדינט אין זײַן
מִסחר. 16 און דער ערשטער איז געקומען פֿאַר אים, און האָט געזאָגט: האַר,
דײַן מָנה האָט אַרײַנגעבראַכט נאָך צען מָנִים. 17 און ער האָט צו אים געזאָגט:
האָסט גוט געטאָן, דו גוטער קנעכט! ווײַל דו ביסט געווען געטריי איבער
ווייניק, זאָלסטו האָבן רשות איבער צען שטעט. 18 און דער צווייטער איז
געקומען, און האָט געזאָגט: דײַן מָנה, האַר, האָט אַרײַנגעבראַכט פֿינף מָנִים.
19 און ער האָט אויך צו אים געזאָגט: זיי דו אויך איבער פֿינף שטעט. 20 און

אַן אַנדערער איז געקומען, און האָט געזאָגט: האַר, אָט איז דיין מָנה, וואָס
איך האָב געהאַט באַהאַלטן אין אַ טיכל; [21] וואָרים איך האָב מורא געהאַט
פאַר דיר, מַחמת דו ביסט אַ שטרענגער מענטש; דו נעמסט, וואָס דו האָסט
ניט אַנידערגעלייגט, און שניידסט דאָס, וואָס דו האָסט ניט געזייט. [22] האָט
ער צו אים געזאָגט: לויט דיין אייגן מויל וועל איך דיך מִשפּטן, דו שלעכטער
קנעכט! דו האָסט געוואוסט, אַז איך בין אַ שטרענגער מענטש, אַז איך נעם,
וואָס איך האָב ניט אַנידערגעלייגט, און שנייד, וואָס איך האָב ניט געזייט.
[23] טאָ פאַרוואָס האָסטו ניט אַרייַנגעגעבן מיין געלט אין דער באַנק, און ביי
מיין צוריקקומען, וואָלט איך עס באַקומען מיט פּראָצענט? [24] און ער האָט
געזאָגט צו די, וואָס זענען געשטאַנען דערביי: נעמט צו ביי אים די מָנה,
און גיט עס דעם, וואָס האָט די צען מָנים. [25] און זיי האָבן צו אים געזאָגט:
האַר, ער האָט צען מָנים! [26] איך זאָג אייך, דער, וואָס האָט, דעם וועט
געגעבן ווערן; פון דעם אָבער, וואָס האָט ניט, פון אים וועט אַוועקגענומען
ווערן אַפילו דאָס, וואָס ער האָט. [27] און יענע, מיינע שׂונאים, וואָס האָבן
ניט געוואָלט, אַז איך זאָל הערשן איבער זיי, ברענגט זיי אַהער און הרגעט
זיי פאַר מיינע אויגן.

[28] און נאָכדעם ווי ער האָט דאָס געזאָגט, איז ער געגאַנגען פאָרויס,
און האָט עולה־רגל געווען קיין ירושָלַיִם. [29] און עס איז געווען, בעת ער
האָט זיך דערנענטערט קיין בית־פַּגֵי און בית־היִני, ביים באַרג וואָס הייסט
הר־הַזֵיתים, האָט ער געשיקט צוויי פון זיינע תּלמידים, [30] און געזאָגט: גייט
אין דאָרף אַריין אַנטקעגנאיבער אייך, און בעת איר וועט אַרייַנקומען, וועט
איר געפינען אַן אייזל צוגעבונדן, אויף וועלכן קיינער איז נאָך ניט געזעסן;
בינדט עס אָפּ, און ברענגט עס אַהער. [31] און אויב עמיצער וועט אייך
פרעגן: פאַרוואָס בינדט איר עס אָפּ? זאָלט איר אַזוי זאָגן: דער האַר דאַרף
עס האָבן. [32] און די שליחים זענען געגאַנגען, און האָבן געפונען פונקט ווי
ער האָט צו זיי געזאָגט. [33] און בעת זיי האָבן אָפּגעבונדן דאָס אייזל, האָבן
זיינע בעלי־בתּים צו זיי געזאָגט: פאַרוואָס בינדט איר אָפּ דאָס אייזל?
[34] און זיי האָבן געזאָגט: דער האַר דאַרף עס האָבן. [35] און זיי האָבן עס
געבראַכט צו ישוען, און האָבן אַרויפגעוואָרפן זייערע מַלבושים אויף דעם
אייזל, און האָבן ישוען אַרויפגעזעצט דערויף. [36] און בעת ער איז געגאַנגען,
האָבן זיי אויסגעשפּרייט זייערע מַלבושים אויפן וועג. [37] און ווי ער האָט זיך

דערנענטערט צום אַראָפּגאַנג פון דעם הַר־הַזֵּיתים, האָט דער גאַנצער עולם
תַּלמידים אָנגעהויבן צו פרייען זיך און לויבן גאָט מיט אַ הויך קול פאַר
אַלע וואונדערלעכע מַעשׂים, וואָס זיי האָבן געזען, 38 און האָבן געזאָגט:
געבענטשט איז דער מֶלך, וואָס קומט אין דעם נאָמען פון גאָט! שָׁלום אין
הימל, און כָּבוד אין דער הייך! 39 און עטלעכע פון די פּרושים פון צווישן
דעם פאָלק האָבן צו אים געזאָגט: רֶבּי, שריי אָן אויף דיינע תַּלמידים.
40 און ער האָט געענטפערט: איך זאָג אייך, אַז אויב די דאָזיקע וועלן שווייגן,
וועלן די שטיינער שרייען.

41 און בעת ער האָט זיך דערנענטערט, האָט ער געזען די שטאָט, און
האָט זיך צעוויינט איבער איר, 42 און געזאָגט: הַלוואַי וואָלטסטו געוואוסט
אין דעם היינטיקן טאָג דאָס, וואָס קער זיך אָן צו דיין שָׁלום! איצט איז דאָס
אָבער פאַרהוילן פון דיינע אויגן. 43 וואָרים סע וועלן קומען אויף דיר טעג,
ווען דיינע שׂונאים וועלן אויפשיטן אַ וואַל אַרום דיר, און דיך אַרומרינגלען,
און דיך באַלאַגערן פון אַלע זייטן; 44 און וועלן דיך שמעטערן צו דער ערד,
און דיינע קינדער צווישן דיר, און ניט לאָזן אין דיר איין שטיין אויפן אַנדערן;
מַחמת דו האָסט ניט דערקענט די צייט, ווען דו ביסט געדענקט געוואָרן.

45 און ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין דעם בֵּית־הַמִקדש אַרײַן, און האָט
גענומען אַרויסטרײַבן די, וואָס האָבן פאַרקויפט, 46 און האָט צו זיי געזאָגט:
סע שטייט געשריבן: מיין הויז זאָל זיין אַ הויז פון תּפִילה, אָבער איר האָט
עס געמאַכט אַ הייל פון גַזלָנים[א].

47 און ער האָט טאָג־טעגלעך געלערנט אין דעם בֵּית־הַמִקדש. און די
ראָשי־כֹּהֲנים, און די סופרים, און די עלצטע פון פאָלק האָבן געזוכט אים
אומצוברענגען. 48 און זיי האָבן ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, וואָרים דאָס
גאַנצע פאָלק האָט זיך באַהעפט אָן אים, און זיך צו אים צוגעהערט.

כ און עס איז געווען אין איינעם פון די טעג, בעת ער האָט געלערנט
דאָס פאָלק אין דעם בֵּית־הַמִקדש, און האָט מְבַשֵׂר געווען די בשׂורה,
האָבן צו אים געענטפערט די ראָשי־כֹּהֲנים און די סופרים מיט די זְקֵנים, 2 און
זיי האָבן צו אים געזאָגט: זאָג אונדז, מיט וועמעס רשות טוסטו דאָס אַלץ,
אָדער ווער איז דאָס דער, וואָס האָט דיר געגעבן דאָס דאָזיקע רשות?

א ישעיה נו, 7; ירמיה ז, 11.

3 און ער האָט געענטפערט, און צו זיי געזאָגט: איך וועל אייך אויך פרעגן אַ
קַשיא; נו, זאָגט מיר: 4 די טבֿילה פון יוֹחָנָן, איז זי געווען פון הימל, אָדער
פון מענטשן? 5 און זיי האָבן זיך געשלאָגן מיט דער דֵעה, און געזאָגט: אויב
מיר וועלן זאָגן: פון הימל, וועט ער זאָגן: פאַרוואָס האָט איר אים ניט
געגלויבט? 6 וועלן מיר אָבער זאָגן: פון מענטשן, וועט אונדז דאָס גאַנצע
פאָלק פאַרשטיינען; וואָרים זיי זענען איבערצייגט, אַז יוֹחָנָן איז געווען אַ
נָביא. 7 און זיי האָבן געענטפערט, אַז זיי ווייסן ניט פונוואַנען. 8 האָט יֵשוּעַ
צו זיי געזאָגט: אויב אַזוי, וועל איך אייך אויך ניט זאָגן מיט וועמעס רשות
איך טו דאָס.

9 און ער האָט אָנגעהויבן רעדן צום פאָלק דאָס דאָזיקע מָשל: אַ מענטש
האָט געפלאַנצט אַ ווײַנגאָרטן, און האָט אים פאַרדונגען צו ווײַנגערטנער,
און איז אַוועק אין אַן אַנדער לאַנד אַריין אויף אַ לאַנגער צייט. 10 און צו
דער באַשטימטער צייט, האָט ער געשיקט צו די ווײַנגערטנער אַ קנעכט, אַז
זיי זאָלן אים געבן פון די פּירות פון דעם ווײַנגאָרטן; אָבער די ווײַנגערטנער
האָבן אים געשלאָגן, און אים אַוועקגעשיקט ליידיק. 11 און ער האָט געשיקט
אַן אַנדערן קנעכט; און אויך אים האָבן זיי געשלאָגן, און האָבן אים מבֿזה
געווען, און אים אַוועקגעשיקט ליידיק. 12 און ער האָט געשיקט נאָך אַ דריטן;
און אים האָבן זיי צענִיזוקט, און אַרויסגעוואָרפן. 13 און דער האַר פון דעם
ווײַנגאָרטן האָט געזאָגט: וואָס זאָל איך טאָן? איך וועל שיקן מיין באַליבטן
זון; אֶפשר וועלן זיי דֶרֶך־אֶרֶץ האָבן פאַר אים. 14 אָבער ווען די ווײַנגערטנער
האָבן אים דערזען, האָבן זיי זיך מײַעץ געווען איינער מיט דעם אַנדערן,
און געזאָגט: דאָס איז דער יוֹרֵש; לאָמיר אים הַרגענען, כּדי די ירושה זאָל
זיין אונדזערע. 15 און זיי האָבן אים אַרויסגעוואָרפן פון דעם ווײַנגאָרטן,
און האָבן אים געהַרגעט. בכֵן, וואָס וועט דער האַר פון דעם ווײַנגאָרטן
טאָן צו זיי? 16 ער וועט קומען און אומברענגען יענע ווײַנגערטנער, און
דעם ווײַנגאָרטן געבן צו אַנדערע. און אַז זיי האָבן דאָס געהערט, האָבן
זיי געזאָגט: חַס־וְחָלִילה! 17 אָבער ער האָט אויף זיי געקוקט, און געזאָגט:
וואָס דען מיינט דאָס, וואָס סע שטייט געשריבן:

דער שטיין, וואָס די בוימײַסטער האָבן פאַרוואָרפן,
איז געוואָרן צום ווינקלשטיין[א]?

א תהלים קיח, 22.

18 יעדער איינער, וואָס וועט פאַלן אויף יענעם שטיין, וועט זיך צעשלאָגן;
אָבער אויף וועמען ער וועט פאַלן, דעם וועט ער צעמאָלן.
19 און די סופרים און די ראָשי־כהנים האָבן גראָד אין יענער שָעה
געזוכט צו לייגן אויף אים אַ האַנט, אָבער זיי האָבן מורא געהאַט פאַר
דעם פאָלק; וואָרים זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס דאָזיקע מָשל האָט ער
גערעדט אויף זיי. 20 און זיי האָבן אים נאָכגעקוקט, און האָבן געשיקט
לויערער, וואָס האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר פרומע לייט, כדי אים צו כאַפן
ביי זיינע רייד, און אים איבערענטפערן צו דער מאַכט און אין רשות פון
דעם פראָקוראַטאָר. 21 און זיי האָבן אים געפרעגט: רֶבי, מיר ווייסן, אַז דו
רעדסט און לערנסט רעכטפאַרטיק, און ביסט קיינעם ניט נושׂא־פָנים, נייערט
לערנסט באֶמת דעם וועג פון גאָט. 22 דאַרפן מיר געבן שטייער דעם קֵיסר,
אָדער ניט. 23 אָבער ער האָט דערקענט זייער כיטרעקייט, און האָט צו זיי
געזאָגט: 24 ווייזט מיר אַ דינָר. וועמעס בילד און אויפשריפט איז דאָס? און
זיי האָבן געזאָגט: דעם קֵיסרס. 25 האָט ער צו זיי געזאָגט: גיט דעריבער
דעם קֵיסר דאָס, וואָס איז דעם קֵיסרס, און צו גאָט דאָס, וואָס איז גאָטס.
26 און זיי האָבן אים ניט געקענט כאַפן מיט קיין וואָרט פאַר דעם פאָלק;
און זיי זענען פאַרחידושט געוואָרן פון זיין ענטפער, און האָבן געשוויגן.
27 און סע האָבן גענעענט עטלעכע פון די צדוקים, וואָס זאָגן, אַז ס'איז
ניטאָ קיין תחִיַת־הַמֵתים, 28 און זיי האָבן אים געפרעגט, אַזוי צו זאָגן: רֶבי,
מֹשה האָט אונדז פירגעשריבן, אַז אויב איינעמס אַ ברודער וועט שטאַרבן,
וואָס האָט אַ ווייב, און קיין קינדער האָט ער ניט, זאָל זיין ברודער נעמען
דאָס ווייב, און אויפשטעלן זאָמען פאַר זיין ברודער[א]. 29 און אָט זענען געווען
זיבן ברידער; און דער ערשטער האָט גענומען אַ ווייב, און איז געשטאָרבן,
און קיין קינדער האָט ער ניט געהאַט; 30 און דער צווייטער 31 און דער
דריטער האָבן זי גענומען, און אַזוי האָבן אויך די זיבן ניט געלאָזט קיין
קינדער, און זענען געשטאָרבן. 32 צולעצט איז אויך די פרוי געשטאָרבן.
33 היינט, ביי תחִיַת־הַמֵתים, וועמעס ווייב וועט זי דעריבער זיין? וואָרים די
זיבן האָבן זי געהאַט פאַר אַ ווייב.
34 און יֵשוע האָט צו זיי געזאָגט: די קינדער פון דער דאָזיקער וועלט
האָבן חתונה, און מע מאַכט זיי חתונה; 35 אָבער די, וואָס זענען זוכה צו

א דברים כה, 5, 6.

עולם־הַבא און תּחִיַת־הַמֵתים, האָבן ניט חַתונה, און מע מאַכט זיי ניט חַתונה;
[36] וואָרים זיי קענען מער ניט שטאַרבן, מַחמת זיי זענען גלייך צו מַלאָכים,
און זענען קינדער פון גאָט, ווייל זיי זענען קינדער פון תּחִיַת־הַמֵתים. [37] און
אַז די טויטע וועלן אויפשטיין, האָט אַפילו משה מרַמֵז געווען ביים סנֶה,
בעת ער רופט גאָט דעם גאָט פון אַבְרָהם, און דעם גאָט פון יִצחָק, און
דעם גאָט פון יַעקב[א]. [38] און גאָט איז ניט דער גאָט פון טויטע, נייערט פון
לעבעדיקע; וואָרים אַלע לעבן פאַר אים. [39] און עטלעכע פון די סופרים
האָבן געענטפערט: רֶבּי, דו האָסט וואויל גערעדט. [40] וואָרים זיי האָבן זיך
מער ניט דערלויבט אים עפּעס צו פרעגן.
[41] און ער האָט צו זיי געזאָגט: ווי קומט עס, וואָס מען זאָגט, אַז דער
מָשיחַ איז דָוִדס זון? [42] וואָרים דָוִד אַליין האָט געזאָגט אין דעם סֵפר תּהִלים:

גאָט האָט געזאָגט צו מיין האַר:
זעץ דיך ביי מיין רעכטער האַנט,
[43] ביז איך וועל מאַכן דיינע פיינט פאַר דיין פוסבענקל[ב].

[44] און אויב דָוִד רופט אים אָן האַר, וויאַזוי איז ער זיין זון?
[45] און בעת דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך צוגעהערט, האָט ער געזאָגט
צו זיינע תּלמידים: [46] היט אייך פאַר די סופרים, וואָס האָבן ליב צו גיין
אין לאַנגע טַלִיתים, און האָבן ליב מע זאָל זיי אָפּגעבן שָלום אין די
מאַרקפּלעצער, און די חָשובסטע שטאָט אין די בָּתֵי־כּנֵסִיות, און דעם
אויבן־אָן אויף סעודות; [47] זיי, וואָס שלינגען איין די הייזער פון אַלמָנות, און
טוען כּלומרשט דאַווענען לאַנג. זיי וועלן שוין קריגן אַ האַרבערן פּסַק.

כא און ער האָט זיך אַרומגעקוקט, און האָט געזען ווי די רייכע וואַרפן
אַריין זייערע נדָבות אין דעם שאַצקאַסטן; [2] און ער האָט אויך
געזען ווי אַן אָרעמע אַלמָנה האָט אַהין אַריינגעוואָרפן צוויי פּרוטות. [3] און
ער האָט געזאָגט: פאַרוואָר, איך זאָג אייך, די דאָזיקע אָרעמע אַלמָנה האָט
מער אַריינגעוואָרפן ווי זיי אַלע; [4] וואָרים זיי אַלע האָבן מנַדב געווען
פון דעם, וואָס זיי האָבן געהאַט איבעריק, אָבער זי האָט פון איר נויט
אַריינגעוואָרפן אַלץ, וואָס זי האָט געהאַט צום לעבן.
[5] און בעת עטלעכע האָבן גערעדט פון בֵּית־הַמִקדש, אַז ער איז
באַשיינט מיט טייערע שטיינער און מיט מַתָּנות, האָט ער געזאָגט: [6] וואָס שייך

א שמות ג, 6. ב תהלים קי, 1.

די דאָזיקע זאַכן, וואָס איר זעט, וועלן קומען טעג, וואָס אין זיי וועט דאָ
ניט בלײַבן אַ שטיין אויף אַ שטיין, וואָס וועט ניט אַראָפּגעוואָרפן ווערן.
7 און זיי האָבן אים געפרעגט: רֶבּי, ווען וועט דאָס זיין? און וואָס וועט זיין
דער סִימָן, ווען דאָס וועט געשען? 8 און ער האָט געזאָגט: זעט, אַז מע זאָל
אייך ניט פאַרפירן; וואָרים אַ סך וועלן קומען אין מיין נאָמען, און זאָגן:
איך בין עס! און: די צייט האָט גענעענט! גייט זיי ניט נאָך. 9 און בעת איר
וועט הערן פון מִלחָמות און מהומות, זאָלט איר זיך ניט שרעקן; וואָרים
דאָס אַלץ מוז קודם געשען; אָבער דער קֵץ איז דאָס נאָך ניט.

10 דערנאָך האָט ער צו זיי געזאָגט: אומה וועט אויפשטיין קעגן אומה,
און מלוכה קעגן מלוכה; 11 און סע וועלן זיין גרויסע ערדציטערנישן, און
אין פאַרשידענע ערטער הונגער און מַגֵפות, און סע וועלן זיין שרעקן און
גרויסע צייכנס פון הימל. 12 אָבער קודם־כָּל וועלן זיי לייגן זייערע הענט
אויף אייך, און אייך רודפן, און אייך איבערענטפערן צו די בָּתֵי־כְּנֵסִיות
און תּפִיסות, און אייך ברענגען פאַר מלָכִים און מושלים פון מיין נאָמענוועגן.
13 און דאָס וועט אייך זיין פאַר אַן עֵדות. 14 בכֵן, נעמט דאָס אייך צום האַרצן,
ניט צו דַאגֶהן פאָרויס וויאַזוי צו ענטפערן; 15 וואָרים איך וועל אייך געבן
אַ מויל און חָכמה, וואָס אַלע אייערע קעגנער וועלן ניט קענען בײַשטיין,
אָדער פאַרלייקענען. 16 איר וועט אַפילו איבערגעענטפערט ווערן פון עלטערן,
און ברידער, און קרובים, און פריינט; און טייל פון אייך וועלן זיי טייטן.
17 און איר וועט זיין פאַרהאַסט פון אַלעמען פון מיין נאָמענוועגן. 18 עס וועט
אייך אָבער אַ האָר פון אייער קאָפּ ניט פאַרלוירן גיין. 19 דורך אייער
געדולדיקייט וועט איר געווינען אייער לעבן.

20 און בעת איר וועט זען ירושָלַיִם אַרומגערינגלט מיט חַיָלות, זאָלט
איר וויסן, אַז איר חורבן איז נאָענט. 21 דעמאָלט זאָלן די, וואָס זענען אין
יהודה, אַנטרינען אין די בערג; און די, וואָס זענען אין איר מיט, זאָלן אַרויס־
גיין, און די, וואָס זענען אויפן לאַנד, זאָלן ניט אַרײַנגיין אין איר. 22 וואָרים
דאָס זענען טעג פון נקָמה, כדי אַלצדינג, וואָס סע שטייט געשריבן, זאָל
מְמַלא ווערן. 23 וויי איז צו די, וואָס זענען מעוּבֶּרֶת, און וואָס גיבן צו זייגן
אין יענע טעג! וואָרים סע וועט זיין אַ גרויסע צָרָה אין דעם לאַנד און אַ
צאָרן אויף דעם דאָזיקן פאָלק. 24 און זיי וועלן פאַלן דורך דער שאַרף
פון דער שווערד, און וועלן געפירט ווערן געפאַנגען צווישן אַלע אומות;

און ירושָלַיִם וועט צעטרעטן ווערן פון די גויים, און די צייטן פון די גויים
וועלן דערפילט ווערן.

25 און סע וועלן זיין צייכנס אין דער זון, און לבָנה, און שטערן, און
אויף דער ערד צָרות אויף פעלקער, אין שרעק פאַר דעם רוישן פון
יַם און די כוואַליעס; 26 מענטשן וועלן חַלֶשן פאַר אֵימה און דערוואַרטונג
פון דעם, וואָס דאַרף קומען אויף דער וועלט; וואָרים די כּוחות פון הימל
וועלן אויפגעטרייסלט ווערן. 27 און דעמאָלט וועלן זיי זען דעם בֶּן־אָדָם
קומען אויף אַ וואָלקן מיט גבורה און גרויס כָּבוד. 28 און בעת די דאָזיקע
זאַכן וועלן אָנהייבן מקוים צו ווערן, גלייַכט אייך אויס, און הייבט אויף
אייערע קעפּ, מַחמת אייער גאולה דערנענטערט זיך.

29 און ער האָט זיי דערציילט אַ מָשל: קוקט אויף דעם פייַגנבוים,
און אויף אַלעביימער; 30 בעת זיי טוען שוין אַרויסשפּראָצן, זעט איר עס און
איר ווייסט פון זיך אַליין, אַז דער זומער איז שוין נאָענט. 31 אַזוי אויך איר,
ווען איר וועט דאָס אַלץ זען געשען, זאָלט איר וויסן, אַז דאָס מַלכות פון
גאָט איז נאָענט. 32 פאַרוואָר, איך זאָג אייך, דער דאָזיקער דור וועט ניט
פאַרגיין, ביז דאָס אַלץ וועט געשען. 33 הימל און ערד וועלן פאַרגיין, אָבער
מיינע רייד וועלן קיינמאָל ניט פאַרגיין.

34 גיט אָבער אַכטונג אויף זיך, טאָמער וועלן אייערע הערצער באַשווערט
ווערן מיט איבערעסן זיך, און שִיכּרות, און מיט דַאגות פון דעם דאָזיקן
לעבן, און יענער טאָג וועט פּלוצים קומען אויף אייך ווי אַ נעץ; 35 וואָרים
אַזוי וועט ער קומען אויף אַלע, וואָס וואוינען אויף דעם פּנים פון דער
גאַנצער ערד. 36 דעריבער זייט וואַך אין יעדער צייט, און זייט מִתפּלֵל,
אַז איר זאָלט זיך קענען שטאַרקן צו אַנטרינען פון אַלצדינג, וואָס דאַרף
געשען, און צו שטיין פאַר דעם בֶּן־אָדָם.

37 און בייטאָג האָט ער געלערנט אין דעם בֵּית־הַמִקדש, און ביינאַכט
איז ער אַרויסגעגאַנגען, און האָט איבערגענעכטיקט אויפן באַרג, וואָס הייסט
הַר־הַזֵיתים. 38 און דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך געפעדערט צו אים אין דער
פרי אין דעם בֵּית־הַמִקדש, כּדי אים צו הערן.

כב און סע האָט גענעענט דער חַג־הַמַצות, וואָס ווערט גערופן פֶּסח.
2 און די ראָשי־כֹּהנים און די סופרים האָבן געזוכט וויאַזוי אים
אומצובּרענגען; וואָרים זיי האָבן מורא געהאַט פאַר דעם פאָלק.

3 און דער שׂטן איז אַריין אין יהודהן, וואָס איז גערופן געוואָרן איש
קריות, וואָס איז געווען פון דער צאָל פון די צוועלף; 4 און ער איז אַוועק־
געגאַנגען, און האָט זיך צונויפגערעדט מיט די ראָשי־כֹּהנים און שׂרים, וויאַזוי
ער זאָל אים קענען איבערענטפערן צו זיי. 5 און זיי האָבן זיך געפרייט,
און האָבן אָפּגעמאַכט צו געבן אים געלט. 6 און ער האָט מסכּים געווען,
און האָט געזוכט אַ געלעגנהייט אים איבערצוענטפערן צו זיי, ניט אין די
אויגן פון דעם פאָלק.

7 און סע איז געקומען דער טאָג פון חג־המצות, וואָס אין אים מוז מען
מקריב זיין דעם קרבן־פּסח. 8 און ער האָט געשיקט פּעטרוסן און יוחנן,
און האָט געזאָגט: גייט און גרייט אָן פאַר אונדז דעם קרבן־פּסח, כּדי מיר
זאָלן אים עסן. 9 און זיי האָבן צו אים געזאָגט: וואו ווילסטו, אַז מיר זאָלן
אים אָנגרייטן? 10 האָט ער צו זיי געזאָגט: זעט, בעת איר וועט אַרײַנקומען
אין דער שטאָט אַריין, וועט אייך באַגעגענען אַ מאַן, וואָס טראָגט אַ קרוג
מיט וואַסער; גייט אים נאָך אין דעם הויז אַריין, וואו ער וועט אַרײַנגיין.
11 און איר זאָלט זאָגן צו דעם בעל־הבית: דער רבי לאָזט דיר זאָגן: וואו איז
דאָס גאַסט־צימער, וואו איך וועל עסן דעם קרבן־פּסח מיט מיינע תּלמידים?
12 און ער וועט אייך ווייזן אַ גרויסע אויבערשטע שטוב, אַ פאַרטיק אָנגעגרייטע;
דאָרטן זאָלט איר אָנגרייטן. 13 און זיי זענען געגאַנגען, און האָבן געפונען
אַזוי ווי ער האָט צו זיי געזאָגט; און זיי האָבן אָנגעגרייט דעם קרבן־פּסח.

14 און אַז די שעה האָט גענעענט, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט, און
די שליחים מיט אים. 15 און ער האָט צו זיי געזאָגט: מיט באַגער האָב איך
באַגערט צו עסן מיט אייך דעם דאָזיקן קרבן־פּסח, איידער איך טו ליידן;
16 וואָרים איך זאָג אייך, איך וועל אים מער ניט עסן, ביז ער וועט ממלא
ווערן אין דעם מלכות פון גאָט. 17 און ער האָט גענומען אַ כּוס, און אַז
ער האָט אַ ברכה געמאַכט, האָט ער געזאָגט: נעמט אים, און צעטיילט
אים צווישן זיך; 18 וואָרים איך זאָג אייך, איך וועל מער ניט טרינקען פון
דער פרוכט פון דעם ווייַנשטאָק, ביז סע וועט קומען דאָס מלכות פון
גאָט. 19 און ער האָט גענומען מצה, און האָט אַ ברכה געמאַכט, און זי
צעבראָכן און געגעבן צו זיי, און געזאָגט: דאָס איז מיין לייַב, וואָס ווערט
געגעבן פאַר אייך; טוט דאָס אין מיין אָנדענק. 20 און אויף אַזאַ אופן דעם

כּוס נאָך דער סעודה, אַזוי צו זאָגן: דער דאָזיקער כּוס איז דער נייער
בונד אין מיין בלוט, וואָס ווערט פאַרגאָסן פאַר אייך. [21] דאָך זע, די האַנט
פון מיין מָסור איז מיט מיר אויפן טיש. [22] יאָ, דער בֶּן־אָדָם גייט, ווי סע
איז באַשטימט געוואָרן; אָבער ווי צו יענעם מענטשן, דורך וועמען ער ווערט
פאַרראָטן! [23] און זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאָרשטן צווישן זיך, ווער קאָן עס
זיין דער, וואָס וועט טאָן די דאָזיקע זאַך.

[24] און סע האָט זיך אויך אויפגעהויבן אַ מַחלוקה צווישן זיי, ווער פון
זיי דאַרף פאַררעכנט ווערן פאַר דעם גרעסטן. [25] און ער האָט צו זיי געזאָגט:
די מְלָכים פון די גויים הערשן איבער זיי; און די, וואָס האָבן שְליטה
איבער זיי, ווערן גערופן בַּעלי־חֶסֶד. [26] איר אָבער זאָלט ניט זיין אַזוי;
נייערט דער גרעסטער צווישן אייך, זאָל ווערן ווי דער יִינגערער, און דער
עלטסטער, ווי דער, וואָס טוט דינען. [27] וואָרים ווער איז גרעסער, דער
וואָס זיצט ביים טיש, אָדער דער, וואָס באַדינט? צי איז ניט דער, וואָס
זיצט ביים טיש? אָבער איך בין אין אייער מיט ווי דער, וואָס באַדינט. [28] און
איר זענט די, וואָס זענען געשטאַנען מיט מיר אין מיינע נִסיונות; [29] און איך
באַשטים פאַר אייך אַ מלוכה, פּונקט ווי מיין פאָטער האָט באַשטימט פאַר
מיר, [30] כּדי איר זאָלט עסן און טרינקען ביי מיין טיש אין מיין מַלכות, און
זיצן אויף טראָנען און מִשפּטן די צוועלף שבָטים פון יִשׂרָאל.

[31] שִמעון, שִמעון, זע, דער שָׂטן האָט אייך באַגערט צו קריגן, כּדי אייך
צו קענען זיפּן ווי ווייץ; [32] אָבער איך האָב מִתפּלל געווען, אַז דיין אֱמונה
זאָל זיך ניט אויסלאָזן; און דו, בעת דו וועסט תּשובה טאָן, זאָלסטו שטאַרקן
דיינע ברידער. [33] און ער האָט צו אים געזאָגט: האַר, איך בין גרייט צו גיין
מיט דיר אין געפענקעניש, און אַפילו צום טויט. [34] האָט ער געזאָגט: איך
זאָג דיר, פּעטרוס, דער האָן וועט היינט ניט קרייען, איידער דו וועסט
דריי מאָל לייקענען, אַז דו קענסט מיך.

[35] און ער האָט צו זיי געזאָגט: בעת איך האָב אייך אַרויסגעשיקט אָן
אַ בייטל, און רייזעזאַק, און שיך, האָט אייך עפּעס געפעלט? האָבן זיי
געזאָגט: גאָרניט. [36] און ער האָט צו זיי געזאָגט: איצט אָבער, דער־,
וואָס האָט אַ בייטל, לאָז ער אים נעמען, און אַזוי אויך דעם רייזעזאַק.
און דער, וואָס האָט ניט קיין שווערד, זאָל פאַרקויפן זיין מאַנטל, און זיך
אים קויפן. [37] וואָרים איך זאָג אייך, אַז דאָס, וואָס סע שטייט געשריבן,

מוז אין מיר מְמַלא ווערן: און ער איז געציילט געוואָרן מיט פאַרברעכער א;
וואָרים דאָס, וואָס איז נוֹגֵע מיר, קומט צו אַ סוֹף. 38 און זיי האָבן געזאָגט:
האַר, זע, דאָ זענען צוויי שווערדן. און ער האָט צו זיי געזאָגט: דאָס איז
גענוג.

39 און ער איז אַרויסגעקומען, און איז געגאַנגען, ווי זיין מִנהג איז געווען,
צום הַר־הַזֵיתים; און די תַּלמידים זענען אים אויך נאָכגעגאַנגען. 40 און אַז
ער איז געקומען אויפן פּלאַץ, האָט ער צו זיי געזאָגט: זייט מִתפַּלֵל, אַז איר
זאָלט ניט קומען צו קיין נִסָיון. 41 און ער האָט זיך אָפּגעשיידט פון זיי אַרום
אַ וואָרף פון אַ שטיין, און איז געפאַלן כּוֹרעים, און ער האָט מִתפַּלֵל געווען,
42 אַזוי צו זאָגן: פאָטער, אויב דו ווילסט, טו אָפּ פון מיר דעם דאָזיקן כּוֹס;
דאָך ניט מיין רָצון, נייערט דיינער זאָל געשען. 43 און אַ מַלאך פון הימל
האָט זיך צו אים באַוויזן, און האָט אים געשטאַרקט. 44 און בעת ער האָט
זיך געראַנגלט מיטן טויט, האָט ער מיט מער כַּוָנה מִתפַּלֵל געווען; און
זיין שווייס איז געוואָרן ווי גרויסע טראָפּנס בלוט, וואָס זענען אַראָפּגעפאַלן
אויף דער ערד. 45 און אַז ער איז אויפגעשטאַנען פון זיין תּפילה־טאָן, איז ער
געקומען צו די תַּלמידים, און האָט זיי געפונען שלאָפן פון צַער, 46 און ער
האָט צו זיי געזאָגט: פאַרוואָס שלאָפט איר? שטייט אויף און זייט מִתפַּלֵל,
אַז איר זאָלט ניט קומען צו קיין נִסָיון.

47 בשַעת ער האָט נאָך גערעדט, איז אָנגעקומען אַ הַמוֹן, און יענער
פון די צוועלף, וואָס האָט געהייסן יהודה, איז געגאַנגען פאָרויס פאַר זיי.
און ער האָט גענעענט צו יֵשוּעַן, אים צו קושן; 48 אָבער יֵשוּעַ האָט צו אים
געזאָגט: יהודה, ענטפערסטו איבער דעם בֶּן־אָדָם מיט אַ קוש? 49 און בעת
די, וואָס זענען געווען אַרום אים, האָבן געזען וואָס דאָ גייט ווערן, האָבן
זיי געזאָגט: האַר, זאָלן מיר שלאָגן מיט דער שווערד? 50 און איינער פון זיי
האָט געשלאָגן דעם כֹּהן־גָדוֹלס קנעכט, און האָט אים אָפּגעהאַקט זיין רעכטן
אויער. 51 אָבער יֵשוּעַ האָט געזאָגט: גענוג, לאָזט אָפּ! און ער האָט באַרירט
זיין אויער, און האָט אים געהיילט. 52 און יֵשוּעַ האָט געזאָגט צו די ראָשי־
כֹּהֲנים און שָׂרים פון דעם בֵּית־הַמִקדש, און צו די זְקֵנים, וואָס זענען געקומען
קעגן אים: זענט איר אַרויסגעקומען ווי קעגן אַ גַזלן, מיט שווערדן און
שטעקנס? 53 בעת איך בין מיט אייך געווען טאָג־טעגלעך אין בֵּית־הַמִקדש,

א ישעיה נג, 12.

האָט איר ניט אויסגעשטרעקט קיין האַנט קעגן מיר. אָבער דאָס איז אייער שָעה, און די מאַכט פֿון דער פֿינצטערניש.

54 און זיי האָבן אים גענומען, און האָבן אים אַוועקגעפֿירט, און אים געבראַכט אין דעם כֹּהן־גָדוֹלס הויז אַריין. און פּעטרוס איז נאָכגעגאַנגען פֿון דער ווײַטנס; 55 און אַז זיי האָבן אָנגעצונדן אַ פֿייער אינמיטן הויף, און זיך אַנידערגעזעצט צוזאַמען, האָט זיך פּעטרוס אַנידערגעזעצט צווישן זיי. 56 און איינע אַ דינסט האָט אים געזען זיצן בײַם פֿייער, און האָט אויף אים שאַרף געקוקט, און געזאָגט: אויך ד־ער מאַן איז געווען מיט אים. 57 אָבער ער האָט געלייקנט, און געזאָגט: אִשה, איך קען אים ניט. 58 און אַ ביסל שפּעטער האָט אים אַן אַנדערער געזען, און געזאָגט: דו ביסט אויך איינער פֿון זיי. אָבער פּעטרוס האָט געזאָגט: מענטש, איך בין עס ניט. 59 און עפּעס אין אַ שָעה אַרום האָט אַן אַנדערער פֿאַרזיכערט, און געזאָגט: אויף נֶאֱמָנות, אויך ער איז געווען מיט אים, וואָרים ער איז אַ גָלִילער. 60 אָבער פּעטרוס האָט געזאָגט: מענטש, איך ווייס ניט וואָס דו זאָגסט. און תֵּיכֶף, בְּשַעת ער האָט נאָך גערעדט, האָט דער האָן געקרײַט. 61 און דער האַר האָט זיך אויסגעדרייט, און האָט געקוקט אויף פּעטרוסן. און פּעטרוס האָט זיך דערמאָנט דאָס וואָרט פֿון דעם האַר, ווי ער האָט צו אים געזאָגט: איידער דער האָן וועט הײַנט קרײַען, וועסטו מיך דריי מאָל פֿאַרלייקענען. 62 און ער איז אַרויסגעגאַנגען, און האָט זיך ביטער צעוויינט.

63 און די מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן יֵשוּעַן, האָבן פֿון אים אָפּ־געשפּעט און אים געשלאָגן. 64 און זיי האָבן אים פֿאַרדעקט די אויגן, און אים געפֿרעגט: זאָג נביאות, ווער איז דער, וואָס האָט דיך געשלאָגן? 65 און נאָך אַ סך אַנדערע זאַכן האָבן זיי גערעדט קעגן אים, און אים געלעסטערט.

66 און ווי נאָר עס איז געוואָרן טאָג, האָבן זיך פֿאַרזאַמלט די זְקֵנִים פֿון פֿאָלק, אינאיינעם מיט די ראָשי־כֹּהֲנִים און סוֹפֿרים; און זיי האָבן אים אַוועקגעפֿירט אין זייער סַנהֶדרין, און האָבן געזאָגט: 67 אויב דו ביסט דער מָשִיחַ, זאָג עס אונדז. אָבער ער האָט צו זיי געזאָגט: אויב איך וועל אײַך זאָגן, וועט איר ניט גלויבן; 68 און אויב איך וועל אײַך פֿרעגן, וועט איר ניט ענטפֿערן. 69 אָבער פֿון איצט אָן וועט דער בֶּן־אָדָם זיצן בײַ דער רעכטער האַנט פֿון גאָטס גבורה. 70 און זיי האָבן אַלע געזאָגט: ביסטו דען דער בֶּן־אֱלֹהִים? האָט ער צו זיי געזאָגט: איר זאָגט, אַז איך בין. 71 און זיי האָבן

געזאָגט: וואָס דאַרפן מיר נאָך מער עֵדות? וואָרים מיר האָבן עס אַליין
געהערט פון זיין אייגן מויל.

כג און זייער גאַנץ קָהל איז אויפגעשטאַנען, און האָבן אים געבראַכט
פאַר פילאַטוסן. 2 און זיי האָבן אים אָנגעהויבן צו באַשולדיקן, אַזוי
צו זאָגן: מיר האָבן געפונען, אַז דער דאָזיקער מענטש פאַרפירט אונדזער
פאָלק, און פאַרווערט צו געבן מַס דעם קֵיסר, און טוט זאָגן, אַז ער איז
דער מֶלֶך־הַמָשִיחַ. 3 און פילאַטוס האָט אים געפרעגט: ביסטו דער מֶלך פון
די יִידן? און ער האָט אים געענטפערט: דו זאָגסט עס. 4 און פילאַטוס האָט
געזאָגט צו די ראָשי־כֹּהֲנים און דעם פאָלק: איך געפין ניט קיין שולד אין
דעם דאָזיקן מענטשן. 5 אָבער זיי זענען נאָך מער צוגעשטאַנען, און האָבן
געזאָגט: ער העצט אויף דאָס פאָלק, מיט זיין לערנען אין גאַנץ יהודה,
אָנהייבנדיק פון גָליל ביז דאַנען.

6 און אַז פילאַטוס האָט דאָס געהערט, האָט ער געפרעגט, צי דער
מענטש איז אַ גָלִילער. 7 און ווען ער איז געוואָר געוואָרן, אַז ער איז פון
הורדוסעס מֶמשָלה, האָט ער אים געשיקט צו הורדוסן, וואָס איז גראָד אין
יענע טעג געווען אין ירושָלַיִם. 8 און ווען הורדוס האָט געזען יֵשוּעַן, האָט ער
זיך זייער געפרייט, וואָרים שוין אַ לאַנגע צייט, אַז ער האָט אים באַגערט
צו זען, מַחמת ער האָט געהערט וועגן אים, און ער האָט געהאָפט צו זען
עפּעס אַ נֵס דורך אים. 9 און ער האָט אים גענומען אַ סַך אויספרעגן; אָבער
ער האָט אים גאָרניט געענטפערט. 10 און די ראָשי־כֹּהֲנים און די סופרים
זענען געשטאַנען, און האָבן אים שווער באַשולדיקט. 11 און הורדוס מיט זיינע
זעלנער האָבן אים געמאַכט צו גאָרנישט, און אים אויסגעלאַכט, און אָנטועענדיק
אים אין פּרעכטיקע קליידער, האָט ער אים צוריקגעשיקט צו פילאַטוסן.
12 און הורדוס און פילאַטוס זענען יענעם טאָג געוואָרן פריינט איינער מיטן
אַנדערן, וואָרים פריער זענען זיי געווען פאַרפייַנט צווישן זיך.

13 און פילאַטוס האָט צוזאַמענגערופן די ראָשי־כֹּהֲנים, און די שָׂרים, און
דאָס פאָלק, 14 און האָט צו זיי געזאָגט: איר האָט צו מיר געבראַכט דעם
דאָזיקן מענטשן, ווי איינעם, וואָס פאַרפירט דאָס פאָלק; און נאָכדעם ווי
איך האָב אים אויסגעפאָרשט פאַר אייך, ערשט, איך האָב ניט געפונען קיין
שולד אין דעם מענטשן בנוגֵע יענע זאַכן, אין וואָס איר באַשולדיקט אים.

15 ניין, אויך ניט הורדוס, וואָרים ער האָט אים צוריקגעשיקט צו אונדז; און
אָט האָט ער גאָרניט געטאָן, ער זאָל ווערט זיין דעם טויט. 16 איך וועל אים
דעריבער באַשטראָפן, און אים לאָזן פריי.

17 און ער האָט פאַר זיי געמוזט באַפרייען איינעם אויף יום־טוב. 18 און
זיי האָבן אַלע אינאיינעם אויסגעשריגן: אַוועק מיט דעם דאָזיקן, און באַפריי
אונדז בר־אַבאָן. 19 און יענער איז צוליב עפּעס אַ מרידה אין דער שטאָט,
און פאַר אַ רציחה, אַרייַנגעוואָרפן געוואָרן אין דער תּפיסה אַריין. 20 און
פּילאַטוס האָט צו זיי ווידער גערעדט, און האָט באַגערט צו באַפרייען ישוען;
21 נאָר זיי האָבן געשריגן: קרייציק, קרייציק אים! 22 און ער האָט צום דריטן
מאָל צו זיי געזאָגט: פאַרוואָס, וואָסער שלעכטס האָט ער געטאָן? איך האָב
אין אים ניט געפונען קיין חטא, וואָס זאָל ווערט זיין דעם טויט; איך וועל
אים דעריבער באַשטראָפן און אים לאָזן פריי. 23 אָבער זיי זענען צו אים
צוגעשטאַנען, און מיט הויכע געשרייען האָבן זיי פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל
געקרייציקט ווערן. און זייערע קולות האָבן גובר געווען. 24 און פּילאַטוס
האָט אַרויסגעגעבן אַ פּסק, אַז זייער פאַרלאַנג זאָל געטאָן ווערן. 25 און ער
האָט באַפרייט דעם, וואָס איז אַרייַנגעוואָרפן געוואָרן אין דער תּפיסה אַריין
פאַר מרידה און רציחה, וועמען זיי האָבן פאַרלאַנגט; און ישוען האָט ער
איבערגעענטפערט לויט זייער ווילן.

26 און בעת זיי האָבן אים אַוועקגעפירט, האָבן זיי געכאַפּט איינעם,
שמעון פון קוריני, וואָס איז געקומען פון דעם פעלד, און האָבן אויף אים
אַרויפגעלייגט דעם צלב, אים נאָכצוטראָגן ישוען. 27 און עס איז אים
נאָכגעגאַנגען אַ גרויסער המון פון דעם פאָלק, און פון פרויען, וואָס האָבן
אים באַוויינט און באַקלאָגט. 28 און ישוע האָט זיך געווענדט צו זיי, און
געזאָגט: טעכטער פון ירושלים, וויינט ניט איבער מיר, נייערט וויינט אויף
זיך אַליין, און פאַר אייערע קינדער. 29 וואָרים אָט קומען טעג, אין וועלכע
מע וועט זאָגן: וואויל איז די עקרות, און די לייַבער, וואָס האָבן קיינמאָל
ניט געטראָגן, און די בריסט, וואָס האָבן קיינמאָל ניט געגעבן צו זייגן!
30 דעמאָלט וועלן זיי נעמען זאָגן צו די בערג: פאַלט אויף אונדז, און צו די
הייכן: דעקט אונדז צו. 31 ווייל אויב מען טוט אַזוינס דעם גרינעם בוים,
וואָס וועט מען שוין טאָן צום טרוקענעם?

32 און אויך צוויי אַנדערע, וואָס זענען געווען רשעים, זענען געפירט

געוואָרן מיט אים געטייט צו ווערן. [33] און אַז זיי זענען געקומען צו דעם
פּלאַץ, וואָס איז גערופן געוואָרן גָלגָלתָא, האָבן זיי אים דאָרט געקרייציקט,
און די רשָעים, איינעם צו דער רעכטער האַנט און דעם אַנדערן צו דער
לינקער. [34] און יֵשוּעַ האָט געזאָגט: פאָטער, זיי זיי מוֹחל; וואָרים זיי ווייסן
ניט וואָס זיי טוען! און ביים צעטיילן זיינע קליידער צווישן זיך, האָבן זיי
געוואָרפן גוֹרל. [35] און דאָס פאָלק איז געשטאַנען און האָט צוגעקוקט; און
די שָׂרים האָבן פון אים אָפּגעשפּעט, און געזאָגט: אַנדערע האָט ער מַציל
געווען; זאָל ער זיך אַליין מַציל זיין, אויב ער איז דער מָשִיחַ־אֱלֹהִים, זיין
אויסדערוויילטער! [36] און אויך די זעלנער האָבן אים אויסגעלאַכט, און האָבן
גענעענט און אים געגעבן עסיק, [37] און געזאָגט: אויב דו ביסט דער מֶלך
פון די יִידן, זיי דיך אַליין מַציל. [38] און איבער אים איז אויך געווען אַן
אויפשריפט: דאָס איז דער מֶלך פון די יִידן.

[39] און איינער פון די רשָעים, וואָס איז געהאָנגען געוואָרן, האָט אים
געלעסטערט, אַזוי צו זאָגן: צי ביסטו ניט דער מָשִיחַ? זיי מַציל דיך און
אונדז. [40] און דער אַנדערער האָט אים אויסגעמוסרט, און געזאָגט: צי האָסטו
אַפילו ניט מוֹרא פאַר גאָט, וואָס דו טוסט ליידן דיזעלבע שטראָף? [41] און
מיר אַוודאי לויטן מִשפּט; וואָרים מיר קריגן דעם שָׂכר, וואָס אונדזערע
מַעשים זענען ווערט געווען; דער דאָזיקער אָבער האָט ניט געטאָן קיין שום
שלעכטס. [42] און ער האָט געזאָגט: יֵשוּעַ, געדענק מיך, ווען דו וועסט קומען
אין דיין מַלכות אַריין. [43] און ער האָט צו אים געזאָגט: פאַרוואָר, איך זאָג
דיר, היינט וועסטו זיין מיט מיר אין גַן־עֵדן.

[44] און עס איז שוין געווען אַרום דער זעקסטער שָעה, און אַ פינצטערניש
איז געקומען איבער דעם גאַנצן לאַנד, ביז דער ניינטער שָעה. [45] און די
זון איז פינצטער געוואָרן; און דאָס פָּרוֹכֶת פון דעם הֵיכל איז צעריסן
געוואָרן אין צווייען. [46] און יֵשוּעַ האָט געשריגן מיט אַ הויך קוֹל, און האָט
געזאָגט: פאָטער, אין דיינע הענט גיב איך איבער מיין גייסט! און בעת ער
האָט דאָס געזאָגט, האָט ער אויסגעהויכט זיין נשָמה. [47] און אַז דער הויפּטמאַן
האָט געזען וואָס עס איז געשען, האָט ער אָפּגעגעבן כָבוד צו גאָט, און האָט
געזאָגט: פאַרוואָר, דער דאָזיקער מענטש איז געווען אַ צַדיק. [48] און בעת
דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס איז זיך צונויפגעקומען, האָט געזען וואָס ס'איז
געשען, האָבן זיי זיך אומגעקערט און געשלאָגן זיך אין האַרצן. [49] און אַלע

זיינע באַקאַנטע, און די פרויען, וואָס זענען מיטגעגאַנגען מיט אים פון גָלִיל,
זענען געשטאַנען פון דערווײַטנס און האָבן דאָס צוגעזען.
50 און אָט איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט געהייסן יוסף, פון דער
ייִדישער שטאָט רָמָתַיִם. ער איז געווען אַ בַעל־יוֹעץ, אַ גוטער און
רעכטפאַרטיקער מענטש, 51 וואָס האָט ניט מַסכּים געווען מיט זייער עֵצה,
אָדער מיט זייערע מַעשׂים, און וואָס האָט געוואַרט אויף דעם מַלכות פון
גאָט. 52 דער דאָזיקער איז געגאַנגען צו פילאַטוסן, און האָט געבעטן דעם
גוף פון יֵשוּעַן. 53 און ער האָט אים אַראָפּגענומען, און האָט אים אײַנגעוויקלט
אין לײַוונטע תַכרִיכים, און האָט אים אַרײַנגעלייגט אין אַ קֶבר, וואָס איז
געווען אויסגעהאַקט אין אַ פעלזן, און אין וועלכן קיינער איז נאָך קיינמאָל
ניט געלעגן. 54 און עס איז געווען עֶרֶב־שַבת, און דער שַבת האָט געגעענט.
55 און די פרויען, וואָס זענען געקומען מיט אים פון גָלִיל, זענען נאָכגעגאַנגען,
און האָבן באַקוקט דעם קֶבר, און וויאַזוי זיין גוף איז געלייגט געוואָרן;
56 און זיי האָבן זיך אומגעקערט, און האָבן אָנגעברייט בשָׂמים און זאַלבאײַלן.
און שַבת האָבן זיי גערוט לויט דעם דִין.

כד און באַגינען פון דעם ערשטן טאָג פון דער וואָך, זענען זיי געקומען
צום קֶבר, און האָבן געבראַכט די בשָׂמים, וואָס זיי האָבן אָנגעברייט.
2 און זיי האָבן געפונען דעם שטיין אַוועקגעקײַקלט פון דעם קֶבר, 3 און ווען
זיי זענען אַרײַנגעגאַנגען, האָבן זיי ניט געפונען דעם גוף פון דעם האַר יֵשוּעַ.
4 און עס איז געווען, בשַעת זיי זענען אַזוי געווען צעטומלט פונוועגן דעם,
ערשט צוויי מענטשן זענען געשטאַנען לעבן זיי אין שטראַלנדיקע קליידער;
5 און אַ שרעק איז זיי באַפאַלן, און זיי האָבן אַראָפּגענייגט זייערע פְּנימער
צו דער ערד, און די מענטשן האָבן צו זיי געזאָגט: פאַרוואָס זוכט איר דעם
לעבעדיקן צווישן די טויטע? 6 ער איז דאָ ניטאָ, נייערט איז אויפגעשטאַנען.
דערמאָנט זיך ווי ער האָט גערעדט צו אייך, בעת ער איז נאָך געווען אין
גָלִיל, 7 און האָט געזאָגט, אַז דער בֶּן־אָדָם מוז איבערגעענטפערט ווערן אין
די הענט פון זינדיקע מענטשן, און געקרייציקט ווערן, און דעם דריטן טאָג
ווידער אויפשטיין. 8 און זיי האָבן זיך דערמאָנט זיינע רייד, 9 און האָבן זיך
אומגעקערט פון דעם קֶבר, און האָבן דאָס אַלץ דערציילט צו די עלף, און
צו אַלע איבעריקע. 10 און דאָס זענען עס די, וואָס האָבן דערציילט די

שליחים די דאָזיקע זאַכן: מִרְיָם פון מַגדָלָה, און יוֹחָנָה, און מִרְיָם, די מוטער
פון יַעקֹבן, און די אַנדערע פרויען צווישן זיי. [11] און די דאָזיקע רייד האָבן
אויסגעזען אין זייערע אויגן ווי פּוסטע רייד, און זיי האָבן זיי ניט געגלויבט.
[12] און פּעטרוס איז אויפגעשטאַנען, און איז געלאָפן צום קֶבֶר; און אַז ער
האָט זיך איינגעבויגן און אַריינגעקוקט, האָט ער געזען די תַּכרִיכים אַליין;
און ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים, און האָט זיך געחִידושט איבער דעם,
וואָס עס איז געשען.

[13] און זע, צוויי פון זיי זענען גראָד יענעם טאָג געגאַנגען צו אַ דאָרף
וואָס האָט געהייסן עַמָאוּס, וואָס איז געווען זעכציק פעלד־אַקער פון ירושָלַיִם.
[14] און זיי האָבן געשמועסט איינער מיט דעם אַנדערן וועגן דעם, וואָס האָט
זיך געטראָפן. [15] און עס איז געווען, בשַעת זיי האָבן געשמועסט און זיך
אינאיינעם מפַלפּל געווען, אַז יֵשוּעַ אַליין האָט גענענט, און איז מיט זיי
געגאַנגען. [16] אָבער זייערע אויגן זענען געווען פאַרשטעלט, כדי זיי זאָלן אים
ניט דערקענען. [17] און ער האָט צו זיי געזאָגט: וואָסערע גערעדערייען זענען
דאָס, וואָס איר פירט איינער מיט דעם אַנדערן בעת איר גייט? און זיי זענען
שטיין געבליבן, און האָבן אויסגעזען אומעטיק. [18] און איינער פון זיי, מיטן
נאָמען קלעאָפּאַס, האָט אים געענטפערט: ביסטו דער איינציקער, וואָס טוט
זיך אויפהאַלטן אין ירושָלַיִם, און טוסט ניט וויסן די געשעענישן, וואָס
זענען דאָרטן געשען אין די דאָזיקע טעג? [19] און ער האָט צו זיי געזאָגט:
וואָסערע געשעענישן? האָבן זיי צו אים געזאָגט: פונוועגן יֵשוּעַ הַנוֹצרִי, וואָס
איז געווען אַ נָבִיא, מעכטיק אין מַעשׂים און אין וואָרט, פאַר גאָט און דעם
גאַנצן פאָלק, [20] און וויאַזוי אונדזערע ראָשי־כֹּהֲנִים און שָׂרִים האָבן אים
איבערגעענטפערט פאַרמִשפּט צו ווערן צום טויט, און אים געקרייציקט.
[21] אָבער מיר האָבן געהאָפט, אַז ער איז דאָס דער, וואָס האָט געזאָלט
אויסלייזן יִשׂרָאֵל. יאָ, און חוץדעם אַלעמען, איז היינט שוין דער דריטער
טאָג, פון זינט דאָס איז געשען. [22] דערצו נאָך האָבן עטלעכע פרויען פון
אונדזער חֶברה אונדז איבערראַשט; זיי זענען אין דער פרי געווען ביים
קֶבֶר, [23] און ווען זיי האָבן ניט געפונען זיין גוף, זענען זיי געקומען און האָבן
געזאָגט, אַז זיי האָבן אויך געזען אַ זעאונג פון מַלאָכים, וואָס האָבן געזאָגט,
אַז ער לעבט. [24] און עטלעכע פון די אונדזעריקע זענען געגאַנגען צום קֶבֶר,
און האָבן אים געפונען פּונקט אַזוי ווי די פרויען האָבן געזאָגט; אָבער אים

האָבן זיי ניט געזען. 25 און ער האָט צו זיי געזאָגט: אָ נאַרישע מענטשן, און
שווערהאַרציקע צו גלויבן אין אַלץ, וואָס די נביאים האָבן גערעדט! 26 צי
האָט ניט דער מָשִיחַ געדאַרפט ליידן די דאָזיקע זאַכן, און אַרײַנקומען אין
זיין הערלעכקייט? 27 און ער האָט אָנגעהויבן פון משהן און אַלע נביאים,
און האָט זיי פאַרטײַטשט אין אַלע שריפטן די זאַכן וועגן אים גופא.

28 און זיי האָבן זיך דערנענטערט צו דעם דאָרף, וואוהין זיי זענען
געגאַנגען; און ער האָט זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט וועלן גיין ווייטער. 29 און
זיי האָבן אים געבעטן, אַזוי צו זאָגן: פאַרבלײַב מיט אונדז, וואָרים עס איז
קעגן אָוונט, און דער טאָג האָט זיך שוין גענייגט. און ער איז אַרײַנגעגאַנגען
צו פאַרבלײַבן מיט זיי. 30 און עס איז געווען, בעת ער איז מיט זיי געזעסן
ביים טיש, האָט ער גענומען מַצה און אַ בְּרָכה געמאַכט, און ער האָט זי
צעבראָכן און זיי געגעבן. 31 און זייערע אויגן זענען געעפנט געוואָרן, און זיי
האָבן אים דערקענט; און ער איז פאַרשוואונדן פאַר זייערע אויגן. 32 און
זיי האָבן איינער צום אַנדערן געזאָגט: האָט אונדזער האַרץ ניט געברענט
אין אונדז, בשעת ער האָט צו אונדז גערעדט אויפן וועג, און פאַר אונדז
געעפנט די כּתבי־הקודש? 33 און זיי זענען אויפגעשטאַנען גלייך אין יענער
שעה, און האָבן זיך אומגעקערט קיין ירושלים; און האָבן געפונען די עלף
פאַרזאַמלט אינאיינעם, און די וואָס זענען מיט זיי געווען, 34 וואָס האָבן געזאָגט:
דער האַר איז באמת אויפגעשטאַנען, און האָט זיך באַוויזן צו שמעונען!
35 און זיי האָבן איבערגעחזרט, וואָס סע האָט זיך געטראָפן אויפן וועג, און
וויאַזוי ער איז פון זיי דערקענט געוואָרן ביים צעברעכן די מַצה.

36 און בעת זיי האָבן גערעדט וועגן די דאָזיקע זאַכן, איז ער אַליין
געשטאַנען אין דער מיט צווישן זיי, און האָט צו זיי געזאָגט: שלום־עליכם!
37 אָבער זיי האָבן זיך דערשראָקן און מורא געהאַט, און געמיינט, אַז זיי זעען
אַ גייסט. 38 און ער האָט צו זיי געזאָגט: וואָס זענט איר דערשראָקן, און
פאַרוואָס דערוועקן זיך מחשבות אין אייער האַרצן? 39 זעט מיינע הענט און
מיינע פיס, אַז דאָס בין איך אַליין; רירט מיך אָן און זעט; וואָרים אַ גייסט
האָט ניט קיין פלייש און ביינער, ווי איר זעט, איך האָב. 40 און בעת ער
האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זיי געוויזן זיינע הענט און זיינע פיס. 41 און
בשעת זיי האָבן נאָך אַלץ ניט געגלויבט פאַר שמחה, און האָבן זיך געחידושט,
האָט ער צו זיי געזאָגט: האָט איר דאָ עפּעס צו עסן? 42 און זיי האָבן אים

געגעבן אַ שטיקל געבראָטן פיש. [43] און ער האָט עס גענומען, און האָט עס געגעסן פאַר זייערע אויגן.

[44] און ער האָט צו זיי געזאָגט: דאָס זענען מיינע רייד, וואָס איך האָב צו אייך גערעדט, בשעת איך בין נאָך געווען מיט אייך, אַז אַלץ מוז מקוים ווערן, וואָס סע שטייט געשריבן וועגן מיר אין תּורת־משה, און די נביאים, און תּהלים. [45] דערנאָך האָט ער געעפנט זייער פאַרשטאַנד, כּדי זיי זאָלן פאַרשטיין די כּתבי־הקודש, [46] און ער האָט צו זיי געזאָגט: אַזוי שטייט געשריבן, אַז דער משיח זאָל ליידן, און דעם דריטן טאָג ווידער אויפשטיין תּחיית־המתים; [47] און אַז תּשובה און פאַרגעבונג פון זינד זאָלן געדרשנט ווערן אין זיין נאָמען צו אַלע אומות, אָנהייבנדיק פון ירושלים. [48] איר זענט עדות פון די דאָזיקע זאַכן. [49] און אָט שיק איך אַרויס אויף אייך די הבטחה פון מיין פאָטער; און איר זאָלט פאַרבלייבן אין דער שטאָט, ביז איר וועט באַקליידט ווערן מיט מאַכט פון אויבן.

[50] און ער האָט זיי אַרויסגעפירט ביז אַנטקעגנאיבער בית־היני, און ער האָט אויפגעהויבן זיינע הענט, און האָט זיי געבענטשט. [51] און עס איז געווען, בשעת ער האָט זיי געבענטשט, האָט ער זיך אָפּגעשיידט פון זיי, און איז אַרויפגענומען געוואָרן אין הימל אַריין. [52] און זיי האָבן זיך געבוקט צו אים, און האָבן זיך אומגעקערט קיין ירושלים מיט גרויס שמחה, [53] און זיי זענען שטענדיק געווען אין דעם בית־המקדש, און האָבן געלויבט גאָט.



# די בשׂורה לויט יוֹחָנָן

אין אָנהייב איז געווען דאָס וואָרט, און
דאָס וואָרט איז געווען בײַ גאָט, און דאָס
וואָרט איז געווען גאָט. 2 דאָס דאָזיקע איז געווען
אין אָנהייב בײַ גאָט. 3 אַלצדינג איז דורך אים
געוואָרן, און אָן אים איז גאָרניט געוואָרן, וואָס
ס'איז געוואָרן. 4 אין אים איז געווען לעבן, און
דאָס לעבן איז געווען דאָס ליכט פֿון די מענטשן.
5 און דאָס ליכט שײַנט אין דער פֿינצטערניש;
און די פֿינצטערניש האָט עס ניט גובֿר געווען.

6 עס איז געווען אַ מענטש, וואָס איז געווען
געשיקט פֿון גאָט, און וואָס האָט געהייסן יוֹחָנָן.
7 דער דאָזיקער איז געקומען פֿאַר אַן עֵדות,
אַז ער זאָל עֵדות־זאָגן פֿונוועגן דעם ליכט, כּדי
אַלע זאָלן דורך אים גלויבן. 8 ער איז ניט געווען
דאָס ליכט, נייערט איז געקומען, אַז ער זאָל
עֵדות־זאָגן פֿונוועגן דעם ליכט. 9 דאָס אֶמֶתע
ליכט, וואָס באַלײַכט איטלעכן מענטשן, האָט
גענומען קומען אין דער וועלט אַרײַן.

10 ער איז געווען אין דער וועלט, און די
וועלט איז דורך אים געוואָרן, אָבער די וועלט
האָט אים ניט געקענט. 11 ער איז געקומען צו

דעם זיַניקן, און זיינע אייגענע האָבן אים ניט אויפגענומען. [12] אָבער וויפל סע
האָבן אים יאָ אויפגענומען, זיי האָט ער געגעבן מאַכט צו ווערן קינדער
פון גאָט, טאַקע די, וואָס האָבן געגלויבט אין זיין נאָמען; [13] וואָס זענען
געבוירן געוואָרן ניט פון בלוט, אויך ניט פון דעם באַגער פון פלייש,
אויך ניט פון דער תּאווה פון אַ מאַן, נייערט פון גאָט.

[14] און דאָס וואָרט איז געוואָרן פלייש, און האָט געוואוינט צווישן אונדז,
און מיר האָבן געזען זיין כּבוד, אַ כּבוד פון אַ בן־יָחיד ביי זיין פּאָטער, פול
מיט חֶסֶד און אֱמת. [15] יוחָנן האָט פונוועגן אים עֵדות געזאָגט, און גערופן:
דאָס איז געווען דער, פון וועמען איך האָב געזאָגט: דער, וואָס קומט נאָך
מיר, איז געווען פאַר מיר; וואָרים ער איז געווען פריער פון מיר. [16] און
פון זיין פולקייט האָבן מיר אַלע מקבל געווען, חֶסֶד אויף חֶסֶד.

[17] וואָרים די תּורה איז געגעבן געוואָרן דורך משהן; חֶסֶד און אֱמת
זענען געקומען דורך יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ. [18] קיינער האָט קיינמאָל ניט געזען גאָט;
דער בֶּן־יָחיד, וואָס איז אין דעם שויס פון דעם פּאָטער, ער האָט אים
באַקאַנט געמאַכט.

[19] און דאָס איז דאָס עֵדות פון יוחָנן, בעת די יִידן האָבן צו אים געשיקט
כֹּהנים און לוִיִם פון ירושָלַיִם, אים צו פרעגן: ווער ביסטו? [20] און ער האָט
מודה געווען, און האָט ניט פאַרלייקנט, נאָר האָט מודה געווען: איך בין
ניט דער מָשִׁיחַ. [21] און זיי האָבן אים געפרעגט: וואָס דען? ביסטו אֵלִיָהו?
האָט ער געזאָגט: איך בין עס ניט. ביסטו דער נָביא? און ער האָט
געענטפערט: ניין. [22] דעמאָלט האָבן זיי צו אים געזאָגט: ווער־זשע ביסטו?
כּדי מיר זאָלן קענען געבן אַן ענטפער צו די, וואָס האָבן אונדז געשיקט.
וואָס זאָגסטו פון דיר אַליין? [23] האָט ער געזאָגט: איך בין אַ קול פון
איינעם, וואָס רופט אין דער מִדבר: מאַכט גלײַך דעם וועג פון גאָט[א],
אַזוי ווי יְשַעְיָה הַנָביא האָט געזאָגט.

[24] און די שלוחים זענען געווען פון די פּרושים, [25] און זיי האָבן אים
געפרעגט: טאָ פאַרוואָס טובלסטו, אויב דו ביסט ניט דער מָשִׁיחַ, און ניט
אֵלִיָהו, און ניט דער נָביא? [26] האָט יוחָנן זיי געענטפערט: איך טובל מיט
וואַסער; אין דער מיט פון אייך שטייט אָבער איינער, וועמען איר קענט
ניט, [27] טאַקע דער, וואָס קומט נאָך מיר, און וועמעס רימענדל פון זיין

א ישעיה מ, 3.

שוך איך בין ניט רָאוּי אויפֿצובינדן. [28] דאָס דאָזיקע איז געשען אין בֵּית־
עֲנִיָה, אין עֵבֶר־הַיַרדן, וואו יוֹחָנָן האָט געטוֹבלט.

[29] אויף מאָרגן האָט ער געזען יֵשוּעַן קומען צו אים, און ער האָט געזאָגט:
זע, דאָס לאַם פֿון גאָט, וואָס נעמט אַוועק די זינד פֿון דער וועלט! [30] דאָס
איז דער, פֿון וועמען איך האָב געזאָגט: נאָך מיר קומט איינער, וואָס איז
געווען פֿאַר מיר, וואָרים ער איז געווען פֿריער פֿון מיר. [31] און איך האָב
אים ניט געקענט; אָבער כּדי ער זאָל נִתגַלֶה ווערן צו יִשׂרָאֵל, דערפֿאַר
בין איך געקומען טוֹבלען מיט וואַסער. [32] און יוֹחָנָן האָט עֵדוּת געזאָגט:
איך האָב געזען דעם גייסט אַראָפּנידערן ווי אַ טויב פֿון הימל, און ער האָט
גערוט אויף אים. [33] און איך האָב אים ניט געקענט; אָבער דער, וואָס האָט
מיך געשיקט צו טוֹבלען מיט וואַסער, האָט צו מיר געזאָגט: אויף וועמען
דו וועסט זען אַראָפּנידערן דעם גייסט, און רוען אויף אים, דער דאָזיקער
איז עס, וואָס טוט טוֹבלען מיט דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש. [34] און איך האָב געזען,
און האָב עֵדוּת געזאָגט, אַז דער דאָזיקער איז דער בֶּן־אֱלֹהִים.

[35] אויף מאָרגן איז יוֹחָנָן ווידער געשטאַנען מיט צוויי פֿון זיינע תַּלמִידים;
[36] און אַז ער האָט געזען יֵשוּעַן פֿאַרבייַגיין, האָט ער געזאָגט: זע, דאָס לאַם
פֿון גאָט! [37] און די צוויי תַּלמִידים האָבן אים געהערט רעדן, און זיי זענען
נאָכגעגאַנגען יֵשוּעַן. [38] און יֵשוּעַ האָט זיך אויסגעדרייט, און האָט זיי געזען
נאָכגיין, און צו זיי געזאָגט: וואָס זוכט איר? האָבן זיי צו אים געזאָגט:
רֶבּי — וואָס מיינט צו זאָגן, לערער — וואו וואוינסטו? [39] זאָגט ער צו זיי:
קומט, און איר וועט זען. זענען זיי געגאַנגען און האָבן געזען, וואו ער איז
אייַנגעשטאַנען. און זיי זענען געבליבן מיט אים יענעם טאָג, וואָרים עס איז
געווען אַרום דער צענטער שָעה. [40] איינער פֿון די צוויי, וואָס האָט געהערט
יוֹחָנָן רעדן, און איז אים נאָכגעגאַנגען, איז געווען אַנדריי, דער ברודער
פֿון שִמעוֹן פּעטרוס. [41] ער האָט צוערשט געפֿונען זיין אייגענעם ברודער
שִמעוֹן, און האָט צו אים געזאָגט: מיר האָבן געפֿונען דעם מָשִיחַ, וואָס איז
טייַטש: געזאַלבטער. [42] און ער האָט אים געבראַכט צו יֵשוּעַן. און יֵשוּעַ
האָט אים אָנגעקוקט, און געזאָגט: דו ביסט שִמעוֹן בֶּן־יוֹנה; דו זאָלסט גערופֿן
ווערן כֵּיפָא, וואָס איז טייַטש: פּעלזנשטיין.

[43] אויף מאָרגן האָט יֵשוּעַ בַּדֵעה געהאַט צו גיין קיין גָלִיל, און ער
האָט געפֿונען פֿיליפּוסן, און צו אים געזאָגט: גיי מיר נאָך. [44] און פֿיליפּוס

איז געווען פון בֵּית־צַיְדָה, פון דער שטאָט פון אַנדרײַען און פּעטרוסן.
45 און פיליפּוס טרעפט אָן נתנאלן, און זאָגט צו אים: מיר האָבן געפונען
דעם, פון וועמען משה האָט געשריבן אין דער תּורה, און די נביאים, ישוע
בן־יוסף, פון נצרת. 46 און נתנאל האָט צו אים געזאָגט: צי קען עפּעס גוטס
אַרויסקומען פון נצרת? זאָגט צו אים פיליפּוס: קום און זע. 47 און אַז ישוע
האָט געזען נתנאלן קומען צו אים, האָט ער וועגן אים געזאָגט: אָט איז אַן
אמתער בן־ישׂראל, אין וועמען ס'איז ניטאָ קיין פאַלשקייט. 48 זאָגט צו אים
נתנאל: פונוואַנען קענסטו מיך? און ישוע האָט געענטפערט, און צו אים
געזאָגט: איידער פיליפּוס האָט דיך גערופן, בעת דו ביסט נאָך געווען אונטער
דעם פײַגנבוים, האָב איך דיך געזען. 49 האָט נתנאל אים געענטפערט: רבי,
דו ביסט דער בן־אלהים; דו ביסט דער מלך פון ישׂראל! 50 און ישוע האָט
געענטפערט, און צו אים געזאָגט: דו גלויבסט, ווייל איך האָב דיר געזאָגט,
איך האָב דיך געזען אונטער דעם פײַגנבוים? זען וועסטו זען גרעסערע
זאַכן איידער די דאָזיקע. 51 און ער האָט צו אים געזאָגט: פאַרוואָר,
פאַרוואָר, איך זאָג אייך, איר וועט זען דעם הימל אָפן, און די מלאכים
פון גאָט אַרויפגיין און אַראָפּנידערן אויף דעם בן־אדם.

ב און דעם דריטן טאָג איז געווען אַ חתונה אין קנה פון גליל, און ישועס
מוטער איז דאָרט געווען; 2 און אויך ישוע איז געווען פאַרבעטן צו
דער חתונה, מיט זײַנע תּלמידים. 3 און בעת דער וויין האָט זיך אויסגעלאָזט,
האָט ישועס מוטער צו אים געזאָגט: זיי האָבן ניט קיין וויין. 4 און ישוע האָט
צו איר געזאָגט: אשה, וואָס האָב איך מיט דיר צו טאָן? מײַן שעה איז נאָך
ניט געקומען. 5 זאָגט זײַן מוטער צו די באַדינער: וואָס נאָר ער וועט אייך
זאָגן, דאָס טוט. 6 און דאָרטן זענען געשטאַנען זעקס שטיינערנע וואַסער־
קרוגן, לויט דעם ייִדישן מנהג פון רייניקן, און וואָס יעדערער האָט געהאַלטן
צוויי אָדער דריי עמער. 7 און ישוע האָט צו זיי געזאָגט: פילט אָן די וואַסער־
קרוגן מיט וואַסער. און זיי האָבן זיי אָנגעפילט ביזן ראַנד. 8 און ער האָט
צו זיי געזאָגט: איצט שעפּט אָן, און טראָגט עס צו דעם סאַרוואַר פון דער
סעודה. און זיי האָבן עס צוגעטראָגן. 9 און אַז דער סאַרוואַר פון דער
סעודה האָט פאַרזוכט דאָס וואַסער, וואָס איז געוואָרן וויין, און ניט געוואוסט
פונוואַנען עס איז געקומען – די באַדינער אָבער האָבן געוואוסט, מחמת זיי
האָבן אָנגעשעפּט דאָס וואַסער – האָט דער סאַרוואַר פון דער סעודה גערופן

דעם חָתן, [10] און צו אים געזאָגט: יעדער איינער שטעלט קודם דעם גוטן
וויין, און בעת מע האָט זיך גוט אָנגעטרונקען, ערשט דעמאָלט דעם ערגערן;
דו אָבער האָסט דעם גוטן וויין געהאַלטן ביז אַצינד. [11] דעם דאָזיקן אָנהייב
פון זיינע וואונדער האָט יֵשוּעַ געטאָן אין קָנָה פון גָלִיל, און האָט אַנטפּלעקט
זיין כָּבוֹד; און זיינע תַּלמידים האָבן געגלויבט אין אים.

[12] נאָך דעם האָט ער אַראָפּגענידערט קיין כְּפַר־נַחוּם, מיט זיין מוטער,
און זיינע ברידער, און זיינע תַּלמידים; און זיי זענען דאָרטן פאַרבליבן
עטלעכע טעג.

[13] און דער ייִדישער יום־טוֹב פֶּסח האָט גענעענט, און יֵשוּעַ האָט עוֹלה־
רֶגל געווען קיין ירוּשָלַיִם. [14] און אין דעם בֵּית־הַמִקדש האָט ער געפונען
יענע, וואָס האָבן פאַרקויפט אָקסן און שאָף און טויבן, און די חַלְפָנים זיצן.
[15] און ער האָט געמאַכט אַ קאַנטשיק פון שטריק, און האָט אַלעמען אַרויס־
געטריבן פון דעם בֵּית־הַמִקדש, צוזאַמען מיט די שאָף און די אָקסן; און ער
האָט אויסגעשיט דאָס געלט פון די חַלְפָנים, און איבערגעקערט זייערע
טישן. [16] און צו די, וואָס האָבן פאַרקויפט טויבן, האָט ער געזאָגט: נעמט
דאָס צו פון דאַנען; מאַכט ניט מיין פאָטערס הויז אַ הויז פון מִסחר. [17] זיינע
תַּלמידים האָבן זיך דערמאָנט, אַז סע שטייט געשריבן: די קִנאה פון דיין
הויז האָט מיך פאַרצערט א. [18] און די ייִדן האָבן אים געענטפערט, און געזאָגט:
וואָסער צייכן טוסטו אונדז וויזן, אַז דו טוסט די דאָזיקע זאַכן? [19] האָט יֵשוּעַ
געענטפערט, און צו זיי געזאָגט: צעשטערט דעם דאָזיקן הֵיכל, און אין דריי
טעג וועל איך אים אויפשטעלן. [20] די ייִדן האָבן דעריבער געזאָגט: זעקס־
און־פערציק יאָר איז דער דאָזיקער הֵיכל געבויט געוואָרן, און דו וועסט
אים אויפשטעלן אין דריי טעג? [21] ער אָבער האָט גערעדט פון דעם הֵיכל
פון זיין גוף. [22] בכֵן, ווען ער איז אויפגעשטאַנען תּחִיַת־הַמֵתים, האָבן זיך
זיינע תַּלמידים דערמאָנט, אַז ער האָט דאָס דאָזיקע געזאָגט, און זיי האָבן
געגלויבט די כְּתבֵי־הַקוֹדֶש, און אין די רייד, וואָס יֵשוּעַ האָט גערעדט.

[23] און בעת ער איז געווען אין ירוּשָלַיִם איבער דעם יום־טוֹב פֶּסח,
האָבן אַ סך געגלויבט אין זיין נאָמען, זעענדיק זיינע וואונדער, וואָס ער האָט
געטאָן. [24] אָבער יֵשוּעַ האָט זיך ניט אָנפאַרטרויט אין זיי, וואָרים ער האָט
געקענט אַלע מענטשן, [25] און מַחמת ער האָט זיך ניט גענייטיקט, אַז עמיצער

א תהלים סט, 10.

זאָל עֵדות זאָגן פונוועגן דעם מענטשן; וואָרים ער אַליין האָט געוואוסט,
וואָס ס'איז געווען אין דעם מענטשן.
ג 1 און עס איז געווען אַ מענטש פון די פּרושים, וואָס האָט געהייסן
נַקְדִימוֹן, אַ שַׂר־ פון די יִידן. 2 דער דאָזיקער איז צו אים געקומען
ביינאַכט, און האָט צו אים געזאָגט: רֶבּי, מיר ווייסן, אַז דו ביסט אַ
לערער, וואָס איז געקומען פון גאָט; וואָרים קיינער קאָן ניט טאָן די
דאָזיקע וואונדער, וואָס דו טוסט, סיידן גאָט איז מיט אים. 3 האָט יֵשוּעַ
געענטפערט, און צו אים געזאָגט: פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג דיר, סיידן
איינער ווערט געבוירן אויפסנייַ, קאָן ער ניט זען דאָס מַלכות פון גאָט.
4 זאָגט צו אים נַקְדִימוֹן: וויאַזוי קאָן אַ מענטש געבוירן ווערן, ווען ער איז
אַ זָקֵן? קאָן ער אַרייַנקומען אַ צווייט מאָל אין זיין מוטערס טראַכט, און
געבוירן ווערן? 5 האָט יֵשוּעַ געענטפערט: פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג דיר,
סיידן איינער ווערט געבוירן פון וואַסער און דעם גייסט, קאָן ער ניט
אַרייַנקומען אין דעם מַלכות פון גאָט. 6 דאָס, וואָס איז געבוירן פון דעם
פלייש, איז פלייש; און דאָס, וואָס איז געבוירן פון דעם גייסט, איז גייסט.
7 חִידוש דיך ניט, וואָס איך האָב דיר געזאָגט: איר מוזט געבוירן ווערן
אויפסנייַ. 8 דער ווינט בלאָזט וואו ער וויל, און דו הערסט זיין קול,
אָבער דו ווייסט ניט פונוואַנען ער קומט, און וואוהין ער גייט; אַזוי איז
יעדער איינער, וואָס איז געבוירן פון דעם גייסט. 9 האָט נַקְדִימוֹן צו אים
געזאָגט: וויאַזוי קאָן דאָס זיין? 10 און יֵשוּעַ האָט געענטפערט, און צו אים
געזאָגט: דו ביסט אַ לערער פון יִשׂרָאֵל, און דאָס פאַרשטייסטו ניט?
11 פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג דיר: מיר רעדן דאָס, וואָס מיר ווייסן, און
זאָגן עֵדות פונוועגן דעם, וואָס מיר האָבן געזען; און איר נעמט ניט אָן
אונדזער עֵדות. 12 אויב איך האָב צו אייך גערעדט פונוועגן ערדישע זאַכן,
און איר גלויבט ניט, וויאַזוי וועט איר גלויבן, אויב איך זאָל צו אייך רעדן
פונוועגן הימלישע זאַכן? 13 און קיינער איז ניט אַרויפגעגאַנגען אין הימל
אַריין, נייערט דער, וואָס האָט אַראָפּגענידערט פון הימל, דער בֶּן־אָדָם,
וואָס איז אין הימל. 14 און אַזוי ווי משה האָט אויפגעהויבן די שלאַנג אין
דער מִדבר [א], פונקט אַזוי מוז דער בֶּן־אָדָם אויפגעהויבן ווערן, 15 כדי יעדער
איינער, וואָס גלויבט אין אים, זאָל האָבן אייביק לעבן.

א במדבר כא, 9.

[16] וואָרים גאָט האָט אַזוי ליב געהאַט די וועלט, אַז ער האָט געגעבן
זיין בֶּן־יָחיד, כּדי יעדער איינער, וואָס גלויבט אין אים, זאָל ניט פאַרלוירן
ווערן, נייערט האָבן אייביק לעבן. [17] וואָרים גאָט האָט ניט געשיקט דעם
זון אין דער וועלט אַריין צו מְשפּטן די וועלט, נייערט אַז די וועלט זאָל
געראַטעוועט ווערן דורך אים. [18] דער, וואָס גלויבט אין אים, ווערט ניט
געמִשפּט; דער, וואָס גלויבט ניט, איז שוין געמִשפּט געוואָרן, מַחמת ער האָט
ניט געגלויבט אין דעם נאָמען פון דעם בֶּן־יָחיד פון גאָט. [19] און דאָס איז
דער מִשפּט, וואָס דאָס ליכט איז געקומען אין דער וועלט אַריין, און מענטשן
האָבן ליב געהאַט די פינצטערניש ליבערשט ווי דאָס ליכט; וואָרים זייערע
מַעשׂים זענען געווען שלעכט. [20] וואָרים יעדער איינער, וואָס טוט שלעכטס,
האָט פיינט דאָס ליכט, און קומט ניט צו דעם ליכט, כּדי זיינע מַעשׂים זאָלן
ניט אויסגעפונען ווערן. [21] נייערט דער, וואָס טוט דעם אֶמת, קומט צו דעם
ליכט, כּדי זיינע מַעשׂים זאָלן אַנטפּלעקט ווערן, אַז זיי זענען געטאָן געוואָרן
אין גאָט.

[22] נאָך דעם איז יֵשוּעַ געקומען מיט זיינע תַּלמידים אין דעם לאַנד
יהודה; און ער איז דאָרט פאַרבליבן מיט זיי, און האָט טוֹבל געווען. [23] און
אויך יוֹחָנָן האָט טוֹבל געווען אין עֵינוֹן, נאָענט פון שָׁלֵם, מַחמת עס איז דאָרטן
געווען אַ סך וואַסער; און זיי זענען געקומען און האָבן זיך געלאָזט טוֹבל
זיין. [24] וואָרים יוֹחָנָן איז נאָך ניט געווען אַריינגעוואָרפן אין דער תּפיסה.
[25] און עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ מַחלוֹקה צווישן די תַּלמידים פון
יוֹחָנָן און אַ ייִדן וועגן רייניקונג. [26] און זיי זענען געקומען צו יוֹחָנָן, און האָבן
צו אים געזאָגט: רֶבּי, דער, וואָס איז ביי דיר געווען אין עֵבֶר־הַיַרדן, און
אויף וועמען דו האָסט עֵדות געזאָגט, זע, דער דאָזיקער טוֹבלט, און אַלע
קומען צו אים. [27] האָט יוֹחָנָן געענטפערט, און געזאָגט: אַ מענטש קאָן זיך
גאָרניט נעמען, סיידן עס איז אים געגעבן געוואָרן פון הימל. [28] איר אַליין
זענט מיינע עֵדות, אַז איך האָב געזאָגט: איך בין ניט דער מָשִׁיחַ, נייערט אַז
איך בין געשיקט געוואָרן פאָרויס פאַר אים. [29] דער, וואָס האָט די כַּלה, איז
דער חָתן; און דער פריינט פון דעם חָתן, וואָס שטייט און הערט זיך צו
צו אים, איז זיך שטאַרק משַׂמֵחַ איבער דעם חָתָנס קוֹל; די דאָזיקע שִׂמחה
מיינע איז איצט פול. [30] ער מוז וואַקסן, איך אָבער מוז ווערן קלענער.
[31] דער, וואָס קומט פון אויבן, איז איבער אַלעמען; דער, וואָס איז

פון דער ערד, איז פון דער ערד, און פון דער ערד טוט ער רעדן; דער,
וואָס קומט פון הימל, איז איבער אַלעמען. 32 וואָס ער האָט געזען און געהערט,
וועגן דעם זאָגט ער עדות, און קיינער נעמט ניט אָן זיין עדות; 33 דער, וואָס
האָט אָנגענומען זיין עדות, האָט צוגעלייגט זיין חתימה, אַז גאָט איז אמת.
34 וואָרים דער, וועמען גאָט האָט געשיקט, טוט רעדן די רייד פון גאָט;
וואָרים ער גיט ניט דעם גייסט מיט אַ מאָס. 35 דער פאָטער האָט ליב דעם
זון, און האָט אַלצדינג געגעבן אין זיין האַנט אַריין. 36 דער, וואָס גלויבט
אין דעם זון, האָט אייביק לעבן; דער אָבער, וואָס געהאָרכט ניט דעם זון,
וועט ניט זען קיין לעבן, נייערט דער צאָרן פון גאָט טוט רוען אויף אים.

ד און בעת דער האַר האָט זיך דערוואוסט, אַז די פּרושים האָבן געהערט,
אַז ישוע מאַכט און איז טובל מער תּלמידים ווי יוחנן — 2 הגם ישוע אַליין
האָט ניט געטובלט, נייערט זיינע תּלמידים — 3 האָט ער פאַרלאָזט יהודה,
און איז ווידער אַוועקגעגאַנגען קיין גליל. 4 און ער האָט געמוזט דורכגיין
דורך שומרון. 5 און ער איז געקומען אין אַ שטאָט פון שומרון, וואָס האָט
געהייסן סוכר, נאָענט צו דעם שטיק פעלד, וואָס יעקב האָט געגעבן צו
זיין זון יוסף. 6 און יעקבס ברונעם איז דאָרט געווען. און אַזוי ווי ישוע איז
געווען מיד פון וועג, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט ביי דעם ברונעם; עס איז
געווען אַרום דער זעקסטער שעה.

7 און געקומען איז אַ פרוי פון שומרון צו שעפּן וואַסער. זאָגט ישוע
צו איר: גיב מיר צו טרינקען. 8 וואָרים זיינע תּלמידים זענען אַוועקגעגאַנגען
אין דער שטאָט אַריין צו קויפן שפּייז. 9 און די שומרונישע פרוי האָט צו אים
געזאָגט: ווי קומט עס, וואָס דו, וואָס ביסט אַ ייד, בעטסט צו טרינקען ביי
מיר, אַ שומרונירין? וואָרים יידן האָבן ניט געהאַט קיין מגע־ומשא מיט
שומרונים. 10 האָט ישוע איר געענטפערט: אויב דו וואָלטסט געוואוסט די
מתנה פון גאָט, און ווער דאָס איז, וואָס זאָגט צו דיר: גיב מיר צו טרינקען,
וואָלטסטו געווען געבעטן ביי אים, און ער וואָלט דיר געווען געגעבן לעבעדיק
וואַסער. 11 זאָגט צו אים די פרוי: האַר, דו האָסט ניט מיט וואָס אָנצושעפּן,
און דער ברונעם איז טיף; פונוואַנען האָסטו דאָס לעבעדיקע וואַסער? 12 צי
ביסטו גרעסער פון יעקב אָבינו, וואָס האָט אונדז געגעבן דעם ברונעם, און
האָט פון אים אַליין געטרונקען, און זיינע זין, און זיינע בהמות? 13 האָט ישוע
געענטפערט, און צו איר געזאָגט: יעדער איינער, וואָס טרינקט פון דעם

דאָזיקן וואַסער, וועט ווידער זיין דאָרשטיק. [14] אָבער דער, וואָס טוט טרינקען
פון דעם וואַסער, וואָס איך וועל אים געבן, וועט קיינמאָל מער ניט דאָרשטיק
זיין; נייערט דאָס וואַסער, וואָס איך וועל אים געבן, וועט ווערן אין אים
אַ וואַסער־קוואַל, וואָס קוואַלט אַרויף צום אייביקן לעבן. [15] זאָגט צו אים
די פרוי: האַר, גיב מיר דאָס דאָזיקע וואַסער, כּדי איך זאָל ניט דאָרשטן,
און ניט דאַרפן קומען אַהער צו שעפּן. [16] זאָגט יֵשוּעַ צו איר: גיי, רוף דיין
מאַן, און קום אַהער. [17] האָט די פרוי געענטפערט, און געזאָגט: איך האָב
ניט קיין מאַן. זאָגט יֵשוּעַ צו איר: דו האָסט ריכטיק געזאָגט: איך האָב
ניט קיין מאַן; [18] וואָרים דו האָסט געהאַט פינף מענער; און דער, וועמען דו
האָסט איצט, איז ניט דיין מאַן; דאָס האָסטו אֶמת געזאָגט. [19] זאָגט צו אים
די פרוי: האַר, איך זע, אַז דו ביסט אַ נָבִיא. [20] אונדזערע אָבות האָבן
תּפילה געטאָן אויף דעם דאָזיקן באַרג; און איר זאָגט, אַז אין ירוּשָלַיִם איז
דער מָקום, וואו מע דאַרף תּפילה טאָן. [21] זאָגט יֵשוּעַ צו איר: אִשה, גלויב
מיר, סע קומט די שָעה, וואָס ניט אויף דעם דאָזיקן באַרג, אויך ניט אין
ירוּשָלַיִם וועט איר תּפילה טאָן צום פאָטער. [22] איר טוט תּפילה צו דעם,
וועמען איר קענט ניט; מיר טוען תּפילה צו דעם, וועמען מיר קענען; וואָרים
די ישוּעה איז פון די ייִדן. [23] אָבער סע קומט די שָעה, און אָט איז זי,
ווען די אֶמֶתע מִתפּללים וועלן תּפילה טאָן צום פאָטער אין גייסט און אֶמת;
וואָרים אַזוינע טוט דער פאָטער באַגערן זאָלן זיין זיינע מִתפּללים. [24] גאָט
איז גייסט; און די, וואָס טוען תּפילה צו אים, מוזן תּפילה טאָן אין גייסט און
אֶמת. [25] זאָגט די פרוי צו אים: איך ווייס, אַז מָשִיחַ וועט קומען, (דער, וואָס
הייסט געזאַלבטער); ווען ער וועט קומען, וועט ער אונדז באַשיידן אַלצדינג.
[26] זאָגט יֵשוּעַ צו איר: איך, וואָס רעד צו דיר, בין עס טאַקע ער.
[27] אינצווישן זענען אָנגעקומען זיינע תַּלמידים; און זיי האָבן זיך געחידושט,
וואָס ער רעדט מיט אַ פרוי. דאָך האָט קיינער ניט געזאָגט: וואָס ווילסטו?
אָדער: פאַרוואָס רעדסטו מיט איר? [28] און די פרוי האָט איבערגעלאָזט
דעם וואַסער־קרוג, און איז אַוועק אין שטאָט אַריין, און געזאָגט צו די מענטשן:
[29] קומט, זעט אַ מענטשן, וואָס האָט מיר געזאָגט אַלצדינג, וואָס איך האָב
געטאָן; זאָל דאָס זיין דער מָשִיחַ? [30] זענען זיי אַרויסגעגאַנגען פון דער שטאָט,
און זענען געקומען צו אים. [31] בשעת־מַעשה האָבן אים די תַּלמידים געבעטן,
אַזוי צו זאָגן: רֶבּי, עס. [32] אָבער ער האָט צו זיי געזאָגט: איך האָב אַ שפּייז

צו עסן, פֿון וואָס איר ווייסט ניט. 33 די תּלמידים האָבן דעריבער געזאָגט
איינער צום אַנדערן: צי האָט אים עמיצער געבראַכט עפּעס צו עסן? 34 זאָגט
יֵשוּעַ צו זיי: מײַן שפּײַז איז צו טאָן דעם רָצון פֿון אים, וואָס האָט מיך
געשיקט, און צו פֿאַרענדיקן זײַן ווערק. 35 זאָגט איר ניט: עס זענען נאָך
פֿיר חֳדָשים, און דערנאָך קומט דער שניט? איך זאָג אײַך, הייבט אויף
אײַערע אויגן, און קוקט אויף די פֿעלדער, וואָס זענען שוין ווייס צום שניט.
36 דער, וואָס שנײַדט, איז מקַבּל שׂכר, און זאַמלט איין פֵּירות צום אייביקן
לעבן, כּדי דער, וואָס זייט, און דער, וואָס שנײַדט, זאָלן זיך אינאיינעם
משַׂמֵחַ זײַן. 37 וואָרים דאָ פּאַסט זיך דאָס מָשל: איינער זייט, און אַן אַנדערער
שנײַדט. 38 איך האָב אײַך געשיקט צו שנײַדן דאָס, אויף וואָס איר האָט זיך
ניט געמיִט; אַנדערע האָבן זיך געמיִט, און איר זענט אין זייער מִי אַרײַנגעקומען.
39 און פֿון יענער שטאָט האָבן אַ סך פֿון די שומרונים געגלויבט אין
אים, צוליב דעם וואָרט פֿון דער פֿרוי, וואָס האָט עֵדות געזאָגט: ער האָט
מיר געזאָגט אַלצדינג, וואָס איך האָב געטאָן. 40 און אַז די שומרונים זענען
צו אים געקומען, האָבן זיי אים געבעטן צו פֿאַרבלײַבן מיט זיי; און ער איז
דאָרט פֿאַרבליבן צוויי טעג. 41 און נאָך אַ סך האָבן געגלויבט צוליב זײַן
וואָרט; 42 און זיי האָבן געזאָגט צו דער פֿרוי: איצט גלויבן מיר, ניט צוליב
דײַנע רייד, וואָרים מיר אַליין האָבן געהערט, און ווייסן, אַז דאָס איז באֱמת
דער גוֹאֵל פֿון דער וועלט.

43 און נאָך די צוויי טעג איז ער פֿון דאָרטן אַוועקגעגאַנגען קיין גָליל.
44 וואָרים יֵשוּעַ אַליין האָט עֵדות געזאָגט, אַז אַ נָביא האָט ניט קיין כָּבוד
אין זײַן אייגן לאַנד. 45 און אַז ער איז געקומען קיין גָליל, האָבן אים די
גָלילער מקַבּל־פָּנים געווען, ווייל זיי האָבן געזען אַלץ, וואָס ער האָט
געטאָן אין ירושָלַיִם אויף יום־טוב; וואָרים אויך זיי האָבן עוֹלה־רֶגל געווען
אויף יום־טוב.

46 און ער איז ווידער אַמאָל געקומען קיין קָנָה אין גָליל, וואו ער האָט
געמאַכט דאָס וואַסער צו ווײַן. און דאָרט איז געווען איינער אַן אײַדלמאַן,
וועמעס זון איז געווען קראַנק אין כּפר־נַחום. 47 בעת ער האָט געהערט,
אַז יֵשוּעַ איז אַרויסגעקומען פֿון יהודה קיין גָליל, איז ער געגאַנגען און האָט
אים געבעטן, אַז ער זאָל אַראָפּנידערן און היילן זײַן זון; וואָרים ער האָט
געהאַלטן ביים שטאַרבן. 48 און יֵשוּעַ האָט צו אים געזאָגט: סיידן איר זעט

אותות און מופתים, וועט איר ניט גלויבן! [49] זאָגט צו אים דער אײדלמאַן:
האַר, קום אַראָפּ, אײדער מײן קינד שטאַרבט. [50] זאָגט יֵשוּעַ צו אים: גײ;
דײן זון לעבט! און דער מענטש האָט געגלויבט דאָס וואָרט, וואָס יֵשוּעַ
האָט צו אים גערעדט, און ער איז געגאַנגען זײן וועג. [51] און בעת ער האָט
אַראָפּגענידערט, האָבן אים באַגעגנט זײנע קנעכט, און געזאָגט, אַז זײן זון
לעבט. [52] און ער האָט געפאָרשט בײ זײ די שָעה, ווען ער האָט זיך אָנגעהויבן
צו בעסערן. האָבן זײ צו אים געזאָגט: נעכטן אין דער זיבעטער שָעה־
האָט דאָס פיבער אים אָפּגעלאָזט. [53] און דער פאָטער האָט פאַרשטאַנען,
אַז דאָס איז געווען אין יענער שָעה, אין וועלכער יֵשוּעַ האָט צו אים געזאָגט:
דײן זון לעבט! און ער האָט אַלײן געגלויבט, און זײן גאַנץ הויז. [54] דאָס
דאָזיקע איז שוין דאָס צווײטע וואונדער, וואָס יֵשוּעַ האָט געטאָן בײ זײן
אַרויסקומען פון יהודה קײן גָליל.

ה און נאָך דעם איז געווען יום־טוב בײ יִדן; און יֵשוּעַ האָט עולה־רֶגל
געווען קײן ירושָלַיִם.

[2] און אין ירושָלַיִם בײם שַער־הַצֹאן איז פאַראַן אַ טײך, וואָס הײסט
אויף לָשון־קוֹדֶש בֵית־חַסדָא, און וואָס האָט פינף פאָלישן. [3] אין די דאָזיקע
איז געלעגן אַן עולם פון קראַנקע, בלינדע, הינקענדיקע, אויסגעצערטע,
וואָס האָבן געוואַרט, אַז דאָס וואַסער זאָל זיך באַוועגן. [4] וואָרים אַ מַלאך
פון גאָט פלעגט פון צײט־צו־צײט אַראָפּנידערן אין דעם טײך אַרײן, און
באַוועגן דאָס וואַסער; און דער, וואָס איז צוערשט אַרײַנגעגאַנגען, נאָכדעם
ווי דאָס וואַסער איז באַוואויגן געוואָרן, איז געוואָרן געזונט, פון וואָסער
קראַנקהײט ער האָט נאָר געליטן. [5] און דאָרט איז געווען אַ מענטש, וואָס
איז קראַנק געווען אַכט־און־דרײסיק יאָר. [6] און אַז יֵשוּעַ האָט אים געזען,
און האָט פאַרשטאַנען, אַז ער ליגט שוין אַזוי אַ לאַנגע צײט, האָט ער צו אים
געזאָגט: דו ווילסט געזונט ווערן? [7] האָט אים דער חוֹלה געענטפערט: האַר,
איך האָב ניט קײנעם, וואָס זאָל מיך אַרײַנטאָן אין טײך אַרײן, בעת דאָס
וואַסער באַוועגט זיך; אײדער איך קום אָן, גײט אַן אַנדערער אַראָפּ
פאַר מיר. [8] זאָגט צו אים יֵשוּעַ: שטײ אויף, נעם דײן געלעגער, און גײ.
[9] און תֵיכף איז דער מענטש געזונט געוואָרן, און האָט גענומען זײן געלעגער
און איז געגאַנגען.

[10] און יענער טאָג איז געווען שַבת. און די יִדן האָבן געזאָגט צו דעם,

וואָס איז געהיילט געוואָרן: עס איז שַבּת, און עס איז דיר ניט דערלויבט
צו טראָגן דיין געלעגער. [11] אָבער ער האָט זיי געענטפערט: דער, וואָס האָט
מיך געזונט געמאַכט, האָט צו מיר געזאָגט: נעם דיין געלעגער, און גיי.
האָבן זיי אים געפרעגט: [12] ווער איז דער מענטש, וואָס האָט צו דיר געזאָגט:
נעם דיין געלעגער, און גיי? [13] אָבער דער, וואָס איז געהיילט געוואָרן, האָט
ניט געוואוסט, ווער דאָס איז געווען; וואָרים יֵשוּעַ האָט אָפּגעקערט, ווייל
אַן עולם איז געווען אויף יענעם אָרט. [14] דערנאָך האָט אים יֵשוּעַ געפונען
אין דעם בֵּית־הַמִקדש, און האָט צו אים געזאָגט: זע, דו ביסט געוואָרן
געזונט; זינדיק ניט מער, ווייל טאָמער וועט דיך באַפאַלן אַן ערגערע זאַך.
[15] און דער מענטש איז אַוועקגעגאַנגען, און האָט דערציילט די יִידן, אַז
דאָס איז געווען יֵשוּעַ, וואָס האָט אים געזונט געמאַכט. [16] און צוליב דעם
האָבן די יִידן גערודֶפט יֵשוּעַן, מַחמת ער האָט אַזוינס געטאָן אום שַבּת.
[17] אָבער יֵשוּעַ האָט זיי געענטפערט: מיין פאָטער אַרבעט ביז איצט, און איך
אַרבעט אויך. [18] און טאַקע צוליב דעם האָבן די יִידן נאָך מער געזוכט
אים צו טייטן, מַחמת ער האָט ניט נאָר מחַלֵל־שַבּת געווען, נייערט האָט
אויך אָנגערופן גאָט זיין פאָטער, און זיך געמאַכט גלייך מיט גאָט.

[19] יֵשוּעַ האָט זיי דעריבער געענטפערט, און געזאָגט: פאַרוואָר, פאַרוואָר,
איך זאָג אייך, דער זון קאָן פון זיך אַליין גאָרניט טאָן, סיידן דאָס, וואָס
ער זעט דעם פאָטער טאָן; וואָרים דאָס, וואָס ער טוט, דאָס טוט אויך
אויף דעם זעלבן אופן דער זון. [20] וואָרים דער פאָטער האָט ליב דעם זון,
און ווייזט אים אַלצדינג, וואָס ער טוט אַליין; און גרעסערע מַעשים ווי די
דאָזיקע וועט ער אים ווייזן, כּדי איר זאָלט נִשתּוֹמם ווערן. [21] וואָרים אַזוי ווי
דער פאָטער איז מחַיֵה־מֵתים און גיט זיי לעבן, פּונקט אַזוי מאַכט אויך דער
זון לעבעדיק, וועמען ער וויל. [22] וואָרים דער פאָטער מִשפּט קיינעם ניט,
נייערט האָט דעם גאַנצן מִשפּט איבערגעגעבן דעם זון, [23] כּדי אַלע זאָלן
אָפּגעבן כָּבוד דעם זון, פּונקט ווי זיי גיבן אָפּ כָּבוד דעם פאָטער. דער,
וואָס גיט ניט אָפּ קיין כָּבוד דעם זון, גיט ניט אָפּ קיין כָּבוד דעם פאָטער,
וואָס האָט אים געשיקט. [24] פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג אייך: דער, וואָס
הערט מיין וואָרט, און גלויבט דעם, וואָס האָט מיך געשיקט, האָט אייביק
לעבן, און קומט ניט צום מִשפּט, נייערט איז אַריבערגעגאַנגען פון דעם
טויט אין לעבן אַריין.

25 פֿאַרוואָר, פֿאַרוואָר, איך זאָג אײַך: סע גענעענט די שָעה, און אָט
איז זי, ווען די מֵתים וועלן הערן דאָס קול פֿון דעם בֶּן־אֱלֹהִים, און די,
וואָס הערן, וועלן לעבן. 26 וואָרים ווי דער פֿאָטער האָט לעבן אין זיך
אַליין, פּונקט אַזוי האָט ער אויך געגעבן דעם זון צו האָבן לעבן אין זיך
אַליין; 27 און ער האָט אים געגעבן רשות צו טאָן מִשפּט, מַחמת ער איז
דער בֶּן־אָדָם. 28 וואונדערט אײַך ניט אויף דעם; וואָרים סע גענעענט די
שָעה, אין וועלכער אַלע, וואָס זענען אין די קבָרים, וועלן הערן זײַן קול,
29 און וועלן אַרויסקומען; די, וואָס האָבן געטאָן גוטס, צו דער אויפֿשטייאונג
פֿון לעבן, און די, וואָס האָבן געטאָן שלעכטס, צו דער אויפֿשטייאונג פֿון
מִשפּט.

30 איך קאָן גאָרניט טאָן פֿון מיר אַליין; ווי איך הער, אַזוי מִשפּט
איך; און מײַן מִשפּט איז גערעכט, מַחמת איך זוך ניט מײַן אייגענעם רָצון,
נייערט דעם רָצון פֿון דעם, וואָס האָט מיך געשיקט. 31 אויב איך זאָג עֵדות
אויף מיר אַליין, איז מײַן עֵדות ניט אֶמת. 32 פֿאַראַן אַן אַנדערער, וואָס זאָגט
עֵדות וועגן מיר; און איך ווייס, אַז דאָס עֵדות, וואָס ער איז מֵעיד אויף
מיר, איז אֶמת. 33 איר האָט געשיקט צו יוחָנָן, און ער האָט עֵדות געזאָגט
פֿאַר דעם אֶמת. 34 איך אָבער נעם ניט אָן דאָס עֵדות זאָגן פֿון אַ מענטשן;
נייערט איך זאָג דאָס, כּדי איר זאָלט געראַטעוועט ווערן. 35 ער איז געווען
אַ ליכט, וואָס האָט געברענט און געשײַנט, און איר זענט געווען גרייט זיך
משַׂמֵחַ צו זײַן אַ צײַט אין זײַן ליכט. 36 אָבער איך האָב אַן עֵדות, וואָס איז
גרעסער איידער יוחָנָנס; וואָרים די מַעשׂים, וואָס דער פֿאָטער האָט מיר
געגעבן מְמַלא צו זײַן, טאַקע די מַעשׂים, וואָס איך טו, זאָגן עֵדות אויף
מיר, אַז דער פֿאָטער האָט מיך געשיקט. 37 און דער פֿאָטער, וואָס האָט
מיך געשיקט, האָט עֵדות געזאָגט אויף מיר. איר האָט אויך צומאָל ניט
געהערט זײַן קול, און אויך ניט געזען זײַן געשטאַלט. 38 און זײַן וואָרט טוט
ניט רוען אין אײַך, וואָרים וועמען ער האָט געשיקט, דעם גלויבט איר ניט.
39 איר פֿאָרשט די כּתבֵי־הַקוֹדש, מַחמת איר מיינט, אַז אין זיי האָט איר אייביק
לעבן; און זיי זענען עס, וואָס זאָגן עֵדות אויף מיר; 40 און איר ווילט ניט
קומען צו מיר, כּדי איר זאָלט האָבן לעבן. 41 איך נעם ניט אָן קיין כָּבוד
פֿון מענטשן; 42 איך קען אײַך, איר וואָס האָט ניט אין זיך די ליבשאַפֿט
פֿון גאָט. 43 איך בין געקומען אין מײַן פֿאָטערס נאָמען, און איר זענט מיך

ניט מקַבל; אויב אַן אַנדערער וועט קומען אין זיין אייגענעם נאָמען, אים
וועט איר מקַבל זיין. [44] וויאַזוי קאָנט איר גלויבן, וואָס נעמט אָן כָּבוד איינער
פון דעם אַנדערן, און דעם כָּבוד, וואָס קומט פון דעם איינציקן גאָט, זוכט
איר ניט? [45] מיינט ניט, אַז איך וועל אייך פאַרקלאָגן פאַר דעם פאָטער;
פאַראַן איז איינער, וואָס טוט אייך פאַרקלאָגן, משֹה, אויף וועמען איר
פאַרלאָזט אייך. [46] וואָרים וואָלט איר געגלויבט משֹהן, וואָלט איר מיר
געגלויבט, מַחמת ער האָט געשריבן פונוועגן מיר. [47] אויב אָבער איר גלויבט
ניט זיינע כּתובים, וויאַזוי וועט איר גלויבן מיינע רייד?

ו דערנאָך איז יֵשוּעַ אַריבער אויף דער אַנדערער זייט פון דעם יַם־הַגָּלִיל,
וואָס בײַ טבֵריה. [2] און אַ גרויסער עולם איז אים נאָכגעגאַנגען, מַחמת
זיי האָבן געזען די וואונדער, וואָס ער האָט געטאָן מיט די קראַנקע. [3] און
יֵשוּעַ איז אַרויפגעגאַנגען אויף דעם באַרג, און האָט זיך דאָרטן אַנידערגעזעצט
מיט זיינע תַּלמידים. [4] און עס איז געווען נאָענט צום יידישן יום־טוב פֶּסח.
[5] און בעת יֵשוּעַ האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן, און געזען, אַז אַ גרויסער
עולם דערנענטערט זיך צו אים, האָט ער געזאָגט צו פיליפּוסן: פונוואַנען
זאָלן מיר קויפן ברויט, כּדי די דאָזיקע זאָלן האָבן וואָס צו עסן? [6] און
דאָס האָט ער געזאָגט, אים צו פּרואוון; וואָרים ער אַליין האָט געוואוסט,
וואָס ער וועט טאָן. [7] האָט אים פיליפּוס געענטפערט: פאַר צוויי הונדערט
דינָרים ברויט וועט פאַר זיי ניט זיין גענוג, אַז יעדער איינער זאָל כאָטש
קריגן אַביסל. [8] זאָגט צו אים איינער פון זיינע תַּלמידים, אַנדריי, דער
ברודער פון שמעון פּעטרוס: [9] פאַראַן דאָ אַ יינגל, וואָס האָט פינף גערשטן־
ברויטן און צוויי פיש; אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַזויפיל? [10] האָט יֵשוּעַ
געזאָגט: הייסט די מענטשן זיך אַנידערזעצן. און עס איז געווען אַ סך גראָז
אויף יענעם פּלאַץ. און די מענטשן האָבן זיך אַנידערגעזעצט, אַרום פינף
טויזנט אין צאָל. [11] און יֵשוּעַ האָט גענומען די ברויטן, און אַז ער האָט אַ
בְּרָכה געמאַכט, האָט ער זיי פונאַנדערגעטיילט צו די, וואָס זענען געווען
אויסגעזעצט; און אַזוי אויך פון די פיש, וויפל זיי האָבן געוואָלט. [12] און אַז
זיי זענען געוואָרן זאַט, האָט ער געזאָגט צו זיינע תַּלמידים: זאַמלט צונויף
די איבערגעבליבענע ברעקלעך, אַז ס'זאָל גאָרניט פאַרלוירן גיין. [13] און זיי
האָבן זיי צונויפגענומען, און האָבן אָנגעפילט צוועלף קערב מיט ברעקלעך
פון די פינף גערשטן־ברויטן, וואָס זענען איבערגעבליבן פון די, וואָס האָבן

געגעסן. 14 און בעת די מענטשן האָבן געזען דאָס וואונדער, וואָס ער האָט
געטאָן, האָבן זיי געזאָגט: דאָס איז באֱמת דער נָביא, וואָס דאַרף קומען
אויף דער וועלט.
15 און בעת יֵשוּעַ האָט באַמערקט, אַז זיי האָבן בדֵעה צו קומען און
אים נעמען מיט געוואַלט, כּדי אים צו מאַכן פאַר אַ מֶלך, האָט ער זיך
ווידער צוריקגעצויגן אַליין אויף דעם באַרג.
16 און אַז עס איז געוואָרן אָוונט, האָבן זיינע תּלמידים אַראָפּגענידערט
צום יַם, 17 און זיי זענען אַרײַנגעגאַנגען אין אַ שיף אַריין, און זענען אַריבער־
געפאָרן דעם יַם קיין כּפר־נַחוּם. און עס איז שוין געווען פינצטער, און
יֵשוּעַ איז נאָך ניט געהאַט געקומען צו זיי. 18 און דער יַם האָט זיך אויפגעהויבן,
ווייל אַ גרויסער ווינט האָט געבלאָזן. 19 און נאָכדעם ווי זיי זענען אָפּגעפאָרן
אַן עֶרך פון פינף־און־צוואַנציק, אָדער דרייסיק סטאַדיעס, האָבן זיי געזען
יֵשוּעַן גיין אויפן יַם, און זיך דערנענטערן צו דער שיף. און זיי האָבן מוֹרא
געהאַט. 20 אָבער ער האָט צו זיי געזאָגט: דאָס בין איך; האָט ניט קיין מוֹרא.
21 און זיי האָבן אים געוואָלט אַרײַננעמען אין דער שיף אַריין; און די שיף
האָט זיך תּיכּף דערנענטערט צום לאַנד, וואוהין זיי זענען געפאָרן.
22 אויף מאָרגן האָט דאָס פאָלק, וואָס איז געשטאַנען אויף דער אַנדערער
זייט יַם, געזען, אַז דאָרטן איז ניט געווען קיין אַנדערע שיף אויסער איינער,
און אַז יֵשוּעַ איז ניט אַרײַנגעגאַנגען מיט זיינע תּלמידים אין דער שיף אַריין,
נייערט, אַז זיינע תּלמידים זענען אַוועקגעפאָרן אַליין. 23 עס זענען אָבער
אָנגעקומען אַנדערע שיפן פון טבֵריה, נאָענט צו דעם פּלאַץ, וואו זיי האָבן
געגעסן דאָס ברויט, נאָכדעם ווי דער האַר האָט אַ בּרָכה געמאַכט; 24 און
ווען דאָס פאָלק האָט געזען, אַז יֵשוּעַ איז דאָרט ניטאָ, און אויך ניט זיינע
תּלמידים, זענען זיי אַריין אין די שיפן, און זענען געפאָרן קיין כּפר־נַחוּם,
און האָבן געזוכט יֵשוּעַן.
25 און אַז זיי האָבן אים געפונען אויף יענער זייט יַם, האָבן זיי צו אים
געזאָגט: רֶבּי, ווען ביסטו אַהערגעקומען? 26 האָט יֵשוּעַ זיי געענטפערט, און
געזאָגט: פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג אייך, איר זוכט מיך, ניט מַחמת איר
האָט געזען די וואונדער, נייערט ווייל איר האָט געגעסן פון די ברויטן, און
זענט זאַט געוואָרן. 27 מִיט אייך ניט פאַר דער שפּייז, וואָס גייט פאַרלוירן,
נייערט פאַר דער שפּייז, וואָס פאַרבלייַבט פאַר דעם אייביקן לעבן, וואָס

דער בֶּן־אָדָם וועט אייך געבן; וואָרים אויף אים האָט גאָט, דער פֿאָטער,
אַרויפֿגעלייגט זיין חַתִימה. 28 און זיי האָבן צו אים געזאָגט: וואָס זאָלן מיר
טאָן, כּדי צו טאָן די מַעשׂים פֿון גאָט? 29 האָט יֵשוּעַ געענטפֿערט, און צו
זיי געזאָגט: דאָס איז דאָס ווערק פֿון גאָט, אַז איר זאָלט גלויבן אין אים,
וועמען ער האָט געשיקט. 30 און זיי האָבן צו אים געזאָגט: וואָס טוסטו דען
פֿאַר אַ צייכן, אַז מיר זאָלן זען, און דיר גלויבן? וואָס טוסטו אויף?
31 אונדזערע אָבות האָבן געגעסן מַן אין דער מִדבּר; ווי סע שטייט געשריבן:
ער האָט זיי געגעבן צו עסן ברויט פֿון הימל[א]. 32 האָט יֵשוּעַ צו זיי געזאָגט:
פֿאַרוואָר, פֿאַרוואָר, איך זאָג אייך, ניט מֹשה האָט אייך געגעבן ברויט פֿון
הימל, נייערט מיין פֿאָטער גיט אייך דאָס אֶמֶתע ברויט פֿון הימל. 33 וואָרים
דאָס ברויט פֿון גאָט איז דאָס, וואָס קומט אַראָפּ פֿון הימל, און גיט לעבן
צו דער וועלט. 34 האָבן זיי צו אים געזאָגט: האַר, גיב אונדז תָּמיד דאָס
דאָזיקע ברויט.

35 און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: איך בין דאָס ברויט פֿון לעבן; דער,
וואָס קומט צו מיר, וועט קיינמאָל ניט הונגעריק זיין, און דער, וואָס גלויבט
אין מיר, וועט קיינמאָל ניט זיין דאָרשטיק. 36 אָבער איך האָב אייך געזאָגט,
אַז איר האָט מיך געזען, און דאָך האָט איר ניט געגלויבט. 37 אַצלדינג,
וואָס דער פֿאָטער גיט מיר, וועט קומען צו מיר; און דעם, וואָס קומט
צו מיר, אים וועל איך באֵין־אופֿן ניט אַרויסוואַרפֿן. 38 וואָרים איך בין
אַראָפּגעקומען פֿון הימל, ניט צו טאָן מיין אייגענעם רָצון, נייערט דעם
רָצון פֿון אים, וואָס האָט מיך געשיקט. 39 און דאָס איז דער רָצון פֿון
אים, וואָס האָט מיך געשיקט, אַז פֿון דעם אַלעמען, וואָס ער האָט מיר
געגעבן, זאָל איך גאָרניט פֿאַרלירן, נייערט איך זאָל עס אויפֿשטעלן אין
דעם לעצטן טאָג. 40 וואָרים דאָס איז דער רָצון פֿון מיין פֿאָטער, אַז יעדער
איינער, וואָס זעט דעם זון, און טוט גלויבן אין אים, זאָל האָבן אייביק
לעבן; און איך וועל אים אויפֿשטעלן אין דעם לעצטן טאָג.

41 די ייִדן האָבן דעריבער געמורמלט קעגן אים, מַחמת ער האָט
געזאָגט: איך בין דאָס ברויט, וואָס איז אַראָפּגעקומען פֿון הימל. 42 און זיי
האָבן געזאָגט: איז ניט דער דאָזיקער יֵשוּעַ בֶּן־יוסף, וועמעס פֿאָטער און
מוטער מיר קענען? וויאַזוי טוט ער איצט זאָגן: איך בין אַראָפּגעקומען פֿון

א שמות טז, 4, 15; תהלים עח, 24; קה, 40.

הימל? [43]האָט יֵשוּעַ געענטפערט, און צו זיי געזאָגט: מורמלט ניט צווישן זיך. [44]קיינער קאָן ניט קומען צו מיר, סיידן דער פאָטער, וואָס האָט מיך געשיקט, ציט אים; און איך וועל אים אויפשטעלן אין דעם לעצטן טאָג. [45]סע שטייט געשריבן אין די נביאים: און זיי וועלן אַלע זיין געלערנט פון גאָטא. יעדער איינער, וואָס האָט געהערט און געלערנט פון דעם פאָטער, טוט קומען צו מיר. [46]ניט, וואָס עמיצער האָט געזען דעם פאָטער, אַחוץ דער, וואָס איז פון גאָט, ער האָט געזען דעם פאָטער. [47]פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג אייך, דער, וואָס גלויבט אין מיר, האָט אייביק לעבן. [48]איך בין דאָס ברויט פון לעבן. [49]אייערע אָבות האָבן געגעסן מַן אין דער מִדבר, און זענען געשטאָרבן. [50]דאָס דאָזיקע איז דאָס ברויט, וואָס קומט אַראָפּ פון הימל, כדי איינער זאָל עסן דערפון, און ניט שטאַרבן. [51]איך בין דאָס לעבעדיקע ברויט, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון הימל; אויב עמיצער וועט עסן פון דעם דאָזיקן ברויט, וועט ער לעבן אויף אייביק; און דאָס ברויט, וואָס איך וועל געבן פאַר דעם לעבן פון דער וועלט, איז מיין פלייש.

[52]די יִדן האָבן זיך דעריבער געאַמפּערט איינער מיט דעם אַנדערן, אַזוי צו זאָגן: וויאַזוי קען ער אונדז געבן זיין פלייש צו עסן? [53]יֵשוּעַ האָט דעריבער צו זיי געזאָגט: פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג אייך, אויב איר וועט ניט עסן דאָס פלייש פון דעם בֶּן־אָדָם, און טרינקען זיין בלוט, האָט איר ניט קיין לעבן אין זיך. [54]דער, וואָס טוט עסן מיין פלייש, און טרינקען מיין בלוט, האָט אייביק לעבן; און איך וועל אים אויפשטעלן אין דעם לעצטן טאָג. [55]וואָרים מיין פלייש איז אֶמֶתע שפּייז, און מיין בלוט איז אֶמֶתער־געטראַנק. [56]דער, וואָס טוט עסן מיין פלייש, און טרינקען מיין בלוט, רוט אין מיר, און איך אין אים. [57]אַזוי ווי דער לעבעדיקער פאָטער האָט מיך געשיקט, און איך לעב פונוועגן דעם פאָטער, אַזוי וועט דער, וואָס טוט מיך עסן, אויך לעבן פון מייַנעטוועגן. [58]דאָס דאָזיקע איז דאָס ברויט, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון הימל; ניט ווי אייערע אָבות־ האָבן געגעסן, און זענען געשטאָרבן; דער, וואָס טוט עסן דאָס דאָזיקע ברויט, וועט לעבן אויף אייביק. [59]דאָס דאָזיקע האָט ער געזאָגט אין דעם בֵּית־הַכְּנֶסֶת, בעת ער האָט געלערנט אין כְּפַר־נַחוּם.

א ישעיה נד, 13.

60 און אַ סך פון זיינע תּלמידים, בעת זיי האָבן דאָס געהערט, האָבן
געזאָגט: דאָס איז אַ האַרב וואָרט; ווער קאָן דאָס הערן? 61 ישוע האָט אָבער
פאַרשטאַנען אין זיך, אַז זיינע תּלמידים האָבן געמורמלט דערביי, האָט ער
צו זיי געזאָגט: טוט דאָס אייך גורם זיין צו שטרויכלען? 62 און וואָס, אויב
איר זאָלט זען דעם בן־אָדם אַרויפגיין, וואו ער איז פריער געווען? 63 דער
גייסט איז דאָס, וואָס גיט לעבן; דאָס פלייש נוצט צו גאָרניט; די רייד, וואָס
איך האָב גערעדט צו אייך, זענען גייסט און לעבן. 64 אָבער פאַראַן עטלעכע
צווישן אייך, וואָס גלויבן ניט. וואָרים ישוע האָט געוואוסט פון אָנהייב
אָן, ווער דאָס זענען די, וואָס האָבן ניט געגלויבט, און ווער עס וועט
אים איבערענטפערן. 65 און ער האָט געזאָגט: דערפאַר האָב איך צו אייך
געזאָגט, אַז קיינער קאָן ניט קומען צו מיר, סיידן דאָס איז אים באַשערט
געוואָרן פון דעם פאָטער.

66 פון דעמאָלט אָן האָבן זיך אַ סך פון זיינע תּלמידים צוריקגעצויגן,
און זענען מער מיט אים ניט געגאַנגען. 67 ישוע האָט דעריבער געזאָגט צו די
צוועלף: ווילט איר אויך אַוועקגיין? 68 און שמעון פעטרוס האָט אים
געענטפערט: האַר, צו וועמען זאָלן מיר גיין? דו האָסט די רייד פון
אייביקן לעבן. 69 און מיר האָבן געגלויבט, און ווייסן, אַז דו ביסט דער
הייליקער פון גאָט. 70 האָט ישוע זיי געענטפערט: האָב איך ניט אייך, די
צוועלף, אויסדערוויילט, און איינער פון אייך איז אַ שׂטן? 71 און ער האָט
גערעדט פון יהודה בן־שמעון איש־קריות, וואָרים ער איז דאָס געווען דער,
וואָס האָט אים געזאָלט איבערענטפערן, הגם איינער פון די צוועלף.

ז און נאָכדעם איז ישוע אַרומגעגאַנגען אין גליל; וואָרים ער האָט ניט
געוואָלט אַרומגיין אין יהודה, מחמת די ייִדן האָבן געזוכט אים צו טייטן.
2 און דער ייִדישער יום־טוב סוכּות האָט זיך דערנענטערט. 3 זיינע ברידער
האָבן דעריבער צו אים געזאָגט: קער אָפּ פונדאַנען און גיי קיין יהודה, כּדי
דיינע תּלמידים זאָלן אויך זען די מעשׂים, וואָס דו טוסט. 4 וואָרים קיינער
טוט ניט קיין שום זאַך בסתר, אויב ער באַגערט אָפּן באַקאַנט צו זיין.
אויב דו טוסט די דאָזיקע זאַכן, אַנטפּלעק דיך פאַר דער וועלט. 5 וואָרים
אַפילו זיינע ברידער האָבן ניט געגלויבט אין אים. 6 ישוע האָט דעריבער צו
זיי געזאָגט: מיין צייט איז נאָך ניט געקומען, אָבער אייער צייט איז אַלעמאָל
גרייט. 7 די וועלט קאָן אייך ניט פיינט האָבן; מיך אָבער האָט זי פיינט,

מַחמת איך זאָג עֵדות אויף איר, אַז אירע מַעשׂים זענען שלעכט. 8 גייט,
זייט עולה־רֶגל אויף יום־טוב; איך טו ניט עולה־רֶגל זיין אויף דעם דאָזיקן
יום־טוב, מַחמת מיין צייט איז נאָך ניט מְמַלא געוואָרן. 9 און בעת ער האָט
דאָס געזאָגט, איז ער געבליבן אין גָליל.

10 און נאָכדעם ווי זיינע ברידער האָבן עולה־רֶגל געווען אויף יום־
טוב, האָט ער אויך עולה־רֶגל געווען, ניט אָפן, נייערט בסֵתר. 11 און יום־טוב
האָבן אים די יידן געזוכט, און געזאָגט: וואו איז ער? 12 און עס איז געווען
וועגן אים אַ סך געמורמל צווישן דעם פאָלק; טייל האָבן געזאָגט: ער איז
אַ גוטער מענטש; אַנדערע האָבן געזאָגט: ניין, ער פאַרפירט דאָס פאָלק.
13 דאָך האָט קיינער ניט גערעדט אָפן וועגן אים, אויס מורא פאַר די יידן.

14 און בעת עס איז שוין געווען אין מיטן פון דעם יום־טוב, איז יֵשוּע
אַרויפגעגאַנגען אין בֵית־הַמִקדש אַריין, און האָט געלערנט. 15 און די יידן
האָבן זיך געחידושט, און געזאָגט: וויאַזוי קאָן דער דאָזיקער מענטש אַ סֵפר,
אַז ער האָט קיינמאָל ניט געלערנט? 16 יֵשוּע האָט זיי דעריבער געענטפערט,
און געזאָגט: מיין תּורה איז ניט מיינע, נייערט דעמס, וואָס האָט מיך געשיקט.
17 אויב עמיצער איז וויליק צו טאָן זיין רָצון, וועט ער וויסן פון דער לערנונג,
צי זי איז פון גאָט, אָדער צי איך רעד פון מיר אַליין. 18 דער, וואָס רעדט
פון זיך אַליין, זוכט זיין אייגענעם כָבוד; דער אָבער, וואָס זוכט דעם כָבוד
פון דעם, וואָס האָט אים געשיקט, דער דאָזיקער איז וואָרהאַפטיק, און
קיין אומגערעכטיקייט איז אין אים ניטאָ. 19 האָט אייך משה ניט געגעבן די
תּורה? און דאָך האַלט קיינער ניט פון אייך די תּורה. פאַרוואָס זוכט
איר מיך צו טייטן? 20 און דער הַמון האָט אים געענטפערט: דו האָסט אַ
בייזן גייסט; ווער זוכט דיך צו טייטן? 21 האָט יֵשוּע געענטפערט, און צו
זיי געזאָגט: איך האָב געטאָן איין זאַך, און איר אַלע חידושט זיך דעריבער.
22 משה האָט אייך געגעבן מִצוַת־מִילה (ניט, ווייל עס איז פון משהן, נייערט
פון די אָבות), און איר זענט מַל אַ מענטשן שַבת. 23 בכֵן, אויב מען איז
מַל אַ מענטשן אום שַבת, כּדי ניט עובר צו זיין אויף תּורת־משה, פאַרוואָס
צערנט איר אויף מיר, וואָס איך האָב שַבּת אַ גאַנצן מענטשן געזונט
געמאַכט? 24 משפּט ניט לְפָנים, נייערט משפּט אַ רעכטפאַרטיקן משפּט.

25 און עטלעכע ירושָלַיִמער האָבן געזאָגט: איז דאָס ניט דער, וועמען
זיי זוכן צו טייטן? 26 אָט רעדט ער אָפן, און זיי זאָגן אים גאָרניט. זאָל

עס זיין, אַז די שָׂרים ווייסן באֱמת, אַז דאָס איז דער מָשִׁיחַ? 27 מיר ווייסן
פֿונוואַנען ער איז; אָבער ווען מָשִׁיחַ וועט קומען, וועט קיינער ניט וויסן
פֿונוואַנען ער איז. 28 יֵשוּעַ האָט דעריבער אויסגערופֿן אין דעם בֵּית־הַמִקדָש,
בעת ער האָט געלערנט, און געזאָגט: איר קענט מיך, און איר ווייסט
פֿונוואַנען איך בין? איך בין אָבער ניט געקומען פֿון מיר אַליין, נייערט
דער, וואָס האָט מיך געשיקט, איז וואָרהאַפֿטיק, און אים קענט איר ניט.
29 איך קען אים, מַחמת איך בין פֿון אים, און ער האָט מיך געשיקט. 30 זיי
האָבן דעריבער געזוכט אים צו כאַפּן; נאָר קיינער האָט ניט געלייגט קיין
האַנט אויף אים, מַחמת זיין שָׁעה איז נאָך ניט געהאַט געקומען. 31 אָבער אַ
סך פֿון דעם פֿאָלק האָבן געגלויבט אין אים, און זיי האָבן געזאָגט: ווען
מָשִׁיחַ וועט קומען, וועט ער דען טאָן מער וואונדער, ווי דער דאָזיקער
האָט געטאָן?

32 און די פּרושים האָבן געהערט, ווי דאָס פֿאָלק רעדט אַזוינס וועגן
אים, און די ראָשי־כֹּהנים און די פּרושים האָבן אַרויסגעשיקט באַדינער אים
צו כאַפּן. 33 יֵשוּעַ האָט דעריבער געזאָגט: נאָך אַ קליינע ווילע בין איך
מיט אייך, דערנאָך גיי איך צו אים, וואָס האָט מיך געשיקט; 34 איר וועט
מיך זוכן, און וועט מיך ניט געפֿינען; און וואו איך בין, קאָנט איר ניט קומען.
35 האָבן די ייִדן געזאָגט איינער צום אַנדערן: וואוהין רעכנט ער צו גיין,
וואָס מיר וועלן אים ניט געפֿינען? וועט ער אֶפשר גיין צו די צעזייטע צווישן
די גריכן, און לערנען די גריכן? 36 וואָס מיינט דאָס וואָרט, וואָס ער האָט
געזאָגט: איר וועט מיך זוכן און ניט געפֿינען; און וואו איך בין, קאָנט איר
ניט קומען?

37 און אין דעם לעצטן טאָג, דעם גרויסן טאָג פֿונעם יום־טוֹב, איז
יֵשוּעַ געשטאַנען, און האָט אויסגערופֿן: אויב עמיצער איז דאָרשטיק, זאָל ער
קומען צו מיר און טרינקען. 38 דער, וואָס גלויבט אין מיר, וועלן פֿון זיין
לייַב, לויט ווי דער פָּסוק זאָגט, פליסן טייכן פֿון לעבעדיק וואַסער[א]. 39 און
דאָס האָט ער גערעדט פֿון דעם גייסט, וואָס די, וואָס גלויבן אין אים, האָבן
באַדאַרפֿט מקַבל זיין; וואָרים דער רוּחַ־הַקוֹדֶש איז נאָך ניט געהאַט געגעבן
געוואָרן, מַחמת יֵשוּעַ איז נאָך ניט געווען פֿאַרהערלעכט. 40 און טייל פֿון
דעם פֿאָלק, בעת זיי האָבן געהערט די דאָזיקע רייד, האָבן געזאָגט:

א ישעיה מד, 3.

דער דאָזיקער איז באֶמת דער נָביא. [41] אַנדערע האָבן געזאָגט: דאָס איז
דער מָשיחַ. אַנדערע ווידער האָבן געזאָגט: וואָס, צי טוט דער מָשיחַ אַרויס־
קומען פון גָליל? [42] האָבן ניט די כּתבֵי־הַקוֹדֶש געזאָגט, אַז דער מָשיחַ קומט
פון דעם זאָמען פון דָוִדן, און פון בֵּית־לֶחֶם, די שטאָט, פון וואַנען דָוִד איז
געווען? [43] און עס האָט זיך אויפגעהויבן וועגן אים אַ מַחלוקה ביים פאָלק.
[44] און טייל פון זיי האָבן אים געוואָלט כאַפּן; נאָר קיינער האָט אויף אים
ניט געלייגט קיין האַנט.

[45] און די באַדינער זענען דעריבער געקומען צו די ראָשי־כֹּהֲנים און
די פּרושים; און יענע האָבן צו זיי געזאָגט: פאַרוואָס האָט איר אים ניט
געבראַכט? [46] האָבן די באַדינער געענטפערט: ס'האָט נאָך קיינמאָל קיין
מענטש אַזוי ניט גערעדט, ווי דער דאָזיקער מענטש! [47] האָבן די פּרושים זיי
געענטפערט: זענט איר אויך פאַרפירט געוואָרן? [48] צי האָט עמיצער פון
די שָׂרים, אָדער פון די פּרושים, געגלויבט אין אים? [49] אָבער דער דאָזיקער
הַמוֹן, וואָס קען ניט די תּוֹרה, איז פאַרשאָלטן. [50] זאָגט צו זיי נַקדימון, דער,
וואָס איז צו אים פריער געקומען, הַגַם ער איז געווען איינער פון זיי: [51] מִשפּט
דען אונדזער תּוֹרה אַ מענטשן, איידער זי הערט קודם פון אים אַליין, און
מע ווייסט וואָס ער טוט? [52] האָבן זיי געענטפערט, און צו אים געזאָגט: ביסטו
אויך פון גָליל? פאָרש, און זע, אַז פון גָליל שטייט ניט אויף קיין נָביא.
[53] און איטלעכער איז זיך אַהיימגעגאַנגען.

ח (און יֵשוּעַ איז געגאַנגען צו דעם הַר־הַזֵיתים. [2] אָבער אין דער פרי איז
ער ווידער געקומען אין דעם בֵּית־הַמִקדש אַריין, און דאָס גאַנצע
פאָלק איז געקומען צו אים; און ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, און האָט זיי
געלערנט. [3] און די סופרים און די פּרושים האָבן געבראַכט אַ פרוי, וואָס
מען האָט געכאַפּט ביי זנות; און זיי האָבן זי אַוועקגעשטעלט אין דער מיט,
[4] און האָבן צו אים געזאָגט: רֶבּי, די דאָזיקע אִשה איז געכאַפּט געוואָרן
ביי זנות, טאַקע בשַעת מַעשׂה. [5] אין דער תּוֹרה האָט אונדז מֹשה געבאָטן,
אַזוינע צו פאַרשטיינען; וואָס זאָגסטו דערצו? [6] און דאָס האָבן זיי געזאָגט, אים
צו פרואוון, כדי זיי זאָלן עפּעס האָבן וועגן וואָס אים צו פאַרקלאָגן. אָבער
יֵשוּעַ האָט זיך איינגעבויגן, און געשריבן מיטן פינגער אויף דער ערד. [7] און
אַזוי ווי זיי האָבן געהאַלטן אין פרעגן ווייטער, האָט ער זיך אויפגעהויבן, און
האָט צו זיי געזאָגט: דער צווישן אייך, וואָס איז אָן אַ זינד, זאָל זיין דער

ערשטער צו וואַרפֿן אויף איר אַ שטיין. 8 און ער האָט זיך ווידער איינגעבויגן,
און געשריבן אויף דער ערד. 9 און אַז זיי האָבן דאָס געהערט, זענען זיי
אַרויסגעגאַנגען איינער נאָכן אַנדערן, אָנהייבנדיק פֿון דעם עלטסטן, ביזן
לעצטן; און יֵשוּעַ איז געבליבן אַליין, און די פֿרוי איז געשטאַנען אין דער
מיט. 10 און יֵשוּעַ האָט זיך אויפֿגעהויבן, און האָט צו איר געזאָגט: אִשה, וואו
זענען זיי? האָט דיך קיינער ניט פֿאַרמִשפּט? 11 און זי האָט געזאָגט: קיינער
ניט, האַר. האָט יֵשוּעַ צו איר געזאָגט: אויך איך טו דיך ניט פֿאַרמִשפּטן;
גיי, און פֿון איצט אָן זינדיק ניט מער.)

12 און יֵשוּעַ האָט צו זיי ווידער גערעדט, אַזוי צו זאָגן: איך בין דאָס
ליכט פֿון דער וועלט; דער, וואָס גייט מיר נאָך, וועט קיינמאָל ניט גיין אין
דער פֿינצטערניש, נייערט וועט האָבן דאָס ליכט פֿון לעבן. 13 די פּרושים
האָבן דעריבער צו אים געזאָגט: דו זאָגסט עֵדות פֿונוועגן דיר אַליין; דיין
עֵדות איז ניט אֶמת. 14 און יֵשוּעַ האָט געענטפֿערט, און צו זיי געזאָגט: אויב
אַפֿילו איך זאָג עֵדות פֿונוועגן מיר אַליין, איז מיין עֵדות זאָגן אֶמת, וואָרים
איך ווייס פֿונוואַנען איך בין געקומען, און וואוהין איך גיי; איר אָבער
ווייסט ניט פֿונוואַנען איך קום, אָדער וואוהין איך גיי. 15 איר טוט מִשפּטן
לויט דעם פֿלייש; איך מִשפּט קיינעם ניט. 16 און אויב אַפֿילו איך טו מִשפּטן,
איז מיין מִשפּט אֶמת; וואָרים איך בין ניט אַליין, נייערט איך און דער
פֿאָטער, וואָס האָט מיך געשיקט. 17 און אויך אין דער תּורה שטייט געשריבן,
אַז דאָס עֵדות זאָגן פֿון צוויי מענטשן איז אֶמת[א]. 18 איך זאָג עֵדות פֿונוועגן
מיר אַליין, און דער פֿאָטער, וואָס האָט מיך געשיקט, זאָגט אויך עֵדות
פֿונוועגן מיר. 19 זיי האָבן דעריבער צו אים געזאָגט: וואו איז דיין פֿאָטער?
און יֵשוּעַ האָט געענטפֿערט: איר קענט ניט מיך, און ניט מיין פֿאָטער;
אויב איר וואָלט מיך געקענט, וואָלט איר אויך געקענט מיין פֿאָטער.
20 די דאָזיקע רייד האָט ער געזאָגט אין דער שאַצקאַמער, בעת ער האָט
געלערנט אין דעם בית־המִקדש; און קיינער האָט אים ניט גענומען, מַחמת
זיין שָעה איז נאָך ניט געהאַט געקומען.

21 ער האָט דעריבער ווידער צו זיי געזאָגט: איך גיי אַוועק, און איר
וועט מיך זוכן; אָבער איר וועט שטאַרבן אין אייערע זינד; וואוהין איך גיי,
קענט איר ניט קומען. 22 האָבן די ייִדן דעריבער געזאָגט: וויל ער זיך אָפּשר

א דברים יט, 15.

טייטן, מַחמת ער זאָגט: וואוהין איך גיי, קענט איר ניט קומען? 23 און ער
האָט צו זיי געזאָגט: איר זענט פון אונטן, איך בין פון אויבן; איר זענט
פון ד־ער וועלט; איך בין ניט פון ד־ער וועלט. 24 דערפאַר האָב איך צו
אייך געזאָגט, אַז איר וועט שטאַרבן אין אייערע זינד. וואָרים סיידן איר
וועט גלויבן, אַז איך בין ער, וועט איר שטאַרבן אין אייערע זינד. 25 האָבן
זיי צו אים געזאָגט: ווער ביסטו? און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: טאַקע דאָס,
וואָס איך האָב אייך געזאָגט פון אָנהייב אָן. 26 איך האָב אַ סך צו רעדן
פונוועגן אייך, און צו מִשפּטן; אָבער דער, וואָס האָט מיך געשיקט, איז אֶמת;
און דאָס, וואָס איך האָב פון אים געהערט, דאָס רעד איך צו דער וועלט.
27 נאָר זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט צו זיי גערעדט פון דעם פאָטער.
28 יֵשוּעַ האָט דעריבער געזאָגט: בעת איר וועט האָבן דערהויבן דעם בֶּן־
אָדָם, דעמאָלט וועט איר וויסן, אַז איך בין ער, און אַז איך טו גאָרניט
פון מיר אַליין, נייערט ווי דער פאָטער האָט מיך געלערנט, אַזוי רעד
איך. 29 און דער, וואָס האָט מיך געשיקט, איז מיט מיר; ער האָט מיך ניט
געלאָזן אַליין; וואָרים איך טו תָּמיד דאָס, וואָס אים איז וואוילגעפעלן.
30 בעת ער האָט דאָס געזאָגט, האָבן אַ סך געגלויבט אין אים.

31 יֵשוּעַ האָט דעריבער געזאָגט צו יענע ייִדן, וואָס האָבן אין אים
געגלויבט: אויב איר וועט בלײַבן ביי מיין וואָרט, זענט איר באֱמת מיינע
תַּלמידים, 32 און איר וועט קענען דעם אֱמת, און דער אֱמת וועט אייך מאַכן
פריי. 33 האָבן זיי אים געענטפערט: מיר זענען אַבְרָהמס זאָמען, און זענען
נאָך קיינמאָל ניט געווען פאַרקנעכט צו קיין מענטשן; וויאַזוי טוסטו זאָגן:
איר וועט ווערן פריי?

34 און יֵשוּעַ האָט זיי געענטפערט: פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג אייך:
יעדער איינער, וואָס באַגייט אַ זינד, איז דער קנעכט פון זינד. 35 און דער
קנעכט פאַרבלײַבט ניט אין דעם הויז אויף אייביק; דער זון פאַרבלײַבט
אויף אייביק. 36 דעריבער, אויב דער זון וועט אייך מאַכן פריי, וועט איר
באֱמת זיין פריי. 37 איך ווייס, אַז איר זענט אַבְרָהמס זאָמען; אָבער איר
זוכט מיך צו טייטן, מַחמת מיין וואָרט געפינט ניט קיין פּלאַץ ביי אייך.
38 איך רעד דאָס, וואָס איך האָב געזען ביי מיין פאָטער, און איר טוט
אויך דאָס, וואָס איר האָט געהערט פון אייער פאָטער.

39 און זיי האָבן געענטפערט, און צו אים געזאָגט: אַבְרָהם איז אונדזער

פאָטער. זאָגט יֵשוּעַ צו זיי: ווען איר וואָלט געווען אַברָהמס קינדער, וואָלט
איר געטאָן די מַעֲשׂים פון אַברָהמען. 40 אָבער איר זוכט מיך איצט צו טייטן,
אַ מענטשן, וואָס האָט אייך געזאָגט דעם אֱמת, וועלכן איך האָב געהערט פון
גאָט; דאָס האָט אַברָהם ניט געטאָן. 41 איר טוט די מַעֲשׂים פון אייער פאָטער.
האָבן זיי צו אים געזאָגט: מיר זענען ניט געבוירן געוואָרן דורך זנות; מיר
האָבן איין פאָטער, גאָט. 42 האָט יֵשוּעַ צו זיי געזאָגט: ווען גאָט וואָלט געווען
אייער פאָטער, וואָלט איר מיך ליב געהאַט, וואָרים איך בין אַרויסגעקומען
און בין געקומען פון גאָט; וואָרים ניט פון מיר אַליין בין איך געקומען,
נייערט ער האָט מיך געשיקט. 43 פאַרוואָס טוט איר ניט פאַרשטיין מיין לָשון?
דערפאַר ווייל איר קאָנט ניט הערן מיין וואָרט. 44 איר זענט פון אייער
פאָטער, דעם שָׂטן, און די תַּאֲוות פון אייער פאָטער — דאָס איז אייער רָצון
צו טאָן. ער איז געווען אַ רוֹצֵחַ פון אָנהייב אָן, און איז ניט געשטאַנען אין
דעם אֱמת, מַחמת עס איז אין אים ניטאָ קיין אֱמת. בשעת ער רעדט אַ
ליגן, רעדט ער לויט זיין אייגענער טֶבע, וואָרים ער איז אַ שַׁקרן, און דער
פאָטער פון שֶׁקר. 45 אָבער ווייל איך זאָג דעם אֱמת, גלויבט איר מיר ניט.
46 ווער פון אייך טוט מיך באַשולדיקן אין אַ זינד? אויב איך זאָג אֱמת,
פאַרוואָס גלויבט איר מיר ניט? 47 דער, וואָס איז פון גאָט, טוט הערן די
רייד פון גאָט; דעריבער הערט איר זיי ניט, מַחמת איר זענט ניט פון גאָט.
48 האָבן די יִדן געענטפערט, און צו אים געזאָגט: צי זאָגן מיר ניט מיט
רעכט, אַז דו ביסט אַ שומרוני, און האָסט אַ בייזן גייסט? 49 און יֵשוּעַ האָט
געענטפערט: איך האָב ניט קיין בייזן גייסט, נייערט איך גיב אָפּ כָּבוד מיין
פאָטער, און איר זענט מיך מבַזה. 50 אָבער איך זוך ניט מיין אייגענעם כָּבוד;
פאַראַן איינער, וואָס טוט אים זוכן און מִשפטן. 51 פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך
זאָג אייך, אויב איינער היט אָפּ מיין וואָרט, וועט ער קיינמאָל ניט זען קיין
טויט. 52 האָבן די יִדן צו אים געזאָגט: איצט ווייסן מיר, אַז דו האָסט אַ
בייזן גייסט. אַברָהם איז געשטאָרבן, און די נביאים; און דו זאָגסט: אויב
איינער היט אָפּ מיין וואָרט, וועט ער קיינמאָל ניט פאַרזוכן פון טויט.
53 ביסטו גרעסער פון אַברָהם אָבינו, וואָס איז געשטאָרבן? און די נביאים
זענען געשטאָרבן; פאַר וועמען מאַכסטו דיך אַליין? 54 און יֵשוּעַ האָט
געענטפערט: אויב איך גיב מיר אַליין אָפּ כָּבוד, איז מיין כָּבוד גאָרניט;
עס איז מיין פאָטער, וואָס גיט מיר אָפּ כָּבוד, פון וועמען איר זאָגט, אַז

ער איז אייער גאָט. 55 און איר האָט אים ניט געקענט; אָבער איך קען
אים. און אויב איך וואָלט זאָגן: איך קען אים ניט, וואָלט איך זיין אַ
ליגנער גלייך צו אייך; אָבער איך קען אים, און היט אָפּ זיין וואָרט. 56 אייער
פאָטער אַבְרָהם האָט זיך געפרייט צו זען מיין טאָג; און ער האָט אים
געזען, און זיך מְשַׂמֵחַ געווען. 57 די יִדן האָבן דעריבער געזאָגט צו אים:
דו ביסט נאָך ניט אַלט קיין פופציק יאָר, און דו האָסט געזען אַבְרָהמען?
58 און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג אייך, איידער
אַבְרָהם איז געווען, בין איך. 59 זיי האָבן דעריבער אויפגעהויבן שטיינער צו
וואַרפן אויף אים; אָבער יֵשוּעַ האָט זיך פאַרבאָרגן, און איז אַרויסגעגאַנגען
פון דעם בֵּית־הַמִקְדָש.

ט און בעת ער איז פאַרבײַגעגאַנגען, האָט ער געזען אַ מענטשן, וואָס
איז געווען בלינד פון זיין געבורט אָן. 2 און זיינע תַּלמידים האָבן אים
געפרעגט: רֶבּי, ווער האָט געזינדיקט, דער דאָזיקער מענטש, אָדער זיינע
עלטערן, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן בלינד? 3 האָט יֵשוּעַ געענטפערט:
ניט ער האָט געזינדיקט, און ניט זיינע עלטערן, נייערט כּדי די מַעשׂים פון
גאָט זאָלן אין אים אַנטפּלעקט ווערן. 4 מיר מוזן טאָן די מַעשׂים פון אים,
וואָס האָט מיך געשיקט, כָּל־זמַן עס איז טאָג; סע קומט אָן די נאַכט, ווען
קיינער קאָן ניט אַרבעטן. 5 כָּל־זמַן איך בין אין דער וועלט, בין איך דאָס
ליכט פון דער וועלט. 6 בעת ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער אויסגעשפּיגן
אויף דער ערד, און געמאַכט אַ ליים פון דעם שפּײַעכץ, און האָט אים
באַשמירט די אויגן מיט דעם ליים, 7 און צו אים געזאָגט: גיי, וואַש דיך אין
דעם טייך שִילוֹחַ, וואָס איז טײַטש: געשיקטער. ער איז דעריבער געגאַנגען,
און האָט זיך געוואַשן, און איז צוריקגעקומען זעעוודיק. 8 די שכֵנים, און
די, וואָס האָבן אים פריער געזען, בעת ער איז געווען אַ בעטלער, האָבן
געזאָגט: איז דאָס ניט דער, וואָס איז געזעסן און האָט געבעטלט? 9 אַנדערע
האָבן געזאָגט: ער איז עס; אַנדערע ווידער האָבן געזאָגט: ניין, נאָר ער
איז ענלעך צו אים. און ער האָט געזאָגט: איך בין עס. 10 האָבן זיי צו
אים געזאָגט: וויאַזוי זענען דיינע אויגן געעפנט געוואָרן? 11 און ער האָט
געענטפערט: דער מענטש, וואָס ווערט גערופן יֵשוּעַ, האָט געמאַכט אַ ליים,
און האָט באַשמירט מיינע אויגן, און האָט צו מיר געזאָגט: גיי צום שִילוֹחַ,
און וואַש דיך; און איך בין געגאַנגען און האָב מיך געוואַשן, און איך האָב

געקריגן מיין ראִיה. [12]און זיי האָבן צו אים געזאָגט: וואו איז ער? האָט ער געזאָגט: איך ווייס ניט.

[13]און זיי האָבן געבראַכט צו די פּרושים דעם, וואָס איז פריער געווען בלינד. [14]און עס איז געווען שַבת אין יענעם טאָג, ווען יֵשוּעַ האָט געמאַכט דאָס ליים, און געעפנט זיינע אויגן. [15]און די פּרושים האָבן אים ווידער געפרעגט, וויאַזוי ער האָט געקריגן זיין ראִיה. און ער האָט צו זיי געזאָגט: ער האָט אַרויפגעלייגט ליים אויף די אויגן, און איך האָב מיך געוואַשן, און איך זע. [16]און עטלעכע פון די פּרושים האָבן געזאָגט: דער דאָזיקער מענטש איז ניט פון גאָט, מַחמת ער היט ניט אָפּ שַבת. נאָר אַנדערע האָבן געזאָגט: וויאַזוי קאָן אַ מענטש, וואָס איז אַ זינדיקער, טאָן אַזעלכע וואונדער? און סע זענען געווען צווישן זיי חילוקי־דֵעות. [17]און זיי האָבן נאָכאַמאָל געזאָגט צום בלינדן: וואָס זאָגסטו פונוועגן אים, מַחמת ער האָט דיר געעפנט דיינע אויגן? האָט ער געזאָגט: ער איז אַ נָביא.

[18]אָבער די יִידן האָבן ניט געוואָלט גלויבן, אַז ער איז געווען בלינד, און האָט געקריגן זיין ראִיה, ביז זיי האָבן גערופן די עלטערן פון דעם, וואָס האָט געקריגן זיין ראִיה, [19]און האָבן זיי געפרעגט: איז דאָס אייער זון, פון וועמען איר זאָגט, אַז ער איז געבוירן געוואָרן בלינד? וויאַזוי טוט ער איצט זען? [20]און זיינע עלטערן האָבן געענטפערט: מיר ווייסן, אַז דאָס איז אונדזער זון, און אַז ער איז געבוירן געוואָרן בלינד; [21]נאָר וויאַזוי ער טוט איצטער זען, ווייסן מיר ניט; אָדער ווער סע האָט אים געעפנט די אויגן, ווייסן מיר ניט. פרעגט אים; ער איז שוין אַ בַר־דַעת, זאָל ער רעדן פאַר זיך אַליין. [22]דאָס האָבן זיינע עלטערן געזאָגט, מַחמת זיי האָבן מוֹרא געהאַט פאַר די יִידן, וואָרים די יִידן האָבן שוין געהאַט אָפּגעמאַכט, אַז אויב עמיצער וועט אים אָנערקענען פאַר דעם מָשִיחַ, זאָל מען אים אויסשליסן פון קָהל. [23]דעריבער האָבן זיינע עלטערן געזאָגט: ער איז אַ בַר־דַעת, פרעגט אים.

[24]און זיי האָבן גערופן אַ צווייט מאָל דעם מענטשן, וואָס איז געווען בלינד, און האָבן צו אים געזאָגט: גיב אָפּ כָּבוד צו גאָט; מיר ווייסן, אַז דער דאָזיקער מענטש איז אַ זינדיקער. [25]האָט ער געענטפערט: צי ער איז אַ זינדיקער, ווייס איך ניט; איין זאַך ווייס איך, אַז איך בין געווען בלינד, און איצט זע איך. [26]האָבן זיי דעריבער צו אים געזאָגט: וואָס האָט ער דיר

געטאָן? וויאַזוי האָט ער געעפנט דיינע אויגן? 27 האָט ער זיי געענטפערט:
איך האָב עס אייך שוין געזאָגט, און איר האָט ניט געוואָלט הערן; צו וואָס
ווילט איר דאָס נאָכאַמאָל הערן? צי ווילט איר אויך ווערן זיינע תּלמידים?
28 און זיי האָבן אים געזידלט, און געזאָגט: דו ביסט זיין תּלמיד; מיר אָבער
זענען משהס תּלמידים. 29 מיר ווייסן, אַז גאָט האָט גערעדט צו משהן; נאָר
וואָס שייך דעם דאָזיקן מענטשן, ווייסן מיר ניט פונוואַנען ער איז. 30 און
דער מענטש האָט געענטפערט: אין דעם איז דאָס חידוש, וואָס איר ווייסט
ניט פונוואַנען ער איז, און מיר האָט ער געעפנט מיינע אויגן. 31 מיר
ווייסן, אַז גאָט טוט ניט הערן קיין זינדיקע; נייערט אויב איינער איז אַ
יְרא־שמַיִם, און טוט זיין רָצוֹן, דעם דאָזיקן הערט ער. 32 זינט די וועלט
שטייט, איז נאָך ניט געהערט געוואָרן, אַז עמיצער זאָל האָבן געעפנט די
אויגן פון אַ מענטשן, וואָס איז געבוירן געוואָרן בלינד. 33 ווען דער דאָזיקער
וואָלט ניט געווען פון גאָט, וואָלט ער גאָרניט געקאָנט טאָן. 34 און זיי האָבן
געענטפערט, און צו אים געזאָגט: דו ביסט אינגאַנצן געבוירן געוואָרן אין
זינד, און אונדז טוסטו לערנען? און זיי האָבן אים אַרויסגעוואָרפן.

35 און יֵשוּעַ האָט געהערט, אַז זיי האָבן אים אַרויסגעוואָרפן; און ער
האָט אים געפונען, און געזאָגט: גלויבסטו אין דעם בֶּן־אָדָם? 36 האָט ער
געענטפערט, און געזאָגט: און ווער איז ער, האַר, אַז איך זאָל קענען גלויבן
אין אים. 37 האָט יֵשוּעַ צו אים געזאָגט: דו האָסט אים געזען, און דאָס איז
ער, וואָס טוט רעדן מיט דיר. 38 האָט ער געזאָגט: האַר, איך גלויב; און
ער האָט זיך געבוקט פאַר אים. 39 און יֵשוּעַ האָט געזאָגט: פונוועגן מִשפּט
בין איך געקומען אין דער דאָזיקער וועלט אַריין, כּדי די, וואָס זעען ניט,
זאָלן קענען זען, און כּדי די, וואָס זעען, זאָלן ווערן בלינד. 40 און עטלעכע
פון די פּרושים, וואָס זענען געווען מיט אים, האָבן דאָס געהערט, און זיי
האָבן צו אים געזאָגט: זענען מיר אויך בלינד? 41 האָט יֵשוּעַ צו זיי געזאָגט:
ווען איר וואָלט געווען בלינד, וואָלט איר ניט געהאַט קיין זינד; אָבער איצט
זאָגט איר: מיר זעען; דערפאַר בלייבט אייער זינד.

י פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג אייך, דער, וואָס גייט ניט אַריין דורך דער
טיר אין דעם שאָפגעהעפט, נייערט קלעטערט אַריין אויף אַן אַנדערן
אופן, יענער איז אַ גַנב און אַ גַזלן. 2 אָבער דער, וואָס גייט אַריין דורך

דער טיר, איז דער פּאַסטעך פֿון די שאָף. 3 פֿאַר אים טוט עפֿענען דער
טיר־היטער, און די שאָף הערן זיין קול, און ער רופֿט זיינע אייגענע שאָף
ביים נאָמען, און פֿירט זיי אַרויס. 4 און אַז ער האָט אַרויסגעלאָזן אַלע
זיינע אייגענע, גייט ער פֿאָרויס פֿאַר זיי, און די שאָף גייען אים נאָך,
ווייל זיי קענען זיין קול. 5 און אַ פֿרעמדן וועלן זיי ניט נאָכגיין, נייערט
וועלן פֿון אים אַנטרינען, ווייל זיי קענען ניט דאָס קול פֿון פֿרעמדע. 6 דאָס
דאָזיקע מָשל האָט יֵשוּעַ גערעדט צו זיי, אָבער זיי האָבן ניט פֿאַרשטאַנען,
וואָס ער האָט צו זיי געזאָגט.

7 יֵשוּעַ האָט דעריבער נאָכאַמאָל צו זיי געזאָגט: פֿאַרוואָר, פֿאַרוואָר,
איך זאָג אייך, איך בין די טיר פֿון די שאָף. 8 אַלע, וואָס זענען געקומען
פֿאַר מיר, זענען גַנָבים און גַזלָנים; אָבער די שאָף האָבן זיך צו זיי ניט
צוגעהערט. 9 איך בין די טיר; אויב עמיצער טוט דורך מיר אַרייַנגיין, וועט
ער נִיצול ווערן, און וועט אַרייַנגיין און אַרויסגיין, און געפֿינען פּיטערונג.
10 דער גַנב קומט נאָר, כּדי ער זאָל גַנבֿענען, און הַרגענען, און אומברענגען.
איך בין געקומען, כּדי זיי זאָלן האָבן לעבן, און עס האָבן בשֶפֿע. 11 איך
בין דער גוטער פּאַסטעך. דער גוטער פּאַסטעך איז מַקריב זיין לעבן פֿאַר
די שאָף. 12 דער, וואָס איז אַ געדונגענער, וואָס איז ניט קיין פּאַסטעך, און
צו וועמען די שאָף געהערן ניט, זעט קומען דעם וואָלף, און ער לאָזט
איבער די שאָף און אַנטלויפֿט; און דער וואָלף כאַפּט זיי, און צעטרייַבט זיי.
13 ער אַנטלויפֿט, מַחמת ער איז אַ געדונגענער, און דַאגֶהט ניט פֿאַר די
שאָף. 14 איך בין דער גוטער פּאַסטעך; און איך קען מיינע אייגענע, און
מיינע אייגענע קענען מיך, 15 פּונקט ווי דער פֿאָטער טוט מיך קענען, און
איך קען דעם פֿאָטער; און איך בין מַקריב מיין לעבן פֿאַר די שאָף. 16 און
איך האָב נאָך אַנדערע שאָף, וואָס זענען ניט פֿון דעם דאָזיקן געהעפֿט;
אויך זיי מוז איך ברענגען, און זיי וועלן הערן מיין קול; און סע וועט ווערן
איין סטאַדע, און איין פּאַסטעך. 17 דעריבער טוט דער פֿאָטער מיך ליב
האָבן, מַחמת איך בין מַקריב מיין לעבן, כּדי איך זאָל עס נעמען נאָכאַמאָל.
18 קיינער טוט עס בײַ מיר ניט צונעמען, נייערט איך בין עס מַקריב אַליין.
איך האָב מאַכט עס אַנידערצולייגן, און איך האָב מאַכט עס ווידעראַמאָל
צו נעמען. דאָס דאָזיקע געבאָט האָב איך מְקַבל געווען פֿון מיין פֿאָטער.

19 און סע האָבן זיך ווידער אויפֿגעהויבן חילוקי־דֵעות צווישן די ייִדן

איבער די דאָזיקע רייד. [20] און אַ סך פֿון זיי האָבן געזאָגט: ער האָט אַ בייזן
גייסט, און איז משוגע; פֿאַרוואָס הערט איר אים? [21] אַנדערע האָבן געזאָגט:
דאָס זענען ניט די רייד פֿון איינעם, וואָס האָט אַ בייזן גייסט; קאָן אַ בייזער
גייסט עפֿענען די אויגן פֿון בלינדע?

[22] און עס איז געווען חנוכּה אין ירושלַיִם. [23] און עס איז געווען ווינטער;
און יֵשוּעַ איז אַרומגעגאַנגען אין בֵּית־הַמִקדש, אין שלֹמֹהס פּאַליש. [24] און די
ייִדן האָבן אים אַרומגערינגלט, און האָבן צו אים געזאָגט: ווילאַנג וועסטו
אונדז האַלטן אין שפּאַנונג? אויב דו ביסט דער מָשִיחַ, זאָג עס אונדז בפֵירוש.
[25] האָט יֵשוּעַ זיי געענטפֿערט: איך האָב אייך געזאָגט, און איר גלויבט ניט.
די מַעֲשׂים, וואָס איך טו אין מיין פֿאָטערס נאָמען, זיי זאָגן עֵדות אויף מיר.
[26] אָבער איר גלויבט ניט, מַחמת איר זענט ניט פֿון מיינע שאָף. [27] מיינע שאָף
הערן מיין קול, און איך קען זיי, און זיי גייען מיר נאָך. [28] און איך גיב זיי
אייביק לעבן, און זיי וועלן קיינמאָל ניט אומקומען, און קיינער וועט זיי
ניט אַרויסרײַסן פֿון מיין האַנט. [29] מיין פֿאָטער, וואָס האָט זיי מיר געגעבן,
איז גרעסער פֿון אַלע, און קיינער קאָן זיי ניט אַרויסרײַסן פֿון מיין פֿאָטערס
האַנט. [30] איך און דער פֿאָטער זענען איינס.

[31] די ייִדן האָבן ווידער אויפֿגעהויבן שטיינער אים צו פֿאַרשטיינען. [32] און
יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: אַ סך מַעֲשׂים־טוֹבים האָב איך אייך געוויזן פֿון
דעם פֿאָטער; פֿאַר וועלכע פֿון זיי טוט איר מיך פֿאַרשטיינען? [33] האָבן די ייִדן
אים געענטפֿערט: פֿאַר קיין מַעֲשׂים־טוֹבים פֿאַרשטיינען מיר דיך ניט, נייערט
פֿונוועגן לעסטערונג; און מַחמת דו, וואָס ביסט אַ מענטש, מאַכסט דיך
פֿאַר גאָט. [34] האָט יֵשוּעַ זיי געענטפֿערט: שטייט דען ניט געשריבן אין אייער
תּוֹרה: איך האָב געזאָגט: איר זענט געטער[א]? [35] בכֵן, אויב ער האָט זיי
אָנגערופֿן געטער, צו וועמען דאָס וואָרט פֿון גאָט איז געקומען (און דאָס,
וואָס שטייט געשריבן, קאָן ניט בָּטל ווערן), [36] זאָגט איר אויף אים, וועמען
דער פֿאָטער האָט געהייליקט און געשיקט אין דער וועלט אַריין: דו
לעסטערסט, מַחמת איך האָב געזאָגט: איך בין דער בֶּן־אֱלֹהִים? [37] אויב
איך טו ניט די מַעֲשׂים פֿון מיין פֿאָטער, טאָ גלויבט מיר ניט; [38] נאָר אויב
איך טו זיי, הַגַם איר גלויבט מיר ניט, גלויבט די מַעֲשׂים, כּדי איר זאָלט
וויסן און פֿאַרשטיין, אַז דער פֿאָטער איז אין מיר, און איך אין דעם

[א] תהלים פב, 6.

פאָטער. [39] און זיי האָבן אים נאָכאַמאָל געזוכט צו כאַפּן, נאָר ער איז
אַנטרונען פון זייער האַנט.

[40] און ער איז ווידער אַוועקגעגאַנגען אין עֵבֶר־הַיַרדן, אין דעם אָרט,
וואו יוחָנָן האָט אין אָנהייב טובֿל געווען, און ער איז דאָרטן פאַרבליבן.
[41] און אַ סך זענען צו אים געקומען, און האָבן געזאָגט: יוחָנָן האָט ניט געטאָן
קיין שום צייכן, אָבער אַלצדינג, וואָס יוחָנָן האָט גערעדט פון דעם דאָזיקן
מענטשן, איז געווען אֶמת. [42] און אַ סך האָבן אין אים דאָרט געגלויבט.

יא און איינער אַ מענטש איז געווען קראַנק, אֶלעָזָר פון בֵּית־הִינִי, פון
דעם דאָרף פון מִריָמען און איר שוועסטער מַרתָא. [2] און געווען איז
דאָס מִריָם, וואָס האָט געזאַלבט דעם האַר מיט זאַלבאײַל, און האָט
געווישט זײַנע פיס מיט אירע האָר, וועמעס ברודער אֶלעָזָר איז געווען
קראַנק. [3] די שוועסטער האָבן דעריבער געשיקט צו אים, אַזוי צו זאָגן:
האַר, זע, דער, וועמען דו האָסט ליב, איז קראַנק. [4] און ווען יֵשוּעַ האָט
דאָס געהערט, האָט ער געזאָגט: די דאָזיקע קראַנקהייט איז ניט צום טויט,
נייערט צום כָּבוד פון גאָט, כדי דער בֶּן־אֱלֹהִים זאָל דורכדעם פאַרהערלעכט
ווערן.

[5] און יֵשוּעַ האָט ליב געהאַט מַרתָאן און איר שוועסטער און אֶלעָזָרן.
[6] און בשעת ער האָט געהערט, אַז ער איז קראַנק, איז ער פאַרבליבן נאָך
צוויי טעג אין דעם אָרט, וואו ער איז געווען. [7] דערנאָך ערשט האָט ער
געזאָגט צו די תַּלמידים: לאָמיר ווידער גיין קיין יהודה. [8] זאָגן צו אים די
תַּלמידים: רֶבּי, אָט ערשט האָבן די ייִדן דיך געזוכט צו פאַרשטיינען, און דו
גייסט ווידער אַהין? [9] האָט יֵשוּעַ געענטפערט: צי האָט ניט דער טאָג צוועלף
שָעה? אויב איינער גייט בײַטאָג, שטרויכלט ער ניט, מַחמת ער זעט דאָס ליכט
פון דער דאָזיקער וועלט. [10] נאָר אויב איינער גייט בײַנאַכט, שטרויכלט ער,
מַחמת דאָס ליכט איז ניט אין אים. [11] אַזוי האָט ער גערעדט, און נאָכדעם
האָט ער צו זיי געזאָגט: אונדזער פרײַנט אֶלעָזָר איז אײַנגעשלאָפן; אָבער
איך גיי, כדי איך זאָל אים אויפוועקן פון שלאָף. [12] האָבן די תַּלמידים צו
אים געזאָגט: האַר, אויב ער איז אײַנגעשלאָפן, וועט ער געזונט ווערן. [13] און
יֵשוּעַ האָט גערעדט פון זײַן טויט, אָבער זיי האָבן געמיינט, אַז ער רעדט פון
אָפּרוען זיך אין שלאָף. [14] דעמאָלט האָט יֵשוּעַ זיי בפירוש געזאָגט: אֶלעָזָר
איז געשטאָרבן; [15] און איך פריי מיך פון אײַערטוועגן, וואָס איך בין דאָרטן

ניט געוועזן, כּדי איר זאָלט גלויבן; אָבער לאָמיר גיין צו אים. [16] דעמאָלט
האָט תּוֹמָא, וועמען מען האָט גערופן: דער צווילינג, געזאָגט צו זײַנע
חֲבֵרים־תַּלמידים: לאָמיר אויך גיין, כּדי מיר זאָלן שטאַרבן מיט אים.
[17] און אַז יֵשוּעַ איז געקומען, האָט ער געפונען, אַז ער איז שוין געווען
אין קֶבֶר פיר טעג. [18] און בֵּית־הִינִי איז געווען נאָענט פון ירושָלַיִם, אַרום
פופצן סטאַדיעס ווײַט. [19] און אַ סך ייִדן זענען געקומען צו מַרתָּאן און
מִריָמען, זיי מנַחֵם־אָבֵל זײַן פונוועגן זייער ברודער. [20] און בעת מַרתָּא
האָט געהערט, אַז יֵשוּעַ קומט אָן, איז זי אים אַנטקעגנגעגאַנגען; אָבער מִריָם
איז געבליבן זיצן אין הויז. [21] און מַרתָּא האָט געזאָגט צו יֵשוּעַן: האַר, ווען
דו וואָלטסט דאָ געווען, וואָלט מײַן ברודער ניט געשטאָרבן. [22] און אַפילו
איצט ווייס איך, אַז וואָס נאָר דו וועסט בעטן בײַ גאָט, וועט דיר גאָט געבן.
[23] זאָגט יֵשוּעַ צו איר: דײַן ברודער וועט צוריק אויפשטיין. [24] זאָגט צו אים
מַרתָּא: איך ווייס, אַז ער וועט ווידער אויפשטיין בײַ תּחִיַת־הַמֵתים אין דעם
לעצטן טאָג. [25] האָט יֵשוּעַ צו איר געזאָגט: איך בין די אויפשטייאונג, און
דאָס לעבן. דער, וואָס גלויבט אין מיר, הַגַם ער שטאַרבט, וועט לעבן.
[26] און ווער סע טוט לעבן און גלויבן אין מיר, וועט קיינמאָל ניט שטאַרבן.
צי גלויבסטו דאָס? [27] זאָגט זי צו אים: יאָ, האַר; איך גלויב, אַז דו ביסט
דער מָשִיחַ, דער בֶּן־אֱלֹהִים, דער, וואָס דאַרף קומען אין דער וועלט אַרײַן.
[28] און אַז זי האָט דאָס געזאָגט, איז זי געגאַנגען און האָט גערופן
מִריָמען איר שוועסטער, און האָט צו איר שטילערהייט געזאָגט: דער רֶבּי
איז דאָ, און טוט דיך רופן. [29] און ווי זי האָט דאָס געהערט, האָט זי
זיך גיך אויפגעהויבן, און איז צו אים געגאַנגען. [30] און יֵשוּעַ איז נאָך ניט
געהאַט געקומען אין דאָרף אַרײַן, נייערט איז נאָך געווען אין דעם אָרט,
וואו מַרתָּא האָט אים באַגעגנט. [31] און די ייִדן, וואָס זענען געווען מיט איר
אין דעם הויז, און האָבן זי מנַחֵם־אָבֵל געווען, האָבן געזען אַז מִריָם האָט
זיך גיך אויפגעהויבן און איז אַרויסגעגאַנגען, זענען זיי איר נאָכגעגאַנגען,
ווײַל זיי האָבן געמיינט, אַז זי גייט צום קֶבֶר, כּדי דאָרטן צו וויינען. [32] און
בעת מִריָם איז אָנגעקומען וואו יֵשוּעַ איז געווען, און האָט אים געזען, איז
זי אַנידערגעפאַלן צו זײַנע פיס, און האָט צו אים געזאָגט: האַר, אויב דו
וואָלטסט דאָ געווען, וואָלט מײַן ברודער ניט געשטאָרבן. [33] און בעת יֵשוּעַ
האָט זי געזען וויינען, און די ייִדן, וואָס זענען מיט איר געקומען, האָבן

אויך געטאָן וויינען, האָט ער אָפּגעזיפצט אין זיין גייסט, און האָט זיך
מצער געווען, [34] און געזאָגט: וואו האָט איר אים געלייגט? זאָגן זיי צו אים:
האַר, קום און זע. [35] און יֵשוּעַ האָט געוויינט. [36] די ייִדן האָבן דעריבער
געזאָגט: זעט ווי ער האָט אים ליב געהאַט! [37] אָבער טייל פון זיי האָבן
געזאָגט: וואָלט ער, וואָס האָט געעפנט די אויגן פון דעם בלינדן, ניט
געקאָנט מאַכן, אַז אויך ער זאָל ניט שטאַרבן?

[38] און יֵשוּעַ האָט ווידער אַמאָל אָפּגעזיפצט אין זיך, און איז געקומען
צום קֶבֶר; און עס איז געווען אַ הייל, און אַ שטיין איז געלעגן אויף איר.
[39] און יֵשוּעַ האָט געזאָגט: נעמט אַוועק דעם שטיין. זאָגט צו אים מַרתָּא, די
שוועסטער פון דעם בַּר־מִינָן: האַר, עס שפּירט זיך שוין פון אים אַ רֵיחַ,
וואָרים ער איז שוין טויט פיר טעג. [40] זאָגט צו איר יֵשוּעַ: האָב איך
דיר ניט געזאָגט, אַז אויב דו וועסט גלויבן, וועסטו זען דעם כָּבוד פון גאָט?
[41] און זיי האָבן אַוועקגענומען דעם שטיין. און יֵשוּעַ האָט אויפגעהויבן זיינע
אויגן, און האָט געזאָגט: פאָטער, איך דאַנק דיר, וואָס דו האָסט מיך
געהערט. [42] איך האָב געוואוסט, אַז דו טוסט מיך תָּמיד הערן; דאָך פונוועגן
דעם פאָלק, וואָס שטייט אַרום, האָב איך דאָס געזאָגט, כּדי זיי זאָלן
גלויבן, אַז דו האָסט מיך געשיקט. [43] און אַז ער האָט דאָס געזאָגט, האָט
ער געררופן מיט אַ הויך קול: אֶלעָזָר, קום אַרויס. [44] און דער טויטער איז
אַרויסגעקומען, אַרומגעוויקלט הענט און פיס מיט תַּכרִיכִים, און זיין פָּנים
איז געווען פאַרבונדן מיט אַ טיכל. און יֵשוּעַ האָט צו זיי געזאָגט: בינדט
אים אויף, און לאָזט אים גיין.

[45] און אַ סַך פון די ייִדן, וואָס זענען געקומען צו מִריָמען און האָבן
געזען וואָס ער האָט געטאָן, האָבן געגלויבט אין אים. [46] אָבער עטלעכע
פון זיי זענען אַוועקגעגאַנגען צו די פּרושים, און האָבן זיי דערציילט,
וואָס יֵשוּעַ האָט געטאָן. [47] די ראָשי־כֹּהֲנִים און די פּרושים האָבן דעריבער
פאַרזאַמלט דעם סַנהֶדרין, און האָבן געזאָגט: וואָס זאָלן מיר טאָן? וואָרים
דער דאָזיקער מענטש טוט אַ סַך נִסִים. [48] אויב מיר לאָזן אים אַזוי אַליין,
וועלן אַלע גלויבן אין אים, און די רוימער וועלן קומען און אַוועקנעמען
אונדזער לאַנד און פאָלק. [49] אָבער איינער פון זיי, קַיָפָא, דער כֹּהֵן־גָדול
אין יענעם יאָר, האָט צו זיי געזאָגט: איר ווייסט בחֵרֶם גאָרניט, [50] און
איר טוט אויך ניט באַרעכענען, אַז עס איז גלײַכער, אַז איין מענטש

זאָל שטאַרבן פֿאַר דעם פֿאָלק, איידער דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל אומקומען.
[51] און דאָס האָט ער געזאָגט ניט פֿון זיך אַליין, נייערט ווייל ער איז אין
יענעם יאָר געווען כֹּהן־גָדול, האָט ער נבֿיאות געזאָגט, אַז יֵשוּעַ וועט שטאַרבן
פֿאַר דעם פֿאָלק, [52] און ניט נאָר פֿאַר דעם פֿאָלק אַליין, נייערט כּדי ער
זאָל צונויפֿזאַמלען אינאיינעם די קינדער פֿון גאָט, וואָס זענען צעזייט און
צעשפּרייט. [53] און פֿון יענעם טאָג אָן האָבן זיי זיך עֵצות געהאַלטן, ווי אים
צו טייטן.

[54] יֵשוּעַ איז דעריבער מער ניט אַרומגעגאַנגען אָפֿן צווישן די ייִדן,
נייערט האָט אָפּגעקערט פֿון דאָרטן אין אַ געגנט נאָענט צו דער מִדבר,
אין אַ שטאָט, וואָס האָט געהייסן אֶפֿרַיִם; און דאָרט איז ער פֿאַרבליבן
מיט די תַּלמידים. [55] און עס איז געווען נאָענט פֿון דעם ייִדישן יום־טובֿ
פֶּסח, און אַ סך פֿון איבער דעם לאַנד האָבן אויף פֶּסח עולה־רֶגל געווען
קיין ירושָלַיִם, כּדי זיך צו הייליקן. [56] און זיי האָבן געזוכט יֵשוּעַן, און
האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן, בעת זיי זענען געשטאַנען אין דעם בֵּית־
הַמִקדש: ווי רעכנט איר? ער וועט ניט קומען אויף יום־טובֿ? [57] און די
ראָשי־כֹּהֲנים און די פּרושים האָבן אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל, אַז אויב
עמיצער ווייסט וואו ער איז, זאָל ער עס צו וויסן געבן, כּדי זיי זאָלן
אים קענען כאַפּן.

יב און זעקס טעג פֿאַר פֶּסח איז יֵשוּעַ געקומען קיין בֵּית־הִינִי, וואו
אֶלעָזָר איז געווען, וועמען יֵשוּעַ האָט מחַיֵה־מֵתים געווען. [2] און זיי
האָבן פֿאַר אים דאָרטן געמאַכט אַ סעודה; און מַרתָא האָט באַדינט, און
אֶלעָזָר איז געווען איינער פֿון די, וואָס זענען געזעסן מיט אים ביים טיש.
[3] און מִריָם האָט גענומען אַ פֿונט זייער טייערן זאַלבאייל פֿון לויטערן נאַרד,
און האָט געזאַלבט די פֿיס פֿון יֵשוּעַן, און אָפּגעווישט זיינע פֿיס מיט אירע
האָר; און דאָס הויז איז געוואָרן פֿול מיט דעם רֵיחַ פֿון דעם זאַלבאייל.
[4] אָבער יהודה אִיש־קְרִיוֹת, איינער פֿון זיינע תַּלמידים, וואָס האָט אים
געזאָלט איבערענטפֿערן, האָט געזאָגט: [5] פֿאַרוואָס האָט מען דעם דאָזיקן
זאַלבאייל ניט פֿאַרקויפֿט פֿאַר דריי הונדערט דינָרים, און דאָס געגעבן
צו די אָרעמעלייט? [6] און דאָס האָט ער געזאָגט, ניט מַחמת ער האָט געדאַגהט
פֿאַר די אָרעמעלייט, נייערט ווייל ער איז געווען אַ גַנבֿ, און אַזוי־ווי ער
האָט געהאַט דעם בייטל, פֿלעגט ער אַרויסנעמען וואָס מען האָט דרינען

אַרײַנגעלייגט. [7] יֵשוּעַ האָט דעריבער געזאָגט: לאָזט זי געמאַך, זאָל זי עס
האַלטן פאַר דעם טאָג פון מיין קבורה. [8] וואָרים די אָרעמעלייט האָט
איר תָּמיד מיט זיך, אָבער מיך האָט איר ניט תָּמיד.
[9] און אַ גרויסער עולם יִדן האָט זיך דערוואוסט, אַז ער איז דאָרטן;
און זיי זענען געקומען, ניט נאָר פון יֵשוּעַס וועגן, נייערט אויך כּדי צו זען
אֶלעָזָרן, וועמען ער האָט מחַיֶה־מֵתים געווען. [10] און די ראָשי־כֹּהֲנים האָבן
זיך מַיֵעץ געווען, אַפילו אֶלעָזָרן אויך צו טייטן, [11] מַחמת אַ סַך יִדן זענען
פון זיינעטוועגן אַוועקגעגאַנגען, און האָבן געגלויבט אין יֵשוּעַן.
[12] אויף מאָרגן, בעת אַ סַך פאָלק, וואָס איז געקומען אויף יום־טוב,
האָט געהערט, אַז יֵשוּעַ קומט אָן קיין ירוּשָׁלַיִם, [13] האָבן זיי גענומען צווייגן
פון פאַלמענביימער, און זענען אַרויסגעגאַנגען אים מְקַבּל־פָּנים זיין, און
האָבן אויסגעשריגן: הוֹשַׁע־נָא! בָּרוּך הַבָּא אין דעם נאָמען פון גאָט, מֶלך
יִשְׂרָאל! [14] און יֵשוּעַ האָט געפונען אַ יונג אייזל, און האָט זיך אויף אים
אַרויפגעזעצט, ווי סע שטייט געשריבן:

[15] האָב ניט קיין מוֹרא, טאָכטער פון צִיוֹן!
זע, דיין מֶלך קומט,
רייטנדיק אויף אַ יונגן אייזל [א].

[16] זיינע תַּלמידים האָבן דאָס לְכַתְּחִילה ניט פאַרשטאַנען; אָבער נאָכדעם ווי
יֵשוּעַ איז פאַרהערלעכט געוואָרן, האָבן זיי זיך דערמאָנט, אַז אַזוי איז וועגן
אים געשריבן געוואָרן, און אַזוי האָבן זיי אויך צו אים געטאָן. [17] און דאָס
פאָלק, וואָס איז געווען מיט אים, בעת ער האָט אֶלעָזָרן אַרויסגערופן פון
דעם קֶבר, און אים מחַיֶה־מֵתים געווען, האָט דערויף עֵדות געזאָגט. [18] און
דעריבער איז אים אויך דאָס פאָלק אַנטקעגנגעגאַנגען, ווייל זיי האָבן
געהערט, אַז ער האָט געטאָן דאָס דאָזיקע וואונדער. [19] די פּרושים האָבן
דעריבער געזאָגט איינער צום אַנדערן: איר זעט, אַז איר קאָנט גאָרניט
פּועלן, וואָרים אָט גייט אים די גאַנצע וועלט נאָך.
[20] און צווישן יענע, וואָס האָבן עולה־רֶגל געווען אויף יום־טוב תּפילה
צו טאָן, זענען אויך געווען עטלעכע גריכן. [21] און די דאָזיקע זענען דעריבער
געקומען צו פיליפּוסן, וואָס איז געווען פון בֵית־צַיְדָה אין גָליל, און האָבן
אים געבעטן, אַזוי צו זאָגן: האַר, מיר וואָלטן וועלן זען יֵשוּעַן. [22] און פיליפּוס

א זכריה ט, 9.

איז געגאַנגען און האָט עס דערציילט אַנדרייַען, און אַנדריי און פיליפּוס
זענען געגאַנגען, און האָבן עס דערציילט יֵשוּעַן. [23] און יֵשוּעַ האָט זיי
געענטפערט: די שָעה האָט גענעענט, אַז דער בֶּן־אָדָם זאָל פאַרהערלעכט
ווערן. [24] פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג אייך, סיידן דער קערן ווייץ פאַלט
אין דער ערד אַריין און שטאַרבט, פאַרבלײַבט ער פאַר זיך אַליין; נאָר
אויב ער שטאַרבט, טראָגט ער אַ סך פֵּירות. [25] דער, וואָס האָט ליב זיין
לעבן, פאַרלירט עס; און דער, וואָס האָט פיינט זיין לעבן אין דער
דאָזיקער וועלט, וועט עס באַוואָרענען צום אייביקן לעבן. [26] אויב עמיצער
דינט מיר, לאָז ער מיר נאָכגיין; און וואו איך בין, דאָרט וועט אויך זיין
מיין באַדינער. אויב עמיצער דינט מיר, וועט אים דער פאָטער אָנטאָן
כָּבוד.

[27] איצט איז מיין נְשָמה זיך מצַער; און וואָס זאָל איך זאָגן? פאָטער,
זיי מיך מַציל פון דער דאָזיקער שָעה? ניין, צוליב דער דאָזיקער סִיבה
בין איך געקומען צו אָט־דער שָעה. [28] פאָטער, אַכפּער דיין נאָמען. און
עס איז געקומען אַ קול פון הימל אַרויס: איך האָב אים געאַכפּערט, און
וועל אים ווידער אַמאָל אַכפּערן. [29] און דאָס פאָלק, וואָס איז דערביי
געשטאַנען און האָט עס געהערט, האָט געזאָגט, אַז עס האָט געדונערט;
אַנדערע האָבן געזאָגט: אַ מַלאך האָט גערעדט צו אים. [30] און יֵשוּעַ האָט
געענטפערט, און געזאָגט: דאָס דאָזיקע קול איז ניט געקומען פון מײַנעטוועגן,
נייערט פון אײַערטוועגן. [31] איצט איז דער מִשפּט איבער דער דאָזיקער
וועלט; איצט וועט דער שַׂר פון דער דאָזיקער וועלט אַרויסגעוואָרפן ווערן.
[32] און איך, בעת איך וועל אויפגעהויבן ווערן פון דער ערד, וועל איך
צוציען צו זיך אַלע מענטשן. [33] דאָס האָט ער געזאָגט, כּדי מרַמז צו זיין,
מיט וואָסער מִין טויט ער וועט שטאַרבן. [34] דאָס פאָלק האָט אים דעריבער
געענטפערט: מיר האָבן געהערט פון דער תּורה, אַז דער מָשִיחַ באַשטייט
אויף אייביק; און וויאַזוי זאָגסטו: דער בֶּן־אָדָם מוז אויפגעהויבן ווערן?
ווער איז דאָס דער דאָזיקער בֶּן־אָדָם? [35] האָט יֵשוּעַ צו זיי געזאָגט: נאָך
אַ קליינע ווײַלע איז דאָס ליכט צווישן אייך. גייט, כָּל־זמַן איר האָט דאָס
ליכט, כּדי די פינצטערניש זאָל אייך ניט באַפאַלן; און דער, וואָס גייט אין
דער פינצטערניש, ווייסט ניט וואוהין ער גייט. [36] כָּל־זמַן איר האָט דאָס
ליכט, גלויבט אין דעם ליכט, כּדי איר זאָלט ווערן קינדער פון ליכט.

בעת יֵשוּעַ האָט דאָס געזאָגט, איז ער אַוועקגעגאַנגען, און האָט זיך
פאַרבאָרגן פון זיי. 37 אָבער כאָטש ער האָט געטאָן אַזויפיל וואונדער פאַר
זייערע אויגן, האָבן זיי דאָך ניט געגלויבט אין אים, 38 כדי דאָס וואָרט פון
ישַעיָה הַנָביא זאָל מקוים ווערן, וואָס ער האָט געזאָגט:

האַר, ווער האָט געגלויבט אונדזער הערונג?

און פאַר וועמען איז דער אָרעם פון גאָט אַנטפּלעקט געוואָרן[א]?

39 צוליב דעם האָבן זיי ניט געקאָנט גלויבן, וואָרים ישַעיָה האָט ווידער געזאָגט:

40 ער האָט געמאַכט בלינד זייערע אויגן,
און פאַרהאַרטעוועט זייער האַרץ,
טאָמער וועלן זיי זען מיט זייערע אויגן,
און באַנעמען מיט זייער האַרץ,
און תשובה טאָן,
און איך זאָל זיי היילן[ב].

41 אָט־דאָס האָט ישַעיָה געזאָגט, מַחמת ער האָט געזען זיין כָּבוד, און ער
האָט גערעדט וועגן אים. 42 פונדעסטוועגן האָבן אַ טַך פון די שָרים געגלויבט
אין אים, אָבער צוליב די פּרושים האָבן זיי דאָס ניט מודה־ געווען, כדי
זיי זאָלן ניט אויסגעשלאָסן ווערן פון קָהָל; 43 וואָרים זיי האָבן ליב געהאַט
דעם כָּבוד פון מענטשן מערער, ווי דעם כָּבוד פון גאָט.

44 און יֵשוּעַ האָט אויסגערופן, און געזאָגט: דער, וואָס טוט גלויבן אין
מיר, גלויבט ניט אין מיר, נייערט אין דעם, וואָס האָט מיך געשיקט. 45 און
דער, וואָס זעט מיך, טוט זען דעם, וואָס האָט מיך געשיקט. 46 איך בין
געקומען פאַר אַ ליכט אין דער וועלט אַריין, כדי דער, וואָס טוט גלויבן
אין מיר, זאָל ניט בלייַבן אין דער פינצטערניש. 47 און אויב עמיצער הערט
מיינע רייד, און היט זיי ניט, מְשפּט איך אים ניט; וואָרים איך בין געקומען ניט
צו מְשפּטן די וועלט, נייערט מַציל צו זיין די וועלט. 48 דער, וואָס פאַרוואַרפט
מיך און איז ניט מקַבל מיינע רייד, האָט איינעם, וואָס טוט אים מְשפּטן;
דאָס וואָרט, וואָס איך האָב גערעדט, דאָס דאָזיקע וועט אים מְשפּטן אין
דעם לעצטן טאָג. 49 וואָרים איך האָב גערעדט ניט פון מיר אַליין, נייערט
דער פאָטער, וואָס האָט מיך געשיקט, האָט מיר געגעבן אַ געבאָט, וואָס
איך זאָל זאָגן, און וואָס איך זאָל רעדן. 50 און איך ווייס, אַז זיין געבאָט

א ישעיה נג, 1. ב ישעיה ו, 9, 10.

איז אייביק לעבן. דעריבער, די רייד, וואָס איך רעד, רעד איך אַזוי ווי דער פאָטער האָט מיר געבאָטן.

יג און פאַר דעם יום־טובֿ פּסח האָט יֵשוּעַ געוואוסט, אַז זיין שָעה איז געקומען, אַז ער זאָל אַוועקגיין פון דער דאָזיקער וועלט צום פאָטער; און ער, וואָס האָט ליב געהאַט זיינע אייגענע אין דער וועלט, האָט זיי ליב געהאַט ביז צום סוף. 2 און בשעת דער סעודה, ווען דער שָׂטן האָט שוין אַרייַנגעגעבן אין האַרצן אַריין פון יהודה בֶּן־שמעון איש־קְריוֹת, אים איבערצוענטפערן, 3 הַגַם יֵשוּעַ האָט געוואוסט, אַז דער פאָטער האָט אים איבערגעגעבן אַלצדינג אין זיינע הענט אַריין, און אַז ער איז געקומען פון גאָט, און טוט גיין צו גאָט, 4 איז ער אויפגעשטאַנען פון טיש, און האָט אויסגעטאָן זיינע מַלבושים, און האָט גענומען אַ האַנטוך און האָט זיך אַרומגעגאַרטלט. 5 דערנאָך האָט ער אַרייַנגעגאָסן וואַסער אין דעם בעקן, און האָט אָנגעהויבן צו וואַשן די פיס פון די תַּלמידים, און זיי אָפּצוואווישן מיט דעם האַנטוך, מיט וועלכן ער איז געווען אַרומגעגאַרטלט. 6 און ער איז געקומען צו שמעון פּעטרוסן; זאָגט ער צו אים: האַר, דו טוסט וואַשן מיינע פיס? 7 און יֵשוּעַ האָט געענטפערט: וואָס איך טו, פאַרשטייסטו ניט אַצינדערט, אָבער שפּעטער וועסטו פאַרשטיין. 8 און פּעטרוס האָט צו אים געזאָגט: דו זאָלסט מיר קיינמאָל ניט וואַשן מיינע פיס. האָט יֵשוּעַ אים געענטפערט: אויב איך וואַש דיך ניט, האָסטו ניט מיט מיר קיין חֵלֶק. 9 זאָגט צו אים שמעון פּעטרוס: האַר, ניט נאָר מיינע פיס, נייערט אויך מיינע הענט און מיין קאָפּ! 10 און יֵשוּעַ האָט צו אים געזאָגט: דער, וואָס האָט זיך געבאָדן, נייטיקט זיך ניט צו וואַשן, אַחוץ זיינע פיס, מַחמת ער איז אינגאַנצן ריין; און איר זענט ריין, אָבער ניט אַלע. 11 וואָרים ער האָט געוואוסט, ווער סע האָט אים געזאָלט איבערענטפערן; דעריבער האָט ער געזאָגט: איר זענט ניט אַלע ריין.

12 און נאָכדעם ווי ער האָט געוואַשן זייערע פיס, און אָנגעטאָן זיינע מַלבושים, האָט ער זיך ווידער אַנידערגעזעצט, און צו זיי געזאָגט: פאַרשטייט איר, וואָס איך האָב צו אייך געטאָן? 13 איר רופט מיך רֶבּי און האַר; און איר זענט גערעכט, וואָרים איך בין דאָס. 14 בכֵן, אויב איך, אייער האַר און רֶבּי, האָב געוואַשן אייערע פיס, זענט איר אויך מחויב צו וואַשן איינער דעם אַנדערנס פיס. 15 וואָרים איך האָב אייך געגעבן אַ בייַשפּיל, כּדי איר

זאָלט טאָן, ווי איך האָב צו אייך געטאָן. [16] פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג אייך, אַ קנעכט איז ניט גרעסער פון זיין האַר; אויך איז אַ שליח ניט גרעסער פון דעם, וואָס האָט אים געשיקט. [17] אויב איר ווייסט די דאָזיקע זאַכן, איז וואויל אייך, אויב איר טוט זיי. [18] איך רעד ניט פון אייך אַלע; איך ווייס וועמען איך האָב אויסדערוויילט; נאָר כּדי דער פּסוק זאָל מקוים ווערן: דער, וואָס עסט מיין ברויט, האָט אויפגעהויבן קעגן מיר זיין טריטא. [19] איך זאָג עס אייך איצט, איידער סע געשעט, כּדי ווען סע וועט געשען, זאָלט איר גלויבן, אַז איך בין עס. [20] פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג אייך, דער, וואָס איז מקבל וועמען איך שיק, איז מיך מקבל; און דער, וואָס איז מיך מקבל, איז מקבל דעם, וואָס האָט מיך געשיקט.

[21] בעת ישוע האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זיך מצער געווען אין דעם גייסט, און האָט עדות געזאָגט: פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג אייך, אַז איינער פון אייך וועט מיך פאַרראַטן. [22] די תּלמידים האָבן געקוקט איינער אויף דעם אַנדערן, און זענען געווען ניט זיכער פון וועמען ער האָט גערעדט. [23] און ביים טיש האָט זיך איינער פון זיינע תּלמידים, וועמען ישוע האָט ליב געהאַט, אָנגעלענט אויף ישועס ברוסט. [24] און שמעון פּעטרוס האָט צו אים אַ וואונק געטאָן, און געזאָגט: זאָג אונדז, ווער איז עס, פון וועמען ער רעדט דאָס. [25] און בעת ער איז אַזוי געליגן אָנגעלענט אויף ישועס ברוסט, האָט ער צו אים געזאָגט: האַר, ווער איז עס? [26] האָט ישוע געענטפערט: דאָס איז דער, פאַר וועמען איך וועל איינטונקען דעם ביסן, און דאָס אים געבן. און אַז ער האָט איינגעטונקען דעם ביסן, האָט ער אים גענומען און געגעבן צו יהודה בן־שמעון איש־קריות. [27] און נאָך דעם ביסן, איז דער שׂטן אין אים אַריין, און ישוע האָט צו אים געזאָגט: וואָס דו טוסט, טו געשווינד. [28] און קיינער ביים טיש האָט ניט פאַרשטאַנען, צוליב וואָס ער האָט דאָס צו אים געזאָגט. [29] וואָרים עטלעכע האָבן געמיינט, אַז אַזוי ווי יהודה האָט געהאַט דעם בייטל, האָט ישוע צו אים געזאָגט: קויף איין וואָס מיר האָבן נייטיק אויף יום־טוב; אָדער, אַז ער זאָל עפּעס געבן די אָרעמעלייט. [30] און נאָכדעם ווי ער האָט גענומען דעם ביסן, איז ער תּיכּף אַרויסגעגאַנגען; און עס איז געווען נאַכט.

[31] און בעת ער איז אַרויסגעגאַנגען, האָט ישוע געזאָגט: איצט איז דער

א תהלים מא, 10.

בֶּן־אָדָם געאַכפּערט, און גאָט איז געאַכפּערט אין אים. 32 און אויב גאָט
איז געאַכפּערט אין אים, וועט אים אויך גאָט אַכפּערן אין זיך, און טאַקע
תֵּיכף וועט ער אים אַכפּערן. 33 קינדער מיינע, נאָך אַביסל בין איך מיט
אייך. איר וועט מיך זוכן; און ווי איך האָב געזאָגט צו די יִדן, אַזוי זאָג
איך אייך איצט: וואוהין איך גיי, קענט איר ניט קומען. 34 אַ ניי געבאָט גיב
איך אייך, אַז איר זאָלט ליב האָבן איינער דעם אַנדערן; אַזויווי איך האָב
אייך ליב געהאַט, אַזוי זאָלט איר אויך ליב האָבן איינער דעם אַנדערן.
35 דורך דעם וועלן אַלע דערקענען, אַז איר זענט מיינע תַּלמידים, אויב
איר וועט האָבן ליבשאַפט איינער צו דעם אַנדערן.

36 זאָגט צו אים שִׁמעוֹן פּעטרוס: האַר, וואוהין גייסטו? און יֵשוּעַ האָט
געענטפערט: וואוהין איך גיי, קענסטו מיר ניט נאָכגיין אַצינד; אָבער
שפּעטער־צו וועסטו נאָכגיין. 37 זאָגט צו אים פּעטרוס: האַר, פאַרוואָס קאָן
איך דיר איצט ניט נאָכגיין? איך וועל מיין לעבן פאַר דיר אַוועקלייגן.
38 האָט יֵשוּעַ געענטפערט: דיין לעבן ווילסטו פאַר מיר אַוועקלייגן? פאַרוואָר,
פאַרוואָר, איך זאָג דיר: נאָך איידער דער האָן וועט קרייִען, וועסטו מיך
דריי מאָל פאַרלייקענען.

יד זאָל זיך אייער האַרץ ניט מצַער זיין; גלויבט אין גאָט, און גלויבט
אויך אין מיר. 2 אין מיין פאָטערס הויז זענען פאַראַן אַ סך וואוינונגען;
אויב סע וואָלט אַזוי ניט געווען, וואָלט איך עס אייך געווען געזאָגט; וואָרים
איך גיי אָנברייטן פאַר אייך אַן אָרט. 3 און בעת איך וועל גיין און אָנברייטן
אַן אָרט פאַר אייך, וועל איך ווידער קומען, און אייך נעמען צו מיר, כּדי
וואו איך בין, זאָלט איר אויך זיין. 4 און וואוהין איך גיי, ווייסט איר, און
איר קענט דעם וועג. 5 זאָגט צו אים תּוֹמָא: האַר, מיר ווייסן ניט וואוהין דו
גייסט; וויאַזוי זאָלן מיר וויסן דעם וועג? 6 זאָגט צו אים יֵשוּעַ: איך בין דער
וועג, און דער אֶמֶת, און דאָס לעבן; קיינער קומט ניט צו דעם פאָטער,
סיידן דורך מיר. 7 אויב איר וואָלט מיך געקענט, וואָלט איר אויך געקענט
מיין פאָטער; פון איצט אָן קענט איר אים, און האָט אים געזען.

8 זאָגט צו אים פיליפּוס: האַר, ווייז אונדז דעם פאָטער, און סע וועט
זיין פאַר אונדז גענוג. 9 זאָגט צו אים יֵשוּעַ: אַזאַ לאַנגע צייט בין איך געווען
מיט אייך, און דו, פיליפּוס, טוסט מיך ניט קענען? דער, וואָס האָט מיך
געזען, האָט געזען דעם פאָטער; וויאַזוי קענסטו זאָגן: ווייז אונדז דעם

פֿאָטער? [10] צי גלויבסטו ניט, אַז איך בין אין דעם פֿאָטער, און דער פֿאָטער
אין מיר? די רייד, וואָס איך זאָג אייך, רעד איך ניט פֿון מיר אַליין; נייערט
דער פֿאָטער, וואָס וואוינט אין מיר, טוט זיינע מַעשׂים. [11] גלויבט מיר, אַז
איך בין אין דעם פֿאָטער, און דער פֿאָטער אין מיר; אויב ניט, טאָ גלויבט
מיר צוליב די מַעשׂים אַליין.

[12] פֿאַרוואָר, פֿאַרוואָר, איך זאָג אייך, דער, וואָס גלויבט אין מיר, וועט
אויך טאָן די מַעשׂים, וואָס איך טו. און גרעסערע מַעשׂים ווי די דאָזיקע
וועט ער טאָן, מַחמת איך גיי צו דעם פֿאָטער. [13] און וואָס איר וועט בעטן
אין מיין נאָמען, דאָס וועל איך טאָן, כּדי דער פֿאָטער זאָל געאַכפּערט
ווערן אין דעם זון. [14] אויב איר וועט מיך עפּעס בעטן אין מיין נאָמען,
וועל איך עס טאָן.

[15] אויב איר האָט מיך ליב, וועט איר אָפּהיטן מיינע מִצוות. [16] און
איך וועל בעטן דעם פֿאָטער, און ער וועט אייך געבן אַן אַנדערן טרייסטער,
כּדי ער זאָל זיין מיט אייך אויף אייביק, [17] טאַקע דעם גייסט פֿון אֱמֶת,
וועמען די וועלט קען ניט מַשׂיג זיין, וואָרים זי טוט אים ניט זען, און קען
אים אויך ניט. איר קענט אים; וואָרים ער רוט ביי אייך, און וועט זיין אין
אייך.

[18] איך וועל אייך ניט לאָזן יתומים; איך וועל קומען צו אייך. [19] נאָך
אַ קליינע ווײלע, און די וועלט וועט מיך מער ניט זען, איר אָבער וועט
מיך זען; מַחמת איך לעב, וועט איר אויך לעבן. [20] אין יענעם טאָג וועט
איר וויסן, אַז איך בין אין מיין פֿאָטער, און איר אין מיר, און איך אין אייך.
[21] דער, וואָס האָט מיינע מִצוות, און טוט זיי האַלטן, דער איז עס, וואָס
האָט מיך ליב; און דער, וואָס האָט מיך ליב, וועט זיין געליבט פֿון מיין
פֿאָטער, און איך וועל אים ליב האָבן, און וועל מיך צו אים אַנטפּלעקן.
[22] זאָגט צו אים יהודה (ניט איש־קְרִיוֹת): האַר, ווי קומט עס, וואָס דו וועסט
דיך אַנטפּלעקן צו אונדז, און ניט צו דער וועלט? [23] האָט יֵשוּעַ געענטפֿערט,
און צו אים געזאָגט: אויב עמיצער האָט מיך ליב, וועט ער האַלטן מיין
וואָרט, און מיין פֿאָטער וועט אים ליב האָבן, און מיר וועלן קומען צו אים,
און מאַכן ביי אים אונדזער וואוינונג. [24] דער, וואָס האָט מיך ניט ליב, טוט
ניט האַלטן מיינע רייד; און דאָס וואָרט, וואָס איר הערט, איז ניט מיינס,
נייערט דעם פֿאָטערס, וואָס האָט מיך געשיקט.

25 דאָס האָב איך גערעדט צו אייך, כָּל־זמן איך בין נאָך מיט אייך.
26 אָבער דער טרייסטער, דער רוח־הַקודֶש, וועמען דער פאָטער וועט שיקן
אין מיין נאָמען, ער וועט אייך לערנען אַלצדינג, און אייך דערמאָנען אין
אַלץ, וואָס איך האָב אייך געזאָגט. 27 שָלום לאָז איך איבער מיט אייך; מיין
שָלום גיב איך אייך; ניט ווי סע גיט די וועלט, גיב איך אייך. זאָל זיך אייער
האַרץ ניט מצַער זיין, און זאָל עס אויך ניט מורא האָבן. 28 איר האָט
געהערט, ווי איך האָב צו אייך געזאָגט: איך גיי אַוועק, און איך וועל קומען
צו אייך. אויב איר וואָלט מיך ליב געהאַט, וואָלט איר אייך געפרייט,
מַחמת איך גיי צו דעם פאָטער; וואָרים דער פאָטער איז גרעסער פון מיר.
29 און איצט האָב איך עס אייך געזאָגט, איידער סע געשעט, כּדי, ווען סע
וועט געשען, זאָלט איר גלויבן. 30 איך וועל מער ניט רעדן מיט אייך קיין
סך; וואָרים דער שַׂר פון דער וועלט קומט אָן. און ער האָט גאָרניט
אין מיר; 31 נאָר כּדי די וועלט זאָל וויסן, אַז איך האָב ליב דעם פאָטער,
און ווי דער פאָטער האָט מיר געבאָטן, אַזוי טו איך. שטייט אויף, און
לאָמיר גיין פונדאַנען.

טו איך בין דער אֶמֶת־ער ווייַנשטאָק, און מיין פאָטער איז דער ווייַנ־
גערטנער. 2 יעדן צווייג אין מיר, וואָס טראָגט ניט קיין פֵּירות, נעמט
ער אַוועק; און יעדן, וואָס טראָגט פֵּירות, רייניקט ער, כּדי ער זאָל טראָגן
מער פֵּירות. 3 איר זענט שוין ריין, דורך דעם וואָרט, וואָס איך האָב צו
אייך גערעדט. 4 בלייבט אין מיר, און איך אין אייך. אַזוי ווי דער צווייג קאָן
ניט טראָגן קיין פֵּירות פון זיך אַליין, סיידן ער בלייבט אין דעם ווייַנשטאָק,
אַזוי קאָנט איר אויך ניט, סיידן איר בלייבט אין מיר. 5 איך בין דער ווייַנשטאָק,
איר זענט די צווייגן. דער, וואָס בלייבט אין מיר, און איך אין אים, טראָגט
אַ סך פֵּירות; וואָרים אָן מיר קאָנט איר גאָרניט טאָן. 6 אויב עמיצער בלייבט
ניט אין מיר, ווערט ער אַרויסגעוואָרפן ווי אַ צווייג, און פאַרדאַרט; און
מען זאַמלט זיי איין און מען וואַרפט זיי אין פייער אַריין, און זיי ווערן
פאַרברענט. 7 אויב איר בלייבט אין מיר, און מיינע רייד בלייבן אין אייך,
מעגט איר בעטן וואָס איר ווילט, און סע וועט אייך געטאָן ווערן. 8 אין
דעם איז מיין פאָטער געאַכפּערט, אַז איר זאָלט טראָגן אַ סך פֵּירות, און
זיין מיינע תַּלמידים. 9 אַזוי ווי דער פאָטער האָט מיך ליב געהאַט, אַזוי האָב
איך אייך ליב געהאַט; בלייבט אין מיין ליבשאַפט. 10 אויב איר וועט האַלטן

מײַנע מִצוות, װעט איר בלײַבן אין מײַן ליבשאַפֿט, פּונקט װי איך האָב געהאַלטן מײַן פֿאָטערס מִצוות, און בלײַב אין זײַן ליבשאַפֿט. [11]דאָס האָב איך צו אײַך גערעדט, כּדי מײַן שׂמחה זאָל זײַן אין אײַך, און אײַער שׂמחה זאָל װערן פֿול.

[12]דאָס דאָזיקע איז מײַן געבאָט, אַז איר זאָלט ליב האָבן אײנער דעם אַנדערן, אַזױװי איך האָב אײַך ליב געהאַט. [13]קײן גרעסערע ליבשאַפֿט האָט ניט קײן מענטש װי די דאָזיקע, װאָס אַ מענטש איז מַקריב זײַן לעבן פֿאַר זײַנע פֿרײַנט. [14]איר זענט מײַנע פֿרײַנט, אויב איר טוט דאָס, װאָס איך באַפֿעל אײַך. [15]איך טו אײַך מער ניט רופֿן קײן קנעכט; װאָרים דער קנעכט װײסט ניט װאָס זײַן האַר טוט; נײַערט איך האָב אײַך גערופֿן פֿרײַנט, װאָרים אַלצדינג, װאָס איך האָב געהערט פֿון מײַן פֿאָטער, האָב איך אײַך געגעבן צו װיסן. [16]ניט איר האָט מיך אויסדערװײלט, נײַערט איך האָב אײַך אויסדערװײלט, און האָב אײַך באַשטימט, אַז איר זאָלט גײן און טראָגן פּירות, און אַז אײַערע פּירות זאָלן פֿאַרבלײַבן; כּדי װאָס איר װעט בעטן דעם פֿאָטער אין מײַן נאָמען, זאָל ער אײַך געבן. [17]דאָס באַפֿעל איך אײַך, כּדי איר זאָלט ליב האָבן אײנער דעם אַנדערן.

[18]אויב די װעלט האָט אײַך פֿײַנט, טאָ װײסט, אַז זי האָט מיך פֿײַנט געהאַט, אײדער זי האָט אײַך פֿײַנט געהאַט. [19]װען איר װאָלט געװען פֿון דער װעלט, װאָלט די װעלט ליב געהאַט דאָס איריקע; נאָר אַזױ װי איר זענט ניט פֿון דער װעלט, נײַערט איך האָב אײַך אויסדערװײלט פֿון דער װעלט, דערפֿאַר האָט אײַך די װעלט פֿײַנט. [20]געדענקט דאָס װאָרט, װאָס איך האָב אײַך געזאָגט: אַ קנעכט איז ניט גרעסער פֿון זײַן האַר. אויב זײ האָבן מיך גערודפֿט, װעלן זײ אײַך אויך רודפֿן; אויב זײ האָבן געהאַלטן מײַן װאָרט, װעלן זײ אויך אײַערס האַלטן. [21]אָבער דאָס אַלץ װעלן זײ אײַך טאָן פֿון מײַן נאָמענװעגן, מַחמת זײ קענען ניט דעם, װאָס האָט מיך געשיקט. [22]אויב איך װאָלט ניט געקומען און גערעדט צו זײ, װאָלטן זײ ניט געװען געהאַט קײן זינד; איצט אָבער האָבן זײ ניט קײן שום רעכט־פֿאַרטיקונג פֿאַר זײער זינד. [23]דער, װאָס האָט מיך פֿײַנט, טוט אויך פֿײַנט האָבן מײַן פֿאָטער. [24]װען איך װאָלט ניט געװען געטאָן צװישן זײ די מַעשׂים, װאָס קײן שום אַנדערער האָט ניט געטאָן, װאָלטן זײ ניט געװען געהאַט קײן זינד; אָבער איצט האָבן זײ געזען, און האָבן פֿײַנט געהאַט סײ

מיך און סיי מיין פאָטער. [25] נאָר סע זאָל מקוים ווערן דאָס וואָרט, וואָס שטייט געשריבן אין זייער תּורה: זיי האָבן מיך אומזיסט געהאַסטא. [26] אָבער בעת דער טרייסטער וועט קומען, וועמען איך וועל שיקן צו אייך פון דעם פאָטער, דעם גייסט פון אֶמת, וואָס קומט אַרויס פון דעם פאָטער, וועט ער עֵדות זאָגן פונוועגן מיר. [27] און אויך איר זענט עֵדות, מַחמת איר זענט געווען מיט מיר פון אָנהייב אָן.

טז דאָס האָב איך צו אייך גערעדט, כּדי איר זאָלט ניט געבראַכט ווערן צו קיין מִכשול. [2] זיי וועלן אייך אויסשליסן פון קָהל; יאָ, סע קומט אָן די שָעה, ווען יעדער איינער, וואָס וועט אייך הַרגענען, וועט מיינען, אַז ער דינט גאָט דערמיט. [3] און דאָס וועלן זיי טאָן, מַחמת זיי האָבן ניט געקענט דעם פאָטער, און ניט מיך. [4] און דאָס האָב איך גערעדט צו אייך, כּדי, ווען זייער שָעה וועט קומען, זאָלט איר געדענקען, אַז איך האָב אייך דאָס געזאָגט.

אין אָנהייב האָב איך עס אייך ניט געזאָגט, מַחמת איך בין געווען מיט אייך. [5] אָבער איצט גיי איך צו אים, וואָס האָט מיך געשיקט; און קיינער פון אייך פרעגט מיך ניט: וואוהין גייסטו? [6] אָבער ווייל איך האָב דאָס גערעדט צו אייך, האָט צַער אָנגעפילט אייער האַרץ. [7] איך זאָג אייך אָבער דעם אֶמת, עס איז גוט פאַר אייך, וואָס איך גיי אַוועק; וואָרים אויב איך גיי ניט אַוועק, וועט דער טרייסטער ניט קומען צו אייך; נאָר אויב איך גיי, וועל איך אים שיקן צו אייך. [8] און אַז ער וועט קומען, וועט ער איבערצייגן די וועלט וועגן זינד, און וועגן רעכטפאַרטיקייט, און וועגן מִשפּט: [9] וועגן זינד, מַחמת זיי גלויבן ניט אין מיר; [10] וועגן רעכטפאַרטיקייט, מַחמת איך גיי צו דעם פאָטער, און איר וועט מיך מער ניט זען; [11] וועגן מִשפּט, מַחמת דער שַׂר פון דער דאָזיקער וועלט איז געמִשפּט געוואָרן.

[12] איך האָב אייך נאָך אַ סך זאַכן צו זאָגן, נאָר איר קענט זיי איצט ניט פאַרטראָגן. [13] אָבער בעת דער גייסט פון אֶמת וועט קומען, וועט ער אייך אַרײַנפירן אין דעם גאַנצן אֶמת; וואָרים ער וועט ניט רעדן פון זיך אַליין, נייערט וואָס ער וועט הערן, וועט ער רעדן; און ער וועט אייך אָנזאָגן דאָס, וואָס דאַרף ערשט קומען. [14] ער וועט מיך פאַרהערלעכן, ווייל ער וועט נעמען פון מיינעם, און וועט עס אייך דערקלערן. [15] אַלצדינג,

א תהלים לה, 19.

וואָס דער פאָטער האָט, איז מיינס; דעריבער האָב איך געזאָגט, אַז ער
וועט נעמען פון דעם, וואָס איז מיין, און וועט עס אייך דערקלערן.
[16] נאָך אַ קליינע ווײַלע, און איר זעט מיך ניט מער; און ווידער אַ
קליינע ווײַלע, און איר וועט מיך זען. [17] האָבן עטלעכע פון זיינע תּלמידים
געזאָגט איינער צום אַנדערן: וואָס איז דאָס, וואָס ער זאָגט צו אונדז: נאָך
אַ קליינע ווײַלע, און איר זעט מיך ניט; און ווידער אַ קליינע ווײַלע, און
איר וועט מיך זען? און: איך גיי צו דעם פאָטער? [18] זיי האָבן דעריבער
געזאָגט: וואָס איז דאָס, וואָס ער זאָגט: אַ קליינע ווײַלע? מיר פאַרשטייען
ניט, וואָס ער זאָגט. [19] יֵשוּעַ האָט באַמערקט, אַז זיי ווילן אים עפּעס פרעגן,
און ער האָט צו זיי געזאָגט: טוט איר פאָרשטן צווישן זיך וועגן דעם, וואָס
איך האָב געזאָגט: נאָך אַ קליינע ווײַלע, און איר זעט מיך ניט, און ווידער
אַ קליינע ווײַלע, און איר וועט מיך זען? [20] פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג
אייך: איר וועט וויינען און קלאָגן, אָבער די וועלט וועט זיך פרייען; איר
וועט זיין טרויעריק, אָבער אייער טרויער וועט פאַרקערט ווערן צו פרייד.
[21] אַ פרוי, בעת זי גייט צו קינד, איז אומעטיק, מַחמת איר שָעה האָט
גענעענט; אָבער נאָכדעם ווי זי האָט געבוירן דאָס קינד, געדענקט זי ניט
מער די יסורים פונוועגן דער שִׂמחה, וואָס אַ מענטש איז געבוירן געוואָרן
אויף דער וועלט. [22] און אַזוי האָט איר אויך איצטער צַער, אָבער איך
וועל אייך ווידער זען, און אייער האַרץ וועט זיך פרייען, און אייער שִׂמחה
וועט קיינער ניט אַוועקנעמען ביי אייך. [23] און אין יענעם טאָג וועט איר
מיך ניט פרעגן קיין קַשיות. פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג אייך, אויב איר
וועט עפּעס בעטן ביי דעם פאָטער, וועט ער עס אייך געבן אין מיין נאָמען.
[24] לעֵת־עַתּה האָט איר גאָרניט געבעטן אין מיין נאָמען; בעט, און איר וועט
באַקומען, כּדי אייער שִׂמחה זאָל זיין פול.

[25] די דאָזיקע זאַכן האָב איך גערעדט צו אייך אין מְשָלים; סע קומט
אָן די שָעה, ווען איך וועל מער ניט רעדן צו אייך אין מְשָלים, נייערט איך
וועל אייך זאָגן אָפן פונוועגן דעם פאָטער. [26] אין יענעם טאָג וועט איר
בעטן אין מיין נאָמען; און איך זאָג אייך ניט, אַז איך וועל בעטן דעם פאָטער
פונוועגן אייך, [27] וואָרים דער פאָטער אַליין האָט אייך ליב, מַחמת איר
האָט מיך ליב געהאַט, און האָט געגלויבט, אַז איך בין אַרויסגעקומען פון
דעם פאָטער. [28] איך בין אַרויסגעקומען פון דעם פאָטער, און בין געקומען

אין דער וועלט אַריין; און ווידער פֿאַרלאָז איך די וועלט, און גיי צו דעם
פֿאָטער. [29] און זיינע תּלמידים האָבן געזאָגט: זע, איצט רעדסטו אָפֿן, און
געברויכסט ניט קיין מָשל. [30] איצט ווייסן מיר, אַז דו ווייסט אַלצדינג, און
דאַרפֿסט ניט, אַז עמיצער זאָל דיך פֿרעגן; דורכדעם גלויבן מיר, אַז דו
ביסט אַרויסגעקומען פֿון גאָט. [31] האָט יֵשוּעַ זיי געענטפֿערט: איצט גלויבט
איר? [32] סע טוט קומען די שָעה, יאָ, זי האָט גענעענט, און איר וועט ווערן
צעשפּרייט, איטלעכער צו זיינע אייגענע, און מיך וועט איר לאָזן אַליין;
אָבער איך בין ניט אַליין, מַחמת דער פֿאָטער איז מיט מיר. [33] דאָס האָב
איך גערעדט צו אייך, כּדי אין מיר זאָלט איר האָבן שָלום. אין דער וועלט
האָט איר צָרות; אָבער זייט געטרייסט, איך האָב מנַצֵחַ געווען די וועלט.

יז דאָס האָט יֵשוּעַ גערעדט, און ער האָט אויפֿגעהויבן זיינע אויגן צום
הימל, און געזאָגט: פֿאָטער, די שָעה האָט גענעענט, אַכפּער דיין זון,
כּדי דער זון זאָל דיך אַכפּערן; [2] אַזוי ווי דו האָסט אים געגעבן רשות איבער
יעדן באַשעפֿעניש, כּדי ער זאָל געבן אייביק לעבן צו אַלע, וועמען דו
האָסט אים געגעבן. [3] און דאָס איז דאָס אייביקע לעבן, אַז זיי זאָלן קענען
דיך, דעם איינציק אֱמֶתן גאָט, און יֵשוּעַ המָשיחַ, וועמען דו האָסט געשיקט.
[4] איך האָב דיך געאַכפּערט אויף דער ערד, מיט דעם וואָס איך האָב
פֿאַרענדיקט דאָס ווערק, וואָס דו האָסט מיר געגעבן צו טאָן. [5] און איצט,
פֿאָטער, אַכפּער דו מיך ביי דיר, מיט דעם כָּבוד, וואָס איך האָב געהאַט
ביי דיר, איידער די וועלט איז געוואָרן.

[6] איך האָב אַנטפּלעקט דיין נאָמען צו די מענטשן, וואָס דו האָסט מיר
געגעבן פֿון דער וועלט; זיי זענען געווען דיינע, און דו האָסט זיי מיר געגעבן;
און זיי האָבן געהיט דיין וואָרט. [7] איצט ווייסן זיי, אַז אַלצדינג, וואָס דו
האָסט מיר געגעבן, איז פֿון דיר; [8] וואָרים די רייד, וואָס דו האָסט מיר
געגעבן, האָב איך זיי געגעבן; און זיי האָבן זיי מְקַבּל געווען, און האָבן
דערקענט אויף אַן אֱמת, אַז איך קום אַרויס פֿון דיר, און זיי האָבן געגלויבט,
אַז דו האָסט מיך געשיקט.

[9] איך בעט פֿאַר זיי; איך בעט ניט פֿאַר דער וועלט, נייערט פֿאַר יענע,
וואָס דו האָסט מיר געגעבן, וואָרים זיי זענען דיינע; [10] און אַלצדינג, וואָס
איז מיינס, איז דיינס, און דיינס איז מיינס, און איך בין געאַכפּערט אין זיי.

[11] און איך בין ניט מער אין דער וועלט, אָבער זיי זענען אין דער וועלט, און
איך קום צו דיר. הייליקער פּאָטער, באַהיט זיי אין דיין נאָמען, יענע, וואָס
דו האָסט מיר געגעבן, כּדי זיי זאָלן זיין איינס, אַזוי־ווי מיר זענען איינס.
[12] כּל־זמן איך בין געווען מיט זיי, האָב איך זיי אָפּגעהיט אין דיין נאָמען,
יענע, וואָס דו האָסט מיר געגעבן; און איך האָב זיי אָפּגעהיט, און קיין
איינציקער פֿון זיי איז ניט פֿאַרלוירן געגאַנגען, אויסער דער זון פֿון פֿאַר־
דאַרבונג, כּדי דער פּסוק זאָל מקוים ווערן. [13] אָבער איצט קום איך צו דיר;
און דאָס רעד איך אין דער וועלט, כּדי זיי זאָלן האָבן אין זיך מיין שׂמחה
צו דער פֿול. [14] איך האָב זיי געגעבן דיין וואָרט; און די וועלט האָט זיי
פֿיינט געהאַט, מחמת זיי זענען ניט פֿון דער וועלט, פּונקט ווי איך בין ניט
פֿון דער וועלט. [15] איך בעט ניט, אַז דו זאָלסט זיי אַרויסנעמען פֿון דער
וועלט, נייערט אַז דו זאָלסט זיי אויסהיטן פֿון דעם בייזן. [16] זיי זענען ניט
פֿון דער וועלט, פּונקט ווי איך בין ניט פֿון דער וועלט. [17] הייליק זיי אין
דעם אמת; דיין וואָרט איז אמת. [18] אַזוי־ווי דו האָסט מיך געשיקט אין
דער וועלט אַריין, פּונקט אַזוי האָב איך זיי געשיקט אין דער וועלט אַריין.
[19] און פֿון זייערטוועגן הייליק איך מיך, כּדי זיי זאָלן אויך געהייליקט זיין
אין אמת.

[20] און ניט נאָר פֿאַר די דאָזיקע אַליין טו איך בעטן, נייערט אויך
פֿאַר יענע, וואָס וועלן גלויבן אין מיר דורך זייער וואָרט, [21] כּדי זיי זאָלן
אַלע זיין איינס; אַזוי־ווי דו, פּאָטער, ביסט אין מיר, און איך אין דיר, אַז זיי
זאָלן אויך זיין אין אונדז, כּדי די וועלט זאָל גלויבן, אַז דו האָסט מיך
געשיקט. [22] און דעם כּבֿוד, וואָס דו האָסט מיר געגעבן, האָב איך זיי געגעבן,
כּדי זיי זאָלן זיין איינס, אַזוי־ווי מיר זענען איינס, [23] איך אין זיי, און דו אין
מיר, כּדי זיי זאָלן ווערן שלימותדיק איינס, כּדי די וועלט זאָל וויסן, אַז
דו האָסט מיך געשיקט, און האָסט זיי ליב געהאַט, אַזוי־ווי דו האָסט מיך
ליב געהאַט. [24] פּאָטער, איך וויל, אַז אויך זיי, וועמען דו האָסט מיר געגעבן,
זאָלן זיין מיט מיר, וואו איך בין, כּדי זיי זאָלן קענען זען מיין כּבֿוד, וואָס
דו האָסט מיר געגעבן, וואָרים דו האָסט מיך ליב געהאַט, נאָך פֿאַר דער
גרונטפֿעסטיקונג פֿון דער וועלט. [25] אָ, רעכטפֿאַרטיקער פּאָטער, די וועלט
האָט דיך ניט געקענט, אָבער איך האָב דיך געקענט; און די דאָזיקע ווייסן,
אַז דו האָסט מיך געשיקט. [26] און איך האָב פֿאַר זיי באַקאַנט געמאַכט דיין

נאָמען, און איך וועל אים באַקאַנט מאַכן, כּדי די ליבשאַפט, מיט וועלכער
דו האָסט מיך ליב געהאַט, זאָל זיין אין זיי, און איך אין זיי.

יח און בעת יֵשוּעַ האָט פאַרענדיקט די דאָזיקע רייד, איז ער אַרויסגעגאַנגען
מיט זיינע תּלמידים אַריבער דעם טייך קִדרוֹן, וואו עס איז געווען
אַ גאָרטן, אין וועלכן ער איז אַרײַנגעגאַנגען מיט זיינע תּלמידים. 2 און אויך
יהודה, וואָס האָט אים פאַרראָטן, האָט געקענט דאָס אָרט; וואָרים יֵשוּעַ
איז זיך דאָרט פילמאָל צונויפגעקומען מיט זיינע תּלמידים. 3 און יהודה,
בעת ער האָט באַקומען דאָס חַיִל און די באַדינער פון די ראָשי־כֹּהֲנים און
די פרושים, איז אָנגעקומען אַהין מיט פאַקלען און לאַמטערנס און כּלֵי־זַיִן.
4 און יֵשוּעַ האָט געוואוסט אַלצדינג, וואָס האָט געדאַרפט קומען איבער
אים, און ער איז אַרויסגעגאַנגען, און האָט צו זיי געזאָגט: וועמען זוכט איר?
5 האָבן זיי אים געענטפערט: יֵשוּעַ הַנוֹצרי. זאָגט יֵשוּעַ צו זיי: איך בין עס.
און יהודה, וואָס האָט אים פאַרראָטן, איז מיט זיי געשטאַנען. 6 און בעת
ער האָט צו זיי געזאָגט: איך בין עס, זענען זיי אָפגעטרעטן הינטערווײַלעכץ,
און זענען געפאַלן צו דער ערד. 7 און ער האָט זיי ווידער געפרעגט: וועמען
זוכט איר? האָבן זיי געזאָגט: יֵשוּעַ הַנוֹצרי. 8 האָט יֵשוּעַ געענטפערט: איך
האָב אייך געזאָגט, אַז איך בין דאָס; בכֵן, אויב איר זוכט מיך, לאָזט די
דאָזיקע גיין. 9 כּדי סע זאָל מקוים ווערן דאָס וואָרט, וואָס ער האָט גערעדט:
פון יענע, וואָס דו האָסט מיר געגעבן, האָב איך ניט פאַרלוירן קיין איינציקן.
10 און שִמעוֹן פעטרוס, וואָס האָט געהאַט אַ שווערד, האָט זי געצויגן, און
האָט אַ זעץ געטאָן דעם כֹּהן־גָדולס קנעכט, און אים אָפגעהאַקט זיין רעכטן
אויער. און דעם קנעכטס נאָמען איז געווען מַלכּוּס. 11 און יֵשוּעַ האָט געזאָגט
צו פעטרוסן: טו אַריין די שווערד אין דער שייד אַריין; דעם כּוֹס, וואָס
דער פאָטער האָט מיר געגעבן, זאָל איך אים ניט טרינקען?

12 און דאָס חַיִל און דער הויפטמאַן, און די באַדינער פון די ייִדן,
האָבן געכאַפט יֵשוּעַן און האָבן אים געבונדן, 13 און האָבן אים קודם געפירט
צו חָנָן, וואָרים ער איז געווען דער שווער פון קַיָפאָן, וואָס איז אין יענעם
יאָר געווען כֹּהן־גָדול. 14 און דאָס איז געווען קַיָפאָ, וואָס האָט געגעבן די
ייִדן אַן עֵצה, אַז עס איז גלײַכער, אַז איין מענטש זאָל שטאַרבן פאַר
דעם פאָלק.

15 און שִמעוֹן פעטרוס איז נאָכגעגאַנגען יֵשוּעַן, און אַזוי האָט געטאָן

אַן אַנדערער תּלמיד. און דער דאָזיקער תּלמיד איז געווען באַקאַנט מיט
דעם כּהן־גָדול, און איז אַרייַנגעגאַנגען מיט יֵשוּעַן אין דעם הויף פון דעם
כּהן־גָדול, [16] בעת פּעטרוס איז געשטאַנען אין דרויסן ביי דער טיר. און
דער אַנדערער תּלמיד, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט דעם כּהן־גָדול, איז
אַרויסגעגאַנגען און האָט גערעדט צו איר, וואָס האָט געהיט די טיר, און
האָט אַרייַנגעבראַכט פּעטרוסן. [17] און די דינסט, וואָס האָט געהיט די טיר,
האָט געזאָגט צו פּעטרוסן: ביסטו ניט אויך איינער פון דעם מאַנס תּלמידים?
זאָגט ער: איך בין עס ניט. [18] און די קנעכט און די באַדינער זענען דאָרט
געשטאַנען, און האָבן געמאַכט אַ פייער פון קוילן, וואָרים עס איז געווען
קאַלט, און זיי האָבן זיך געוואַרעמט; און פּעטרוס איז אויך געשטאַנען מיט
זיי, און האָט זיך געוואַרעמט.

[19] און דער כּהן־גָדול האָט געפרעגט יֵשוּעַן וועגן זיינע תּלמידים, און
וועגן זיין לערנונג. [20] האָט יֵשוּעַ אים געענטפערט: איך האָב גערעדט אָפן
פאַר דער וועלט; איך האָב תָּמיד געלערנט אין די בָּתֵּי־כְּנֵסִיוֹת, און אין דעם
בֵּית־הַמִקְדָש, וואו אַלע ייִדן קומען זיך צוזאַמען, און אין פאַרבאָרגעניש
האָב איך גאָרניט גערעדט. [21] פאַרוואָס פרעגסטו מיך? פרעג די, וואָס
האָבן מיך געהערט, וואָס איך האָב גערעדט צו זיי; זע, זיי ווייסן וואָס אַזוינס
איך האָב געזאָגט. [22] און אַז ער האָט דאָס געזאָגט, האָט איינער פון די
באַדינער, וואָס איז געשטאַנען דערביי, אַ פּאַטש געגעבן יֵשוּעַן, און געזאָגט:
אַזוי ענטפערסטו דעם כּהן־גָדול? [23] האָט אים יֵשוּעַ געענטפערט: אויב איך
האָב גערעדט שלעכטס, זאָג עֵדוּת פונוועגן דעם שלעכטס; נאָר אויב רעכט,
פאַרוואָס שלאָגסטו מיך? [24] און חָנָן האָט אים געשיקט געבונדן צו קַיִפָאַן,
דעם כּהן־גָדול.

[25] און שִמְעוֹן פּעטרוס איז געשטאַנען און האָט זיך געוואַרעמט. און
זיי האָבן צו אים געזאָגט: ביסטו ניט אויך איינער פון זיינע תּלמידים? און
ער האָט געלייקנט, און געזאָגט: איך בין עס ניט. [26] זאָגט איינער פון דעם
כּהן־גָדולס קנעכט, וואָס איז געווען אַ קָרוֹב פון דעם, וועמען פּעטרוס האָט
אָפּגעהאַקט דאָס אויער: האָב איך דיך ניט געזען מיט אים אין גאָרטן?
[27] און פּעטרוס האָט ווידער געלייקנט; און תֵּיכֶף האָט דער האָן געקרייַט.

[28] און זיי האָבן יֵשוּעַן געפירט פון קַיִפָאַן אין דעם געריכטהויף אַריין;
און עס איז געווען באַגינען. און זיי אַליין זענען ניט אַרייַנגעגאַנגען אין דעם

געריכטהויף, כּדי זיי זאָלן זיך ניט מטַמא זיין, נייערט זאָלן קענען עסן דעם
קָרבן־פֶּסַח. 29 און פּילאַטוס איז אַרויסגעגאַנגען צו זיי, און האָט געזאָגט:
וואָסערע באַשולדיקונג ברענגט איר קעגן דעם דאָזיקן מאַן? 30 האָבן זיי
געענטפערט, און צו אים געזאָגט: ווען דער דאָזיקער וואָלט ניט געטאָן קיין
שלעכטס, וואָלטן מיר אים ניט געווען איבערגעענטפערט צו דיר. 31 פּילאַטוס
האָט דעריבער צו זיי געזאָגט: נעמט איר אים, און מִשפּט אים לויט אייער
תּוֹרה. און די ייִדן האָבן צו אים געזאָגט: מיר האָבן ניט קיין רשות צו
טייטן אַ מענטשן; 32 (כּדי סע זאָל מקוים ווערן דאָס וואָרט פון יֵשוּעַן,
וואָס ער האָט גערעדט, בעת ער האָט מרַמֵז געווען מיט וואָסער מִין טויט
ער וועט שטאַרבן).

33 פּילאַטוס איז דעריבער ווידער אַרײַנגעגאַנגען אין דעם געריכטהויף
אַריין, און האָט גערופן יֵשוּעַן, און צו אים געזאָגט: ביסטו דער מֶלך פון
די ייִדן? 34 און יֵשוּעַ האָט געענטפערט: טוסטו דאָס זאָגן פון דיר אַליין,
אָדער האָבן דיר דאָס אַנדערע געזאָגט פונוועגן מיר? 35 האָט פּילאַטוס
געענטפערט: בין איך אַ ייִד? דיין אייגן פאָלק און די ראָשי־כֹּהֲנים האָבן
דיך איבערגעענטפערט צו מיר; וואָס האָסטו געטאָן? 36 האָט יֵשוּעַ געענט־
פערט: מיין מַלכות איז ניט פון דער דאָזיקער וועלט; אויב מיין מַלכות
וואָלט געווען פון דער דאָזיקער וועלט, וואָלטן מיינע באַדינער געקעמפט,
אַז איך זאָל ניט איבערגעענטפערט ווערן צו די ייִדן; איצט אָבער איז מיין
מַלכות ניט פונדאַנען. 37 פּילאַטוס האָט דעריבער צו אים געזאָגט: הייסט
עס, דו ביסט אַ מֶלך? און יֵשוּעַ האָט געענטפערט: דו זאָגסט, אַז איך בין
אַ מֶלך. צוליב דעם בין איך געבוירן געוואָרן, און צוליב דעם בין איך
געקומען אין דער וועלט אַריין, כּדי איך זאָל עֵדות זאָגן פאַר דעם אֶמת.
יעדער איינער, וואָס איז פון דעם אֶמת, טוט הערן מיין קוֹל. 38 זאָגט צו
אים פּילאַטוס: וואָס איז אֶמת?

און נאָכדעם ווי ער האָט דאָס געזאָגט, איז ער ווידער אַרויסגעגאַנגען
צו די ייִדן, און האָט צו זיי געזאָגט: איך געפין ניט אין אים קיין שום שולד.
39 אָבער ביי אייך איז פאַראַן אַ מִנהג, אַז איך זאָל אייך פריי לאָזן איינעם
אויף פֶּסח; ווילט איר דעריבער, אַז איך זאָל אייך פריי לאָזן דעם מֶלך פון
די ייִדן? 40 זיי האָבן דעריבער ווידער אויסגעשריגן, אַזוי צו זאָגן: ניט דעם
דאָזיקן, נייערט בַּר־אַבָּאן! און בַּר־אַבָּא איז געווען אַ גַזלן.

יט דעמאָלט האָט פּילאַטוס גענומען יֵשוּעַן, און האָט אים געלאָזט שמייסן.
2 און די זעלנער האָבן אויסגעפלאָכטן אַ קרוין פון דערנער, און זי
אַרויפגעזעצט אויף זיין קאָפּ, און אים באַקליידט אין אַ פּורפּור מאַנטל.
3 און זיי האָבן גענעענט צו אים, און געזאָגט: שָׁלוֹם דיר, מֶלֶך פון די
יִדן! און זיי האָבן אים געפּאַטשט מיט זייערע הענט. 4 און פּילאַטוס איז
ווידער אַרויסגעגאַנגען, און האָט צו זיי געזאָגט: אָט פיר איך אים אַרויס צו
אייך, כּדי איר זאָלט וויסן, אַז איך געפין ניט אין אים קיין שום שולד. 5 און
יֵשוּעַ איז אַרויסגעקומען, און האָט געטראָגן די קרוין פון דערנער און דעם
פּורפּור מאַנטל. און פּילאַטוס האָט צו זיי געזאָגט: אָט איז דער מענטש!
6 און אַז די ראָשי־כֹּהֲנים און די באַדינער האָבן אים געזען, האָבן זיי
אויסגעשריגן: קרייציק אים, קרייציק אים! זאָגט צו זיי פּילאַטוס: נעמט איר
אים און קרייציקט אים, וואָרים איך געפין ניט אין אים קיין שום שולד.
7 האָבן אים די יִדן געענטפערט: מיר האָבן אַ תּוֹרה, און לויט דער
תּוֹרה איז ער חַייב־מִיתה, מַחמת ער האָט זיך אַליין געמאַכט פאַר דעם
בֶּן־אֱלֹהִים. 8 און ווען פּילאַטוס האָט דאָס געהערט, האָט ער נאָך מער
מוֹרא באַקומען, 9 און ער איז ווידער אַריינגעגאַנגען אין דעם געריכטהויף
אַריין, און האָט געזאָגט צו יֵשוּעַן: פונוואַנען ביסטו? אָבער יֵשוּעַ האָט אים
ניט געגעבן קיין תּשובה. 10 פּילאַטוס האָט דעריבער צו אים געזאָגט: צו
מיר טוסטו ניט רעדן? ווייסטו ניט, אַז איך האָב רשות דיך פריי צו לאָזן,
און רשות דיך צו קרייציקן? 11 און יֵשוּעַ האָט אים געענטפערט: דו וואָלטסט
ניט געהאַט קיין מאַכט איבער מיר, אויב זי וואָלט דיר ניט געגעבן געוואָרן
פון אויבן; דעריבער האָט דער, וואָס האָט מיך איבערגעענטפערט צו דיר,
אַ גרעסערע זינד.

12 פון דעמאָלט אָן האָט פּילאַטוס געזוכט אים פריי צו לאָזן; אָבער די
יִדן האָבן אויסגעשריגן, אַזוי צו זאָגן: אויב דו לאָזסט פריי דעם דאָזיקן
מאַן, ביסטו ניט דעם קֵיסרס פריינט; יעדער איינער, וואָס מאַכט זיך אַליין
פאַר אַ מֶלֶך, איז מוֹרֵד־בַּמַלכות. 13 און ווען פּילאַטוס האָט געהערט די
דאָזיקע רייד, האָט ער אַרויסגעבראַכט יֵשוּעַן, און האָט זיך אַנידערגעזעצט
אויף דעם כִּסֵא־הַמִשפּט, אויף דעם פּלאַץ, וואָס הייסט די פּלאַסטערונג, און
אויף לָשוֹן־קוֹדֶש, גַּבּתָא. 14 און עס איז געווען עֶרֶב־פֶּסַח, אַרום דער זעקסטער
שָׁעה. און ער האָט געזאָגט צו די יִדן: אָט איז אייער מֶלֶך! 15 און זיי

האָבן געשריגן: אַוועק מיט אים, אַוועק מיט אים, קרייציק אים! זאָגט צו
זיי פּילאַטוס: זאָל איך קרייציקן אייער מֶלך? און די ראָשי־כֹּהֲנים האָבן
געענטפערט: מיר האָבן ניט קיין מֶלך, אַחוץ דעם קֵיסר. 16 דעמאָלט האָט
ער אים איבערגעענטפערט צו זיי, געקרייציקט צו ווערן.

17 זיי האָבן דעריבער גענומען יֵשוּעַן. און ער האָט אַליין געטראָגן זיין
צלָב, און ער איז אַרויסגעגאַנגען צו דעם פּלאַץ, וואָס האָט געהייסן דער
שיידל־פּלאַץ, און אויף לָשון־קוֹדֶש הייסט ער גָלגָלתָּא. 18 דאָרטן האָבן זיי
אים געקרייציקט, און מיט אים צוויי אַנדערע, אויף יעדער זייט איינעם, און
יֵשוּעַן אין דער מיט. 19 און פּילאַטוס האָט אויך אָנגעשריבן אַן אויפשריפט,
און האָט זי אַרויפגעטאָן אויף דעם צלָב; און דאָרט איז געשטאַנען: יֵשוּעַ
הַנוֹצרי, דער מֶלך פון די יידן. 20 די דאָזיקע אויפשריפט האָבן דעריבער
געלייענט אַ סך יידן, וואָרים דער פּלאַץ, וואו יֵשוּעַ איז געקרייציקט געוואָרן,
איז געווען נאָענט פון דער שטאָט; און דאָס איז געווען געשריבן אויף לָשון־
קוֹדֶש, לאַטייניש, און אין גריכיש. 21 און די ראָשי־כֹּהֲנים פון די יידן האָבן
געזאָגט צו פּילאַטוסן: שרייב ניט: דער מֶלך פון די יידן, נייערט אַז ער האָט
געזאָגט: איך בין דער מֶלך פון די יידן. 22 און פּילאַטוס האָט געענטפערט:
וואָס איך האָב געשריבן, האָב איך געשריבן.

23 און די זעלנער, בעת זיי האָבן יֵשוּעַן געקרייציקט, האָבן גענומען
זיינע מַלבּושים און געמאַכט פיר חֲלָקים, פאַר יעדן זעלנער אַ חֵלֶק, און
אויך זיין ראָק. און דער ראָק איז געווען אָן אַ נאָט, געוועבט פון אויבן
דורך און דורך. 24 זיי האָבן דעריבער געזאָגט איינער צום אַנדערן: לאָמיר
אים ניט צערייסן, נייערט וואַרפן גוֹרל אויף אים, וועמעס ער זאָל זיין; כּדי
דער פּסוק זאָל מקוים ווערן:

זיי האָבן צעטיילט מיינע בגָדים צווישן זיך;
און איבער מיין געוואַנט האָבן זיי געוואָרפן גוֹרל[א].

25 און אַזוי האָבן די זעלנער געטאָן; און ביי דעם צלָב פון יֵשוּעַן זענען
געשטאַנען זיין מוטער, און זיין מוטערס שוועסטער, מִריָם דאָס ווייב פון
קלוֹפּסן, און מִריָם פון מַגדָלָה. 26 און בעת יֵשוּעַ האָט געזען זיין מוטער,
און דעם תּלמיד, וועמען ער האָט ליב געהאַט, שטיין דערביי, האָט ער
געזאָגט צו זיין מוטער: אִשה, אָט איז דיין זון! 27 דערנאָך האָט ער געזאָגט

א תהלים כב, 19.

צו דעם תַּלמיד: אָט איז דײַן מוטער! און פֿון יענער שָׁעה אָן האָט דער
תַּלמיד זי גענומען צו זיך.

28 און נאָכדעם האָט יֵשוּעַ, ווײַל ער האָט געוואוסט, אַז אַלצדינג איז
שוין פֿאַרענדיקט, און כּדי דער פָּסוק זאָל מקוים ווערן, האָט ער געזאָגט:
איך בין דאָרשטיק. 29 און דאָרט איז געשטאַנען אַ כֵּלי פֿול מיט עסיק;
און זיי האָבן אַרויפֿגעטאָן אַ שוואָם פֿול מיט עסיק אויף אַן אֵזוֹב־שטענגל,
און עס דערלאַנגט צו זײַן מויל. 30 און אַז יֵשוּעַ האָט גענומען דעם עסיק,
האָט ער געזאָגט: עס איז געענדיקט; און ער האָט געבויגט זײַן קאָפּ, און
אויסגעהויכט זײַן נשמה.

31 און מַחמת עס איז געווען עֶרֶב־שַׁבּת, און כּדי די גופֿים זאָלן ניט
פֿאַרבלײַבן אויפֿן צלָב איבער שַׁבּת (וואָרים יענער שַׁבּת איז געווען אַ
גרויסער טאָג), האָבן די ייִדן געבעטן בײַ פּילאַטוסן, אַז מען זאָל צעברעכן
זייערע פֿיס, און אַז זיי זאָלן קענען ווערן אַוועקגענומען. 32 און די זעלנער
זענען געקומען, און האָבן צעבראָכן די פֿיס פֿון דעם ערשטן, און פֿון דעם
אַנדערן, וואָס איז מיט אים געקרייציקט געוואָרן; 33 אָבער ווען זיי זענען
געקומען צו יֵשוּעַן, און האָבן געזען, אַז ער איז שוין טויט, האָבן זיי ניט
צעבראָכן זײַנע פֿיס. 34 אָבער איינער פֿון די זעלנער האָט מיט אַ שפּיז
געשטאָכן זײַן זײַט, און עס איז תּיכּף אַרויסגעקומען בלוט און וואַסער.
35 און דער, וואָס האָט עס געזען, האָט עֵדות געזאָגט — און זײַן עֵדות זאָגן
איז אֶמת, און ער ווייסט, אַז ער זאָגט אֶמת — כּדי אויך איר זאָלט גלויבן.
36 וואָרים דאָס איז געשען, כּדי דער פָּסוק זאָל מקוים ווערן: קיין ביין פֿון
אים זאָל ניט ווערן צעבראָכן[א]. 37 און ווידער זאָגט אַן אַנדערער פָּסוק:
זיי וועלן קוקן אויף אים, וועמען זיי האָבן געשטאָכן[ב].

38 און נאָכדעם האָט יוֹסף פֿון רָמָתַיִם, וואָס איז געווען אַ פֿאַרבאָרגענער
תַּלמיד פֿון יֵשוּעַן, אויס מוֹרא פֿאַר די ייִדן, געבעטן בײַ פּילאַטוסן, אַז
ער זאָל מעגן אַוועקנעמען יֵשוּעס גוף, און פּילאַטוס האָט אים געגעבן
דערלויבעניש. ער איז דעריבער געקומען, און האָט אַוועקגענומען זײַן גוף.
39 און אויך נַקדימון, וואָס איז קודם צו אים געקומען בײַנאַכט, איז געקומען
און האָט געבראַכט אַ מישונג פֿון מירע און אַלאָען, אַן עֶרך פֿון הונדערט
פֿונט. 40 און זיי האָבן גענומען דעם גוף פֿון יֵשוּעַן און האָבן אים אײַנגעוויקלט

א שמות יב, 46. ב זכריה יב, 10.

אין תַּכרִיכים צוזאַמען מיט די בְּשָׂמִים, ווי עס איז דער מִנהג ביי ייִדן
מקַבר צו זיין. [41] און אין דעם אָרט, וואו ער איז געקרייציקט געוואָרן, איז
געווען אַ גאָרטן, און אין דעם גאָרטן אַ נייער קֶבר, וואָס אין אים איז נאָך
קיינער ניט געלייגט געוואָרן. [42] און מַחמת עס איז שוין געווען עֶרֶב־שַבּת ביי
ייִדן, און דער קֶבר איז געווען נאָענט, האָבן זיי דאָרטן אַרײַנגעלייגט יֵשוּעַן.

כ און אויף דעם ערשטן טאָג פון דער וואָך, בשָעת עס איז נאָך געווען
טונקל, איז מִריָם פון מַגדָלָה געקומען באַגינען צום קֶבר, און האָט
געזען, אַז דער שטיין איז אַוועקגענומען געוואָרן פון דעם קֶבר. [2] און זי איז
געלאָפן, און איז געקומען צו שִמעון פּעטרוסן און צו דעם אַנדערן תַּלמיד,
וועמען יֵשוּעַ האָט ליב געהאַט, און האָט צו זיי געזאָגט: זיי האָבן אַוועק־
גענומען דעם האַר פון דעם קֶבר, און מיר ווייסן ניט וואו זיי האָבן אים
געלייגט. [3] און פּעטרוס איז אַרויסגעגאַנגען, און דער אַנדערער תַּלמיד, און
זיי זענען געגאַנגען צום קֶבר. [4] און זיי זענען ביידע געלאָפן צוזאַמען,
און דער אַנדערער תַּלמיד איז איבערגעלאָפן פּעטרוסן, און איז אָנגעקומען
פריער צום קֶבר. [5] און אַז ער האָט זיך אײַנגעבויגן און אַרײַנגעקוקט, האָט
ער געזען די תַּכרִיכים ליגן; אָבער ער איז ניט אַרײַנגעגאַנגען. [6] דערנאָך איז
שִמעון פּעטרוס אָנגעקומען נאָך אים, און ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין דעם
קֶבר אַריין; און ער האָט געזען די תַּכרִיכים ליגן, [7] און דאָס טיכל, וואָס
איז געווען אויף זיין קאָפּ, איז ניט געלעגן מיט די תַּכרִיכים, נייערט
צונויפגעוויקלט אין אַ פּלאַץ באַזונדער. [8] און דערנאָך איז אַרײַנגעגאַנגען
אויך דער אַנדערער תַּלמיד, וואָס איז פריער געקומען צום קֶבר, און
ער האָט געזען, און געגלויבט. [9] וואָרים זיי האָבן נאָך ניט פאַרשטאַנען
דעם פָּסוק, אַז ער מוז אויפשטיין תּחִיַת־הַמֵתים. [10] און די תַּלמידים זענען
דעריבער ווידער אַוועק צו זיך אַהיים.

[11] אָבער מִריָם איז געשטאַנען אין דרויסן ביים קֶבר און האָט געוויינט.
און, ווי זי האָט געוויינט, האָט זי זיך אײַנגעבויגן און האָט אַרײַנגעקוקט אין
דעם קֶבר; [12] און זי האָט געזען צוויי מַלאָכים אין ווײַסן זיצן, וואו דער גוף
פון יֵשוּעַן איז געלעגן, איינער צוקאָפּנס, און איינער צופוסנס. [13] און זיי
האָבן צו איר געזאָגט: אִשה, פאַרוואָס וויינסטו? זאָגט זי צו זיי: מַחמת זיי
האָבן אַוועקגענומען מיין האַר, און איך ווייס ניט, וואו זיי האָבן אים געלייגט.
[14] און בעת זי האָט דאָס געזאָגט, האָט זי זיך אויסגעדרייט, און געזען יֵשוּעַן

שטיין, אָבער זי האָט ניט געוואוסט, אַז דאָס איז יֵשוּעַ. 15 זאָגט צו איר יֵשוּעַ:
אִשה, פאַרוואָס וויינסטו? וועמען זוכסטו? און מַחמת זי האָט אים אָנגענומען
פאַר דעם גערטנער, האָט זי צו אים געזאָגט: האַר, אויב דו האָסט אים
אַוועקגעטראָגן, זאָג מיר, וואו דו האָסט אים געלייגט, און איך וועל אים
אַוועקנעמען. 16 זאָגט צו איר יֵשוּעַ: מִרְיָם! און זי האָט זיך אויסגעדרייט, און
צו אים געזאָגט אויף לָשון־קוֹדֶש: רַבּוֹנִי, וואָס מיינט צו זאָגן: לערער. 17 זאָגט
יֵשוּעַ צו איר: ריר מיך ניט אָן, וואָרים איך בין נאָך ניט אַרויפגעגאַנגען צו
דעם פאָטער; נייערט גיי צו מיינע ברידער, און זאָג זיי: איך גיי אַרויף צו
מיין פאָטער און אייער פאָטער, און צו מיין גאָט און אייער גאָט. 18 און
מִרְיָם פון מַגדָלה איז געגאַנגען און האָט דערציילט די תַּלמידים: איך
האָב געזען דעם האַר; און אַז ער האָט צו איר געזאָגט די דאָזיקע זאַכן.
19 און אין אָוונט פון יענעם טאָג, דעם ערשטן טאָג פון דער וואָך, בעת
די טירן זענען געווען פאַרשלאָסן, וואו די תַּלמידים זענען געווען, אויס מוֹרא
פאַר די ייִדן, איז יֵשוּעַ געקומען און איז געשטאַנען צווישן זיי, און האָט צו
זיי געזאָגט: שָלום־עֲלֵיכֶם! 20 און בעת ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זיי
געוויזן זיינע הענט און זיין זייט. און די תַּלמידים האָבן זיך געפרייט, בעת
זיי האָבן געזען דעם האַר. 21 און יֵשוּעַ האָט נאָכאַמאָל צו זיי געזאָגט: שָלום־
עֲלֵיכֶם! אַזוי ווי דער פאָטער האָט מיך געשיקט, פּונקט אַזוי שיק איך אייך.
22 און אַז ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער אַ הויך געטאָן אויף זיי, און צו
זיי געזאָגט: זייט מְקַבל דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש. 23 וועמעס זינד איר זענט מוֹחל,
פאַר די זענען זיי פאַרגעבן; וועמעס זינד איר פאַרהאַלט, זענען זיי פאַרהאַלטן.
24 און תּוֹמָא, איינער פון די צוועלף, וועמען מען האָט גערופן: דער
צווילינג, איז ניט געווען מיט זיי, בעת יֵשוּעַ איז געקומען. 25 די אַנדערע
תַּלמידים האָבן דעריבער געזאָגט צו אים: מיר האָבן געזען דעם האַר. ער
אָבער האָט צו זיי געזאָגט: סיידן איך וועל זען דעם סִימָן פון די נעגל אין
זיינע הענט, און אַריינטאָן מיין פינגער אין דעם סִימָן פון די נעגל, און אַריינטאָן
מיין האַנט אין זיין זייט, וועל איך ניט גלויבן.
26 און אין אַכט טעג אַרום זענען זיינע תַּלמידים ווידער געווען אין
דעם הויז, און תּוֹמָא איז געווען מיט זיי. און בעת די טירן זענען געווען
פאַרשלאָסן, איז יֵשוּעַ געקומען און איז געשטאַנען צווישן זיי, און האָט געזאָגט:
שָלום־עֲלֵיכֶם! 27 דערנאָך האָט ער געזאָגט צו תּוֹמָאן: שטרעק אויס אַהער

דיין פינגער, און זע מיינע הענט; און שטרעק אויס דיין האַנט, און טו זי
אַריין אין מיין זייט; און זיי ניט אומגלויביק, נייערט גלויביק. 28 האָט תּוֹמָא
געענטפערט, און צו אים געזאָגט: מיין האַר און מיין גאָט! 29 זאָגט צו אים
יֵשוּעַ: ווייל דו האָסט מיך געזען, האָסטו געגלויבט? וואויל איז די, וואָס
האָבן ניט געזען, און דאָך האָבן זיי געגלויבט.

30 און נאָך אַ סך אַנדערע צייכנס האָט יֵשוּעַ געטאָן פאַר די תַּלמידים,
וואָס זענען ניט פאַרשריבן אין דעם דאָזיקן סֵפר. 31 אָבער די דאָזיקע זענען
פאַרשריבן, כּדי איר זאָלט גלויבן, אַז יֵשוּעַ איז דער מָשיחַ, דער בֶּן־אֱלֹהִים,
און אַז אין גלויבן זאָלט איר קענען האָבן לעבן אין זיין נאָמען.

כא און נאָכדעם האָט זיך יֵשוּעַ ווידער אַנטפּלעקט צו די תַּלמידים ביי
דעם יַם פון טבֵריה; און ער האָט זיך אַנטפּלעקט אויף דעם דאָזיקן
אופן: 2 עס זענען געווען צוזאַמען שִמעוֹן פּעטרוס און תּוֹמָא, וועמען מען
האָט גערופן צווילינג, און נתנאֵל פון קָנָה אין גָליל, און זַבדיס זין, און נאָך
צוויי אַנדערע פון זיינע תַּלמידים. 3 זאָגט שִמעוֹן פּעטרוס צו זיי: איך גיי
כאַפּן פיש. זאָגן זיי צו אים: מיר גייען אויך מיט דיר. און זיי זענען אַרויס־
געגאַנגען און זענען אַריין אין דער שיף; און יענע נאַכט האָבן זיי גאָרניט
געכאַפּט.

4 און בעת סע האָט שוין גענומען טאָגן, איז יֵשוּעַ געשטאַנען ביים ברעג;
אָבער די תַּלמידים האָבן ניט געוואוסט, אַז דאָס איז יֵשוּעַ. 5 און יֵשוּעַ האָט
צו זיי געזאָגט: קינדער, האָט איר עפּעס צו עסן? האָבן זיי אים געענטפערט:
ניין. 6 און ער האָט צו זיי געזאָגט: פאַרוואַרפט די נעץ אויף דער רעכטער
זייט פון דער שיף, און איר וועט געפינען. זיי האָבן דעריבער פאַרוואָרפן,
און האָבן זי ניט געקענט אַרויסציען צוליב די פיל פיש. 7 און יענער תַּלמיד,
וועמען יֵשוּעַ האָט ליב געהאַט, האָט געזאָגט צו פּעטרוסן: דאָס איז דער
האַר! און אַז שִמעוֹן פּעטרוס האָט געהערט, אַז דאָס איז דער האַר, האָט
ער אייַנגעוויקלט זיין אייַנהיל אַרום זיך — וואָרים ער איז געווען נאַקעט — און
האָט זיך אַרייַנגעוואָרפן אין יַם אַריין. 8 אָבער די אַנדערע תַּלמידים זענען
געקומען אין דער שיף, וואָרים זיי זענען געווען ניט ווייט פון דער יַבָּשה,
נייערט אַן עֶרך פון צוויי הונדערט איילן ווייט, און האָבן געשלעפּט די נעץ
פול מיט פיש.

9 און אַז זיי זענען אַרויס אויף דער יַבָּשה, האָבן זיי געזען אַ פייער פון

קוילן, און פיש ליגן אויף אים, און מַצה. [10] זאָגט צו זיי יֵשוּעַ: ברענגט
אַהער פון די פיש, וואָס איר האָט איצט געכאַפּט. [11] און שמעון פּעטרוס
איז אַרויפגעגאַנגען, און האָט אַרויסגעצויגן די נעץ אויף דער יַבָּשה, פול
מיט גרויסע פיש, הונדערט דריי און פופציק; און הַגַם עס זענען געווען
אַזויפיל, איז די נעץ ניט צעריסן געוואָרן. [12] זאָגט צו זיי יֵשוּעַ: קומט און
בייסט איבער. און קיינער פון די תַּלמידים האָט זיך ניט דערוועגט צו
פרעגן ביי אים: ווער ביסטו? וואָרים זיי האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז דער
האַר. [13] און יֵשוּעַ האָט גענעענט און גענומען די מַצה, און זי זיי געגעבן, און
אַזוי אויך די פיש. [14] דאָס איז שוין דאָס דריטע מאָל, וואָס יֵשוּעַ האָט זיך
אַנטפּלעקט צו די תַּלמידים, נאָכדעם ווי ער איז אויפגעשטאַנען תּחִיַת־
הַמֵתים.

[15] און אַז זיי האָבן געהאַט איבערגעביסן, זאָגט יֵשוּעַ צו שמעון פּעטרוסן:
שמעון בֶּן־יוֹנָה, האָסטו מיך מערער ליב ווי די דאָזיקע? זאָגט ער צו אים
יאָ, האַר; דו ווייסט, אַז איך האָב דיך ליב. זאָגט ער צו אים: פּיטער מיינע
לעמער. [16] זאָגט ער ווידער צו אים אַ צווייט מאָל: שמעון בֶּן־יוֹנָה, האָסטו
מיך ליב? זאָגט ער צו אים: יאָ, האַר; דו ווייסט, אַז איך האָב דיך ליב.
זאָגט ער צו אים: היט מיינע שאָף. [17] זאָגט ער צו אים דאָס דריטע מאָל:
שמעון בֶּן־יוֹנָה, האָסטו מיך ליב? פּעטרוס האָט זיך מצַער געווען, מַחמת
ער האָט צו אים געזאָגט דאָס דריטע מאָל: האָסטו מיך ליב? און ער האָט
צו אים געזאָגט: האַר, דו ווייסט אַלצדינג; דו ווייסט, אַז איך האָב דיך ליב.
זאָגט צו אים יֵשוּעַ: פּיטער מיינע שאָף. [18] פאַרוואָר, פאַרוואָר, איך זאָג דיר,
בעת דו ביסט געווען יונג, האָסטו דיך אָנגעגורט, און ביסט געגאַנגען, וואוהין
דו האָסט געוואָלט; אָבער בעת דו וועסט זיין אַלט, וועסטו אויסשטרעקן דיינע
הענט, און אַן אַנדערער וועט דיך אָנגורטן און פירן, וואוהין דו ווילסט ניט.
[19] און דאָס האָט ער גערעדט, כּדי מרַמֵז צו זיין מיט וואָסער מִין טויט ער
וועט אַכּפּערן גאָט. און נאָך די דאָזיקע רייד, האָט ער צו אים געזאָגט:
גיי מיר נאָך.

[20] און פּעטרוס האָט זיך אויסגעדרייט, און געזען דעם תַּלמיד נאָכגיין,
וועמען יֵשוּעַ האָט ליב געהאַט, וואָס האָט זיך אויך ביי דער סעודה אָנגעלענט
אויף זיין ברוסט, און ער האָט געזאָגט: האַר, ווער איז דער, וואָס טוט דיך
איבערענטפערן? [21] און אַז פּעטרוס האָט אים געזען, האָט ער געזאָגט צו

יֵשוּעַן: האַר, און וואָס איז מכּוח איִם? 22 זאָגט צו אים יֵשוּעַ: אויב איך וויל,
אַז ער זאָל פֿאַרבלײַבן, ביז איך קום, וואָס גייט דאָס דיך אָן? דו גיי מיר
נאָך. 23 און דאָס דאָזיקע וואָרט האָט זיך פֿאַרשפּרייט צווישן די ברידער,
אַז יענער תּלמיד וועט ניט שטאַרבן; אָבער יֵשוּעַ האָט ניט געזאָגט צו אים,
אַז ער וועט ניט שטאַרבן, נייערט: אויב איך וויל, אַז ער זאָל פֿאַרבלײַבן
ביז איך קום, וואָס גייט דאָס דיך אָן?
24 דאָס איז דער תּלמיד, וואָס זאָגט עֵדות אויף די דאָזיקע זאַכן, און
וואָס האָט דאָס פֿאַרשריבן; און מיר ווייסן, אַז זיין עֵדות זאָגן איז אֶמת.
25 און עס זענען אויך פֿאַראַן אַ סך אַנדערע זאַכן, וואָס יֵשוּעַ האָט
געטאָן; און וואָלט מען זיי אַלע באַזונדער פֿאַרשריבן, מיין איך, אַז אַפילו
די וועלט אַליין וואָלט ניט געקענט אַריינגעמען די ספרים, וואָס וואָלטן
אָנגעשריבן געוואָרן.



# די מַעֲשׂים פֿון די שלִיחים

א אין דעם ערשטן סֵפֶר, אָ טעאָפֿילוס, האָב
איך געשריבן פֿונוועגן אַלץ, וואָס יֵשוּעַ האָט
אָנגעהויבן צו טאָן און צו לערנען, [2] ביז דעם
טאָג, אין וועלכן ער איז אַרויפֿגענומען געוואָרן,
נאָכדעם ווי ער האָט דורך דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש
געגעבן געבאָט צו די שלִיחים, וועמען ער האָט
אויסדערוויילט; [3] צו וועמען ער האָט זיך אויך
אַנטפּלעקט אַ לעבעדיקער נאָך זיינע עִנוּיִים דורך
אַ סך צייכנס, בעת ער האָט זיך צו זיי באַוויזן
אין מֶשך פֿון פֿערציק טעג, און האָט גערעדט
צו זיי פֿונוועגן דעם מַלכות פֿון גאָט. [4] און בעת
ער איז מיט זיי געווען פֿאַרזאַמלט אינאיינעם,
האָט ער זיי באַפֿוילן ניט אָפּצוקערן פֿון ירוּשָלַיִם,
נייערט צו וואַרטן אויף דער הַבטָחה פֿון דעם
פֿאָטער, פֿון וואָס, האָט ער געזאָגט, איר האָט
געהערט פֿון מיר; [5] וואָרים יוֹחָנָן האָט געטובלט
מיט וואַסער, אָבער איר וועט געטובלט ווערן
מיט דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש בקָרוב, נאָך די דאָזיקע
טעג.

[6] דעריבער, בעת זיי זענען זיך צוזאַמענגעקומען,
האָבן זיי אים געפֿרעגט, אַזוי צו זאָגן: האַר,
וועסטו אין דער איצטיקער צייט ווידער אויפֿריכטן

דאָס מַלכות צו יִשׂרָאֵל? 7 און ער האָט צו זיי געזאָגט: עס איז ניט פֿאַר אײַך צו וויסן די צײַטן, אָדער זמַנים, וואָס דער פֿאָטער האָט באַשטימט אין זײַן אייגענעם רשות. 8 אָבער איר וועט קריגן קראַפֿט, ווען דער רוּחַ־הַקוֹדֶש וועט קומען אויף אײַך; און איר וועט זײַן מײַנע עֵדות אין ירוּשָלַיִם, און אין גאַנץ יהודה, און אין שוֹמרוֹן, און ביז צום סוֹף פֿון דער ערד. 9 און בעת ער האָט דאָס געזאָגט, איז ער פֿאַר זייערע אויגן אַרויפֿגענומען געוואָרן; און אַ וואָלקן האָט אים צוגענומען פֿון זייערע אויגן. 10 און בשַעת זיי האָבן געטאָן קוקן גלײַך צום הימל ווי ער איז אַרויפֿגעגאַנגען, ערשט צוויי מענטשן זענען געשטאַנען לעבן זיי אין ווײַסע קליידער, 11 און האָבן געזאָגט: איר מענטשן פֿון גָליל, פֿאַרוואָס שטייט איר און קוקט צום הימל? דער דאָזיקער יֵשוּעַ, וואָס איז אַרויפֿגענומען געוואָרן פֿון אײַך אין הימל אַרײַן, וועט קומען אויף אַזאַ אוֹפֿן, ווי איר האָט אים געזען גיין אין הימל אַרײַן.

12 דעמאָלט האָבן זיי זיך אומגעקערט קיין ירוּשָלַיִם פֿון דעם באַרג, וואָס הייסט הַר־הַזֵיתים, וואָס איז נאָענט פֿון ירוּשָלַיִם, אַ גאַנג פֿון אַ תּחוּם־שַבּת. 13 און בעת זיי זענען אַרײַנגעקומען, זענען זיי אַרויפֿגעגאַנגען אין דעם אויבערשטן חֶדר אַרײַן, וואו זיי זענען אײַנגעשטאַנען: פּעטרוס און יוֹחָנָן, און יַעקֹב און אַנדריי, פיליפּוס און תּוֹמָא, בַּר־תַּלמַי און מַתּיָא, יַעקֹב בֶּן־חַלפַי, און שִמעוֹן דער קַנָאי, און יהודה בֶּן־יַעקֹב. 14 די אַלע האָבן אינאיינעם כּסֵדר פֿאַרבראַכט אין תּפִילה טאָן, מיט די ווײַבער, און מִריָם, די מוטער פֿון יֵשוּעַן, און מיט זײַנע ברידער.

15 און אין די דאָזיקע טעג איז פּעטרוס אויפֿגעשטאַנען אין דער מיט פֿון די ברידער (און די צאָל פֿון די פֿאַרזאַמלטע איז געווען אַן עֶרך פֿון הונדערט און צוואַנציק מענטשן), און האָט געזאָגט: 16 ברידער, עס איז געווען נייטיק אַז דער פָּסוק זאָל מקוים ווערן, פֿון וואָס דער רוּחַ־הַקוֹדֶש האָט פֿאָרויסגעזאָגט דורך דעם מויל פֿון דָוִדן וועגן יהודהן, וואָס איז געווען דער אָנפֿירער פֿון די, וואָס האָבן געפֿאַנגען גענומען יֵשוּעַן[א]; 17 וואָרים ער איז געווען געציילט צווישן אונדז, און האָט מקַבל געווען זײַן חֵלֶק אין דער דאָזיקער עֲבוֹדה. 18 און ער האָט זיך געקויפֿט אַ פֿעלד מיט דעם שׂכַר פֿון זײַן רִשעות; און ער איז געפֿאַלן אויפֿן קאָפּ, און האָט געפּלאַצט אין צווייען,

א תהלים מא, 10.

און אַלע זײַנע אינגעווײַדן זענען אויסגעגאָסן געוואָרן. 19 און דאָס איז באַקאַנט געוואָרן פֿאַר אַלע באַוואוינער פֿון ירושלים, אַזוי, אַז אין זייער לשון איז דאָס פֿעלד גערופֿן געוואָרן חֲקַל־דְמָא, וואָס איז טײַטש: דאָס פֿעלד פֿון בלוט. 20 וואָרים סע שטייט געשריבן אין דעם סֵפֶר תּהִלים:

זאָל זײַן יִשוּב ווערן פֿאַרוויסט,
און זאָל קיינער דערין ניט וואוינען,
און זײַן אָרט זאָל אַן אַנדערער פֿאַרנעמען א.

21 דעריבער מוז איינער פֿון די מענטשן, וואָס זענען געגאַנגען מיט אונדז די גאַנצע צײַט, בעת דער האַר יֵשוּעַ איז אַרײַנגעגאַנגען און אַרויסגעגאַנגען צווישן אונדז, 22 אָנהייבנדיק פֿון יוֹחָנָנס טבילה, ביז דעם טאָג, ווען ער איז פֿון אונדז אַרויפֿגענומען געוואָרן, — פֿון די דאָזיקע מוז איינער ווערן מיט אונדז אַן עֵדוּת פֿון זײַן תּחִיַת־הַמֵתים. 23 און זיי האָבן אויפֿגעשטעלט צוויי: יוֹספֿן, וועמען מען האָט גערופֿן בַּר־שַׁבָּא, און וואָס האָט געהאַט דעם צונאָמען יוסטוס, און מַתִּיָא. 24 און זיי האָבן מִתפַּלֵל געווען, און געזאָגט: דו, האַר, וואָס ווייסט די הערצער פֿון אַלע מענטשן, ווײַז אָן פֿון די דאָזיקע צוויי דעם, וועמען דו האָסט אויסדערוויילט 25 צו פֿאַרנעמען דעם פּלאַץ פֿון דער דאָזיקער עֲבוֹדה און שליחות, פֿון וועלכער יהודה האָט אָפּגעטראָטן, כּדי ער זאָל גיין צו זײַן אייגענעם אָרט. 26 און זיי האָבן געוואָרפֿן גוֹרל פֿונוועגן זיי, און דער גוֹרל איז געפֿאַלן אויף מַתִּיָאן; און ער איז געציילט געוואָרן מיט די עלף שליחים.

ב און בעת דער טאָג פֿון שבועות האָט געענדיקט, זענען זיי געווען אַלע צוזאַמען אין איין אָרט. 2 און פּלוצים איז געקומען פֿון הימל אַ רַעש ווי דאָס יאָגן פֿון אַ שטאַרקן ווינט, און ער האָט אָנגעפֿילט דאָס גאַנצע הויז, וואו זיי זענען געזעסן. 3 און עס האָבן זיך באַוויזן צו זיי צונגען אַזוי־ווי פֿון פֿייער, וואָס האָבן זיך פֿונאַנדערגעטיילט, און זיי האָבן זיך געזעצט אויף יעדן איינעם פֿון זיי. 4 און זיי זענען אַלע געוואָרן אָנגעפֿילט מיט דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש, און האָבן אָנגעהויבן צו רעדן מיט אַנדערע לשונות, ווי דער גייסט האָט זיי געגעבן צו רעדן.

5 און עס האָבן געוואוינט אין ירושלים ייִדן, יִרְאֵי־שָׁמַיִם, פֿון יעדער אוּמה אונטערן הימל. 6 און ווען דער דאָזיקער רַעש איז געהערט געוואָרן,

א תהלים סט, 26; קט, 8.

איז דאָס פֿאָלק זיך צונויפֿגעלאָפֿן, און איז פֿאַרטומלט געוואָרן, מחמת
יעדער האָט זיי געהערט רעדן אין זײַן אייגענעם לשון. [7] און זיי זענען אַלע
נבֿהל און נשתּומם געוואָרן, און האָבן געזאָגט: זענען ניט אָט־די אַלע, וואָס
רעדן, גליליער? [8] און וויאַזוי הערן מיר זיי, איטלעכן אין אונדזער אייגענעם
לשון, אין וועלכן מיר זענען געבוירן געוואָרן? [9] די פֿון פּרס און מדי, און
עילמער, און די באַוואוינער פֿון אֲרם־נַהֲרַיִם, פֿון יהודה און קאַפּאַדאָקיע,
פֿון פּאָנטוס און אַזיע, [10] פֿון פֿריגיע און פּאַמפֿיליע, פֿון מִצְרַיִם און די
קאַנטן פֿון ליביע אַרום קוריני, און די געקומענע פֿון רוים, ייִדן און גרים,
[11] קרעטער און אַראַבער, מיר הערן זיי רעדן אין אונדזערע לשונות די
וואונדערלעכע מעשׂים פֿון גאָט. [12] און זיי זענען אַלע נבֿהל און נשתּומם
געוואָרן, און האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן: וואָס באַטײַט דאָס דאָזיקע?
[13] נאָר אַנדערע האָבן געשפּעט, און געזאָגט: זיי זענען פֿול מיט זיסן ווײַן.

[14] אָבער פּעטרוס האָט זיך אויפֿגעשטעלט מיט די עלף, און האָט
אויפֿגעהויבן זײַן קול, און צו זיי געזאָגט: מענטשן פֿון יהודה, און איר אַלע,
וואָס וואוינט אין ירושלים, זײַט וויסן אָט־וואָס, און פֿאַרנעמט מײַנע רייד.
[15] וואָרים די דאָזיקע זענען ניט שיכּור, ווי איר מיינט, מחמת עס איז ערשט
די דריטע שעה פֿון טאָג; [16] נאָר דאָס דאָזיקע איז דאָס, וואָס עס איז
געזאָגט געוואָרן דורך יואל הנבֿיא:

[17] און עס וועט זײַן אין די לעצטע טעג, זאָגט גאָט,
וועל איך אויסגיסן מײַן גייסט אויף איטלעכן באַשעפֿעניש,
און אײַערע זין און אײַערע טעכטער וועלן נבֿיאות זאָגן,
און אײַערע בחורים וועלן זען חזיונות,
און אײַערע זקנים וועלן חלומען חלומות;
[18] און אויך אויף מײַנע קנעכט און אויף מײַנע דינסטן
וועל איך אויסגיסן מײַן גייסט אין יענע טעג;
און זיי וועלן נבֿיאות זאָגן.
[19] און איך וועל ווײַזן וואונדער אויבן אין הימל,
און צייכנס אונטן אויף דער ערד,
בלוט, און פֿײַער, און זײַלן רויך.
[20] די זון וועט פֿאַרקערט ווערן אין פֿינצטערניש,
און די לבֿנה אין בלוט,

איידער עס קומט אָן דער טאָג פֿון גאָט,
דער גרויסער און מוֹרָאדיקער טאָג.
21 און עס וועט זײַן,
אַז ווער סע וועט רופֿן דעם נאָמען פֿון גאָט,
וועט נִיצול ווערןא.

22 מענטשן פֿון יִשׂרָאֵל, הערט אויס די דאָזיקע רייד: יֵשוּעַ הַנּוֹצרי, אַ מענטש, באַוויליקט פֿון גאָט פֿאַר אײַך דורך גבוּרוֹת, און וואונדער און צייכנס, וואָס גאָט האָט געטאָן דורך אים אין אײַער מיט, ווי איר ווייסט אַליין. 23 דעם דאָזיקן יֵשוּעַן, וואָס איז איבערגעענטפֿערט געוואָרן דורך דער באַשלאָסענער עֵצה און פֿריערדיק וויסן פֿון גאָט, האָט איר, דורך דער האַנט פֿון רשָעים, געקרייציקט און געהַרגעט. 24 אָבער גאָט האָט אים אויפֿגעוועקט, נאָכדעם ווי ער האָט אויפֿגעלייזט די יסורים פֿון טויט, מַחמת עס איז ניט געווען מעגלעך, אַז ער זאָל פֿון אים געהאַלטן ווערן. 25 וואָרים דָוִד זאָגט פֿונוועגן אים:

איך האָב תָּמיד געזען גאָט פֿאַר מיר,
וואָרים ער איז בײַ מײַן רעכטער האַנט, כּדי איך זאָל ניט פֿאַלן;
26 דעריבער איז מײַן האַרץ געווען פֿריילעך,
און מײַן צונג האָט זיך געפֿרייט;
און מײַן לײַב וועט אויך רוען אין זיכערקייט;
27 וואָרים דו וועסט ניט לאָזן מײַן נֶפֿש אין שאוֹל,
דו וועסט אויך ניט געבן דײַן הייליקן צו זען פֿאַרדאַרבונג.
28 דו האָסט געמאַכט וויסן פֿאַר מיר דעם וועג פֿון לעבן,
דו וועסט מיך זאַט מאַכן מיט פֿרייד פֿאַר דײַן פָּנִיםב.

29 ברידער, איך קאָן אײַך זאָגן אָפֿן פֿונוועגן דעם פֿאָטער דָוִד, אַז ער איז געשטאָרבן, און מע האָט אים באַגראָבן, און זײַן קֶבר איז מיט אונדז ביז אויף הײַנטיקן טאָג. 30 אָבער אַזוי ווי ער איז געווען אַ נָביא, און האָט געוואוסט, אַז גאָט האָט אים צוגעשוואוירן מיט אַ שבועה, אַז פֿון דער פֿרוכט פֿון זײַנע לענדן וועט ער זעצן איינעם אויף זײַן טראָןג, 31 האָט ער פֿאָרויסגעזען און גערעדט פֿון דעם אויפֿשטיין פֿון מָשִׁיחַן, אַז ער וועט ניט איבערגעלאָזט ווערן אין שאוֹל, און אויך וועט זײַן פֿלייש ניט זען קיין

א יואל ג, 1—5. ב תהלים טז, 8—11. ג תהלים פט, 4, 5; שמואל ב׳ ז, 12, 13.

פֿאַרדאַרבונג. [32] דעם דאָזיקן יֵשוּעַ האָט גאָט אױפֿגעװעקט, פֿון װאָס מיר אַלע זענען עֵדוּת. [33] דעריבער, װײַל ער איז דערהױבן צו דער רעכטער האַנט פֿון גאָט, און װײַל ער האָט מְקַבֵּל געװען פֿון דעם פֿאָטער די הַבְטָחָה פֿון דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש, האָט ער אױסגעגאָסן דאָס, װאָס איר זעט און הערט.
[34] װאָרים דָוִד איז ניט אַרױף אין הימל אַרײַן, נייערט ער זאָגט אַלײן:

גאָט האָט געזאָגט צו מײַן האַר:
זעץ דיך בײַ מײַן רעכטער האַנט,
[35] ביז איך װעל מאַכן דײַנע פֿײַנט
אַ פֿוסבענקל פֿאַר דײַנע פֿיס א.

[36] זאָל דעריבער דאָס גאַנצע הױז פֿון יִשְׂרָאֵל װיסן אױף זיכער, אַז גאָט האָט געמאַכט דעם דאָזיקן יֵשוּעַ, װעמען איר האָט געקרײַציקט, פֿאַר אַ האַר און מָשִׁיחַ.

[37] און װי זײ האָבן דאָס געהערט, האָט עס זײ געשטאָכן אין האַרצן, און זײ האָבן געזאָגט צו פּעטרוסן און די איבעריקע פֿון די שְׁלִיחִים: ברידער, װאָס זאָלן מיר טאָן? [38] און פּעטרוס האָט צו זײ געזאָגט: טוט תְּשוּבָה, און זאָל יעדער פֿון אײַך געטוֹבלט װערן אין דעם נאָמען פֿון יֵשוּעַ הַמָּשִׁיחַ פֿאַר דער פֿאַרגעבונג פֿון אײַערע זינד; און איר װעט באַקומען די מַתָּנָה פֿון דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש. [39] װאָרים פֿאַר אײַך איז די הַבְטָחָה, און פֿאַר אײַערע קינדער, און פֿאַר אַלע, װאָס זענען פֿון װײַטן, װאָס גאָט, אונדזער גאָט, װעט רופֿן צו זיך. [40] און מיט אַ סַך אַנדערע רײד האָט ער עֵדוּת געזאָגט און זײ מַזהיר געװען, אַזױ צו זאָגן: זײַט אײַך מַציל פֿון דעם דאָזיקן פֿאַרקרומטן דוֹר. [41] און די, װאָס האָבן אָנגענומען זײַן װאָרט, זענען געטוֹבלט געװאָרן, און עס זענען צוגעקומען יענעם טאָג אַרום דרײַ טױזנט נְפָשוֹת. [42] און זײ האָבן זיך געהאַלטן פֿעסט אין דער לערנונג פֿון די שְׁלִיחִים און אין זײער חַבְרוּתא, אין דעם ברעכן פֿון ברױט און אין תְּפִילוֹת.

[43] און אַן אֵימָה איז געפֿאַלן אױף יעדן נֶפֶש, און אַ סַך צײכנס און װוּנדער זענען געשען דורך די שְׁלִיחִים. [44] און אַלע, װאָס האָבן געגלױבט, זענען געװען צוזאַמען, און האָבן אַלצדינג געהאַט בְּשוּתָפוּת; [45] און זײ האָבן פֿאַרקױפֿט זײער האָב און גוטס, און האָבן עס צעטײלט צו אַלעמען, לױט איטלעכנס באַדערפֿעניש. [46] און פֿון טאָג צו טאָג זענען זײ געװען באַשטענדיק

א תהלים קי, 1.

מיט איין געמיִט אין דעם בֵּית־הַמִקדש, און זיי האָבן געבראָכן ברויט אין די הייזער, און האָבן געגעסן זייער שפּייז מיט פרייליעכקייט און מיט אַן ערליעך האַרץ. 47 און זיי האָבן געלויבט גאָט, און האָבן געפונען חֵן ביים גאַנצן פאָלק. און דער האַר האָט געטאָן מערן צו זיי פון טאָג צו טאָג יענע, וואָס זענען ניצול געוואָרן.

ג און פּעטרוס און יוֹחָנָן זענען צוזאַמען אַרויפגעגאַנגען אין דעם בֵּית־הַמִקדש אַריין צו תּפילת־מִנחה, אין דער ניינטער שָׁעה. 2 און איינער אַ מענטש, וואָס איז געווען לאָם פון זיין מוטערס טראַכט אָן, איז געטראָגן געוואָרן, און מע האָט אים יעדן טאָג געלייגט ביים טויער פון דעם בֵּית־הַמִקדש, וואָס האָט געהייסן דער שיינער טויער, צו בעטן נְדָבות ביי די, וואָס זענען אַריינגעגאַנגען אין דעם בֵּית־הַמִקדש. 3 און אַז ער האָט געזען פּעטרוסן און יוֹחָנָן האַלטן אין אַריינגיין אין דעם בֵּית־הַמִקדש, האָט ער געבעטן אַ נְדָבה. 4 און פּעטרוס און יוֹחָנָן האָבן אים שאַרף אָנגעקוקט, און געזאָגט: קוק אויף אונדז. 5 און ער האָט זיי באַטראַכט, און געהאָפט עפּעס צו באַקומען פון זיי. 6 אָבער פּעטרוס האָט געזאָגט: זילבער און גאָלד האָב איך ניט, נאָר וואָס איך האָב, גיב איך דיר: אין דעם נאָמען פון יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ פון נְצֶרֶת, שטיי אויף און גיי. 7 און ער האָט אים אָנגענומען ביי דער רעכטער האַנט, און האָט אים אויפגעשטעלט; און תֵּיכף זענען זיינע פיס און קנעכלעך געשטאַרקט געוואָרן. 8 און ער איז אויפגעשפּרונגען און איז געשטאַנען, און האָט אָנגעהויבן צו גיין; און ער איז אַריַינגעגאַנגען מיט זיי אין דעם בֵּית־הַמִקדש, איז געגאַנגען און געשפּרונגען, און האָט געלויבט גאָט. 9 און דאָס גאַנצע פאָלק האָט אים געזען גיין און לויבן גאָט. 10 און זיי האָבן דערקענט אין אים, אַז דאָס איז דער, וואָס איז געזעסן און געבעטן נְדָבות ביים שיינעם טויער פון דעם בֵּית־הַמִקדש; און זיי זענען געוואָרן פול מיט שטוינען און פאַרוואונדערונג איבער דעם, וואָס מיט אים איז געשען.

11 און בעת ער האָט זיך געהאַלטן אין פּעטרוסן און יוֹחָנָן, איז זיך דאָס גאַנצע פאָלק צוזאַמענגעלאָפן צו זיי אין דעם פּאָליש, וואָס האָט געהייסן שלמהס פּאָליש, און זיי האָבן זיך שטאַרק געחידושט. 12 און אַז פּעטרוס האָט דאָס געזען, האָט ער זיך אָפּגערופן צום פאָלק: איר מענטשן

פון יִשׂרָאֵל, וואָס חידושט איר זיך איבער דעם דאָזיקן, אָדער וואָס קוקט איר אונדז אַזוי אָן, גלייך ווי מיר וואָלטן דורך אונדזער אייגענעם כּוח אָדער פרומקייט אים געמאַכט גיין? [13] דער גאָט פון אַבְרָהָם, און פון יִצְחָק, און פון יַעקב, דער גאָט פון אונדזערע אָבות האָט געאַכפּערט זיין קנעכט יֵשוּעַ, וועמען איר האָט איבערגעענטפערט, און פאַרלייקנט פאַר פּילאַטוסן, ווען ער האָט בדֵעה געהאַט אים צו לאָזן פריי. [14] איר אָבער האָט פאַרלייקנט דעם קָדוש און צַדיק, און האָט געבעטן, מע זאָל אייך באַווילִיקן אַ רוֹצֵחַ, [15] און האָט געטייט דעם שַׂר פון לעבן, וועמען גאָט האָט מחַיֵה־מֵתים געווען; פון וואָס מיר זענען עֵדות. [16] און דורך דער אֱמונה אין זיין נאָמען, האָט זיין נאָמען דעם דאָזיקן מענטשן, וועמען איר זעט און קענט, שטאַרק געמאַכט; און די אֱמונה, וואָס קומט דורך אים, האָט אים געגעבן די דאָזיקע רפואה־שלֵימה פאַר אייער אַלעמענס אויגן.

[17] און איצט, ברידער, איך ווייס, אַז איר האָט דאָס געטאָן אומוויסנדיק, פּונקט ווי אייערע שָׂרים. [18] אָבער וואָס גאָט האָט פאָרויסגעזאָגט דורך דעם מויל פון אַלע נביאים, אַז זיין מָשִיחַ וועט ליידן, האָט ער אַזוי אַרום ממַלא געווען. [19] דעריבער טוט תשובה, און קערט אייך אום פון אייערע וועגן, כּדי אייערע זינד זאָלן אויסגעמעקט ווערן, און עס זאָלן קומען צייטן פון דערקוויקונג פון פאַר גאָט, [20] און כּדי ער זאָל שיקן דעם מָשִיחַ, וואָס איז פאַר אייך באַשטימט געוואָרן, יֵשוּעַן, [21] וועמען דער הימל מוז מקַבל זיין, ביז די צייטן, ווען סע וועט אויפגעריכט ווערן אַלצדינג, פון וואָס גאָט האָט גערעדט דורך דעם מויל פון זיינע הייליקע נבִיאים פון אַמאָל. [22] משה האָט אויך געזאָגט: אַ נָביא וועט גאָט דיין האַר אויפשטעלן פאַר אייך פון צווישן אייערע ברידער, גלייך צו מיר; צו אים זאָלט איר זיך צוהערן אין אַלצדינג, וואָס ער וועט צו אייך רעדן. [23] און סע וועט זיין, אַז יעדע זעל, וואָס וועט זיך ניט צוהערן צו דעם דאָזיקן נָביא, וועט פאַרשניטן ווערן פון צווישן דעם פאָלקא. [24] און אַלע נבִיאים פון שמואֵלן אָן, און די, וואָס זענען געווען נאָך אים, זיי האָבן אַלע גערעדט פון די דאָזיקע טעג. [25] איר זענט די קינדער פון די נבִיאים, און פון דעם בונד, וואָס גאָט האָט געמאַכט מיט אייערע אָבות, בעת ער האָט געזאָגט צו אַבְרָהָמען: און אין דיין זאָמען וועלן זיין געבענטשט אַלע מִשפָּחות פון דער ערדב. [26] פאַר אייך קודם האָט גאָט

א דברים יח, 15, 19. ב בראשית כב, 18.

אויפגעשטעלט זיין קנעכט, און אים געשיקט אייך צו בענטשן, און אָפּקערן יעדן איינעם פון אייך פון אייערע שלעכטע מַעשׂים.

ד און בעת זיי האָבן גערעדט צום פאָלק, זענען אויפגעשטאַנען אויף זיי די כֹּהנים און דער הויפּטמאַן פון דעם בֵּית־הַמִקדש און די צדוקים, [2] וואָרים סע האָט זיי שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס זיי האָבן געלערנט דאָס פאָלק, און געטאָן אָנזאָגן דורך יֵשוּעַ תּחִיַת־הַמֵתים. [3] און זיי האָבן אויס־געשטרעקט אויף זיי זייערע הענט, און האָבן זיי אַריַינגעזעצט אין געפענקעניש ביז מאָרגן, וואָרים עס איז שוין געווען אָוונט. [4] אָבער אַ סַך פון די, וואָס האָבן געהערט דאָס וואָרט, האָבן געגלויבט; און די צאָל פון די מענטשן האָט געגרייכט ביז אַרום פינף טויזנט.

[5] און עס איז געווען אויף מאָרגן, אַז זייערע שָׂרים, און זקֵנים, און סופרים, האָבן זיך פאַרזאַמלט אין ירושָלַיִם, [6] און חָנָן, דער כֹּהן־גָדול, איז דאָרט געווען, און קַיָפָא און יוֹחָנָן און אַלֶכּסַנדר, און אַלע, וואָס זענען געווען פון כֹּהן־גָדולס מִשפָּחה. [7] און אַז זיי האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אין דער מיט, האָבן זיי זיי געפרעגט: מיט וואָסער כּוח, אָדער אין וואָסער נאָמען, האָט איר דאָס געטאָן? [8] דעמאָלט האָט פּעטרוס, פול מיט דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש, צו זיי געזאָגט: הערט מיך אויס, איר שָׂרים פון דעם פאָלק, און איר זקֵנים; [9] אויב מיר ווערן היינט אויסגעפאָרשט וועגן דער טוֹבה, וואָס מיר האָבן געטאָן דעם חולה, דורך וואָס ער איז געהיילט געוואָרן, [10] זאָל דאָס זיין באַקאַנט פאַר אייך אַלע, און פאַר דעם גאַנצן פאָלק יִשׂרָאל, אַז אין דעם נאָמען פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ פון נצֶרת, וועמען איר האָט געקרייציקט, און וועמען גאָט האָט מחַיֵה־מֵתים געווען, אַז דורך אים טוט דער דאָזיקער מענטש דאָ שטיין פאַר אייך געזונט. [11] דאָס איז דער שטיין, וואָס איז פון אייך בוימיַינסטער פאַרוואָרפן געוואָרן, און וואָס איז געוואָרן צום ווינקל־שטייןא. [12] און עס איז ניטאָ אין קיין שום אַנדערן קיין ישועה, וואָרים עס איז אויך ניטאָ אונטער דעם הימל קיין אַנדערער נאָמען, וואָס איז געגעבן געוואָרן צווישן מענטשן, וואָס אין אים זאָלן מיר געראַטעוועט ווערן.

[13] און אַז זיי האָבן געזען די מוטיקייט פון פּעטרוסן און יוֹחָנָן, און האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען געווען ניט קיין געלערנטע, נייערט פּראָסטע מענטשן, זענען זיי נִשתּוֹמם געוואָרן; און זיי האָבן דערקענט, אַז זיי זענען

א תהלים קיח, 22.

געווען מיט יֵשוּעַן. [14] און בעת זיי האָבן געזען דעם מענטשן, וואָס איז געהיילט געוואָרן, שטיין מיט זיי, האָבן זיי גאָרניט געקאָנט זאָגן אַנטקעגן דעם. [15] זיי האָבן זיי אָבער באַפֿוילן אַרויסצוגיין מחוץ דעם סַנהֶדרין, און האָבן זיך מיַיעץ געווען צווישן זיך, [16] און געזאָגט: וואָס זאָלן מיר טאָן מיט די דאָזיקע מענטשן? וואָרים אַז אַ גרויסער נֵס איז דורך זיי געטאָן געוואָרן, איז קלאָר פֿאַר אַלע, וואָס וואוינען אין ירושָלַיִם, און מיר קענען דאָס ניט פֿאַרלייקענען. [17] אָבער כּדי דאָס זאָל זיך ניט ווייטער פֿאַרשפּרייטן צווישן דעם פֿאָלק, לאָמיר זיי וואָרענען, פֿון איצט־אָן מער ניט צו רעדן צו קיינעם אין דעם דאָזיקן נאָמען. [18] און זיי האָבן זיי גערופֿן, און באַפֿוילן, בִּכלָל ניט צו רעדן, אָדער צו לערנען אין דעם נאָמען פֿון יֵשוּעַן. [19] אָבער פּעטרוס און יוֹחָנָן האָבן זיי געענטפֿערט: צי עס איז רעכט אין די אויגן פֿון גאָט, מיר זאָלן אייך מער געהאָרכן ווי גאָט, מִשפּט איר אַליין; [20] וואָרים מיר קענען ניט אַנדערש, נייערט נאָר רעדן פֿון דעם, וואָס מיר האָבן געזען און געהערט. [21] און זיי האָבן זיי ווייטער געוואָרנט, און האָבן זיי אָפּגעלאָזט, ווייל זיי האָבן גאָרניט געפֿונען וויאַזוי זיי צו באַשטראָפֿן, צוליב דעם פֿאָלק; וואָרים אַלע האָבן געלויבט גאָט פֿאַר דעם, וואָס עס איז געשען. [22] וואָרים דער מענטש, וואָס מיט אים איז געטאָן געוואָרן דער נֵס פֿון היילן, איז אַלט געווען מער ווי פֿערציק יאָר.

[23] און אַז מען האָט זיי אָפּגעלאָזט, זענען זיי געגאַנגען צו זייערע פֿריינט, און האָבן דערציילט אַלצדינג, וואָס די ראָשי־כֹּהֲנים און די זְקֵנים האָבן צו זיי געזאָגט. [24] און בעת זיי האָבן דאָס געהערט, האָבן זיי אַלע צוזאַמען אויפֿגעהויבן זייער קול צו גאָט, און האָבן געזאָגט: אָ גאָט, וואָס האָסט געמאַכט דעם הימל און די ערד און דעם יָם, און אַלצדינג, וואָס סע געפֿינט זיך אין זיי; [25] און וואָס דורך דעם מויל פֿון אונדזער פֿאָטער דָוִד, דיין קנעכט, האָסטו געזאָגט דורך דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש:

פֿאַרוואָס ליאַרעמען די פֿעלקער,
און די אומות טראַכטן ליידיקייטן?
[26] די מלָכים פֿון דער ערד שטעלן זיך אויף,
און די פֿירשטן עֵצהן זיך אינאיינעם
קעגן גאָט און קעגן זיין געזאַלבטןא.

א תהלים ב, 1, 2.

[27] וואָרים פֿאַרוואָר, אין דער דאָזיקער שטאָט האָבן זיך פֿאַרזאַמלט קעגן דיין הייליקן קנעכט יֵשוּעַ, וועמען דו האָסט געזאַלבט, הורדוס און פּאָנטיִוס פּילאַטוס מיט די גוֹיִים און דיין פֿאָלק יִשׂרָאֵל, [28] צו טאָן וואָס דיין האַנט און דיין עֵצָה האָבן פֿאָרויס גוֹזר געווען, סע זאָל געשען. [29] און איצט, האַר, קוק אויף זייערע וואָרענונגען, און באַוויליק פֿאַר דיינע קנעכט צו רעדן דיין וואָרט מיט דער גאַנצער מוטיקייט, [30] בעת דו טוסט אויסשטרעקן דיין האַנט צו היילן, און כּדי צייכנס און וואונדער זאָלן געטאָן ווערן דורך דעם נאָמען פֿון דיין הייליקן קנעכט יֵשוּעַ. [31] און נאָכדעם ווי זיי האָבן מִתפּלֵל געווען, האָט אויפֿגעציטערט דאָס אָרט, אין וועלכן זיי זענען געווען פֿאַר־זאַמלט; און זיי זענען אַלע געוואָרן פֿול מיט דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש, און זיי האָבן גערעדט דאָס וואָרט פֿון גאָט מיט מוטיקייט.

[32] און די עֵדָה פֿון די מַאמינים זענען געווען ווי פֿון איין האַרץ און נשָמה; און קיין איינציקער פֿון זיי האָט ניט געזאָגט, אַז עפּעס פֿון די זאַכן, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט, איז זיין אייגנס, נייערט זיי האָבן געהאַט אַלצדינג בשותּפֿות. [33] און מיט גרויס מאַכט האָבן די שלִיחים עֵדות געזאָגט אויף דעם אויפֿשטיין פֿון דעם האַר יֵשוּעַ; און גרויס חֶסֶד איז געווען אויף זיי אַלע. [34] און עס איז אויך ניט געווען צווישן זיי קיינער, וואָס איז געווען נויטבאַדערפֿטיק; וואָרים וויפֿל עס זענען געווען באַזיצערס פֿון לאַנד און הייזער, האָבן דאָס פֿאַרקויפֿט, און האָבן געבראַכט די הַכנָסה פֿון דעם, וואָס איז פֿאַרקויפֿט געוואָרן, [35] און האָבן דאָס אַוועקגעלייגט צו די פֿיס פֿון די שלִיחים; און יעדן איינעם איז פֿונאַנדערגעטיילט געוואָרן, לויט ווי יעטווידער האָט נייטיק געהאַט.

[36] און יוסף, וואָס איז פֿון די שלִיחים גערופֿן געוואָרן מיט דעם צונאָמען בַּר־נַבָּא (וואָס איז טײַטש: זון פֿון טרייסט), אַ לֵוִי, וואָס האָט געשטאַמט פֿון קיפּרוס, [37] האָט פֿאַרקויפֿט אַ פֿעלד, וואָס האָט באַלאַנגט צו אים, און האָט געבראַכט דאָס געלט, און עס געלייגט צו די פֿיס פֿון די שלִיחים.

ה אָבער איינער אַ מאַן מיט דעם נאָמען חֲנַנְיָה, מיט זיין ווייב שַׁפִּירָה, האָבן פֿאַרקויפֿט אַן אַרבּטייל, [2] און מיט זיין ווייבס וויסן האָט ער באַהאַלטן אַ טייל פֿון דער הַכנָסה, און ער האָט געבראַכט בלויז אַ חֵלֶק, און האָט אים געלייגט צו די פֿיס פֿון די שלִיחים. [3] און פּעטרוס האָט געזאָגט: חֲנַנְיָה, פֿאַרוואָס האָט דער שָׂטָן אָנגעפֿילט דיין האַרץ צו לייקענען פֿאַר דעם רוּחַ־

הַקוֹדֶש, און צו באַהאַלטן אַ חֵלֶק פֿון דער הַכנָסה פֿון דעם פֿעלד? 4 בעת עס איז געבליבן ניט פֿאַרקויפֿט, איז עס דען ניט געווען דײַן אײגנס? און נאָכדעם ווי עס איז פֿאַרקויפֿט געוואָרן, איז עס דען ניט געווען אין דײַן רשות? ווי קומט עס, וואָס דו האָסט פֿאַרטראַכט די דאָזיקע זאַך אין דײַן האַרצן? ניט פֿאַר מענטשן האָסטו געלײקנט, נײַערט פֿאַר גאָט. 5 און אַז חֲנַנִיָה האָט געהערט די דאָזיקע רײד, איז ער אַנידערגעפֿאַלן, און איז אויסגעגאַנגען. און אַ גרויסע אֵימה איז געפֿאַלן אויף אַלע, וואָס האָבן דאָס געהערט. 6 און די יונגעלײט זענען אויפֿגעשטאַנען און האָבן אים אַרומגעוויקלט, און זײ האָבן אים אַרויסגעטראָגן, און אים מְקַבר געווען.

7 און אין דרײ שָעה אַרום איז זײַן ווײַב אַרײַנגעקומען, און זי האָט ניט געוואוסט, וואָס דאָ איז געשען. 8 און פּעטרוס האָט צו איר געזאָגט: זאָג מיר, צי האָט איר פֿאַרקויפֿט דאָס פֿעלד פֿאַר אַזויפֿיל און אַזויפֿיל? און זי האָט געזאָגט: יאָ, פֿאַר אַזויפֿיל און אַזויפֿיל. 9 האָט פּעטרוס צו איר געזאָגט: ווי קומט עס, וואָס איר האָט אָפּגעמאַכט אײנאײנעם צו פּרואוון דעם גײסט פֿון גאָט? זע, די פֿיס פֿון די, וואָס האָבן מְקַבר געווען דײַן מאַן, זענען בײַ דער טיר, און זײ וועלן דיך אַרויסטראָגן. 10 און זי איז פּלוצים אַנידערגעפֿאַלן צו זײַנע פֿיס, און איז אויסגעגאַנגען. און די יונגעלײט זענען אַרײַנגעקומען, און האָבן זי געפֿונען אַ טויטע, און זײ האָבן זי אַרויסגעטראָגן, און זי מְקַבר געווען לעבן איר מאַן. 11 און אַ גרויסע אֵימה איז געפֿאַלן אויף גאַנץ קָהָל, און אויף אַלע, וואָס האָבן דאָס געהערט.

12 און דורך די הענט פֿון די שליחים זענען אַ סך צײכנס און וואונדער געטאָן געוואָרן צווישן דעם פֿאָלק. און זײ זענען אַלע געווען צוזאַמען אין שלמהס פֿאָליש. 13 אָבער פֿון די איבעריקע האָט זיך קײנער ניט דערוועגט צו באַהעפֿטן אין זײ; נאָר דאָס פֿאָלק האָט זײ שטאַרק געשאַצט. 14 און אַ סך מַאמינים זענען צוגעשטאַנען צו דעם האַר, אַ גרויסער עולם פֿון מענער און פֿון פֿרויען; 15 אַזוי, אַז זײ האָבן אַפֿילו די קראַנקע אַרויסגעטראָגן אין די גאַסן אַרויס, און האָבן זײ געלײגט אויף בעטן און געלעגערס, כּדי, ווען פּעטרוס וועט פֿאַרבײַגײן, זאָל כאָטש זײַן שאָטן פֿאַלן אויף עמיצן פֿון זײ. 16 און עס איז זיך אויך צוזאַמענגעקומען דאָס פֿאָלק פֿון די שטעט אַרום ירושָלַיִם, און זײ האָבן געבראַכט די קראַנקע, און די, וואָס זענען געווען געפּלאָגט מיט אומרײנע גײַסטער, און זײ זענען אַלע געהײלט געוואָרן.

[17]און דער כּהן־גָדול איז אויפֿגעשטאַנען, און די אַלע, וואָס זענען
געווען מיט אים, דאָס איז, די כּיתּה פֿון די צדוקים, און זיי זענען געוואָרן
מָלא קִנאה, [18]און זיי האָבן געלייגט הענט אויף די שליחים, און האָבן זיי
אַרײַנגעזעצט אין דער שטאָטישער תּפֿיסה. [19]אָבער אַ מַלאך פֿון גאָט האָט
ביינאַכט געעפֿנט די טירן פֿון דער תּפֿיסה, און האָט זיי אַרויסגעבראַכט,
און געזאָגט: [20]גייט און שטעלט זיך אַוועק אין דעם בֵּית־הַמִקדש, און רעדט
פֿאַר דעם פֿאָלק די אַלע רייד פֿון דעם דאָזיקן לעבן. [21]און אַז זיי האָבן
דאָס געהערט, זענען זיי אין דער פֿרי אַרײַנגעגאַנגען אין דעם בֵּית־הַמִקדש,
און האָבן געלערנט.

און אַז דער כּהן־גָדול איז געקומען, און די, וואָס זענען געווען מיט
אים, האָבן זיי צונויפֿגערופֿן דעם סַנהֶדרין, און אַלע זְקֵנים פֿון די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל,
און האָבן געשיקט אין דער תּפֿיסה, מען זאָל זיי ברענגען. [22]און אַז די
באַדינער זענען געקומען, האָבן זיי זיי ניט געפֿונען אין דער תּפֿיסה, און זיי
האָבן זיך אומגעקערט, און האָבן דערציילט, [23]אַזוי צו זאָגן: מיר האָבן
געפֿונען די תּפֿיסה פֿעסט פֿאַרשלאָסן, און די שומרים שטיין ביי די טירן;
אָבער ווען מיר האָבן זי אויפֿגעעפֿנט, האָבן מיר קיינעם ניט געפֿונען דרינען.
[24]און אַז דער הויפּטמאַן פֿון דעם בֵּית־הַמִקדש און די ראָשי־כֹּהֲנים האָבן
געהערט די דאָזיקע רייד, האָבן זיי זיך שטאַרק דערשראָקן איבער זיי, און
האָבן זיך געוואונדערט, וואָס פֿון דעם קען ווערן. [25]און אָט איז געקומען
איינער, און האָט זיי דערציילט: די מענטשן, וועמען איר האָט אַרײַנגעזעצט
אין דער תּפֿיסה, שטייען אין דעם בֵּית־הַמִקדש און לערנען דאָס פֿאָלק.
[26]דעמאָלט איז געגאַנגען דער הויפּטמאַן מיט די באַדינער און האָט זיי
געבראַכט, אָבער אָן געוואַלט, וואָרים זיי האָבן מורא געהאַט פֿאַר דעם
פֿאָלק, טאָמער וועלן זיי פֿאַרשטיינט ווערן.
[27]און אַז זיי האָבן זיי געבראַכט, האָבן זיי זיי אַוועקגעשטעלט פֿאַר
דעם סַנהֶדרין. און דער כּהן־גָדול האָט זיי געפֿרעגט, [28]אַזוי צו זאָגן: מיר
האָבן אייך בפֵירוש באַפֿוילן, ניט צו לערנען אין דעם דאָזיקן נאָמען; און
אָט האָט איר אָנגעפֿילט ירושָלַיִם מיט אייער לערנונג, און איר ווילט אויף
אונדז ברענגען דאָס בלוט פֿון דעם דאָזיקן מאַן. [29]אָבער פּעטרוס און
די שליחים האָבן געענטפֿערט, און געזאָגט: מיר מוזן ליבערשט געהאָרכן

גאָט, איידער מענטשן. [30] דער גאָט פון אונדזערע אָבות האָט אויפגעוועקט יֵשוּעַן, וועמען איר האָט אומגעבראַכט, און אויפגעהאָנגען אויף אַ בוים. [31] אים האָט גאָט דערהייכט מיט זיין רעכטער האַנט, צו זיין אַ שַׂר און אַ גוֹאֵל, צו געבן צו יִשׂרָאֵל תּשובה און פאַרגעבונג אויף די זינד. [32] און מיר זענען עֵדוּת פון די דאָזיקע זאַכן, און אַזוי איז דער רוּחַ־הַקוֹדֶש, וועמען גאָט האָט געגעבן צו די, וואָס געהאָרכן אים.

[33] און אַז זיי האָבן דאָס געהערט, האָט עס זיי געשניטן ביים האַרצן, און זיי האָבן בַּדֵעה געהאַט זיי צו הַרגענען. [34] דעמאָלט איז אויפגעשטאַנען איינער אין דעם סַנהֶדרין, אַ פּרושי, וואָס האָט געהייסן גַמלִיאֵל, אַ תַּלמיד־חָכם, וועמען דאָס גאַנצע פאָלק האָט געהאַלטן בּכָבוד, און האָט באַפוילן אַרויסצופירן אויף אַ ווײַלע די דאָזיקע לײַט. [35] און ער האָט צו זיי געזאָגט: מענטשן פון יִשׂרָאֵל, גיט אַכטונג וויאַזוי איר זענט זיך נוֹהג מיט די דאָזיקע מענטשן. [36] וואָרים פאַר די דאָזיקע טעג איז אויפגעשטאַנען תּוֹדָס, און האָט זיך אַרויסגעגעבן פאַר עפּעס וויכטיק, אין וועמען סע האָבן זיך באַהעפט אַ צאָל מענטשן, אַן עֵרֶך פון פיר הונדערט; אָבער ער איז געהַרגעט געוואָרן, און אַלע, וואָס זענען אים נאָכגעגאַנגען, זענען צעשפּרייט און צונישט געוואָרן. [37] און נאָך אים איז אויפגעשטאַנען יהודה הַגלִילִי, אין די טעג פון דער פאַרשרײַבונג, און האָט פאַרפירט אַ סַך פאָלק נאָך זיך; אויך ער איז אומגעקומען, און אַלע, וואָס זענען אים נאָכגעגאַנגען, זענען צעשפּרייט געוואָרן. [38] און איצט זאָג איך אייך, האַלט זיך אָפּ פון די דאָזיקע מענטשן, און לאָזט זיי געמאַך; וואָרים אויב די דאָזיקע עֵצה, אָדער די זאַך, איז פון מענטשן, וועט עס צונישט ווערן; [39] נאָר אויב עס איז פון גאָט, וועט איר זיי ניט קענען אומברענגען. איר קאָנט זיך נאָך געפינען אין אַ מִלחָמה־קעגן גאָט!

[40] און זיי האָבן אים געפאָלגט, און געלאָזט רופן די שליחים, און האָבן זיי געגעבן מַלקות, און זיי באַפוילן ניט צו רעדן אין דעם נאָמען פון יֵשוּעַן, און האָבן זיי אָפּגעלאָזט. [41] און זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון פאַר דעם סַנהֶדרין, און האָבן זיך געפרייט, וואָס זיי האָבן זוֹכה געווען צו ליידן אומכָּבוד צוליב דעם נאָמען. [42] און זיי האָבן ניט אויפגעהערט אַלע טאָג אין דעם בֵּית־הַמִקדָש, און אין די הייזער, צו לערנען און אָנצוזאָגן די בשורה פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.

ו און אין די דאָזיקע טעג, בעת די צאָל פֿון די תּלמידים האָט זיך געטאָן פֿאַרמערן, האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ געמורמל מצד די גריכן אַנטקעגן די עבֿרים, מחמת זייערע אַלמנות זענען פֿאַרוואָרלאָזט געוואָרן אין דער טעגלעכער באַדערפֿעניש. [2] און די צוועלף האָבן צו זיך גערופֿן די עדה פֿון די תּלמידים, און האָבן געזאָגט: עס איז ניט רעכט, אַז מיר זאָלן פֿאַרלאָזן דאָס וואָרט פֿון גאָט, און דינען בײַ טישן. [3] בכן, ברידער, זוכט אויס פֿון צווישן אײַך זיבן מענטשן, וואָס האָבן אַ גוטן שם, פֿול מיט דעם רוח־הקודש און מיט חכמה, וועמען מיר זאָלן זעצן איבער דעם דאָזיקן ענין. [4] און מיר וועלן זיך עוסק זײַן אין תּפֿילה און אין דער עבֿודה פֿון דעם וואָרט. [5] און די דאָזיקע רייד זענען וואוילגעפֿעלן געוואָרן דער גאַנצער עדה, און זיי האָבן אויסדערוויילט סטעפֿאַנוסן, אַ מענטשן פֿול מיט אמונה און מיט דעם רוח־הקודש, און פֿיליפּוסן, און פּראָכאָרוסן, און ניקאַנאָרן, און טימאָנען, און פּאַרמענאַסן, און ניקאָלאַסן, אַ גר פֿון אַנטיאָכיע. [6] די דאָזיקע האָבן זיי געשטעלט פֿאַר די שליחים, און האָבן מתפּלל געווען, און האָבן אויף זיי אַרויפֿגעלייגט זייערע הענט.

[7] און דאָס וואָרט פֿון גאָט איז געוואַקסן, און די צאָל פֿון די תּלמידים האָט זיך שטאַרק פֿאַרמערט אין ירושלים; און אַ סך פֿון די כּהנים זענען געווען געהאָרכזאַם דער אמונה.

[8] און סטעפֿאַנוס, פֿול מיט חסד און גבֿורה, האָט געטאָן גרויסע צייכנס און וואונדער צווישן דעם פֿאָלק. [9] אָבער עס זענען אויפֿגעשטאַנען עטלעכע מענטשן פֿון דעם בית־הכּנסת, וואָס האָט געהייסן דאָס בית־הכּנסת פֿון די ליבערטינער, און אויך פֿון די קירעניער, און אַלעקסאַנדריער, פֿון די פֿון קיליקיע און אַזיע, און האָבן זיך מתווכּח געווען מיט סטעפֿאַנוסן. [10] און זיי האָבן ניט געקענט אַקעגנשטיין די חכמה און דעם גייסט דורך וועלכן ער האָט גערעדט. [11] דערנאָך האָבן זיי באַשטאָכן מענטשן, וואָס האָבן געזאָגט: מיר האָבן אים געהערט רעדן לעסטערנדיקע רייד אַנטקעגן משהן און אַנטקעגן גאָט. [12] און זיי האָבן אויפֿגעהעצט דאָס פֿאָלק, און די זקנים, און די סופֿרים, און זענען געקומען אויף אים, און האָבן אים געכאַפּט, און אים געבראַכט פֿאַר דעם סנהדרין; [13] און זיי האָבן אויפֿגעשטעלט פֿאַלשע עדות, וואָס האָבן געזאָגט: דער דאָזיקער מענטש הערט ניט אויף צו רעדן קעגן דעם דאָזיקן מקום־קדוש און דער תּורה. [14] וואָרים מיר האָבן אים געהערט

זאָגן, אַז דער דאָזיקער יֵשוּעַ הַנוֹצרי וועט חָרוב מאַכן דאָס דאָזיקע אָרט, און וועט ענדערן די חוקים, וואָס משה האָט אונדז איבערגעגעבן. [15] און אַלע, וואָס זענען געזעסן אין דעם סַנהֶדרין, האָבן באַהעפֿט זייערע אויגן אָן אים, און האָבן געזען זיין פָּנים ווי סע וואָלט געווען דאָס פָּנים פֿון אַ מַלאך.

ז און דער כֹּהן־גָדול האָט געזאָגט: איז דאָס טאַקע אַזוי? [2] און ער האָט געזאָגט:

ברידער און פֿאָטערס, הערט מיך אויס. דער גאָט פֿון פּראַכט האָט זיך אַנטפּלעקט צו אַבְרָהם אָבִינו, בעת ער איז געווען אין אֲרַם־נַהֲרַיִם, איידער ער האָט געוואוינט אין חָרָן, [3] און האָט צו אים געזאָגט: גיי דיר אַרויס פֿון דיין לאַנד, און פֿון דיין אָפּשטאַם, און קום אין דעם לאַנד אַריין, וואָס איך וועל דיר ווייזן. [4] און ער איז אַרויסגעגאַנגען פֿון דעם לאַנד פֿון די כַּשׂדים, און האָט זיך באַזעצט אין חָרָן. און נאָכדעם ווי זיין פֿאָטער איז געשטאָרבן, האָט ער אים אַריבערגעפֿירט אין דעם דאָזיקן לאַנד אַריין, אין וועלכן איר וואוינט אַצינדער; [5] און ער האָט אים ניט געגעבן אין אים קיין אַרבטייל, ניט אַפֿילו אַ שפּאַן פֿון אַ פֿוסטריט, און ער האָט מַבטיחַ געווען, אַז ער וועט עס אים געבן פֿאַר אַן אַרבטייל, און צו זיין זאָמען נאָך אים, הַגַם ער האָט ניט געהאַט קיין קינד. [6] און גאָט האָט אַזוי גערעדט, אַז זיין זאָמען וועט וואוינען אין אַ פֿרעמד לאַנד, און מע וועט זיי פֿאַרקנעכטן, און זיי פּייַניקן פֿיר הונדערט יאָר. [7] און דאָס פֿאָלק, וואָס זיי וועלן דינען, וועל איך מְשַפּטן, זאָגט גאָט; און דערנאָך וועלן זיי אַרויסגיין און מיך דינען אין דעם דאָזיקן אָרט. [8] און ער האָט אים געגעבן דעם בונד פֿון מִילה. און אַזוי האָט אַבְרָהם געבוירן יִצחָקן, און האָט אים מַל געווען דעם אַכטן טאָג; און יִצחָק האָט געבוירן יַעקֹבן, און יַעקֹב די צוועלף אָבות.

[9] און די אָבות האָבן מקַנא געווען יוספֿן, און האָבן אים פֿאַרקויפֿט קיין מִצרַיִם; אָבער גאָט איז געווען מיט אים, [10] און האָט אים מַציל געווען פֿון אַלע זיינע צָרות, און האָט אים געגעבן חֵן און חָכמה פֿאַר פַּרעהן, דעם מֶלך פֿון מִצרַיִם, וואָס האָט אים געמאַכט פֿאַר אַ געוועלטיקער איבער מִצרַיִם און איבער זיין גאַנצן הויז. [11] און עס איז געקומען אַ הונגער איבער גאַנץ מִצרַיִם און כּנַעַן, און אַ גרויסע צָרה; און אונדזערע אָבות האָבן ניט געפֿונען קיין שפּייז. [12] אָבער אַז יַעקֹב האָט געהערט, אַז עס איז דאָ תּבוּאה

אין מִצרַיִם, האָט ער אַרויסגעשיקט אונדזערע אָבות דאָס ערשטע מאָל. [13] און ביים צווייטן מאָל האָט זיך יוסף געלאָזט דערקענען צו זיינע ברידער, און יוספס מִשפָּחה איז באַקענט געוואָרן פאַר פַּרעהן. [14] און יוסף האָט געשיקט און האָט צו זיך גערופן יַעקבן זיין פאָטער, און זיין גאַנצע מִשפָּחה, פינף און זיבעציק נפָשות. [15] און יַעקב האָט אַראָפּגענידערט קיין מִצרַיִם, און ער איז געשטאָרבן, ער און אונדזערע שטאַמפאָטערס. [16] און זיי זענען אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין שכֶם, און געלייגט געוואָרן אין דעם קֶבר, וואָס אַברָהם האָט געקויפט פאַר אַ מֶקח אין זילבער פון די זין פון חַמור אין שכֶם.

[17] אָבער בעת סע האָט גענעענט די צייט פון דער הַבטָחה, וואָס גאָט האָט געשוואוירן צו אַברָהמען, איז דאָס פאָלק געוואַקסן און האָט זיך געמערט אין מִצרַיִם, [18] ביז עס איז אויפגעשטאַנען אַן אַנדערער מֶלך איבער מִצרַיִם, וואָס האָט ניט געקענט יוספן. [19] און דער דאָזיקער האָט זיך געקליגט קעגן אונדזער שטאַם, און האָט שלעכטס געטאָן אונדזערע אָבות, און זיי גענייט אַרויסצוואַרפן זייערע קליינע קינדער, כּדי זיי זאָלן ניט בלייבן לעבן. [20] אין יענער צייט איז געבוירן געוואָרן משה, און ער איז געווען שיין אין די אויגן פון גאָט; און ער איז גענערט געוואָרן דריי חֳדָשים אין זיין פאָטערס הויז. [21] און בעת ער איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן, האָט אים פַּרעהס טאָכטער גענומען, און האָט אים דערצויגן פאַר איר אייגענעם זון. [22] און משה איז געווען געלערנט אין דער גאַנצער חָכמה פון די מִצרִים; און ער איז געווען מעכטיק אין זיינע רייד און מַעשׂים.

[23] און ווען ער איז אַלט געוואָרן פערציק יאָר, איז אויפגעגאַנגען אין זיין האַרצן צו געדענקען זיינע ברידער, די בנֵי־יִשׂרָאל. [24] און אַז ער האָט געזען איינעם פון זיי ליידן אומרעכט, האָט ער זיך פאַר אים אָנגענומען, און זיך נוקם געווען פאַר דעם געליטענעם, און האָט דערשלאָגן דעם מִצרי. [25] און ער האָט געמיינט, אַז זיינע ברידער וועלן פאַרשטיין, אַז גאָט האָט זיי געגעבן רעטונג דורך זיין האַנט; אָבער זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען. [26] און אויף דעם אַנדערן טאָג האָט ער זיך באַוויזן פאַר זיי, בעת זיי האָבן זיך געקריגט, און האָט געוואָלט שָלום מאַכן צווישן זיי, אַזוי צו זאָגן: מענטשן, איר זענט ברידער; פאַרוואָס טוט איר אומרעכט איינער דעם אַנדערן? [27] אָבער דער, וואָס האָט זיין חַבר אומרעכט געטאָן, האָט אים אַוועקגעשטויסן,

און געזאָגט: ווער האָט דיך געמאַכט פאַר אַ שׂר און אַ שופט איבער אונדז? [28] צי ווילסטו מיך הרגענען, ווי דו האָסט נעכטן געהרגעט דעם מצרי? [29] און משה איז אַנטלאָפן איבער דעם דאָזיקן וואָרט, און איז געוואָרן אַ פרעמדער אין דעם לאַנד מדין, וואו ער האָט געבוירן צוויי זין.

[30] און אַז עס זענען אַריבער פערציק יאָר, האָט זיך צו אים אַנטפּלעקט אַ מלאך פון גאָט אין דער מדבר פון דעם באַרג סיני, אין אַ פלאַם פייער אין דעם סנה. [31] און אַז משה האָט דאָס געזען, איז ער נשתומם געוואָרן פון דער זעאונג; און בעת ער האָט גענעענט צו זען, איז געקומען דאָס קול פון גאָט: [32] איך בין דער גאָט פון דיינע אָבות, דער גאָט פון אַברהם, און פון יצחק, און פון יעקב. און משה האָט געציטערט, און האָט זיך ניט דערוועגט צו קוקן. [33] און גאָט האָט צו אים געזאָגט: טו אויס די שיך פון דיינע פיס, וואָרים דאָס אָרט, אויף וואָס דו שטייסט, איז הייליקע ערד. [34] זען האָב איך געזען די פּייניקונג פון מיין פאָלק, וואָס איז אין מצרים, און האָב געהערט זייער זיפצן, און איך האָב אַראָפּגענידערט, זיי אויסצולייזן; און אַצינד קום, איך וועל דיך שיקן קיין מצרים.

[35] דעם דאָזיקן משה, וועמען זיי האָבן פאַרלייקנט, אַזוי צו זאָגן: ווער האָט דיך געמאַכט פאַר אַ שׂר און אַ שופט? אים האָט גאָט געשיקט צו זיין אַ שׂר און אַ גואל דורך דער האַנט פון דעם מלאך, וואָס האָט זיך צו אים אַנטפּלעקט אין דעם סנה. [36] ער האָט זיי אַרויסגעפירט, און האָט געטאָן צייכנס און וואונדער אין מצרים, און ביים ים סוף, און אין דער מדבר פערציק יאָר. [37] דאָס איז דער משה, וואָס האָט געזאָגט צו די בני־ישׂראל: אַ נביא וועט גאָט אויפשטעלן פאַר אייך פון צווישן אייערע ברידער, גלייך צו מיר א. [38] דאָס איז דער, וואָס איז געווען אין דער עדה אין דער מדבר מיט דעם מלאך, וואָס האָט מיט אים גערעדט אויף דעם באַרג סיני, און מיט אונדזערע אָבות; און ער האָט מקבל געווען לעבעדיקע רייד, כדי זיי אונדז צו געבן; [39] צו וועמען אונדזערע אָבות האָבן זיך ניט געוואָלט צוהערן, נייערט זיי האָבן אים פאַרשטויסן פון זיך, און געקערט זייערע הערצער אויף צוריק קיין מצרים, [40] און געזאָגט צו אַהרנען: מאַך אונדז געטער, וואָס זאָלן גיין פאָרויס פאַר אונדז; וואָרים מיט דעם דאָזיקן משה, וואָס האָט אונדז אַרויסגעפירט פון דעם לאַנד מצרים, ווייסן מיר ניט וואָס

א דברים יח, 15, 18.

מיט אים איז געוואָרן. [41] און זיי האָבן געמאַכט אין יענע טעג אַן עגל, און האָבן מַקריב געווען אַ קָרבן צום אָפּגאָט, און האָבן זיך געפֿרייט מיט די מַעשׂים פֿון זייערע הענט. [42] און גאָט האָט זיך אָפּגעקערט, און האָט זיי איבערגעגעבן צו דינען די הימלישע חַיָלות, ווי סע שטייט געשריבן אין דעם סֵפֶר פֿון די נבֿיאים:

האָט איר געטאָן מַקריב זיין צו מיר זבָחים און מִנחות
פֿערציק יאָר אין דער מִדבר, הויז פֿון יִשׂרָאל?
[43] און איר האָט געטראָגן דאָס געצעלט פֿון מולֶך,
און דעם שטערן פֿון דעם גאָט רֶמפָן,
די געצנבילדער, וואָס איר האָט זיך געמאַכט, צו בוקן זיך פֿאַר זיי.
און איך וועל אייך פֿאַרטרייַבן אויף יענער זייט בָבֶל[א].

[44] אונדזערע אָבֿות האָבן געהאַט אין דער מִדבר דאָס מִשכּן־הָעֵדות, אַזוי ווי ער, וואָס האָט גערעדט צו משהן, האָט באַפֿוילן אַז ער זאָל עס מאַכן לויט דער געשטאַלט, וואָס ער האָט געזען. [45] דאָס האָבן אויך אונדזערע אָבֿות אַרייַנגעבראַכט מיט יהושען אין דעם אַרבעטייל פֿון די פֿעלקער, וואָס גאָט האָט אַרויסגעטריבן פֿון פֿאַר דעם פּנים פֿון אונדזערע אָבֿות, ביז צו די טעג פֿון דָוִדן, [46] וואָס האָט געפֿונען חֵן אין די אויגן פֿון גאָט, און האָט געבעטן צו געפֿינען אַ וואוינאָרט פֿאַר דעם גאָט פֿון יַעקבֿ. [47] און שלמה האָט אים געבויט אַ הויז. [48] אָבער דער אייבערשטער טוט ניט וואוינען אין קיין הֵיכָלות, וואָס זענען געמאַכט מיט הענט, ווי דער נָבֿיא זאָגט:

[49] דער הימל איז מיין טראָן,
און די ערד איז מיין פֿוסבענקל.
וואָס פֿאַר אַ הויז וועט איר מיר בויען, זאָגט גאָט,
אָדער וואו איז דאָס אָרט פֿון מיין רו?
[50] האָט ניט מיין האַנט געמאַכט די דאָזיקע אַלע זאַכן[ב]?

[51] איר האַרטנעקיקע, אומגעמַלטע אין האַרץ און אויערן, איר טוט תָמיד ווידערשפּעניקן אַן דעם רוח־הַקודֶש; ווי אייערע אָבֿות האָבן געטאָן, אַזוי טוט איר. [52] וועמען פֿון די נבֿיאים האָבן אייערע אָבֿות ניט גערודֶפֿט? און זיי האָבן געטייט די, וואָס האָבן פֿאָרויס אָנגעזאָגט דאָס קומען פֿון דעם צַדיק, פֿון וועמען איר זענט אַצינד געוואָרן מוסרים און רוצחים; [53] איר, וואָס

[א] עמוס ה, 25—27. [ב] ישעיה סו, 1, 2.

האָט מקבל געווען די תּורה, ווי זי איז געגעבן געוואָרן דורך מלאָכים, און האָט זי ניט אָפּגעהיט.

[54] און אַז זיי האָבן דאָס געהערט, האָט עס זיי געשניטן ביים האַרצן, און זיי האָבן געקריצט אויף אים מיט די ציין. [55] און ער, ווייל ער איז געווען פֿול מיט דעם רוח־הקודש, האָט ער אַרויפֿגעקוקט צום הימל, און האָט געזען די פּראַכט פֿון גאָט, און יֵשוּעַ שטיין ביי דער רעכטער האַנט פֿון גאָט, [56] און ער האָט געזאָגט: אָט זע איך די הימלען אָפֿן, און דעם בֶּן־אָדָם שטיין ביי דער רעכטער האַנט פֿון גאָט. [57] אָבער זיי האָבן אויסגעשריגן מיט אַ הויך קול, און האָבן פֿאַרשטאָפּט זייערע אויערן, און זיך אַ לאָז געטאָן אויף אים; [58] און זיי האָבן אים אַרויסגעוואָרפֿן פֿון דער שטאָט, און האָבן אים פֿאַרשטיינט. און די עֵדוּת האָבן אַנידערגעלייגט זייערע מלבושים צו די פֿיס פֿון אַ בָּחור, וואָס האָט געהייסן שָׁאוּל. [59] און זיי האָבן פֿאַרשטיינט סטעפֿאַנוסן, בעת ער האָט אויסגערופֿן, און געזאָגט: האַר יֵשוּעַ, זיי מקבל מיין גייסט. [60] און ער איז געפֿאַלן אויף די קני, און האָט געשריגן מיט אַ הויך קול: גאָט, רעכן זיי ניט צו די דאָזיקע זינד. און אַז ער האָט דאָס געזאָגט, איז ער אַנטשלאָפֿן געוואָרן.

ח און שָׁאוּל האָט מסכּים געווען צו זיין טויט. און יענעם טאָג האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ גרויסע רדיפֿה קעגן דער קהילה אין ירושָׁלַיִם; און זיי זענען אַלע צעשפּרייט געוואָרן איבער דער גאַנצער געגנט פֿון יהודה און שומרון, אַחוץ די שליחים. [2] און פֿרומע לייט האָבן מקבר געווען סטעפֿאַנוסן, און האָבן געהאַלטן אַ גרויסן הֶספּד איבער אים. [3] שָׁאוּל אָבער האָט חָרוב געמאַכט די קהילה, און איז געגאַנגען פֿון הויז צו הויז, און האָט געטאָן שלעפּן מענער און פֿרויען, און האָט זיי איבערגעענטפֿערט אין דער תּפֿיסה.

[4] און די, וואָס זענען צעשפּרייט געוואָרן, זענען אַרומגעגאַנגען און האָבן מבשׂר געווען דאָס וואָרט. [5] און פֿיליפּוס האָט אַראָפּגענידערט צו דער שטאָט שומרון, און האָט אָנגעזאָגט פֿאַר זיי דעם מָשִׁיחַ. [6] און דאָס פֿאָלק האָט מיט איין האַרץ פֿאַרנומען, וואָס פֿיליפּוס האָט געזאָגט, בעת זיי האָבן געהערט און געזען די צייכנס, וואָס ער האָט געטאָן. [7] וואָרים ביי אַ סך פֿון יענע, וואָס האָבן געהאַט אומריינע גייסטער, זענען זיי אַרויס פֿון זיי, בעת זיי האָבן געשריגן מיט אַ הויך קול; און אַ סך געליימטע און לאָמע

זענען געהיילט געוואָרן. [8] און עס איז געווען גרויס שׂמחה אין יענער שטאָט.

[9] און עס איז געווען איינער אַ מענטש מיטן נאָמען שׁמעון, וואָס האָט פֿריער געטריבן כּישוף אין שטאָט, און האָט איבערראַשט דאָס פֿאָלק פֿון שומרון, און זיך אַרויסגעגעבן, אַז ער איז עפּעס אַ גָדול. [10] און אַלע האָבן זיך צו אים צוגעהערט, פֿון קליין ביז גרויס, און געזאָגט: דער דאָזיקער איז די קראַפֿט פֿון גאָט, וואָס ווערט גערופֿן גרויס. [11] און זיי האָבן זיך צו אים צוגעהערט, מַחמת וואָס אַ לאַנגע צייט האָט ער זיי איבערראַשט מיט זיין כּישוף. [12] בעת זיי האָבן אָבער געגלויבט פֿיליפּוסן, וואָס האָט פֿאַר זיי אָנגעזאָגט גוטע בשׂורות פֿונוועגן דעם מַלכות פֿון גאָט און דעם נאָמען פֿון יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ, זענען זיי געטובלט געוואָרן, סיי מענער און פֿרויען. [13] און שִׁמעון אַליין האָט אויך געגלויבט; און אַז ער איז געטובלט געוואָרן, האָט ער זיך באַהעפֿט אָן פֿיליפּוסן. און בעת ער האָט געזען צייכנס און גרויסע וואונדער געשען, איז ער נִשתּומם געוואָרן.

[14] און ווען די שליחים אין ירושָלַיִם האָבן געהערט, אַז שומרון האָט מקַבל געווען דאָס וואָרט פֿון גאָט, האָבן זיי געשיקט צו זיי פּעטרוסן און יוחָנָן. [15] און זיי האָבן אַהין אַראָפּגענידערט, און האָבן מִתפּלל געווען פֿאַר זיי, אַז זיי זאָלן מקַבל זיין דעם רוח־הַקודֶש; [16] וואָרים ביז איצט איז ער נאָך ניט געהאַט געפֿאַלן אויף קיינעם פֿון זיי, נייערט זיי זענען נאָר געטובלט געוואָרן אין דעם נאָמען פֿון דעם האַר יֵשוּעַ. [17] דערנאָך האָבן זיי געלייגט אויף זיי זייערע הענט, און זיי האָבן מקַבל געווען דעם רוח־הַקודֶש. [18] און אַז שִׁמעון האָט געזען, אַז דער רוח־הַקודֶש איז געגעבן געוואָרן דורך דעם אַרויפֿלייגן די הענט פֿון די שליחים, האָט ער זיי אָנגעבאָטן געלט, [19] און געזאָגט: גיט אויך מיר די דאָזיקע מאַכט, אַז אויף וועמען איך וועל אַרויפֿלייגן מיינע הענט, זאָל ער מקַבל זיין דעם רוח־הַקודֶש. [20] אָבער פּעטרוס האָט צו אים געזאָגט: זאָל אומקומען דיין זילבער מיט דיר, מַחמת דו האָסט געטראַכט צו באַקומען מיט געלט די מַתָּנה פֿון גאָט. [21] דו האָסט ניט קיין חֵלֶק און קיין נַחלה אין דער דאָזיקער זאַך, וואָרים דיין האַרץ איז ניט רעכטפֿאַרטיק פֿאַר גאָט. [22] טו דעריבער תּשובה אויף דער דאָזיקער רִשעות דיינער, און בעט גאָט, אֶפֿשר וועט די מַחשָבה פֿון דיין האַרץ דיר פֿאַרגעבן ווערן. [23] וואָרים איך זע, אַז דו ביסט אין דער גאַל פֿון ביטערניש, און אין דעם באַנד פֿון אומרעכט. [24] און שִׁמעון האָט געענטפֿערט, און געזאָגט:

זייט איר מִתפַּלֵל פאַר מיר צו גאָט, אַז ס'זאָל ניט קומען אויף מיר קיין
איינציקע פון די זאַכן, וואָס איר האָט גערעדט.
25 און נאָכדעם ווי זיי האָבן עֵדות געזאָגט און גערעדט דאָס וואָרט
פון גאָט, האָבן זיי זיך אומגעקערט קיין ירושָלַיִם, און האָבן אָנגעזאָגט די
בשורה אין אַ סך דערפער פון די שומרונים.
26 און אַ מַלאך פון גאָט האָט גערעדט צו פיליפּוסן, אַזוי צו זאָגן:
שטיי אויף, און גיי קעגן דָרום אויף דעם וועג, וואָס נידערט אַראָפּ פון
ירושָלַיִם קיין עַזָה; דאָס איז אַ מִדבר וועג. 27 און ער איז אויפגעשטאַנען
און איז געגאַנגען. און זע, אַ מאַן פון כוש, אַ סָרִיס פון גרויס מאַכט ביי
קאַנדאַקיע, די מַלכה פון די כושים, וואָס איז געווען געזעצט איבער אַלע
אירע אוצרות, איז געקומען קיין ירושָלַיִם צו בוקן זיך. 28 און ער האָט
זיך געטאָן שוין אומקערן, און איז געזעסן אין זיין ריַיטוואָגן, און געלייענט
ישַעיָה הַנָבִיא. 29 און דער גייסט האָט געזאָגט צו פיליפּוסן: גענעען, און
באַהעפט דיך אָן זיין ריַיטוואָגן. 30 און פיליפּוס איז צו אים צוגעלאָפן, און
האָט אים געהערט לייענען ישַעיָה הַנָבִיא, און האָט געזאָגט: פאַרשטייסטו
וואָס דו לייענסט? 31 האָט ער געזאָגט: וויאַזוי קאָן איך פאַרשטיין, סיידן
עמיצער זאָל מיר אָנוויַיזן. און ער האָט געבעטן פיליפּוסן אַרויפצוקומען
און זיך זעצן מיט אים. 32 און דאָס איז געווען דער פָּסוק, וואָס ער האָט
געלייענט אין דעם סֵפר:

ער איז געפירט געוואָרן ווי אַ שאָף צום שעכטן;
און ווי אַ לאַם פאַר זיינע שערער איז שטום,
אַזוי האָט ער ניט געטאָן עפענען זיין מויל.
33 אין זיין דערנידעריקונג איז אַוועקגענומען געוואָרן זיין מִשפּט;
און ווער קאָן אויסדערציילן זיין דור?
וואָרים זיין לעבן איז פאַרשניטן געוואָרן פון דער ערד[א].

34 און דער סָרִיס האָט געזאָגט צו פיליפּוסן: איך בעט דיך, פון וועמען
רעדט דאָס דער נָבִיא? פון זיך אַליין, אָדער פון עמיצן אַנדערש? 35 און
פיליפּוס האָט געעפנט זיין מויל, און האָט אָנגעהויבן פון דעם דאָזיקן פָּסוק,
און האָט פאַר אים מבַשר געווען די גוטע בשורה פון יֵשוּעַ. 36 און ווי זיי
זענען אַזוי געגאַנגען אויף דעם וועג, זענען זיי געקומען צו אַ וואַסער, און

א ישעיה נג, 7, 8.

דער סָריס האָט געזאָגט: זע, דאָ איז וואַסער; וואָס טוט מיך אָפּהאַלטן
געטובֿלט צו ווערן? [37] און פֿיליפּוס האָט געזאָגט: אויב דו גלויבסט מיט
דײַן גאַנצן האַרצן, מעגסטו. און ער האָט געענטפֿערט: איך גלויב, אַז יֵשוּעַ
הַמָשִׁיחַ איז דער בֶּן־אֱלֹהִים. [38] און ער האָט באַפֿוילן דעם רײַטוואָגן צו
בלײַבן שטיין, און זיי האָבן ביידע אַראָפּגענידערט אין דעם וואַסער אַרײַן,
פֿיליפּוס און דער סָריס, און ער האָט אים געטובֿלט. [39] און בעת זיי זענען
אַרויסגעקומען פֿון דעם וואַסער, האָט דער גייסט פֿון גאָט אַוועקגענומען
פֿיליפּוסן; און דער סָריס האָט אים מער ניט געזען, און ער איז געגאַנגען
אויף זײַן וועג און האָט זיך געפֿרייט. [40] אָבער פֿיליפּוס האָט זיך אָפּגעפֿונען
אין אַשדוֹד; און ער איז אַרומגעגאַנגען און האָט מְבַשֵׂר געווען די בשׂורה
אין אַלע שטעט, ביז ער איז געקומען קיין קֵיסָריה.

ט און שָאול האָט נאָך ווײַטער געאָטעמט מיט כַּעס און רציחה קעגן די
תַּלמידים פֿון דעם האַר, און ער איז געגאַנגען צום כֹּהן־גָדול, [2] און
האָט געבעטן בײַ אים בריוו צו די בָּתֵּי־כְּנֵסִיות אין דַמֶשֶׂק, כּדי אויב ער
וועט געפֿינען טייל, וואָס זענען פֿון דעם דֶרֶך, סײַ מענער, סײַ פֿרויען,
זאָל ער זיי קענען ברענגען געבונדן קיין ירושָלַיִם. [3] און בעת ער איז
געגאַנגען, האָט ער זיך דערנענטערט צו דַמֶשֶׂק, און פּלוצים האָט אַרום
אים געשײַנט אַ ליכט פֿון הימל אַרויס. [4] און ער איז געפֿאַלן אויף דער
ערד, און האָט געהערט אַ קוֹל זאָגן צו אים: שָאול, שָאול, פֿאַרוואָס טוסטו
מיך רוֹדֵף? [5] האָט ער געזאָגט: ווער ביסטו, האַר? און ער האָט געזאָגט:
איך בין יֵשוּעַ, וועמען דו רוֹדְפֿסט. [6] אָבער שטיי אויף, און גיי אַרײַן אין דער
שטאָט, און סע וועט דיר געזאָגט ווערן וואָס דו זאָלסט טאָן. [7] און די
מענטשן, וואָס זענען מיט אים געגאַנגען, זענען געבליבן אָן לָשון, בעת זיי
האָבן געהערט דאָס קוֹל, אָבער האָבן קיינעם ניט געזען. [8] און שָאול איז
אויפֿגעשטאַנען פֿון דער ערד; און בעת זײַנע אויגן זענען געעפֿנט געוואָרן,
האָט ער גאָרניט געזען. און זיי האָבן אים געפֿירט בײַ דער האַנט, און
האָבן אים געבראַכט קיין דַמֶשֶׂק. [9] און ער איז געווען דרײַ טעג אָן ראִיה,
און האָט ניט געגעסן, און ניט געטרונקען.

[10] און עס איז געווען אין דַמֶשֶׂק איינער אַ תַּלמיד, וואָס האָט געהייסן
חֲנַנְיָה. און דער האַר האָט צו אים געזאָגט אין אַ זעאונג: חֲנַנְיָה! און ער
האָט געזאָגט: אָט בין איך, האַר. [11] און דער האַר האָט צו אים געזאָגט:

שטיי אויף, און גיי צו דער גאַס, וואָס מען רופֿט די גלײַכע גאַס, און פֿרעג אין דעם הויז פֿון יהודהן אויף איינעם מיטן נאָמען שָאוּל פֿון טאַרסוס. וואָרים זע, ער טוט מִתפַּלֵל זיין; [12] און ער האָט געזען אין דער זעאונג ווי אַ מאַן, מיטן נאָמען חֲנַניָה, טוט אַרײַנקומען און אַרויפֿלייגן אויף אים זיינע הענט, כּדי ער זאָל קריגן זיין ראִיה. [13] אָבער חֲנַניָה האָט געענטפֿערט: האַר, איך האָב געהערט פֿון אַ סַך וועגן דעם דאָזיקן מענטשן, וויפֿל רְשעות ער האָט געטאָן דיינע הייליקע אין ירוּשָלַיִם; [14] און אויך דאָ האָט ער רשוּת פֿון די ראָשֵי־כֹּהֲנים צו בינדן אַלע, וואָס רופֿן אָן דיין נאָמען. [15] און דער האַר האָט צו אים געזאָגט: גיי, וואָרים ער איז פֿאַר מיר אַן אויסדערוויילטע כֶּלי, צו טראָגן מיין נאָמען פֿאַר די אומות און מלָכים, און פֿאַר די קינדער פֿון יִשׂרָאֵל; [16] וואָרים איך וועל אים ווייזן וויפֿל ער מוז ליידן פֿון מיין נאָמענטוועגן. [17] און חֲנַניָה האָט אָפּגעקערט, און ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין דעם הויז אַריין, און האָט אַרויפֿגעלייגט אויף אים זיינע הענט, און געזאָגט: ברודער שָאוּל, דער האַר יֵשוּעַ, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט צו דיר אויף דעם וועג, אויף וועלכן דו ביסט געקומען, האָט מיך געשיקט, אַז דו זאָלסט קריגן דיין ראִיה, און ווערן פֿול מיט דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש. [18] און עס זענען תֵּיכֶף אַראָפּגעפֿאַלן פֿון זיינע אויגן עפּעס ווי שופּן, און ער האָט באַקומען זיין ראִיה. און ער איז אויפֿגעשטאַנען און איז געטוֹבלט געוואָרן, [19] און האָט גענומען שפּייז און איז געשטאַרקט געוואָרן.

און ער איז געווען עטלעכע טעג מיט די תַּלמידים אין דַמֶשֶׂק. [20] און ער האָט תֵּיכֶף אין די בָּתֵי־כּנֵסִיוֹת גענומען דַרשענען וועגן יֵשוּעַן, אַז ער איז דער בֶּן־אֱלֹהִים. [21] און אַלע, וואָס האָבן אים געהערט, זענען נִשתּוֹמֵם געוואָרן, און האָבן געזאָגט: איז דאָס ניט דער, וואָס האָט אין ירוּשָלַיִם פֿאַרטיליקט די, וואָס האָבן גערופֿן צו דעם דאָזיקן נאָמען, און איז אויך דאָ אַהערגעקומען מיט דער אייגענער דֵעה, כּדי ער זאָל זיי ברענגען געבונדן פֿאַר די ראָשֵי־כֹּהֲנים? [22] אָבער שָאוּל האָט זיך אַלץ מער געשטאַרקט, און האָט אָנגעמאַכט אַ בֶהָלה צווישן די יִדן פֿון דַמֶשֶׂק, און האָט באַוויזן, אַז יֵשוּעַ איז דער מָשִיחַ.

[23] און אַז עס זענען פֿאַרביי אַ סַך טעג, האָבן די יִדן זיך אַן עֵצה געהאַלטען, אים צו טייטן, [24] אָבער זייער פֿאַרשווערונג איז שָאוּלן באַקאַנט געוואָרן. און זיי האָבן אויך געהיט די טויערן טאָג און נאַכט, כּדי אים צו

טייטן. [25] אָבער זיינע תּלמידים האָבן אים גענומען ביינאַכט, און האָבן אים אַראָפּגעלאָזט פון דער מויער אין אַ קאָרב.

[26] און אַז ער איז געקומען קיין ירושלַיִם, האָט ער געוואָלט צושטיין צו די תּלמידים; און זיי האָבן אַלע מורא געהאַט פאַר אים, ווייל זיי האָבן ניט געגלויבט, אַז ער איז אַ תּלמיד. [27] אָבער בַּר־נַבָא האָט אים גענומען און האָט אים געבראַכט צו די שליחים, און האָט זיי דערציילט, וויאַזוי ער האָט געזען דעם האַר אויף דעם וועג, און אַז ער האָט צו אים גערעדט, און וויאַזוי ער האָט אין דַמֶשֶׂק מוטיק גערעדט אין דעם נאָמען פון יֵשוּעַ. [28] און ער איז מיט זיי אַריינגעגאַנגען און אַרויסגעגאַנגען אין ירושלַיִם, [29] און האָט מוטיק געדרשנט אין דעם נאָמען פון דעם האַר, און ער האָט גערעדט און זיך מִתוַכֵּחַ געווען מיט די גריכישע יִידן; אָבער זיי האָבן געטראַכט, אים צו טייטן. [30] און אַז די ברידער זענען דאָס געוואָר געוואָרן, האָבן זיי אים אַראָפּגעבראַכט קיין קֵיסַריה, און האָבן אים אַוועקגעשיקט קיין טאַרסוס.

[31] און די קהִילה איבער גאַנץ יהודה, און גָליל, און שומרון, האָט געהאַט שָלום, און האָט זיך געבויט, און איז געגאַנגען אין דער מורא פון דעם האַר, און דורך דער נחָמה פון דעם רוחַ־הַקודֶש האָט זי זיך געמערט.

[32] און עס איז געווען, בעת פּעטרוס איז געגאַנגען פון אָרט צו אָרט, האָט ער אויך אַראָפּגענידערט צו די הייליקע, וואָס האָבן געוואוינט אין לוד. [33] און ער האָט דאָרטן געפונען איינעם אַ מענטש מיטן נאָמען ענעאַס, וואָס איז זייט אַכט יאָר געלעגן אויף זיין געלעגער; וואָרים ער איז געווען געליימט. [34] און פּעטרוס האָט צו אים געזאָגט: ענעאַס, יֵשוּעַ הַמָשִיחַ טוט דיך היילן; שטיי אויף, און פאַרבעט דיין געלעגער. און ער איז תֵּיכף אויפגעשטאַנען. [35] און אַלע, וואָס האָבן געוואוינט אין לוד און אין שָרון האָבן אים געזען, און האָבן זיך געקערט צו דעם האַר.

[36] און עס איז געווען אין יָפו איינע אַ תּלמידה מיטן נאָמען טָבִיתָא, וואָס איז טײַטש: אַ הירשין. זי איז געווען פול מיט מַעשים־טובים און צדָקה, וואָס זי האָט געטאָן. [37] און עס איז געווען אין יענע טעג, אַז זי איז קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן. און אַז זיי האָבן זי מטַהר געווען, האָבן זיי זי געלייגט אין אַן אויבערשטער שטוב. [38] און הֵיות ווי לוד איז געווען נאָענט פון יָפו, און די תּלמידים האָבן געהערט, אַז פּעטרוס איז דאָרטן, האָבן זיי געשיקט צו אים צוויי מענטשן און אים געבעטן: פאַרזאַם ניט צו

קומען צו אונדז. [39] און פעטרוס איז אויפגעשטאַנען און איז מיט זיי געגאַנגען.
און ווען ער איז געקומען, האָבן זיי אים געבראַכט אין דער אויבערשטער
שטוב. און אַלע אַלמָנות זענען געשטאַנען אַרום אים און האָבן געוויינט, און
אים געוויזן די רעק און מַלבושים, וואָס צבִיָה האָט געמאַכט, בעת זי איז
מיט זיי געווען. [40] אָבער פעטרוס האָט זיי אַלע אַרויסגעשיקט, און האָט
געבייגט זיינע קני און מִתפַּלֵל געווען; און ער האָט זיך געקערט צום מֵת,
און געזאָגט: טָבִיתָא, שטיי אויף! און זי האָט געעפנט אירע אויגן; און אַז
זי האָט געזען פעטרוסן, האָט זי זיך אויפגעזעצט. [41] און ער האָט איר
געגעבן זיין האַנט, און האָט זי אויפגעהויבן; און ער האָט גערופן די הייליקע
און די אַלמָנות, און האָט זי אַנידערגעשטעלט אַ לעבעדיקע. [42] און דאָס איז
באַקאַנט געוואָרן איבער גאַנץ יָפו; און אַ סך האָבן געגלויבט אין דעם
האַר. [43] און ער איז פאַרבליבן אַ לענגערע צייט אין יָפו מיט איינעם אַ
גאַרבער, שִמעוֹן.

און עס איז געווען אין קֵיסַריה איינער אַ מענטש מיטן נאָמען קאָרנעליוס,
אַ הויפּטמאַן פון דעם חַיִל, וואָס איז גערופן געוואָרן דאָס איטאַליענישע
חַיִל, [2] אַ פרומער מענטש, און אַ יְרֵא־שָמַיִם מיט זיין גאַנצן הויזגעזינד, וואָס
האָט געגעבן אַ סך צדָקה דעם פאָלק, און האָט תָמיד מִתפַּלֵל געווען צו
גאָט. [3] ער האָט אין אַ זעאונג קלאָר געזען, אַרום דער ניינטער שָעה פון
טאָג, ווי אַ מַלאך פון גאָט איז צו אים אַריַינגעקומען, און האָט צו אים
געזאָגט: קאָרנעליוס! [4] און בעת ער האָט באַהעפט אָן אים זיינע אויגן, האָט
ער זיך דערשראָקן, און געזאָגט: וואָס איז עס, האַר? און ער האָט צו אים
געזאָגט: דיינע תפילות און דיין צדָקה זענען אויפגעגאַנגען פאַר אַ געדעכעניש
פאַר גאָט. [5] און איצט שיק מענטשן קיין יָפו, און לאָז ברענגען שִמעוֹנען,
וועמען מען רופט פעטרוס; [6] ער שטייט איין מיט איינעם אַ גאַרבער, וועמעס
הויז איז ביים יַם. [7] און אַז דער מַלאך, וואָס האָט גערעדט צו אים, האָט
אָפּגעקערט, האָט ער גערופן צוויי פון זיינע הויז־קנעכט, און אַ פרומען
זעלנער פון די, וואָס האָבן אים שטענדיק באַדינט, [8] און אַז ער האָט זיי
אַלצדינג דערציילט, האָט ער זיי געשיקט קיין יָפו.

[9] און אויף מאָרגן, בעת זיי זענען געווען אויף זייער וועג, און האָבן
זיך דערנענטערט צו דער שטאָט, איז פעטרוס אַרויפגעגאַנגען אויף דעם
דאַך מִתפַּלֵל צו זיין, אַרום דער זעקסטער שָעה. [10] און ער איז הונגעריק

געוואָרן, און האָט געוואָלט עסן. און בשעת מע האָט צוגעגרייט, איז ער אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ טיפֿן שלאָף. [11] און ער האָט געזען דעם הימל אויפֿגעעפֿנט, און אַראָפּנידערן עפּעס אַ כּלי, ווי סע וואָלט געווען אַ גרויס לײַלעך, אַראָפּגעלאָזט בײַ די פֿיר עקן אויף דער ערד; [12] אין אים זענען געווען אַלערליי מינים פֿירפֿיסיקע חיות און שרצים פֿון דער ערד און פֿייגל פֿון הימל. [13] און אַ קול איז געקומען צו אים: שטיי אויף, פּעטרוס, שעכט און עס. [14] אָבער פּעטרוס האָט געזאָגט: חלילה, האַר; וואָרים איך האָב קיינמאָל ניט געגעסן, וואָס איז געמיין און טמא. [15] און אַ קול איז צו אים ווידער געקומען אַ צווייט מאָל: וואָס גאָט האָט געמאַכט ריין, מאַך דו ניט אומריין. [16] און דאָס איז געשען דריי מאָל; און די כּלי איז תּיכּף אַרויפֿגענומען געוואָרן אין הימל אַרײַן.

[17] און בעת פּעטרוס איז אין זיך שטאַרק מבֿולבל געווען, וואָס די זעאונג, וואָס ער האָט געזען, קאָן באַטײַטן, ערשט די מענטשן, וואָס זענען געשיקט געוואָרן פֿון קאָרנעליוסן, האָבן זיך נאָכגעפֿרעגט אויף שמעונס הויז, און זענען געשטאַנען פֿאַר דעם טויער, [18] און האָבן גערופֿן און געפֿרעגט, צי שמעון, וועמען מען רופֿט פּעטרוס, שטייט דאָרטן איין. [19] און בעת פּעטרוס האָט נאָכגעטראַכט וועגן דער זעאונג, האָט דער גייסט צו אים געזאָגט: זע, דריי מענטשן זוכן דיך. [20] שטיי אויף און נידער אַראָפּ, און גיי מיט זיי, און צווייפֿל ניט; וואָרים איך האָב זיי געשיקט. [21] און פּעטרוס האָט אַראָפּגענידערט צו די מענטשן, און האָט געזאָגט: אָט בין איך דער, וועמען איר זוכט; וואָס איז די סיבה וועגן וואָס איר זענט געקומען? [22] האָבן זיי געזאָגט: קאָרנעליוס, אַ הויפּטמאַן, אַ רעכטפֿאַרטיקער מענטש און אַ ירא־שמים, און וואָס האָט אַ גוטן שם בײַם גאַנצן ייִדישן פֿאָלק, איז באַפֿוילן געוואָרן דורך אַ הייליקן מלאך, דיך צו לאָזן ברענגען אין זײַן הויז אַרײַן, כּדי צו הערן פֿון דײַנע רייד. [23] און ער האָט זיי אַרײַנגערופֿן און האָט זיי מכניס־אורח געווען.

און אויף מאָרגן איז ער אויפֿגעשטאַנען און איז מיט זיי געגאַנגען, און עטלעכע פֿון די ברידער פֿון יפֿו האָבן אים באַגלייט. [24] און אויפֿן אַנדערן טאָג זענען זיי אַרײַנגעקומען קיין קיסריה. און קאָרנעליוס האָט אויף זיי געוואַרט, נאָכדעם ווי ער האָט צונויפֿגערופֿן זײַנע קרובֿים און זײַנע נאָענטע פֿרײַנט. [25] און עס איז געווען, בעת פּעטרוס איז אַרײַנגעקומען,

האָט אים קאָרנעליוס באַגעגנט, און איז אַנידערגעפאַלן צו זיינע פיס, און
האָט זיך געבוקט פאַר אים. 26 און פעטרוס האָט אים אויפגעהויבן, און
געזאָגט: שטיי אויף; איך אַליין בין אויך אַ מענטש. 27 און בעת ער האָט
מיט אים גערעדט, איז ער אַריינגעגאַנגען, און האָט געפונען אַ סך, וואָס
זענען זיך צוזאַמענגעקומען; 28 און ער האָט צו זיי געזאָגט: איר אַליין ווייסט,
אַז עס איז אָסור פאַר איינעם, וואָס איז אַ ייִד, זיך צו באַהעפטן, אָדער
אַריינצוקומען צו איינעם פון אַן אַנדער פאָלק, אָבער גאָט האָט פאַר מיר
אַנטפּלעקט, אַז איך זאָל קיינעם ניט רופן געמיין, אָדער טָמא. 29 דעריבער
בין איך אויך געקומען און האָב ניט פאַרמיטן, ווען מען האָט געשיקט נאָך
מיר. איך פרעג דעריבער, מיט וואָסער כּוונה האָט איר געשיקט נאָך מיר?

30 און קאָרנעליוס האָט געזאָגט: שוין פיר טעג אַז איך זיץ און פאַסט
ביז דער איצטיקער שָעה, און בעת איך האָב תּפילה געטאָן אין דער
ניינטער שָעה אין מיין הויז, ערשט אַ מענטש איז געשטאַנען פאַר מיר אין
אַ שטראַלנדיק געוואַנט, 31 און האָט געזאָגט: קאָרנעליוס, דיין תּפילה איז
דערהערט געוואָרן, און דיין צדָקה איז געדענקט געוואָרן פאַר גאָט. 32 שיק
דעריבער קיין יָפו, און רוף צו דיר שמעונען, וועמען מען רופט פעטרוס;
ער שטייט איין אין דעם הויז פון שמעונען, אַ גאַרבער, ביים ים. 33 איך
האָב דעריבער תּיכּף געשיקט צו דיר; און דו האָסט גוט געטאָן, וואָס דו
ביסט געקומען. און איצט זענען מיר אַלע דאָ פאַר גאָט, צו הערן אַלצדינג,
וואָס דיר איז געבאָטן געוואָרן פון גאָט.

34 און פעטרוס האָט געעפנט זיין מויל, און האָט געזאָגט: איך זע
באֱמת איין, אַז גאָט איז ניט קיין נושׂא־פּנים, 35 נייערט אין יעדן פאָלק איז
דער, וואָס האָט מורא פאַר אים, און טוט רעכטפאַרטיקייט, באַוויליקט ביי
אים. 36 דאָס וואָרט האָט ער געשיקט צו די בני־ישׂראל, און האָט מבשׂר
געווען גוטע בשׂורות פון שָלום דורך ישוע המָשיח (ער איז האַר פון אַלע),
37 און איר אַליין ווייסט דאָס דאָזיקע וואָרט, וואָס איז אָנגעזאָגט געוואָרן
איבער גאַנץ יהודה, אָנהייבנדיק אין גָליל נאָך דער טבילה, וואָס יוחָנן האָט
אָנגעזאָגט: 38 ווי גאָט האָט געזאַלבט ישוע הנוצרי מיט דעם רוח־הקודש
און מיט גבורה; וואָס איז אַרומגעגאַנגען און האָט געטאָן גוטס, און האָט
געהיילט אַלע, וואָס זענען געווען אין דער מאַכט פון דעם שָטן, ווארים גאָט
איז מיט אים געווען. 39 און מיר זענען עֵדות פון אַלצדינג, וואָס ער האָט

געטאָן אין דעם ייִדישן לאַנד, און אין ירושלַיִם; וועמען זיי האָבן אויך געטייט, דורך אויפהענגען אים אויף אַ בוים. [40] אים האָט גאָט אויפגעוועקט דעם דריטן טאָג, און האָט אים געלאָזט אַנטפּלעקט ווערן; [41] ניט פֿאַר דעם גאַנצן פֿאָלק, נייערט פֿאַר עֵדות, וואָס זענען פֿאָרויס אויסדערוויילט געוואָרן פֿון גאָט, פֿאַר אונדז, וואָס האָבן מיט אים געגעסן און געטרונקען, נאָכדעם ווי ער איז אויפגעשטאַנען תּחיַת־המֵתים. [42] און ער האָט אונדז באַפֿוילן מבַשׂר צו זיין פֿאַר דעם פֿאָלק, און צו זאָגן עֵדות, אַז דאָס איז ער, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פֿון גאָט פֿאַר אַ שופֿט פֿון די לעבעדיקע און די טויטע. [43] אויף אים זאָגן עֵדות אַלע נביאִים, אַז דורך זיין נאָמען וועט יעדער איינער, וואָס גלויבט אין אים, קריגן פֿאַרגעבונג אויף די זינד.

[44] בשעת פּעטרוס האָט נאָך געהאַלטן אין רעדן די דאָזיקע רייד, איז דער רוח־הַקודֶש געפֿאַלן אויף אַלע, וואָס האָבן געהערט דאָס וואָרט. [45] און די פֿון די געמַלטע, וואָס האָבן געגלויבט, און וואָס זענען געקומען מיט פּעטרוסן, זענען נִשתּומם געוואָרן, מַחמת וואָס אויך אויף די גויים איז אויסגעגאָסן געוואָרן די מַתָּנה פֿון דעם רוח־הַקודֶש; [46] וואָרים זיי האָבן זיי געהערט רעדן מיט לשונות, און לויבן גאָט. דעמאָלט האָט פּעטרוס געענטפֿערט, און געזאָגט: [47] קאָן עמיצער פֿאַרווערן דאָס וואַסער, אַז די דאָזיקע זאָלן ניט געטובֿלט ווערן, וואָס האָבן מקַבל געווען דעם רוח־הַקודֶש, פּונקט אַזוי ווי מיר? [48] און ער האָט זיי באַפֿוילן געטובֿלט צו ווערן אין דעם נאָמען פֿון יֵשוּעַ הַמָשיחַ. דערנאָך האָבן זיי אים געבעטן צו פֿאַרבלייַבן עטלעכע טעג.

**יא** און די שליחים און די ברידער, וואָס זענען געווען אין יהודה, האָבן געהערט, אַז אויך די גויים האָבן מקַבל געווען דאָס וואָרט פֿון גאָט. [2] און בעת פּעטרוס איז אַרויפֿגעגאַנגען קיין ירושלַיִם, האָבן זיך די געמַלטע געקריגט מיט אים, [3] און געזאָגט: דו ביסט אַרייַנגעגאַנגען צו עֲרֵלים, און האָסט געגעסן מיט זיי. [4] און פּעטרוס האָט אָנגעהויבן, און האָט פֿאַר זיי דערקלערט דעם ענין, אַזוי צו זאָגן: [5] איך בין געווען אין דער שטאָט יָפוֹ און האָב מתפַּלֵל געווען; און אין אַ דרימל האָב איך געזען אַ זעאונג: עפּעס אַ כֵּלי האָט אַראָפּגענידערט, ווי דאָס וואָלט געווען אַ גרויס לייַלעך, און עס איז אַראָפּגעלאָזט געוואָרן פֿון הימל ביי די פֿיר עקן, און סע האָט געגרייכט ביז צו מיר; [6] און אַז איך האָב דערין אַרייַנגעקוקט, האָב

איך דאָרטן באַמערקט בהמות פֿון דער ערד, און ווילדע חיות און שרצים און פֿייגל פֿון הימל. [7] און איך האָב אויך געהערט אַ קול זאָגן צו מיר: שטיי אויף, פּעטרוס, שעכט און עס. [8] אָבער איך האָב געזאָגט: חלילה, האַר; וואָרים קיין אומריינע אָדער טמא זאַך איז קיינמאָל ניט אַרײַנגעקומען אין מיין מויל אַריין. [9] און דאָס קול פֿון הימל האָט אַ צווייט מאָל געענטפֿערט: וואָס גאָט האָט געמאַכט ריין, זאָלסטו ניט מאַכן טמא. [10] און דאָס איז געשען דריי מאָל, און אַלצדינג איז ווידער אַרויפֿגענומען געוואָרן אין הימל אַריין. [11] און באותו רגע זענען דריי מענטשן געשטאַנען פֿאַר דעם הויז, אין וועלכן מיר זענען געווען, וואָס זענען צו מיר געשיקט געוואָרן פֿון קיסריה. [12] און דער גייסט האָט מיר באַפֿוילן צו גיין מיט זיי, און ניט צו זיין אין ספק. און די דאָזיקע זעקס ברידער האָבן מיך אויך באַגלייט, און מיר זענען אַרײַנגעקומען אין דעם מענטשנס הויז אַריין.

[13] און ער האָט אונדז דערציילט, וויאַזוי ער האָט געזען דעם מלאך שטיין אין זיין הויז, און זאָגן: שיק קיין יפֿו, און לאָז ברענגען שמעונען, וועמען מען רופֿט פּעטרוס, [14] וואָס וועט רעדן צו דיר רייד, דורך וועלכע דו וועסט געהאָלפֿן ווערן, דו און דיין גאַנץ הויז. [15] און אַז איך האָב אָנגעהויבן צו רעדן, איז געפֿאַלן אויף זיי דער רוח־הקודש, פּונקט ווי לכתּחילה אויף אונדז. [16] און איך האָב מיך דערמאָנט אָן דעם וואָרט פֿון דעם האַר, וואָס ער האָט געזאָגט: יוחנן האָט געטובלט מיט וואַסער, אָבער איר וועט געטובלט ווערן מיט דעם רוח־הקודש. [17] בכן, אויב גאָט האָט זיי געגעבן די זעלבע מתּנה ווי אונדז, בעת מיר האָבן געגלויבט אין דעם האַר ישוע המשיח, ווער בין איך, איך זאָל מיך קעגנשטעלן גאָט? [18] און אַז זיי האָבן דאָס געהערט, האָבן זיי שטילגעשוויגן, און האָבן געלויבט גאָט, אַזוי צו זאָגן: פֿאַרוואָר, אויך פֿאַר די גויים האָט גאָט באַוויליקט תּשובה צום לעבן.

[19] און די, וואָס זענען צעשפּרייט געוואָרן צוליב דער רדיפֿה, וואָס האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿונוועגן סטעפֿאַנוסן, זענען געגאַנגען אַזוי ווייט ווי פֿעניקיע, און קיפּרוס, און אַנטיאָכיע, און האָבן צו קיינעם ניט גערעדט דאָס וואָרט, אַחוץ נאָר צו ייִדן. [20] און צווישן זיי זענען געווען מענטשן פֿון קיפּרוס און קוריני, וואָס בעת זיי זענען געקומען קיין אַנטיאָכיע, האָבן זיי אויך גערעדט צו די גריכן, און מבֿשׂר געווען דעם האַר ישוע. [21] און די האַנט פֿון גאָט איז געווען מיט זיי; און אַ גרויסע צאָל, וואָס האָט געגלויבט, האָט

זיך געקערט צו דעם האַר. [22] און די ידיעה וועגן זיי איז דערגאַנגען אין
די אויערן פון דער קהילה אין ירושָלַיִם, און זיי האָבן געשיקט בר־נַבָּאן
קיין אַנטיאָכיע. [23] און ווען ער איז אָנגעקומען, און האָט געזען דעם חֶסֶד
פון גאָט, האָט ער זיך געפרייט; און ער האָט זיי אַלע אָנגעזאָגט, זיך צו
באַהעפטן צום האַר מיט דעם גאַנצן האַרצן; [24] וואָרים ער איז געווען אַ
גוטער מענטש, און פול מיט דעם רוח־הַקודש און מיט אֱמונה. און אַ
סך פאָלק איז צוגעקומען פאַר דעם האַר. [25] און ער איז אַוועקגעגאַנגען
קיין טאַרסוס צו זוכן שָאולן; [26] און אַז ער האָט אים געפונען, האָט ער
אים געבראַכט קיין אַנטיאָכיע. און דאָרטן זענען זיי זיך צוזאַמענגעקומען אַ
גאַנץ יאָר אין דער קהילה, און האָבן געלערנט אַ סך מענטשן; און עס איז
געווען אין אַנטיאָכיע, אַז די תַּלמידים זענען צום ערשטן מאָל גערופן
געוואָרן משיחיים.

[27] און אין די דאָזיקע טעג האָבן נביאים פון ירושָלַיִם אַראָפּגענידערט
קיין אַנטיאָכיע. [28] און עס איז אויפגעשטאַנען איינער פון זיי מיטן נאָמען
אַגאַבוס, און האָט אָנגעוויזן דורך דעם גייסט, אַז סע וועט זיין אַ גרויסער
הונגער איבער דער גאַנצער וועלט; און דאָס איז געשען אין די טעג
פון קלאַודיוסן. [29] און די תַּלמידים האָבן באַשלאָסן, יעטוועדער לויט זיין
מעגלעכקייט, צו שיקן הילף צו די ברידער, וואָס האָבן געלעבט אין
יהודה; [30] און דאָס האָבן זיי אויך געטאָן, און האָבן עס געשיקט צו די זקֵנים
דורך דער האַנט פון בר־נַבָּאן און שָאולן.

יב און אַרום יענער צייט האָט דער מֶלך הורדוס אויסגעשטרעקט זיינע
הענט צו פּייניקן עטלעכע פון דער עֵדה. [2] און ער האָט געטייט
יַעקֹבן, דעם ברודער פון יוחָנָן, מיט דער שווערד. [3] און אַז ער האָט געזען,
אַז דאָס איז וואוילגעפעלן געוואָרן די יידן, איז ער ווייטער געגאַנגען צו
כאַפּן אויך פּעטרוסן. און דאָס זענען געווען די טעג פון חַג־הַמַצות. [4] און
אַז ער האָט אים געכאַפּט, האָט ער אים אַריינגעזעצט אין דער תּפיסה,
און האָט אים איבערגעענטפערט צו פיר אָפּטיילונגען זעלנער, אים צו היטן,
מיט דער דֵעה, נאָך פֶּסח אים אַרויסצוברענגען פאַר דעם פאָלק. [5] פּעטרוס
איז דעריבער געהאַלטן געוואָרן אין דער תּפיסה; אָבער די עֵדה האָט פאַר
אים כסֵדר מִתפַּלֵל געווען צו גאָט.

[6] און בעת הורדוס איז געווען גרייט אים אַרויסצוברענגען, איז פּעטרוס

יענע נאַכט געשלאָפן צווישן צוויי זעלנער, געבונדן מיט צוויי קייטן; און שומרים פאַר דער טיר האָבן געהיט די תּפיסה. [7] און אָט איז אַ מלאך פון גאָט געשטאַנען לעבן אים, און אַ ליכט האָט געשיינט אין דער קאַמער; און ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן פּעטרוסן אין דער זייט, און האָט אים אויפֿגעוועקט, און געזאָגט: שטיי אויף געשווינד. און די קייטן זענען אַראָפּגעפאַלן פון זיינע הענט. [8] און דער מלאך האָט צו אים געזאָגט: גורט דיך אָן, און בינד צו דיינע סאַנדאַלן. און ער האָט אַזוי געטאָן. און ער האָט צו אים געזאָגט: היל דיך איין אין דיין מאַנטל, און גיי מיר נאָך. [9] און ער איז אַרויסגעגאַנגען, און איז אים נאָכגעגאַנגען; און ער האָט ניט געוואוסט, אַז ס'איז געווען אמת, דאָס, וואָס ס'איז געטאָן געוואָרן דורך דעם מלאך, נייערט האָט געמיינט, אַז ער האָט געזען אַ זעאונג. [10] און נאָכדעם ווי זיי זענען דורכגעגאַנגען די ערשטע און די צווייטע וואַך, זענען זיי געקומען צו דעם אײַזערנעם טויער, וואָס פירט אין דער שטאָט אַריין; און דער טויער האָט זיך געעפנט פאַר זיי פון זיך אַליין. און זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, און זענען דורכגעגאַנגען דורך אַ גאַס; און פּלוצים האָט דער מלאך אָפּגעקערט פון אים. [11] און אַז פּעטרוס איז געקומען צו זיך, האָט ער געזאָגט: איצט ווייס איך אויף אַן אמת, אַז גאָט האָט אַרויסגעשיקט זיין מלאך און האָט מיך מציל געווען פון דער האַנט פון הורדוסן, און פון אַלע דערוואַרטונגען פון דעם יידישן פאָלק.

[12] און בעת ער האָט איבערגעטראַכט די זאַך, איז ער געגאַנגען צו דעם הויז פון מרימען, די מוטער פון יוחנן, וועמען מען האָט גערופן מאַרקוס, וואו אַ סך זענען געווען פאַרזאַמלט און האָבן מתפּלל געווען. [13] און אַז ער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון טויער, איז אַ דינסטמיידל, וואָס האָט געהייסן ראָדאַ, געקומען ענטפערן. [14] און אַז זי האָט דערקענט פּעטרוסעס קול, האָט זי פאַר שׂמחה ניט געעפנט דעם טויער, נייערט איז אַריינגעלאָפן, און האָט דערציילט, אַז פּעטרוס שטייט פאַר דעם טויער. [15] און זיי האָבן צו איר געזאָגט: דו ביסט משוגע. נאָר זי האָט פאַרזיכערט, אַז אַזוי איז דאָס טאַקע. האָבן זיי געזאָגט: עס איז זיין מלאך! [16] אָבער פּעטרוס האָט ווייטער געקלאַפּט; און אַז זיי האָבן געעפנט, האָבן זיי אים געזען, און זענען פאַרחידושט געוואָרן. [17] און ער האָט צו זיי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט שטילצושווייגן, און האָט זיי דערציילט ווי אַזוי דער האַר

האָט אים אַרויסגעפֿירט פֿון דער תּפֿיסה אַרויס, און ער האָט געזאָגט: דערציילט דאָס יַעקבֿן און די ברידער. און ער האָט אָפּגעקערט און איז געגאַנגען צו אַן אַנדער אָרט.

[18] און ווי נאָר עס איז געוואָרן טאָג, איז געוואָרן אַ שטיקל בֶּהָלה צווישן די זעלנער: וואָס איז געוואָרן פֿון פּעטרוסן? [19] און בעת הורדוס האָט אים געזוכט און האָט אים ניט געפֿונען, האָט ער געלאָזט פֿאַרהערן די שומרים, און האָט באַפֿוילן, אַז זיי זאָלן געטייט ווערן. און ער האָט אַראָפּ־געניד ערט פֿון יהודה קיין קֵיסריה, און איז דאָרטן פֿאַרבליבן.

[20] און ער איז געווען שטאַרק אין כַּעס אויף די מענטשן פֿון צוֹר און צידון; און זיי זענען אַלע צוזאַמען צו אים געקומען, און אַז זיי האָבן איבערגערעדט בלאַסטוסן, דעם מֶלֶכס קאַמערהאַר, האָבן זיי געבעטן שָלום, מחמת זייער לאַנד איז געשפּייַזט געוואָרן פֿון דעם מֶלֶכס לאַנד. [21] און אין אַ באַשטימטן טאָג האָט זיך הורדוס אָנגעטאָן זיינע קיניגלעכע מַלבּושים, און האָט זיך געזעצט אויף דעם כִּסֵא־הַמלוכה, און האָט געהאַלטן פֿאַר זיי אַ רעדע. [22] און דאָס פֿאָלק האָט געשריגן: דאָס קול פֿון אַ גאָט איז דאָס, און ניט פֿון קיין מענטשן! [23] און תּיכּף האָט אַ מַלאך פֿון גאָט אים געשלאָגן, מחמת ער האָט ניט געגעבן גאָט דעם כָּבוד; און ער איז צעפֿרעסן געוואָרן פֿון ווערים, און איז געשטאָרבן.

[24] אָבער דאָס וואָרט פֿון גאָט איז געוואַקסן און האָט זיך געמערט. [25] און בַּר־נַבָּא און שָאול האָבן זיך אומגעקערט פֿון ירושָלַיִם, נאָכדעם ווי זיי האָבן אויסגעפֿירט זייער שליחות, און האָבן מיטגענומען מיט זיך יוחָנָן, וועמעס צונאָמען איז געווען מאַרקוס.

יג און עס זענען געווען אין אַנטיאָכיע ביי דער דאָרטיקער קהילה נבֿיאים און לערער: בַּר־נַבָּא, און שִמעון, וואָס איז גערופֿן געוואָרן ניגער, און לוקיוס פֿון קוריני, און מנַחֵם, דער יוגנט־חַבר פֿון הורדוסן, דעם טעטראַרך, און שָאול. [2] און בעת זיי האָבן געדינט גאָט, און האָבן געפֿאַסט, האָט דער רוח־הַקוֹדש געזאָגט: שיידט אָפּ פֿאַר מיר בַּר־נַבָּאן און שָאולן צו דער אַרבעט, צו וועלכער איך האָב זיי גערופֿן. [3] און נאָכדעם ווי זיי האָבן געפֿאַסט און מִתפַּלֵל געווען, האָבן זיי אויף זיי אַרויפֿגעלייגט זייערע הענט, און האָבן זיי אַוועקגעשיקט.

[4] און זיי, בעת זיי זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן דורך דעם רוח־הַקוֹדש,

האָבן אַראָפּגענידערט קיין סעלוקיע, און פונדאַנען זענען זיי אָפּגעפאָרן קיין קיפּרוס. [5] און בעת זיי זענען אָנגעקומען קיין סאַלאַמיס, האָבן זיי מבשׂר־געווען דאָס וואָרט פון גאָט אין די בָּתֵּי־כּנֵסִיות פון די ייִדן. און זיי האָבן אויך געהאַט יוֹחָנָן פאַר זייער אַרויסהעלפער. [6] און אַז זיי זענען דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן אינזל ביז פּאַפאָס, האָבן זיי געפונען איינעם אַ ייִדן אַ מכַשֵׁף, אַ פאַלשן נָבִיא, וואָס האָט געהייסן בַּר־יֵשוּעַ; [7] ער איז געווען מיט דעם פּראָקאָנסול סערגיוס פּאָולוס, אַ פאַרשטענדיקער מענטש, וואָס האָט גערופן צו זיך בַּר־נַבָּאן און שָׁאולן, און האָט באַגערט צו הערן דאָס וואָרט פון גאָט. [8] אָבער עלימאַס, דער מכַשֵׁף–וואָרים דאָס איז דער טײַטש פון זיין נאָמען–האָט זיך זיי אַנטקעגנגעשטעלט, און האָט געזוכט אָפּצוניגן דעם פּראָקאָנסול פון דער אֱמונה. [9] אָבער שָׁאול, וואָס איז אויך גערופן געוואָרן פּאָולוס, פול מיט דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש, האָט באַהעפט זיינע אויגן אָן אים, [10] און האָט געזאָגט: דו קינד פון שָׂטָן, שׂוֹנא פון יעדער רעכט־פאַרטיקייט, און פול מיט יעדער פאַלשקייט און פאַרדאָרבנקייט, וועסטו ניט אויפהערן צו פאַרדאַרבן די גלייכע וועגן פון גאָט? [11] און איצט, זע, די האַנט פון גאָט איז אויף דיר, און דו וועסט זיין בלינד, און ניט זען אַ צייט די זון. און תֵּיכֶף איז אויף אים געפאַלן אַ נעפּל און אַ פינצטערניש; און ער איז אַרומגעגאַנגען זוכן, עמיץ זאָל אים פירן ביי דער האַנט. [12] דעמאָלט האָט דער פּראָקאָנסול געגלויבט, בעת ער האָט געזען וואָס עס איז געשען, וואָרים ער איז נִשתּוֹמם געוואָרן פון דער לערנונג פון דעם האַר.

[13] און פּאָולוס און זיינע באַגלייטער האָבן זיך אַוועקגעלאָזט מיט אַ שיף פון פּאַפאָס, און זענען געקומען קיין פּערגאַ אין פּאַמפיליע. און יוֹחָנָן האָט זיך אָפּגעשיידט פון זיי, און האָט זיך אומגעקערט קיין ירושָׁלַיִם. [14] זיי אָבער האָבן פאַרלאָזט פּערגאַ, און זענען געקומען קיין אַנטיאָכיע פון פּיסידיע. און שַׁבָּת זענען זיי אַרייַנגעגאַנגען אין דעם בֵּית־הַכּנֶסֶת, און האָבן זיך אַנידערגעזעצט. [15] און נאָך דעם לייענען די תּוֹרה און די נביאים, האָבן די גַבָּאים צו זיי געשיקט, אַזוי צו זאָגן: ברידער, אויב איר האָט עפּעס אַ מוסר־וואָרט פאַר דעם עוֹלם, טאָ זאָגטס. [16] און פּאָולוס איז אויפגעשטאַנען, און האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, און געזאָגט:

מענטשן פון יִשׂרָאֵל, און איר, וואָס האָט מוֹרא פאַר גאָט, הערט: [17] דער גאָט פון דעם דאָזיקן פאָלק יִשׂרָאֵל האָט אויסדערוויילט אונדזערע

אָבורט, און האָט דערהויבן דאָס פֿאָלק, בעת זיי זענען געזעסן אין דעם לאַנד מִצרַיִם, און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם האָט ער זיי אַרויסגעצויגן פֿון דאָרטן. [18] און אַרום פֿערציק יאָר האָט ער זיי געטראָגן אין דער מִדבר. [19] און אַז ער האָט פֿאַרטיליקט זיבן אומות אין דעם לאַנד כּנַעַן, האָט ער זיי געגעבן זייער לאַנד פֿאַר אַן אַרבטייל, אויף אַרום פֿיר הונדערט און פֿופֿציק יאָר. [20] און דערנאָך האָט ער זיי געגעבן שופֿטים ביז דעם נָביא שמוּאֵל. [21] און דערנאָכדעם האָבן זיי פֿאַרלאַנגט אַ מֶלך; און גאָט האָט זיי געגעבן שָׁאוּל בֶּן־קִישׁ, אַ מאַן פֿון דעם שֵׁבֶט בִּנְיָמין, אויף אַ צייט פֿון פֿערציק יאָר. [22] און אַז ער האָט אים אַראָפּגעזעצט, האָט ער אויפֿגעשטעלט דָוִדן צו זיין זייער מֶלך, פֿונוועגן וועמען ער האָט עֵדות געזאָגט: איך האָב געפֿונען דָוִד בֶּן־יִשַׁי, אַ מאַן נאָך מיין האַרץ, וואָס וועט טאָן מיין גאַנצן רָצוֹןא. [23] פֿון דעם דאָזיקן מענטשנס זאָמען האָט גאָט, לויט זיין הַבטָחה, געבראַכט צו יִשׂרָאֵל אַ גוֹאֵל, יֵשוּעַן, [24] נאָכדעם ווי יוֹחָנָן האָט פֿאַר זיין קומען קודם מבַשׂר געווען די טבילה פֿון תּשובה צו דעם גאַנצן פֿאָלק יִשׂרָאֵל. [25] און בעת יוֹחָנָן האָט געהאַלטן אין מַמלא זיין זיין גאַנג, האָט ער געזאָגט: וואָס מיינט איר בין איך? איך בין ניט ער. אָבער אָט קומט נאָך מיר איינער, וועמעס שיך איך בין ניט רָאוּי אויפֿצובינדן פֿון זיינע פֿיס.

[26] ברידער, קינדער פֿון דעם שטאַם פֿון אַבְרָהמען, און די צווישן אייך, וואָס האָבן מורא פֿאַר גאָט, צו אונדז איז געשיקט געוואָרן דאָס וואָרט פֿון דער דאָזיקער ישועה. [27] וואָרים די, וואָס וואוינען אין ירושָלַיִם, און זייערע עלטסטע, האָבן אים ניט דערקענט, און האָבן מַמלא געווען די רייד פֿון די נביאים, וואָס ווערן געלייענט יעדן שַׁבָּת, מיט דעם וואָס זיי האָבן אים פֿאַרמִשפּט. [28] און הַגַם זיי האָבן ניט געפֿונען אין אים קיין סִיבּה פֿאַר מִיתה, האָבן זיי דאָך פֿאַרלאַנגט פֿון פּילאַטוסן, אַז ער זאָל געטייט ווערן. [29] און אַז זיי האָבן אַלץ מַמלא געווען, וואָס סע שטייט געשריבן וועגן אים, האָבן זיי אים אַראָפּגענומען פֿון דעם בוים, און האָבן אים אַריינגעלייגט אין אַ קֶבר. [30] אָבער גאָט האָט אים מחַיֵה־מֵתִים געווען, [31] און ער האָט זיך אַ סַך טעג באַוויזן צו די, וואָס האָבן מיט אים עולה־רֶגל געווען פֿון גָלִיל קיין ירושָלַיִם, און וואָס זענען איצט זיינע עֵדות פֿאַר דעם פֿאָלק. [32] און מיר

א שמואל א׳ יג, 14; תהלים פט, 21.

ברענגען אײַך די גוטע בשׂורה פֿונוועגן דער הבֿטחה, וואָס איז צוגעזאָגט געוואָרן אונדזערע אָבֿות, [33] און וואָס גאָט האָט מקיים געווען פֿאַר אונדז, זייערע קינדער, מיט דעם וואָס ער האָט אױפֿגעוועקט יֵשוּעַן, ווי סע שטייט אויך געשריבן אין דעם צווייטן קאַפּיטל תּהילים:

דו ביסט מײַן זון,

הײַנט האָב איך דיך געבוירןא.

[34] און בנוגע דעם, וואָס ער האָט אים מחיה־מתים געווען, מער קיינמאָל ניט אומצוקערן זיך צו פֿאַרדאַרבונג, האָט ער גערעדט אויף אַזאַ אופֿן:

איך וועל אײַך געבן די הייליקע און געטרײַע חסדים פֿון דָוִדןב.

[35] דעריבער זאָגט ער אויך אין אַן אַנדער קאַפּיטל תּהילים:

דו וועסט ניט לאָזן דײַן הייליקן זען פֿאַרדאַרבונגג.

[36] וואָרים נאָכדעם ווי דָוִד האָט געדינט זײַן אייגענעם דור, איז ער פֿאַרגאַנגען, לויט נאָך דער עֵצה פֿון גאָט, און איז אײַנגעזאַמלט געוואָרן צו זײַנע פֿאָטערס, און האָט געזען פֿאַרדאַרבונג. [37] אָבער דער, וועמען גאָט האָט אויפֿגעוועקט, האָט ניט געזען קיין פֿאַרדאַרבונג. [38] דעריבער זאָלט איר וויסן, ברידער, אַז דורך דעם דאָזיקן מענטשן ווערט אײַך אָנגעזאָגט פֿאַרגעבונג פֿון זינד; [39] און דורך אים ווערט יעדער איינער, וואָס גלייבט, גערעכט־פֿאַרטיקט פֿון אַלצדינג, פֿון וואָס איר וואָלט ניט געקאָנט גערעכטפֿאַרטיקט ווערן דורך תּוֹרת־משה. [40] היט אײַך דעריבער, אַז סע זאָל אויף אײַך ניט קומען, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן אין די נבֿיאים:

[41] זעט, איר פֿאַראַכטער, וואונדערט אײַך, און קומט אום;

וואָרים איך טו אַ ווערק אין אײַערע טעג,

אַ ווערק, וואָס איר וועט ניט גלייבן,

אויב עמיצער וועט עס אײַך דערציילןד.

[42] און בעת זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, האָבן זיי געבעטן, אַז די דאָזיקע רייד זאָלן פֿאַר זיי גערעדט ווערן דעם אַנדערן שַבּת. [43] און אַז די עֵדה איז זיך צעגאַנגען, זענען אַ סך פֿון די ייִדן און פֿון די פֿרומע גֵרים נאָכגעגאַנגען פּאָולוסן און בר־נַבָּאן, וואָס האָבן צו זיי גערעדט, און זיי אָנגעזאָגט צו פֿאַרבלײַבן אין דעם חֶסֶד פֿון גאָט.

[44] און אויף דעם אַנדערן שַבּת איז זיך כּמעט די גאַנצע שטאָט צוזאַמענ־

א תּהלים ב, 7. ב ישעיה נה, 3. ג תּהלים טז, 10. ד חבקוק א, 5.

געקומען הערן דאָס וואָרט פֿון גאָט. 45 אָבער ווען די ייִדן האָבן געזען דעם
המון, זענען זיי געוואָרן פֿול מיט קִנאה, און האָבן אַנטקעגנגערעדט דאָס,
וואָס איז גערעדט געוואָרן דורך פּאָולוסן, און האָבן געלעסטערט. 46 און
פּאָולוס און בר־נַבָּא האָבן גערעדט מוטיק, און האָבן געזאָגט: עס איז
געווען נייטיק, אַז דאָס וואָרט פֿון גאָט זאָל קודם צו אײַך גערעדט ווערן;
נאָר אַזוי ווי איר פֿאַרשטויסט עס פֿון אײַך, און האַלט זיך פֿאַר ניט רָאוי
אויף דעם אייביקן לעבן, קערן מיר זיך דעריבער צו די גוֹיִים. 47 וואָרים
אַזוי האָט אונדז גאָט געבאָטן:

איך האָב דיך געשטעלט פֿאַר אַ ליכט פֿון די פֿעלקער,
כּדי דו זאָלסט זײַן אַ ישועה ביז צום עק פֿון דער ערדא.

48 און אַז יענע פֿון די פֿעלקער האָבן דאָס געהערט, האָבן זיי זיך
געפֿרייט, און האָבן געלויבט דאָס וואָרט פֿון גאָט; און וויפֿל עס זענען
געווען אָנגעברייט פֿאַר דעם אייביקן לעבן, האָבן געגלויבט. 49 און דאָס
וואָרט פֿון גאָט איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן איבער דער גאַנצער געגנט. 50 אָבער
די ייִדן האָבן אָנגערייצט די פֿרומע ווײַבער פֿון חָשובן שטאַנד, און די
עלטסטע פֿון דער שטאָט, און האָבן דערוועקט אַ רדיפֿה קעגן פּאָולוסן
און בר־נַבָּאן, און זיי האָבן זיי אַרויסגעטריבן פֿון זייער געגנט. 51 און זיי
האָבן אָפּגעטרעסלט קעגן זיי דעם שטויב פֿון זייערע פֿיס, און זענען
געקומען קיין איקאָניוּם. 52 און די תּלמידים זענען געווען פֿול מיט שׂמחה און
מיט דעם רוח־הַקוֹדֶש.

יד און עס איז געווען אין איקאָניוּם, אַז זיי זענען אינאיינעם אַרײַנגע־
גאַנגען אין דעם בית־הַכּנֶסֶת צו די ייִדן, און האָבן גערעדט אויף
אַזאַ אופֿן, אַז אַ גרויסער הַמון, סײַ פֿון ייִדן און סײַ פֿון גריכן, האָט
געגלויבט. 2 אָבער די ייִדן, וואָס האָבן ניט געגלויבט, האָבן אויפֿגערייצט
די געמיטער פֿון די גוֹיִים, און האָבן זיי דערצאָרנט קעגן די ברידער.
3 זיי זענען דעריבער פֿאַרבליבן אַ לאַנגע צײַט, און האָבן גערעדט מוטיק
אין דעם נאָמען פֿון גאָט, וואָס האָט מֵעיד געווען פֿאַר דעם וואָרט פֿון
זײַן חֶסֶד, מיט דעם באַווייליקן אַז צייכנס און וואונדער זאָלן געטאָן ווערן
דורך זייערע הענט. 4 און דאָס פֿאָלק פֿון דער שטאָט איז געווען צעטיילט;
טייל האָבן געהאַלטן מיט די ייִדן, און טייל מיט די שליחים. 5 און בעת

א ישעיה מט, 6.

עס איז געמאַכט געוואָרן אַן אָנפּאַל מצד די גויים און די ייִדן, מיט זייערע עלטסטע, זיי בייז צו טאָן און זיי צו פֿאַרשטיינען, [6] זענען זיי פֿון דעם געוואָר געוואָרן, און זענען אַנטרונען צו די שטעט פֿון לוקאָניע: ליסטראַ און דערבע, און זייער סבֿיבֿה; [7] און דאָרטן האָבן זיי אָנגעזאָגט די בשׂורה.

[8] און אין ליסטרע איז געזעסן איינער אַ מענטש, וואָס איז געווען שוואַך אויף זיינע פֿיס, אַ קאַליקע, וואָס איז קיינמאָל ניט געגאַנגען פֿון זיין מוטערס טראַכט אָן. [9] דער דאָזיקער האָט זיך צוגעהערט צו פּאָולוסן, בעת ער האָט גערעדט; און פּאָולוס האָט באַהעפֿט אָן אים זיינע אויגן, און געזען, אַז ער האָט אֱמונה צו ווערן געזונט, [10] האָט ער געזאָגט מיט אַ הויך קול: שטעל דיך גלייך אויף דיינע פֿיס. און ער איז אויפֿגעשפּרונגען און איז געגאַנגען. [11] און בעת דאָס פֿאָלק האָט געזען, וואָס פּאָולוס האָט געטאָן, האָבן זיי אויפֿגעהויבן זייער קול, און געזאָגט אין דעם לוקאָנישן לָשון: די געטער האָבן אַראָפּגענידערט צו אונדז אין דער געשטאַלט פֿון מענטשן. [12] און זיי האָבן גערופֿן בר־נַבָּאן צעאוס, און פּאָולוסן הערמעס, מַחמת ער איז געווען דער הויפּט־רעדנער. [13] און דער פּריסטער פֿון צעאוס, וואָס זיין טעמפּל איז געווען פֿאַר דער שטאָט, האָט געבראַכט אָקסן און קראַנצן צו די טויערן, און האָט געוואָלט מַקריבֿ זיין אינאיינעם מיט דעם פֿאָלק. [14] אָבער ווען די שליחים בר־נַבָּא און פּאָולוס האָבן פֿון דעם געהערט, האָבן זיי צעריסן זייערע קליידער, און זענען אַריינגעלאָפֿן צווישן דעם פֿאָלק, און האָבן אויסגערופֿן: [15] מענטשן, פֿאַרוואָס טוט איר דאָס? אויך מיר זענען מענטשן, מיט די זעלבע שוואַכקייטן ווי ביי אייך, און מיר ברענגען אייך גוטע בשׂורות, כּדי איר זאָלט זיך אָפּקערן פֿון די דאָזיקע פּוסטע זאַכן צום לעבעדיקן גאָט, וואָס האָט געמאַכט דעם הימל און די ערד און דעם ים, און אַלץ, וואָס עס איז אין זיי; [16] וואָס האָט אין די פֿריערדיקע דורות געלאָזט אַלע אומות גיין אין זייערע אייגענע דרָכים. [17] און דאָך האָט ער זיך ניט געלאָזט אָן עֵדות, מיט דעם, וואָס ער האָט געטאָן גוטס און האָט אייך געגעבן רעגן פֿון הימל און זעטיקע צייטן, און געטאָן אָנפֿילן אייערע הערצער מיט שפּייז און שׂמחה[א]. [18] און בעת זיי האָבן אַזוי גערעדט, איז זיי קוים געלונגען אָפּצוהאַלטן דאָס פֿאָלק פֿון מַקריבֿ זיין צו זיי.

[19] אָבער עס זענען אַהין אָנגעקומען ייִדן פֿון אַנטיאָכיע און איקאָניע;

[א] תהלים קמז, 8; ירמיה ה, 24.

און אַז זיי האָבן איבערגערעדט דאָס פֿאָלק, האָבן זיי פֿאַרשטיינט פּאָולוסן, און האָבן אים אַרויסגעשלעפּט פֿון דער שטאָט, ווייל זיי האָבן געמיינט, אַז ער איז טויט. [20] אָבער ווען די תּלמידים זענען געשטאַנען אַרום אים, איז ער אויפֿגעשטאַנען, און איז אַרײַנגעגאַנגען אין דער שטאָט; און אויף מאָרגן איז ער אַוועקגעגאַנגען מיט בר־נבֿאן קיין דערבע. [21] און בעת זיי האָבן אין יענער שטאָט אָנגעזאָגט די בשׂורה, און געמאַכט אַ סך תּלמידים, האָבן זיי זיך אומגעקערט קיין ליסטרע, און קיין איקאָניע, און קיין אַנטיאָכיע, [22] און האָבן געטאָן שטאַרקן די געמיטער פֿון די תּלמידים, און זיי מזהיר געווען צו האַלטן זיך אין דער אֱמונה, און אַז דורך אַ סך ליידן מוזן מיר אַרײַנקומען אין דעם מלכות פֿון גאָט. [23] און בעת זיי האָבן פֿאַר זיי געזעצט עלטסטע אין יעדער קהילה, האָבן זיי מתפּלל געווען און געטאָן פֿאַסטן, און האָבן זיי איבערגעענטפֿערט צו דעם האַר, אין וועמען זיי האָבן געגלויבט.

[24] און זיי זענען דורכגעגאַנגען דורך פּיסידיע, און זענען געקומען קיין פּאַמפֿיליע. [25] און נאָכדעם ווי זיי האָבן גערעדט דאָס וואָרט אין פּערגאַ, האָבן זיי אַראָפּגענידערט קיין אַטאַליע. [26] און פֿונדאַנען זענען זיי געקומען מיט אַ שיף קיין אַנטיאָכיע, פֿונוואַנען זיי זענען איבערגעענטפֿערט געוואָרן צו דעם חסד פֿון גאָט פֿונוועגן דעם ווערק, וואָס זיי האָבן מקיים געווען. [27] און אַז זיי זענען אָנגעקומען, האָבן זיי פֿאַרזאַמלט די קהילה, און האָבן איבערגעחזרט אַלצדינג, וואָס גאָט האָט מיט זיי געטאָן, און אַז ער האָט געעפֿנט אַ טיר פֿון אֱמונה פֿאַר די גויים. [28] און זיי זענען געבליבן מיט די תּלמידים אַ לענגערע צייט.

טו און עטלעכע מענטשן האָבן אַראָפּגענידערט פֿון יהודה און האָבן געלערנט די ברידער: אויב איר ווערט ניט געמלט ווערן כּדת משה, וועט איר ניט ניצול ווערן. [2] און בעת פּאָולוס און בר־נבֿא האָבן מיט זיי געהאַט גרויסע חילוקי־דעות און אַ וויכּוח, האָט מען באַשלאָסן, אַז פּאָולוס און בר־נבֿא און עטלעכע אַנדערע פֿון זיי, זאָלן אַרויפֿגיין קיין ירושלים צו די שליחים און זקנים פֿונוועגן דער דאָזיקער שאלה. [3] און נאָכדעם ווי זיי זענען באַגלייט געוואָרן אויף זייער וועג פֿון דער קהילה, זענען זיי דורכגעגאַנגען דורך פֿעניקיע און דורך שומרון, און האָבן דערציילט פֿון דעם מגייר זײַן זיך פֿון די גויים, און האָבן פֿאַרשאַפֿט אַלע ברידער גרויס

פרייד. [4] און ווען זיי זענען געקומען קיין ירושָלַיִם, זענען זיי אויפגענומען געוואָרן פון דער קהִילה און פון די שליחים און די זקֵנים, און זיי האָבן דערציילט אַלצדינג, וואָס גאָט האָט מיט זיי געטאָן. [5] אָבער עס זענען אויפ־געשטאַנען עטלעכע מַאמינים פון דער כִּיתּה פון די פּרושים, און האָבן געזאָגט: מע מוז זיי מַל זיין, און זיי באַפעלן צו האַלטן תּוֹרת־משה.

[6] און די שליחים און די זקֵנים זענען זיך צוזאַמענגעקומען צו באַטראַכטן דעם דאָזיקן ענין. [7] און עס איז געווען, בעת די מַחלוֹקה האָט זיך געשטאַרקט, איז אויפגעשטאַנען פּעטרוס, און האָט צו זיי געזאָגט: ברידער, איר ווייסט, אַז מיט אַ לענגערער צייט צוריק האָט גאָט פון צווישן אייך אויסדערוויילט, אַז דורך מיין מויל זאָלן די גויים הערן דאָס וואָרט פון דער בשורה, און גלויבן. [8] און גאָט, וואָס פאַרשטייט דאָס האַרץ, האָט זיי מֵעיד געווען, מיט זיין געבן זיי דעם רוח־הַקודֶש, אַזויווי ער האָט עס געטאָן צו אונדז. [9] און ער האָט ניט געמאַכט קיין חִילוק צווישן אונדז און זיי, נייערט האָט דורך דער אֶמונה געריייניקט זייערע הערצער. [10] און איצט, פאַרוואָס פּרואווט איר גאָט, און טוט אַרויפלייגן אַ יאָך אויף דעם נאַקן פון די תַּלמידים, וואָס ניט אונדזערע אָבות און ניט מיר האָבן געקענט דערטראָגן? [11] מיר גלויבן אָבער, אַז מיר וועלן ניצול ווערן דורך דעם חֶסֶד פון דעם האַר יֵשוּעַ אויף דעם זעלבן אופן ווי זיי.

[12] און די גאַנצע עֵדה האָט שטילגעשוויגן; און זיי האָבן זיך צוגעהאָרכט צו בַּר־נַבָּאן און פּאָולוסן, בעת זיי האָבן דערציילט וואָסערע צייכנס און וואונדער גאָט האָט דורך זיי געטאָן צווישן די גויים. [13] און נאָכדעם ווי זיי האָבן שטילגעשוויגן, האָט יַעקֹב געענטפערט, אַזוי צו זאָגן: ברידער, הערט זיך צו צו מיר: [14] שִמעוֹן האָט דערציילט, וויאַזוי גאָט האָט זיך צוערשט באַוויזן צו די אומות, אַרויסצונעמען פון צווישן זיי אַ פאָלק פון זיין נאָמען וועגן. [15] און דערמיט שטימען איין די רייד פון די נביאים, ווי סע שטייט געשריבן:

[16] נאָכדעם וועל איך מיך אומקערן,
און ווידער אויפבויען דאָס איינגעפאַלענע געצעלט פון דָוִדן,
און נאָכאַמאָל אויפבויען זיינע חורבות,
און עס אויפשטעלן,
[17] כּדי די איבערבלייבונג פון די מענטשן זאָל פאָרשטן גאָט,

און אַלע אומות, אויף וועמען מיין נאָמען ווערט גערופֿן,
[18] זאָגט גאָט, וואָס טוט דאָס באַקאַנט מאַכן פֿון פֿאַרצייטן אָן[א].
[19] דעריבער איז מיין מִשפּט, אַז מיר זאָלן ניט באַלעסטיקן די, וואָס קערן זיך פֿון צווישן די אומות צו גאָט, [20] נייערט צו שרייבן צו זיי, אַז זיי זאָלן זיך צוריקהאַלטן פֿון די אומווערדיקייטן פֿון די אָפּגעטער, און פֿון זנות, און פֿון דעם, וואָס סע איז דערוואָרגן געוואָרן, און פֿון בלוט. [21] וואָרים משה האָט פֿון אַמאָליקע דורות אָן אין יעדער שטאָט די, וואָס דַרשענען אים, בעת ער ווערט געלייענט אין די בָּתֵּי־כּנֵסִיות יעדן שַבת.
[22] דעמאָלט איז עס וואוילגעפֿעלן געוואָרן די שלִיחים און די זקֵנים, מיט דער גאַנצער עֵדה, אויסצודערוויילן מענטשן פֿון צווישן זיי, און זיי צו שיקן מיט פּאָולוסן און בַּר־נַבָּאן קיין אַנטיאָכיע, הַיינו, יהודהן, וואָס איז גערופֿן געוואָרן בַּר־שַבָּא, און סילאַן, אָנגעזעענע מענטשן צווישן די ברידער. [23] און זיי האָבן דורך זיי אַזוי געשריבן: די שלִיחים און די זקֵנים, ווי ברידער צו ברידער, וואָס זענען פֿון די אומות אין אַנטיאָכיע און סיריע און קיליקיע, שָלום. [24] אַזוי ווי מיר האָבן געהערט, אַז עטלעכע פֿון אונדזער מיט, וועמען מיר האָבן ניט געגעבן קיין באַפֿעל, האָבן אייך מַצער געווען מיט רייד, און האָבן אייך אָנגעטאָן יסורים, [25] איז עס אונדז וואוילגעפֿעלן געוואָרן, נאָכדעם ווי מיר זענען געקומען צו אַ באַשלוס, צו שיקן צו אייך אויס־דערוויילטע מענטשן, מיט אונדזער באַליבטן בַּר־נַבָּאן און פּאָולוסן, [26] מענטשן, וואָס האָבן זיך מוסר־נֶפֶש געווען פֿאַר דעם נאָמען פֿון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. [27] מיר האָבן דעריבער געשיקט יהודהן און סילאַן, וואָס וועלן אייך דאָס אייגענע איבערגעבן פֶּה־אֶל־פֶּה. [28] וואָרים עס איז וואוילגעפֿעלן געוואָרן דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש, און אונדז, ניט אַרויפֿצולייגן אויף אייך קיין גרעסערע מַשׂא, אַחוץ די דאָזיקע נייטיקע זאַכן: [29] אַז איר זאָלט אייך צוריקהאַלטן פֿון קָרבָּנות, וואָס מע האָט מַקריב געווען פֿאַר אָפּגעטער, און פֿון בלוט, און פֿון זאַכן דערוואָרגענע, און פֿון זנות. אויב איר וועט אייך פֿון דעם אָפּהיטן, וועט אייך זיין גוט. שָלום צו אייך.
[30] און אַז מע האָט זיי אַוועקגעשיקט, האָבן זיי אַראָפּגענידערט קיין אַנטיאָכיע; און נאָכדעם ווי זיי האָבן פֿאַרזאַמלט די עֵדה, האָבן זיי זיי איבערגעגעבן דעם בריוו. [31] און בעת זיי האָבן אים געלייענט, האָבן זיי זיך

[א] עמוס ט, 11, 12.

געפרייט פונוועגן דער נחָמה. [32] און יהודה און סילאַ, וואָס זענען אַליין אויך געווען נביאים, האָבן געטרייסט די ברידער מיט אַ סך רייד, און זיי געשטאַרקט. [33] און נאָכדעם ווי זיי האָבן דאָרטן פאַרבראַכט אַ קורצע צייט, האָבן די ברידער זיי אַוועקגעשיקט בשָלום צו יענע, וואָס האָבן זיי אַרויסגעשיקט. [34] און סילאַ האָט באַשלאָסן דאָרט צו בלייבן. [35] און פּאָולוס און בר־נַבָּא זענען פאַרבליבן אין אַנטיאָכיע, און האָבן געלערנט און אָנגעזאָגט אינאיינעם מיט אַ סך אַנדערע דאָס וואָרט פון גאָט.

[36] און אין עטלעכע טעג אַרום האָט פּאָולוס געזאָגט צו בר־נַבָּאן: לאָמיר זיך אומקערן און באַזוכן די ברידער אין יעדער שטאָט, וואו מיר האָבן אָנגעזאָגט דאָס וואָרט פון גאָט, און זען וויאַזוי סע גייט זיי. [37] און בר־נַבָּא האָט בדֵעה־ געהאַט מיטצונעמען אויך יוֹחָנָן, וועמען מען האָט גערופן מאַרקוס. [38] אָבער פּאָולוס האָט גערעכנט, אַז עס איז ניט רעכט מיטצונעמען מיט זיך דעם, וואָס האָט זיי פאַרלאָזט אין פּאַמפיליע, און איז ניט צוגעשטאַנען מיט זיי צו דעם ווערק. [39] און עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ שאַרפער רוֹגֶז, אַזוי, אַז זיי האָבן זיך אָפּגעשיידט איינער פון דעם אַנדערן, און בר־נַבָּא האָט גענומען מיט זיך מאַרקוסן, און איז אָפּגעפאָרן קיין קיפּרוס. [40] אָבער פּאָולוס האָט זיך אויסדערוויילט סילאַן, און איז אַוועקגעגאַנגען, און די ברידער האָבן אים איבערגעגעבן צו דעם חֶסֶד פון גאָט. [41] און ער איז געגאַנגען דורך סיריע און קיליקיע, און האָט געשטאַרקט די קהִילות.

טז און ער איז אויך געקומען קיין דערבע און קיין ליסטרע. און אָט איז דאָרט געווען איינער אַ תַּלמיד מיטן נאָמען טימאָטעאוס, דער זון פון אַ יידישער פרוי, וואָס האָט געגלויבט, אָבער זיין פאָטער איז געווען אַ גריך. [2] דער דאָזיקער האָט געהאַט אַ גוטן שֵם ביי די ברידער אין ליסטרע און איקאָניע. [3] און פּאָולוס האָט געוואָלט, אַז ער זאָל מיט אים מיטגיין; און ער האָט אים גענומען און האָט אים מַל געווען צוליב די יידן, וואָס זענען געווען אין יענע מקוֹמוֹת, וואָרים זיי האָבן אַלע געוואוסט, אַז זיין פאָטער איז געווען אַ גריך. [4] און ווי זיי זענען דורכגעגאַנגען דורך די שטעט, האָבן זיי זיי אָנגעזאָגט צו היטן די חוקים, וואָס זענען באַשלאָסן געוואָרן פון די שליחים און זקֵנים אין ירושָלַיִם. [5] און אַזוי זענען די קהִילות

געשטאַרקט געוואָרן אין דער אֱמונה, און האָבן זיך פֿאַרמערט אין צאָל פֿון טאָג צו טאָג.

[6] און זיי זענען דורכגעגאַנגען דורך דער געגנט פֿון פֿריגיע און גאַלאַטיע, ווייל זיי זענען פֿון דעם רוח־הַקודֶש פֿאַרווערט געוואָרן צו רעדן דאָס וואָרט אין אַזיע. [7] און אַז זיי זענען געקומען קיין מוסיע, האָבן זיי געוואָלט גיין קיין ביטוניע, נאָר דער גייסט פֿון יֵשוּעַ האָט זיי ניט געלאָזן. [8] און זיי זענען פֿאַרבײַגעגאַנגען מוסיע, און זענען אַראָפּגעקומען קיין טראָאַס. [9] און אַ זעאונג האָט זיך אַנטפּלעקט צו פּאָולוסן בײַנאַכט: אַ מענטש פֿון מאַקעדאָניע איז געשטאַנען און האָט אים געבעטן, אַזוי צו זאָגן: קום אַריבער קיין מאַקעדאָניע, און העלף אונדז. [10] און אַז ער האָט געזען די זעאונג, האָבן מיר תֵּיכף געזוכט אַוועקצוגיין קיין מאַקעדאָניע, וואָרים מיר האָבן געדרונגען, אַז גאָט האָט אונדז גערופֿן מבַשׂר צו זײַן פֿאַר זיי די בשׂורה.

[11] און בעת מיר זענען אָפּגעפֿאָרן פֿון טראָאַס, זענען מיר געקומען מיט אַ גלײַכן וועג קיין סאַמאָטראַקיע, און אויפֿן אַנדערן טאָג קיין נעאַפּאָליס, [12] און פֿונדאַנען קיין פֿיליפּיי, וואָס איז די הויפּט־שטאָט פֿון דעם געביט פֿון מאַקעדאָניע, און אַ רוימישע קאָלאָניע. און מיר זענען געבליבן אין דער דאָזיקער שטאָט עטלעכע טעג. [13] און שַבת זענען מיר אַרויסגעגאַנגען דורך דעם טויער צו אַ טײַך, וואו מיר האָבן געמיינט עס איז געווען אַ מָקוֹם־תּפִלה; און מיר האָבן זיך אַנידערגעזעצט, און גערעדט צו די פֿרויען, וואָס זענען זיך צונויפֿגעקומען. [14] און איינע אַ פֿרוי, מיטן נאָמען לידיע, אַ קרעמערין פֿון פּורפּור פֿון דער שטאָט טיִאַטירע, וואָס האָט געדינט גאָט, האָט זיך צו אונדז צוגעהערט. און גאָט האָט געעפֿנט איר האַרץ צו פֿאַרנעמען די רייד, וואָס זענען דורך פּאָולוסן גערעדט געוואָרן. [15] און אַז זי איז געטוֹבלט געוואָרן, מיט איר בְּנֵי־בַּיִת, האָט זי אונדז געבעטן, אַזוי צו זאָגן: אויב איר האַלט מיך פֿאַר אַ מַאמֶנֶת אין דעם האַר, טאָ קומט און שטייט איין אין מײַן הויז. און זי האָט אונדז שטאַרק געבעטן.

[16] און עס איז געווען, בעת מיר זענען געגאַנגען צו דעם מָקוֹם־תּפִלה, אַז אונדז האָט באַגעגנט אַ דינסטמיידל, וואָס האָט געהאַט אַ גייסט פֿון וואָרזאָגן, און וואָס האָט מיט איר וואָרזאָגן אַרײַנגעבראַכט אירע האַרן אַ גרויסן פֿאַרדינסט. [17] און זי איז נאָכגעגאַנגען פּאָולוסן און אונדז, און האָט געשריגן: אָט־די מענטשן זענען קנעכט פֿון דעם אֵל־עֶליוֹן, וואָס טוען פֿאַר

איך אָנזאָגן דעם וועג פֿון ישועה. [18] און דאָס האָט זי געטאָן אַ סך טעג. אָבער פּאָולוס האָט זיך מצער־געווען, און האָט זיך אויסגעדרייט און געזאָגט צו דעם גייסט: איך באַפֿעל דיר אין דעם נאָמען פֿון יֵשוּעַ הַמָשיחַ אַרויסצוגיין פֿון איר. און ער איז אַרויס די זעלבע שָעה.

[19] און ווען אירע האַרן האָבן געזען, אַז די האָפֿענונג אויף זייער פֿאַרדינסט איז פֿאַרלוירן געגאַנגען, האָבן זיי געכאַפּט פּאָולוסן און סילאַן, און האָבן זיי אַוועקגעשלעפּט אין מאַרק אַריין פֿאַר די שָׂרים. [20] און אַז זיי האָבן זיי געבראַכט פֿאַר די ריכטער, האָבן זיי געזאָגט: די דאָזיקע מענטשן, וואָס זענען ייִדן, טוען אָן גרויסע צָרות אונדזער שטאָט, [21] און פֿירן איין מִנהָגים, וואָס מיר טאָרן ניט אָננעמען, אָדער אָפּהיטן, ווייל מיר זענען רוימער. [22] און דאָס פֿאָלק איז אינאיינעם אויפֿגעשטאַנען קעגן זיי; און די ריכטער האָבן פֿון זיי אַראָפּגעריסן די מַלבּושים, און באַפֿוילן זיי צו שמייסן מיט ריטער. [23] און נאָכדעם ווי זיי האָבן זיי געגעבן אַ סך שמיץ, האָבן זיי זיי אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער תּפֿיסה, און באַפֿוילן דעם שומר זיי גוט צו היטן; [24] און אַז ער האָט געקריגן אַזאַ באַפֿעל, האָט ער זיי אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער אינעווייניקסטער תּפֿיסה, און אײַנגעשלאָסן זייערע פֿיס אין קלעצער.

[25] אָבער קעגן האַלבער נאַכט האָבן פּאָולוס און סילאַ מִתפּלל געווען און געזונגען לויבלידער צו גאָט, און די געפֿאַנגענע האָבן זיך צוגעהערט צו זיי. [26] און פּלוצום איז געוואָרן אַ גרויס ערדציטערניש, אַזוי, אַז די יסודות פֿון דער תּפֿיסה האָבן זיך געטרייסלט; און אַלע טירן זענען תּיכּף געעפֿנט געוואָרן, און אַלעמענס קייטן זענען לויז געוואָרן. [27] און ווי דער שומר האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף, און געזען די תּפֿיסה־טירן אָפֿן, האָט ער געצויגן זיין שווערד און איז געווען גרייט זיך אַליין צו טייטן, ווייל ער האָט געמיינט, אַז די געפֿאַנגענע זענען אַנטלאָפֿן. [28] אָבער פּאָולוס האָט געשריגן מיט אַ הויך קול, אַזוי צו זאָגן: טו דיר ניט קיין שום שלעכטס, וואָרים מיר זענען אַלע דאָ. [29] און ער האָט פֿאַרלאַנגט אַ ליכט, און איז אַרײַנגעשפּרונגען, און אַ ציטערנדיקער איז ער אַנידערגעפֿאַלן פֿאַר פּאָולוסן און סילאַן, [30] און ער האָט זיי אַרויסגעפֿירט, און געזאָגט: האַרן, וואָס מוז איך טאָן, כּדי געראַטעוועט צו ווערן? [31] און זיי האָבן געזאָגט: גלויב אין דעם האַר יֵשוּעַ, און דו וועסט געראַטעוועט ווערן, דו און דיין הויז. [32] און זיי האָבן גערעדט צו אים דאָס וואָרט פֿון גאָט, און צו אַלע, וואָס זענען

געווען אין זיין הויז. 33 און ער האָט זיי גענומען אין יענער שָעה פון דער
נאַכט, און האָט אָפּגעוואַשן זייערע שראַמען, און ער איז תּיכּף געטובלט
געוואָרן, ער און אַלע זײַניקע. 34 און ער האָט זיי אַרויפגעבראַכט צו זיך
אין הויז אַרײַן, און האָט געגרייט פֿאַר זיי שפּייז, און האָט זיך שטאַרק
געפרייט מיט זיין גאַנצן הויז, ווייל ער איז געוואָרן אַ מאַמין אין גאָט.
35 און בעת עס איז געוואָרן טאָג, האָבן די ריכטער געשיקט די
שוטרים, אַזוי צו זאָגן: לאָז גיין יענע מענטשן. 36 און דער שומר פון דער
תּפיסה האָט געמאָלדן פּאָולוסן די רייד, אַזוי צו זאָגן: די ריכטער האָבן
געשיקט, אַז מע זאָל אייך לאָזן גיין; דעריבער, קומט אַרויס, און גייט בשלום.
37 אָבער פּאָולוס האָט צו זיי געזאָגט: זיי האָבן אונדז עפנטלעך געשלאָגן, אָן
דין און משפּט, מענטשן, וואָס זענען רוימער, און האָבן אונדז אַרײַנגעוואָרפן
אין דער תּפיסה; און איצט וואַרפן זיי אונדז אַרויס בסתר? ניין! זאָלן
זיי אַליין קומען און אונדז אַרויספירן. 38 און די שוטרים האָבן געמאָלדן
די ריכטער די דאָזיקער רייד. און זיי האָבן זיך דערשראָקן, ווען זיי האָבן
געהערט, אַז זיי זענען רוימער; 39 און זיי זענען געקומען און האָבן זיי
איבערגעבעטן. און זיי האָבן זיי אַרויסגעפירט, און האָבן זיי געבעטן צו
פאַרלאָזן די שטאָט. 40 און זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון דער תּפיסה, און
זענען אַרײַנגעגאַנגען צו לידיען; און אַז זיי האָבן געזען די ברידער, האָבן
זיי זיי געטרייסט, און זענען אַוועקגעגאַנגען.

**יז** און נאָכדעם ווי זיי זענען דורכגעגאַנגען אַמפיפּאָליס און אַפּאָלאָניע,
זענען זיי געקומען קיין טעסאַלאָניקע, וואו עס איז געווען אַ יידיש בית־
הכּנסת. 2 און ווי זיין מנהג איז געווען, איז פּאָולוס צו זיי אַרײַנגעגאַנגען,
און האָט דריי שבּתים זיך מיט זיי מתווכּח געווען פון די כּתבי־הקודש, 3 האָט
זיי געעפנט און באַווייזן, אַז דער משיח האָט געמוזט ליידן, און ווידער
אויפשטיין פון די טויטע, און אַז דער דאָזיקער ישוע, וועמען איך בין מבשׂר
פאַר אייך, איז דער משיח. 4 און עטלעכע פון זיי האָבן זיך געלאָזט
איבערצייגן, און זענען צוגעשטאַנען צו פּאָולוסן און סילאַן; און אויך אַ סך
פון די פרומע גריכן, און פון די חשובע פרויען אויך ניט קיין קליינע צאָל.
5 אָבער די יידן האָבן זיי מקנא געווען, און האָבן גענומען מיט זיך עטלעכע
פאַרדאָרבענע מאַרק־יונגען, און האָבן פאַרזאַמלט אַן עולם, און געמאַכט
אַ גערודער אין דער שטאָט; און זיי האָבן אַרומגערינגלט דאָס הויז פון

יאַזאָנען, און האָבן זיי געוואָלט אַרויסברענגען פֿאַר דעם פֿאָלק. [6] און אַז זיי האָבן זיי ניט געפֿונען, האָבן זיי געשלעפּט יאַזאָנען און עטלעכע ברידער פֿאַר די עלטסטע פֿון דער שטאָט, און האָבן געשריגן: די דאָזיקע לייט, וואָס האָבן איבערגעקערט די וועלט, זענען אויך געקומען אַהער, [7] און יאַזאָן האָט זיי אויפֿגענומען; און זיי אַלע ווידערשפּעניקן קעגן די געזעצן פֿון דעם קיסר, מחמת זיי זאָגן, אַז ס׳איז פֿאַראַן אַן אַנדערער מלך, ישוע. [8] און זיי האָבן דערצערנט דאָס פֿאָלק און די עלטסטע פֿון דער שטאָט, בעת זיי האָבן דאָס געהערט. [9] און נאָכדעם ווי זיי האָבן גענומען אַ גוטזאָגעריי פֿון יאַזאָנען און די איבעריקע, האָבן זיי זיי אָפּגעלאָזט.

[10] און די ברידער האָבן תּיכּף בײַנאַכט אַוועקגעשיקט פּאָולוסן און סילאַן קיין בעריִע; און ווען זיי זענען אָנגעקומען אַהין, זענען זיי אַרײַנגעגאַנגען אין דעם ייִדישן בית־הכּנסת. [11] און די דאָזיקע זענען געווען איידעלער פֿון יענע אין טעסאַלאָניקע, וואָרים זיי האָבן מקבּל געווען דאָס וואָרט מיט כּוונה, און האָבן טאָג־טעגלעך געפֿאָרשט די כּתבֿי־הקודש, צי די זאַכן זענען טאַקע אַזוי. [12] אַ סך פֿון זיי האָבן דעריבער געגלויבט, און אויך פֿון די גריכישע פֿרויען פֿון חשובֿן שטאַנד, און פֿון מענער איז די צאָל געווען ניט קיין קליינע. [13] אָבער ווען די ייִדן פֿון טעסאַלאָניקע זענען געוואָר געוואָרן, אַז אויך אין בעריִע האָט פּאָולוס אָנגעזאָגט דאָס וואָרט פֿון גאָט, זענען זיי אויך געקומען אַהין, און האָבן באַאומרואיקט און אויפֿגעהעצט דאָס פֿאָלק. [14] און דעמאָלט האָבן די ברידער תּיכּף אַוועקגעשיקט פּאָולוסן צו גיין אַזוי ווייט ווי ביזן ים; און סילאַ און טימאָטעאוס זענען נאָך פֿאַרבליבן דאָרטן. [15] און די, וואָס האָבן באַגלייט פּאָולוסן, האָבן אים געבראַכט אַזוי ווייט ווי אַטען; און נאָכדעם ווי זיי האָבן באַקומען אַ באַפֿעל פֿאַר סילאַן און טימאָטעאוסן, אַז זיי זאָלן קומען צו אים וואָס גיכער, זענען זיי אַוועקגעגאַנגען.

[16] און בשעת פּאָולוס האָט אויף זיי געוואַרט אין אַטען, איז זײַן געמיט אין אים פֿאַרביטערט געוואָרן, בעת ער האָט געזען די שטאָט פֿול מיט אָפּגעטער. [17] און ער האָט זיך מפֿלפּל געווען אין דעם בית־הכּנסת מיט די ייִדן און מיט די יראי־שמים, און אין דעם מאַרק יעדן טאָג מיט די, וואָס ער האָט באַגעגנט. [18] און אויך עטלעכע פֿון די עפּיקורײַעשע און סטאָיִשע פֿילאָזאָפֿן האָבן זיך מיט אים מתווכּח געווען. און טייל האָבן

געזאָגט: וואָס מיינט דער דאָזיקער פּלאַפּלער צו זאָגן? אַנדערע האָבן געזאָגט: ער ווייזט אויס צו זיין אַ מבֿשׂר פֿון פֿרעמדע אָפּגעטער, — מחמת ער האָט געדרשנט וועגן יֵשוּעַן און תּחִיַת־הַמֵתים. [19] און זיי האָבן אים גענומען, און האָבן אים געבראַכט צו דעם אַרעאָפּאַגוס, און געזאָגט: קענען מיר אֶפשר וויסן, וואָס עס איז אַזוינס די נייע לערנונג, וואָס ווערט פֿון דיר געלערנט? [20] וואָרים דו ברענגסט עפּעס מאָדנע זאַכן צו אונדזערע אויערן; מיר וואָלטן דעריבער וועלן וויסן, וואָס די דאָזיקע זאַכן באַטײַטן. [21] און אַלע אַטענער און די פֿרעמדע, וואָס האָבן דאָרט געוואוינט, האָבן זייער צייט פֿאַרבראַכט ניט אַנדערש, ווי אין דערציילן, אָדער אין הערן עפּעס אַ נייע זאַך.

[22] און פּאָולוס איז געשטאַנען אין דער מיט פֿון דעם אַרעאָפּאַגוס, און האָט געזאָגט: מענטשן פֿון אַטען, אין אַלצדינג זע איך, אַז איר האָט שטאַרק מוֹרא פֿאַר די געטער. [23] וואָרים ווען איך בין פֿאַרבײַגעגאַנגען, און האָב באַטראַכט אייערע הייליקטימער, האָב איך אויך געפֿינען אַ מִזבֵּחַ מיט דער דאָזיקער אויפֿשריפֿט: צו אַן אומבאַקאַנטן גאָט. בכֵן, דאָס וואָס איר דינט אומוויסנדיקערהייט, דאָס דאָזיקע זאָג איך אייך אָן. [24] גאָט, וואָס האָט געמאַכט די וועלט און אַלצדינג דערינען, ער, וואָס איז האַר פֿון הימל און ערד, טוט ניט וואוינען אין קיין טעמפּלען, געמאַכט דורך מענטשן; [25] ער ווערט אויך ניט באַדינט דורך מענטשן־הענט, גלייך ער וואָלט עפּעס נייטיק געהאַט, מחמת ער אַליין גיט אַלעמען לעבן, און אָטעם, און אַלצדינג. [26] און ער האָט געמאַכט פֿון איין בלוט יעדע מענטשלעכע אומה צו וואוינען אויף דעם גאַנצן פּנים פֿון דער ערד, בעת ער האָט פֿעסטגעזעצט זייערע באַשטימטע צייטן, און די גרעניצן פֿון זייער באַוואוינאָרט, [27] כּדי זיי זאָלן זוכן גאָט, אֶפשר וועלן זיי אים פּילן און געפֿינען, הַגַם ער איז ניט ווייט פֿון יעדן איינעם פֿון אונדז. [28] וואָרים אין אים לעבן מיר, און באַוועגן זיך, און האָבן אונדזער קִיום; ווי אַפֿילו עטלעכע פֿון אייערע אייגענע דיכטער האָבן געזאָגט:

וואָרים מיר זענען אויך זיין אָפּשטאַם.

[29] בכֵן, ווייל מיר זענען דער אָפּשטאַם פֿון גאָט, דאַרפֿן מיר ניט מיינען, אַז די גאָטהייט איז געגליכן צו גאָלד, אָדער זילבער, אָדער שטיין, וואָס איז אויסגעקריצט דורך דעם ווערק און הַשָׂגה פֿון מענטשן. [30] דעריבער

האָט גאָט פאַרזען די צייטן פון אומוויסנדיקייט, אָבער איצטער טוט ער
באַפעלן אַלע מענטשן, אַז זיי זאָלן אומעטום תשובה טאָן; 31 ווייל ער האָט
באַשטימט אַ טאָג, אין וועלכן ער וועט מְשַפטן די וועלט אין רעכטפאַרטיקייט
דורך דעם מענטשן, וועמען ער האָט באַשטימט, און ער האָט מַבטִיחַ געווען
אַלע מענטשן, מיט דעם וואָס ער האָט אים מחַיֶה־מֵתים געווען.

32 און ווען זיי האָבן געהערט פון תחִיַת־הַמֵתים, האָבן טייל חוזק
געמאַכט; אָבער אַנדערע האָבן געזאָגט: מיר ווילן דיך בנוֹגֵעַ דעם ווידער
אַמאָל הערן. 33 אַזוי איז פאָולוס אַרויסגעגאַנגען פון צווישן זיי. 34 אָבער
עטלעכע מענטשן האָבן זיך באַהעפט אָן אים, און האָבן געגלויבט; צווישן
זיי איז אויך געווען דיאָניזיוס דער אַרעאָפאַגיט, און אַ פרוי מיטן נאָמען
דאַמאַריס, און אַנדערע מיט זיי.

יח און נאָכדעם האָט ער אָפגעקערט פון אַטען, און איז געקומען קיין
קאָרינט. 2 און ער האָט געפונען איינעם אַ ייִדן מיטן נאָמען עַקִילַס,
וואָס האָט געשטאַמט פון פאָנטוס, און וואָס איז ניט לאַנג געקומען פון
איטאַליע מיט זיין ווייב פריסקילע, מַחמַת קלאָודיוס האָט באַפוילן אַלע ייִדן
צו פאַרלאָזן רוים. און ער איז געקומען צו זיי, 3 און מַחמַת ער איז געווען
פון דער זעלבער מְלָאכה, איז ער געבליבן מיט זיי, און זיי האָבן געאַרבעט
צוזאַמען, וואָרים ביי זייער מְלָאכה זענען זיי געווען געצעלטנמאַכער. 4 און
ער האָט זיך מִתוַכֵחַ געווען אין דעם בֵית־הַכְּנֶסֶת יעדן שַבָּת, און האָט
איבערגעצייַגט ייִדן און גריכן.

5 אָבער ווען סילאַ און טימאָטעאוס זענען אַראָפּגעקומען פון מאַקעדאָניע,
האָט זיך פאָולוס שטאַרק געמִיט פאַר דעם וואָרט, און האָט עֵדות געזאָגט
פאַר די ייִדן, אַז יֵשוּעַ איז דער מָשִיחַ. 6 און אַז זיי האָבן זיך אַנטקעגן
געשטעלט און געלעסטערט, האָט ער אָפּגעטרעסלט זיין מַלבוש, און האָט צו
זיי געזאָגט: אייער בלוט זאָל זיין אויף אייערע אייגענע קעפ! איך בין
ריין; פון איצט אָן וועל איך גיין צו די גוֹיִים. 7 און ער האָט אָפּגעקערט
פון דאָרטן, און איז אַרייַנגעגאַנגען אין דעם הויז פון איינעם אַ מענטשן
מיטן נאָמען טיציוס יוסטוס, וואָס האָט געדינט גאָט, און וועמעס הויז איז
געשטאַנען נאָענט צום בֵית־הַכְּנֶסֶת. 8 און קריספוס, דער גַבַאי פון דעם
בֵית־הַכְּנֶסֶת, מיט זיין גאַנצן הויז, האָבן געגלויבט אין דעם האַר; און אַ סַך
פון די קאָרינטער, בעת זיי האָבן געהערט פאָולוסן, האָבן געגלויבט, און

זענען געטובֿלט געוואָרן. [9] און דער האַר האָט געזאָגט צו פּאָולוסן דורך אַ זעאונג ביינאַכט: האָב ניט קיין מורא, נייערט רעד, און שווייג ניט; [10] וואָרים איך בין מיט דיר, און קיינער וועט דיך ניט אָנרירן דיר שלעכטס צו טאָן; וואָרים איך האָב אַ סך פֿאָלק אין דער דאָזיקער שטאָט. [11] און ער איז דאָרטן געזעסן אַ יאָר מיט זעקס חדשים, און האָט געלערנט צווישן זיי דאָס וואָרט פֿון גאָט.

[12] און בעת גאַליאָן איז געווען פּראָקאָנסול פֿון אַכאַיאַ, זענען די ייִדן אויפֿגעשטאַנען אינאיינעם קעגן פּאָולוסן און האָבן אים געבראַכט פֿאַר דעם כּסא־המשפּט, [13] און געזאָגט: דער דאָזיקער מאַן טוט איבעררעדן מענטשן צו דינען גאָט להיפּך דער תּורה. [14] און בעת פּאָולוס האָט געוואָלט עפֿענען זיין מויל, האָט גאַליאָן געזאָגט צו די ייִדן: אויב דאָס וואָלט געווען אַן ענין פֿון אומרעכט, אָדער פֿון שענדלעכער רשעות, וואָלט געווען רעכט, איך זאָל האַלטן מיט אייך, אָ איר ייִדן, [15] אָבער אַזוי ווי דאָס זענען שאלות איבער ווערטער און נעמען און אייער דת, איז דאָס אייער אייגענער עסק; איך וויל ניט זיין קיין שופֿט איבער די דאָזיקע זאַכן. [16] און ער האָט זיי פֿאַרטריבן פֿון דעם כּסא־המשפּט. [17] און זיי האָבן אַלע געכאַפּט סאָסטענעסן, דעם גבאי פֿון בית־הכּנסת, און האָבן אים געשלאָגן פֿאַר דעם כּסא־המשפּט. און גאַליאָנען האָט דאָס וויניק וואָס געאַרט.

[18] און פּאָולוס איז נאָך דאָרטן פֿאַרבליבן אַ סך טעג, און דערנאָך האָט ער זיך געזעגנט מיט די ברידער, און איז אַוועקגעפֿאָרן פֿון דאָרטן מיט אַ שיף קיין סיריע, און מיט אים פּריסקילע און עקילס, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָפּגעגאָלט זיין קאָפּ אין קענקרייע; וואָרים ער האָט גענומען אויף זיך אַ נדר. [19] און זיי זענען געקומען קיין עפֿעזוס, און ער האָט זיי דאָרטן איבערגעלאָזט; אָבער ער אַליין איז אַריינגעגאַנגען אין דעם בית־הכּנסת, און האָט גערעדט מיט די ייִדן. [20] און זיי האָבן אים געבעטן, ער זאָל ביי זיי בלייבן אַ לענגערע צייט, נאָר ער האָט ניט איינגעוויליקט; [21] און בעת ער האָט זיך מיט זיי געזעגנט, האָט ער געזאָגט: איך וועל מיך ווידער צו אייך אומקערן, אם ירצה השם, און ער איז אָפּגעפֿאָרן מיט אַ שיף פֿון עפֿעזוס.

[22] און אַז ער איז געקומען קיין קיסריה, איז ער אַרויפֿגעגאַנגען און האָט באַגריסט די קהילה, און דערנאָך האָט ער אַראָפּגענידערט קיין

אַנטיאָכיע. [23] און נאָכדעם ווי ער האָט דאָרטן פאַרבראַכט אַ שטיקל צייט, האָט ער אָפּגעקערט, און איז דורכגעגאַנגען אין אַ סֵדר דורך דער געגנט פון גאַלאַטיע, און פריגיע, און האָט געטאָן שטאַרקן אַלע תּלמידים.

[24] און איינער אַ ייִד מיטן נאָמען אַפּאָלאָס, וואָס האָט געשטאַמט פון אַלעקסאַנדריע, איז געקומען קיין עפעזוס. ער איז געווען אַ געלערנטער מענטש, און גוט באַהאַוונט אין די כּתבֵי־הַקוֹדֶש. [25] דער דאָזיקער איז געווען געלערנט אין דעם וועג פון דעם האַר, און מַחמת ער איז געווען פייעריק אין גייסט, האָט ער גערעדט און געלערנט פּינקטלעך בנוֹגֵע יֵשוּעַן, הַגַם ער האָט נאָר געקענט די טבילה פון יוֹחָנָן. [26] און ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן מוטיק אין דעם בֵית־הַכְּנֶסֶת. און אַז פּריסקילע און עֲקִילַס האָבן אים געהערט, האָבן זיי אים גענומען צו זיך, און האָבן פאַר אים דערקלערט נאָך פּינקטלעכער דעם וועג פון גאָט. [27] און ווען ער האָט געוואָלט גיין קיין אַכאַיאַ, האָבן אים די ברידער דערמוטיקט, און האָבן געשריבן די תּלמידים, אים מקַבל־פָּנים צו זיין. און אַז ער איז אָנגעקומען, האָט ער אַ סַך געהאָלפן די, וואָס האָבן געגלויבט דורך דעם חֶסֶד, [28] וואָרים ער האָט שטאַרק בייַגעקומען די ייִדן, און דאָס עפנטלעך, בעת ער האָט באַוויזן דורך די כּתבֵי־הַקוֹדֶש, אַז יֵשוּעַ איז דער מָשִיחַ.

יט און עס איז געווען, בעת אַפּאָלאָס איז געווען אין קאָרינט, איז פּאָולוס דורכגעגאַנגען דורך דעם אויבערשטן לאַנד, און איז געקומען קיין עפעזוס, און האָט געפונען עטלעכע תּלמידים. [2] און ער האָט צו זיי געזאָגט: האָט איר מקַבל געווען דעם רוח־הַקוֹדֶש, ווען איר זענט געוואָרן מַאמינים? האָבן זיי צו אים געזאָגט: מיר האָבן אַפילו ניט געהערט, צי סע איז פאַראַן אַ רוח־הַקוֹדֶש. [3] און ער האָט געזאָגט: אויף וואָס דען זענט איר געטוֹבלט געוואָרן? האָבן זיי געזאָגט: אויף יוֹחָנָנס טבילה. [4] און פּאָולוס האָט געזאָגט: יוֹחָנָן האָט טוֹבל געווען מיט דער טבילה פון תשובה, און האָט געזאָגט צום פאָלק, אַז זיי זאָלן גלויבן אין אים, וואָס דאַרף קומען נאָך אים, דאָס הייסט, אין יֵשוּעַן. [5] און אַז זיי האָבן דאָס געהערט, האָבן זיי זיך געלאָזט טוֹבלען אין דעם נאָמען פון דעם האַר יֵשוּעַ. [6] און בעת פּאָולוס האָט אַרויפגעלייגט אויף זיי זיינע הענט, איז אויף זיי געקומען דער רוח־הַקוֹדֶש; און זיי האָבן גערעדט מיט אַנדערע לשונות, און האָבן נבִיאות געזאָגט. [7] און זיי זענען געווען אַן עֶרך פון צוועלף מענטשן.

[8] און ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין דעם בּית־הַכּנֶסֶת און האָט מוטיק גערעדט אין מֶשך פון דרײַ חֳדָשים, און האָט זיך מִתוַכּח געווען און איבערצײַגט בנוֹגע דעם מַלכות פון גאָט. [9] אָבער ווען עטלעכע זענען געווען פאַרהאַרטעוועט און האָבן ניט געגלויבט, און געטאָן רעדן שלעכטס פאַר דעם פאָלק פונוועגן דעם וועג, האָט ער אָפּגעקערט פון זיי, און אָפּגעשיידט די תַּלמידים, און האָט זיך יעדן טאָג מִתוַכּח געווען אין דעם בּית־מִדרש פון טיראַנוס. [10] און דאָס האָט זיך געצויגן אַ מֶשך פון צוויי יאָר, אַזוי, אַז אַלע, וואָס האָבן געוואוינט אין אַזיע, האָבן געהערט דאָס וואָרט פון דעם האַר, סײַ ייִדן און סײַ גריכן.

[11] און גאָט האָט געטאָן אויסערגעוויינלעכע וואונדער דורך די הענט פון פּאָולוסן, [12] אַזוי, אַז מען האָט פון זײַן לײַב אַוועקגעטראָגן טיכלעך, אָדער פאַרטיכער פאַר די שוואַכע, און די חוֹלאַתן האָבן זיך אָפּגעטאָן פון זיי, און די בייזע גײַסטער זענען אַרויסגעגאַנגען. [13] און עטלעכע פון די וואַנדערנדיקע ייִדישע אָפּשפּרעכערס, האָבן גענומען אויף זיך אָנצורופן דעם נאָמען פון דעם האַר יֵשוּעַ איבער די, וואָס האָבן געהאַט די בייזע גײַסטער, און האָבן געזאָגט: איך באַשווער אײַך בײַ יֵשוּעַן, וועמען פּאָולוס איז מבַשׂר. [14] און עס זענען געווען זיבן זין פון איינעם סקֵוָה, אַ ייִד פון די כֹּהַנים־גדוֹלים, וואָס האָבן דאָס געטאָן. [15] און דער בייזער גײַסט האָט געענטפערט, און צו זיי געזאָגט: יֵשוּעַן קען איך, און פּאָולוסן קען איך, ווער אָבער זענט איר? [16] און דער מענטש, אין וועמען עס איז געווען דער בייזער גײַסט, איז אויף זיי אַרויפגעשפּרונגען, און האָט זיי אַלע גוֹבר געווען, אַזוי, אַז זיי זענען אַרויסגעלאָפן פון יענעם הויז נאַקעט און צעשלאָגן. [17] און דאָס איז באַקאַנט געוואָרן צו אַלע ייִדן און גריכן, וואָס האָבן געוואוינט אין עפעזוס; און אַ פּחד איז אויף זיי אַלע געפאַלן, און דער נאָמען פון דעם האַר יֵשוּעַ איז געוואָרן געגרויסט. [18] און אַ סך פון די, וואָס האָבן געגלויבט, זענען געקומען און האָבן זיך מִתוַדה געווען, און האָבן באַקאַנט געמאַכט זייערע מַעשׂים. [19] און אַ סך, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט כּישוף, האָבן צונויפגעבראַכט זייערע ביכער, און האָבן זיי פאַרברענט פאַר אַלעמען אין די אויגן; און זיי האָבן באַרעכנט דעם ווערט דערפון, און האָבן געפונען, אַז עס האָט באַטראָפן פופציק טויזנט זילבערשטיק. [20] אָט אַזוי איז דאָס וואָרט פון גאָט מעכטיק געוואַקסן און איז באַשטאַנען.

[21] און נאָכדעם ווי די דאָזיקע זאַכן זענען פאַרענדיקט געוואָרן, האָט פּאָולוס זיך פירגענומען אין זיין גייסט, דורכצוגיין דורך מאַקעדאָניע און אַכאַיאַ, און צו גיין קיין ירושָלַיִם, און ער האָט געזאָגט: נאָכדעם ווי איך וועל דאָרטן זיין, מוז איך אויך זען רוים. [22] און ער האָט געשיקט קיין מאַקעדאָניע צוויי פון די, וואָס האָבן אים געהאָלפן, טימאָטעאוס און עראַסטוס, און ער אַליין איז נאָך פאַרבליבן אַ צייט אין אַזיע.

[23] און אַרום יענער צייט האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטיקל מהומה בנוגע דעם דֶרֶך. [24] וואָרים איינער אַ מאַן מיטן נאָמען דעמעטריוס, אַ זילבערשמיד, וואָס האָט געמאַכט זילבערנע טעמפלען פון אַרטעמיס, האָט אַרייַנגעבראַכט גוטע הַכנָסות פאַר די בַּעלי־מלָאכות. [25] זיי האָט ער צונויפגענומען מיט די אַרבעטער פון דעם זעלבן פאַך, און האָט געזאָגט: מענטשן, איר ווייסט, אַז פון דער דאָזיקער מלָאכה הענגט אָפּ אונדזער פּרנָסה. [26] און איר זעט און הערט, אַז ניט נאָר אין עפעזוס אַליין, נייערט כּמעט איבער גאַנץ אַזיע האָט דער דאָזיקער פּאָולוס איבערגערעדט און אָפּגעקערט אַ סך מענטשן, ווייל ער זאָגט, אַז דאָס זענען ניט קיין געטער, וואָס ווערן געמאַכט מיט די הענט. [27] און ניט נאָר איז פאַראַן אַ סַכָּנה, אַז די דאָזיקע מלָאכה אונדזערע זאָל קריגן אַ שלעכטן שֵם, נייערט אַז אויך דער טעמפּל פון דער גרויסער געטין אַרטעמיס זאָל בָּטל ווערן, און אַז זי זאָל אַפילו אַראָפּגעזעצט ווערן פון איר הערלעכקייט, זי, וואָס גאַנץ אַזיע און די וועלט טוען איר דינען.

[28] און אַז זיי האָבן דאָס געהערט, זענען זיי געוואָרן פול מיט צאָרן, און האָבן אויסגעשריגן: גרויס איז אַרטעמיס פון די עפעזער! [29] און די שטאָט איז געוואָרן פול מיט געטומל; און זיי האָבן אַרייַנגעשטורעמט אין טעאַטער, און האָבן מיטגעשלעפּט גאַיוסן און אַריסטאַרכוסן, מאַקעדאָניער, וואָס זענען געווען פּאָולוסעס חַבֵרים אין דער נסִיעה. [30] און בעת פּאָולוס האָט בדֵעה געהאַט אַרייַנצוגיין צווישן דעם פאָלק, האָבן די תַּלמידים אים ניט געלאָזן. [31] און אויך עטלעכע פון די עלטסטע פון אַזיע, וואָס זענען געווען זיינע פריינט, האָבן צו אים געשיקט, און אים געבעטן, ניט צו דערוועגן זיך צו קומען אין טעאַטער אַריין. [32] און טייל האָבן געשריגן איין זאַך, און אַנדערע עפּעס אַנדערש; וואָרים די פאַרזאַמלטע זענען געווען אין אַ מהומה, און דער גרעסטער טייל האָט ניט געוואוסט,

צוליב וואָס זיי זענען זיך צוזאַמענגעקומען. [33] און זיי האָבן אַרויסגעבראַכט אַלֶקסַנדרן פֿון דעם המון, ווען די ייִדן האָבן אַרויסגעשטעלט פֿאָרויס. און אַלֶקסַנדר האָט געבעטן מיט דער האַנט, און האָט באַגערט צו האַלטן אַ פֿאַרטיידיקונג פֿאַר דעם פֿאָלק. [34] אָבער ווען זיי האָבן באַמערקט, אַז ער איז אַ ייִד, האָבן זיי אַלע אין מֶשך פֿון צוויי שָעה געשריגן ווי מיט איין קול: גרויס איז אַרטעמיס פֿון די עפֿעזער! [35] און אַז דער שטאָט־שרײַבער האָט אײַנגעשטילט דאָס פֿאָלק, האָט ער געזאָגט: מענטשן פֿון עפֿעזוס, וועלכער מענטש ווייס ניט, אַז די שטאָט פֿון די עפֿעזער איז די טעמפּל־היטערין פֿון דער גרויסער אַרטעמיס, און פֿון דעם אָפּבילד, וואָס איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון הימל? [36] און הֱיות ווי די דאָזיקע זאַכן קאָנען ניט אָפּגעלייקנט ווערן, וואָלט איר באַדאַרפֿט צו זיין שטיל, און גאָרניט טאָן איבערגעאײַלט. [37] וואָרים איר האָט אַהערגעבראַכט די דאָזיקע מענטשן, וואָס זענען ניט קיין רויבערס פֿון קיין טעמפּלען, אויך ניט קיין לעסטערער פֿון אונדזער געטין. [38] דעריבער, אויב דעמעטריוס און די קינסטלער, וואָס זענען מיט אים, האָבן אַ טַענה קעגן עמיצן, זענען די געריכטן אָפֿן, און סע זענען פֿאַראַן פּראָקאָנסולן, לאָזן זיי פֿאַרקלאָגן איינער דעם אַנדערן. [39] און האָט איר עפּעס אַנדערע עִניָנים, וועט דאָס אויסגעגלײַכט ווערן אין דער געזעצלעכער פֿאַרזאַמלונג. [40] וואָרים מיר זענען אין סַכָּנה פֿאַרקלאָגט צו ווערן פֿאַר דער הײַנטיקער מהומה, ווייל עס איז ניטאָ קיין סִיבה פֿאַר איר; און מיר וועלן ניט קענען אָפּגעבן קיין רעכנשאַפֿט פֿאַר דער דאָזיקער מהומה. [41] און נאָכדעם ווי ער האָט אַזוי גערעדט, האָט ער די פֿאַרזאַמלונג פֿונאַנדערגעלאָזט.

כ און נאָכדעם ווי די מהומה האָט זיך אײַנגעשטילט, האָט פּאָולוס געשיקט נאָך די תַּלמידים, און אַז ער האָט זיי מַזהיר געווען און זיך מיט זיי געזעגנט, האָט ער אָפּגעקערט צו גיין קיין מאַקעדאָניע. [2] און בעת ער איז דורכגעגאַנגען דורך יענע געגנטן, און האָט זיי געטרייסט מיט אַ סך רייד, איז ער געקומען קיין גריכנלאַנד. [3] און נאָכדעם ווי ער האָט דאָרטן פֿאַרבראַכט דריי חֳדָשים, און אַ פֿאַרשווערונג איז קעגן אים געמאַכט געוואָרן מצַד די ייִדן, בעת ער איז געווען גרייט אָפּצופֿאָרן מיט אַ שיף קיין סיריע, האָט ער באַשלאָסן זיך אומצוקערן דורך מאַקעדאָניע. [4] און עס האָבן אים באַגלייט סאָפּאַטרוס פֿון באָרֵיע, דער זון פֿון פּירוסן; און

פון די טעסאַלאָניקער, אַריסטאַרכוס און סעקונדוס; און גאַיוס פון דערבע, און טימאָטעאוס; און פון אַזיע, טיכיקוס און טראָפימוס. 5 און די דאָזיקע זענען געגאַנגען פאָרויס, און האָבן געוואַרט אויף אונדז אין טראָאַס. 6 און נאָך פּסח זענען מיר אָפּגעפאָרן פון פיליפּיי, און אין פינף טעג אַרום זענען מיר געקומען צו זיי קיין טראָאַס, וואו מיר זענען פאַרבליבן זיבן טעג.

7 און אויף דעם ערשטן טאָג פון דער וואָך, בעת מיר זענען זיך צונויפגעקומען צו ברעכן ברויט, האָט פּאָולוס גערעדט מיט זיי, ווייל ער האָט בדעה געהאַט אויף מאָרגן אַוועקצוגיין; און ער האָט פאַרצויגן זיין דרשה ביז האַלבער נאַכט. 8 און עס זענען געווען אַ סך ליכט אין דעם אויבערשטן חדר, וואו מיר זענען געווען פאַרזאַמלט אינאיינעם. 9 און איינער אַ בחור מיטן נאָמען יוטיכוס איז געזעסן אין דעם פענצטער, און איז אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף; און בעת פּאָולוס האָט נאָך לאַנג גערעדט, איז אים שלאָף בייגעקומען, און ער איז אַראָפּגעפאַלן פון דעם דריטן גאָרן, און מען האָט אים אויפגעהויבן אַ טויטן. 10 און פּאָולוס איז אַראָפּגעגאַנגען, און האָט זיך פאַרבויגן איבער אים, און האָט אים אַרומגענומען, און געזאָגט: שרעקט אייך ניט, וואָרים זיין נשמה איז אין אים. 11 און נאָכדעם ווי ער איז אַרויפגעגאַנגען, און האָט געבראָכן ברויט, און געגעסן, האָט ער מיט זיי גערעדט אַ לאַנגע צייט, ביז עס איז געוואָרן טאָג, און דערנאָך איז ער אַוועקגעגאַנגען. 12 און זיי האָבן אָפּגעפירט דאָס יינגל אַ לעבעדיקן, און האָבן זיך שטאַרק געטרייסט.

13 און מיר זענען געגאַנגען פאָרויס צו דער שיף, און זענען אָפּגעפאָרן קיין אַסאָס, און האָבן בדעה געהאַט דאָרט אַריינצונעמען פּאָולוסן; וואָרים אַזוי האָט ער באַשלאָסן, ווייל ער האָט געוואָלט גיין צופוס. 14 און אַז ער האָט אונדז באַגעגנט אין אַסאָס, האָבן מיר אים אַריינגענומען, און זענען געקומען קיין מיטולענע. 15 און פון דאָרטן זענען מיר אָפּגעפאָרן, און זענען אויף דעם אַנדערן טאָג געקומען קעגנאיבער כיאָס; און דעם אַנדערן טאָג האָבן מיר געלאַנדעט אין סאַמאָס; און אַ טאָג שפּעטער זענען מיר געקומען קיין מילעטוס. 16 וואָרים פּאָולוס האָט באַשלאָסן פאַרבייצופאָרן עפעזוס, כדי ער זאָל ניט דאַרפן פאַרברענגען קיין צייט אין אַזיע; מחמת ער האָט זיך געאיילט, אויף ווי ווייט מעגלעך, צו זיין אין ירושלים אויף שבועות.

17 און פון מילעטוס האָט ער געשיקט קיין עפעזוס, און האָט געלאָזט

רופֿן צו זיך די זְקֵנים פֿון דער קְהִילה. [18]און אַז זיי זענען צו אים געקומען, האָט ער צו זיי געזאָגט:

איר אַליין ווייסט, פֿון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס איך האָב געשטעלט אַ פֿוס אין אַזיע, וויאַזוי איך האָב מיט אייך פֿאַרבראַכט די גאַנצע צייט, [19]בעת איך האָב געדינט דעם האַר מיט דעם גאַנצער עֲנִיוות־ת, און מיט טרערן, און מיט נִסיונות, וואָס זענען מיך באַפֿאַלן דורך די פֿאַרשווערונגען פֿון די יִידן; [20]ווי איך האָב מיך ניט אָפּגעהאַלטן פֿון אָנזאָגן אייך עפּעס, וואָס איז ניצלעך, און אייך געלערנט עפֿנטלעך, און פֿון הויז צו הויז, [21]און האָב מֵעִיד געווען סיי פֿאַר יִידן, סיי פֿאַר גריכן, פֿונוועגן תשובה צו גאָט, און אֱמונה צו אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. [22]און איצט, זעט, איך גיי געבונדן אין דעם גייסט קיין ירושָלַיִם, און איך ווייס ניט, וואָס מיך וועט דאָרטן טרעפֿן; [23]אַחוץ, וואָס דער רוחַ־הַקוֹדֶש טוט מיר עֵדות־זאָגן אין יעדער שטאָט, אַז קייטן און צָרות וואַרטן אויף מיר. [24]אָבער איך האַלט ניט מיין לעבן אַזוי טייער פֿאַר מיר אַליין, ווי דאָס, אַז איך זאָל קענען פֿאַרענדיקן מיין גאַנג, און די עובֿדא, וואָס איך האָב מקַבל געווען פֿון דעם האַר יֵשוּעַ, מֵעִיד צו זיין די בשׂורה פֿונוועגן דעם חֶסֶד פֿון גאָט.

[25]און איצט, זעט, איך ווייס, אַז איר אַלע, צווישן וועמען איך בין אַרומגעגאַנגען און האָב אָנגעזאָגט דאָס מַלכות, וועט מיין פָּנים מער ניט זען. [26]דעריבער בין איך מֵעִיד פֿאַר אייך היינטיקן טאָג, אַז איך בין ריין פֿון אייער אַלעמענס בלוט. [27]וואָרים איך האָב ניט פֿאַרמיטן פֿאַר אייך אָנצוזאָגן די גאַנצע ראָטונג פֿון גאָט. [28]גיט אַכטונג אויף זיך אַליין, און אויף דער גאַנצער סטאַדע, איבער וועלכער דער רוחַ־הַקוֹדֶש האָט אייך געמאַכט פֿאַר אויפֿזעער, צו פּיטערן די עֵדה פֿון גאָט, וואָס ער האָט זיך געקויפֿט מיט זיין אייגן בלוט. [29]איך ווייס, אַז נאָך מיין אַוועקגיין, וועלן בייזע וועלף אַריין צווישן אייך, און ניט שוינען די סטאַדע; [30]און פֿון צווישן אייך אַליין וועלן אויפֿשטיין מענטשן, וועס וועלן רעדן פֿאַרקערטע זאַכן, אָפּצוציען די תַּלמידים נאָך זיך. [31]דעריבער, גיט אַכטונג און געדענקט, אַז אין מֶשֶך פֿון דריי יאָר האָב איך ניט פֿאַרמיטן צו וואָרענען יעדן איינעם מיט טרערן טאָג און נאַכט. [32]און איצט לאָז איך אייך אויף גאָטס באַראָט, און צו דעם וואָרט פֿון זיין גנאָד, וואָס איז בכּוח אייך אויפֿצובויען, און צו געבן אייך דעם אַרבטייל צווישן אַלע די, וואָס זענען געהייליקט. [33]איך האָב ניט

געגלוסט קיין שום מענטשנס זילבער, אָדער גאָלד, אָדער קליידונג. [34] איר אַליין ווייסט, אַז די דאָזיקע הענט האָבן געדינט פֿאַר מיינע באַדערפֿענישן, און פֿאַר די, וואָס זענען געווען מיט מיר. [35] אין אַלצדינג האָב איך אייך געוויזן אַ בײַשפּיל, אַז מיט אַרבעט אויף אַזאַ מין אופֿן, דאַרפֿט איר העלפֿן די שוואַכע, און צו געדענקען די רייד פֿון דעם האַר יֵשוּעַ, וואָס ער האָט געזאָגט: ס'איז בעסער צו געבן, ווי צו נעמען.

[36] און נאָכדעם ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער געבייגט זיינע קני און מיט זיי אַלע מִתפַּלֵל געווען. [37] און זיי האָבן אַלע ביטער געוויינט, און זענען געפֿאַלן פּאָולוסן אויפֿן האַלדז און האָבן אים געקושט, [38] און מער פֿון אַלץ האָבן זיי זיך מצַער געווען פֿונוועגן דעם וואָרט, וואָס ער האָט געזאָגט, אַז זיי וועלן זיין פּנים מער ניט זען. און זיי האָבן אים באַגלייט אויף זיין וועג צו דער שיף.

כא און עס איז געווען, אַז נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך אָפּגעשיידט פֿון זיי און זענען אַוועקגעפֿאָרן מיט אַ שיף, זענען מיר מיט אַ גלייַכן וועג געקומען קיין קאָס, און דעם אַנדערן טאָג קיין ראָדעס, און פֿון דאָרטן קיין פּאַטאַראַ. [2] און אַזויווי מיר האָבן געפֿונען אַ שיף, וואָס איז געגאַנגען קיין פֿעניקיע, זענען מיר אַרייַנגעגאַנגען און זענען אָפּגעפֿאָרן. [3] און נאָכדעם ווי מיר האָבן געזעענט און געזען קיפּרוס, און עס געלאָזן צו דער לינקער זייט, זענען מיר געפֿאָרן קיין סיריע, און זענען אָנגעקומען קיין צוֹר, וואָרים דאָרטן האָט די שיף געדאַרפֿט אויסלאָדן איר מַשׂא. [4] און אַז מיר האָבן געפֿונען די תַּלמידים, זענען מיר דאָרטן פֿאַרבליבן זיבן טעג. און זיי האָבן געזאָגט צו פּאָולוסן דורך דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש, אַז ער זאָל ניט אַרויפֿגיין קיין ירוּשָלַיִם. [5] און עס איז געווען, אַז נאָכדעם ווי מיר האָבן פֿאַרפֿילט די טעג, האָבן מיר אַוועקגעצויגן און זענען געגאַנגען אויף אונדזער וועג; און זיי אַלע האָבן אונדז באַגלייט מיט זייערע ווייבער און קינדער, ביז מיר זענען אַרויס פֿון דער שטאָט. און מיר האָבן געקניט ביים יַם־ברעג און מִתפַּלֵל געווען, און האָבן זיך געזעגנט איינער מיטן אַנדערן. [6] דערנאָך זענען מיר אַרייַנגעגאַנגען אין דער שיף, און זיי האָבן זיך אומגעקערט אַהיים.

[7] און אַז מיר האָבן פֿאַרענדיקט די נסיעה פֿון צוֹר, זענען מיר אָנגעקומען קיין עַכּוֹ, און האָבן אָפּגעגעבן שָלוֹם די ברידער, און זענען

פֿאַרבליבן מיט זיי אַ טאָג. [8] און אויף מאָרגן האָבן מיר אַוועקגעצויגן, און זענען געקומען קיין קֵיסַריה, און מיר זענען אַרײַנגעגאַנגען אין דעם הויז פֿון פֿיליפּוסן, דעם בַּעל־מבַשׂר, וואָס איז געווען איינער פֿון די זיבן, און זענען פֿאַרבליבן מיט אים. [9] און ער האָט געהאַט פֿיר טעכטער, בתולות, וואָס האָבן נבֿיאות געזאָגט. [10] און בעת מיר זענען דאָרטן געווען עטלעכע טעג, איז אַראָפּגעקומען פֿון יהודה איינער אַ נָבֿיא מיטן נאָמען אַגאַבּוס. [11] און ער איז געקומען צו אונדז, און האָט גענומען פּאָולוסעס גאַרטל, און האָט זיך געבונדן זײַנע אייגענע פֿיס און הענט, און האָט געזאָגט: דאָס זאָגט דער רוח־הַקודש: אַזוי וועלן די ייִדן אין ירושָלַיִם בינדן דעם מענטשן, וואָס האָט דעם דאָזיקן גאַרטל, און וועלן אים איבערענטפֿערן אין די הענט פֿון די גוֹיִים. [12] און אַז מיר האָבן דאָס געהערט, האָבן מיר און די מענטשן פֿון יענעם אָרט אים געבעטן, ניט אַרויפֿצוגיין קיין ירושָלַיִם. [13] דעמאָלט האָט פּאָולוס געענטפֿערט: וואָס טוט איר, וואָס איר וויינט און צעברעכט מיר מײַן האַרץ? וואָרים איך בין אָנגעברייט ניט נאָר געבונדן צו ווערן, נייערט אויך צו שטאַרבן אין ירושָלַיִם פֿונוועגן דעם נאָמען פֿון דעם האַר יֵשוּעַ. [14] און אַז ער האָט זיך ניט געלאָזט איבעררעדן, האָבן מיר אויפֿגעהערט, און געזאָגט: דער רָצון פֿון גאָט זאָל געשען.

[15] און נאָך די דאָזיקע טעג האָבן מיר גענומען אונדזערע זאַכן, און זענען אַרויפֿגעגאַנגען קיין ירושָלַיִם. [16] און סע זענען מיט אונדז אויך געגאַנגען עטלעכע תַּלמידים פֿון קֵיסַריה, וואָס האָבן אונדז געפֿירט צו מנאַסאָנען פֿון קיפּרוס, אַן אַלטער תַּלמיד, בײַ וועמען מיר האָבן געזאָלט אײַנשטיין.

[17] און אַז מיר זענען געקומען קיין ירושָלַיִם, האָבן די ברידער אונדז מקַבל־פָּנים געווען מיט שׂמחה. [18] און אויף דעם אַנדערן טאָג איז פּאָולוס מיט אונדז אַרײַנגעגאַנגען צו יַעקבֿן; און אַלע זְקֵנים זענען אַהין געקומען. [19] און נאָכדעם ווי ער האָט זיי אָפּגעגעבן שָלום, האָט ער דערציילט בַּאריכות, וואָס גאָט האָט דורך זײַן עובֿדא געטאָן צווישן די אומות־הָעולם. [20] און בעת זיי האָבן דאָס געהערט, האָבן זיי געלויבט גאָט; און זיי האָבן צו אים געזאָגט: דו זעסט, ברודער, וויפֿל טויזנטער ייִדן עס זענען פֿאַראַן, וואָס גלויבן, און זיי זענען אַלע קַנָאים פֿאַר דער תּורה; [21] און מע האָט זיי מוֹדיע געווען וועגן דיר, אַז דו לערנסט אַלע ייִדן, וואָס זענען צווישן די

אומות־הָעוֹלם, אָפּצוּקערן זיך פון מֹשהן, מיט דעם, וואָס דו זאָגסט זיי, אַז זיי זאָלן ניט מַל זיין זייערע קינדער, און אויך ניט גיין נאָך די חוקים פון דער תּוֹרה. [22] בכֵן, וואָס זאָלן מיר טאָן? זיי וועלן אַוודאי הערן, אַז דו ביסט געקומען. [23] טו דעריבער דאָס, וואָס מיר זאָגן דיר: מיר האָבן פיר מענטשן, וואָס האָבן אַ נֶדר אויף זיך; [24] נעם די דאָזיקע און רייניק דיך מיט זיי, און נעם אויף זיך די הוֹצאוֹת פאַר זיי, אַז זיי זאָלן זיך קענען אָפּגאָלן זייערע קעפּ; און אַלע וועלן וויסן, אַז דאָס, וואָס זיי האָבן געהערט וועגן דיר, איז ניט אֶמת, נייערט אַז אויך דו אַליין גייסט ערלעך, און טוּסט אָפּהיטן די תּוֹרה. [25] און וואָס שַייך די אומות־הָעוֹלם, וואָס האָבן גענומען גלויבן, האָבן מיר געשריבן, און גוֹזר געווען, אַז זיי זאָלן זיך אָפּהאַלטן פון דעם, וואָס מע האָט מַקריב געווען צו אָפּגעטער, און פון בלוט, און פון וואָס ס'איז דערוואָרגן געוואָרן, און פון זנוּת. [26] דעמאָלט האָט פּאָולוס גענומען די מענטשן, און אויף דעם אַנדערן טאָג האָט ער זיך געריייניקט מיט זיי, און איז געגאַנגען אין דעם בֵּית־הַמִקדש אַריין, כּדי צו געבן צו וויסן, ווען סע וועלן דערפילט ווערן די טעג פון זייער רייניקונג, און דער קָרבּן וועט געבראַכט ווערן פאַר יעדן איינעם פון זיי.

[27] און נאָכדעם ווי די זיבן טעג האָבן זיך שוין געהאַט כּמעט פאַר־ענדיקט, האָבן די ייִדן פון אַזיע אויפגעהעצט דאָס גאַנצע פאָלק, בעת זיי האָבן אים געזען אין בֵּית־הַמִקדש, און האָבן אויסגעשטרעקט זייערע הענט אויף אים, [28] און האָבן געשריגן: מענטשן פון יִשׂרָאֵל, העלפט! דאָס איז דער מאַן, וואָס לערנט אַלע מענטשן אומעטום אַנטקעגן דעם פאָלק און דער תּוֹרה און דעם דאָזיקן פּלאַץ; און חוץדעם האָט ער אויך געבראַכט גריכן אין בֵּית־הַמִקדש אַריין, און האָט מחַלֵל געווען דעם דאָזיקן מָקום־קָדוש. [29] וואָרים זיי האָבן פריער געזען מיט אים אין שטאָט טראָפימוסן, דעם עפעזער, און האָבן געמיינט, אַז פּאָולוס האָט אים אַרײַנגעבראַכט אין בֵּית־הַמִקדש. [30] און די גאַנצע שטאָט האָט געטומלט, און דאָס פאָלק איז זיך צונויפגעלאָפן; און זיי האָבן אָנגענומען פּאָולוסן, און האָבן אים אַרויסגעשלעפּט פון דעם בֵּית־הַמִקדש; און די טויערן זענען תֵּיכף געשלאָסן געוואָרן. [31] און בעת זיי האָבן אים געוואָלט טייטן, איז אָנגעקומען אַ ידִיעה צום הויפּטמאַן פון דעם רעגימענט, אַז גאַנץ ירוּשָלַיִם איז אין גערודער. [32] און ער האָט תֵּיכף גענומען זעלנער און הויפּטלייט, און

איז אַראָפּגעלאָפֿן צו זיי. און אַז זיי האָבן דערזען דעם הויפּטמאַן און די זעלנער, האָבן זיי אויפֿגעהערט צו שלאָגן פּאָולוסן. 33 און דער הויפּטמאַן איז צוגעגאַנגען, און האָט אים אָנגענומען, און באַפֿוילן מען זאָל אים בינדן מיט צוויי קייטן, און געפֿרעגט, ווער ער איז, און וואָס ער האָט געטאָן. 34 און טייל פֿון צווישן דעם פֿאָלק האָבן געשריגן איין זאַך, און טייל עפּעס אַנדערש; און אַזוי ווי ער האָט צוליב דעם געטומל ניט געקענט דערגיין קיין טאָלק, האָט ער באַפֿוילן, אים צו ברענגען אין דער פֿעסטונג אַריין. 35 און בעת ער איז צוגעקומען צו די טרעפּ, האָבן די זעלנער אים געטראָגן צוליב דעם צאָרן פֿון דעם פֿאָלק; 36 וואָרים דער המון פֿון פֿאָלק איז נאָכגעגאַנגען, און האָט געשריגן: אַוועק מיט אים!

37 און בעת פּאָולוס האָט געזאָלט אַרייַנגעבראַכט ווערן אין דער פֿעסטונג, האָט ער געזאָגט צום הויפּטמאַן: מעג איך דיר עפּעס זאָגן? און ער האָט געזאָגט: קענסטו גריכיש? 38 ביסטו דען ניט דער מִצרי, וואָס האָט ניט לאַנג צוריק געמאַכט אַ מרידה, און האָט אַרויסגעפֿירט אין דער מִדבר אַריין די פֿיר טויזנט לייַט פֿון די רוצחים? 39 אָבער פּאָולוס האָט געזאָגט: איך בין אַ ייִד פֿון טאַרסוס אין קיליקיע, אַ תּושב פֿון אַן אָנגעזעענער שטאָט; און איך בעט דיך, גיב מיר דערלויבעניש צו רעדן צום פֿאָלק. 40 און אַז ער האָט אים געגעבן דערלויבעניש, האָט פּאָולוס, ווי ער איז אַזוי געשטאַנען אויף די טרעפּ, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צום פֿאָלק. און נאָכדעם ווי עס איז געוואָרן זייער שטיל, האָט ער גערעדט צו זיי אויף לשון־קודש, אַזוי צו זאָגן:

כב ברידער און פֿאָטערס, הערט אויס די פֿאַרטיידיקונג, וואָס איך טו איצט מאַכן פֿאַר אייך.

2 און בעת זיי האָבן געהערט, אַז ער רעדט צו זיי אויף לשון־קודש, זענען זיי געוואָרן נאָך שטילער. און ער האָט געזאָגט:

3 איך בין אַ ייִד, געבוירן אין טאַרסוס פֿון קיליקיע, אָבער דערצויגן אין דער דאָזיקער שטאָט, ביי די פֿיס פֿון גמליאֵלן, געלערנט לויט די דִקדוקי־עניוּת פֿון דער תּורה פֿון אונדזערע אָבות, און בין געווען אַ קנאַי פֿון גאָטס־וועגן, פּונקט ווי איר אַלע זענט היינטיקן טאָג. 4 איך האָב גערודפֿט דעם דאָזיקן וועג ביז צום טויט, און האָב געבונדן און איבער־געענטפֿערט צו תּפֿיסה סיי מענער און סיי פֿרויען, 5 אַזוי ווי דער כּהן־

גָדול און דער גאַנצער שטאַנד פֿון די זְקֵנים קענען אויף מיר עֵדות־זאָגן, פֿון וועמען איך האָב באַקומען בריוו צו די ברידער, און האָב געצויגן קיין דַמֶשֶׂק צו ברענגען אויך די, וואָס זענען דאָרטן געווען, געבונדן קיין ירושָלַיִם, כּדי זיי זאָלן באַשטראָפֿט ווערן.

[6] און עס איז געווען, בעת איך בין געווען אויף מיין נסִיעה, און האָב מיך דערנענטערט צו דַמֶשֶׂק, האָט אין מיטן טאָג פּלוצים געשיינט אַרום מיר אַ גרויס ליכט פֿון הימל. [7] און איך בין געפֿאַלן צו דער ערד, און האָב געהערט אַ קול זאָגן צו מיר: שָאול, שָאול, פֿאַרוואָס רודֶפֿסטו מיך? [8] און איך האָב געענטפֿערט: ווער ביסטו, האַר? און ער האָט צו מיר געזאָגט: איך בין יֵשוּעַ הַנוֹצרי, וועמען דו רודֶפֿסט. [9] און די, וואָס זענען מיט מיר געווען, האָבן געזען דאָס ליכט, נאָר זיי האָבן ניט געהערט דאָס קול, וואָס האָט צו מיר גערעדט. [10] און איך האָב געזאָגט: וואָס זאָל איך טאָן, האַר? און דער האַר האָט צו מיר געזאָגט: שטיי אויף, און גיי קיין דַמֶשֶׂק, און דאָרט וועט דיר געזאָגט ווערן פֿונוועגן אַלצדינג, וואָס איז באַשטימט פֿאַר דיר צו טאָן. [11] און אַזויווי איך האָב ניט געקאָנט זען צוליב דעם גלאַנץ פֿון יענעם ליכט, בין איך געפֿירט געוואָרן ביי דער האַנט פֿון די, וואָס זענען מיט מיר געווען, און בין געקומען קיין דַמֶשֶׂק.

[12] און איינער חֲנַנְיָה, אַ פֿרומער מענטש לויט דער תּוֹרה, מיט אַ גוטן שֵם צווישן אַלע יִדן, וואָס האָבן דאָרטן געוואוינט, [13] איז געקומען צו מיר, און בעת ער איז געשטאַנען לעבן מיר, האָט ער צו מיר געזאָגט: ברודער שָאול, באַקום דיין ראִיה! און אין יענער סאַמע שָעה האָב איך באַקומען מיין ראִיה און אים געזען. [14] און ער האָט געזאָגט: דער גאָט פֿון אונדזערע אָבות האָט דיך אויסדערוויילט צו וויסן זיין רָצון, און צו זען דעם צַדיק, און צו הערן אַ קול פֿון זיין מויל; [15] וואָרים דו וועסט זיין פֿאַר אים אַן עֵדות פֿאַר אַלע מענטשן פֿונוועגן דעם, וואָס דו האָסט געזען און געהערט. [16] און איצט, פֿאַרוואָס זאַמסטו דיך? שטיי אויף, און ווער געטוֹבלט, און וואַש אָפּ דיינע חֲטָאִים, און רוף אָן זיין נאָמען.

[17] און עס איז געווען, אַז נאָכדעם ווי איך האָב מיך אומגעקערט קיין ירושָלַיִם, און בְּשַעַת איך האָב מִתפַּלֵל געווען אין דעם בֵּית־הַמִקדש, בין איך אַריינגעפֿאַלן אין אַ דרימל, [18] און האָב אים געזען זאָגן צו מיר: אייל דיך, און גיי געשווינד אַרויס פֿון ירושָלַיִם, וואָרים זיי וועלן ניט אָננעמען

דיין עֵדות וועגן מיר. [19] און איך האָב געזאָגט: האַר, זיי אַליין ווייסן, אַז איך האָב אײַנגעזעצט אין תּפיסה, און אין יעדן בֵּית־הַכּנֶסֶת געגעבן מַלקות די, וואָס האָבן געגלויבט אין דיר. [20] און בעת עס איז פאַרגאָסן געוואָרן דאָס בלוט פון סטעפאַנוסן, דיין עֵדות, בין איך אויך געשטאַנען דערבײַ, און האָב מַסכּים געווען, און געטאָן היטן די מַלבּושים פון די, וואָס האָבן אים געהַרגעט. [21] און ער האָט צו מיר געזאָגט: גיי; וואָרים איך וועל דיך אַוועקשיקן ווייט פונדאַנען צו די אומות־הָעולם.

[22] און זיי האָבן אים אויסגעהערט ביז צו דעם דאָזיקן וואָרט; און זיי האָבן אויפגעהויבן זייער קול, און געזאָגט: פאַרטיליקן זאָל מען אַזאַ מענטשן פון דער ערד! וואָרים עס איז ניט כּדַאי, אַז ער זאָל לעבן. [23] און בעת זיי האָבן געליאַרעמט, און האָבן אַראָפּגעוואָרפן זייערע מַלבּושים, און געשלײַדערט שטויב אין דער לופטן, [24] האָט דער חַיִל־פירער באַפוילן, אַז ער זאָל געבראַכט ווערן אין דער פעסטונג אַריין, און געהייסן, אַז ער זאָל אויסגעפאָרשט ווערן דורך מַלקות, כּדי ער זאָל וויסן די סִיבּה, פאַרוואָס זיי האָבן אַזוי געשריגן קעגן אים. [25] און נאָכדעם ווי זיי האָבן אים געבונדן מיט די רימענס, האָט פּאָולוס געזאָגט צו דעם הויפּטמאַן, וואָס איז דערבײַ געשטאַנען: צי איז עס רעכט פאַר אייך צו שמייסן אַ מענטשן, וואָס איז אַ רוימער, און ניט קיין פאַרמִשפּטער? [26] און אַז דער הויפּטמאַן האָט דאָס געהערט, איז ער געגאַנגען צום חַיִל־פירער, און האָט צו אים געזאָגט: וואָס גייסטו טאָן? וואָרים דער דאָזיקער מאַן איז אַ רוימער! [27] און דער חַיִל־פירער איז געקומען צו גיין, און האָט צו אים געזאָגט: זאָג מיר, ביסטו אַ רוימישער בירגער? האָט ער געזאָגט: יאָ. [28] און דער חַיִל־פירער האָט געענטפערט: מיט אַ סַך געלט האָב איך מיר אײַנגעקויפט דאָס דאָזיקע בירגער־רעכט. און פּאָולוס האָט געזאָגט: אָבער איך בין דערין געבוירן געוואָרן. [29] דעמאָלט האָבן די, וואָס זענען געווען גרייט אים אויסצופאָרשטן, אים תּיכּף אָפּגעלאָזט; און אויך דער חַיִל־פירער האָט מורא באַקומען, ווען ער איז געוואָר געוואָרן, אַז ער איז אַ רוימער, און מַחמת ער האָט אים געבונדן.

[30] און אויף מאָרגן, ווייל ער האָט געוואָלט דערגיין אויף זיכער פאַרוואָס ער איז פון די יידן אָנגעקלאָגט געוואָרן, האָט ער אים באַפרייט, און האָט באַפוילן די ראָשי־כֹּהנים און דעם גאַנצן סַנהֶדרין זיך צונויפ־

צוקומען, און האָט אַראָפּגעבראַכט פּאָולוסן און אים אַוועקגעשטעלט פֿאַר זיי.
כג און פּאָולוס האָט באַהעפֿט זײַנע אויגן אויף דעם סַנהֶדרין, און
געזאָגט: ברידער, איך האָב ביז דעם הײַנטיקן טאָג געלעבט פֿאַר
גאָט מיט אַ ריין געוויסן. [2] און דער כּהן־גָדול חֲנַנְיָה האָט באַפֿוילן די,
וואָס זענען לעבן אים געשטאַנען, אים צו שלאָגן איבערן מויל. [3] דעמאָלט
האָט פּאָולוס צו אים געזאָגט: גאָט זאָל דיך שלאָגן, דו געקאַלכטע וואַנט!
און דו זיצסט, מיך צו מִשפּטן לויט דער תּורה, און באַפֿעלסט, מיך צו
שלאָגן לְהֵיפֶך דער תּורה? [4] און די, וואָס זענען געשטאַנען דערבײַ,
האָבן געזאָגט: דו לעסטערסט גאָטס כּהן־גָדול? [5] און פּאָולוס האָט געזאָגט:
איך האָב ניט געוווּסט, ברידער, אַז ער איז דער כּהן־גָדול; וואָרים סע
שטייט געשריבן: דו זאָלסט ניט רעדן שלעכטס אויף אַ נָשִׂיא פֿון דײַן
פֿאָלק[א].

[6] און ווען פּאָולוס האָט באַמערקט, אַז איין צַד זענען צדוקים, און
דער אַנדערער פּרושים, האָט ער אויסגערופֿן צו דעם סַנהֶדרין: ברידער,
איך בין אַ פּרושי, אַ בֶּן־פּרושי; איך ווער געמִשפּט פֿונוועגן דער האָפֿענונג
פֿון תּחִיַת־הַמֵתים. [7] און בעת ער האָט דאָס געזאָגט, האָט זיך אויפֿגעהויבן
אַ מַחלוקה צווישן די פּרושים און די צדוקים; און די פֿאַרזאַמלונג איז
געווען צעטיילט. [8] וואָרים די צדוקים זאָגן, אַז ס'איז ניטאָ קיין תּחִיַת־הַמֵתים,
ניט קיין מַלאך, ניט קיין גייסט; די פּרושים אָבער זענען מודה אין ביידע.
[9] און סע האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ גרויס געשריי; און טייל פֿון די סופֿרים
פֿון דער פּרושים־כּיתּה האָבן זיך אויפֿגעשטעלט, און האָבן זיך מִתוַכֵּחַ
געווען, אַזוי צו זאָגן: מיר געפֿינען ניט קיין שום שלעכטס אין דעם דאָזיקן
מענטשן; און וואָס איז, אויב אַ גייסט האָט גערעדט צו אים, אָדער אַ
מַלאך? [10] און אַז סע האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ גרויסע מַחלוקה, האָט דער
חַיִל־פֿירער מורא געהאַט, טאָמער וועלן זיי פּאָולוסן צערײַסן אויף שטיקער,
און ער האָט באַפֿוילן די זעלנער אַראָפּצוגיין און אים נעמען מיט געוואַלט
פֿון צווישן זיי, און אים ברענגען אין דער פֿעסטונג אַרײַן.

[11] און אין יענער נאַכט איז דער האַר געשטאַנען לעבן אים, און האָט
געזאָגט: זײַ געשטאַרקט; וואָרים אַזוי ווי דו האָסט עֵדות געזאָגט פֿונוועגן מיר
אין ירושָלַיִם, אַזוי מוזסטו אויך עֵדות זאָגן אין רוים.

א שמות כב, 27.

[12] און אַז עס איז טאָג געוואָרן, האָבן זיך די ייִדן צוזאַמענגענומען אינאיינעם, און האָבן זיך געבונדן מיט אַ שבועה, אַז זיי וועלן ניט עסן אָדער טרינקען, ביז זיי וועלן ניט הרגענען פּאָולוסן. [13] און מער פֿון פֿערציק זענען עס געווען, וואָס האָבן געמאַכט די דאָזיקע פֿאַרשווערונג. [14] און זיי זענען געקומען צו די ראָשי־כּהנים און די זקנים, און האָבן געזאָגט: מיר האָבן זיך געבונדן מיט אַ שבועה גאָרניט טועם צו זיין, ביז מיר וועלן ניט הרגענען פּאָולוסן. [15] און דעריבער טוט איר מיט דעם סנהדרין מודיע זיין דעם חיל־פֿירער, אַז ער זאָל אים אַראָפּברענגען צו אייך, גלייך איר וואָלט וועלן אויספֿאָרשטן זיין משפּט אַ סך גענויער; און מיר זענען גרייט אים צו הרגענען, נאָך איידער ער וועט זיך דערנענטערן צו אייך.

[16] און פּאָולוסעס שוועסטערן־זון האָט געהערט פֿון זייער לאָקערונג, און ער האָט געגעגנט, און איז אַרייַנגעגאַנגען אין דער פֿעסטונג, און האָט עס דערציילט פּאָולוסן. [17] און פּאָולוס האָט גערופֿן צו זיך איינעם פֿון די הויפּטלייַט, און האָט געזאָגט: ברענג דעם דאָזיקן בחור צום חיל־פֿירער, וואָרים ער האָט אים עפּעס צו דערציילן. [18] און ער האָט אים גענומען, און האָט אים געבראַכט צום חיל־פֿירער, און געזאָגט: פּאָולוס, דער געפֿאַנגענער, האָט מיך גערופֿן צו זיך, און האָט מיך געבעטן צו ברענגען דעם דאָזיקן בחור צו דיר, מחמת ער האָט דיר עפּעס צו דערציילן. [19] און דער חיל־פֿירער האָט אים אָנגענומען בײַ דער האַנט, און אַז ער איז מיט אים אָפּגעגאַנגען אָן אַ זייט, האָט ער אים געפֿרעגט: וואָס איז עס, וואָס דו האָסט מיר צו דערציילן? [20] און ער האָט געזאָגט: די ייִדן האָבן אָפּגערעדט דיך צו בעטן, אַראָפּצוברענגען מאָרגן פּאָולוסן צו דעם סנהדרין, גלייך ווי זיי וואָלטן וועלן עפּעס פֿאָרשטן פֿונוועגן אים אַ סך גענויער. [21] דו טו זיי דעריבער ניט נאָכגעבן; וואָרים עס לאָקערן אויף אים מער ווי פֿערציק מענטשן פֿון זיי, וואָס האָבן זיך געבונדן מיט אַ שבועה ניט צו עסן און ניט צו טרינקען, ביז זיי וועלן אים ניט האָבן געהרגעט; און זיי זענען איצט גרייט, בעת זיי וואַרטן אויף דער הבטחה פֿון דיר. [22] און דער חיל־פֿירער האָט געלאָזט גיין דעם בחור, און אים באַפֿוילן: דערצייל ניט קיינעם, אַז דו האָסט מיר דאָס געגעבן צו וויסן.

[23] און ער האָט גערופֿן צו זיך צוויי פֿון די הויפּטלייט, און האָט

געזאָגט: האַלט אָנגעגרייט אין דער דריטער שָׁעה פון דער נאַכט צוויי הונדערט זעלנער צו גיין אַזוי ווייט ווי ביז קיין קֵיסַריה, און זיבעציק רייטער, און שפּיזנטרעגער צוויי הונדערט. [24] און ער האָט באַפוילן צו באַזאָרגן לאַסט בהֵמות, כּדי אַרויפצוזעצן פּאָלוסן אויף זיי, און אים ברענגען אַ זיכערן צו פעליקסן, דעם פּראָקאָנסול. [25] און ער האָט געשריבן אַ בריוו, לויט דעם שטייגער:

[26] קלאָדיוס ליזיאַס צו דעם חָשובסטן פּראָקאָנסול פעליקס, שָׁלוֹם. [27] דער דאָזיקער מאַן איז געכאַפּט געוואָרן דורך די יִדן, און האָט שוין געזאָלט פון זיי געטייט ווערן, ווען איך בין געקומען אויף זיי מיט די זעלנער און האָב אים אָפּגעראַטעוועט, ווייל איך בין געוואָר געוואָרן, אַז ער איז אַ רוימער. [28] און אַזוי ווי איך האָב געוואָלט וויסן די סִיבּה, פאַרוואָס זיי האָבן אים באַשולדיקט, האָב איך אים אַראָפּגעבראַכט צו זייער סַנהֶדרין; [29] און איך האָב געפונען, אַז ער ווערט באַשולדיקט וועגן פראַגעס פון זייער דַת, און אַז עס איז ניטאָ קיין באַשולדיקונג קעגן אים, וואָס איז ווערט דעם טויט, אָדער קייטן. [30] און נאָכדעם ווי עס איז מיר אָנגעוויזן געוואָרן, אַז אַ פאַרשווערונג ווערט געמאַכט קעגן דעם מאַן, האָב איך אים גלייך געשיקט צו דיר, און האָב באַפוילן זיינע באַשולדיקער אַרויסצוזאָגן זיך קעגן אים פאַר דיר.

[31] און די זעלנער האָבן גענומען פּאָולוסן, לויט ווי עס איז זיי באַפוילן געוואָרן, און האָבן אים געבראַכט ביינאַכט קיין אַנטיפּאַטריס. [32] און אויף מאָרגן האָבן זיי געלאָזט די רייטער גיין מיט אים, און האָבן זיך אומגעקערט צו דער פעסטונג. [33] און אַז זיי זענען געקומען קיין קֵיסַריה, האָבן זיי איבערגעגעבן דעם פּראָקאָנסול דעם בריוו, און אויך פירגעשטעלט פאַר אים פּאָולוסן. [34] און נאָכדעם ווי ער האָט אים געלייענט, האָט ער געפרעגט פון וואָסער מדִינה ער איז; און אַז ער האָט געהערט, אַז ער איז פון קיליקיע, [35] האָט ער געזאָגט: איך וועל דיך אויסהערן, ווען דיינע באַשול־דיקער וועלן אויך אַהער קומען; און ער האָט באַפוילן, אים צו האַלטן אין הורדוסעס בֵּית־הַמִשפּט.

כד און אין פינף טעג אַרום האָט אַראָפּגענידערט חֲנַנְיָה דער כּהֵן־גָדול מיט עטלעכע זקֵנים, און אַ רעדנער, איינער טערטולוס; און זיי האָבן גערעדט צום פּראָקאָנסול קעגן פּאָולוסן. [2] און נאָכדעם ווי ער איז

גערופן געוואָרן, האָט טערטולוס אים אָנגעהויבן צו באַשולדיקן, אַזוי צו זאָגן:

פאַר דעם גרויסן שָלום וואָס מיר טוען געניסן, האָבן מיר דיר צו פאַרדאַנקען, און דורך דיין הַשגָחה זענען אַ סך אויסבעסערונגען געמאַכט געוואָרן פאַר דעם דאָזיקן פאָלק, [3] און מיר נעמען דאָס אָן אויף אַלע אופַנים און אין אַלע מקומות, חָשובסטער פעליקס, מיט דער גאַנצער דאַנקבאַרקייט. [4] און כּדי איך זאָל דיך ניט ווייטער באַלעסטיקן, בעט איך דיך, אין דיין גרויס גוטסקייט אונדז אויסצוהערן בקיצור. [5] וואָרים מיר האָבן געפונען דעם דאָזיקן מענטשן פאַר אַ שעדלעכן יונג, אַן אויפרייצער פון מרידות צווישן אַלע ייִדן איבער דער גאָרער וועלט, און אַן אָנפירער פון דער כּיתּה פון די נוצרים. [6] ער האָט אַפילו געפּרואווט מחַלל זיין דאָס בֵּית־הַמִקדש, נאָר מיר האָבן אים געכאַפּט, און האָבן אים געוואָלט משפּטן לויט אונדזער תּורה. [7] אָבער דער הויפּטמאַן ליזיאַס איז געקומען, און האָט אים מיט גרויס געוואַלט אַרויסגענומען פון אונדזערע הענט, און האָט באַפוילן זיינע באַשולדיקער צו קומען פאַר דיר. [8] פון אים וועסטו קענען געוואויר ווערן, דורך אויספאָרשטן אים אַליין, פונוועגן די דאָזיקע אַלע זאַכן, וועגן וואָס מיר באַשולדיקן אים. [9] און די ייִדן זענען אויך צוגעשטאַנען, און האָבן פאַרזיכערט, אַז אַזוי איז עס טאַקע.

[10] און נאָכדעם ווי דער פּראָקאָנסול האָט צו אים אַ וואונק געטאָן צו רעדן, האָט פּאָולוס געענטפערט:

ווייל איך וויים, אַז דו ביסט שוין אַ סך יאָרן אַ שופט ביי דעם דאָזיקן פאָלק, טו איך מיך דעריבער גערן פאַרטיידיקן. [11] וואָרים דו קענסט אויסגעפינען, אַז ס'איז ניט מער ווי צוועלף טעג, זינט איך האָב עולה־רֶגל געווען, תּפילה צו טאָן אין ירושָלַיִם. [12] און זיי האָבן מיך ניט געפונען זיך מתוַכֵּח זיין מיט עמיצן, אָדער אויפרייצן אַ הַמון, ניט אין דעם בֵּית־הַמִקדש, ניט אין די בָּתֵּי־כּנֵסִיות, אויך ניט אין דער שטאָט. [13] זיי קענען דיר אויך ניט ברענגען קיין ראַיה וועגן די זאַכן פון וועלכע זיי באַשולדיקן מיך אַצינד. [14] נאָר דאָס דאָזיקע בין איך מיך מודה פאַר דיר, אַז לויט דעם וועג, וואָס זיי רופן אָן אַ כּיתּה, טו איך דינען דעם גאָט פון אונדזערע אָבות, און טו גלויבן אין אַלצדינג, וואָס סע שטייט געשריבן אין דער תּורה און אין די נביאים; [15] און איך האָב בטָחון צו גאָט, אַז סע

וועט זיין תּחִיַת־הַמֵתים, סיי פֿון די צַדיקים און סיי פֿון די רשָעים, וואָס זיי אַליין טוען אויך אָננעמען. [16] דערבײַ באַמי איך מיך תָּמיד צו האָבן אַ ריין געוויסן פֿאַר גאָט און פֿאַר מענטשן. [17] און נאָך עטלעכע יאָר בין איך געקומען צו ברענגען פֿאַר מיין פֿאָלק נדָבות און קָרבָנות; [18] און בײַ דעם האָבן זיי מיך געפֿונען געריייניקט אין דעם בֵית־הַמִקדש, ניט מיט קיין הַמון, אויך ניט מיט קיין געטומל; אָבער דאָרט זענען געווען עטלעכע ייִדן פֿון אַזיע, [19] וואָס וואָלטן באַדאַרפֿט צו זיין דאָ פֿאַר דיר, און מאַכן די באַשולדיקונג, אויב זיי האָבן עפּעס קעגן מיר. [20] אָדער זאָלן די דאָזיקע מענטשן אַליין זאָגן, וואָסער עַוולה זיי האָבן געפֿונען, ווען איך בין געשטאַנען פֿאַר דעם סַנהֶדרין, [21] סיידן עס זאָל זיין פֿאַר דעם איינעם וואָרט, וואָס איך האָב אויסגערופֿן, בעת איך בין געשטאַנען צווישן זיי: פֿונוועגן תּחִיַת־הַמֵתים ווער איך היינט פֿון אייך געמִשפּט.

[22] און פֿעליקס, ווייל ער האָט געהאַט מער פּינקטלעכע ידיעות פֿונוועגן דעם דֶרך, האָט זיי אָפּגעלייגט, און געזאָגט: בעת ליזיאַס, דער חַיִל־פֿירער, וועט אַראָפּקומען, וועל איך אַנטשיידן אייער ענין. [23] און ער האָט באַפֿוילן דעם הויפּטמאַן, אַז ער זאָל געהאַלטן ווערן אונטער שמירה, נאָר האָבן פֿרײַהייט, און ניט צו פֿאַרווערן קיינעם פֿון זיינע פֿריינט אים צו באַדינען.

[24] און אין עטלעכע טעג אַרום, איז פֿעליקס געקומען מיט דרוסילען, זיין ווייב, וואָס איז געווען אַ בַת־ישׂרָאל, און ער האָט געשיקט נאָך פּאָולוסן, און האָט אים אויסגעהערט וועגן דער אֶמונה אין יֵשוּעַ הַמָשיחַ. [25] און בעת ער האָט גערעדט וועגן צדקות, און פּרישות, און דעם יום־הַדין, וואָס דאַרף קומען, האָט זיך פֿעליקס דערשראָקן, און געזאָגט: דו מעגסט דאָסמאָל גיין; און אַז איך וועל האָבן אַ באַקוועמערע צייט, וועל איך דיך רופֿן צו מיר. [26] צוגלײַך האָט ער אויך געהאָפֿט צו קריגן געלט פֿון פּאָולוסן, און צוליב דעם האָט ער אויך אָפֿט געשיקט נאָך אים, און האָט מיט אים גערעדט. [27] און נאָכדעם ווי צוויי יאָר זענען אַריבער, האָט פּאָרציוס פֿעסטוס פֿאַרנומען דאָס אָרט פֿון פֿעליקסן; און ווייל פֿעליקס האָט געוואָלט נושׂא־חֵן זיין בײַ די ייִדן, האָט ער איבערגעלאָזט פּאָולוסן אין קייטן.

כה און בעת פֿעסטוס איז געקומען אין לאַנד אַריין, איז ער אין דריי טעג אַרום אַרויפֿגעגאַנגען פֿון קֵיסַריה קיין ירושָלַיִם. [2] און די ראָשי־

כֹּהנים און די עלטסטע פֿון די ייִדן האָבן אים מודיע געווען וועגן פּאָולוסן; און זיי האָבן אים געבעטן, [3] און פֿאַרלאַנגט, אַז ער זאָל מיט זיי טאָן אַ חֶסד, און לאָזן דעם מאַן ברענגען קיין ירושלַיִם, ווייל זיי האָבן געמאַכט אַ פֿאַרשווערונג אים צו טייטן אויפֿן וועג. [4] און פֿעסטוס האָט געענטפֿערט, אַז פּאָולוס ווערט געהאַלטן געפֿאַנגען אין קֵיסַריה, און אַז ער אַליין איז גרייט צו גיין אַהין בקָרוב. [5] דעריבער זאָלן די, האָט ער געזאָגט, וואָס האָבן צווישן אייך די מאַכט, אַראָפּגיין מיט מיר, און אויב עס איז פֿאַראַן עפּעס אַן אומרעכט אין דעם מאַן, זאָלן זיי אים אָנקלאָגן.

[6] און נאָכדעם ווי ער איז געבליבן צווישן זיי ניט מער ווי אַכט אָדער צען טעג, האָט ער אַראָפּגענידערט קיין קֵיסַריה; און אויף דעם אַנדערן טאָג האָט ער זיך געזעצט אויף דעם כִּסֵא־הַמִשפּט, און האָט באַפֿוילן, מע זאָל ברענגען פּאָולוסן. [7] און אַז ער איז געקומען, האָבן די ייִדן, וואָס האָבן אַראָפּגענידערט פֿון ירושלַיִם, אים אַרומגערינגלט, און האָבן געטאָן ברענגען קעגן אים אַ סך און שווערע קלאַגעס, וואָס זיי האָבן ניט געקענט באַווייַזן, [8] מַחמת פּאָולוס האָט אין זיין פֿאַרטיידיקונג געזאָגט: ניט קעגן דעם ייִדישן דַת, ניט קעגן דעם בֵּית־הַמִקדש, אויך ניט קעגן קֵיסר האָב איך מיט עפּעס געזינדיקט. [9] און אַזוי ווי פֿעסטוס האָט געוואָלט נושׂא־חֵן זיין ביי די ייִדן, האָט ער געזאָגט צו פּאָולוסן: ווילסטו אַרויפֿגיין קיין ירושלַיִם, און דאָרטן געמִשפּט ווערן פֿאַר מיר פֿונוועגן די דאָזיקע זאַכן? [10] און פּאָולוס האָט געזאָגט: איך טו שטיין פֿאַרן קֵיסרס כִּסֵא־הַמִשפּט, וואו איך באַדאַרף געמִשפּט ווערן; די ייִדן האָב איך ניט געטאָן קיין שום רָעה, ווי אויך דו ווייסט עס זייער גוט. [11] אויב איך בין טאַקע אַ רָשע, און בין באַגאַנגען עפּעס, וואָס פֿאַרדינט מִיתה, זאָג איך מיך ניט אָפּ פֿון צו שטאַרבן; אויב אָבער ס'איז גאָרניט אֶמת פֿון יענע זאַכן, אין וואָס די דאָזיקע באַשולדיקן מיך, קאָן קיינער מיך ניט איבערענטפֿערן צו זיי. איך ווענד מיך צום קֵיסר! [12] דעמאָלט האָט זיך פֿעסטוס באַראָטן מיט די יוֹעֲצים, און האָט געענטפֿערט: דו האָסט דיך געווענדט צום קֵיסר; צום קֵיסר זאָלסטו גיין.

[13] און ווען סע זענען אַריבער עטלעכע טעג, איז געקומען דער מֶלך אַגריפּאַ און בערניקע קיין קֵיסַריה, און האָבן אָפּגעגעבן פֿעסטוסן שָלום. [14] און אַזוי ווי זיי זענען דאָרטן פֿאַרבליבן אַ סך טעג, האָט פֿעסטוס פֿאָר־געלייגט פֿאַר דעם מֶלך פּאָולוסעס מִשפּט, אַזוי צו זאָגן: עס איז פֿאַראַן

דאָ איינער אַ מאַן, וועמען פֿעליקס האָט איבערגעלאָזט אַ געפֿאַנגענעם; [15] און בעת איך בין געווען אין ירושָלַיִם, האָבן די ראָשי־כֹּהנים און די זקֵנים פֿון די ייִדן מיר מוֹדיע געווען פֿונוועגן אים, און געבעטן אַן אורטייל קעגן אים. [16] און איך האָב זיי געענטפֿערט, אַז עס איז ניט דער מִנהג פֿון די רוימער עמיצן איבערצוענטפֿערן, איידער דער באַשולדיקטער שטייט פֿאַר די באַשולדיקער פָּנים־אֶל־פָּנים, און האָט אַ געלעגנהייט צו פֿאַרטיידיקן זיך בנוֹגע דעם עִנין, וואָס ווערט געבראַכט קעגן אים. [17] דעריבער, ווען זיי זענען זיך דאָ צוזאַמענגעקומען, האָב איך מיך ניט געזאַמט, נייערט האָב אויף דעם אַנדערן טאָג זיך געזעצט אויף דעם כִּסֵא־הַמִשפּט, און האָב באַפֿוילן, אַז דער מאַן זאָל געבראַכט ווערן. [18] בעת די באַשולדיקער זענען אויפֿגעשטאַנען, האָבן זיי פֿונוועגן אים ניט געבראַכט אַזוינע זאַכן, ווי איך האָב געמיינט; [19] נייערט זיי האָבן געהאַט קעגן אים טַענות פֿונוועגן זייער אייגענער אֱמונה, און וועגן איינעם יֵשוּעַ, וואָס איז געשטאָרבן, און אויף וועמען פּאָולוס זאָגט, אַז ער לעבט. [20] און ווייל איך בין געווען אין סָפֵק וויאַזוי דאָס אויסצופֿאָרשטן, האָב איך געפֿרעגט, צי וואָלט ער וועלן גיין קיין ירושָלַיִם, און דאָרטן געמִשפּט ווערן בנוֹגע די דאָזיקע זאַכן. [21] נאָר אַזוי־ווי פּאָולוס האָט פֿאַרלאַנגט, געהאַלטן צו ווערן ביז דעם פּסַק־דין פֿון דעם מֶלך, האָב איך באַפֿוילן, אים צו האַלטן ביז איך וועל אים שיקן צום קֵיסר. [22] און אַגריפּאַ האָט געזאָגט צו פֿעסטוסן: איך אַליין וואָלט אויך וועלן הערן דעם מאַן. מאָרגן, האָט ער געזאָגט, וועסטו אים הערן.

[23] און אויף מאָרגן, בעת אַגריפּאַ און בערניקע זענען געקומען מיט גרויס פּאַראַד, און זענען אַרײַנגעגאַנגען אין דעם פּלאַץ פֿון פֿאַרהער, מיט די הויפּטלייט און מיט די חָשובע מענטשן פֿון דער שטאָט. און אויף דעם באַפֿעל פֿון פֿעסטוסן, איז פּאָולוס אַרײַנגעבראַכט געוואָרן. [24] און פֿעסטוס האָט געזאָגט: מֶלך אַגריפּאַ, און אַלע מענטשן, וואָס זענען דאָ מיט אונדז, איר זעט דעם דאָזיקן מאַן, פֿונוועגן וועמען דער גאַנצער הַמון ייִדן האָט מיך געבעטן, סיי אין ירושָלַיִם און סיי דאָ, און געטאָן שרייען, אַז ער טאָר לענגער ניט לעבן. [25] איך האָב אָבער געפֿונען, אַז ער איז ניט באַגאַנגען גאָרניט, וואָס פֿאַרדינט דעם טויט; און אַזוי־ווי ער אַליין האָט זיך געווענדט צום קֵיסר, האָב איך באַשלאָסן, אים צו שיקן. [26] און הֱיוֹת ווי איך האָב ניט קיין באַשטימטע זאַך צו שרייבן וועגן אים צו מיין האַר, האָב איך אים

אַרויסגעבראַכט פֿאַר אײַך, און באַזונדער פֿאַר דיר, מֶלך אַגריפּאַ, כּדי נאָך דער אויספֿאָרשונג, זאָל איך האָבן וואָס צו שרײַבן. 27 וואָרים עס זעט מיר אויס ניט שׂכלדיק צו שיקן אַ געפֿאַנגענעם, און צוגלײַך ניט אָנווײַזן די באַשולדיקונגען קעגן אים.

כו און אַגריפּאַ האָט געזאָגט צו פּאָולוסן: סע ווערט דיר דערלויבט אַליין פֿאַר דיר צו רעדן. דעמאָלט האָט פּאָולוס אויסגעשטרעקט זײַן האַנט, און האָט אָנגעהויבן זײַן פֿאַרטיידיקונג:

2 איך האַלט מיך פֿאַר גליקלעך, מֶלך אַגריפּאַ, וואָס איך קאָן מיך פֿאַר דיר הײַנט פֿאַרטיידיקן בנוגע די אַלע זאַכן, אין וועלכע איך ווער באַשולדיקט פֿון די ייִדן; 3 בפֿרט, ווײַל דו ביסט אַ קענער פֿון אַלע מִנהָגים און שאלות בײַ ייִדן; על־כּן, בעט איך דיך, מיך געדולדיק אויסצוהערן.

4 מײַן דֶרֶך אין לעבן, פֿון מײַן יוגנט אָן, וואָס איז געווען פֿון אָנהייב אָן צווישן מײַן אייגענעם פֿאָלק און אין ירושלים, קענען אַלע ייִדן, 5 און זיי ווייסן וועגן מיר פֿון פֿריער, אויב זיי וואָלטן נאָר וועלן עדות זאָגן, אַז איך האָב, לויט דער שטרענגער כּיתּה פֿון אונדזער אֱמונה געלעבט ווי אַ פּרושי. 6 און איצט שטיי איך דאָ געמִשפּט צו ווערן פֿונוועגן דער האָפֿענונג אין דער הבטחה, וואָס גאָט האָט מַבטיח־ן געווען אונדזערע אָבות, 7 צו וועלכער אונדזערע צוועלף שבֿטים האָפֿן צו דערגרייכן, אין דינען גאָט מיט כּוונה־ טאָג און נאַכט. און פֿונוועגן דער דאָזיקער האָפֿענונג בין איך באַשולדיקט געוואָרן פֿון די ייִדן, אָ מֶלך! 8 פֿאַרוואָס ווערט עס בײַ אײַך געהאַלטן פֿאַר אומגלויבלעך, אַז גאָט טוט מחיה־מתים זײַן?

9 איך אַליין האָב געטראַכט בײַ מיר, אַז איך דאַרף אַ סך זאַכן טאָן קעגן דעם נאָמען פֿון ישוע הנוצרי. 10 און דאָס דאָזיקע האָב איך אויך געטאָן אין ירושלים; און איך האָב אויך פֿאַרשפּאַרט אַ סך הייליקע אין תּפֿיסות, נאָכדעם ווי איך האָב באַקומען רשות פֿון די ראָשי־כּהנים; און בעת מע האָט זיי געהרגעט, האָב איך מַסכּים געווען צו דעם. 11 און אין אַלע בתּי־כּנסיות האָב איך זיי אָפֿט באַשטראָפֿט, און האָב זיי געצוואונגען צו לעסטערן; און ווײַל איך בין געווען אויף זיי שטאַרק אין כּעס, האָב איך זיי אַפֿילו נאָכגעיאָגט אין די שטעט פֿון חוץ־לאָרץ.

12 און בעת מײַן נסיעה קיין דמשׂק מיט דעם רשות און באַפֿעל פֿון די ראָשי־כּהנים, 13 האָב איך אין מיטן טאָג, אָ מֶלך, געזען אויף מײַן וועג

אַ ליכט פון הימל, ליכטיקער ווי די זון, שײַנען אַרום מיר און די, וואָס האָבן געמאַכט די נסיעה מיט מיר. [14] און בעת מיר זענען אַלע געפאַלן צו דער ערד, האָב איך געהערט אַ קול זאָגן צו מיר אויף לשון־קודש: שאול, שאול, פאַרוואָס רודפסטו מיך? עס איז שווער פאַר דיר זיך צו שטויסן קעגן די שטעכערס. [15] און איך האָב געזאָגט: ווער ביסטו, האַר? און דער האַר האָט געזאָגט: איך בין ישוע, וועמען דו רודפסט. [16] אָבער שטיי אויף און שטעל דיך אויף דײַנע פיס; וואָרים צוליב דעם האָב איך מיך אַנטפּלעקט צו דיר, כּדי דיך אויסצואוויילן פאַר אַ דינער און אַן עדות, סײַ פון דעם, וואָס דו האָסט געזען, און סײַ פון דעם, וואָס איך וועל דיך מאַכן זען פונוועגן מיר, [17] בעת איך וועל דיך מציל זײַן פון ד״עם פאָלק און פון די גוים, — צו וועמען איך טו דיך שיקן, [18] צו עפענען זייערע אויגן, אַז זיי זאָלן זיך אומקערן פון דער פינצטערניש צום ליכט, און פון דער מאַכט פון דעם שטן צו גאָט, כּדי זיי זאָלן קריגן פאַרגעבונג פון זינד, און אַן אַרבטייל צווישן די, וואָס זענען געהייליקט דורך אמונה אין מיר.

[19] על־כּן, אָ מלך אַגריפּאַ, האָב איך ניט ווידערשפּעניקט קעגן דער הימלישער זעאונג, [20] נייערט האָב אָנגעזאָגט קודם אין דמשק, דערנאָך אין ירושלים, און איבער דעם גאַנצן לאַנד יהודה, און אויך צו די גוים, אַז זיי זאָלן תשובה טאָן און זיך אומקערן צו גאָט, און טאָן מעשים, וואָס זענען ראוי פאַר תשובה. [21] צוליב דער דאָזיקער סיבה האָבן מיך די ייִדן געכאַפּט אין דעם בית־המקדש, און האָבן מיך געזוכט צו טייטן. [22] בכן, ווײַל איך האָב געקריגן די הילף, וואָס איז פון גאָט, ביז הײַנט, שטיי איך דאָ און טו עדות־זאָגן פאַר קליין און פאַר גרויס, און זאָג גאָרניט, נייערט נאָר וואָס די נביאים און משה האָבן געזאָגט, אַז סע וועט געשען: [23] אַז דער משיח דאַרף לײַדן, און אַזוי ווי ער וועט זײַן דער ערשטער אויפצושטיין תחית־המתים, וועט ער אָנזאָגן ליכט, סײַ פאַר ד״עם פאָלק, און סײַ פאַר די פעלקער.

[24] און בעת ער האָט אַזוי געהאַלטן זײַן פאַרטיידיקונג, האָט פעסטוס געזאָגט אויף אַ הויך קול: דו ביסט משוגע, פאָולוס; דײַן גרויס געלערנטקייט טרײַבט דיך צו משוגעת. [25] אָבער פאָולוס האָט געזאָגט: איך בין ניט משוגע, זייער חשובער פעסטוס, נייערט איך רעד דעם ניכטערן אמת. [26] וואָרים דער מלך ווייסט פונוועגן די דאָזיקע זאַכן, און צו אים רעד איך פרײַ;

וואָרים איך בין איבערצייגט, אַז קיינע פון די דאָזיקע זאַכן זענען פאַרהוילן
פון אים; וואָרים דאָס איז ניט געטאָן געוואָרן אין אַ ווינקל. 27 מֶלך
אַגריפּאַ, גלויבסטו די נבֿיאים? איך ווייס, אַז דו גלויבסט. 28 און אַגריפּאַ
האָט געזאָגט צו פּאָולוסן: סע פעלט ניט קיין סך, און דו איבעררעדסט
מיך צו ווערן אַ משיחי! 29 און פּאָולוס האָט געזאָגט: הַלוואַי, גאָט זאָל
העלפן, צי מיט אַ ביסל, אָדער מיט אַ סך, ניט נאָר דו אַליין, נייערט
אויך אַלע, וואָס הערן מיך היינט, זאָלן ווערן אַזוינע ווי איך בין, — חוץ
די דאָזיקע קייטן.

30 און דער מֶלך איז אויפגעשטאַנען, און דער פּראָקאָנסול, און
בערניקע, און די, וואָס זענען מיט זיי געזעסן; 31 און נאָכדעם ווי זיי האָבן
זיך צוריקגעצויגן, האָבן זיי געזאָגט איינער צום אַנדערן: דער דאָזיקער
מאַן האָט גאָרניט געטאָן, וואָס פאַרדינט מִיתה, אָדער קייטן. 32 און אַגריפּאַ
האָט געזאָגט צו פעסטוסן: דער דאָזיקער מאַן וואָלט געקענט באַפרייט
ווערן, ווען ער וואָלט זיך ניט געווען געווענדט צום קֵיסר.

כז און נאָכדעם ווי עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיר זאָלן אָפּפאָרן
קיין איטאַליע, האָבן זיי איבערגעענטפערט פּאָולוסן און עטלעכע
אַנדערע געפאַנגענע צו אַ הויפּטמאַן מיטן נאָמען יוליוס, פון דעם אָוגוסטישן
חַיִל. 2 און בעת מיר האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ שיף פון אַדראַמיציע,
וואָס איז געווען גרייט צו פאָרן צו די מקומות אויף דעם ברעג פון
אַזיע, זענען מיר אַרויסגעפאָרן אין יַם אַריין, און מיט אונדז איז געווען
אַריסטאַרכוס, אַ מאַקעדאָניער פון טעסאַלאָניקע. 3 און דעם אַנדערן טאָג
זענען מיר אָנגעקומען קיין צִידון; און יוליוס האָט באַהאַנדלט פּאָולוסן
פרײַנטלעך, און האָט אים דערלויבט צו גיין צו זיינע פריינט און זיך
דערקוויקן. 4 און אַז מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון דאָרטן אין יַם אַריין, זענען
מיר געפאָרן אין די סבֿיבֿות פון קיפּרוס, מַחמת די ווינטן זענען געווען
אַנטקעגן. 5 און נאָכדעם ווי מיר זענען אַריבערגעפאָרן דעם יַם בײַ קיליקיע
און פּאַמפיליע, זענען מיר געקומען קיין מירע אין ליקיע. 6 און דאָרטן
האָט דער הויפּטמאַן געפונען אַ שיף פון אַלעקסאַנדריע, וואָס איז געפאָרן
קיין איטאַליע; און ער האָט אונדז אַרײַנגעזעצט אין איר. 7 און נאָכדעם
ווי מיר זענען אַ סך טעג פּאַמעלעך געפאָרן, זענען מיר אָנגעקומען מיט
שוועריקייט קעגנאיבער קנידוס, און ווייל דער ווינט האָט אונדז ווייטער

ניט געלאָזט, זענען מיר געפֿאָרן אין דער סבֿיבֿה פֿון קרעטאַ, קעגנאיבער סאַלמאָנע. [8] און אַז מיר זענען עס מיט שווערקייט פֿאַרבײַגעפֿאָרן, זענען מיר געקומען צו אַ פּלאַץ, וואָס האָט געהייסן: שיינער האַפֿן, און נאָענט דערבײַ איז געווען די שטאָט לאַסייע.

[9] און נאָכדעם ווי אַ היפּשע צייט איז אַריבער, און די נסיעה איז איצט געווען געפֿערלעך, מחמת דער תּענית איז אויך שוין געווען פֿאַרבײַ, האָט פּאָולוס זיי געוואָרנט, [10] און געזאָגט: מענטשן, איך זע, אַז די נסיעה וועט זײַן מיט ניזוק און אַ סך היזק, ניט נאָר פֿאַר דער משׂא און דער שיף, נייערט אויך פֿאַר אונדזער לעבן. [11] אָבער דער הויפּטמאַן האָט זיך צוגעהאָרכט מער צום שטײַערמאַן און צו דעם בעל־הבית פֿון דער שיף, איידער צו דעם, וואָס פּאָולוס האָט געזאָגט. [12] און ווייל דער האַפֿן איז ניט געווען צוגעפּאַסט דאָרטן איבערצואווינטערן, האָבן די מערסטע געראָטן, פֿון דאָרטן אָפּצופֿאָרן אין ים אַריין, אֶפשר וועט זיי ווי־עס־איז געלינגען צו קומען קיין פֿעניקס, אַ האַפֿן אין קרעטאַ, וואָס איז קעגן צפֿון־מזרח און דרום־מזרח, און דאָרטן איבערצואווינטערן.

[13] און בעת דער דרום־ווינט האָט מילד געבלאָזן, און זיי האָבן געמיינט, אַז זיי האָבן דערגרייכט זייער צוועק, האָבן זיי אויפֿגעהויבן דעם אַנקער און זענען געפֿאָרן לעבן קרעטאַ, נאָענט בײַם ברעג. [14] ניט לאַנג נאָכדעם אָבער האָט אויסגעבראָכן דאָרטן אַ שטורעמווינט, וואָס ווערט גערופֿן יוראַקילאָן; [15] און אַז די שיף איז געכאַפּט געוואָרן, און האָט ניט געקענט בײַשטיין דעם ווינט, האָבן מיר זיך אים אונטערגעגעבן און זענען געטריבן געוואָרן. [16] און בעת מיר זענען געלאָפֿן אין דער סבֿיבֿה פֿון אַ קליינעם אינזל מיטן נאָמען קלאָודאַ, האָבן מיר קוים מיט שווערקייט געקענט אײַנהאַלטן די שיף. [17] און נאָכדעם ווי זיי האָבן זי אַרויפֿגעצויגן, האָבן זיי גענוצט מיטלען כּדי אונטערצוגאַרטלען די שיף; און ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, טאָמער וועלן זיי אַרויף אויף דעם זאַמד, האָבן זיי אַראָפּגעלאָזט די זעגלען, און זענען אַזוי געטריבן געוואָרן. [18] און בעת מיר האָבן שווער געקעמפֿט מיט דעם שטורעם, האָבן זיי אויף דעם אַנדערן טאָג אָנגעהויבן אַרויסצוואַרפֿן די משׂא פֿון דער שיף; [19] און דעם דריטן טאָג האָבן זיי מיט זייערע אייגענע הענט אַרויסגעוואָרפֿן די כּלים פֿון דער שיף.

[20] און נאָך אַ סך טעג, ווען ניט די זון, און ניט די שטערן האָבן זיך

באַוויזן, און אַ שטאַרקער שטורעמווינט האָט זיך פאַרלייגט אויף אונדז, האָט זיך ביי אונדז אָפּגעלאָזט יעדע האָפענונג ניצול צו ווערן. [21] און אַזוי ווי מע האָט שוין לאַנג ניט געהאַט געגעסן, האָט זיך פּאָולוס אַוועקגעשטעלט צווישן זיי, און האָט געזאָגט: מענטשן, הלוואַי וואָלט איר זיך געווען צוגעהאָרכט צו מיר, און ניט געווען אַרויסגעפאָרן פון קרעטאַ, וואָלט אונדז ניט געטראָפן דער דאָזיקער ניזוק און היזק. [22] און איצט ראָט איך אייך צו זיין פעסט און געשטאַרקט; וואָרים סע וועט ניט פאַרלוירן ווערן קיין נפש פון צווישן אייך, נייערט נאָר די שיף אַליין. [23] וואָרים היינטיקע נאַכט איז ביי מיר געשטאַנען אַ מלאך פון גאָט, וועמעס איך בין, און וועמען איך דין; [24] און ער האָט געזאָגט: האָב ניט קיין מורא, פּאָולוס, דו מוזסט שטיין פאַר דעם קיסר; און זע, גאָט האָט דיר באַוויליקט די אַלע, וואָס פאָרן מיט דיר. [25] דעריבער, מענטשן, זייט פעסט און געשטאַרקט; וואָרים איך בין בטוח אין גאָט, אַז סע וועט זיין טאַקע אַזוי, ווי עס איז צו מיר גערעדט געוואָרן. [26] מיר מוזן אָבער פאַרוואָרפן ווערן אויף ערגעץ אַן אינזל.

[27] און בעת ס'האָט גענעענט די פערצנטע נאַכט, זינט מיר זענען געטריבן געוואָרן אַהער און אַהין אין דעם ים פון אַדריאַ, האָבן די שיפסלייט דערפילט אין מיטן פון דער נאַכט, אַז זיי דערנענטערן זיך צו עפּעס אַ לאַנד. [28] און זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט דאָס זינקבליי, און האָבן געפונען צוואַנציק קלאַפטער טיף; און אַ שטיקל וועג ווייטער האָבן זיי ווידער אַמאָל אַראָפּגעלאָזט דאָס זינקבליי, און האָבן געפונען פופצן קלאַפטער טיף. [29] און וויל זיי האָבן מורא געהאַט, טאָמער וועלן מיר זיך אָנשלאָגן אָן פעלזן, האָבן זיי אַראָפּגעלאָזט פיר אַנקערס פון הינטער דער שיף, און האָבן געהאָפט אויף טאָג. [30] און בעת די שיפסלייט האָבן געוואָלט אַנטלויפן פון דער שיף, און האָבן שוין געהאַט אַראָפּגעלאָזט דאָס שיפל אין ים אַריין, גלייך ווי זיי וואָלטן וועלן אַראָפּלאָזן אַנקערס פון דעם פאָדערטייל פון דער שיף, [31] האָט פּאָולוס געזאָגט צום הויפטמאַן און צו די זעלנער: איר וועט זיך ניט מציל זיין, סיידן די דאָזיקע וועלן פאַרבלייבן אויף דער שיף. [32] דעמאָלט האָבן די זעלנער אָפּגעשניטן די שטריק פון דעם שיפל, און האָבן עס געלאָזט אַראָפּפאַלן.

[33] און בשעת סע האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, האָט פּאָולוס זיי אַלע

געבעטן צו נעמען עפּעס עסן, און געזאָגט: עס איז היינט דער פערצנטער טאָג, אַז איר וואַרט און טוט פֿאַסטן, און האָט גאָרניט פֿאַרזוכט. [34] עַל־כֵּן, בעט איך אייך, איר זאָלט עפּעס נעמען צו עסן; ווייל דאָס איז פֿאַר אייער רעטונג; וואָרים קיינעם פֿון אייך וועט ניט פֿאַרלוירן גיין קיין האָר פֿון זיין קאָפּ. [35] און נאָכדעם ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער גענומען ברויט, און האָט געדאַנקט גאָט פֿאַר זיי אַלע, און ער האָט עס צעבראָכן און אָנגעהויבן צו עסן. [36] דעמאָלט האָבן זיי זיך אַלע געשטאַרקט, און האָבן אַליין אויך גענומען עסן. [37] (און מיר זענען געווען בסַך־הַכֹּל אין דער שיף צוויי הונדערט זעקס און זיבעציק נפָשות.) [38] און אַז זיי האָבן זיך אָנגעגעסן צו דער זעט, האָבן זיי לייכטער געמאַכט די שיף, און האָבן אַרויסגעוואָרפֿן דעם ווייץ אין יַם אַריין.

[39] און אַז ס'איז געוואָרן טאָג, האָבן זיי ניט דערקענט דאָס לאַנד, זיי האָבן אָבער באַמערקט אַ בוכטע מיט אַ ברעג, און זיי האָבן באַשלאָסן, אויב מעגלעך, דאָרטן צוצופֿירן די שיף. [40] און אַז זיי האָבן אָפּגעשניטן די אַנקערס, האָבן זיי געלאָזט זיי אין יַם, און אין דער זעלבער צייט האָבן זיי אָפּגעבונדן די שטריק פֿון די רודערס, און אַז זיי האָבן אַרויפֿגעצויגן דעם פֿאָדערזעגל פֿאַרן ווינט, האָבן זיי זיך פֿאַרנומען צום ברעג צו. [41] און אַז זיי האָבן זיך אָנגעשלאָגן אויף אַן אָרט, וואו צוויי יַמען באַגעגענען זיך, זענען זיי פֿאַרפֿאָרן מיט דער שיף אויף דעם באָדן; און דער פֿאָדערטייל פֿון דער שיף האָט זיך אָנגעשטויסן און איז געבליבן אומבאַוועגלעך, דער הינטערשטער טייל אָבער האָט זיך אָנגעהויבן ברעכן דורך דעם שלאָגן פֿון די כוואַליעס. [42] און די זעלנער האָבן בדֵעה געהאַט צו טייטן די געפֿאַנגענע, טאָמער וועט עמיצער פֿון זיי אַוועקשווימען און אַנטלויפֿן. [43] אָבער דער הויפּטמאַן, ווייל ער האָט געוואָלט מַציל זיין פּאָולוסן, האָט זיי אָפּגעהאַלטן פֿון זייער דֵעה, און האָט באַפֿוילן, אַז די, וואָס קענען שווימען, זאָלן אַראָפּשפּרינגען פֿון דער שיף, און קודם צוקומען צו דער יַבָּשה, [44] און די איבעריקע, טייל אויף ברעטער, און טייל אויף אַנדערע זאַכן פֿון דער שיף. און אַזוי האָבן זיך אַלע געראַטעוועט אויף דער יַבָּשה.

כח און נאָכדעם ווי מיר זענען ניצול געוואָרן, זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז דער אינזל הייסט מעליטע. [2] און די נָכרים האָבן אונדז

אַרויסגעוויזן ניט קיין פּשוטן חסד; וואָרים זיי האָבן אָנגעצונדן אַ פֿייער, און האָבן אונדז אַלע אויפֿגענומען צוליב דעם רעגן, וואָס האָט געהאַלטן אין אַראָפּקומען, און צוליב דער קעלט. [3] און בעת פּאָלוס האָט צונויפֿגעזאַמלט אַ בינטל ריטלעך און האָט זיי אַרויפֿגעלייגט אויף דעם פֿייער, איז אַרויס אַ פֿיפּערנאָטער צוליב דער היץ, און האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן זיין האַנט. [4] און אַז די נכרים האָבן דערזען דעם שרץ הענגען אויף זיין האַנט, האָבן זיי איינער צום אַנדערן געזאָגט: דער דאָזיקער מאַן איז אַוודאי אַ רוצח, און הגם ער האָט זיך מציל געווען פֿון דעם ים, טוט אים אָבער די גערעכטיקייט ניט לאָזן לעבן. [5] נאָר ער האָט אָפּגעטרעסלט דעם שרץ אין פֿייער אַריין, און ס'האָט אים גאָרניט געשאַדט. [6] און זיי האָבן דערוואַרט, אַז ער זאָל געשוואָלן ווערן, אָדער פּלוצים אַנידערפֿאַלן טויט; נאָר ווען זיי האָבן לאַנג געוואַרט און געזען, אַז אים איז קיין שום שלעכטס ניט געשען, האָבן זיי געביטן זייער מיינונג, און געזאָגט, אַז ער איז אַ גאָט.

[7] און אין דער שכנות פֿון יענעם אָרט זענען געווען לענדערייַען, וואָס האָבן געהערט צו דעם עלטסטן פֿון דעם אינזל, וואָס האָט געהייסן פּובליוס; ער האָט אונדז אויפֿגענומען, און האָט אונדז פֿרייַנטלעך אונטערגעהאַלטן דריי טעג. [8] און פּובליוסנס פֿאָטער איז גראָד געלעגן קראַנק אויף פֿיבער און לאַקסיר; און פּאָלוס איז צו אים אַרייַנגעגאַנגען, און האָט מתפּלל געווען, און בעת ער האָט אַרויפֿגעלייגט אויף אים זיינע הענט, האָט ער אים אויסגעהיילט. [9] און נאָכדעם ווי דאָס איז געשען, זענען געקומען אויך די איבעריקע, וואָס האָבן אויף דעם אינזל געהאַט חולאתן, און זענען געהיילט געוואָרן. [10] זיי האָבן אונדז אויך אָנגעטאָן אַ סך כּבוד, און ווען מיר זענען אָפּגעפֿאָרן, האָבן זיי אונדז פֿאַרזאָרגט מיט וואָס מיר האָבן זיך גענייטיקט.

[11] און אין דריי חדשים אַרום זענען מיר אָפּגעפֿאָרן אין אַ שיף פֿון אַלעקסאַנדריע, וואָס האָט איבערגעווינטערט ביי דעם אינזל; איר צייכן איז געווען די צווילינג־ברידער. [12] און אַז מיר האָבן געגרייכט סיראַקוס, זענען מיר דאָרטן פֿאַרבליבן דריי טעג. [13] און פֿון דאָרטן האָבן מיר געמאַכט אַ קרייַז און זענען אָנגעקומען קיין רעגיום; און אין אַ טאָג אַרום האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ דרום־ווינט, און אויף דעם אַנדערן טאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין פּוטעאָלי. [14] דאָרטן האָבן מיר געפֿונען ברידער, און זענען געבעטן

געוואָרן, צו בלייבן מיט זיי זיבן טעג; און נאָכדעם זענען מיר געקומען קיין רוים. [15] און פון דאָרטן זענען די ברידער, בעת זיי האָבן געהערט פונוועגן אונדז, אונדז געקומען באַגעגענען אַזוי ווייט ווי ביז דעם מאַרק אַפּיוס און די דריי אַכסַניות. ווען פּאָולוס האָט זיי דערזען, האָט ער געדאַנקט גאָט, און האָט זיך געשטאַרקט. [16] און ווען מיר זענען אַריַינ־געקומען קיין רוים, האָט פּאָולוס באַקומען דערלויבעניש צו וואוינען פאַר זיך, מיט דעם זעלנער, וואָס האָט אים באַוואַכט.

[17] און עס איז געווען, אַז אין דריי טעג אַרום האָט ער צונויפגערופן יענע, וואָס זענען געווען די עלטסטע פון די ייִדן; און אַז זיי זענען זיך צוזאַמענגעקומען, האָט ער צו זיי געזאָגט: ברידער, הגם איך האָב גאָרניט געטאָן קעגן דעם פאָלק, אָדער די מִנהָגים פון אונדזערע אָבות, בין איך דאָך איבערגעענטפערט געוואָרן פון ירושָלַיִם אַ געפאַנגענער אין די הענט פון די רוימער. [18] און נאָכדעם ווי זיי האָבן מיך חוקר־ודורש געווען, האָבן זיי מיך געוואָלט פריי לאָזן, מַחמת עס איז ניט געווען קעגן מיר קיין שום גרונט פאַר מִיתה. [19] און ווען די ייִדן האָבן אײַנגעווענדט קעגן דעם, בין איך געצוואונגען געווען צו ווענדן זיך צום קֵיסר; ניט, ווייל איך האָב געוואָלט אין עפּעס באַשולדיקן מיין פאָלק. [20] פונוועגן דער דאָזיקער סִיבה האָב איך אייך דעריבער געבעטן צו זען, און מיט אייך צו רעדן; וואָרים פונוועגן דער האָפענונג פון יִשׂרָאֵל בין איך געבונדן מיט דער דאָזיקער קייט. [21] און זיי האָבן צו אים געזאָגט: מיר האָבן ניט באַקומען פון יהודה קיין בריוו פונוועגן דיר, אויך איז קיינער ניט פון די ברידער געקומען אַהער און געטאָן מוֹדיע זיין, אָדער רעדן עפּעס שלעכטס פונוועגן דיר. [22] מיר ווילן אָבער הערן פון דיר, וואָס דו דענקסט; וואָרים בנוֹגֵע דער דאָזיקער כִּיתּה, איז עס אונדז באַקאַנט, אַז אומעטום ווערט גערעדט קעגן איר.

[23] און נאָכדעם ווי זיי האָבן אים באַשטימט אַ טאָג, זענען זיי געקומען צו אים אין זיין אַכסַניא אין אַ גרויסער צאָל; און ער האָט פאַר זיי דער־קלערט דעם ענין פון אין דער פרי ביז נאַכט, און האָט עֵדות געזאָגט וועגן דעם מַלכות־אֱלֹהִים, און זיי איבער־צייגט בנוֹגֵע יֵשועַן, סיי פון תּוֹרַת־מֹשה און סיי פון די נביאים. [24] און טייל האָבן געגלויבט די רייד, וואָס זענען גערעדט געוואָרן, און די אַנדערע האָבן ניט געגלויבט. [25] און אַזויווי זיי זענען צווישן זיך ניט אייניק געווען, זענען זיי אַוועקגעגאַנגען, נאָכדעם ווי

פּאָולוס האָט נאָך געזאָגט איין וואָרט: גוט האָט דער רוח־הקודש גערעדט
דורך ישעיָה הנביא צו אייערע אָבות:

26 גיי צו דעם דאָזיקן פּאָלק און זאָג:
הערן וועט איר הערן, אָבער ניט פאַרשטיין,
און זען וועט איר זען, אָבער ניט באַנעמען.
27 וואָרים דאָס האַרץ פון דעם דאָזיקן פּאָלק איז געוואָרן פעט,
און זייערע אויערן זענען שווער פון צו הערן,
און זייערע אויגן האָבן זיי פאַרמאַכט,
טאָמער וועלן זיי זען מיט זייערע אויגן,
און פאַרשטיין מיט זייער האַרץ, און הערן מיט זייערע אויערן,
און זיך אומקערן, און איך וועל זיי היילן[א].

28 בכן, זייט וויסן, אַז די דאָזיקע ישועה פון גאָט ווערט געשיקט צו די
אומות־העולם; און זיי וועלן הערן. 29 און נאָכדעם ווי ער האָט דאָס געזאָגט,
זענען זיך די יידן פונאַנדערגעגאַנגען, און האָבן זיך אַ סך מתווכּח געווען
צווישן זיך.

30 און ער איז געזעסן צוויי גאַנצע יאָר אין זיין אייגענער געדונגענער
דירה, און האָט אויפגענומען אַלע, וואָס זענען אַריינגעגאַנגען צו אים, 31 און
האָט אָנגעזאָגט דאָס מלכות פון גאָט, און געלערנט בנוגע דעם האַר ישוע
המשיח מיט דער גאַנצער מוטיקייט, און קיינער האָט אים ניט פאַרווערט.

א ישעיה ו, 9, 10.





# דער בריוו צו די רוימער

א פּאָולוס, אַ קנעכט פֿון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, באַרופֿן צו זײַן אַ שָלִיחַ,
אויסגעשיידט פֿאַר דער בשׂורה פֿון גאָט, 2 וואָס ער האָט
מַבטִיחַ געווען פֿון פֿריער דורך זײַנע נבִיאים אין די כּתבֵי־הַקוֹדֶש,
3 פֿונוועגן זײַן זון, וואָס איז געבוירן געוואָרן פֿון דעם זאָמען פֿון
דָוִדן, לויט נאָך דעם פֿלייש, 4 און וואָס איז באַשטימט צו זײַן דער
בֶּן־אֱלֹהִים מיט שטאַרקייט, לויט נאָך דעם גייסט פֿון קדושה, דורך
זײַן אויפֿשטיין תּחִיַת־הַמֵתים; פֿון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, אונדזער האַר, 5 דורך
וועמען מיר האָבן מקַבל געווען חֶסֶד און שלִיחות, אויפֿצושטעלן
געהאָרכזאַמקייט פֿון אֱמונה צווישן אַלע אומות, פֿון זײַן נאָמענס וועגן,
6 צווישן וועמען איך איר זענט באַרופֿן צו זײַן יֵשוּעַ הַמָשִיחַס: 7 צו
אַלע, וואָס זענען אין רוים, באַליבטע פֿון גאָט, באַרופֿן צו זײַן
הייליקע; חֶסֶד צו אײַך און שָלום פֿון גאָט, אונדזער פֿאָטער, און
דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.

8 רֵאשִית דאַנק איך מײַן גאָט דורך יֵשוּעַ הַמָשִיחַ פֿאַר אײַך
אַלע, מַחמת מע רעדט פֿונוועגן אײַער אֱמונה אין דער גאַנצער
וועלט. 9 וואָרים גאָט איז מײַן עֵדות, וועמען איך דין אין מײַן
גייסט דורך דער בשׂורה פֿון זײַן זון, אַז איך טו אײַך כּסֵדר
דערמאָנען, און תָּמיד אין מײַנע תּפִילות 10 טו איך בעטן, אֶפשר
וועט מיר סוף־כָּל־סוף באַשערט זײַן צו קומען צו אײַך דורך דעם

רָצון פון גאָט. [11] וואָרים איך גאַר אייך צו זען, כּדי איך זאָל אייך קענען צוטיילן עפּעס אַ גייסטיקע מַתָּנה, כּדי אייך צו שטאַרקן, [12] דאָס הייסט, אַז איך זאָל מיט אייך אינאיינעם געטרייסט ווערן, יעדער איינער פון אונדז דורך דעם אַנדערנס אֱמונה, אייערע און מיינע. [13] און איך וויל אַז איר זאָלט וויסן, ברידער, אַז אַ סך מאָל האָב איך בַּדֵעה געהאַט צו קומען צו אייך (און בין לעֵת־עַתּה געשטערט געוואָרן), בּכדֵי איך זאָל אויך צווישן אייך האָבן וואָסערע פרוכט, אַזוי ווי צווישן די איבעריקע אומות. [14] איך בין אַ בַּעל־חוב צו די גריכן און צו די נָכרים, צו די חֲכָמים און צו די נאַראָנים; [15] אַזוי, אַז אויף וויפל ס'איז געווענדט אין מיר, בין איך גרייט אָנצוזאָגן די בשׂורה אויך צו אייך, וואָס געפינט זיך אין רוים.

[16] וואָרים איך שעם מיך ניט מיט דער בשׂורה; מַחמת זי איז די שטאַרקייט פון גאָט פאַר אַ ישועה פון יעדן איינעם, וואָס גלויבט: רֵאשית פאַר דעם ייִד, און אויך פאַר דעם גריך. [17] וואָרים אין איר ווערט אַנט־פּלעקט צִדקות פון גאָט פון אֱמונה צו אֱמונה, ווי סע שטייט געשריבן: דער צַדיק וועט לעבן דורך זיין אֱמונהא.

[18] וואָרים דער גרימצאָרן פון גאָט ווערט אַנטפּלעקט פון הימל אַנטקעגן דער גאַנצער רִשעות און אומגערעכטיקייט פון מענטשן, וואָס שטערן דעם אֱמת אין אומגערעכטיקייט. [19] מַחמת דאָס, וואָס מע קען וויסן פונוועגן גאָט, איז אַנטפּלעקט אין זיי, וואָרים גאָט האָט עס אַנטפּלעקט צו זיי. [20] וואָרים די פאַרהוילענע זאַכן פון אים, ווערן קלאָר געזען, זינט דער באַשאַפונג פון דער וועלט, ווייל זיי ווערן באַנומען דורך די זאַכן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן, דהַיינו, זיין אייביקע שטאַרקייט און געטלעכקייט, כּדי זיי זאָלן זיין אָן אַ פאַרענטפערונג; [21] מַחמת דעם, הַגַם זיי האָבן געקענט גאָט, האָבן זיי אים ניט געאָכפּערט ווי גאָט, אָדער אים געדאַנקט, נייערט זענען געוואָרן נאַריש אין זייערע מַחשָבות, און זייער אומפאַרשטענדיק האַרץ איז פאַרפינצטערט געוואָרן. [22] בעת זיי האָבן זיך אַרויסגעגעבן פאַר חֲכָמים, זענען זיי געוואָרן נאַראָנים, [23] און האָבן פאַרביטן דעם כָּבוד פון דעם אומשטאַרבלעכן גאָט אויף דער געשטאַלט פון אַן אָפּבילד פון אַ שטאַר־בלעכן מענטשן, און פון פייגל, און פירפיסיקע חַיות, און אויף ווידמונגען.

[24] דעריבער האָט זיי גאָט איבערגעגעבן אין די תַּאוות פון זייערע

א חבקוק ב, 4.

הערצער צו טומאה, צו פֿאַראומווערדיקן זייערע לײַבער צווישן זיך אַליין,
[25] מַחמת זיי האָבן פֿאַרביטן דעם אֱמת פֿון גאָט אויף אַ ליגן, און האָבן
געאַכפּערט און געדינט ליבערשט דעם באַשאַף, איידער דעם באַשעפֿער,
וואָס איז געלויבט אויף אייביק. אָמֵן.

[26] צוליב דעם האָט זיי גאָט איבערגעענטפֿערט צו אומווערדיקע תּאוות;
וואָרים זייערע ווײַבער האָבן פֿאַרביטן דעם נאַטירלעכן באַדאַרף אויף דעם,
וואָס איז קעגן דער טֶבע. [27] און אַזוי אויך האָבן די מענער פֿאַרלאָזט דעם
נאַטירלעכן באַדאַרף פֿון דעם ווייב, און האָבן געברענט אין זייערע תּאוות
איינער צום אַנדערן; זכָרים מיט זכָרים האָבן געטאָן אומווערדיקייט, און
האָבן אין זיך אַליין באַקומען דעם פֿולן שׂכַר פֿון זייער טָעות.

[28] און אַזוי ווי זיי האָבן פֿאַראַכט גאָט אין זייער דערקענטעניש, האָט
זיי גאָט איבערגעענטפֿערט דעם פֿאַרדאָרבענעם פֿאַרשטאַנד, צו טאָן דאָס,
וואָס מע טאָר ניט. [29] וואָרים זיי זענען פֿול מיט יעדער אומגערעכטיקייט,
רְשעות, גײַציקייט, בײַזוויליקייט, פֿול מיט קִנאה, רציחה, קריג, שֶקר, רַמָאות,
פֿלוידעריי, [30] רכִילות־טרײַבער, שׂונאים פֿון גאָט, חוצפּהדיק, גאַוֹוהדיק,
באַרימעריש, פֿאַרטראַכטער פֿון רְשעותדיקייטן, ווידערשפּעניק קעגן עלטערן,
[31] אָן פֿאַרשטענדעניש, בונד־ברעכער, ליבלאָזע, אומבאַרעמהאַרציקע; [32] וואָס
הַגַם זיי ווייסן דעם מִשפּט פֿון גאָט, אַז די, וואָס טוען אַזעלכע זאַכן, זענען
חַייב־מִיתה, טוען ניט נאָר דאָס זעלבע, נייערט זענען אויך מַסכּים מיט די,
וואָס טוען דאָס.

**ב** דעריבער ביסטו אָן אַ פֿאַרענטפֿערונג, אָ מענטש, ווער דו זאָלסט ניט
זיין, וואָס טוסט מִשפּטן; וואָרים מיט דעם, וואָס דו מִשפּטסט אַן
אַנדערן, פֿאַרמִשפּטסטו דיך אַליין, וואָרים דו, וואָס מִשפּטסט, טוסט די
זעלבע זאַכן. [2] און מיר ווייסן, אַז דער מִשפּט פֿון גאָט טוט באֱמֶת
קומען איבער די, וואָס טוען אַזעלכע זאַכן. [3] און מיינסטו טאַקע, אָ מענטש,
וואָס טוסט מִשפּטן די, וואָס טוען אַזעלכע זאַכן, און טוסט דאָס זעלבע,
אַז דו וועסט אַנטרינען דעם מִשפּט פֿון גאָט? [4] אָדער טוסטו מבַזה זיין די
עַשירות פֿון זיין גוטסקייט, און סַבלָנות, און צוריקגעהאַלטנקייט, און ווייסט
ניט, אַז די גוטסקייט פֿון גאָט טוט דיך פֿירן צו תּשובה? [5] אָבער מיט
דיין האַרטנעקיק און פֿאַרעַקשנט האַרץ זאַמלסטו אָן פֿאַר דיר גרימצאָרן
אויף דעם טאָג פֿון גרימצאָרן, און די אַנטפּלעקונג פֿון דעם גערעכטן

מִשפּט פון גאָט, [6] וואָס וועט פאַרגעלטן יעדן איינעם לויט זיינע מַעשׂים:
[7] פאַר די, וואָס דורך געדולד און מַעשׂים־טובים וואַרטן אויף הערלעכקייט, און כָּבוד, און אומשטאַרבלעכקייט, אייביק לעבן; [8] פאַר די אָבער, וואָס זענען ווידערשפּעניק און געהאָרכן ניט דעם אֶמת, נייערט געהאָרכן אומגע־רעכטיקייט, וועט זיין צאָרן און גרימצאָרן, [9] יסורים און באַדרענגעניש אויף יעדער מענטשלעכער נשָמה, וואָס טוט שלעכטס, רֵאשית אויף דעם ייִד, און אויך אויף דעם גריך; [10] אָבער הערלעכקייט און כָּבוד און שָלום פאַר יעדן איינעם, וואָס טוט גוטס, רֵאשית פאַר דעם ייִד, און אויך פאַר דעם גריך; [11] וואָרים גאָט איז ניט קיין נוֹשׂא־פָּנים.

[12] וואָרים אַלע, וואָס האָבן געזינדיקט אָן דער תּורה, וועלן אויך פאַרלוירן ווערן אָן דער תּורה, און אַלע, וואָס האָבן געזינדיקט מיט דער תּורה, וועלן געמִשפּט ווערן דורך דער תּורה. [13] וואָרים ניט די, וואָס הערן די תּורה, זענען גערעכט פאַר גאָט, נייערט די, וואָס זענען מקַיים די תּורה, וועלן זיין גערעכטפאַרטיקט. [14] בעת די אומות־הָעולם, וואָס האָבן ניט קיין תּורה, טוען בטֶבע וואָס די תּורה הייסט, זענען זיי, הַגַם זיי האָבן ניט קיין תּורה, אַ תּורה פאַר זיך אַליין, [15] מיט דעם, וואָס זיי ווייזן די טואונג פון דער תּורה פאַרשריבן אין זייערע הערצער, און זייער געוויסן איז אויסערדעם מֵעיד, און זייערע מַחשָבות זענען איינס מיטן אַנדערן זיי מחַייב, אָדער אויך מזַכּה, [16] אין דעם טאָג, ווען גאָט וועט מִשפּטן די פאַרהוילענישן פון די מענטשן, לויט מיין בשׂורה, דורך יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.

[17] אויב אָבער דו טראָגסט דעם נאָמען פון אַ ייִד, און ביסט דיך סומך אויף דער תּורה, און רימסט דיך אין גאָט, [18] און פאַרשטייסט זיין רָצון, און ווייסט דעם חִילוק צווישן גוטס און שלעכטס, מַחמת דו ביסט געלערנט אין דער תּורה, [19] און ביסט בטוחַ, אַז דו אַליין ביסט אַ פירער פון די בלינדע, אַ ליכט פון די, וואָס זענען אין דער פינצטערניש, [20] אַן אויסבעסערער פון די נאַראָנים, אַ לערער פון קליינע קינדער, וואָס האָסט די פאָרם פון וויסן און פון דעם אֶמת אין דער תּורה; [21] בכֵן, דו, וואָס לערנסט אַן אַנדערן, טוסטו ניט לערנען דיך אַליין? דו, וואָס דַרשנסט, זאָלסט ניט גַנבענען, און אַליין גַנבעסטו? [22] דו, וואָס זאָגסט, זאָלסט ניט מְזַנה זיין, און אַליין ביסטו מזַנה? דו, וואָס דיך עקלען אָפּגעטער, און באַרויבסט טעמפּלען? [23] דו, וואָס רימסט דיך מיט דער תּורה, טוסט

מחַלֵל־שֵׁם זיין, דורך דעם עוֹבר זיין די תּוֹרה! [24] וואָרים דער נאָמען פון גאָט ווערט צוליב אייך געלעסטערט צווישן די פעלקער [א], אַזױוי סע שטייט געשריבן.

[25] וואָרים מִילה ברענגט נוצן, אויב דו ביסט מקַיים די תּוֹרה; אויב אָבער דו ביסט עוֹבר אויף דער תּוֹרה, איז דיין מִילה געוואָרן עָרלה. [26] בכֵן, אויב דער ניט־געמַלטער טוט היטן די געבאָטן פון דער תּוֹרה, צי וועט ניט זיין עָרלה פאַררעכנט ווערן פאַר מִילה? [27] יאָ, דער וואָס איז בטֶבע ניט־געמַלט, נאָר וואָס איז מקַיים די תּוֹרה, וועט מִשפּטן דיך, וואָס מיט דעם אוֹת און מִילה ביסטו עוֹבר אויף דער תּוֹרה. [28] וואָרים ניט דער איז אַ ייִד, וואָס איז עס לפָנים, און ניט דאָס איז מִילה, וואָס איז דרויסן פון דעם פלייש, [29] נייערט דער איז אַ ייִד, וואָס איז עס אינעווייניק, און מִילה איז דאָס פון דעם האַרץ, אין דעם גייסט, און ניט אין דעם אוֹת. זיין לויב איז ניט פון מענטשן, נייערט פון גאָט.

ג אויב אַזוי, וואָסער מַעלה האָט דער ייִד, אָדער וואָס איז דער נוצן פון מִילה? [2] אַ סך, אויף יעדן אוֹפן. רֵאשִׁית־כָּל, וואָס זיי זענען אָנפאַרטרויט געוואָרן מיט די נבוּאוֹת פון גאָט. [3] וואָרים וואָס איז, אויב טייל זענען ניט געווען געטריי? צי זאָל זייער אומגעטרייַשאַפט מבַטל זיין די געטרייַשאַפט פון גאָט? [4] חָלִילה־ו! גיכער זאָל גאָט זיין וואָרהאַפטיק, און יעדער מענטש אַ ליגנער, ווי סע שטייט געשריבן:

כּדי דו זאָלסט זיין גערעכטפאַרטיקט אין דיינע רייד,

און זאָלסט בייַשטיין, בעת דו וועסט געמִשפּט ווערן [ב].

[5] אויב אָבער אונדזער אומגערעכטיקייט ברענגט אַרויס גאָטס גערעכטיקייט, וואָס זאָלן מיר זאָגן? איז גאָט אומגערעכט, וואָס ער מִשפּט מיט גרימצאָרן? (איך רעד לויט דעם שטייגער פון מענטשן.) [6] חָלִילה! וואָרים אויב אַזוי, ווי זאָל גאָט מִשפּטן די וועלט? [7] אויב אָבער די וואָרהאַפטיקייט פון גאָט האָט זיך דורך מיין ליגן פאַרמערט פאַר זיין כָּבוד, פאַרוואָס ווער איך נאָך אַלץ געמִשפּט ווי אַ זינדיקער? [8] און פאַרוואָס ניט טאָן שלעכטס, בכדֵי עס זאָל קומען גוטס? — ווי מיר ווערן פאַרלוימדעריש באַרעדט, און ווי טייל באַהויפּטן, אַז מיר זאָגן. זייער פּסַק איז גערעכט.

[א] ישעיה נב, 5. [ב] תהלים נא, 6.

9 וואָס פאָרט? צי זענען מיר בעסער ווי זיי? ניין, בשום אופן ניט; וואָרים מיר האָבן שוין פריער באַשולדיקט סיי ייִדן און סיי גריכן, אַז זיי זענען אַלע אונטער דער זינד, 10 ווי סע שטייט געשריבן:

ניטאָ קיין גערעכטער, אַפילו ניט איינער;
11 ניטאָ קיין פאַרשטענדיקער,
ניטאָ איינער וואָס זוכט גאָט;
12 איטלעכער האָט אָפּגעקערט, אַלע זענען זיי פאַרדאָרבן,
ניטאָ קיינער, וואָס טוט גוטס, ניט אַפילו איינער[א].
13 אַן אָפענער קֶבר איז זייער קעל,
זייער צונג מאַכן זיי גלאַט[ב].
דער סַם פון אַן אָטערשלאַנג איז אונטער זייערע ליפּן,
14 זייער מויל איז פול מיט קללה און ביטערניש[ג].
15 זייערע פיס זענען פלינק צו פאַרגיסן בלוט;
16 פאַרוויסטונג און בראָך זענען אין זייערע שליאַכן,
17 און דעם וועג פון שָלום וויסן זיי ניט[ד].
18 ניטאָ גאָטס מורא פאַר זייערע אויגן[ה].

19 און מיר וויסן, אַז וואָס נאָר די תּורה זאָגט, טוט זי רעדן צו די, וואָס זענען אונטערן עול פון דער תּורה, כּדי איטלעכס מויל זאָל ווערן פאַרשטומט, און די גאַנצע וועלט זאָל זיין חַייב פאַר גאָט. 20 מַחמת דורך די מַעשים פון דער תּורה וועט קיין שום בָשר־וָדם ניט גערעכטפאַרטיקט ווערן פאַר אים; וואָרים דורך דער תּורה קומט דאָס וויסן פון דער זינד.

21 אַצינד אָבער איז אַנטפּלעקט געוואָרן אַ צִדקות פון גאָט אָן דער תּורה, וואָס אויך איר ווערט עֵדות געזאָגט דורך דער תּורה און די נביאים, 22 דהיינו: די צִדקות פון גאָט דורך אֶמונה אין יֵשוּעַ הַמָשיחַ, פאַר אַלע, וואָס גלויבן. וואָרים עס איז ניטאָ קיין חילוק; 23 מַחמת אַלע האָבן געזינדיקט, און זענען געמינערט פון דעם כָבוד פון גאָט, 24 בעת זיי ווערן אומזיסט גערעכטפאַרטיקט פון זיין חֶסד דורך דער אויסלייזונג פון יֵשוּעַ הַמָשיחַ, 25 וועמען גאָט האָט אַרויסגעשטעלט צו זיין אַ פאַרגעבונג דורך אֶמונה אין זיין בלוט, צו ווייזן זיין צִדקות, דורך דעם איבערהיפּערן די פריער באַגאַנגענע זינד, צוליב דער לייַטזעליקייט פון גאָט, 26 צו ווייזן

[א] תהלים יד, 1—3. [ב] תהלים ה, 10. [ג] תהלים י, 7. [ד] ישעיה נט, 7, 8. [ה] תהלים לו, 2.

זיין צדקות אין דער איצטיקער צייט; כּדי ער אַליין זאָל זיין גערעכט און דער רעכטפאַרטיקער פון דעם, וואָס האָט אֶמונה אין יֵשוּעַן.

[27] בכֵן, וואו איז דאָס רימען? עס איז אויסגעשלאָסן. דורך וואָסער מין חוק? פון מַעשׂים? ניין, נייערט דורך דעם חוק פון אֶמונה. [28] מיר רעכענען דעריבער, אַז אַ מענטש ווערט גערעכטפאַרטיקט דורך אֶמונה, אָן די מַעשׂים פון דער תּוֹרה. [29] אָדער איז גאָט דער גאָט נאָר פון די יִידן? איז ער ניט דער גאָט אויך פון די אומות־הָעולם? יאָ, אויך פון די אומות־הָעולם, [30] וינט גאָט איז איינער, און ער וועט רעכטפאַרטיקן די געמַלטע פון אֶמונה, און די ניט־געמַלטע דורך אֶמונה. [31] צי טוען מיר דען מבַטל זיין דורך אֶמונה די תּוֹרה? חָלִילה; נייערט מיר זענען מקַיים די תּוֹרה.

ד וואָס אייגנטלעך זאָלן מיר זאָגן, אַז אַברָהם אָבִינו האָט דערגרייכט לויט דעם פלייש? [2] וואָרים אויב אַברָהם איז גערעכטפאַרטיקט געוואָרן דורך מַעשׂים, האָט ער זיך געהאַט מיט וואָס צו רימען, אָבער ניט פאַר גאָט. [3] וואָרים וואָס זאָגט דער פָּסוק? און אַברָהם האָט געגלויבט גאָט, און עס איז אים גערעכנט געוואָרן פאַר אַ גערעכטיקייט[א]. [4] אָבער פאַר דעם, וואָס טוט זיך מִיען, ווערט דער שׂכר ניט פאַררעכנט ווי אַ חֶסד, נייערט ווי אַ חוֹב. [5] און דער, וואָס טוט זיך ניט מִיען, נייערט גלויבט אין אים, וואָס רעכטפאַרטיקט דעם רָשע, ווערט זיין אֶמונה פאַררעכנט פאַר גערעכטיקייט. [6] אַזוי אויך טוט דָוִד לויבן דעם מענטשן, וועמען גאָט טוט צורעכענען גערעכטיקייט אָן מַעשׂים:

[7] וואויל איז די, וועמעס פאַרברעכנס זענען פאַרגעבן,
און וועמעס חַטָאים זענען פאַרדעקט.
[8] וואויל איז דעם מענטשן, וועמען גאָט טוט ניט רעכענען קיין זינד[ב].

[9] צי באַציט זיך די דאָזיקע בְּרָכה אויף דעם געמַלטן, אָדער אויך אויף דעם ניט־געמַלטן? וואָרים מיר זאָגן: אַברָהמען איז זיין אֶמונה פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ גערעכטיקייט. [10] וויאַזוי איז עס אים אייגנטלעך גערעכנט געוואָרן? איז עס געווען איידער, אָדער נאָכדעם ווי ער איז געמַלט געוואָרן? עס איז ניט געווען נאָכדעם, נייערט איידער ער איז געמַלט געוואָרן. [11] און ער האָט מקַבל געווען דעם צייכן פון מִילה, אַ חוֹתם פון דער צִדקוּת, וואָס ער האָט געהאַט פון דער אֶמונה, בעת ער

א בראשית טו, 6. ב תהלים לב, 1, 2.

איז געווען אין עָרלה, בִּכדֵי ער זאָל זיין דער פאָטער פון אַלע, וואָס גלויבן, הַגַם זיי בלייבן אין עָרלה, כּדי עס זאָל זיי צוגערעכנט ווערן צדקות, [12] און דער פאָטער פון געמַלטע פאַר די, וואָס זענען ניט נאָר געמַלט, נייערט וואָס גייען אויך אין די טריט פון דער אֱמונה פון אַבּרָהם אָבִינו, וואָס ער האָט געהאַט בעת ער איז נאָך ניט געווען געמַלט.

[13] וואָרים ניט דורך דער תּורה איז געקומען די הַבטָחה צו אַבּרָהמען, אָדער צו זיין זאָמען, אַז ער זאָל זיין יוֹרֵש פון דער וועלט, נייערט דורך צדקות פון אֱמונה. [14] וואָרים אויב די, וואָס זענען פון דער תּורה, זענען יורשים, ווערט די אֱמונה נישטיק, און די הַבטָחה בָּטֵל. [15] וואָרים די תּורה ברענגט גרימצאָרן; אָבער וואו עס איז ניטאָ קיין תּורה, דאָרט איז אויך ניטאָ קיין עֲבֵירה.

[16] דעריבער איז עס אויך פון אֱמונה, כּדי עס זאָל זיין דורך חֶסֶד, אַזוי, אַז די הַבטָחה זאָל באַשטיין פאַר דעם גאַנצן זאָמען; ניט נאָר פאַר יענעם, וואָס איז פון דער תּורה, נייערט אויך פאַר יענעם, וואָס איז פון דער אֱמונה פון אַבּרָהמען, וואָס איז דער פאָטער פון אונדז אַלע, [17] ווי עס שטייט געשריבן: פאַר אַ פאָטער פון אַ סַך פעלקער האָב איך דיך געמאַכט[א] — פאַר גאָט, וועמען ער האָט געגלויבט, און וואָס איז מחַיֵה־מֵתים, און טוט אָנרופן דאָס, וואָס איז נאָך ניטאָ, גלייך ווי עס וואָלט שוין געווען. [18] וואָס הַגַם ער האָט ניט געהאַט קיין האָפענונג, האָט ער געגלויבט אין האָפענונג, אַז ער וועט ווערן אַ פאָטער פון אַ סַך פעלקער, לויט ווי עס איז צו אים געזאָגט געוואָרן: אַזוי זאָל זיין דיין זאָמען[ב]. [19] און הַגַם ער איז ניט געווען אָפּגעשוואַכט אין אֱמונה, האָט ער באַטראַכט זיין אייגן לײַב שוין אַזוי גוט ווי טויט, ווייל ער איז אַלט געווען אַרום הונדערט יאָר, און די טויטקייט פון שָׂרָהס מוטערטראַכט; [20] און איז ניט מסופק געווען אין דער הַבטָחה פון גאָט דורך אומגלויבן, נייערט האָט זיך געשטאַרקט אין אֱמונה, און האָט אָפּגעגעבן כָּבוד צו גאָט, [21] און איז געווען בטוחַ, אַז וואָס ער האָט מַבטִיחַ געווען, איז ער אויך בִּיכוֹלֶת צו טאָן. [22] בּכֵן, איז דאָס אים אויך פאַררעכנט געוואָרן פאַר גערעכטיקייט. [23] און ניט פון זײַנעטוועגן אַליין איז עס געשריבן געוואָרן, אַז עס איז אים פאַררעכנט געוואָרן, [24] נייערט אויך פון אונדזערטוועגן, פאַר וועמען סע וועט פאַררעכנט ווערן,

[א] בראשית יז, 5. [ב] בראשית טו, 5.

ווייל מיר גלויבן אין אים, וואָס האָט מחַיֶה־מֵתים געווען יֵשוּעַן, אונדזער האַר, [25] וואָס איז איבערגעענטפערט געוואָרן פאַר אונדזערע פאַרברעכנס, און איז אויפגעוועקט געוואָרן פאַר אונדזער רעכטפאַרטיקונג.

ה בכֵן, ווייל מיר זענען גערעכטפאַרטיקט דורך אֱמונה, האָבן מיר שָלום מיט גאָט דורך אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשיחַ, [2] דורך וועמען מיר האָבן אויך באַקומען אונדזער צוגאַנג פון אֱמונה אין דעם דאָזיקן חֶסד, אין וועלכן מיר שטייען, און מיר פרייען זיך אין דער האָפענונג פון דער הערלעכקייט פון גאָט. [3] און ניט נאָר דאָס, נייערט מיר פרייען זיך אויך אין אונדזערע צָרות, ווייל מיר ווייסן, אַז די צָרה ברענגט שטאַנדהאַפטיקייט, [4] און שטאַנד־האַפטיקייט, צושטימיקייט, און צושטימיקייט, האָפענונג, [5] און האָפענונג ברענגט ניט צו שאַנד, מַחמת די ליבשאַפט פון גאָט איז אויסגעגאָסן געוואָרן אין אונדזערע הערצער דורך דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש, וואָס איז אונדז געגעבן געוואָרן.

[6] וואָרים בעת מיר זענען נאָך געווען שוואַך, איז מָשיחַ אין דער געהעריקער צייט געשטאָרבן פאַר די רְשָעים. [7] וואָרים זעלטן וועט איינער שטאַרבן פאַר אַ צַדיק; פאַר דעם גוטן וואָלט זיך נאָך אֶפשר עמיצער אונטערגענומען צו שטאַרבן. [8] גאָט האָט אָבער באַוויזן זיין ליבשאַפט צו אונדז מיט דעם, וואָס בעת מיר זענען נאָך געווען זינדיקע, איז מָשיחַ פאַר אונדז געשטאָרבן. [9] אַ פשיטא שוין וועלן מיר איצט, בעת מיר זענען גערעכטפאַרטיקט געוואָרן דורך זיין בלוט, ניצול ווערן דורך אים פון דעם צאָרן פון גאָט. [10] וואָרים אויב מיר, בעת מיר זענען געווען שׂוֹנאים, זענען באַוויליקט געוואָרן פאַר גאָט דורך דעם טויט פון זיין זון, אַ פשיטא שוין, בעת מיר זענען שוין באַוויליקט געוואָרן, וועלן מיר ניצול ווערן דורך זיין לעבן; [11] און ניט נאָר דאָס, נייערט מיר פרייען זיך אויך אין גאָט דורך אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשיחַ, דורך וועמען מיר האָבן איצט מקַבל געווען די באַוויליקונג.

[12] בכֵן, אַזױװי דורך איין מענטשן איז די זינד געקומען אין דער וועלט אַריין, און טויט דורך זינד, און אַזוי איז דער טויט אַריבער צו אַלע מענטשן, ווייל אַלע האָבן געזינדיקט. [13] וואָרים פאַר מַתן־תּוֹרה איז זינד שוין געווען אויף דער וועלט, אָבער זינד ווערט ניט צוגערעכנט, בעת עס איז ניטאָ קיין תּוֹרה. [14] דאָך האָט דער טויט געהערשט פון אָדָמען ביז משהן

אַפילו איבער די, וואָס האָבן ניט געזינדיקט אויף דעם אופן פון אָדָמס
עֲבֵירה, וואָס איז ענלעך צו אים, וואָס האָט געזאָלט קומען.
[15] אָבער ניט אַזוי איז עס מיט דער מַתָּנה, ווי מיט דער עֲבֵירה. וואָרים
אויב דורך דער עֲבֵירה פון דעם איינעם זענען אַ סַך געשטאָרבן, אַ סַך
מער האָט דער חֶסֶד פון גאָט, און די מַתָּנה דורך דעם חֶסֶד פון דעם
איינעם מענטשן יֵשוּעַ הַמָשִיחַ געטאָן זיך פאַרמערן איבער דעם רַבִּים! [16] און
ניט ווי דורך איינעם, וואָס האָט געזינדיקט, איז די מַתָּנה; וואָרים דער
מִשפּט איז געקומען צו דער פאַראורטיילונג פון איינעם, אָבער די מַתָּנה
איז געקומען פון אַ סַך עֲבֵירות צו רעכטפאַרטיקונג. [17] וואָרים אויב דורך
דער עֲבֵירה פון דעם איינעם האָט דער טויט געהערשט דורך דעם איינעם,
אַ סַך מער וועלן די, וואָס זענען מקַבּל די שֶפע פון חֶסֶד, און פון דער
מַתָּנה פון רעכטפאַרטיקייט, הערשן אין לעבן דורך דעם איינעם מענטשן,
יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.
[18] בכֵן, אַזויווי דורך איין עֲבֵירה איז דער מִשפּט געקומען איבער אַלע
מענטשן, פּונקט אַזוי איז די רעכטפאַרטיקייט איבערגעגאַנגען פון דעם איינעם
צו דער רעכטפאַרטיקונג און לעבן פון אַלע מענטשן. [19] וואָרים אַזוי ווי דורך
דער ווידערשפּעניקייט פון דעם איינעם מענטשן איז דער רַבִּים געמאַכט
געוואָרן פאַר זינדיק, פּונקט אַזוי וועט דער רַבִּים דורך געהאָרכזאַמקייט
פון דעם איינעם ווערן גערעכט. [20] און די תּורה איז דערביי אַריַינגעקומען,
כּדי דאָס פאַרברעכן זאָל זיך פאַרמערן; אָבער וואו די זינד האָט זיך
געמערט, האָט זיך דער חֶסֶד נאָך מערער פאַרמערט, [21] כּדי אַזוי ווי די
זינד האָט געהערשט אין טויט, פּונקט אַזוי זאָל דער חֶסֶד הערשן דורך
גערעכטיקייט צום אייביקן לעבן דורך יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, אונדזער האַר.
ו בכֵן, וואָס זאָלן מיר זאָגן? זאָלן מיר פאַרבלײַבן אין דער זינד, כּדי
דער חֶסֶד זאָל זיך פאַרמערן? [2] חָלִילָה! מיר, וואָס זענען אָפּגעשטאָרבן
פאַר דער זינד, וויאַזוי קענען מיר נאָך אין איר לעבן? [3] אָדער ווייסט
איר ניט, אַז מיר אַלע, וואָס זענען געטובֿלט געוואָרן אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ,
זענען געטובֿלט געוואָרן אין זיין טויט? [4] מיר זענען דעריבער באַגראָבן
געוואָרן מיט אים דורך דער טבִילה אין דעם טויט, בּכדי, פּונקט ווי
מָשִיחַ איז אויפגעוועקט געוואָרן פון די טויטע דורך דעם כָּבוד פון דעם
פאָטער, אַזוי זאָלן מיר אויך גיין אין דער נײַקייט פון לעבן.

[5]וואָרים אויב מיר זענען באַהעפט געוואָרן מיט אים אין דער ענלעכ־
קייט פון זיין טויט, וועלן מיר אויך זיין באַהעפט אין דער ענלעכקייט פון
זיין תּחִיַת־הַמֵתים. [6]וואָרים מיר וויסן, אַז אונדזער אַלטער מענטש איז
מיט אים געקרייציקט געוואָרן, כּדי סע זאָל אָפּגעטאָן ווערן דער גוף
פון זינד, און מיר זאָלן מער ניט זיין אין קנעכטשאַפט צו דער זינד.
[7]וואָרים דער, וואָס איז געשטאָרבן, איז גערעכטפאַרטיקט פון דער זינד.
[8]אויב אָבער מיר זענען געשטאָרבן מיט מָשיחַן, גלויבן מיר, אַז מיר וועלן
אויך לעבן מיט אים. [9]וואָרים מיר וויסן, אַז נאָכדעם ווי מָשיחַ איז
אויפגעשטאַנען תּחִיַת־הַמֵתים, טוט ער מער ניט שטאַרבן; טויט האָט מער ניט
קיין שליטה איבער אים. [10]וואָרים דעם טויט, וואָס ער איז געשטאָרבן,
איז ער פאַר דער זינד געשטאָרבן אויף אייביק; אָבער דאָס לעבן, וואָס
ער לעבט, טוט ער לעבן פאַר גאָט. [11]פּונקט אַזוי זאָלט איר זיך אויך
פאַררעכענען צו זיין טויט פאַר דער זינד, אָבער לעבעדיק פאַר גאָט אין
יֵשוּעַ הַמָשיחַ.

[12]זאָל דעריבער די זינד ניט הערשן אין אייער שטאַרבלעכן לייַב,
כּדי צו געהאָרכן אירע תּאוות; [13]גיט אויך ניט אָפּ אייערע אֵברים פאַר
דער זינד ווי כּלֵי־זַיִן פון אומגערעכטיקייט, נייערט גיט זיך איבער צו גאָט,
ווי לעבעדיק געוואָרענע פון די טויטע, און אייערע אֵברים ווי כּלֵי־זַיִן
פון גערעכטיקייט פאַר גאָט. [14]וואָרים די זינד וועט ניט האָבן קיין שליטה
איבער אייך, מַחמת איר זענט ניט אונטער דער תּורה, נייערט אונטער
דעם חֶסֶד.

[15]און אַצינד? זאָלן מיר זינדיקן, ווייל מיר זענען ניט אונטער דער
תּורה, נייערט אונטער דעם חֶסֶד? חָלילה! [16]צי ווייסט איר ניט, אַז צו
וועמען איר גיט זיך איבער ווי קנעכט צו געהאָרכזאַמקייט, זענט איר די
קנעכט פון אים, וועמען איר טוט געהאָרכן, סיי דאָס איז פון דער זינד
צום טויט, אָדער פון געהאָרכזאַמקייט צו גערעכטיקייט? [17]אָבער געלויבט
איז גאָט, אַז אַזוי־ווי איר זענט געוועזן קנעכט פון דער זינד, זענט איר אָבער
געוואָרן געהאָרכזאַם פון האַרצן צו יענער פאָרם פון לערנונג, צו וועלכער
איר זענט איבערגעגעבן געוואָרן. [18]און ווייל איר זענט באַפרייט
געוואָרן פון דער זינד, זענט איר געוואָרן קנעכט פון גערעכטיקייט. [19]איך
רעד לויט דעם שטייגער פון מענטשן, צוליב דער שוואַכקייט פון אייער

פלייש. וואָרים אַזוויוי איר האָט איבערגעגעבן אייערע אֵברים פאַר קנעכט
צו דער טומאה און פון רְשעות צו רְשעות, פונקט אַזוי זאָלט איר איצט
איבערגעבן אייערע אֵברים צו גערעכטיקייט פאַר קדושה.
[20] וואָרים בעת איר זענט געווען קנעכט פון דער זינד, זענט איר געווען
פריי פון גערעכטיקייט. [21] בכֵן, וואָסער פרוכט האָט איר דעמאָלט געהאַט
פון יענע זאַכן, מיט וועלכע איר טוט זיך איצט שעמען? וואָרים דער סוף פון
יענע זאַכן איז טויט. [22] אָבער איצט, בעת איר זענט באַפרייט געוואָרן פון
דער זינד און זענט געוואָרן קנעכט פון גאָט, האָט איר אייער פרוכט פון
קדושה, און צום סוף — אייביק לעבן. [23] וואָרים דער שׂכַר פון זינד איז
דער טויט; אָבער די מַתָּנה פון גאָט איז אייביק לעבן אין יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ,
אונדזער האַר.

ז אָדער ווייסט איר ניט, ברידער — וואָרים איך רעד צו מענטשן, וואָס
קענען די תּורה — אַז די תּורה האָט שליטה איבער אַ מענטשן, כָּל־
זמַן ער לעבט? [2] וואָרים די פאַרהייראַטע פרוי איז געבונדן דורך דער
תּורה צו דעם מאַן, כָּל־זמַן ער לעבט; אויב אָבער דער מאַן שטאַרבט, איז
זי פּטור פון דעם דין צו דעם מאַן. [3] דעריבער, אויב זי באַהעפט זיך מיט
אַן אַנדערן מאַן, כָּל־זמַן איר מאַן לעבט, וועט זי אָנגערופן ווערן אַ זונה;
אָבער אויב דער מאַן שטאַרבט, איז זי פריי פון דעם דין, אַזוי, אַז זי איז
ניט קיין זונה, הגם זי באַהעפט זיך מיט אַן אַנדערן מאַן.
[4] דעריבער, מיינע ברידער, אויך איר זענט געוואָרן טויט פאַר דער
תּורה דורך דעם גוף פון מָשיחן, כּדי באַהעפט צו ווערן מיט אַן אַנדערן, צו
אים, וואָס איז אויפגעשטאַנען תּחִיַת־המֵתים, בכדֵי מיר זאָלן קאָנען אַרויס־
ברענגען פּירות פאַר גאָט. [5] וואָרים בעת מיר זענען געווען אין דעם פלייש,
האָבן די זינדיקע תּאוות, וואָס זענען געווען דורך דער תּורה, געווירקט אין
אונדזערע אֵברים אַרויסצוברענגען פּירות פאַר דעם טויט. [6] אָבער איצט זענען
מיר פריי פון דער תּורה, ווייל מיר זענען געשטאָרבן פון דעם, צו וואָס
מיר זענען געווען געבונדען, אַזוי, אַז מיר דינען אין דער נײַקייט פון דעם
גייסט, און ניט אין דער אַלטקייט פון דעם אות.
[7] דעריבער, וואָס זאָלן מיר זאָגן? אַז די תּורה איז זינד? חָלילה! דאָך
איך וואָלט ניט געקענט קיין זינד, סיידן דורך דער תּורה; וואָרים איך
וואָלט ניט געוואוסט פון קיין גלוסטיקייט, ווען די תּורה וואָלט ניט געזאָגט:

דו זאָלסט ניט גלוסטןא. [8]אָבער די זינד, ווייל זי האָט געפונען אַ סיבה, האָט געווירקט אין מיר דורך דעם געבאָט אַלערליי גלוסטיקייטן; וואָרים אָן דער תּורה איז די זינד טויט. [9]און איך האָב אַמאָל געלעבט אָן דער תּורה, אָבער בעת דאָס געבאָט איז געקומען, האָט די זינד אויפגעלעבט, און איך בין געשטאָרבן; [10]און דאָס געבאָט, וואָס האָט געזאָלט זיין צום לעבן, האָב איך געפונען, איז פאַר מיר דער טויט. [11]וואָרים די זינד, בעת זי האָט געפונען אַ סיבה, האָט מיך דורך דעם געבאָט אָפּגענאַרט, און מיך געטייט דורך אים. [12]אַזוי, אַז די תּורה איז הייליק, און דאָס געבאָט איז הייליק, און רעכטפאַרטיק, און גוט.

[13]צי איז דען דאָס, וואָס איז גוט, געוואָרן פאַר מיר צום טויט? חלילה! נייערט די זינד, כּדי זי זאָל קענען אַנטפּלעקט ווערן פאַר אַ זינד, האָט אין מיר געווירקט דעם טויט דורך דעם גוטס, בּכדי דורך דעם געבאָט זאָל די זינד זייער זינדיק ווערן. [14]וואָרים מיר ווייסן, אַז די תּורה איז רוחניות, אָבער איך בין גלוסטיקייט, פאַרקויפט אונטער דער זינד. [15]וואָרים דאָס, וואָס איך טו, פאַרשטיי איך ניט; וואָרים ניט וואָס איך וויל, דאָס טו איך, נייערט וואָס איך האָב פיינט, דאָס טו איך. [16]אויב אָבער וואָס איך וויל ניט, דאָס טו איך, בין איך מודה, אַז די תּורה איז גוט. [17]און אַצינד, ניט איך בין דאָס מער, וואָס טו דאָס, נייערט די זינד, וואָס וואוינט אין מיר. [18]וואָרים איך ווייס, אַז אין מיר, דאָס הייסט, אין מיין פלייש, וואוינט ניט קיין גוטס. וואָרים דער באַגער איז אין מיר פאַראַן, אָבער צו טאָן, וואָס איז גוט, ניט. [19]וואָרים דאָס גוטע, וואָס איך וויל, טו איך ניט; נייערט דאָס בייזע, וואָס איך וויל ניט, דאָס טו איך. [20]בכן, אויב איך טו דאָס, וואָס איך וויל ניט, איז דאָס מער ניט איך, וואָס טו עס, נייערט די זינד, וואָס וואוינט אין מיר.

[21]איך געפין דעריבער דעם חוק, אַז אין מיר, וואָס וויל טאָן דאָס גוטע, איז פאַראַן דאָס בייזע. [22]וואָרים איך פריי מיך אין דער תּורה פון גאָט לויט דעם אינעווייניקסטן מענטשן נאָך; [23]איך זע אָבער אין מיינע אבֿרים אַן אַנדער חוק מלחמה האַלטן קעגן דעם חוק פון מיין שׂכל, און וואָס טוט מיך ברענגען אין געפאַנגענשאַפט אונטער דעם חוק פון דער זינד, וואָס איז אין מיינע אבֿרים. [24]אָ אומגליקלעכער מענטש וואָס איך בין!

א שמות כ, 14; דברים ה, 18.

ווער וועט מיך מַציל זיין פון דעם גוף פון דעם דאָזיקן טויט? [25] איך
דאַנק גאָט דורך יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, אונדזער האַר! און דעריבער, טו איך פון
מיר אַליין דינען די תּוֹרה פון גאָט מיט מיין גייסט, אָבער מיט דעם פלייש,
דאָס געזעץ פון זינד.

ח עס איז דעריבער ניטאָ אַצינד קיין פאַרמִשפּטונג פאַר די, וואָס זענען
אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. [2] וואָרים די תּוֹרה פון דעם רוּחַ־הַחַיים אין יֵשוּעַ
הַמָשִיחַ האָט מיך באַפרייט פון דעם געזעץ פון זינד און פון טויט.
[3] וואָרים וואָס די תּוֹרה האָט ניט געקענט טאָן, ווייל זי איז געווען שוואַך
דורך דעם פלייש, האָט גאָט, מיט דעם שיקן זיין אייגענעם זון אין דער
געשטאַלט פון זינדיקן פלייש און פונוועגן דער זינד, פאַרמִשפּט די זינד אין
דעם פלייש, [4] כּדי די רעכטפאַרטיקייט פון דער תּוֹרה זאָל מקוים ווערן
אין אונדז, וואָס גייען ניט לויט דעם פלייש, נייערט לויט דעם גייסט.
[5] וואָרים די, וואָס זענען לויט דעם פלייש, טראַכטן וועגן די זאַכן פון דעם
פלייש; אָבער די, וואָס זענען לויט דעם גייסט, וועגן די זאַכן פון דעם
גייסט. [6] וואָרים דאָס טראַכטן פון דעם פלייש איז טויט, אָבער דאָס טראַכטן
פון דעם גייסט איז לעבן און שָלום, [7] מַחמת דאָס טראַכטן פון דעם פלייש
איז שִׂנאה קעגן גאָט; ווייל עס איז ניט אונטערטעניק דער תּוֹרה פון גאָט,
און קען עס אויך ניט זיין. [8] און די, וואָס זענען אין דעם פלייש, קענען
גאָט ניט וואוילגעפעלן ווערן.

[9] אָבער איר זענט ניט אין דעם פלייש, נייערט אין דעם גייסט, אויב
דער גייסט פון גאָט טוט באֶמֶת וואוינען אין אייך. אָבער אויב עמיצער
האָט ניט דעם גייסט פון מָשִיחַן, דער געהערט ניט צו אים. [10] און אויב
מָשִיחַ איז אין אייך, איז דער גוף טויט צוליב דער זינד, אָבער דער גייסט
לעבט פונוועגן דער גערעכטיקייט. [11] אויב אָבער דער גייסט פון אים, וואָס
האָט יֵשוּעַן מְחַיֵה־מֵתים געווען, טוט וואוינען אין אייך, וועט דער, וואָס האָט
מְחַיֵה־מֵתים געווען יֵשוּעַ הַמָשִיחַן, אויך לעבעדיק מאַכן אייערע שטאַרבלעכע
לייבער דורך זיין גייסט, וואָס טוט וואוינען אין אייך.

[12] דעריבער, ברידער, מיר זענען שולדיקע ניט דעם פלייש, צו לעבן
לויט דעם פלייש — [13] וואָרים אויב איר לעבט לויט דעם פלייש, מוזט איר
שטאַרבן, אויב אָבער איר טוט דורך דעם גייסט אָפּטייטן די מַעשׂים פון דעם
גוף, וועט איר לעבן. [14] וואָרים אַלע, וואָס ווערן געפירט דורך דעם גייסט

פון גאָט, זענען קינדער פון גאָט. [15] וואָרים איר האָט ניט מקַבל געווען
דעם גייסט פון קנעכטשאַפט נאָך אַמאָל מורא צו האָבן, נייערט איר האָט
מקַבל געווען דעם גייסט פון אָנגענומענע קינדער, וואָס דורך אים רופן
מיר: אַבָּא, פאָטער! [16] דער גייסט אַליין זאָגט עֵדות מיט אונדזער גייסט,
אַז מיר זענען קינדער פון גאָט. [17] און אויב קינדער, זענען מיר אויך יורשים,
יורשים פון גאָט, און בשותּפותדיקע יורשים מיט מָשיחן, אויב מיר ליידן
מיט אים, כּדי מיר זאָלן אויך מיט אים פאַרהערלעכט ווערן.

[18] וואָרים איך רעכן, אַז די ליידן פון דער הײַנטיקער צײַט זענען ניט
ווערט פאַרגלײַכט צו ווערן מיט דעם כָּבוד, וואָס וועט אונדז אַנטפּלעקט
ווערן. [19] וואָרים די ערנסטע דערוואַרטונג פון דעם באַשאַף טוט וואַרטן
אויף דער אַנטפּלעקונג פון די קינדער פון גאָט. [20] וואָרים דער באַשאַף
איז אונטערטעניק געוואָרן דער נישטיקייט, ניט פון זײַן אייגענעם ווילן,
נייערט דורך אים, וואָס האָט אים אונטערטעניק געמאַכט אין דער האָפענונג,
[21] אַז דער באַשאַף אַליין וועט אויך אויסגעלייזט ווערן פון דער קנעכט־
שאַפט פון פאַרדאַרבונג צו דער פרײַהייט פון דעם כָּבוד פון גאָטס
קינדער. [22] וואָרים מיר ווייסן, אַז דער גאַנצער באַשאַף אינאיינעם טוט
זיפצן און ווייטיקן אין פּיין ביז אַצינד. [23] און ניט נאָר דאָס, נייערט אויך
מיר אַליין, וואָס האָבן די בּיכּורים פון דעם גייסט, אויך מיר זיפצן
אין זיך אַליין, בעת מיר וואַרטן אויף אונדזער קינדער־רעכט, אויף דער
אויסלייזונג פון אונדזער גוף. [24] וואָרים אין דער דאָזיקער האָפענונג זענען
מיר ניצול געוואָרן. אָבער אַ האָפענונג, וואָס מען זעט, איז ניט קיין האָפענונג;
וואָרים ווער האָפט אויף דעם, וואָס ער זעט? [25] אויב אָבער מיר האָפן אויף
דעם, וואָס מיר זעען ניט, דעמאָלט וואַרטן מיר דערויף מיט געדולדיקייט.

[26] און אויף דעם זעלבן אופן העלפט אונדז אויך דער גייסט אין
אונדזער שוואַכקייט; וואָרים מיר ווייסן ניט ווי אַזוי מיר דאַרפן מתפּלל
צו זײַן, אָבער דער גייסט אַליין טוט פאַר אונדז פירשפּרעכן מיט זיפצן,
וואָס קענען ניט אַרויסגערעדט ווערן. [27] און דער, וואָס טוט פאָרשן די
הערצער, ווייסט וואָס עס איז די מַחשָבה פון דעם גייסט, מַחמת ער טוט
פירשפּרעכן פאַר די הייליקע, לויט נאָך דעם רָצון פון גאָט.

[28] און מיר ווייסן, אַז אַלצדינג טוט ווירקן צום גוטן פאַר די, וואָס
האָבן ליב גאָט, טאַקע פאַר די, וואָס זענען באַרופן לויט נאָך זײַן כַּוָונה.

[29] וואָרים וועמען ער האָט פון פריער געקענט, האָט ער אויך פאָרויס־באַשטימט צו זיין ענלעך צו דער געשטאַלט פון זיין זון, כדי ער זאָל זיין דער בכור צווישן אַ סך ברידער. [30] און וועמען ער האָט פאָרויסבאַשטימט, די האָט ער אויך באַרופן; און וועמען ער האָט באַרופן, די האָט ער גערעכטפאַרטיקט; און וועמען ער האָט גערעכטפאַרטיקט, די האָט ער אויך פאַרהערלעכט.

[31] וואָס זאָלן מיר דעריבער זאָגן צו דעם? אויב גאָט איז פאַר אונדז, ווער קאָן זיין קעגן אונדז? [32] ער, וואָס האָט ניט געשוינט זיין אייגענעם זון, נייערט האָט אים איבערגעענטפערט פאַר אונדז אַלע, וויאַזוי זאָל ער אונדז מיט אים ניט אַלצדינג שענקען? [33] ווער וועט מיט עפּעס פאַרקלאָגן גאָטס אויסדערוויילטע? עס איז גאָט, וואָס טוט רעכטפאַרטיקן; [34] ווער איז דער, וואָס טוט פאַרמשפּטן? עס איז יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, וואָס איז געשטאָרבן, יאָ, ליבערשט, וואָס איז אויפגעשטאַנען תּחִיַת־הַמֵתים, וואָס איז ביי דער רעכטער האַנט פון גאָט, און וואָס טוט אויך פירשפּרעכן פאַר אונדז. [35] ווער וועט אונדז אָפּשיידן פון דער ליבשאַפט פון מָשִיחַ־ן? זאָלן צָרות, אָדער דַחקות, אָדער רדִיפה, אָדער הונגער, אָדער נאַקעטקייט, אָדער סַכָּנה, אָדער שווערד? [36] אַזויווי עס שטייט געשריבן:

וואָרים פון דיינעטוועגן ווערן מיר געהַרגעט דעם גאַנצן טאָג,
מיר זענען פאַררעכנט געוואָרן ווי שאָף צו דער שחִיטהא.

[37] אָבער אין דעם אַלעמען זענען מיר מער ווי באַזיגערס דורך אים, וואָס האָט אונדז ליב געהאַט. [38] וואָרים איך בין בטוח, אַז ניט דער טויט, און ניט דאָס לעבן, ניט מַלאָכים, און ניט מֶמשָלות, ניט פאַראַנענע זאַכן, ניט זאַכן, וואָס וועלן זיין, ניט גבורות, [39] ניט הייך, ניט טיף, אויך ניט קיין אַנדער באַשאַף, וועט אונדז קענען אָפּשיידן פון דער ליבשאַפט פון גאָט, וואָס איז אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, אונדזער האַר.

**ט** איך זאָג דעם אֶמת אין מָשִיחַן, איך זאָג קיין ליגן ניט; מיין געוויסן איז מיר אויך מֵעיד אין דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש, [2] אַז איך האָב גרויס צַער און אַ באַשטענדיקן ווייטיק אין מיין האַרצן. [3] וואָרים איך וואָלט ליבערשט וועלן, אַז איך אַליין זאָל זיין אין חֵרֶם פון מָשִיחַן פונוועגן מיינע ברידער, מיינע קרובים, לויט דעם פלייש, [4] וואָס זענען יִשׂראֵלים, וואָס זיי געהערט

א תהלים מד, 23.

דאָס רעכט פון קינדער, און דער כָּבוד, און די בונדן, און מַתּן־תּוֹרה, און די עֲבוֹדה, און די הַבטָחות; [5] וואָס צו זיי געהערן די אָבות, און פון וועמען סע שטאַמט מָשִיחַ, לויט נאָך דעם פלייש, וואָס איז איבער אַלצדינג, גאָט זאָל זיין געלויבט אויף אייביק. אָמֵן.

[6] אָבער דאָס מיינט ניט, אַז דאָס וואָרט פון גאָט איז בָטל געוואָרן. וואָרים זיי זענען ניט אַלע יִשׂרָאֵל, וואָס זענען פון יִשׂרָאֵל, [7] זיי זענען אויך ניט אַלע קינדער, מַחמת זיי זענען אַברָהמס זאָמען; נייערט: אין יִצחָקן זאָל גערופן ווערן דיין זאָמען[א]. [8] דאָס הייסט: ניט די קינדער פון דעם פלייש זענען קינדער פון גאָט, נייערט די קינדער פון דער הַבטָחה ווערן פאַררעכנט פאַר דעם זאָמען. [9] וואָרים דאָס איז דאָס וואָרט פון דער הַבטָחה: צו דער דאָזיקער צייט וועל איך קומען, און שָׂרה וועט האָבן אַ זון[ב]. [10] און ניט נאָר דאָס אַליין, נייערט אויך רִבקָה, בעת זי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן פון איינעם, פון יִצחָק אָבִינו, [11] און איידער די קינדער זענען נאָך געבוירן געוואָרן, און האָבן ניט געטאָן קיין גוטס אָדער בייז – כּדי די כַּוָנה פון גאָט לויט דער בּחירה זאָל באַשטיין, ניט פון מַעשׂים, נייערט דורך אים, וואָס טוט באַרופן, [12] און עס איז צו איר געזאָגט געוואָרן: דער עלטערער וועט דינען דאָס יינגערן[ג]. [13] אַזוי ווי סע שטייט געשריבן: יַעקֹבן האָב איך ליב געהאַט, און עֵשָׂון האָב איך פיינט געהאַט[ד].

[14] וואָס זאָלן מיר דעריבער זאָגן? איז פאַראַן אומרעכט ביי גאָט? חָלִילה! [15] וואָרים ער זאָגט צו מֹשהן: איך וועל מיך דערבאַרעמען אויף וועמען איך דערבאַרעם מיך, און איך וועל רַחמָנות האָבן אויף וועמען איך האָב רַחמָנות[ה]. [16] דעריבער איז עס ניט געוועדט אין דעם, וואָס וויל, אויך ניט אין דעם, וואָס לויפט, נייערט אין גאָט, וואָס האָט רַחמָנות. [17] וואָרים דער פָּסוק זאָגט צו פַּרעֹהן: פונוועגן אָט דער דאָזיקער סִיבה האָב איך דיך געטאָן אויפשטעלן, כּדי איך זאָל אין דיר באַווייזן מיין מאַכט, און כּדי מיין נאָמען זאָל באַקאַנט ווערן אויף דער גאַנצער ערד[ו]. [18] דעריבער האָט ער רַחמָנות אויף וועמען ער וויל, און וועמען ער וויל – פאַרהאַרטעוועט ער.

[19] דו וועסט דעריבער זאָגן צו מיר: פאַרוואָס טוט ער נאָך געפינען

[א] בראשית כא, 12. [ב] בראשית יח, 10. [ג] בראשית כה, 23. [ד] מלאכי א, 2.
[ה] שמות לג, 19. [ו] שמות ט, 16.

פעלער? וואָרים ווער קאָן בײַשטיין זײַן רָצוֹן? 20 דערפאַר, ווער ביסטו, אָ
מענטש, וואָס טוסט גאָר רעדן קעגן גאָט? זאָל די געשאַפענע זאַך זאָגן
צו דעם, וואָס האָט זי געשאַפן: פאַרוואָס האָסטו מיך אַזוי געמאַכט?
21 אָדער, צי האָט ניט דער טעפּער קיין רעכט איבער דעם ליים, צו מאַכן
פון דעם זעלבן שטיק איין כּלי צו כָּבוד, און אַן אַנדערע צו אומכָּבוד?
22 און וואָס, אויב גאָט, בעת ער האָט געוואָלט ווייזן זײַן גרימצאָרן, און
באַקאַנט מאַכן זײַן מאַכט, האָט מיט אַ סך געדולדיקייט פאַרטראָגן כּלים
פון גרימצאָרן, וואָס זענען געווען אָנגעברייט אויף פאַרדאַרבונג; 23 און כּדי
ער זאָל באַקאַנט מאַכן די עשירות פון זײַן כָּבוד איבער כּלים פון רַחמָנות,
וואָס ער האָט פון פריער אָנגעברייט צו כָּבוד, 24 טאַקע אונדז, וועמען ער
האָט באַרופן, ניט נאָר פון די ייִדן אַליין, נייערט אויך פון די פעלקער?
25 ווי ער טוט אויך זאָגן אין הושע:

איך וועל רופן דאָס מײַן פאָלק, וואָס איז ניט געווען מײַן פאָלק,
און געליבטע, וואָס איז ניט געווען געליבט[א].
26 און סע וועט זײַן, אַז אין דעם אָרט,
וואו עס איז צו זיי געזאָגט געוואָרן:
איר זענט ניט מײַן פאָלק,
וועלן זיי גערופן ווערן קינדער פון דעם לעבעדיקן גאָט[ב].

27 און ישעיָה רופט פונוועגן יִשׂרָאל:

אויב די צאָל פון די בני־יִשׂרָאל זאָל זײַן ווי דאָס זאַמד פון ים,
וועט נאָר אַן איבערבלײַבונג ניצול ווערן.
28 וואָרים אַ פאַרלענדעניש און אַ גזר
וועט גאָט מאַכן איבער דער ערד[ג].

29 און ווי ישעיָה האָט פריער געזאָגט:

וואָלט גאָט פון צבָאוֹת אונדז ניט איבערגעלאָזט קיין זאָמען,
וואָלטן מיר געוואָרן ווי סדום,
און צו עמוֹרה וואָלטן מיר געווען געגליכן[ד].

30 וואָס זאָלן מיר דעריבער זאָגן? אַז די אומות־העוֹלם, וואָס זענען ניט
נאָכגעגאַנגען נאָך קיין גערעכטיקייט, האָבן דערגרייכט גערעכטיקייט, דאָס
הייסט, די גערעכטיקייט, וואָס קומט פון אמונה; 31 און יִשׂרָאל, וואָס איז

[א] הושע ב, 25. [ב] הושע ב, 1. [ג] ישעיה י, 22, 23. [ד] ישעיה א, 9.

נאָכגעגאַנגען נאָך דער גערעכטיקייט פֿון דער תּוֹרה, האָט ניט דערגרייכט
יענע תּוֹרה. [32] פֿאַרוואָס? מַחמת זיי האָבן זי ניט געפֿאָרשט דורך אֱמוּנה,
נייערט דורך מַעשׂים. זיי האָבן זיך געשטרויכלט אין דעם אֶבֶן־נֶגֶף, [33] אַזוי
ווי סע שטייט געשריבן:

זע, איך לייג אין צִיוֹן אַ שטיין פֿון שטרויכל,
און אַ פֿעלז פֿון ערגערונג;
און דער, וואָס גלויבט אין אים, וועט ניט מבַייש ווערן[א].

י ברידער, דער באַגער פֿון מיין האַרצן, און מיין תּפִילה צו גאָט פֿאַר
יִשׂרָאל איז, אַז זיי זאָלן געראַטעוועט ווערן. [2] וואָרים איך זאָג זיי עֵדוּת, אַז
זיי זענען קַנָאִים פֿאַר גאָט, אָבער אָן פֿאַרשטענדעניש. [3] וואָרים ווייל זיי קענען
ניט גאָטס גערעכטיקייט, און זוכן אויפֿצוריכטן זייער אייגענע, האָבן זיי
זיך ניט אונטערטעניק געמאַכט דער גערעכטיקייט פֿון גאָט. [4] וואָרים מָשִׁיחַ
איז דער תַּכלית פֿון דער תּוֹרה צו רעכטפֿאַרטיקייט פֿאַר יעדן איינעם,
וואָס גלויבט.

[5] וואָרים משה שרייבט, אַז דער מענטש, וואָס טוט די רעכטפֿאַרטיקייט
פֿון דער תּוֹרה, וועט לעבן דורך איר[ב]. [6] אָבער די רעכטפֿאַרטיקייט פֿון
אֱמוּנה, זאָגט אַזוי: זאָג ניט אין דיין האַרצן: ווער וועט אַרויף אויפֿן הימל?
דאָס הייסט, אַראָפּצוברענגען מָשִׁיחַן, [7] אָדער: ווער וועט אַראָפּנידערן אין
תּהוֹם אַריין? דאָס הייסט, אַרויפֿצוברענגען מָשִׁיחַן פֿון די טויטע. [8] נייערט
וואָס זאָגט זי? דאָס וואָרט איז דיר נאָענט, אין דיין מויל, און אין דיין
האַרצן[ג]; דאָס הייסט, דאָס וואָרט פֿון אֱמוּנה, וואָס מיר זענען מבַשׂר;
[9] וואָרים אויב דו וועסט מוֹדה זיין מיט דיין מויל, אַז יֵשוּעַ איז דער האַר,
און גלויבן אין דיין האַרצן, אַז גאָט האָט אים מְחַיֶה־מֵתִים געווען, וועסטו
נִיצול ווערן. [10] וואָרים מיט דעם האַרצן גלויבט מען, כּדי גערעכטפֿאַרטיקט
צו ווערן, און מיט דעם מויל איז מען מוֹדה, כּדי נִיצול צו ווערן. [11] וואָרים
דער פָּסוק זאָגט: ווער סע גלויבט אין אים, וועט ניט מבַייש ווערן[ד]. [12] וואָרים
ס'איז ניטאָ קיין חִילוק צווישן ייִד און גריך; וואָרים דער זעלבער האַר
איז האַר פֿון אַלע, און איז רייך פֿאַר אַלע, וואָס רופֿן צו אים; [13] וואָרים
איטלעכער, וואָס וועט רופֿן דעם נאָמען פֿון גאָט, וועט נִיצול ווערן[ה].
[14] אָבער וויאַזוי זאָלן זיי רופֿן צו אים, אין וועמען זיי האָבן ניט געגלויבט?

[א] ישעיה ח, 14; כח, 16. [ב] ויקרא יח, 5. [ג] דברים 30. [ד] ישעיה כח, 16. [ה] יוֹאל ג, 5.

און וויאַזוי זאָלן זיי גלויבן אין אים, פון וועמען זיי האָבן ניט געהערט? און
וויאַזוי זאָלן זיי הערן אָן אַ מבשׂר? 15 און וויאַזוי זאָלן זיי מבשׂר זיין, סיידן
זיי ווערן געשיקט? אַזוי ווי סע שטייט געשריבן:

ווי שיין זענען די פּיס פון די, וואָס זענען מבשׂר שָלום,
וואָס זאָגן אָן גוטס[א].

16 אָבער ניט אַלע האָבן זיך צוגעהערט צו דער בשׂורה; וואָרים ישַעְיָה
זאָגט: האַר, ווער האָט געגלויבט אונדזער הערונג?[ב] 17 בכֵן, אֱמונה טוט
קומען פון הערן, און הערן דורך דעם וואָרט פון מָשִיחַן. 18 אָבער איך זאָג:
האָבן זיי דען ניט געהערט? יאָ, אַוודאי:

זייער קלאַנג איז אַרויסגעגאַנגען איבער דער גאַנצער ערד,
און ביז עק וועלט זייערע רייד[ג].

19 און ווידער פרעג איך: האָט יִשׂרָאֵל ניט פאַרשטאַנען? שוין משה זאָגט:

איך וועל אייך דערצערענען מיט קִנאה אויף אַן אומפאָלק,
און מיט אַן אומה אָן פאַרשטענדעניש וועל איך אייך דערבייזערן[ד].

20 און ישַעְיָה שטאַרקט זיך, און זאָגט:

איך בין געפונען געוואָרן פון די, וואָס האָבן מיך ניט געזוכט;
און איך האָב מיך אַנטפּלעקט צו די, וואָס האָבן ניט געפרעגט
אויף מיר[ה].

21 אָבער אויף יִשׂרָאֵל זאָגט ער: דעם גאַנצן טאָג האָב איך אויסגעשפּרייט
מיינע הענט צו אַן אומגעהאָרכזאַם און ווידערשפּעניק פאָלק[ו].

יא איך זאָג דעריבער: האָט גאָט פאַרוואָרפן זיין פאָלק? חָלִילָה!
וואָרים איך בין אויך אַ יִשׂרְאֵלי, פון אַבְרָהמס זאָמען, פון דעם
שֵבֶט בִנְיָמִין. 2 גאָט האָט ניט פאַרוואָרפן זיין פאָלק, וואָס ער האָט געקענט
פון פריער. צי ווייסט איר ניט, וואָס דער פּסוק זאָגט וועגן אֵלִיָהוּן?
וויאַזוי ער טַענֶהט מיט גאָט קעגן יִשׂרָאֵלן: 3 גאָט, זיי האָבן געהַרגעט דיינע
נביאים, זיי האָבן צעשטערט דיינע מִזבְחות, און איך בין געבליבן אַליין,
און זיי באַגערן מיין לעבן[ז]. 4 אָבער וואָס זאָגט צו אים דער ענטפער פון
גאָט: איך האָב מיר איבערגעלאָזט זיבן טויזנט מענטשן, וואָס האָבן ניט
געקניט צו בַעַלן[ח]. 5 פּונקט אַזוי איז אויך אַצינד פאַראַן אַן איבערבלײַבונג

[א] ישעיה נב, 7. [ב] ישעיה נג, 1. [ג] תהלים יט, 5. [ד] דברים לב, 21. [ה] ישעיה סה, 1.
[ו] ישעיה סה, 2. [ז] מלכים א׳ יט, 10, 14. [ח] מלכים א׳ יט, 18.

לויט דער בחירה פון חֶסֶד. [6] און אויב עס איז דורך חֶסֶד, איז עס ניט
מער דורך מַעשׂים; אַנדערש איז חֶסֶד ניט מער קיין חֶסֶד.

[7] וואָס דען? דאָס, וואָס יִשׂרָאֵל טוט זוכן, דאָס האָט ער ניט דער־
גרייכט; נייערט די אויסדערווײילטע האָבן עס יאָ דערגרייכט, און די
איבעריקע זענען פאַרהאַרטעוועט געוואָרן, [8] ווי סע שטייט געשריבן:

גאָט האָט זיי געגעבן אַ גייסט פון באַטויבונג,
אויגן, וואָס זאָלן ניט זען, און אויערן, וואָס זאָלן ניט הערן,
ביז אויף דעם היינטיקן טאָגא.

[9] און דָוִד זאָגט:

זאָל זייער טיש ווערן פאַר זיי אַ פּאַסטקע און אַ נעץ,
און אַ שטרויכלשטיין, און אַ פאַרגעלטונג פאַר זיי;
[10] זאָלן זייערע אויגן זיין פינצטער, אַז זיי זאָלן ניט זען,
און בייג שטענדיק אַראָפּ זייער רוקןב.

[11] איך פרעג דעריבער: האָבן זיי געטאָן שטרויכלען, כּדי זיי זאָלן
פאַלן? חָלִילה! נייערט דורך זייער פאַלן איז די ישועה געקומען פאַר די
אומות־הָעולם, כּדי זיי אייפעריק צו מאַכן. [12] און אויב זייער פאַלן איז
די עֲשִׁירות פון דער וועלט, און זייער הֶיזק די עֲשִׁירות פון די אומות־
הָעולם, אַ פּשיטא שוין זייער פולקייט!

[13] איך רעד טאַקע צו אייך, וואָס זענט פון די אומות־הָעולם. בּכֵן,
אויף אַזוי ווייט ווי איך בין אַ שליח פון די אומות־הָעולם, פאַרהערלעך
איך מיין עובדא, [14] כּדי איך זאָל אויף וואָסער עס איז אופן אויפוועקן צו
אייפעריקייט די, וואָס זענען מיין פלייש, און מַציל זיין טייל פון זיי.
[15] וואָרים אויב דאָס פאַרוואַרפן פון זיי האָט געפירט צו דער איבערבעטונג
פון דער וועלט, וואָס וועט שוין זייער ווידער־אויפנעמונג זיין, אויב ניט לעבן
פון די טויטע? [16] און אויב די תּרומה איז הייליק, אַזוי איז אויך דאָס טייג;
און אויב דער וואָרצל איז הייליק, אַזוי זענען אויך די צווייגן.

[17] און אויב טייל פון די צווייגן זענען אָפּגעבראָכן געוואָרן, און דו,
וואָס ביסט אַ ווילדער אײַלבערטבוים, ביסט אַרײַנגעזעצט געוואָרן צווישן
זיי, און ביסט געוואָרן אַ טיילנעמער מיט זיי פון דעם וואָרצל און פון דער
פעטקייט פון דעם אײַלבערטבוים, [18] טאָ רים דיך ניט קעגן די צווייגן; אויב

א ישעיה כט, 10; דברים כט, 3. ב תהלים סט, 23, 24.

אָבער דו רימסט דיך, זיי וויסן, אַז ניט דו טראָגסט דעם וואָרצל, נייערט דער וואָרצל–דיך. [19] דו וועסט דעריבער זאָגן: צווייגן זענען אָפּגעבראָכן געוואָרן, כּדי איך זאָל אַרײַנגעזעצט ווערן. [20] גוט; דורך זייער אומגלויבן זענען זיי אָפּגעבראָכן געוואָרן, און דו טוסט שטיין דורך דער אֱמונה. זיי ניט גרויס־האַלטעריש, נייערט האָב מורא. [21] וואָרים אויב גאָט האָט ניט געשוינט די נאַטירלעכע צווייגן, וועט ער אויך דיך ניט שוינען. [22] זע דעריבער די גוטסקייט און שטרענגקייט פֿון גאָט: קעגן די, וואָס זענען געפֿאַלן, שטרענגקייט, אָבער קעגן דיר, גאָטס גוטסקייט, אויב דו וועסט בלייבן אין זיין גוטסקייט; אויב ניט, וועסטו אויך אָפּגעשניטן ווערן. [23] און אויך זיי, אויב זיי וועלן ניט בלייבן אין זייער אומגלויבן, וועלן אַרײַנגעזעצט ווערן; וואָרים גאָט איז בִּיכולת זיי ווידער אַמאָל אַרײַנצוזעצן. [24] וואָרים אויב דו ביסט אָפּגעשניטן געוואָרן פֿון אַן אײַלבערטבוים, וואָס איז בטֶבע ווילד, און ביסט אַרײַנגעזעצט געוואָרן קעגן דער נאַטור אין אַ גוטן אײַל־בערטבוים, אַ פּשיטא שוין ווי וועלן די דאָזיקע, וואָס זענען די נאַטירלעכע צווייגן, אַרײַנגעזעצט ווערן אין זייער אייגענעם אײַלבערטבוים?

[25] וואָרים איך וויל ניט, ברידער, פֿאַרהוילן פֿון אייך דעם דאָזיקן סוֹד, כּדי איר זאָלט זיך ניט האַלטן פֿאַר קיין חֲכָמים אין אייערע אייגענע אויגן, אַז אַ פֿאַרהאַרטונג איז געקומען אויף אַ טייל פֿון יִשׂרָאֵל, ביז די פֿולקייט פֿון די אומות־הָעולם וועט זיין אײַנגעזאַמלט; [26] און אַזוי וועט גאַנץ יִשׂרָאֵל נִיצול ווערן, ווי סע שטייט געשריבן:

סע וועט אַרויסקומען פֿון צִיוֹן דער גוֹאֵל,
וואָס וועט אָפּטאָן די פְּשָעִים פֿון יַעֲקֹבן;
[27] און דאָס וועט זיין מיין בונד מיט זיי,
ווען איך וועל אַוועקנעמען זייערע זינדא.

[28] וואָס שַייך דער בשׂורה, זענען זיי שׂוֹנאים פֿון אײַערטוועגן, אָבער וואָס שַייך דער בחִירה, זענען זיי באַליבט פֿונוועגן די אָבות. [29] וואָרים אויף די מַתָּנוֹת און דער באַרופֿונג פֿון גאָט איז ניטאָ קיין חֲרָטה. [30] וואָרים אַזויווי איר זענט אַמאָל געווען אומגעהאָרכזאַם צו גאָט, אָבער איצט האָט איר באַקומען דערבאַרעמדיקייט דורך זייער אומגעהאָרכזאַמקייט, [31] פּונקט אַזוי זענען אויך די דאָזיקע אַצינד אומגעהאָרכזאַם, כּדי דורך דער דערבאַרעמדיקייט, וואָס

א תהלים יד, 7; ישעיה נט, 20, 21; ירמיה לא, 32, 33.

איז אײַך געװיזן געװאָרן, זאָלן זײ אַצינד אױך באַקומען דערבאַרעמונג.
32 װאָרים גאָט האָט אַלעמען אײַנגעשלאָסן אין אומגעהאָרכזאַמקײט, כּדי ער
זאָל זיך דערבאַרעמען איבער אַלע.
33 אָ, די טיפֿקײט פֿון דער עֲשִירוּת, און חָכמה, און װיסן פֿון גאָט! װי
אומדערפֿאָרשטבאַר זענען זײַנע מִשְפָּטים, און זײַנע װעגן, ניט אױסצוגעפֿינען!
34 װאָרים װער האָט פֿאַרשטאַנען די מַחשָבה פֿון גאָט?
אָדער װער איז געװען זײַן בַעל־יוֹעץ?
35 אָדער װער האָט אים עפּעס פֿריער געגעבן,
און עס זאָל אים צוריק פֿאַרגאָלטן װערן?א
36 װאָרים פֿון אים, און דורך אים, און פֿאַר אים איז אַלצדינג. פֿאַר אים
איז דער כָּבוד אױף אײביק. אָמֵן.
יב איך בעט אײַך דעריבער, ברידער, דורך די דערבאַרעמדיקײטן פֿון
גאָט, צו גענײענען אײַערע לײַבער אַ לעבעדיקן קָרבן, הײליק,
באַװיליקט צו גאָט, װאָס איז אײַער גײַסטיקע עֲבודה. 2 און זײַט ניט
געגליכן צו דער דאָזיקער װעלט, נײַערט װערט איבערגעאַנדערשט דורך
דער באַנײַאונג פֿון אײַער געמיט, כּדי איר זאָלט פּרואװן װאָס עס איז דער
גוטער, און באַװיליקטער, און שלֵימותדיקער רָצון פֿון גאָט.
3 װאָרים דורך דעם חֶסֶד, װאָס איז מיר געגעבן געװאָרן, זאָג איך
צו יעדן אײנעם צװישן אײַך, ניט צו טראַכטן פֿון זיך אַ סַך מערער, װי
ער באַדאַרף צו טראַכטן, נײַערט צו טראַכטן אײַנגעהאַלטן, לױט װי גאָט
האָט צוגעטײלט יעדן אײנעם אַ מאָס פֿון אֱמונה. 4 װאָרים פּונקט װי מיר
האָבן אַ סַך אֵברים אין אײן גוף, און אַלע אֵברים האָבן ניט די זעלבע
עובדא, 5 אַזױ זענען מיר, װאָס זענען אַ סַך, אײן גוף אין מָשִיחַן, און
באַזונדערע אֵברים אײנער פֿון דעם אַנדערן. 6 און װײַל מיר האָבן מַתָּנות,
פֿאַרשידן לױט דעם חֶסֶד, װאָס איז אונדז געגעבן געװאָרן: אויב נבואה,
לאָמיר נבִיאות זאָגן לױט דעם חֵלֶק פֿון אונדזער אֱמונה; 7 אויב עֲבודה,
לאָמיר זיך איבערגעבן צו אונדזער עֲבודה; דער, װאָס טוט לערנען, צו זײַן
לערנונג; 8 דער, װאָס טוט מוסרן, צו זײַן מוסר; דער, װאָס איז מַנדב, לאָז
ער עס טאָן מיט אַ ברײטער האַנט; דער פֿאָרשטײער, מיט פֿלײַסיקײט;
דער, װאָס װײַזט אַרױס דערבאַרעמדיקײט, מיט פֿרײלעכקײט.

א ישעיה מ, 13; איוב טו, 8; ירמיה כג, 18.

9 לאָז זײַן ליבשאַפֿט אָן חניפֿה, האָט פֿײַנט דאָס, װאָס איז שלעכט,
און באַהעפֿט זיך אָן דעם, װאָס איז גוט. 10 האָט ליב אײנער דעם אַנדערן
מיט ברידערלעכער ליבשאַפֿט, אין כּבֿוד האַלט פֿאַר בילכער אײנער דעם
אַנדערן; 11 אין פֿלײסיקײט, ניט פֿויל, גליִאיק אין גײסט, דינענדיק גאָט;
12 זײט פֿרײלעך אין האָפֿענונג; געדולדיק אין אַ צרה; האַלט כּסדר אין
מתפּלל זײַן. 13 זײט מנדבֿ פֿאַר די באַדערפֿענישן פֿון די הײליקע, און
איבערגעגעבן צו הכנסת־אורחים.

14 בענטשט די, װאָס רודף אײַך; בענטשט, און שעלט ניט. 15 פֿרײט
אײַך מיט די, װאָס פֿרײען זיך, װײנט מיט די, װאָס װײנען. 16 לעבט אין
אַחדות אײנער מיט דעם אַנדערן; טראַכט ניט פֿון הױכע זאַכן, נײערט
לאָזט אײַך אַראָפּ צו דעם, װאָס איז שפֿל. האַלט אײַך ניט פֿאַר חכמים
אין אײערע אײגענע אױגן. 17 פֿאַרגעלט קײנעם ניט שלעכטס פֿאַר שלעכטס,
נײערט גיט אַכטונג אױף דעם, װאָס איז בכּבֿודיק אין די אױגן פֿון אַלע
מענטשן. 18 אױב עס איז מעגלעך, און אױף װיפֿל איר זענט ביכולת, לעבט
בשלום מיט אַלע מענטשן. 19 זײט אײַך ניט נוקם, באַליבטע, נײערט מאַכט
פּלאַץ פֿאַר דעם גרימצאָרן פֿון גאָט; װאָרים עס שטײט געשריבן: נקמה
געהערט צו מיר, איך װעל פֿאַרגעלטן, זאָגט גאָט א. 20 אױב אָבער דײַן
שונא איז הונגעריק, שפּײַז אים; אױב ער איז דאָרשטיק, גיב אים צו
טרינקען; װאָרים מיט דעם טאָן אַזױ, װעסטו אָנהױפֿן פֿײַעריקע קױלן אױף
זײַן קאָפּ ב. 21 לאָז דיך ניט גובֿר זײַן פֿון דעם שלעכטן, נײערט זײַ גובֿר
דאָס שלעכטע מיט גוטן.

יג זאָל יעדער אײנער זײַן אונטערטעניק צו דער העכערער מאַכט.
װאָרים עס איז ניטאָ קײן מאַכט, אַחוץ פֿון גאָט; און װאו זי איז
פֿאַראַן, איז זי באַשטימט פֿון גאָט. 2 בכן, דער, װאָס שטעלט זיך קעגן
דער מאַכט, װידערשפּעניקט דעם באַפֿעל פֿון גאָט; און די, װאָס װידער־
שפּעניקן, װעלן ברענגען אױף זיך שטראָף. 3 װאָרים געװעלטיקער זענען
ניט קײן פּחד פֿאַר די גוטע מעשׂים, נײערט פֿאַר די שלעכטע. און
װילסטו ניט מורא האָבן פֿאַר דער מאַכט? טו דאָס, װאָס איז גוט, און
דו װעסט קריגן אַ שבֿח פֿון איר; 4 װאָרים זי איז דיר אַ באַדינערין פֿון
גאָט צום גוטן. נאָר אױב דו טוסט דאָס, װאָס איז שלעכט, זאָלסטו מורא

א דברים לב, 35. ב משלי כה, 21, 22.

האָבן, וואָרים זי טראָגט ניט אומזיסט די שווערד. וואָרים זי איז אַ באַדינערין פון גאָט, וואָס טוט זיך נוקם זיין מיט צאָרן אָן דעם, וואָס טוט שלעכטס. [5]איבערדעם מוז מען אונטערטעניק זיין, ניט נאָר פונוועגן דעם צאָרן אַליין, נייערט אויך פונוועגן דעם געוויסן. [6]וואָרים צוליב דעם צאָלט איר אויך מַס; וואָרים זיי זענען באַדינערס פון גאָט, און גיבן זיך כּסדר אָפּ מיט דעם דאָזיקן ענין. [7]דעריבער גיט יעדעמען, וואָס איר זענט שולדיק: מַס, צו וועמען מַס; צאָל, צו וועמען צאָל; מורא, צו וועמען מורא; כּבוד, צו וועמען כּבוד.

[8]זייט קיינעם גאָרניט שולדיק, אַ־חוץ ליב צו האָבן איינער דעם אַנדערן; וואָרים דער, וואָס האָט ליב זיין חבר, האָט מקיים געווען די תּורה. [9]וואָרים דו זאָלסט ניט מזנה זיין, דו זאָלסט ניט טייטן, דו זאָלסט ניט גַנבענען, דו זאָלסט ניט גלוסטן[א], און אַלע אַנדערער מִצוות, זענען צוזאַמענגענומען אין דעם דאָזיקן וואָרט, דהיינו: דו זאָלסט ליב האָבן דיין חבר ווי דיך אַליין[ב]. [10]ליבשאַפט טוט ניט קיין שום שלעכטס דעם חבר; ליבשאַפט איז דעריבער דער קִיום פון דער תּורה.

[11]און דאָס טוט, ווייל איר ווייסט די שָעה, אַז עס איז שוין צייט אויפצוואַכן פון שלאָף; וואָרים אַצינד איז די ישועה נעענטער צו אונדז, ווי ווען מיר האָבן לכתחילה געגלויבט. [12]די נאַכט איז ווייט פאַרמיטן, און דער טאָג האָט גענעענט. לאָמיר דעריבער אָפּטאָן די מַעשים פון פינצטערניש, און לאָמיר אָנטאָן די כּלֵי־זַין פון ליכט. [13]לאָמיר גיין אָנשטענדיק ווי בייטאָג, ניט אין פרעסן און שִיכּרות, ניט אין צעלאָזנקייט און זנות, ניט אין מַחלוקת און קִנאה. [14]נייערט טוט אייך אָן דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, און דאגהט ניט פאַר דעם פלייש, ממַלא צו זיין זיינע תּאוות.

יד נעמט אויף דעם, וואָס איז שוואַך אין דער אֶמונה, אָבער ניט כּדי צו פירן וויכּוחים איבער חילוקי־דֵעות. [2]איינער גלויבט, אַז ער מעג עסן אַלצדינג; אָבער דער, וואָס איז שוואַך, טוט בלויז עסן קרייַטעכצער. [3]זאָל דער, וואָס עסט, ניט מבַטל זיין דעם, וואָס טוט ניט עסן; און זאָל דער, וואָס עסט ניט, ניט מְשפּטן דעם, וואָס טוט עסן; וואָרים גאָט האָט אים אויפגענומען. [4]ווער ביסטו, וואָס טוסט מְשפּטן דעם קנעכט פון אַן

[א] שמות כ, 13, 14; דברים ה, 17, 18. [ב] ויקרא יט, 18.

אַנדערן? פֿאַר זיין אייגענעם האַר טוט ער שטיין, אָדער פֿאַלן. און ער וועט בלייבן שטיין; וואָרים גאָט איז בִּיכוֹלֶת אים אויפֿצושטעלן.

[5] איינער טוט שאַצן איין טאָג העכער פֿון דעם אַנדערן; אַן אַנדערער טוט שאַצן יעדן טאָג באַגלייך. זאָל יעדער איינער זיין זיכער אין זיין אייגענער דֵעה. [6] דער, וואָס היט דעם טאָג, טוט אים היטן פֿון גאָטס־וועגן; און דער, וואָס עסט, טוט עסן פֿון גאָטס־וועגן, און גיט גאָט אַ לויב; און דער, וואָס עסט ניט, פֿונוועגן גאָט טוט ער ניט עסן, און גיט גאָט אַ לויב. [7] וואָרים קיינער פֿון אונדז לעבט ניט פֿאַר זיך אַליין, און קיינער שטאַרבט ניט פֿאַר זיך אַליין. [8] וואָרים סיי מיר לעבן, לעבן מיר פֿון גאָטס־וועגן; און סיי מיר שטאַרבן, שטאַרבן מיר פֿון גאָטס־וועגן; בכֵן, צי מיר לעבן, אָדער שטאַרבן, געהערן מיר צו גאָט. [9] וואָרים צוליב דעם איז מָשִׁיחַ געשטאָרבן און ווידער לעבעדיק געוואָרן, כּדי ער זאָל זיין האַר, סיי איבער טויטע און סיי איבער לעבעדיקע.

[10] אָבער דו, פֿאַרוואָס טוסטו מִשפּטן דיין ברודער? אָדער פֿאַרוואָס טוסטו מבַטל זיין דיין ברודער? וואָרים מיר וועלן אַלע שטיין פֿאַר דעם כִּסֵא־הַמִשפּט פֿון גאָט; [11] וואָרים סע שטייט געשריבן:

אַזוי וואָר ווי איך לעב, זאָגט גאָט,
צו מיר וועט זיך בייגן יעדע קני,
און יעדע צונג וועט לויבן גאָט[א].

[12] אָט אַזוי וועט יעדער איינער פֿון אונדז אָפּגעבן פֿון זיך חֶשבון פֿאַר גאָט.

[13] לאָמיר דעריבער מער ניט מִשפּטן איינער דעם אַנדערן, נייערט מִשפּט ליבערשט דאָס, אַז קיינער זאָל ניט לייגן קיין מִכשול אין זיין ברודערס וועג, אָדער אים מאַכן פֿאַלן. [14] איך ווייס, און בין זיכער אין דעם האַר יֵשוּעַ, אַז קיין זאַך איז ניט טָמא פֿון זיך אַליין; אַחוץ פֿאַר דעם, וואָס האַלט עס פֿאַר טָמא, פֿאַר דעם איז עס טָמא. [15] וואָרים אויב פֿונוועגן שפּייז איז זיך דיין ברודער מצַער, גייסטו ניט מער אין ליבשאַפֿט. ברענג ניט אום מיט דיין שפּייז דעם, פֿאַר וועמען מָשִׁיחַ איז געשטאָרבן. [16] זאָל ניט דעריבער פֿונוועגן אייער גוטס שלעכטס גערעדט ווערן; [17] וואָרים דאָס מַלכות פֿון גאָט מיינט ניט עסן און טרינקען, נייערט

[א] ישעיה מה, 23.

גערעכטיקייט, און שָלום, און פרייד אין דעם רוח־הַקוֹדֶש. [18] וואָרים דער, וואָס טוט מיט דעם דינען מָשִיחַן, ווערט וואוילגעפעלן פאַר גאָט, און באַוויליקט ביי מענטשן.

[19] איבערדעם לאָמיר נאָכגיין נאָך זאַכן, וואָס דינען פאַר שָלום, און זאַכן מיט וועלכע מיר קענען אויפבויען איינער דעם אַנדערן. [20] מאַך ניט חָרוב דאָס ווערק פון גאָט פונוועגן שפייז. אַלצדינג איז ריין, דאָך איז עס שלעכט פאַר יענעם מענטשן, וואָס טוט עסן מיט ערגערניש. [21] עס איז גוט, ניט צו עסן קיין פלייש, ניט צו טרינקען קיין וויין, אויך ניט צו טאָן עפּעס, דורך וואָס דיין ברודער טוט שטרויכלען. [22] די אֶמונה, וואָס דו האָסט, זאָלסטו האָבן צווישן דיר און גאָט. וואויל איז דעם, וואָס מִשפּט זיך ניט אַליין אין דעם, וואָס ער טוט באַוויליקן. [23] אָבער דער, וואָס איז מסופק, איז פאַרמִשפּט, אויב ער עסט, מַחמת ער טוט עס ניט פון אֶמונה; און וואָס עס איז ניט פון אֶמונה, איז אַ זינד.

**טו** מיר, וואָס זענען שטאַרק, דאַרפן טראָגן די שלאַפקייטן פון די שוואַכע, און ניט צו וואוילגעפעלן ווערן זיך אַליין. [2] זאָל יעדער איינער פון אונדז פאַרשאַפן הֲנָאה זיין חָבר פאַר זיין וואויל, און פאַר זיין פאַרבעסערונג. [3] וואָרים מָשִיחַ איז זיך אַליין אויך ניט וואוילגעפעלן געווען, נייערט, ווי סע שטייט געשריבן:

די חַרפות פון די, וואָס האָבן דיך געלעסטערט,
זענען געפאַלן אויף מיר[א].

[4] וואָרים אַלצדינג, וואָס איז פריער געשריבן געוואָרן, איז געשריבן געוואָרן פאַר אונדזער לערנונג, כּדי דורך דער געדולד, און דער טרייסט פון די כּתבֵי־הַקוֹדֶש זאָלן מיר האָבן האָפענונג. [5] און דער גאָט פון געדולד און פון טרייסט זאָל אייך באַווייליקן צו זיין פון דער זעלבער דֵעה איינער צום אַנדערן, לויט יֵשוּעַ הַמָשִיחַ; [6] כּדי איר זאָלט מיט איין האַרץ און מיט איין מויל אָפּגעבן כָּבוד דעם גאָט און פאָטער פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.

[7] איבערדעם, זייט מְקַבּל איינער דעם אַנדערן, אַזוי ווי מָשִיחַ האָט אייך מְקַבּל געווען, פאַר דעם כָּבוד פון גאָט. [8] וואָרים איך זאָג, אַז מָשִיחַ איז געמאַכט געוואָרן אַ באַדינער פון די גֶעמַלטע פונוועגן דעם

א תהלים סט, 10.

אֶמת פון גאָט, כּדי ער זאָל מקַיים זיין די הַבטָחות צו די אָבות, 9 און
כּדי די פעלקער זאָלן אָפּגעבן כָּבוד צו גאָט פאַר זיין דערבאַרעמדיקייט,
ווי סע שטייט געשריבן:

דעריבער וועל איך דיך לויבן צווישן די פעלקער,
און זינגען צו דיין נאָמען[א].

10 און ווידער ווערט געזאָגט:

פרייט אייך, איר אומות, מיט זיין פאָלק[ב].

11 און ווידער:

לויבט גאָט, אַלע פעלקער,
גיט אַ שֶבַח צו אים, אַלע אומות[ג].

12 און ווידער זאָגט ישַעיָה:

און עס וועט זיין דער שוֹרֶש פון יִשַי,
און דער, וואָס שטייט אויף צו הערשן איבער די פעלקער;
צו אים וועלן די אומות האָפן[ד].

13 און דער גאָט פון האָפענונג זאָל אייך אָנפילן מיט יעדער שׂמחה און
שָלום דורך אייער אֱמונה, כּדי איר זאָלט געדיַיען אין האָפענונג, דורך
דער מאַכט פון דעם רוח־הַקוֹדֶש.

14 איך אַליין בין זיכער אין אייך, מיינע ברידער, אַז איר אַליין
זענט פול מיט גוטסקייט, אָנגעפילט מיט יעדן וויסן, און פעאיִק איינער
דעם אַנדערן מַזהיר צו זיין. 15 איך האָב אייך אָבער טיילווײַז געשריבן אַ
סך פרייער, כּדי אייך ווידער צו דערמאָנען, דורך דעם חֶסֶד, וואָס איז
מיר געגעבן געוואָרן פון גאָט, 16 אַז איך זאָל זיין אַ באַדינער פון יֵשוּעַ
הַמָשִיחַ פאַר די אומות־הָעוֹלָם, און צו דינען אין דער הייליקער עֲבודה פון
דער בשׂורה פון גאָט, כּדי דער קָרבן פון די אומות־הָעוֹלָם זאָל ווערן
באַוויליקט און געהייליקט דורך דעם רוח־הַקוֹדֶש. 17 איך האָב דעריבער
מיין רום אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ אין זאַכן וואָס זענען שַייך גאָט. 18 וואָרים איך
וועל מיך ניט דערוועגן צו רעדן פון עפּעס, סיידן פון דעם, וואָס מָשִיחַ
האָט געטאָן דורך מיר, דורך וואָרט און טואונג, פונוועגן דער געהאָרכ־
זאַמקייט פון די אומות־הָעוֹלָם, 19 אין דער מאַכט פון צייכנס און וואונדער,
אין דער מאַכט פון דעם רוח־הַקוֹדֶש, אַזוי, אַז פון ירושָלַיִם, און רונד אַרום

א תהלים יח, 50. ב דברים לב, 43. ג תהלים קיז, 1. ד ישעיה יא, 10.

ביז צו אילירִיע, האָב איך אינגאַנצן אָנגעזאָגט די בשׂורה פון מָשִיחַן; [20] יאָ, איך האָב מיר געמאַכט פאַר מיין ציל אָנצוזאָגן די בשׂורה, ניט דאָרטן, וואו מָשִיחַ איז שוין אָנגערופן געוואָרן, כּדי איך זאָל ניט בויען אויף אַן אַנדערן מענטשנס יסוד, [21] נייערט, ווי סע שטייט געשריבן:

וואָס זיי איז ניט דערציילט געוואָרן, וועלן זיי זען,

און וואָס זיי האָבן ניט געהערט, וועלן זיי פאַרשטייןא.

[22] איבערדעם בין איך אויך געהינדערט געוואָרן אַזויפיל מאָל פון קומען צו אייך. [23] אָבער אַצינד, ווייל איך האָב ניט מער קיין אָרט אין די דאָזיקע מקומות, און ווייל איך האָב שוין כּמה יאָרן געבענקט צו קומען צו אייך, [24] האָף איך אייך צו זען בעת מיין נסיעה קיין שפּאַניע, און געבראַכט צו ווערן דורך אייך אויף מיין וועג אַהינצוצו, נאָכדעם ווי איך וועל מיך קודם האָבן אַביסל געזעטיקט מיט אייער חברותא. [25] אַצינד אָבער גיי איך קיין ירושָלַיִם, צו באַדינען די הייליקע. [26] וואָרים עס איז געווען דער גוטער רָצון פון מאַקעדאָניע און אַכאַיאַ צו מאַכן אַ נְדָבה פאַר די אָרעמע צווישן די הייליקע אין ירושָלַיִם. [27] יאָ, דאָס איז געווען זייער גוטער רָצון, און זייערע בַעלי־חובות זענען זיי. וואָרים אויב די אומות־העולם זענען געוואָרן שותפים פון זייערע גייַסטיקע זאַכן, אַזוי זענען זיי מחויב זיי צו באַדינען אין גַשמִיותדיקע זאַכן. [28] דעריבער, בעת איך וועל דאָס האָבן פאַרענדיקט, און פאַרחַתמעט פאַר זיי די דאָזיקע פרוכט, אַזוי וועל איך דורך אייך גיין קיין שפּאַניע. [29] און איך ווייס, אַז ווען איך וועל קומען צו אייך, וועל איך קומען אין דער פולקייט פון דער בְרָכה פון מָשִיחַן.

[30] און איצט בעט איך אייך, ברידער, דורך אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, און דורך דער ליבשאַפט פון דעם גייסט, אַז איר זאָלט זיך שטאַרקן אינאיינעם מיט מיר אין אייערע תּפילות צו גאָט פאַר מייַנעטוועגן, [31] אַז איך זאָל נִיצול ווערן פון די, וואָס זענען ווידערשפּעניק אין יהודה, און אַז מיין באַדינונג פאַר ירושָלַיִם זאָל זיין אָנגענומען ביי די הייליקע, [32] כּדי איך זאָל קענען קומען צו אייך אין פריידן דורך דעם רָצון פון גאָט, און מיך מיט אייך דערקוויקן. [33] און דער גאָט פון שָלום זאָל זיין מיט אייך אַלע. אָמֵן.

א ישעיה נב, 15.

טז איך טו אייך פֿאָרשטעלן אונדזער שוועסטער פֿעבע, וואָס איז אַ באַדינערין פֿון דער קהילה אין קענקרײַע, [2] אַז איר זאָלט זי מקבל זײַן אין דעם האַר, ווי סע פּאַסט זיך פֿאַר הייליקע, און אַז איר זאָלט איר העלפֿן אין וואָס נאָר זי וועט זיך באַנייטיקן אין אייך; וואָרום זי אַליין איז געווען אַ העלפֿערין פֿון אַ סך, און אויך פֿון מיר אַליין.

[3] גריסט פּריסקילע און אַקילַס, מײַנע מיטאַרבעטער אין יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ, [4] זיי, וואָס האָבן פֿאַר מײַן לעבן אַנידערגעלייגט זייערע אייגענע העלדזער, וועמען ניט נאָר איך אַליין טו דאַנקען, נייערט אויך אַלע קהילות פֿון די אומות־העוֹלָם; [5] און גריסט די קהילה, וואָס איז אין זייער הויז. גריסט מײַן באַליבטן עפּײַנעטוסן, וואָס איז די ערשטע פּרוכט אין אַזיע פֿאַר מָשִׁיחַן. [6] גריסט מִריָמען, וואָס האָט געשאָנקען אַ סך מי אויף אייך. [7] גריסט אַנדראָניקוסן און יוּניאַסן, מײַנע קרוֹבים, און מײַנע מיט־געפֿאַנגענע, וואָס זענען פֿון חֲשִׁיבוּת צווישן די שליחים, און וואָס זענען אויך געווען פֿאַר מיר אין מָשִׁיחַן. [8] גריסט אַמפּלאַטוסן, מײַן באַליבטן אין דעם האַר. [9] גריסט אורבאַנוסן, אונדזער מיטאַרבעטער אין מָשִׁיחַן, און סטאַכיסן, מײַן באַליבטן. [10] גריסט אַפּעלעסן, דעם באַוויליקטן אין מָשִׁיחַן. גריסט די, וואָס זענען פֿון דעם הויזגעזינד פֿון אַריסטאָבוּלוסן. [11] גריסט העראָדיאָנען, מײַן קָרוב. גריסט די, פֿון דעם הויזגעזינד פֿון נאַרציסוסן, וואָס זענען אין דעם האַר. [12] גריסט טריפֿײַנען און טריפֿאָסן, וואָס מִיען זיך אין דעם האַר. גריסט פּערזיס, די באַליבטע, וואָס האָט זיך אַ סך געמִיט אין דעם האַר. [13] גריסט רופֿוסן, דעם אויסדערוויילטן אין דעם האַר, און זײַן מוטער און מײַנער. [14] גריסט אַסינקריטוסן, פֿלעגאָנען, הערמעסן, פּאַטראָבאַסן, הערמאַסן, און די ברידער, וואָס זענען מיט זיי. [15] גריסט פֿילאָלאָגוסן און יוליען, נערעאוסן און זײַן שוועסטער, און אָלימפּאַסן, און די אַלע הייליקע, וואָס זענען מיט זיי. [16] גריסט איינער דעם אַנדערן מיט אַ הייליקן קוש. אַלע קהילות פֿון מָשִׁיחַן גריסן אייך.

[17] און איך בעט אייך, ברידער, אַז איר זאָלט אַכטונג געבן אויף די, וואָס מאַכן מַחלוֹקוֹתן און שטרויכלונגען, לְהֵיפּוּך צו דער לערנונג, וואָס איר האָט געלערנט, און קערט אייך אָפּ פֿון זיי. [18] וואָרום אַזעלכע מענטשן דינען ניט מָשִׁיחַן, אונדזער האַר, נייערט זייער אייגענעם בויך, און דורך גלאַטע און שיינע רייד, פֿאַרפֿירן זיי דאָס האַרץ פֿון די אומשולדיקע.

19 וואָרים אייער געהאָרכזאַמקייט איז באַקאַנט צו אַלעמען, און איך פריי
מיך דעריבער איבער אייך; איך וואָלט אָבער וועלן, אַז איר זאָלט זיין
קלוג וואָס שייך דעם גוטן, און תּמימותדיק וואָס שייך דעם שלעכטן. 20 און
דער גאָט פון שָלום וועט אין גיכן צעטרעטן דעם שׂטן אונטער אייערע
פיס. דער חֶסֶד פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ זאָל זיין מיט אייך.
21 טימאָטעאוס, מיין מיטאַרבעטער, טוט אייך גריסן, און לוקיוס און
יאַזאָן און סאָסיפּאַטער, מיינע קרובים. 22 איך, טערציוס, וואָס שרייב דעם
בריוו, גריס אייך אין דעם האַר. 23 גאַיוס, וואָס איז מיין בַּעל־אַכסניא,
און אויך פון דער גאַנצער קהילה, טוט אייך גריסן. עראַסטוס, דער
שאַצמייַנסטער פון דער שטאָט, און אונדזער ברודער קוואַרטוס, טוען אייך
גריסן. 24 דער חֶסֶד פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ זאָל זיין מיט אייך
אַלע. אָמֵן.

25 און צו אים, וואָס איז בּיכולת אייך צו שטאַרקן לויט מיין בשׂורה
און דאָס דרשענען פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, לויט דער אַנטפּלעקונג פון דעם סוד,
וואָס איז געווען פאַרבאָרגן פון אייביקע צייטן, 26 נאָר איז איצט אַנטפּלעקט
געוואָרן, און דורך די שריפטן פון די נביאים איז ער געוואָרן באַקאַנט צו
אַלע אומות, לויט דעם באַפעל פון דעם אייביקן גאָט פאַר געהאָרכזאַמקייט
פון אֶמונה, — 27 צו דעם איינציקן קלוגן גאָט זאָל זיין כָּבוד אויף אייביק,
דורך יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. אָמֵן.



# דער ערשטער בריוו צו די קאָרינטער

א פּאָולוס, באַרופן צו זיין אַ שליח פון יֵשוּעַ
הַמָשִיחַ, דורך דעם רָצון פון גאָט, און
סאָסטענעס, אונדזער ברודער, [2] צו דער קְהִילה
פון גאָט, וואָס איז אין קאָרינט, צו די, וואָס
זענען געהייליקט אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, באַרופן צו
זיין הייליקע, אינאיינעם מיט אַלע, וואָס רופן אָן
דעם נאָמען פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ אין
יעדן אָרט, סיי זייער האַר און אונדזערער. [3] חֶסֶד
צו אייך און שָלום פון גאָט, אונדזער פּאָטער,
און דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.

[4] איך דאַנק מיין גאָט אַלעמאָל פון אייַערט־
וועגן, פאַר דעם חֶסֶד פון גאָט, וואָס איז אייך
געגעבן געוואָרן אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, [5] וואָס איר
זענט אין אַלצדינג נִתעַשר געוואָרן אין אים, אין
יעדן וואָרט און אין יעדן וויסן, [6] אַזוי־ווי דאָס
עֵדות פונוועגן דעם מָשִיחַ איז אין אייך באַפעס־
טיקט געוואָרן; [7] אַזוי, אַז אייך פעלט ניט אין
קיין שום מַתָנה, בעת איר וואַרט אויף דער
אַנטפּלעקונג פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ,
[8] וואָס וועט אייך אויך שטאַרקן ביז צום סוף,
כדי איר זאָלט זיין אומשולדיק אין דעם טאָג פון



אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָּשִׁיחַ. [9] גאָט איז געטריי, וואָס דורך אים זענט איר באַרופן געוואָרן צו דער חַבְרוּתָאשאַפט פון זיין זון יֵשוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אונדזער האַר.

[10] איך בעט אייך, ברידער, דורך דעם נאָמען פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אַז איר אַלע זאָלט רעדן דאָס זעלבע, און אַז עס זאָלן ניט זיין צווישן אייך קיין שפּאַלטונגען, נייערט אַז איר זאָלט זיין אינגאַנצן פון איין זין און פון איין מיינונג. [11] וואָרים מע האָט מיר מוֹדִיעַ געווען דורך דעם הויזגעזינד פון קלאָען וועגן אייך, אַז סע גייען אָן צווישן אייך מַחלוֹקֶותן, מיינע ברידער. [12] און איך מיין דאָס, וואָס יעדער איינער פון אייך זאָגט: איך געהער צו פּאָולוסן, און איך צו אַפּאָלאָסן, און איך צו כֵּיפָאן, און איך צו מָשִׁיחַן. [13] איז מָשִׁיחַ צעטיילט? איז פּאָולוס געקרייציקט געוואָרן פון אייַערטוועגן? אָדער זענט איר געטוֹבלט געוואָרן אין דעם נאָמען פון פּאָולוסן? [14] איך דאַנק גאָט, וואָס איך האָב קיינעם פון אייך ניט געטוֹבלט, אַחוץ קריספּוסן און גאַיוסן; [15] כּדי קיינער זאָל ניט זאָגן, אַז איר זענט געטוֹבלט געוואָרן אין מיין נאָמען. [16] (און איך האָב אויך געטוֹבלט דאָס הויזגעזינד פון סטעפאַנוסן; אויסערדעם, ווייס איך ניט, צי איך האָב נאָך עמיצן אַנדערש געטוֹבלט.) [17] וואָרים מָשִׁיחַ האָט מיך ניט געשיקט צו טוֹבלען, נייערט אָנצוזאָגן די בשורה, ניט אין חָכמה פון רייד, כּדי דער צלָב פון מָשִׁיחַן זאָל ניט געמאַכט ווערן צונישט.

[18] וואָרים דאָס וואָרט פון דעם צלָב איז פאַר די, וואָס ווערן פאַרלוירן, נאַרישקייט; פאַר אונדז אָבער, וואָס ווערן נִיצול, איז עס די מאַכט פון גאָט. [19] וואָרים סע שטייט געשריבן:

איך וועל צעשטערן די חָכמה פון די חֲכָמים,
און דעם פאַרשטאַנד פון די פאַרשטענדיקע
וועל איך בָּטל מאַכןא.

[20] וואו איז דער חָכם? וואו איז דער סוֹפר? וואו איז דער בַּעל־וויכּוּחַ פון דער דאָזיקער וועלט? האָט גאָט ניט נאַריש געמאַכט די חָכמה פון דער וועלט? [21] וואָרים אַזוי ווי די וועלט, דורך איר חָכמה, האָט ניט דערקענט גאָט און זיין חָכמה, איז עס גאָט וואוילגעפעלן געוואָרן, דורך דער נאַרישקייט פון דַרשענען מַציל צו זיין די, וואָס גלויבן. [22] בעת ייִדן פאַרלאַנגען צייכנס, און גריכן זוכן חָכמה, [23] טוען מיר דַרשענען מָשִׁיחַ

א ישעיה כט, 14.

דעם געקרייציקטן, פאַר ייִדן אַ שטרויכלשטיין, און פאַר גויים נאַרישקייט;
24 אָבער פאַר די, וואָס זענען באַרופן, סיי ייִדן און סיי גריכן, איז מָשיחַ
די מאַכט פון גאָט, און די חָכמה פון גאָט. 25 מַחמת די נאַרישקייט פון
גאָט איז קליגער פון מענטשן, און די שוואַכקייט פון גאָט איז שטאַרקער
פון מענטשן.

26 וואָרים באַטראַכט אייער באַרופונג, ברידער, אַז ניט קיין סך חֲכָמים
לויט דעם פלייש, ניט קיין סך שטאַרקע, ניט קיין סך איידעלע זענען
באַרופן געוואָרן; 27 נייערט גאָט האָט אויסדערוויילט די נאַרישע זאַכן פון
דער וועלט, כּדי מבֿייש צו זיין די חֲכָמים; און גאָט האָט אויסדערוויילט
די שוואַכע זאַכן פון דער וועלט, כּדי מבֿייש צו זיין די שטאַרקע; 28 און
די שָפֶל־ע זאַכן פון דער וועלט, און דאָס, וואָס איז פאַראַכטיקט האָט
גאָט אויסדערוויילט, און דאָס, וואָס ס'איז ניטאָ, כּדי ער זאָל בָטל מאַכן
די זאַכן, וואָס זענען פאַראַן, 29 אַזוי, אַז קיין שום בָשׂר־וָדָם זאָל זיך ניט
רימען פאַר גאָט. 30 איר אָבער זענט דורך אים אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, וואָס
איז פאַר אונדז פון גאָט געמאַכט געוואָרן פאַר חָכמה, און רעכטפאַרטיקייט,
און קדושה, און גאולה, 31 כּדי, לויט ווי סע שטייט געשריבן: דער, וואָס
טוט זיך רימען, זאָל זיך רימען אין גאָט[א].

ב
און בעת איך בין געקומען צו אייך, ברידער, בין איך ניט געקומען
מיט מליצָהדיקע רייד, אָדער חָכמה, אייך אָנצוזאָגן דאָס עֵדות פון
גאָט. 2 וואָרים איך האָב מיר פירגענומען ניט צו קענען קיין שום זאַך צווישן
אייך, אַחוץ יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, און אים אַ געקרייציקטן. 3 און איך בין געווען
ביי אייך אין שוואַכקייט, און אין מורא, און אין גרויס ציטערניש; 4 און
מיין רעדן און מיין דַרשענען זענען ניט געווען אין איבעררעדנדיקע רייד
פון חָכמה, נייערט אין באַווייַזונג פון דעם גייסט און מאַכט, 5 כּדי אייער
אֶמונה זאָל ניט באַשטיין אין דער חָכמה פון מענטשן, נייערט אין דער
מאַכט פון גאָט.

6 מיר אָבער רעדן חָכמה צווישן די, וואָס זענען דערוואַקסן, דאָך ניט
אַ חָכמה פון דער דאָזיקער וועלט, אויך ניט פון די הערשער פון דער
דאָזיקער וועלט, וואָס ווערן פאַרלוירן. 7 נייערט מיר רעדן גאָטס חָכמה
בסוד, די פאַרבאָרגענע חָכמה, וואָס גאָט האָט פאָרויסבאַשטימט נאָך

א ירמיה ט, 23.

פון פאַרצייטן פאַר אונדזער כּבֿוד־וועגן, 8 וואָס קיינער פון די הערשער פון דער דאָזיקער וועלט האָט ניט פאַרשטאַנען; וואָרים וואָלטן זיי זי פאַרשטאַנען, וואָלטן זיי ניט געווען געקרייציקט דעם האַר פון הערלעכקייט. 9 נייערט, ווי סע שטייט געשריבן:

וואָס קיין אויג האָט ניט געזען,
און קיין אויער ניט געהערט,
און וואָס איז ניט אויפגעגאַנגען אין האַרצן פון דעם מענטשן,
וואָס גאָט האָט אָנגעגרייט פאַר די, וואָס האָבן אים ליב[א].

10 אָבער צו אונדז האָט זיי גאָט אַנטפּלעקט דורך דעם גייסט. וואָרים דער גייסט טוט פאָרשן אַלצדינג, אַפילו די טיפקייטן פון גאָט.

11 וואָרים ווער צווישן מענטשן ווייסט וואָס סע טוט זיך אין דעם מענטשן, אַחוץ דער גייסט פון דעם מענטשן, וואָס איז אין אים? אַזוי אויך ווייסט קיינער ניט וואָס סע איז אין גאָט, אַחוץ דער גייסט פון גאָט. 12 מיר אָבער האָבן מקבל געווען, ניט דעם גייסט פון דער וועלט, נייערט דעם גייסט, וואָס איז פון גאָט, כּדי מיר זאָלן פאַרשטיין די מתּנות, וואָס זענען אונדז געשאָנקען געוואָרן פון גאָט. 13 און מיר רעדן דערפון אין רייד, וואָס ניט מענטשלעכע חכמה טוט לערנען, נייערט אַזויווי דער גייסט טוט זיי לערנען, בעת מיר באַשיידן גייסטיקע זאַכן מיט גײַסטיקע רייד.

14 דער נאַטירלעכער מענטש איז ניט מקבל די מתּנות פון דעם גייסט פון גאָט, וואָרים זיי זענען פאַר אים נאַרישקייט, און ער קען זיי ניט פאַרשטיין, מחמת זיי ווערן געמשפּט גייסטיק. 15 אָבער דער, וואָס איז גייסטיק, טוט משפּטן אַלצדינג, און ער אַליין ווערט פון קיינעם ניט געמשפּט. 16 וואָרים ווער האָט פאַרשטאַנען די מחשבֿה פון גאָט, אַז ער זאָל אים לערנען[ב]? מיר אָבער האָבן די מחשבֿה פון משיחן.

ג און איך, ברידער, האָב ניט געקענט רעדן צו אייך ווי צו גײַסטיקע, נייערט ווי צו ערדישע, ווי צו עופעלעך אין משיחן. 2 איך האָב אייך גענערט מיט מילך, ניט מיט קיין פעסטע שפּייז; וואָרים איר זענט נאָך ניט מסוגל געווען צו פאַרטראָגן עס, און קענט עס אַפילו איצט אויך ניט, 3 וואָרים איר זענט נאָך ערדיש. וואָרים כּל־זמן ס'איז פאַראַן צווישן אייך

א ישעיה סד, 3. ב ישעיה מ, 13.

קִנאה און קריג, צי זענט איר ניט ערדיש, און טוט איר ניט גיין לויט דעם שטייגער פון מענטשן? [4] וואָרים בעת איינער זאָגט: איך געהער פּאָולוסן; און אַן אַנדערער: איך געהער אַפּאָלאָסן; צי זענט איר ניט פָּשוטע מענטשן?

[5] וואָס איז דען אַפּאָלאָס? און וואָס איז פּאָולוס? באַדינער, דורך וועמען איר זענט געקומען צו דער אֱמונה, און יעדער ווי דער האַר האָט אים געגעבן. [6] איך האָב געפלאַנצט, אַפּאָלאָס האָט באַוואָסערט, אָבער גאָט האָט געלאָזט וואַקסן. [7] אַזוי, אַז ניט דער, וואָס טוט פלאַנצן, איז עפּעס, אויך ניט דער, וואָס באַוואָסערט, נייערט גאָט, וואָס לאָזט עס וואַקסן. [8] און דער, וואָס פלאַנצט, און דער, וואָס באַוואָסערט, זענען איינס, און יעדער וועט באַקומען זיין באַזונדערן שָׂכָר לויט זיין אייגענער אַרבעט. [9] וואָרים מיר זענען גאָטס מיטאַרבעטער, גאָטס ווירטשאַפט, גאָטס בִּנין זענט איר.

[10] לויט דעם חֶסֶד פון גאָט, וואָס איז מיר געגעבן געוואָרן, האָב איך געלייגט אַ יסוד ווי אַ קלוגער בוימײַנסטער, און אַן אַנדערער טוט בויען אויף אים. זאָל אָבער יעדער אַכטונג געבן וויאַזוי ער טוט בויען אויף אים. [11] וואָרים קיין אַנדערן יסוד קאָן קיינער ניט לייגן ווי דער, וואָס איז געלייגט געוואָרן, און וואָס איז יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. [12] אָבער אויב עמיצער טוט בויען אויף דעם דאָזיקן יסוד גאָלד, זילבער, טייערע שטיינער, האָלץ, היי, שטרוי, [13] אַזוי וועט יעדן מענטשנס אַרבעט אַנטפּלעקט ווערן; וואָרים דער טאָג וועט עס קלאָר מאַכן, מַחמת סע ווערט אַנטפּלעקט דורך פייער, און דאָס פייער אַליין וועט באַווײַזן די אַרבעט פון יעדן מענטשנס ווערק, פון וואָסער מִין עס איז. [14] אויב עמיצנס ווערק, וואָס ער האָט אויף דעם געבויט, וועט פאַרבלײַבן, וועט ער באַקומען אַ שָׂכָר. [15] אויב עמיצנס ווערק וועט פאַרברענט ווערן, וועט ער ליידן שאָדן, אָבער ער אַליין וועט נִיצול ווערן, דאָך אַזוי ווי דורך פייער.

[16] צי ווייסט איר ניט, אַז איר זענט דער מִקדש פון גאָט, און אַז דער רוּחַ־אֱלֹהִים טוט רוען אין אייך? [17] אויב עמיצער טוט צעשטערן דעם מִקדש פון גאָט, דעם וועט גאָט צעשטערן; וואָרים דער מִקדש פון גאָט איז הייליק, און אַזעלכע זענט איר.

[18] לאָז זיך קיינער ניט נאַרן. אויב עמיצער צווישן אייך מיינט, אַז ער איז קלוג אין דער דאָזיקער וועלט, זאָל ער ווערן אַ נאַר, כּדי ער זאָל

ווערן קלוג. [19] וואָרים די חָכמה פון דער דאָזיקער וועלט איז נאַרישקייט בײַ גאָט. וואָרים סע שטייט געשריבן:

ער טוט כאַפּן די חֲכָמים אין זייער ליסטיקייט[א].

[20] און ווידער:

גאָט ווייסט די מַחשָבות פון די חֲכָמים, אַז זיי זענען נישטיק[ב].

[21] דעריבער זאָל קיינער זיך ניט רימען מיט מענטשן. וואָרים אַלצדינג איז אײַערס, [22] צי דאָס איז פּאָולוס, אָדער אַפּאָלאָס, אָדער כֵּיפָא, אָדער די וועלט, אָדער לעבן, אָדער טויט, אָדער דאָס, וואָס איז פאַראַן, אָדער דאָס, וואָס דאַרף קומען; אַלץ איז אײַערס, [23] און איר זענט מָשִיחַס, און מָשִיחַ איז גאָטס.

ד זאָל אַ מענטש אַזוי טראַכטן פונוועגן אונדז, ווי פון באַדינער פון מָשִיחַן, און פאַרוואַלטער פון די סודות פון גאָט. [2] איבעריקנס, פון פאַרוואַלטער ווערט געפאָדערט, אַז זיי זאָלן געפונען ווערן געטריי. [3] פאַר מיר אָבער איז דאָס אַ קלייניקייט, אַז איך זאָל געמִשפּט ווערן פון אײַך, אָדער פון אַ מענטשנס מִשפּט. איך טו מיך אַפילו אַליין אויך ניט מִשפּטן. [4] וואָרים איך ווייס גאָרניט קעגן מיר אַליין, דאָך בין איך מיט דעם ניט גערעכטפאַרטיקט; דער אָבער, וואָס טוט מיך מִשפּטן, איז דער האַר. [5] דעריבער מִשפּט גאָרניט פאַר דער צייט, ביז דער האַר וועט קומען, וואָס וועט אויך ברענגען צום ליכט די פאַרבאָרגענע זאַכן פון דער פינצטערניש, און אַנטפּלעקן די טראַכטענישן פון די הערצער; און דעמאָלט וועט יעדער איינער באַקומען זײַן לויב פון גאָט.

[6] און דאָס, ברידער, האָב איך איבערגעטראָגן אויף מיר און אַפּאָלאָסן פון אײַערטוועגן, אַז איר זאָלט אָפּלערנען פון אונדז, ניט איבערצוטרעטן, וואָס סע שטייט געשריבן, כּדי קיינער פון אײַך זאָל זיך ניט גרויסן איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן. [7] וואָרים ווער טוט דיך מאַכן צום אונטערשיידן? און וואָס האָסטו, וואָס דו האָסט ניט באַקומען? און אויב דו האָסט עס באַקומען, פאַרוואָס טוסטו דיך רימען, גלײַך ווי דו וואָלסט עס ניט געווען באַקומען?

[8] שוין זענט איר זאַט געוואָרן? שוין זענט איר רײַך געוואָרן? איר האָט דערגרייכט צו הערשאַפט אָן אונדז? הַלוואַי וואָלט איר געהערשט,

א איוב ה, 13. ב תהלים צד, 11.

כּדי מיר זאָלן אויך קענען הערשן מיט אייך! [9]וואָרים איך מיין, אַז גאָט האָט אונדז, די שליחים, אַוועקגעשטעלט פאַר די מינדסטע פון אַלע, ווי פאַרמשפּטע צום טויט; וואָרים מיר זענען געמאַכט געוואָרן ווי אַ שפּיל פאַר דער וועלט, פאַר מלאָכים און מענטשן. [10]נאַראָנים זענען מיר פון משיחס־וועגן, אָבער איר זענט קלוג אין משיחן; מיר זענען שוואַך, אָבער איר זענט שטאַרק; איר האָט כּבוד, אָבער מיר האָבן אומכּבוד. [11]אָט ביז צו דער איצטיקער שעה הונגערן מיר, און דאָרשטן, און זענען נאַקעט, און ווערן געשלאָגן, און זענען נע־ונד; [12]און מיר מיִען זיך, און אַרבעטן מיט אונדזערע אייגענע הענט. בעת מיר ווערן געלעסטערט, בענטשן מיר; בעת געראָדפט, דולדן מיר; [13]בעת באַשולדיקט, בעטן מיר; מיר זענען געמאַכט געוואָרן, און זענען איצט, ווי דער אָפּפאַל פון דער וועלט, דער אָפּשוים פון אַלצדינג.

[14]ניט כּדי אייך צו פאַרשעמען, שרייב איך דאָס, נייערט אייך מזהיר צו זיין ווי מיינע באַליבטע קינדער. [15]וואָרים הגם איר האָט צען טויזנט דערציִערס אין משיחן, האָט איר אָבער ניט קיין סך פאָטערס; וואָרים אין ישוע המשיח האָב איך אייך געוואונען דורך דער בשורה. [16]איך בעט אייך דעריבער, זייט מיינע נאָכפאָלגער. [17]טאַקע צוליב דער סיבה האָב איך געשיקט צו אייך טימאָטעאוסן, וואָס איז מיין באַליבט און געטריי קינד אין דעם האַר, אַז ער זאָל אייך דערמאָנען אין מיינע דרכים אין משיחן, אַזוי ווי איך לערן זיי אומעטום אין יעדער קהילה. [18]אָבער טייל זענען אָנגעבלאָזן, גלייך איך וואָלט ניט געוועלן קומען צו אייך. [19]איך וועל אָבער צו אייך בקרוב קומען, אִם ירצה השם, און איך וועל וויסן, ניט די רייד פון די, וואָס זענען אָנגעבלאָזן, נייערט זייער מאַכט. [20]וואָרים דאָס מלכות פון גאָט באַשטייט ניט אין רייד, נייערט אין מאַכט. [21]וואָס ווילט איר? זאָל איך קומען צו אייך מיט אַ רוט, אָדער מיט ליבשאַפט און אַן עניוותדיקן גייסט?

ה מע הערט אומעטום, אַז ס'איז פאַראַן זנות צווישן אייך, און אַזאַ זנות, ווי עס איז אַפילו ניטאָ צווישן די געצנדינער, אַז איינער זאָל האָבן זיין פאָטערס ווייב. [2]און איר זענט אָנגעבלאָזן! האָט איר ניט געדאַרפט ליבערשט טרויערן, אַז דער, וואָס איז באַגאַנגען די דאָזיקע מעשׂה, זאָל אָפּגעטאָן ווערן פון צווישן אייך?

3 וואָרים הַגַם איך בין אָפּוועזנד אין גוף, בין איך אָבער אָנוועזנד אין גייסט, און האָב שוין געמִשפּט דעם, גלייך ווי איך וואָלט געווען אָנוועזנד, וואָס האָט אַזוינס געטאָן. 4 בעת איר זענט פאַרזאַמלט אין דעם נאָמען פון אונדזער האַר יֵשוּעַ, און מיין גייסט איז צווישן אייך, מיט דער מאַכט פון אונדזער האַר יֵשוּעַ, 5 זאָלט איר אַזאַ איינעם איבערענטפערן צום שָׂטָן פאַר דער פאַרדאַרבונג פון דעם פלייש, כּדי דער גייסט זאָל נִיצול ווערן אין דעם טאָג פון דעם האַר יֵשוּעַ.

6 אייער רימען זיך איז ניט גוט. ווייסט איר ניט, אַז אַביסל זויערטייג מאַכט זויער דאָס גאַנצע טייג? 7 ראַמט אויס דעם אַלטן חָמֵץ, כּדי איר זאָלט זיין אַ נײַ טייג, אַזויווי איר זענט ניט געזײַערט. וואָרים מָשִיחַ, אונדזער קָרבּן־פֶּסַח, איז געשאָכטן געוואָרן. 8 לאָמיר דעריבער האַלטן יום־טוֹב, ניט מיט דעם אַלטן חָמֵץ, אויך ניט מיט דעם חָמֵץ פון שלעכטסקייט און רִשעות, נייערט מיט די מַצות פון לויטערקייט און אֶמת.

9 איך האָב אייך געשריבן אין מיין בריוו, ניט צו חַברן זיך מיט קיין נוֹאפים; 10 בִּכלַל ניט מיט די נוֹאפים פון דער וועלט, אָדער מיט די גייציקע און גַזלָנים, אָדער מיט געצנדינער; וואָרים דעמאָלט וואָלט איר געמוזט אַרויסגיין פון דער וועלט. 11 אָבער איך האָב אייך גיכער געשריבן, ניט צו חַברן זיך מיט עמיצן, וואָס ווערט אָנגערופן אַ ברודער, און וואָס איז אַ נוֹאף, אָדער גייציק, אָדער אַ געצנדינער, אָדער אַ לעסטערער, אָדער אַ שִיכּור, אָדער אַ גַזלן – מיט אַזאַ איינעם זאָלט איר אַפילו ניט עסן. 12 וואָרים וואָס האָב איך צו טאָן מיט מִשפּטן די, וואָס זענען אין דרויסן? טוט איר ניט מִשפּטן די, וואָס זענען דרינען? 13 די דרויסנדיקע וועט גאָט מִשפּטן. ראַמט אויס דעם רָשע פון צווישן אייך.

ו ווי דערוועגט זיך עמיצער פון אייך, בעת ער האָט אַן עֵסק קעגן זיין חָבר, צו גיין מִשפּטן זיך פאַר רשָעים, און ניט פאַר די הייליקע? 2 צי ווייסט איר ניט, אַז די הייליקע וועלן מִשפּטן די וועלט? און אויב די וועלט וועט געמִשפּט ווערן דורך אייך, זענט איר ניט רָאוי צו מִשפּטן די מינדסטע זאַכן? 3 צי ווייסט איר ניט, אַז מיר וועלן מִשפּטן מַלאָכים? אַ פּשיטא שוין זאַכן, וואָס זענען שַייך דעם דאָזיקן לעבן! 4 בכֵן, אויב איר דאַרפט מִשפּטן זאַכן אין שײַכות צו דעם לעבן, זעצט איר אַוועק מענטשן פון אומבאַדײַטונג צו מִשפּטן אין דער קהִילה? 5 איך זאָג דאָס צו אייער

שאַנד. שוין־זשע, צי געפינט זיך ניט צווישן אייך איינער אַ חָכם, וואָס זאָל
קאָנען אַנטשיידן צווישן זיינע ברידער, [6]נייערט ברודער גייט זיך לאָדן מיט
ברודער, און דערצו נאָך פאַר אומגלויביקע?

[7]עס איז שוין בִּכלַל אַן עַוולה פון אייך, וואָס איר פירט מִשפָּטים
איינער מיטן אַנדערן. פאַרוואָס ניט ליבערשט זיין באַעוולטע? פאַרוואָס
ניט ליבערשט זיין באַרויבטע? [8]יאָ, איר אַליין טוט אומרעכט, און באַרויבט,
און דערצו נאָך אייערע אייגענע ברידער.

[9]צי ווייסט איר ניט, אַז די רשָעים וועלן ניט יַרשענען דאָס מַלכות
פון גאָט? זייט ניט גענאַרט: ניט קיין נואפים, ניט קיין געצנדינער, ניט קיין
אויסגעלאַסענע, ניט קיין בַּעלי־תַּאוות, אויך ניט די, וואָס ליגן מיט זכָרים,
[10]ניט קיין גַנָבים, ניט קיין גייציקע, ניט קיין שִיכּורים, ניט קיין לעסטערערס,
ניט קיין גַזלָנים, וועלן יַרשענען דאָס מַלכות פון גאָט. [11]און אַזוינע זענען
געווען טייל פון אייך; איר אָבער זענט געוואַשן געוואָרן, איר זענט געהייליקט
געוואָרן, איר זענט גערעכטפאַרטיקט געוואָרן דורך דעם נאָמען פון דעם
האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, און דורך דעם גייסט פון אונדזער גאָט.

[12]אַלצדינג איז מיר דערלויבט, דאָך ניט אַלצדינג איז נוצלעך. אַלצדינג
איז מיר דערלויבט, דאָך וועל איך מיך ניט אונטערוואַרפן אונטער דער
מאַכט פון עפּעס. [13]מַאכָלים פאַרן בויך, און דער בויך פאַר מַאכָלים,—
און גאָט וועט פאַרלענדן סיי דאָס, און סיי די אַנדערע. דער גוף איז
ניט פאַר זנות, נייערט פאַר דעם האַר, און דער האַר פאַר דעם גוף.
[14]און גאָט האָט אויפגעוועקט דעם האַר, און אויך אונדז וועט ער אויפוועקן
דורך זיין מאַכט. [15]צי ווייסט איר ניט, אַז אייערע גופים זענען אֵברים
פון מָשִיחַן? צי זאָל איך איצט נעמען די אֵברים פון מָשִיחַן, און זיי מאַכן
פאַר אֵברים פון אַ זונה? חָלִילה! [16]אָדער צי ווייסט איר ניט, אַז דער,
וואָס באַהעפט זיך מיט אַ זונה, איז איין לײַב מיט איר? וואָרים סע שטייט
געשריבן: ביידע וועלן ווערן איין לײַב[א]. [17]אָבער דער, וואָס איז באַהעפט
מיט דעם האַר, איז איין גייסט מיט אים. [18]אַנטרינט פון זנות. יעדע
זינד, וואָס אַ מענטש באַגייט, איז אויסער דעם גוף; דער אָבער, וואָס
איז מזַנה, זינדיקט קעגן זיין אייגענעם גוף. [19]אָדער צי ווייסט איר ניט,
אַז אייער גוף איז אַ מִקדש פון דעם רוח־הַקוֹדֶש, וואָס איז אין אייך, וואָס

א בראשית ב, 24.

איר האָט פון גאָט? און איר זענט ניט אייערע אייגענע; [20] וואָרים איר זענט געקויפט געוואָרן מיט אַ פּרייַז. על־כּן, זאָלט איר אָפּגעבן כּבוד צו גאָט אין אייער לייַב.

ז און בנוגע די זאַכן, וועגן וואָס איר האָט געשריבן: עס איז גוט פאַר אַ מאַן ניט צו באַרירן קיין אִשה. [2] דאָך מחמת פון זנות־וועגן, זאָל יעדער מאַן האָבן זיין אייגן ווייב, און זאָל יעדע אִשה האָבן איר אייגענעם מאַן. [3] זאָל דער מאַן אָפּגעבן דעם ווייב איר חוב; און אַזוי אויך דאָס ווייב דעם מאַן. [4] דאָס ווייב האָט ניט קיין רשות איבער איר אייגענעם לייַב, נייערט דער מאַן; און אַזוי האָט אויך דער מאַן ניט קיין רשות איבער זיין אייגענעם לייַב, נייערט דאָס ווייב. [5] שיידט זיך ניט אָפּ איינער פון דעם אַנדערן, סיידן עס ווערט אָפּגערעדט אויף אַ צייט, כּדי איר זאָלט זיך קענען אָפּגעבן מיט תּפילה טאָן, און זייט צוריק צוזאַמען, כּדי דער שׂטן זאָל אייך ניט ברענגען צו קיין נסיון פונוועגן אייער ניט־צוריקגעהאַלטנקייט. [6] און דאָס זאָג איך בדרך רשות, און ניט בדרך געבאָט. [7] דאָך הלוואַי זאָלן אַלע מענטשן זיין אַזוי ווי איך אַליין. אָבער יעדער איינער האָט זיין אייגענע מתּנה פון גאָט, איינער אויף דעם אופן, און אַן אַנדערער אויף יענעם.

[8] צו די אומפאַרהייראַטע, און צו די אַלמנות זאָג איך: עס איז גוט פאַר זיי, אויב זיי פאַרבלייַבן אַזוי ווי איך. [9] אָבער אויב זיי קענען זיך ניט צוריקהאַלטן, זאָלן זיי חתונה האָבן; וואָרים עס איז בעסער חתונה צו האָבן, איידער צו ברענען.

[10] צו די פאַרהייראַטע אָבער געביט איך, יאָ, ניט איך, נייערט דער האַר, אַז דאָס ווייב זאָל זיך ניט אָפּשיידן פון איר מאַן, [11] (טוט זי זיך אָבער אָפּשיידן, זאָל זי פאַרבלייַבן אומפאַרהייראַט, אָדער זיך איבערבעטן מיט דעם מאַן), און אַז דער מאַן זאָל ניט פאַרלאָזן זיין ווייב.

[12] צו די איבעריקע אָבער זאָג איך, ניט דער האַר: אויב אַ ברודער האָט אַן אומגלויביק ווייב, און זי איז מסכּים צו וואוינען מיט אים, זאָל ער זי ניט פאַרלאָזן. [13] און דאָס ווייב, וואָס האָט אַן אומגלויביקן מאַן, און ער איז מסכּים צו וואוינען מיט איר, זאָל זי איר מאַן ניט פאַרלאָזן. [14] וואָרים דער אומגלויביקער מאַן ווערט געהייליקט דורך דעם ווייב, און דאָס אומגלויביקע ווייב ווערט געהייליקט דורך דעם ברודער; אַז ניט,

וואָלטן אייערע קינדער געווען טָמא, נאָר אַצינד זענען זיי הייליק. 15 אויב
אָבער דער אומגלויביקער וויל זיך אָפּשיידן, לאָז ער זיך אָפּשיידן; דער
ברודער, אָדער די שוועסטער, איז ניט געבונדן אין אַזוינע פאַלן; און גאָט
האָט אונדז באַרופן צו שָלום. 16 וואָרים וויאַזוי ווייסטו, אָ אִשה, צי דו
וועסט מַציל זיין דיין מאַן? אָדער וויאַזוי ווייסטו, אָ מאַן, צי דו וועסט
מַציל זיין דיין ווייב? 17 נייערט ווי דער האַר האָט צוגעטיילט יעדן מענטשן,
ווי גאָט האָט יעדן באַרופן, אַזוי זאָל ער גיין. און אַזוי בין איך מתַקן
אין אַלע קהִילות. 18 איז עמיצער באַרופן בעת אַ געמַלטער, זאָל ער
ניט ווערן אומגעמַלט. איז עמיצער באַרופן געוואָרן אין עָרלה, זאָל ער
ניט געמַלט ווערן. 19 מִילה איז גאָרניט, און עָרלה איז גאָרניט, נייערט
דאָס היטן פון די מִצוות פון גאָט. 20 לאָז יעדער פאַרבלייַבן אין יענער
באַרופונג, אין וועלכער ער איז באַרופן געוואָרן. 21 ביסטו באַרופן געוואָרן
אַלס קנעכט, זאָל עס דיך ניט אַרן. אויב אָבער דו קענסט ווערן פריי,
באַנוץ דיך מיט דער געלעגנהייט. 22 וואָרים דער, וואָס איז באַרופן אין
דעם האַר אַלס אַ קנעכט, איז דעם האַרס באַפרייַטער; אַזוי אויך דער,
וואָס איז געווען פריי, בעת ער איז באַרופן געוואָרן, איז מָשִיחַס קנעכט.
23 איר זענט געקויפט געוואָרן מיט אַ פרייַז; ווערט ניט קיין קנעכט פון
קיין מענטשן. 24 ברידער, לאָז יעדער איינער, אין וואָס פאַר אַ מַצב ער
איז באַרופן געוואָרן, פאַרבלייַבן אין דעם מיט גאָט.

25 און בנוֹגע בתולות, האָב איך ניט קיין געבאָט פון דעם האַר; איך
גיב אָבער מיין מיינונג ווי איינער, וואָס האָט געפונען לייַטזעליקייט ביי
דעם האַר, צו זיין באַגלויבט. 26 איך מיין דעריבער, אַז פונוועגן דער
איצטיקער צָרה, איז עס גוט פאַר אַ מענטשן צו זיין ווי ער איז. 27 ביסטו
צוגעבונדן צו אַ ווייב? זוך ניט צו ווערן פריי. ביסטו פריי פון אַ ווייב?
זוך ניט קיין ווייב. 28 האָסטו אָבער חַתונה געהאַט, האָסטו ניט געזינדיקט;
און אויב אַ בתולה האָט חַתונה, האָט זי ניט געזינדיקט. אָבער אַזוינע
וועלן האָבן צָרות אין דעם פלייש; און איך וואָלט אייך וועלן פאַרשוינען.
29 דאָס אָבער זאָג איך, ברידער, די צייט איז קורץ. און פון איצט־אָן זאָלן
יענע, וואָס האָבן ווייבער, זיין גלייך ווי זיי וואָלטן זיי ניט געהאַט; 30 און
יענע, וואָס וויינען, גלייך ווי זיי וואָלטן ניט געוויינט; און יענע, וואָס פרייען
זיך, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך ניט געפרייט; און יענע, וואָס קויפן, גלייך

ווי זיי וואָלטן עס ניט פאַרמאָגט; [31]און יענע, וואָס האָבן הַנָאה פון דער וועלט, גלייך ווי זיי וואָלטן זי ניט באַנוצט; וואָרים די געשטאַלט פון דער דאָזיקער וועלט טוט פאַרגיין.

[32]איך וואָלט וועלן איר זאָלט זיין פריי פון דַאגות. דער, וואָס איז ניט פאַרהייראַט, זאָרגט פונוועגן די זאַכן פון דעם האַר, וויאַזוי ער זאָל וואוילגעפעלן ווערן דעם האַר; [33]דער אָבער, וואָס איז פאַרהייראַט, זאָרגט פונוועגן די זאַכן פון דער וועלט, וויאַזוי ער זאָל וואוילגעפעלן ווערן זיין ווייב, [34]און איז צעטיילט. אַזוי אויך די אִשה, וואָס איז ניט פאַרהייראַט, און די בתולה, זאָרגט פונוועגן די זאַכן פון דעם האַר, כּדי זי זאָל זיין הייליק, סיי אין דעם גוף און סיי אין דעם גייסט; אָבער די, וואָס איז פאַרהייראַט, זאָרגט פונוועגן די זאַכן פון דער וועלט, וויאַזוי זי זאָל וואויל־געפעלן ווערן איר מאַן. [35]און דאָס זאָג איך פאַר אייער אייגענער טובה וועגן, און ניט צו וואַרפן אַ נעץ איבער אייך, נייערט איר זאָלט זיך פירן ווי סע געהער צו זיין, און כּדי איר זאָלט קענען דינען דעם האַר אומגעשטערט.

[36]אויב עמיצער מיינט, אַז ער באַנעמט זיך ניט פּאַסיק קעגן זיין יונגפרוי, בעת זי איז אַריבער איר בליִאונג־צייט, און אויב סע באַדאַרף אַזוי צו זיין, זאָל ער טאָן וואָס ער וויל; ער זינדיקט ניט; לאָזן זיי חַתונה האָבן. [37]דער אָבער, וואָס איז פעסט אין זיין האַרצן, און האָט עס ניט נייטיק, נייערט האָט שליטה איבער זיין אייגענעם ווילן, און האָט באַשלאָסן אין זיין האַרצן צו פאַרשוינען זיין אייגענע יונגפרוי, אַזוי טוט ער רעכט. [38]בכֵן, דער, וואָס מאַכט חַתונה זיין יונגפרוי, טוט גוט; און דער, וואָס מאַכט זי ניט חַתונה, וועט טאָן נאָך בעסער.

[39]אַ ווייב איז געבונדן צו איר מאַן כָּל־זמַן ער לעבט; אויב אָבער דער מאַן שטאַרבט, איז זי פריי חַתונה צו האָבן מיט וועמען זי וויל, נייערט נאָר אין דעם האַר. [40]לויט מיין מיינונג, איז זי אָבער גליקלעכער, אויב זי פאַרבלײַבט אַזוי ווי זי איז; און איך מיין, אַז איך פאַרמאָג אויך דעם גייסט פון גאָט.

ח און בנוֹגֵע די זאַכן, וואָס מען איז מַקריב צו אָפּגעטער: מיר וויסן, אַז מיר אַלע האָבן פאַרשטענדעניש. וויסן בלאָזט אויף, אָבער ליבשאַפט טוט אויפבויען. [2]אויב עמיצער מיינט, אַז ער פאַרשטייט עפּעס, פאַרשטייט

ער נאָך ניט, ווי ער וואָלט באַדאַרפט פאַרשטיין. 3 נאָר אויב עמיצער האָט
ליב גאָט, דער דאָזיקער ווערט דערקענט פון אים.
4 און וואָס שייך דעם עסן פון זאַכן, וואָס מען איז מַקריב צו אָפּגעטער,
ווייסן מיר, אַז קיין שום אָפּגאָט איז עפּעס אין דער וועלט, און אַז ס'איז
ניטאָ קיין גאָט, אַחוץ איינער. 5 וואָרים הַגַם סע זענען פאַראַן אַזעלכע,
וואָס ווערן אָנגערופן געטער, סיי אין הימל, סיי אויף דר'ערד, — ווי עס
זענען פאַראַן געטער אַ סך, און הארן אַ סך, — 6 דאָך פאַר אונדז איז פאַראַן
איין גאָט, דער פאָטער, פון וועמען עס איז אַלצדינג, און מיר פאַר אים,
און איין האַר, יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, דורך וועמען סע זענען אַלע זאַכן, און מיר
דורך אים.
7 דאָך ניט אין אַלע מענטשן איז דאָ די פאַרשטענדעניש; נייערט טייל,
וואָס זענען געוואוינט ביז איצט צו דעם אָפּגאָט, עסן ווי פון אַ זאַך, וואָס
מען האָט מַקריב געווען צו אַן אָפּגאָט; און זייער געוויסן, וואָס איז שוואַך,
ווערט באַפלעקט. 8 אָבער שפּייז וועט אונדז ניט באַווייליקן צו גאָט; אויך
זענען מיר ניט ערגער, אויב מיר עסן ניט, אויך ניט בעסער, אויב מיר
עסן יאָ. 9 גיט אָבער אַכטונג, אַז די דאָזיקע פרייַהייט אייערע זאָל ניט
דורך עפּעס ווערן אַ מִכשול פאַר די שוואַכע. 10 וואָרים אויב עמיצער
זעט דיך, וואָס האָסט פאַרשטענדעניש, זיצן בײַ אַ מאָלצייט אין דעם
טעמפּל פון אַן אָפּגאָט, וועט ניט זיין געוויסן, אויב ער איז שוואַך, דער־
מוטיקט ווערן צו עסן זאַכן, וואָס מען האָט מַקריב געווען צו אָפּגעטער?
11 און דורך דיין פאַרשטענדעניש גייט דער שוואַכער ברודער פאַרלוירן,
פאַר וועמען מָשִיחַ איז געשטאָרבן. 12 און אַזוי, בעת איר זינדיקט קעגן די
ברידער, און פאַרלעצט זייער שוואַך געוויסן, זינדיקט איר קעגן מָשִיחַן.
13 איבערדעם, אויב אַ שפּייז איז גורם מיין ברודער צו שטרויכלען, וועל
איך קיינמאָל ניט עסן קיין פלייש, כּדי איך זאָל ניט גורם זיין מיין
ברודער צו שטרויכלען.

ט בין איך ניט פריי? בין איך ניט קיין שלִיחַ? האָב איך ניט געזען
יֵשוּעַן, אונדזער האַר? זענט איר ניט מיין ווערק אין דעם האַר? 2 אויב
פאַר אַנדערע בין איך ניט קיין שלִיחַ, צום ווינציקסטן בין איך עס דאָך
פאַר אייך; וואָרים דער חותם פון מיין שלִיחות זענט איר אין דעם האַר.
3 דאָס איז מיין רעכטפאַרטיקונג פאַר די, וואָס פאָרשן מיך אויס.

[4] צי האָבן מיר ניט קיין רשות צו עסן און צו טרינקען? [5] צי האָבן מיר ניט קיין רשות אַרומצופירן אַ שוועסטער פאַר אַ ווייב, אַזוי ווי די איבעריקע שליחים, און די ברידער פון דעם האַר, און כֵּיפָא? [6] אָדער איך נאָר און בַּר־נַבָּא, האָבן מיר ניט קיין רשות ניט צו אַרבעטן? [7] וואָסער זעלנער טוט גאָר דינען אויף זיינע אייגענע הוֹצָאוֹת? ווער פלאַנצט אַ וויַינגאָרטן, און עסט ניט פון אים קיין פֵּירות? אָדער ווער פיטערט אַ סטאַדע, און געניסט ניט פון דער מילך פון דער סטאַדע?

[8] צי טו איך רעדן די דאָזיקע זאַכן לויט דעם שטייגער פון מענטשן? אָדער צי זאָגט ניט די תּוֹרה אויך דאָס זעלבע? [9] וואָרים סע שטייט געשריבן אין תּוֹרת־משה: זאָלסט ניט פאַרבינדן אַן אָקס דאָס מויל, בעת ער דרעשט[א]. צי זאָרגט דען גאָט פאַר אָקסן? [10] אָדער זאָגט ער דאָס פון אונדזערטוועגן בִּכְלָל? יאָ, פון אונדזערטוועגן איז עס געשריבן געוואָרן, וואָרים דער, וואָס אַקערט, דאַרף אַקערן מיט האָפענונג, און דער, וואָס דרעשט, אין דער האָפענונג צו באַקומען אַ חֵלֶק.

[11] אויב מיר האָבן געזייַט אין אייך גייַסטיקע זאַכן, איז עס אַזאַ גרויסער עִנין, אויב מיר וועלן שניידן אייערע ערדישע זאַכן? [12] אויב אַנדערע האָבן אַ חֵלֶק אין דעם רעכט איבער אייך, האָבן מיר ניט אַ סַך מער? דאָך האָבן מיר ניט אויסגענוצט דאָס דאָזיקע רעכט, נייערט מיר טראָגן איבער אַלצדינג, כּדי מיר זאָלן ניט אָנמאַכן קיין שטערונג פאַר דער בשׂורה פון מָשִיחַ. [13] ווייסט איר ניט, אַז די, וואָס טוען די הייליקע עֲבוֹדה, עסן פון די זאַכן פון דעם מִקדש, און די, וואָס דינען פאַר דעם מִזבֵּחַ, נעמען זייער חֵלֶק אין דעם מִזבֵּחַ? [14] פונקט אַזוי האָט אויך דער האַר מתַקן געווען, אַז די, וואָס זאָגן אָן די בשׂורה, זאָלן לעבן פון דער בשׂורה.

[15] איך האָב אָבער ניט אויסגענוצט קיין איינציקע פון די דאָזיקע זאַכן; און איך האָב דאָס ניט געשריבן, כּדי סע זאָל אַזוי געטאָן ווערן אין מיין פאַל; וואָרים איך וואָלט ליבערשט שטאַרבן, איידער עמיצער זאָל צונישט מאַכן מיין רימען זיך. [16] וואָרים אויב איך זאָג אָן די בשׂורה, דאַרף איך מיך ניט רימען מיט דעם, וואָרים איך בין מחויב דאָס צו טאָן; און וויי איז מיר, אויב איך טו ניט אָנזאָגן די בשׂורה! [17] וואָרים אויב איך טו דאָס פון מיין אייגענעם ווילן, קריג איך אַ שָׂכָר; נאָר אויב ניט פון מיין

[א] דברים כה, 4.

אייגענעם ווילן, האָב איך אַ שליחות, וואָס איז מיר אָנפאַרטרויט געוואָרן.
18 וואָס פאַרט איז מיין שׂכר? דאָס: וואָס בעת איך טו אָנזאָגן די בשׂורה,
זאָל איך קענען ברענגען די בשׂורה אָן געצאָלטס, כּדי ניט אויסצונוצן מיין
רעכט אין דער בשׂורה.

19 וואָרים הגם איך בין פריי פון אַלע מענטשן, האָב איך מיך
געמאַכט פאַר אַ באַדינער צו אַלע, כּדי איך זאָל געווינען וואָס מערער.
20 פאַר די ייִדן בין איך געוואָרן ווי אַ ייִד, כּדי איך זאָל געווינען די ייִדן;
פאַר די, וואָס זענען אונטער דער תּורה, ווי אונטער דער תּורה, בעת אַליין
בין איך ניט אונטער דער תּורה, כּדי איך זאָל געווינען די, וואָס זענען
אונטער דער תּורה; 21 פאַר די, וואָס זענען אָן אַ תּורה, ווי אָן אַ תּורה,
בעת איך בין ניט אָן גאָטס תּורה, נייערט אונטער משיחס תּורה, כּדי איך
זאָל געווינען די, וואָס זענען אָן אַ תּורה. 22 פאַר די שוואַכע בין איך
געוואָרן שוואַך, כּדי איך זאָל געווינען די שוואַכע. איך בין געוואָרן
אַלצדינג פאַר אַלע מענטשן, כּדי בכל־אופן מציל צו זיין טייל פון זיי.
23 און איך טו אַלצדינג פאַר דער בשׂורה־וועגן, כּדי איך זאָל האָבן אַ חלק
אין איר.

24 צי ווייסט איר ניט, אַז די, וואָס לויפן אין אַ וועט־לויף, לויפן
אַלע, אָבער נאָר איינער באַקומט דעם פּרײַז? פּונקט אַזוי לויפט, כּדי
איר זאָלט אים באַקומען. 25 און יעדער איינער, וואָס קעמפט אין די
שפּילן, לעבט אײַנגעהאַלטן אין אַלצדינג. און זיי טוען עס כּדי צו באַקומען
אַ פאַרדאַרבלעכע קרוין, מיר אָבער — אַן אומפאַרדאַרבלעכע. 26 איך לויף
דעריבער אַזוי, ניט ווי אומזיכער; איך קעמף ניט אַזוי ווי איינער, וואָס
שלאָגט די לופט; 27 נייערט איך שלאָג מיין לײַב, און פאַרקנעכט אים,
טאָמער וועל איך דורך עפּעס, נאָכדעם ווי איך האָב געדרשנט פאַר
אַנדערע, אַליין פאַרוואָרפן ווערן.

**י** איך וויל אַז איר זאָלט וויסן, ברידער, אַז אונדזערע אָבות זענען
אַלע געווען אונטער דעם וואָלקן, און אַלע זענען אַריבערגעגאַנגען
איבער דעם ים; 2 און אַלע זענען געטובלט געוואָרן אויף משהן אין דעם
וואָלקן און אין דעם ים, 3 און האָבן אַלע געגעסן די זעלבע גײַסטיקע
שפּייז, 4 און האָבן אַלע געטרונקען דעם זעלבן גײַסטיקן טרונק; וואָרים זיי
האָבן געטרונקען פון אַ גײַסטיקן פעלזן, וואָס איז זיי נאָכגעגאַנגען, און

דער פעלז איז געווען מָשִיחַ. [5] דאָך זענען די מײנסטע פון זײ ניט וואויל־געפעלן געוואָרן גאָט; וואָרים זײ זענען אומגעקומען אין דער מִדבר.

[6] און די דאָזיקע זאַכן זענען געווען בײַשפּילן פאַר אונדז, כּדי מיר זאָלן ניט גלוסטן נאָך קײן שלעכטיקײטן, אַזױװי זײ האָבן געגלוסט. [7] זײט אױך ניט קײן געצנדינער, װי טײל פון זײ זענען געװען; װי סע שטײט געשריבן: דאָס פאָלק האָט זיך אַנידערגעזעצט צו עסן און טרינקען, און זײ זענען אױפגעשטאַנען צו שפּילן זיך [א]. [8] לאָמיר אױך ניט באַגײן קײן נִיאוּף, װי טײל פון זײ זענען באַגאַנגען, און זענען געפאַלן אין אײן טאָג דרײַ־און־צװאַנציק טױזנט [ב]. [9] לאָמיר אױך ניט אױספּרואװן גאָט, װי טײל פון זײ האָבן אים אױסגעפּרואװט, און זענען אומגעקומען דורך די שלאַנגען [ג]. [10] איר זאָלט אױך ניט מורמלען, װי טײל פון זײ האָבן געמורמלט, און זענען אומגעקומען דורך דעם מַשחִית [ד]. [11] און די דאָזיקע זאַכן זענען געשען צו זײ פאַר אַ בײַשפּיל; און זײ זענען פאַרשריבן געװאָרן צו זײַן אַ װאָרענונג פאַר אונדז, אױף װעמען דער סוֹף פון די צײַטן האָט גענעענט. [12] בְּכֵן, לאָז דער, װאָס מײנט, אַז ער שטײט, אַכטונג געבן, אַז ער זאָל ניט פאַלן. [13] סע האָט אײך קײן שום נִסָיון ניט געטראָפן, סײַדן אַזאַ װי אַ מענטש קאָן פאַרטראָגן. אָבער גאָט איז געטרײַ, װאָס װעט ניט דערלאָזן, אַז איר זאָלט געפּרואװט װערן איבער אײַערע כּוחות; נײערט ער װעט מיט דעם נִסָיון אױך מאַכן אַ װעג פון אַנטרינונג, כּדי איר זאָלט אים קאָנען דערטראָגן.

[14] איבערדעם, מײנע באַליבטע, אַנטרינט פון געצנדינערײ. [15] איך רעד װי צו פאַרשטענדיקע; מִשפּט איר אַלײן, װאָס איך זאָג. [16] דער כּוֹס פון בְּרָכה, איבער װעלכן מיר מאַכן אַ בְּרָכה, איז דאָס ניט קײן באַהעפטונג מיט דעם בלוט פון מָשִיחַן? די מַצה, פון װאָס מיר ברעכן אָפּ, איז דאָס ניט קײן באַהעפטונג מיט דעם לײַב פון מָשִיחַן? [17] און מַחמת עס איז אײן מַצה, זענען מיר, װאָס זענען אַ סַך, אײן לײַב, װאָרים מיר אַלע האָבן אַ חֵלֶק אין דער אײנער מַצה. [18] זעט די בְּנֵי־יִשׂרָאל לױט דעם פלײש: צי זענען זײ, װאָס עסן די קָרבָּנות, ניט באַהעפט מיט דעם מִזבֵּחַ? [19] דעריבער, װאָס זאָל איך זאָגן? אַז אַ זאַך, װאָס מען האָט מַקרִיב געװען צו אָפּגעטער האָט אַ מַמָשות, אָדער אַז אַן אָפּגאָט האָט אַ מַמָשות? [20] איך זאָג גיכער,

[א] שמות לב, 6. [ב] במדבר כה, 1—9. [ג] במדבר כא, 5, 6. [ד] במדבר יד, 2, 36.

אַז דאָס, וואָס די געצנדינער זענען מַקריב, זענען זיי מַקריב צו רוחות, און ניט צו גאָט. און איך וויל ניט, אַז איר זאָלט פירן חַברותָאשאַפט מיט רוחות. [21] איר קענט ניט טרינקען דעם כּוס פון דעם האַר, און דעם כּוס פון רוחות; איר קענט ניט האָבן אַ חֵלֶק אין דעם טיש פון דעם האַר, און אין דעם טיש פון רוחות. [22] אָדער זאָלן מיר דערצערענען דעם האַר צו קִנאה? זענען מיר שטאַרקער פון אים?

[23] אַלצדינג איז דערלויבט, אָבער ניט אַלצדינג איז נוצלעך. אַלצדינג איז דערלויבט, אָבער ניט אַלצדינג בויט אויף. [24] זאָל קיינער ניט זוכן זיין אייגענע טובֿה, נייערט יעדער זיין חַברס. [25] אַלץ, וואָס סע ווערט פאַרקויפט אין די יאַטקעס, עסט, און פרעגט ניט קיין שאלה פון געוויסן־וועגן; [26] וואָרים די ערד געהערט גאָט, און די פולקייט פון איר א. [27] און אויב איינער פון די, וואָס גלויבן ניט, פאַרבעט אייך אויף אַ סעודה, און איר האָט בדעה צו גיין, זאָלט איר עסן אַלץ, וואָס סע ווערט געשטעלט פאַר אייך, און פרעגט ניט קיין שאלה פון געוויסן־וועגן. [28] נאָר אויב עמיצער זאָגט צו אייך: דאָס האָט מען מַקריב געווען פאַר אַ קָרבן, טאָ עסט עס ניט, פון זיינעטוועגן, וואָס האָט עס אָנגעוויזן, און פון געוויסן־וועגן. [29] איך מיין ניט דאָס אייגענע געוויסן, נייערט דעם אַנדערנס. וואָרים פאַרוואָס זאָל מיין פרייַהייט געמִשפּט ווערן פון אַן אַנדערנס געוויסן? [30] און אויב איך געניס מיט אַ בּרָכה, פאַרוואָס זאָל איך באַרעדט ווערן פונוועגן דעם, פאַר וועלכן איך מאַך אַ בּרָכה?

[31] בּכֵן, צי איר עסט, אָדער טרינקט, אָדער וואָס נאָר איר טוט, טוט אַלץ פאַר דעם כָּבוד פון גאָט. [32] גיט ניט קיין געלעגנהייט פון שטרויכלונג די יידן, אָדער די גריכן, אָדער דער קהִילה פון גאָט; [33] פונקט ווי אויך איך באַוויליק אַלע מענטשן אין אַלצדינג, און זוך ניט מיין אייגענעם נוצן, נייערט דעם נוצן פון דעם רַבּים, כּדי זיי זאָלן געראַטעוועט ווערן.

יא זייט מיינע נאָכפאָלגער, אַזוי ווי איך בין מָשיחס. [2] און איך לויב אייך, וואָס איר געדענקט מיך אין אַלצדינג, און היט אָפּ די תַּקָנות, אַזוי ווי איך האָב זיי אייך איבערגעגעבן. [3] איך וויל אָבער, אַז איר זאָלט וויסן, אַז דער קאָפּ פון יעדן מאַן איז מָשיח, און דער קאָפּ

א תהלים כד, 1.

פון יעדן ווייב איז דער מאַן, און דער קאָפּ פון מָשִיחַן איז גאָט. [4] יעדער מאַן, וואָס איז מִתפַּלֵל, אָדער זאָגט נביאות, און ער האַלט פאַרדעקט זיין קאָפּ, פאַרשעמט ער זיין קאָפּ. [5] און יעדע אִשה, וואָס איז מִתפַּלֵל, אָדער זאָגט נבִיאורת, און איר קאָפּ איז אָפּגעדעקט, פאַרשעמט זי איר קאָפּ; ווארים עס איז איינס און דאָס זעלבע ווי זי וואָלט געווען געגאָלט. [6] וואָרים אויב אַ ווייב איז ניט פאַרהילט, זאָל זי זיך אויך לאָזן אָפּשערן; נאָר אויב עס איז אַ בִזָיוֹן פאַר אַ ווייב צו זיין אָפּגעשוירן, אָדער געגאָלט, זאָל זי זיין פאַרהילט.

[7] וואָרים אַ מאַן איז ניט מחויב צו האַלטן זיין קאָפּ פאַרדעקט, מַחמת ער איז דאָס אָפּבילד און כָּבוד פון גאָט; דאָס ווייב אָבער איז דער כָּבוד פון דעם מאַן. [8] (וואָרים דער מאַן שטאַמט ניט פון דער אִשה, נייערט די אִשה פון דעם מאַן; [9] אויך איז דער מאַן ניט באַשאַפן געוואָרן פון דעם ווייבס־וועגן, נייערט דאָס ווייב פון דעם מאַנס־וועגן.) [10] עַל־כֵּן, דאַרף אַ ווייב האָבן אַ צייכן פון אָנזעעוודיקייט אויף איר קאָפּ, צוליב די מַלאָכים. [11] אָבער אין דעם האַר איז דאָס ווייב ניט אָן דעם מאַן, אויך ניט דער מאַן אָן דעם ווייב. [12] וואָרים אַזויווי דאָס ווייב שטאַמט פון דעם מאַן, אַזוי שטאַמט אויך דער מאַן דורך דעם ווייב; אַלצדינג אָבער שטאַמט פון גאָט. [13] מִשפּט איר ביי זיך אַליין; צי איז עס שיין, אַז אַ ווייב זאָל מִתפַּלֵל זיין צו גאָט ניט פאַרהילט? [14] צי טוט אַפילו די טֶבע אַליין אייך ניט לערנען, אַז אויב אַ מאַן טראָגט לאַנגע האָר, איז עס אַ חֶרפּה פאַר אים, [15] נאָר אויב אַ ווייב טראָגט לאַנגע האָר, איז עס אַ כָּבוד פאַר איר? וואָרים די האָר זענען איר געגעבן געוואָרן פאַר אַ צודעק. [16] נאָר אויב עמיצער מיינט צו זיין קריגעריש, האָבן מיר ניט אַזאַ מִנהג, און אויך ניט די קהִילות פון גאָט.

[17] בעת אָבער איך גיב אייך דעם דאָזיקן באַפעל, לויב איך אייך ניט, וואָס איר קומט זיך צוזאַמען ניט פונוועגן דעם בעסערן, נייערט פונוועגן דעם ערגערן. [18] וואָרים קודם־כָּל, בעת איר קומט זיך צוזאַמען אין דער קהִילה, הער איך, אַז מַחלוֹקֶותן זענען פאַראַן צווישן אייך; און טײַלווייז גלויב איך עס. [19] וואָרים סע מוזן אויך זיין כִּיתות צווישן אייך, כּדי די, וואָס זענען באַגלייבט צווישן אייך, זאָלן קענען אַנטפּלעקט ווערן. [20] בכֵן, בעת איר קומט זיך צוזאַמען, איז עס ניט מעגלעך צו עסן דעם

האַרס סעודה; [21]ווײַל בעת אײער עסן נעמט יעדער אײנער פריער פאַר אַנדערע זײַן אײגענע מאָלצײַט; און אײנער איז הונגעריק, און אַן אַנדערער איז שיכּור. [22]וואָס? צי האָט איר ניט קײן הײַזער, צו עסן און צו טרינקען אין זײ? אָדער צי זענט איר מבֿזה די עֵדה פֿון גאָט, און זענט מבֿײַש די, וואָס האָבן גאָרניט? וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? זאָל איך אײַך לויבן? פֿאַר דעם לויב איך אײַך ניט.

[23]וואָרים איך האָב מקבל געווען פֿון דעם האַר דאָס, וואָס איך האָב אויך צו אײַך איבערגעגעבן, אַז דער האַר ישוע האָט אין דער נאַכט, אין וועלכער ער איז פֿאַרראַטן געוואָרן, גענומען אַ מַצה, [24]און נאָכדעם ווי ער האָט אַ בּרָכה געמאַכט, האָט ער זי צעבּראָכן, און געזאָגט: דאָס איז מײַן לײַב, וואָס ווערט צעבּראָכן פֿון אײַערטוועגן; טוט דאָס אין מײַן אָנדענק. [25]און אויך אַזאַ אופֿן אויך דעם כּוס, נאָך דער סעודה, אַזוי צו זאָגן: דער דאָזיקער כּוס איז דער נײַער בונד אין מײַן בלוט; טוט דאָס, כּל־זמן איר טרינקט אים, אין מײַן אָנדענק. [26]וואָרים כּל־זמן איר עסט די מַצה, און טרינקט דעם כּוס, טוט איר אָנזאָגן דעם האַרס טויט, ביז ער קומט.

[27]בּכן, ווער סע וועט עסן די מַצה, און טרינקען דעם כּוס פֿון דעם האַר אויף אַן אומווערדיקן אופֿן, וועט זיך פֿאַרשולדיקן קעגן דעם לײַב און דעם בלוט פֿון דעם האַר. [28]נאָר לאָז אַ מענטש זיך אַלײן אויספּרוּוון, און דערנאָך זאָל ער עסן פֿון דער מַצה און טרינקען פֿון דעם כּוס. [29]וואָרים דער, וואָס טוט עסן און טרינקען, עסט און טרינקט אַ פּסַק אויף זיך אַלײן, אויב ער מאַכט ניט קײן חילוק צווישן דעם לײַב פֿון דעם האַר. [30]איבערדעם זענען אַ סך פֿון צווישן אײַך שוואַך און קראַנק, און ניט װיניק שלאָפֿן אײַן. [31]אויב אָבער מיר טוען זיך אַלײן פּרוּוון, וועלן מיר ניט געמִשפּט ווערן; [32]און ווערן מיר שוין געמִשפּט, ווערן מיר געשטראָפֿט פֿון דעם האַר, כּדי מיר זאָלן ניט פֿאַרמִשפּט ווערן מיט דער וועלט. [33]בּכן, מײַנע ברידער, בעת איר קומט זיך צוזאַמען צו עסן, וואַרט אײנער אויף דעם אַנדערן. [34]און אויב עמיצער איז הונגעריק, זאָל ער עסן אין דער הײם, כּדי אײַער צונויפֿקומען זיך זאָל ניט ווערן קײן פֿאַרשולדיקונג. און דאָס איבעריקע וועל איך מתקן זײַן, ווען איך וועל קומען.

יב און בנוגע גײַסטיקע מַתָּנות, ברידער, וואָלט איך ניט וועלן פֿאַרהוילן פֿון אײַך קיין שום זאַך. [2] איר ווייסט, אַז בעת איר זענט געווען געצנדינער, האָט איר זיך געלאָזט פֿירן צו יענע שטומע אָפּגעטער, וויאַזוי נאָר מע האָט אײַך געפֿירט. [3] בכֵן, בין איך אײַך מודיע, אַז קיינער, וואָס רעדט דורך דעם גייסט פֿון גאָט, זאָגט: יֵשוּע זאָל זײַן פֿאַרשאָלטן! און קיינער קאָן ניט זאָגן: יֵשוּע איז האַר, סײַדן דורך דעם רוח־הַקודֶש.

[4] און סע זענען פֿאַראַן פֿאַרשידענע מַתָּנות, אָבער דער זעלבער גייסט; [5] און סע זענען פֿאַראַן פֿאַרשידענע עֲבודות, אָבער דער זעלבער האַר; [6] און סע זענען פֿאַראַן פֿאַרשידענע אַרבעטן, אָבער דער זעלבער גאָט, וואָס ווירקט אין אַלצדינג אין אַלעמען. [7] נאָר יעדן איינעם איז געגעבן געוואָרן די אַנטפּלעקונג פֿון דעם גייסט מיט דעם נוצן. [8] וואָרים איינעם איז געגעבן געוואָרן דורך דעם גייסט דאָס וואָרט פֿון חָכמה, און אַן אַנדערן דאָס וואָרט פֿון וויסן, לויט דעם זעלבן גייסט; [9] אַן אַנדערן אֱמונה, דורך דעם זעלבן גייסט, און אַן אַנדערן מַתָּנות פֿון היילן דורך דעם איינעם גייסט, [10] אַן אַנדערן צו טאָן וואונדער, און צו אַן אַנדערן נבואה, און אַן אַנדערן צו אונטערשיידן גײַסטער, אַן אַנדערן פֿאַרשידענע מִינים לשונות, און אַן אַנדערן דאָס פֿאַרטײַטשן פֿון לשונות. [11] אָבער דאָס אַלץ טוט ווירקן דער איינער און דער זעלבער גייסט, וואָס פֿאַרטיילט יעדן איינעם באַזונדער אַזויווי ער וויל.

[12] וואָרים אַזויווי דער גוף איז איינער, און האָט אַ סך אֵברים, און די אַלע אֵברים פֿון דעם גוף, הַגַם זיי זענען אַ סך, זענען איין גוף, אַזוי איז אויך מָשיחַ. [13] וואָרים דורך איין גייסט זענען מיר אַלע געטובלט געוואָרן אין איין גוף, סײַ ייִד אָדער גריך, סײַ קנעכט אָדער פֿרײַ; און זענען אַלע אָנגעטרונקען געוואָרן מיט איין גייסט.

[14] וואָרים דער גוף איז ניט איין אֵבר, נייערט אַ סך. [15] אויב דער פֿוס זאָל זאָגן: ווײַל איך בין ניט די האַנט, געהער איך ניט צום גוף, געהערט ער דעריבער ניט צום גוף? [16] און אויב דאָס אויער זאָל זאָגן: ווײַל איך בין ניט דאָס אויג, געהער איך ניט צום גוף, געהערט עס דעריבער ניט צום גוף? [17] אויב דער גאַנצער גוף וואָלט געווען אַן אויג, וואו וואָלט געווען דאָס געהער? און אויב ער וואָלט אינגאַנצן געווען געהער, וואו וואָלט געווען דער חוש־הָרֵיחַ? [18] איצט אָבער האָט גאָט

געשטעלט די אֵברים, יעדן איינעם פון זיי אין דעם גוף, אַזויווי אים איז ווױלגעפעלן געוואָרן.

[19] און אויב זיי וואָלטן אַלע געווען איין אֵבר, וואו וואָלט געווען דער גוף? [20] אַזוי אָבער זענען זיי אַ סך אֵברים, נאָר איין גוף. [21] און דאָס אויג קען ניט זאָגן צו דער האַנט: איך נייטיק מיך ניט אין דיר, אָדער דער קאָפּ צו די פיס: איך נייטיק מיך ניט אין אייך. [22] נייערט להיפּך, יענע אֵברים פון דעם גוף, וואָס זעען אויס צו זיין שוואַכער, זענען נייטיק. [23] און יענע טיילן פון דעם גוף, וואָס מיר מיינען, זיי זענען ווייניקער חָשוב, די דאָזיקע באַשענקען מיר מיט אַ סך מער כָּבוד; און אונדזערע מיאוסע טיילן האָבן אַ סך מער ליבלעכקייט, [24] בעת אונדזערע ליבלעכע טיילן נייטיקן זיך ניט דערין. אָבער גאָט האָט דעם גוף אַזוי צונויפגעשטעלט, און געגעבן מער כָּבוד יענעם טייל, וואָס איז געווען געמינערט, [25] כּדי סע זאָל ניט זיין קיין מַחלוקה אין דעם גוף, נייערט, אַז די אֵברים זאָלן טראָגן די זעלבע זאָרג איינער פאַר דעם אַנדערן. [26] און אויב איין אֵבר טוט ליידן, ליידן מיט אים מיט אַלע אֵברים; אָדער ווערט איין אֵבר געאַכפּערט, אַזוי פרייען זיך מיט אים אַלע אֵברים.

[27] אָבער איר זענט דער גוף פון מָשיחַן, און באַזונדערע אֵברים פון אים. [28] און גאָט האָט טייל אויפגעשטעלט אין דער קהילה, ערשטנס שלִיחים, צווייטנס נבִיאים, דריטנס לערער, דערנאָך פאַר מופתים, דערנאָך מַתָּנות פון רפואות, העלפערס, פאַרוואַלטונגען, פאַרשידענע מִינים פון לשונות. [29] צי זענען אַלע שלִיחים? זענען אַלע נבִיאים? זענען אַלע לערער? באַווייַזן אַלע מופתים? [30] האָבן אַלע מַתָּנות פון רפואות? צי רעדן אַלע מיט לשונות? טוען אַלע פאַרטייַטשן? [31] באַגערט אָבער פלייסיק די גרעסערע מַתָּנות. און אויסערדעם וועל איך אייך אָן אַ זייער אויסגעצייכנטן וועג.

יג אויב איך זאָל רעדן מיט לשונות פון מענטשן און פון מַלאָכים, און האָב ניט קיין ליבשאַפט, בין איך געוואָרן ווי קלינגענדיק מעש, אָדער אַ שאַלנדיקער צימבל. [2] און אויב איך האָב די מַתָּנה פון נבואה, און ווייס אַלע סודות און אַלע חָכמות, און אויב איך זאָל האָבן די גאַנצע אֱמונה, אַזוי, אַז איך זאָל קענען איבערשטעלן בערג, און האָב ניט קיין ליבשאַפט, בין איך גאָרנישט. [3] און אויב איך שענק אַוועק מיין גאַנץ

פאַרמעגן, און גיב מיין לײַב פאַרברענט צו ווערן, און האָב ניט קיין ליבשאַפט, טוט עס מיר גאָרניט נוצן.

[4]ליבשאַפט טראָגט איבער אַ סך, און איז גוט; ליבשאַפט טוט ניט מקנא זיין; ליבשאַפט טוט זיך ניט רימען אַליין, און איז ניט אויפגעבלאָזן. [5]זי באַנעמט זיך ניט געמיין, זי זוכט ניט דאָס איריקע, זי דערצערנט זיך ניט, טראַכט ניט קיין בייז, [6]זי פרייט זיך ניט אין קיין עַוולה, נייערט פרייט זיך מיט דעם אמת. [7]אַלצדינג פאַרטראָגט זי, אַלצדינג גלויבט זי, אַלצדינג האָפט זי, אַלצדינג טראָגט זי איבער.

[8]ליבשאַפט וועט קיינמאָל ניט אויפהערן. אויב אָבער סע זענען פאַראַן נבֿואות, וועלן זיי אָפּגעטאָן ווערן; אויב לשונות, וועלן זיי בָטֵל ווערן; אויב חָכמה, וועט זי אָפּגעטאָן ווערן. [9]וואָרים מיר וויסן טיילווײַז, און מיר זאָגן נבֿיאות טיילווײַז; [10]אָבער ווען דאָס שלֵימותדיקע וועט קומען, וועט דאָס, וואָס איז טיילווײַז, אָפּגעטאָן ווערן.

[11]ווען איך בין געווען אַ קינד, האָב איך גערעדט ווי אַ קינד, האָב געפילט ווי אַ קינד, האָב געטראַכט ווי אַ קינד; איצט, אַז איך בין געוואָרן אַ מאַן, האָב איך אַוועקגעלייגט די קינדישע זאַכן. [12]וואָרים אַצינד זעען מיר אין אַ שפיגל, טונקל; דעמאָלט אָבער פָּנים אֶל־פָּנים. אַצינד פאַרשטיי איך טיילווײַז, דעמאָלט וועל איך פאַרשטיין אינגאַנצן, אַזויווי איך בין אויך אינגאַנצן פאַרשטאַנען געוואָרן. [13]און אַצינד פאַרבלײַבט אֱמונה, האָפענונג, ליבשאַפט, די דאָזיקע דריי; און דאָס גרעסטע פון זיי איז ליבשאַפט.

יד יאָגט זיך נאָך ליבשאַפט, און באַגערט פלייסיק גײַסטיקע מַתָּנות; בעסער אָבער, אַז איר זאָלט קענען נבֿיאות זאָגן. [2]וואָרים דער, וואָס רעדט אין אַ לָשון, טוט ניט רעדן צו מענטשן, נייערט צו גאָט; וואָרים קיינער פאַרשטייט אים ניט, און ער טוט רעדן סודות אין דעם גייסט. [3]אָבער דער, וואָס זאָגט נבֿיאות, טוט רעדן צו מענטשן פאַר זייער אויפּ־בויאונג, און מוסר, און טרייסט. [4]דער, וואָס רעדט אין אַ לָשון, בויט זיך אַליין אויף; אָבער דער, וואָס זאָגט נבֿיאות, בויט אויף די קהִילה. [5]און איך וואָלט וועלן, אַז איר זאָלט אַלע רעדן אין לשונות; בעסער אָבער, אַז איר זאָלט נבֿיאות זאָגן. און גרעסער איז דער, וואָס זאָגט נבֿיאות, איידער דער, וואָס טוט רעדן אין לשונות, סיידן ער פאַרטײַטשט, כּדי אויפצובויען די קהִילה.

[6]און אַצינד, ברידער, אויב איך זאָל צו אייך קומען און רעדן אין לשונות, וואָס וועל איך אייך נוצן, אויב איך וועל ניט רעדן צו אייך דורך דעם אופן פון אַנטפּלעקונג, אָדער פון חָכמה, אָדער פון נבואה, אָדער פון לערנונג? [7]אַפילו ניט־לעבעדיקע זאַכן, וואָס גיבן אַרויס אַ קלאַנג, צי אַ פלייַט, אָדער אַ האַרף, אויב זיי גיבן ניט אַרויס קיין חילוק אין די קלאַנגען, וויאַזוי וועט מען וויסן וואָס סע ווערט געשפּילט אויף דער פלייַט, אָדער אויף דער האַרף? [8]וואָרים אויב דער טרומייַט גיט אַרויס אַן אומבאַשטימטן קלאַנג, ווער וועט זיך גרייטן צו מִלחָמה? [9]אַזוי אויך מיט אייך, אויב איר וועט ניט מיט דער צונג אַרויסרעדן פאַרשטענדיקע רייד, וויאַזוי וועט מען וויסן, וואָס סע ווערט גערעדט? וואָרים איר וועט רעדן אין דער לופט אַריין. [10]עס זענען אַוודאי פאַראַן אַ סך מִינים לשונות אין דער וועלט, און קיין איינע פון זיי איז ניט אָן אַ זין. [11]בכֵן, אויב איך פאַרשטיי ניט די באַדייטונג פון דעם לָשון, וועל איך זיין פאַר דעם, וואָס טוט רעדן, אַ פרעמדער; און דער, וואָס טוט רעדן, וועט זיין פאַר מיר אַ פרעמדער. [12]אַזוי אויך מיט אייך; הֱיות איר זענט אייפעריק אין גייסטיקע מַתָּנות, זוכט אַז איר זאָלט מַצליחַ זיין אין דעם אויפבויען פון דער קהִלה.

[13]דעריבער, זאָל דער, וואָס טוט רעדן אין אַ לָשון, מִתפַּלֵל זיין, אַז ער זאָל קענען פאַרטייַטשן. [14]וואָרים אויב איך בין מִתפַּלֵל אין אַ לָשון, איז מיין גייסט מִתפַּלֵל; מיין פאַרשטאַנד אָבער איז אומפרוכפּערדיק. [15]בכֵן, וואָס מיינט עס? איך וועל מִתפַּלֵל זיין מיט דעם גייסט, און איך וועל אויך מִתפַּלֵל זיין מיט דעם פאַרשטאַנד; איך וועל זינגען מיט דעם גייסט, און איך וועל אויך זינגען מיט דעם פאַרשטאַנד. [16]וואָרים אויב דו מאַכסט אַ בּרָכה מיט דעם גייסט, וויאַזוי וועט דער, וואָס פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון דעם עַם־האָרץ, נאָכזאָגן אָמֵן ביי דיין מאַכן די בּרָכה, ווען ער פאַרשטייט ניט וואָס דו זאָגסט? [17]וואָרים דו מאַכסט טאַקע די בּרָכה ריכטיק, אָבער דער אַנדערער איז ניט באַלערנט. [18]איך דאַנק גאָט, וואָס איך רעד אין לשונות מער ווי איר אַלע. [19]דאָך אין דער קהִילה וואָלט איך ליבערשט וועלן רעדן פינף ווערטער מיט מיין פאַרשטאַנד, כּדי איך זאָל אויך אַנדערע לערנען, איידער צען טויזנט ווערטער אין אַ לָשון.

[20]ברידער, זייט ניט קיין קינדער אין פאַרשטאַנד; דאָך אין שלעכטס זייט עופעלעך, אָבער אין פאַרשטאַנד זייט מענטשן. [21]אין דער תּורה שטייט

געשריבן: דורך מענטשן מיט פֿרעמדע לשונות און דורך פֿרעמדע לעפּצן
וועל איך רעדן צו דעם דאָזיקן פֿאָלק; און אַפֿילו אַזוי וועלן זיי מיך ניט
הערן, זאָגט גאָט[א]. [22]בכן, זענען לשונות פֿאַר אַ צייכן, ניט פֿאַר די, וואָס
גלויבן, נייערט פֿאַר די אומגלויביקע; בעת נבֿיאות־זאָגן איז ניט פֿאַר די
אומגלויביקע, נייערט פֿאַר די, וואָס גלויבן. [23]בכן, אויב די גאַנצע קהילה
זאָל זיך צונויפֿקומען אינאיינעם, און אַלע זאָלן רעדן אין לשונות, און סע
קומען אַריין מענטשן עמי־הארצים, אָדער אומגלויביקע, צי וועלן זיי ניט
זאָגן, אַז איר זענט משוגע? [24]אויב אָבער אַלע זאָלן נבֿיאות־זאָגן, און
סע קומט אַריין אַן אומגלויביקער, אָדער אַן עם־הארץ, וועט ער געמוסרט
ווערן דורך אַלע, און געמשפּט ווערן דורך אַלע; [25]און די פֿאַרבאָרגענישן
פֿון זיין האַרץ וועלן אַנטפּלעקט ווערן; און ער וועט פֿאַלן אויף זיין פּנים
און דינען גאָט, און מודה זיין, אַז גאָט איז באמת צווישן אייך.
[26]וואָס מיינט עס דעריבער, ברידער? בעת איר קומט זיך צוזאַמען,
האָט יעדער איינער אַ מזמור־, אַ לערנונג, אַן אַנטפּלעקונג, אַ לשון, אַ
פֿאַרטייטשונג. זאָל אַלצדינג געטאָן ווערן פֿאַר אַ באַלערנונג. [27]אויב
עמיצער טוט רעדן אין אַ לשון, זאָל עס זיין דורך צוויי, אָדער העכסטנס
דריי, און איינער נאָך דעם אַנדערן, און איינער זאָל פֿאַרטייטשן. [28]אויב
אָבער עס איז ניטאָ קיין פֿאַרטייטשער, זאָל מען שווייגן אין דער קהילה,
און רעדן פֿאַר זיך אַליין און צו גאָט. [29]זאָלן צוויי אָדער דריי נבֿיאים
רעדן, און לאָזן די אַנדערע משפּטן. [30]אויב אָבער אַן אַנטפּלעקונג וועט
קומען אויף אַן אַנדערן, וואָס זיצט דערביי, זאָל דער ערשטער שווייגן.
[31]וואָרים איר אַלע קענט נבֿיאות־זאָגן איינער נאָך דעם אַנדערן, כּדי אַלע
זאָלן לערנען, און אַלע זאָלן זיין געטרייסט. [32]און די גייסטער פֿון די
נבֿיאים זענען אונטערטעניק צו די נבֿיאים. [33]וואָרים גאָט איז ניט קיין גאָט
פֿון אומאָרדענונג, נייערט פֿון שלום.

[34]ווי אין אַלע קהילות פֿון די הייליקע, זאָלן די ווייבער אויך שווייגן
אין די קהילות; וואָרים זיי האָבן ניט קיין רשות צו רעדן, נייערט צו זיין
אונטערטעניק, ווי סע זאָגט אויך די תּורה[ב]. [35]און אויב זיי ווילן עפּעס
לערנען, זאָלן זיי פֿרעגן אין דער היים זייערע אייגענע מענער. וואָרים
עס איז אַ חרפּה פֿאַר אַ ווייב צו רעדן צווישן קהל. [36]וואָס? צי איז דאָס

א דברים כח, 49; ישעיה כח, 11, 12.     ב בראשית ג, 16.

וואָרט פֿון גאָט פֿון אײַך אַרויסגעגאַנגען, אָדער איז עס פֿאַר אײַך אַליין געקומען?

37 אויב עמיצער מיינט, ער איז אַ נָבֿיא, אָדער אַ באַגײַסטערטער, זאָל ער פֿאַרשטיין, אַז דאָס, וואָס איך שרייב צו אײַך, איז אַ געבאָט פֿון דעם האַר. 38 אויב עמיצער וויל עס ניט וויסן, זאָל ער עס ניט וויסן. 39 בכֵן, מײַנע ברידער, באַגערט נבֿיאות צו זאָגן, און פֿאַרווערט ניט צו רעדן אין לשונות. 40 נאָר זאָל אַלצדינג געטאָן ווערן אָנשטענדיק און מיט אַ סֵדר.

טו און איך טו אײַך דערמאָנען, ברידער, די בשׂורה, וואָס איך האָב אײַך אָנגעזאָגט, און וואָס איר האָט אויך מקַבל געווען, און אין וועלכער איר שטייט, 2 דורך וועלכער איר ווערט אויך געראַטעוועט, אויב איר וועט האַלטן דאָס וואָרט, וואָס איך האָב אײַך אָנגעזאָגט – סײַדן איר האָט געגלויבט אומזיסט.

3 וואָרים איך האָב אײַך קודם־כּל איבערגעענטפֿערט דאָס, וואָס אויך איך האָב מקַבל געווען: אַז מָשיחַ איז געשטאָרבן פֿאַר אונדזערע זינד, לויט ווי סע שטייט געשריבן[א], 4 און אַז ער איז באַגראָבן געוואָרן, און אַז ער איז אויפֿגעשטאַנען דעם דריטן טאָג, לויט ווי סע שטייט געשריבן[ב], 5 און אַז ער האָט זיך אַנטפּלעקט צו כֵּיפָאן, דערנאָך צו די צוועלף. 6 דערנאָך האָט ער זיך אַנטפּלעקט צו איבער פֿינף הונדערט ברידער מיטאַמאָל, און די מײנסטע פֿון זיי לעבן נאָך, נאָר טייל זענען אַנטשלאָפֿן געוואָרן. 7 דערנאָך האָט ער זיך אַנטפּלעקט צו יַעקבֿן, דערנאָך צו אַלע שליחים. 8 און צום סוף פֿון אַלע, ווי צו דעם מַפּיל, האָט ער זיך אויך אַנטפּלעקט צו מיר. 9 וואָרים איך בין דער מינדסטער פֿון די שליחים, וואָס בין ניט רָאוי גערופֿן צו ווערן אַ שליח, מחמת איך האָב גערודפֿט די קהילה פֿון גאָט. 10 אָבער דורך דעם חֶסד פֿון גאָט בין איך, וואָס איך בין; און זײַן חֶסד לגַבּי מיר איז ניט געווען אומזיסט, נײַערט איך האָב מיך געמיט אַ סך מער ווי זיי אַלע; דאָך ניט איך, נײַערט דער חֶסד פֿון גאָט, וואָס איז געווען מיט מיר. 11 בכֵן, צי דאָס איז איך, אָדער זיי, אַזוי דרשענען מיר, און אַזוי האָט איר געגלויבט.

12 דעריבער, אויב פֿונוועגן דעם מָשיחַ ווערט געדרשנט, אַז ער איז

א ישעיה נג, 5—12. ב תהלים טז, 10.

אויפגעשטאַנען תּחִיַת־הַמֵתים, וויאַזוי זאָגן טייל צווישן אייך, אַז ס'איז גאָר ניטאָ קיין תּחִיַת־הַמֵתים? [13] און אויב עס איז ניטאָ קיין תּחִיַת־הַמֵתים, איז אויך מָשִׁיחַ ניט אויפגעשטאַנען. [14] און אויב מָשִׁיחַ איז ניט אויפגעשטאַנען, דעמאָלט איז אונדזער דַרשענען אומזיסט, און אייער אֱמוּנה איז אויך אומזיסט. [15] און אויך מיר זענען פאַלשע עֵדוּת פון גאָט, מַחמת מיר האָבן עֵדוּת געזאָגט פונוועגן גאָט, אַז ער האָט אויפגעוועקט מָשִׁיחַן, וועמען ער האָט ניט אויפגעוועקט, אויב ס'איז אֱמת, אַז די טויטע וועלן ניט אויפשטיין. [16] וואָרים אויב די טויטע ווערן ניט אויפגעוועקט, איז מָשִׁיחַ ניט אויפגעשטאַנען; [17] און אויב מָשִׁיחַ איז ניט אויפגעשטאַנען, איז אייער אֱמוּנה אומזיסט, און איר זענט נאָך אין אייערע זינד. [18] דעמאָלט זענען אויך די, וואָס זענען אַנטשלאָפן געוואָרן אין מָשִׁיחַן, פאַרלוירענע. [19] אויב מיר האָבן נאָר אין דעם דאָזיקן לעבן געהאָפט אויף מָשִׁיחַן, זענען מיר מער צום באַדויערן פון אַלע מענטשן.

[20] איצט אָבער איז מָשִׁיחַ אויפגעשטאַנען פון די טויטע, דער ערשטער פון די אַנטשלאָפענע. [21] וואָרים אַזוי ווי דורך אַ מענטשן איז געקומען דער טויט, אַזוי איז אויך דורך אַ מענטשן געקומען תּחִיַת־הַמֵתים. [22] וואָרים ווי אין אָדָמען שטאַרבן אַלע, אַזוי אויך אין מָשִׁיחַן וועלן אַלע לעבעדיק ווערן. [23] נאָר יעדער אין זיין אייגענעם סֵדר: קודם־כָּל מָשִׁיחַ, דער ערשטער, דערנאָך די, וואָס געהערן מָשִׁיחַן ביי זיין קומען. [24] דערנאָך קומט דער קֵץ, בעת ער וועט איבערענטפערן דאָס מַלכות צו גאָט, דעם פאָטער, נאָכדעם ווי ער וועט האָבן אָפּגעשאַפט יעדע מֶמשָׁלה און יעדע געוועלטיקונג און מאַכט. [25] וואָרים ער מוז קיניגן, ביז ער וועט האָבן געלייגט אַלע זיינע פיינט אונטער זיינע פיס. [26] דעם לעצטן שׂונא, וואָס ער וועט אומברענגען, איז דער טויט. [27] וואָרים אַלצדינג האָט ער אונטערטעניק געמאַכט אונטער זיינע פיס. און ווען ער זאָגט: אַלצדינג איז אונטערטעניק אונטער אים, איז קלאָר, אַז אַחוץ דעם, וואָס האָט אַלצדינג אונטערטעניק געמאַכט אונטער אים. [28] און ווען אַלצדינג וועט זיין אים אונטערטעניק, דעמאָלט וועט אויך דער זון אַליין ווערן אונטערטעניק אונטער אים, וואָס האָט אונטערטעניק געמאַכט אַלצדינג אונטער אים, כּדי גאָט זאָל זיין אַלץ אין אַלעמען.

[29] אויב ניט, וואָס זאָלן טאָן די, וואָס ווערן געטובֿלט פונוועגן די טויטע? אויב די טויטע וועלן בִּכלָל ניט אויפשטיין, צו וואָס זאָל מען

זיך נאָך טובלען פונוועגן זיי? [30] פאַרוואָס שטעלן מיר זיך אויך אין סכּנה יעדע שעה? [31] טעגלעך שטאַרב איך, איך פאַרזיכער אייך דורך מיין רימען זיך אין אייך, ברידער, וואָס איך האָב אין ישוע המשיח, אונדזער האַר. [32] אויב איך האָב געקעמפט מיט ווילדע חיות אין עפעזוס לויט דעם שטייגער פון מענטשן, וואָס קומט מיר אַרויס דערפון? אויב די טויטע טוען ניט אויפשטיין, לאָמיר עסן און טרינקען, וואָרים מאָרגן שטאַרבן מיר. [33] זייט ניט גענאַרט; שלעכטע חברותא פאַרדאַרבן גוטע מידות. [34] ווערט ווידער ניכטערן, ווי סע געהער צו זיין, און זינדיקט ניט; וואָרים טייל האָבן ניט קיין קענטעניש פון גאָט. צו אייער שאַנד מוז איך דאָס זאָגן.

[35] אָבער עמיצער וועט זאָגן: וויאַזוי ווערן די טויטע אויפשטיין? און מיט וואָסער מין לייַב טוען זיי קומען? [36] דו נאַר איינער! דאָס, וואָס דו אַליין טוסט זייען, ווערט ניט לעבעדיק, סיידן סע שטאַרבט. [37] און דאָס, וואָס דו טוסט זייען, זייסטו ניט דעם לייַב, וואָס דאַרף זיין, נייערט אַ פּשוט קערנדל, סע קאָן זיין פון ווייץ, אָדער פון עפּעס אַן אַנדער מין. [38] גאָט אָבער גיט אים אַ גוף אַזויווי אים ווערט וואוילגעפעלן, און פאַר יעדן קערן אַ לייַב פון זיין מין. [39] ניט יעדעס פלייש איז דאָס זעלבע פלייש; נייערט אַנדערש איז דאָס פלייש פון מענטשן, און אַנדערש דאָס פלייש פון בהמות, און אַנדערש דאָס פלייש פון פייגל, און אַנדערש פון פיש. [40] עס זענען אויך פאַראַן הימלישע קערפּערס, און קערפּערס ערדישע; אָבער די הערלעכקייט פון די הימלישע איז איינס, און די הערלעכקייט פון די ערדישע איז אַן אַנדערע. [41] עס איז פאַראַן אַ הערלעכקייט פון דער זון, און אַן אַנדער הערלעכקייט פון דער לבנה, און אַן אַנדער הערלעכקייט פון די שטערן; וואָרים איין שטערן אונטערשיידט זיך פון אַן אַנדער שטערן אין הערלעכקייט.

[42] אַזוי איז אויך מיט תּחית־המתים. עס ווערט געזייט אין פאַרדאַרב־לעכקייט, עס שטייט אויף אין אומפאַרדאַרבלעכקייט; [43] עס ווערט געזייט אין אומכּבֿוד, עס שטייט אויף אין כּבֿוד; עס ווערט געזייט אין שוואַכקייט, עס שטייט אויף אין שטאַרקייט; [44] עס ווערט געזייט אַ נאַטירלעכער לייַב, עס שטייט אויף אַ גייַסטיקער לייַב. אויב עס איז פאַראַן אַ נאַטירלעכער לייַב, איז אויך פאַראַן אַ גייַסטיקער לייַב. [45] און אַזוי שטייט אויך געשריבן: דער ערשטער מענטש, אָדם־הראשון, איז געוואָרן אַ לעבעדיקע זעל, דער

לעצטער אָדָם איז געוואָרן אַ גייסט, וואָס גיט לעבן. [46] דאָך דאָס איז ניט ערשט, וואָס איז גײַסטיק, נייערט דאָס, וואָס איז נאַטירלעך, דערנאָך דאָס, וואָס איז גייסטיק. [47] אָדָם־הָרִאשׁוֹן איז פֿון דער ערד, ערדיש; דער צווייטער מענטש איז פֿון הימל. [48] ווי עס איז דער ערדישער, אַזוינע זענען אויך די, וואָס זענען ערדיש; און ווי עס איז דער הימלישער, אַזוינע זענען אויך די, וואָס זענען הימליש. [49] און אַזױװי מיר האָבן געטראָגן דאָס אָפּבילד פֿון דעם ערדישן, וועלן מיר אויך טראָגן דאָס אָפּבילד פֿון דעם הימלישן. [50] און דאָס זאָג איך, ברידער, אַז בָשׂר־וָדָם קאָן ניט יַרשענען דאָס מַלכות פֿון גאָט; אויך טוט פֿאַרדאַרבלעכקייט ניט יַרשענען אומפֿאַרדאַרבלעכקייט.

[51] זעט, איך בין אייך מְגַלה אַ סוֹד: מיר אַלע וועלן ניט אַנטשלאָפֿן ווערן, נייערט מיר וועלן אַלע פֿאַרענדערט ווערן, [52] אין אַ רֶגע, אין אַ הֶרֶף־עַיִן, ביי דעם לעצטן שוֹפֿר־בלאָז; וואָרים דער שוֹפֿר וועט שאַלן, און די טויטע וועלן אויפֿשטיין אומפֿאַרדאַרבלעך, און מיר וועלן פֿאַר־ענדערט ווערן. [53] וואָרים דאָס דאָזיקע פֿאַרדאַרבלעכע מוז זיך אָנטאָן אומפֿאַרדאַרבלעכקייט, און דאָס דאָזיקע שטאַרבלעכע מוז זיך אָנטאָן אין אומשטאַרבלעכקייט. [54] בעת אָבער דאָס דאָזיקע פֿאַרדאַרבלעכע וועט זיך האָבן אָנגעטאָן אין אומפֿאַרדאַרבלעכקייט, און דאָס דאָזיקע שטאַרבלעכע וועט זיך האָבן אָנגעטאָן אין אומשטאַרבלעכקייט, דעמאָלט וועט מקוים ווערן דאָס וואָרט, וואָס סע שטייט געשריבן:

דער טויט איז פֿאַרשלונגען געוואָרן אין נצָחון!
[55] אָ טויט, וואו איז דיין נצָחון?
אָ טויט, וואו איז דיין שטאָך[א]?

[56] דער שטאָך פֿון טויט איז זינד, און דער כּוֹח פֿון זינד איז די תּוֹרה. [57] אָבער געלויבט איז גאָט, וואָס גיט אונדז דעם נצָחון דורך אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ. [58] בכֵן, מיינע באַליבטע ברידער, זייט געשטאַרקט, אומבאַוועגלעך, און זייט זיך תָּמיד עוֹסק אין דעם ווערק פֿון דעם האַר, וואָרים איר ווייסט, אַז אייער מִי איז ניט אומזיסט אין דעם האַר.

טז און בנוֹגע דער זאַמלונג פֿאַר די הייליקע, אַזױװי איך האָב מתַקן געווען פֿאַר די קהִילות פֿון גאַלאַטיע, אַזוי זאָלט איר אויך טאָן. [2] אין

א ישעיה כה, 8; הוֹשע יג, 14.

דעם ערשטן טאָג פֿון דער וואָך זאָל יעדער איינער פֿון אייך אַוועקלייגן אין אַ זייט, לויט זיין מעגלעכקייט, כּדי קיין שום זאַמלונגען זאָלן ניט געמאַכט ווערן בעת איך קום. [3] און אַז איך וועל אָנקומען, וועמען איר וועט געבן הסכּמה, די וועל איך שיקן מיט בריוו, אַוועקצופֿירן אייער געשענק קיין ירושלים. [4] און אויב סע וועט זיך מיר לוינען אויך צו גיין, וועלן זיי גיין מיט מיר.

[5] און איך וועל קומען צו אייך, נאָכדעם ווי איך וועל האָבן דורכגעגאַנגען דורך מאַקעדאָניע. וואָרים איך גיי דורך מאַקעדאָניע; [6] סע קאָן אָבער זיין, אַז איך וועל בײַ אייך פֿאַרבלײַבן, אָדער אַפֿילו ווינטערן, כּדי איר זאָלט מיך אַרויסבאַגלייטן אויף מיין נסיעה, וואוהין נאָר איך וועל גיין. [7] וואָרים איך וואָלט ניט וועלן אייך זען אַצינד אין פֿאַרבייגיין; וואָרים איך פֿאַרהאָף צו פֿאַרבלײַבן אַביסל מיט אייך, אויב דער האַר וועט באַוויליקן. [8] איך וועל אָבער פֿאַרבלײַבן אין עפֿעזוס ביז שבועות; [9] וואָרים אַ גרויסע טיר און אַ סך אַרבעט איז געעפֿנט געוואָרן פֿאַר מיר, און סע זענען פֿאַראַן אַ סך קעגנער.

[10] און אויב טימאָטעאוס וועט קומען, זעט, אַז ער זאָל זיין מיט אייך אָן מורא; וואָרים ער טוט די אַרבעט פֿון גאָט, אַזוי ווי איך. [11] זאָל אים דעריבער קיינער ניט מבֿזה זיין, נייערט באַגלייט אים אַרויס אויף זיין נסיעה בשלום, כּדי ער זאָל צו מיר קומען, וואָרים איך וואַרט אויף אים מיט די ברידער.

[12] און בנוגע אונדזער ברודער אַפּאָלאָס, האָב איך אים זייער געבעטן צו קומען צו אייך מיט די ברידער; נאָר ער האָט בכלל ניט געוואָלט קומען אַצינד; אָבער ער וועט קומען, ווען ער וועט האָבן אַ געלעגנהייט.

[13] וואַכט, שטייט פֿעסט אין דער אמונה, זייט מענער, זייט שטאַרק! [14] זאָל אַלץ, וואָס איר טוט, געטאָן ווערן אין ליבשאַפֿט.

[15] און איך בעט אייך, ברידער, — איר קענט דאָס הויז פֿון סטעפֿאַנאַסן, אַז ס'איז געווען די ערשטע פּרוכט פֿון אַכאַיאַ, און אַז זיי האָבן זיך געשטעלט צו באַדינען די הייליקע, — [16] אַז אויך איר זאָלט אונטערטעניק זיין צו אַזעלכע, און צו יעדן איינעם, וואָס טוט העלפֿן אין דער אַרבעט און טוט זיך מיִען. [17] און איך פֿריי מיך אויף דעם קומען פֿון סטעפֿאַנאַסן און פֿאָרטונאַטוסן און אַכאַיִקוסן, וואָרים דאָס, וואָס האָט געפֿעלט פֿון אייער

צַד, האָבן זיי ממַלא געווען. [18] וואָרים זיי האָבן דערקוויקט מיין גייסט און אייערן. גיט אָפּ אָנערקענונג צו אַזעלכע מענטשן.

[19] די קהִילות פון אַזיע גריסן אייך. עקִילַס און פּריסקאַ גריסן אייך זייער אין דעם האַר, און אויך די קהִילה, וואָס איז אין זייער הויז. [20] אַלע ברידער גריסן אייך. גריסט איינער דעם אַנדערן מיט אַ הייליקן קוש.

[21] פון מיר, פּאָולוס, אַ גרוס מיט מיין אייגענער האַנט. [22] אויב עמיצער טוט ניט ליב האָבן דעם האַר, זאָל ער זיין אין חֵרֶם. מָרַן אֲתָא! [23] דער חֶסֶד פון דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ זאָל זיין מיט אייך. [24] מיין ליבשאַפט זאָל זיין מיט אייך אַלעמען אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. אָמֵן.



# דער צווייטער בריוו צו די קאָרינטער

א פּאָולוס, אַ שליח פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ דורך דעם רָצון פון גאָט, און טימאָטעאוס, אונדזער ברודער, צו גאָטס קהִילה, וואָס איז אין קאָרינט, און מיט אַלע הייליקע, וואָס זענען אין גאַנץ אַכאַיאַ: [2] חֶסֶד צו אייך און שָלום פון גאָט, אונדזער פּאָטער, און דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.

[3] געלויבט זאָל זיין דער גאָט און פּאָטער פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, דער פּאָטער פון רַחמים און גאָט פון יעדער נחָמה, [4] וואָס טוט אונדז טרייסטן אין אַלע אונדזערע צָרות, כּדי מיר זאָלן קענען טרייסטן די, וואָס זענען אין עפּעס אַ צָרה, דורך דער טרייסט, מיט וועלכער מיר אַליין ווערן געטרייסט פון גאָט. [5] וואָרים אַזוי ווי דיליידן פון מָשיחן

פאַרמערן זיך אויף אונדז, אַזוי אויך טוט זיך פאַרמערן אונדזער טרייסט דורך מָשִיחַן. [6] און ליידן מיר צָרות, איז עס פאַר אייער טרייסט און ישועה; און ווערן מיר געטרייסט, איז עס פאַר אייער טרייסט, וואָס ווירקט אין אייך, בעת איר דערטראָגט געדולדיק די זעלבע ליידן, וואָס מיר טוען אויך ליידן. [7] און אונדזער האָפענונג פונוועגן אייך איז שטאַרק; ווייל מיר ווייסן, אַז אַזויווי איר זענט טיילנעמער אין די ליידן, אַזוי וועט איר אויך זיין אין דער טרייסט.

[8] וואָרים מיר ווילן ניט, אַז איר זאָלט ניט וויסן, ברידער, פונוועגן דער צָרה, וואָס איז אונדז באַפאַלן אין אַזיע, אַז מיר האָבן שווער געליטן איבער אונדזערע כּוחות, אַזוי, אַז מיר האָבן זיך אַפילו מְיָאש געווען אין לעבן. [9] יאָ, מיר אַליין האָבן גענומען אויף זיך דעם פּסַק פון טויט, כּדי מיר זאָלן זיך ניט פאַרלאָזן אויף זיך אַליין, נייערט אויף גאָט, וואָס איז מחַיֵה־מֵתים; [10] וואָס האָט אונדז מַציל געווען פון אַזאַ גרויסן טויט, און וועט אונדז מַציל זיין; אין וועמען מיר האָפן, אַז ער וועט אונדז אויך ווייטער מַציל זיין. [11] און אויך איר קענט מיטהעלפן דורך אייער תּפִילה טאָן, כּדי פאַר דער מַתָּנה, וואָס איז אונדז צוגעטיילט געוואָרן דורך אַ סך, זאָל דורך אַ סַך אָפּגעגעבן ווערן אַ לויב פון אונדזערטוועגן.

[12] וואָרים דאָס איז אונדזער רימען זיך: די באַצייגעניש פון אונדזער געוויסן, אַז מיר האָבן זיך געפירט אין דער וועלט אין הייליקייט און ערנסטקייט פאַר גאָט, ניט אין פליישלעכער חָכמה, נייערט אין דעם חֶסֶד פון גאָט, און בִּפְרַט קעגן אייך. [13] וואָרים מיר שרייבן אייך ניט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר וואָס איר לייענט, אָדער טוט פאַרשטיין; און איך פאַרהאָף, אַז איר וועט עס פאַרשטיין ביז צום סוף, [14] אַזויווי איר האָט אונדז אויך געטאָן טיילווייַז פאַרשטיין, אַז מיר זענען אייער רום, אַזויווי איר זענט אויך אונדזערער, אין דעם טאָג פון אונדזער האַר יֵשוּעַ.

[15] און אין דער האָפענונג האָב איך בַּדֵעה געהאַט צו קומען קודם צו אייך, כּדי איר זאָלט האָבן אַ טאָפּלטע פרייד, [16] און דורכצוגיין דורך אייך קיין מאַקעדאָניע, און פון מאַקעדאָניע ווידער אַמאָל צו קומען צו אייך, און פון אייך צו ווערן אַרויסבאַגלייט אויף מיין וועג קיין יהודה. [17] דעריבער, בעת איך האָב דאָס בַּדֵעה געהאַט, צי האָב איך אַרויסגעוויזן לייַכטזיניקייט? אָדער די זאַכן, וואָס איך פּלאַן, טו איך פּלאַנען לויט

דעם פלייש, כּדי בײַ מיר זאָל זײַן דער יאָ, יאָ, און דער ניין, ניין? [18] נאָר
ווי גאָט איז געטריי, אונדזער וואָרט צו אײַך איז ניט יאָ און ניין. [19] וואָרים
דער בֶּן־אֱלֹהִים, יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וואָס איז צווישן אײַך אָנגעזאָגט געוואָרן
דורך אונדז, דורך מיר און סילוואַנוסן און טימאָטעאוסן, איז ניט געווען יאָ
און ניין, נײַערט אין אים איז תָּמִיד יאָ. [20] וואָרים אַלע הַבטָחות פֿון גאָט
זענען אין אים יאָ; דעריבער איז אויך דורך אים דער אָמֵן צו דעם כָּבוד
פֿון גאָט דורך אונדז. [21] און דער, וואָס גרונטפֿעסטיקט אונדז מיט אײַך אין
מָשִׁיחַן, און האָט אונדז געזאַלבט, איז גאָט, [22] וואָס האָט אונדז פֿאַרחַתמעט,
און אונדז געגעבן די עָרבות פֿון דעם גייסט אין אונדזערע הערצער.

[23] און איך רוף גאָט צום עֵדות פֿאַר מײַן זעל, אַז איך האָב פֿאַרמיטן
צו קומען קיין קאָרינט, כּדי אײַך צו שוינען. [24] ניט, ווײַל מיר האָבן
מֶמשָׁלה איבער אײַער אֱמונה, נײַערט מיר זענען מיטהעלפֿערס פֿון אײַער
שִׂמחה; וואָרים אין אֱמונה שטייט איר פֿעסט.

ב און איך האָב בײַ מיר אַליין געטראַכט, אַז איך וועל ווידער ניט קומען
צו אײַך מיט עַצבות. [2] וואָרים אויב איך בין אײַך מצַער, ווער איז
דאָס דער, וואָס דערפֿרייט מיך, אויב ניט דער, וואָס איז דורך מיר
געקומען צו צַער? [3] און איך האָב טאַקע געשריבן דאָס דאָזיקע, כּדי ווען
איך וועל קומען, זאָל איך ניט האָבן צַער פֿון די, מיט וועמען איך דאַרף
מיך פֿרייען, ווײַל איך בין זיכער אין אײַך אַלע, אַז מײַן פֿרייד איז די
פֿרייד פֿון אײַך אַלע. [4] וואָרים פֿון אַ סך צָרות און האַרץ־קלעמעניש האָב
איך אײַך געשריבן מיט אַ סך טרערן, ניט אײַך מצַער צו זײַן, נײַערט כּדי
איר זאָלט פֿאַרשטיין די ליבשאַפֿט, וואָס איך האָב אַ סך מער פֿאַר אײַך.

[5] נאָר אויב עמיצער האָט פֿאַרשאַפֿט צַער, האָט ער ניט מיר פֿאַרשאַפֿט
צַער, נײַערט טיילווײַז אײַך אַלע — כּדי איך זאָל אײַך ניט צו שווער דריקן.
[6] פֿאַר אַזאַ איינעם איז גענוג די שטראָף פֿון דעם רַבִּים; [7] אַזוי, אַז איר
זאָלט אים, אַדרַבּה, ליבערשט מוחל זײַן און טרייסטן, כּדי ער זאָל ניט
פֿאַרשלונגען ווערן אין זײַן גרויסן צַער. [8] בכֵן, בעט איך אײַך, אַז איר
זאָלט באַווײַזן אײַער ליבשאַפֿט צו אים. [9] וואָרים צוליב דעם האָב איך
טאַקע געשריבן, כּדי איך זאָל פּרוּוון, צי איר זענט געהאָרכזאַם אין
אַלצדינג. [10] און וועמען איר זענט מוחל, בין איך אויך מוחל. וואָרים
וואָס איך האָב מוחל געווען, אויב איך האָב עפּעס מוחל געווען, האָב

איך עס מוחל געווען פון אײַערטוועגן אין דעם אָנגעזיכט פון מָשִׁיחַן, [11] כּדי דער שָׂטָן זאָל ניט קריגן די אויבערהאַנט איבּער אונדז; וואָרים זײַנע טראַכטונגען זענען ניט פאַרהוילן פון אונדז.

[12] און בעת איך בין געקומען קיין טראָאַס פונוועגן דער בשׂורה פון מָשִׁיחַן, און אַ טיר איז פאַר מיר געעפנט געוואָרן אין דעם האַר, [13] האָב איך ניט געהאַט קיין מנוחה אין מײַן געמיט, מַחמת איך האָב ניט געפונען טיטוסן, מײַן ברודער; און ווען איך האָב מיך געזעגנט מיט זײ, בין איך אַוועקגעגאַנגען קיין מאַקעדאָניע.

[14] אָבער געלויבט איז גאָט, וואָס גיט אונדז תָּמיד דעם נצָחון אין מָשִׁיחַן, און וואָס טוט דורך אונדז אַנטפּלעקן דעם רֵיחַ פון זײַן חָכמה אין יעדן אָרט. [15] וואָרים מיר זענען אַ געשמאַקער רֵיחַ פון מָשִׁיחַן פאַר גאָט בײ די, וואָס ווערן ניצול, און בײ די, וואָס ווערן פאַרלוירן: [16] פאַר טייל אַ רֵיחַ פון טויט צום טויט, פאַר די אַנדערע אַ רֵיחַ פון לעבן צום לעבן. און ווער איז ראָוי פאַר די דאָזיקע זאַכן? [17] וואָרים מיר זענען ניט ווי דער רַבּים, וואָס מאַכן אַ מִסחר פון גאָטס וואָרט; נײַערט מיט ריינע כַּוָונות פאַר גאָט רעדן מיר פון גאָט אין מָשִׁיחַן.

ג צי הייבן מיר ווידער אַמאָל־אָן צו לויבן זיך אַליין? אָדער צי באַדאַרפן מיר, ווי סע טוען אַנדערע, לויב־בריוו צו אײַך, אָדער פון אײַך? [2] איר זענט אונדזער בריוו, פאַרשריבן אין אונדזער׳ע הערצער, באַקענט און געלייענט פון אַלע מענטשן; [3] וואָרים עס איז קלאָר צו זען, אַז איר זענט אַ בריוו פון מָשִׁיחַן, צוגעגרייט דורך אונדז, געשריבן ניט מיט קיין טינט, נײַערט מיט דעם גייסט פון דעם לעבעדיקן גאָט, ניט אין לוחות פון שטיין, נײַערט אין לוחות, וואָס זענען הערצער פון פלייש.

[4] און אַזאַ בִּטָחון האָבן מיר דורך מָשִׁיחַן צו גאָט; [5] ניט מַחמת מיר זענען פעאיִק פון זיך אַליין צו באַטראַכטן עפּעס פון אונדז אַליין, נײַערט אונדזער פעאיִקייט איז פון גאָט, [6] וואָס האָט אונדז אויך געמאַכט פאַר פעאיִקע באַדינער פון אַ נײַעם בונד, ניט פון דעם אות, נײַערט פון דעם גייסט; וואָרים דער אות טייט, אָבער דער גייסט מאַכט לעבעדיק.

[7] נאָר אויב די באַדינונג פון טויט, געשריבּן און אויסגעקריצט אויף שטיינער, איז געקומען מיט הערלעכקייט, אַזוי, אַז די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן ניט געקענט קוקן אויף משהס פָּנים פונוועגן דער הערלעכקייט פון זײַן

פָּנים, וואָס זיין הערלעכקייט איז געווען א צײַטווייליקע, [8] וויפל מער דאַרף שוין זיין די הערלעכקייט פון דער באַדינונג פון דעם גייסט? [9] וואָרים אויב די באַדינונג פון פאַרמִשפּטונג האָט געהאַט הערלעכקייט, אַ סך מער שטייגט איבער אין הערלעכקייט די באַדינונג פון רעכטפאַרטיקייט. [10] וואָרים דאָס, וואָס איז געמאַכט געוואָרן הערלעך, איז געמינערט געוואָרן אין הערלעכקייט, צוליב דער הערלעכקייט, וואָס שטייגט זי אַריבער. [11] וואָרים אויב דאָס, וואָס פאַרגייט, איז געווען מיט הערלעכקייט, וויפל מער איז אין הערלעכקייט דאָס, וואָס טוט פאַרבלײַבן.

[12] דעריבער, ווייל מיר האָבן אַזאַ האָפענונג, רעדן מיר מיט אַזאַ מוטיקייט, [13] און ניט אַזויווי משה, וואָס האָט אַרויפגעטאָן אַ צודעק אויף זיין פָּנים, אַז די בני־ישׂראל זאָלן ניט קענען קוקן גלייך אויף דעם סוף פון דעם, וואָס האָט געטאָן פאַרגיין. [14] ווייערע מַחשָבות זענען פאַרהאַרטעוועט געוואָרן; וואָרים ביז אויף דעם היינטיקן טאָג איז דער זעלבער צודעק פאַרבליבן ביים לייענען די תּורה, און ער ווערט ניט אַוועקגענומען, ביז ער ווערט אָפּגעטאָן אין מָשיחַן. [15] יאָ, ביז אויף היינטיקן טאָג, בשַעת סע ווערט געלייענט תּורת־משה, ליגט אַ צודעק אויף זייער האַרץ. [16] אָבער ווען זיי וועלן זיך אומקערן צו דעם האַר, וועט דער צודעק אַוועקגענומען ווערן. [17] און דער האַר איז דער גייסט; און וואו עס איז דער גייסט פון דעם האַר, דאָרט איז פרײַהייט. [18] און מיר אַלע, וואָס זענען מיט ניט קיין צוגעדעקט פָּנים ווי אין אַ שפּיגל די הערלעכקייט פון דעם האַר, ווערן פאַרענדערט אין דער זעלבער ענלעכקייט פון הערלעכקייט צו הערלעכקייט, אַזוי ווי דורך דעם גייסט פון דעם האַר.

ד דעריבער, ווייל מיר האָבן מקַבל געווען די דאָזיקע עֲבוֹדה פון דערבאַרעמדיקייט, ווערן מיר ניט אָפּגעשוואַכט. [2] מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון די פאַרבאָרגענע זאַכן פון בושה, ווייל מיר גייען ניט אין כיטרעקייט, אויך פעלשן מיר ניט דאָס וואָרט פון גאָט, נייערט דורך דער אַנטפּלעקונג פון דעם אֶמת פאַרלויבן מיר זיך פאַר דעם געוויסן פון יעדן מענטשן אין דעם אָנגעזיכט פון גאָט. [3] און אויב אַפילו אונדזער בשׂורה איז פאַרהוילן, איז זי פאַרהוילן ביי יענע, וואָס ווערן פאַרלוירן, [4] ביי וועמען דער גאָט פון ד־ער וועלט האָט פאַרבלענדט די מוחות פון די

אומגלויביקע, כּדי דאָס ליכט פֿון דער בשׂורה פֿון מָשִׁיחַס הערלעכקייט, וואָס איז דאָס אָפּבילד פֿון גאָט, זאָל ניט אויפֿגיין איבער זיי. [5] וואָרים מיר דרשענען ניט זיך אַליין, נייערט יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ פֿאַר דעם האַר, און אונדז אַליין פֿאַר אייערע קנעכט פֿון יֵשוּעַס־וועגן. [6] וואָרים עס איז גאָט, וואָס האָט געזאָגט: זאָל אַרויסשײַנען ליכט פֿון פֿינצטערניש, וואָס האָט אַרײַנגעלויכטן אין אונדזערע הערצער, כּדי צו געבן ליכט פֿון דער דערקענטעניש פֿון גאָטס הערלעכקייט אין דעם פּנים פֿון מָשִׁיחַן.

[7] מיר אָבער האָבן דעם דאָזיקן אוֹצר אין ערדענע כֵּלִים, כּדי די אויסערגעוויינלעכע גרויסקייט פֿון דער מאַכט זאָל זײַן פֿון גאָט און ניט פֿון אונדז אַליין. [8] מיר ווערן געדריקט אויף יעדער זייט, דאָך ניט דערדריקט; צעמישט, דאָך ניט ביז ייִאוש; [9] גערודפֿט, דאָך ניט פֿאַרלאָזט; אַנידערגעוואָרפֿן, דאָך ניט אומגעבראַכט; [10] מיר טראָגן באַשטענדיק אַרום אין דעם לײַב דאָס שטאַרבן פֿון יֵשוּעַן, כּדי אויך דאָס לעבן פֿון יֵשוּעַן זאָל אַנטפּלעקט ווערן אין אונדזער לײַב. [11] וואָרים מיר, וואָס לעבן, זענען תָּמיד איבערגעענטפֿערט צום טויט פֿון יֵשוּעַס־וועגן, כּדי אויך דאָס לעבן פֿון יֵשוּעַן זאָל אַנטפּלעקט ווערן אין אונדזער שטאַרבלעכן לײַב. [12] און דעריבער טוט דער טויט ווירקן אין אונדז, אָבער דאָס לעבן אין אייך.

[13] און ווייל מיר האָבן דעם זעלבן גייסט פֿון אֱמוּנה, לויט ווי סע שטייט געשריבן: איך האָב געגלויבט, דערפֿאַר האָב איך גערעדט[א], און מיר טוען אויך גלויבן, און רעדן אַזוי, [14] ווייל מיר ווייסן, אַז דער, וואָס האָט אויפֿגעוועקט דעם האַר יֵשוּעַ, וועט אויך אונדז אויפֿוועקן מיט יֵשוּעַן, און וועט אונדז אינאיינעם מיט אייך פֿירשטעלן פֿאַר אים. [15] וואָרים אַלצדינג איז פֿון אײַערטוועגן, כּדי דער חֶסֶד, וואָס ווערט פֿאַרטאָפּלט דורך דעם רַבים, זאָל פֿאַרמערן דעם שֶבַח צום כָּבוד פֿון גאָט.

[16] דעריבער ווערן מיר ניט אָפּגעשוואַכט; און הַגַם אונדזער אויסערלעכער מענטש ווערט פֿאַרלענדט, ווערט אָבער אונדזער אינעווייניקסטער מענטש באַנײַט פֿון טאָג צו טאָג. [17] וואָרים אונדזער גרינגע פּיין, וואָס איז נאָר אויף אַ רֶגע, טוט ווירקן פֿאַר אונדז אַ מער אויסערגעוויינלעכע געוויכטיקייט פֿון אייביקן כָּבוד, [18] ווייל מיר קוקן ניט אויף די זאַכן, וואָס ווערן געזען, נייערט אויף די זאַכן, וואָס ווערן ניט געזען; וואָרים די זאַכן,

[א] תהלים קטז, 10.

וואָס ווערן געזען, זענען צײַטווייליק; אָבער די זאַכן, וואָס ווערן ניט געזען, זענען אייביק.

ה וואָרים מיר ווייסן, אַז אויב דאָס ערדישע הויז פון אונדזער געצעלט ווערט צעשטערט, האָבן מיר אַ בִּנין פון גאָט, אַ הויז, ניט געמאַכט מיט הענט, אַן אייביקס אין הימל. [2]וואָרים דעריבער זיפצן מיר, און בענקען באַקליידט צו ווערן מיט אונדזער וואוינאָרט, וואָס איז פון הימל; [3]און אויב מיר וועלן אַזוי זיין באַקליידט, וועלן מיר ניט געפונען ווערן נאַקעט. [4]וואָרים מיר, וואָס זענען אין דעם דאָזיקן געצעלט, טוען זיפצן צוליב דער מַשׂא, ווייל מיר וואָלטן ניט וועלן זיין אויסגעטאָן, נייערט צו זיין באַקליידט, כּדי וואָס עס איז שטאַרבלעך זאָל פאַרשלונגען ווערן פון דעם לעבן. [5]און דער, וואָס האָט אונדז צוגעגרייט דערצו, איז גאָט, וואָס האָט אונדז געגעבן די עֲרָבוֹת פון דעם גייסט.

[6]מיר זענען דעריבער תָּמיד גוט אויפגעלייגט און ווייסן, אַז כָּל־זמַן מיר זענען אין דער היים אין דעם לײַב, זענען מיר דערווײַטערט פון דעם האַר; [7]וואָרים מיר גייען דורך אֱמונה, ניט דורך ראִיה. [8]מיר זענען גוט אויפגעלייגט, און ווילן ליבערשט זיין דערווײַטערט פון דעם לײַב, און אין דער היים מיט דעם האַר. [9]דעריבער מאַכן מיר דאָס אויך פאַר אונדזער ציל, צי מיר זענען אין דער היים, אָדער דערווײַטערט, אים וואוילגעפעלן צו זיין. [10]וואָרים מיר מוזן אַלע אַנטפּלעקט ווערן פאַר דעם כִּסֵא־הַמִשפּט פון מָשיחַן, כּדי יעדער איינער זאָל מקַבּל זיין דאָס, וואָס ער האָט געטאָן אין דעם לײַב, סיי גוטס, אָדער שלעכטס.

[11]דעריבער, ווייל מיר קענען די פאָרכטיקייט פון דעם האַר, איבער־צייגן מיר מענטשן; פאַר גאָט אָבער זענען מיר אַנטפּלעקט; און איך האָף, אַז מיר ווערן אויך אַנטפּלעקט אין אייער געוויסן. [12]מיר לויבן זיך ניט ווידער אַמאָל פאַר אייך, נייערט טוען געבן אייך אַ געלעגנהייט פון רימען זיך אין אונדז, כּדי איר זאָלט האָבן מיט וואָס אָפּצוענטפערן די, וואָס רימען זיך לפָּנים־וועגן, און ניט אין האַרצן. [13]וואָרים אויב מיר זענען אויסער זיך, איז דאָס פאַר גאָט; זענען מיר אָבער ביים קלאָרן שֵׂכל, איז דאָס פאַר אייך. [14]וואָרים די ליבשאַפט פון מָשיחַן האַלט אונדז צוריק, מַחמת מיר מִשפּטן אַזוי, אַז אויב איינער איז געשטאָרבן פאַר אַלע, זענען דעריבער אַלע געשטאָרבן. [15]און ער איז געשטאָרבן פאַר אַלע, כּדי די,

וואָס לעבן, זאָלן מער ניט לעבן פאַר זיך אַליין, נייערט פאַר אים, וואָס
איז געשטאָרבן פון זייערטוועגן און איז אויפגעשטאַנען.
[16]דעריבער קענען מיר פון איצטמאָל־אָן קיינעם ניט לויט דעם פלייש.
און הַגַם מיר האָבן אויך געקענט מָשִיחַן לויט דעם פלייש, טוען מיר עס
פון איצטמאָל־אָן ניט מער. [17]דעריבער, אויב עמיצער איז אין מָשִיחַן, איז
ער אַ נײַ באַשאַף; די אַלטע זאַכן זענען פאַרגאַנגען; זע, זיי זענען געוואָרן
נײַ. [18]און אַלצדינג איז פון גאָט, וואָס האָט אונדז געטאָן איבערבעטן מיט
זיך דורך מָשִיחַן, און האָט אונדז געגעבן די עֲבוֹדה פון איבערבעטונג;
[19]דאָס הייסט, גאָט איז געווען אין מָשִיחַן און האָט איבערגעבעטן די וועלט
מיט זיך, און זיי ניט צוגערעכנט זייערע עֲבֵירות, און האָט אונדז איבער־
געענטפערט דאָס שלִיחות פון איבערבעטונג.
[20]מיר זענען דעריבער די שלִיחים פון מָשִיחַן, גלייך ווי גאָט וואָלט
זיך געבעטן דורך אונדז; מיר בעטן אייך פונוועגן מָשִיח־ן, טוט אייך
איבערבעטן מיט גאָט. [21]וואָרים דעם, וואָס האָט ניט געקענט קיין זינד,
האָט ער געמאַכט צו זײַן אַ זינד פון אונדזערטוועגן, כדי מיר זאָלן ווערן
די רעכטפאַרטיקייט פון גאָט אין אים.
ו און ווייל מיר מיִען זיך אינאיינעם מיט אים, בעטן מיר אייך, אַז איר
זאָלט ניט מקַבל זײַן דעם חֶסֶד פון גאָט אומזיסט. [2]וואָרים ער זאָגט:

אין אַ באַוויליקטער צייט האָב איך דיך דערהערט,
און אין אַ טאָג פון ישועה האָב איך דיר געהאָלפן[א].

אָט איצט איז די באַוויליקטע צייט; אָט איצט איז דער טאָג פון ישועה.
[3]ווייל מיר גיבן ניט קיין מִיכשול אין עפּעס, כדי אונדזער עֲבוֹדה זאָל
ניט ווערן צו שאַנד; [4]נייערט אין אַלצדינג ווייזן מיר זיך אַרויס ווי באַדינער
פון גאָט: אין אַ סך געדולד, אין צָרות, אין נויטן, אין דַחקות, [5]אין
מַלקות, אין זיצן אין תּפיסות, אין מהומות, אין מיִאונגען, אין וואַכן, אין
תּעניתים; [6]אין ריינקייט, אין קענטעניש, אין פיל לײַדן, אין גוטסקייט, אין
דעם רוח־הַקוֹדש, אין ניט קיין צביעותדיקער ליבשאַפט, [7]אין דעם וואָרט
פון אֶמת, אין דער גבורה פון גאָט; דורך די כלֵי־זַיִן פון רעכטפאַרטיקייט
אין דער רעכטער האַנט און אין דער לינקער; [8]דורך כָּבוד און אומכָּבוד,
דורך אַ שלעכטן שֵם און אַ גוטן שֵם; ווי אָפּנאַרער, און דאָך וואָרהאַפטיק;

א ישעיה מט, 8.

9 ווי אומבאַקענטע, און דאָך אַנערקענט, ווי שטאַרבנדיקע, און זע, מיר
לעבן; ווי געשטראָפטע, און ניט געטייטע; 10 ווי פאַרטרויערטע, דאָך תּמיד
זיך פרייענדיק; ווי אָרעמע, דאָך מאַכן מיר רייך אַ סך; ווי מיר וואָלטן
גאָרניט פאַרמאָגט, און דאָך ווי מיר וואָלטן פאַרמאָגט אַלצדינג.

11 אונדזער מויל איז אָפן פאַר אייך, אָ קאָרינטער; אונדזער האַרץ
איז אויסגעברייטערט. 12 אייך איז ניט ענג אין אונדז, נייערט אייך איז
ענג אין אייערע אייגענע אינגעווייד. 13 און פאַר אַ פאַרגעלטונג אויף אַן
ענלעכן אופן – איך רעד ווי צו קינדער – ווערט אַליין אויך אויסגעברייטערט.

14 זייט ניט אומגלײַך פאַריאָכט מיט אומגלויביקע; וואָרים וואָסער
חברשאַפט האָט רעכטפאַרטיקייט מיט אומרעכט? אָדער וואָסער שותּפות
האָט ליכט מיט פינצטערניש? 15 און וואָסער הסכּמה האָט משיח מיט בליַעלן?
אָדער וואָסער חלק האָט אַ מאמין מיט אַן אומגלויביקן? 16 און וואָסער
אָפּמאַך האָט דער היכל פון גאָט מיט אָפּגעטער? וואָרים מיר זענען דער
היכל פון דעם לעבעדיקן גאָט, אַזוי ווי גאָט האָט געזאָגט:

איך וועל וואוינען צווישן זיי, און אומגיין צווישן זיי,
און איך וועל זיין זייער גאָט, און זיי וועלן זיין מיין פאָלק[א].
17 דעריבער קומט אַרויס פון צווישן זיי,
און שיידט אייך אָפּ, זאָגט גאָט,
און באַרירט ניט קיין טמא זאַך;
און איך וועל אייך אויפנעמען,
18 און וועל זיין פאַר אייך אַ פאָטער,
און איר וועט מיר זיין זין און טעכטער,
זאָגט גאָט צבאות[ב].

ז דעריבער, ווייל מיר האָבן די דאָזיקע הבטחות, באַליבטע, לאָמיר זיך
רייניקן פון יעדער באַפלעקונג פון פלייש און גייסט, משלים צו זיין
הייליגקייט אין דער פאָרכטיקייט פון גאָט.

2 עפנט אייערע הערצער פאַר אונדז; מיר האָבן קיינעם ניט געטאָן
קיין עוולה, מיר האָבן קיינעם ניט פאַרדאָרבן, מיר האָבן קיינעם ניט
אויסגענוצט. 3 איך זאָג עס, ניט צו פאַרמשפּטן אייך; וואָרים איך האָב
פריער געזאָגט, אַז איר זענט אין אונדזערע הערצער, צו שטאַרבן צוזאַמען

א יחזקאל לז, 27. ב ישעיה נב, 11; ירמיה לב, 38; נא, 45; הושע ב, 1.

און צו לעבן צוזאַמען. [4]גרויס איז מיין בטחון אין אייך; גרויס איז מיין רימען זיך פון אײַערטוועגן; איך בין פול מיט טרייסט, איך גיי איבער מיט שׂמחה אין אַלע אונדזערע צָרות.

[5]ווארים אַפילו ווען מיר זענען געקומען קיין מאַקעדאָניע, האָט אונדזער לײַב ניט געהאַט קיין מנוחה, נייערט מיר האָבן געליטן פון אַלע זייטן — פון דרויסן מִלחָמות, און אינעווייניק מורא. [6]אָבער גאָט, וואָס טוט טרייסטן די געפאַלענע, האָט אונדז געטרייסט דורך דעם קומען פון טיטוסן. [7]און ניט בלויז דורך זיין קומען, נייערט אויך דורך דער טרייסט, מיט וועלכער ער איז געטרייסט געוואָרן אין אייך, בשעת ער האָט אונדז דערציילט פון אייער גאַרן, אייער צַער, אייער אייפעריקייט נאָך מיר, אַזוי, אַז איך האָב מיך נאָך מער געפרייט. [8]ווארים אויב אַפילו איך האָב אייך מצַער געווען מיט מיין בריוו, האָב איך דערויף קיין חַרָטה ניט געהאַט (הַגַם איך האָב יאָ חַרָטה געהאַט), ווארים איך זע, אַז יענער בריוו האָט אייך מצַער געווען, הַגַם נאָר אויף אַ צייט. [9]אָבער איצט פריי איך מיך, ניט ווייל איר האָט זיך מצַער געווען, נייערט ווייל איר האָט זיך מצַער געווען צו תשובה. ווארים איר האָט זיך מצַער געווען אויף אַ געטלעכן אופן, כּדי איר זאָלט דורך אונדז ניט ליידן קיין הֶיזק אין קיין שום זאַך. [10]ווארים געטלעכער צַער טוט גורם זיין תשובה צו ישועה, וואָס ברענגט ניט קיין חַרָטה; אָבער דער צַער פון דער וועלט איז גורם מִיתה. [11]ווארים זעט, גראָד דאָס, וואָס איר האָט זיך מצַער געווען אויף אַ געטלעכן אופן, וואָסער אייפעריקייט זי האָט געווירקט אין אייך, וואָסער רעכטפאַרטיקונג פון זיך אַליין, וואָסער צאָרן, וואָסער מורא, וואָסער בענקשאַפט, וואָסער קִנאה, וואָסער באַשטראָפונג! אין אַלצדינג האָט איר זיך אַרויסגעוויזן צו זיין ריין אין דעם ענין. [12]דעריבער, הַגַם איך האָב אייך געשריבן, האָב איך ניט געשריבן פונוועגן דעם, וואָס האָט געטאָן דאָס אומרעכט, אויך ניט פונוועגן דעם, וואָס האָט געליטן דאָס אומרעכט, נייערט כּדי אייער אייפעריקייט פאַר אונדז זאָל אַנטפּלעקט ווערן פאַר אייך אין דעם אָנגעזיכט פון גאָט. [13]דעריבער זענען מיר געטרייסט געוואָרן.

און אין אונדזער טרייסט האָבן מיר זיך נאָך מער געפרייט פונוועגן דער פרייד פון טיטוסן, מחמת זיין גייסט איז דערקוויקט געוואָרן דורך אייך אַלע. [14]ווארים אויב איך האָב מיך אין עפּעס גערימט פאַר אים

פונוועגן אייך, בין איך ניט פאַרשעמט געוואָרן; נייערט אַזוי ווי מיר האָבן
אַלץ צו אייך גערעדט אין וואָרהאַפטיקייט, אַזוי האָט זיך אויך אונדזער
רימען זיך פאַר טיטוסן אַרויסגעוויזן צו זיין אֶמת. [15] און זיין האַרץ גייט
שטאַרק אויס צו אייך, בשעת ער דערמאָנט זיך אין אייער אַלעמענס
געהאָרכזאַמקייט, וויאַזוי איר האָט אים אויפגענומען מיט פּאָרכטיקייט און
ציטערניש. [16] איך פרייַ מיך, וואָס איך קאָן מיך אין אַלצדינג אויף אייך
פאַרלאָזן.

ח און מיר לאָזן אייך וויסן, ברידער, דעם חֶסֶד פון גאָט, וואָס איז
געגעבן געוואָרן צו די קהילות פון מאַקעדאָניע, [2] וויאַזוי אין נסיונות
פון צָרות האָט זיך די שֶפע פון זייער פרייד און זייער טיפער אָרעמקייט
פאַרמערט אין דער עשירות פון זייער גוטסקייט. [3] וואָרים זיי האָבן געגעבן
לויט זייער כּוח, ווי איך קאָן עֵדות־זאָגן, און אַפילו איבער זייערע כּוחות,
פרייַוויליק, [4] און האָבן אונדז שטאַרק געבעטן פונוועגן דעם חֶסֶד און די
שותפותדיקייט אין דער הילף פאַר די הייליקע, [5] און דאָס, ניט ווי מיר האָבן
געהאָפט, נייערט רֵאשית האָבן זיי זיך אַליין געגעבן צו דעם האַר, און צו
אונדז דורך דעם רָצון פון גאָט. [6] אויף אַזויפיל, אַז מיר האָבן געראָטן
טיטוסן, אַז אַזוי ווי ער האָט פריער געמאַכט אַן אָנהייב, אַזוי זאָל ער
אויך פאַרענדיקן ביי אייך דעם דאָזיקן חֶסֶד. [7] אָבער אַזוי ווי איר האָט
געמערט אין אַלצדינג, אין אֱמונה, און תּורה, און קענטעניש, און אין יעדער
אייפעריקייט, און אין אייער ליבשאַפט צו אונדז, אַזוי זאָלט איר אויך
מערן אין דעם דאָזיקן חֶסֶד.

[8] איך רעד ניט בדֶרֶך געבאָט, נייערט כּדי צו פּרוואוון דורך דער
אייפעריקייט פון אַנדערע אויך די ערלעכקייט פון אייער ליבשאַפט.
[9] וואָרים איר קענט דעם חֶסֶד פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, וואָס הַגַם
ער איז געווען רייך, דאָך פון אייַערטוועגן איז ער געוואָרן אָרעם, כּדי
איר זאָלט דורך זיין אָרעמקייט ווערן רייך. [10] און דערין גיב איך מיין
מיינונג; וואָרים דאָס איז נוצלעך פאַר אייך, וואָס זענט געווען פון די
ערשטע צו מאַכן אַן אָנהייב מיט אַ יאָר צוריק, ניט נאָר צו טאָן, נייערט
אויך צו וועלן. [11] אַצינד אָבער פאַרענדיקט אויך די טואונג, כּדי ווי עס
איז געווען די ווילִיקייט צו וועלן, אַזוי זאָל אויך זיין די פאַרענדיקונג
לויט אייער מעגלעכקייט. [12] וואָרים אויב די ווילִיקייט איז פאַראַן, ווערט

זי אָנגענומען לויט דעם, וואָס איינער פֿאַרמאָגט, און ניט לויט דעם, וואָס ער פֿאַרמאָגט ניט. [13]וואָרים איך זאָג דאָס ניט, כּדי אַנדערע זאָל פֿאַר־לײַכטערט ווערן און איר זאָלט באַדרענגט ווערן; [14]נייערט דורך גלײַכקייט זאָל אייער שֶׁפע אין דער איצטיקער צייט זיין אַ הילף פֿאַר זייער מאַנגל, כּדי זייער שֶׁפע זאָל אויך ווערן אַ הילף פֿאַר אייער מאַנגל, כּדי עס זאָל זיין אַ גלײַכקייט; [15]ווי סע שטייט געשריבן: דער, וואָס האָט געקליבן פֿיל, האָט ניט געהאַט איבעריק; און דער, וואָס האָט געקליבן ווינציק, האָט ניט געהאַט קיין מאַנגל[א].

[16]אָבער דאַנקען גאָט, וואָס האָט אַרײַנגעגעבן די זעלבע ערנסטע זאָרג פֿונוועגן אייך אין דעם האַרצן פֿון טיטוסן. [17]וואָרים ער האָט ניט נאָר אָנגענומען אונדזער בַּקָשה, נייערט ווייל ער איז געווען זייער אייפֿעריק, איז ער אַוועקגעגאַנגען צו אייך לויט זיין אייגענעם ווילן. [18]און מיר האָבן צוזאַמען מיט אים געשיקט דעם ברודער, וואָס זיין לויב אין דער בשׂורה שֶׁמט איבער אַלע קהִילות; [19]און ניט נאָר דאָס, נייערט ער איז אויך אויס־דערווײלט פֿון די קהִילות צו ציען מיט אונדז אין דעם ענין פֿון דעם דאָזיקן חֶסֶד, וואָס ווערט געטאָן דורך אונדז פֿאַר דעם כָּבוד פֿון דעם האַר, און צו אונדזער דערמוטיקונג. [20]און מיר היטן זיך, אַז קיינער זאָל אונדז ניט באַשולדיקן אין דעם ענין פֿון דער דאָזיקער רייכער מַתָּנה, וואָס ווערט אויסגעפֿירט דורך אונדז. [21]וואָרים מיר זוכן ניט נאָר וואָס איז רעכט אין די אויגן פֿון דעם האַר, נייערט אויך אין די אויגן פֿון מענטשן.

[22]און מיר האָבן מיט זיי געשיקט אונדזער ברודער, וועמען מיר האָבן אַ סך מאָל אויסגעפּרואווט און געפֿונען אייפֿעריק אין אַ סך זאַכן, און וואָס איז אַצינד נאָך אַ סך אייפֿעריקער, דורך זיין גרויסן בטָחון אין אייך. [23]און וואָס שייך טיטוסן, איז ער מיין שותּף און מיטאַרבעטער פֿאַר אײַערטוועגן; און וואָס שייך אונדזערע ברידער, זענען זיי שליחים פֿון די קהִילות, און אַ כָּבוד פֿאַר מָשיחן. [24]בכֵן, ווייזט זיי פֿאַר די קהִילות דעם סִימן פֿון אייער ליבשאַפֿט, און פֿון אונדזער רימען זיך פֿון אײַערטוועגן.

ט און בנוגע דער הילף פֿאַר די הייליקע, איז פֿאַר מיר איבעריק אייך צו שרייבן; [2]וואָרים איך קען אייער ווילִיקייט, מיט וועלכער איך

[א] שמות טז, 18.

רים מיך פֿון אײַערטװעגן פֿאַר די מענטשן פֿון מאַקעדאָניע, אַז אַכאַיאַ איז שױן געװען אָנגעבריײט מיט אַ יאָר צוריק; און אײער אײפֿעריקײט האָט אױפֿגעמונטערט גאָר אַ סך פֿון זײ. [3] אָבער איך האָב געשיקט די ברידער, כּדי אונדזער רימען זיך פֿונװעגן אײך זאָל בנוגע דעם ניט זײַן אומזיסט, כּדי, אַזױװי איך האָב געזאָגט, איר זאָלט זײַן אָנגעבריײט. [4] װײַל טאָמער װעט װער פֿון די מאַקעדאָניער מיט מיר קומען, און אײך געפֿינען ניט אָנגעבריײט, זאָלן מיר – איך װיל ניט זאָגן איר – פֿאַרשעמט װערן אין דעם דאָזיקן בטחון. [5] איך האָב דעריבער געהאַלטן פֿאַר נײטיק צו בעטן די ברידער, אַז זײ זאָלן קודם גײן צו אײך, און זאָלן צוגרײטן אײער פֿריער־צוגעזאָגטע נדבֿה, כּדי זי זאָל זײַן אָנגעבריײט װי אַ בּרכה, און ניט װי אַ געניטע זאַך.

[6] דאָס זאָלט איר װיסן: דער, װאָס טוט זײען קאַרגלעך, װעט אױך שנײדן קאַרגלעך; און דער, װאָס טוט זײען בשפֿע, װעט אױך שנײדן בשפֿע. [7] זאָל יעדער אײנער טאָן לױט װי ער האָט בדעה אין זײַן האַרצן; ניט פֿאַרדראָסיק, אָדער געצװאונגען; װאָרים גאָט האָט ליב אַ פֿרײלעכן נדבן. [8] און גאָט איז בײכולת צו פֿאַרמערן אײך יעדן חסד, אַזױ, אַז איר זאָלט תּמיד האָבן אין אַלץ גענוג, און זאָלט זיך מערן אין יעדער גוטער טואונג, [9] װי עס שטײט געשריבן:

ער האָט צעשפּרײט אומעטום, ער האָט געגעבן די אָרעמע,
זײַן רעכטפֿאַרטיקײט באַשטײט אױף אײביק[א].

[10] און דער, װאָס גיט זריעה דעם זײער, און ברױט פֿאַר שפּײַז, װעט פֿאַרטאָפּלען אײער זריעה, און לאָזן װאַקסן די פֿרוכט פֿון אײער רעכט־פֿאַרטיקײט. [11] איר װעט נתעשר װערן אין אַלצדינג פֿאַר יעדער ברײט־האַרציקײט, װאָס טוט װירקן דורך אונדז צום לױב פֿון גאָט; [12] װאָרים די אַרבעט פֿון דער דאָזיקער עבֿודה איז ניט נאָר ממלא די באַדערפֿענישן פֿון די הײליקע, נײערט טוט זיך אױך פֿאַרמערן דורך פֿיל לױב צו גאָט. [13] און דורך אײער פֿאַסיקײט אין דער דאָזיקער אַרבעט, לױבן זײ גאָט פֿאַר דער געהאָרכזאַמקײט פֿון אײער מודה זײַן זיך אין דער בשׂורה פֿון משיחן, און פֿאַר דער ברײט־האַרציקער בײַשטײערונג פֿאַר זײ און פֿאַר אַלעמען; [14] און מיט תּפֿילה פֿאַר אײך טוען זײ בענקען נאָך אײך,

[א] תּהלים קיב, 9.

צוליב דעם גרויסן חֶסֶד פון גאָט אין אײַך. [15] אַ לויב צו גאָט פאַר זײַן מַתָּנה, וואָס איז ניט צום איבערדערציילן.

און איך, פּאָולוס, בין אײַך אַליין מַזהיר דורך דער עֲנָיוות און איידלקייט פון מָשִיחַן, איך, וואָס אין אײַער קעגנוואַרט בין איך קליין צווישן אײַך, אָבער פון דערווײַטנס בין איך מוטיק לגַבּי אײַך. [2] איך בעט אײַך, אַז ווען איך וועל זײַן בײַ אײַך, זאָל איך ניט דאַרפן אַרויסווײַזן קיין תַּקִיפוּת מיט דער זיכערקייט, מיט וועלכער איך רעכן צו זײַן שטרענג קעגן טייל, וואָס טראַכטן וועגן אונדז ווי מיר וואָלטן געגאַנגען לויט דעם פלייש. [3] וואָרים הַגַם מיר גייען אין דעם פלייש, טוען מיר ניט פירן קיין מִלחָמה לויט דעם פלייש, [4] וואָרים די כּלֵי־זַיִן פון אונדזער מִלחָמה־פירונג זענען ניט לויט דעם פלייש, נייערט זענען מעכטיק פאַר גאָט אַראָפּצוּוואַרפן פעסטונגען. [5] מיר צעוואַרפן געדאַנקען, און יעדע הויכע זאַך, וואָס איז דערהויבן קעגן דער דערקענטעניש פון גאָט, און נעמען יעדע מַחשָבה אין געפאַנגענשאַפט צו דער געהאָרכזאַמקייט פון מָשִיחַן, [6] און זענען אָנגעברייט צו שטראָפן פאַר יעדער אומגעהאָרכזאַמקייט, בעת אײַער געהאָרכזאַמקייט וועט זײַן דערפילט.

[7] קוקט אויף דעם, וואָס איז פאַר אײַערע אויגן. אויב עמיצער איז בײַ זיך זיכער, אַז ער געהערט מָשִיחַן, זאָל ער דאָס נאָכאַמאָל איבער־טראַכטן אין זיך אַליין, אַז אַזוי ווי ער געהערט מָשִיחַן, אַזוי געהערן אויך מיר. [8] וואָרים אויב אַפילו איך זאָל מיך רימען אַביסל צופיל פונוועגן אונדזער רשות, וואָס דער האַר האָט אונדז געגעבן פאַר אײַער אויפבויאונג, און ניט פאַר אײַער צעשטערונג, וועל איך ניט פאַרשעמט ווערן, [9] כּדי איך זאָל ניט אויסזען ווי איך וואָלט אײַך וועלן דערשרעקן מיט מײַנע בריוו. [10] וואָרים זײַנע בריוו, זאָגן זיי, זענען חָשוב און שטאַרק, אָבער ווען ער גופא איז בײַ אונדז, איז ער שוואַך, און זײַן רעדן איז אָן מַמָשות. [11] זאָל אַזאַ איינער דאָס באַרעכענען, אַז וואָס מיר זענען אין וואָרט דורך בריוו, ווען מיר זענען אָפּוועזנד, זענען מיר אויך אין מַעֲשים, ווען מיר זענען אָנוועזנד. [12] וואָרים מיר נעמען זיך ניט אונטער צו רעכענען, אָדער צו פאַרגלײַכן זיך מיט די, וואָס לויבן זיך אַליין. שוין מיט דעם, וואָס זיי מעסטן זיך מיט זיך אַליין, און פאַרגלײַכן זיך מיט זיך אַליין, זענען זיי אָן פאַרשטענדעניש.

13 מיר אָבער וועלן זיך ניט רימען איבער אונדזער מאָס, נייערט לויט
דער מאָס פון דעם גבול, וואָס גאָט האָט אונדז צוגעטיילט ווי אַ מאָס,
אייך אַפילו צו דערגרייכן. 14 וואָרים מיר שטרעקן זיך ניט אויס צופיל,
גלייך ווי מיר וואָלטן ניט דערגרייכט ביז צו אייך; וואָרים מיר זענען
אַפילו דערגאַנגען ביז צו אייך אין דער בשׂורה פון מָשיחַן. 15 מיר
רימען זיך ניט איבער אונדזער מאָס אין אַנדערע מענטשנס מִיאוּנגען; מיר
האָפן אָבער, אַז וואָס מער אייער אֶמונה וועט וואַקסן, וועלן מיר גרעסער
ווערן ביי אייך לויט אונדזער גרעניץ צו ווייטערער שֶפע, 16 כּדי אָנצוזאָגן
די בשׂורה אַפילו אין די געגנטן ווייטער פון אייך, און ניט צו רימען
זיך מיט דעם, וואָס איז אָנגעברייט אין דעם גבול פון אַנדערע. 17 דער
אָבער, וואָס טוט זיך רימען, לאָז ער זיך רימען אין גאָט[א]. 18 וואָרים
ניט דער, וואָס לויבט זיך אַליין איז באַוויליקט, נייערט דער, וועמען גאָט
טוט לויבן.

יא הַלוואַי וואָלט איר מיך געקענט פאַרטראָגן אין אַביסל נאַרישקייט.
יאָ, איר טוט מיך אויך פאַרטראָגן! 2 איך בין אייך מקַנא מיט אַ
געטלעכער קִנאה; וואָרים איך האָב אייך פאַרקנַסט צו אַ מאַן, כּדי איך
זאָל אייך פירשטעלן ווי אַ ריינע בתולה פאַר מָשיחַן. 3 איך האָב אָבער
מוֹרא, טאָמער, ווי די שלאַנג האָט מיט איר לִיסטיקייט אָפּגענאַרט חַוָהן,
אַזוי וועלן אויך אייערע מַחשָבות פאַרדאָרבן ווערן פון דער תּמימות און
לויטערקייט, אין שייַכות צום מָשיחַ. 4 וואָרים אויב סע זאָל ווער קומען,
און אייך אָנזאָגן אַן אַנדערן יֵשוּעַן, וועמען מיר האָבן ניט געטאָן אָנזאָגן,
אָדער אויב איר וועט מקַבל זיין אַן אַנדערן גייסט, וואָס איר האָט ניט
מקַבל געווען, אָדער אַן אַנדערע בשׂורה, וואָס איר האָט ניט אָנגענומען, טוט
איר אים גוט פאַרטראָגן. 5 וואָרים איך רעכן, אַז איך בין אַ האָר ניט
הינטערשטעליק די סאַמע גרעסטע שלִיחים. 6 און הַגם איך בין פּראָסט אין
רעדן, בין איך עס אָבער ניט אין קענטעניש; ניין, אויף יעדן אופן האָבן
מיר דאָס אַנטפּלעקט צו אייך אין אַלצדינג.

7 אָדער בין איך באַגאַנגען אַ זינד אין דערנידעריקן זיך אַליין, כּדי
איר זאָלט דערהויבן ווערן, מַחמת איך האָב פאַר אייך אָנגעזאָגט אומזיסט
די בשׂורה פון גאָט? 8 איך האָב גערויבט אַנדערע קהִילות, בעת איך האָב

א ירמיה ט, 23.

געגומען ביי זיי שׂכירות, כּדי איך זאָל אייך דינען. [9] און בעת איך בין געווען ביי אייך, און בין געווען נויטבאַדערפטיק, בין איך קיינעם ניט געווען קיין לאַסט; וואָרים די ברידער, בעת זיי זענען געקומען פון מאַקעדאָניע, האָבן געגעבן וויפל איך האָב באַדאַרפט. און איך האָב מיך אין אַלצדינג צוריקגעהאַלטן פון צו ווערן אַ לאַסט פאַר אייך, און אַזוי וועל איך מיך האַלטן. [10] ווי דער אֶמת פון מָשיחַן איז אין מיר, וועט מיר קיינער ניט פאַרווערן דאָס דאָזיקע רימען זיך אין די געגנטן פון אַכאַיאַ. [11] פאַרוואָס? מחמת איך האָב אייך ניט ליב? גאָט ווייסט!

[12] אָבער וואָס איך טו, דאָס וועל איך אויך טאָן, כּדי איך זאָל אָפּשניידן אַ געלעגנהייט פאַר די, וואָס זוכן אַ געלעגנהייט; כּדי אין דעם, אין וואָס זיי רימען זיך, זאָלן זיי געפונען ווערן אַזויווי מיר. [13] וואָרים אַזעלכע מענטשן זענען פאַלשע שליחים, פאַרפירערישע אַרבעטער, וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר שליחים פון מָשיחַן. [14] און ניט קיין וואונדער, וואָרים אַפילו דער שׂטן אַליין טוט זיך פאַרשטעלן פאַר אַ מַלאך פון ליכט. [15] עס איז דעריבער ניט קיין גרויסע זאַך, אויב זיינע באַדינער פאַרשטעלן זיך אויך פאַר באַדינער פון רעכטפאַרטיקייט. אָבער זייער סוף וועט זיין לויט זייערע מַעשׂים.

[16] איך זאָג נאָכאַמאָל: זאָל מיך קיינער ניט האַלטן פאַר אַ נאַר; נאָר אויב יאָ, טאָ נעמט מיך אויף ווי אַ נאַר, כּדי איך זאָל מיך אויך רימען אַביסל. [17] דאָס, וואָס איך רעד, רעד איך ניט לויט דעם האַר, נייערט ווי אין נאַרישקייט, אין דער דאָזיקער זיכערקייט פון רימען זיך; [18] ווייל אַזוי ווי אַ סך רימען זיך לויט דעם פלייש, וועל איך מיך אויך רימען. [19] וואָרים איר פאַרטראָגט גערן די נאַראָנים, מחמת איר זענט אַליין קלוג. [20] וואָרים איר פאַרטראָגט דאָך אַ מענטשן, אויב ער נעמט אייך אין קנעכטשאַפט, אויב ער פאַרצערט אייך, אויב ער נעמט אייך געפאַנגען, אויב ער דערהייבט זיך אַליין, אויב ער שלאָגט אייך אין פּנים. [21] איך רעד דאָס פון בושה, גלייך ווי מיר וואָלטן געווען שוואַך.

דאָך אין וואָס נאָר עמיצער איז מוטיק — איך רעד אין נאַרישקייט — בין איך אויך מוטיק. [22] זענען זיי עבֿרים? איך בין אויך. זענען זיי ישׂראלים? איך בין אויך. זענען זיי דער זאָמען פון אַבֿרָהמען? איך בין אויך. [23] זענען זיי באַדינער פון מָשיחַן? איך נאָך מער — איך רעד ווי

איינער אויסער זיך – אין מיִאוּנגען אַ סך מער, אין תּפֿיסות אַ סך מער,
אין מַלקות איבער דער מאָס, אין מיתות אַ סך. [24]פֿון די ייִדן האָב
איך פֿינף מאָל באַקומען פֿערציק מַלקות אָן איינעם. [25]דריי מאָל בין
איך געשלאָגן געוואָרן מיט ריטער, איינמאָל בין איך פֿאַרשטיינט געוואָרן,
דריי מאָל האָב איך געליטן שיפֿבראָך, אַ נאַכט און אַ טאָג בין איך געווען
אין דער טיפֿעניש; [26]אין נסיעות אַ סך, אין סכּנות פֿון וואַסער, אין סכּנות
פֿון רויבער, אין סכּנות פֿון מיינע לאַנדסלײַט, אין סכּנות פֿון די גויים,
אין סכּנות אין דער שטאָט, אין סכּנות אין דער מדבר, אין סכּנות אויף דעם
יַם, אין סכּנות צווישן פֿאַלשע ברידער; [27]אין מי און מאַטערניש, אין
שלאָפֿלאָזע נעכט, אין הונגער און דאָרשט, אין תּעניתים אַ סך, אין קעלט
און נאַקעטקייט. [28]און אַחוץ יענע זאַכן, וואָס זענען אויסערלעך, איז
פֿאַראַן דאָס, וואָס דריקט אויף מיר טעגלעך, די זאָרג פֿאַר אַלע קהילות.
[29]ווער איז שלאַף, און איך בין ניט שלאַף? ווער ווערט געשטרויכלט, און
איך טו ניט ברענען?

[30]אויב איך מוז מיך דווקא רימען, וועל איך מיך רימען פֿונוועגן
דעם, וואָס האָט אַ שײַכות צו מיין שלאַפֿקייט. [31]דער גאָט און פֿאָטער
פֿון דעם האַר ישוע, וואָס איז געלויבט אויף אייביק, ווייסט, אַז איך זאָג
ניט קיין ליגן. [32]אין דמשׂק האָט דער פּראָקאָנסול אונטער דעם מלך
אַרעטאַס באַוואַכט די שטאָט פֿון דמשׂק, כּדי מיך צו כאַפּן; [33]און דורך
אַ פֿענצטער בין איך אַראָפּגעלאָזט געוואָרן אין אַ קאָרב פֿון דער וואַנט,
און איך בין אַנטרונען פֿון זיינע הענט.

יב איך מוז מיך נייטיק רימען, הגם עס איז ניט פּאַסיק; איך וועל אָבער
קומען אויף זעאונגען און אַנטפּלעקונגען פֿון דעם האַר. [2]איך קען
אַ מענטש אין משיחן: מיט פֿערצן יאָר צוריק איז אַזאַ איינער – צי אין דעם
גוף, ווייס איך ניט, צי אויסער דעם גוף, ווייס איך ניט, גאָט ווייסט – איז
אַזאַ איינער אַרויפֿגענומען געוואָרן ביז צום דריטן הימל. [3]און איך קען
אַזאַ מענטש – צי אין דעם גוף, צי אויסער דעם גוף, ווייס איך ניט; גאָט
ווייסט – [4]וואָס איז אַרויפֿגענומען געוואָרן אין גן־עדן אַריין, און ער האָט
געהערט רייד, וואָס קענען ניט אַרויסגערעדט ווערן, וואָס אַ מענטש טאָר
זיי ניט איבערחזרן. [5]פֿונוועגן אַזאַ איינעם וויל איך מיך רימען, אָבער
פֿונוועגן מיר אַליין וויל איך מיך ניט רימען, אַחוץ אין מיין שוואַכקייט.

6 וואָרים אויב איך וואָלט מיך וועלן רימען, וואָלט איך ניט זיין קיין נאַר;
וואָרים איך וועל רעדן דעם אֶמת. איך האַלט מיך אָבער אָפּ, טאָמער וועט
מיך עמיצער פאַררעכענען פאַר מער איידער דאָס, וואָס ער זעט אין מיר,
אָדער הערט פון מיר. 7 און כּדי איך זאָל ניט צופיל דערהויבן ווערן דורך
דער אויסערגעוויינלעכער גרויסקייט פון די אַנטפּלעקונגען, איז מיר געגעבן
געוואָרן אַ דאָרן אין דעם פלייש, אַ שליח פון דעם שׂטן מיך צו שלאָגן,
כּדי איך זאָל ניט צופיל דערהויבן ווערן. 8 פונוועגן דעם האָב איך דריי
מאָל געבעטן דעם האַר, אַז דאָס זאָל אָפּקערן פון מיר. 9 און ער האָט
צו מיר געזאָגט: מיין חֶסד איז גענוג פאַר דיר, וואָרים מיין מאַכט ווערט
שלֵימות אין שוואַכקייט. דעריבער וועל איך מיך צום ליבסטן ליבערשט
רימען אין מיינע שוואַכקייטן, כּדי די מאַכט פון מָשיחן זאָל רוען אויף מיר.
10 איבערדעם בין איך מיך משַׂמֵחַ אין שוואַכקייטן, אין באַליידיקונגען, אין
נויטבאַדערפטיקייטן, אין רדיפות, אין סַכָּנות פון מָשיחס־וועגן; וואָרים ווען
איך בין שוואַך, דעמאָלט בין איך שטאַרק.

11 איך בין געוואָרן נאַריש; איר האָט מיך דערצו גענייטיקט, וואָרים
איך וואָלט באַדאַרפט געלויבט צו ווערן פון אייך; וואָרים אין קיין שום
זאַך בין איך ניט הינטערשטעליק די סאַמע גרעסטע שליחים, הַגַם איך
בין גאָרניט. 12 יאָ, די צייכנס פון אַ שליח זענען געטאָן געוואָרן צווישן
אייך מיט דער גאַנצער געדולדיקייט, מיט צייכנס און וואונדער און גבורות.
13 וואָרים מיט וואָס זענט איר הינטערשטעליק אין פאַרגלייַך מיט די
איבעריקע קהילות, אַחוץ וואָס איך בין ניט געוואָרן קיין לאַסט פאַר אייך?
זייט מיר מוחל די דאָזיקע עַוולה!

14 זעט, דאָס איז דאָס דריטע מאָל, וואָס איך בין אָנגעברייט צו
קומען צו אייך; און איך וועל ניט זיין קיין לאַסט פאַר אייך, וואָרים איך
זוך ניט דאָס אייַעריקע, נייערט אייך. וואָרים ניט די קינדער דאַרפן
זאַמלען אוצרות פאַר די עלטערן, נייערט די עלטערן פאַר די קינדער.
15 און איך וויל זייער גערן אויסברענגען און אויסגעבראַכט ווערן פאַר
אייערע נפָשות. אויב איך האָב אייך ליב אַ סך מער, דאַרף איך דערפאַר
געליבט ווערן ווינציקער? 16 נאָר זאָל עס זיין אַזוי, איך בין פאַר אייך ניט
געווען קיין לאַסט; נייערט, ווייל איך בין כיטרע, האָב איך אייך געפאַנגען
מיט כיטרעקייט. 17 האָב איך אייך געטאָן אויסנוצן דורך עמיצן פון די,

וועמען איך האָב געשיקט צו אײַך? 18 איך האָב געבעטן טיטוסן, און האָב
מיטגעשיקט מיט אים דעם ברודער. צי האָט טיטוס אײַך אויסגענוצט?
צי זענען מיר ניט געגאַנגען אין דעם זעלבן גײַסט? צי זענען מיר ניט
געגאַנגען אין די זעלבע טריט?

19 איר מיינט די גאַנצע צײַט, אַז מיר פֿאַרענטפֿערן זיך פֿאַר אײַך?
מיר רעדן פֿאַר גאָט אין מָשִׁיחַן. אַלצדינג אָבער, באַליבטע, איז פֿונוועגן
אײַער אויפֿבויאונג. 20 וואָרים איך האָב מורא, טאָמער וועל איך חָלִילָה,
ווען איך וועל קומען, אײַך געפֿינען ניט אַזעלכע ווי איך וואָלט וועלן, און
איר וועט מיך געפֿינען ניט אַזוינעם ווי איר וואָלט וועלן; טאָמער חָלִילָה
וועט דאָרט זײַן קריג, קִנאה, רוגז, מַחלוקות, לָשון־הָרע, מורמלערייען,
גַאווה, מהומות. 21 טאָמער, בעת איך וועל קומען, וועט מיך גאָט ווידער
אַמאָל דערנידעריקן פֿאַר אײַך, און איך וועל דאַרפֿן טרויערן אויף אַ
סַך פֿון די, וואָס האָבן געזינדיקט שוין פֿון פֿריער, און האָבן ניט תּשובה
געטאָן אויף דער אומרייניקייט און זנות און תַּאווה, וואָס זיי זענען באַגאַנגען.

יג דאָס איז דאָס דריטע מאָל, וואָס איך קום צו אײַך. דורך דעם
מויל פֿון צוויי, אָדער דריי עֵדות, זאָל יעדע זאַך באַשטעטיקט ווערן[א].
2 איך האָב שוין פֿריער געזאָגט, און זאָג עס פֿאָרויס, ווי בעת איך בין
געווען בײַ אײַך דאָס צווייטע מאָל, אַזוי איצט, בעת איך בין אָפּוועזנד, אַז
די, וואָס האָבן פֿריער געזינדיקט, און אַלע איבעריקע, אַז אויב איך וועל
ווידער קומען, וועל איך קיינעם ניט שוינען, 3 ווײַל איר זוכט אַ באַווײַז,
אַז מָשִׁיחַ טוט רעדן אין מיר, וואָס איז לגַבי אײַך ניט שוואַך, נייערט איז
מעכטיק צווישן אײַך. 4 וואָרים הַגַם ער איז געקרייציקט געוואָרן אין
שוואַכקייט, טוט ער אָבער לעבן דורך דער מאַכט פֿון גאָט. וואָרים אויך
מיר זענען שוואַך אין אים, מיר וועלן אָבער לעבן מיט אים דורך דער
מאַכט פֿון גאָט קעגן אײַך.

5 פּראָוווט אײַך אויס אַליין, צי איר זענט אין דער אֱמונה; פּרואווט
אײַך אויס אַליין. אָדער צי ווייסט איר ניט וועגן זיך אַליין, אַז יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ
איז אין אײַך?—סײַדן איר זענט פֿאַרוואָרפֿן. 6 איך האָף אָבער, אַז איר
וועט פֿאַרשטיין, אַז מיר זענען ניט קיין פֿאַרוואָרפֿענע. 7 און מיר זענען
מִתפַּלֵל צו גאָט, אַז איר זאָלט ניט טאָן קיין שלעכטס; ניט כּדי מיר

א דברים יט, 15.

זאָלן אויסזען באַוויליקטע, נייערט כּדי איר זאָלט טאָן דאָס, וואָס איז גוט, אויב אַפֿילו מיר זאָלן זײַן ווי פֿאַרוואָרפֿענע. [8] וואָרים מיר קענען גאָרניט טאָן קעגן דעם אֶמת, נייערט פֿאַר דעם אֶמת. [9] וואָרים מיר פֿרייען זיך בעת מיר זענען שוואַך, און איר זענט שטאַרק. און מיר זענען אויך מִתפּלל, אַז איר זאָלט אויפֿגעריכט ווערן. [10] דעריבער שרײַב איך אײַך דאָס, בעת איך בין אָפּוועזנד, כּדי ווען איך וועל זײַן בײַ אײַך, זאָל איך ניט דאַרפֿן האַנדלען שטרענג לויט דעם רשות, וואָס דער האַר האָט מיר געגעבן אויף אויפֿצובויען, און ניט אַרונטערצורײַסן.

[11] צום סוף, ברידער, פֿרייט אײַך, זײַט גאַנץ, זײַט געטרייסט, זײַט פֿון איין מַחשָבה, לעבט בשָלום; און דער גאָט פֿון ליבשאַפֿט און שָלום וועט זײַן מיט אײַך. [12] גריסט איינער דעם אַנדערן מיט אַ הייליקן קוש. [13] אַלע הייליקע גריסן אײַך.

[14] דער חֶסד פֿון דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, און די ליבשאַפֿט פֿון גאָט, און די חַברוּתאשאַפֿט פֿון דעם רוּחַ־הַקוֹדֶש, זאָל זײַן מיט אײַך אַלע.





# דער בריוו צו די גאַלאַטער

א פּאָולוס, אַ שליח, ניט פון מענטשן, אויך ניט דורך אַ מענטשן,
נייערט דורך יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, און גאָט דעם פֿאָטער, וואָס האָט
אים מחַיֵה־מֵתים געווען, [2] און אַלע ברידער, וואָס זענען מיט מיר,
צו די קהִילות פון גאַלאַטיע.
[3] חֶסֶד צו אייך און שָלום פון גאָט, דעם פֿאָטער, און אונדזער
האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, [4] וואָס האָט זיך מַקריב געווען פֿאַר אונדזערע
זינד, כּדי ער זאָל אונדז מַציל זיין פון דער איצטיקער שלעכטער
וועלט, לויט נאָך דעם רָצון פון אונדזער גאָט און פֿאָטער; [5] וועמען
סע געהערט דער כָּבוד אויף אייביק און אייביק. אָמֵן.
[6] איך וואונדער מיך, וואָס איר ווערט אַזוי גיך אָפּגעקערט פון
אים, וואָס האָט אייך באַרופן אין דעם חֶסֶד פון מָשִיחַן, צו אַן
אַנדערער בשׂורה, [7] וואָס איז ניט קיין אַנדערע, נייערט עס זענען
פֿאַראַן טייל, וואָס באַאומרואיקן אייך, און וואָס וואָלטן וועלן פֿאַר־
דרייען די בשׂורה פון מָשיחַן. [8] נאָר הַגַם מיר, אָדער אַ מַלאך פון
הימל, זאָלן אייך אָנזאָגן אַ בשׂורה, אַנדערש ווי יענע, וואָס מיר
האָבן אייך אָנגעזאָגט, זאָל ער זיין אין חֵרֶם. [9] ווי מיר האָבן פריער
געזאָגט, אַזוי זאָג איך אַצינד ווידער אַמאָל: אויב עמיצער טוט אייך
אָנזאָגן אַ בשׂורה, אַנדערש ווי יענע, וואָס איר האָט מקַבל געווען,
זאָל ער זיין אין חֵרֶם.

10 וואָרים צי זוך איך אַצינד די לײַטזעליקייט פון מענטשן, אָדער פון
גאָט? אָדער זוך איך וואוילצוגעפעלן ווערן מענטשן? אויב איך וואָלט
נאָך וועלן געפעלן ווערן מענטשן, וואָלט איך ניט געווען קיין קנעכט פון
מָשִיחַן. 11 וואָרים איך בין אײַך מוֹדיע, ברידער, אַז די בשׂורה, וואָס איז
דורך מיר אָנגעזאָגט געוואָרן, איז ניט לויט אַ מענטשן. 12 וואָרים ניט איך
האָב זי מקַבל געווען פון אַ מענטשן, אויך האָט מען מיך זי ניט געלערנט,
נייערט געקומען איז זי צו מיר דורך אַן אַנטפּלעקונג פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.

13 וואָרים איר האָט געהערט פון מײַן פריערדיקן לעבנסשטייגער אין
דעם ייִדישן דַת, וויאַזוי איך האָב שטאַרק געראָדפט די קהילה פון גאָט,
און זי חָרוב געמאַכט; 14 און איך בין געשטיגן אין דעם ייִדישן דַת העכער
פון אַ סך פון מײַן דור צווישן מײַנע לאַנדסלײַט, ווײַל איך בין געווען אַ
סך מער קַנָאי פאַר די איבערענטפערונגען פון מײַנע אָבות. 15 בעת אָבער
עס איז וואוילגעפעלן געוואָרן גאָט, וואָס האָט מיך אויסגעשיידט פון מײַן
מוטערטראַכט, און האָט מיך דורך זײַן חֶסֶד באַרופן 16 צו אַנטפּלעקן אין
מיר זײַן זון, כּדי איך זאָל אים אָנזאָגן צווישן די פעלקער, האָב איך תֵּיכף
מיך ניט באַראָטן מיט קיין בָּשׂר־וָדָם; 17 אויך בין איך ניט אַרויפגעגאַנגען
קיין ירושָלַיִם צו די, וואָס זענען געווען שלִיחים פאַר מיר, נייערט איך בין
אַוועקגעגאַנגען קיין אַראַביע, און ווידער אַמאָל האָב איך מיך אומגעקערט
קיין דַמֶשֶׂק.

18 דערנאָכדעם, אין דריי יאָר אַרום, בין איך אַרויפגעגאַנגען קיין
ירושָלַיִם, כּדי זיך צו זען מיט כֵּיפָאן, און בין פאַרבליבן מיט אים פופצן
טעג. 19 און קיין אַנדערן פון די שלִיחים האָב איך ניט געזען, אַחוץ יַעקֹבן,
דעם האַרס ברודער. 20 און בנוֹגע דעם, וואָס איך שרײַב אײַך – פאַר גאָט
זאָג איך ניט קיין ליגן. 21 דערנאָך בין איך געקומען אין די מקוֹמות פון
סיריע און קיליקיע. 22 און איך בין נאָך געווען אומבאַקאַנט פָּנים־אֶל־פָּנים
צו די קהִילות פון יהודה, וואָס זענען געווען אין מָשִיחַן. 23 זיי האָבן נאָר
געהערט זאָגן: דער, וואָס האָט אונדז פריער געראָדפט, טוט אַצינד אָנזאָגן
די אֶמונה, וואָס ער האָט פריער צעשטערט; 24 און זיי האָבן געלויבט גאָט
פון מײַנעטוועגן.

ב 1 דערנאָכדעם, נאָך פערצן יאָר בין איך ווידער אַמאָל אַרויפגעגאַנגען
קיין ירושָלַיִם מיט בַּר־נַבָּאן, און האָב אויך מיטגענומען טיטוסן מיט

מיר. [2] און איך בין אַרויפגעגאַנגען דורך אַן אַנטפּלעקונג, און האָב זיי פֿירגעלייגט די בשׂורה, וואָס איך טו אָנזאָגן צווישן די אומות־העולם, באַזונדער אָבער פֿאַר די, וואָס זענען געווען פֿון חשיבֿות, כּדי איך זאָל חלילה ניט לויפֿן, אָדער האָבן געלאָפֿן, אומזיסט. [3] און אַפֿילו טיטוס, וואָס איז געווען מיט מיר, הגם אַ גריך, איז ניט געצוואונגען געוואָרן געמלט צו ווערן. [4] אָבער צוליב די אַרײַנגעבראַכטע פֿאַלשע ברידער, וואָס זענען בסוד אַרײַנגעקומען אויסצושפּירן אונדזער פֿרײַהייט, וואָס מיר האָבן אין ישוע המשיח, כּדי זיי זאָלן אונדז ברענגען צו קנעכטשאַפֿט,— [5] צו וועמען מיר האָבן זיך אויך ניט אונטערטעניק געמאַכט, אַפֿילו ניט אויף אַ שעה, כּדי דער אמת פֿון דער בשׂורה זאָל פֿאַרבלײַבן מיט אײַך.

[6] פֿון יענע אָבער, וואָס זענען געווען אָנגעזען צו זײַן עפּעס (וואָס זיי זאָלן ניט האָבן געווען זײַן, עס איז ניט מײַן עסק; גאָט איז קיינעם ניט נושׂא־פּנים)—די, זאָג איך, וואָס זענען געווען פֿון חשיבֿות, האָבן מיר גאָרניט צוגעטיילט; [7] נייערט פֿאַרקערט, בעת זיי האָבן געזען, אַז איך בין אָנפֿאַרטרויט געוואָרן מיט דער בשׂורה פֿאַר די ניט־געמלטע, אַזויווי פּעטרוס פֿאַר די געמלטע [8] (וואָרים דער, וואָס האָט געווירקט אין פּעטרוסן פֿאַר דער שליחות פֿון די געמלטע, האָט אויך געווירקט אין מיר פֿאַר די גויים), [9] און בעת זיי האָבן באַמערקט דעם חסד, וואָס איז מיר געגעבן געוואָרן, האָבן יעקבֿ און כּיפֿא און יוחנן, וואָס זענען געווען פֿאַררעכנט פֿאַר זײַלן, מיר און בר־נבֿאן געגעבן די רעכטע האַנט פֿון ברודערשאַפֿט, כּדי מיר זאָלן גיין צו די גויים, און זיי צו די געמלטע; [10] נאָר זיי האָבן געוואָלט, אַז מיר זאָלן געדענקען די אָרעמע, וואָס איך האָב מיך אויך באַמיט צו טאָן.

[11] בעת אָבער כּיפֿא איז געקומען קיין אַנטיאָכיע, האָב איך מיך אים אין פּנים אַנטקעגנגעשטעלט, מחמת ער איז געשטאַנען פֿאַרמשפּט. [12] וואָרים איידער עטלעכע זענען געקומען פֿון יעקבֿן, האָט ער געגעסן מיט די גויים; אָבער ווי נאָר זיי זענען געקומען, האָט ער זיך צוריקגעצויגן און האָט זיך אָפּגעשיידט, ווײַל ער האָט מורא געהאַט פֿאַר די געמלטע. [13] און די איבעריקע פֿון די ייִדן האָבן זיך אויך פֿאַרשטעלט מיט אים, אַזוי, אַז אַפֿילו בר־נבֿא איז פֿאַרפֿירט געוואָרן פֿון זייער צבֿיעות. [14] בעת אָבער איך האָב געזען, אַז זיי גייען ניט רעכטפֿאַרטיק לויט דעם אמת פֿון דער

בשׂורה, האָב איך געזאָגט צו כֵּיפָאן פאַר זיי אַלעמען: אויב דו, וואָס ביסט
אַ ייִד, לעבסט ווי סע זענען זיך נוהג די גויים, און ניט ווי די ייִדן, וויאַזוי
צווינגסטו די גויים צו לעבן, אַזויווי ייִדן זענען זיך נוהג?
15 מיר, וואָס זענען ייִדן פון דער נאַטור, און ניט קיין זינדיקע פון
די גויים, 16 ווייסן, אַז אַ מענטש ווערט ניט גערעכטפאַרטיקט דורך די
מַעשׂים פון דער תּורה, נייערט דורך דער אֶמונה אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, אַזוי
האָבן אויך מיר געגלויבט אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, כּדי מיר זאָלן גערעכטפאַרטיקט
ווערן דורך אֶמונה אין מָשִיחַן, און ניט דורך די מַעשׂים פון דער תּורה,
מַחמת דורך די מַעשׂים פון דער תּורה וועט קיינער ניט גערעכטפאַרטיקט
ווערן. 17 אויב אָבער מיר, בעת מיר האָבן געזוכט גערעכטפאַרטיקט צו
ווערן אין מָשִיחַן, זענען אַליין אויך געפונען געוואָרן זינדיקע, איז דען
מָשִיחַ אַ דינער פון זינד? חָלִילה! 18 וואָרים אויב איך טו ווידער אויפבויען
דאָס, וואָס איך האָב צעשטערט, שטעל איך מיך אַרויס פאַר אַ בַעל־
עֲבֵירה. 19 וואָרים איך בין דורך דער תּורה געשטאָרבן צו דער תּורה,
כּדי איך זאָל לעבן פאַר גאָט. 20 איך בין געקרייציקט געוואָרן מיט מָשִיחַן;
און דאָס איז ניט מער איך, וואָס לעב, נייערט מָשִיחַ טוט לעבן אין מיר;
און דאָס לעבן, וואָס איך לעב אַצינד אין דעם לײַב, לעב איך באֶמונה
פון דעם בֶּן־אֱלֹהִים, וואָס האָט מיך ליב געהאַט, און האָט זיך מַקריב
געווען פאַר מיר. 21 איך טו ניט מבַטל זיין דעם חֶסֶד פון גאָט; וואָרים
אויב גערעכטיקייט איז דורך דער תּורה, דעמאָלט איז מָשִיחַ געשטאָרבן
אומזיסט.

ג אָ נאַרישע גאַלאַטער! ווער האָט געטאָן פאַרכּישופן אייך, פאַר וועמעס
אויגן יֵשוּעַ הַמָשִיחַ איז אָפן געצייכנט געוואָרן אַ געקרייציקטער?
2 נייערט דאָס וואָלט איך וועלן לערנען פון אייך: האָט איר מְקַבל געווען
דעם גייסט דורך די מַעשׂים פון דער תּורה, אָדער דורך דער שמועה
פון אֶמונה? 3 צי זענט איר אַזוי נאַריש? אָנגעהויבן האָט איר אין דעם
גייסט, פאַרענדיקט איר אַצינד אין דעם פלייש? 4 צי האָט איר אומזיסט
אַזויפיל געליטן? אויב באֶמת אומזיסט! 5 וואָרים דער, וואָס גיט אייך דעם
גייסט, און טוט גבורות צווישן אייך, צי טוט ער דאָס דורך די מַעשׂים
פון דער תּורה, אָדער דורך דער שמועה פון אֶמונה? 6 אַזויווי אַבְרָהם

האָט געגלויבט אין גאָט, און עס איז אים פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ
גערעכטיקייט[א].
7 אַזוי זעט איר, אַז די, וואָס זענען פון דער אֶמונה, די דאָזיקע זענען
קינדער פון אַבֿרָהמען. 8 און די תּוֹרה, ווייל זי האָט פאָרויסגעזען, אַז גאָט
וועט רעכטפאַרטיקן די גויים דורך אֶמונה, האָט פאָרויס אָנגעזאָגט די
בשׂורה צו אַבֿרָהמען: אין דיר וועלן אַלע אומות זיין געבענטשט[ב]. 9 הייסט
עס דעריבער, אַז די, וואָס זענען פון דער אֶמונה, זענען געבענטשט מיט
דעם מַאמין אַבֿרָהם.
10 וואָרים אַלע, וואָס פאַרלאָזן זיך אויף די מַעשׂים פון דער תּוֹרה,
זענען אונטער אַ קלָלה; וואָרים סע שטייט געשריבן: פאַרשאָלטן איז יעדער
איינער, וואָס באַשטייט ניט אין אַלצדינג, וואָס סע שטייט געשריבן אין
דעם סֵפר פון דער תּוֹרה, צו טאָן עס[ג]. 11 היינט, אַז קיינער ווערט ניט
גערעכטפאַרטיקט פאַר גאָט דורך דער תּוֹרה, איז קלאָר; וואָרים: דער
צַדיק וועט לעבן דורך אֶמונה[ד]. 12 און די תּוֹרה איז ניט פון אֶמונה, נייערט:
דער, וואָס טוט זי מקַיים זיין, וועט לעבן אין איר[ה]. 13 מָשיחַ האָט אונדז
אויסגעלייזט פון דער קלָלה פון דער תּוֹרה, בעת ער איז געוואָרן אַ
קלָלה פאַר אונדז. וואָרים סע שטייט געשריבן: פאַרשאָלטן איז יעדער
איינער, וואָס טוט הענגען אויף אַ בוים,[ו] — 14 כּדי אויף די אומות־העולָם
זאָל קומען די בְרָכה פון אַבֿרָהמען אין יֵשוּעַ הַמָשיחַ, און כּדי מיר זאָלן
מקַבל זיין די הַבטָחה פון דעם גייסט דורך אֶמונה.
15 ברידער, איך רעד לויט דעם שטייגער פון מענטשן: הַגַם עס איז
נאָר אַ מענטשנס צַוָואה, אויב זי איז באַשטעטיקט געוואָרן, קאָן קיינער זי
ניט מבַטל זיין, אָדער עפּעס צוזעצן צו איר. 16 און צו אַבֿרָהמען זענען
די הַבטָחות געגעבן געוואָרן, און צו זיין זאָמען. ער זאָגט ניט: און צו
זאָמען, ווי פון אַ סך, נייערט ווי פון איינעם: און צו דיין זאָמען[ז], וואָס
איז מָשיחַ. 17 און דאָס זאָג איך: אַ בונד, וואָס איז פריער באַשטעטיקט
געוואָרן דורך גאָט, קאָן די תּוֹרה, וואָס איז געקומען פיר הונדערט און
דרייסיק יאָר שפּעטער, ניט בָטל מאַכן, אַזוי, אַז די הַבטָחה זאָל קיין
קִיום ניט האָבן. 18 וואָרים אויב די ירושה איז פון דער תּוֹרה, איז זי ניט

[א] בראשית טו, 6. [ב] בראשית יב, 3. [ג] דברים כז, 26. [ד] חבקוק ב, 4. [ה] ויקרא יח, 5.
[ו] דברים כא, 23. [ז] בראשית יג, 15; יז, 7; כב, 18; כד, 7.

מער פון דער הַבטָחה; אָבער גאָט האָט זי געשענקט אַבְרָהמען דורך דער הַבטָחה.

19 בכֵן, וואָס איז די תּוֹרה? זי איז צוגעגעבן געוואָרן פונוועגן די עֲבֵירות, ביז דער זאָמען וועט קומען, פאַר וועמען די הַבטָחה איז געגעבן געוואָרן; און זי איז אָנגעברייט געוואָרן דורך מַלאָכים פון דער האַנט פון אַ פאַרמיטלער. 20 און אַ פאַרמיטלער איז ניט פון איינעם; גאָט אָבער איז איינער. 21 צי איז דען די תּוֹרה קעגן די הַבטָחות פון גאָט? חָלִילה! וואָרים אויב סע וואָלט געגעבן געוואָרן אַ תּוֹרה, וואָס וואָלט געקענט מאַכן לעבעדיק, דעמאָלט וואָלט רעכטפאַרטיקייט באֱמת געווען פון דער תּוֹרה. 22 דער פּסוק האָט אָבער אַלצדינג פאַרשלאָסן אונטער זינד, כּדי די הַבטָחה דורך אֱמונה אין יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ זאָל געגעבן ווערן צו די, וואָס גלויבן.

23 אָבער איידער אֱמונה איז געקומען, זענען מיר געהאַלטן געוואָרן אין שוץ אונטער דער תּוֹרה, אײַנגעשלאָסן פאַר דער אֱמונה, וואָס האָט געדאַרפט אַנטפּלעקט ווערן. 24 אַזוי, אַז די תּוֹרה איז געוואָרן אונדזער דערציִער צום מָשִׁיחַ, כּדי מיר זאָלן גערעכטפאַרטיקט ווערן דורך אֱמונה. 25 אַצינד אָבער, אַז אֱמונה איז געקומען, זענען מיר ניט מער אונטער אַ דערציִער. 26 וואָרים איר אַלע זענט קינדער פון גאָט דורך אֱמונה אין יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ. 27 וואָרים וויפל פון אײַך סע זענען געטובלט געוואָרן אין מָשִׁיחַן, האָבן זיך אָנגעטאָן מָשִׁיחַן. 28 ניטאָ קיין ייִד אָדער גריך, ניטאָ קיין קנעכט אָדער פרײַער, ניטאָ קיין זָכר אָדער נקֵבה; וואָרים איר אַלע זענט איינס אין יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ. 29 און אויב איר געהערט מָשִׁיחַן, דעמאָלט זענט איר אַבְרָהמס זאָמען, יוֹרשים לויט נאָך דער הַבטָחה.

ד איך זאָג אָבער, אַז כָּל־זמַן דער יוֹרש איז אַ קינד, אונטערשיידט ער זיך מיט גאָרניט פון אַ קנעכט, הַגם ער איז האַר פון אַלץ; 2 נייערט ער איז אונטער היטערס און אויפזעערס ביז צו דער צײַט, וואָס איז באַשטימט פון דעם פאָטער. 3 אַזוי אויך מיר, בעת מיר זענען געווען קינדער, זענען מיר געהאַלטן געוואָרן אין קנעכטשאַפט אונטער די ערשטע יסודות פון דער וועלט. 4 בעת אָבער די צײַט איז געוואָרן דערפילט, האָט גאָט אַרויסגעשיקט זײַן זון, געבוירן פון אַ ווײַב, געבוירן אונטער דער תּוֹרה, 5 אַז ער זאָל אויסלייזן די, וואָס זענען געווען אונטער דער תּוֹרה,

כּדי מיר זאָלן מקבל זיין דאָס רעכט פון קינדער. [6] און ווייל איר זענט קינדער, האָט גאָט אַרויסגעשיקט דעם גייסט פון זיין זון אין אונדזערע הערצער אַריין, וואָס רופט: אַבָּא, פאָטער! [7] אַזוי, אַז דו ביסט ניט מער קיין קנעכט, נייערט אַ זון; און אויב אַ זון, טאָ אַ יורש דורך גאָט.

[8] אָבער דעמאָלט, בעת איר האָט גאָט ניט געקענט, זענט איר געווען אין קנעכטשאַפט ביי די, וואָס זענען אין זייער עֶצֶם ניט קיין געטער. [9] אַצינד אָבער, בעת איר קענט גאָט, אָדער ליבערשט, איר זענט דערקענט פון גאָט, וויאַזוי קערט איר אייך אום צוריק צו די שוואַכע און אָרעמע יסודות, צו וועלכע איר באַגערט צו זיין אין קנעכטשאַפט אויפסניַי? [10] איר היט אָפּ טעג, און חֳדָשים, און זמַנים, און יאָרן. [11] איך האָב מורא פונוועגן אייך, טאָמער חָלִילה האָב איך אומזיסט אַוועקגעשאָנקען מי אויף אייך.

[12] איך בעט אייך, ברידער, ווערט ווי איך בין, וואָרים אויך איך בין געוואָרן ווי איר זענט. איר האָט מיר ניט געטאָן קיין שום שלעכטס; [13] איר ווייסט, אַז מַחמת אַ שוואַכקייט אין דעם לייַב האָב איך אָנגעזאָגט פאַר אייך די בשׂורה דאָס ערשטע מאָל; [14] און דאָס, וואָס איז ביי אייך געווען אַ נסָיון אין מיין לייַב, האָט איר ניט פאַראַכט און ניט פאַרוואָרפן, נייערט איר האָט מיך מקַבּל געווען ווי אַ מַלאך פון גאָט, ווי יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ. [15] דעריבער, וואו איז יענע געבענטשטקייט אייערע? וואָרים איך זאָג אייך עֵדות, אַז אויב מעגלעך, וואָלט איר אַרויסגעריסן אייערע אויגן און זיי מיר געגעבן. [16] צי בין איך דעריבער געוואָרן אייער שׂונא מיט דעם זאָגן אייך דעם אֱמת? [17] זיי באַגערן אייך אייפעריק אויף ניט קיין גוטן אופן; יאָ, זיי ווילן אייך אויסשליסן, כּדי איר זאָלט זיי באַגערן. [18] עס איז תָמיד גוט אייפעריק געזוכט צו ווערן אין אַ גוטער זאַך, און ניט נאָר בעת איך בין מיט אייך. [19] קינדער מיינע, צוליב וועמען איך בין ווידער אַמאָל אין וויִען, ביז מָשִׁיחַ וועט געפורעמט ווערן אין אייך! [20] איך וואָלט אָבער וועלן זיין אָנוועזנד מיט אייך אַצינד, און צו בייטן מיין קול; וואָרים איך בין באַזאָרגט פונוועגן אייך.

[21] זאָגט מיר, איר, וואָס באַגערט צו זיין אונטער דער תּוֹרה, צי טוט איר ניט הערן די תּוֹרה? [22] וואָרים סע שטייט געשריבן, אַז אַבְרָהם האָט געהאַט צוויי זין, איינעם פון דער דינסט, און איינעם פון דעם פרייען ווייב. [23] אָבער דער זון פון דער דינסט איז געבוירן געוואָרן לויט דעם

פלייש, און דער זון פון דעם פרייען ווייב דורך דער הַבטָחה[א]. [24]די
דאָזיקע זאַכן האָבן אין זיך אַ מָשל: וואָרים די דאָזיקע ווייבער זענען
צוויי בונדן; איינעם פון דעם באַרג סִינַי, וואָס געבערט קינדער פאַר
קנעכטשאַפט, דאָס איז הָגָר. [25]און די דאָזיקע הָגָר איז דער באַרג סִינַי
אין אַראַביע, און איז געגליכן דער איצטיקער ירושָלַיִם, וואָרים זי איז אין
קנעכטשאַפט מיט אירע קינדער. [26]אָבער די ירושָלַיִם שֶל־מַעלה, איז פריי,
און זי איז אונדזער מוטער. [27]וואָרים סע שטייט געשריבן:

פריי דיך, דו עֲקָרה, וואָס האָסט ניט געבוירן,
שריי אויס און זינג, דו, וואָס האָסט ניט קיין וויִען;
וואָרים מערער זענען די קינדער פון דער פאַרלאָזטער,
ווי פון איר, וואָס איז באַמאַנט[ב].

[28]און מיר, ברידער, ווי יִצחָק, זענען קינדער פון דער הַבטָחה. [29]אָבער
אַזוי ווי דעמאָלט, האָט דער, וואָס איז געבוירן געוואָרן לויט דעם פלייש,
גערודְפט דעם, וואָס איז געבוירן געוואָרן לויט דעם גייסט; אַזוי איז עס
אויך אַצינד. [30]אָבער וואָס זאָגט דער פָּסוק? טרייַב אַרויס די דינסט און
איר זון; וואָרים דער זון פון דער דינסט וועט ניט יַרשענען מיט דעם זון
פון דעם פרייען ווייב[ג]. [31]דעריבער, ברידער, מיר זענען ניט קיין קינדער
פון אַ דינסט, נייערט פון דעם פרייען ווייב.

**ה** פונוועגן פרייַהייט האָט אונדז מָשיחַ פריי געמאַכט; שטייט דעריבער
פעסט, און טוט אייך ניט נאָכאַמאָל אונטערוואַרפן אונטער אַן עול
פון קנעכטשאַפט.

[2]אָט איך, פאָולוס, זאָג אייך, אַז אויב איר וועט זיך מַל זיין, וועט
אייך מָשיחַ גאָרניט נוצן. [3]יאָ, איך זאָג ווידער אַמאָל עֵדות יעדן מענטשן,
וואָס לאָזט זיך מַל זיין, אַז ער איז מחויב מקיים צו זיין די גאַנצע תּורה.
[4]איר זענט אָפּגעשניטן פון מָשיחַן, איר, וואָס ווילט גערעכטפאַרטיקט ווערן
דורך דער תּורה; איר זענט אָפּגעפאַלן פון דעם חֶסֶד. [5]וואָרים דורך דעם
גייסט, און דורך אֱמונה, וואַרטן מיר אויף דער האָפענונג פון רעכט־
פאַרטיקייט. [6]וואָרים אין יֵשוּעַ הַמָשיחַ מיינט מִילה גאָרניט, אויך ניט עָרלה,
נייערט אֱמונה, וואָס טוט ווירקן דורך ליבשאַפט.

[7]איר זענט גוט געלאָפן. ווער האָט אייך געשטערט, אַז איר זאָלט

א בראשית כא, 2. ב ישעיה נד, 1. ג בראשית כא, 10.

פאָלגן דעם אֶמת? 8 די דאָזיקע איבעררעדונג איז ניט פון אים, וואָס
האָט אייך באַרופן. 9 אַביסל חָמץ מאַכט זויער דאָס גאַנצע טייג. 10 איך
בין בטוח פונוועגן אייך אין דעם האַר, אַז איר וועט ניט האָבן קיין
אַנדערע דֵעה; דער אָבער, וואָס טוט אייך דריקן, וועט קריגן זיין פּסק,
ווער דאָס זאָל ניט זיין. 11 איך אָבער, ברידער, אויב איך זאָג נאָך אָן
מִילה, פאַרוואָס ווער איך נאָך גערודֶפט? דעמאָלט איז דער אֶבֶן־נֶגֶף פון
דעם צלָב בָּטל געוואָרן. 12 הַלוואַי זאָלן די, וואָס צערודערן אייך, נאָך
גיין ווייטער פון מִילה!

13 וואָרים איר, ברידער, זענט באַרופן געוואָרן צו פרייַהייט; נוצט
אָבער ניט אייער פרייַהייט פאַר אַ געלעגנהייט פון דעם פלייש; נייערט
דורך ליבשאַפט טוט דינען איינער דעם אַנדערן. 14 וואָרים די גאַנצע
תּורה ווערט מקוים אין איין וואָרט, דהַיינו: דו זאָלסט ליב האָבן דיין
חַבר ווי זיך אַליין[א]. 15 אויב אָבער איר בייסט און עסט אויף איינער דעם
אַנדערן, גיט אַכטונג, אַז איר זאָלט ניט פאַרצערט ווערן איינער פון דעם
אַנדערן.

16 איך זאָג אָבער: גייט אין דעם גייסט, און איר וועט ניט ממַלא
זיין די תַּאווה פון דעם פלייש. 17 וואָרים דאָס פלייש טוט גלוסטן להֵיפוך
דעם גייסט, און דער גייסט להֵיפוך דעם פלייש; וואָרים די דאָזיקע זענען
להֵיפוך איינער דעם אַנדערן, כּדי איר זאָלט ניט טאָן די זאַכן, וואָס איר
וואָלט וועלן. 18 אויב אָבער איר ווערט געפירט פון דעם גייסט, זענט
איר ניט אונטער דער תּורה. 19 און די מַעשים פון דעם פלייש זענען
אַנטפּלעקט, און זיי זענען: זנות, טומאה, תַּאווה, 20 עֲבודה־זָרה, כּישוף, שִׂנאה,
קריג, אייפערזוכט, כַּעס, אייגן־ליבע, מַחלוקֶות, כּיתּות, 21 קִנאה, שִׁכּרות,
פרעסערייַען, און כּדומה. פונוועגן דעם טו איך אייך וואָרענען פאָרויס,
אַזוֹיווי איך האָב אייך שוין פריער געוואָרנט, אַז די, וואָס טוען אַזוינע
זאַכן, וועלן ניט יַרשענען דאָס מַלכות פון גאָט. 22 אָבער די פרוכט פון
דעם גייסט איז ליבשאַפט, פרייד, שָלום, סַבלָנות, פרייַנטלעכקייט, גוטסקייט,
געטרייַשאַפט, 23 עֲניוות, צוריקגעהאַלטנקייט; קעגן אַזעלכע איז ניטאָ קיין
תּורה. 24 און די, וואָס געהערן צו יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ, האָבן געקרייציקט דאָס
פלייש מיט זייערע גלוסטיקייטן און די תַּאוות דערפון.

[א] ויקרא יט, 18.

25 אויב מיר לעבן דורך דעם גייסט, לאָמיר אויך גיין אין דעם גייסט. 26 לאָמיר ניט לויפן נאָך פוסטן כּבוד, צו דערצערענען איינער דעם אַנדערן, און מקנא זיין איינער דעם אַנדערן.

ו ברידער, אויב אַפילו אַ מענטש וועט געכאַפּט ווערן אין עפּעס אַן עבֵירה, זאָלט איר, וואָס זענט גײַסטיקע, אַזאַ איינעם צוריקשטעלן אין אַ גייסט פון איידלקייט. גיב אַכטונג אויף דיר אַליין, טאָמער וועסטו אויך געבראַכט ווערן צו אַ נסָיון. 2 טראָגט איינער דעם אַנדערנס לאַסטן, און אַזוי אַרום זייט מקַיים די תּורה פון מָשיחַן. 3 וואָרים אויב עמיצער רעכנט זיך צו זיין עפּעס, בעת ער איז גאָרניט, נאַרט ער זיך אַליין אָפּ. 4 זאָל אָבער יעדער מענטש אויספּרואוון זיין אייגענע טואונג, און דערנאָך זאָל ער קריגן זיין לויב אין שײַכות מיט זיך אַליין, און ניט פון אַן אַנדערן. 5 וואָרים יעדער איינער וועט טראָגן זיין אייגענע מַשׂא.

6 זאָל דער, וואָס ווערט געלערנט אין דעם וואָרט, זיך טיילן פון אַלעמגוטן מיט דעם, וואָס לערנט אים. 7 זייט ניט גענאַרט; גאָט לאָזט זיך ניט אויסשפּעטן. וואָרים וואָס נאָר אַ מענטש טוט זייען, דאָס וועט ער אויך שניידן. 8 וואָרים דער, וואָס טוט זייען פאַר זיין אייגענעם פלייש, וועט שניידן פון דעם פלייש פאַרדאַרבונג; דער אָבער, וואָס טוט זייען פאַר דעם גייסט, וועט שניידן פון דעם גייסט אייביק לעבן. 9 און לאָמיר ניט ווערן מיד אין טאָן גוטס; וואָרים אין דער געהעריקער צייט וועלן מיר שניידן, אויב מיר וועלן ניט אָפּגעשוואַכט ווערן. 10 און דעריבער, כָּל־זמַן מיר האָבן אַ געלעגנהייט, לאָמיר טאָן גוטס צו אַלע מענטשן, און בִּפרַט צו די, וואָס זענען פון דעם הויזגעזינד פון דער אֶמונה.

11 זעט מיט וואָסערע גרויסע אותיות־ איך שרייב אייך מיט מיין אייגענער האַנט. 12 אַלע, וואָס באַגערן צו באַשײנען זיך אין דעם פלייש, טוען אייך צווינגען געמַלט צו ווערן, כּדי נאָר זיי זאָלן ניט גערודֶפט ווערן צוליב דעם צלָב פון מָשיחַן. 13 וואָרים אַפילו די געמַלטע אַליין היטן ניט אָפּ די תּורה; זיי ווילן נאָר, אַז איר זאָלט זיך מַל זיין, כּדי זיי זאָלן זיך רימען אין אייער פלייש. 14 אָבער איך חָלִילה וויל מיך ניט רימען, אַחוץ אין דעם צלָב פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשיחַ, דורך וועמען די וועלט איז געקרייציקט געוואָרן פאַר מיר, און איך פאַר דער וועלט. 15 וואָרים ניט מִילה מיינט עפּעס, אויך ניט עָרלה, נייערט אַ ניי באַשאַף. 16 און וויפל

סע וועלן גיין מיט דעם כּלל, זאָל אויף זיי זיין שָׁלום, און חֶסֶד, און אויף דעם יִשׂרָאל פון גאָט.

[17] פון איצטמאָל־אָן זאָל מיך קיינער ניט מַטרִיחַ זיין; וואָרים איך טראָג אין מיין לייַב די סִימָנים פון יֵשועַן.

[18] דער חֶסֶד פון אונדזער האַר יֵשועַ הַמָשִׁיחַ זאָל זיין מיט אייער גייסט, ברידער. אָמֵן.



# דער בריוו צו די עפעזער

א פּאָולוס, אַ שליח פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ דורך דעם
רָצון פון גאָט, צו די הייליקע, וואָס זענען
אין עפעזוס, און די גלויביקע אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.
2 חֶסֶד צו אייך און שָלום פון גאָט, אונדזער
פאָטער, און דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.
3 געלויבּט זאָל זיין דער גאָט און פאָטער פון
אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, וואָס האָט אונדז
געבּענטשט מיט יעדער גייַסטיקער בּרָכה אין די
הימלישע מקומות אין מָשִיחַן. 4 אַזויווי ער האָט
אונדז אויסדערוויילט אין אים, איידער די וועלט
איז געגרונטפעסטיקט געוואָרן, אַז מיר זאָלן זיין
הייליק און אָן אַ מום פאַר אים אין ליבשאַפט;
5 בעת ער האָט אונדז פאָרויסבאַשטימט צו זיין
קינדער פאַר אים דורך יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, לויט דעם
ווילגעפעלן פון זיין רָצון, 6 צום לויב פון דעם
כָּבוד פון זיין חֶסֶד, מיט וואָס ער האָט אונדז
פריי באַשאָנקען אין דעם באַליבּטן.
7 אין אים האָבּן מיר די ישועה דורך זיין בּלוט,
די פאַרגעבּונג פון אונדזערע זינד, לויט דער
עַשירות פון זיין חֶסֶד, 8 וואָס ער האָט פאַרמערט
פאַר אונדז אין יעדער חָכמה און פאַרשטענדיקייט,
9 און האָט אַנטפּלעקט פאַר אונדז דעם סוד פון

זיין רָצון, לויט זיין וואוילגעפעלן, וואָס ער האָט אין אים באַשלאָסן [10] פאַר אַ דורכפירונג אין דער פולקייט פון די צייטן, איינצוזאַמלען אין מָשִיחַן אַלצדינג, וואָס איז אין די הימלען, און וואָס איז אויף דער ערד. [11] אין אים, אין וועמען אויך מיר זענען געוואָרן יורשים, ווייל מיר זענען פאָרויס באַשטימט געוואָרן לויט דער כַּוָנָה פון אים, וואָס טוט אַלצדינג לויט דער עֵצה פון זיין רָצון; [12] כדי מיר זאָלן זיין צום לויב פון זיין כָּבוד, מיר, וואָס האָבן פריער געהאָפט אין מָשִיחַן. [13] אין וועמען אויך איר, בעת איר האָט געהערט דאָס וואָרט פון דעם אֶמת, די בשׂורה פון אייער ישועה, און מַחמת איר האָט געגלויבט אין אים, זענט איר פאַרחַתמעט געוואָרן מיט דעם רוח־הַקוֹדֶש פון דער הַבטָחה, [14] וואָס איז אַן עֲרבות פון אונדזער אַרבטייל, פאַר דער אויסלייזונג פון זיין אייגענעם האָב, צום לויב פון זיין כָּבוד.

[15] צוליב דער דאָזיקער סִיבה, בעת איך האָב געהערט פון אייער אֱמונה אין דעם האַר יֵשוּעַ, און פון דער ליבשאַפט צו אַלע הייליקע, [16] הער איך ניט אויף אָפּצוגעבן אַ שֶבַח פאַר אייך, בעת איך דערמאָן אייך אין מיינע תּפילות, [17] אַז דער גאָט פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, דער פאָטער פון הערלעכקייט, זאָל אייך געבן אַ גייסט פון חָכמה און אַנטפּלעקונג אין דער דערקענטעניש פון אים, [18] און אַז ער זאָל ליכטיק מאַכן די אויגן פון אייער האַרץ, כדי איר זאָלט פאַרשטיין וואָס עס איז די האָפענונג פון זיין רופן, וואָס איז די עֲשירות פון דער הערלעכקייט פון זיין נַחלה אין די הייליקע, [19] און וואָס איז די אומפאַרגלייכלעכע גרויסקייט פון זיין מאַכט לגַבי אונדז, וואָס גלויבן, לויט יענער ווירקונג פון דער קראַפט פון זיין שטאַרקייט, [20] וואָס ער האָט געווירקט אין מָשִיחַן, בעת ער האָט אים מחַיֵה־מֵתִים געווען, און האָט אים געזעצט צו זיין רעכטער האַנט אין די הימלישע מקוֹמות[א], [21] העכער איבער יעדער מֶמשָלה, און שלִיטה, און מאַכט, און מלוּכה, און יעדן נאָמען, וואָס ווערט אָנגערופן, ניט נאָר אין דער וועלט, נייערט אויך אויף יענער וועלט. [22] און אַלצדינג האָט ער אונטערטעניק געמאַכט אונטער זיינע פיס, און האָט אים געמאַכט פאַר דעם ראָש איבער אַלצדינג אין דער קהִילה, [23] וואָס איז זיין לייַב, די פולקייט פון אים, וואָס פילט אָן אַלץ אין אַלעמען.

[א] תהלים קי, 1.

ב און אייך האָט ער לעבעדיק געמאַכט, בעת איר זענט געווען טויט דורך אייערע עֲבֵירוֹת און זינד, [2] אין וועלכע איר זענט אַמאָל געגאַנגען לויט דעם סֵדר פון דער דאָזיקער וועלט, לויט דעם שַׂר פון די כּוֹחות פון דער לופט, פון דעם גייסט, וואָס ווירקט אַצינד אין די קינדער פון ווידערשפּעניקייט. [3] צווישן וועמען אויך מיר אַלע האָבן אַמאָל געלעבט אין די תַּאֲווֹת פון אונדזער פליש, בעת מיר האָבן געטאָן די באַגערן פון דעם לײַב און פון דעם פאַרשטאַנד, און זענען געווען בטֶבַע קינדער פון גרימצאָרן, אַזױװי די איבעריקע. [4] נאָר גאָט, וואָס איז רײַך אין דערבאַרעמדיקייט, האָט צוליב זײַן גרויסער ליבשאַפט, מיט וועלכער ער האָט אונדז ליב געהאַט, [5] אַפילו בעת מיר זענען געווען טויט דורך אונדזערע עֲבֵירוֹת, האָט אונדז לעבעדיק געמאַכט אינאײנעם מיט מָשִׁיחַן (דורך חֶסֶד זענט איר נִיצול געוואָרן), [6] און האָט אונדז אויפגעוועקט מיט אים, און אונדז געטאָן זעצן אין די הימלישע מקוֹמות, אין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, [7] כּדי אין די דוֹרות, וואָס קומען, זאָל ער באַווײַזן די אומפאַרגלײַכלעכע עֲשִׁירוּת פון זײַן חֶסֶד אין גוטסקייט לגַבּי אונדז אין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. [8] וואָרים מיט חֶסֶד זענט איר נִיצול געוואָרן דורך דער אֱמוּנה; און דאָס ניט פון אייך אַליין, עס איז די מַתָּנָה פון גאָט — [9] ניט פון מַעֲשִׂים, כּדי קיינער זאָל זיך ניט רימען. [10] וואָרים מיר זענען זײַן ווערק, געשאַפן אין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ פון מַעֲשִׂים־טוֹבים וועגן, וואָס גאָט האָט פון פריער אָנגעברייט, כּדי מיר זאָלן גיין אין זיי.

[11] געדענקט דעריבער, אַז איר, גוֹיים אין דעם פליש, זענט אַמאָל גערופן געוואָרן עֲרֵלים פון יענע, וואָס ווערן גערופן געמַלטע אין דעם פליש, דורכגעפירט מיט הענט, [12] אַז איר זענט אין יענער צייט געווען אָפּגעשיידט פון מָשִׁיחַן, פאַרפרעמדט פון דעם בירגער־רעכט פון יִשְׂרָאֵל, און פרעמדע פון די בונדן פון דער הַבְטָחה, אָן אַ האָפענונג און אָן גאָט אין דער וועלט. [13] איצט אָבער, אין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, זענט איר, וואָס זענט אַמאָל געווען ווײַט, געבראַכט געוואָרן נאָענט דורך דעם בלוט פון מָשִׁיחַן. [14] וואָרים ער איז אונדזער שָׁלוֹם, וואָס האָט פון ביידע געמאַכט איינס, און האָט אײַנגעוואָרפן די צווישנוואַנט פון דער מְחִיצה, [15] און האָט בָּטֵל געמאַכט אין זײַן פליש די שִׂנאה, די תּוֹרה פון מִצוות און חוקים, כּדי ער זאָל באַשאַפן אין זיך פון די צוויי איין נייעם מענטשן, און אויך אַזױ

אופן מאַכן שָלום; [16] און זאָל באַוויליקן ביידע צו גאָט אין איין לײַב דורך דעם צלָב, מיט וואָס ער האָט געטייט די שִׂנאה. [17] און ער איז געקומען און האָט מבַשׂר געווען שָלום צו אייך, וואָס זענט געווען ווייט, און שָלום צו די, וואָס זענען געווען נאָענט. [18] ווארים דורך אים האָבן מיר ביידע אונדזער צוטריט אין איין גייסט צו דעם פאָטער. [19] דעריבער זענט איר ניט מער קיין גֵרים און צוגעקומענע, נייערט איר זענט תּושבים מיט די הייליקע, און פון דעם הויזגעזינד פון גאָט, [20] געבויט אויף דעם יסוד פון די שלִיחים און נבִיאים, פון וואָס יֵשוּעַ הַמָשִיחַ אַליין איז דער ווינקלשטיין; [21] אין וועמען דער גאַנצער בִנין איז צוזאַמענגעבויט, און וואַקסט אויס אין אַ הייליקן מִקדש אין דעם האַר; [22] אין וועמען אויך איר זענט אויפגעבויט פאַר אַ וואוינאָרט פון גאָט אין דעם גייסט.

ג צוליב דעם בין איך, פאָולוס, דער געפאַנגענער פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ פאַר אייך, וואָס זענט פון צווישן די אומות־הָעולם — [2] אויב איר האָט געהערט פון דער אויסטיילונג פון דעם חֶסֶד־ פון גאָט, וואָס איז מיר געגעבן געוואָרן פון אײַערטוועגן, [3] וויאַזוי דורך הִתגַלות איז מיר באַקענט געוואָרן דער סוד, ווי איך האָב אייך שוין פריער געשריבן בקִיצור. [4] בעת איר וועט דאָס לייענען, וועט איר קענען באַנעמען מיין פאַרשטענדעניש אין דעם סוד פון מָשִיחַן, [5] וואָס איז אין אַנדערע דורות ניט באַקענט געוואָרן פאַר די מענטשנקינדער, ווי דאָס איז אַצינד אַנטפּלעקט געוואָרן פאַר זיינע הייליקע שלִיחים און נבִיאים אין דעם גייסט; [6] דאָס הייסט, אַז די אומות־הָעולָם זענען מיט־יורשים, גלידער פון דעם אייגענעם לײַב, און טיילנעמער פון דער הַבטָחה אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ דורך דער בשורה, [7] פון וועלכער איך בין געמאַכט געוואָרן אַ באַדינער, לויט דער מַתָנה פון דעם חֶסֶד, וואָס איז מיר געגעבן געוואָרן פון גאָט, לויט דער ווירקונג פון זיין מאַכט.

[8] צו מיר, וואָס כ׳בין דער מינדסטער פון אַלע הייליקע, איז דער דאָזיקער חֶסֶד־ געגעבן געוואָרן, אָנצוזאָגן פאַר די אומות־הָעולָם די אומדערפאָרשטבאַרע עַשִירות פון מָשִיחַן, [9] און צו מאַכן אַלעמען זען וואָס עס איז דער רַעיון פון דעם סוד, וואָס איז דורות־לאַנג געווען פאַרהוילן אין גאָט, וואָס האָט באַשאַפן אַלצדינג; [10] כּדי דורך דער קהִילה זאָל אַצינד באַקענט געמאַכט ווערן צו די הערשאַפטן און מֶמשָלות אין די

הימלישע מקומות די פילפאַכע חָכמה פון גאָט, [11] לויט דער אייביקער כַּוָנה, וואָס ער האָט באַשלאָסן אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, אונדזער האַר, [12] אין וועמען מיר האָבן מוטיקייט און צוטריט מיט זיכערקייט דורך אונדזער אֶמונה אין אים. [13] דעריבער בעט איך אייך, אַז איר זאָלט ניט שלאַף ווערן איבער מיינע צָרות פונוועגן אייך, וואָס זענען אייער לויב.

[14] צוליב דעם בייג איך מיינע קני פאַר דעם פאָטער, [15] פון וועמען אַלע מִשפָּחות אין הימל און אויף דער ערד ווערן אָנגערופן, [16] אַז ער זאָל אייך באַוויליקן, לויט דער עֲשירות פון זיין כָּבוד, אַז איר זאָלט געשטאַרקט ווערן מיט מאַכט דורך זיין גייסט אין דעם אינעווייניקסטן מענטשן, [17] און אַז מָשִיחַ זאָל רוען אין אייערע הערצער דורך אֶמונה, כּדי אַז איר, וואָס זענט איינגעוואָרצלט און געגרונטפעסטיקט אין ליבשאַפט, [18] זאָלט קענען באַנעמען מיט אַלע הייליקע וואָס עס איז די ברייט, און לענג, און הייך, און טיפקייט, [19] און צו פאַרשטיין די ליבשאַפט פון מָשִיחַן, וואָס שטייגט איבער קענטעניש, כּדי איר זאָלט ווערן פול מיט דער גאַנצער פולקייט פון גאָט.

[20] און פאַר אים, וואָס איז בִיכוֹלת צו טאָן אַ סך מער ווי אַלץ, וואָס מיר בעטן, אָדער טראַכטן, לויט דעם כּוֹחַ, וואָס ווירקט אין אונדז, [21] פאַר אים זאָל זיין דער כָּבוד אין דער קהִילה, און אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, ביז צו אַלע דורות אויף אייביק און אייביק. אָמֵן.

ד דעריבער בעט איך אייך, דער געפאַנגענער אין דעם האַר, צו גיין ווערדיק אין דעם באַרוף, מיט וועלכן איר זענט באַרופן געוואָרן, [2] מיט יעדער הַכנָעה און עֲנִיוּת, מיט געדולדיקייט צו פאַרטראָגן איינער דעם אַנדערן אין ליבשאַפט, [3] און פלייסט אייך אָפּצוהיטן די אַחדות פון דעם גייסט אין דעם בונד פון שָלום. [4] עס איז פאַראַן איין גוף, און איין גייסט, אַזויווי איר זענט אויך באַרופן געוואָרן אין איין האָפענונג פון אייער באַרוף, [5] איין האַר, איין אֶמונה, איין טבִילה, [6] איין גאָט און פאָטער פון אַלצדינג, וואָס איז איבער אַלץ, און דורך אַלץ, און אין אַלץ. [7] נאָר יעדן איינעם פון אונדז איז דער חֶסֶד געגעבן געוואָרן לויט דער מאָס פון דער מַתָנה פון מָשִיחַן. [8] דעריבער זאָגט ער:

בעת ער איז אַרויפגעגאַנגען אין דער הייך,
האָט ער געפאַנגען אַ געפאַנג,

און געגעבן מַתָּנות צו מענטשןא.

[9] בכֵן, דאָס דאָזיקע: ער איז אַרויפגעגאַנגען, וואָס מיינט עס דען אַנדערש, ווי אַז ער האָט אויך אַראָפּגענידערט אין די אונטערשטע טיילן פון דער ערד? [10] דער, וואָס האָט אַראָפּגענידערט, איז אויך דער דאָזיקער, וואָס איז אַרויפגעשטיגן הויך איבער אַלע הימלען, כּדי ער זאָל מְמַלא זיין אַלצדינג. [11] און ער האָט טייל געמאַכט פאַר שליחים, און טייל—נביאים, און טייל—מבַשׂרים, און טייל—פאַר פּאַסטעכער און לערער, [12] פונוועגן דער שלֵימות פון די הייליקע, פאַר דעם ווערק פון דער עבֿודה, פאַר דער אויפבויאונג פון דעם לײַב פון מָשיחַן, [13] ביז מיר אַלע וועלן דערגרייכן די אַחדות פון דער אֶמונה, און די דערקענטעניש פון דעם בֶּן־אֱלֹהִים, צו אַ פולקאָמענעם מענטשן, צו דער מאָס פון דעם וואוקס פון מָשיחַס פולקייט; [14] כּדי מיר זאָלן מער ניט זיין קיין קינדער, געשלײַדערט אַהין און צוריק און אַרומגעטראָגן מיט יעדן ווינט פון לערנונג, דורך דער אָפּנאַרערײַ פון מענטשן, אין כיטרעקייט, לויט דער גענאַרעריי פון טָעות, [15] נייערט צו רעדן דעם אֶמת אין ליבשאַפט, און וואַקסן אין אַלצדינג צו אים, וואָס איז דער ראָש, מָשיחַ, [16] פון וועמען דער גאַנצער לײַב, צונויפגעשטעלט און צוזאַמענ־געפלאָכטן, דורך דעם, וואָס יעדער אֵבר גיט צו, לויט דער ווירקונג אין דער געגעבענער מאָס פון יעדן באַזונדערן טייל, וואָס מאַכט דאָס וואַקסן פון דעם לײַב צו דער אויפבויאונג פון זיך אַליין אין ליבשאַפט.

[17] דאָס דאָזיקע זאָג איך דעריבער, און זאָג עֵדות אין דעם האַר, אַז איר זאָלט מער ניט גיין ווי סע גייען די גוֹיים; אין דער נישטיקייט פון זייער זין, [18] וואָס איז פאַרפינצטערט אין זייער פאַרשטענדעניש, פאַר־פרעמדט פון דעם לעבן פון גאָט, צוליב דער אומוויסנקייט, וואָס איז אין זיי, צוליב דער פאַרהאַרטונג פון זייער האַרץ, [19] וואָס אָן געפילן האָבן זיי זיך איבערגעגעבן דער תַּאווה, צו טאָן יעדע אומריינקייט מיט גיריקייט. [20] איר אָבער האָט מָשיחַן ניט אַזוי דערקענט! [21] אויב אָבער איר האָט פון אים געהערט, און זענט אין אים געלערנט געוואָרן, אַזוי ווי דער אֶמת איז אין יֵשוּעַן, [22] זאָלט איר אָפּטאָן דאָס, וואָס איז נוֹגֵע אייער פריערדיקן לעבנסשטייגער, דעם אַלטן מענטש, וואָס ווערט פאַרדאָרבן דורך די תַּאוות פון אָפּנאַרעריי, [23] און אַז איר זאָלט באַנייט ווערן אין

אתהלים סח, 19.

דעם גייסט פון אייער פאַרשטאַנד, 24 און אָנטאָן דעם נייעם מענטש, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן לויט דער געשטאַלט פון גאָט אין גערעכטיקייט און הייליקייט פון אֶמת.

25 דעריבער זאָלט איר אָפּטאָן פאַלשקייט, און רעדט דעם אֶמת יעדער איינער מיט זיין חבֿר, וואָרים מיר זענען אֵברים איינער פון אַנדערן. 26 זייט ברוגז, און זינדיקט ניט; זאָל די זון ניט אונטערגיין אויף אייער רוגז; 27 און גיט אויך ניט קיין פּלאַץ פאַר דעם שָׂטָן. 28 זאָל דער, וואָס האָט געגנבֿעט, מער ניט גנבֿענען, נייערט זאָל ער ליבערשט אַרבעטן, און טאָן גוטס מיט זיינע הענט, כּדי ער זאָל האָבן פון וואָס צו געבן דעם, וואָס איז נויטבאַדערפטיק. 29 זאָל קיין נִבֿול־פֶּה ניט אַרויסקומען פון אייער מויל, נייערט נאָר דאָס, וואָס עס איז נייטיק פאַר דער אויפבויאונג, כּדי עס זאָל צוגעבן חֵן צו די, וואָס טוען הערן. 30 און זייט ניט מצַער דעם רוח־הַקוֹדֶש פון גאָט, אין וועמען איר זענט פאַרחתמעט געוואָרן ביז דעם טאָג פון גאולה. 31 זאָל יעדע ביטערקייט, און כַּעס, און רוגזה, און געשריי, און לעסטערונג אָפּגעטאָן ווערן פון אייך, מיט יעדער רִשעות. 32 און זייט גוט איינער צום אַנדערן, דערבאַרעמדיק, זייט מוחל איינער דעם אַנדערן, אַזוי ווי גאָט האָט אויך אייך מוחל געווען אין מָשִיחַן.

ה גייט דעריבער אין די דְרָכים פון גאָט, ווי באַליבטע קינדער, 2 און גייט אין ליבשאַפט, אַזוי ווי מָשִיחַ האָט אויך אייך ליב געהאַט, און האָט זיך מַקריב געווען פון אונדזערטוועגן, אַ קָרבן און אַ שעכטאָפּפער פאַר אַ געשמאַקן רֵיחַ צו גאָט.

3 אָבער זנות, און יעדע טומאה, אָדער גייַציקייט, זאָל דאָס אַפילו ניט דערמאָנט ווערן צווישן אייך, ווי סע פּאַסט פאַר הייליקע; 4 ניט קיין פאַרדאָרבנקייט, ניט קיין נאַרישע רייד, אָדער לֵיצָנות, וואָס זענען ניט פּאַסיק, נייערט טוט ליבערשט דאַנקלויבן. 5 וואָרים דאָס זאָלט איר וויסן, אַז קיין נואף, אָדער אומריינער, אָדער גייַציקער מענטש, וואָס איז אַ געצנדינער, האָט ניט קיין שום נַחלה אין דעם מַלכות פון מָשִיחַ און גאָט. 6 זאָל אייך קיינער ניט אָפּנאַרן מיט פּוסטע רייד; וואָרים צוליב די דאָזיקע זאַכן קומט דער גרימצאָרן פון גאָט אויף די קינדער פון ווידערשפּעניקייט. 7 האָט דעריבער ניט קיין מַגע־ומַשׂא מיט זיי. 8 וואָרים אַמאָל זענט איר געווען פינצטערניש, איצט אָבער זענט איר ליכטיקייט אין דעם האַר;

גייט ווי קינדער פון ליכטיקייט [9](וואָרים די פרוכט פון דעם ליכט איז אין יעדער גוטסקייט און רעכטפאַרטיקייט און אֶמת), [10]און פּרואווט וואָס סע איז וואוילגעפעלן פאַר דעם האַר. [11]און פירט ניט קיין מַגע־ומַשׂא מיט די אומפרוכפּערדיקע מַעשׂים פון פינצטערניש, נייערט שטראָפט זיי ליבערשט. [12]וואָרים דאָס, וואָס זיי טוען בסֵתר, וועגן דעם איז אַ חַרפּה אַפילו צו רעדן. [13]אָבער אַלצדינג, וואָס ווערט געשטראָפט, ווערט אַנטפּלעקט פון דעם ליכט; וואָרים אַלצדינג, וואָס ווערט נִתגַלה, איז ליכטיקייט. [14]דעריבער זאָגט ער:

וואַך אויף, דו, וואָס טוסט שלאָפן,
און שטיי אויף פון די טויטע,
און מָשיחַ וועט לייכטן אויף דיר.

[15]גיט אַכטונג דעריבער וויאַזוי איר גייט, ניט ווי נאַראָנים, נייערט ווי חֲכָמים, [16]לייזט אויס די צייט, מַחמת די טעג זענען שלעכט. [17]זייט דעריבער ניט קיין נאַראָנים, נייערט פאַרשטייט, וואָס עס איז דער רָצון פון דעם האַר. [18]און שִיכּורט אייך ניט אָן מיט וויין, וואָס פירט צו פאַרשײַטקייט, נייערט ווערט פול מיט דעם גייסט; [19]רעדט איינער צום אַנדערן מיט תּהִילות און תִּשבָּחות און גײַסטיקע נגונים, און זינגט און שפּילט מיט אייערע הערצער צו גאָט; [20]גיט תָּמיד פאַר אַלצדינג אַ דאַנק אין דעם נאָמען פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשיחַ צו גאָט, אונדזער פאָטער.

[21]זייט אונטערטעניק איינער דעם אַנדערן אין דער פאָרכטיקייט פון מָשיחן. [22]ווייבער, זייט אונטערטעניק צו אייערע אייגענע מאַנען, אַזויווי צו דעם האַר. [23]וואָרים דער מאַן איז דער קאָפּ פון דעם ווייב, אַזויווי מָשיחַ איז דער קאָפּ פון דער קהִילה, און אויך דער גוֹאֵל פון דעם גוף. [24]נאָר אַזויווי די קהִילה איז אונטערטעניק צו מָשיחן, אַזוי זאָלן אויך די ווייבער זײַן אין אַלצדינג צו זייערע מאַנען. [25]מאַנען, האָט ליב אייערע ווייבער, אַזויווי מָשיחַ האָט אויך ליב געהאַט די קהִילה, און האָט זיך פאַר איר מַקריב געווען, [26]כּדי ער זאָל זי מקַדש זײַן, נאָכדעם ווי ער האָט זי מטַהר געווען דורך דער וואַסער־וואַשונג מיט דעם וואָרט, [27]כּדי ער זאָל פאַר זיך פירשטעלן די קהִילה אַ הערלעכע, וואָס האָט ניט קיין פלעק, אָדער אַ קנייטש, אָדער כּדוֹמה, נייערט אַז זי זאָל זײַן הייליק און אָן אַ מום. [28]פּונקט אַזוי דאַרפן אויך מאַנען ליב האָבן זייערע ווייבער

ווי זייער אייגן לײַב. דער, וואָס האָט ליב זיין אייגן ווייב, האָט ליב זיך אַליין; [29] וואָרים קיינער האָט קיינמאָל ניט פֿיינט זיין אייגן פֿלייש, נייערט ער טוט עס נערן און טייער האַלטן, אַזוי ווי מָשִׁיחַ טוט די קהִילה, [30] מַחמת מיר זענען אֵברים פֿון זיין לײַב. [31] צוליב דעם זאָל אַ מענטש פֿאַרלאָזן זיין פֿאָטער און מוטער, און זיך באַהעפֿטן אָן זיין ווייב, און די צוויי זאָלן ווערן איין לײַב[א]. [32] דער דאָזיקער סוֹד איז גרויס; איך רעד אָבער אין שײַכות מיט מָשִׁיחַן און דער קהִילה. [33] בכֵן, זאָל יעדער איינער פֿון אייך ליב האָבן זיין אייגן ווייב אַזוי ווי זיך אַליין; און זאָל דאָס ווייב מוֹרא האָבן פֿאַר איר מאַן.

ו קינדער, פֿאָלגט אייערע עלטערן אין דעם האַר; וואָרים דאָס איז רעכט. [2] גיב אָפּ כָּבוד דיין פֿאָטער און מוטער (דאָס איז דאָס ערשטע געבאָט מיט אַ הַבטָחה), [3] כּדי סע זאָל דיר גוט זיין, און דו זאָלסט לאַנג לעבן אויף דער ערד[ב]. [4] און איר, פֿאָטערס, דערצערנט ניט אייערע קינדער, נייערט דערציט זיי אין מוסר און וואָרענונג פֿון דעם האַר.

[5] קנעכט, זייט געהאָרכזאַם צו די, וואָס זענען לויט דעם פֿלייש אייערע האַרן, מיט מוֹרא און ציטערניש, מיט דער אויפֿריכטיקייט פֿון אייער האַרץ, ווי צו מָשִׁיחַן; [6] ניט אויף דעם אופֿן פֿון דינען לפָּנים, ווי די, וואָס ווילן געפֿעלן ווערן מענטשן, נייערט ווי קנעכט פֿון מָשִׁיחַן, וואָס טוען פֿון האַרצן דעם רָצון פֿון גאָט, [7] צו טאָן די אַרבעט מיט גוטן רָצון, ווי פֿאַר דעם האַר, און ניט פֿאַר מענטשן, [8] ווייל איר ווייסט, אַז וואָסער גוטס יעדער איינער טוט, דאָס זעלבע וועט ער קריגן צוריק פֿון דעם האַר, סיי ער איז אַ קנעכט, אָדער פֿריי. [9] און איר, האַרן, טוט דאָס זעלבע פֿאַר זיי, און פֿאַרמיידט דאָס דראָען, ווייל איר ווייסט, אַז דער, וואָס איז סיי זייער האַר און אייערער, איז אין הימל, און ביי אים איז ניטאָ קיין נושׂא־פָּנים זיין מענטשן.

[10] צום סוֹף, זייט געשטאַרקט אין דעם האַר, און אין דער שטאַרקייט פֿון זיין מאַכט. [11] טוט אָן דעם גאַנצן פּאַנצער פֿון גאָט, כּדי איר זאָלט זיין בִּיכוֹלֶת בײַצושטיין די פֿאַלשקייטן פֿון דעם שָׂטן. [12] וואָרים אונדזער ראַנגלען זיך איז ניט קעגן בלוט און פֿלייש, נייערט קעגן די שָׂרים, קעגן די מושלים, קעגן די וועלט־הערשער פֿון דער דאָזיקער פֿינצטערניש, קעגן

[א] בראשית ב, 24. [ב] שמות כ, 12; דברים ה, 16.

די גײַסטיקע הערשאַפטן פון רִשעות אין די הימלישע מקוֹמות. [13] דעריבער, נעמט אויף אייך דעם גאַנצן פּאַנצער פון גאָט, כּדי איר זאָלט זיין בִּיכוֹלת אויסצוהאַלטן אין דעם בייזן טאָג, און, נאָכן טאָן אַלצדינג, צו באַשטיין. [14] שטייט דעריבער, אַז איר וועט האָבן אָנגעגורט אייערע לענדן מיט אֶמת, און האָבן אָנגעטאָן די ברוסט־שילד פון רעכטפאַרטיקייט, [15] און האָבן באַשוכט אייערע פיס מיט דער אָנגעברייטקייט פון דער בשׂוֹרה פון שָלום. [16] צו דעם הייבט אויף די שילד פון אֶמוּנה, מיט וואָס איר וועט זיין בִּיכוֹלת צו פאַרלעשן אַלע פײַעריקע פײַלן פון דעם רָשע. [17] און נעמט דעם קיווער פון דער ישועה, און די שווערד פון דעם גייסט, וואָס איז דאָס וואָרט פון גאָט. [18] זייט תָּמיד מִתפַּלֵל אין דעם גייסט, מיט יעדער תּפִילה און בַּקָשה. און וואַכט דערצו מיט יעדער געדולדיקייט און געבעט פאַר אַלע הייליקע, [19] און פון מײַנעטוועגן, אַז מיר זאָל געגעבן ווערן דאָס וואָרט ביים עפענען מיין מויל, צו אַנטפּלעקן מיט מוטיקייט דעם סוֹד פון דער בשׂוֹרה, [20] פאַר וועלכער איך בין אַ שלִיח אין קייטן; און כּדי איך זאָל רעדן מוטיק, ווי איך באַדאַרף צו רעדן.

[21] און כּדי איר זאָלט אויך וויסן ווי סע גייט מיר, און וואָס איך טו, וועט טיכיקוס, דער באַליבטער ברודער און געטרייער דינער פון דעם האַר, אייך מוֹדִיע זיין אַלצדינג. [22] אים האָב איך געשיקט צו אייך פונוועגן דעם טאַקע, כּדי איר זאָלט וויסן ווי סע גייט אונדז, און כּדי ער זאָל טרייסטן אייערע הערצער.

[23] שָלוֹם צו די ברידער, און ליבשאַפט מיט אֶמוּנה פון גאָט, דעם פאָטער, און דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. [24] חֶסֶד זאָל זיין מיט אַלע די, וואָס האָבן ליב אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ מיט אַן אומפאַרדאַרבלעכער ליבשאַפט.



# דער בריוו צו די פיליפּער

א פּאָולוס און טימאָטעאוס, קנעכט פון יֵשוּעַ
הַמָשִיחַ, צו אַלע הייליקע אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ,
וואָס זענען אין פיליפּיי, מיט די פאָרשטייער און
געהילפן. 2 חֶסֶד צו אייך און שָלוֹם פון גאָט,
אונדזער פאָטער, און דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.
3 איך דאַנק מיין גאָט בעת איך דערמאָן מיך
אין אייך, 4 און תָּמיד אין יעטווידער תְּפִילָה
מיינער אין שייַכות מיט אייך, טו איך מאַכן מיין
געבעט מיט פרייד, 5 פאַר אייער חֲברוּתָאשאַפט
אין דער בשׂוֹרה, פון דעם ערשטן טאָג אָן ביז
איצט. 6 און איך בין בטוח אין אָט־דעם, אַז דער,
וואָס האָט אָנגעהויבן אין אייך אַ גוט ווערק, וועט
עס פאַרענדיקן ביז דעם טאָג פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.
7 אַזוי־ווי עס איז רעכט פאַר מיר צו טראַכטן אַזוי
פון וועגן אייך אַלע, מַחמת איך טראָג אייך אין
מיין האַרץ, ווייל סיי אין מיינע קייטן, און סיי
אין דער פאַרטיידיקונג און באַפעסטיקונג פון דער
בשׂוֹרה, זענט איר אַלע חֲבֵרים מיט מיר פון חֶסֶד.
8 וואָרים גאָט איז מיין עֵדוּת, ווי איך בענק נאָך
אייך אַלע אין דער באַרעמהאַרציקייט פון יֵשוּעַ
הַמָשִיחַ. 9 און דאָס בין איך מִתפַּלֵל, אַז אייער
ליבשאַפט זאָל זיך אַלץ מערער פאַרמערן אין
וויסן און אין יעדן פאַרשטאַנד, 10 כּדי איר זאָלט
פאַרשטיין די זאַכן, וואָס זענען אויסגעצייכנט,
און כּדי איר זאָלט זיין ערלעך און אָן אַ שטרויכלונג

ביז צו דעם טאָג פון מָשִיחַן, [11] פול מיט די פֵּירות פון רעכטפאַרטיקייט, וואָס זענען דורך יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, צו דעם כָּבוד און לויב פון גאָט.

[12] און איך וויל אַז איר זאָלט וויסן, ברידער, אַז דאָס, וואָס האָט זיך געטראָפן מיט מיר, איז גראָד אויסגעפאַלן פאַר דעם וואויל פון דער בשורה־טובה, [13] אַזוי, אַז מיינע קייטן זענען אַנטפּלעקט געוואָרן אין מָשִיחַן ביי דער גאַנצער קייסערלעכער וואַך, און ביי אַלע איבעריקע, [14] און אַז דאָס רוב פון די ברידער, ווייל זיי זענען פאַרזיכערט אין דעם האַר דורך מיינע קייטן, זענען אַ סך מער מוטיק צו רעדן דאָס וואָרט פון גאָט אָן מורא.

[15] יאָ, טייל דַרשענען אַפילו מָשִיחַן צוליב קִנאה און קריג, און טייל אויך פון גוטן ווילן. [16] די לעצטע טוען עס פון ליבשאַפט, ווייל זיי ווייסן, אַז איך בין געזעצט פאַר דער פאַרטיידיקונג פון דער בשורה; [17] די אַנדערע אָבער דַרשענען מָשִיחַן פון פאַרטײַאישקייט, ניט אויפריכטיק, בעת זיי טראַכטן צו פאַרמערן פאַר מיר ערגערניש אין מיינע קייטן. [18] דעריבער וואָס? נייערט אַז בכָל־אופן, צי לפָנים, אָדער באֱמת, מָשִיחַ ווערט געדַרשנט. און אין דעם פריי איך מיך, און וועל מיך פרייען. [19] וואָרים איך ווייס, אַז דאָס וועט אויספאַלן צו מיין ישועה, דורך אייער געבעט און הילף פון דעם גייסט פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, [20] לויט מיין ערנסטער דער־וואַרטונג און האָפענונג, אַז אין קיין זאַך זאָל איך ניט פאַרשעמט ווערן, נייערט מיט יעדער מוטיקייט, ווי אַלעמאָל, אַזוי אויך אַצינד, וועט מָשִיחַ געגרויסט ווערן אין מיין לײַב, סיי דורך לעבן, אָדער דורך טויט.

[21] וואָרים פאַר מיר — צו לעבן מיינט מָשִיחַ, און צו שטאַרבן מיינט געווינס. [22] נאָר אויב צו לעבן אין דעם פלייש — אויב דאָס זאָל ברענגען פרוכט פון מיין אַרבעט, דעמאָלט ווייס איך ניט וואָס איך זאָל ווײַלן. [23] וואָרים איך בין אין אַ קלעם צווישן די צוויי, ווייל איך האָב אַ פאַרלאַנג אַוועקצוגיין און זיין מיט מָשִיחַן, וואָרים דאָס איז אַ סך בעסער; [24] דאָך צו בלייבן אין דעם פלייש, איז אַ סך נייטיקער פאַר אײַערטוועגן. [25] און ווייל איך בין דערין זיכער, ווייס איך, אַז איך וועל פאַרבלײַבן מיט אייך אַלע, פאַר אייער וואַקסן און פרייד אין דער אֱמונה, [26] כדי אייער רימען זיך זאָל זיך דורך מיר מערן אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, דורך מיין קומען צו אייך נאָכאַמאָל.

[27] נאָר זאָל אייער לעבנסשטייגער זיין ווערדיק דער בשורה פון מָשיִחן, כדי, צי איך קום און זע אייך, אָדער איך וועל זיין אָפּוועזנד, זאָל איך הערן פון אייער שטאַנד, אַז איר טוט שטיין פעסט אין איין גייסט, און טוט קעמפן מיט איין נֶפש פאַר דער אֱמונה פון דער בשורה, [28] און אַז איר האָט אין קיין זאַך ניט קיין מורא פאַר די שׂונאים, וואָס איז אַ קלאָרער סימן פון זייער פאַרדאַרבונג, און אויך פון אייער ישועה, און דאָס איז פון גאָט. [29] מַחמת פאַר אייך איז דאָס געשענקט געוואָרן, ניט נאָר צו גלויבן אין מָשיִחן, נייערט אויך צו ליידן פון זײַנעטוועגן, [30] בעת איר האָט דעם זעלבן קאַמף, וואָס איר האָט געזען אין מיר, און הערט אַצינד צו זיין אין מיר.

ב דעריבער, אויב סע איז פאַראַן אַ וואָסער טרייסט אין מָשיִחן, אויב וואָסער נחָמה פון ליבשאַפט, אויב וואָסער שותּפות פון דעם גייסט, אויב וואָסערע באַרעמהאַרציקייט און רַחמָנות, [2] מאַכט פול מיין שׂמחה, אַז איר זאָלט זיין פון דעם זעלבן זין, און האָבן די זעלבע ליבשאַפט, און זיין פון איין געמיט, און פון איין מַחשָבה. [3] טוט גאָרניט דורך קריג, אָדער גַאווה, נייערט מיט אַ נידעריק געמיט זאָל יעדער האַלטן דעם אַנדערן פאַר בעסער פון זיך אַליין; [4] און קוקט ניט איטלעכער אויף זיין אייגנס, נייערט אויך אויף דעם אַנדערנס. [5] האָט די זעלבע מַחשָבה, וואָס איז אויך געווען אין יֵשוּעַ הַמָשיִחַ, [6] וואָס, הַגַם ער איז געווען אין דער געשטאַלט פון גאָט, האָט ער דאָס גלייך זיין מיט גאָט ניט געהאַלטן פאַר קיין באַרויבונג, [7] נייערט האָט זיך אויסגעליידיקט, בעת ער האָט אָנגענומען די געשטאַלט פון אַ קנעכט, און איז געוואָרן אין דער גלײַכקייט פון מענטשן; [8] און בעת ער איז געפונען געוואָרן אין דער פאָרם פון אַ מענטשן, האָט ער זיך דערנידעריקט, און איז געוואָרן אונטערטעניק ביז צום טויט, יאָ, דעם טויט אויף דעם צלָב. [9] דעריבער האָט אים אויך גאָט שטאַרק דערהויבן, און אים געגעבן דעם נאָמען, וואָס איז העכער איבער יעדן נאָמען, [10] כדי אין דעם נאָמען פון יֵשוּעַן זאָל זיך בייגן יעדע קני אין הימל און אויף דער ערד און אונטער דער ערד, [11] און יעדע צונג זאָל מודה זיין, אַז יֵשוּעַ הַמָשיִחַ איז האַר, פאַר דעם כָּבוד פון גאָט, דעם פאָטער.

[12] בכֵן, מיינע באַליבטע, אַזוי ווי איר האָט זיך תָּמיד צוגעהאָרכט, ניט

נאָר אין מיין אָנוועזנהייט, נייערט אַ סך מער אַצינד, אין מיין אָפּוועזנהייט, זאָלט איר אייך מיִען פֿאַר אייער אייגענער ישועה מיט מורא און ציטערניש; [13] וואָרים דאָס איז גאָט, וואָס טוטווירקן אין אייך, סיי צו וועלן און סיי צו טאָן, לויט זיין וואוילגעפעלן. [14] טוט אַלצדינג אָן תּרעומות און ספֿקות, [15] כּדי איר זאָלט זיין ריין און אומשולדיק, קינדער פֿון גאָט, אָן אַ מום אין דער מיט פֿון אַ פֿאַרקרימטן און פֿאַרדאָרבענעם דור, צווישן וועמען איר טוט שיינען ווי ליכטער אין דער וועלט, [16] און טוט האַלטן פֿעסט דאָס וואָרט פֿון לעבן, כּדי איך זאָל מיך האָבן מיט וואָס צו רימען אין דעם טאָג פֿון מָשיחן, אַז איך בין ניט געלאָפֿן אומזיסט, און האָב מיך אויך ניט געמיִט אומזיסט. [17] און אויב אַפֿילו איך ווער אויסגעגאָסן אויף דעם קרבן פֿון עבֿודה פֿאַר אייער אֱמונה, פֿריי איך מיך, און בין מיך אויך משׂמח מיט אייך אַלע. [18] און אויף דעם זעלבן אופֿן זאָלט איר אייך אויך פֿרייען, און זיך משׂמח זיין מיט מיר.

[19] און איך האָף אין דעם האַר יֵשוּעַ, צו שיקן צו אייך אין גיכן טימאָטעאוסן, כּדי איך זאָל מיך טרייסטן, בעת איך וועל וויסן ווי סע גייט אייך. [20] וואָרים איך האָב ניט קיינעם ווי אים, וואָס זאָל אויפֿריכטיק זאָרגן פֿאַר אייער מצבֿ. [21] וואָרים זיי אַלע זוכן דאָס זייעריקע, און ניט די זאַכן פֿון יֵשוּעַ הַמָשיחַ. [22] איר אָבער ווייסט זיין אויסגעפּרוּאוטקייט, אַז ווי אַ קינד מיט אַ פֿאָטער, אַזוי האָט ער געדינט מיט מיר אין דער בשׂורה. [23] איך האָף דעריבער אים אַרויסצושיקן, אַזוי גיך ווי איך וועל זען ווי סע האַלט מיט מיר; [24] און איך בין בטוח אין דעם האַר, אַז איך אַליין זאָל אויך אין גיכן קומען.

[25] איך האָב אָבער געהאַלטן פֿאַר נייטיק אייך צו שיקן עפּאַפֿראָדיטוסן, מיין ברודער און מיטאַרבעטער און מיטקעמפֿער, און אייער שליח און באַדינער אין מיין באַדערפֿעניש, [26] ווייל ער האָט געבענקט נאָך אייך אַלע, און האָט זיך זייער מצער געווען, מחמת איר האָט געהערט, אַז ער איז געווען קראַנק. [27] וואָרים ער איז טאַקע געווען קראַנק, קרובֿ־למיתה. אָבער גאָט האָט זיך דערבאַרעמט אויף אים, און ניט נאָר אויף אים אַליין, נייערט אויך אויף מיר, כּדי איך זאָל ניט האָבן צער אויף צער. [28] איך האָב אים דעריבער וואָס גיכער געשיקט, כּדי, אַז איר וועט אים ווידער אַמאָל זען, זאָלט איר זיך פֿרייען, און איך זאָל אויך

האָבן ווייניקער צער. [29] ווייט אים דעריבער מקבל־פּנים אין דעם האַר מיט דער גאַנצער שׂמחה; און האַלט אַזעלכע מענטשן בכּבוד, [30] וואָרים פונוועגן דעם ווערק פון משיחן איז ער געווען נאָענט צום טויט, בעת ער האָט איינגעשטעלט זיין לעבן צו דערגאַנצן דאָס, וואָס האָט געפעלט אין אייער באַדינונג פאַר מיר.

ג צום סוף, מיינע ברידער, פרייט אייך אין דעם האַר. צו שרייבן אייך די זעלבע זאַכן איז מיר ניט קיין טרחה, פאַר אייך אָבער איז עס אַ פאַרזיכערונג.

[2] היט אייך פאַר די הינט, היט אייך פאַר די טוערס פון שלעכטס, היט אייך פאַר צעשניידונג. [3] וואָרים מיר זענען די קינדער פון מילה, וואָס דינען גאָט דורך דעם גייסט, און רימען זיך אין ישוע המשיח, און האָבן ניט קיין בטחון אין דעם פלייש; [4] הגם איך אַליין וואָלט אויך געקענט האָבן בטחון אין דעם פלייש. אויב עמיצער מיינט, ער האָט זיך מיט וואָס איבערצונעמען אין דעם פלייש, האָב איך נאָך מער: [5] צו אַכט טאָג האָט מען מיך מל געווען, איך בין פון די בני־ישׂראל, פון דעם שבט בנימין, אַ ייִד פון ייִדן; וואָס שייך דער תּורה, אַ פּרושי; [6] וואָס שייך קנאה, גערודפט די קהילה; וואָס שייך צדקות, וואָס איז פון דער תּורה, בין איך געפונען געוואָרן אָן אַ מום. [7] דאָך דאָס, וואָס איז פאַר מיר געווען אַ געווינס, האָב איך פאַררעכנט פאַר היזק פאַר משיחן. [8] יאָ, און איך רעכן אַלצדינג פאַר היזק פונוועגן דער דערהויבנקייט פון דעם וויסן פון ישוע המשיח, מיין האַר; פאַר וועמען איך האָב געליטן דעם שאָדן פון אַלצדינג, און טו עס רעכענען פאַר פּסולת, כּדי איך זאָל געווינען משיחן, [9] און זאָל אין אים געפונען ווערן, מחמת איך האָב ניט מיין אייגענע רעכטפאַרטיקייט, וואָס קומט פון דער תּורה, נייערט די, וואָס קומט דורך אמונה אין משיחן, די רעכטפאַרטיקייט וואָס קומט פון גאָט דורך אמונה, [10] כּדי איך זאָל אים קענען, און די מאַכט פון זיין תּחית־המתים, און האָבן אַ חלק אין זיינע ליידן, בעת איך וועל ווערן ענלעך אין געשטאַלט צו זיין טויט, [11] אויב איך וועל דורך עפּעס קענען דערגרייכן צו תּחית־המתים.

[12] ניט ווייל איך האָב שוין דערגרייכט, אָדער בין שוין געמאַכט געוואָרן גאַנץ; איך גיי אָבער ווייטער, אפשר וועל איך דערגרייכן דאָס,

צוליב וואָס איך בין אויך דערגרייכט געוואָרן פֿון יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ. [13] ברידער, איך רעכן מיך נאָך ניט, אַז איך האָב שוין דערגרייכט; איין זאַך אָבער טו איך: איך פֿאַרגעס אין דעם, וואָס איז הינטן, און טו אויסשטרעקן נאָך דעם, וואָס איז פֿאָרויס, [14] און יאָג זיך ווייטער צום ציל נאָך דעם שׂכר פֿון דער הויכער באַרופֿונג פֿון גאָט אין יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ. [15] לאָמיר דעריבער, וויפֿל פֿון אונדז סע זענען שלימותדיק, זיין אַזוי געניגט. און אויב איר זענט אין עפּעס אַנדערש געניגט, וועט אייך אויך גאָט דאָס דאָזיקע אַנטפּלעקן. [16] נייערט, צו דעם, וואָס מיר האָבן דערגרייכט, לויט דעם זעלבן כּלל לאָמיר גיין.

[17] ברידער, זייט מיינע נאָכפֿאָלגער, און באַמערקט די, וואָס גייען אַזוי, ווי איר האָט אונדז פֿאַר אַ בײַשפּיל. [18] וואָרים אַ סך, פֿון וועמען איך האָב אייך אָפֿט געזאָגט, און זאָג אייך איצט אויך מיט געוויין, גייען ווי די שׂונאים פֿון דעם צלָב פֿון מָשִׁיחַן. [19] זייער סוף איז פֿאַרדאַרבונג, זייער גאָט איז דער בויך, זייער כָּבוד איז אין זייער שאַנד, און זיי דענקען נאָר וועגן ערדישע זאַכן. [20] וואָרים אונדזער בירגער־רעכט איז אין הימל, פֿון וואַנען מיר וואַרטן אויך אויף דעם גוֹאֵל, דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ, [21] וואָס וועט איבעראַנדערשן דעם גוף פֿון אונדזער שִׁפֿלות, כּדי ער זאָל זיין גלייך צו דעם גוף פֿון זיין כָּבוד, לויט דער ווירקונג, מיט וועלכער ער איז בִּיכולת אַלצדינג אונטערטעניק צו מאַכן צו זיך.

ד בכֵן, מיינע באַליבטע און געגאַרטע ברידער, מיין פֿרייד און קרוין, אָט אַזוי זאָלט איר שטיין פֿעסט אין דעם האַר, מיינע באַליבטע.

[2] איך בין מַזהיר יואָדיען, און איך בין מַזהיר סונטיכען, צו זיין פֿון דער זעלבער מַחשָבה אין דעם האַר. [3] יאָ, איך בעט אויך דיך, אֱמֶתער מיטהעלפֿער, צו העלפֿן די דאָזיקע ווייבער, וואָרים זיי האָבן זיך געמִיט מיט מיר אין דער בשׂורה, אויך מיט קלעמענסן, און די איבעריקע פֿון מיינע מיטאַרבעטער, וועמעס נעמען זענען אין דעם סֵפֶר־הַחַיִים.

[4] פֿרייט אייך אַלעמאָל אין דעם האַר; און נאָכאַמאָל טו איך זאָגן: פֿרייט אייך. [5] זאָל אייער באַשיידנקייט באַקענט זיין אַלע מענטשן. דער האַר איז נאָענט. [6] זייט ניט באַזאָרגט אין קיין שום זאַך, נייערט אין אַלצדינג זאָלט איר דורך תּפֿילה, און תַּחנונים, אינאיינעם מיט דאַנקלויב, באַקענט

מאַכן אייערע בַּקָשות פאַר גאָט. [7] און דער שָלום פון גאָט, וואָס שטייגט איבער יעדן שֵׂכל, זאָל באַוואַכן אייערע הערצער און אייערע מַחשָבות אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.

[8] צום סוף, ברידער, אַלצדינג, וואָס איז אֶמֶת, אַלצדינג, וואָס איז בְּכָבודיק, אַלצדינג, וואָס איז רעכטפאַרטיק, אַלצדינג, וואָס איז ריין, אַלצדינג, וואָס איז ליבלעך, אַלצדינג, וואָס האָט אַ גוטן שֵם, אויב ס'איז פאַראַן עפּעס אַ גוטע מִידה, און אויב ס'איז פאַראַן עפּעס לויבנסווערט, טראַכט פונוועגן די דאָזיקע זאַכן. [9] דאָס, וואָס איר האָט געלערנט, און אָנגענומען, און געהערט און געזען אין מיר, זאָלט איר טאָן; און דער גאָט פון שָלום וועט זיין מיט אייך.

[10] איך האָב מיך אויך זייער געפרייט אין דעם האַר, וואָס סוף־כָּל־סוף האָט איר איצט אויפגעלעבט אייער זאָרג פונוועגן מיר; איר האָט טאַקע געטאָן זאָרגן פאַר מיר, נאָר אייך האָט געפעלט אַ געלעגנהייט. [11] ניט מַחמת איך רעד בנוגע נויט־באַדערפטיקייט; וואָרים איך האָב מיך אויסגעלערנט צו זיין צופרידן אין דעם שטאַנד אין וועלכן איך בין. [12] איך פאַרשטיי ווי צו זיין דערנידעריקט, און איך פאַרשטיי אויך וויאַזוי צו האָבן שֶפע; אין יעדער זאַך און אין אַלצדינג האָב איך מיך אויסגעלערנט דעם סוד, סיי צו זיין זאַט און סיי צו זיין הונגעריק, סיי צו האָבן שֶפע און סיי צו זיין נויט־באַדערפטיק. [13] איך קען טאָן אַלצדינג אין אים, וואָס טוט מיך שטאַרקן.

[14] דאָך האָט איר וואויל געטאָן, וואָס איר האָט טיילגענומען אין מיינע ליידן. [15] און איר אַליין ווייסט אויך, איר פּילפּער, אַז אין אָנהייב פון דער בשורה, בעת איך בין אַרויסגעגאַנגען פון מאַקעדאָניע, האָט קיין שום קהילה ניט געהאַט קיין חֵלֶק מיט מיר אין דעם ענין פון געבן און נעמען, נייערט נאָר איר אַליין; [16] וואָרים אַפילו אין טעסאַלאָניקע האָט איר געשיקט איינמאָל און ווידער אַמאָל פאַר מיינע באַדערפענישן. [17] ניט, ווייל איך בין אויסן די מַתָנה, נייערט איך זוך די פרוכט, וואָס זאָל זיך מערן אויף אייער חֶשבון. [18] איך האָב אָבער אַלצדינג, און איבערגענוג; איך בין זאַט, ווייל איך האָב באַקומען פון עפּאַפראָדיטוסן די זאַכן פון אייך, אַ געשמאַקן רֵיחַ—אַ באַוויליקטער קָרבן, וואָס איז וואוילגעפעלן פאַר גאָט. [19] און מיין גאָט וועט מְמַלא זיין יעדע באַדערפעניש אייערע לויט זיין עֲשִירות אין

הערלעכקייט אין יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ. [20] און צו אונדזער גאָט און פאָטער זאָל זיין דער כָּבוד אויף אייביק און אייביק. אָמֵן.

[21] גריסט אַלע הייליקע אין יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ. די ברידער, וואָס זענען מיט מיר, גריסן אייך. [22] אַלע הייליקע גריסן אייך, בִּפרַט די, וואָס זענען פון דעם קייסערס הויזגעזינד.

[23] דער חֶסֶד פון דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ זאָל זיין מיט אייער גייסט.



# דער בריוו צו די קאָלאָסער

א פּאָולוס, אַ שָלִיחַ פון יֵשוּעַ הַמָּשִיחַ דורך
דעם רָצוֹן פון גאָט, און טימאָטעאוס,
אונדזער ברודער, 2 צו די הייליקע און געטרייע
ברידער אין מָשִיחַן, וואָס זענען אין קאָלאָסיי.
חֶסֶד צו אייך און שָלוֹם פון גאָט, אונדזער
פאָטער.
3 מיר דאַנקען גאָט, דעם פאָטער פון אונדזער
האַר יֵשוּעַ הַמָּשִיחַ, און זענען תָּמִיד מִתְפַּלֵל
פאַר אייך, 4 ווייל מיר האָבן געהערט פון
אייער אֱמונה אין יֵשוּעַ הַמָּשִיחַ, און פון דער
ליבשאַפט, וואָס איר טראָגט צו אַלע הייליקע,
5 צוליב דער האָפענונג וואָס ליגט באַהאַלטן
פון אייַערטוועגן אין הימל, און פון וואָס איר
האָט פריער געהערט אין דעם אֶמֶתן וואָרט
פון דער בשורה, 6 וואָס איז געקומען צו אייך,
אַזוי ווי זי פרוכפּערט זיך און מערט זיך אין
דער גאַנצער וועלט, ווי אויך ביי אייך, זינט
דעם טאָג, וואָס איר האָט געהערט און דער־
קענט דעם חֶסֶד פון גאָט אין אֶמֶת. 7 אַזוי ווי
איר האָט געלערנט פון עפּאַפראַסן, אונדזער
באַליבטן מיטאַרבעטער, וואָס איז אַ געטרייער
דינער פון מָשִיחַן פון אייַערטוועגן, 8 און וואָס
האָט אונדז אויך מוֹדִיעַ געווען אייער ליבשאַפט
אין דעם גייסט.



[9] צוליב דער דאָזיקער סִיבּה טוען אויך מיר, זינט דעם טאָג, וואָס מיר האָבן דאָס געהערט, ניט אויפהערן מִתפּלל צו זיין און בעטן פֿאַר אייך, אַז איר זאָלט ווערן פֿול מיט דעם וויסן פֿון זיין רָצון אין יעדער גייַסטיקער חָכמה און פֿאַרשטענדיקייט, [10] צו גיין ווי עס איז רָאוי פֿאַר דעם האַר, לויט זיין יעדן באַגער, און צו זיין פֿרוכטבאַר אין יעדן גוטן ווערק, און וואַקסן אין דעם וויסן פֿון גאָט; [11] געשטאַרקט מיט יעדער קראַפֿט, לויט דער מאַכט פֿון זיין כָּבוד, מיט פֿרייד צו יעדער סַבלָנות און געדולדיקייט, [12] און דאַנקט דעם פֿאָטער, וואָס האָט אונדז מְזַכּה געווען צו זיין טיילנעמער אין דעם אַרבּטייל פֿון די הייליקע אין ליכט; [13] וואָס האָט אונדז מַציל געווען פֿון דער מאַכט פֿון פֿינצטערניש, און האָט אונדז אַריבערגעפֿירט אין דעם מַלכות פֿון דעם זון פֿון זיין ליבשאַפֿט, [14] אין וועמען מיר האָבן די ישועה, די פֿאַרגעבונג פֿון אונדזערע זינד.

[15] ער איז דאָס אָפּבילד פֿון גאָט, וועמעס פּנים מע קען ניט זען, דער בּכור פֿון יעדער באַשאַפֿונג. [16] וואָרים אין אים איז אַלצדינג באַשאַפֿן געוואָרן, אין הימל און אויף דער ערד, זאַכן וואָס מע זעט, און זאַכן וואָס מע זעט ניט, סיי טראָנען, אָדער מֶמשָלות, סיי שָׂררות, אָדער מלוכות; אַלצדינג איז באַשאַפֿן געוואָרן דורך אים און פֿאַר אים. [17] און ער איז פֿריער פֿון אַלצדינג, און אין אים באַשטייט אַלצדינג.[א] [18] און ער איז דער ראָש פֿון דעם לייַב, די קהִילה; ער איז דער אָנהייב, דער בּכור פֿון די טויטע, כּדי ער זאָל אין אַלצדינג זיין דער ערשטער. [19] וואָרים עס איז געווען דער רָצון פֿון גאָט, אַז אין אים זאָל רוען די גאַנצע פֿולקייט, [20] און דורך אים איבערצובעטן אַלצדינג צו זיך, בעת ער האָט געמאַכט שָלום דורך דעם בלוט פֿון זיין צלָב; דורך אים, זאָג איך, סיי דאָס, וואָס איז אויף דער ערד, סיי דאָס, וואָס איז אין הימל.

[21] און אייך, וואָס איר זענט אַמאָל געווען פֿאַרפֿרעמדט, און אין אייער מַחשבה שׂונאים אין אייערע בייזע מַעשׂים, [22] האָט ער אַצינד איבערגעבעטן אין דעם גוף פֿון זיין פֿלייש דורך דעם טויט, כּדי אייך פֿירצושטעלן פֿאַר אים הייליק און אָן אַ מום און אָן אַ פֿלעק; [23] אויב איר וועט נאָר פֿאַרבלייַבן אין דער אֶמונה, געגרונטפֿעסטיקט און שטאַנדהאַפֿטיק, און וועט ניט אָפּגערוקט ווערן פֿון דער האָפֿענונג פֿון דער בשׂורה, וואָס איר האָט

[א] משלי ח, 22—31.

געהערט, און וואָס איז אָנגעזאָגט געוואָרן אין גאַנצן באַשאַף אונטערן הימל, פון וואָס איך, פּאָולוס, בין געוואָרן אַ באַדינער.

[24] אַצינד פריי איך מיך אין מיינעליידן פון אייַערטוועגן, און בין ממלא, וואָס ס'איז געמינערט אין די יסורים פון משיחן אין מיין פליייש פון זיין לייַבס־וועגן, וואָס איז די קהילה, [25] פון וועלכער איך בין געמאַכט געוואָרן פאַר אַ באַדינער, לויט דער אויסטיילונג פון גאָט, וואָס איז מיר געגעבן געוואָרן פון אייַערטוועגן, כּדי מְמַלא צו זיין דאָס וואָרט פון גאָט, [26] דעם סוד, וואָס איז געווען פאַרהוילן פון צייטן און דורות; אַצינד אָבער איז ער אַנטפּלעקט געוואָרן פאַר זיינע הייליקע, [27] פאַר וועמען גאָט איז וואוילגעפעלן באַקענט צו מאַכן וואָס ס'איז די עשירות פון דער הערלעכקייט פון דעם דאָזיקן סוד צווישן די אומות־העולם, וואָס איז משיח אין אייך, די האָפענונג פון הערלעכקייט. [28] אים מאַכן מיר באַקאַנט, און וואָרענען יעדן מענטשן און לערנען יעדן מענטשן אין יעדער חכמה, כּדי מיר זאָלן פירשטעלן יעדן מענטשן גאַנץ אין משיחן. [29] צו דעם מי איך מיך אויך, לויט זיין ווירקונג, וואָס טוט ווירקן מעכטיק אין מיר.

ב ווואָרים איך וואָלט וועלן, אַז איר זאָלט וויסן, ווי שטאַרק איך קעמף פאַר אייך, און פאַר די אין לאַאָדיקיע, און פאַר אַלע, וואָס האָבן מיין פּנים ניט געזען, [2] כּדי זייערע הערצער זאָלן זיין געטרייסט, צונויפגעהעפט אין ליבשאַפט, און צו דער גאַנצער עשירות פון דער פולער פאַרזיכערונג פון פאַרשטענדיקייט, כּדי זיי זאָלן פאַרשטיין דעם סוד פון גאָט, און פון משיחן, [3] אין וועמען סע זענען פאַרבאָרגן אַלע אוצרות פון חכמה און וויסן. [4] דאָס זאָג איך, כּדי קיינער זאָל אייך ניט נאַרן מיט גלאַטע רייד. [5] וואָרים, הגם איך בין אָפּוועזנד אין דעם לייַב, דאָך בין איך מיט אייך אין דעם גייסט, טו מיך פרייען און צוזען דעם סדר פון אייער גאַנג, און די שטאַנדהאַפטיקייט פון אייער אמונה אין משיחן.

[6] דעריבער, אַזוי ווי איר האָט מקבל געווען ישוע המשיח, דעם האַר, אַזוי גייט אין אים, [7] איינגעוואָרצלט און אויפגעבויט אין אים, און באַפעסטיקט אין דער אמונה, אַזוי ווי איר זענט געלערנט געוואָרן, געמערט אין דאַנקלויב.

[8] גיט אַכטונג, אַז קיינער זאָל פון אייך ניט מאַכן קיין זאַקרויב דורך פילאָזאָפיע און פוסטע גנאַרעריי, לויט דער מסורה פון מענטשן, לויט די יסודות פון דער וועלט, און ניט לויט משיחן. [9] וואָרים אין אים

טויט וואוינען די גאַנצע פולקייט פון דער לײַבלעכער גאָטהייט, [10]און אין אים זענט איר געמאַכט געוואָרן גאַנץ. ער איז דער הויפּט פון יעדער מֶמשָלה און מאַכט; [11]אין וועמען אויך איר זייט געמַלט געוואָרן מיט אַ מִילה, וואָס איז געטאָן געוואָרן ניט מיט הענט, דורך דעם אויסטאָן פון דעם לײַב פון פלייש אין דער מִילה פון מָשִיחַן, [12]בעת איר זענט מיט אים באַגראָבן געוואָרן אין דער טבִילה, אין וועלכער איר זענט אויך מיט אים אויפגעשטאַנען דורך אֱמונה אין דערווירקונג פון גאָט, וואָס האָט אים מחַיֶה־מֵתים געווען. [13]און אייך, וואָס זענט געווען טויט דורך אייערע עֲבֵירות און דער עָרלה פון אייער פלייש, אייך האָט ער לעבעדיק געמאַכט אינאיינעם מיט אים, בעת ער האָט אונדז מוחל געווען אַלע אונדזערע עֲבֵירות, [14]מיט דעם אויסמעקן דעם שטַר, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין חוקים, וואָס זענען קעגן אונדז, וואָס זענען דער הֵיפוך צו אונדז; און ער האָט דאָס באַזײַטיקט פון דעם וועג און אים צוגענאָגלט צו דעם צלָב. [15]ער האָט אויסגעטאָן די שָׂרים און די געוועלטיקער, און האָט זיי אַרויסגעשטעלט אָפן צו שאַנד, בעת ער האָט זיי מנַצֵחַ געווען אין אים.

[16]דעריבער זאָל אייך קיינער ניט מִשפּטן וועגן עסן אָדער טרינקען, אָדער אין שײַכות פון אַ יום־טוב, אָדער אַ ראָש־חודש, אָדער אַ שַבּת; [17]וואָס זענען אַ שאָטן פון די זאַכן, וואָס װעלן קומען; דער עֶצֶם אָבער איז מָשִיחַס. [18]לאָז קיינער אייך ניט באַרויבן פון אייער שׂכַר דורך אַ פרײַוויליקער הַכנָעה און דער דינונג פון מַלאָכים, און באַשטייט אויף די זאַכן, וואָס ער האָט געזען, און איז גַאוֶה־דיק אָנגעבלאָזן דורך זײַן גַשמִיותדיקן שֵׂכל, [19]און האַלט זיך ניט אָן אין דעם קאָפּ, פון וועמען דער גאַנצער גוף, וואָס ווערט גענערט און צוזאַמען־געהעפט דורך די קנעכלען און בענדער, טוט וואַקסן מיט דעם וואוקס פון גאָט.

[20]אויב איר זענט מיט מָשִיחַן אָפּגעשטאָרבן פון די יסודות פון דער וועלט, פאַרוואָס טוט איר אייך אונטערטעניק מאַכן, גלייך ווי איר וואָלט געלעבט אין דער וועלט, צו חוקים: [21]ריר ניט אָן, פאַרזוך ניט, טאַפּ ניט אָן, [22](אַלץ אַזוינע זאַכן, וואָס ווערן פאַרלענדט מיט דעם באַנוצן), לויט די געבאָטן און לערנונגען פון מענטשן? [23]יאָ, די דאָזיקע זאַכן האָבן אַן אויסזען פון חָכמה אין וויליקער עֲבודה, אין הַכנָעה, און שטרענגקייט צו

דעם לײַב, אָבער זיי ברענגען ניט קיין שום נוצן, אַחוץ נאָר דאָס זעטיקן פון דעם פלייש.

**ג** דעריבער, אויב איר זענט אויפגעשטאַנען אינאיינעם מיט מָשיחַן, זוכט דאָס, וואָס איז אויבן, וואו מָשיחַ איז אַוועקגעזעצט ביי דער רעכטער האַנט פון גאָט. 2 טראַכט וועגן דעם, וואָס איז אויבן, און ניט וועגן דעם, וואָס איז אויף דער ערד. 3 וואָרים איר זענט געשטאָרבן, און אייער לעבן איז פאַרבאָרגן מיט מָשיחַן אין גאָט. 4 בעת מָשיחַ, וואָס איז אייער לעבן, וועט אַנטפּלעקט ווערן, דעמאָלט וועט איר מיט אים אויך אַנטפּלעקט ווערן אין הערלעכקייט.

5 טייט דעריבער אייערע אֵבֿרים, וואָס זענען אויף דער ערד: זנות, טומאה, תּאווה, בייזע גלוסטונג, און זשעדנעקייט, וואָס איז עֲבֿודה־זָרה; 6 צוליב דעם טוט דער גרימצאָרן פון גאָט קומען אויף די קינדער פון ווידערשפּעניקייט. 7 אין יענע זאַכן זענט איר אויך אַמאָל געגאַנגען, בעת איר האָט געלעבט אין זיי. 8 אַצינד אָבער זאָלט איר פון זיך אָפּטאָן אָט־דאָס אַלץ: כּעס, גרימצאָרן, רִשעות, לעסטערונג, נִיבול־פֶּה פון אייער מויל. 9 זאָגט ניט קיין ליגן איינער דעם אַנדערן, נאָכדעם ווי איר האָט אויסגעטאָן דעם אַלטן מענטשן מיט זיינע טואונגען, 10 און האָט אָנגעטאָן דעם נייעם מענטשן, וואָס ווערט באַנייט מיט דערקענטעניש לויט דעם אָפּבילד פון דעם, וואָס האָט אים באַשאַפן, 11 וואו סע איז מער ניט פאַראַן קיין גריך און ייִד, מִילה און עָרלה, פרעמדער, סקיטיער, קנעכט, פרייער, נייערט מָשיחַ איז אַלץ, און אין אַלץ.

12 טוט דעריבער אָן, ווי גאָטס אויסדערוויילטע, הייליקע און באַליבטע, אַ האַרץ פון רַחמָנות, גוטסקייט, הַכנָעהדיקייט, עֲניוות, געדולדיקייט; 13 פאַרטראָגט איינער דעם אַנדערן, און זייט מוחל איינער דעם אַנדערן, אויב איינער האָט זיך אויף וואָס צו באַקלאָגן קעגן עמיצן; אַזוי ווי דער האַר האָט אייך מוחל געווען, אַזוי זאָלט איר אויך טאָן. 14 און איבער אַלץ טוט אָן ליבשאַפט, וואָס איז די פאַרבינדונג פון שלֵימות. 15 און לאָז דער שָלום פון מָשיחַן געוועלטיקן אין אייערע הערצער, צוליב וואָס איר זענט אויך באַרופן אין איין לײַב, און זייט דאַנקבאַר. 16 זאָל דאָס וואָרט פון מָשיחַן אין אייך וואוינען בשֶפע: אין יעדער חָכמה טוט לערנען און וואָרענען איינער דעם אַנדערן מיט תּהִילות, און תִּשבָּחות, און גײַסטיקע נגונים,

און זינגט צו גאָט מיט דאַנקבאַרקייט אין אייערע הערצער. [17] און וואָס נאָר איר טוט, אין וואָרט, אָדער אין ווערק, טוט אַלץ אין דעם נאָמען פון דעם האַר יֵשוּעַ, און דאַנקט דורך אים גאָט, דעם פאָטער.

[18] ווייבער, זייט אונטערטעניק אייערע מענער, ווי עס איז רָאוי אין דעם האַר. [19] מענער, האָט ליב אייערע ווייבער, און זייט ניט פאַרביטערט קעגן זיי. [20] קינדער, פאָלגט אייערע עלטערן אין אַלצדינג, וואָרים דאָס איז וואוילגעפעלן אין דעם האַר. [21] פאָטערס, דערצערנט ניט אייערע קינדער, כּדי זיי זאָלן ניט פאַרלירן דעם מוט. [22] קנעכט, פאָלגט אין אַלצדינג די, וואָס זענען אייערע האַרן לויט דעם פלייש, ניט מיט אויגן־דינסט, מענטשן געפעלן צו ווערן, נייערט מיט דער אויפריכטיקייט פון האַרצן, מיט מוֹרא פאַר גאָט. [23] און וואָס נאָר איר טוט, זאָלט איר טאָן מיט האַרץ, ווי פאַר גאָט, און ניט פאַר מענטשן; [24] ווייל איר ווייסט, אַז פון גאָט וועט איר באַקומען אייער פאַרגעלטונג פון דעם אַרבטייל; איר טוט דינען דעם האַר מָשִיחַ. [25] וואָרים דער, וואָס טוט אומרעכט, וועט צוריק פאַרגאָלטן ווערן פאַר דעם אומרעכט, וואָס ער האָט געטאָן; און דאָרטן איז ניטאָ קיין נוֹשׂא־פָּנים זיין מענטשן.

ד האַרן, גיט אייערע קנעכט דאָס, וואָס סע איז רעכט און גלייך, ווייל איר ווייסט, אַז אויך איר האָט אַ האַר אין הימל.

[2] האַלט תָּמיד אין איין מִתפַּלֵל זיין, און וואַכט דערין מיט דאַנקלויב; [3] זייט מִתפַּלֵל צוגלייך אויך פאַר אונדז, אַז גאָט זאָל עפענען פאַר אונדז אַ טיר פאַר דעם וואָרט, צו רעדן דעם סוד פון מָשִיחַן, צוליב וואָס איך בין געבונדן, [4] כּדי איך זאָל עס אַנטפּלעקן, ווי איך באַדאַרף צו רעדן.

[5] פירט זיך אין חָכמה קעגן די, וואָס זענען אין דרויסן, און לייזט אויס די צייט. [6] זאָלן אייערע רייד זיין תָּמיד מיט חֵן, געווירצט מיט זאַלץ, כּדי איר זאָלט פאַרשטיין וויאַזוי איר דאַרפט ענטפערן יעדן איינעם.

[7] ווי סע האַלט מיט מיר, וועט אייך מוֹדיע זיין טיכיקוס, דער באַליבטער ברודער און געטרייער דינער און מיטקנעכט אין דעם האַר. [8] אים האָב איך צו אייך געשיקט צוליב דעם דאָזיקן צוועק טאַקע, כּדי איר זאָלט וויסן אונדזער שטאַנד, און כּדי ער זאָל טרייסטן אייערע הערצער, [9] אינאיינעם מיט אָנעסימוסן, דעם געטרייען און באַליבטן ברודער,

וואָס איז איינער פון אייך. זיי וועלן אייך מודיע זיין פונוועגן אַלצדינג, וואָס דאָ איז געשען.

[10] אַריסטאַרכוס, מיין מיט־געפאַנגענער, גריסט אייך, און מאַרקוס, דאָס געשוועסטער־קינד פון בַּר־נַבָּאן (וועגן וועמען איר האָט באַקומען באַפעלן; אויב ער וועט קומען צו אייך, זאָלט איר אים אויפנעמען), [11] און יֵשוּעַ, וואָס ווערט אָנגערופן יוסטוס; די דאָזיקע זענען די איינציקע פון די געמַלטע, וואָס זענען מיינע מיטאַרבעטער פאַר דעם מַלכות פון גאָט, און וואָס זענען געוועזן אַ טרייסט פאַר מיר. [12] עפּאַפראַס, וואָס איז איינער פון אייך, אַ קנעכט פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, גריסט אייך; ער קעמפט פאַר אייך תָּמיד אין זיינע תּפילות, אַז איר זאָלט שטיין גאַנץ און פאַרזיכערט אין דעם פולן רָצון פון גאָט. [13] וואָרים איך זאָג עֵדות אויף אים, אַז ער גיט זיך אַ סַך מי פאַר אייך, און פאַר די אין לאַאָדיקיע, און פאַר די אין היראַפּאָליס. [14] לוקאַס, דער באַליבטער רופא, און דעמאַס, גריסן אייך. [15] גריסט די ברידער וואָס זענען אין לאַאָדיקיע, און נימפאַס, און דער קהילה, וואָס איז אין איר הויז. [16] און נאָכדעם ווי דער דאָזיקער בריוו וועט געליייענט ווערן צווישן אייך, זעט, אַז ער זאָל אויך געליייענט ווערן אין דער קהילה פון די לאַאָדיקיער; און אַז איר זאָלט אויך לייענען דעם בריוו פון לאַאָדיקיע. [17] און זאָגט אַרכיפּוסן: גיב אַכטונג אויף דעם דינסט, וואָס דו האָסט מקַבל געווען אין דעם האַר, און אַז דו זאָלסט אים דערפילן.

[18] דער גרוס פון מיר, פּאָולוס, מיט מיין אייגענער האַנט. געדענקט מיינע קייטן. חֶסֶד זאָל זיין מיט אייך.



# דער ערשטער בריוו צו די
# טעסאַלאָניקער

א פּאָולוס, און סילוואַנוס, און טימאָטעאוס, צו
דער קהילה פֿון די טעסאַלאָניקער אין גאָט
דעם פֿאָטער און דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ: חֶסֶד־
צו אייך און שָלום.
[2] מיר דאַנקען תָּמיד גאָט פֿאַר אייך אַלע, בעת
מיר דערמאָנען אייך אין אונדזערע תּפילות; [3] און
אָן אויפֿהער דערמאָנען מיר פֿאַר גאָט, אונדזער
פֿאָטער, אייער ווערק פֿון אֱמונה, און מי פֿון
ליבשאַפֿט, און געדולדיקייט פֿון האָפֿענונג אין
אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. [4] וואָרים מיר ווייסן,
באַליבטע ברידער פֿון גאָט, אייער אויסדער־
ווײַלטקייט, [5] וויאַזוי אונדזער בשׂורה איז צו אייך
געקומען ניט נאָר אין וואָרט אַליין, נייערט אויך אין
גבורה און אין דעם רוח־הַקודֶש, און אין אַ סך
זיכערקייט; אַזוי ווי איר ווייסט וואָסערע מין מענטשן
מיר האָבן זיך אַרויסגעוויזן קעגן אייך פֿון אײַערט־
וועגן. [6] און איר זענט געוואָרן נאָכפֿאָלגער פֿון
אונדז און פֿון דעם האַר, בעת איר האָט מְקַבל
געווען דאָס וואָרט אין אַ סך עִינוּיִים, מיט פֿרייד
פֿון דעם רוח־הַקודֶש, [7] אַזוי, אַז איר זענט געוואָרן
אַ ביישפּיל פֿאַר אַלע, וואָס גלויבן אין מאַקעדאָניע
און אין אַכאַיאַ.
[8] וואָרים פֿון אייך איז געהערט געוואָרן דאָס
וואָרט פֿון גאָט, ניט נאָר אין מאַקעדאָניע און

אַכאַיאַ, נייערט אין איטלעכן אָרט איז אַרויסגעגאַנגען אייער אֶמונה אין גאָט,
אַזוי, אַז מיר האָבן ניט נייטיק עפּעס דערפון צו רעדן. 9 וואָרים זיי אַליין
דערציילן וועגן אונדז, וואָסער מין אַרײַנגאַנג מיר האָבן געהאַט בּיי אייך,
און וויאַזוי איר האָט אייך אַוועקגעקערט פון אָפּגעטער צו גאָט, צו דינען
אַ לעבעדיקן און אֶמתן גאָט, 10 און צו וואַרטן אויף זיין זון פון הימל, וועמען
ער האָט מחַיֵה־מֵתים געווען, אויף יֵשוּעַן, וואָס טוט אונדז מַציל זיין פון
דעם גרימצאָרן, וואָס וועט קומען.

ב וואָרים איר אַליין ווייסט, ברידער, אַז אונדזער אַרײַנגאַנג בּיי אייך
איז ניט געווען אומזיסט; 2 הֶיות אָבער מיר האָבן פריער געליטן און
זענען פאַרשעמט געוואָרן אין פיליפּיי, ווי איר ווייסט, האָבן מיר זיך
געשטאַרקט אין אונדזער גאָט אייך אָנצוזאָגן די בּשׂורה פון גאָט אין אַ סך
געראַנגל. 3 וואָרים אונדזער אָנזאָג קומט ניט פון טָעות, ניט פון טומאה, אויך
ניט אין רַמָאות, 4 נייערט אַזויווי מיר זענען געפונען געוואָרן באַגלויבּט פון
גאָט צו זיין אָנפאַרטרויט מיט דער בּשׂורה, אַזוי רעדן מיר; ניט ווי געפעלן
צו ווערן מענטשן, נייערט גאָט, וואָס פּרוּווט אונדזערע הערצער. 5 וואָרים
מיר האָבן קיינמאָל ניט גענוצט חֲניפה־רייד, ווי איר ווייסט, אויך ניט
קיין מאַנטל פון קאַרגשאַפט (גאָט איז אַן עֵדות); 6 אויך האָבן מיר ניט
געזוכט קיין כָּבוד פון מענטשן, ניט פון אייך און ניט פון אַנדערע, הַגַם
מיר האָבן געקענט פאָדערן אָנגעזעענקייט ווי שלִיחים פון מָשיחן. 7 נייערט
מיר זענען געווען צאַרט צווישן אייך, פּונקט ווי אַ זייגערין נערט אירע
אייגענע קינדער; 8 אַזוי האָט עס אונדז געצויגן צו אייך, און מיר זענען
גרייט געווען צו טיילן זיך מיט אייך, ניט נאָר די בּשׂורה פון גאָט, נייערט
אויך אונדזער אייגן לעבן, מַחמת איר זענט אונדז געוואָרן זייער טייער.
9 וואָרים איר געדענקט, ברידער, אונדזער מִי און אָנשטרענגונג; טאָג
און נאַכט האָבן מיר געאַרבעט, כּדי מיר זאָלן קיינעם פון אייך ניט פאַלן
צו לאַסט, און האָבן פאַר אייך אָנגעזאָגט די בּשׂורה פון גאָט. 10 איר
זענט עֵדות, און אויך גאָט, ווי הייליק און רעכטפאַרטיק און אומשולדיק
מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן לגַבּי אייך, וואָס גלויבּן; 11 ווייל איר ווייסט
וויאַזוי מיר האָבן אייך מַזהיר געווען, און אייך דערמוטיקט, ווי אַ פאָטער
זיינע אייגענע קינדער, און האָבן עֵדות געזאָגט, 12 אַז איר זאָלט גיין ווערדיק
פאַר גאָט, וואָס טוט אייך באַרופן צו זיין מַלכות און הערלעכקייט.

13 און צוליב דעם דאַנקען מיר תָּמיד גאָט, וואָס בעת איר האָט אָנגענומען דאָס וואָרט פון גאָט, וואָס איר האָט געהערט פון אונדז, האָט איר עס מקַבּל געווען, ניט ווי דאָס וואָרט פון מענטשן, נייערט ווי עס איז אין דעראֶמֶתן, דאָס וואָרט פון גאָט, וואָס טוט אויך ווירקן אין אייך, וואָס גלויבן. 14 וואָרים איר, ברידער, זענט געוואָרן נאָכפאָלגער פון די קהִילות פון גאָט אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, וואָס זענען אין יהודה; וואָרים איר האָט דאָס זעלבע געליטן פון אייערע אייגענע לאַנדסלײַט, ווי זיי פון די ייִדן, 15 וואָס האָבן געהרגעט סיי דעם האַר יֵשוּעַ און די נביאים, און האָבן אונדז אַרויסגעטריבן, און טוען ניט וואוילגעפעלן גאָט, און זענען דערווידער אַלע מענטשן, 16 ווייל זיי פאַרווערן אונדז צו רעדן צו די גוֹיִים, אַז זיי זאָלן געראַטעוועט ווערן, כּדי תָּמיד ממַלא צו זיין זייערע זינד; אָבער דער גרימצאָרן האָט זיי שוין דערגרייכט גאָר אין גאַנצן.

17 מיר אָבער, ברידער, נאָכדעם ווי מיר זענען אויף אַ קורצער צייט באַרויבט געוואָרן פון אייער קעגנוואַרט, ניט אין האַרצן, האָבן שטאַרק חֵשֶק געהאַט צו זען אייער פָּנים; 18 דעריבער האָבן מיר געוואָלט קומען צו אייך, טאַקע איך, פּאָולוס, איינמאָל און נאָכאַמאָל, און דער שָׂטן האָט אונדז געשטערט. 19 וואָרים וואָס איז אונדזער האָפענונג, אָדער פרייד, אָדער קרוין פון רימען זיך פאַר אונדזער האַר יֵשוּעַ ביי זיין קומען? צי זענט איר עס דען ניט? 20 וואָרים איר זענט אונדזער כָּבוד און פרייד.

ג דעריבער, בעת מיר האָבן עס מער ניט געקענט דערטראָגן, האָבן מיר גערעכנט פאַר ראָטזאַם צו פאַרבלייַבן אַליין אין אַטען, 2 און האָבן געשיקט טימאָטעאוסן, אונדזער ברודער און גאָטס דינער אין דער בשורה פון מָשיחַן, אייך צו שטאַרקן און טרייסטן פונוועגן אייער אֱמונה, 3 אַז קיינער זאָל זיך ניט טרייסלען איבער די דאָזיקע צָרות. וואָרים איר אַליין ווייסט, אַז צו דעם זענען מיר באַשטימט געוואָרן. 4 וואָרים בעת מיר זענען געווען מיט אייך, האָבן מיר אייך פאָרויסגעזאָגט, אַז מיר וועלן ליידן צָרות, אַזוי ווי עס איז געשען, און ווי איר ווייסט עס. 5 צוליב דעם, בעת איך האָב עס שוין מער ניט געקענט דערטראָגן, האָב איך געשיקט זיך צו דערוויסן פונוועגן אייער אֱמונה, טאָמער האָט אייך דער מְנַסֶה דורך עפּעס געבראַכט צו אַ נִסָיון, און אונדזער מִי איז געווען אומזיסט.

[6]אָבער אַצינד, בעת טימאָטעאוס איז געקומען פון אייך צו אונדז, און
האָט אונדז געבראַכט די פריילעכע בשורה פון אייער אֶמונה און ליבשאַפט,
און אַז איר געדענקט אונדז תּמיד צום גוטן, און בענקט אונדז צו זען,
אַזױװי מיר אויך אייך, [7]זענען מיר דערפאַר, ברידער, איבער אייך
געטרייסט געוואָרן אין אַלע אונדזערע צָרות און נויט, דורך אייער אֶמונה;
[8]וואָרים איצט לעבן מיר, אויב איר שטייט פעסט אין דעם האַר. [9]וואָרים
וואָסער דאַנק קענען מיר אָפּגעבן גאָט פאַר אייך, פאַר דער גאַנצער
פרייד, מיט וועלכער מיר פרייען זיך פון אײַערטוועגן פאַר אונדזער גאָט?
[10]טאָג און נאַכט בעטן מיר זייער, אַז מיר זאָלן זען אייער פָּנים, און
זאָלן דערגאַנצן דאָס, וואָס איז געמינערט אין אייער אֶמונה.

[11]און זאָל אונדזער גאָט און פאָטער אַליין, און אונדזער האַר יֵשוּעַ,
פירן אונדזער וועג צו אייך. [12]און זאָל דער האַר אייך מאַכן וואַקסן
און מערן זיך אין ליבשאַפט איינער צום אַנדערן, און צו אַלע מענטשן,
אַזױװי מיר טוען אויך צו אייך, [13]כּדי ער זאָל שטאַרקן אייערע הערצער,
אַז זיי זאָלן זײַן אָן אַ מום אין הייליקייט פאַר אונדזער גאָט און פאָטער,
בעת דעם קומען פון אונדזער האַר יֵשוּעַ מיט אַלע זיינע הייליקע.

ד צום סוף, ברידער, בעטן מיר אייך און זענען אייך מַזהיר אין דעם
האַר יֵשוּעַ, אַז אַזױװי איר האָט מקַבּל געווען פון אונדז וויאַזוי איר
דאַרפט זיך פירן און וואוילגעפעלן ווערן גאָט, און טאַקע אַזוי ווי איר
טוט דאָס, זאָלט איר עס טאָן אַלץ מער און מער. [2]וואָרים איר ווייסט
וואָסער געבאָט מיר האָבן אייך געגעבן דורך דעם האַר יֵשוּעַ. [3]וואָרים
דאָס איז דער רָצון פון גאָט, אייער הייליקייט: אַז איר זאָלט זיך צוריק־
האַלטן פון זנות; [4]אַז יעדער איינער פון אייך זאָל וויסן וויאַזוי אַליין צו
באַהערשן זיין אייגענע כֵּלי אין הייליקייט און כָּבוד; [5]ניט אין דער גלוסטונג
פון תַּאווה, אַזױװי די געצנדינער, וואָס קענען ניט גאָט; [6]אַז קיינער זאָל
ניט עוֹבר זיין און קריוודען זיין ברודער אין דעם ענין; וואָרים גאָט איז
זיך נוקם אויף דעם אַלעם, אַזױװי מיר האָבן אייך אויך פאָרויס מַזהיר־
געווען און אויפגעוויזן. [7]וואָרים גאָט האָט אונדז באַרופן ניט צו טומאה,
נייערט צו קדושה. [8]דעריבער, דער, וואָס טוט עס פאַראַכטן, פאַראַכט
ניט קיין מענטשן, נייערט גאָט, וואָס גיט אייך זיין רוח־הַקוֹדֶש.

[9]און וואָס שייך דער ליבשאַפט פון די ברידער, האָט איר ניט

נייטיק, מע זאָל אײַך שרײַבן, וואָרים איר אַלײן זענט געלערנט געוואָרן פֿון גאָט, ליב צו האָבן אײנער דעם אַנדערן. [10] וואָרים איר טוט עס אויך בנוגע אַלע ברידער, וואָס זענען אין מאַקעדאָניע. מיר זענען אײַך אָבער מזהיר, ברידער, אַז איר זאָלט טאָן מער און מער, [11] און אַז איר זאָלט זיך לערנען צו זײַן רואיק, און טאָן דאָס אײַעריקע, און צו אַרבעטן מיט אײַערע הענט, אַזוי ווי מיר האָבן אײַך געבאָטן, [12] כּדי איר זאָלט אײַך פֿירן אָנשטענדיק קעגן די, וואָס זענען אין דרויסן, און איר זאָלט ניט דאַרפֿן אָנקומען צו קײנעם ניט.

[13] און מיר ווילן פֿון אײַך ניט פֿאַרהוילן, ברידער, פֿונוועגן די, וואָס זענען אײַנגעשלאָפֿן, כּדי איר זאָלט זיך ניט מצער זײַן, אַזוי ווי די איבעריקע, וואָס האָבן ניט קײן האָפֿענונג. [14] וואָרים אויב מיר גלויבן, אַז ישוע איז געשטאָרבן און איז ווידער אויפֿגעשטאַנען, אַזוי וועט אויך גאָט ברענגען די, וואָס זענען אײַנגעשלאָפֿן אין ישוען, אינאײנעם מיט אים. [15] וואָרים דאָס זאָגן מיר אײַך דורך דעם וואָרט פֿון גאָט, אַז מיר, וואָס לעבן, און זענען איבערגעבליבן ביז אויף דעם קומען פֿון דעם האַר, וועלן באין־אופֿן זיך ניט פֿעדערן פֿריער פֿון די, וואָס זענען אײַנגעשלאָפֿן. [16] וואָרים דער האַר אַלײן וועט אַראָפּנידערן פֿון הימל מיט אַ שאַלן, מיט דעם קול פֿון דעם שר־המלאָכים, און מיט דעם שופֿר פֿון גאָט; און די טויטע אין משיחן וועלן קודם אויפֿשטײן; [17] דערנאָך וועלן מיר, וואָס לעבן, וואָס זענען איבערגעבליבן, אַרויפֿגעכאַפּט ווערן צוזאַמען מיט זײ אין די וואָלקנס, צו באַגעגענען דעם האַר אין דער לופֿט; און אַזוי וועלן מיר תּמיד זײַן מיט דעם האַר. [18] דעריבער, טרײסט אײנער דעם אַנדערן מיט די דאָזיקע רייד.

ה אוּן וואָס שייך די צײַטן און זמנים, ברידער, האָט איר ניט נייטיק, אַז מע זאָל אײַך דאַרפֿן שרײַבן. [2] וואָרים איר אַלײן ווייסט גאַנץ גוט, אַז דער טאָג פֿון דעם האַר טוט קומען אַזוי ווי אַ גנבֿ אין דער נאַכט. [3] בעת זײ טוען זאָגן: שלום און שלווה, דעמאָלט וועט קומען אויף זײ פּלוצים אַ בראָך, ווי די ווייען פֿון אַ געווינערין; און זײ וועלן באין־אופֿן ניט אַנטרינען. [4] איר אָבער, ברידער, זענט ניט אין דער פֿינצטערניש, אַז יענער טאָג זאָל אײַך באַפֿאַלן ווי אַ גנבֿ; [5] וואָרים איר אַלע זענט קינדער פֿון ליכטיקייט, און קינדער פֿון דעם טאָג; מיר זענען ניט פֿון דער נאַכט,

אויך נִיט פון דער פינצטערניש. 6 לאָמיר דעריבער נִיט שלאָפן, ווי סע
טוען די איבעריקע, נייערט לאָמיר וואַכן און ניכטער זיין. 7 וואָרים די,
וואָס שלאָפן, שלאָפן אין דער נאַכט; און די, וואָס זענען שיכּור, זענען
שיכּור אין דער נאַכט. 8 מיר אָבער, הֶיות מיר זענען פון דעם טאָג, לאָמיר
ניכטער זיין, און אָנטאָן דעם פּאַנצער פון אֱמונה און ליבשאַפט, און פאַר
אַ קיווער, די האָפענונג פון ישועה. 9 וואָרים גאָט האָט אונדז נִיט באַשטימט
פאַר גרימצאָרן, נייערט פאַר דער אַרבונג פון ישועה דורך אונדזער האַר
יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, 10 וואָס איז פאַר אונדז געשטאָרבן, כּדי, צי מיר וואַכן אָדער
שלאָפן, זאָלן מיר לעבן אינאיינעם מיט אים. 11 בכֵן, טרייסט איינער דעם
אַנדערן, און בויט אויף איינער דעם אַנדערן, אַזוי ווי איר טוט אויך.
12 מיר בעטן אייך אָבער, ברידער, איר זאָלט אָנערקענען די, וואָס
מִיען זיך צווישן אייך, און שטייען איבער אייך אין דעם האַר, און וואָס
זענען אייך מַזהיר, 13 און אַז איר זאָלט פאַר זיי האָבן דֶרֶך־אֶרֶץ אין
ליבשאַפט פונוועגן זייער ווערק. לעבט בשָלום צווישן זיך. 14 און מיר זענען
אייך מַזהיר, ברידער, שטראָפט די אומאָרנטלעכע, דערמוטיקט די ווייכ־
האַרציקע, לענט אונטער די שוואַכע, זייט געדולדיק קעגן אַלע. 15 זעט אַז
קיינער זאָל קיינעם נִיט פאַרגעלטן שלעכטס פאַר שלעכטס, נייערט זוכט
תָמיד צו טאָן גוטס איינער דעם אַנדערן, און צו אַלע מענטשן. 16 זייט תָמיד
פריילעך, 17 זייט מִתפַּלֵל אָן אויפהער; 18 דאַנקט פאַר אַלצדינג; וואָרים דאָס
איז דער רָצון פון גאָט צו אייך אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. 19 לעשט נִיט דעם גייסט;
20 זייט נִיט מְבַזֶה דאָס נביאות זאָגן; 21 פּרוּאווט אויס אַלצדינג, האַלט פעסט
דאָס, וואָס איז גוט; 22 דערווײַטערט אייך פון יעדער פאָרם פון שלעכטס.
23 און דער גאָט פון שָלום אַליין זאָל אייך הייליקן בשלֵימות; און
זאָל אייער גייסט און זעל און גוף זיין אין גאַנצן אָפּגעהיט אָן אַ מום
ביי דעם קומען פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. 24 געטריי איז דער, וואָס
האָט אייך באַרופן, און וואָס וועט עס אויך טאָן.
25 ברידער, זייט מִתפַּלֵל פאַר אונדז.
26 גריסט אַלע ברידער מיט אַ הייליקן קוש.
27 איך באַשווער אייך ביי דעם האַר, אַז דער דאָזיקער בריוו זאָל
געלייענט ווערן פאַר אַלע ברידער.
28 דער חֶסֶד פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ זאָל זיין מיט אייך.



# דער צווייטער בריוו צו די טעסאַלאָניקער

א פּאָולוס, און סילוואַנוס, און טימאָטעאוס, צו דער קהִילה פון די
טעסאַלאָניקער אין גאָט, אונדזער פּאָטער, און דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ:
2 חֶסֶד צו אייך און שָלום פון גאָט, דעם פּאָטער, און דעם האַר יֵשוּעַ
הַמָשִיחַ.

3 מיר זענען מחויב תָּמיד צו דאַנקען גאָט פֿאַר אייך, ברידער, ווי
סע דאַרף צו זיין, וואָרים אייער אֶמונה וואַקסט זייער שטאַרק, און די
ליבשאַפט פון יעטווידן פון אייך טוט זיך מערן פון איינעם צום אַנדערן,
4 אַזוי, אַז מיר אַליין רימען זיך מיט אייך אין די קהִילות פון גאָט פונוועגן
אייער סַבלָנות און אֶמונה אין אַלע אייערע רדִיפות און אין די צָרות, וואָס
איר טראָגט איבער.

5 דאָס איז אַן אָפּענער צייכן פון דעם רעכטפאַרטיקן מִשפּט פון
גאָט, כּדי איר זאָלט גערעכנט ווערן צו זיין רָאוי פֿאַר דעם מַלכות
פון גאָט, פֿאַר וועלכן איר טוט אויך ליידן; 6 בכֵן, אויב עס איז רעכט
ביי גאָט צו פאַרגעלטן פּיין צו די, וואָס פּייניקן אייך, 7 און אייך, וואָס
זענט געפּייניקט, מנוחה מיט אונדז, ביי דער אַנטפּלעקונג פון דעם האַר
יֵשוּעַ פון הימל מיט די מַלאָכים פון זיין שטאַרקייט אין פלאַמיקן פייער,
8 בעת ער וועט פאַרגעלטן נקָמה צו די, וואָס קענען ניט גאָט, און צו
די, וואָס געהאָרכן ניט די בשׂורה פון אונדזער האַר יֵשוּעַ. 9 זיי וועלן
ליידן די שטראָף פון אייביקער פאַרדאַרבונג פון פֿאַר דעם פָּנים פון
דעם האַר און פון דער הערלעכקייט פון זיין מאַכט, 10 בעת ער וועט
קומען פאַרהערלעכט צו ווערן ביי זיינע הייליקע, און ווערן באַוואונדערט
פון אַלע גלויביקע, וואָרים אונדזער עֵדות ביי אייך איז געווען באַגלויבט.
11 איבערדעם זענען מיר אויך תָּמיד מִתפַּלֵל פֿאַר אייך, אַז אונדזער גאָט

זאָל אייך האַלטן צו זיין ראוי אין אייער באַרופונג, און זאָל דערפילן מיט שטאַרקייט יעדן באַגער פון גוטסקייט און טוּאונג פון אֱמונה, [12] כּדי דער נאָמען פון אונדזער האַר יֵשוּעַ זאָל זיין אין אייך פאַרהערלעכט, און איר אין אים, לויט דעם חֶסֶד פון אונדזער גאָט און דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.

ב און מיר בעטן אייך, ברידער, אין שייַכות מיט דעם קומען פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, און אונדזער אייַנזאַמלונג צו אים, [2] אַז אייער פאַרשטאַנד זאָל ניט פּלוצים צערירט ווערן, און אויך ניט דערשראָקן ווערן, סיי דורך אַ גייסט, אָדער דורך אַ וואָרט, אָדער דורך אַ בריוו, ווי ער וואָלט געווען פון אונדז, גלייך ווי דער טאָג פון דעם האַר איז שוין געקומען.

[3] לאָז קיינער אייך באין־אופן ניט פאַרפירן; וואָרים סע וועט ניט געשען, סיידן סע וועט קודם קומען די אָפּפאַלונג, און סע וועט אַנטפּלעקט ווערן דער מענטש פון זינד, דער זון פון פאַרדאַרבונג, [4] דער־ער, וואָס ווידערשפּעניקט און דערהייבט זיך קעגן אַלץ, וואָס ווערט אָנגערופן גאָט, אָדער וואָס ווערט געדינט, אַזוי, אַז ער זיצט אין דעם הֵיכל פון גאָט, און גיט זיך אַרויס ווי אַ גאָט. [5] צי געדענקט איר ניט, אַז בעת איך בין נאָך געווען מיט אייך, האָב איך אייך דאָס געזאָגט? [6] און איר ווייסט אַצינד, וואָס סע טוט אים אויפהאַלטן, כּדי ער זאָל אַנטפּלעקט ווערן אין זיין געהעריקער צייט. [7] וואָרים דער סוֹד פון רְשעוּת טוט שוין ווירקן; אָבער דער, וואָס טוט עס אַצינד אויפהאַלטן, מוז צוערשט אָפּגעטאָן ווערן פון דעם וועג. [8] און דעמאָלט וועט אַנטפּלעקט ווערן דער רָשע, וועמען דער האַר יֵשוּעַ וועט טייטן מיט דעם אָטעם פון זיין מויל, און אים אומברענגען דורך דער דערשיינונג פון זיין קומען. [9] וואָס זיין קומען איז לויט דער ווירקונג פון דעם שָׂטָן מיט דער גאַנצער קראַפט און צייכנס און פאַלשע וואונדער, [10] און מיט דער גאַנצער אָפּנאַרעריי פון אומגערעכטיקייט פאַר די, וואָס ווערן פאַרלוירן; מַחמת זיי האָבן ניט מְקַבֵּל געווען די ליבשאַפט פון דעם אֱמת, כּדי זיי זאָלן גערעטעוועט ווערן. [11] און צוליב דעם שיקט זיי גאָט אַ ווירקונג פון טָעוּת, אַז זיי זאָלן גלויבן אַ ליגן; [12] כּדי זיי זאָלן אַלע געמִשפּט ווערן, וואָס האָבן ניט געגלויבט דעם אֱמת, נייערט האָבן געהאַט פאַרגעניגן אין אומגערעכטיקייט.

[13] מיר אָבער זענען מחויב תָּמיד צו דאַנקען גאָט פאַר אייך, באַליבטע ברידער פון דעם האַר; וואָרים דערפאַר האָט אייך גאָט אויסדערוויילט פון תּחילת אָן צו דער ישועה, דורך הייליקייט פון דעם גייסט און אֶמונה פון דעם אֶמת; [14] צוליב וואָס ער האָט אייך באַרופן דורך אונדזער בשׂורה, צו דער אַרבונג פון דער הערלעכקייט פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. [15] בכֵן, ברידער, שטייט פעסט, און האַלט זיך אין די איבערענטפערונגען, וואָס מע האָט אייך געלערנט, סיי דורך וואָרט, אָדער דורך בריוו פון אונדז.

[16] און אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ אַליין, און גאָט, אונדזער פאָטער, וואָס האָט אונדז ליב געהאַט און אונדז געגעבן אייביקע טרייסט און גוטן בטָחון דורך חֶסֶד, [17] זאָל טרייסטן אייערע הערצער און זיי גרונטפעסטיקן אין יעדן גוטן ווערק און וואָרט.

ג צום סוף, ברידער, זייט מִתפַּלֵל פאַר אונדז, אַז דאָס וואָרט פון דעם האַר זאָל לויפן און פאַרהערלעכט ווערן, אַזוי ווי עס איז אויך ביי אייך, [2] און אַז מיר זאָלן ניצול ווערן פון פאַרדאָרבענע און בייזע מענטשן; וואָרים ניט אַלע האָבן אֶמונה. [3] אָבער דער האַר איז געטריי, וואָס וועט אייך שטאַרקן און באַהיטן פון דעם בייזן. [4] און מיר זענען בטוחַ אין דעם האַר בנוֹגֵע אייך, אַז איר טוט און וועט אויך טאָן דאָס, וואָס מיר באַפעלן. [5] און דער האַר זאָל פירן אייערע הערצער צו דער ליבשאַפט פון גאָט, און צו דער סַבלָנות פון מָשִיחַן.

[6] און מיר באַפעלן אייך, ברידער, אין דעם נאָמען פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, אַז איר זאָלט זיך אָפּשיידן פון יעדן ברודער, וואָס פירט זיך אומאָרנטלעך, און ניט לויט נאָך דער איבערענטפערונג, וואָס איר האָט מקַבל געווען פון אונדז. [7] וואָרים איר אַליין ווייסט, וויאַזוי איר דאַרפט אונדז נאָכטאָן; וואָרים מיר האָבן זיך ניט באַנומען אומאָרנטלעך צווישן אייך, [8] מיר האָבן אויך ניט געגעסן אומזיסט ברויט ביי עמיצן, נייערט אין מי: און מאַטערניש האָבן מיר געאַרבעט טאָג און נאַכט, כּדי מיר זאָלן קיינעם פון אייך ניט זיין קיין לאַסט. [9] ניט מַחמת מיר האָבן ניט געהאַט קיין רשות, נייערט צו מאַכן זיך אַ ביישפּיל פאַר אייך, כּדי איר זאָלט אונדז נאָכטאָן. [10] וואָרים אַפילו בעת מיר זענען געווען מיט אייך, האָבן מיר אייך אָט־דאָס באַפוילן: אויב עמיצער וויל ניט אַרבעטן,

זאָל ער אויך ניט עסן. [11]וואָרים מיר הערן, אַז עטלעכע צווישן אייך פירן זיך אויף אומאָרנטלעך, און טוען בכּלל ניט אַרבעטן, נייערט זענען קאָכלעפל. [12]און אַזעלכע באַפעלן מיר און וואָרענען אין דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, אַז זיי זאָלן אַרבעטן בּמנוחה, און עסן זייער אייגן ברויט. [13]איר אָבער, ברידער, ווערט ניט מיד אין טאָן גוטס.

[14]אויב עמיצער טוט ניט געהאָרכן אונדזער וואָרט דורך דעם דאָזיקן בריוו, באַמערקט יענעם מענטשן, און חַברט זיך ניט מיט אים, כּדי ער זאָל פאַרשעמט ווערן. [15]פאַררעכנט אים אָבער ניט פאַר קיין שׂונא, נייערט שטראָפט אים ווי אַ ברודער.

[16]און דער האַר פון שָלום אַליין זאָל אייך תָּמיד געבן שָלום אויף אַלע וועגן. דער האַר זאָל זיין מיט אייך.

[17]דער גרוס פון מיר, פאָולוס, מיט מיין אייגענער האַנט, וואָס איז דער צייכן אין יעדן בריוו; אַזוי שרייב איך. [18]דער חֶסֶד פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ זאָל זיין מיט אייך אַלע.







# דער ערשטער בריוו צו טימאָטעאוסן

א פּאָולוס, אַ שליח פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ לויט דעם
גענבאָט פון גאָט, אונדזער גואֵל, און פון יֵשוּעַ
הַמָשִיחַ, אונדזער האָפענונג, [2] צו טימאָטעאוסן, מיין
אֶמתדיק קינד אין דער אֱמונה: חֶסֶד, רַחמים, און
שָלום פון גאָט, דעם פאָטער, און פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ,
אונדזער האַר.






[3] אַזויווי איך האָב דיך געבעטן צו בלייבן אין
עפעזוס, בעת איך בין געגאַנגען קיין מאַקעדאָניע,
כּדי דו זאָלסט באַפעלן געוויסע מענטשן, ניט צו
לערנען קיין אַנדערע לערנונג, [4] און זיך ניט צו
פאַרנעמען מיט בָבא־מַעשׂות און יִחוס־בריוו, וואָס
האָבן קיין סוף ניט, און וואָס דינען מער פאַר
קַשיות, איידער פאַר דער אויפבויאונג אין גאָט
דורך אֱמונה. [5] וואָרים דער תַכלית פון דעם געבאָט
איז ליבשאַפט פון אַ ריין האַרץ און אַ גוט געוויסן
און אַן אֱמונה אָן צבִיעות; [6] פון וואָס טייל האָבן זיך
דערווײַטערט און אָפּגעקערט צו נישטיקע דִיבּורים,
[7] בעת זיי באַגערן צו זיין לערערס פון דער תּורה,
הַגַם זיי פאַרשטייען ניט וואָס זיי זאָגן, אָדער וואָס
זיי באַהויפּטן.




















[8] און מיר ווייסן, אַז די תּורה איז גוט, אויב
איינער באַנוצט זי ריכטיק, [9] ווייל ער ווייסט, אַז
דאָס געזעץ איז ניט געמאַכט געוואָרן פאַר דעם
צַדיק, נייערט פאַר די אומגערעכטע און ווידער־







שפּעניקע, פֿאַר די גאָטלאָזע און זינדיקע, פֿאַר די רשָעים און אומווערדיקע, פֿאַר פֿאָטער־מערדערס און מוטער־מערדערס, פֿאַר רוֹצחים, [10] נוֹאפֿים, פֿאַר די, וואָס ליגן מיט זכָרים, פֿאַר די, וואָס כאַפּן מענטשן, פֿאַר ליגנערס, פֿאַר פֿאַלש־שווערערס, און אויב נאָך עפּעס אַנדערש, וואָס איז דער הֵיפּוך פֿון דער געזונטער לערנונג, [11] לויט דער בשׂוֹרה פֿון דעם כָּבוֹד פֿון גאָט בָּרוּך הוּא, וואָס איז מיר אָנפֿאַרטרויט געוואָרן.

[12] איך דאַנק אים, וואָס האָט מיר געהאָלפֿן, יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, אונדזער האַר, דערפֿאַר וואָס ער האָט מיך געהאַלטן פֿאַר געטריי, און האָט מיך באַשטימט פֿאַר זיין דינונג, [13] הַגַם איך בין פֿריער געווען אַ לעסטערער, און אַ פֿאַרפֿאָלגער, און אַן עַזוּת־פָּנים. דאָך האָט ער זיך דערבאַרעמט אויף מיר, מַחמת איך האָב עס געטאָן ניט ווייסנדיקערהייט אין אומגלויבן; [14] און דער חֶסֶד פֿון אונדזער האַר האָט זיך שטאַרק געמערט מיט אֱמוּנה און ליבשאַפֿט, וואָס איז אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. [15] אֱמֶת איז דאָס וואָרט, און רָאוּי מע זאָל עס אָננעמען, אַז יֵשוּעַ הַמָשִיחַ איז געקומען אין דער וועלט אַריין מַציל צו זיין זינדיקע, וואָס פֿון זיי בין איך דער גרעסטער. [16] דאָך צוליב דעם איז מיר אַרויסגעוויזן געוואָרן רַחמים, כּדי אין מיר זאָל יֵשוּעַ הַמָשִיחַ קוֹדם אַרויסווייַזן זיין גאַנצע געדולדיקייט, פֿאַר אַ בייַשפּיל פֿאַר די, וואָס וועלן שפּעטער גלויבן אין אים צום אייביקן לעבן. [17] און דעם אייביקן מֶלֶך, דעם אומשטאַרבלעכן, און וואָס קיין אויג קאָן ניט זען, דעם איינציקן גאָט, זאָל זיין כָּבוֹד און הערלעכקייט אויף אייביק און אייביק. אָמֵן.

[18] דאָס דאָזיקע געבאָט גיב איך איבער דיר, מיין זון טימאָטעאוס, לויט די נבוּאוֹת, וואָס גייען אויף דיר, כּדי דורך זיי זאָלסטו קעמפֿן דעם גוטן קאַמף, [19] צו האַלטן די אֱמוּנה אין אַ גוט געוויסן, וואָס טייל האָבן דאָס פֿאַרשטויסן פֿון זיך און געליטן שיפֿבראָך בנוֹגע דער אֱמוּנה; [20] צו זיי געהערט הימענעאוס און אַלֶקסַנדֶר, וועמען איך האָב איבער־געענטפֿערט דעם שָׂטָן, כּדי זיי זאָלן לערנען ניט צו לעסטערן.

ב איך ראָט דעריבער קוֹדם־כָּל, אַז תּפֿילות, תַּחנוּנים, בַּקָשות, און דאַנקלויב, זאָלן געטאָן ווערן פֿאַר אַלע מענטשן, [2] פֿאַר מְלָכים און אַלע, וואָס זענען דערהויבן, כּדי מיר זאָלן קענען פֿירן אַ רואיק און

שטיל לעבן אין יעדער פרומקייט און ערלעכקייט. [3] דאָס איז גוט און אָנגענומען פאַר גאָט, אונדזער גואל, [4] וואָס וויל, אַז אַלע מענטשן זאָלן געראַטעוועט ווערן און קומען צו דער דערקענטעניש פונעם אמת. [5] וואָרים פאַראַן איז איין גאָט, און איין מֵליץ צווישן גאָט און מענטשן, דער מענטש יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, [6] וואָס האָט געגעבן זיין נֶפש פאַר אַן אויסלייזונג פאַר אַלע; אַן עֵדות אין זיין רעכטער צייט. [7] צוליב דעם בין איך באַשטימט געוואָרן פאַר אַן אויסרופער און אַ שָלִיח (איך זאָג דעם אמת, און ניט קיין שֶקר), אַ לערער פון די אומות־הָעוֹלָם אין אֱמונה און אֱמת.

[8] דעריבער וויל איך, אַז די מענער זאָלן מִתפַּלֵל זיין אין יעדן אָרט, און זאָלן אויפהייבן הייליקע הענט, אָן צאָרן און מַחלוקות. [9] אויף דעם זעלבן אופן זאָלן ווייבער זיך פוצן אין באַשיידענער קליידונג, מיט שעמעוודיקייט און צְנִיעות, ניט מיט קיין געפלאָכטענע האָר, אָדער גאָלד, אָדער פערל, אָדער טייערע מַלבושים, [10] נייערט מיט מַעשים־טובים, ווי סע פאַסט פאַר ווייבער, וואָס פירן זיך אויף פרום. [11] זאָל אַ פרוי לערנען שטילערהייט מיט דער גאַנצער הַכנָעה. [12] איך גיב אָבער ניט קיין רשות אַ פרוי, זי זאָל לערנען, אויך ניט צו הערשן איבער דעם מאַן, נייערט צו זיין שטיל. [13] וואָרים אָדָם איז קודם באַשאַפן געוואָרן, דערנאָך חַוָה. [14] און אָדָם האָט זיך ניט געלאָזט פאַרפירן, נייערט דאָס ווייב איז פאַרפירט געוואָרן, און האָט עובר געווען. [15] זי וועט אָבער ניצול ווערן דורך געבערן קינדער, אויב זיי וועלן בלייבן אין אֱמונה און ליבשאַפט און הייליקייט מיט צְנִיעות.

ג אֱמת איז דאָס וואָרט: אויב איינער באַגערט דאָס אַמט פון אַ פאָרשטייער, טוט ער באַגערן אַ גוטע זאַך. [2] דער פאָרשטייער מוז דעריבער זיין אָן אַ פעלער, דער מאַן פון איין ווייב, ניכטער, געלאַסן, אַן עָנָו, אַ מַכנִיס־אוֹרֵחַ, פעאיק צו לערנען. [3] ניט קיין שִיכּור, ניט קיין שלעגער, נייערט איידל, ניט קריגעריש, ניט קיין ליבהאָבער פון געלט; [4] איינער, וואָס פירט גוט זיין אייגן הויז, וואָס האַלט זיינע קינדער געהאָרכזאַם מיט דער גאַנצער ערלעכקייט; [5] וואָרים אויב איינער פאַרשטייט ניט ווי צו פירן זיין אייגן הויז, וויאַזוי קאָן ער זאָרגן פאַר דער עֵדה פון גאָט? [6] ניט קיין נייער תַלמִיד, טאָמער וועט ער זיך אויפבלאָזן, און וועט אַרייַנפאַלן אין דעם מִשפט פון דעם שָׂטָן. [7] נאָך מער, ער מוז האָבן אַ

גוטן שֵׁם בײַ די, וואָס זענען אין דרויסן, כּדי ער זאָל ניט אַרײַנפֿאַלן אין
קיין חֶרפּה און אין דער נעץ פֿון דעם שָׂטן.
[8] אויף דעם זעלבן אופֿן דאַרפֿן געהילפֿן זײַן ערנצט, ניט קיין טאָפּלט־
צונגיקע, ניט איבערגעגעבן צו קיין סך וויין, ניט זשעדנע נאָך מיאוסן
געווינס; [9] וואָס האַלטן דעם סוד פֿון דער אֱמונה אין אַ ריינעם געוויסן.
[10] און אויך די דאָזיקע זאָלן קודם אויסגעפּרואווט ווערן; דערנאָך זאָלן
זיי דינען ווי געהילפֿן, אויב זיי זענען אָן אַ פֿעלער. [11] אויף דעם זעלבן
אופֿן דאַרפֿן די ווייבער זײַן ערנצט, ניט קיין רכילות־טרײַבערינס, ניכטער,
געטריי אין אַלצדינג. [12] געהילפֿן זאָלן זײַן מאַנען פֿון איין פֿרוי, און פֿירן
גוט זייערע קינדער און זייערע אייגענע הייזער. [13] וואָרים די, וואָס האָבן
גוט געדינט ווי געהילפֿן, געווינען פֿאַר זיך אַ גוטע שטעלונג, און גרויס
מוטיקייט אין דער אֱמונה, וואָס איז אין יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ.
[14] די דאָזיקע זאַכן שרייב איך דיר, ווייל איך האָף צו קומען צו דיר
אין גיכן, [15] און אויב איך וועל מיך פֿאַרזאַמען, זאָלסטו וויסן, וויאַזוי מע
זאָל זיך באַנעמען אין דעם הויז פֿון גאָט, וואָס איז די עֵדה פֿון דעם
לעבעדיקן גאָט, דער זײַל און יסוד פֿון דעם אֱמת. [16] בלי־ספֿק, גרויס
איז דער סוד פֿון דער געטלעכקייט:

ער, וואָס איז אַנטפּלעקט געוואָרן אין דעם פֿלייש,
גערעכטפֿאַרטיקט אין דעם גייסט,
האָט זיך באַוויזן צו מַלאָכים,
איז אָנגעזאָגט געוואָרן צווישן די אומות,
געגלויבט אין דער וועלט,
איז אַרויפֿגענומען געוואָרן אין הערלעכקייט.

**ד** דער גייסט אָבער זאָגט בפֵּירוש, אַז אין די לעצטע צייטן וועלן טייל
אַוועקפֿאַלן פֿון דער אֱמונה, און וועלן שענקען אויפֿמערקזאַמקייט צו
פֿאַרפֿירערישע גייסטער און לערנונגען פֿון שֵׁדים, [2] דורך דער חֲניפֿה פֿון
מענטשן, וואָס רעדן ליגנס, אויסגעברענט אין זייער אייגן געוויסן ווי מיט
אַ הייס אײַזן; [3] זיי אַסרן חתונה צו האָבן, און באַפֿעלן זיך צוריקצוהאַלטן
פֿון שפּייזן, וואָס גאָט האָט באַשאַפֿן, זיי זאָלן אָנגענומען ווערן מיט דאַנק
פֿון די, וואָס גלויבן און פֿאַרשטייען דעם אֱמת. [4] וואָרים יעדע באַשעפֿעניש
פֿון גאָט איז גוט, און קיין זאַך דאַרף ניט פֿאַרוואָרפֿן ווערן, אויב סע

ווערט אָנגענומען מיט דאַנק; [5]וואָרים סע ווערט געהייליקט דורך דעם וואָרט פון גאָט און תּפילה.

[6]אויב דו וועסט דאָס פירלייגן פאַר די ברידער, וועסטו זיין אַ גוטער דינער פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, גענערט אין די רייד פון דער אֱמונה און פון דער גוטער ל־ערנונג, וואָס דו ביסט נאָכגעגאַנגען. [7]טו אָבער אויסווייַכן אומווערדיקע און אַלטע ווייבערישע בָבא־מַעשׂות. און געוויין דיך צו צו פרומקייט; [8]וואָרים קערפּערלעכע אויסבילדונג איז פון קליינעם נוצן; פרומקייט אָבער איז נוצלעך פאַר אַלצדינג, ווייל זי האָט די הַבטָחה פון דעם איצטיקן לעבן, און פון דעם, וואָס וועט קומען. [9]אֱמֶת איז דאָס וואָרט, און ווערט איז עס מע זאָל עס מְקַבל זיין. [10]וואָרים צוליב דעם מיִען מיר זיך און קעמפן, מַחמת מיר האָבן געזעצט אונדזער האָפענונג אויף דעם לעבעדיקן גאָט, וואָס איז דער גוֹאֵל פון אַלע מענטשן, בִפרַט פון די, וואָס גלויבן.

[11]די דאָזיקע זאַכן באַפעל און לערן. [12]זאָל קיינער ניט פאַראַכטן דיין יוגנטלעכקייט, נייערט זיי אַ בייַשפּיל פאַר די, וואָס גלויבן, אין וואָרט, אין לעבנסשטייגער, אין ליבשאַפט, אין אֱמונה, אין לויטערקייט. [13]ביז איך קום, גיב אַכטונג אויף לייענען, אויף מוסר, אויף לערנען. [14]האַלט ניט גרינג די מַתָנה, וואָס איז אין דיר, און וואָס איז דיר געגעבן געוואָרן דורך נבואה און מיט דער סמיכה דורך די זקֵנים. [15]זאָרג דיך פאַר די דאָזיקע זאַכן, און גיב דיך אין גאַנצן איבער צו זיי, כּדי דיין אַנטוויקלונג זאָל פון אַלעמען געזען ווערן. [16]גיב אַכטונג אויף דיר און אויף דער לערנונג; פאַרבלייַב אין די דאָזיקע זאַכן, וואָרים אין טאָן דאָס, וועסטו מַציל זיין סיי דיך, און סיי די, וואָס הערן דיך.

ה זאָלסט דיך ניט בייזערן אויף אַ זָקֵן, נייערט זיי אים מַזהיר ווי אַ פאָטער; די יינגערע מענטשן ווי ברידער, [2]די עלטערע ווייבער ווי מוטערס, די יינגערע ווי שוועסטער, מיט דער גאַנצער לויטערקייט.

[3]גיב אָפּ כָּבוד אַלמָנות, וואָס זענען באֱמת אַלמָנות. [4]אויב אָבער אַן אַלמָנה האָט קינדער, אָדער אייניקלעך, זאָלן זיי רֵאשית לערנען אַרויס־צואווייַזן פרומקייט לגַבי זייער אייגענער מִשפּחה, און צו פאַרגעלטן זייערע עלטערן; וואָרים דאָס איז אָנגענומען פאַר גאָט. [5]און די, וואָס איז אַן אֱמֶתע אַלמָנה, און איז איינזאַם, האָט געזעצט איר האָפענונג אויף גאָט,

און האַלט אין איין בעטן און תּפֿילה טאָן טאָג און נאַכט. [6] די אָבער, וואָס
גיט זיך איבער צו תּענוגים, איז לעבעדיק טויט. [7] און דאָס זאָלסטו
באַפֿעלן, כּדי זיי זאָלן זיין אָן אַ פֿעלער. [8] אויב אָבער עמיצער זאָרגט
ניט פֿאַר זיינע קרובֿים, און בפֿרט פֿאַר זיין אייגן הויזגעזינד, האָט ער
פֿאַרלייקנט די אמונה, און איז ערגער ווי אַן אומגלויביקער.

[9] אַן אַלמנה זאָל מען פֿאַרצייכענען יענע, וואָס איז ניט ווייניקער פֿון
זעכציק יאָר אַלט, און וואָס איז געווען דאָס ווייב פֿון איין מאַן, [10] וואָס
האָט אַ שם פֿאַר מעשׂים־טובֿים, וואָס האָט מגדל געווען קינדער, האָט
אויפֿגענומען אורחים, האָט געוואַשן די פֿיס פֿון די הייליקע, האָט געהאָלפֿן
די געליטענע, און האָט זיך עוסק געווען אין מעשׂים־טובֿים. [11] יינגערע
אַלמנות אָבער זאָלסטו אָפּזאָגן; וואָרים בעת זיי ווערן פֿאַרשייט קעגן משיחן,
באַגערן זיי חתונה צו האָבן, [12] און ווערן פֿאַרמשפּט, מחמת זיי האָבן
פֿאַרוואָרפֿן זייער ערשטע התחייבֿות. [13] דערביי לערנען זיי זיך אויך צו זיין
פֿויל, בעת זיי גייען אַרום פֿון הויז צו הויז; און ניט נאָר פֿויל, נייערט אויך
פּלאַפּלערינס און קאָכלעפֿל, און רעדן וואָס מע טאָר ניט. [14] איך וויל
דעריבער, אַז די יינגערע אַלמנות זאָלן חתונה האָבן, האָבן קינדער, פֿירן
די באַלעבאַטישקייט, און ניט געבן קיין געלעגנהייט דעם שׂונא אויף צו
לעסטערן; [15] וואָרים טייל האָבן שוין לאַנג אָפּגעקערט נאָך דעם שׂטן. [16] אויב
אַן אשה, וואָס גלויבט, האָט אַלמנות, זאָל זי זיי שטיצן, און זאָל די קהילה
ניט ווערן באַשווערט, כּדי זי זאָל קאָנען שטיצן די, וואָס זענען אויף אַן
אמת אַלמנות.

[17] די זקנים, וואָס פֿירן גוט, זאָלן געהאַלטן ווערן פֿאַר ראוי פֿון
טאָפּלטן כּבֿוד, בפֿרט יענע, וואָס מיִען זיך אין דעם וואָרט און אין לערנונג.
[18] וואָרים דער פּסוק זאָגט:

זאָלסט ניט פֿאַרבינדן אַן אָקס דאָס מויל, בעת ער דרעשט[א].

און: דער אַרבעטער איז ווערט זיין לוין. [19] נעם ניט אָן קיין באַשולדיקונג
קעגן אַן עלטסטן, סיידן לויט צוויי, אָדער דריי עדות. [20] די, וואָס זינדיקן,
שטראָף אין די אויגן פֿון אַלע, כּדי די איבעריקע זאָלן אויך מורא האָבן.
[21] איך באַפֿעל דיר פֿאַר גאָט און ישוע המשיח און די אויסדערוויילטע
מלאָכים, אַז דו זאָלסט אָפּהיטן די דאָזיקע זאַכן אָן פֿאָראורטייל, און

א דברים כה 4.

גאָרניט טאָן דורך פּאַרטײַלעכקייט. 22 לייג ניט אײַליק אַרויף די הענט
אויף קיינעם, און האָב אויך ניט קיין חלק אין אַנדערע מענטשנס זינד;
האַלט דיך ריין. 23 טרינק ניט מער קיין וואַסער, נייערט נוץ אַביסל ווײַן
פון דײַן מאָגן־וועגן און דײַנע אָפטע שלאַפקייטן.
24 די זינד פון טייל מענטשן זענען קלאָר אַנטפּלעקט, און גייען פאָרויס
צום מִשפּט, אָבער טייל מענטשן טוען זיי נאָכגיין. 25 אַזוי אויך זענען די
מַעֲשׂים־טובים קלאָר אַנטפּלעקט, און אַזוינע, וואָס זענען אַנדערש, קענען
ניט פאַרבאָרגן ווערן.

ו אַלע, וואָס זענען קנעכט אונטער דעם יאָך, זאָלן האַלטן זייערע אייגענע
הארן פאַר ראָוי פון יעדן כּבוד, כּדי דער נאָמען פון גאָט און די
לערנונג זאָלן ניט געלעסטערט ווערן. 2 און די, וואָס האָבן הארן מַאמינים,
זאָלן זיי ניט פאַראַכטן, מַחמת זיי זענען ברידער, נייערט לאָזן זיי דינען
זיי נאָך בעסער, מַחמת די, וואָס טוען טיילנעמען פון דעם געווינס, זענען
גלויביק און באַליבט. דאָס דאָזיקע זאָלסטו לערנען און ראָטן.
3 אויב עמיצער טוט לערנען אַן אַנדערע לערנונג, און איז ניט מַסכּים
צו די געזונטע רייד פון אונדזער האר ישוע המשיח, און צו דער לערנונג,
וואָס איז לויט דער פרומקייט, 4 איז ער אויפגעבלאָזן און ווייסט גאָרניט,
נייערט מאַכט זיך נאַריש מיט שאלות און סיכסוכים פון רייד, פון וועלכע
סע קומען אַרויס קנאה, מַחלוקות, לעסטערונגען, בייזע חשדים, 5 וויכּוחים
פון מענטשן, וואָס זענען פאַרדאָרבן אין פאַרשטאַנד און באַרויבט פון
דעם אמת, וואָס מיינען, אַז פרומקייט איז אַ וועג פאַר געווינס. 6 פרומקייט
מיט צופרידנקייט איז טאַקע אַ גרויס געווינס; 7 וואָרים מיר האָבן גאָרניט
אַרײַנגעבראַכט אין דער וועלט, און מיר קענען אויך גאָרניט אַרויסטראָגן;
8 האָבן מיר אָבער שפּײַז און אַ צודעק, דאַרפן מיר זיין מיט דעם צופרידן.
9 די אָבער, וואָס זענען געניגט צו זיין רייך, פאַלן אַריין אין אַ נסיון און
אין אַ נעץ און אין אַ סך נאַרישע און שעדלעכע תאוות, אַזעלכע, וואָס
דערטרינקען מענטשן אין צעשטערונג און פאַרדאַרבעניש. 10 וואָרים די
ליבשאַפט צו געלט איז דער שורש פון אַלע מינים שלעכטס, און יאָגנדיק
זיך דערנאָך, זענען טייל אַראָפּגעפירט געוואָרן פון דער אמונה, און האָבן
זיך דורכגעשטאָכן מיט אַ סך ווייטיקן.
11 דו אָבער, אָ מענטש פון גאָט, אַנטרין פון די דאָזיקע זאַכן; און גיי

נאָך רעכטפאַרטיקייט, פרומקייט, אֱמונה, ליבשאַפט, סַבלָנות, עֲניוות. [12] קעמף דעם גוטן קאַמף פון דער אֱמונה, כאַפּ דיך אָן אין דעם אייביקן לעבן, צו וועלכן דו ביסט באַרופן געוואָרן, און האָסט אָפּגעלייגט אַ גוט עֵדות פאַר אַ סך עֵדות. [13] איך באַפעל דיר פאַר גאָט, וואָס גיט לעבן צו אַלצדינג, און פאַר יֵשוּעַ הַמָשיחַ, וואָס האָט פאַר פּאָנטיוּס פּילאַטוס אָפּגעלייגט אַ גוט עֵדות, [14] אַז דו זאָלסט אָפּהיטן דאָס געבאָט, אָן אַ פלעק, און אָן אַ פעלער, ביז דער דערשיינונג פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשיחַ, [15] וואָס וועט באַווײַזן אין זיין אייגענער צייט ווער ס'איז דער געבענטשטער און איינציקער געוועלטיקער, דער מֶלך הַמלָכים, און האַר פון האַרן, [16] וואָס נאָר ער אַליין האָט אומשטאַרבלעכקייט, און וואָס טוט וואוינען אין ליכט, וואָס קיינער קאָן דערצו ניט צוקומען, וועמען קיין מענטש האָט ניט געזען און קאָן ניט זען; אים געהערט דער כָבוד און די אייביקע מאַכט. אָמֵן.

[17] די רייכע פון דער היינטיקער וועלט זאָלסטו באַפעלן, אַז זיי זאָלן ניט זיין איבערנעמעריש, און אויך ניט שטעלן זייער האָפענונג אויף דער אומזיכערקייט פון עֲשירות, נייערט אויף גאָט, וואָס גיט אונדז אַלץ דֵי־וֹהוֹתר צום געניסן; [18] אַז זיי זאָלן טאָן גוטס, און זיין רייך אין מַעֲשים־טוֹבים, גרייט מְנַדב צו זיין און מיטצוהעלפן, [19] און זיך אָנזאַמלען אַ גוטן יסוד לעָתיד לָבוֹא, כדי זיי זאָלן זיך אָנכאַפּן אין אֶמֶתדיקן לעבן.

[20] אָ טימאָטעאוס, היט אָפּ דאָס, וואָס איז דיר איבערגעגעבן געוואָרן, און ווײַך אויס אומווערדיקע פּלאַפּלערײַען און סִיכסוּכים פון דעם, וואָס ווערט בְּדֶרֶך טָעוּת אָנגערופן חָכמה, [21] וואָס טייל, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט דעם, האָבן געמאַכט אַ טָעוּת בנוֹגֵע דער אֱמונה.

חֶסֶד זאָל זיין מיט דיר.



# דער צווייטער בריוו צו טימאָטעאוסן

א פּאָולוס, אַ שָלִיח פון יֵשוּעַ הַמָשיחַ, דורך דעם רָצון פון גאָט, לויט דער הַבטָחה פון דעם לעבן, וואָס איז אין יֵשוּעַ הַמָשיחַ, [2] צו טימאָטעאוסן,

מיין באַליבט קינד: חֶסֶד, רַחמים, שָׁלום פון גאָט, דעם פאָטער, און יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ, אונדזער האַר.

[3] איך דאַנק גאָט, וועמען איך דין פון מיינע אָבות אָן אין אַ ריין געוויסן, ווי אָן אויפהער געדענק איך דיך אין מיינע תּפֿילות. טאָג און נאַכט [4] בענק איך דיך צו זען, בעת איך דערמאָן מיך אין דיינע טרערן, כּדי איך זאָל ווערן פֿול מיט שׂמחה. [5] בעת איך דערמאָן מיך אין דיין אויפֿריכטיקער אֱמונה, וואָס האָט פֿריער געוואוינט אין דיין עלטער־מוטער לוֹאִיס און אין דיין מוטער יוניקע, און איך בין זיכער, אויך אין דיר. [6] צוליב דעם דערמאָן איך דיך, אַז דו זאָלסט דערוועקן די מַתָּנה פון גאָט, וואָס איז אין דיר דורך דעם אַרויפֿלייגן פון מיינע הענט. [7] וואָרים גאָט האָט אונדז ניט געגעבן קיין גייסט פון פּחד, נייערט פון מאַכט און ליבשאַפֿט און אָרדענונג.

[8] דעריבער שעם דיך ניט פֿונוועגן דעם עֵדות פון אונדזער האַר, אויך ניט מיט מיר, זיין געפֿאַנגענעם; נייערט לייד שווערִיקייט פֿאַר דער בשׂורה לויט דער מאַכט פון גאָט, [9] וואָס האָט אונדז מַציל געווען, און האָט אונדז באַרופֿן מיט אַ הייליקער באַרופֿונג, ניט לויט אונדזערע מַעשׂים נאָך, נייערט לויט זיין אייגענער דֵעה און חֶסֶד, וואָס איז אונדז געגעבן געוואָרן אין יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ פון פֿאַר אייביקע צייטן, [10] און איז איצט אַנטפּלעקט געוואָרן דורך דער דערשיינונג פון אונדזער גוֹאֵל יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ, וואָס האָט אָפּגעשאַפֿט דעם טויט, און האָט געבראַכט לעבן און אומשטאַרבלעכקייט צום ליכט דורך דער בשׂורה, [11] וואָס צו איר בין איך באַשטימט געוואָרן פֿאַר אַ מבַשׂר און אַ שָׁלִיחַ און אַ לערער. [12] צוליב דעם לייד איך אויך די דאָזיקע זאַכן; דאָך איך שעם מיך ניט. וואָרים איך קען אים, וועמען איך האָב געגלויבט, און איך בין זיכער, אַז ער איז בִּיכוֹלֶת אָפּצוהיטן דאָס, וואָס איך האָב אים איבערגעענטפֿערט פֿאַר יענעם טאָג. [13] האַלט דעם בײַשפּיל פון געזונטע רייד, וואָס דו האָסט פון מיר געהערט, אין אֱמונה און ליבשאַפֿט, וואָס איז אין יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ. [14] זאָלסט אָפּהיטן דאָס גוטע, וואָס איז דיר איבער־געענטפֿערט געוואָרן, דורך דעם רוּחַ־הַקוֹדֶשׁ, וואָס וואוינט אין אונדז.

[15] דאָס ווייסטו, אַז אַלע, וואָס זענען אין אַזיע, האָבן זיך אָפּגעקערט פון מיר; צווישן זיי גֶעהערן פִיגעלוס און הערמאָגענעס. [16] דער האַר זאָל זיך דערבאַרעמען אויף דעם הויז פון אָנעסיפֿאָרוס, וואָרים ער האָט מיך

אָפּט דערקוויקט, און האָט זיך ניט געשעמט מיט מיינע קייטן, 17 נייערט
בעת ער איז געקומען קיין רוים, האָט ער מיך פלייסיק געזוכט, און
האָט מיך געפונען, — 18 דער האַר זאָל אים געבן צו געפינען רַחמים ביי
גאָט אין יענעם טאָג, — און אין וויפל זאַכן ער האָט מיר געדינט אין עפעזוס,
ווייסטו זייער גוט.

ב בכֵן, דו מיין זון, ווער געשטאַרקט דורך דעם חֶסֶד, וואָס איז אין
יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. 2 און די זאַכן, וואָס דו האָסט געהערט פון מיר צווישן
עֵדות אַ סַך, ענטפער איבער צו געטרייע מענטשן, וואָס וועלן זיין בִּיכולת
אויך אַנדערע צו לערנען. 3 לייד שווערקייט מיט מיר, ווי אַ גוטער
זעלנער פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. 4 קיין שום זעלנער אויף דינסט פאַרפּלאָנטערט
זיך ניט אין די עֲסָקים פון דעם לעבן, כּדי ער זאָל וואוילגעפעלן ווערן
דעם, וואָס האָט אים פאַרשריבן פאַר אַ זעלנער. 5 און אויב עמיצער
קעמפט אויך אין די שפּילן, ווערט ער ניט געקרוינט, סיידן ער האָט
געקעמפט לויט דעם דין. 6 דער אַקערער, וואָס טוט זיך מִיען, דאַרף זיין
דער ערשטער צו געניסן פון די פּירות. 7 פאַרשטיי וואָס איך זאָג; וואָרים
דער האַר וועט דיר געבן פאַרשטענדניש אין אַלצדינג.

8 געדענק יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, וואָס איז אויפגעשטאַנען תּחִיַת־הַמֵתים, פון דעם
זאָמען פון דָוִדן, לויט מיין בשורה, 9 וואָס צוליב איר לייד איך צָרות ביז
קייטן, ווי אַ פאַרברעכער; אָבער דאָס וואָרט פון גאָט איז ניט געבונדן.
10 דעריבער דערטראָג איך אַלצדינג פונוועגן די אויסדערוויילטע, כּדי אויך
זיי זאָלן דערגרייכן די ישועה, וואָס איז אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, מיט אייביקער
הערלעכקייט. 11 אֶמֶת איז דאָס וואָרט: אויב מיר זענען געשטאָרבן מיט
אים, וועלן מיר אויך לעבן מיט אים. 12 אויב מיר דערטראָגן, וועלן מיר
אויך הערשן מיט אים; אויב מיר וועלן אים פאַרלייקענען, וועט ער אויך
אונדז פאַרלייקענען; 13 אויב מיר זענען ניט געטריי, פאַרבלײַבט ער דאָך
געטריי; וואָרים ער קען זיך אַליין ניט פאַרלייקענען.

14 דערמאָן זיי אין די דאָזיקע זאַכן, און באַפעל זיי פאַר גאָט, אַז
זיי זאָלן זיך ניט אַמפּערן איבער רייד, וואָס נוצן אויף גאָרניט, נאָר
פאַרדאַרבן די, וואָס טוען הערן. 15 באַמִי דיך צו שטעלן זיך פאַר גאָט,
ווי אַן אויסגעפּרוּווטער אַרבעטער, וואָס דאַרף זיך ניט שעמען, און וואָס
באַגייט זיך רעכט מיט דעם וואָרט פון אֶמת. 16 ווײַך אָבער אויס אומ־

ווערדיקע פּלאַפּלערייַען; וואָרים זיי פאַרמערן ווייטער דאָס רְשעות, [17] און זייער וואָרט וועט עסן, ווי סע טוט אַ קאַלטער־בראַנד. צו זיי געהערט הימענעאוס און פילעטוס, [18] וואָס האָבן אָפּגעקערט פון דעם אֶמת, ווייל זיי זאָגן, אַז תּחִיַת־הַמֵתים איז שוין געווען, און צעשטערן די אֱמונה פון טייל. [19] דאָך דער שטאַרקער יסוד פון גאָט באַשטייט, און האָט דעם דאָזיקן חותם: גאָט קען די, וואָס געהערן אים; און: זאָל יעדער איינער, וואָס רופט אָן דעם נאָמען פון גאָט, אָפּקערן פון אומרעכט.

[20] אין אַ גרויס הויז זענען פאַראַן ניט נאָר כֵּלים פון גאָלד און פון זילבער, נייערט אויך פון האָלץ און פון ערד; און טייל צום כָּבוד, און טייל צום אומכָּבוד. [21] דעריבער, אויב עמיצער לייַטערט זיך פון די דאָזיקע, וועט ער זיין אַ כֵּלי צום כָּבוד, געהייליקט, פּאַסיק פאַר דעם האַרס נוצן, אָנגעברייט צו יעדן גוטן ווערק. [22] אַנטרין אָבער פון יוגנט־תַּאוות, און גיי נאָך רעכטפאַרטיקייט, אֱמונה, ליבשאַפט, שָלום מיט די, וואָס רופן אָן דעם האַר פון אַ ריין האַרץ. [23] ווייַך אָבער אויס נאַרישע און אומוויסנדיקע קַשיות, ווייל דו ווייסט, אַז זיי ברענגען צו מַחלוֹקוֹתן. [24] און דעם האַרס קנעכט דאַרף זיך ניט קריגן, נייערט זיין פריינטלעך צו אַלעמען, פעאיִק צו לערנען, געדולדיק, [25] און אין עֲנִיוות אויסבעסערן די ווידערשפּעניקע. אֶפשר וועט גאָט באַווילִיקן, אַז זיי זאָלן חֲרָטה קריגן, און דערקענען דעם אֱמת, [26] און זיי וועלן אַנטרינען פון דער נעץ פון דעם שָׂטן, נאָכדעם ווי זיי זענען דורך אים גענומען געוואָרן געפאַנגען פאַר זיין רָצון.

ג און דאָס זאָלסטו וויסן, אַז אין די לעצטע טעג וועלן קומען שווערע צייטן. [2] וואָרים מענטשן וועלן זיין ליבהאָבערס פון זיך אַליין, ליב־האָבערס פון געלט, באַרימערס, בַּעלי־גאַווה, לעסטערערס, ווידערשפּעניק קעגן עלטערן, אומדאַנקבאַר, אומהייליק, [3] אוממענטשלעך, אומפאַרגעבלעך, רכילות־טרייַבער, זוֹללים, אַכזָריותדיק, שוֹנאים פון גוטס, [4] מוֹסרים, עַקשָנים, אויפגעבלאָזן, ליבהאָבערס פון תַּענוג מער ווי ליבהאָבערס פון גאָט, [5] וואָס האָבן אַ פּנים פון פרומקייט, בעת זיי פאַרלייקענען די מאַכט פון איר. אויך פון די דאָזיקע קער דיך אָפּ. [6] וואָרים צו די דאָזיקע געהערן די, וואָס פויזען אַריין אין הייזער, און נעמען געפאַנגען נאַרישע ווייבער, באַלאָדן מיט זינד, פאַרפירט פון אַלערליי תַּאוות, [7] וואָס תָּמיד לערנען

זיי, און קענען קיינמאָל ניט קומען צום וויסן פֿון דעם אֶמת. [8] און פּונקט ווי יַנֵיס און יַמבּרֵיס האָבן זיך קעגנגעשטעלט מֹשהן, אַזוי טוען זיי זיך אויך קעגנשטעלן דעם אֶמת; מענטשן, וואָס זענען פֿאַרדאָרבן אין פֿאַרשטאַנד, און פֿאַרוואָרפֿן בנוגע דער אֱמונה. [9] זיי וועלן אָבער ווייטער ניט קומען; וואָרים זייער נאַרישקייט וועט זיין אָפֿן פֿאַר אַלעמען, אַזויווי עס איז אויך געווען מיט יענע.

[10] דו אָבער האָסט געטאָן נאָכגיין מיין לערנונג, פֿירונג, דֵעה, אֱמונה, געדולדיקייט, ליבשאַפֿט, סַבלָנות, [11] רדיפֿות,ליידן, וואָס זענען מיך באַפֿאַלן אין אַנטיאָכיע, אין איקאָניע, אין ליסטראַ; וואָסערע רדיפֿות איך האָב איבערגעטראָגן; און פֿון זיי אַלע האָט מיך דער האַר מַציל געווען. [12] יאָ, און אַלע, וואָס ווילן לעבן פֿרום אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, וועלן גערודֶפֿט ווערן. [13] אָבער רשָעִים און שַקרָנים וועלן ווערן ערגער און ערגער, וועלן נאַרן און גענאַרט ווערן. [14] דו אָבער פֿאַרבלייַב אין דעם, וואָס דו האָסט געלערנט און ביסט איבערגעצייגט געוואָרן, ווייל דו ווייסט פֿון וועמען דו האָסט עס געלערנט, [15] און ווייל פֿון קינדווייַז אָן האָסטו געקענט די כּתבֵי־הַקודֶש, וואָס קענען דיך מאַכן קלוג פֿאַר דער ישועה דורך אֱמונה, וואָס איז אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. [16] אַלע כּתבֵי־הַקודֶש זענען באַאָטעמט פֿון גאָטס גייסט, און זענען אויך נוצלעך צום לערנען, צום שטראָפֿן, צום אויסבעסערן, צום מַדריך זיין אין רעכטפֿאַרטיקייט, [17] כּדי דער מענטש פֿון גאָט זאָל זיין שלֵימותדיק, און גרייט פֿאַר יעדן גוטן ווערק.

ד איך באַפֿעל דיר פֿאַר גאָט און פֿאַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, וואָס וועט מְשַפּטן די לעבעדיקע און די טויטע, און דורך זיין אַנטפּלעקונג און זיין מלוכה: [2] זאָג אָן דאָס וואָרט, זיי געאיילט אין צייט, און אויסער דער צייט, רעד איבער, שטראָף, זיי מַזהיר, מיט געדולדיקייט און לערנונג. [3] וואָרים סע וועט קומען די צייט, ווען זיי וועלן ניט פֿאַרטראָגן די געזונטע לערנונג, און ווייל זיי האָבן קיצלדיקע אויערן, וועלן זיי זיך אָנקלייבן לערערס לויט זייערע אייגענע תאוות, [4] און זיי וועלן אָפּנייגן זייערע אויערן פֿון דעם אֶמת, און זיך קערן צו בָבּא־מַעשׂות. [5] דו אָבער זיי ניכטער אין אַלצדינג, לייד צָרות, טו די אַרבעט פֿון אַ מְבַשׂר, זיי מְמַלא דיין עובדא.

[6] וואָרים איך בין שוין געבראַכט פֿאַר אַ קָרבּן, און די צייט פֿון מיין אַוועקגיין גענעענט. [7] איך האָב געקעמפֿט דעם גוטן קאַמף, איך האָב

פאַרענדיקט מיין גאַנג, איך האָב געהיט די אֶמונה. [8] פון איצט אָן איז אָנגעברייט פאַר מיר די קרוין פון גערעכטיקייט, וואָס דער האַר, דער רעכטפאַרטיקער שופט, וועט מיר געבן אין יענעם טאָג; און ניט נאָר מיר אַליין, נייערט אויך די אַלע, וואָס האָבן ליב געהאַט זיין אַנטפלעקן זיך.

[9] אייל דיך צו קומען אין גיכן צו מיר; [10] וואָרים דעמאַס האָט מיך פאַרלאָזן, ווייל ער האָט ליב געהאַט דעם עולם־הזה, און איז אַוועקגעגאַנגען קיין טעסאַלאָניקע, קרעסצענס קיין גאַלאַטיע, טיטוס קיין דאַלמאַציע. [11] נאָר לוקאַס אַליין איז מיט מיר. נעם מאַרקוסן און ברענג אים מיט מיט דיר; וואָרים ער איז מיר נוצלעך פאַר דער עבודה. [12] טיכיקוסן אָבער האָב איך געשיקט קיין עפעזוס. [13] בעת דו וועסט קומען, זאָלסטו ברענגען דעם מאַנטל, וואָס איך האָב געלאָזן אין טראָאַס ביי קאַרפוסן, אויך די ספָרים, און בִפרַט די פאַרמעטן. [14] אַלֶקסַנדר, דער קופּערשמיד, האָט מיר אַ סַך שלעכטס געטאָן; גאָט וועט אים פאַרגעלטן לויט זיינע מַעשׂים. [15] פאַר אים טו אויך דו דיך היטן, וואָרים ער האָט זיך שטאַרק אַקעגנגעשטעלט אונדזערע רייד. [16] ביי מיין ערשטער פאַרטיידיקונג האָט קיינער ניט גענומען מיין צַד, נייערט אַלע האָבן מיך פאַרלאָזן. זאָל דאָס ניט פאַררעכנט ווערן אויף זייער רעכענונג! [17] אָבער דער האַר האָט מיר געהאָלפן, און האָט מיך געשטאַרקט, כדי דורך מיר זאָל די בשׂורה אינגאַנצן אָנגעזאָגט ווערן, און אַלע פעלקער זאָלן זי הערן; און איך בין ניצול געוואָרן פון דעם לייבס מויל. [18] דער האַר וועט מיך מַציל זיין פון יעדן בייזן ווערק, און וועט מיר פאַרהעלפן צו זיין הימלישער מלוכה; פאַר אים זאָל זיין כָבוד אויף אייביק און אייביק. אָמֵן.

[19] גריס פּריסקאַ און עקִילַס, און דעם הויזגעזינד פון אָנעסיפאָרוס. [20] עראַסטוס איז פאַרבליבן אין קאָרינט, און טראָפימוסן האָב איך איבער־געלאָזן קראַנק אין מילעטוס. [21] אייל דיך צו קומען פאַר ווינטער. אובולוס גריסט דיך, און פודענס און לינוס און קלאָודיע, און אַלע ברידער.

[22] דער האַר זאָל זיין מיט דיין גייסט. חֶסֶד זאָל זיין מיט אייך.



# דער בריוו צו טיטוסן

א פּאָולוס, אַ קנעכט פון גאָט, און אַ שליח פון יֵשוּעַ
הַמָשיחַ, לויט דער אֶמונה פון גאָטס אויסדערוויילטע,
און דער דערקענטעניש פון דעם אֶמת, וואָס איז לויט
דער פרומקייט, 2 אין האָפענונג אויף אייביקן לעבן, וואָס
גאָט, וואָס קאָן ניט זאָגן קיין ליגן, האָט מַבטיחַ געווען
פון פאַר אייביקע צייטן, 3 און האָט אַנטפּלעקט אין זיין
אייגענער צייט זיין וואָרט אין דער שליחות, מיט וואָס
איך בין אָנפאַרטרויט געוואָרן לויט דעם געבאָט פון
גאָט, אונדזער גואֵל; 4 צו טיטוסן, מיין אֶמֶתדיק קינד
לויט דער בשותּפותדיקער אֶמונה: חֶסֶד און שָלום פון
גאָט, דעם פאָטער, און יֵשוּעַ הַמָשיחַ, אונדזער גואֵל.
5 צוליב דעם האָב איך דיך געלאָזן אין קרעטאַ,
כּדי דו זאָלסט איינשטעלן אין אַ סֵדר די זאַכן, וואָס
האָבן געפעלט, און באַשטימען זקֵנים אין יעדער שטאָט,
ווי איך האָב דיר געבאָטן: 6 אויב איינער איז אָן אַ
פעלער, דער מאַן פון איין ווייב, און האָט קינדער
מַאמינים, וואָס ווערן ניט באַשולדיקט אין צעלאָזנקייט,
אָדער ווידערשפעניקייט. 7 וואָרים דער פאַרשטייער מוז
זיין אָן אַ פעלער, ווי גאָטס הויז־פאַרוואַלטער; ניט קיין
עַקשן, ניט קיין רַגזן, ניט קיין שיכּור, ניט קיין שלעגער,
ניט זשעדנע נאָך מיאוסן פאַרדינסט, 8 נייערט אַ מַכניס־
אורַח, אַ ליבהאָבער פון גוטס, ניכטער, רעכטפאַרטיק,
הייליק, איינגעהאַלטן, 9 וואָס האַלט זיך אין דעם
באַגלויבטן וואָרט, וואָס איז לויט דער לערנונג, כּדי ער
זאָל קענען מַזהיר זיין אין דער געזונטער לערנונג, און
און אויך צו שטראָפן די ווידערשפעניקע.

[10] וואָרים סע זענען פֿאַראַן אַ סך ווידערשפּעניקע, פּוסטע פּלאַפּלערס און שקרנים, בפֿרט די פֿון די געמלטע, [11] וועמעס מויל מוז פֿאַרשטאָפּט ווערן, ווייל זיי קערן איבער גאַנצע הייזער, און לערנען ניט נייטיקע זאַכן, פֿונוועגן מיאוסן פֿאַרדינסט. [12] איינער פֿון זיי, אַ נביא פֿון זייערע אייגענע, האָט געזאָגט:

קרעטער זענען תּמיד ליגנערס, בייזע חיות, פֿוילע פֿרעסערס.

[13] דאָס דאָזיקע באַצייגעניש איז אמת. צוליב דער סיבה שטראָף זיי שאַרף, כּדי זיי זאָלן זיין געזונט אין דער אמונה, [14] און זאָלן ניט שענקען קיין אויפֿמערקזאַמקייט צו ייִדישע בבא־מעשׂות, און געבאָטן פֿון מענטשן, וואָס קערן אָפּ פֿון דעם אמת. [15] פֿאַר די ריינע איז אַלצדינג ריין. פֿאַר די אָבער, וואָס זענען טמא און אומגלויביק, איז גאָרניט ריין; נייערט זייער פֿאַרשטאַנד און געוויסן זענען טמא. [16] זיי זאָגן, אַז זיי קענען גאָט, דורך זייערע מעשׂים אָבער פֿאַרלייקענען זיי אים, ווייל זיי זענען פֿאַראָפּשייט, און ווידערשפּעניק, און פֿאַר יעדן גוטן ווערק אומטויגלעך.

ב דו אָבער רעד דאָס, וואָס עס פּאַסט זיך פֿאַר דער געזונטער לערנונג: [2] אַז זקנים זאָלן זיין ניכטער, ערנצט, שׂכלדיק, געזונט אין אמונה, אין ליבשאַפֿט, אין סבלנות; [3] אַז זקנות זאָלן אויך זיין בכּבֿודיק אין אויפֿפֿירונג, ניט קיין רכילות־טרײַבערינס, ניט פֿאַרשקלאַפֿט צו קיין סך וויין, לערערינס פֿון דעם, וואָס איז גוט, [4] כּדי זיי זאָלן דערציִען די יונגע ווייבער ליב צו האָבן זייערע מאַנען און זייערע קינדער, [5] צו זיין צניעותדיק, ריין, פֿירן די באַלעבאַטישקייט, זיין פֿרײַנטלעך, אונטערטעניק זייערע אייגענע מאַנען, כּדי דאָס וואָרט פֿון גאָט זאָל ניט געלעסטערט ווערן. [6] די ייִנגערע מענער זיי אויך אַזוי מזהיר צו זיין איינגעהאַלטן. [7] אין אַלצדינג ווייז דיך אַליין פֿאַר אַ ביישפּיל פֿון מעשׂים־טובֿים; ווייז אין דיין לערנונג אומפֿאַרדאָרבנקייט, ערנצטקייט, [8] געזונטע רייד, וואָס קענען ניט ווערן פֿאַרמשפּט, כּדי דער, וואָס איז פֿון קעגן צד, זאָל פֿאַרשעמט ווערן, ווייל ער האָט ניט קיין שום שלעכטס צו זאָגן פֿונוועגן אונדז. [9] זיי מזהיר קנעכט צו זיין אונטערטעניק זייערע אייגענע האַרן, און צו זיין פֿאַר זיי וואוילגעפֿעלן אין אַלצדינג; ניט ווידערשפּעניק, [10] ניט גנבֿיש, נייערט צו ווייזן יעדע גוטע געטרײַשאַפֿט, כּדי זיי זאָלן באַשיינען די לערנונג פֿון גאָט, אונדזער גואל, אין אַלצדינג.

[11] וואָרים דער חסד פֿון גאָט האָט זיך באַוויזן פֿאַר אַ ישועה פֿון אַלע

מענטשן, [12]און טוט אונדז לערנען, אַז מיר זאָלן פאַרלייקענען דאָס רשעות און די וועלטלעכע תּאוות, און לעבן איינגעהאַלטן און רעכטפאַרטיק און פרום אין דער וועלט, [13]און וואַרטן אויף דער געבענטשטער האָפענונג און אַנטפּלעקונג פון דער הערלעכקייט פון אונדזער גרויסן גאָט און גואל ישוע המשיח, [14]וואָס האָט זיך גופא געגעבן פאַר אונדז, כּדי ער זאָל אונדז אויסלייזן פון יעדן שלעכטס, און רייניקן פאַר זיך אַ פאָלק פאַר זיין אייגנטום, וואָס איז אייפעריק אין מעשׂים־טובים.

[15]די דאָזיקע זאַכן רעד און זיי מזהיר און שטראָף מיט דער גאַנצער מאַכט. זאָל קיינער דיך ניט פאַראַכטן.

ג דערמאָן זיי צו זיין אונטערטעניק צו הערשער און שׂרים, צו זיין געהאָרכזאַם, צו זיין אָנגעברייט פאַר יעדן גוטן ווערק, [2]ניט צו רעדן קיין שלעכטס אויף קיינעם, ניט צו זיין קריגעריש, צו זיין מילד, און אַרויסווייַזן די גאַנצע ענוות צו אַלע מענטשן. [3]וואָרים אויך מיר זענען אַמאָל געווען נאַריש, אומגעהאָרכזאַם, פאַרפירט, געדינט אַלערליי תּאוות און פאַרגעניגנס, האָבן געלעבט אין רשעות און קנאה, פייַנטלעך, און פיינט געהאַט איינער דעם אַנדערן. [4]בעת אָבער די גוטסקייט פון גאָט, אונדזער גואל, און זיין ליבשאַפט צום מענטשן, האָט זיך באַוויזן, [5]ניט דורך מעשׂים פון רעכטפאַרטיקייט, וואָס מיר האָבן געטאָן, נייערט לויט זיין דערבאַרעמדיקייט האָט ער אונדז מציל געווען דורך דער טבילה פון ווידערגעבורט און באַנייַאונג פון דעם רוח־הקודש, [6]וואָס ער האָט אויף אונדז אויסגעגאָסן בשפע דורך ישוע המשיח, אונדזער גואל; [7]כּדי מיר זאָלן גערעכטפאַרטיקט ווערן דורך זיין חסד, און ווערן יורשים לויט דער האָפענונג פון אייביקן לעבן.

[8]אמת איז דאָס וואָרט, און דעריבער וויל איך, אַז דו זאָלסט די דאָזיקע זאַכן באַפעסטיקן, כּדי אַז די, וואָס האָבן געגלויבט אין גאָט, זאָלן זען זיך עוסק צו זיין אין מעשׂים־טובים. דאָס איז גוט און נוצלעך פאַר מענטשן. [9]ווייַך אָבער אויס נאַרישע קשיות, און יחוס־בריוו, און מחלוקותן, און קריגערייַען וועגן דער תּורה, וואָרים זיי זענען אומנוצלעך און פוסט. [10]אַ מענטש, וואָס מאַכט אָן שפּאַלטונגען, זאָלסטו נאָך דער ערשטער און צווייטער וואָרענונג, אויסווייַכן בכלל, [11]וויל דו ווייסט, אַז אַזאַ איינער איז פאַרדאָרבן, און טוט זינדיקן, און איז פון זיך אַליין פאַרמשפּט.

12 אַז איך וועל שיקן צו דיר אַרטעמאַסן, אָדער טיכיקוסן, זאָלסטו
דיך איילן קומען צו מיר קיין ניקאָפּאָליס; וואָרים איך האָב באַשלאָסן
דאָרטן צו ווינטערן. 13 שיק גלייך אַרויס זענאַסן, דעם בַּעל-תּורה, און
אַפּאָלאָסן אויף זייער נסיעה; זע סע זאָל זיי גאָרניט פעלן. 14 און זאָלן
אויך אונדזערע מענטשן זיך לערנען עוסק צו זיין אין מַעשׂים-טובים פאַר די
נייטיקע באַדערפעלנישן, כּדי זיי זאָלן ניט זיין אומפּרוכפּערדיק.

15 אַלע, וואָס זענען מיט מיר, גריסן דיך. גריס די, וואָס האָבן אונדז
ליב אין דער אֶמונה.

חֶסֶד זאָל זיין מיט אייך אַלע.



# דער בריוו צו פילעמאָנען

א פּאָולוס, אַ געפאַנגענער פונוועגן יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ,
און טימאָטעאוס, אונדזער ברודער, צו
פילעמאָנען, אונדזער באַליבטן מיטאַרבעטער, 2 און
צו אַפּיען, אונדזער שוועסטער, און צו אַרכיפּוסן,
אונדזער מיטקעמפער, און צו דער קהילה אין
דיין הויז: 3 חֶסֶד צו אייך און שָלום פון גאָט,
אונדזער פאָטער, און דעם האַר יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ.
4 איך דאַנק תָמיד מיין גאָט, בעת איך דערמאָן
דיך אין מיינע תפילות, 5 ווייל איך הער פון דיין
ליבשאַפט, און פון דער אֶמונה, וואָס דו האָסט
צו דעם האַר יֵשוּעַ און צו אַלע הייליקע, 6 כּדי
די חַברותאשאַפט פון דיין אֶמונה זאָל ווערן
ווירקזאַם אין דער דערקענטעניש פון אַלעם גוטן,
וואָס איז אין אונדז, פאַר מָשִיחַן. 7 וואָרים איך
האָב געהאַט אַ סַך פרייד און טרייסט פון דיין
ליבשאַפט, מיין ברודער, מַחמת די הערצער פון
די הייליקע זענען דורך דיר דערקוויקט געוואָרן.
8 דעריבער, הַגַם איך פיל מיך פריי אין מָשִיחַן
דיר צו באַפעלן דאָס, וואָס איז רעכט, 9 דאָך
פונוועגן דער ליבשאַפט, בעט איך דיך ליבערשט.
אָט איך, פּאָולוס, דער זָקן, און אַצינד אויך אַ
געפאַנגענער פונוועגן יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ, 10 בעט דיך
פאַר מיין קינד, וועמען איך האָב געוואונען אין
מיינע קייטן, פאַר אָנעסימוסן, 11 (וואָס איז אַמאָל
געווען פאַר דיר אומנוצלעך, אָבער אַצינד איז

ער נוצלעך פאַר דיר און פאַר מיר). [12] איך שיק אים צוריק צו דיר, אים אַליין, דאָס הייסט, מיין אייגן האַרץ. [13] איך וואָלט אים גערן געהאַלטן מיט מיר, כדי ער זאָל, אַנשטאָט דיר, מיר דינען אין די קייטן פון דער בשורה; [14] אָבער אָן דיין דֵעה האָב איך גאָרניט געוואָלט טאָן, כדי דיין גוטסקייט זאָל ניט זיין געצוואונגען, נייערט פרייוויליק.

[15] וואָרים אֶפשר איז ער דעריבער אָפּגעשיידט געוואָרן פון דיר אויף אַ צייט, כדי דו זאָלסט אים האָבן אויף שטענדיק, [16] ניט מער ווי אַ קנעכט, נייערט מער ווי אַ קנעכט, אַ באַליבטער ברודער, בִּפרַט פאַר מיר, און מִכָּל־שֶׁכֵּן פאַר דיר, סיי און דעם פלייש, און סיי אין דעם האַר. [17] בכֵן, אויב דו רעכנסט מיך פאַר אַ חבר, זיי אים מקבל ווי מיך אַליין. [18] און אויב ער האָט דיר בִּכלָל אומרעכט געטאָן, אָדער איז דיר עפּעס שולדיק, שטעל דאָס צו אויף מיין חֶשבון. [19] איך, פּאָולוס, שרייב דאָס מיט מיין אייגענער האַנט, איך וועל עס באַצאָלן,—איך רעד שוין גאָרניט דערפון, וואָס דו ביסט מיר שולדיק חוצדעם אויך דיין אייגענעם איך. [20] יאָ, ברודער, לאָמיך פון דיר האָבן פרייד אין דעם האַר; דערקוויק מיין האַרץ אין מָשִיחַן.

[21] ווייל איך האָב בִּטָחון אין דיין געהאָרכזאַמקייט, שרייב איך דיר, וואָרים איך ווייס, אַז דו וועסט אַפילו טאָן מער ווי איך זאָג. [22] אין דער זעלבער צייט גרייט אויך אָן פאַר מיר אַן אַכסַניא, וואָרים איך האָף, אַז דורך אייערע תפילות, וועל איך אייך געשענקט ווערן.

[23] עפּאַפראַס, מיין מיטגעפאַנגענער אין יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, טוט דיך גריסן, [24] און אַזוי טוט מאַרקוס, אַריסטאַרכוס, דעמאַס, לוקאַס, מיינע מיטאַרבעטער. [25] דער חֶסֶד פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ זאָל זיין מיט אייער גייסט.



# דער בריוו צו די ייִדן

א נאָכדעם ווי גאָט האָט פאַרצייטן אַ סך
מאָל און אויף פאַרשידענע אופנים גערעדט
צו די אָבות דורך די נביאים, [2] האָט ער אויפן
סוף פון די דאָזיקע טעג גערעדט צו אונדז
דורך דעם זון, וועמען ער האָט באַשטימט פאַר
אַ יורש פון אַלצדינג, דורך וועמען ער האָט
אויך באַשאַפן די וועלטן. [3] ער, וואָס איז דער
אָפשיין פון זיין כּבֿוד, און דאָס סאַמע אָפּבילד
פון זיין מהות, האַלט אויף אַלצדינג דורך דעם
וואָרט פון זיין מאַכט. בעת ער האָט געמאַכט
אַ רייניקונג פאַר זינד, האָט ער זיך אַנידער־
געזעצט ביי דער רעכטער האַנט פון דער
גדולה אין דער הייך, [4] און איז געוואָרן אויף
אַזויפיל בעסער איידער די מלאָכים, אַז ער
האָט געירשנט אַ חשובערן שם איידער זיי.
[5] וואָרים צו וועמען פון די מלאָכים האָט ער
ווען אַמאָל געזאָגט:

דו ביסט מיין זון,
היינט האָב איך דיך געבוירן[א]?

און ווידער:

איך וועל פאַר אים זיין אַ פאָטער,

[א] תהלים ב, 7.

און ער וועט פאַר מיר זיין אַ זוןא?
6 און בעת ער ברענגט דעם בכור אין דער וועלט אַריין, זאָגט ער:
און זאָלן אַלע מַלאָכים פון גאָט זיך בוקן צו אים ב.
7 און פונוועגן די מַלאָכים זאָגט ער:
ער מאַכט זיינע מַלאָכים פאַר ווינטן,
און זיינע באַדינערס פאַר אַ פלאַם פייער ג.
8 אָבער פונוועגן דעם זון זאָגט ער:
דיין טראָן, אָ גאָט, איז אויף אייביק און אייביק,
און די רוט פון יושר איז די רוט פון דיין מלוכה.
9 האָסט ליב געהאַט צדקות, און פיינט געהאַט רשעות,
דעריבער האָט גאָט, דיין גאָט, דיך געזאַלבט
מיט דעם אייל פון פרייד איבער דיינע חבֵרים ד.
10 און:
דו, גאָט, האָסט אין אָנהייב געלייגט דעם יסוד פון דער ערד,
און די הימלען זענען די ווערק פון דיינע הענט;
11 זיי וועלן אונטערגיין, און דו וועסט באַשטיין;
יאָ, זיי אַלע וועלן ווערן אַלט ווי אַ בֶּגֶד,
12 און ווי אַ מאַנטל וועסטו זיי צונויפוויקלען,
און זיי וועלן פאַרביטן ווערן.
דו אָבער ביסט דער אייגענער,
און דיינע יאָרן וועלן זיך ניט אויסלאָזן ה.
13 פונוועגן וועמען פון די מַלאָכים האָט ער ווען אַמאָל געזאָגט:
זיץ ביי מיין רעכטער האַנט,
ביז איך מאַך דיינע פיינט
פאַר אַ פוסבענקל צו דיינע פיס ו?
14 צי זענען זיי אַלע ניט קיין באַדינענדיקע גייסטער, אַרויסגעשיקט געוואָרן צו טאָן דינסט פאַר דעם ווילן פון די, וואָס וועלן ירשענען די ישועה?

ב דעריבער מוזן מיר זיך אַ סך שטאַרקער האַלטן אין דעם, וואָס מיר האָבן געהערט, כדי מיר זאָלן ניט אָפּפאַלן דערפון. 2 וואָרים

א שמואל ב׳ ז, 14. ב תהלים צז, 7. ג תהלים קד, 4. ד תהלים מה, 7, 8.
ה תהלים קב, 26—28. ו תהלים קי, 1.

אויב דאָס וואָרט, וואָס איז גערעדט געוואָרן דורך מַלאָכים, איז מקוים געוואָרן, און יעדע עֲבֵירה און ווידערשפּעניקייט האָט באַקומען אַ גערעכטע פאַרגעלטונג, [3] וויאַזוי וועלן מיר אַנטרינען, אויב מיר פאַרוואָרלאָזן אַזאַ גרויסע ישועה? זי, וואָס איז לְכַתְּחִילה גערעדט געוואָרן דורך דעם האַר, און באַשטעטיקט געוואָרן פאַר אונדז דורך די, וואָס האָבן אים געהערט, [4] בעת גאָט האָט אויך עֵדות געזאָגט דורך צייכנס און וואונדער, און דורך פאַרשידענע גבורות, און דורך מַתָּנות פון דעם רוח־הַקודֶש, לויט זיין אייגענעם רָצון.

[5] וואָרים ניט צו מַלאָכים האָט ער אונטערטעניק געמאַכט די קומענדיקע וועלט, וואָס פון איר רעדן מיר. [6] איינער אָבער האָט ערגעץ עֵדות געזאָגט, אַזוי צו זאָגן:

וואָס איז אַ מענטש, וואָס דו טוסט אים געדענקען?
און דער בֶּן־אָדָם, וואָס דו טוסט זיך אומקוקן אויף אים?
[7] האָסט אים געמאַכט אַביסל נידעריקער פון די מַלאָכים,
און אים געקרוינט מיט הערלעכקייט און כָּבוד,
און האָסט אים געזעצט איבער די ווערק פון דיינע הענט;
[8] אַלצדינג האָסטו אונטערטעניק געמאַכט אונטער זיינע פיס[א].

וואָרים מיט דעם, וואָס ער האָט אונטערטעניק געמאַכט אַלצדינג אונטער אים, האָט ער גאָרניט געלאָזן, וואָס איז אים ניט אונטערטעניק. דערווייל אָבער זעען מיר נאָך ניט, אַז אַלצדינג זאָל זיין אונטערטעניק אונטער אים. [9] מיר זעען אָבער יֵשוּעַן, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אַביסל נידעריקער פון די מַלאָכים, פונוועגן די ליידן פון דעם טויט, וואָס איז געקרוינט מיט הערלעכקייט און כָּבוד, כּדי ער זאָל דורך דעם חֶסֶד פון גאָט טועם זיין פון טויט פאַר יעדן איינעם.

[10] וואָרים אים, פאַר וועמען עס איז אַלצדינג, און דורך וועמען עס איז אַלצדינג, האָט עס געפּאַסט מיט דעם ברענגען אַ סך זין צו הערלעכקייט, מַשלים צו זיין דורך עִינוּיִים דעם שַׂר פון זייער ישועה. [11] וואָרים סיי דער, וואָס טוט הייליקן, און סיי די, וואָס זענען געהייליקט, זענען אַלע פון איינעם; צוליב דעם שעמט ער זיך ניט צו רופן זיי ברידער, [12] אַזוי צו זאָגן:

איך וועל דערציילן דיין נאָמען צו מיינע ברידער,

[א] תהלים ח, 5—7.

אין דער מיט פֿון קָהָל וועל איך דיך לויבן[א].

13 און ווידער:

איך וועל האָפֿן צו אים[ב].

און ווידער:

זע, איך און די קינדער, וועמען גאָט האָט מיר געגעבן[ג].

14 דעריבער, אַזוי ווי די קינדער האָבן אַ חֵלֶק אין פֿלייש און בלוט, האָט
ער אויך אויף אַן ענלעכן אופֿן אַ חֵלֶק פֿון דעם זעלבן, כּדי דורך דעם
טויט זאָל ער קענען מבֿטל זיין דעם, וואָס האָט די מאַכט פֿון דעם טויט,
דאָס איז, דעם שָׂטָן, 15 און זאָל אויסלייזן אַלע די, וואָס זענען דורך מוֹרא
פֿאַר דעם טויט זייער גאַנץ לעבן געווען אונטערטעניק צו קנעכטשאַפֿט.
16 וואָרים פֿאַרוואָר, ניט די מַלאָכים טוט ער העלפֿן, נייערט ער טוט העלפֿן
דעם זאָמען פֿון אַבֿרָהמען. 17 דעריבער איז אים אָנגעשטאַנען אין אַלצדינג
געגליכן צו זיין צו זיינע ברידער, כּדי ער זאָל ווערן אַ דערבאַרעמדיקער
און אַ געטרייַער כֹּהן־גָדול אין זאַכן, וואָס זענען נוֹגֵע גאָט, מְכַפּר צו זיין
אויף די זינד פֿון דעם פֿאָלק. 18 וואָרים הֱיוֹת ער אַליין האָט געליטן,
בעת ער איז געפּרואווט געוואָרן, איז ער בִּיכוֹלֶת צו העלפֿן די, וואָס
ווערן געפּרואווט.

ג דעריבער, הייליקע ברידער, חֲבֵרים פֿון אַ הימלישער באַרופֿונג,
באַטראַכט דעם שליח און כֹּהן־גָדול פֿון אונדזער אֱמונה, יֵשוּעַן, 2 וואָס
איז געווען געטריי דעם, וואָס האָט אים באַשטימט, פּונקט ווי אויך מֹשה
איז געווען אין זיין גאַנצן הויז. 3 וואָרים ער איז פֿאַררעכנט געוואָרן פֿאַר
רָאוּי אויף מער כָּבוד איידער מֹשה, אויף אַזויפֿיל ווי דער, וואָס בויט
דאָס הויז, האָט מער כָּבוד ווי דאָס הויז. 4 (וואָרים יעדעס הויז ווערט
געבויט דורך עמיצן; דער אָבער, וואָס האָט אַלצדינג געבויט, איז גאָט.)
5 און מֹשה איז געווען געטריי אין זיין גאַנצן הויז ווי אַ קנעכט, אַן עֵדוּת
פֿון יענע זאַכן, וואָס האָבן געדאַרפֿט שפּעטער־צו גערעדט ווערן, 6 מָשִׁיחַ
אָבער, ווי אַ זון איבער זיין הויז; און מיר זענען זיין הויז, אויב מיר
האַלטן פֿעסט דעם בִּטָחון און דאָס רימען זיך פֿון אונדזער האָפֿענונג ביז
דעם סוֹף. 7 דעריבער, אַזוי ווי דער רוּחַ־הַקוֹדֶש טוט זאָגן:

הײַנט, אויב איר וועט הערן זיין קוֹל,

[א] תהלים כב, 23. [ב] ישעיה ח, 17. [ג] ישעיה ח, 18.

8 זאָלט איר ניט האַרט מאַכן אייערע הערצער, ווי אין מְרִיבָה,
אַזױווי אין דעם טאָג פון מַסָה אין דער מִדבר,
9 וואו אייערע אָבות האָבן מיך געפּרוּאווט דורך פּראָבירן מיך,
און האָבן געזען מיינע מַעשׂים פערציק יאָר.
10 דעריבער האָב איך געצערנט אויף דעם דאָזיקן דור,
און האָב געזאָגט: זיי זענען אַ פאָלק מיט פאַרפירטע הערצער,
און מיינע וועגן קענען זיי ניט,
11 ווי איך האָב געשוואוירן אין מיין צאָרן:
זיי וועלן ניט אַרײַנקומען אין מיין מנוחה[א].
12 גיט אַכטונג, ברידער, טאָמער וועט זיך מאַכן ביי עמיצן פון אייך
אַ בייז האַרץ פון אומגלויבן, אין אָפּפאַלן פון דעם לעבעדיקן גאָט;
13 נייערט וואָרנט איינער דעם אַנדערן יעדן טאָג, כָּל־זמַן עס הייסט נאָך
היינט, כּדי קיינער פון אייך זאָל ניט פאַרהאַרטעוועט ווערן דורך דער
אָפּנאַרעריַי פון זינד. 14 וואָרים מיר זענען געוואָרן טײַלנעמער פון מָשיחַן,
אויב מיר האַלטן שטאַרק דעם אָנהייב פון אונדזער בטָחון ביז דעם סוף.
15 בעת סע ווערט געזאָגט:
היַינט, אויב איר וועט הערן זיין קול,
זאָלט איר ניט האַרט מאַכן אייערע הערצער, ווי אין מְרִיבָה.
16 וואָרים ווער זענען עס די, וואָס האָבן געהערט, און האָבן געטאָן קריגן?
צי האָבן ניט די אַלע, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען פון מִצרַיִם דורך משהן?
17 און קעגן ווען האָט ער געצערנט פערציק יאָר? איז עס ניט געווען
מיט די, וואָס האָבן געזינדיקט, וועמעס לײַבער זענען געפאַלן אין דער
מִדבר? 18 און צו וועמען האָט ער געשוואוירן, אַז זיי זאָלן ניט אַרײַנקומען
אין זיין מנוחה, אויב ניט צו די, וואָס זענען געווען ווידערשפּעניק? 19 און
מיר זעען, אַז זיי זענען ניט געווען בִּיכולת אַרײַנצוקומען, מַחמת זיי האָבן
ניט געגלויבט.

ד דעריבער, כָּל־זמַן סע בלייבט די הַבטָחה אַרײַנצוקומען אין זיין
מנוחה, לאָמיר מורא האָבן, טאָמער וועט עמיצער פון אייך זיך
פאַרזאַמען. 2 וואָרים די בשׂורה־טובה איז אויך אונדז אָנגעזאָגט געוואָרן,

א תהלים צה, 7—11.

פּונקט ווי צו זיי; אָבער דאָס וואָרט פון דער הערונג האָט זיי ניט גענוצט, מַחמת עס איז ניט געווען באַהעפט דורך אֱמונה מיט די, וואָס האָבן געהערט. [3] וואָרים מיר, וואָס האָבן געגלויבט, טוען אַרײַנקומען אין יענער מנוחה, אַזױװי ער האָט געזאָגט:

וױ איך האָב געשוואוירן אין מײַן צאָרן:

זיי וועלן ניט אַרײַנקומען אין מײַן מנוחה,

הַגַם זײַנע ווערק זענען געווען פאַרענדיקט זינט דער גרונטפעסטיקונג פון דער וועלט. [4] וואָרים ער האָט געזאָגט ערגעץ פונוועגן דעם זיבעטן טאָג אויף אַזאַ אופן:

און גאָט האָט גערוט אין דעם זיבעטן טאָג פון אַלע זײַנע ווערקא;

[5] און דאָרטן זאָגט ער ווידער:

זיי וועלן ניט אַרײַנקומען אין מײַן מנוחה.

[6] בכֵן, אַזוי ווי סע בלײַבט פאַר טייל אַרײַנצוקומען, און די, וואָס האָבן פריער אָנגענומען די בשׂורה־טובה, האָבן פאַרפעלט אַרײַנצוקומען, מַחמת ווידערשפּעניקייט, [7] טוט ער ווידער אַמאָל באַשטימען אַ זיכערן טאָג, אַ הײַנט, ווי ער זאָגט דורך דָוִדן, מיט אַ צײַט שפּעטער, לויט ווי עס איז פריער געזאָגט געוואָרן:

הײַנט, אויב איר וועט הערן זײַן קול,

מאַכט ניט האַרט אײַערע הערצער.

[8] וואָרים אויב יהושע וואָלט זיי געגעבן מנוחה, וואָלט ער שפּעטער ניט געווען גערעדט פון אַן אַנדערן טאָג. [9] עס פאַרבלײַבט דעריבער אַ מנוחַת־שַׁבּת פאַר גאָטס פאָלק; [10] וואָרים דער, וואָס איז אַרײַנגעקומען אין זײַן מנוחה, האָט זיך אַליין אויך געטאָן אָפּרוען פון זײַנע ווערק, ווי גאָט האָט געטאָן פון זײַנע.

[11] לאָמיר זיך דעריבער מִיִען אַרײַנצוקומען אין יענער מנוחה, כּדי קיינער זאָל נאָך דעם זעלבן בײַשפּיל ניט פאַלן פונוועגן ווידערשפּעניקייט. [12] וואָרים דאָס וואָרט פון גאָט טוט לעבן, און ווירקן, און איז שאַרפער איידער יעדע צוויי־שאַרפיקע שווערד, און טוט דורכשטעכן אַפילו ביז דער אָפּשיידונג פון נֶפש און גייסט, סיי פון קנעכלעך און מאַרך, און איז פלינק צו אונטערשיידן די מַחשָבות און דֵעות פון דעם האַרץ. [13] און עס איז

א בראשית ב, 2.

ניטאָ קיין באַשעפעניש, וואָס ווערט ניט אַנטפּלעקט פאַר אים; נייערט אַלע זאַכן זענען נאַקעט און ליגן אָפן פאַר די אויגן פון אים, מיט וועמען מיר האָבן צו טאָן.

[14] בכן, ווייל מיר האָבן אַ גרויסן כֹּהן־גָדול, וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך די הימלען, יֵשוּעַ, דעם בֶּן־אֱלֹהִים, לאָמיר דעריבער האַלטן שטאַרק אונדזער אֱמונה. [15] וואָרים מיר האָבן ניט קיין כֹּהן־גָדול, וואָס קאָן ניט מיטפילן מיט אונדזערע שוואַכקייטן, נייערט אייגעם, וואָס איז אין אַלצדינג געפּרוּווט געוואָרן גלייך ווי מיר זענען, דאָך אָן זינד. [16] לאָמיר דעריבער גענענען מיט בִּטָחון צו דעם כִּסֵא־הַחֶסֶד, כּדי מיר זאָלן מְקַבֵּל זיין רַחמים, און זאָלן געפינען חֶסֶד צו העלפן אונדז אין אַן עֵת־צָרה.

ה וואָרים יעדער כֹּהן־גָדול, וואָס ווערט גענומען פון צווישן מענטשן, ווערט באַשטימט פאַר מענטשן אין זאַכן, וואָס זענען שייך גאָט, כּדי ער זאָל קענען מַקריב זיין מְנחוֹת און זְבָחים פאַר זינד. [2] און ער קאָן זיך דערבאַרעמען אויף די אומוויסנדיקע און פאַרפירטע, מַחמת דעם, וואָס ער אַליין איז אויך אַרומגערינגלט מיט שלאַפקייט, [3] און צוליב דער דאָזיקער סִיבה איז ער מחויב, סיי פאַר דעם פאָלק, אַזוי אויך פאַר זיך אַליין, מַקריב צו זיין פאַר זינד.

[4] און קיינער טוט זיך ניט נעמען דעם כָּבוד אַליין, נייערט ווען ער ווערט באַרופן פון גאָט, אַזויווי אַהרן איז געווען. [5] אַזוי האָט זיך אויך משִיחַ אַליין ניט פאַרהערלעכט, כּדי צו ווערן אַ כֹּהן־גָדול, נייערט דער, וואָס האָט צו אים געזאָגט:

דו ביסט מיין זון,
היינט האָב איך דיך געבוירן[א];

[6] ווי ער זאָגט אויך אויף אַן אַנדערן פּלאַץ:

דו ביסט אַ כֹּהן אויף אייביק,
לויט דעם סֵדר פון מַלכּי־צֶדֶק[ב],

[7] וואָס אין די טעג פון זיין פלייש, האָט ער גענעענט תּפילות און תַּחנונים מיט גרויס געשריי און טרערן צו דעם, וואָס איז געווען בִּיכוֹלת אים מַציל צו זיין פון טויט, און ער איז דערהערט געוואָרן פאַר זיין גאָטפאַרכטיקייט. [8] און הַגַם ער איז געווען אַ זון, דאָך האָט ער געלערנט אונטערטעניקייט

[א] תהלים ב, 7. [ב] תהלים קי, 4.

דורך די זאַכן, וואָס ער האָט געליטן; 9 און נאָכדעם ווי ער איז געוואָרן
שלֵימותדיק, איז ער געוואָרן די סִיבּה פון אַן אייביקער ישועה פאַר אַלע,
וואָס געהאָרכן אים, 10 און איז באַרופן געוואָרן פון גאָט פאַר אַ כּהן־גָדול,
לויט דעם סֵדר פון מַלכּי־צֶדֶק.

11 פונוועגן דעם האָבּן מיר אַ סך צו רעדן, און עס איז האַרב צו
דערקלערן, ווייל איך זע, איר זענט געוואָרן טעמפּ צו הערן. 12 וואָרים
אין מֶשֶך פון דער צייט וואָלט איר באַדאַרפט זיין לערער, נייטיקט
איר אייך ווידער אַמאָל, אַז עמיצער זאָל אייך לערנען די יסודות פון
די ערשטע עִיקָרים פון די נבואות פון גאָט, און זענט געוואָרן אַזעלכע,
וואָס נייטיקן זיך אין מילך, און ניט אין פעסטער שפּייז. 13 וואָרים יעדער
איינער, וואָס טוט נעמען מילך, האָט ניט קיין מבינות אין דעם וואָרט פון
רעכטפאַרטיקייט, וואָרים ער איז אַן עופעלע. 14 פעסטע שפּייז אָבער איז
פאַר דערוואַקסענע, פאַר יענע, וואָס צוליב דעם שטענדיקן געברויך, האָבּן
צוגעוואוינט זייערע חושים צו אונטערשיידן צווישן גוטס און שלעכטס.

ו בכֵן, לאָמיר לאָזן אין אַ זייט די לערנונג פון די ערשטע עִיקָרים פונוועגן
מָשִיחַן, און גיין ווייטער צו דער שלֵימות; לאָמיר ניט לייגן נאָכאַמאָל
אַ יסוד פונוועגן תּשובה פון טויטע מַעשׂים, און פונוועגן אֱמונה צו גאָט,
2 פונוועגן דער לערנונג פון טבִילות, און פונוועגן אַרויפלייגן הענט, און
פונוועגן תּחִיַת־הַמֵתים, און פונוועגן אייביקן מִשפּט. 3 און דאָס דאָזיקע
וועלן מיר טאָן, אִם־יִרצֶה־הַשֵם. 4 וואָרים בנוגע יענע, וואָס זענען איינמאָל
אויפגעקלערט געוואָרן און האָבּן טועם געווען פון דער הימלישער מַתָּנה,
און זענען געוואָרן טיילנעמער פון דעם רוח־הַקודֶש, 5 און האָבּן טועם געווען
די גוטסקייט פון דעם וואָרט פון גאָט, און די כּוחות פון עולם־הַבּא, 6 און
זענען אָפּגעפאַלן, אַזעלכע איז אוממעגלעך ווידער מחַדש צו זיין צו תּשובה,
בעת מיר זעען, זיי קרייציקן פאַר זיך דעם בֶּן־אֱלֹהִים איבעראַנייס, און
שטעלן אים אָפֿן אַרויס צו בִּזָיון. 7 וואָרים די ערד, וואָס טרינקט דעם
רעגן, וואָס טוט קומען אָפט דערויף, און טוט אַרויסברענגען קרייטעכצער,
וואָס טויגן פאַר די, פאַר וועמעס־וועגן זי איז אויך באַאַקערט געוואָרן,
באַקומט אַ בּרָכה פון גאָט. 8 נאָר אויב זי טראָגט דערנער און שטעכערס,
ווערט זי פאַרוואָרפן און איז נאָענט צו אַ קלָלָה; און איר סוף איז
פאַרברענט צו ווערן.

[9] מיר אָבער, באַליבטע, זענען פאַרזיכערט אויף בעסערע זאַכן פונוועגן איך, און זאַכן וואָס באַגלייטן אַ ישועה, הגם מיר רעדן אַזוי. [10] וואָרים גאָט איז ניט אומגערעכט, צו פאַרגעסן אייערע מעשׂים און די ליבשאַפט, וואָס איר האָט אַרויסגעוויזן צו זיין נאָמען, מיט דעם, וואָס איר האָט געדינט די הייליקע, און טוט זיי נאָך דינען. [11] און מיר באַגערן, אַז יעדער איינער פון אייך זאָל אַרויסווייַזן די זעלבע פלייַסיקייט צו דער פולקייט פון בטחון ביז צו דעם סוף, [12] כּדי איר זאָלט ניט זיין פויל, נייערט נאָכטוערס פון די, וואָס דורך אמונה און געדולדיקייט ירשענען זיי די הבטחות.

[13] וואָרים בעת גאָט האָט אַברָהמען געגעבן די הבטחה, האָט ער, מחמת ער האָט ניט געקאָנט שווערן ביי קיין גרעסערן, געשוואוירן ביי זיך אַליין, [14] אַזוי צו זאָגן: בענטשן וועל איך דיך בענטשן, און מערן וועל איך דיך מערןא. [15] און אַזוי, ווייל ער האָט געדולדיק דערטראָגן, האָט ער געירשנט די הבטחה. [16] וואָרים מענטשן שווערן ביי דעם גרעסערן, און אין יעדן סיכסוך זייערן איז די שבועה דער סוף פון אַ באַשטעטיקונג. [17] צוליב דעם האָט גאָט, בעת ער האָט בדעה געהאַט צו ווייזן די יורשים פון דער הבטחה נאָך אַ סך מערער די אומפאַרענדערלעכקייט פון זיין עצה, האָט ער זיך אַרייַנגעמישט מיט אַ שבועה, [18] כּדי דורך צוויי אומפאַר־ענדערלעכע זאַכן, אין וועלכע עס איז אוממעגלעך פאַר גאָט צו זאָגן ליגן, זאָלן מיר, וואָס זענען אַנטרונען פאַר רעטונג, האָבן אַ שטאַרקערע דערמוטיקונג אָנצוכאַפּן זיך אין דער האָפענונג, וואָס איז אָנגעברייט געוואָרן פאַר אונדז. [19] און דאָס האָבן מיר ווי אַן אַנקער פאַר דער נשמה, אַ האָפענונג, וואָס איז זיכער און שטאַנדהאַפטיק, און וואָס גייט אַריין אין דעם, וואָס איז דרינען אין דעם פּרוכת, [20] וואוהין ישוע איז אַרייַנגעגאַנגען ווי אַ פאָרלויפער פון אונדזערטוועגן, און איז געוואָרן אַ כּהן־גדול אויף אייביק לויט דעם סדר פון מלכּי־צדק.

ז [1] וואָרים דער דאָזיקער מלכּי־צדק, מלך פון שלם, אַ כּהן פון דעם אל־עליון, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן אַברהמען, בעת ער האָט זיך אומגעקערט פון שלאָגן די מלכים, און האָט אים געבענטשט, [2] פאַר

א בראשית כב, 16, 17.

ווען אויך אַבְרָהם האָט אָפּגעשיידט פֿון אַלץ מַעשׂר, ווייל ער איז קודם־כּל, דורך אַ דערקלערונג, מֶלך פֿון רעכטפֿאַרטיקייט, און דערנאָך אויך מֶלך פֿון שָלֵם, וואָס מיינט, מֶלך פֿון פֿרידן, [3] אָן פֿאָטער, אָן מוטער, אָן יִחוס, וואָס האָט אויך ניט קיין אָנהייב פֿון טעג, אויך ניט קיין סוף פֿון לעבן, נייערט איז געמאַכט געוואָרן ענלעך צו דעם בֶּן־אֱלֹהִים; ער פֿאַרבלײַבט אַ כֹּהן אויף אייביק.

[4] הײנט באַטראַכט ווי גרויס דער דאָזיקער מענטש איז געווען, וואָס אים האָט אַבְרָהם־אָבינו געגעבן מַעשׂר פֿון דעם בעסטן זאַקרויב. [5] און די, פֿאַרוואָר, פֿון די בּנֵי־לֵוִי, וואָס אַרבן די כּהונה, האָבן אַ חוק לויט דער תּורה צו נעמען מַעשׂר פֿון דעם פֿאָלק, דאָס מיינט, פֿון זייערע ברידער, הַגם זיי זענען אַרויסגעקומען פֿון די לענדען פֿון אַבְרָהמען. [6] דער אָבער, וואָס זיין יִחוס ווערט ניט גערעכנט פֿון זיי, האָט גענומען מַעשׂר פֿון אַבְרָהמען, און האָט געבענטשט דעם, וואָס האָט געהאַט די הַבטָחות. [7] אָבער אָן חִילוקי־דֵעות, דער מינדערער ווערט געבענטשט פֿון דעם גרעסערן. [8] און דאָ, מענטשן, וואָס שטאַרבן, זענען מקַבּל מַעשׂר, דאָרטן אָבער איינער, אויף וועמען סע ווערט עֵדות געזאָגט, אַז ער טוט לעבן. [9] און, אַזוי צו זאָגן, דורך אַבְרָהמען האָט אַפילו לֵוִי, וואָס איז מקַבּל מַעשׂר, געגעבן מַעשׂר, [10] וואָרים ער איז נאָך געווען אין די לענדן פֿון זיין פֿאָטער, בעת מַלכּי־צֶדֶק איז אים אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגןא.

[11] הײנט, אויב סע וואָלט געווען שלֵימות דורך דער כּהונה פֿון די בּנֵי־לֵוִי (וואָרים צוליב דעם האָט דאָס פֿאָלק מקַבּל געווען די תּורה), צוליב וואָס איז נאָך נייטיק געווען, אַז ס'זאָל אויפֿשטיין אַן אַנדערער כֹּהן לויט דעם סֵדר פֿון מַלכּי־צֶדֶק, און ניט גערעכנט צו ווערן לויט דעם סֵדר פֿון אַהרֹנען? [12] וואָרים אויב די כּהונה ווערט פֿאַרענדערט, דעמאָלט איז אויך נייטיק, אַז אַן ענדערונג זאָל געמאַכט ווערן אין דער תּורה. [13] וואָרים דער, אויף וועמען די דאָזיקע זאַכן ווערן געזאָגט, געהערט צו אַן אַנדערן שֵבֶט, פֿון וועלכן קיינער האָט ניט געטאָן קיין עֲבודה בײַם מִזבֵּח. [14] וואָרים עס איז קלאָר, אַז אונדזער האַר האָט אַרויסגעשפּראָצט פֿון יהודה, וואָס צו דעם שֵבֶט האָט משה גאָרניט גערעדט בנוֹגֵע כֹּהנים.

[15] און דאָס ווערט נאָך קלאָרער, אויב סע שטייט אויף אַן אַנדערער

א בראשית יד, 17—20.

כּהן, ענלעך צו מַלכּי־צֶדֶק, [16] וואָס איז געמאַכט געוואָרן, ניט נאָך דעם חוק פון אַ בָּשָׂר־וָדָם, נייערט נאָך דער מאַכט פון אַן אָנסופיקן לעבן; [17] וואָרים סע ווערט עֵדות געזאָגט פונוועגן אים:

דו ביסט אַ כּהן אויף אייביק
לויט דעם סֵדר פון מַלכּי־צֶדֶק.

[18] צוליב דעם, וואָס אַ פריערדיק געבאָט ווערט אָפּגעטאָן, מַחמת פונוועגן זיין שלאַפקייט און אומנוצלעכקייט, [19] (וואָרים די תּוֹרה האָט גאָרניט געמאַכט גאַנץ); און דעריבער ווערט אַריינגעבראַכט אַ בעסערע האָפענונג, וואָס דורך איר גענעענען מיר צו גאָט. [20] און הֱיוֹת ער איז עס ניט געוואָרן אָן אַ שבועה, — [21] וואָרים זיי זענען געמאַכט געוואָרן כּהֲנים אָן אַ שבועה, ער אָבער מיט אַ שבועה דורך דעם, וואָס זאָגט פונוועגן אים:

גאָט האָט געשוואוירן, און ער וועט ניט חַרָטה האָבן,
דו ביסט אַ כּהן אויף אייביק.

[22] אויף אַזויפיל איז אויך יֵשוּעַ געוואָרן די עָרבוּרת פון אַ בעסערן בונד. [23] און, פאַרוואָר, זיי זענען געמאַכט געוואָרן פאַר כּהֲנים א סַך אין צאָל, מַחמת וואָס דורך דעם טויט זענען זיי געשטערט צו פאַרבלייַבן; [24] ער אָבער, מַחמת ער באַשטייט אויף אייביק, האָט זיין כּהונה אומפאַרענדערלעך. [25] דעריבער איז ער אויך אין אַלץ בִּיכוֹלת מַציל צו זיין די, וואָס גענעענען דורך אים צו גאָט, מַחמת ער לעבט אייביק, כּדי זיך מִשתַּדל צו זיין פאַר זיי.

[26] וואָרים פאַר אונדז האָט זיך געפּאַסט אַזאַ כּהן־גָדול, וואָס איז הייליק, אומשולדיק, תָּמים, אָפּגעשיידט פון זינדיקע, און דערהויבן איבער די הימלען; [27] וואָס דאַרף ניט, ווי יענע כּהֲנים־גדולים, מַקריב זיין יעדן טאָג קָרבָּנות, רֵאשית פאַר זיינע אייגענע זינד, און דערנאָך פאַר די זינד פון דעם פאָלק; וואָרים דאָס האָט ער געטאָן איין מאָל פאַר אַלעמאָל, בעת ער האָט זיך אַליין מַקריב געווען. [28] וואָרים די תּוֹרה שטעלט אויף מענטשן פאַר כּהֲנים־גדולים, וואָס האָבן שוואַכקייטן, אָבער דאָס וואָרט פון דער שבועה, וואָס איז געקומען נאָך דער תּוֹרה, שטעלט אויף אַ זון, וואָס איז שלֵימותדיק אויף אייביק.

ח און דער עִיקר פון דעם, וואָס מיר טוען זאָגן, איז אָט־וואָס: מיר האָבן אַזאַ כּהן־גָדול, וואָס האָט זיך אַנידערגעזעצט ביי דער רעכטער

האַנט פון דעם כִּסֵא־הַכָּבוד־ אין די הימלען, [2] אַ דינער פון דעם מִקדש,
און פון דעם אֱמֶתן מִשכּן, וואָס גאָט האָט אויפגעשטעלט, און ניט קיין
מענטש. [3] וואָרים יעדער כֹּהן־גָדול ווערט באַשטימט מַקריב צו זיין מִנחות
און זבָחים; דעריבער איז עס נייטיק, אַז אויך דער דאָזיקער כֹּהן־גָדול זאָל
האָבן עפּעס מַקריב צו זיין. [4] דעריבער, אויב ער וואָלט געווען אויף דער
ערד, וואָלט ער בִּכלַל ניט געווען קיין כֹּהן, מַחמת עס זענען פאַראַנען
יענע, וואָס זענען מַקריב קָרבָּנות עַל־פּי הַתּורה. [5] זיי דינען דאָס, וואָס
איז אַן אָפּבילד און אַ שאָטן פון די הימלישע זאַכן, אַזוי ווי משה איז
באַפוילן געוואָרן פון גאָט, בעת ער האָט געהאַלטן אין מאַכן דאָס מִשכּן.
וואָרים זע, זאָגט ער, אַז דו זאָלסט אַלצדינג מאַכן לויט דער געשטאַלט,
וואָס איז דיר געוויזן געוואָרן אויף דעם באַרגא. [6] אַצינד אָבער האָט ער
דערגרייכט אַ מער דערהויבענערע דינונג מיט דעם, וואָס ער איז אויך
דער מֵלִיץ פון אַ בעסערן בונד, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויף
בעסערע הַבטָחות. [7] וואָרים אויב יענער ערשטער בונד וואָלט געווען אָן
אַ חֶסרון, דעמאָלט וואָלט מען ניט געזוכט קיין סִיבּה פאַר אַ צווייטן.
[8] וואָרים בעת ער מוסרט זיי, זאָגט ער:

זע, די טעג קומען אָן, זאָגט גאָט,
און איך וועל שליסן אַ נייעם בונד מיט דעם הויז פון יִשׂרָאל
און מיט דעם הויז פון יהודה,
[9] ניט לויט דעם בונד, וואָס איך האָב געמאַכט מיט זייערע אָבות
אין דעם טאָג, ווען איך האָב זיי אָנגענומען ביי דער האַנט,
זיי אַרויסצופירן פון דעם לאַנד מִצרַיִם;
וואָרים זיי זענען ניט געבליבן אין מיין בונד,
און איך האָב זיי פאַרוואָרפן, זאָגט גאָט.
[10] וואָרים דאָס איז דער בונד, וואָס איך וועל מאַכן מיט דעם
הויז פון יִשׂרָאל
נאָך יענע טעג, זאָגט גאָט:
איך וועל אַרייַנגעבן מיין תּורה אין זייער פאַרשטאַנד;
און אויף זייער האַרץ וועל איך זי אויפשרייבן;
און איך וועל זיין זייער גאָט,

א שמות כה, 40.

און זיי וועלן זיין מיין פאָלק.
11 און זיי וועלן ניט לערנען איטלעכער זיין חבר,
און איטלעכער זיין ברודער, אַזוי צו זאָגן: קענט גאָט!
וואָרים אַלע וועלן מיך קענען,
פון דעם קלענסטן ביז דעם גרעסטן פון זיי.
12 וואָרים איך וועל פאַרגעבן זייער זינד,
און זייער חטא וועל איך מער ניט געדענקען[א].
13 מיט דעם, וואָס ער זאָגט: אַ נייעם בונד, האָט ער דעם ערשטן אַלט
געמאַכט; און דאָס, וואָס ווערט אַלט און פאַרעלטערט, איז נאָענט צום
פאַרשווינדן.

ט און אַפילו דער ערשטער בונד האָט אויך געהאַט דינים פון עבודה,
און זיין מקדש איז געווען פון דער דאָזיקער וועלט. 2 וואָרים עס
איז געווען אָנגעברייט אַ משכן, דאָס ערשטע, וואָס אין אים איז געווען די
מנורה, און דער שולחן, און דאָס לחם־הפנים; און גערופן האָט מען
עס מקום־קדוש. 3 און הינטער דעם צווייטן פרוכת דאָס משכן, וואָס
ווערט אָנגערופן קדשי־קדשים; 4 וואָס האָט געהאַט אַ גילדענעם מזבח פאַר
קטורת און דעם אָרון־הברית, באַדעקט אַרום און אַרום מיט גאָלד, וואָס אין
אים איז געווען אַ גילדענער קרוג מיט דעם מן דערינען, און אַהרנס
שטעקן, וואָס האָט געבליט, און די לוחות־הברית; 5 און איבער אים די
כרובי־הכבוד, וואָס האָבן באַשאָטנט דאָס כפורת; פון די דאָזיקע זאַכן
קענען מיר אַצינד ניט רעדן באַזונדער.

6 און נאָכדעם, ווי די דאָזיקע זאַכן זענען געווען אַזוי אָנגעברייט, גייען
די כהנים כסדר אַריין אין דעם ערשטן משכן צו טאָן די עבודות; 7 אין
דעם צווייטן אָבער, דער כהן־גדול אַליין, איינמאָל אין דעם יאָר, ניט אָן
בלוט, וואָס ער איז מקריב פאַר זיך, און פאַר די שגגות פון דעם פאָלק.
8 מיט דעם טוט דער רוח־הקודש אָנצייכענען, אַז דער וועג צום קדשי־
קדשים איז נאָך ניט געווען אַנטפלעקט, כל־זמן דער ערשטער משכן איז
נאָך געשטאַנען. 9 דאָס איז אַ משל פאַר דער הײַנטיקער צייט; לויט אים
איז מען מקריב מנחות און זבחים, וואָס קענען ניט משלים זיין, וואָס

א ירמיה לא, 30—33.

איז שײַך דאָס געוויסן פֿון דעם, וואָס טוט די עֲבוֹדה, 10 ווײַל זיי זענען
בלויז חוקים פֿונוועגן שפּײַזן און געטראַנקען און פֿאַרשידענע טבֿילות פֿון
דעם פֿלייש, אַרויפֿגעלייגט ביז צו אַ צײַט פֿון אַ בעסערער אָרדענונג.

11 אָבער מָשִׁיחַ, נאָכדעם ווי ער איז געקומען אַ כֹּהן־גָדול פֿון די גוטע
קומענדיקע זאַכן, איז דורך דעם גרעסערן און מער שלֵימותדיקן מִשכּן,
וואָס איז ניט געמאַכט געוואָרן מיט קיין הענט, דאָס הייסט, ניט פֿון דעם
דאָזיקן באַשאַף, 12 אויך ניט אַפֿילו דורך דעם בלוט פֿון בעק און קעלבער,
נייערט דורך זײַן אייגענעם בלוט, איז אַרײַנגעגאַנגען איין מאָל פֿאַר
אַלעמאָל אין דעם מָקום־קָדוש אַרײַן, און האָט דערגרייכט אייביקע גאולה.
13 ווײַל אויב דאָס בלוט פֿון בעק און אָקסן, און דאָס אַש פֿון אַ קאַלב,
וואָס איז געשפּרענגט געוואָרן אויף די, וואָס זענען געווען טָמא, האָט
געהייליקט צו דער רייניקייט פֿון דעם פֿלייש, 14 אויף וויפֿל מער וועט
דאָס בלוט פֿון מָשִׁיחַן, וואָס האָט דורך דעם אייביקן גײַסט זיך מַקריב
געווען אָן אַ מום צו גאָט, רייניקן אײַער געוויסן פֿון טויטע מַעשׂים, צו
דינען דעם לעבעדיקן גאָט?

15 צוליב דער דאָזיקער סִיבה איז ער דער מֵליץ פֿון אַ נײַעם בונד,
כּדי אַ טויט, וואָס איז געשען פֿונוועגן דער אויסלייזונג פֿון די פֿאַרברעכנס,
וואָס זענען געווען אונטער דעם ערשטן בונד, זאָלן די, וואָס זענען באַרופֿן
געוואָרן, מקַבּל זײַן די הַבטָחה פֿון דעם אייביקן אַרבטייל. 16 ווײַל
וווּ עס איז פֿאַראַן אַ צַוָואה, דאָרט מוז זײַן נייטיק דער טויט פֿון דעם,
וואָס האָט זי געמאַכט. 17 ווײַל אַ צַוָואה איז אין קראַפֿט, וווּ עס
איז געווען אַ טויט; ווײַל זי האָט ניט קיין האַפֿט כָּל־זמַן דער, וואָס
האָט זי געמאַכט, טוט לעבן. 18 דעריבער איז אויך דער ערשטער בונד
ניט געהייליקט געוואָרן אָן בלוט. 19 ווײַל נאָכדעם ווי יעדעס געבאָט
איז דורך משהן גערעדט געוואָרן עַל־פּי הַתּוֹרה צום גאַנצן פֿאָלק, האָט
ער גענומען דאָס בלוט פֿון קעלבער און בעק, מיט וואַסער און פּורפּור־
וואָל און אֵזוֹב, און האָט באַשפּרענגט סײַ דאָס סֵפֿר און סײַ דאָס גאַנצע
פֿאָלק, 20 אַזוי צו זאָגן: דאָס איז דאָס בלוט פֿון דעם בונד, וואָס גאָט
האָט אײַך געבאָטן[א]. 21 חוץדעם האָט ער דאָס מִשכּן און די אַלע כֵּלים
פֿון דער עֲבוֹדה געשפּרענגט מיט דעם בלוט אויף אַן ענלעכן אופֿן. 22 און

[א] שמות כד, 8.

לויט דער תּורה, ווערט כּמעט אַלצדינג גערייניקט מיט בלוט, און אָן פאַרגיסונג פון בלוט איז ניטאָ קיין פאַרגעבונג[א].

[23] עס איז דעריבער נייטיק געווען, אַז די אָפּבילדער פון די הימלישע זאַכן זאָלן אַזוי גערייניקט ווערן, אָבער די הימלישע זאַכן גופא מיט בעסערע קרבּנות, איידער די דאָזיקע. [24] וואָרים משיח איז ניט אַרייַנגעגאַנגען אין אַ מקדש, וואָס איז געמאַכט געוואָרן מיט הענט, געגליכן אין געשטאַלט צו דעם אמתן, נייערט אין הימל אַריין גופא, צו ווייזן זיך אַצינד פון אונדזערטוועגן פאַר גאָט; [25] און דאָס ניט כּדי ער זאָל זיך אַליין אָפּט מקריב זיין, ווי דער כּהן־גדול טוט אַרייַנגיין פון יאָר צו יאָר אין דעם קדשי־קדשים מיט בלוט, ניט זיין אייגנס; [26] אַניט וואָלט ער אָפּט געמוזט ליידן זינט דער גרונטפעסטיקונג פון דער וועלט. אַצינד אָבער איז ער אויפן סוף פון די צייטן איין מאָל אַנטפּלעקט געוואָרן, צו פאַרלענדן די זינד דורך דעם קרבן פון זיך אַליין. [27] און אַזויווי עס איז באַשטימט פאַר מענטשן איין מאָל צו שטאַרבן, און נאָכדעם קומט משפּט, [28] אַזוי וועט אויך משיח, נאָכדעם ווי ער איז איין מאָל מקריב געוואָרן צו טראָגן די זינד פון דעם רבים, באַווייזן זיך אַ צווייט מאָל אָן זינד, פאַר דער ישועה פון די, וואָס וואַרטן אויף אים.

וואָרים די תּורה, ווייל זי האָט נאָר אַ שאָטן פון די קומענדיקע גוטע זאַכן, און ניט דאָס אָפּבילד פון די זאַכן גופא, איז קיינמאָל ניט בּיכולת מיט די זעלבע קרבּנות, וואָס זיי זענען כּסדר מקריב יאָר נאָך יאָר, שלמותדיק צו מאַכן די, וואָס טוען גענענען. [2] אַניט, וואָלט מען דען זיי ניט אויפגעהערט מקריב צו זיין? מחמת די, וואָס דינען, נאָכדעם ווי זיי זענען איין מאָל גערייניקט געוואָרן, וואָלטן מער ניט געהאַט דאָס באַוואוסטזיין פון זינד. [3] אין יענע קרבּנות אָבער איז אַלע יאָר פאַראַן אַ זכר פון זינד. [4] וואָרים עס איז ניט מעגלעך, אַז דאָס בלוט פון אָקסן און בעק זאָל אַוועקנעמען זינד. [5] בּכן, בעת ער קומט אין דער וועלט אַריין, זאָגט ער:

שלאַכטאָפּפער און שפּייזאָפּפער האָסטו ניט באַגערט,
נייערט אַ גוף האָסטו געטאָן אָנבּרייטן פאַר מיר.
[6] בראַנדאָפּפער און זינדאָפּפער האָסטו ניט פאַרלאַנגט.
[7] דעמאָלט האָב איך געזאָגט: זע, איך טו קומען,

[א] ויקרא יז, 11.

אין דער מגילה פון דעם סֵפר שטייט געשריבן וועגן מיר,
צו טאָן דיין רָצון, אָ גאָט[א].

[8] בעת ער זאָגט אויבן: שלאַכטאָפּפער און שפּייזאָפּפער, בראַנדאָפּפער און זינדאָפּפער האָסטו ניט געוואָלט, אויך האָסטו דערין ניט געהאַט קיין וואויל־געפעלן, (וואָס מען איז זיי מַקריב עַל־פּי הַתּורה), [9] דעמאָלט האָט ער געזאָגט: זע, איך טו קומען, צו טאָן דיין רָצון. ער שאַפט אָפּ דאָס ערשטע, כּדי ער זאָל באַפעסטיקן דאָס צווייטע. [10] דורך דעם דאָזיקן רָצון זענען מיר געהייליקט געוואָרן דורך דעם מַקריב זיין פון דעם גוף פון יֵשוּעַ הַמָשיחַ איין מאָל פאַר אַלעמאָל.

[11] און יעדער כּהן שטייט טאָג־טעגלעך צו טאָן די עֲבוֹדה און מַקריב צו זיין די זעלביקע קָרבָּנות, וואָס קאָנען קיינמאָל ניט אַוועקנעמען די זינד; [12] ער אָבער, נאָכדעם ווי ער האָט מַקריב געווען איין קָרבּן פאַר זינד אויף אייביק, האָט זיך אַנידערגעזעצט ביי דער רעכטער האַנט פון גאָט, [13] און וואַרט פון דעמאָלט אָן, ביז זיינע שׂונאים וועלן געמאַכט ווערן דאָס פוסבענקל פון זיינע פיס. [14] וואָרים דורך איין קָרבּן האָט ער אויף אייביק שלֵמותדיק געמאַכט די, וואָס זענען געהייליקט געוואָרן. [15] און דער רוּחַ־הַקוֹדֶש זאָגט אונדז אויך עֵדות; וואָרים נאָכדעם ווי ער האָט געזאָגט:

[16] דאָס איז דער בונד, וואָס איך וועל מאַכן מיט זיי
נאָך יענע טעג, זאָגט גאָט:
איך וועל אַרייַנגעבן מיין תּורה אין זייער פאַרשטאַנד,
און אויף זייער האַרץ וועל איך זי אויפשרייַבן.
[17] און זייערע זינד און פאַרברעכנס
וועל איך מער ניט געדענקען[ב].

[18] און וואו עס איז פאַראַן פאַרגעבונג פון די דאָזיקע, דאָרט איז מער ניטאָ קיין קָרבּן פאַר זינד.

[19] דעריבער, ברידער, ווייל מיר האָבן בטָחון אַרייַנצוקומען אין מָקום־קָדוש דורך דעם בלוט פון יֵשוּעַ, [20] דורך דעם נייעם און לעבעדיקן וועג, וואָס ער האָט געהייליקט פאַר אונדז דורך דעם פָּרוֹכֶת, דאָס הייסט, דורך זיין לייַב; [21] און ווייל מיר האָבן אַ כּהן־גָדול איבער דעם הויז פון גאָט, [22] לאָמיר גענעענען מיט אַן אויפריכטיק האַרץ אין דער גאַנצקייט

א תהלים מ, 7—9. ב ירמיה לא, 32, 33.

פֿון אֶמונה, כּדי אונדזערע הערצער זאָלן זײַן באַשפּרענגט און פֿרײַ פֿון אַ בײזן געװיסן, און אונדזערע לײַבער זאָלן געװאַשן װערן מיט רײן װאַסער; [23] לאָמיר זיך האַלטן פֿעסט אין דער אָפֿענער באַקענונג פֿון אונדזער האָפֿענונג, כּדי זי זאָל זיך ניט טרײסלען, װאָרים געטרײַ איז דער, װאָס האָט מבֿטיח געװען; [24] און לאָמיר טראַכטן צו דערװעקן אײנער דעם אַנדערן צו ליבשאַפֿט און מעשׂים־טובֿים, [25] און ניט פֿאַרלאָזן אונדזער אײגן אײַנזאַמלען זיך אינאײנעם, װי עס איז בײַ טײל דער מנהג, נײערט לאָמיר מזהיר זײַן אײנער דעם אַנדערן, און אַ סך מער צוליב דעם, װײַל איר זעט, אַז דער טאָג טוט גענענען.

[26] װאָרים אויב מיר זינדיקן בכּיװן, נאָכדעם װי מיר האָבן מקבּל געװען דאָס װיסן פֿון דעם אמת, דעמאָלט פֿאַרבלײַבט ניט מער קײן קרבּן פֿאַר זינד, [27] נײערט אַ מוראדיק דערװאַרטן פֿון משפּט, און אַ געפֿערלעך פֿײַער, װאָס װעט פֿאַרצערן די װידערשפּעניקע. [28] דער, װאָס איז עובֿר תּורת־משה, װערט אָן דערבאַרעמונג געטײט אויף דעם װאָרט פֿון צװײ, אָדער דרײַ עדות; [29] הײנט, װאָסער האַרבערע שטראָף, מײנט איר, איז װערט דער, װאָס האָט געטרעטן מיט די פֿיס דעם בן־אֱלהים, און האָט מחלל געװען דאָס בלוט פֿון דעם בונד, מיט װאָס ער איז געהײליקט געװאָרן, און געלעסטערט דעם גײסט פֿון חסד? [30] װאָרים מיר קענען אים, װאָס האָט געזאָגט: צו מיר געהערט די נקמה, איך װעל פֿאַרגעלטן. און װידער אַמאָל: גאָט װעט משפּטן זײַן פֿאָלקא. [31] עס איז אַ מוראדיקע זאַך אַרײַנצופֿאַלן אין די הענט פֿון דעם לעבעדיקן גאָט.

[32] דערמאָנט אײַך אָבער די פֿריערדיקע טעג, אין װעלכע איר זענט באַלױכטן געװאָרן, און איר האָט דערטראָגן אַ שװערן קאַמף פֿון ענױים, [33] טײלװײַז, װײַל איר זענט געװאָרן אַ שױשפּיל דורך חרפּות און צרות, און טײלװײַז, װײַל איר זענט געװאָרן טײלנעמער מיט די, װאָס זענען אַזױ באַהאַנדלט געװאָרן. [34] װאָרים איר האָט געהאַט רחמנות אויף די, װאָס זענען געװען אין קײטן, און האָט אָנגענומען מיט פֿרײד די באַרױבונג פֿון אײַער האָב און גוטס, װײַל איר װײסט, אַז איר האָט אַ גרעסער פֿאַרמעגן, און אַ באַשטענדיקס. [35] פֿאַרװאַרפֿט דעריבער ניט אײַער בטחון, װאָס האָט אַ גרױסע פֿאַרגעלטונג. [36] װאָרים איר נײטיקט זיך אין געדולד,

א דברים 35, 36.

כּדי נאָכדעם ווי איר וועט האָבן געטאָן דעם רָצון פון גאָט, זאָלט איר מקבּל זיין די הַבטָחה.

[37] וואָרים נאָך אַ גאַנץ קליינע רֶגע וועט קומען דער,
וואָס קומט, און וועט ניט פאַרזאַמען.
[38] און מיין גערעכטער וועט לעבן דורך אֱמונה;
און אויב ער ציט זיך צוריק,
האָט מיין נשָמה ניט קיין וואוילגעפעלן אין אים א.

[39] מיר זענען אָבער ניט פון די, וואָס ציען זיך צוריק צו פאַרדאַרבונג, נייערט פון די, וואָס האָבן אֱמונה מַציל צו זיין זייער נשָמה.

יא און אֱמונה איז אַ פאַרזיכערונג פון זאַכן, אויף וועלכע מע האָפט, אַ באַווייזונג פון זאַכן, וואָס ווערן ניט געזען. [2] וואָרים דערין האָבן די זקֵנים באַקומען אַן עֵדות, וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן. [3] דורך אֱמונה פאַרשטייען מיר, זענען די וועלטן באַשאַפן געוואָרן דורך דעם וואָרט פון גאָט, אַזוי, אַז וואָס סע ווערט געזען, איז ניט געמאַכט געוואָרן פון זאַכן, וואָס שיינען צו זיין.

[4] דורך אֱמונה האָט הֶבֶל מַקריב געווען צו גאָט אַ סַך אַ בעסערן קָרבּן ווי קַיִן, דורך וועלכן ער האָט באַקומען אַן עֵדות, אַז ער איז אַ צַדיק, מַחמת גאָט האָט עֵדות געזאָגט אין שַייַכות מיט זיינע מִנחוֹת; און דורך אים, הַגַם ער איז טויט, טוט ער נאָך אַלץ רעדן. [5] דורך אֱמונה איז חֲנוֹך אַוועקגענומען געוואָרן, כּדי ער זאָל ניט זען דעם טויט; און ער איז ניט געפונען געוואָרן, מַחמת גאָט האָט אים אַוועקגענומען. וואָרים איידער ער איז אַוועקגענומען געוואָרן, האָט ער באַקומען דאָס עֵדות, אַז ער איז וואוילגעפעלן געוואָרן פאַר גאָט. [6] און אָן אֱמונה איז ניט מעגלעך וואוילגעפעלן צו ווערן פאַר אים; וואָרים דער, וואָס טוט גענעענען פאַר גאָט, מוז גלויבן, אַז ער איז, און אַז ער איז אַ פאַרגעלטער פון די, וואָס פאָרשטן אים.

[7] דורך אֱמונה איז נֹחַ, נאָכדעם ווי ער איז געוואָרנט געוואָרן פון גאָט בנוֹגֵע זאַכן, וואָס מע האָט נאָך ניט געזען, געגאַנגען מיט גאָטפאָרכטיקייט, און האָט געבויט אַ תֵּבָה, מַציל צו זיין זיין הויז; דורך דעם האָט ער

א חבקוק ב, 3, 4.

פֿאַרמִשפּט די וועלט, און איז געוואָרן אַ יורש פֿון דער צִדקות, וואָס איז פֿון אֶמונה.

[8] דורך אֶמונה האָט אַבֿרָהם געפֿאָלגט, בעת ער איז גערופֿן געוואָרן אַרויסצוגיין צו אַן אָרט, וואָס ער האָט באַדאַרפֿט באַקומען פֿאַר אַן אַרבטייל; און ער איז אַרויסגעגאַנגען, הַגַם ער האָט ניט געוואוסט וואוהין ער איז געגאַנגען. [9] דורך אֶמונה איז ער געוואָרן אַ גֵר אין דעם לאַנד פֿון דער הַבטָחה, ווי אין אַ לאַנד, וואָס איז ניט זיינס, און האָט געוואוינט אין געצעלטן מיט יִצחָקן און יַעקבֿן, די יורשים מיט אים פֿון דער זעלבער הַבטָחה; [10] ווייל ער האָט געוואַרט אויף דער שטאָט, וואָס האָט יסודות, וואָס איר בוימייַנסטער און בויער איז גאָט. [11] דורך אֶמונה האָט אַפֿילו שָׂרָה אַליין געקריגן כּוח טראָגעדיק צו ווערן, הַגַם זי איז שוין געווען אַריבער דער צייט, ווייל זי האָט געהאַלטן פֿאַר געטריי דעם, וואָס האָט מַבטִיחַ געווען. [12] דעריבער איז אויך אַרויסגעקומען פֿון איינעם, און דער, אַזוי גוט ווי געשטאָרבן, אַזויפֿיל ווי די שטערן פֿון הימל, און ווי דאָס זאַמד ביים ברעג פֿון יַם, ניט צום ציילן.

[13] די אַלע זענען געשטאָרבן אין אֶמונה, הַגַם זיי האָבן ניט מקַבל געווען די הַבטָחות, נאָר האָבן זיי געזען און זיי באַגריסט פֿון דערווייַטנס, און האָבן מודה געווען, אַז זיי זענען גֵרים און וואַנדערער אויף דער ערד. [14] וואָרים די, וואָס רעדן אויף אַזאַ אופֿן, מאַכן קלאָר, אַז זיי זוכן אַ לאַנד פֿאַר זייערטוועגן. [15] און וואָלטן זיי געווען געטראַכט פֿון יענעם לאַנד, פֿון וועלכן זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, וואָלטן זיי געהאַט אַ געלעגנהייט זיך אומצוקערן. [16] אַצינד אָבער באַגערן זיי אַ בעסער לאַנד, דאָס הייסט, אַ הימליש. דעריבער שעמט זיך ניט גאָט מיט זיי, גערופֿן צו ווערן זייער גאָט; וואָרים ער האָט פֿאַר זיי אָנגעברייט אַ שטאָט.

[17] דורך אֶמונה האָט אַבֿרָהם, בעת ער איז געפּרוּווט געוואָרן, מַקריב געווען יִצחָקן; און ער, וואָס האָט מקַבל געווען די הַבטָחות, איז געווען גרייט מַקריב צו זיין זיין בֶּן־יָחִיד; [18] צו וועמען עס איז געזאָגט געוואָרן: אין יִצחָקן זאָל דיין זאָמען גערופֿן ווערן, [19] ווייל ער האָט גערעכנט, אַז גאָט איז בִּיכוֹלת אים אויפֿצוּוועקן אַפֿילו פֿון די טויטע, פֿונוואַנען ער האָט אים אויך בְּדֶרֶך מָשל צוריק באַקומען. [20] דורך אֶמונה האָט יִצחָק געבענטשט יַעקבֿן און עֵשָׂון, אַפֿילו בנוגע זאַכן, וואָס האָבן געדאַרפֿט געשען. [21] דורך

אֶמונה־ האָט יַעֲקֹב, בעת ער האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן, געבענטשט יעדן פון יוֹספס זין, און האָט זיך געבוקט, בעת ער האָט זיך אָנגעלענט אויף דעם שפּיץ פון זיין שטעקן. [22] דורך אֶמונה האָט יוֹסף, בעת זיין סוֹף איז געווען נאָענט, דערמאָנט פונוועגן דעם אַרויסגיין פון די בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל, און האָט באַפוילן בנוֹגֵע זיינע ביינער.

[23] דורך אֶמונה איז מֹשה, נאָכדעם ווי ער איז געבוירן געוואָרן, געווען פאַרבאָרגן פון זיינע עלטערן דריי חֳדָשים, וואָרים זיי האָבן געזען, אַז ער איז אַ שיין קינד; און זיי האָבן ניט מוֹרא געהאַט פאַר דעם מֶלֶכס באַפעל. [24] דורך אֶמונה האָט מֹשה, בעת ער איז אויסגעוואַקסן, זיך אָפּגעזאָגט גערופן צו ווערן דער זון פון פַּרעֹהס טאָכטער, [25] און האָט ליבערשט אויסדערוויילט צו ליידן מיט דעם פאָלק פון גאָט, איידער הֲנָאה־ צו האָבן אויף אַ צייט פון תַּעֲנוּגים פון זינד, [26] מַחמת ער האָט פאַררעכנט די חֶרפּה פון מָשִׁיחַן פאַר אַ גרעסער עֲשִירות איידער די אוֹצרות פון מִצרַיִם; וואָרים ער האָט אַרויסגעקוקט אויף דעם שָׂכָר. [27] דורך אֶמונה האָט ער פאַרלאָזן מִצרַיִם, און ניט מוֹרא געהאַט פאַר דעם גרימצאָרן פון דעם מֶלֶך; וואָרים ער האָט דערטראָגן, ווי ער וואָלט געזען אים, וועמעס פָּנים מע קען ניט זען. [28] דורך אֶמונה האָט ער געהאַלטן פֶּסח, און דאָס שפּרענגען פון דעם בלוט, כּדי דער מַשחִית פון די בכוֹרים זאָל זיי ניט אָנרירן.

[29] דורך אֶמונה זענען זיי דורכגעגאַנגען דעם יַם־סוּף ווי דורך יַבָּשָה; וואָס די מִצרים, בעת זיי האָבן דאָס געפּרוּווט צו טאָן, זענען זיי דערטרונקען געוואָרן. [30] דורך אֶמונה זענען די מויערן פון יְריחוֹ איינגעפאַלן, נאָכדעם ווי זיי זענען אַרומגערינגלט געוואָרן זיבן טעג. [31] דורך אֶמונה־ איז רָחָב־הַזוֹנה ניט אומגעקומען מיט די, וואָס זענען געווען ווידערשפּעניק, ווייל זי האָט אויפגענומען די מְרַגלִים בְּשָׁלוֹם.

[32] און וואָס נאָך זאָל איך זאָגן? וואָרים סע וועט מיר אויספעלן צייט, אויב איך וועל דערציילן פון גִדעוֹנען, בָּרָקן, שִמשוֹנען, יִפְתָּחן, פון דָוִדן און שמואֵלן און די נביאים,— [33] וואָס האָבן דורך אֶמונה אונטערטעניק געמאַכט מלוּכות, האָבן געטאָן צדקות, האָבן מקַבּל געווען הַבטָחוֹת, האָבן פאַרשטאָפּט די מיילער פון לייבן, [34] האָבן פאַרלאָשן די קראַפט פון פייער, זענען אַנטרונען די שאַרף פון דער שווערד, פון שוואַקכייט זענען זיי געמאַכט געוואָרן שטאַרק, זענען געוואָרן גיבּוֹרים אין מִלחָמָה, האָבן

פאַריאָגט פרעמדע חַיָלות. [35] ווייבער האָבן באַקומען זייערע טויטע דורך תּחִיַת־הַמֵתים; און אַנדערע זענען געפּייַניקט געוואָרן, און האָבן ניט אָנגענומען זייער אויסלייזונג, כּדי זיי זאָלן זוכה זיין אַ בעסער תּחִיַת־הַמֵתים. [36] אַנדערע האָבן איבערגעטראָגן שפּאָט און מַלקות, און אַפילו קייטן און תּפִיסה. [37] זיי זענען פאַרשטיינט געוואָרן, זיי זענען אויסגעשטאַנען נִסיוֹנות, זיי זענען פונאַנדערגעזעגט געוואָרן, זיי זענען געטייט געוואָרן מיט דער שווערד; זיי זענען אַרומגעגאַנגען אין שאָפנפעלן און ציגנפעלן, זיי זענען געווען פאַרלאָזן, געפּייַניקט, שלעכט באַהאַנדלט — [38] וואָס די וועלט איז זיי ניט ווערט געווען — זיי האָבן געוואָגלט אין מִדבָריוֹת און בערג, און אין היילן און לעכער פון דער ערד.

[39] און די אַלע, הַגַם זיי האָבן געהאַט דאָס עֵדות, וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן דורך אֱמונה, האָבן ניט מקַבל געווען די הַבטָחה, [40] ווייל גאָט האָט אָנגעברייט עפּעס אַ בעסערע זאַך פון אונדזערטוועגן, כּדי אָן אונדז זאָלן זיי ניט ווערן שלֵימותדיק.

יב דעריבער, ווייל מיר זענען אַרומגערינגלט מיט אַזאַ גרויסן וואָלקן עֵדות, לאָמיר אַוועקלייגן אין אַ זייט יעדע מַשׂא, און די זינד, וואָס באַהעפט זיך צו אונדז, און לאָמיר לויפן מיט געדולדיקייט דעם וועטלויף, וואָס ליגט פאַר אונדז, [2] און קוקן אויף יֵשוּעַן, דעם ראש און מַשלים פון אונדזער אֱמונה, וואָס צוליב דער שׂמחה, וואָס איז געווען אָנגעברייט פאַר אים, האָט ער דערטראָגן דעם צלָב, האָט פאַראָפּשייַט די חֶרפּה, און האָט זיך אַנידערגעזעצט ביי דער רעכטער האַנט פון דעם כִּסֵא־אֱלֹהִים.

[3] וואָרים באַטראַכט אים, וואָס האָט דערטראָגן אַזאַ סתִּירה פון זינדיקע קעגן זיך, כּדי איר זאָלט ניט ווערן מיד און אָפּגעשוואַכט אין אייערע נשָמות. [4] איר זענט נאָך ניט בּייַגעשטאַנען ביז בלוט אין דעם קאַמף קעגן זינד, [5] און איר האָט פאַרגעסן די וואָרענונג, וואָס טוט אייַנטענהן מיט אייך ווי מיט קינדער:

מיין זון, האַלט ניט גרינג דעם מוסר פון גאָט,
פאַל ביי זיך ניט אַראָפּ, בעת דו ווערסט פון אים געשטראָפט;
[6] וואָרים וועמען גאָט האָט ליב, דעם שטראָפט ער,
און שמייסט יעדן זון, וועמען ער איז מקַבל[א].

[א] משלי ג, 11, 12.

[7] עס איז צוליב דער שטראָף, וואָס איר דערטראָגט; גאָט פירט זיך אויף מיט אייך ווי מיט זין; וואָרים וואָסער זון איז עס, וועמען זיין פאָטער טוט ניט שטראָפן? [8] אויב אָבער איר ווערט ניט געשטראָפט, וואָס אין דעם זענען אַלע טיילנעמער, דעמאָלט זענט איר מַמזֵרים, און ניט קיין זין. [9] נאָך מער, מיר האָבן געהאַט לײַבלעכע פאָטערס אונדז צו שטראָפן, און מיר האָבן זיי אָפּגעגעבן כָּבוד; צי זאָלן מיר ניט אַ סך ליבערשט אונטערטעניק זיין צו דעם פאָטער פון די גײַסטער, און לעבן? [10] וואָרים זיי האָבן אונדז געשטראָפט אויף אַ קורצער צייט, לויט ווי זיי האָבן עס געהאַלטן פאַר נייטיק, ער אָבער טוט עס פאַר אונדזער נוצן־וועגן, כּדי מיר זאָלן זיין טיילנעמער פון זיין הייליקייט. [11] יעדע שטראָף זעט אויס, בעת זי קומט אויף אונדז, צו זיין ניט דערפרייענדיק, נייערט טרויעריק; דאָך שפּעטער־צו טראָגט זי פרידלעכע פֵּירות פון רעכטפאַרטיקייט פאַר די, וואָס לערנען זיך עפּעס דערפון אָפּ.

[12] בכֵן, הייבט אויף די הענט, די שלאַפע, און שטאַרקט די מידע קני, [13] און מאַכט גלייכע שטעגן פאַר אייערע פיס, כּדי דער לאָמער זאָל ניט אָפּקערן פון וועג, נייערט זאָל ליבערשט געהיילט ווערן. [14] יאָגט זיך נאָך שָלום מיט אַלע מענטשן, און דער הייליקונג, אָן וועלכער קיינער וועט ניט זען דעם האַר. [15] און גיט אַכטונג, אַז קיינער זאָל ניט געמינערט ווערן אין דעם חֶסֶד פון גאָט, און אַז סע זאָל ניט אויפשפּראָצן אַ וואָרצל פון ביטערקייט און אייך באַשווערן, און דורכדעם מטַמא מאַכן דעם רַבים; [16] אַז קיינער זאָל ניט זיין קיין נואף, אָדער אַן אומווערדיקער מענטש ווי עֵשָׂו, וואָס האָט פאַר אַ געקעכץ פאַרקויפט זיין בכורה. [17] וואָרים איר ווייסט, אַז בעת ער האָט שפּעטער־צו שוין באַגערט צו אַרבן די בְּרָכה, איז ער פאַרוואָרפן געוואָרן; וואָרים ער האָט שוין ניט געפונען קיין תּשובה, הַגם ער האָט זי געזוכט מיט טרערן.

[18] וואָרים איר זענט ניט געקומען צו קיין באַרג, וואָס מע קאָן אָנרירן, און וואָס ברענט מיט פייער, און צו שוואַרצקייט, און חֲשכות און שטורעמווינט, [19] און דעם שאַלן פון אַ שופר, און דעם קול פון רייד, וואָס די, וואָס האָבן געהערט, האָבן געבעטן, אַז מע זאָל צו זיי מער ניט רעדן. [20] וואָרים זיי האָבן ניט געקאָנט דערטראָגן דאָס, וואָס איז געבאָטן געוואָרן: אויב אַפילו אַ בהֵמה טוט אָנרירן דעם באַרג, זאָל מען זי פאַרשטיינען. [21] און די

זעאונג איז געווען אַזוי מוֹראדיק, אַז משה האָט געזאָגט: איך האָב זייער מוֹרא און ציטער. [22] נאָר איר זענט געקומען צום באַרג ציון, און צו דער שטאָט פון דעם לעבעדיקן גאָט, דעם הימלישן ירושָלַיִם, און צו אומצייליקע חַיָלות מַלאָכים, [23] צו דער כּנֶסת־הַגדולה און קְהִילה פון די בכורים, וואָס זענען פאַרשריבן אין הימל, און צו גאָט, דעם שוֹפט פון אַלע, און צו די גײַסטער פון צַדיקים גמורים, [24] און צו יֵשוּעַ, דעם מֵליץ פון אַ נייעם בונד, און צו דעם בלוט פון שפּרענגען, וואָס טוט רעדן פון עפּעס בעסערס, ווי דאָס בלוט פון הֶבלען.

[25] זעט, אַז איר זאָלט זיך ניט אָפּזאָגן פון דעם, וואָס טוט רעדן. וואָרים אויב זיי זענען ניט אַנטרונען, בעת זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דעם, וואָס האָט זיי מַזהיר געווען אויף דער ערד, אַ סך מער וועלן מיר ניט אַנטרונען, אויב מיר קערן אָפּ פון דעם, וואָס טוט מַזהיר זײַן פון הימל, [26] וועמעס קוֹל האָט אַמאָל געמאַכט ציטערן די ערד. אַצינד אָבער האָט ער מַבטיחַ געווען, אַזוי צו זאָגן: איך וועל נאָכאַמאָל מאַכן ציטערן ניט נאָר די ערד, נייערט אויך דעם הימל[א]. [27] און דאָס דאָזיקע וואָרט: נאָכאַמאָל, באַצייכנט דאָס איבערשטעלן פון יענע זאַכן, וואָס טרייסלען זיך, ווי זאַכן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן, כּדי דאָס, וואָס טרייסלט זיך ניט, זאָל פאַרבלײַבן. [28] בּכֵן, ווייל מיר זענען מקַבל אַ מַלכות, וואָס קאָן זיך ניט טרייסלען, לאָמיר זײַן דאַנקבאַר, און דינען מיט וואוילגעפעלן פאַר גאָט, מיט פאָרכטיקייט און פּחד; [29] וואָרים אונדזער גאָט איז אַ פאַרצערנדיק פייער.

יג זאָל די ברידערלעכע ליבשאַפט באַשטיין. [2] פאַרגעסט ניט אין הַכנָסת־אוֹרחים; וואָרים דורך דעם האָבן טייל, ניט ווויסנדיק, מַכניס־אוֹרח געווען מַלאָכים. [3] געדענקט די, וואָס זענען אין קייטן, ווי געבונדן מיט זיי; און די, וואָס ווערן שלעכט באַהאַנדלט, ווייל איר אַליין זענט אויך אין דעם גוף. [4] זאָל דאָס חַתונה האָבן געהאַלטן ווערן בּכָבוד צווישן אַלע, און זאָל דאָס בעט ניט מטַמא ווערן; וואָרים די צעלאָזענע און נוֹאפים וועט גאָט מִשפּטן. [5] זייט פריי פון דער ליבשאַפט צו געלט, און זייט צופרידן מיט דעם, וואָס איר האָט; וואָרים ער אַליין האָט געזאָגט: איך

[א] חגי ב, 6.

װעל דיך באײן־אופן ניט פֿאַרװאַרפֿן, איך װעל דיך אויך באײן־אופן ניט פֿאַרלאָזן[א]. [6]אַזוי, אַז מיט פֿרײלעכן בטחון זאָגן מיר:

גאָט איז מײן העלפֿער,
איך װעל ניט מורא האָבן;
װאָס קאָן אַ מענטש מיר טאָן?[ב]

[7]געדענקט אײַערע מנהיגים, װאָס האָבן צו אײַך גערעדט דאָס װאָרט פֿון גאָט; באַטראַכט דעם תּכלית פֿון זײער לעבן, און גײט נאָך זײער אמונה. [8]ישוע המשיח איז דער זעלבער נעכטן, און הײַנט, און אויף אײביק. [9]לאָזט זיך ניט פֿאַרפֿירן דורך פֿאַרשידענע און פֿרעמדע לערנונגען; װאָרים עס איז גוט, אַז דאָס האַרץ זאָל באַפֿעסטיקט װערן דורך חסד, ניט דורך מאכלים, פֿון װאָס די, װאָס האָבן זיך פֿאַרנומען מיט דעם, האָבן ניט געהאַט קײן געװינס. [10]מיר האָבן אַ מזבח, פֿון װאָס די, װאָס באַדינען דעם משכּן, האָבן ניט קײן רעכט צו עסן. [11]װאָרים די לײַבער פֿון יענע בהמות, װעמעס בלוט סע װערט געבראַכט אין מקום־קדוש אַרײַן דורך דעם כּהן־גדול װי אַ קרבן פֿאַר זינד, װערן פֿאַרברענט מחוץ־למחנה[ג]. [12]איבערדעם האָט אויך ישוע געליטן אױסער דעם טויער, כּדי ער זאָל הײליקן דאָס פֿאָלק דורך זײַן אײגן בלוט. [13]לאָמיר דעריבער אַרויסגײן צו אים מחוץ־למחנה צו טראָגן זײַן חרפּה. [14]װאָרים דאָ האָבן מיר ניט קײן פֿאַרבלײַבנדיקע שטאָט, נײערט מיר זוכן די שטאָט, װאָס דאַרף ערשט קומען. [15]בכן, לאָמיר דורך אים תּמיד מקריב זײַן אַ קרבן פֿון לויב צו גאָט, דאָס הײסט, די פֿרוכט פֿון לעפּצן, װאָס זענען מודה צו זײַן נאָמען[ד]. [16]פֿאַרגעסט אָבער ניט צו טאָן גוטס, און זיך צו טײלן מיט אַנדערע, װאָרים אַזעלכע קרבנות װערן װאױלגעפֿעלן פֿאַר גאָט.

[17]געהאָרכט אײַערע מנהיגים, און זײַט זײ אונטערטעניק, װאָרים זײ װאַכן איבער אײַערע נשמות, װי די, װאָס װעלן דאַרפֿן אָפּגעבן חשבון, כּדי זײ זאָלן דאָס טאָן מיט פֿרײד, און ניט מיט צער; װאָרים דאָס װאָלט געװען פֿאַר אײַך אָן נוצן.

[18]זײַט מתפּלל פֿאַר אונדז; װאָרים מיר זענען איבערצײַגט, אַז מיר האָבן אַ גוט געװיסן, װײַל מיר באַגערן צו לעבן ערלעך אין אַלצדינג.

[א] דברים לא, 6, 8. [ב] תּהלים קיח, 6. [ג] ויקרא טז, 27. [ד] ויקרא ז, 12; ישעיה נז, 19; הושע, יד, 2.

19 און איך בעט אייך נאָך אַ סך מערער דאָס צו טאָן, כדי איך זאָל צו אייך וואָס גיכער אומגעקערט ווערן.

20 און דער גאָט פון שָלום, וואָס האָט צוריקגעבראַכט פון די טויטע אונדזער האַר יֵשוּעַ, דעם גרויסן פּאַסטעך פון די שאָף, דורך דעם בלוט פון דעם אייביקן בונד, 21 זאָל אייך מאַכן תָּמים אין יעדער גוטער זאַך צו טאָן זיין רָצון, בעת ער ווירקט אין אייך דאָס, וואָס איז וואוילגעפעליק פאַר אים דורך יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, צו וועמען סע זאָל זיין דער כָּבוד אויף אייביק און אייביק. אָמֵן.

22 און איך בעט אייך, ברידער, אַז איר זאָלט אָננעמען דאָס דאָזיקע מוסר־וואָרט; וואָרים איך האָב אייך געשריבן בקיצור. 23 זייט וויסן, אַז אונדזער ברודער טימאָטעאוס איז באַפרייט געוואָרן; מיט אים, אויב ער וועט בקָרוב קומען, וועל איך אייך זען.

24 גריסט אַלע אייערע מַנהיגים, און אַלע הייליקע. די פון איטאַליע גריסן אייך.

25 חֶסֶד זאָל זיין מיט אייך אַלע. אָמֵן.






# דער בריוו פון יַעקבן

א יַעקב, אַ קנעכט פון גאָט און פון דעם
האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, צו די צוועלף שבָטים,
וואָס זענען אין גָלות: שָלום!
2 פאַררעכנט עס פאַר לויטער פרייד, מיינע
ברידער, בעת איר פאַלט אַריין אין כָלערליי
נסיונות, 3 ווייל איר ווייסט, אַז דאָס אויספּרוּוואון
פון אייער אֶמונה טוט פירן צו געדולדיקייט.
4 נאָר זאָל געדולדיקייט האָבן איר שלֵימות־
דיקע ווירקונג, כדי איר זאָלט זיין שלֵימותדיק
און תָמים, און סע זאָל אייך גאָרניט פעלן.
5 אויב אָבער עמיצן פון אייך טוט פעלן
חָכמה, זאָל ער בעטן ביי גאָט, וואָס גיט
אַלעמען מיט אַ פולער האַנט, און מאַכט ניט
צו שאַנד, און סע וועט אים געגעבן ווערן.
6 זאָל ער אָבער בעטן אין אֶמונה, און ניט
מסופק זיין; וואָרים דער, וואָס איז מסופק,
איז ווי די כוואַליע פון יַם, געטריבן פון דעם
ווינט און געשלײַדערט. 7 וואָרים יענער מענטש
זאָל ניט מיינען, אַז ער וועט עפּעס באַקומען
פון גאָט; 8 ער איז אַ וואַקלדיקער מענטש, און
ניט שטאַנדהאַפטיק אין אַלע זיינע וועגן.
9 זאָל אָבער דער ברודער פון שָפלן שטאַנד

זיך רימען אין זיין דערהויבענער מַדרֵגה; 10 און דער עוֹשר מיט דעם, וואָס
ער ווערט שָפל; מַחמת ווי די בלום פון דעם גראָז וועט ער פאַרגיין.
11 וואָרים די זון גייט אויף מיט איר היץ, און דאָס גראָז פאַרוועלקט, און
די בלום דערפון טוט אַראָפּפאַלן, און דער חֵן פון איר געשטאַלט גייט
פאַרלוירן; אַזוי וועט אויך דער עוֹשר פאַרוועלקן אין זיינע וועגן.

12 וואויל איז דעם מענטשן, וואָס האַלט אויס אַ נִסָיון; וואָרים בעת
ער ווערט באַוויליקט, וועט ער באַקומען די קרוין פון לעבן, וואָס גאָט
האָט צוגעזאָגט צו די, וואָס האָבן אים ליב. 13 זאָל קיינער ניט זאָגן, בעת
ער ווערט געפּרוּאווט, איך בין געפּרואווט געוואָרן פון גאָט; וואָרים גאָט
קאָן ניט געפּרואווט ווערן מיט שלעכטס, און ער אַליין טוט קיינעם ניט
מנַסֶה זיין. 14 נייערט יעדער איינער ווערט געפּרואווט, בעת ער ווערט
געררייצט און פאַרפירט דורך זיין אייגענער תַאווה. 15 דעמאָלט טוט די
תַאווה, בעת זי ווערט מעוּבֶרת, געבערן זינד; און די זינד, בעת זי וואַקסט
אויס, ברענגט דעם טויט.

16 זייט ניט גענאַרט, מיינע באַליבטע ברידער. 17 יעדע גוטע מַתָנה, און
יעדע שלֵימותדיקע מַתָנה, איז פון אויבן, און קומט אַראָפּ פון דעם פאָטער
פון ליכט, ביי וועמען עס איז ניטאָ קיין שום פאַרענדערונג, אָדער אַ
שאָטן וואָס בייַט זיך. 18 מיט זיין אייגענעם רָצון האָט ער אונדז געבוירן
דורך דעם וואָרט פון אֶמת, כדי מיר זאָלן זיין אַ מין בִיכּורים פון זיינע
באַשעפענישן.

19 איר ווייסט דאָס, מיינע באַליבטע ברידער. זאָל אָבער יעדער מענטש
זיין פלינק צו הערן, פּאַמעלעך צום רעדן, און פּאַמעלעך צום דערצערענען;
20 וואָרים דער צאָרן פון אַ מענטשן טוט ניט ווירקן די רעכטפאַרטיקייט פון
גאָט. 21 בכֵן, טוט אָפּ פון זיך יעדע שמוציקייט און איבערבלייַב פון רָשעות,
און זייט מקַבל מיט עֲניוות דאָס אייַנגעפלאַנצטע וואָרט, וואָס איז בכּוח צו
ראַטעווען אייערע נשָמות.

22 אָבער זייט טוערס פון דעם וואָרט, און ניט בלויז הערערס, וואָס
נאַרן זיך אַליין אָפּ. 23 וואָרים אויב עמיצער איז אַ הערער פון דעם וואָרט,
און ניט קיין טוער, איז ער געגליכן צו אַ מענטשן, וואָס זעט זיין לייַבלעך
פָּנים אין אַ שפּיגל; 24 וואָרים ער זעט זיך אַליין, און גייט אַוועק, און
פאַרגעסט תֵיכּף וואָסער מין מענטש ער איז געווען. 25 אָבער דער, וואָס

קוקט אַריין אין דער שלֵימותדיקער תּורה, די תּורה פֿון פֿרײַהייט, און
בלייבט דערבײַ, און וואָס איז ניט קיין הערער, וואָס פֿאַרגעסט, נייערט
אַ טוער, וואָס טוט ווירקן, וועט אים זיין וואויל אין זיין טואונג.
[26]אויב עמיצער מיינט, אַז ער איז פֿרום, און טוט ניט צאַמען זיין
צונג, נאַרט ער זיין האַרץ, און זיין פֿרומקייט איז פּוסט. [27]אַ ריינע און
אומבאַפלעקטע פֿרומקייט פֿאַר אונדזער גאָט און פֿאָטער איז דאָס: מנַחֵם־
אָבל צו זיין יתומים און אַלְמָנות אין זייערע צָרות, און צו האַלטן זיך
אומבאַפלעקט פֿון דער וועלט.

ב מיינע ברידער, האַלט ניט די אֶמונה פֿון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ,
דעם האַר פֿון כָבוד, מיט נְשִׂיאַת־פָּנים. [2]וואָרים אויב סע קומט אַריין
אין אייער בֵית־הַכְּנֶסֶת אַ מענטש מיט גילדענע רינגען, און שיינע מַלבושים,
און סע קומט אויך אַריין אַן אָרעמאַן אין אָפּגעריסענע מַלבושים, [3]און איר
קוקט מיט חֵן אויף דעם, וואָס טראָגט די שיינע מַלבושים, און זאָגט: דו
זיץ דאָ, אויף דעם בכָבודיקן פּלאַץ; און צו דעם אָרעמאַן זאָגט איר: דו
שטיי דאָרט, אָדער זיץ אונטער מיין פֿוסבענקל. [4]צי טוט איר ניט מאַכן קיין
חִילוק צווישן אייך אַליין, און ווערט שופֿטים מיט בייזע מַחשָבות? [5]האָרכט,
מיינע באַליבטע ברידער: צי האָט גאָט ניט אויסדערוויילט די אָרעמע
פֿון דער וועלט, צו זיין רייך אין אֶמונה און יורשים פֿון דעם מַלכות,
וואָס ער האָט מַבטיח געווען פֿאַר די, וואָס האָבן אים ליב? [6]איר
אָבער האָט מבַזה געווען דעם אָרעמאַן. צי טוען אייך ניט באַדריקן די
עֲשירים, און שלעפּן זיי אייך ניט פֿאַר דעם בֵית־דין? [7]צי טוען זיי ניט
לעסטערן דעם חָשובן נאָמען, מיט וועלכן איר ווערט אָנגערופֿן?
[8]אויב איר זענט טאַקע מקַיים דאָס קעניגלעכע געזעץ, לויט דער
תּורה: דו זאָלסט ליב האָבן דיין חַבר ווי זיך אַליין[א], טוט איר גוט; [9]אויב
אָבער איר זענט נושא־פָּנים, באַגייט איר אַ זינד, און ווערט פֿאַרמִשפּט דורך
דער תּורה ווי בַעלי־עֲבֵירה. [10]וואָרים ווער סע וועט מקַיים זיין די גאַנצע
תּורה, נאָר וועט אויף עפּעס עובֵר זיין, האָט ער עובר געווען אויף אַלע
מִצוות. [11]וואָרים דער, וואָס האָט געזאָגט: דו זאָלסט ניט מזַנה זיין, האָט
אויך געזאָגט: דו זאָלסט ניט טייטן[ב]. היינט, אויב דו ביסט ניט מזַנה,
נייערט טוסט טייטן, האָסטו עובר געווען אויף דער תּורה. [12]אַזוי רעדט

א ויקרא יט, 18. ב שמות כ, 13.

און אַזוי טוט, ווי מענטשן, וואָס דאַרפֿן געמִשפּט ווערן דורך דער תּורה
פֿון פֿרײַהייט. [13] וואָרים דער מִשפּט איז אָן רַחמָנות פֿאַר דעם, וואָס האָט
ניט אַרויסגעוויזן קיין רַחמָנות; רַחמים טוט זיך רימען קעגן דין.
[14] וואָס נוצט עס, מײַנע ברידער, אויב אַ מענטש זאָגט, ער האָט
אֶמונה, נאָר ער האָט ניט קיין מַעשׂים? צי קאָן אים זײַן אֶמונה העלפֿן?
[15] אויב אַ ברודער, אָדער שוועסטער איז נאַקעט, און עס פֿעלט זיי אין
טעגלעכער שפּײַז, [16] און איינער פֿון אײַך זאָגט צו זיי: גייט בשָלום; זײַט
אָנגעוואַרעמט און געזעטיקט; און איר גיט זיי ניט די זאַכן, וואָס זענען
נייטיק פֿאַר דעם לײַב, וואָס טוט עס נוצן? [17] אויך אַזוי איז אֶמונה, אויב
זי האָט ניט קיין מַעשׂים, איז זי טויט פֿון זיך אַליין.
[18] עמיצער וועט אָבער זאָגן: דו האָסט אֶמונה, און איך האָב מַעשׂים;
ווײַז מיר דײַן אֶמונה אָן דײַנע מַעשׂים, און איך, דורך מײַנע מַעשׂים, וועל
דיר ווײַזן מײַן אֶמונה. [19] דו גלויבסט, אַז גאָט איז איינער; דו טוסט גוט.
די טײַוואָלאָנים גלויבן אויך, און ציטערן. [20] ווילסטו אָבער וויסן, דו נאַרישער
מענטש, פֿאַרוואָס אֶמונה אָן מַעשׂים איז טויט? [21] צי איז אַבֿרָהם־אָבֿינו ניט
גערעכטפֿאַרטיקט געוואָרן דורך מַעשׂים, בעת ער האָט מַקריבֿ געווען זײַן
זון יִצחָקן אויפֿן מִזבֵּחַ? [22] דו זעסט, אַז אֶמונה האָט געווירקט מיט זײַנע
מַעשׂים, און דורך מַעשׂים איז פֿולקאָם געוואָרן די אֶמונה. [23] און מקוים
געוואָרן איז דער פָּסוק, וואָס זאָגט: און אַבֿרָהם האָט געגלויבט גאָט,
און עס איז אים פֿאַררעכנט געוואָרן פֿאַר רעכטפֿאַרטיקייט, און ער איז
גערופֿן געוואָרן דער פֿריינט פֿון גאָט[א]. [24] איר זעט, אַז דורך מַעשׂים ווערט
אַ מענטש גערעכטפֿאַרטיקט, און ניט נאָר דורך אֶמונה. [25] איז דען ניט
רָחָבֿ־הַזוֹנָה אויך אַזאַ אופֿן גערעכטפֿאַרטיקט געוואָרן דורך מַעשׂים, ווען
זי האָט אויפֿגענומען די מְרַגלִים, און האָט זיי אַרויסגעשיקט מיט אַן אַנדערן
וועג[ב]? [26] וואָרים אַזוי ווי דער גוף אָן דער נשָמה איז טויט, אַזוי אויך איז
אֶמונה אָן מַעשׂים טויט.

ג זאָלן קיין סך פֿון אײַך ניט ווערן קיין לערערס, מײַנע ברידער, ווײַל
איר ווייסט, אַז מיר וועלן קריגן אַ שווערערן מִשפּט. [2] וואָרים אין אַ סך
זאַכן ווערן מיר אַלע נִכשל. אויב עמיצער ווערט ניט נִכשל אין זײַנע
רייד, דער איז אַן אִיש תָּמים, און איז בכּוח צו צאַמען זײַן גאַנצן גוף.

[א] בראשית טו, 6; ישעיה מא, 8; דברי הימים ב׳ כ, 7. [ב] יהושע ב, 1—21.

3 און אויב מיר לייגן אַריין צײַמלעך אין די מיילער פון פערד, כּדי זיי זאָלן
אונדז פאָלגן, פירן מיר אויך זייער גאַנצן לײַב. 4 זע, אויך די שיפן, הגם זיי
זענען אַזוי גרויס און ווערן געטריבן פון שטאַרקע ווינטן, דאָך ווערן זיי
אַרומגעפירט פון זייער אַ קליינעם רודער, וואוהין דער שטײַערמאַן וויל.
5 אַזוי איז אויך די צונג אַ קליינער אֵבר, און טוט זיך רימען מיט
גרויסע זאַכן. זע, סאַראַ גרויסער וואַלד ווערט אונטערגעצונדן דורך אַ
קליין פייער! 6 און די צונג איז אַ פייער; אַ וועלט פון אומגערעכטיקייט
צווישן אונדזערע אֵברים איז די צונג, וואָס טוט באַפלעקן דעם גאַנצן
לײַב, און צינדט אונטער דאָס ראָד פון לעבן, און ווערט אונטערגעצונדן
פון גיהנום. 7 וואָרים יעדער מין פון בהמות און עופות, פון ווידמונגען
און חיות פון דעם ים, ווערט געצאַמט און איז געצאַמט געוואָרן דורך
דעם מענטשלעכן מין. 8 אָבער די צונג קאָן קיין מענטש ניט צאַמען – זי איז
אַן אומרואיק שלעכטס, פול מיט סם־המוות. 9 מיט איר בענטשן מיר גאָט,
דעם פאָטער, און מיט איר שעלטן מיר מענטשן, וואָס זענען געמאַכט אין
דעם צלם־אלהים. 10 פון דעם זעלבן מויל קומט אַרויס בּרכה און קללה.
מיינע ברידער, אַזוי דאַרף עס ניט זײַן. 11 צי טוט דער קוואַל אַרויס־
שפּרודלען פון דער זעלבער עפענונג זיס וואַסער און ביטערס? 12 צי קאָן
אַ פײַגנבוים, מיינע ברידער, טראָגן אײַלבערטן, אָדער אַ ווײַנשטאָק פייגן?
אויך קאָן אַ זאַלצקוואַל ניט אַרויסגעבן קיין זיס וואַסער.

13 ווער צווישן אייך איז קלוג און פאַרשטענדיק? זאָל ער ווייזן מיט
זיין גוטער פירונג זיינע מעשׂים אין ענוות פון חכמה. 14 אויב אָבער איר
טראָגט ביטערע קנאה און שׂנאה אין אייער האַרץ, טאָ רימט אייך ניט און
זייט ניט פאַלש צום אמת. 15 די דאָזיקע חכמה קומט ניט אַראָפּ פון אויבן,
נייערט איז ערדיש, תּאוהדיק, טײַוולאָניש. 16 וואָרים וואו עס איז קנאה
און שׂנאה, דאָרט איז מהומה און אַלדאָס־בייז. 17 די חכמה אָבער, וואָס
איז פון אויבן, איז קודם־כּל לויטער, דערנאָך פרידלעך, איידעל, גרינג
צום איבערבעטן, פול מיט דערבאַרעמדיקייט און גוטע פּירות, אָן ספקות,
אָן חניפה. 18 און די פּרוכט פון גערעכטיקייט ווערט געזייט אין שלום פון
די, וואָס מאַכן שלום.

ד פונוואַנען קומען מלחמות, און פונוואַנען קומען געשלעגן צווישן אייך?
צי קומען זיי ניט פון אייערע תּאוות, וואָס פירן מלחמה אין אייערע

אֵברים? [2] איר גלוסט, און האָט ניט; איר הַרגעט, און זענט מקַנא, און קאָנט עס ניט דערגרייכן; איר שלאָגט זיך און פירט מִלחָמה; איר האָט ניט, מַחמת איר טוט ניט בעטן. [3] איר בעט, און באַקומט ניט, מַחמת איר בעט שלעכט, כּדי איר זאָלט עס אויסברענגען אין אייערע פאַרגעניגנס. [4] איר אויסגעלאָסענע! צי ווייסט איר ניט, אַז די פרײַנטשאַפט מיט דער וועלט איז פײַנטשאַפט קעגן גאָט? בכֵן, ווער סע וועט זיין אַ פריינט פון דער וועלט, מאַכט זיך פאַר אַ שׂונא פון גאָט. [5] אָדער מיינט איר, אַז דער פָּסוק זאָגט אומזיסט: מיט קִנאה טוט גאַרן דער גייסט, וואָס ער האָט געמאַכט רוען אין אונדז? [6] ער טוט אָבער געבן מער חֶסד. איבערדעם זאָגט דער פָּסוק: גאָט שטעלט זיך קעגן די האָפּערדיקע, און גיט חֵן צו די עֲנָוִים[א]. [7] זייט דעריבער אונטערטעניק צו גאָט; און שטעלט אייך אַנטקעגן דעם שָׂטן, און ער וועט אַנטרינען פון אייך. [8] גענעענט צו גאָט, און ער וועט גענעענען צו אייך. רייניקט אייערע הענט, איר זינדיקע, און לײַטערט אייערע הערצער, איר צוויי־פּנימדיקע. [9] פילט אייער עלנט, און קלאָגט, און וויינט; זאָל אייער געלעכטער פאַרקערט ווערן אין קלאָג, און אייער פרייד אין טרויעריקייט. [10] דערנידעריקט אייך פאַר גאָט, און ער וועט אייך דערהייבן.

[11] רעדט ניט איינער קעגן דעם אַנדערן, ברידער. דער, וואָס רעדט קעגן אַ ברודער, אָדער מִשפּט זיין ברודער, רעדט קעגן דער תּורה, און מִשפּט די תּורה. היינט, אויב דו מִשפּטסט די תּורה, ביסטו ניט איינער, וואָס איז מקַיים די תּורה, נייערט איר שופט. [12] איינער נאָר איז דער געזעצגעבער און שופט, דאָס איז דער, וואָס איז בּיכולת מַציל צו זיין און אומצוברענגען; ווער אָבער ביסטו, וואָס טוסט מִשפּטן דיין חַבר?

[13] קומט דאָך, איר, וואָס זאָגט: היינט, אָדער מאָרגן וועלן מיר גיין אין דער און דער שטאָט אַריין, און פאַרברענגען דאָרט אַ יאָר, און האַנדלען, און פאַרדינען, [14] הַגם איר ווייסט ניט וואָס מאָרגן וועט זיין. וואָס איז אייער לעבן? וואָרים איר זענט אַ נעפּל, וואָס דויערט אַ ווײַלע, און פאַרשווינדט דערנאָך צוריק. [15] צוליב דעם באַדאַרפט איר זאָגן: אִם־יִרצֶה־הַשֵּם, אַז מיר וועלן לעבן, וועלן מיר דאָס, אָדער דאָס טאָן. [16] אַצינד אָבער רימט איר אייך אין אייערע באַרימערײַען; אַזאַ מין רימען זיך איז

[א] משלי ג, 34.

שלעכט. [17] בכֵן, פאַר דעם, וואָס פאַרשטייט צו טאָן גוטס, און טוט עס ניט, פאַר דעם איז עס אַ זינד.

ה
קומט דאָך, איר רייכע, וויינט און קלאָגט אויף אייערע צָרות, וואָס קומען איבער אייך. [2] אייער עַשירות איז פאַרפוילט, און אייערע בגָדים זענען צעפרעסן פון מאָיל. [3] אייער גאָלד און זילבער איז פאַרזשאַווערט, און זייער זשאַווער וועט זיין אַן עֵדות קעגן אייך, און וועט פאַרצערן אייער פלייש ווי פייער. איר האָט צונויפגעזאַמלט אייער אוֹצר אין די לעצטע טעג. [4] זע, דער שׂכר פון די אַרבעטאָרער, וואָס האָבן געשניטן אייערע פעלדער, און וואָס איז פון אייך פאַרהאַלטן געוואָרן, טוט אויס־שרייען; און די געשרייען פון די, וואָס האָבן געשניטן, זענען אַריין אין די אויערן פון גאָט צבָאות. [5] איר האָט וואויל געלעבט אויף דער ערד, און געהאַט אייערע תַענוגים; איר האָט פעט געמאַכט אייערע הערצער ווי אין אַ טאָג פון שחיטה. [6] איר האָט פאַרמִשפּט, איר האָט געטייט דעם צַדיק; ער טוט זיך ניט שטעלן קעגן אייך.

[7] זייט דעריבער געדולדיק, ברידער, ביז דעם קומען פון דעם האַר. זע, דער אַקערער וואַרט אויף דער טייערער פרוכט פון דער ערד, און איז געדולדיק מיט איר, ביז זי באַקומט דעם פריזרעגן און שפּעטרעגן. [8] זייט איר אויך געדולדיק, שטאַרקט אייערע הערצער; וואָרים דאָס קומען פון דעם האַר האָט גענעענט. [9] מורמלט ניט, ברידער, איינער קעגן דעם אַנדערן, כּדי איר זאָלט ניט געמִשפּט ווערן; אָט שטייט דער שופט פאַר דער טיר. [10] נעמט אייך, ברידער, פאַר אַ בײַשפּיל פון ליידן און געדולד די נביאים, וואָס האָבן גערעדט אין דעם נאָמען פון גאָט. [11] אָט רופן מיר אָן געבענטשטע די, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן. איר האָט געהערט פון דער געדולדיקייט פון איוֹבן, און איר האָט געזען, וואָס גאָט האָט צום סוֹף געטאָן, וואָרים גאָט איז פול מיט רַחמָנות און לײַטזעליקייט[א].

[12] דער עִיקר פון אַלץ אָבער, מיינע ברידער, שווערט ניט, ניט ביים הימל, ניט ביי דער ערד, אויך ניט ביי קיין שום אַנדער שבועה; נייערט זאָל אייער יאָ, זיין יאָ, און אייער ניין, ניין, כּדי איר זאָלט ניט פאַלן אונטער דעם מִשפּט.

[13] טוט ווער ליידן צווישן אייך? לאָז ער מִתפּלֵל זיין. איז עמיצער

[א] איוֹב א, 21, 22; תהלים קיא, 4.

פרייַלעך? לאָז ער זינגען לויב־געזאַנגען. [14] איז עמיצער קראַנק צווישן אייך? לאָז ער רופן די זקנים פון דער קהילה, און זאָלן זיי מתפּלל זיין פאַר אים, און אים זאַלבן מיט אייל אין דעם נאָמען פון גאָט; [15] און די תּפילה פון אמונה וועט מציל זיין דעם קראַנקן, און גאָט וועט אים אויפריכטן; און אויב ער איז באַגאַנגען זינד, וועלן זיי אים פאַרגעבן ווערן. [16] בכן, זייט מתוודה אייערע זינד איינער פאַר דעם אַנדערן, און זייט מתפּלל איינער פאַר דעם אַנדערן, כּדי איר זאָלט געהיילט ווערן. די תּפילה פון דעם צדיק האָט אַ גרויסע און שטאַרקע פּעולה. [17] אליהו איז געווען אַ מענטש פּונקט אַזוי ווי מיר זענען, און ער האָט מתפּלל געווען מיט כּוונה, אַז ס'זאָל ניט רעגענען; און סע האָט ניט גערעגנט אויף דער ערד דריי יאָר מיט זעקס חדשים. [18] און ער האָט ווידער אַמאָל מתפּלל געווען, און דער הימל האָט געגעבן רעגן, און די ערד האָט אַרויסגעבראַכט איר פּרוכטא.

[19] מיינע ברידער, אויב עמיצער פון אייך ווערט אַראָפּגעפירט פון דעם אמת, און איינער קערט אים אום, [20] זאָל ער וויסן, אַז דער, וואָס טוט אומקערן אַ זינדיקן פון זיין פאַרקרומטן וועג, וועט מציל זיין אַ נפש פון טויט, און וועט פאַרדעקן אַ סך זינד.

א מלכים א׳ א, יז, 1; יח, 1.



# דער ערשטער בריוו פון פּעטרוסן

**א** פּעטרוס, אַ שליח פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, צו די אויסדערוויילטע, וואָס זענען תּושבֿים פון דער צעשפּרייטונג אין פּאָנטוס, גאַלאַטיע, קאַפּאַדאָציע, אַזיע און ביטיניע, [2]לויט נאָך דער השגחה פון גאָט, דעם פּאָטער, אין הייליקונג פון דעם גייסט, צו געהאָרכזאַמקייט און שפּרענגונג פון דעם בלוט פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ: חֶסֶד צו אייך און שָלום זאָלן זיין געמערט.

[3]געלויבט איז גאָט, דער פּאָטער פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, וואָס האָט אונדז לויט זיין גרויס רַחמים ווידער אַמאָל געבוירן צו אַ לעבעדיקער האָפענונג, דורך דעם תּחִיַת־הַמֵתים פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, [4]פאַר אַ נַחלה וואָס איז אומפאַרדאַרבלעך, אומבאַפלעקט, וואָס ווערט ניט פאַרוועלקט, און וואָס איז באַהאַלטן פאַר אייך אין הימל, [5]איר, וואָס ווערט פון דער מאַכט פון גאָט באַשיצט דורך אֱמונה פאַר אַ ישועה, וואָס איז אָנגעברייט אַנטפּלעקט צו ווערן אין דער לעצטער צייט. [6]טוט אייך דערמיט שטאַרק פרייען, הַגַם איר זענט אויף אַ קורצער צייט, אויב נייטיק, טרויעריק געוואָרן דורך פאַרשידענע נִסיונות, [7]כּדי דער באַווייז פון אייער אֱמונה, וואָס איז אַ סַך טייערער פון

גאָלד, וואָס פאַרגייט, הגם סע ווערט אויסגעפּרואוווט דורך פייער, זאָל אייך
זיין צום לויב און הערלעכקייט און כּבֿוד ביי דער אַנטפּלעקונג פון ישוע
המשיח. [8] הגם איר האָט אים ניט געזען, האָט איר אים ליב, און הגם איר
טוט אים אַצינד ניט זען, דאָך טוט איר אין אים גלויבן, און טוט אייך
שטאַרק פרייען מיט אַן אומדערציילבאַרער און הערלעכער שׂמחה; [9] און איר
דערגרייכט דעם תּכלית פון אייער אמונה, די ישועה פון אייערע נשמות.

[10] פונוועגן דער דאָזיקער ישועה האָבן חוקר־ודורש געווען די נבֿיאים,
וואָס האָבן נבֿיאות געזאָגט פונוועגן דעם חסד־, וואָס דאַרף קומען אויף
אייך. [11] זיי האָבן געפאָרשט וואָסערע צייט, אָדער וואָסער אופן פון צייט
דער גייסט פון משיחן, וואָס איז געווען אין זיי, האָט אָנגעדייט, בעת ער
האָט פאָרויס עדות געזאָגט אויף די עינויים פון משיחן, און די גדולות,
וואָס וועלן קומען נאָך זיי. [12] פאַר זיי איז דאָס אַנטפּלעקט געוואָרן, אַז
ניט פאַר זיך אַליין, נייערט פאַר אייך האָבן זיי געדינט מיט די דאָזיקע
זאַכן, וואָס זענען אַצינד אָנגעזאָגט געוואָרן צו אייך דורך די, וואָס האָבן
מבֿשׂר־ געווען פאַר אייך די בשׂורה דורך דעם רוח־הקודש, וואָס איז
געשיקט געוואָרן פון הימל; וואָס אין זיי באַגערן אַריינצוקוקן מלאָכים.

[13] בכן, גורט אָן די לענדן פון אייער פאַרשטאַנד, זייט ניכטער, און
לייגט אייער גאַנצע האָפענונג אויף דעם חסד־, וואָס דאַרף פאַר אייך
געבראַכט ווערן ביי דער אַנטפּלעקונג פון ישוע המשיח. [14] ווי געהאָרכזאַמע
קינדער, זאָלט איר אייך ניט צופּאַסן צו אייערע פריערדיקע תּאוות אין
די צייטן פון אייער אומוויסנקייט; [15] נייערט גלייך ווי דער, וואָס האָט
אייך באַרופן, איז הייליק, זאָלט איר אַליין אויך זיין הייליק אין יעדן
שטייגער פון לעבן, [16] מחמת סע שטייט געשריבן:

איר זאָלט זיין הייליק, וואָרים איך בין הייליק[א].

[17] און אויב איר רופט צו אים ווי אַ פאָטער, וואָס טוט משפּטן אָן
נשׂיאת־פּנים, לויט יעדן מענטשנס מעשׂים, זאָלט איר פאַרברענגען אין
מורא די צייט פון אייער פאַרוויילן. [18] וואָרים איר ווייסט, אַז ניט מיט
פאַרדאַרבלעכע זאַכן, מיט זילבער אָדער גאָלד, זענט איר אויסגעלייזט
געוואָרן פון אייער נישטיקן שטייגער פון לעבן, וואָס איז איבערגעגאַנגען
פון אייערע אָבֿות, [19] נייערט מיט דעם טייערן בלוט פון משיחן, ווי פון אַ

א ויקרא יג, 44.

לאַם, אָן אַ מום און אָן אַ פלעק. [20] ער, וואָס איז געווען פאָרויסבאַשטימט
איידער דער גרונטפעסטיקונג פון דער וועלט, נאָר איז אַנטפּלעקט געוואָרן
אויף דעם סוף פון די טעג פון אײַערטוועגן, [21] וואָס זענט דורך אים מַאַמינים
אין גאָט, וואָס האָט אים מחיה־מֵתים געווען, און האָט אים געגעבן כָּבוד,
אַזוי, אַז אייער אֱמונה און האָפענונג זאָל זיין אין גאָט.

[22] הֱיוֹת איר האָט געלײַטערט אייערע נשמות אין אייער געהאָרכזאַמקייט
פאַר דעם אֱמת אין ניט קיין פאַרשטעלטער ליבשאַפט פון די ברידער,
זאָלט איר גלויטיק ליב האָבן איינער דעם אַנדערן פון האַרצן. [23] וואָרים
איר זענט ווידער אַמאָל געבוירן געוואָרן, ניט פון קיין פאַרדאַרבלעכער
זריעה, נייערט פון אומפאַרדאַרבלעכער, דורך דעם וואָרט פון גאָט, וואָס
לעבט און געדײַט. [24] וואָרים

יעדעס פלייש איז ווי גראָז,
און יעדע פּראַכט דערפון איז ווי דער צוויַט פון גראָז.
דאָס גראָז פאַרוועלקט, און דער צוויַט פאַלט אַראָפּ;
[25] אָבער דאָס וואָרט פון גאָט באַשטייט אויף אייביק[א].

און דאָס דאָזיקע איז דאָס וואָרט פון דער גוטער בשורה, וואָס איז אייך
אָנגעזאָגט געוואָרן.

ב בכֵן, טוט אָפּ פון זיך יעדע רִשעות, און יעדן באַטרוג, און חניפה,
און קִנאה, און יעדע רכִילות. [2] ווי ניי־געבוירענע עופעלעך, באַגערט די
ניט־געפעלשטע גײַסטיקע מילך, כּדי איר זאָלט דורך איר וואַקסן צו דער
ישועה, [3] אויב איר האָט טועם געווען, אַז דער האַר איז גוט.

[4] גענעענט צו אים, ווי צו אַ לעבעדיקן שטיין, וואָס איז פאַרוואָרפן
פון מענטשן, ביי גאָט אָבער אויסדערוויילט און טייער, [5] און ווי לעבעדיקע
שטיינער זאָלט איר אַליין אויפגעבויט ווערן צו אַ גייסטיק הויז, צו זיין
אַ הייליקע כּהונה, כּדי מַקריב צו זיין גײַסטיקע קָרבָּנות, וואָס זענען
באַוויליקט צו גאָט דורך יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. [6] מַחמת סע שטייט געשריבן:

זע, איך לייג אין צִיון אַן אויסדערוויילטן, טייערן ווינקלשטיין;
און דער, וואָס גלויבט אין אים, וועט ניט פאַרשעמט ווערן[ב].

[7] בכֵן, פאַר אייך, וואָס גלויבן, איז ער טייער, פאַר אַזוינע אָבער, וואָס
גלויבן ניט:

א ישעיה מ, 6—8. ב ישעיה כח, 16.

איז דער שטיין, וואָס די בוימייַנסטער האָבן פאַרוואָרפן,
געוואָרן צום ווינקלשטייןא,

8 און אַ שטיין פון שטרויכלונג, און אַ פעלז פון ערגערנישב.
וואָרים זיי שטרויכלען צוליב זייער ווידערשפעניקייט קעגן דעם וואָרט, וואָס צו דעם זענען זיי אויך באַשטימט געוואָרן.

9 איר אָבער זענט אַן אויסדערוויילטער דור, אַ מלוכה פון כֹּהנים, אַ הייליקע אומה, אַן עם־סגולה, כדי באַקאַנט צו מאַכן די מִדות פון אים, וואָס האָט אייך אַרויסגערופן פון פינצטערניש צו זיין וואונדערלעך ליכט; 10 איר, וואָס זענט אַמאָל ניט געווען קיין פאָלק, אָבער אַצינד זענט איר גאָטס פאָלק; אַמאָל זענט איר געווען אָן חֶסד־, אָבער אַצינד האָט איר מקַבל געווען חֶסד.

11 באַליבטע, איך בעט אייך ווי גֵרים און תּושבים, זיך צוריקצוהאַלטן פון פליישלעכע תּאוות, וואָס טוען קריגן קעגן אייער זעל. 12 פירט אייך אויף רעכט צווישן די אומות־העולם, כדי, בעת זיי רעדן קעגן אייך ווי טוער פון אומרעכט, זאָלן זיי דורך אייערע מַעשים־טובים, וואָס זיי זעען, לויבן גאָט אין דעם טאָג פון רעכנשאַפט.

13 זייט אונטערטעניק אונטער יעדער מענטשלעכער פאַראָרדענונג פון דעם האַרס־וועגן, סיי דעם מֶלך, ווי אַ העכסטן, 14 אָדער די פּראָקו־ראַטאָרן, וואָס זענען פון אים געשיקט געוואָרן צו שטראָפן די, וואָס טוען אומרעכט, און צו לויבן די, וואָס טוען גוטס. 15 וואָרים אַזוי איז דער רָצון פון גאָט, אַז דורך טאָן גוטס זאָלט איר פאַרשטומען די אומוויסנקייט פון נאַרישע מענטשן; 16 ווי פרייַע, און ניט נוצנדיק אייער פרייַהייט פאַר אַ מאַנטל פון רִשעות, נייערט ווי קנעכט פון גאָט. 17 גיט אָפּ כָּבוד אַלע מענטשן. האָט ליב די ברודערשאַפט. האָט מורא פאַר גאָט. גיט אָפּ כָּבוד דעם מֶלך.

18 קנעכט, זייט אונטערטעניק אייערע האַרן מיט דער גאַנצער פאָרכ־טיקייט, ניט נאָר די גוטע און איידעלע, נייערט אויך די בייזע. 19 וואָרים דאָס דאָזיקע איז באַוויליקט, אויב איינער שטייט אויס יסורים פונוועגן ערלעכקייט צו גאָט, בעת ער טוט ליידן אומזיסט. 20 וואָרים וואָסער כָּבוד איז עס, אַז איר זינדיקט, און ווערט געשלאָגן דערפאַר, אויב איר וועט עס אָננעמען

א תהלים קיח, 22. ב ישעיה ח, 14.

געדולדיק? אויב אָבער איר טוט גוטס, און ליידט דערפאַר געדולדיק, איז
עס באַוויליקט ביי גאָט. 21 וואָרים צו דעם זענט איר באַרופן געוואָרן,
מַחמת מָשיחַ האָט אויך געליטן פאַר אייך, און געלאָזן אייך אַ בייַשפּיל,
כּדי איר זאָלט גיין אין זיינע טריט. 22 ער האָט ניט געטאָן קיין זינד; עס
איז אויך ניט געפונען געוואָרן קיין פאַלשקייט אין זיין מויל. 23 בעת ער איז
געלעסטערט געוואָרן, האָט ער ניט געלעסטערט צוריק; בעת ער האָט
געליטן, האָט ער ניט געסטראַשעט; נייערט האָט זיך איבערגעענטפערט
צו דעם, וואָס טוט מִשפּטן רעכטפאַרטיק. 24 ער אַליין האָט אַוועקגעטראָגן
אונדזערע זינד אין זיין לייַב אויף דעם האָלץ, כּדי מיר זאָלן לעבן
צו רעכטפאַרטיקייט, נאָכדעם ווי מיר זענען אָפּגעשטאָרבן פאַר זינד;
דורך וועמעס וואונדן איר זענט געהיילט געוואָרן[א]. 25 וואָרים איר זענט
פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן ווי שאָף, אָבער אַצינד האָט איר אייך אומגעקערט
צו דעם פּאַסטעך און אויפזעער פון אייערע נשָמות.

ג אויף דעם זעלבן שטייגער, איר ווייבער, זייט אונטערטעניק אייערע
אייגענע מאַנען, כּדי, אויב אַפילו טייל געהאָרכן ניט דאָס וואָרט, זאָלן
זיי קענען געוואונען ווערן אָן דעם וואָרט, דורך דער אויפפירונג פון זייערע
ווייבער, 2 בעת זיי וועלן זען אייער צניעותדיקע און פרומע אויפפירונג.
3 זייער באַשייַנונג זאָל ניט זיין די אויסערלעכע באַשייַנונג פון פלעכטן די
האָר, און פון טראָגן צירונג פון גאָלד, אָדער פון אָנטאָן זיך קליידער,
4 נייערט זאָל דאָס זיין דער פאַרבאָרגענער מענטש פון דעם האַרץ און
דער אומפאַרדאַרבלעכער קליידונג פון אַן עניוותדיקן און שטילן גייסט, וואָס
האָט אַ גרויסן ווערט פאַר גאָט. 5 וואָרים אַזוי פלעגן זיך אַמאָל באַשייַנען
די הייליקע נָשים, וואָס האָבן געהאָפט אין גאָט, און זיי זענען געווען
אונטערטעניק זייערע מאַנען, 6 ווי שָׂרה האָט געהאָרכט אַברָהמען, און האָט
אים אָנגערופן האַר. און איר זענט געוואָרן אירע קינדער, אויב איר טוט
רעכט, און ווערט ניט דערשראָקן פון קיין שום פּחד.
7 אויף אַזאַ שטייגער, איר מאַנען, וואוינט מיט אייערע ווייבער מיט
פאַרשטענדעניש, און גיט אָפּ כּבוד דער פרוי, ווי די שוואַכע כּלי, מַחמת
זיי זענען אויך מיט־יורשים אין דעם חֶסד פון לעבן, כּדי אַז אייערע
תּפילות זאָלן ניט געשטערט ווערן.

א ישעיה נג, 5.

[8] צום סוף, זייט אַלע פון איין מַחשָבָה, רַחמָנוּתדיק, ברודערלעך, באַרעמהאַרציק, ענִיוֻתדיק. [9] פֿאַרגעלט ניט קיין שלעכטס פֿאַר שלעכטס, אָדער לעסטערונג פֿאַר לעסטערונג, נייערט פֿאַרקערט, בענטשט; וואָרים צו דעם זענט איר באַרופֿן געוואָרן, כּדי איר זאָלט יַרשענען אַ בּרָכה.
[10] וואָרים
דער, וואָס וויל ליב האָבן לעבן,
און זען גוטע טעג,
זאָל היטן זיין צונג פֿון שלעכטס,
און זיינע ליפּן פֿון רעדן פֿאַלשקייט;
[11] און זאָל ער אָפּקערן פֿון שלעכטס, און טאָן גוטס,
זאָל ער זוכן שָלום און זיך יאָגן נאָך אים.
[12] וואָרים די אויגן פֿון גאָט זענען אויף די צַדיקים,
און זיינע אויערן צו זייער געבעט;
אָבער דאָס פּנים פֿון גאָט איז קעגן די, וואָס טוען שלעכטסא.

[13] און ווער איז דער, וואָס וועט אייך טאָן שאָדן, אויב איר זענט אייפֿעריק אין דעם, וואָס איז גוט? [14] און אויב אַפֿילו איר זאָלט ליידן פֿונוועגן רעכטפֿאַרטיקייט, טאָ וואויל איז אייך. און האָט ניט קיין מורא פֿאַר זייער שרעק, און ערגערט אייך ניט, [15] נייערט הייליקט אין אייערע הערצער מָשיחן פֿאַר האַר; זייט גרייט תָמיד צו געבן אַ תּשובֿה יעדן איינעם, וואָס פֿרעגט אייך אַ טַעם בנוֹגע דער האָפֿענונג, וואָס איז אין אייך, דאָך מיט ענִיוּת און פֿאָרכטיקייט; [16] האָט אַ גוט געוויסן, כּדי אין דעם, וואָס איר ווערט באַשולדיקט, זאָלן פֿאַרשעמט ווערן די, וואָס לעסטערן אייער גוטע פֿירונג פֿון לעבן אין מָשיחן. [17] וואָרים עס איז בעסער צו ליידן פֿאַר טאָן גוטס, אויב דאָס איז גאָטס רָצון, איידער פֿאַר טאָן שלעכטס. [18] מַחמת אויך מָשיחַ איז איין מאָל געשטאָרבן פֿונוועגן זינד, דער צַדיק פֿאַר די רשָעים, כּדי ער זאָל אונדז געגעענען צו גאָט, בעת ער איז געטייט געוואָרן אין דעם פֿלייש, אָבער געמאַכט געוואָרן לעבעדיק אין דעם גייסט. [19] און אין אים איז ער אויך געגאַנגען און האָט מבַשׂר געווען אין געפֿאַנגענ־שאַפֿט פֿאַר די גייַסטער, [20] וואָס זענען אַמאָל געווען ווידערשפּעניק, בעת די געדולדיקייט פֿון גאָט האָט געוואַרט אין די טעג פֿון נֹחַן, בשָעת די תֵּבה איז

א תהלים לד, 13—17.

געבויט געוואָרן, וואָס אין איר זענען עטלעכע, דהיינו, אַכט נפָשות ניצול געוואָרן פון דעם וואַסער. [21] פון וואָס, אין אַן אֶמֶתער ענלעכקייט, די טבילה טוט אייך אַצינד אויך מַציל זיין, ניט ווי דאָס אָפּטאָן דעם שמוץ פון דעם לייַב, נייערט דאָס פאַרלאַנגען פון אַ גוט געוויסן לגַבי גאָט, דורך דעם תּחִיַת־הַמֵתים פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, [22] וואָס איז ביי דער רעכטער האַנט פון גאָט, נאָכדעם ווי ער איז אַרויפגעגאַנגען אין הימל אַריין; און מַלאָכים און הערשאַפטן און מאַכטן זענען געמאַכט געוואָרן אים אונטערטעניק.

ד דעריבער, אַזוי ווי מָשִיחַ האָט געליטן אין דעם פלייש, זאָלט איר אייך אויך באַוואָפענען מיט דעם זעלבן געדאַנק, וואָרים דער, וואָס האָט געליטן אין דעם פלייש, הערט אויף זינדיקן, [2] כּדי ער זאָל מער ניט לעבן אין דעם פלייש די איבעריקע פון זיינע טעג לויט די תַאוות פון מענטשן, נייערט לויט דעם רָצון פון גאָט. [3] וואָרים עס איז שוין גענוג די פאַרגאַנגענע צייט, בעת איר האָט געטאָן דעם באַגער פון די אומות־הָעולָם, און זענט געגאַנגען אין תַאוות, גלוסטונגען, אויסגעלאַסנקייטן, שִיכּרות און נִמאָסע עֲבוֹדה־זָרות. [4] איבערדעם וואונדערן זיי זיך, וואָס איר לויפט ניט מיט זיי אין דעם זעלבן שלַיַם פון פאַרדאָרבנקייט, בעת זיי רעדן לָשון־הָרע פונוועגן אייך; [5] זיי וועלן אָבער אָפּגעבן דין־וְחֶשבון דעם, וואָס איז אָנגעברייט צו מִשפּטן די לעבעדיקע און די טויטע. [6] וואָרים צוליב דעם איז די בשורה אָנגעזאָגט געוואָרן אַפילו צו די מֵתים, כּדי זיי זאָלן געמִשפּט ווערן אין דעם פלייש ווי מענטשן, אָבער לעבן לויט ווי גאָט אין דעם גייסט.

[7] דער סוף אָבער פון אַלצדינג האָט גענענט; זייט דעריבער געזונט אין פאַרשטאַנד, און זייט ניכטער צו תּפילה. [8] מער פון אַלצדינג זייט גלוטיק אין אייער ליבשאַפט צווישן זיך; וואָרים ליבשאַפט טוט פאַרדעקן אָן אַ שִיעור זינד. [9] זייט מַכנִיס־אוֹרֵחַ איינער דעם אַנדערן אָן מורמלעריַי; [10] דינט איינער דעם אַנדערן, לויט דער מַתָּנה, וואָס יעדער האָט באַקומען, ווי גוטע פאַרוואַלטער פון דעם פילפאַכן חֶסֶד פון גאָט. [11] אויב עמיצער טוט רעדן, זאָל ער רעדן ווי סע וואָלט געווען אַ נבואה פון גאָט; אויב עמיצער טוט דינען, זאָל ער דינען ווי פון דעם כּוֹח, וואָס גאָט טוט געבן, כּדי אין אַלצדינג זאָל גאָט פאַרהערלעכט ווערן דורך יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, וואָס אים געהערט דער כָּבוד און די הערשאַפט אויף אייביק און אייביק. אָמֵן.

[12] באַליבטע, וואונדערט אייך ניט בנוגע דעם פייַעריקן נסיון וואָס קומט איבער אייך, כדי אייך צו פּרוּאוון, גלייך ווי סע וואָלט אייך געטראָפן עפּעס אַן אויסטערלישע זאַך. [13] נייערט פרייט אייך, אויף וויפל איר האָט אַ חלק אין מָשיחס ליידן, כדי איר זאָלט אייך אויך פרייען ביי דער אַנטפּלעקונג פון זיין הערלעכקייט מיט אַ גרויסער פרייד. [14] אויב איר ווערט געלעסטערט פונוועגן דעם נאָמען פון מָשיחן, טאָ וואויל איז אייך, מַחמת דער גייסט פון הערלעכקייט און דער גייסט פון גאָט טוט רוען אויף אייך. [15] נאָר זאָל קיינער פון אייך ניט ליידן ווי אַ רוצח, אָדער אַ גנב, אָדער אַ רָשע, אָדער ווי איינער, וואָס מישט זיך אין פרעמדע עסָקים. [16] נאָר אויב איינער ליידט ווי אַ משיחי, זאָל ער זיך ניט שעמען, נייערט זאָל ער אין דעם דאָזיקן נאָמען פאַרהערלעכן גאָט. [17] וואָרים סע האָט גענעענט די צייט פאַר דעם אָנהייב פון מִשפּט אין דעם הויז פון גאָט; און אויב סע הייבט זיך אָן קודם ביי אונדז, וואָס וועט זיין דער סוף פון די, וואָס געהאָרכן ניט די בשורה פון גאָט? [18] און אויב דער צדיק ווערט קוים געראַטעוועט, וואו וועט אַהינקומען דער רָשע און זינדיקער? [19] בכֵן, זאָלן אויך די, וואָס ליידן לויט דעם רָצון פון גאָט, איבערענטפערן זייערע נשָמות צו אַ געטרייען בורא, בעת זיי טוען גוטס.

ה בכֵן, די זקֵנים צווישן אייך בין איך מַזהיר, איך, וואָס בין אויך אַ זָקן און אַן עדות פון די ליידן פון מָשיחן, ווי אויך אַ טיילנעמער אין דער הערלעכקייט, וואָס וועט אַנטפּלעקט ווערן: [2] פּיטערט גאָטס סטאַדע, וואָס איז אייך אָנפאַרטרויט, און האָט הַשגָחה איבער איר, ניט דורך צוואַנג, נייערט וויליק, לויט דעם רָצון פון גאָט, אויך ניט אין שענדלעכן פאַרדינסט, נייערט מיט חֵשֶק; [3] אויך ניט ווי באַהערשער פון גאָטס נַחלה, נייערט מאַכט אייך פאַר ביישפּילן פון דער סטאַדע. [4] און בעת דער הויפּט־פּאַסטעך וועט אַנטפּלעקט ווערן, וועט איר מקַבל זיין די קרוין פון הערלעכקייט, וואָס טוט ניט פאַרוועלקן.

[5] אַזוי אויך, איר יינגערע, זייט אונטערטעניק די זקֵנים. גורט אייך אַלע אָן מיט הַכנָעה צו דינען איינער דעם אַנדערן; וואָרים גאָט איז קעגן די האָפערדיקע, גיט אָבער חֵן צו די עֲנָווים[א].

[6] בכֵן, דערנידעריקט אייך אונטער דער מעכטיקער האַנט פון גאָט,

א משלי ג, 34.

כדי ער זאָל אייך דערהייבן מיט דער צייט. 7 וואַרפט אַרויף אויף אים
אַלע אייערע דאגות, מחמת ער טוט זאָרגן פאַר אייך[א]. 8 זייט ניכטער,
זייט וואַך. אייער באַדרענגער, דער שׂטן, גייט אַרום ווי אַ ברומענדיקער
לייב, און זוכט, וועמען ער זאָל קענען פאַרצוקן. 9 אים זאָלט איר שטאַרק
ביישטיין אין אייער אמונה, ווייל איר ווייסט, אַז די זעלבע יסורים ווערן
דערפילט אין אייערע ברידער אין דער וועלט. 10 און דער גאָט פון יעדן
חסד, וואָס האָט אייך באַרופן צו זיין אייביקער הערלעכקייט אין משיחן,
וועט אייך אַליין, נאָכדעם ווי איר האָט געליטן אַביסל, מאַכן שלימותדיק,
אייך באַפעסטיקן און שטאַרקן. 11 אים געהערט די הערשאַפט אויף אייביק
און אייביק. אָמן.

12 דורך סילוואַנוסן, אונדזער געטרייען ברודער, ווי איך רעכן אים,
האָב איך אייך בקיצור געשריבן, און מזהיר געווען און עדות געזאָגט, אַז
דאָס דאָזיקע איז דער אמתער חסד פון גאָט; שטייט אין אים פעסט.
13 די קהילה אין בבל, וואָס איז אויסדערוויילט אינאיינעם מיט אייך, גריסט
אייך, און אַזוי טוט מאַרקוס, מיין זון. 14 גריסט איינער דעם אַנדערן מיט
אַ קוש פון ליבשאַפט.

שלום צו אייך אַלע, וואָס זענט אין משיחן.



# דער צווייטער בריוו פון פעטרוסן

א שמעון פעטרוס, אַ קנעכט און שליח פון ישוע המשיח, צו די, וואָס
האָבן מקבל געווען די אייגענע טייערע אמונה ווי מיר, אין דער
רעכטפאַרטיקייט פון אונדזער גאָט און דעם גואל ישוע המשיח.
2 חסד צו אייך און שלום זאָל געמערט ווערן אין דער דערקענטעניש
פון גאָט און פון ישוע, אונדזער האַר. 3 היות זיין געטלעכע מאַכט האָט
אונדז באַוויליקט אַלצדינג, וואָס האָט אַ שייכות צום לעבן און פרומקייט,

[א] תהלים נה, 22.

דורך דער דערקענטעניש פון אים, וואָס האָט אונדז באַרופן דורך זיין אייגענער הערלעכקייט און גוטע מִדות, [4] וואָס דורך זיי האָט ער אונדז באַוויליקט זיינע טייערע און זייער גרויסע הַבטָחות, כּדי דורך די דאָזיקע זאָלט איר ווערן טיילנעמער אין דער געטלעכער טֶבע, בעת איר זענט אַנטרונען די פאַרדאַרבונג, וואָס איז פאַראַן אין דער וועלט דורך תַּאווה.

[5] און פונוועגן דער דאָזיקער סִיבה גיט צו פון אייער צַד די גאַנצע פלייסיקייט, און צו אייער אֶמונה מִדות־טובות, און צו אייערע מִדות־טובות וויסן, [6] און אין אייער וויסן, זעלבסט־באַהערשונג, און אין אייער זעלבסט־באַהערשונג, סַבלָנות, און אין אייער סַבלָנות, פרומקייט, [7] און אין אייער פרומקייט, פריַינטשאַפט, און אין אייער פריַינטשאַפט, ליבשאַפט. [8] וואָרים אויב די דאָזיקע זאַכן זענען אייערע און פאַרמערן זיך, מאַכן זיי אייך איר זאָלט ניט ווערן בָּטל, אויך ניט אומפרוכפּערדיק אין דער דערקענטעניש פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.

[9] וואָרים דעם, וואָס סע פעלן די דאָזיקע זאַכן, דער איז בלינד, און זעט נאָר וואָס עס איז נאָענט, ווייל ער האָט פאַרגעסן די רייניקונג פון זיינע אַלטע זינד. [10] איבערדעם, ברידער, פלייסט אייך נאָך מער, צו מאַכן זיכער אייער באַרופונג און אויסדערוויילטקייט; וואָרים אויב איר וועט דאָס טאָן, וועט איר קיינמאָל ניט געשטרויכלט ווערן. [11] וואָרים אַזוי וועט אייך ברייט געעפנט ווערן דער אַריַינגאַנג אין דער אייביקער מלוכה פון אונדזער האַר און גואֵל יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.

[12] איבערדעם וועל איך תָּמיד זיין גרייט אייך צו דערמאָנען פונוועגן די דאָזיקע זאַכן, הַגַם איר קענט זיי, און זענט באַפעסטיקט אין דעם אֶמת, וואָס איז מיט אייך. [13] און איך האַלט עס פאַר רעכט, כָּל־זמַן איך בין אין דעם דאָזיקן געצעלט, אייך צו דערוועקן דורך דעם דערמאָנען אייך, [14] ווייל איך ווייס, אַז דאָס אויסטאָן זיך פון מיין געצעלט גענעענט גיך, אַזוי ווי אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ האָט מיר אָנגעצייכנט. [15] און איך וועל מיך שטאַרק מִיען, אַז איר זאָלט נאָך מיין פּטִירה אַלעמאָל זיין בכּוח זיך צו דערמאָנען אין די דאָזיקע זאַכן.

[16] וואָרים מיר האָבן ניט געטאָן נאָכגיין קינצלעך אויסגעטראַכטע מַעשׂות, בעת מיר האָבן אייך אָנגעזאָגט די מאַכט פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ און זיין קומען, נייערט מיר זענען געווען אויגן־עֵדות פון זיין

דערהויבנקייט. [17] ווארים ער האָט מקבל געווען פון גאָט, דעם פאָטער, כָּבוד און הערלעכקייט, בעת אַזאַ קול האָט זיך צו אים דערטראָגן דורך דער דערהויבענער הערלעכקייט: דאָס איז מיין געליבטער זון, אין אים איז מיין וואוילגעפעלן. [18] און דאָס דאָזיקע קול האָבן מיר געהערט קומען פון הימל, בעת מיר זענען מיט אים געווען אויף דעם הייליקן באַרג. [19] און מיר האָבן דאָס וואָרט פון נבואה נאָך זיכערער, און איר טוט רעכט, וואָס איר גיט אַכטונג דערויף ווי אויף אַ ליכט, וואָס לייַכט אין אַ פינצטערן אָרט, ביז דער טאָג ברעכט אַריין, און דער מאָרגנשטערן גייט אויף אין אייערע הערצער. [20] פאַרשטייט ראשית דאָס, אַז קיין שום נבואה פון די כּתבֵי־הַקודֶש האָט אָן אייגענעם באַשייד, [21] ווארים קיין שום נבואה איז ווען אַמאָל געקומען דורך דעם רָצון פון אַ מענטש, נייערט מענטשן האָבן גערעדט פון גאָט דורך דער הַשפָּעה פון דעם רוח־הַקודֶש.

ב עס זענען אָבער אויך אויפגעשטאַנען פאַלשע נביאים צווישן דעם פאָלק, ווי סע וועלן אויך זיין צווישן אייך פאַלשע לערער, וואָס וועלן בסוד אַריינברענגען צעשטערנדיקע אַפּיקורסות, און וועלן אַפילו פאַרלייקענען דעם האַר, וואָס האָט זיי אויסגעקויפט, און וועלן ברענגען אויף זיך אַ גיכע פאַרלענדונג. [2] און אַ סך וועלן נאָכגיין נאָך זייערע אומווערדיקע מַעשים, און צוליב זיי וועט דער וועג פון דעם אֶמת געלעסטערט ווערן. [3] און אין גיריקייט וועלן זיי מיט אויסגעטראַכטע רייד מאַכן מִסחָר מיט אייך; זייער פּסַק ווערט פון לאַנג אָן ניט אָפּגעלייגט, און זייער פאַרדאַרבונג שלומערט ניט.

[4] ווארים אויב גאָט האָט ניט געשוינט די מַלאָכים, בעת זיי האָבן געזינדיקט, נייערט האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין גיהנום, און האָט זיי איבער־געענטפערט אין גריבער פון חַשכות, אויפגעהיט צו ווערן פאַר דעם מִשפּט; [5] און האָט ניט געשוינט די אַלטע וועלט, נייערט האָט מַציל געווען נֹחַן מיט זיבן אַנדערע, אַ מבַשׂר פון רעכטפאַרטיקייט, בעת ער האָט געבראַכט אַ מַבול אויף דער וועלט פון די רשָעים; [6] און בעת ער האָט איבערגעקערט די שטעט פון סדום און עַמורָה אין אַש, האָט ער זיי פאַרמִשפּט חָרוב צו ווערן, און האָט זיי געמאַכט פאַר אַ מָשל פאַר יענע, וואָס וועלן לעבן רִשעותדיק; [7] און האָט מַציל געווען דעם צַדיק לוט, וואָס איז געווען שווער געפּלאָגט דורך דעם פאַרשייַטן לעבן פון די רשָעים, [8] (ווארים יענער צַדיק,

בעת ער האָט געוואוינט צווישן זיי, האָט זיך טאָג־טעגלעך געקוועלט אין זיין רעכטפאַרטיקער נשָמה, בעת ער האָט געזען און געהערט זייערע בייזע מַעשׂים); [9] גאָט פאַרשטייט וויאַזוי מַציל צו זיין די פרומע פון אַ נסָיון, און צו האַלטן די רשָעים אויף באַשטראָפונג ביז דעם יום־הַדין, [10] און בִּפרַט די, וואָס גייען נאָך דעם פלייש אין דער תַאווה פון אומרייניקייט, און פאַראַכטן הערשאַפט.

הָעזֶהדיק זענען זיי, איינגעצעקשנט, און ציטערן ניט צו לעסטערן שׂרָרות, [11] בשַעת מַלאָכים, הַגַם גרעסער אין שטאַרקייט און מאַכט, ברענגען ניט קעגן זיי קיין לעסטערנדיקן מִשפּט פאַר גאָט. [12] די דאָזיקע אָבער, ווי באַשעפענישן אָן שֵׂכל, וואָס זענען געבוירן געוואָרן ווי פָּשוטע חַיות, געכאַפּט און אומגעבראַכט צו ווערן, בעת זיי לעסטערן אין ענָיָנים, וואָס זיי פאַרשטייען ניט, וועלן אין זייער צעשטערונג זיכער אומגעבראַכט ווערן, [13] און ליידן אומרעכט ווי דער שׂכַר פון טאָן אומרעכט. זיי האַלטן עס פאַר אַ תַענוג צו פרעסן דורכן טאָג, זענען פלעקן און מומים, און הוליען אין זייערע שקָרים, בשַעת זיי מאַכן סעודות מיט אייך. [14] זיי האָבן אויגן, וואָס זענען פול מיט זנות, און וואָס קענען זיך ניט צוריקהאַלטן פון זינד; זיי פאַרכִישופן אומבאַפעסטיקטע נשָמות; זיי האָבן אַ האַרץ געוואוינט צו זשעדנעקייט; קינדער פון דער קלָלה. [15] ווייל זיי האָבן פאַרלאָזן דעם דֶרֶך־הַיָשָר, זענען זיי פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן, און זענען געגאַנגען דעם וועג פון בִלעָם בֶּן־בעור, וואָס האָט ליב געהאַט דעם שׂכַר פון אומרעכט; [16] ער איז אָבער געשטראָפט געוואָרן פאַר זיין אייגענער עֲבֵירה: אַ שטום אייזל האָט גערעדט מיט אַ מענטשנס קול, און האָט פאַרמיטן דעם שִגָעון פון דעם נָביא[א].

[17] דאָס זענען קוואַלן אָן וואַסער, און נעפּלען געטריבן פון אַ שטורעם; פאַר זיי איז אָנגעברייט געוואָרן די שטאָק־פינצטערניש. [18] וואָרים בעת זיי רעדן אַרויס גרויסע אויפגעשוואָלענע רייד פון נישטיקייט, פאַרכִישופן זיי דורך גלוסטיקייטן און די תַאוות פון פלייש יענע, וואָס זענען גראָד אַנטרונען פון די, וואָס לעבן אין טָעות. [19] זיי זאָגן זיי צו פרייַהייט, בעת זיי אַליין זענען קנעכט פון פאַרדאָרבנקייט; וואָרים פון וועמען אַ מענטש ווערט בייַגעקומען, פון דעם ווערט ער אויך געבראַכט אין קנעכטשאַפט.

[א] במדבר כב, 28.

[20] ווארים אויב נאָכדעם, ווי זיי זענען אַנטרונען פון די טומאות פון דער וועלט דורך דער דערקענטעניש פון דעם האַר און גואֵל יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, ווערן זיי ווידער אַמאָל פאַרוויקלט אין זיי און בײַגעקומען, איז זייער לעצטע מַדרֵגה ערגער ווי די ערשטע. [21] ווארים סע וואָלט געווען בעסער פאַר זיי ניט צו האָבן געקענט דעם וועג פון רעכטפאַרטיקייט, איידער נאָכדעם ווי זיי האָבן אים געקענט, זיך אָפּצוקערן פון דעם הייליקן געבאָט, וואָס איז זיי איבערגעגעבן געוואָרן. [22] סע האָט געטראָפן מיט זיי לויט דעם אֶמֶתן מָשל: דער הונט קערט זיך אום צוריק צו זיין אייגענער אויסברעכונג, און דער חַזיר, וואָס האָט זיך געוואַשן, ווידער צו וואַלגערן זיך אין דער בלאָטע[א].

ג דאָס איז שוין דער צווייטער בריוו, באַליבטע, וואָס איך שרייב צו אייך; און אין ביידע פון זיי טו איך דערוועקן און דערמאָנען אייער ריין געמיט, [2] כדי איר זאָלט געדענקען די רייד, וואָס זענען פריער גערעדט געוואָרן דורך די הייליקע נבִיאים, און דאָס געבאָט פון דעם האַר און גואֵל דורך אייערע שלִיחים. [3] רֵאשית זאָלט איר פאַרשטיין דאָס דאָזיקע, אַז אויף דעם סוף פון די טעג וועלן קומען לֵצים מיט זייער לֵיצָנוּת, וואָס גייען נאָך זייערע אייגענע תַאוות, [4] און זאָגן: וואו איז די הַבטָחה פון זיין קומען? ווארים זינט די אָבות זענען אַנטשלאָפן געוואָרן, איז אַלצדינג געבליבן ווי עס איז געווען פון אָנהייב אָן פון דער באַשאַפונג. [5] ווארים דאָס פאַרגעסן זיי בכִיוון, אַז די הימלען זענען געווען פון פאַרצייטן, און אַן ערד, וואָס האָט זיך דורך דעם וואָרט פון גאָט געפורעמט פון דעם וואַסער און דורך דעם וואַסער, [6] וואָס דורך זיי איז די וועלט, וואָס איז דעמאָלט געווען, אומגעקומען, בעת זי איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט וואַסער. [7] די הימלען אָבער, וואָס זענען אַצינד, און די ערד, זענען דורך דעם זעלבן וואָרט אויפגעהיט געוואָרן פאַר דעם פייער, וואָס איז באַהאַלטן געוואָרן אויף דעם יום־הַדין און דער פאַרדאַרבונג פון די רשָעים.

[8] פאַרגעסט אָבער ניט דאָס איינע, באַליבטע, אַז איין טאָג איז ביי גאָט ווי טויזנט יאָר, און טויזנט יאָר ווי איין טאָג[ב]. [9] גאָט פאַרזאַמט ניט בנוגֵע זיין הַבטָחה, ווי טייל רעכענען פאַרזאַמונג; נייערט איז געדולדיק קעגן אייך, ווייל ער וויל ניט, אַז עמיצער זאָל אומקומען, נייערט, אַז

[א] משלי כו, 11. [ב] תהלים צ, 4.

אַלע זאָלן קומען צו תשובה. [10] אָבער דער טאָג פון גאָט וועט קומען ווי אַ גַנָב; און אין אים וועלן די הימלען פאַרשווינדן מיט גרויס רַעש, און די יסודות וועלן אויפגעלייזט ווערן אין ברענענדיקער היץ, און די ערד און די ווערק, וואָס זענען אויף איר, וועלן פאַרבּרענט ווערן.

[11] הֱיוֹת ווי אַלע די דאָזיקע זאַכן וועלן אַזוי אויפגעלייזט ווערן, וואָסערע מִינים מענטשן דאַרפט איר זיין אין אַ הייליק לעבן און פרומקייט, [12] בעת איר דערוואַרט און באַגערט שטאַרק דאָס קומען פון גאָטס טאָג, וואָס דורך אים וועלן אויפגעלייזט ווערן די הימלען אין פייער, און די יסודות צעשמאָלצן ווערן אין ברענענדיקער היץ? [13] מיר אָבער וואַרטן, לויט זיין הַבטָחה, אויף נייע הימלען און אויף אַ נייער ערד, וואו סע טוט וואוינען רעכטפאַרטיקייט.

[14] בכֵן, באַליבטע, הֱיוֹת איר וואַרט אויף די דאָזיקע זאַכן, גיט אַכטונג, אַז איר זאָלט געפונען ווערן אָן אַ פלעק און אָן אַ מום פאַר אים בשָלום. [15] און רעכנט די געדולדיקייט פון אונדזער האַר פאַר אַ ישועה, אַזוי ווי אויך אונדזער באַליבטער ברודער פּאָולוס האָט אייך געשריבן, לויט דער חָכמה, וואָס איז אים געגעבן געוואָרן, [16] ווי ער טוט עס אויך אין אַלע זיינע בריוו, בעת ער רעדט אין זיי פון וועגן די דאָזיקע זאַכן. פאַראַן אין זיי טייל זאַכן וואָס זענען שווער צו פאַרשטיין, וואָס די אומפאַרשטענדיקע און ניט שטאַנדהאַפטיקע פאַרדרייען, ווי זיי טוען אויך די אַנדערע ספָרים, צו זייער אייגענער פאַרדאַרבונג. [17] איר אָבער, באַליבטע, ווייל איר ווייסט דאָס פון פריער, גיט אַכטונג, טאָמער וועט איר, בעת איר ווערט אַוועקגעטראָגן מיט דעם טָעות פון די רשָעִים, פאַלן פון אייער אייגענער שטאַנדהאַפטיקייט. [18] נייערט וואַקסט אין דעם חֶסֶד און דערקענטעניש פון אונדזער האַר און גוֹאֵל יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. אים געהערט דער כָּבוד, סיי אַצינד און אויף אייביק. אָמֵן.



# דער ערשטער בריוו פון יוֹחָנָן

א דאָס, וואָס איז געווען פון אָנהייב אָן, וואָס
מיר האָבן געהערט, וואָס מיר האָבן געזען מיט
אונדזערע אויגן, וואָס מיר האָבן באַטראַכט און אונדזערע
הענט האָבן באַרירט, פונוועגן דעם וואָרט פון לעבן, –
[2] און דאָס לעבן איז אַנטפלעקט געוואָרן, און מיר האָבן
געזען, און זאָגן עֵדות, און זאָגן אייך אָן דאָס אייביקע
לעבן, וואָס איז געווען ביי דעם פאָטער, און איז צו
אונדז אַנטפלעקט געוואָרן, – [3] וואָס מיר האָבן געזען און
געהערט, דאָס זאָגן מיר אייך אָן, כּדי איר זאָלט האָבן
חַברוּתֶאשאַפט מיט אונדז, און אונדזער חַברוּתֶאשאַפט
איז מיט דעם פאָטער און מיט זיין זון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.
[4] און די דאָזיקע זאַכן שרייבן מיר אייך, כּדי אונדזער
שִׂמחה זאָל זיין פול.

[5] און דאָס איז די שליחות, וואָס מיר האָבן געהערט
פון אים און זאָגן אייך אָן, אַז גאָט איז ליכט, און קיין
פינצטערניש איז אין אים בִּכלַל ניטאָ. [6] אויב מיר זאָגן,
אַז מיר האָבן חַברוּתֶאשאַפט מיט אים און גייען אין
דער פינצטערניש, זאָגן מיר ליגן, און טוען ניט דעם
אֶמת. [7] אויב אָבער מיר גייען אין דעם ליכט, ווי ער
איז אין דעם ליכט, האָבן מיר חַברוּתֶאשאַפט איינער
מיט דעם אַנדערן, און דאָס בלוט פון יֵשוּעַן, זיין זון,
טוט אונדז רייניקן פון אַלע זינד.

[8] אויב מיר זאָגן, אַז מיר האָבן ניט קיין זינד,
נאַרן מיר זיך אַליין אָפּ, און דער אֶמת איז ניט אין

אונדז. [9] אויב מיר זענען זיך מתוודה אויף אונדזערע זינד, איז ער געטריי
און רעכטפאַרטיק, און וועט אונדז מוחל זיין אונדזערע זינד, און אונדז
רייניקן פון יעדער אומגערעכטיקייט. [10] אויב מיר זאָגן, אַז מיר האָבן ניט
געזינדיקט, מאַכן מיר אים פאַר אַ ליגנער, און זיין וואָרט איז ניט אין אונדז.

ב קינדער מיינע, די דאָזיקע זאַכן שרייב איך אייך, כדי איר זאָלט ניט
זינדיקן. און אויב עמיצער טוט זינדיקן, האָבן מיר אַ מליץ ביי דעם
פאָטער, ישוע המשיח, דעם צדיק; [2] און ער איז די פאַרגעבונג פאַר
אונדזערע זינד, און ניט נאָר פאַר אונדזערע אַליין, נייערט אויך פאַר דער
גאַנצער וועלט. [3] און דורך דעם וויסן מיר, אַז מיר קענען אים, אויב מיר
היטן אָפּ זיינע מצוות. [4] דער, וואָס זאָגט: איך קען אים, און טוט ניט
אָפּהיטן זיינע מצוות, איז אַ ליגנער, און דער אמת איז ניט אין אים. [5] ווער
אָבער סע היט אָפּ זיין וואָרט, אין אים איז באמת די ליבשאַפט פון גאָט
דערפילט געוואָרן. דורך דעם וויסן מיר, אַז מיר זענען אין אים. [6] דער,
וואָס זאָגט, אַז ער בלייבט אין אים, דאַרף אויך אַליין גיין אַזוי ווי ער איז
געגאַנגען.

[7] באַליבטע, ניט קיין ניי געבאָט שרייב איך אייך, נייערט אַן אַלט
געבאָט, וואָס איר האָט געהאַט פון אָנהייב אָן; דאָס אַלטע געבאָט איז
דאָס וואָרט, וואָס איר האָט געהערט. [8] ווידער שרייב איך אייך אַ ניי
געבאָט, וואָס דאָס איז אמת אין אים און אין אייך, מחמת די פינצטערניש
פאַרגייט, און דאָס אמתע ליכט טוט שוין שיינען. [9] דער, וואָס זאָגט, ער
איז אין דעם ליכט, און האָט פיינט זיין ברודער, איז נאָך אַלץ אין דער
פינצטערניש. [10] דער, וואָס האָט ליב זיין ברודער, טוט בלייבן אין דעם
ליכט, און עס איז ניטאָ אין אים קיין סיבה פון שטרויכלונג. [11] דער אָבער,
וואָס האָט פיינט זיין ברודער, איז אין דער פינצטערניש און טוט גיין אין
דער פינצטערניש, און ווייסט ניט וואוהין ער גייט, מחמת די פינצטערניש
האָט פאַרבלענדט זיינע אויגן.

[12] איך שרייב אייך, קינדער מיינע, מחמת אייערע זינד זענען אייך
פאַרגעבן געוואָרן פון זיין נאָמענס וועגן. [13] איך שרייב אייך, פאָטערס, מחמת
איר קענט אים, וואָס איז פון אָנהייב אָן. איך שרייב אייך, יונגעלייט,
מחמת איר האָט באַזיגט דעם בייזן. איך האָב געשריבן צו אייך,
קינדער, מחמת איר קענט דעם פאָטער. [14] איך האָב געשריבן צו אייך,

פֿאָטערס, מַחמת איר קענט אים, וואָס איז פֿון אָנהייב אָן. איך האָב
געשריבן צו אייך, יונגעלייט, מַחמת איר זענט שטאַרק, און דאָס וואָרט פֿון
גאָט טוט בלייבן אין אייך, און איר האָט בײַגעקומען דעם בייזן.
[15] האָט ניט ליב די וועלט, אויך ניט די זאַכן, וואָס זענען אין דער
וועלט. אויב עמיצער האָט ליב די וועלט, איז די ליבשאַפֿט פֿון דעם
פֿאָטער ניט אין אים. [16] וואָרים אַלץ, וואָס איז אין דער וועלט, די תּאווה
פֿון דעם פֿלייש, און די תּאווה פֿון די אויגן, און די גאווה פֿון לעבן, איז
ניט פֿון דעם פֿאָטער, נייערט פֿון דער וועלט. [17] און די וועלט פֿאַרגייט,
און איר תּאווה; דער אָבער, וואָס טוט דעם רָצון פֿון גאָט, פֿאַרבלײַבט
אויף אייביק.

[18] קינדער, עס איז די לעצטע שָעה; און אַזוי ווי איר האָט געהערט,
אַז דער קעגנער פֿון מָשיחַן קומט, אַזוי זענען איצט אויפֿגעשטאַנען אַ סך
קעגנער פֿון מָשיחַן. פֿון דעם פֿאַרשטייען מיר, אַז ס'איז די לעצטע שָעה.
[19] זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פֿון אונדז, זיי זענען אָבער ניט געווען פֿון אונדז.
וואָרים אויב זיי וואָלטן געווען פֿון אונדז, וואָלטן זיי פֿאַרבליבן מיט אונדז;
זיי זענען אָבער אַרויסגעגאַנגען, כּדי זיי זאָלן ווערן אַנטפּלעקט, אַז זיי
אַלע זענען ניט פֿון אונדז. [20] און איר האָט אַ זאַלבונג פֿון דעם הייליקן,
און איר אַלע ווייסט עס. [21] איך האָב אייך געשריבן, ניט מַחמת איר קענט
ניט דעם אֶמת, נייערט מַחמת איר קענט אים, און מַחמת קיין שום ליגן
קומט ניט פֿון דעם אֶמת.

[22] ווער איז דער ליגנער, אויב ניט דער, וואָס פֿאַרלייקנט, אַז יֵשוּעַ
איז דער מָשיחַ? דער דאָזיקער איז דער קעגנער פֿון מָשיחַן, וואָס פֿאַר־
לייקנט דעם פֿאָטער און דעם זון. [23] ווער סע פֿאַרלייקנט דעם זון, האָט
אויך ניט דעם פֿאָטער; דער, וואָס איז מודה אין דעם זון, האָט אויך
דעם פֿאָטער.

[24] זאָל דאָס, וואָס איר האָט געהערט פֿון אָנהייב אָן, פֿאַרבלײַבן
אין אייך. אויב דאָס, וואָס איר האָט געהערט פֿון אָנהייב אָן, פֿאַרבלײַבט
אין אייך, וועט איר אויך פֿאַרבלײַבן אין דעם זון און אין דעם פֿאָטער.
[25] און דאָס דאָזיקע איז די הַבטָחה, וואָס ער האָט אונדז מַבטִיחַ געווען,
דאָס אייביקע לעבן.

[26] די דאָזיקע זאַכן האָב איך אייך געשריבן פֿונוועגן די, וואָס ווילן אייך

פאַרפירן; 27 אָבער די זאַלבונג, וואָס איר האָט מקבל געווען פון אים, טוט
פאַרבלייבן אין אייך, און איר נייטיקט זיך ניט, אַז עמיצער זאָל אייך
לערנען; נייערט אַזויווי זיין זאַלבונג טוט אייך לערנען פונוועגן אַלצדינג, און
איז וואָרהאַפטיק און ניט קיין ליגן, און אַזויווי זי האָט אייך געלערנט,
אַזוי פאַרבלייבט אין אים.

28 און אַצינד, קינדער, פאַרבלייבט אין אים, כדי, ווען ער וועט
אַנטפלעקט ווערן, זאָלן מיר האָבן בטחון, און ניט פאַרשעמט ווערן פאַר אים
ביי זיין קומען. 29 אויב איר ווייסט, אַז ער איז רעכטפאַרטיק, פאַרשטייט
איר, אַז אויך יעדער איינער, וואָס טוט רעכטפאַרטיקייט, איז פון אים
געבוירן.

ג זעט מיט וואָס פאַר אַ מין ליבשאַפט דער פאָטער האָט אונדז מזכה
געווען, אַז מיר זאָלן גערופן ווערן קינדער פון גאָט; און אַזוינע זענען
מיר אויך. פונוועגן דער דאָזיקער סיבה טוט אונדז די וועלט ניט קענען,
מחמת זי האָט אים ניט געקענט. 2 באַליבטע, אַצינד זענען מיר קינדער
פון גאָט; און עס איז נאָך ניט אַנטפלעקט געוואָרן וואָס מיר וועלן זיין.
מיר ווייסן, אַז ווען ער וועט אַנטפלעקט ווערן, וועלן מיר זיין גלייך ווי
ער; וואָרים מיר וועלן אים זען אַזויווי ער איז. 3 און יעדער איינער, וואָס
האָט די דאָזיקע האָפענונג געשטעלט אויף אים, רייניקט זיך אַליין, אַזויווי
ער איז ריין.

4 יעדער איינער, וואָס טוט זינדיקן, איז עובר די תורה, און זינד איז
דאָס עובר זיין אויף דער תורה. 5 און איר ווייסט, אַז ער איז אַנטפלעקט
געוואָרן, כדי אַוועקצונעמען זינד; און אין אים איז ניטאָ קיין זינד. 6 ווער
סע פאַרבלייבט אין אים, טוט ניט זינדיקן; ווער סע טוט זינדיקן, האָט אים
ניט געזען, און אויך ניט געקענט.

7 קינדער, לאָז אייך קיינער ניט פאַרפירן. דער, וואָס טוט רעכט־
פאַרטיקייט, איז רעכטפאַרטיק, אַזויווי ער איז רעכטפאַרטיק. 8 דער, וואָס
באַגייט זינד, איז פון דעם שטן; וואָרים דער שטן זינדיקט פון אָנהייב אָן.
צוליב דעם איז דער בן־אלהים אַנטפלעקט געוואָרן, כדי ער זאָל צעשטערן
די מעשים פון דעם שטן.

9 ווער סע איז געבוירן געוואָרן פון גאָט, באַגייט ניט קיין זינד, מחמת

זיין זאָמען פאַרבלײַבט אין אים; און ער קאָן ניט זינדיקן, מַחמת ער איז
געבוירן געוואָרן פון גאָט. 10 אין דעם ווערן אַנטפּלעקט די קינדער פון
גאָט און די קינדער פון שָׂטָן. ווער סע טוט ניט קיין רעכטפאַרטיקייט, איז
ניט פון גאָט, און אויך ניט דער, וואָס טוט ניט ליב האָבן זיין ברודער.
11 וואָרים דאָס איז די שליחות, וואָס איר האָט געהערט פון אָנהייב
אָן, אַז מיר זאָלן ליב האָבן איינער דעם אַנדערן. 12 ניט ווי קַיִן, וואָס איז
געווען פון דעם בייזן, און האָט געהרגעט זיין ברודער א. און פאַרוואָס
האָט ער אים געהרגעט? מַחמת זיינע מַעשׂים זענען געווען שלעכט, און זיין
ברודערס רעכטפאַרטיק.
13 וואונדערט אייך ניט, ברידער, אויב די וועלט האָט אייך פיינט.
14 מיר ווייסן, אַז מיר זענען אַריבערגעגאַנגען פון טויט צום לעבן, מַחמת
מיר האָבן ליב די ברידער. דער, וואָס טוט ניט ליב האָבן, פאַרבלײַבט
אין טויט. 15 ווער סע האָט פיינט זיין ברודער, איז אַ רוצח; און איר
ווייסט, אַז אַ רוצח האָט ניט קיין חֵלֶק אין אייביקן לעבן.
16 אין דעם דערקענען מיר ליבשאַפט, מַחמת ער האָט אַוועקגעגעבן
זיין לעבן פאַר אונדז; און אויך מיר דאַרפן אַוועקגעבן אונדזער לעבן
פאַר די ברידער. 17 ווער אָבער סע האָט די גיטער פון דער וועלט, און
זעט זיין ברודער אין נויט, און פאַרשליסט זיין האַרץ קעגן אים, וויאַזוי
טוט די ליבשאַפט פון גאָט פאַרבלײַבן אין אים? 18 קינדער, לאָמיר ניט
ליב האָבן אין וואָרט, אויך ניט מיט דער צונג, נייערט אין מַעשׂים און
אֶמת.
19 אין דעם וועלן מיר דערקענען, אַז מיר זענען פון דעם אֶמת, און
וועלן פאַר אים פאַרזיכערן אונדזער האַרץ, 20 מַחמת אויב אונדזער האַרץ
פאַרמשפּט אונדז, איז גאָט גרעסער ווי אונדזער האַרץ און ווייסט אַלצדינג.
21 באַליבטע, אויב אונדזער האַרץ פאַרמשפּט אונדז ניט, האָבן מיר בטָחון
פאַר גאָט; 22 און וואָס מיר בעטן, באַקומען מיר פון אים, מַחמת מיר
היטן אָפּ זיינע מִצוות און טוען דאָס, וואָס איז אים וואוילגעפעלן. 23 און
דאָס איז זיין געבאָט, אַז מיר זאָלן גלויבן אין דעם נאָמען פון זיין זון
יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, און ליב האָבן איינער דעם אַנדערן, אַזוי ווי ער האָט אונדז
געבאָטן. 24 און דער, וואָס האַלט זיינע מִצוות, טוט פאַרבלײַבן אין אים,

א בראשית ד, 8.

און ער אין זיי. און אין דעם דערקענען מיר, אַז ער פֿאַרבלײַבט אין
אונדז, דורך דעם גייסט, וואָס ער האָט אונדז געגעבן.

ד באַליבטע, גלויבט ניט יעדן גייסט, נייערט פּרואווט די גייסטער, צי
זיי זענען פֿון גאָט; מַחמת אַ סך פֿאַלשע נבֿיאים זענען אַרויסגעגאַנגען
אין דער וועלט אַרײַן. [2] אין דעם טוט דערקענען דעם גייסט פֿון גאָט:
יעדער גייסט, וואָס איז מודה, אַז יֵשוּעַ הַמָשִׁיחַ איז געקומען אין דעם
פֿלייש, איז פֿון גאָט; [3] און יעדער גייסט, וואָס איז ניט מודה אין יֵשוּעַן,
איז ניט פֿון גאָט. און דאָס איז דער גייסט פֿון דעם קעגנער פֿון מָשיחַן,
פֿון דעם, וואָס איר האָט געהערט, אַז ער קומט; און אַצינד איז ער שוין
אין דער וועלט.

[4] איר זענט פֿון גאָט, קינדער מײַנע, און איר האָט זיי בײַגעקומען;
מַחמת דער, וואָס איז אין אײַך, איז גרעסער ווי דער, וואָס איז אין דער
וועלט. [5] זיי זענען פֿון דער וועלט, דעריבער רעדן זיי פֿון דער וועלט,
און די וועלט טוט זיי הערן. [6] מיר זענען פֿון גאָט; דער, וואָס קען גאָט,
טוט אונדז הערן; דער, וואָס איז ניט פֿון גאָט, טוט אונדז ניט הערן. אין
דעם דערקענען מיר דעם גייסט פֿון אֶמת און דעם גייסט פֿון טָעות.

[7] באַליבטע, לאָמיר ליב האָבן איינער דעם אַנדערן; וואָרים ליבשאַפֿט
איז פֿון גאָט, און יעדער איינער, וואָס האָט ליב, איז געבוירן געוואָרן
פֿון גאָט, און קען גאָט. [8] דער, וואָס האָט ניט ליב, קען ניט גאָט; וואָרים
גאָט איז ליבע.

[9] אין דעם איז די ליבשאַפֿט פֿון גאָט אַנטפּלעקט געוואָרן אין אונדז,
וואָס גאָט האָט געשיקט זײַן בֶּן־יָחִיד אין דער וועלט אַרײַן, כּדי מיר זאָלן
דורך אים לעבן. [10] אין דעם איז ליבשאַפֿט: ניט דאָס, וואָס מיר האָבן ליב
געהאַט גאָט, נייערט וואָס ער האָט אונדז ליב געהאַט, און האָט געשיקט
זײַן זון צו זײַן די פֿאַרגעבונג פֿאַר אונדזערע זינד. [11] באַליבטע, אויב גאָט
האָט אונדז אַזוי ליב געהאַט, באַדאַרפֿן מיר אויך ליב האָבן איינער דעם
אַנדערן. [12] קיינער האָט קיינמאָל ניט געזען גאָט; אויב מיר האָבן ליב
איינער דעם אַנדערן, טוט גאָט פֿאַרבלײַבן אין אונדז, און זײַן ליבשאַפֿט
ווערט שלימותדיק אין אונדז.

[13] אין דעם ווייסן מיר, אַז מיר בלײַבן אין אים, און ער אין אונדז,
מַחמת ער האָט אונדז געגעבן פֿון זײַן גייסט. [14] און מיר האָבן געזען און

זאָגן עֵדות, אַז דער פאָטער האָט געשיקט דעם זון צו זיין דער גוֹאֵל פון
דער וועלט. 15 דער, וואָס וועט מודה זיין, אַז יֵשוּעַ איז דער בֶּן־אֱלֹהִים,
טוט גאָט פאַרבלייַבן אין אים, און ער אין גאָט. 16 און מיר האָבן דערקענט
און געגלויבט אין דער ליבשאַפט, וואָס גאָט האָט פאַר אונדז. גאָט איז
ליבע, און דער, וואָס בלייַבט אין ליבשאַפט, טוט פאַרבלייַבן אין גאָט,
און גאָט פאַרבלייַבט אין אים.

17 מיט דעם איז די ליבשאַפט אין אונדז געמאַכט געוואָרן גאַנץ, כּדי
מיר זאָלן האָבן בִּטָחון אין דעם יום־הַדין; מַחמת אַזויווי ער איז, פונקט
אַזוי זענען מיר אין דער דאָזיקער וועלט. 18 עס איז ניטאָ קיין פַּחד אין
ליבשאַפט, נייערט שלֵימותדיקע ליבשאַפט טוט אַרויסטרייַבן דעם פַּחד־,
מַחמת פַּחד האָט שטראָף; און דער, וואָס האָט מורא, איז ניט געוואָרן
שלֵימותדיק אין ליבשאַפט. 19 מיר האָבן ליב, מַחמת ער האָט אונדז קודם
ליב געהאַט. 20 אויב עמיצער זאָגט: איך האָב ליב גאָט, און האָט פיינט
זיין ברודער, איז ער אַ ליגנער; וואָרים דער, וואָס האָט ניט ליב זיין
ברודער, וועמען ער האָט געזען, קען ניט ליב האָבן גאָט, וועמען ער האָט
ניט געזען. 21 און דאָס דאָזיקע געבאָט האָבן מיר פון אים, אַז דער, וואָס
האָט ליב גאָט, זאָל אויך ליב האָבן זיין ברודער.

ה וועד סע גלויבט, אַז יֵשוּעַ איז דער מָשִיחַ, איז געבוירן געוואָרן פון
גאָט; און וועד סע האָט ליב דעם, וואָס האָט אים געבוירן, האָט אויך
ליב דעם, וואָס איז פון אים געבוירן געוואָרן. 2 אין דעם דערקענען מיר,
אַז מיר האָבן ליב די קינדער פון גאָט: בעת מיר האָבן ליב גאָט און
זענען מקַיים זיינע מִצוות. 3 וואָרים דאָס איז די ליבשאַפט צו גאָט, וואָס
מיר האַלטן זיינע מִצוות; און זיינע מִצוות זענען ניט שווער. 4 וואָרים אַלץ,
וואָס עס איז געבוירן געוואָרן פון גאָט, איז מנַצֵחַ די וועלט; און דאָס
איז דער נִצָחון, וואָס האָט מנַצֵחַ געווען די וועלט: אונדזער אֱמונה.

5 און וועד איז דער, וואָס איז מנַצֵחַ די וועלט, אויב ניט דער, וואָס
גלויבט, אַז יֵשוּעַ איז דער בֶּן־אֱלֹהִים? 6 דאָס איז דער, וואָס איז געקומען
דורך וואַסער און בלוט, יֵשוּעַ הַמָשִיחַ; ניט מיט דעם וואַסער אַליין, נייערט
מיט דעם וואַסער און מיט דעם בלוט. 7 און עס איז דער גייסט, וואָס זאָגט
עֵדות, מַחמת דער גייסט איז דער אֱמת. 8 וואָרים עס זענען דריי, וואָס זאָגן

עֵדות: דער גייסט, און דאָס וואַסער, און דאָס בלוט; און די דריי זענען
איינשטימיק.

[9] אויב מיר זענען מקַבל דאָס עֵדות פון מענטשן, איז דאָס עֵדות פון
גאָט גרעסער; וואָרים דאָס איז דאָס עֵדות פון גאָט, אַז ער האָט עֵדות־
געזאָגט פונווענגן זיין זון. [10] דער, וואָס גלויבט אין דעם בֶּן־אֱלֹהִים, האָט דאָס
עֵדות אין זיך; דער, וואָס גלויבט ניט גאָט, האָט אים געמאַכט פאַר אַ
ליגנער, מַחמת ער האָט ניט געגלויבט אין דעם עֵדות, וואָס גאָט האָט
עֵדות געזאָגט פונווענגן זיין זון. [11] און דאָס איז דאָס עֵדות, אַז גאָט האָט
אונדז געגעבן אייביק לעבן, און דאָס דאָזיקע לעבן איז אין זיין זון. [12] דער,
וואָס האָט דעם זון, האָט דאָס לעבן; דער, וואָס האָט ניט דעם בֶּן־אֱלֹהִים,
האָט ניט דאָס לעבן.

[13] די דאָזיקע זאַכן האָב איך אייך געשריבן, כּדי איר זאָלט וויסן, אַז
איר האָט אייביק לעבן, איר, וואָס טוט גלויבן אין דעם נאָמען פון דעם
בֶּן־אֱלֹהִים. [14] און דאָס איז דער בטָחון, וואָס מיר האָבן צו אים, אַז אויב
מיר בעטן עפּעס לויט זיין רָצון, דערהערט ער אונדז. [15] און אויב מיר ווייסן,
אַז ער דערהערט אונדז פונווענגן דעם, וואָס מיר בעטן, ווייסן מיר, אַז מיר
האָבן די בַּקָשות, וואָס מיר האָבן אים געבעטן.

[16] אויב עמיצער זעט זיין ברודער זינדיקן אַ זינד, וואָס איז ניט צום
טויט, זאָל ער בעטן, און גאָט וועט אים געבן לעבן פאַר די, וואָס זינדיקן
ניט צום טויט. עס איז פאַראַן אַ זינד, וואָס איז צום טויט; ניט פונווענגן
דעם טו איך זאָגן, אַז ער זאָל בעטן. [17] יעדע אומגערעכטיקייט איז זינד;
און עס איז פאַראַן אַ זינד, וואָס איז ניט צום טויט.

[18] מיר ווייסן, אַז ווער סע איז געבוירן געוואָרן פון גאָט, זינדיקט ניט;
נייערט דער, וואָס איז געבוירן געוואָרן פון גאָט, היט זיך אָפּ, און דער
בייזער רירט אים ניט אָן.

[19] מיר ווייסן, אַז מיר זענען פון גאָט, און די גאַנצע וועלט ליגט אין
דער מאַכט פון דעם בייזן. [20] און מיר ווייסן, אַז דער בֶּן־אֱלֹהִים איז
געקומען, און האָט אונדז געגעבן פאַרשטענדיקייט, אַז מיר זאָלן קענען אים,
וואָס איז וואָרהאַפטיק; און מיר זענען אין אים, וואָס איז וואָרהאַפטיק, אין
זיין זון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ. דער דאָזיקער איז דער וואָרהאַפטיקער גאָט, און
דאָס אייביקע לעבן. [21] קינדער, היט אייך פון אָפּגעטער.

# דער צווייטער בריוו פון יוחנן

אדער זָקן צו דער אויסדערוויילטער האַרינטע און אירע קינדער, וועמען
איך האָב באֱמת ליב; און ניט נאָר איך, נייערט אויך אַלע, וואָס קענען
דעם אֱמת; 2 פאַר דעם אֱמת וועגן, וואָס טוט פאַרבלײַבן אין אונדז, און
וועט זיין מיט אונדז אויף אייביק: 3 חֶסֶד, רַחמים, און שָלום זאָלן זיין מיט
אונדז פון גאָט, דעם פאָטער, און פון יֵשוּעַ הַמָשיחַ, דעם זון פון דעם
פאָטער, אין וואָרהאַפטיקייט און ליבשאַפט.
4 איך פריי מיך זייער שטאַרק, וואָס איך האָב געפונען טייל פון
דיינע קינדער גיין אין דעם אֱמת, אַזוי ווי מיר האָבן מקַבל געווען אַ געבאָט
פון דעם פאָטער. 5 און איצט בעט איך דיך, האַרינטע, ניט ווי איך וואָלט
דיר געשריבן אַ ניי געבאָט, נייערט דאָס, וואָס מיר האָבן געהאַט פון
אָנהייב אָן, אַז מיר זאָלן ליב האָבן איינער דעם אַנדערן. 6 און דאָס
דאָזיקע איז ליבשאַפט, אַז מיר זאָלן גיין לויט זיינע געבאָטן. דאָס איז דאָס
געבאָט, אַזוי ווי איר האָט געהערט פון אָנהייב אָן, אַז איר זאָלט גיין דערין.
7 וואָרים אַ סַך פאַרפירערס זענען אַרויסגעגאַנגען אין דער וועלט אַריין,
וואָס זענען ניט מודה, אַז יֵשוּעַ הַמָשיחַ איז געקומען אין דעם פלייש. דאָס איז
דער פאַרפירער און דער קעגנער פון מָשיחַן. 8 גיט אַכטונג אויף זיך אַליין, כּדי
איר זאָלט ניט פאַרלירן דאָס, אויף וואָס מיר האָבן זיך געמיט, נייערט אַז איר
זאָלט מקַבל זיין אַ פולן שׂכַר. 9 ווער סע גייט ווייטער און פאַרבלײַבט ניט
אין דער לערנונג פון מָשיחַן, האָט ניט גאָט; ווער סע פאַרבלײַבט אין דער
לערנונג, דער דאָזיקער האָט סיי דעם פאָטער און סיי דעם זון. 10 אויב
עמיצער קומט צו אייך און טוט ניט ברענגען די דאָזיקע לערנונג, זאָלט איר
אים ניט אויפנעמען אין אייער הויז, און אים ניט אָפּגעבן קיין שָלום; 11 וואָרים
דער, וואָס גיט אים אָפּ שָלום, האָט אַ חֵלֶק אין זיינע בייזע מַעשׂים.
12 הֱיוֹת ווי איך האָב אייך נאָך אַ סַך צו שרייבן, וויל איך עס אָבער
ניט טאָן מיט פאַפּיר און טינט; נייערט איך האָף צו קומען צו אייך, און
צו רעדן פֶּה־אֶל־פֶּה, כּדי אונדזער שׂמחה זאָל זיין פול.
13 די קינדער פון דיין אויסדערוויילטער שוועסטער גריסן דיר.

# דער דריטער בריוו פון יוחנן

א דער זָקן צו גאַיוסן, דעם באַליבטן, וועמען איך האָב באֱמֶת ליב.
2 באַליבטער, איך בין מִתפַּלֵל, אַז דו זאָלסט אין אַלצדינג מַצלִיחַ זיין און
זיין געזונט, אַזױװי דײַן נשָמה טוט מַצלִיחַ זיין. 3 וואָרים איך האָב מיך
זייער געפרייט, בעת סע זענען געקומען ברידער און האָבן עֵדות געזאָגט
אויף דיין וואָרהאַפּטיקייט, אַזױװי דו גייסט אין דעם אֱמת. 4 קיין גרעסערע
פרייד ווי די דאָזיקע האָב איך ניט, צו הערן פון מיינע קינדער, אַז זיי גייען
אין דעם אֱמת.

5 באַליבטער, דו טוסט אַ געטריַיע אַרבעט מיט דעם, וואָס דו טוסט
פאַר די ברידער, און בִּכלַל פאַר פרעמדע, 6 וואָס זאָגן עֵדות אויף דיין
ליבשאַפט פאַר דער קהִילה. דו וועסט טאָן רעכט, זיי וויַיטער צו שיקן אויף
זייער נסִיעה, ווי עס איז רָאוי פאַר גאָט. 7 מַחמת פון דעם נאָמען וועגן זענען
זיי אַרויסגעגאַנגען, און האָבן גאָרניט גענומען פון די געצנדינער. 8 מיר דאַרפן
דעריבער מקַבל זיין אַזוינע, כּדי מיר זאָלן זיין מיטאַרבעטער פאַר דעם אֱמת.

9 איך האָב עפּעס געשריבן צו דער קהִילה; דיִאָטרעפעס אָבער, וואָס
האָט ליב צו זיין אַ ראש צווישן זיי, טוט אונדז ניט אויפנעמען. 10 בכֵן,
אויב איך וועל קומען, וועל איך דערמאָנען זיינע מַעשׂים, וואָס ער טוט,
בעת ער פלוידערט קעגן אונדז בייזע רייד. און ווי דאָס וואָלט ניט געווען
גענוג, טוט ער אויך ניט אויפנעמען די ברידער, און יענע, וואָס ווילן עס
טאָן, טוט ער פאַרווערן און זיי אַרויסוואַרפן פון דער קהִילה.

11 באַליבטער, טו ניט נאָך דאָס שלעכטע, נייערט דאָס גוטע. דער,
וואָס טוט גוטס, איז פון גאָט; דער, וואָס טוט שלעכטס, האָט ניט געזען
גאָט. 12 דעמעטריוס האָט דאָס עֵדות פון אַלעמען, און פון דעם אֱמת אַליין;
און אויך מיר זאָגן עֵדות, און דו ווייסט, אַז אונדזער עֵדות איז אֱמת.

13 איך האָב געהאַט אַ סך זאַכן דיר צו שרייבן, נאָר איך וויל זיי ניט
שרייבן מיט טינט און פעדער; 14 איך האָף אָבער באַלד דיך צו זען, און
מיר וועלן רעדן פֶּה־אֶל־פֶּה.

15 שָלום צו דיר. די פריינט גריסן דיך. גריס די פריינט ביים נאָמען.

# דער בריוו פון יְהוּדָהן

א יהודה, אַ קנעכט פון יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, און אַ ברודער
פון יַעקבן, צו די וואָס זענען באַרופן, באַליבטע
אין גאָט דעם פאָטער, און אָפגעהיט פאַר יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.
2 רַחמים צו אייך און שָלום און ליבשאַפט זאָלן זיין
געמערט.
3 באַליבטע, בשַעת איך האָב מיר פירגענומען מיט
דער גאַנצער פלײַסיקייט אייך צו שרייבן פון אונדזער
בשותּפותדיקער ישועה, האָב איך עס געהאַלטן פאַר
נייטיק אייך צו שרייבן און אייך דערמאָנען, אַז איר
זאָלט קעמפן פאַר דער אֶמונה, וואָס איז איין מאָל פאַר
אַלעמאָל איבערגעענטפערט געוואָרן צו די הייליקע.
4 וואָרים סע האָבן זיך צו אייך אַרײַנגעשאַרט טייל
מענטשן, וואָס זענען פון לאַנג פאָרויס פאַרשריבן געוואָרן
צו דעם דאָזיקן פסַק: רשָעים, וואָס פאַרבײַטן דעם חֶסֶד
פון אונדזער גאָט אין פאַרשײַטקייט, און פאַרלייקענען
אונדזער איינציקן מושל און האַר, יֵשוּעַ הַמָשִיחַ.
5 איצט וויל איך אייך אָבער דערמאָנען, הַגַם איר
ווייסט אַלצדינג שוין פון פריער, אַז גאָט, בעת ער האָט
מַציל געווען דאָס פאָלק פון דעם לאַנד מִצרַיִם, האָט
דערנאָך פאַרטיליקט די, וואָס האָבן ניט געגלויבט.

[6]און מַלאָכים, וואָס האָבן ניט געהיט זייער אייגענע מֶמשָלה, נייערט האָבן
פאַרלאָזט זייער אייגן וואוינאָרט, האָט ער געהאַלטן אונטער פינצטערניש
אין אייביקע קייטן פאַר דעם מִשפּט פון דעם גרויסן טאָג. [7]פּונקט ווי סדום
און עֲמוֹרה און די שטעט אַרום זיי, וואָס האָבן אויף אַן ענלעכן אופן ווי
די דאָזיקע זיך איבערגעגעבן צו זנות און זענען געגאַנגען נאָך פרעמדן
פלייש, זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרן ווי אַ מָשל, בעת זיי ליידן שטראָף
פון אייביקן פייער.

[8]אויף אַן ענלעכן אופן טוען אויך די דאָזיקע בַּעלי־חַלוֹמות מטַמא זיין
דאָס פלייש, און זענען מבַטל הערשאַפטן און לעסטערן שְׂררות. [9]דער
שַׂר־המַלאָך מִיכָאֵל אָבער, בעת ער האָט זיך געקריגט מיט דעם שָׂטן,
און זיך מִתוַכֵּח געווען פונוועגן דעם לײַב פון משהן, האָט ער זיך ניט
דערוועגט אַרויסצוברענגען קעגן אים אַ לעסטערנדיקן מִשפּט, נייערט האָט
געזאָגט: גאָט זאָל דיך שטראָפן. [10]די דאָזיקע אָבער לעסטערן דאָס, וואָס
זיי קענען ניט, און וואָס זיי פאַרשטייען בטֶבע ווי נאַרישע בהֵמות, מיט דעם
פאַרדאַרבן זיי זיך. [11]ווײַ איז צו זיי! וואָרים זיי זענען געגאַנגען אין דעם
וועג פון קַיִנען, און זענען געלאָפן פאַרשײַט צוליב געצאָלטס אין דעם טָעות
פון בִּלעָמען, און זענען אומגעקומען אין דער ווידערשפּעניקייט פון קוֹרַחן.
[12]דאָס זענען די, וואָס זענען פאַרבאָרגענע פעלזן אויף אייערע ליבשאַפט־
סעודות, בעת זיי עסן מיט אייך, וואָס פיטערן זיך אַליין אָן מוֹרא; וואָלקנס
אָן וואַסער, אַרומגעטריבן פון ווינטן; האַרבסט־ביימער אָן פֵּירות, צוויי מאָל
געשטאָרבענע, אויסגעריסענע מיט די וואָרצלען; [13]ווילדע יַם־כוואַליעס, וואָס
שוימען אויס זייער אייגענע חֶרפּה; וואַנדערנדיקע שטערן, פאַר וועמען די
שטאָק־פינצטערניש איז באַהאַלטן געוואָרן אויף אייביק.

[14]און אויף די דאָזיקע האָט אויך חֲנוֹך, דער זיבעטער פון אָדָמען,
נביאות געזאָגט, אַזוי צו זאָגן: זע, גאָט איז געקומען מיט צענטויזנטער פון
זיינע הייליקע, [15]אויסצופירן אַ מִשפּט איבער אַלע, און צו באַשטראָפן
אַלע רשָעים פונוועגן אַלע זייערע מַעשׂים פון רִשעות, וואָס זיי האָבן
רִשעותדיק געטאָן, און פונוועגן אַלע האַרטע רייד, וואָס גאָטלאָזע רשָעים
האָבן גערעדט קעגן אים. [16]דאָס זענען מורמלערס, וואָס באַקלאָגן זיך,
וואָס גייען נאָך זייערע תַּאוות, און זייער מויל רעדט אויפגעבלאָזענע רייד,
און זענען נוֹשׂא־פָּנים פון געווינס וועגן.

17 איר אָבער, באַליבטע, געדענקט די רייד, וואָס זענען פריער
גערעדט געוואָרן דורך די שליחים פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 18 וואָרים
זיי האָבן אייך געזאָגט: אין דער לעצטער צייט וועלן אויפשטיין אָפּשפּעטער,
וואָס וועלן גיין נאָך זייערע אייגענע רְשעותדיקע תַּאוות. 19 דאָס זענען די,
וואָס מאַכן אָפּשיידונגען, גַשמִיותדיקע, וואָס האָבן ניט דעם גייסט. 20 איר
אָבער, באַליבטע, בויט אייך אויף אין אייער הייליקסטער אֱמונה, זייט
מִתפַּלֵל אין דעם רוחַ־הַקוֹדֶש; 21 האַלט אייך אין דער ליבשאַפט פון גאָט,
און וואַרט אויף דער באַרעמהאַרציקייט פון אונדזער האַר יֵשוּעַ הַמָּשִׁיחַ־
פאַר אייביק לעבן. 22 און אויף טייל, וואָס זענען אין סָפק, האָט רַחמָנות;
23 און טייל זייט מַציל, רייסט זיי אַרויס פון דעם פייער; און אויף טייל
האָט רַחמָנות מיט מוֹרא, און מִיאוסט אייך אויך פאַר דעם געוואַנט, וואָס
איז באַפלעקט פון דעם פלייש.

24 און צו דעם, וואָס איז בִּיכוֹלֶת אייך אָפּצוהיטן פון שטרויכלונג, און
אייך צו שטעלן אָן אַ מום פאַר דעם פָּנים פון זיין הערלעכקייט מיט גרויס
שִׂמחה, 25 צו דעם איינציקן גאָט, אונדזער גוֹאֵל, דורך יֵשוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אונדזער
האַר, זאָל זיין כָּבוד, גדולה, מֶמשָלה און גבורה פון אַלע צייטן, אַצינד
און אויף אייביק. אָמֵן.





# די הִתגַלוּת פוּן יוֹחָנָן

א די הִתגַלוּת פוּן יֵשוּעַ הַמָשִיחַ, וואָס
גאָט האָט אים געגעבן צו ווייזן זיינע
קנעכט, זאַכן וואָס דאַרפן בקָרוב געשען;
און ער האָט געשיקט און זיי מוֹדיע געווען
דורך זיין מַלאך צו זיין קנעכט יוֹחָנָן, 2 וואָס
האָט עֵדות געזאָגט פוּנוועגן דעם וואָרט
פוּן גאָט, און פוּנוועגן דעם עֵדות פוּן יֵשוּעַ
הַמָשִיחַ, און פוּנוועגן אַלצדינג, וואָס ער
האָט געזען. 3 וואויל איז דעם, וואָס טוט
לייענען, און די, וואָס הערן די רייד פוּן
דער נבוּאה, און היטן אָפּ, וואָס איז דערין
געשריבן; וואָרים די צייט האָט גענעענט.

4 יוֹחָנָן צו די זיבן קהִילות, וואָס זענען
אין אַזיע: חֶסֶד צו אייך און שָלום פוּן אים,
וואָס איז, און וואָס איז געווען, און וואָס
דאַרף קומען; און פוּן די זיבן גייסטער,
וואָס זענען פאַר זיין שטול, 5 און פוּן יֵשוּעַ
הַמָשִיחַ, דעם געטרייען עֵדות, דעם בּכוֹר
פוּן די מֵתים, און דעם הערשער פוּן די
מלָכים פוּן דער ערד. צו אים, וואָס האָט
אונדז ליב און האָט אונדז אויסגעלייזט

פון אונדזערע זינד דורך זיין בלוט, [6] און האָט אונדז געמאַכט פאַר אַ
מלוכה, פאַר כּהנים צו זיין גאָט און פאָטער. אים געהערט די הערלעכקייט
און די הערשאַפט אויף אייביק און אייביק. אָמֵן. [7] זע, ער קומט מיט די
וואָלקנס, און יעטוועדעס אויג וועט אים זען, און די, וואָס האָבן אים
דורכגעשטאָכן; און אַלע מִשפּחות פון דער ערד וועלן קלאָגן איבער
אים. יאָ, אָמֵן.

[8] איך בין די אַלֶף און די תָּוו, זאָגט גאָט, דער האַר, וואָס איז און
וואָס איז געווען און וואָס דאַרף קומען, דער אַלמעכטיקער.

[9] איך, יוחנן, אייער ברודער און חבר מיט אייך אין דעם קומער און
מַלכות און געדולד אין ישוע, בין געווען אויף דעם אינזל, וואָס ווערט
אָנגערופן פּאַטמאָס, פונוועגן דעם וואָרט פון גאָט און פונוועגן דעם עֵדות
פון ישוע. [10] איך בין געווען אין דעם גייסט אין דעם טאָג פון דעם האַר,
און איך האָב געהערט הינטער מיר אַ הויך קול ווי פון אַ שופר, [11] אַזוי צו
זאָגן: וואָס דו זעסט, פאַרשרייב אין אַ סֵפר, און שיק עס צו די זיבן
קהילות: קיין עפעזוס, און קיין סמירנע, און קיין פּערגאַמוס, און קיין
טיאַטירע, און קיין סאַרדיס, און קיין פילאַדעלפיע, און קיין לאַאָדיקיע.

[12] און איך האָב מיך אויסגעדרייט צו זען דאָס קול, וואָס האָט מיט
מיר גערעדט. און ווי איך האָב מיך אויסגעדרייט, האָב איך געזען זיבן
גילדענע מנורות, [13] און אין דער מיט פון די מנורות — איינעם גלייך ווי אַ
בן־אָדם, באַקליידט מיט אַ מַלבוש אַראָפּצו ביז די פיס, און אַרומגעגאַרטלט
ביי דער ברוסט מיט אַ גילדענעם גאַרטל. [14] און זיין קאָפּ און זיינע האָר
זענען געווען ווייס ווי ווייסע וואָל, ווי שניי, און זיינע אויגן זענען געווען
ווי אַ פלאַם פון פייער, [15] און זיינע פיס גלייך ווי פּאָלירט מעש, בעת
סע גליט אין אויוון, און זיין קול ווי דאָס קול פון אַ סך וואַסערן. [16] און
ער האָט געהאַט אין זיין רעכטער האַנט זיבן שטערן; און פון זיין מויל
איז אַרויסגעגאַנגען אַ שאַרפע צוויי־שניידיקע שווערד; און זיין פּנים איז
געווען ווי די זון, בעת זי שיינט אין איר קראַפט.

[17] און בעת איך האָב אים געזען, בין איך געפאַלן צו זיינע פיס ווי
אַ טויטער. און ער האָט אַרויפגעלייגט אויף מיר זיין רעכטע האַנט, און
געזאָגט: האָב ניט קיין מורא; איך בין דער ערשטער און דער לעצטער
[18] און דער לעבעדיקער; איך בין געווען טויט, און זע, איך בין לעבעדיק

אויף אייביק, און האָב די שליסלען פון טויט און פון שאול־תּחתּיה. [19] שרייב
דעריבער וואָס דו האָסט געזען, און וואָס איז פאַראַן, און וואָס סע וועט
שפּעטער געשען. [20] דעם סוד פון די זיבן שטערן, וואָס דו האָסט געזען אין
מיין רעכטער האַנט, און די זיבן גילדענע מנורות: די זיבן שטערן זענען די
מלאָכים פון די זיבן קהילות, און די זיבן מנורות זענען די זיבן קהילות.

ב צו דעם מלאך פון דער קהילה אין עפעזוס שרייב: דאָס דאָזיקע זאָגט
דער, וואָס האַלט די זיבן שטערן אין זיין רעכטער האַנט, וואָס גייט אין
דער מיט פון די זיבן גילדענע מנורות: [2] איך קען דיינע מעשים און דיין מי
און דיין געדולדיקייט, און אַז דו קענסט ניט פאַרטראָגן קיין רשעים, און
האָסט געטאָן אויספּרוּוון די, וואָס רופן זיך שליחים, און זענען עס ניט, און
האָסט זיי אויסגעפונען פאַר ליגנער; [3] און דו האָסט געדולד, און האָסט
געטאָן פאַרטראָגן פון מיין נאָמענסוועגן, און ביסט ניט געוואָרן מיד. [4] איך
האָב אָבער קעגן דיר דאָס, וואָס דו האָסט פאַרלאָזן דיין ערשטע ליבשאַפט.
[5] געדענק דעריבער פונוואַנען דו ביסט געפאַלן, און טו תשובה, און
טו די ערשטע מעשים. אויב ניט, וועל איך קומען צו דיר, און וועל
אַוועקרוקן דיין מנורה פון איר אָרט, סיידן דו וועסט תשובה טאָן. [6] דאָס
אָבער האָסטו, וואָס דו האָסט פיינט די מעשים פון די ניקאָלאַאיטן, וועמען
אויך איך האָב פיינט. [7] דער, וואָס האָט אַן אויער, זאָל הערן, וואָס דער
גייסט טוט זאָגן צו די קהילות: דער, וואָס איז מנצח, דעם וועל איך געבן
צו עסן פון דעם עץ־החיים, וואָס איז אין גאָטס גן־עדן.

[8] און צו דעם מלאך פון דער קהילה אין סמירנע שרייב: דאָס דאָזיקע
זאָגט דער ערשטער און דער לעצטער, וואָס איז געווען טויט און איז
ווידער לעבעדיק געוואָרן: [9] איך ווייס פון דיין טרויער און דיין אָרעמקייט
(דו ביסט אָבער רייך) און די לעסטערונג פון די, וואָס זאָגן, אַז זיי זענען
ייִדן, און זענען עס ניט, נייערט זענען אַ בית־הכּנסת פון שׂטן. [10] האָב
ניט קיין מורא פאַר דעם, וואָס דו וועסט דאַרפן ליידן. זע, דער שׂטן
איז גרייט טייל פון אייך אַרייַנצוּוואַרפן אין דער תּפיסה, כּדי איר זאָלט
געפּרוּווט ווערן, און איר וועט האָבן צרות צען טעג. זייט געטריי ביז
צום טויט, און איך וועל דיר געבן די קרוין פון לעבן. [11] דער, וואָס האָט
אַן אויער, זאָל הערן, וואָס דער גייסט טוט זאָגן צו די קהילות: דער,
וואָס איז מנצח, וועט ניט ליידן פון דעם צווייטן טויט.

[12] און צו דעם מַלאך פון דער קהִילה אין פּערגאַמום שרייב: דאָס דאָזיקע זאָגט דער, וואָס האָט די שאַרפע צוויי־שנײַדיקע שווערד: [13] איך ווייס, וואו דו וואוינסט, דאָרט, וואו ס'איז דעם שָׂטנס טראָן; און דו האַלטסט פעסט מיין נאָמען, און האָסט ניט געטאָן פאַרלייקענען מיין אֶמונה, אַפילו ניט אין די טעג פון אַנטיפּאַסן, מיין געטרײַען עֵדות, וואָס איז געהַרגעט געוואָרן צווישן אייך, וואו דער שָׂטן טוט וואוינען. [14] איך האָב אָבער עטלעכע זאַכן קעגן דיר, מַחמת דו האָסט דאָרטן טייל, וואָס האַלטן די לערנונג פון בִלעָמען, וואָס האָט געלערנט בָלָקן צו וואַרפן אַ שטרויכלונג פאַר די בְנֵי־יִשׂרָאֵל, צו עסן דאָס, וואָס מען האָט מַקריב געווען צו אָפּגעטער און צו באַגיין זנות. [15] אַזוי אויך האָסטו טייל, וואָס האַלטן פון דער לערנונג פון די ניִקאָלאַאיטן. [16] טו דעריבער תּשובה. אויב ניט, קום איך צו דיר אינגיכן, און וועל מִלחָמה האַלטן קעגן זיי מיט דער שווערד פון מיין מויל. [17] דער, וואָס האָט אַן אויער, זאָל הערן, וואָס דער גייסט טוט זאָגן צו די קהִילות: דער, וואָס איז מנַצֵחַ, דעם וועל איך געבן פון דעם פאַרבאָרגענעם מָן, און איך וועל אים געבן אַ ווייסן שטיין, און אויף דעם שטיין אָנגעשריבן אַ נייעם נאָמען, וואָס קיינער ווייסט ניט, אַחוץ דער, וואָס איז אים מקַבל.

[18] און צו דעם מַלאך פון דער קהִילה אין טיִאַטיראַ שרייב: דאָס דאָזיקע זאָגט דער בֶן־אֱלֹהִים, וואָס האָט אויגן ווי אַ פלאַם פון פייער, און זיינע פיס זענען געגליכן צו פּאָלירט מעש: [19] איך קען דיינע מַעשׂים און דיין ליבשאַפט און אֶמונה און דינונג און געדולדיקייט, און אַז דיינע לעצטע מַעשׂים זענען מער, ווי די ערשטע. [20] איך האָב אָבער עפּעס קעגן דיר, מַחמת דו טוסט דולדן דאָס ווייב איִזֶבֶל, וואָס רופט זיך אָן אַ נבִיאָה, און זי לערנט און פאַרפירט מיינע קנעכט צו באַגיין זנות, און צו עסן דאָס, וואָס מען האָט מַקריב געווען צו אָפּגעטער. [21] און איך האָב איר געגעבן צייט, אַז זי זאָל תּשובה טאָן; און זי וויל ניט תּשובה טאָן אויף איר זנות. [22] זע, איך וואַרף זי אַריין אין אַ געלעגער, און די, וואָס זענען מזַנה מיט איר, אין אַ גרויסער צָרה, אויב זיי וועלן ניט תּשובה טאָן אויף זייערע מַעשׂים. [23] און איך וועל שלאָגן אירע קינדער מיט דעם טויט. און אַלע קהִילות וועלן וויסן, אַז איך בין דער, וואָס טוט פאָרשטן די ניִרן און די הערצער; און איך וועל געבן יעדן איינעם פון אייך לויט אייערע מַעשׂים.

24 איך אָבער זאָג אייך, די איבעריקע אין טיִאַטירא, צו יענע, וואָס
האָבן ניט די דאָזיקע לערנונג, וואָס קענען ניט די טיפקייטן פון דעם
שָׂטן (ווי זיי זאָגן), איך לייג אויף אייך ניט אַרויף קיין שום אַנדערע
מַשׂא. 25 דאָך דאָס, וואָס איר האָט, האַלט פעסט ביז איך קום. 26 און
דער, וואָס איז מנַצֵחַ, און דער, וואָס היט אָפּ מיינע ווערק ביז צום סוף,
אים וועל איך געבן שליטה איבער די אומות. 27 און ער וועט הערשן
איבער זיי מיט אַ רוט פון אייזן, ווי די כֵּלִים פון דעם טעפּער ווערן
צעבראָכן אויף פּיצלעך, אַזוי ווי איך האָב אויך מקַבל געווען פון מיין
פאָטער; 28 און איך וועל אים געבן דעם מאָרגנשטערן. 29 דער, וואָס האָט
אַן אויער, זאָל הערן, וואָס דער גייסט טוט זאָגן צו די קהִילות.

ג און צו דעם מַלאך פון דער קהִילה אין סאַרדעס שרייב: דאָס דאָזיקע
זאָגט דער, וואָס האָט די זיבן גייסטער פון גאָט און די זיבן שטערן:
איך קען דיינע מַעשׂים; דו האָסט אַ נאָמען, אַז דו לעבסט, און ביסט
טויט. 2 וואַך און באַפעסטיק דאָס איבעריקע, וואָס איז געווען גרייט צו
שטאַרבן; וואָרים איך האָב ניט געפונען דיינע מַעשׂים גאַנץ פאַר מיין
גאָט. 3 געדענק דעריבער וויאַזוי דו האָסט מקַבל געווען און געטאָן
הערן, און היט עס און טו תּשובה. אויב אָבער דו וועסט ניט אַכטונג
געבן, וועל איך קומען ווי אַ גַנב, און דו וועסט ניט וויסן אין וואָסער
שָׁעה איך וועל קומען איבער דיר. 4 דו האָסט אָבער אין סאַרדעס
עטלעכע נעמען, וואָס האָבן ניט באַפלעקט זייערע מַלבושים; און זיי וועלן
גיין מיט מיר אין ווייַסן, וואָרים זיי זענען זוכה. 5 דער, וואָס איז מנַצֵחַ,
וועט אַזוי אָנגעטאָן ווערן אין ווייַסע מַלבושים, און איך וועל באַיִן־אופן
ניט אויסמעקן זיין נאָמען פון דעם סֵפֶר־הַחַיִים, און איך וועל מודה זיין
זיין נאָמען פאַר מיין פאָטער און פאַר זיינע מַלאָכים. 6 דער, וואָס האָט
אַן אויער, זאָל הערן, וואָס דער גייסט טוט זאָגן צו די קהִילות.
7 און צו דעם מַלאך פון דער קהִילה פון פילאַדעלפיע שרייב: דאָס
דאָזיקע זאָגט דער, וואָס איז הייליק, דער, וואָס איז וואָרהאַפטיק, דער,
וואָס האָט דעם שליסל פון דָוִדן, דער, וואָס טוט עפענען, און קיינער וועט
ניט פאַרשליסן, און וואָס טוט פאַרשליסן, און קיינער טוט ניט עפענען:
8 איך קען דיינע מַעשׂים – זע, איך האָב געשטעלט פאַר דיר אַ געעפנטע
טיר, וואָס קיינער קאָן ניט פאַרשליסן – וואָרים דו האָסט אַ קליינעם כּוח,

און האָסט געהאַלטען מיין וואָרט, און ניט געטאָן פֿאַרלייקענען מיין נאָמען. [9]זע, איך וועל געבען פֿון דעם בֵּית־הַכְּנֶסֶת פֿון שָׂטָן, פֿון יענע, וואָס זאָגן, אַז זיי זענען ייִדן, און זענען עס ניט, נייערט זאָגן ליגנט — זע, איך וועל מאַכן, אַז זיי זאָלן קומען און זיך בוקן פֿאַר דיינע פֿיס, און זאָלן וויסן, אַז איך האָב דיך ליב. [10]מַחמת דו האָסט געטאָן היטן דאָס וואָרט פֿון מיין געדולדיקייט, וועל איך אויך דיך היטן פֿון דער שָׁעָה פֿון נִסָיון, וואָס וועט קומען איבער דער גאַנצער וועלט צו פּרואוון די, וואָס וואוינען אויף דער ערד. [11]איך קום באַלד; האַלט שטאַרק דאָס, וואָס דו האָסט, כּדי קיינער זאָל ניט צונעמען דיין קרוין. [12]דער, וואָס איז מְנַצֵחַ, דעם וועל איך מאַכן פֿאַר אַ זייַל אין דעם הֵיכל פֿון מיין גאָט, און ער וועט מער ניט אַרויסגיין פֿון דאָרטן; און איך וועל אויף אים אויפֿשרייַבן דעם נאָמען פֿון מיין גאָט, און דעם נאָמען פֿון דער שטאָט פֿון מיין גאָט, דאָס נייע ירושָלַיִם, וואָס נידערט אַראָפּ פֿון הימל פֿון מיין גאָט, און מיין אייגענעם נייעם נאָמען. [13]דער, וואָס האָט אַן אויער, זאָל הערן, וואָס דער גייסט טוט זאָגן צו די קהִילות.

[14]און צו דעם מַלאך פֿון דער קהִילה אין לאַאָדיקיע שרייב: דאָס דאָזיקע זאָגט דער אָמֵן, דער געטרייַער און וואָרהאַפֿטיקער עֵדות, דער אָנהייב פֿון דער באַשאַפֿונג פֿון גאָט. [15]איך קען דיינע מַעשׂים, אַז דו ביסט ניט קאַלט, אויך ניט הייס; הַלוואַי וואָלטסטו געווען קאַלט, אָדער הייס! [16]בכֵן, ווייל דו ביסט לעבלעך, ניט הייס, אויך ניט קאַלט, וועל איך דיך אויסשפּייַען פֿון מיין מויל. [17]וואָרום דו טוסט זאָגן: איך בין רייך, און האָב דערוואָרבן עֲשִׁירות, און נייטיק מיך אין גאָרניט, און ווייסט ניט, אַז דו ביסט גראָד עלנט, און אומגליקלעך און אָרעם, און בלינד, און נאַקעט. [18]בכֵן, ראָט איך דיר, צו קויפֿן ביי מיר גאָלד, געלייַטערט דורך פֿייער, כּדי דו זאָלסט ווערן רייך; און ווייַסע מַלבּושים, כּדי דו זאָלסט דיך באַקליידן, און כּדי די בושה פֿון דיין נאַקעטקייט זאָל ניט אַנטפּלעקט ווערן; און אויגנזאַלב צו זאַלבן דיינע אויגן, כּדי דו זאָלסט קענען זען. [19]אַלע, וואָס איך האָב ליב, מוסר איך און שטראָף; זיי דעריבער אייפֿעריק און טו תּשובה. [20]זע, איך שטיי ביי דער טיר און קלאַפּ אָן; אויב עמיצער הערט מיין קול און טוט עפֿענען די טיר, וועל איך אַרייַנקומען צו אים, און וועל עסן מיט אים, און ער מיט מיר.

[21]דער, וואָס איז מנַצֵחַ, דעם וועל איך געבן, אַז ער זאָל זיך אַנידערזעצן מיט מיר אויף מיין שטול, אַזויווי אויך איך האָב מנַצֵחַ געווען און האָב מיך אַנידערגעזעצט מיט מיין פאָטער אויף זיין שטול. [22]דער, וואָס האָט אַן אויער, זאָל הערן, וואָס דער גייסט טוט זאָגן צו די קהִילות.

ד נאָכדעם האָב איך געזען, ערשט אַ טיר איז געשטאַנען אָפן אין הימל, און דאָס ערשטע קול, וואָס איך האָב געהערט, ווי פון אַ שופר, האָט געטאָן רעדן מיט מיר, און זאָגן: קום אַרויף אַהער, און איך וועל דיר ווייזן דאָס, וואָס מוז שפּעטער געשען. [2]און גלייך בין איך געווען אין דעם גייסט. און זע, עס איז געווען אַוועקגעשטעלט אַ שטול אין הימל, און איינער איז געזעסן אויף דעם שטול; [3]און דער, וואָס איז געזעסן, האָט געהאַט אויף זיך דאָס אויסזען ווי פון אַ יאַספּיס און אַ סאַרדיס־שטיין; און אַ רעגנבויגן איז געווען אַרום דעם שטול, ווי דאָס אויסזען פון אַ שמאַראַגד. [4]און אַרום און אַרום דעם שטול זענען געווען פיר און צוואַנציק טראָנען; און אויף די טראָנען האָב איך געזען זיצן פיר און צוואַנציק זקֵנים, אָנגעטאָן אין ווייסע מַלבושים, און אויף זייערע קעפּ קרוינען פון גאָלד. [5]און פון דעם שטול אַרויס גייען בליצן און קולות און דונערן. און זיבן פייער־פאַקלען האָבן געטאָן ברענען פאַר דעם שטול, וואָס זענען די זיבן גייסטער פון גאָט; [6]און פאַר דעם שטול ווי סע וואָלט געווען אַ יַם פון גלאָז, גלייך ווי קרישטאָל.

און אין דער מיט פון דעם שטול, און אַרום און אַרום דעם שטול, פיר חַיות פול מיט אויגן פון פאָרנט און פון הינטן. [7]און די ערשטע חַיה איז געווען ווי אַ לייב, און די צווייטע חַיה ווי אַן אָקס, און די דריטע חַיה האָט געהאַט אַ פּנים פון אַ מענטשן, און די פערטע חַיה איז געווען ווי אַ פליענדיקער אָדלער. [8]און די פיר חַיות, וואָס יעדע איינע פון זיי האָט געהאַט זעקס פליגל, זענען פול מיט אויגן אַרום און אַרום און אינעווייניק. און זיי האָבן טאָג און נאַכט ניט קיין רו, און זאָגן:

הייליק, הייליק, הייליק איז גאָט דער האַר, דער אַלמעכטיקער,
וואָס איז געווען און וואָס איז און וואָס וועט קומען.

[9]און בעת די חַיות האָבן אָפּגעגעבן הערלעכקייט, און כָּבוד, און דאַנקלויב, צו אים וואָס זיצט אויף דעם שטול, וואָס לעבט אייביק און אייביק, [10]טוען די פיר און צוואַנציק זקֵנים אַנידערפאַלן פאַר אים, וואָס טוט זיצן אויף דעם

שטול, און טוען זיך בוקן צו אים, וואָס לעבט אייביק און אייביק, און טוען אַנידערוואַרפן זייערע קרוינען פאַר דעם שטול, און זאָגן:

[11] ראוי ביסטו, אונדזער האַר און אונדזער גאָט, מקבל צו
זײַן די הערלעכקייט און דעם כּבֿוד און די שטאַרקייט;
וואָרים דו האָסט באַשאַפן אַלצדינג, און דורך דײַן רצון
זענען זיי געווען און זענען באַשאַפן געוואָרן.

ה און איך האָב געזען אין דער רעכטער האַנט פון דעם, וואָס איז געזעסן אויף דעם שטול, אַ ספֿר, באַשריבן אינעווייניק און פון הינטן, און פאַרחתמעט מיט זיבן חתימות. [2] און איך האָב געזען אַ שטאַרקן מלאך, וואָס האָט אויסגערופן מיט אַ הויך קול: ווער איז זוכה צו עפענען דאָס ספֿר און אָפּצושאָן פון אים די חתימות? [3] און קיינער ניט אין הימל, אָדער אויף דער ערד, אָדער אונטער דער ערד, איז בכּוח געווען צו עפענען דאָס ספֿר, אָדער צו קוקן אויף אים. [4] און איך האָב זייער געוויינט, מחמת סע האָט זיך ניט געפונען קיינער, וואָס זאָל זוכה זײַן צו עפענען דאָס ספֿר, אָדער צו קוקן אויף אים. [5] און איינער פון די זקנים האָט געזאָגט צו מיר: וויין ניט; זע, דער לייב, וואָס איז פון דעם שבֿט יהודה, דער שורש פון דוד, האָט מנצח געווען צו עפענען דאָס ספֿר און זײַנע זיבן חתימות.

[6] און איך האָב געזען אין דער מיט פון דעם שטול און די פיר חיות, און אין דער מיט פון די זקנים, אַ לאַם טוט שטיין גלייך ווי סע וואָלט געווען געשאָכטן, און סע האָט זיבן הערנער און זיבן אויגן, וואָס זענען די זיבן גייסטער פון גאָט, אַרויסגעשיקט אויף דער גאַנצער ערד. [7] און ער איז געקומען און האָט אַרויסגענומען דאָס ספֿר פון דער רעכטער האַנט ביי דעם, וואָס איז געזעסן אויף דעם שטול. [8] און בעת ער האָט גענומען דאָס ספֿר, זענען די פיר חיות און די פיר און צוואַנציק זקנים אַנידערגעפאַלן פאַר דעם לאַם, און יעדער איינער האָט געהאַט אַ האַרף און גילדענע בעקנס פול מיט קטורת, וואָס זענען די תּפֿילות פון די קדושים. [9] און זיי האָבן געזונגען אַ נייעם שיר, אַזוי צו זאָגן:

ראוי ביסטו צו נעמען דאָס ספֿר און צו עפענען זײַנע
חתימות, וואָרים דו ביסט געשאָכטן געוואָרן, און מיט דײַן
בלוט האָסטו געטאָן אויסקויפן פאַר גאָט פון יעדן שבֿט,

און לָשון, און אומה, און פאָלק, [10] און האָסט זיי געמאַכט
פאַר אונדזער גאָט אַ מלוכה און כּהנים, און זיי וועלן
קיניגן אויף דער ערד.

[11] און איך האָב געזען, און איך האָב געהערט אַ קול פון אַ סך מַלאָכים
אַרום און אַרום דעם שטול און די חַיות און די זְקֵנים; און זייער צאָל איז
געווען צען טויזנט מאָל צען טויזנט, און טויזנטער פון טויזנטער, [12] און
זיי האָבן געזאָגט מיט אַ הויך קול:

רָאוי איז דאָס לאַם, וואָס איז געשאָכטן געוואָרן, מקַבל
צו זיין די מאַכט, און עֲשירות, און חָכמה, און גבורה, און
כָּבוד, און הערלעכקייט, און בענטשונג.

[13] און יעדע בּריאה, וואָס איז אין הימל, און אויף דער ערד, און אונטער
דער ערד, און אויף דעם יַם, און אַלצדינג, וואָס איז אין זיי, האָב איך
געהערט זאָגן:

צו אים, וואָס טוט זיצן אויף דעם שטול, און צו דעם לאַם,
איז די בענטשונג, און דער כָּבוד, און די הערלעכקייט, און
די מאַכט אויף אייביק און אייביק.

[14] און די פיר חַיות האָבן נאָכגעזאָגט: אָמֵן. און די זְקֵנים זענען אַנידער־
געפאַלן און האָבן זיך געבוקט.

ו און איך האָב געזען, בעת דאָס לאַם האָט געעפנט איינע פון די
זיבן חַתימות; און איך האָב געהערט איינע פון די פיר חַיות זאָגן, ווי
מיט אַ קול פון אַ דונער: קום! [2] און איך האָב געזען, ערשט אַ ווייס
פערד, און דער, וואָס איז אויף אים געזעסן, האָט געהאַט אַ בויגן. און
עס איז אים געגעבן געוואָרן אַ קרוין; און ער איז אַרויסגעגאַנגען ווי אַ
גיבור, און כּדי מנַצֵחַ צו זיין.

[3] און אַז ער האָט געעפנט די צווייטע חַתימה, האָב איך געהערט די
צווייטע חַיה זאָגן: קום! [4] און אַן אַנדער פערד איז אַרויסגעקומען, אַ
רויט פערד; און דעם, וואָס איז אויף אים געזעסן, איז געגעבן געוואָרן צו
נעמען דעם שָלום פון דער ערד, און כּדי זיי זאָלן הַרגענען איינער דעם
אַנדערן; און עס איז אים געגעבן געוואָרן אַ גרויסע שווערד.

[5] און אַז ער האָט געעפנט די דריטע חַתימה, האָב איך געהערט

די דריטע חַיה זאָגן: קום! און איך האָב געזען, ערשט אַ שוואַרץ פערד;
און דער, וואָס איז אויף אים געזעסן, האָט געהאַט אַ וואָגשאָל אין זיין
האַנט. [6]און איך האָב געהערט, ווי סע וואָלט געווען אַ קול אין דער
מיט פון די פיר חַיות זאָגן: אַ מאָס ווייץ פאַר אַ דינר, און דריי מאָס
גערשטן פאַר אַ דינר, און דעם אייל און דעם וויין פאַרדאַרב ניט.

[7]און אַז ער האָט געעפנט די פערטע חַתִימה, האָב איך געהערט
דאָס קול פון דער פערטער חַיה זאָגן: קום! [8]און איך האָב געזען,
ערשט אַ געלבלעך פערד, און דער, וואָס איז אויף אים געזעסן, זיין
נאָמען איז געווען טויט; און דער שאול־תַּחתִּיה איז אים נאָכגעגאַנגען. און
עס איז זיי געגעבן געוואָרן שליטה איבער דעם פערטן טייל פון דער
ערד, צו טייטן מיט שווערד, און מיט הונגער, און מיט טויט, און דורך די
ווילדע חַיות פון דער ערד.

[9]און אַז ער האָט געעפנט די פיפטע חַתִימה, האָב איך געזען אונטער
דעם מִזבֵּחַ די נשָמות פון די, וואָס זענען געהַרגעט געוואָרן פונוועגן דעם
וואָרט פון גאָט, און פונוועגן דעם עֵדות, וואָס זיי האָבן אָפּגעלייגט. [10]און
זיי האָבן געשריגן מיט אַ הויך קול, אַזוי צו זאָגן: ווי לאַנג, אָ האַר, דו
הייליקער און וואָרהאַפטיקער, וועסטו ניט מִשפּטן און זיך נוקם זיין פאַר
אונדזער בלוט אָן די, וואָס וואוינען אויף דער ערד? [11]און עס איז געגעבן
געוואָרן יעדן איינעם פון זיי אַ ווייס קלייד, און עס איז זיי געזאָגט געוואָרן,
אַז זיי זאָלן נאָך רוען אַ קורצע צייט, ביז אויך זייערע מיטקנעכט און זייערע
ברידער, וואָס דאַרפן געטייט ווערן אַזויווי זיי, וועלן דערפילן זייער גאַנג.

[12]און איך האָב געזען, בעת ער האָט געעפנט די זעקסטע חַתִימה,
און עס איז געווען אַ גרויסע ערדציטערניש; און די זון איז געוואָרן שוואַרץ
ווי אַ זאַק פון האָר, און די גאַנצע לְבָנה איז געוואָרן ווי בלוט; [13]און די
שטערן פון דעם הימל זענען געפאַלן אויף דער ערד, ווי אַ פייַגנבוים טוט
אַראָפּוואַרפן זיינע ניט־צייטיקע פייגן, בעת ער ווערט געטרייסלט פון אַ
שטאַרקן ווינט. [14]און דער הימל איז אָפּגעטאָן געוואָרן ווי אַ מגִילה, בעת
זי ווערט צונויפגעוויקלט; און יעדער באַרג און אינזל זענען אַרויסגערוקט
געוואָרן פון זייערע ערטער. [15]און די מלָכים פון דער ערד, און די שָׂרים,
און די הויפּטלייַט, און די נגִידים און די תַּקִיפים, און יעדער קנעכט
און פרייער, האָבן זיך פאַרבאָרגן אין די היילן און אין די פעלזן פון די

בערג; [16]און זיי האָבן געזאָגט צו די בערג און צו די פעלזן: פאַלט אויף
אונדז און פאַרבאָרגט אונדז פון דעם פּנים פון דעם, וואָס זיצט אויף דעם
שטול, און פון דעם גרימצאָרן פון דעם לאַם! [17]וואָרים דער גרויסער
טאָג פון זייער גרימצאָרן האָט גענעענט, און ווער קען באַשטיין?

ז און נאָכדעם האָב איך געזען פיר מַלאָכים שטיין ביי די פיר עקן פון
דער ערד, און האַלטן די פיר ווינטן פון דער ערד, אַז קיין ווינט זאָל
ניט בלאָזן אויף דער ערד, אָדער אויף דעם יַם, אָדער אויף קיין שום בוים.
[2]און איך האָב געזען אַן אַנדערן מַלאך אויפגיין פון דעם זונאויפגאַנג, וואָס
האָט דעם חותם פון דעם לעבעדיקן גאָט; און ער האָט געשריגן מיט אַ
הויך קול צו די פיר מַלאָכים, וועמען עס איז געגעבן געוואָרן צו באַשעדיקן
די ערד און דעם יַם, [3]אַזוי צו זאָגן: באַשעדיקט ניט די ערד, אויך ניט
דעם יַם, אויך ניט די ביימער, ביז מיר וועלן האָבן געחתמעט די קנעכט
פון אונדזער גאָט אויף זייערע שטערנס. [4]און איך האָב געהערט די צאָל
פון די, וואָס זענען געווען פאַרחַתמעט: הונדערט און פיר און פערציק
טויזנט, פאַרחַתמעט פון יעדן שֵבֶט פון די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל:
[5]פון דעם שֵבֶט יהודה זענען געווען פאַרחַתמעט צוועלף טויזנט,
פון דעם שֵבֶט ראובן צוועלף טויזנט,
פון דעם שֵבֶט גָד צוועלף טויזנט,
[6]פון דעם שֵבֶט אָשֵר צוועלף טויזנט,
פון דעם שֵבֶט נַפתָּלִי צוועלף טויזנט,
פון דעם שֵבֶט מנַשֶה צוועלף טויזנט,
[7]פון דעם שֵבֶט שִמעוֹן צוועלף טויזנט,
פון דעם שֵבֶט לֵוִי צוועלף טויזנט,
פון דעם שֵבֶט יִשָשׂכָר צוועלף טויזנט,
[8]פון דעם שֵבֶט זבולון צוועלף טויזנט,
פון דעם שֵבֶט יוסף צוועלף טויזנט,
פון דעם שֵבֶט בִּניָמין זענען געווען פאַרחַתמעט צוועלף טויזנט.
[9]נאָכדעם האָב איך געזען, ערשט אַ גרויסער הָמון, וואָס קיינער
האָט אים ניט געקאָנט איבערציילן, פון יעדער אומה און פון אַלע שבָטים,
און פעלקער, און לשונות, שטיין פאַר דעם שטול און פאַר דעם לאַם,

אָנגעטאָן אין ווייסע קליידער, און פּאַלמען אין זייערע הענט; [10] און זיי שרייען מיט אַ הויך קול, אַזוי צו זאָגן:

די ישועה געהערט צו אונדזער גאָט, וואָס זיצט אויף דעם
שטול און צו דעם לאַם!

[11] און אַלע מַלאָכים זענען געשטאַנען אַרום און אַרום דעם שטול און אַרום די זְקֵנים און די פיר חַיות; און זיי זענען אַנידערגעפאַלן פאַר דעם שטול אויף זייערע פּנימער, און האָבן זיך געבוקט צו גאָט, [12] און געזאָגט:

אָמֵן! בענטשונג, און הערלעכקייט, און חָכמה, און דאַנקלויב,
און כָּבוד, און גבורה, און מאַכט, געהערן צו אונדזער גאָט
אויף אייביק און אייביק! אָמֵן.

[13] און איינער פון די זְקֵנים האָט געענטפערט און צו מיר געזאָגט: די דאָזיקע, וואָס זענען אָנגעטאָן אין די ווייסע קליידער, ווער זענען זיי און פונוואַנען קומען זיי? [14] און איך האָב געזאָגט צו אים: מיין האַר, דו ווייסט. און ער האָט צו מיר געזאָגט: דאָס זענען די, וואָס קומען אַרויס פון אַ גרויסער צָרה, און זיי האָבן געוואַשן זייערע קליידער, און האָבן זיי געמאַכט ווייס אין דעם בלוט פון דעם לאַם. [15] דעריבער זענען זיי פאַר דעם שטול פון גאָט, און זיי דינען אים טאָג און נאַכט אין זיין הֵיכל; און דער, וואָס זיצט אויף דעם שטול, וועט אויסשפרייטן זיין געצעלט איבער זיי. [16] זיי וועלן מער ניט הונגערן, און אויך מער ניט דאָרשטן; אויך וועט די זון ניט פאַלן איבער זיי, אויך ניט קיין שום היץ; [17] וואָרים דאָס לאַם, וואָס איז אין דער מיט פון דעם שטול, וועט זיין זייער פאַסטעך, און וועט זיי פירן צו קוואַלן פון לעבעדיק וואַסער; און גאָט וועט אָפּווישן יעדע טרער פון זייערע אויגן.

ח און בעת ער האָט געעפנט די זיבעטע חַתִימה, איז געקומען אַ שטילקייט אין הימל אַרום דעם מֶשך פון אַ האַלבער שָעה. [2] און איך האָב געזען די זיבן מַלאָכים, וואָס שטייען פאַר גאָט; און עס איז זיי געגעבן געוואָרן זיבן שופרות.

[3] און אַן אַנדערער מַלאך איז געקומען און איז געשטאַנען ביי דעם מִזבֵחַ, און ער האָט געהאַט אַ גילדענע פייַערפאַן; און עס איז אים געגעבן געוואָרן אַ סַך קטוֹרֶת, כדי ער זאָל עס צוגעבן צו די תפילות פון אַלע קדושים אויף דעם גילדענעם מִזבֵחַ, וואָס איז געווען פאַר דעם שטול;

[4] און דער רויך פון דעם קטורת מיט די תּפילות פון די קדושים זענען אַרויפגעגאַנגען פאַר גאָט פון דעם מלאָכס האַנט. [5] און דער מלאך האָט גענומען די פײַערפאַן, און ער האָט זי אָנגעפילט מיט דעם פייער פון דעם מזבח, און זי אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד; און סע זענען געקומען דונערן, און קולות, און בליצן, און אַן ערדציטערניש.

[6] און די זיבן מלאָכים, וואָס האָבן געהאַט די זיבן שופרות, האָבן זיך מכין געווען צו בלאָזן. [7] און דער ערשטער האָט געבלאָזן: און עס איז געקומען האָגל און פייער, אויסגעמישט מיט בלוט, און זיי זענען געוואָרפן געוואָרן אויף דער ערד. און אַ דריטער טייל פון דער ערד איז פאַרברענט געוואָרן, און אַ דריטער טייל פון דיביימער איז פאַרברענט געוואָרן, און דאָס גאַנצע גרינע גראָז איז פאַרברענט געוואָרן.

[8] און דער צווייטער מלאך האָט געבלאָזן: און עס איז געווען ווי אַ גרויסער באַרג, וואָס ברענט מיט פייער, וואָלט אַרײַנגעוואָרפן געוואָרן אין ים אַריין; און אַ דריטער טייל פון דעם ים איז געוואָרן בלוט. [9] און עס איז געשטאָרבן אַ דריטער טייל פון די לעבעדיקע באַשעפענישן אין ים, און אַ דריטער טייל פון די שיפן איז צעשטערט געוואָרן.

[10] און דער דריטער מלאך האָט געבלאָזן: און אַ גרויסער שטערן איז געפאַלן פון הימל, וואָס האָט געברענט ווי אַ פאַקל, און ער איז געפאַלן אויף דעם דריטן טייל פון די טייכן און אויף די קוואַלן וואַסער. [11] און דער נאָמען פון דעם שטערן ווערט אָנגערופן ווערמוט; און אַ דריטער טייל פון די וואַסערן איז געוואָרן ווערמוט; און אַ סך מענטשן זענען געשטאָרבן פון די וואַסערן, מחמת זיי זענען געמאַכט געוואָרן ביטער.

[12] און דער פערטער מלאך האָט געבלאָזן: און אַ דריטער טייל פון דער זון איז געשלאָגן געוואָרן, און אַ דריטער טייל פון דער לבנה, און אַ דריטער טייל פון די שטערן, כּדי דער דריטער טייל פון זיי זאָל פאַרפינצטערט ווערן, און דער טאָג זאָל ניט שײַנען אין זיין דריטן טייל, און די נאַכט אויף דעם זעלבן אופן.

[13] און איך האָב געזען, און איך האָב געהערט אַן אָדלער פליען אין מיטן הימל, און זאָגן מיט אַ הויך קול: ווײַ, ווײַ, ווײַ צו די, וואָס וואוינען אויף דער ערד, פונוועגן די אַנדערע קולות פון דעם שופר פון די דריי מלאָכים, וואָס דאַרפן נאָך בלאָזן.

ט און דער פֿיפֿטער מַלאך האָט געבלאָזן: און איך האָב געזען פֿאַלן
אַ שטערן פֿון הימל צו דער ערד; און עס איז אים געגעבן געוואָרן
דער שליסל פֿון דעם אָפּגרונט פֿון דעם תּהום. [2]און ער האָט געעפֿנט
דעם אָפּגרונט פֿון דעם תּהום: און עס איז אַרויפֿגעגאַנגען אַ רויך פֿון דעם
אָפּגרונט, ווי דער רויך פֿון אַ גרויסן אויוון; און די זון און די לופֿט
זענען פֿאַרפֿינצטערט געוואָרן דורך דעם רויך פֿון דעם אָפּגרונט. [3]און
פֿון דעם רויך זענען אַרויסגעקומען הײַשעריקן אויף דער ערד, און זיי איז
געגעבן געוואָרן מאַכט, ווי סע האָבן מאַכט די עקדישן פֿון דער ערד.
[4]און עס איז זיי אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז זיי זאָלן ניט שעדיקן דאָס גראָז
פֿון דער ערד, אויך ניט קיין שום גרינס, אויך ניט קיין שום בוים, נייערט
נאָר אַזוינע מענטשן, וואָס האָבן ניט דעם חותם פֿון גאָט אויף זייערע
שטערנס. [5]און עס איז זיי געגעבן געוואָרן, אַז זיי זאָלן זיי ניט טייטן,
נייערט אַז זיי זאָלן געפּייניקט ווערן פֿינף חֳדָשים; און זייער פּייניקונג איז
געווען ווי די פּייניקונג פֿון אַן עקדיש, בעת ער שטעכט אַ מענטשן. [6]און
אין יענע טעג וועלן די מענטשן זוכן דעם טויט, און וועלן אים באֵין־אופֿן
ניט געפֿינען; און זיי וועלן באַגערן צו שטאַרבן, און דער טויט וועט פֿון
זיי אַנטרינען.

[7]און דאָס אויסזען פֿון די הײַשעריקן איז געווען ענלעך צו פֿערד
אָנגעברייט צו מִלחָמה; און אויף זייערע קעפּ, ווי סע וואָלטן געווען
קרוינען ענלעך צו גאָלד, און זייערע פּנימער זענען געווען ווי פּנימער פֿון
מענטשן. [8]און זיי האָבן געהאַט האָר ווי די האָר פֿון ווייבער, און זייערע
ציין זענען געווען ווי די ציין פֿון לײַבן. [9]און זיי האָבן געהאַט פּאַנצערס
ווי דאָס וואָלטן געווען פּאַנצערס פֿון אייזן, און דער רויש פֿון זייערע
פֿליגל איז געווען ווי דער רויש פֿון רײַטוועגן מיט אַ סך פֿערד, וואָס יאָגן
אין מִלחָמה. [10]און זיי האָבן עקן ענלעך צו עקדעשן, און שטעכערס; און
אין זייערע עקן איז זייער מאַכט צו שעדיקן מענטשן פֿינף חֳדָשים. [11]זיי
האָבן געהאַט איבער זיך פֿאַר אַ מֶלך דעם מַלאך פֿון דעם תּהום; זיין
נאָמען אויף לָשון־קודש איז אֲבַדּוֹן, און אין דעם גריכישן לָשון האָט ער
געהאַט דעם נאָמען אַפּאָליָאָן.

[12]דער ערשטער ווייטיק איז אַריבער; זע, סע קומען נאָך צוויי ווייטיקן
נאָכדעם.

[13] און דער זעקסטער מַלאך האָט געבלאָזן, און איך האָב געהערט
אַ קול פון צווישן די פיר הערנער פון דעם גילדענעם מִזבֵּחַ, וואָס איז
פאַר גאָט, [14] זאָגן צו דעם זעקסטן מַלאך, וואָס האָט געהאַט דעם שופר:
בינד אויף די פיר מַלאָכים, וואָס זענען געבונדן ביי דעם גרויסן טייך
פְּרָת. [15] און די פיר מַלאָכים זענען אויפגעבונדן געוואָרן, וואָס זענען
אָנגעברייט געוואָרן אויף דער שָעה און טאָג און חודש און יאָר, כּדי זיי
זאָלן טייטן דעם דריטן טייל מענטשן. [16] און די צאָל פון די חַיָלות פון
רייַטערס איז געווען צוויימאָל צען טויזנט מאָל צען טויזנט; איך האָב
געהערט זייער צאָל. [17] און אַזוי האָב איך געזען די פערד אין דער זעאונג,
און די, וואָס זענען אויף זיי געזעסן: זיי האָבן געהאַט פּאַנצערס ווי פון
פייער און פון תּכֵלֶת און פון שוועבל; און די קעפּ פון די פערד זענען
ווי די קעפּ פון לייבן, און פון זייערע מיילער גייט אַרויס פייער און רויך
און שוועבל. [18] דורך די דאָזיקע דריי מַכּות איז אַ דריטער טייל מענטשן
געטייט געוואָרן, דורך דעם פייער און דעם רויך און דעם שוועבל, וואָס
זענען אַרויסגעקומען פון זייערע מיילער. [19] וואָרים דער כּוח פון די פערד
איז אין זייער מויל און אין זייערע עקן; וואָרים זייערע עקן זענען ענלעך
צו שלאַנגען, און האָבן קעפּ, און מיט זיי טוען זיי באַשעדיקן.
[20] און די איבעריקע מענטשן, וואָס זענען ניט געטייט געוואָרן דורך
די דאָזיקע מַכּות, האָבן ניט קיין תּשובה געטאָן אויף די מַעשׂים פון זייערע
הענט, אַז זיי זאָלן זיך ניט בוקן צו בייזע גייסטער און צו אָפּגעטער פון
גאָלד, און פון זילבער, און פון קופּער, און פון שטיין, און פון האָלץ, וואָס
קענען ניט זען, ניט הערן, ניט גיין; [21] און זיי האָבן ניט קיין תּשובה געטאָן
אויף זייערע רציחות, ניט אויף זייער טרייַבן כּישוף, ניט אויף זייער זנות,
ניט אויף זייערע גנֵבות.

י און איך האָב געזען אַן אַנדערן שטאַרקן מַלאך אַראָפּנידערן פון הימל,
אָנגעטאָן מיט אַ וואָלקן; און דער רעגנבויגן איז געווען אויף זיין קאָפּ,
און זיין פָּנים איז געווען ווי די זון, און זיינע פיס ווי זייַלן פון פייער; [2] און
ער האָט געהאַט אין זיין האַנט אַ קליין אָפן סֵפר. און ער האָט געשטעלט
זיין רעכטן פוס אויף דעם יַם, און זיין לינקן אויף דער ערד, [3] און ער
האָט געשריגן מיט אַ הויך קול, ווי סע ברילט אַ לייב. און בעת ער

האָט געשריגן, האָבן די זיבן דונערן אַרויסגעלאָזן זייערע קולות. 4 און בעת
די זיבן דונערן האָבן אַרויסגעלאָזן זייערע קולות, בין איך געווען אָנגעברייט
צו שרייבן; און איך האָב געהערט אַ קול פון הימל זאָגן: פֿאַרחתמע די
זאַכן, וואָס די זיבן דונערן האָבן אַרויסגערעדט, און פֿאַרשרייב זיי ניט.
5 און דער מלאך, וואָס איך האָב געזען שטיין אויף דעם ים און אויף
דער ערד, האָט אויפגעהויבן זיין רעכטע האַנט צום הימל, 6 און האָט
געשוואוירן ביי דעם, וואָס לעבט אייביק און אייביק, וואָס האָט באַשאַפֿן
דעם הימל און די זאַכן, וואָס זענען דרינען, און די ערד און די זאַכן,
וואָס זענען דרינען, און דעם ים און די זאַכן, וואָס זענען דרינען, אַז
סע וועט מער ניט זיין קיין צייט, 7 נייערט אין די טעג פון דעם קול פון
דעם זיבעטן מלאך, בעת ער וועט זיין אָנגעברייט צו בלאָזן, דעמאָלט וועט
פֿאַרענדיקט ווערן דער סוד פון גאָט, לויט ווי ער האָט אָנגעזאָגט צו זיינע
קנעכט, די נביאים.

8 און דאָס קול, וואָס איך האָב געהערט פון הימל, האָט ווידער געטאָן
רעדן מיט מיר, און זאָגן: גיי, נעם דאָס ספֿרל, וואָס איז אָפֿן אין דער
האַנט פון דעם מלאך, וואָס טוט שטיין אויף דעם ים און אויף דער ערד.
9 און איך בין געגאַנגען צום מלאך, און האָב אים געזאָגט, אַז ער זאָל
מיר געבן דאָס ספֿרל. האָט ער צו מיר געזאָגט: נעם עס און עס עס
אויף, און סע וועט מאַכן ביטער דיין בויך, נאָר אין דיין מויל וועט עס
זיין זיס ווי האָניק. 10 און איך האָב גענומען דאָס ספֿרל פון דעם מלאָכס
האַנט און האָב עס אויפגעגעסן, און עס איז געווען אין מיין מויל זיס
ווי האָניק; און אַז איך האָב עס אויפגעגעסן, איז מיין בויך געוואָרן ביטער.
11 און מע האָט צו מיר געזאָגט: דו מוזט ווידער אַמאָל נביאות זאָגן איבער
אַ סך אומות, און פֿעלקער, און לשונות, און מלכים.

**יא** און עס איז מיר געגעבן געוואָרן אַ רוירשטעקל, ענלעך צו אַ רוט,
און איינער האָט געזאָגט: שטיי אויף, און מעסט דעם היכל פון
גאָט, און דעם מזבח, און די, וואָס דינען דערין. 2 און דעם פֿאָרהויף,
וואָס איז אין דרויסן פון דעם היכל, לאָז אויס און מעסט אים ניט, וואָרים
ער איז געגעבן געוואָרן פֿאַר די אומות, און זיי וועלן צעטרעטן די
הייליקע שטאָט צוויי און פֿערציק חדשים. 3 און איך וועל מאַכן מיינע

צוויי עֵדות, אַז זיי זאָלן נבֿיאות זאָגן טויזנט צוויי הונדערט און זעכציק טעג, אָנגעטאָן אין זעק. [4] די דאָזיקע זענען די צוויי אײַלבערטביימער און די צוויי מנורות, וואָס שטייען פֿאַר דעם האַר פֿון דער ערד.

[5] און אויב עמיצער באַגערט זיי צו שעדיקן, גייט אַ פֿייער אַרויס פֿון זייער מויל און פֿאַרצערט זייערע פֿיינט; און אויב עמיצער וועט באַגערן זיי צו שעדיקן, מוז ער אויף דעם דאָזיקן אופֿן געטייט ווערן. [6] די דאָזיקע האָבן די מאַכט צו פֿאַרשליסן דעם הימל, אַז סע זאָל ניט רעגענען אין די טעג פֿון זייער נבֿיאות זאָגן; און זיי האָבן מאַכט איבער די וואַסערן, זיי צו פֿאַרקערן אין בלוט, און צו שלאָגן די ערד מיט יעדער מַכּה, אַזוי אָפֿט ווי זיי ווילן נאָר.

[7] און אַז זיי וועלן האָבן פֿאַרענדיקט זייער עֵדות זאָגן, וועט די חיה, וואָס קומט אַרויף פֿון דעם תּהום, פֿאַרפֿירן מיט זיי מִלחָמה, און זיי מנַצֵח זײַן און זיי טייטן. [8] און זייערע טויטע לײַבער וועלן ליגן אין די גאַסן פֿון דער גרויסער שטאָט, וואָס ווערט גייסטיק אָנגערופֿן סדום און מִצרַיִם, וואו אויך זייער האַר איז געקרייציקט געוואָרן. [9] און פֿון צווישן די אומות, און שבֿטים, און לשונות, און פֿעלקער, קוקט מען אויף זייערע טויטע לײַבער דריי און אַ האַלב טעג, און זיי לאָזן ניט, אַז זייערע טויטע לײַבער זאָלן אַרײַנגעלייגט ווערן אין אַ קֶבֿר. [10] און די, וואָס וואוינען אויף דער ערד, זענען זיך משַׂמֵחַ איבער זיי און מאַכן זיך לוסטיק, און זיי וועלן שיקן איינער דעם אַנדערן מַתָּנות, מַחמת די דאָזיקע צוויי נבֿיאים האָבן געפּייניקט די, וואָס וואוינען אויף דער ערד.

[11] און נאָך די דריי און אַ האַלב טעג איז דער לעבנס־אָטעם פֿון גאָט אַרײַנגעגאַנגען אין זיי, און זיי זענען געשטאַנען אויף זייערע פֿיס, און גרויס אֵימה איז געפֿאַלן אויף די, וואָס האָבן זיי אָנגעקוקט. [12] און זיי האָבן געהערט אַ הויך קול פֿון הימל זאָגן צו זיי: קומט אַרויף אַהער! און זיי זענען אַרויף אויף דעם וואָלקן אין הימל אַרײַן, און זייערע שׂונאים האָבן זיי אָנגעקוקט. [13] און אין יענער שָׁעה איז געווען אַ גרויסע ערד־ציטערניש, און אַ צענטער טייל פֿון דער שטאָט איז אײַנגעפֿאַלן, און סע זענען געהרגעט געוואָרן אין דער ערדציטערניש זיבן טויזנט פֿאַרשוינען: און די איבעריקע זענען דערשראָקן געוואָרן און האָבן אָפּגעגעבן כָּבוד צו דעם גאָט פֿון הימל.

[14] דער צווייטער ווייטיק איז אַריבער; זע, דער דריטער ווייטיק קומט באַלד אָן.

[15] און דער זיבעטער מַלאך האָט געבלאָזן, און עס זענען געקומען הויכע קולות אין הימל, אַזוי צו זאָגן:

דאָס מַלכות פון דער וועלט איז געוואָרן דאָס מַלכות פון
אונדזער האַר און פון זיין מָשִׁיחַ; און ער וועט קיניגן אויף
אייביק און אייביק.

[16] און די פיר און צוואַנציק זְקֵנִים, וואָס זיצן פאַר גאָט אויף זייערע טראָנען, זענען געפאַלן אויף זייערע פְּנימער און האָבן זיך געבוקט צו גאָט, [17] און געזאָגט:

מיר דאַנקען דיר, אָ, האַר גאָט, דו אַלמעכטיקער, וואָס
ביסט און וואָס ביסט געווען, מַחמת דו האָסט גענומען דיין
גרויסע מאַכט און האָסט געטאָן קיניגן. [18] און די אומות
האָבן געצערנט, און געקומען איז דיין גרימצאָרן, און די
צייט פון די מֵתים, געמִשפּט צו ווערן, און צו געבן דעם
שְׂכַר צו דיינע קנעכט, די נביאים, און צו די קדושים, און
צו די, וואָס האָבן מורא פאַר דיין נאָמען, די קליינע און די
גרויסע, און צו פאַרדאַרבן די, וואָס פאַרדאַרבן די ערד.

[19] און עס איז געעפנט געוואָרן דער הֵיכל פון גאָט אין הימל, און עס איז געזען געוואָרן אין זיין הֵיכל דער אֲרון־הַבְּרִית; און סע זענען געקומען בליצן, און קולות, און דונערן, און אַן ערדציטערניש, און אַ גרויסער האָגל.

**יב** און אַ גרויסער צייכן איז געזען געוואָרן אין הימל: אַ ווייב, אָנגעטאָן מיט דער זון, און די לְבָנה אונטער אירע פיס, און אויף איר קאָפּ אַ קרוין פון צוועלף שטערן. [2] און זי איז געווען אין טראָגן, און זי האָט געטאָן שרייַען אין ווייען, און אין פּיין פון געווינען. [3] און עס איז געזען געוואָרן אַן אַנדער צייכן אין הימל: זע, אַ גרויסע, רויטע שלאַנג מיט זיבן קעפּ און צען הערנער, און אויף איר קאָפּ זיבן קרוינען. [4] און איר עק ציט דעם דריטן טייל פון די שטערן פון הימל און טוט זיי וואַרפן צו דער ערד; און די שלאַנג שטייט פאַר דעם ווייב, וואָס דאַרף געווינען, כדי זי זאָל פאַרצוקן איר קינד, בעת זי וועט געווינען. [5] און זי האָט געוואונען אַ בֶּן־זָכר, וואָס וועט הערשן איבער אַלע אומות מיט אַ רוט

פון אײַזן; און איר קינד איז אַרויפגענומען געוואָרן צו גאָט און צו זיין
שטול. 6 און דאָס ווייב איז אַנטרונען אין דער מִדבר אַריין, וואו זי האָט
געהאַט אַן אָרט, אָנגעברייט פון גאָט, כדי מע זאָל זי דאָרט דערנערן
טויזנט צוויי הונדערט און זעכציק טעג.

7 און אין הימל איז געווען מִלחָמה: מִיכָאֵל און זיינע מַלאָכים האָבן
מִלחָמה געהאַלטן מיט דער שלאַנג; און די שלאַנג און אירע מַלאָכים
האָבן מִלחָמה געהאַלטן, 8 און זיי האָבן ניט גובר געווען, און זייער אָרט
איז אויך מער ניט געווען צו געפינען אין הימל. 9 און די גרויסע שלאַנג
איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן, דער נָחָש־הַקַדמוני, וואָס ווערט אָנגערופן שׂוטן
און שָׂטן, וואָס פאַרפירט די גאַנצע וועלט; זי איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן
צו דער ערד, און אירע מַלאָכים זענען אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט איר.
10 און איך האָב געהערט אַ הויך קול אין הימל זאָגן:

איצט איז געקומען די ישועה, און די מאַכט, און דאָס
מַלכות פון אונדזער גאָט, און די מֶמשָלה פון זיין מָשִיחַ;
וואָרים דער באַשולדיקער פון אונדזערע ברידער, וואָס טוט
זיי באַשולדיקן פאַר אונדזער גאָט טאָג און נאַכט, איז
אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן. 11 און זיי האָבן אים מנַצֵחַ געווען,
דורך דעם בלוט פון דעם לאַם, און דורך דעם וואָרט פון
זייער עֵדות זאָגן, און זיי האָבן ניט ליב געהאַט זייער לעבן
ביז צום טויט. 12 דעריבער פרייט אייך, אָ הימלען, און
איר, וואָס וואוינט אין זיי! וויי צו דער ערד און צו דעם
יַם, וואָרים דער שָׂטן האָט אַראָפּגענידערט צו אייך מיט
גרויס גרימצאָרן, ווייל ער ווייסט, אַז ער האָט נאָר אַ
קורצע צייט!

13 און בעת די שלאַנג האָט געזען, אַז זי איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן
צו דער ערד, האָט זי נאָכגעיאָגט דאָס ווייב, וואָס האָט געבוירן דעם
בֶן־זָכָר. 14 און עס איז געגעבן געוואָרן דעם ווייב די צוויי פליגל פון
דעם גרויסן אָדלער, כדי זי זאָל קענען פליען צו איר אָרט אין דער
מִדבר אַריין, וואו זי ווערט גענערט אויף אַ צייט, און צייטן, און אַ האַלבע
צייט, ווייט פון דעם פָּנים פון דער שלאַנג. 15 און די שלאַנג האָט אַרויס־
געלאָזט פון איר מויל וואַסער נאָך דעם ווייב ווי אַ שטראָם, כדי זי זאָל

אַוועקגעטראָגן ווערן פון דעם שטראָם. [16] און די ערד האָט געהאָלפן דעם
ווייב, און די ערד האָט געעפנט איר מויל און האָט פאַרשלונגען דעם
שטראָם, וואָס די שלאַנג האָט אַרויסגעלאָזט פון איר מויל. [17] און די שלאַנג
האָט געצערנט אויף דעם ווייב, און איז אַוועקגעגאַנגען מלחמה צו האַלטן
מיט די איבעריקע פון איר זאָמען, וואָס היטן אָפּ די געבאָטן פון גאָט
און האַלטן דאָס עדות פון ישוען.

יג און איך בין געשטאַנען אויף דעם זאַמד פון דעם ים. און איך האָב
געזען אַ חיה אַרויפקומען פון דעם ים, וואָס האָט געהאַט צען
הערנער און זיבן קעפּ, און אויף אירע הערנער צען קרוינען, און אויף
אירע קעפּ נעמען פון לעסטערונג. [2] און די חיה, וואָס איך האָב געזען,
איז געווען ענלעך צו אַ לעמפּערט, און אירע פיס זענען געווען ווי פון
אַ בער, און איר מויל, ווי דאָס מויל פון אַ לייב. און די שלאַנג האָט
איר געגעבן איר כּוח און איר טראָן און גרויס געוועלטיקונג. [3] און איך
האָב געזען איינעם פון אירע קעפּ, ווי ער וואָלט דערשלאָגן געוואָרן צום
טויט, און זיין טויטקלאַפּ איז געהיילט געוואָרן. און די גאַנצע ערד איז
נשתּומם געוואָרן איבער דער חיה, [4] און זיי האָבן זיך געבוקט צו דער
שלאַנג, מחמת זי האָט געגעבן איר געוועלטיקונג צו דער חיה; און זיי
האָבן זיך געבוקט צו דער חיה, אַזוי צו זאָגן: ווער איז גלייך צו דער
חיה? און ווער איז בּיכולת מיט איר מלחמה צו האַלטן?

[5] און עס איז איר געגעבן געוואָרן אַ מויל צו רעדן גרויסע זאַכן
און לעסטערונגען; און עס איז איר געגעבן געוואָרן שליטה צו געווערן
צוויי און פערציק חדשים. [6] און זי האָט געעפנט איר מויל מיט לעסטערונגען
קעגן גאָט, צו לעסטערן זיין נאָמען און זיין משכן, און די, וואָס וואוינען
אין הימל. [7] און עס איז איר געגעבן געוואָרן צו פאַרפירן מלחמה מיט
די קדושים, און זיי מנצח צו זיין; און עס איז איר געגעבן געוואָרן רשות
איבער יעדן שבט און פאָלק און לשון און אומה. [8] און אַלע, וואָס וואוינען
אויף דער ערד, וועלן איר דינען, יעדער איינער, וואָס זיין נאָמען איז ניט
פאַרשריבן אין דעם ספר־החיים פון דעם לאַם, וואָס איז געשאָכטן געוואָרן
זינט דער גרונטפעסטיקונג פון דער וועלט. [9] אויב עמיצער האָט אַן אויער,
זאָל ער הערן:

[10] אויב עמיצער איז פאַר געפאַנגענשאַפט,

אין געפאַנגענשאַפט טוט ער גיין;
אויב עמיצער וועט הרגענען מיט דער שווערד,
מוז ער מיט דער שווערד געהרגעט ווערן[א].
דאָ איז די געדולדיקייט און די אֱמונה פון די קדושים.

[11] און איך האָב געזען אַן אַנדערע חיה אַרויפקומען פון דער ערד;
און זי האָט געהאַט צוויי הערנער, ענלעך צו אַ לאַם, און זי האָט גערעדט
ווי אַ שלאַנג. [12] און זי האָט אויסגענוצט די גאַנצע געוועלטיקונג פון דער
ערשטער חיה אין איר אָנגעזיכט. און זי טוט מאַכן די ערד און די, וואָס
וואוינען דערין, צו דינען דער ערשטער חיה, וואָס איר טויט־קלאַפּ איז
געהיילט געוואָרן. [13] און זי טוט גרויסע וואונדער, און טוט אַפילו פייער
אַראָפּנידערן פון הימל אויף דער ערד פאַר די מענטשן.

[14] און זי טוט פאַרפירן די, וואָס וואוינען אויף דער ערד, דורך די
וואונדער, וואָס זענען איר געגעבן געוואָרן צו טאָן פאַר דער חיה, בעת
זי זאָגט צו די, וואָס וואוינען אויף דער ערד, אַז זיי זאָלן מאַכן אַן אָפּבילד
דער חיה, וואָס האָט די שלאָג פון דער שווערד און האָט געלעבט.
[15] און עס איז איר געגעבן געוואָרן צו געבן אָטעם דעם אָפּבילד פון
דער חיה, כדי דאָס אָפּבילד פון דער חיה זאָל רעדן, און זאָל מאַכן, אַז
וויפל סע וועלן ניט דינען דעם אָפּבילד פון דער חיה, זאָלן געטייט ווערן.

[16] און זי טוט מאַכן אַלע, סיי די קליינע און די גרויסע, סיי די רייכע
און די אָרעמע, סיי די פרייע און די פאַרשקלאַפטע, אַז סע זאָל זיי געגעבן
ווערן אַ צייכן אויף זייער רעכטער האַנט, אָדער אויף זייער שטערן,
[17] און אַז קיינער זאָל ניט קענען קויפן אָדער פאַרקויפן, חוץ דער, וואָס
האָט דעם צייכן, דאָס הייסט, דעם נאָמען פון דער חיה, אָדער די צאָל
פון איר נאָמען. [18] דאָ איז חָכמה: דער, וואָס האָט פאַרשטענדעניש, זאָל
באַרעכענען די צאָל פון דער חיה: וואָרים עס איז די צאָל פון אַ מענטשן:
און איר צאָל איז זעקס הונדערט זעקס און זעכציק.

יד און איך האָב געזען, ערשט דאָס לאַם שטייט אויף דעם באַרג
ציון, און מיט אים הונדערט פיר און פערציק טויזנט, וואָס האָבן זיין
נאָמען און דעם נאָמען פון זיין פאָטער אָנגעשריבן אויף זייערע שטערנס.
[2] און איך האָב געהערט אַ קול פון הימל, ווי דאָס קול פון אַ סך וואַסערן,

א ירמיה טו, 2.

און ווי דאָס קול פון אַ שטאַרקן דונער; און דאָס קול, וואָס איך האָב
געהערט, איז געווען ווי דאָס קול פון האַרפנשפּילער, וואָס שפּילן אויף
זייערע האַרפן. [3]און זיי זינגען אַ נײַ געזאַנג פאַר דעם שטול און פאַר
די פיר חיות און די זקנים. און קיינער האָט זיך ניט געקענט אויסלערנען
דאָס געזאַנג, אַחוץ די הונדערט פיר און פערציק טויזנט, וואָס זענען
אויסגעקויפט געוואָרן פון דער ערד. [4]די דאָזיקע זענען עס, וואָס זענען
ניט פאַראומרייניקט געוואָרן מיט ווייבער, וואָרים זיי זענען יונגפרויען. די
דאָזיקע זענען עס, וואָס גייען נאָך דעם לאַם, וואוהין נאָר סע טוט גיין.
די דאָזיקע זענען אויסגעקויפט געוואָרן פון צווישן מענטשן, ווי בכּורים פאַר
גאָט און פאַר דעם לאַם. [5]און אין זייער מויל איז ניט געפונען געוואָרן
קיין ליגן, וואָרים זיי זענען אָן אַ מום.

[6]און איך האָב געזען אַן אַנדערן מלאך פליען אין מיטן הימל, וואָס
האָט געהאַט אייביק גוטע בשׂורות אָנצוזאָגן פאַר די, וואָס וואוינען אויף
דער ערד, און פאַר יעדער אומה, און שבט, און לשון, און פאָלק. [7]און
ער האָט געזאָגט מיט אַ הויך קול: האָט מורא פאַר גאָט, און גיט אים
אָפּ כּבוד, וואָרים די שעה פון זיין משפּט האָט גענעענט; און דינט דעם,
וואָס האָט געמאַכט הימל און ערד, דעם ים און די קוואַלן וואַסער.

[8]און אַן אַנדערער, אַ צווייטער מלאך איז נאָכגעקומען, וואָס האָט
געזאָגט: געפאַלן, געפאַלן איז בבל די גרויסע, וואָס האָט געמאַכט אַלע
אומות אָנטרינקען מיט דעם ווין פון דעם גרימצאָרן פון איר זנות.

[9]און אַן אַנדערער מלאך, אַ דריטער, איז נאָכגעקומען נאָך זיי, וואָס
האָט געזאָגט מיט אַ הויך קול: אויב עמיצער טוט דינען דער חיה און
איר אָפּבילד, און באַקומט אַ צייכן אויף זיין שטערן, אָדער אויף זיין
האַנט, [10]וועט ער אויך טרינקען פון דעם ווין פון גאָטס גרימצאָרן, וואָס
איז אויסגעגאָסן, ניט געמישט אין דעם בעכער פון זיין צאָרן; און ער וועט
געפּייניקט ווערן מיט פייער און שוועבל אין דעם אָנגעזיכט פון די הייליקע
מלאָכים, און אין דעם אָנגעזיכט פון דעם לאַם. [11]און דער רויך פון
זייער פּייניקונג גייט אַרויף אויף אייביק און אייביק; און די, וואָס דינען
דער חיה און איר אָפּבילד, האָבן ניט קיין רו טאָג און נאַכט, און ווער
סע נעמט אָן דעם צייכן פון איר נאָמען. [12]דאָ איז די געדולדיקייט פון
די הייליקע, די, וואָס היטן די געבאָטן פון גאָט און די אמונה פון ישוען.

13 און איך האָב געהערט אַ קול פון הימל, אַזוי צו זאָגן: שרייב:
וואויל איז די טויטע, וואָס שטאַרבן אין דעם האַר פון איצטמאָל אָן. יאָ,
זאָגט דער גייסט, כּדי זיי זאָלן רוען פון זייערע מיאונגען; וואָרים זייערע
מעשׂים גייען נאָך מיט זיי.

14 און איך האָב געזען, ערשט אַ ווייסער וואָלקן, און אויף דעם
וואָלקן האָב איך געזען זיצן איינעם, ענלעך צו אַ בֶּן־אָדָם, וואָס האָט
געהאַט אויף זיין קאָפּ אַ גילדענע קרוין, און אין זיין האַנט אַ שאַרף
שנייַדמעסער. 15 און אַן אַנדערער מלאך איז אַרויסגעקומען פון דעם היכל,
און האָט געשריגן מיט אַ הויך קול צו דעם, וואָס איז געזעסן אויף דעם
וואָלקן: שיק אַרויס דיין שנייַדמעסער און שנייד; וואָרים די שעה פון שניט
האָט גענעענט, וואָרים דער שניט פון דער ערד איז צייטיק. 16 און דער,
וואָס איז געזעסן אויף דעם וואָלקן, האָט אַ וואָרף געטאָן זיין שנייַדמעסער
אויף דער ערד, און די ערד איז געשניטן געוואָרן.

17 און אַן אַנדערער מלאך איז אַרויסגעקומען פון דעם היכל אין
הימל, און אויך ער האָט געהאַט אַ שאַרף שנייַדמעסער. 18 און אַן אַנדערער
מלאך איז אַרויסגעקומען פון דעם מזבח, דער, וואָס האָט געהאַט שליטה
איבער פייער; און ער האָט גערופן מיט אַ הויך קול צו דעם, וואָס האָט
געהאַט דאָס שאַרפע שנייַדמעסער, אַזוי צו זאָגן: שיק אַרויס דיין שאַרף
שנייַדמעסער און זאַמל צונויף די הענגלעך פון די ווייַנשטאָקן אויף דער
ערד, וואָרים אירע ווייַנטרויבן זענען אינגאַנצן צייטיק. 19 און דער מלאך
האָט אַ וואָרף געטאָן זיין שנייַדמעסער צו דער ערד און האָט אייַנגעזאַמלט
דעם ווייַנשטאָק פון דער ערד, און האָט אים אַרייַנגעוואָרפן אין דעם גרויסן
ווייַנקעלטער פון גאָטס גרימצאָרן. 20 און דער ווייַנקעלטער איז געטראָטן
געוואָרן אויסער דער שטאָט, און עס איז אַרויסגעקומען בלוט פון דעם
ווייַנקעלטער, ביז צו די צוימען פון די פערד, אַזוי ווייט ווי טויזנט זעקס
הונדערט אַקער.

טו און איך האָב געזען אַן אַנדערן צייכן אין הימל, גרויס און וואונדער־
לעך: זיבן מלאָכים, וואָס האָבן געהאַט די זיבן לעצטע מכּות,
וואָרים מיט זיי ווערט פאַרענדיקט דער גרימצאָרן פון גאָט.

2 און איך האָב געזען ווי סע וואָלט געווען אַ ים פון גלאָז, אויסגעמישט
מיט פייער; און די, וואָס האָבן גובר געווען די חיה, און איר אָפּבילד, און

די צאָל פון איר נאָמען, שטייען ביי דעם יַם פון גלאָז און האָבן האַרפן
פון גאָט. 3 און זיי זינגען דאָס געזאַנג פון משהן, דעם קנעכט פון גאָט, און
דאָס געזאַנג פון דעם לאַם, אַזוי צו זאָגן:

גרויס און וואונדערלעך זענען דיינע מַעשׂים, אָ, האַר גאָט,
דו אַלמעכטיקער; רעכטפאַרטיק און אֶמת זענען דיינע וועגן,
דו מֶלך פון די אומות. 4 ווער זאָל ניט מורא האָבן, גאָט,
און רימען דיין נאָמען? וואָרים נאָר דו אַליין ביסט הייליק!
וואָרים אַלע אומות וועלן קומען און זיך בוקן פאַר דיר;
וואָרים דיינע גערעכטע מִשפָּטים זענען אַנטפּלעקט געוואָרן.

5 און נאָכדעם האָב איך געזען, און עס איז געעפנט געוואָרן דער
הֵיכל פון דעם מִשכּן־הָעֵדות אין הימל; 6 און סע זענען אַרויסגעקומען
פון דעם הֵיכל די זיבן מַלאָכים, וואָס האָבן געהאַט די זיבן מַכּות, אָנגעטאָן
אין ריינער גלאַנצנדיקער לײַוונט, און זייערע ברוסטן אַרומגעגורט מיט
גילדענע גאַרטלען. 7 און איינע פון די פיר חַיות האָט געגעבן די זיבן
מַלאָכים זיבן גילדענע בעקנס, פול מיט דעם גרימצאָרן פון גאָט, וואָס
לעבט אויף אייביק און אייביק. 8 און דער הֵיכל איז געוואָרן אָנגעפילט
מיט רויך פון דער הערלעכקייט פון גאָט און פון זיין מאַכט; און קיינער
איז ניט געווען בִּיכוֹלֶת אַרײַנצוגיין אין דעם הֵיכל, ביז סע וועלן זיין
אויסגעלאָזט די זיבן מַכּות פון די זיבן מַלאָכים.

טז און איך האָב געהערט אַ הויך קול פון דעם הֵיכל אַרויס זאָגן צו
די זיבן מַלאָכים: גייט און גיסט אויס די זיבן בעקנס פון דעם
גרימצאָרן פון גאָט אויף דער ערד.

2 און דער ערשטער איז געגאַנגען און האָט אויסגעגאָסן זיין בעקן
אויף דער ערד: און עס איז געוואָרן אַ פאַרפּעסטיקט און בייז געשוויר
אויף די מענטשן, וואָס האָבן געהאַט דעם צייכן פון דער חַיה און וואָס
האָבן זיך געבוקט צו איר אָפּבילד.

3 און דער צווייטער האָט אויסגעגאָסן זיין בעקן אין דעם יַם אַריין:
און עס איז געוואָרן ווי דאָס בלוט פון אַ מֵת, און יעדעס לעבעדיקע
באַשעפעניש, וואָס איז געווען אין יַם, איז געשטאָרבן.

4 און דער דריטער האָט אויסגעגאָסן זיין בעקן אין די טייכן און אין
די קוואַלן וואַסער: און עס איז געוואָרן בלוט. 5 און איך האָב געהערט

דעם מַלאך פון די וואַסערן זאָגן: רעכטפאַרטיק ביסטו, וואָס ביסט און
ביסט געווען, דו הייליקער, מַחמת דו האָסט געטאָן אַזוי מִשפּטן; 6 ווארים
זיי האָבן פאַרגאָסן דאָס בלוט פון קדושים און נביאים, און בלוט האָסטו
זיי געגעבן צו טרינקען; זיי זענען עס ווערט. 7 און איך האָב געהערט
דעם מִזבּח זאָגן: יאָ, האַר, גאָט, דו אַלמעכטיקער, אֶמת און רעכטפאַרטיק
זענען דיינע מִשפּטים!

8 און דער פערטער האָט אויסגעגאָסן זיין בעקן אויף דער זון: און
עס איז איר געגעבן געוואָרן צו ברענען מענטשן מיט פייער. 9 און מענטשן
זענען געבּרענט געוואָרן מיט גרויס היץ; און זיי האָבן געלעסטערט דעם
נאָמען פון גאָט, וואָס האָט די מאַכט איבער די מַכּות, און זיי האָבן ניט
קיין תּשובה געטאָן, אים אָפּצוגעבן כָּבוד.

10 און דער פינפטער האָט אויסגעגאָסן זיין בעקן אויף דעם טראָן פון
דער חַיה: און איר מלוכה איז פאַרפינצטערט געוואָרן; און זיי האָבן צעביסן
זייערע צונגען פון ווייטיק, 11 און זיי האָבן געלעסטערט דעם גאָט פון הימל,
צוליב זייערע ווייטיקן און זייערע געשווירן, און זיי האָבן ניט קיין תּשובה
געטאָן אויף זייערע מַעשׂים.

12 און דער זעקסטער האָט אויסגעגאָסן זיין בעקן אויף דעם גרויסן
טייך פּרָת: און זיין וואַסער איז אויסגעטרוקנט געוואָרן, כּדי אָנצוברייטן
דעם וועג פאַר די מלָכים פון דעם זונאויפגאַנג. 13 און איך האָב געזען
אַרויסקומען פון דעם מויל פון דער שלאַנג, און פון דעם מויל פון דער
חַיה, און פון דעם מויל פון דעם פאַלשן נָביא, דריי אומריינע גייסטער,
ווי דאָס וואָלטן געווען פרעש. 14 ווארים זיי זענען גייסטער פון רוחות,
וואָס טוען צייכנס, און וואָס גייען אַרויס צו די מלָכים פון דער גאַנצער
וועלט, כּדי זיי איינצוזאַמלען צו דער מִלחָמה פון דעם גרויסן טאָג פון
גאָט, דעם אַלמעכטיקן. 15 (זע, איך קום ווי אַ גַנב; וואויל איז דעם, וואָס
טוט וואַכן, און וואָס היט זיינע מַלבּושים, כּדי ער זאָל ניט גיין נאַקעט
און מען זאָל ניט זען זיין שאַנד!) 16 און זיי האָבן זיי פאַרזאַמלט אינאיינעם
אין דעם אָרט, וואָס ווערט אָנגערופן אויף לָשון־קודֶש הַר־מגדון.

17 און דער זיבעטער האָט אויסגעגאָסן זיין בעקן אין דער לופט: און
עס איז אַרויסגעקומען אַ הויך קול פון הֵיכל פון דעם שטול, אַזוי צו
זאָגן: עס איז געשען! 18 און סע זענען געווען בליצן און קולות און

דונערן, און עס איז געווען אַ גרויסע ערדציטערניש, אַזאַ ווי ס'איז נאָך ניט
געווען, זינט סע זענען מענטשן אויף דער ערד, אַזאַ גרויסע ערדציטערניש,
אַזאַ געוואַלטיקע. [19]און די גרויסע שטאָט איז צעטיילט געוואָרן אין דריי
חלָקים, און די שטעט פון די אומות זענען געפאַלן; און בָּבֶל, די גרויסע,
איז געדענקט געוואָרן פאַר גאָט, איר צו געבן דעם בעכער ווײַן פון דעם
גרים פון זײַן צאָרן. [20]און יעדער אינזל איז אַנטרונען געוואָרן, און די בערג
זענען ניט געפונען געוואָרן. [21]און אַ גרויסער האָגל, יעדער שטיין אַרום
דער וואָג פון אַ צענטנער, איז געפאַלן פון הימל אויף די מענטשן. און
מענטשן האָבן געלעסטערט גאָט, צוליב דער פּלאָג פון דעם האָגל; וואָרים
זײַן פּלאָג איז געווען זייער גרויס.

יז און עס איז געקומען איינער פון די זיבן מַלְאָכים, וואָס האָבן געהאַט
די זיבן בעקנס, און האָט גערעדט מיט מיר, אַזוי צו זאָגן: קום אַהער,
איך וויל דיר ווײַזן דעם מִשפּט פון דער גרויסער זונה, וואָס זיצט אויף
אַ סך וואַסערן, [2]מיט וועמען די מלָכים פון דער ערד האָבן מזַנה געווען,
און די, וואָס באַוואוינען די ערד, זענען געוואָרן שִׁיכּור מיט דעם ווײַן
פון איר זנות.
[3]און ער האָט מיך אין דעם גייסט אַוועקגעפירט אין אַ מִדבר אַרײַן,
און איך האָב געזען זיצן אַ ווײַב אויף אַ שאַרלעך־רויטער חַיה, פול מיט
נעמען פון לעסטערונג, און זי האָט געהאַט זיבן קעפּ און צען הערנער.
[4]און דאָס ווײַב איז געווען אָנגעטאָן אין פּורפּור און שאַרלעך, און באַדעקט
מיט גאָלד און איידלשטיינער און פּערל, און האָט געהאַט אין איר האַנט אַ
גילדענעם בעכער, פול מיט אומווערדיקייטן און אומרייניקייט פון איר זנות;
[5]און אויף איר שטערן איז געווען אָנגעשריבן אַ נאָמען, אַ סוד: בָּבֶל, די
גרויסע, די מוטער פון די זונות און פון די אומווערדיקייטן פון דער ערד.
[6]און איך האָב געזען דאָס ווײַב שִׁיכּור מיט דעם בלוט פון די קדושים
און מיט דעם בלוט פון די עֵדות פון יֵשוּעַ.
און בעת איך האָב זי געזען, האָב איך מיך געוואונדערט מיט אַ גרויס
וואונדער. [7]און דער מַלאך האָט צו מיר געזאָגט: פאַרוואָס האָסטו דיך
געוואונדערט? איך וועל דיר זאָגן דעם סוד פון דעם ווײַב, און פון דער
חַיה, וואָס טראָגט זי, וואָס האָט די זיבן קעפּ און די צען הערנער. [8]די

חַיה, וואָס דו האָסט געזען, איז געווען, און איז ניט, און איז גרייט אַרויפֿ־
צוקומען פון דעם תּהום און גיין צו פֿאַרדאַרבונג; און די, וואָס וואוינען
אויף דער ערד, וועמעס נעמען זענען ניט פֿאַרשריבן געוואָרן אין דעם
סֵפֶר־הַחַיִים זינט דער גרונטפֿעסטיקונג פון דער וועלט, וועלן זיך וואונדערן,
בעת זיי וועלן זען די חַיה, וויאַזוי זי איז געווען, און איז ניט, און וועט
ווידער קומען.

[9] דאָ איז דער זין, וואָס האָט חָכמה: די זיבן קעפּ זענען זיבן בערג,
אויף וועלכע דאָס ווייב טוט זיצן; [10] און זיי זענען זיבן מלָכים: פֿינף זענען
געפֿאַלן, איינער איז, דער אַנדערער איז נאָך ניט געקומען; און בעת ער
וועט קומען, וועט ער פֿאַרבלייַבן אַ קורצע צייט. [11] און די חַיה, וואָס
איז געווען, און איז ניט, איז אַליין אויך אַן אַכטע, און איז פון די זיבן,
און זי גייט אין פֿאַרדאַרבונג. [12] און די צען הערנער, וואָס דו האָסט געזען,
זענען צען מלָכים, וואָס האָבן נאָך ניט באַקומען קיין מלוכה, זיי קריגן
אָבער געוועלטיקונג ווי מלָכים אויף איין שָעה, איינאיינעם מיט דער חַיה.
[13] די דאָזיקע האָבן איין מַחשָבה, און זיי גיבן זייער מאַכט און געוועלטיקונג
דער חַיה; [14] זיי וועלן מִלחָמה האַלטן מיט דעם לאַם, און דאָס לאַם וועט
זיי מנַצֵחַ זיין, וואָרים עס איז האַר פון האַרן און מֶלך פון מלָכים; און
אויך זיי, וואָס זענען מיט אים, וואָס זענען באַרופֿן און אויסדערוויילט און
געטריי, וועלן מנַצֵחַ זיין.

[15] און ער האָט צו מיר געזאָגט: די וואַסערן, וואָס דו האָסט געזען,
וואו די זונה טוט זיצן, זענען פֿעלקער און הַמונים, און אומות, און לשונות.
[16] און די צען הערנער, וואָס דו האָסט געזען, און די חַיה, די דאָזיקע
וועלן פֿיינט האָבן די זונה און וועלן זי מאַכן וויסט און נאַקעט, און זיי
וועלן פֿאַרצערן איר פֿלייש און זי פֿאַרברענען מיט פֿייער. [17] וואָרים גאָט
האָט אַרייַנגעטאָן אין זייער האַרץ צו טאָן זיין עֵצה, און צו קומען צו איין
באַראָט, און צו געבן זייער מלוכה דער חַיה, ביז די רייד פון גאָט וועלן
דערפֿילט ווערן. [18] און דאָס ווייב, וואָס דו האָסט געזען, איז די גרויסע
שטאָט, וואָס רעגירט איבער די מלָכים פון דער ערד.

יח און נאָכדעם האָב איך געזען אַן אַנדערן מַלאך אַראָפּנידערן פון
הימל, וואָס האָט געהאַט גרויס מאַכט; און די ערד איז באַלויכטן
געוואָרן מיט זיין הערלעכקייט. [2] און ער האָט געשריגן מיט אַ שטאַרק

קול, אַזוי צו זאָגן: געפאַלן, געפאַלן איז בָּבֶל, די גרויסע, און איז געוואָרן
אַ וואוינאָרט פון רוחות און אַן אויפהאַלט פון יעדן טָמא גייסט, און אַן
אויפהאַלט פון יעדן אומריינעם און מִיאוסן פויגל. 3 וואָרים דורך דעם וויין
פון דעם גרימצאָרן פון איר זנות זענען אַלע אומות געפאַלן; און די מלָכים
פון דער ערד האָבן מיט איר מזַנה געווען, און די סוחרים פון דער ערד
זענען געוואָרן רייך דורך דער מאַכט פון אירע תַּענוגים.
4 און איך האָב געהערט אַן אַנדער קול פון הימל זאָגן: קומט אַרויס
פון איר, מיין פאָלק, כּדי איר זאָלט ניט האָבן קיין שום חֵלֶק אין אירע
זינד, און כּדי איר זאָלט ניט קריגן פון אירע מַכּות; 5 וואָרים אירע זינד
האָבן אויך דערגרייכט ביז צום הימל, און גאָט האָט געטאָן געדענקען
אירע אומגערעכטיקייטן. 6 פאַרגעלט איר אַזויווי זי האָט פאַרגעלט, און
כֵּפֶל־כִּפלַיִם לויט נאָך אירע מַעשׂים. אין דעם בעכער, וואָס זי האָט געמישט,
מישט פאַר איר טאָפּלט. 7 אויף אַזויפיל וויפיל זי האָט זיך אַליין פאַר־
הערלעכט און געהאַט תַּענוג, אויף אַזויפיל גיט איר יסורים און טרויער.
וואָרים זי זאָגט אין איר האַרץ: איך זיץ אַ מַלכּה, און איך בין ניט קיין
אַלמָנה, און וועל בּאֵין־אופן ניט זען קיין טרויער. 8 דעריבער וועלן אירע
מַכּות קומען אין איין טאָג: טויט און טרויער און הונגער, און זי וועט אין
גאַנצן פאַרברענט ווערן אין פייער; וואָרים שטאַרק איז גאָט, דער האַר,
וואָס האָט זי געמִשפּט.
9 און די מלָכים פון דער ערד, וואָס האָבן מיט איר מזַנה געווען
און געלעבט צעלאָזן, וועלן וויינען און קלאָגן איבער איר, בעת זיי וועלן
קוקן אויף דעם רויך פון איר ברענען, 10 און שטיין פון דער וויט פאַר
מורא פון איר פּיין, און זאָגן: ווייֵ, ווייֵ, די גרויסע שטאָט בָּבֶל, די
שטאַרקע שטאָט! וואָרים אין איין שָעה האָט גענעענט דיין מִשפּט. 11 און
די סוחרים פון דער ערד וויינען און קלאָגן איבער איר, וואָרים קיינער
קויפט ניט מער זייער סחורה, 12 סחורה פון גאָלד, און זילבער, און אייִדלשטיינער
און פּערל, פיינע לייַוונט, און פּורפּור, זייד און שאַרלעך, און אַלערליי
דופטיקע געהילצן, און אַלערליי כֵּלים פון עלפאַנטביין, און אַלערליי
כֵּלים, געמאַכט פון טייערן געהילץ, און פון קופּער, און אייזן, און מאַרמאָר;
13 און צימערינג, און געווירץ, און ווייַרעך, און זאַלבאייל, און קטורת, און
וויין, און אייל, און זעמל־מעל, און ווייץ, און רינדער און שאָף, און פערד,

און רײַטוועגן, און קנעכט און מענטשלעכע נפָשות. [14] און די פֵּירות, וואָס דײַן נשָמה האָט נאָך זיי געגלוסט, זענען פאַרשוואונדן פון דיר, און אַלצדינג, וואָס איז געווען זיס און פּרעכטיק, איז פאַרלוירן געוואָרן פון דיר, און מע וועט זיי בִּכלָל מער ניט געפינען.

[15] די סוחרים פון די דאָזיקע זאַכן, וואָס זענען דורך איר רייך געוואָרן, וועלן שטיין פון דער ווייט פאַר מורא פון איר פּיין און וויינען און קלאָגן, [16] און זאָגן: וויי, וויי, דער גרויסער שטאָט, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין פיינער לײַוונט, אין פּורפּור און שאַרלעך, און באַדעקט מיט גאָלד און איידלשטיינער און פּערל! [17] וואָרים אין איין שָעה איז אַזאַ גרויס עַשירות חָרוב געוואָרן.

און יעדער שיפקאַפּיטאַן, און יעדער איינער, וואָס פאָרט ערגעצ־וואוהין, און רודערער, און אַלע, וואָס פאַרדינען זייער חיונה פון יַם, זענען געשטאַנען פון דער ווייט, [18] און זיי האָבן געשריגן, בעת זיי האָבן געקוקט אויף דעם רויך פון איר ברענען, אַזוי צו זאָגן: וואָסער שטאָט איז ווי די גרויסע שטאָט? [19] און זיי האָבן געוואָרפן שטויב אויף זייערע קעפּ, און געשריגן, בעת זיי האָבן געוויינט און געקלאָגט, אַזוי צו זאָגן: וויי, וויי דער גרויסער שטאָט, וואָס אין איר זענען אַלע, וואָס האָבן געהאַט שיפן אויף דעם יַם, געוואָרן רייך דורך איר עַשירות, וואָרים אין איין שָעה איז זי חָרוב געוואָרן. [20] פריי דיך איבער איר, דו הימל, און איר קדושים, און שלִיחים, און נביאים! וואָרים גאָט האָט געמִשפּט אייער מִשפּט אין איר.

[21] און אַ שטאַרקער מַלאך האָט אויפגעהויבן אַ שטיין, ווי דאָס וואָלט געווען אַ גרויסער מִילשטיין, און האָט אים אַרײַנגעוואָרפן אין יַם אַריין, און געזאָגט: אַזוי וועט מיט אַ שטאַרקן כּוח אַנידער־געוואָרפן ווערן בָּבֶל, די גרויסע שטאָט, און זי וועט מער ניט געפונען ווערן. [22] און דאָס קול פון האַרפנשפּילער, און זינגער, און פלייטנשפּילער, און טרומייטערער, וועט אין דיר מער ניט געהערט ווערן; און קיין מײַנסטער פון קיין שום האַנטווערק וועט מען אין דיר מער ניט געפינען; און דאָס קול פון אַ מִיל וועט אין דיר מער ניט געהערט ווערן; [23] און דאָס ליכט פון אַ לייכטער וועט אין דיר מער ניט שיינען; און דאָס קול פון חָתן און כַּלה וועט אין דיר מער ניט געהערט ווערן; וואָרים דיינע סוחרים זענען געווען די פירשטן פון דער ערד, און מיט דיין כִּישוף זענען אַלע אומות פאַרפירט

געוואָרן. [24] און אין איר איז געפונען געוואָרן דאָס בלוט פון נביאים און פון קדושים, און פון אַלע די, וואָס זענען געהרגעט געוואָרן אויף דער ערד.

יט נאָכדעם האָב איך געהערט ווי סע וואָלט געווען אַ הויך קול פון אַ גרויסן המון אין הימל, אַזוי צו זאָגן:

הַלְלוּיָה! די ישועה און הערלעכקייט און מאַכט געהערן צו אונדזער גאָט. [2] וואָרים אֶמת און רעכטפאַרטיק זענען זיינע מִשפּטים; וואָרים ער האָט געמִשפּט די גרויסע זונה, וואָס האָט פאַרדאָרבן די ערד מיט איר זנות, און ער האָט זיך נוקם געווען אין איר פאַר דעם בלוט פון זיינע קנעכט.

[3] און אַ צווייט מאָל האָבן זיי געזאָגט: הַלְלוּיָה! און איר רויך גייט אַרויף אויף אייביק און אייביק. [4] און די פיר און צוואַנציק זקֵנים און די פיר חַיות זענען אַנידערגעפאַלן און האָבן זיך געבוקט צו גאָט, וואָס זיצט אויף דעם שטול, און האָבן געזאָגט: אָמֵן. הַלְלוּיָה! [5] און אַ קול איז אַרויסגעקומען פון דעם שטול, אַזוי צו זאָגן:

לויבט אונדזער גאָט, אַלע זיינע קנעכט, איר וואָס האָט מורא פאַר אים, די קליינע און די גרויסע.

[6] און איך האָב געהערט ווי סע וואָלט געווען דאָס קול פון אַ גרויסן המון און ווי דאָס קול פון אַ סך וואַסערן, און ווי דאָס קול פון שטאַרקע דונערן, אַזוי צו זאָגן:

הַלְלוּיָה! וואָרים דער האַר, אונדזער גאָט, דער אַלמעכטיקער, טוט קיניגן. [7] לאָמיר זיך פרייען און פריילעך זיין, און אים אָפּגעבן כָּבוד, וואָרים גענעענט האָט די חַתונה פון דעם לאַם, און זיין כַּלה האָט זיך אָנגעברייט. [8] און עס איז איר געגעבן געוואָרן, אַז זי זאָל זיך אָנטאָן אין פיינער לייַוונט, ליכטיק און לויטער; וואָרים די פיינע לייַוונט זענען די רעכט־פאַרטיקע מַעשׂים פון די קדושים.

[9] און ער האָט צו מיר געזאָגט: שרייב: וואויל איז די, וואָס זענען געבעטן געוואָרן צו דעם חַתונה־מאָלצייט פון דעם לאַם. און ער האָט צו מיר געזאָגט: דאָס זענען אֶמֶתע רייד פון גאָט. [10] און איך בין אַנידערגעפאַלן פאַר זיינע פיס, זיך צו בוקן פאַר אים. און ער האָט צו מיר געזאָגט:

זע, דו טאָרסט עס ניט טאָן! איך בין אַ מיטקנעכט מיט דיר און דיינע
ברידער, וואָס האָבן דאָס עֵדות פון יֵשוּעַן. בוק דיך פאַר גאָט, וואָרים
דאָס עֵדות פון יֵשוּעַן איז דער גייסט פון נבואה.

11 און איך האָב געזען דעם הימל אויפגעעפנט, ערשט אַ ווייס פערד.
און דער, וואָס איז אויף אים געזעסן, איז גערופן געוואָרן געטריי און
וואָרהאַפטיק, און אין רעכטפאַרטיקייט טוט ער מִשפטן און מִלחָמה־
האַלטן. 12 און זיינע אויגן זענען ווי אַ פלאַם פון פייער, און אויף זיין קאָפּ
זענען אַ סַך קרוינען; און ער האָט אויפגעשריבן אַ נאָמען, וואָס קיינער
קען ניט, אַחוץ ער אַליין. 13 און ער איז אָנגעטאָן אין אַ מַלבוש, באַשפּריצט
מיט בלוט, און זיין נאָמען ווערט אָנגערופן: דאָס וואָרט פון גאָט. 14 און
די חַילות אין הימל זענען אים נאָכגעגאַנגען אויף ווייסע פערד, באַקליידט
אין פיינער לייַוונט, ווייס און לויטער. 15 און פון זיין מויל גייט אַרויס אַ
שאַרפע שווערד, כּדי מיט איר צו שלאָגן די אומות; און ער וועט הערשן
איבער זיי מיט אַ רוט פון אייזן; און ער טרעט דעם ווייַנקעלטער פון
דעם גרימצאָרן פון גאָט, דעם אַלמעכטיקן. 16 און אויף זיין מַלבוש און אויף
זיין דיך איז געווען ביי אים אָנגעשריבן אַ נאָמען: מֶלך פון מלָכים און
האַר פון האַרן.

17 און איך האָב געזען אַ מַלאך שטיין אין דער זון, און ער האָט
געשריגן מיט אַ הויך קול און געטאָן זאָגן צו אַלע פייגל, וואָס פליען
אין מיטן הימל: קומט, און זאַמלט אייך צונויף צו דעם גרויסן מאָלצייט
פון גאָט, 18 כּדי איר זאָלט עסן דאָס פלייש פון מלָכים, און דאָס פלייש
פון הויפּטלייַט, און דאָס פלייש פון גיבּורים, און דאָס פלייש פון פערד
און פון די, וואָס זיצן אויף זיי, און דאָס פלייש פון אַלע מענטשן, סיי
פרייע און סיי קנעכט, סיי קליין און גרויס.

19 און איך האָב געזען די חַיה און די מלָכים פון דער ערד און
זייערע חַילות פאַרזאַמלט אינאיינעם, מִלחָמה צו האַלטן קעגן אים, וואָס
איז געזעסן אויף דעם פערד, און קעגן זיין חַיִל. 20 און די חַיה איז
גענומען געוואָרן, און מיט איר דער פאַלשער נָביא, וואָס האָט געמאַכט
די צייכנס פאַר איר, מיט וועלכער ער האָט אָפּגענאַרט די, וואָס האָבן
אָנגענומען דעם צייכן פון דער חַיה און די, וואָס האָבן זיך געבוקט צו
איר אָפּבילד; זיי ביידע זענען אַרייַנגעוואָרפן געוואָרן לעבעדיקערהייט אין

דעם טייך פון פייער, וואָס ברענט מיט שוועבל. [21] און די איבעריקע זענען געטייט געוואָרן מיט דער שווערד פון דעם, וואָס איז געזעסן אויף דעם פערד, די שווערד וואָס איז אַרויסגעקומען פון זיין מויל; און אַלע פייגל זענען געוואָרן זאַט מיט זייער פלייש.

כ און איך האָב געזען אַ מַלאך אַראָפּנידערן פון הימל, וואָס האָט געהאַט דעם שליסל פון דעם תּהום און אַ גרויסע קייט אין זיין האַנט. [2] און ער האָט אָנגעכאַפּט די שלאַנג, דעם נָחָש־הַקַדמוני, וואָס איז דער שׂוטן און שָׂטן, און האָט אים געבונדן אויף טויזנט יאָר, [3] און אים אַרייַנגעוואָרפן אין תּהום אַריין און אים פאַרשלאָסן און פאַרחַתמעט איבער אים, אַז ער זאָל די אומות מער ניט פאַרפירן, ביז די טויזנט יאָר וועלן געענדיקט ווערן; דערנאָכדעם מוז ער באַפרייט ווערן אויף אַ קורצער צייט.

[4] און איך האָב געזען טראָנען, און זיי זענען געזעסן אויף זיי, און מִשפּט איז זיי געגעבן געוואָרן; און איך האָב געזען די נשָמורת פון די, וואָס זענען געקעפּט געוואָרן פונוועגן דעם עֵדות פון יֵשוּעַן און פונוועגן דעם וואָרט פון גאָט, און אַזוינע, וואָס האָבן זיך ניט געבוקט צו דער חַיה, אויך ניט צו איר אָפּבילד, און האָבן ניט געקראָגן דעם צייכן אויף זייער שטערן און אויף זייער האַנט; און זיי זענען לעבעדיק געוואָרן, און האָבן געקיניגט מיט מָשִיחַן טויזנט יאָר. [5] די איבעריקע פון די טויטע זענען ניט לעבעדיק געוואָרן, ביז די טויזנט יאָר וועלן ניט זיין געענדיקט. דאָס איז דער ערשטער תּחִיַת־הַמֵתים. [6] געבענטשט און הייליק איז דער, וואָס האָט אַ חֵלֶק אין דעם ערשטן תּחִיַת־הַמֵתים. איבער די דאָזיקע האָט דער צווייטער טויט ניט קיין שליִטה; נייערט זיי וועלן זיין כֹּהֲנים פון גאָט און פון מָשִיחַן, און וועלן קיניגן מיט אים טויזנט יאָר.

[7] און אַז די טויזנט יאָר ווערן געענדיקט, וועט דער שָׂטן באַפרייט ווערן פון זיין תּפִיסה, [8] און וועט אַרויסקומען אָפּצונאַרן די אומות, וואָס זענען אין די פיר עקן פון דער ערד, גוֹג און מָגוֹג, כּדי זיי צונויפצוזאַמלען אינאיינעם צו דער מִלחָמה; זייער צאָל איז ווי דאָס זאַמד פון דעם יַם. [9] און זיי זענען אַרויפגעגאַנגען איבער דער ברייט פון דער ערד און האָבן אַרומגערינגלט דעם לאַגער פון די קדוֹשים און די באַליבטע שטאָט; און אַ פייער האָט אַראָפּגענידערט פון הימל און האָט זיי פאַרצערט. [10] און דער שָׂטן, וואָס האָט זיי פאַרפירט, איז אַרייַנגעוואָרפן געוואָרן אין דעם

טייך פון פייער און שוועבל, וואו אויך די חַיה און דער פאַלשער נָבִיא
זענען געווען; און זיי וועלן געפּייניקט ווערן טאָג און נאַכט אויף אייביק
און אייביק.

[11] און איך האָב געזען אַ גרויסן ווייסן שטול, און דעם, וואָס איז
אויף אים געזעסן, פון וועמעס פָּנים די ערד און דער הימל זענען אַנטרונען
געוואָרן; און עס איז פאַר זיי ניט געפונען געוואָרן קיין פּלאַץ. [12] און איך
האָב געזען די טויטע, די גרויסע און די קליינע, שטיין פאַר דעם שטול;
און ספָרים זענען געעפנט געוואָרן. און אַן אַנדער סֵפֶר איז געעפנט
געוואָרן, וואָס איז דאָס סֵפֶר־הַחַיִים. און די טויטע זענען געמִשפּט געוואָרן
אויף דעם סמך פון דעם, וואָס איז געווען געשריבן אין די ספָרים, לויט
זייערע מַעשׂים. [13] און דער יַם האָט אַרויסגעגעבן די טויטע, וואָס זענען
געווען אין אים; און דער טויט און דער שאול־תַּחתִּיה האָבן אַרויסגעגעבן
די טויטע, וואָס זענען געווען אין זיי. און יעדער איז געמִשפּט געוואָרן
לויט זיינע מַעשׂים. [14] און דער טויט און דער שאול־תַּחתִּיה זענען אַרײַנ־
געוואָרפן געוואָרן אין דעם טייך פון פייער. דאָס איז דער צווייטער
טויט, דער טייך פון פייער. [15] און אויב עמיצער איז ניט געפונען געוואָרן
פאַרשריבן אין דעם סֵפֶר־הַחַיִים, איז ער אַרײַנגעוואָרפן געוואָרן אין דעם
טייך פון פייער.

כא און איך האָב געזען אַ נייעם הימל און אַ נייע ערד; וואָרים דער
ערשטער הימל און די ערשטע ערד זענען פאַרגאַנגען, און דער
יַם איז מער ניטאָ. [2] און איך האָב געזען די הייליקע שטאָט, אַ נײַ ירושָלַיִם,
אַראָפּנידערן פון דעם הימל פון גאָט, אָנגעברייט ווי אַ כַּלה, וואָס איז
אויסגעפּוצט פאַר איר מאַן. [3] און איך האָב געהערט אַ הויך קול פון
דעם שטול אַרויס, אַזוי צו זאָגן: זע, דאָס מִשכּן פון גאָט איז מיט די
מענטשן, און ער וועט וואוינען מיט זיי, און זיי וועלן זיין זיין פאָלק,
און גאָט אַליין וועט זיין מיט זיי. [4] און ער וועט אָפּווישן יעדע טרער פון
זייערע אויגן; און קיין טויט וועט מער ניט זיין, סע וועט אויך ניט זיין קיין
טרויער, קיין געוויין, קיין פּיין, מַחמת די ערשטע זאַכן זענען פאַרגאַנגען.
[5] און דער, וואָס איז געזעסן אויף דעם שטול, האָט געזאָגט: זע,
איך מאַך אַלצדינג נײַ. און ער האָט געזאָגט: שרייב, וואָרים די דאָזיקע

רייד זענען באַגלויבט און אֶמת. 6 און ער האָט צו מיר געזאָגט: עס
איז געשען! איך בין די אַלֶף און די תָּוו, דער אָנהייב און דער סוף.
איך וועל געבן דעם, וואָס איז דאָרשטיק, פריי פון דעם קוואַל פון
לעבעדיק וואַסער. 7 דער, וואָס איז מנַצֵחַ, וועט יַרשענען די דאָזיקע זאַכן;
און איך וועל זיין זיין גאָט, און ער וועט זיין מיין זון. 8 אָבער פאַר די
פּחדָנים, און אומגלויביקע, און אומווערדיקע, און רוצחים, און נואפים, און
מכַשפים, און געצנדינערס, און אַלע ליגנער – זייער חֵלֶק וועט זיין אין דעם
טייך, וואָס ברענט מיט פייער און שוועבל. דאָס איז דער צווייטער טויט.

9 און עס איז געקומען איינער פון די זיבן מַלאָכים, וואָס האָבן געהאַט
די זיבן בעקנס, וואָס זענען געווען באַלאָדן מיט די זיבן לעצטע מַכּות,
און ער האָט גערעדט מיט מיר, אַזוי צו זאָגן: קום אַהער, איך וויל דיר
ווייזן די כַּלה, דאָס ווייב פון דעם לאַם. 10 און ער האָט אין דעם גייסט
מיך אַוועקגעפירט צו אַ גרויסן און הויכן באַרג, און האָט מיר געוויזן די
הייליקע שטאָט ירושָלַיִם אַראָפּנידערן פון דעם הימל פון גאָט 11 מיט דער
הערלעכקייט פון גאָט; איר ליכטיקייט איז געווען ענלעך צו זייער אַ
טייערן שטיין, ווי דאָס וואָלט געווען אַ יאַספּיס, קלאָר ווי קרישטאָל. 12 און
זי האָט געהאַט אַ גרויסע און הויכע מויער מיט צוועלף טויערן, און ביי
די טויערן צוועלף מַלאָכים, און דערויף זענען געווען אָנגעשריבן נעמען,
וואָס זענען די נעמען פון די צוועלף שבָטים פון די בנֵי־יִשׂרָאֵל. 13 אין
מִזרח זענען געווען דריי טויערן, און אין צָפון דריי טויערן, און אין דָרום
דריי טויערן, און אין מַערב דריי טויערן. 14 און די מויער פון דער
שטאָט האָט געהאַט צוועלף יסודות, און אויף זיי צוועלף נעמען פון די
צוועלף שליחים פון דעם לאַם.

15 און דער, וואָס האָט גערעדט מיט מיר, האָט געהאַט פאַר אַ מאָס
אַ גילדענע רוט, צו מעסטן די שטאָט און די טויערן פון איר און איר
מויער. 16 און די שטאָט ליגט פיר־עקיג, און די לענג פון איר איז אַזוי
גרויס ווי די ברייט. און ער האָט געמאָסטן די שטאָט מיט דער רוט,
צוועלף טויזנט אַקער; די לענג און די ברייט און די הייך פון איר זענען
גלייך. 17 און ער האָט געמאָסטן איר מויער, הונדערט פיר און פערציק
איילן, לויט דער מאָס פון אַ מענטשן, דאָס איז, פון אַ מַלאך. 18 און
דאָס געבוי פון איר מויער איז געווען יאַספּיס, און די שטאָט איז געווען

ריין גאָלד, ענלעך צו לויטערן גלאָז. [19] די יסודות פון דער שטאָט־
מויער זענען געווען באַצירט מיט אַלערליי מינים טייערע שטיינער: דער
ערשטער יסוד איז יאַספּיס, דער צווייטער סאַפּיר, דער דריטער אַגאַט,
דער פערטער סמאַראַגד, [20] דער פינפטער סאַרדאָניקס, דער זעקסטער
רובין, דער זיבעטער כריזאָליט, דער אַכטער בעריל, דער ניינטער טאָפּאַז,
דער צענטער כריזאָפּראַס, דער עלפטער היאַצינט, דער צוועלפטער
אַמעטיסט. [21] און די צוועלף טויערן זענען געווען צוועלף פערל; יעדער
איינער פון די פאַרשידענע טויערן איז געווען פון איין פערל; און די
גאַס פון דער שטאָט איז געווען לויטער גאָלד, ווי דורכזיכטיק גלאָז.
[22] און איך האָב אין איר ניט געזען קיין היכל; וואָרים גאָט, דער האַר,
דער אַלמעכטיקער, און דאָס לאַם, זענען איר היכל. [23] און די שטאָט
האָט ניט נייטיק געהאַט, ניט די זון, ניט די לבנה, צו שיינען אויף איר;
וואָרים די הערלעכקייט פון גאָט האָט זי באַלויכטן, און איר ליכט איז
דאָס לאַם. [24] און די אומות וועלן גיין אין איר ליכט, און די מלכים
פון דער ערד וועלן אין איר אַרײַנברענגען זייער הערלעכקייט. [25] און
אירע טויערן וועלן מער קיינמאָל ניט פאַרשלאָסן ווערן בייטאָג—וואָרים
דאָרט וועט מער ניט זיין קיין נאַכט; [26] און זיי וועלן אַרײַנברענגען אין
איר די הערלעכקייט און דעם כבוד פון די אומות; [27] און סע וועט אין
איר מער קיינמאָל ניט אַרײַנגיין קיין טמא זאַך, אָדער דער, וואָס טוט
אומווערדיקייט און שקר, נייערט נאָר די, וואָס זענען פאַרשריבן אין דעם
ספר־החיים פון דעם לאַם.

כב און ער האָט מיר געוויזן אַ שטראָם פון וואַסער פון לעבן, לויטער
ווי קרישטאָל, וואָס איז אַרויס פון דעם שטול פון גאָט און פון
דעם לאַם, [2] אין דער מיט פון איר גאַס. און אויף דער זייט און אויף
יענער זייט פון דעם שטראָם איז געווען דער עץ־החיים, וואָס האָט
געטראָגן צוועלף מינים פּירות, און ברענגט זיין פרוכט יעדן חודש; און
די בלעטער פון דעם בוים זענען געווען פאַר דער היילונג פון די אומות.
[3] און סע וועט מער ניט זיין קיין קללה. און דער שטול פון גאָט און
פון דעם לאַם וועט זיין דרינען, און זיינע קנעכט וועלן אים דינען; [4] און
זיי וועלן זען זיין פּנים, און זיין נאָמען וועט זיין אויף זייערע שטערנס. [5] און

סע וועט מער ניט זיין קיין נאַכט, און זיי באַדאַרפן ניט קיין ליכט פון קיין
לייכטער אָדער פון דער זון; וואָרים גאָט, דער האַר, וועט זיין זייער
ליכט; און זיי וועלן קיניגן אויף אייביק און אייביק.

6 און ער האָט צו מיר געזאָגט: די דאָזיקע רייד זענען באַגלויבט
און אֶמת. און גאָט, דער האַר פון די גייסטער פון די נביאים, האָט געשיקט
זיין מַלאך צו ווייזן זיינע קנעכט דאָס, וואָס מוז בקרוב געשען. 7 און זע,
איך קום באַלד. וואויל איז דעם, וואָס היט אָפּ די רייד פון דער נבואה
פון דעם דאָזיקן סֵפר.

8 און איך, יוחָנָן, בין דער, וואָס האָט געהערט און געזען די דאָזיקע
זאַכן. און בעת איך האָב געהערט און געזען, בין איך אַנידערגעפאַלן צו
בוקן זיך פאַר די פיס פון דעם מַלאך, וואָס האָט מיר דאָס געוויזן. 9 און
ער האָט צו מיר געזאָגט: דו מוזט עס ניט טאָן! איך בין אַ מיטקנעכט
מיט דיר און מיט דיינע ברידער, די נביאים, און מיט די, וואָס היטן די
רייד פון דעם דאָזיקן סֵפר. בוק דיך צו גאָט!

10 און ער האָט צו מיר געזאָגט: פאַרחַתמע ניט די רייד פון דער
נבואה פון דעם דאָזיקן סֵפר; וואָרים די צייט איז נאָענט. 11 דער, וואָס
איז אומגערעכט, זאָל ער ווייטער טאָן אומגערעכטיקייט; און דער, וואָס
איז טָמא, לאָז ער ווייטער זיך מטַמא זיין; און דער, וואָס איז רעכטפאַרטיק,
לאָז ער ווייטער טאָן רעכטפאַרטיקייט; און דער, וואָס איז הייליק, זאָל
ער זיך ווייטער הייליקן. 12 זע, איך קום באַלד, און מיין שׂכר איז מיט
מיר, צו פאַרגעלטן יעדן איינעם לויט זיינע מַעשׂים.

13 איך בין די אַלֶף און די תָּוו, דער ערשטער און דער לעצטער,
דער אָנהייב און דער סוף. 14 וואויל איז די, וואָס וואַשן זייערע קליידער,
כּדי זיי זאָלן האָבן רשות צו דעם עֵץ־החַיִים, און זאָלן אַריינגיין דורך די
טויערן אין דער שטאָט אַריין. 15 דרויסן זענען די הינט, און די מכַשפים,
און די נואפים, און די רוצחים, און די געצנדינער, און יעדער איינער, וואָס
האָט ליב און גיט זיך אָפּ מיט שֶקר.

16 איך, יֵשוּע, האָב געשיקט מיין מַלאך צו אייך מיט דעם דאָזיקן
עֵדות פאַר די קהִילות. איך בין דער שוֹרש און דער שטאַם פון דָוִדן,
דער גלאַנצנדיקער מאָרגנשטערן.

17 און דער גייסט און די כַּלה זאָגן: קום. און דער, וואָס הערט, לאָז

ער זאָגן: קום. און דער, וואָס איז דאָרשטיק, לאָז ער קומען; דער, וואָס
וויל, לאָז ער נעמען פריי דאָס וואַסער פון לעבן.

18 איך זאָג עֵדות־ת יעדן איינעם, וואָס טוט הערן די רייד פון דער
נבואה פון דעם דאָזיקן סֵפר: אויב עמיצער וועט מערן צו זיי, דעם וועט
גאָט מערן די מַכות, וואָס זענען פאַרשריבן אין דעם דאָזיקן סֵפר; 19 און
אויב עמיצער וועט מינערן פון די רייד פון דעם סֵפר פון דער דאָזיקער
נבואה, דעם וועט גאָט מינערן זיין חֵלֶק פון דעם עֵץ־הַחַיִים און פון דער
הייליקער שטאָט, וואָס זענען פאַרשריבן אין דעם דאָזיקן סֵפר.

20 דער, וואָס טוט עֵדות זאָגן אויף די דאָזיקע זאַכן, זאָגט: יאָ, איך
קום באַלד. אָמֵן, קום, האַר יֵשוּעַ!

21 דער חֶסֶד פון דעם האַר יֵשוּעַ זאָל זיין מיט אייך אַלע. אָמֵן.

